# פנקס קאָלבוטשאָוו

## (קאָלבסוב)

רעדאַקטאָר:

ד"ר י.מ. בידערמאַן

אַרויסגעגעבן פון

די פאַראייניקטע (יונייטעד) קאָלבושאָווער

ניו־יאָרק

1971 • תשל"א




# PINCKAS KOLBUSHOV

(Kolbuszowa Memorial Book)

*Editor* DR. I. M. BIDERMAN

**יזכור־בוך קאָמיטעט**

שמואל בלוט
הרב ד״ר ח. י. בערל
חיים־דוד וואַלדמאַן
נפתלי זאַלעשיץ

בערטאַ פערדערבער־זאַלץ
דוד זאַלץ
יעקב זיסקינד
שלום מיהלשטיין

שער בלאַט געצייכנט פון ע. מ. וויינער


*Printed in the United States of America by*

BALSHON PRINTING AND OFFSET CO.

480 SUTTER AVENUE BROOKLYN, N. Y. 11207

# אינהאַלט

## חורבן און אומקום



## אומגעגנט



## קאָלבושאָווער איבער דער וועלט







## KOLBUSZOWA (English Part)



פלאַן פון שטעטל (געצייכנט פון הרב ד״ר ח. י. בערל)

# אין שער פון בוך

נאָך לאַנגע און שווערע אָנשטרענגען, און אַדאַנק אינטענסיווער און מיזאַמער אַרבעט צונויפצוזאַמלען דעם גאַנצן מאַטעריאַל און די געהעריקע פינאַנצן, דערלאַנגען מיר צו אונדזערע לאַנדסלייט, וואָס וואוינען אין אַמעריקע, אין ישראל און אין אַנדערע לענדער פון קאַלבושאָווער צעשפּרייטונג, אָט דעם יזכור־בוך, „פּנקס קאָלבושאָוו".

מיר האָבן געוואָלט אַוועקשטעלן מיט דעם ספר אַ ווירדיקן מאָנומענט צו די קדושים פון אונדזער אומגעבראַכטן שטעטל, וואָס זיינען אומגעקומען פון די גרויזאַמע הענט פון נאַצישן צורר און זיינע מיטהעלפער, ימח שמם! און אין דעם ווילן צו פאַראייביקן דאָס געדע־כעניש פון דער פאַרשניטענער קהילה קדושה, האָבן מיר זיך באַמיט ווידעראויפצולעבן דעם אַמאָל פון שטעטל, אויף וויפל ס'האָט זיך געלאָזט רעקאָנסטרואירן.

מיר דאַנקען אַלע, וואָס האָבן זיך באַמיט און געפונען אין זיך כח צו שרייבן פאַר דעם בוך, צולייגנדיק אַ האַנט בעסער, ברייטער און אַרומנעמענדיקער אָפּצושפּיגלען דעם שטעטלדיקן אַמאָל, וואָס האָט עקזיסטירט אין משך פון הונדערטער יאָרן און איז מיט איין מאָל אָפּגעמעקט געוואָרן פון רשעות'דיק־מערדערישע פעלקער — און איז מער ליידער נישטאָ. זייער ביישטייער צום בוך איז הויך אָפּגעשאַצט.

ס'קומט אויך אויפריכטיקע דאַנקבאַרקייט צו אַלע לאַנדסלייט, וואָס האָבן זיך באַטייליקט, ווער מיט גרעסערע און ווער מיט קלענערע,ביישטייערונגען לטובת דעם פאָנד, וואָס האָט דערמעגלעכט די קאָסט־באַרע אונטערנעמונג אַרויסצוגעבן דעם דאָזיקן פילהונדערט זייטיקן באַנד געווידמעט דעם אָנדענק פון אונדזער אַמאָליקער היים.

אַ באַזונדערער דאַנק און אָנערקענונג דריקן מיר אויס דעם חשובן רעדאַקטאָר פון אונדזער ספר, וואָס הגם ניט קיין לאַנדסמאַן, אפילו ניט קיין גאַליציאַנער, נאָר אַ מענטש מיט טיפן אינטערעס פאַר דער געשיכטע פון יידן אין פוילן און גרייט צו העלפן אויפצושטעלן די ווירדיקע מצבה, האָט מיט געדולד און פליים, באַגאַבונג און וויסן

באוויזן מיט דער הילף פון לאַנדסלייט, וואָס זיינען על־פּי־רוב ניט קיין פּראָפעסיאָנעלע שרייבער, צונויפצוזאַמלען דעם געהעריקן מאַטעריאַל. ד״ר י. מ. בידערמאַן פאַרדינט אונדזער אַלעמענס אויפריכטיקן יישר־כוח, וואָס ווי אַ היסטאָריקער האָט ער אַליין בייגעשטייערט מיט זיינע אַרטיקלען צום בוך, געהאָלפן אַנדערע געפינען מקורים פאַר זייערע אַרבעטן, דערמוטיקט אַנדערע אונטערצונעמען פאָרשונגען, און אַדאַנק זיין גוטן ווילן און אויסדויער דערפירט די אויסגאַבע אין פאַרלויף פון געציילטע עטלעכע יאָר, אַז זי זאָל דערשיינען אַזוי אינהאַלטסרייך, אַזוי ברייט־צוגעשניטן און אַזוי שיין.

מיר זיינען גליקלעך, וואָס מיר האָבן זוכה געווען נאָך פיל באַמיאונגען, שוועריקייטן, עגמת־נפש׳ן, קריזיסן און אָן אַ שיעור אַרבעט צו האָבן אַלץ איבערגעקומען.

מיט אַ געפיל פון שטאָלץ און דערגרייכונג גיבן מיר איבער דעם „פנקס קאָלבושאָוו״ צום לייענער.

**דער יזכור־בוך קאָמיטעט**

# א ווארט פון רעדאקטאר

ווען דער קאָמיטעט פון קאָלבושאָווער יזכור־בוך איז מיט 3 יאָר צוריק געקומען אין אַ הייסן זומער־טאָג צו מיר און פאָרגעשלאָגן, אַז איך זאָל איבערנעמען דאָס רעדאַקטירן פון בוך, האָב איך ניט געוואוסט מיט וואָס פאַר אַ שוועריקייטן דער ענין איז פאַרבונדן. וואָס אָן אמת האָב איך, נאָך אָן אויבן־אויפיקן דורכבלעטערן פון צוגע־גרייטן מאַטעריאַל, דערקלערט אויפן אָרט, אַז עס נעמט נישט אַרום אַלץ, וואָס אַ יידישע קהילה האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט: עס פעלט דער געשיכטלעכער אַספּעקט וואָס איז אַ מוז אין אַזאַ אויסגאַבע, עס פעלט דער נאַראַטיוו וועגן דער טעטיקייט פון דער קהלה פאַרוואַלטונג צווישן ביידע מלחמות, די צווישן־באַציאונגען פון די פעלקערשאַפטן וואָס האָבן באַוואוינט דאָס שטעטל בלייבן ניט געדעקט. די חשובע קאָלבושאָווער בעלי־בתים האָבן מיר פאַרזיכערט, אַז דאָס איז אַלץ וואָס זיי האָבן געקאָנט צונויפזאַמלען — און מער קאָנען זיי נישט, ליידער.

ס'איז מיר געלונגען, מוז איך זאָגן, צו באַקומען עטלעכע אַרבעטן, אויספירלעכע און גוט־געשריבענע, ווי אויך געוויסע היסטאָרישע מקורים און ליטעראַטור, וואָס זיינען נוגע דער געשיכטע פון דעם שטעטל, דער היסטאָריע פון יידישער איינוואַנדערונג און ערשטע שפּראָצן פון ישוב און זיין אַנטוויקלונג. צענדליקער געשטאַלטן פון קאָלבו־שאָווער עבר — רבנים, דיינים, שוחטים, מלמדים און סתם יידן — זיינען אויפגעלעבט געוואָרן, און גאַנץ געמאַכט דעם אינהאַלט פון באַנד. איך בין זייער צופרידן, וואָס עס האָבן מיט מיר זייער נאָענט מיטגעאַרבעט די קאָלבושאָווער לאַנדסלייט בערטאַ פערדערבער־זאַלץ און איר חשובער מאַן דוד זאַלץ, וואָס האָבן אַרויסגעוויזן טאָג־טעגלעכן אינטערעס אין אַלע פאַזן פון די צוגרייטונגען, באַמיענדיק זיך צו מאַכן זייערע צושטייערן צום אינהאַלט פון ספר, אַרויסהעלפנדיק אויך אין אַ ריי טעכנישע אַספּעקטן פון דער רעדאַקציע און שטייענדיק תמיד גרייט צו אַסיסטירן און העלפן. מיט סאַטיספאַקציע דערמאָן איך דעם פאַקט, אַז ס'איז מיר געלונגען צו דערמוטיקן הרב ד"ר ח. י. בערל

אונטערצונעמען זיינע ווירטיקע פֿאָרשערישע און שריפֿטשטעלערישע אַרבעטן, וואָס ער האָט בייגעטראָגן צום ספר.

דער אָנשטרענג איז געווען ניט אומזיסט. איך גלויב, אַז פֿון די אַרטיקלען און עסייען וואָס דרוקן זיך אין בוך, טויכט אויף אַ קלאָר בילד פֿון שטעטל, ס׳גייען דורך ווי אין אַ גאַלעריע די גאַסן און די הייזער, די אינסטיטוציעס און אָרגאַניזאַציעס, די מענטשן, די פּירער, די טוער, די פּראָבלעמען, די פֿריידן און די צרות. די געשיכט־לעכע פּרקים פֿון בוך צוזאַמען מיט די זכרונות שאַפֿן אַ גאַנצקייט, וואָס שילדערט פֿאַרן לייענער די יידישע קאָלבושאָוו פֿון אירע אָנהייבן ביז איר שוידערלעכן סוף.

...און ווען אַ קאָלבושאָווער לאַנדסמאַן וועט דערפֿילן אין זיין האַרץ אַ געפֿיל פֿון נאָסטאַלגיע און אומעטיקער בענקשאַפֿט צו זיין יוגנטלעכער פֿאַרגאַנגענהייט, זאָל ער אַ בלעטער טאָן דעם „פּנקס" און געפֿינען דאָרט פֿאַרצייכנטע, מיט טרערן דורכגעווייקטע קאַפּיטלען, אין וועלכע ער וועט זיך פֿאַרטיפֿן און געפֿינען איין טרייסט: דער שטאַם זיינער איז געוואָרן פֿאַראייביקט און וועט דעריבער נישט אויפֿהערן לעבן.

די ענגלישע און העברעאישע ביילאַגעס צום בוך אין יידיש זיינען צוגעגרייט געוואָרן מיט דער כוונה, צו דערלויבן די יינגערע דורות אין אַמעריקע און אין מדינת ישראל צו קאָנען זיך דערוויסן פֿון וואַנען זייערע טאַטעס און מאַמעס שטאַמען, און וויסן ווי אָפּצושאַצן ווי גרויס האָבן זיי געמוזט זיין, ווען נאָך אַזוי פֿיל אומגליק, אָרעמקייט און אַרומרינגלענדיקער שנאה, זיינען זיי געוואָרן אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן — פֿרייע בירגער פֿון דער גרויסער דעמאָקראַטיע מיט טיפֿע שרשים אין דער שוואַרצערד פֿון יידישער פּאָליטישער געמיינשאַפֿט און אין ארץ־ישראל שטאָלצע מיטבויערס פֿון יידישן לאַנד, וואָס האָבן געהאָלפֿן פֿאַרשטאַרקן די באַנייטע יידישע זעלבסטשטענדיקייט אין מדינת ישראל.

די וואָס האָבן אויף וועלכן נישט איז אופֿן בייגעטראָגן צום ספר — מיין האַרציקער יישר־כוח.

ד״ר י. מ. בידערמאַן

ערב־פּסח תשל״א

# קאַפּיטלעך געשיכטע

ד״ר י. מ. בידערמאַן

## קאָלבושאָוו פון אירע אָנהייבן

דער אָפיציעלער נאָמען פון דער שטאָט — נאָך אידער זי איז אָנערקענט געוואָרן ווי אַ שטאָט, און געווען איז זי פריער אַ דאָרף, און נאָך פריער בלויז אַ ישוב (osada) — איז געווען קאָלבושאָווא (אין לאַטיינישע אותיות אויסגעלייגט אויף פאַרשיידענע אופנים, Colbuschowa אין יאָר 1513, Kolbussowa אין יאָר 1565 און פון יאָר 1581 — Kolbuszowa — און אַזוי איז דער אָפיציעלער אויסלייג פון דעם נאָמען עד היום הזה). דער נאָמען, לויט דער לעגענדע וואָס ווערט אין דעם בוך ציטירט[1], איז פאַרבונדן מיטן גזלן קאָלבוך אָדער קאָלבוש אָדער גאָר קאָלבאַס, וואָס האָט דאָ אין דער געגנט גראַסירט און אָנגעטאָן צרות. ווען מען האָט דעם „ראָזבאָיניק" ענדלעך געכאַפּט און אומשעדלעך געמאַכט, האָט מען די גרויסע געשעעניש פאַראייביקט מיט אָנרופן דאָס אָרט אויף זיין נאָמען. דאָס איז אָבער אַ לעגענדע צווישן אַ סך אַנדערע וואָס זיינען געווען מער אָדער ווייניקער פּאָפּולער. פון דער פּריווילעגיע, וואָס דער מלך יאַן סאָביעסקי האָט געגעבן דעם ישוב אין 1690 און פון דעם לאָקאַציע־דאָקומענט פון זיין באַזיצער, דער מאַגנאַט יוזעף־קאַראָל לובאָמירסקי, פון יאָר 1700[2], איז צו דרינגען וועגן ענינים, וואָס זיינען נוגע אַ פלאַץ „וואָס מען האָט פריער גערופן קאָלבושאָווא". קיין אַנדער געבוירן־שיין האָבן היסטאָריקערס ביז איצט נישט געפונען, הגם אַ ריי פאָרשער שטיצן די היפּאָטעזע, אַז אַזעלכע מעטריקעס זיינען יאָ געווען אַמאָל, אָבער אין איינער פון די פילע שרפות וואָס זיינען אויסגעבראָכן אין דעם ישוב און האָבן אַ תל געמאַכט פון אַמאָליקן אַלטן ראַטהויז און שפּעטער אויך אין

---

1) אין דער אַרבעט פון הרב ד״ר ח״י בערל, ז׳ 28, פון שלום מיהלשטיין, ז׳ 293 און אַנדערע.

2) מיר ברענגען ביידע דאָקומענטן ווייטער.

אַנדערע אומגליקן (אינוואַזיעס, מלחמות, אָקופּאַציעס, פאַרשיקונגען) זיינען זיי פאַרלוירן געגאַנגען[3].

דער נאָמען ווערט דערמאָנט גאַנץ שפּעטלעך, ערשט אין תחילת פון 16־טן י״ה אין אַ שטייערן־רייסטער צווישן די ישובים פון די זשאַכאָווער גיטער וואָס האָבן געהערט צו סטאַניסלאַוו טאַרנאָווסקי[4]; דער זעלבער סטאַניסלאַוו פון טאַרנע, וואָס איז געווען דער קאַשטעלאַן פון ראַדאָם, האָט אויסגעקויפט די שכנותדיקע דערפער „אין קאָלבושאָווע און וויריניא״ פון זייער וואָיט דעם אַדעליקן מיקאָלאַי קאָלבוסקי, וואָס האָט זיי געהאַט בירושה און וואָס צו זיין משפחה „האָבן די דאָזיקע נחלאות פון קדמונים געהערט״[5]. אָט דער קאָלבוסקי איז געווען אַן אָפּשטאַמיקער פון איינעם פון די דייטשישע קאָלאָניסטן, וואָס האָבן זיך אין דעם געגנט לויט קעניגלעכע באַשטימונגען באַזעצט; זיין נאָמען איז געווען קאָלבע, קאָלבער, אָדער קאָלבור, וואָס איז רייך געוואָרן, זיך אַרויפגעאַרבעט און געוואָרן אַ נאָבלמאַן, איינער פון דער „שליאַכטע״ וואָס אויף זיין נאָמען איז די ירושה זיינע אָנגערופן געוואָרן. אין תחילת האָט עס געהייסן קאָלבערסהויף — (Colbershof) — דער הויף, הייסט עס, דער פאָלוואַרק פון קאָלבע. און שפּעטער האָט זיך דער נאָמען אויסגעשפּרייט אויף דעם גאַנצן ישוב.

מיטן איבערגאַנג פון די גיטער צום גראַף טאַרנאָווסקי איז די פריער־אָנערקענטע אויטאָנאָמיע פון קאַזימיר דעם גרויסן (1333־1370) באַגרענעצט געוואָרן פון די פריצישע רעכט, אין ליכט פון וועלכע עס איז איינגעפירט געוואָרן די „פּאַנשטשיזנע״ (געצוואונגענע אַרבעט פון די פויערים, וואָס זיינען געווען דאָס לייב־אייגנטום פון זייערע האַרן).

אין פוילישן פאָלקלאָר זיינען פאַרבליבן זאָגעכצן און רעדנסאַרטן, וואָס האָבן אַ שייכות מיט דער געשיכטע פון קאָלבושאָוו און מיט דער באַשעפטיקונג פון אירע תושבים. די אַרכעאָלאָגישע אַנטדעקונגען אין דער געגנט זאָגן עדות, אַז דאָס איז געווען אַ גאָר אַלטער, איינגעזעסענער ישוב, וואָס איז שוין געווען באַפעלקערט מיט אור־סלאַווישע ערד־אַרבעטער און פאַסטוכער, אַ שטיק פאַר דעם ווי ס'האָט זיך אָנגעהויבן די געשיכטע פון פוילן ווי אַ מלוכה[6].

3) ד״ר קאַזשימיעזש סקאָווראָנסקי — „ווען קאָלבושאָוו איז געוואָרן אַ פּאָוויאַט״, אין ביולעטין אַרויסגעגעבן פון רעגיאָנאַלן מוזיי פון דער געזעלשאַפט אָפּצוהיטן אַלטער־טימלעכקייטן, נ׳ 2־1, 1968.

4) אַדאָלף פּאַווינסקי, היסטאָרישע קוואַלן, קליינפּוילן, ח׳ 15, ז׳ 469.

5) ביולעטין אַרויסגעגעבן פון רעגיאָנאַלן מוזיי, נ׳ 1, 1961.

6) דאָרטן, מאַטשעי סקאָווראָנסקי, — „אַמאַטאָרישער צושטייער צו דער פאָרגעשיכטע פון קאָלבושאָווער פּאָוויאַט״.

דור צו דור האָט מיט שטאָלץ איבערגעגעבן וועגן די האַנטווערקערס־מייסטערס, וואָס האָבן פּראָדוצירט פידלען, די באַרימטע „קאָלבושאָווער פידלען", וואָס זיינען געווען אַ שם־דבר און האָבן באַוואוסט געמאַכט די קינסטלערישע בעל־מלאכות פון דעם אידעלן אינסטרומענט צוזאַמען מיט זייער אָפּשטאַם־אָרט. די געדיכטע וועלדער אין דעם וויטן אַרום האָבן צוגעצויגן די פריע קאָלאָניזאַטאָרן פון דער געגנט און האָבן געדינט ווי אַ מקור פון שפּעדיקער פרנסה, וואָרעם די הויפּט־אַרבעט פון וועלכער זיי האָבן געצויגן חיונה איז געווען האָלץ־שניצעריי און סטאָלעריי, און גאָר באַזונדערס ערשט־קלאַסיקע, הויך־קינסטלערישע מעבל אויסאַרבעטונג, וואָס האָט אין שפּעטערדיקע תקופות די שטאָט באַרימט געמאַכט איבער גאַנץ פּוילן און אַפילו אויסער אירע גרענעצן.

די טאָפּאָגראַפיע פון דער געגנט האָט זיך אַנטשיידן אויסגעטײלט אין די ברייטע רחבותן פון דעם צויזמירער סטעפּ (Puszcza Sandomierska), פון וועלכער זי איז געווען אַן אָרגאַנישע טייל און וואו געדיכטע אוראַלטע וועלדער האָבן זיך הפקרדיק פונאַנדערגעשפּרייט און געשאַפן אַ נאַטירלעכע שוץ פון ווילדע חיות און קעגן בייזע מענטשן. קאָלבושאָווע, אָדער ווי יידן האָבן דאָס שטעטל אין פאַרלויף פון יאָרהונדערטער גערופן, קאָלביסוב, און אַזוי אויך פאַרשריבן אין ספרים, אָפיציעלע אַקטן, ווי גטן און אַנדערע, האָט זיך געאָגראַפיש אויסגעלייגט אין דעם נידעריקערן טייל פון דער סאַנדאָמירער קאָטלינע (צויזמירער קעסל) פון דעם קאָלבושאָוו־סאָקאָלאָווער הויכלאַנד, צווישן די טייכן ניל, קאָלבישאָווקע און דעם רעכטן אָרעם פון טרזשעשען־לענג אין שכנות פון דער שווערטשאָווקע אָדער פשירווע, וואָס אַמאָל האָט מען זי גערופן „גרויסע טרזשעשען" (Trzesn Wielka); דאָס שטעטל האָבן אַרומגענומען נאָך נאַטירלעכע וואַסער־קאָמפּלעקסן, ווי די צוויי אָזערעס אַגאַנעק־גאַט און דער רויטער ים, און אַרום זיינען געווען, ווי געזאָגט, וועלדער און אַ זאַמדיקער מדבר, וואָס איז ווייט באַקאַנט געווען ווי די „קאָלבושאָווער סאַהאַרע" [7].

אַדמיניסטראַטיוו האָט קאָלבושאָוו געהערט דורך לאַנגע יאָרהונדערטער צום קאָרטשין־פּילזענער קרייז פון סאַנדאָמירער לאַנד אין קליינפּוילן. אין

---

7) אַדאַם כאָוואַנסקי — „אויפן וועג צו די קוואַלן פון ניל", בולעטין, פריער דערמאָנטן נומ' 2־1, 1968. אינטערעסאַנט איז דאָ צו דערציילן, אַז דער אייגנטימער פון קאָלבושאָוו פּאַוועל־קאַראָל סאַנגושקא האָט אין יאָר 1730 באַזוכט ארץ־ישראל, וואָס אויך די קריסטן האָבן עס באַטראַכט ווי דאָס הייליקע לאַנד און האָט אויך אָפּגעשטאַט אַ וויזיט אין עגיפּטן. זעט אויס, אַז אין צופלוס פון פאַנטאַזיע האָט ער פון אַט דעם עולה־רגל זיין געוואָלט עפּעס אַריבערברענגען אויף די אייגענע היימישע זאַמדן, האָט ער אָנגערופן דעם טייך און די אָזערע מיט נעמען פון אַלטערטימלעכן מזרח.

משך פון פעריאָד פון פוילנס פּאָליטישער אָפּהענגיקייט (1772־1918), בעת די שטאָט איז ווי אַ טייל פון דער פּראָווינץ גאַליציע איינגעגלידערט געוואָרן אין דער עסטרייך־אונגאַרישער מאָנאַרכיע, איז זי געוואָרן צוגעטיילט צום באַצירק פון טאַרנע און אונטערגעוואָרפן צו די צענטראַלע אַמטן פון לעמבערג. צווישןביידע וועלט־מלחמות, אין דער תקופה פון אומאָפּהענגיקן פוילן (1918־1939), איז זי ווי אַ פּאָוויאַטאָווע שטאָט געווען אונטערגעוואָרפן דער ריישע וואָיע־וואָדשאַפט.

צו דער אַנטוויקלונג פון שטעטל האָבן בלי ספק צוגעטראָגן זייער חלק די וועגן, שאָסייען און טראַקטן, וואָס האָבן עס פאַרבונדן מיט די אַרומיקע מקומות, דערפער, שטעטלעך און שטעט און אויך מיט דער גרויסער וועלט. די שטאָט האָט זיך געפונען אויף דער קרייצונג פון וועגן, וואָס האָבן געפירט קיין אויסלאַנד: פון איין זייט איז דורכגעגאַנגען דער אַ״ג „קראָקעווער טראַקט״, וואָס האָט געפירט קיין רויט־רייסן דורך טאַרנע און קזשעשאָוו און פון דער אַנדערער דער „מאַדיאַרישער שליאַך״, וואָס האָט זיך געצויגן פון צויזמיר דורך ריישע און דוקלע קיין אונגאַרן.

די סאַמע אָנהייבן פון ישוב זיינען אַרומגענומען מיט אַ שלייער פון כלערליי לעגענדעס. עס איז באַוואוסט, אַז שוין אין 13־טן י״ה איז דאָ געווען אַ ישוב. צי זיינען דאָרט דעמאָלט געווען יידן, איז שווער היינט פעסטצושטעלן. די נעמען פון די מקומות אַרום דעם שטעטל, ווי ווערינעיא, פּשעוואָראָטנע, זאַרעמבקי און אַ סך אַנדערע פון דעם סאָרט, ווי אויך דאָקומענטן וואָס שטאַמען פון שפּעטערדיקע צייטן און וואָס רעדן וועגן דעם פונאַנדערטייל פון ערד־שטחים, וואָס האָבן געהערט צו די פּוילישע מלכים און די אויפזיכט איבער זיי, זאָגן עדות וועגן דעם, אַז זיי זיינען געווען אָרגאַנישע טיילן פון דעם מלוכהשן זיכערקייטס־סיסטעם לענג־אויס פוילנס גרענעצן.

צוזאַמען מיט דער גאַנצער „סאַנדאָמירער פּושטשע״ איז אויך די דאָזיקע געגנט געווען דאָס אייגנטום פון מלכים, פּרינצן און גראַפן פון דער פּיאַסטי־שער דינאַסטיע. פוילן האָט דעמאָלט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ טעריטאָריאַלע צעדריבלטקייט, וואָס איז געבליבן בירושה נאָך דער צוואה פון באָלעסלאַוו דעם קרוממויליקן (1102־1139)[8]. אין די ראַמען פון מיליטערישער קאָלאָניזאַציע האָבן נאָך אין דער צווייטער העלפט פון 13־טן י״ה אַראָפּגעבראַכט די פּיאַס־טישע הערשער קאָלאָניסטן פון די סלאַווישע שבטים פון דער אַנדערער זייט

8) פגל״ב. מאַרק, די געשיכטע פון יידן אין פוילן, יידיש־בוך, וואַרשע 1957, ז׳ 155.

ווייסל, כדי צו פאַרשטאַרקן די זיכערקייט פון אייגענע אינטערעסן קעגן פרעמ־דע אינוואַזיעס און אָוועקגעגעבן זיי ווי אַ מיטאייגנטום פון די וועכטער־ישובים לעבן „קאַלבושאָווע״: פשעוואָרטנע, ראַנישעוו און וואַיקעוו. אַזוי אַרום האָט דער קעניג זיך באַמיט צו צענטראַליזירן די הויפּט־מאַכט אין לאַנד. נאָך אַ לאַנגן פעריאָד פון צעריסנקייט איז אין XIV י״ה ענדלעך געשאַפן געוואָרן אַן איינהייטלעך פוילישׁ קעניגרייך. אין קאַמף פאַר פּיאַסטישער דאָמי־נירונג איז אָנגעקומען קיין צוויזמיר אין יאָר 1312 דער פירשט וולאַדיסלאַוו דער קורצפיסיקער לאָקעטעק (1260־1333), וואָס האָט דאָרט אונטערדריקט דעם אויפשטאַנד פון די מיעשטשאַנעס. אויף זיין צוריקוועג זאָל ער האָבן באַזוכט קאַלבושאָוו און אין אָנדענק דערפון אויפגעשטעלט אַ קלויסטער[9].

צי האָט לאָקעטעק געטראָפן אין קאַלבושאָווער ישוב אויך יידן, איז שווער צו זאָגן. ס׳איז נישט אויסגעשלאָסן — גיכער לייגט עס זיך אויפן שכל — אַז יידישע וואַנדערער און סוחרים האָבן דאָ צעלייגט צייטווייליק אָדער אַפילו סטאַביל זייערע געצעלטן. איז דאָך דער ישוב געלעגן אויפן הויפט־טראַקט פון דעמאָלטיקן מסחר. ס׳איז באַוואוסט, אַז אין מזרח־דרומדיקן טייל פון פוילן, ביי קראָקע און צוויזמיר, זיינען שוין געווען יידישע ישובים און אַנטשטאַנען זיינען זיי אויפן וויכטיקן האַנדלס־שליאַך, וואָס האָט געפירט פון אונגאַרן דורך פוילן. אין דער פריווילעגיע וואָס די שטאָט סאָנטש (ניי־סאַנדז) האָט פונעם מלך באַקומען, ווערן אַלע סוחרים, אָן אונטערשייד — קריסטן און יידן — וועלכע פאָרן אויפן ניי־סאָנטשער מאַרק פון קראָקע אָדער פון אונגאַרן, באַפרייט פון וועלכע נישט איז געלט־אָפּצאָל.

אין דער דאָזיקער פריווילעגיע לייענט מען צוו. אַנד. אָט וואָס: „בכדי אונדזערע בירגער זאָלן בעסער און דערפאָלגרייכער קאָנען איסנוצן זייער יערלעכן יריד, באַפרייען מיר גנעדיק און אויף אייביק פון יעדן מין אָפּצאָל אַלע געסט און סוחרים פון יעדן שטאַנד און מעמד, הן קריסטן, הן יידן, וועלכע פאָרן אַדורך... אָדער די וועלכע קערן זיך אום פון קראָקע צי פון אַנדערע וועלכע־ניט־איז מקומות״[10].

אויב דער באַזוך פון לאָקעטעק איז ניט גאַנץ זיכער, אונטערליגט עס קיין שום ספק נישט, אַז זיין זון, קאַזימיר דער גרויסער, האָט אַרויסגעוויזן אַ סך אינטערעס אין דער גאַנצער געגנט. דאָס איז צו זען פון דעם סאַמע עלטסטן דאָקומענט, וואָס איז לעצטנס אַנטדעקט געוואָרן און וואָס שטאַמט פון יאָר 1366 און האָט אַ שייכות מיט דעם „דאָרף זלאָטעוו אויפן סאַמע עק

---

9) ד״ר ק. סקאָוואָראַנסקי, ווי אויבן, 1961.

10) ב. מאַרק, ווי אויבן, ז׳ 173.

פון די וועלדער לעבן ראַנישעוו איפּן טייך זלאָטעוו". לויט יענעם דאָקומענט איז געגרינדעט געוואָרן די שטאָט ריישע מיט באַראַנאָוו און די דערפער מראָוולע און באָדעק[11]. דער קעניג האָט געשטרעבט, אַז די גרענעץ־געגנטן זאָלן וואָס מער באַפעלקערט ווערן. ס׳אַנטשטייען דעריבער דעמאָלט אין דער געגנט אַזעלכע שטעט ווי נאָוויטארג, ראָפּטשיץ, פּשעוואָרסק און גראָדזשיסק לעבן לעזשאַנסק; קראָקע האָט שוין דעמאָלט 14 טויזנט איינוואוינער, צויזמיר — 2470, אָפּאַטאָוו (אַפּט) 870 נפשות. באַזונדערס אינטענסיוו ווערט די קאָלאָניזאַציע פון די חרובע און ליידיקע געגנטן נאָך דער מאָנגאָלישער אינוואַזיע. אין דער בויאונג פון די נייע שטעט, שטעטלעך און ישובים האָבן אַן אָנגעזעענעם אָנטייל גענומען אויך איינגעוואַנדערטע און אָרטיקע יידן[12].

זאָל דאָ דערמאָנט ווערן, אַז פון יענער צייט שטאַמט די פּריווילעגיע, וואָס קאַזימיר דער גרויסער האָט אַרויסגעגעבן אין י׳ 1367, אין וועלכער ער פאַרנעמט זיך צו „באַנייען, ראַטיפיצירן און באַשטעטיקן די פאַרשריבענע רעכט פון די יידן אין קראָקע, סאַנדאָמיר, ליאָפּאָל (לעמבערג) און פון גאַנץ רייסן און פון די לובלינער און סאַנדאָמירער געגנט". ס׳איז נישט אויסגעשלאָסן, ווי פריער געזאָגט, אַז אין קאָלבושאָוו, ווי אַן אָרגאַנישער טייל פון דער סאַנדאָמיר־געגנט, האָבן זיך דעמאָלט שוין געפונען יידן, וואָרעם, ווי די פּריווילעגיע באַווייזט, זיינען אין גאַנצן אַרום שוין געווען יידישע ישובים.

דער אַקט פון 1459 טיילט אָפּיציעל פונאַנדער דעם לאַנד־באַזיץ פון קעניג, וואָס האָט זיינע גיטער אין ראַנישעוו און וואָלע, פון די גיטער פון דער משפחה מיעלעצקי, צו וועמען עס האָט געהערט מעלעץ און צמאָלאַס און פון די גיטער וואָס האָבן געהערט צו דער אויבן־דערמאָנטער פאַמיליע טאַרנאָווסקי, די אייגנטימער פון קאָלבושאָוו. אין יאָר 1513 ווערט דער ישוב דערהויבן צו אַ דאָרף, פאַראייניקט מיט ווערינ׳יע. אין אַ דאָקומענט פון י׳ 1581 ווערן אויסגערעכנט די שטייערן וואָס די באַפעלקערונג דאָרף צאָלן דעם גראַף טאַרנאָווסקי און עס ווערט אויסגערעכנט די פאָלגנדיקע באַפעלקערונג: 66 פויערים אויף 24 פעלדער־טיילן, 20 פאָלוואַרק־באַזיצערס, 12 צוגעקומענע, 10 אָרעמע, 12 האַנטווערקער א״אַ[13]. ס׳איז גאָרנישט פון וועג צו טראַכטן, אַז אונטער דער קאַטעגאָריע „צוגעקומענע" און „האַנטווערקער" קאָן זיך אויסבאַהאַלטן אויך אַ צאָל יידן, וואָס האָבן דאָרט קונה שביתה געווען.

11) ד״ר ק. סקאָוראָנסקי, ווי אויבן, 1961.
12) ב. מאַרק, ווי אויבן, ז׳ 245.
13) אַדאָלף פּאַווינסקי, ווי אויבן, ז׳ 254.

אין י׳ 1536 וועט־ט קאָלבושאָוו נאָך אַלץ דערמאָנט אין שותפות מיט וועריניע, ווי אַ וואַקסנדיק און פּראָספּערירנדיק דאָרף. דער טאַרנאָווסקי־הויף בויט אויס דעם גרויסן לעלעוויטן שלאָס; און הגם די טאַטערישע אינוואַזיע האָט זיך דורכגעטראָגן דורך זשאָכעוו און זשעמיען און בכלל דורך דעם סאַנדאָמירער סטעפּ, האָט די באַלעבאַטישקייט פון די קאָלבושאָווער פּריצים אויסגענוצט די קאָניונקטור אויף פּוילישע תבואות, פּונקט ווי דעם נאָכפרעג אויף געהילץ און אַנדערע וואַלד־פּראָדוקטן. אַ דאַנק אָט דער גוטערווירט־שאַפט איז קאָלבושאָוו געוואַקסן. אין י׳ 1581 ציילט דאָס דאָרף איבער 600 נפשות [14].

אין דער צווייטער העלפט פון 16־טן י״ה, אין דער צייט ווען ס׳זיינען אַנטשטאַנען אַזויפיל פּריוואַטע שטעט אין דער געגנט, ווי מעלעץ, רודניק, סאָקאָלאָוו, גלאָגעוו, ראַדאָמישל, א״אַ. האָט קאָלבושאָוו געהאַט אַלע מעגלעכ־קייטן צו קאָנען אַוואַנסירן און ווערן אָנערקענט ווי אַ שטאָט. דער ישוב איז דע־יורע געווען נאָך אַלץ אַ דאָרפישער ישוב, אָבער דע־פאַקטאָ איז ער שוין אויסגעוואַקסן צו אַן אורבאַניסטישן צענטער אַ דאַנק דער אומדערמידלעכער אַרבעט פון דער פּויערישער באַפעלקערונג, דער קוואַליפיצירטער אַרבעט פון די בעל־מלאכות וואָס האָבן זיך קודם־כל אָפּגעגעבן מיט דער הילצערנער בראַנזשע, אַדאַנק די פאַרמיטלער, די יידישע סוחרים וואָס האָבן געבראַכט די אָרטיקע פּראָדוצירטע סחורות אין די נאָענטע און ווייטע מקומות, אויך צו פאַרדאַנקען דעם באַאַמטנטום פון הויף און זיין באַדינערשאַפט, וואָס האָבן צוגעגעבן גלאַנץ און גלאָריע דעם שלאָס. האָט אָבער דער מאַגנאַט טאַרנאָווסקי, דער האַר פון שלאָס און דאָרף, שוין געהאַט זיין שטאָט זשעכאָוו. דער הויפּט־שטאָם פון האַר האָט פאַרמאָגט די שטאָט טאַרנע און דער דזשיקעווער אָפּצווייג פון אָט דער מאַגנאַטן־פאַמיליע האָט געהאַלטן ביים באַפעסטיקן די שטאָט טאַרנאָבזשעג, באַקאַנט ווי דזשיקעוו. צוליב משפחה־קאָמפּליקאַציעס האָט טאַר־נאָווסקי געמוזט מיט דער הסכמה פון קעניג סטעפאַן באַטאָרי (1575־1588) אין י׳ 1585 פאַרקויפן זיין גאַנצע מדינה מיט קאָלבושאָוו און אַנדערע גיטער צום ברודער פון זיין ווייב, הערןאָנים מיעלעצקי, דעם סאַנדאָמירער סטאַראָסטע. דער נייער גרויסבאַזיצער האָט פאַטראָניזירט די ניי־דערוואָרבענע לענדערייען; ער האָט אָבער נישט געהאַט בדעה צו פאַרוואַנדלען דאָס דאָרף אין אַ שטאָט, ווארעם ער האָט פאַרמאָגט שוין אַ שטאָט מעלעץ מיט דעם דאָרט רענעסאַנס־געבויטן שלאָס [15].

14) דאָרטן.

15) דאָרטן.

אין יאָר 1616 זיינען די גיטער פון קאַלבושאָוו און דער געגנט אַריבער אין די הענט פון דעם העטמאַן סטאַניסלאַוו לובאָמירסקי, וואָס האָט זיך באַרימט געמאַכט ווי דער זיגער אין דער שלאַכט קעגן די טערקן לעבן כאָטשים, און איז אויך שפּעטער באַקאַנט געוואָרן ווי דער וואָיעוואָדע פון קראָקע. אין דעם פּלאַן פון איפשטעלן פאָרטיפיקאַציעס און באַפעסטיקן די מלוכהשע זיכערקייט האָט ער פאַרוואַנדלט דעם שלאָס אין זשעמיען אין אַ שטאַרקער פעסטונג און אין דעם ניי־דערוואָרבענעם לאַנצוט אין אַ באַסטיאַן. אין קאַלבושאָוו האָט גראַף לובאָמירסקי אויף דער פּאַן פון אַ הערלעכער פּאַנאָראַמע — אין דעם טאָל פון טייך, אין מיטן פון בהדרגהדיק־אויפגייענדיקע בערג, אַרומגערינגלט פון אָזערעס און אַרומגענומען פון געדיכטן מיט פאַר־ שיידענע ביימער פון אוראַלטן און ווילד־וואַקסנדיקן סאַנדאָמירער וואַלד, באַ־ שלאָסן אויסצובויען זיך אַ זומערדיקע רעזידענץ — פאַר זיך און פאַר זיין זון. (קאַלבושאָוו בלייבט נאָך אַלץ אַ דאָרף, הגם עס האָט דאָ אָפּגעשטאַט אַ וויזיט דער פּוילישער מלך זיגמונד דער אַלטער מיט זיין ווייב באָנע און אויך דער קעניג זיגמונד־אויגוסט מיט זיין קאַטאַרינע די עסטרייכישע, וואָס האָבן באַזוכט אַ חוץ קאַלבושאָוו אויך די גיטער אין סאַנדאָמירער געגנט, ווי וויעלאָ־ וויעש, דזשיקעוו, זשעמיען). דער פּראַכטפולער פּאַלאַץ, אייגנאַרטיק אין זיין סטיל און געבוי, איז געוואָרן אַ צענטער פון גרויסע וואַלד־טעטיקייטן. אַ דאַנק דעם „ספּלאַוו" אויפן טייך לענג וואַקסט דער עקספּאָרט פון געהילץ. ס׳ווערן דערמאָנט די אין יענער צייט אויפגעשטעלטע צוויי וואַסער־מילן און אַ ברויערײַ. מען הייבט אָן אויסגראָבן אייזערנע רודע אין דער געגנט און ס׳קומט אויף אַ קאָלאָניע פון יעגערס און פישערס ביי די ריבאַקעס „אויף די יאַזעס" [16]. אָבער איבער גאַנץ „פוילן־לאַנד, ליטע און ווייטער" האָט זיך צעקלונגען דער שם פון קאַלבושאָווער שלאָס, וואָס איז אויפגעבויט געוואָרן פון קאַלירטן געהילץ לויט די אוזאָרן פון דער קאַלבושאָווער קונסט, אויס־ געפּערטיקט פון די אָרטיקע סטאָליאַרעס. דאָ איז טאַקע אויפגעקומען דער באַרימטער צענטער פון די קאַלבושאָווער קונסט־מעבל, וואָס האָט אַרויסגעפירט דעם פּוילישן האַנטווערק ווייט און ברייט איבער אַ סך פּריצישע רעזידענצן. קאַלבושאָווער מעבל־שטיק פון יענער צייט געפינען זיך ביז היינט־צו־טאָג ווי מוזייאַלע עקספּאָנאַטן איבער דער גאָרער וועלט.

אין יאָר 1642 ווערט קאַלבושאָוו דאָס סטאַבילע וואוינאָרט פון קראָקע־ ווער וואָיעוואָדע, אַלעקסאַנדער־מיכאל לובאָמירסקי. דאָס דאָרף געניסט פון דעם הויפּס אינטערעס און די באַפעלקערונג וואַקסט אומאויפהערלעך. ניט

16) ד"ר ק. סקאָווראָנסקי, אויבן, 1961.

אַנדערש, ווי דער הויף האָט בדעה געהאַט באַלד צו פּראָקלאַמירן קאַלבושאָוו ווי אַ שטאָט. איז אָבער אין 1652 אויסגעבראָכן איבער גאַנץ קליינפּוילן די „שוואַרצע מגיפה" און אין 1655 פאַלט אַראָפּ דער שוועדישער „מבול" און פּלינדערט אויס סאָקאָלאָוו און לאָזט מיטן רויך אויך קאַלבושאָוו.

אין 1683 איז דער נייער האַר פון דער געגנט געוואָרן דער פירשט יוזעף־קאַראָל לובאָמירסקי, סטאַראָסטע פון לזבאַטשעוו און סאַנדאָמיר, וואָס האָט געטראָגן דעם טיטול פון אויסעראָרדנטלעכן קרוין־מאַרשאַל און שפּעטער געוואָרן אויך דער אינהאָבער פון דער גרויסער אָסטראָגער אָרדינאַציע. דער נייער באַלעבאָס האָט באַפוילן אָװעקצופירן די ירידים פון געהילץ און בהמות פון דעם פּלאַץ לעבן דער קירך, אויף דעם מאַרק־פּלאַץ (רינעק) איבערן ניל, אַנטקעגן דעם פּאַלאַץ „אויפן קאַנאַל". די ירידים זיינען געוואָרן צענטראַלע געשעענישן פון דער גאַנצער אומגעבונג, וואָס האָבן צוגעצויגן נישט נאָר די אָרטיקע קונים, אָדער סוחרים פון נאָענטן אַרום, נאָר אויך אַ גרויסן עולם פון גלאָגעוו אַזש ביז ניסקע[17].

די דאָזיקע פאַראָרדנונג האָט דער נייער פּריץ אַרויסגעגעבן אין וואָלאַ יוסטאָװסקאַ לעבן קראָקע, דעם 11־טן סעפּטעמבער, 1683 און עס זאָגט זיך אין איר כהאי לישנא (אין ידישער איבערזעצונג פון פּויליש):

„כדי אָבער די ירידים זאָלן אָפּגעהאַלטן ווערן לויטן אַלטן שטייגער, אַזוי אַז די מענטשן זאָלן פון זיי קאָנען אַמבעסטן געניסן און לגבי די צוגעפּאָרענע קאָנען אַרויסווייזן די גרעסטע מאָס פון גאַסטפריינטלעכקייט, האָבן מיר דעם מאַרק־פּלאַץ באַשטימט צווישן דער קרעטשמע און דער ברויערײַ, וואו יעדער איינער וועט קאָנען פירן זיין האַנדל לויט זיין אייגענעם איינזען".

פון דעם אויסדרוק „יעדער איינער" קען אַרויסגעדרונגען ווערן, אַז ס'האָבן שוין אין קאַלבושאָוו געוואוינט יידן אָדער זיי האָבן געקענט קומען צום יריד. ערשט אין דעם שפּעטערדיקן עדיקט פון יוזעף־קאַראָל לובאָמירסקי, וואָס מיר ציטירן שפּעטער, דערמאָנט ער די יידן אויף אַ דירעקטן אופן.

נאָך דעם גרויסן נצחון אין דער שלאַכט אונטער ווין, אין י' 1683 קעגן די טערקן, האָט דער קעניג יאַן סאָביעסקי (1674־1696) אַרויסגעגעבן, אין אָנערקענונג פאַר דער הילף וואָס לובאָמירסקי האָט אים צוגעטראָגן „אין די מלחמה־אָנשטרענגונגען קעגן טערק", אַ קעניגלעכע פּריווילעגיע, וואָס הייבט אַרויס „די שטאָט קאַלבושאָוו, וואָס אין דער וואָיעוואָדשאַפט פון סאַנ־דאָמיר און אין פּאָוויאַט פון פּילזנע" און דערמוטיקט מיט אַן אייזערנעם בריוו, פאַרזען מיט זיין זיגל, צו באַטייליקן זיך אין די פינף יערלעכע

17) דאָרטן.

ירידים און אויך אין די וועכנטלעכע מערק אָפּגעהאַלטן יעדן זונטיק. אין דער פּריווילעגיע, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין וואַרשע, דעם 3־טן יוני 1690, אין 16־טן יאָר פון זיין מלכות, דערקלערט דער קעניג סאָביעסקי, ווי פאָלגט [18]:

„אויף די מאַרק־טעג וועט מען קענען אויף אייביקע צייטן, אָן אונטערשייד פון געשלעכט און שטאַנד, מעמד, באַרוף און אַמט, רעגירונג און אמונה, אין די דאָזיקע שטאָט קאָלבושאָוו מיט כל המינים סחורות מיט ווייץ, גערשטן, היי און אַנדערע תבואות און קערנער, מיט פערד, בהמות און סטאַדעס, מיט געהילץ און האָלץ, מיט געטראַנקען און אַנדערע סאָרטן קעגנשטאַנדן קומען כדי צו קויפן, פאַרקויפן, בייטן, פאַרהאַנדלען, שנאַפּס, מעד און אַנדערע געטראַנקען אין זיכערקייט און רו פאַרקויפן, סחורה, פאַר סחורה, אויסטוישן, און כלערליי דערלויבטע און ערלעכע געשעפטן דערליידיקן" [19].

יידן ווערן אין אָט־דעם דאָקומענט דירעקט ניט דערמאָנט. אומדירעקט ווערן זיי אָבער יאָ דערמאָנט, ווען דער מלך דערמוטיקט זיינע אונטערטאַנען פון יעדן שטאַנד און אמונה צו באַטייליקן זיך אין די מערק און ירידים אין קאָלבושאָוו. סאָביעסקי, וואָס האָט געהאַט אַ גוטע באַציאונג צו די יידישע איינוואוינער פון זיין מלוכה, האָט, אָן ספק, זיי געהאַט אויך אין זינען, ווייל געגאַנגען איז אים צו באַפעלקערן די שטאָט, און שאַפן אַזוי אַרום וואָס מער קוואַלן פון פרנסה.

אָן ספק האָבן זיך שוין דאַן געפונען יידן אין קאָלבושאָוו און זיכער געניאָסן פון אַלע פּריווילעגיעס וואָס זיי האָבן באַקומען אין דער גאַנצער געגנט און וואָס האָבן זיך ממילא באַצויגן אויפן שטעטל. די דאָזיקע פּריווילעגיע רופט אָן דעם ישוב ווי אַ שטאָט. דאָס מיינט, אַז זי איז שוין פריער ווי אַזאַ דערקלערט געוואָרן. אַזוי אַרום ווערן מיר געוואויר, אַז קאָלבושאָוו ווערט אָנערקענט ווי אַ שטאָט.

אין יאַנואַר פון 1700 האָט יוזעף־קאַראָל לובאָמירסקי, דער האַר פון דער שטאָט און גאַנצער געגנט וואָס אויף זיין אַדרעס איז דעם קעניג סאָביעסקיס פּריווילעגיע געשריבן געוואָרן, אַרויסגעגעבן זיין אייגענע פאַר־אָרדנונג. ווי שוין געזאָגט, איז יוזעף־קאַראָל געווען אַ גרויסער מיוחס ביים קעניג און איז געווען דער טיטולאַרער האַר פון די שטאַלן פון דער גרויסער קרוין, שפּעטער געוואָרן הויף־ און גרויס־קרוין־מאַרשאַל — מיט דער גאָר ערנהאַפטער באַצייכנונג פון „העטמאַן", וואָס ער האָט זיך דערדינט גאָר באַזונדערס אין די שלאַכטן קעגן די טערקן און אין אַנדערע מיליטערישע

---

18) די פּריווילעגיע איז ווי ס'רוב מלוכישע דאָקומענטן געווען געשריבן אין לאַטיין.

19) דער אָריגינאַל פון דעם קעניגלעכן אַקט האָט זיך ביזן אויסברוך פון צווייטן וועלט־קריג געפונען אין דעם לובאָמירסקי מוזיי אין לעמבערג.

שליחותן, וועלכע ער האָט אויסגעפירט מיט אַ סך איבערגעגעבנקייט צו מלכות. דער קעניג סאָביעסקי האָט אים אַרויסגעוויזן אַ סך ליבע און אָנער־קענונג און אַ דאַנק אים איז לובאָמירסקי געוואָרן דער אינהאַבער פון דער גרויסער אָסטראָגער אָרדינאַציע. אַ דאַנק זיינע פעאיקייטן און די גלענצנדיקע באַציאונגען מיטן קעניג, איז אָט־דער מאַגנאַט דערגאַנגען צו גוואַלדיקער עשירות און געקראָגן אויך די אויבן־געבראַכטע קעניגלעכע אָנערקענונג פאַר דער שטאָט וואָס האָט צו אים געהערט.

די פאַראָרדנונג פון לובאָמירסקי איז געשריבן אין דער פוילישער שפּראַך, און צוליב איר וויכטיקייט וועלן מיר זי דאָ איבערגעבן אין אַ יידישער איבערזעצונג:

„איך מאַך באַקאַנט פאַר יעדן וואָס דאַרף עס וויסן — פאַר די איצטיקע און שפּעטערדיקע דורות — אַז אַלע ישובים, שטעט און שטעטלעך, מיטן חסד און גענאַד פון זייערע האַרן און אייגנטימער, רייך ווערנדיק, האָבן זיך צעבליט און אויסגעברייטערט; דערפאַר, ווינטשנדיק זיך אַ וואָס גרעסערע שטייגערונג אין מיינע גיטער, און אָנערקענענדיק דאָס אָרט ווי פּאַסיק, האָב אויך איך געגרינדעט אַ שטאָט אויף מיין באָדן וואָס געהער מיר בירושה, הינטער מיין פּאַלאַץ, פון לאַנג שוין באַקאַנט ווי קאָלבושאָוו, וואו איך דערלויב זיך באַזעצן מענטשן אָן וועלכן־ניט־איז תנאי און בויען פאַר זיך נוצנדיק מיינע היגע וועלדער מיט דער ברייטסטער האַנט, אויפשטעלן הייזער מיט שינדלען פאַרן וואוילזיין פון אַלע די וואָס ווילן לעבן ביי מיין רעזידענץ, לויטן מוסטער פון אַנדערע שטעט.

אַלעמען גיב איך די פולסטע פרייהייט אין זייערע אונטערנעמונגען, אין האַנדל, איבערקויף, מעד־שענק, און בראָנפן־, ביר־ און וויין־קרעטשמעס, ביז צוועלף יאָר קיין שום שטייער ניט צו דאַרפן צאָלן. יענע שענק וועלן קאָנען ווייטער טעטיק זיין, און ווען די צוועלף יאָר וועלן זיך ענדיקן וועלן זיי דאַרפן פון ברויען ביר צו צאָלן צו צוויי זלאָטעס, פון יעדן גאַרנעץ געטריבענעם בראָנפן 2 זלאָטעס אַ קוואַרטאַל. פאַר די פלייצער אין מאַרק (רינעק) וועלן זיי דאַרפן צאָלן איין זלאָטע יערלעכן פאכט; און די יעניקע וואָס נוצן אין זייער ערד־אַרבעט לאַנקעס, וועלן דאַרפן אָפּצאָלן צו צוויי זלאָטעס; די גאַסן מיעשטשאַנעס וועלן פאַר די פלעצער דאַרפן צאָלן צו 15 גראַשן יערלעכן פאַכט; פון באַאַרבעטן באָדן וועלן זיי דאַרפן צאָלן אַזוי ווי פאַר זייער פלאַץ אין מאַרק; די יעניקע ווידער, וואָס קיין באָדן באַזיצן זיי נישט נאָר גערטנער, דאַרפן זיי פאַר די גערטנער צאָלן צו איין זלאָטע. דערביי, די וואָס וועלן פאַר זיך בויען און וועלן זיין אין באַזיץ פון געמויערטע קאַמעניצעס, באַפריי איך פאַר אייביקע צייטן און דערלויב צו פירן וויין־שענק. זיי דאַרפן אויפהאַלטן די וועגן צו דער מיל, צו די שוץ־גראָבנס און צו די טייך־ברעגעס, אָן אויסנאַם, ווי עס פירט זיך אין אַנדערע שטעט.

פאַר דער באַזעצונג און לאַקירונג פון דער שטאָט מיטן גאַנצן באָדן, אַקער־ערד, פעלדער, וועלדער, גערטנער און לאַנקעס, וואָס מיר האָבן באַפוילן אויסצו־מעסטן, נעמענדיק אין אַכט די גרויס פון לאַנד, כדי צו געבן גענויע טיילן פון ערד און פעלד וואו עס גייען דורך די צווישן־פעלדער, וועגן און אָפּגרענעצונגען מיט אַלע זייערע אומשטענדן, וואָס איך באַשטעטיק און אָנערקען פאַר אייביקע צייטן, דערקלערנדיק דאָס אַלץ מיט אָט דער פריווילעגיע. אָט די פריווילעגיע איז אַרויסגעגעבן מיט דער צושטימונג פון זיין מאַיעסטעט דעם קעניג, וואָס האָט דער־

קלערט דאָס מאַגדעבורגער געזעץ[20] ווי אַ יסוד פאַר משפטן זיך אין אַלע סכסוכים וואָס קענען אויפקומען אויף יאַרמערק, ירידים, וואָס וועגן זיי רעדט זיך אין דער פריווילעגיע.

אַלע האַנטווערקער פון יעדער מלאכה דערלויב איך צו האָבן זייערע צעכן[21] און זייער אָרדנונג אויפהאַלטן און אין איינקלאַנג מיט זיי זיך פירן. איך באַשטעטיק און באַפעסטיק דאָס אַלץ מיט אָט דער פריווילעגיע.

יידן, וואָס נוצן באָדן און שטאָטישע אַקער־ערד און האָבן דערפון נוצן, דאַרפן פון זיי צוגלייך מיט די מיעשטשאַנעס אָפּצאָלן שטייערן. די יעניקע ווידער, וואָס נוצן נישט קיין אַקער־ערד, נאָר פון האַנדל ציען זיי זייער חיונה, וועלן אויך געהערן צו די פאַכט־צאָלער פאַר די וואווינונגען און צאָלן צוגלייך שטייערן. זיי זאָלן זייערע דירות ניט האָבן אין די הייזער אויפן מאַרק, אויך נישט אין די הינטערשטע ציילן, אויך זיך נישט אויסברייטערן איבער דער שטאָט, אַ חוץ די דריי וואָס זיינען פאַראַן; זיי טאָרן נישט קיין זייטיקן בראָנפן פון אַרענדאַרן פונאַנדערפירן און דערמיט דער שטאָט שאָדן ברענגען מיט דער שולד פון שלאָס.

די באַדינער פון שלאָס, וואָס געפינען זיך לעבן מיין זייט און אין שטאָט האָבן זיי זייער פאַרמעגן, דאַרפן אונטערליגן דעם שטאָטישן געזעץ און די שטייערן וואָס קומען פון זייערע שטאָטישע גיטער, דאַרפן זיי צוגלייך אָפּגעבן און צאָלן; אַנדערע אָבליגאַציעס לגבי דעם שלאָס, אין קאָנטראַווערסיעס וואָס קאָנען אַנטשטיין אין פאַרשיידענע ענינים ווי אויך זייער זיכערקייט, לאָז איך איבער צו מיין ענד־גילטיקן באַשלוס.

אַרענדאַרן אָדער די וואָס האָבן נישט קיין אייגענע פּאָסעסיעס און האַלטן געדונגענע אַרענדעס, זאָלן נישט וואַגן צו קאָכן אויף אייגענער האַנט זייער אייגן ביר אָדער בראָנפן, נאָר פון זייערע באַלעבאַטים אין פעסער און טעפּ דאַרפן זיי עס קריגן צום פאַרקויף.

אויך די יעניקע, וואָס ברענגען שאָדן די ירידים פון דער שטאָט קאָלבושאָוו, גייען אַרויס אויף די וועגן און פאַרכאַפּן די פאַרקויפערס אויף די טראַקטן, האַנדלען און קויפן אויף, פון וועלכן די מיעשטשאַנעס מוזן האָבן אומאַנגענעמלעכקייטן צוליב די אויסקויפערס, פאַראָרדן איך דעריבער מיט דעם איצטיקן בריוו מיין סטאַראָסטע, דעם איצטיקן און דעם וואָס וועט זיין אין דער צוקונפט, אַז ער זאָל די זאַכן אָפּהיטן און נישט דערלאָזן צו אַזעלכע שאָדנס.

דערביי באַמערק איך, אַז דאָס האַקן פלייש זאָל פאָרקומען איין מאָל אַ וואָך — ד״ה זונטיק, כדי אַזוי אַרום די שטאָט זאָל בעת ס׳קומען פאַר ירידים געדיכטער ווערן. באַשטעטנדיק די דאָזיקע פריווילעגיע מיט מיין אייגנהענטיקע אונטערשריפט, לייג איך אַוועק מיין חתימה, אין קאָלבושאָוו, דעם 12־טן יאַנואַר 1700 י׳.

(—) לובאָמירסקי, קרוין און הויף־מאַרשאַל[22]

---

20) דאָס מאַגדעבורגער געזעץ איז געווען אַ דייטש געזעץ וואָס איז גענוצט געוואָרן אין פוילן, כדי צו דערמוטיקן קאָלאָניזירן נייע שטעט.

21) צעכן אָדער גילדעס — עקאָנאָמישע און סאָציאַלע גרופּן פון מענטשן פון דער זעלבער פּראָפעסיע אָדער בראַנזשע טיפּיש פאַר אייראָפּע אין מיטלאַלטער.

22) דער אָריגינאַל פון דעם לובאָמירסקי־אַקט, געשריבן אויף פּאַרמעט, געפינט זיך אין די זאַמלונגען פון קאָלבושאָווער רעגיאָנאַלן מוזיי.

פון דער אויבן־געבראַכטער פריווילעגיע איז קלאָר צו זען, אַז דער גראַף טיילט פונאַנדער די באַפעלקערונג פון דער שטאָט אין דריי קאַטע־גאָריעס: 1) האַנטווערקער, פויערים און מיעשטשאַנעס; 2) נאָבלליים, שליאַכטע און שלאָס־דינערשאַפט; 3) יידן און אַרענדאַרן. די לעצטע נעמט דער האַר אַוועק יעדע רעכט זיך צו באַזעצן אָדער האָבן פּראָפּינאַציעס. לגבי יידן שטעלט ער פעסט די ציפער דריי, ווי אַ גרענעץ און וויל נישט דערלאָזן, אַז זיי זאָלן זיך צעשפּרייטן. אין תוך אָבער האָט דער ווירקלעכער מצב פון די יידן אין פריערדיקע און שפּעטערדיקע צייטן פון פּוילישן קעניגרייך קיינמאָל זיך נישט אָפּגעשפּיגלט אין די אָפיציעלע פאַראָרדענונגען, פּריווילעגיעס אָדער געזעצן פון קעניגן אָדער גראַפן. די עקאָנאָמישע לאַגע פון די יידן איז קיינמאָל נישט געווען קיין רעזולטאַט אָדער גענצלעך באַווירקט פון די לעגאַלע דערקלע־רונגען און דעקרעטן אַרויסגעגעבן פון די צענטראַלע מאַכטהאָבער, וועלטלעך־מלוכהשע אָדער פון דער קירך. די עפעקטיוויקייט פון די געזעצן וואָס זיי האָבן אַרויסגעגעבן האָט נישט צו לאַנג געדויערט. די געזעצן אָדער פריווילעגיעס האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט אין בעסטן פאַל אַ געוויסע סטאַדיע אין דעם קיינמאָל ניט איבערגעריסענעם קאַמף צווישן די יידן און דער קריסטלעכער באַפעלקערונג. פאַקטיש איז דער מעמד און פּאָזיציע פון די יידן געווען אַ סך שטאַרקער ווי דע־יורע[23]. קיין ספק ניט, אַז שוין אין יענער צייט זיינען געווען אין דעם שטעטל אַ סך מער יידן ווי די דריי משפּחות, אומאָפּהענגיק דערפון וואָס אין די אָפיציעלע פאַראָרדנונגען איז געווען געשריבן. אַזוי דעם קעניג ווי דעם גראַף גייט עס דאָך גאָר שטאַרק אָן, אַז זייערע שטעט זאָלן וואָס שנעלער באַפעלקערט ווערן. די אייזערנע בריוו פון מלך און די שריפט וועגן מערק און ירידים פון גראַף זאָגן עדות וועגן אָט דעם אינטערעס זייערן.

די שטאָט קאָלבושאָוו האָט זיך אין יענער צייט ווי אַ פּריוואַטע שטאָט (וואָס האָט געהערט צום מאַגנאַט לובאָמירסקי און נישט צום קעניג) אויס־געצויגן אויף אַ שטח פון 759 העקטאַר, פון ניל אויף דער מערב זייט ביז בלאָניע אין דער געגנט פון קראַקווע און נאָווא וויעש[24].

אין יענעם צייט־אָפּשניט האָט זיך גאָר שטאַרק אַנטוויקלט די מעבל־אינדוסטריע אין דער שטאָט און אין דער וואַלדיקער געגנט. די „קאָלבושאָווער מדינה״ איז געוואָרן באַקאַנט פון אירע קינסטלעריש־אויסגעפּערטיקטע מעבל.

---

23) פּג״ל פּראָפּ׳ מאיר באַלאַבאַן, די יידן אין לעמבערג אין האַלבן זעכצנטן יאָר־הונדערט, לעמבערג, 1907, די יידן אין קראָקע און קוזמיר, קראָקע, I, 1913 און II, וואַרשע 1936. אויך ד״ר יצחק שיפּער אין זיינע אַרטיקלען אין יידן אין אויפגעוואַכטן פּוילן, ב׳ 1.

24) ד״ר ק. סקאָווראָנסקי, אויבן.

דער פּאַן האָט עקספּלאָאַטירט דעם אַרבעטס־כּוח פון די אין „פּאַנשטשיזנע" פאַרקנעכטיקטע פּויערים און בעל־מלאכות, וואָס זיינען געקומען אַהער אַר־בעטן פון די דערבייאיקע דערפער; ער האָט אויך אויסגענוצט די סטאָליאַרעס און טאָקער־מייסטערס וואָס האָבן אויסגעאַרבעט די מעבל אין זייערע אייגענע וואַרשטאַטן און דאַן געבראַכט די טיילן פון די אויסגעאַרבעטע מעבל אין שטאָט אַריין צו ווערן אויסגעפּערטיקט און קריגן דעם קאָלבושאָווער פּאָליר און איסזען.

די שטאָט האָט געהאַלטן אין איין וואַקסן און די יידן האָבן געפונען וועגן ווי אַזוי אויסצומיידן די באַגרענעצונגען, וואָס זיינען געווען חל אויף זיי אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם מאַגנאַטישן געזעץ פון 1700. אין דער צייט פון דער הערשאַפט פון דעם זון פון יוזעף־קאַראָל, אַלעקסאַנדער דאָמיניק לובאָ־מירסקי, זיינען אַלע באַגרענעצונגען לגבי דער יידישער באַפעלקערונג לגמרי אַנולירט געוואָרן פון פירשט אַליין. דאָס איז געשען אין 1713, אין אַן אַקט פון 13־טן יוני, וואָס האָט באַצוועקט אויסצובררייטערן און וואָס שנעלער באַ־פעלקערן די שטאָט *[24]. ס'האָט נישט גענומען לאַנג, און די יידן זיינען געוואָרן וויכטיקע פאַקטאָרן אין דעם האַנדל פון דער געגנט, עקספּאָרטירט דאָס אָרטיקע מעבל אין ווייטע מקומות און ווי שותפים צו דער שנעלער אַנטוויקלונג פון דער שטאָט געוואָרן באַהאַנדלט אַזוי פון גראַף, דעם האַר פון דער שטאָט, ווי פון די איינוואוינער מיט רעספּעקט און אָנערקענונג.

אַלעקסאַנדער דאָמיניק לובאָמירסקי האָט וואַרשיינלעך קיין נייע פאַר־אָרדנונג לגבי די יידן אין דער קאָלבושאָווער מדינה נישט אַרויסגעגעבן. מיר ווייסן יאָ וועגן דעם, אַז דער האַר האָט אַפּראָבירט דעם פּאַטערס פּריווילעגיע און זי אינדראָסירט מיט פאָלגענדיקן צושריפט (איבערזעצט פון לאַטיין): „באַשטעטיקנדיק די דערקלערונג געמאַכט דאָ בנוגע די יידן, וואַרף איך נישט אָן קיין שום באַגרענעצונגען אין זייער צאָל אין דער מדינה אָדער לגבי זייערע רעכט, וואָס זיינען פון פריער זיי גאַראַנטירט געוואָרן".

קיין באַזונדערע יידישע קהילה, משמעות, איז נאָך אין קאָלבושאָוו ביז דעמאָלט ניט געווען. די בקשה אָבער פון די יידן צום האַר צו דערלויבן זיי אויפצובויען אַ שול, קאָן באַטראַכט ווערן ווי די התחלה פון אַן אָרגאַניזירט יידיש לעבן. אין יאָר 1736 האָט דער האַר אַזאַ דערלויבעניש געגעבן. די שול האָט זיך געפונען אין דער געגנט פון קאַנטי־זאַגאַטש, וואו די יידן האָבן זיך באַזעצט [25].

*24) דער אַקט אין פּוילישן אָריגינאַל געפינט זיך אין קאָלבושאָווער מוזיי און אין לאַטיינישן — אין ריישער מוזיי.

25) אין זיין „אבני קדש" אַרויסגעגעבן דורך „דביר", ת"א 1959, דערקלערט דוד

ווענן דער סימפּאַטישער באַציאונג פון האַר צו די יידן, רעדן אויס־דריקלעך אַ ריי דאָקומענטן. דער האַר האָט דערלויבט די יידן צו זיין פאַר־מיטלער צווישן די קינסטלערישע סטאָליאַרעס פון קאָלבושאָוו און די אָפּנעמער פון זייערע סחורות, וואָס זיינען על־פּי־רוב געווען פּוילישע מאַגנאַטן. אַזוי, למשל, ווייסן מיר, אַז דער ייד ראַבינאָוויטש, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט מעקלעריי, האָט אין אַ בריוו, דאַטירט דעם 5־טן יוני, 1717, געשריבן צו דער גרעפין שעמיאַנסקאַ פון ריטוויאַן און פולאַוו, איר געמאָלדן, אַז ער האָט אינטערווענירט ביים סטאָליער קאַליש, פון וועלכן ער האָט געקראָגן אַ צוזאָג „אַרויסצושיקן קיין פולאַוו (מיט דער ווייסל) די פאַרטיקע טאָוולען" *[25].

אין דער נאָענטער ריישע, וואָס האָט אויך געהערט צו דער מאַגנאַטן פאַמיליע לובאָמירסקי, האָבן די יידן וואָס האָבן זיך דאָרט באַזעצט, געדאַרפט זיך מתחייב זיין, אַז יעדער אייגנטימער פון אַ הויז זאָל האָבן אַזויפיל ביקסן וויפל מענער עס באַוואוינען דאָס הויז ווי אויך זעכציק מאַ־גאַזינען און דריי פונט שוועבל פאַר יעדער ביקס. די באַטייליקונג פון יידן אין דער פאַרטיידיקונג פון דער שטאָט איז געווען פּאָפּולער אין יענע קאַנטן. די נייע שטעט זיינען געוואָרן באַזעצט פון אַ סך יידן און די באַציאונגען מיט די גרויסע פּריצים האָבן זיך איינגעשטעלט אויפן בעסטן אופן, וואָס האָט זיך אויך אָפּגעשפּיגלט אויף דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פון די יידישע ישובים[26]. די קאָלבושאָווער קהילה האָט גענאָסן פון די זעלבע גוטע באַציאונגען.

די קהילה וואַקסט בהדרגהוייז. ס'קומען צו יידן פון אַנדערע געגנטן, וואו זייער לאַגע איז שווער. מען געפינט שוין אין יענער צייט די קהילה פאַרטראָטן אין דעם וועד ארבע הארצות[27], און אין אַ געוויסן מאָמענט טרעט זי אויף ווי אונטערגעוואָרפן צו דער צענטראַלער קהילה פון אַפּט צוזאַמען מיט אַ ריי אַנדערע יידישע געמיינדעס[28].

---

דאַווידאָוויטש, אַז די שול אין קאָלבושאָוו איז אויפגעבויט געוואָרן אין 16־טן י"ה, וואָס לויט אונדזער חשבון איז עס אַ טעות. וועגן דעם אינעווייניק פון דער שול — זאָגט דער חשובער קענער פון רעליגיעזער אַרכיטעקטור און קונסט — איז דער סטיל נישט איינהייטלעך צוליב די פילצאָליקע רעמאָנטן. פון די איבערבלייבענישן פון די באַפּוצונגען און די טיפּיש יידישע מאָטיוון פון די וואַנט־מאָלערייען (ווי מזלות א"אַ) ווערט קלאָר, אַז אַ קינסטלער מיט אַ גוטן געשמאַק האָט געגעבן דער שול אַ פּראַכטפולן און צוגלייך אַ טראַדיציאָנעלן אויסזען.

*25) מאַנוסקריפּט נומער 274 אין דער טשאַרטאָריסקי ביבליאָטעק.

26) פּג"ל „תולדות עם ישראל בימי הביניים", ה"ה בן־ששון, „דביר" ת"א 1969, ז' 257.

27) ישראל היילפּערן, פּנקס וועד ארבע הארצות, תל־אביב, ז' 626.

28) הרב צבי הלוי איש הורוויץ, לקורות הקהלות בפולניה, תשכ"ט, ז' 17.

דער פונאַנדערבלי פון דער מעבל־אינדוסטריע — סטאָלעריי, טאָקעריי און אַלע אַנדערע מלאכות, וואָס זיינען געווען פאַרבונדן מיט זיי — איז געקומען קיין קאָלבושאָוו, שוין דאַן אָנערקענט אָפיציעל, געזעצלעך און טאַט־זעכלעך ווי אַ שטאָט, ערשט אין דער תקופה פון דער מאַגנאַטן־משפחה סאַנגושקאָ, אין דער ערשטער העלפט פון 18־טן י״ה, באַזונדערס אין די צייטן פון ליטווישן גרויס־מאַרשאַל פּאַוועל־קאַראָל, וואָס האָט געקראָגן אַלע נחלאות דורך אַ שידוך מיט דער מאַגנאַטישער פאַמיליע פון די לובאָמירסקיס. זיין שלאָס האָט דער פירשט סאַנגושקאָ געהאַט אין דער געגנטלעכער הויפּטשטאָט דובנע, און איצט האָט ער באַקומען אַ צווייטן פּאַלאַץ אין קאָלבושאָוו. די צאָל איינוואוינער אין דעם דאָזיקן צייט־אָפּשניט דערגרייכט אין קאָלבושאָוו איבער 2000 נפשות, אַריינגערעכנט די יידן.

פּאַוועל־קאַראָל סאַנגושקאָ, דער נייער האַר, האָט נישט אַרויסגעגעבן קיין אייגענע פּריווילעגיע צו די יידישע איינוואוינער. ער האָט ווי זיינע פאָר־גייער — און ווי דער שטייגער פון יענע טעג איז געווען — באַשטעטיקט די פריערדיקע זכויות׳ן פון וועלכע די יידן אָדער אַנדערע באַפעלקערונגס שיכטן האָבן גענאָסן. בעת ער האָט איבערגענומען די ירושה פון דער לובאָמירסקי משפחה פון קאָלבושאָוו, האָט ער אינדראָסירט דעם אַקט פון 1700 און אים באַשטעטיקט אין אַלע „פּונקטן און פּאַראַגראַפן״, אַוועקלייגנדיק זיין אייגענע אונטערשריפט און די אייגנהאַנטיקע חתימה פון זיין פרוי מאַריאַנאַ לובאָ־מירסקאָ־סאַנגושקאָ *[28].

קאָלבושאָוו וואַקסט אויס אין אַ בעל־מלאכהשן און האַנדלס־צענטער, וואָס איז באַשטאַנען פון צוויי באַזונדערע געמיינדעס: די קריסטלעכע און די יידישע. יעדע פון די האָט געהאַט אירע אייגענע מאַכט־אָרגאַנען און איינע האָט זיך נישט געמישט אין די פּירונגען פון דער צווייטער. אין 18־טן און אין 19־טן י״ה זיינען ביידע געמיינדעס, פאַרמאָגנדיק אייגענע סטעמפּלען און אויטאָריטעט, געמיינשאַפטלעך געהאַט איין עמבלעם, וואָס איז געווען אַ סימ־באָל פון געמיינזאַמע אינטערעסן אין דער שותפות פון דער קאָלבושאָווער מוניציפּאַליטעט, און וואָס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט: אַ קרייץ און אַ מגן־דוד און אַ תקיעת־כף־האַנט־דרוק; דער דאָזיקער עמבלעם האָט געדאַרפט באַווייזן די הענט פון דעם פּאָליאַק און ייד געשלאָסן אין פריינטשאַפטלעכער

*28) דער דאָזיקער דאָקומענט געפינט זיך אין רעגיאָנאַלן מוזיי פון קאָלבושאָוו. די זיגלען זיינען שוין נישטאָ מער, אָבער דער טעקסט און אונטערשריפטן זיינען לייענבאַר ביזן היינטיקן טאָג — (פון אַ בריוו פון ד״ר ק. סקאָוראָנסקי, געשריבן דעם 6־טן נאָוועמבער, 1970, צום שרייבער פון דער אַרבעט).

פאַראייניקונג, און איבער דעם אַלעם האָט פונאַנדערגעשפּרייט זיינע פליגל דער ווייסער אָדלער אויפן שפּיץ פון אַ הערב־שוץ־שילד.

אין יאָר 1724 האָבן זיך די קריסטלעכע האַנטווערקער אָנגעהויבן אָרגאַניזירן אין גילדעס, צעכן[29]. די סטאָליאַרעס, טאָקערס, שמידן און שלאָ־סערס האָבן באַקומען אַ ספּעציעלן סטאַטוס פון אַ „גרויסן צעך" לויטן מוסטער פון דעם דערבייאיקן סאָקאָלאָוו. אין סאָקאָלאָוו האָבן די צעכן געהאַט דעם מאָנאָפּאָל אויסצואַרבעטן כלערליי שטוב־כלים, הילצערנע זאַכן פאַר הויז־באַנוץ. קאָלבושאָוו האָט פאַר דער עקספּאַנסיע פון איר ווירטשאַפט זיך נישט געוואָלט באַגרענעצן צו די אַרטיסטיש־אויסגעפּערטיקטע לוקסוס־מעבל פאַר דער שליאַכטע איבערן לאַנד און פאַר מאַגנאַטן אין לאַנד און אויסלאַנד, נאָר געוואָלט קאָנקורירן מיט סאָקאָלאָוו אין דער פּראָדוקציע פון הויז־ און היים־אינסטרומענטן און כלים ווי אויך מעבל פאַר ניט־רייכע ווירטשאַפטן און פאַרן ברייטערן באַנוץ פון אַרומיקע שטעט און דערפער. אין דעם „גרויסן צעך" האָבן די אָרטיקע מיעשטשאַנעס נישט געהאַט קיין דריסת־הרגל, און אַוודאי נישט די יידן. ס'איז אָבער כדאי דאָ צוצוגעבן, אַז אין שפּעטערדיקע תקופות האָבן די אָרטיקע יידן אָנגעהויבן אַריינדרינגען אין דער דאָזיקער אינדוסטריע און האָבן אויך געקאָנט לייכט קאָנקורירן מיט די אַנדערע, ווייל זיי האָבן זיך געשטעלט קלענערע רווחים, אויסגעאַרבעט און פאַרקויפט אַליין, איינשפּאָרנדיק דעם פאַרמיטלער, און שטיצנדיק זייערע קאַלקולאַציעס אויף גרויסע אומזאַצן[30].

דער האַר פּאַוועל־קאַראָל סאַנגושקאָ, זעט אויס, האָט ניט אַרויסגעוויזן קיין באַזונדערן אינטערעס צו די יידן פון דער געגנט. ער האָט זיך אַרומ־גערינגלט מיט די דייטשישע קאָלאָניסטן, וואָס זיינען אַריבערגעקומען אַהער פון זאַקסן און זיך דאָ באַזעצט. ער איז געווען אַ גלויביקער אולטראַ־קאַטאָליק און צו די „סטראָזאַקאַנני" האָט ער געהאַט אַ באַציאונג און אינטערעס אויף אַזויפיל אויף וויפל ער האָט געקאָנט פּאַוואָריזירן געוויסע משומדים. אין איינעם אַ דאָקומענט פון 1736 ווערט דערמאָנט „אונדזער עליאַש־דאַווידעק (=אליהו־דוד) פון שלאָס" אָבער באַשאָנקן האָט ער מיט ספּעציעלער אויפמערק־זאַמקייט די וואָס האָבן איבערגעביטן דאָס רענדל און באַקומען עכט פּוילישע פאַמיליען נעמען, ווי דאַבראָוואָלסקי (1732), קאָלבושאָווסקי (1732), אוזנאַנסקי (1739)[31].

---

29) פג"ל מיט דער פּריווילעגיע פון קעניג סאָביעסקי, אויבן, ז' .

30) פג"ל ד"ר פ. פרידמאַן, „יידן אין גאַליציע" אין יידן אין אויפגעוואַכטן פּוילן, ב' 1.

31) פון ד"ר ק. סקאָווראָנסקי מאַנוסקריפּט „קאָלבושאָוו און אומגעגנט", ז. 100.

דער שלאָס אין קאָלבושאָוו ווערט אין יענער צייט אַ צענטער פון פּאָליטיק און קולטור. די היימישע פּראָדוקציע בליט און איר שם דערגרייכט די ווייטסטע געגנטן און דערשלאָגט זיך קיין אויסלאַנד. די האַרן פון דער קאָלבושאָווער מדינה זיינען די סאַנגושקאָס, וואָס האָבן משפחה־פאַרבינדונגען מיט דער ליטע, דערנאָך ווידער די לובאָמירסקיס, וואָס זיינען ברייט־פאַר־צווייגט איבער פּוילן און לסוף ווערט עולה לגדולה די מאַגנאַטישע פאַמיליע פון גראַף טישקעוויטש, וואָס מאַכט באַקאַנט די שטאָט און אירע אויסאַרבע־טונגען איבער אַ סך אייראָפּעאישע לענדער. אין שטעטל טיילן זיך אויס אַ ריי אַנדערע בראַנזשעס פון מלאכה, אין וועלכע יידן ווערן יאָ צוגעלאָזט. אמת, די באַציאונגען מיט דעם אַרומיקן פּאָלק זיינען שטענדיק אָנגעשטרענגטע צוליב קאָנקורענץ און אייפערזוכט. אין דער שטאָט קומען אויף צעכן פון שוסטערס, וועבערס, טאָקערס, גאַרבערס. אַ נייער פּרנסה־צווייג קומט אויף — די אויסאַרבעטונג פון פידלען, לוטניעס און אַנדערע שפּיל־אינסטרומענטן. אגב, ווערט די קאָלבושאָווער פידל זייער אָנגענומען אין דער גרויסער וועלט, אין דער ערשטער ריי צוליב דער קוואַליטעט פון האָלץ און די איידעלע און קינסטלערישע פּראָדוקציע.

יידן האָבן, אָן ספק, זיך באַשעפטיקט אַ חוץ מיט האַנדל אויך מיט מלאכה. ווי אומעטום האָבן זיי אויך דאָ קודם־כל אַנטוויקלט יענע מלאכות, וואָס זיינען געווען ענג פאַרבונדן מיט זייער אייגענעם יידישן לעבנס־שטייגער, באַזירט אויף די דורך דורות געהייליקטע פאָרשריפטן פון שולחן־ערוך און מנהג. אַזוי זיינען געווען אין שטאָט יידישע שניידערס, וועבערס, גאַרבערס; די לעצטע זיינען געווען באַקאַנט פון דער אויסאַרבעטונג פון לעדערנע פאַסן ניט נאָר פאַר דעם אייגענעם געברויך נאָר אויך פאַר אַלגעמיינער קאָנסומציע. ס׳זיינען באַקאַנט יידישע קצבים, בעקערס און אַנדערע בעל־מלאכות. אין דער אַנטוויקלונג פון יידישער מלאכה האָבן געהאָלפן די יידישע סוחרים און קליינהענדלער, וואָס האָבן געהאַט פאַרבינדונגען מיט די יידן פון די אַרומיקע קהילות איבער דעם לאַנד און אַפילו אין די שכנותדיקע מלוכות.

די ראָל פון די יידן אין שטאָט איז אַלץ גרעסער געוואָרן. מיט דער סימפּאַטישער באַציאונג פון האַר צו זיי, איז זייער צאָל אַלץ מער געשטיגן.

דאָס איז געקומען צום אויסדרוק אויף אַן אָנזעבאַרן אופן בעת דער מושל אין שלאָס איז געוואָרן יאַנוש־אַלעקסאַנדער סאַנגושקאָ, דער זון פון פּאַוועל־קאַראָל. דער יונגער פּריץ באַווייזט אַ סך פאַרשטענדעניש פאַר זיינע יידישע תושבים. די יידן האָבן דעם אַלטן האַר געבעטן אַ דערלויבעניש אויפ־צובויען אַ שול און געבן זיי אַ מעגלעכקייט קובר צו זיין זייערע מתים אויף

אַן אייגענעם בית־עולם; הגם זיי האָבן זיך לכתחילה באַוואָרנט מיטן גוטן ווילן פון אָרטיקן פּראָבאָשטש פון דער קאַטוילישער קירך, דעם גלח רעשמיאַן, וואָס האָט זיין הסכמה דערצו געגעבן, זיינען ניט פאַראַן קיין באַווייזן, אַז דער האַר פּאַוועל־קאַראָל זאָל האָבן איינגעגאַנגען אויף זייער בקשה. די בקשה איז געווען אונטערגעשריבן פון די יידן יודקאָוויטש, לייבאָוויטש, לעווקאָוויטש, מאָשקאָוויטש, נחומאָוויטש און זיקאָוויטש [32]. עס איז אַ סברא, אַז ער האָט זיי דאָס נישט דערלויבט, און ווי אַ ראיה דערצו קאָן דינען דער פאַקט, אַז אויף אַ הלוואה וואָס די יידישע קהלה האָט געמאַכט אויף 1000 זלאָטעס פון דעם קריסט סטאַניסלאַוו קוטשקאָווסקי, האָט דער מלווה באַקומען אַ גאַראַנטיע „פון גאַנצן קאָלבושאָווער קהל" און די שול ווערט ניט דערמאָנט. אין יאָר 1761 שרייבן די יידן אַבראַמאָוויטש, טאָביאַשאָוויטש, לעזשאַנסקי און דוקעלסקי ווידער אַמאָל אַ בקשה וועגן אַ בית־עלמין און דאָרט ווערט שוין די עקזיסטענץ פון דער שול יאָ דערמאָנט. איז עס ביז גאָר מעגלעך, אַז דער אַלטער סאַנגושקאָ האָט האַרט פאַר זיין טויט אין י. 1750 געגעבן זיין צושטימונג צום אויפבוי פון דער אַזוי גערופענער „עלטערער" שול (וואָס איז דורך די דייטשן אין י. 1941 צעשטערט געוואָרן). די הלוואה פון 1746 איז געווען טאַקע באַשטימט פאַרן אויפבוי פון דער שול. אין י. 1761 עקזיסטירט זי שוין ווי אַ רייך־אויסגעשטאַטעטע, וואָרום אין דעם דאָזיקן יאָר איז פאַרשריבן אויף איר אַ היפּאָטעק פון 5000 זלאָטעס לטובת דעם קאַטוילישן גייסטלעכן רוזשאַנצעוו פון קייזערלעכן קאָשטשאָל אין ראַנישעוו [33].

דער יונגער סאַנגושקאָ — יאַנוש־אַלעקסאַנדער — האָט די קאָלבושאָ־ווער גיטער איבערגענומען אין י. 1751 און אין יוני פון זעלבן יאָר האָט ער אויך באַשטעטיקט די פּריווילעגיע פון י. 1700, צושרייבנדיק, אַז די אינדאָר־סירונג „זאָל ניט זיין אין סתירה צו די דיספּאָזיציעס וואָס זיינען שפּעטער אַרויסגעגעבן געוואָרן און צו די פירונגען וואָס זיינען גילטיק היינט" [34]. ער

32) די בקשה איז געווען פאַרשריבן אין די שטאָטישע ביכער פון קאָלבושאָוו, באַנד II, פּאָזיציע 556, וואָס זיינען צעשטערט געוואָרן בעתן צווייטן וועלט־קריג דורך די דייטשן. אין קיצורים ווערט זי ציטירט אין דעם פריער דערמאָנטן מאַנוסקריפּט פון ד"ר ק. סקאָוו־ראָנסקי.

33) ווי אויבן, ז"ז 100, 101, 147.

34) שוין אין י. 1753 האָט דער גראַף דער גראַף אונטערן דרוק פון גרויסע חובות וואָס דער הויף איז שולדיק געווען דורכגעפירט די באַרימטע „קאָלבושאָווער טראַנזאַקציע", און פונאַנדערגעטיילט די גאַנצע אָסטראָגער ירושה צווישן זיינע מאַגנאַטישע בעלי־חובות, די פאַמיליע פון די גרויסבאַזיצער לובאָמירסקי פון יאַנאָווצע אַריינגערעכנט. אין יאָר 1760 געהערט שוין קאָלבושאָוו אַנטאָן און פראַנטשישעק לובאָמירסקי און אין 1766 ווערט דער האַר פון דער געגנט אַנטאָנס זון יעזשי־מאַרטשין. זיין טאָכטער לוציאַ־פראַנטשישקאַ האָט

האָט מסתמא אין זינען געהאַט די שול, וואָס איז דערלויבט געוואָרן צו בויען. דער בית־עלמין עקזיסטירט שוין פון פאַרן יאָר 1760, ווען סאַנגושקאָ, ערטיילנדיק אַ גרעסערע סובווענץ אויף אויסצובויען אַ נייע קירך, דערמאָנט ער (אין זיין אַקט פון 3־טן מערץ, 1760) וועגן די פעלדער „צוגעטיילט אויף פאַדקערקוטשע״ וואָס זיינען געגעבן געוואָרן צו די היגע יידן, און וואָרנט זיי, אַז „זיי זאָלן ניט טאָן קיין אומאַנשטענדיקייטן און ניט וואַגן אין די ברויערייען און אויוונס אין די חגאות טעג צו אַרבעטן און עפנטלעכע לוויות און חתונות איינצוואָרדענען אין טעג ווען די הייליקע קירך פאַרבאָט עס צו טאָן״, אונטער אַ שטראָף פון 5 גריוועגעס קנס פאַרן שלאָס און 5 גריוועגעס לטובת דער קירך [35].

אין י. 1763 גיט אַרויס דער יונגער סאַנגושקאָ אין זיין דובנער שלאָס אַן אַנדער אַקט, וואָס וואָרנט די יידן „איין מאָל פאַר אַלע מאָל... אַז זיי זאָלן פינקטלעך אויספירן אַלע פריערדיקע באַשטימונגען, וואָס זיי האָבן מסכים געווען צו זיי און צוגעזאָגט מקיים צו זיין לגבי דער קאַלבושאָווער קירך, און צווישן זיי... פינקטלעך צום רוימישן יום־טוב וויעלקאַנאָץ (=פסחא) איין אויסגעגאָסענעם שטיין (=אַ וואָג אַזאַ) פולווער, אָן תירוצים און אויסריידן, אָדער 40 פוילישע זלאָטעס צוצושטעלן, ווי אויך לטובת דעם הויף אין קאַלבו־שאָוו ערב רעזורעקציע (=זונטיק נאָכט פון דער חגא)״.

דער הויף איז אין זיינע ווייטערדיקע עטאַפּן אַריבער צום נייעם האַר יעזשי־מאַרטשין לובאָמירסקי. דעם 12־טן יוני, 1766 האָט ער אינדאָרסירט די פּריווילעגיע פון י. 1700 „מיט דער פאַרשטענדיקונג, אַז קיין שום פּאָראַורטייל אָדער סתירה צווישן די אַלטע מנהגים און מיינע איינפירונגען זאָלן ניט עקזיסטירן״. אין די צייטן פון די סאַנגושקאָס און די לובאָמירסקיס וואָס האָבן זיי נאָכגעפאָלגט איז די שטאָט געשטאַנען אין פאַרבינדונגען מיט די שכנות'־דיקע שטעט באַראַנעוו, זשאַכעוו, דובנע, ווישניץ און טאַרנע; האָבן זיי דאָך אַלע געהערט צום זעלבן האַר. דאָס האָט אויך געהאַט אַ שייכות מיט די קאָנטאַקטן וואָס האָבן צווישן זיך אָנגעהאַלטן די יידן און זייערע קהילות אין אָט די אויסגערעכנטע און אויך אַנדערע מקומות. אַוודאי זיינען די פאַרבינ־דונגען באַדייטנדיק לויזער געוואָרן נאָך דעם פונאַנדערפאַל פון דעם וועד אַרבע הארצות (1764).

אינטערעסאַנט ביז גאָר וועט זיין צו דערציילן, אַז איינער פון די לעצטע

---

אין י. 1791 אַריבערגעטראָגן אירע גיטער אין די הענט פון די גוטבאַזיצער טישקעוויטש פון דער ליטע.

35) לויט מאַנוסקריפּט „קאַלבושאָוו און אומגעגנט״, ז' 105.

לובאָמירסקיס, יעזשי־מאַרטשין לובאָמירסקי, דער האַר פון קאָלבושאָווער שלאָס, האָט חתונה געהאַט מיט עווא, די טאָכטער פון דעם זעלבסט־געקרוינטן פאַלשן משיח יעקב פראַנק, נאָך דעם ווי ער, פראַנק, איז אין 1791 געשטאָרבן. אַן אַנדער ווערסיע וועגן דעם ענין דערציילט, אַז ניט מיט עוואַ׳ן האָט ער געהייראַט, נאָר מיט איינער פון די קאַמער־דינערינס אירע.

נאָך דעם ערשטן פונאַנדערטייל פון דער פוילישער מדינה אין י. 1772, האָט קאָלבושאָוו, ווי אַ טייל פון גאַליציע, געהערט צום טאַרנער באַצירק. אין איינקלאַנג מיט דעם דעקרעט פון דער ווינער קייזערלעכער קאַנצעליי פון 14־טן נאָוועמבער, 1785 קריגט קאָלבושאָוו די באַצייכענונג פון אַ שטעטל (אין פויליש — miasteczko). אין צוזאַמענהאַנג מיט די באַשטי־מונגען פון קייסער יאָזעף II ענדערט זיך די לאַגע פון די יידן אין גאַליציע. אין 1787 ווערן איינגעפירט דייטשישע פאַמיליען נעמען און אין יענער צייט, אָדער עטלעכע יאָר שפּעטער, קומען אויף אַזעלכע נעמען, ווי אויכהיזיקער, גאָלדבערג, בלום, געלדצאַהלער, רייך, הוטנער, האַאַר, זאַלץ און אַנדערע. די גזירות מצד דער צענטראַלער רעגירונג אין ווין פון י. 1789 פאַרווערן די יידן וואָס וואוינען אין די דערפער אַרום אַריבערציען זיך אין די שטעט. באַזונדערס איז די פאַראָרדנונג חל אויף יידן, וואָס פאַרנעמען זיך נישט מיט לאַנדווירטשאַפט אָדער האַנדווערקעריי, פאַרבאָטנדיק זיי זיך צו פאַרנעמען מיט פעדלעריי אָדער ווערן אַרענדאַרן.

ערשט אונטער דער הערשאַפט פון גראַף טישקעוויטש און זיינע פאַר־טרעטער אין די יאָרן 1795־1805 האָט זיך די לאַגע געענדערט. דאָס שטעטל ווע״ט עטלעכע מאָל אָפּגעברענט אין שרעקלעכע שריפות און גייט אָפּ מיטן רויך. די איינוואוינער ווערן אָרעמער און שיטערער. ס׳קומען אויך פאָר ריי־בונגען צווישן דעם הויף און דער אָרטיקער קירך (אַ סכסוך וועגן אַ פּאַשע־פעלד בלאָניע) און דער האַר פון דער געגנט דערמוטיקט יידן אַריינצוקומען און באַפעלקערן דאָס שטעטל. פון די פאַרשטעט און פון ווייטערדיקע מקומות שטראָמען אַריין קיין קאָלבושאָוו יידן, וואָס, ווי דער האַר האָט דאָס אַרויס־געבראַכט אין זיין שריפט „איז ער אויסן אַזוי די צאָל בירגער ווי דעם האַנדל אין שטעטל קאָלבושאָוו פאַרפילפאַכן״. ער גיט צו, אַז דער יידישער ניי־אַריינגעקומענער „וועט דאַרפן בויען, און פאַר דעם צוועק זאָגט ער צו איינ־צוקויפן די מאַטעריאַלן פון הויף און אַלערליי שטיינער, ווי נומעראָווע און פלאַצאָווע אַריינטראָגן, און דעריבער פאַרקויפט ער אין אַ ליציטאַציע די „פוסטע פלעצער״. אין אָט דער תקופה באַזעצן זיך אין מאַרק דוד ליכטזין, לייזער ראָזענבערג, יודקע הירש, די ראַכמיאל׳ס, יצחק שטראָך, נחום קושניר,

קעניג, יעקב דיאַמאַנד, לייב זיס. אַט דעם לייב זיס, אַ פּאַרמעגלעכער ייד, ווערט דערלויבט אויסצובויען „אַ געביידע פאַר דער עפנטלעכער באַקוועמ־לעכקייט, וואו עס וועט מעגלעך זיין צו פירן יעדן האַנדל, נוצן זי און פירן אַ שענק, הגם מיט דער באַזונדערער הסכמה פון הויף בנוגע זיינע געטראַנקען".

די פאַרמעגלעכע יידן פון קאַלבושאָוו האָבן אויך געהאַלפן אין יענער תקופה די אָרטיקע סטאַליאַרעס און טאָקערס, וואָס פלעגן שיקן זייער מעבל קיין קראָקע און אַזוי ווייט ווי וואַרשע צום פאַרקויף, מיט אויסלייען זיי גרעסערע סומען געלט. די הלוואות זיינען געמאַכט געוואָרן אויפן יסוד פון וועקסלען. די קריסטלעכע האַנטווערקער האָבן זיך פאַרפליכטעט אָפּצוצאָלן די חובות תיכף נאָכן אומקערן זיך קיין קאַלבושאָוו, גאַראַנטירנדיק עס דערמיט, וואָס זיי האָבן געגעבן זייערע הייזער ווי משכנות. אַזעלכע טראַנזאַקציעס זיינען אַריינגעטראָגן געוואָרן אין די „שטאָטישע ביכער" (II באַנד, פּאָזיציעס 153, 154, 78" א"אָ). אַזוי אויך האָט אין יאָר 1804 אייזיק צוקערמאַן געגעבן סחורות פאַר „פאַרשיידענע קאַלבושאָווער אויסאַרבעטונגען אין דעם ווערט פון 100 פּוילישע זלאָטעס, די קליינהענדלער יוזעף סנאָפּקאָווסקי און טשיכאָצקי קיין וואַרשע, גאַראַנטירנדיק זיך דאָס געלט מיט זייער גאַנצן רכוש". אין י. 1806 האָבן משה און חיים אויכהיזיקער, לייב גאָלדבערג און יוסף בלום פאַרקלאָגט אין געריכט אויף דער סומע פון 550 רייניש דעם בעל־מלאכה וואַטשענסקי, וואָס האָט ביי זיי גענומען כלערליי טאָקער סחורות אין דער ווערט פון אָט דער סומע און געפירט זיי קיין וואַרשע.

אין דעם זעלבן יאָר 1806 האָט דער גראַף יעזשי טישקעוויטש פאַר־קויפט צו די יידן די רעכט פון אַרענדירן פּראָפּינאַציעס איבער דער גאַנצער קאַלבושאָווער מדינה, וואָס האָט אַרומגענומען דאָס שטעטל און 8 דערפער, פאַר דער סומע פון 25 טויזנט פּוילישע זלאָטעס יערלעכן אָפּצאָל. „דער יידישער המון („פּאָספּולטסוואָ העבראַיסקע"), וואָס וואוינט אין קאַלבושאָוו", ווערט דערקלערט אין אַן אַנדער דאָקומענט, אַז „וואָס דער ייד („סטאַראָ־זאַקאָנני") לייב זיס, סוחר און בירגער פון קאַלבושאָוו, שרייבט אונטער אין קאָנטראַקט מיט דעם דערבאַרעמדיקן האַר, אונדזער „דזשעדזיץ", זיין עקסע־לענץ גראַף טישקעוויטש, ווערט געטאָן לטובת אונדזער גאַנצער קהלה" (גרונט־בוך פון שטאָט, II) [36].

אין די שטאָטישע ביכער פון י. 1804 פיגורירט דער „שמש און משגיח" ליפּטיג (II, 137) וואָס איז טעטיק אויפן יסוד פון אַ באַשטעטיקונג

36) ווי אויבן, ז' 115.

פון קאָלבושאָווער רב (II, 3, 192). פון 1808 שטאַמט אַ זיגל מיטן אויפשריפט „קהלה פון דער שטאָט קאָלבושאָוו" מיט אַ מגן־דוד אין צענטער. פון יאָר 1809 איז פאַראַן אַן איינשרייבונג וועגן דער מקווה, וואָס אין איינקלאַנג מיט דער שטאָטישער טראַדיציע איז אויפגעשטעלט געוואָרן און אין איר פלעגט זיך טובל זיין דער אוהב ישראל, דער באַרימטער ר' אברהם יהושע העשל, וואָס איז שפּעטער געוואָרן אַ זייל פון פּוילישן חסידות, באַקאַנט ווי דער אַפּטער.

אינטערעסאַנט וועט זיין דאָ איבערצוגעבן די איינדרוקן פון אַ דייטש, וואָס האָט ווי אַ רייזנדער באַזוכט קאָלבושאָוו אין 1804: „די שטאָט" — שרייבט י. רעהרער אין זיין בוך באַמערקונגען פון איינער רייזע דורך גאַליציע — „איז געווען פאַרבויט מיט הייזער, וואָס שטייען אין שאָטן פון ביימער אויפן רינעק און מיט הילצערנע הייזקעס אין דער גרינקייט פון פּראַכטפולע סעדער און ביימער אַלט יאָרהונדערטער. אַלץ דאָס האָט געמאַכט אַן איינדרוק פון אַן אָאַזיס אין דער מיט פון דער זאַמדיקער ווילדערניש, וואָס איז באַקאַנט געווען אַרום ווי די קאָלבושאָווער סאַהאַראַ". די צאָל איינוואוינער, לויט אים, דערגייט ביז 3262 נפשות, ניט אַריינגערעכנט די אַרומיקע דערפער. פון אָט דער צאָל זיינען 1987 נפשות — יידן. מיט איין וואָרט — די יידן האָבן אין דער שטאָט גופא מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ מערהייט פון דער באַפעלקערונג [37].

דער יידישער ישוב אין קאָלבושאָוו האָט מיטגעפיבערט מיט אַלע פּאָליטישע ענדערונגען וואָס זיינען פאָרגעקומען אין לאַנד. ער האָט זיך נישט געקאָנט איזאָלירן פון אַלעם דעם וואָס איז פאָרגעקומען אַרום אים. דער דרייפאַכיקער פונאַנדערטייל פון פּוילן, דער פעלקער־פרילינג פון 1848, די פּוילישע אויפשטאַנדן פון 1830, 1863, די יוזעפינישע פּאָליטיק פון עסטרייך לגבי גאַליציע אין אַלגעמיין און בפרט לגבי דער יידישער באַפעלקערונג; אַלע די אַראָפּ און אַרויפס האָבן געהאַלטן די קאָלבושאָווער יידן אין אַ כף־הקלע פון גזירות, ספּעציעלע שטייערן און אַנדערע שוועריקייטן, פון וועלכע זיי האָבן זיך מיט כלערליי מעטאָדן און וועגן געזוכט צו באַפרייען, אָדער פאַר־זוכט זיי צו פאַרלייכטערן. אין 1848 איז די „פּאַנשטשיזנע" בטל געוואָרן, ממילא זיינען הונדערטער איבער הונדערטער פּויערים און זייערע משפחות אין דער קאָלבושאָווער מדינה באַפרייט געוואָרן. אין 1861 האָט עסטרייך אַרויסגעגעבן אַ באַזונדערן געזעץ וועגן דער גאַליצישער זעלבסטפאַרוואַלטונג. אַלע די נייע דערשיינונגען האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט אין דעם אינערלעכן לעבן פון דער אָרטיקער יידישער געמיינדע.

---

37) פג"ל „געאָגראַפישער ווערטערבוך פון פּוילישן קעניגרייך".

אין יאָר 1867 איז קאָלבושאָוו דערקלערט געוואָרן ווי אַ פּאָוויאַט. די שטאָט האָט אין שייכות דערמיט איינגעגלידערט נייע שטחים, וואָס האָבן אויך אַרומגענומען אַלע מאַיאָנטקעס, פאָלוואַרקן און גיטער פון דער טישקעוויטש־פאַמיליע. איין יאָר שפּעטער, אין 1868, האָט די באַפעלקערונג פון דער שטאָט אויפגענומען מיט ניט קיין קליינע מאָס פון דערוואַרטונג דעם פאַקט וואָס די אַדמיניסטראַציע איז אַריבער אין די הענט פון דעם קרייז־סטאַראָסטע, און עס איז איינגעשטעלט געוואָרן אַ קרייז־געריכט אין שטאָט. צוזאַמען מיטן סטאַראָסטע איז אויך געווען אַ קרייז־ראַט. דער פּאָוויאַט האָט אַרומגענומען אויך די שטעט ראַנישעוו, סאָקאָלאָוו און מיידאַן און אַלע אַרומיקע דערפער.

ניט געקוקט אויף די אויסערלעכע דערגרייכונגען פון דער שטאָט, האָט קאָלבושאָוו געליטן אַ געוואַלדיקע ירידה, אין איר עקאָנאָמיע און אָנזען, וואָרעם די הויפּט־באַשעפטיקונג פון דער געגנט פון וואַנען די באַפעלקערונג האָט געשעפּט חיונה במשך פון איבער צוויי הונדערט יאָר — די קינסטלערישע מעבל־אינדוסטריע, איז שטאַרק געפאַלן. די סיבות פאַר אָט־דער ירידה זיינען געווען פאָלגנדיקע: 1) די דעמאָקראַטיזאַציע פון לעבן האָט געמאַכט זעלטענער דעם נאָכפרעג אויף די דאָזיקע לוקסוס־אַרטיקלען; 2) ווין איז נישט געווען פאַראינטערעסירט, אַז אַ פּראָווינץ־שטעטל אין גאַליציע זאָל קאָנען קאָנקורירן מיט אירע מעבל־פּראָדוקציע אונטערנעמונגען, און 3) די מאַסן־פּראָדוקציע פון מעבל, וואָס איז געווען ביליק, און דעריבער צוגענגלעך פאַר יעדן, און וואָס איר זיץ־אָרט איז געווען די עסטרייכישע הויפּט־שטאָט, האָט אונטערגעגראָבן די אויסנאַמלעכקייט פון דער קאָלבושאָווער קונסט. ווי אַ סך אַנדערע שטעטלעך אין גאַליציע איז אויך די אַנטוויקלונג פון קאָלבושאָוו מיט איין מאָל אָפּ־געשטעלט געוואָרן.

אַזוי איז געווען די לאַגע ביז דעם אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. דאָ האָבן זיך אָפּגעשפּילט שלאַכטן צווישן די עסטרייכישע חיילות און די רוסישע. אין 1915 איז די שטאָט אַרונטער אונטער דער אָקופּאַציע פון צאַרישן רוסלאַנד. די יידן האָבן, לרוב, פאַרלאָזט זייערע היימען, מורא האָבנדיק פאַר די רוסן און ווען זיי האָבן זיך אין אַ צייט שפּעטער אומגעקערט, האָט נישט איינער געמוזט אָנהייבן זיין דאָברע־מזל פון דאָס ניי.

וועגן דער ווייטערדיקער געשיכטע פון דער שטאָט, וועגן די אַנט־וויקלונגען אין דער יידישער קהילה און אין די יידישע אינסטיטוציעס און אָרגאַניזאַציעס, און וועגן דעם טראַגישן אומקום פון די דאָרטיקע יידן, וועלן דערציילן די ווייטערדיקע אַרבעטן, וואָס ווערן פאַרעפנטלעכט אין דעם „פּנקס קאָלבושאָוו״.

הרב ד״ר חיים יהודה בערל

# די קהילה קדושה און אירע פאָרשטייער

## קהילות הקודש

ס׳ווערט דערציילט, אַז ווען הרב מאיר שפירא זצ״ל איז אָנגעקומען אויף דעם סאנאקער רבנות (איידער ער איז אַריבער קיין פּיעטריקאָוו און לובלין), האָט מען אים געפרעגט: רבי, איר גלויבט דאָך אין תחיית־המתים, וואָס וואָלט איר געטאָן, ווען אַלע סאַנאָקער רבנים שטייען פלוצים אויף תחיית־המתים, וואָלט איר זיי אָפּגעטראָטן דאָס רבנות? אויף דעם האָט דער שאַרפזיניקער לובלינער רב געענטפערט מיט חריפות, ווי זיין שטייגער איז געווען: ממה־נפשך, ווען די רבנים אויפשטיין, וועט דאָך צוזאַמען מיט יעדן רב אויך זיין קהילה אויפשטיין. אלא מאי, ס׳קאָן זיך געפינען אַ רב וואָס וועט אייניקער אַליין, אָן זיין קהילה, אויפשטיין תחיית־המתים; אים וועל איך בשום אופן ניט אָפּטרעטן דאָס רבנות!

באַלד וועט ווערן דריי צענדליק יאָר זינט ס׳זענען אָפּגעווישט געוואָרן די קהילות הקודש פון אייראָפּע, אָבער פאַר אונדזער דור איז נאָך אַלץ שווער שלום צו מאַכן מיטן געדאַנק, אַז דאָרט אויף יענער זייט ים איז שוין מער ניטאָ די קהילה קדושה קאָלבסוב מיט איר שול, אירע בתי־מדרשים, ישיבה, בית יעקב שולע, און אַנדערע צדקה און געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס. הגם עס ווערן געמאַכט באַמיאונגען אין ארץ־ישראל אויפצולעבן די אַמאָליקע גאַליצישע שטעט ווי אַ שטייגער קרית צאַנז, קרית באָבאָוו אד״ג, איז פונדעסטוועגן שווער זיך פאָרצושטעלן אַז אין גיכן וועלן מיר זוכה זיין צו זען אַזאַ פאַרצווייגט און פולבלוטיק יידנטום, ווי מיר האָבן עס געהאַט אין מזרח אייראָפּע.

ליידער קאָנען מיר ניט מחיה־מתים זיין ניט די רבנים און ניט זייערע קהילות. אָבער מיר קאָנען יאָ טאָן אַ חסד של אמת צו די קדושים, דורך דעם וואָס מיר וועלן זיך באַמיען ווייניקסטנס אין וואָרט אויפצולעבן און אויפצוהיטן דעם זכר פון זייערע מעשים, זייערע חלומות, שטרעבונגען און שטרייטן און זייערע טאָג־טעגלעכע באַציאונגען איינער צום אַנדערן, וואָס אין סך־הכל האָט דאָס אַלעס געשטאַלטעט די קהילה קדושה קאָלבסוב.

זאָלן די פאַרצייכנונגען אויך דינען ווי אַ מוסטער פון עקשנות׳דיק דויער־האַפטיק יידיש לעבן, און זאָל עס זיך אָנשליסן ווי אַ רינגל אין דער גאָלדענער קייט פון אונדזער המשך.

## די בראשית תקופה פון קאָלבסוב

וועגן דעם נאָמען קאָלבסוב [קאָלבושאָוו] ווי אויך וועגן דעם אָנהויב פון דעם יידישן ישוב, איז נויטיק אַ באַזונדערע פאָרשונג. ס׳איז אָבער באַקאַנט, אַז אין אָנהויב פון זיבעצנטן יאָרהונדערט זיינען אין קליין פוילן, אין קראָקאָווער קרייז, געווען זעקס יידישע הויפּט קהילות: קראָקע, אַפּט,

פינטשעוו, כענטשין, שידלאָוו און וואָדיסלאַוו. יעדע פון די הויפּט קהילות האָט געהאַט אַ צאָל קלענערע קהילות וואָס האָבן געהערט צו איר. קאָלבסוב איז געווען איינע פון אַ רייע קלענערע יידישע קהילות וואָס האָבן געהערט צו אָפּט. (די אַנדערע זיינען געווען: טארלע, קלעמענטאָוו, אָזשעראָוו, באַרענאָוו, מעליץ, סאָקאָלאָוו, אָסטראָוועצע, דזשיקעוו, טשאָכאָוו, רודניק, איוואַנינסק און טשמיעלעוו). נאָכדעם ווי דער וועד ארבע הארצות האָט אויפגעהערט צו פונקציאָנירן (1764), זיינען די באַזונדערע יידישע קהילות געוואָרן כמעט אינגאַנצן זעלבסטשטענדיק און מיט דעם אויפקום פון חסידות איז די השפעה פון דער באַוועגונג אַלץ מער געוואַקסן און אַרומגענומען אַלץ ברייטערע קרייזן. הגם אַלע קאָלבסובער יידישע איינוואוינער האָבן מיט דער צייט אָנגענומען דעם חסידישן נוסח־ספרד אין דאַווענען, אַ חוץ וואָס שבת ביי מנחה האָט מען נאָך אַלץ געזאָגט „שלום רב" אויפן אשכנזישן שטייגער, און נישט „שים שלום" לויט נוסח ספרד, איז אָבער אַ גרויסע טייל יידן געבליבן גלייכ־גילטיק צום אַקטיוון חסידות און האָט זיך ניט מתחבר געווען צו קיין רבי. ווידער די וואָס האָבן זיך יאָ אידענטיפיצירט מיט חסידות, זיינען געווען צעטיילט אין פילע גרופּן: צאַנזער, דזשיקעווער, ראָזוואַדאָווער און פּלאַנטשער. ס'האָבן זיך אַפילו געפונען חסידים, וואָס זיינען געפאָרן קיין מעליץ, דעמביץ און רימאַנאָוו און אַמאָל האָט זיך געמאַכט, אַז אַ צוגעקומענער אײדעם איז געווען אַ סאַדיגורער חסיד. אַזוי אַרום האָט קיין חסידישער רבי נישט גע־קאָנט האָבן די אויסשליסלעכע העגעמאָניע אויף דער קאָלבסובער יידישער קהילה.

לויט דעם געאָגראַפישן ווערטערבוך סלאוואניק געאָגראַפיטשני (חלק IV, וואַרשע, 1883, ז' 259) האָט אַ רייזנדיקער מיט דעם נאָמען ראהערא, אין זיינע „באַמערקונגען אויף איינער רייזע דורך גאַליציען" אין יאָר 1804 (תקס"ד), אָפּגעשאַצט די צאָל פון אַלע איינוואוינער אין דער שטאָט קאָלבסוב גופא צו זיין דריי טויזנט צוויי הונדערט צוויי און זעכציק (3262), נישט אַריינרעכענענדיק די אַרומיקע דערפער. קרוב צו צוויי דריטל פון דעם זיינען געווען יידן, געגנוי: ניינצן הונדערט זיבן און אַכציק (1987). פון דעם שאַפט זיך אַ בילד, אַז אַרום סוף פון 18־טן יאָרהונדערט, דאָס הייסט אין דער צייט ווען דער אַפּטער רב האָט פאַרנומען דאָס כסא הרבנות אין קאָלבסוב, איז שוין דער יידישער ישוב דאָרט געווען גוט איינגעוואָרצלט. מוז מען דעריבער קומען צום באַשלוס, אַז דאָס איז שוין געווען אַ ישוב מיט אַ געשיכטע פון עטלעכע הונדערט יאָר. ווען מיר נישט מאַכן קיין טעות אויב מיר וועלן אָננעמען אַז די ערשטע יידן האָבן זיך באַזעצט אין

קאָלבסוב אַרום דעם אָנהויב פון 14־טן יאָרהונדערט, ווען ס׳זיינען שוין געווען היפשע יידישע ישובים אין שלעזיע און ווען קראָקע האָט שוין פאַרמאָגט אַ גאַנצע יידישע גאַס. (זע: ד״ר יצחק שיפער — ווירטשאַפטגעשיכטע פון יידן אין פוילן בעת׳ן מיטלאַלטער, וואַרשע 1926). די קאָלבסובער געגנט איז געווען אונטער דעם רשות פון גראַפן, און ס׳קאָן געמאָלט זיין אַז זיי האָבן דער־מוטיקט אַ יידישן ישוב.

ווי באַקאַנט איז קאָלבסוב אַרומגערינגלט מיט וועלדער, אַזוי אַרום איז דער האַנדל מיט וואַלד, געהילץ, קלאַפּטער און ברעטער ווי אויך פאַרשיידענע כלים פון האָלץ געווען דאָ שטאַרק אַנטוויקלט. אַזוי האָט באַריכטעט דער אויבנדערמאָנטער רייזנדער, אַז ער האָט אין קאָלבסוב אָנגעטראָפן פאַברי־קאַנטן פון מעבל, אויך סטאָליער, רעדלער, טאָקערס און בעדנערס. אויך פון די שאלות ותשובות ווערט קלאָר, אַז געוויסע סכסוכים און טענות צווישן יידן זיינען פאָרגעקומען צוליב וואַלד געשעפטן. איז טאָקע גאָרנישט קיין חידוש, אַז וועגן נאָמען קאָלבסוב איז אַרומגעגאַנגען אַ לעגענדע אין שייכות מיט וואַלד:

געווען — זאָגט מען — איז אַ וואַלד־רויבער מיטן נאָמען „קאָלבאַס״, וואָס פלעגט באַפאַלן מענטשן אויף פרשת דרכים און אין די ווינטערדיקע קורצע טעג איז „אין יוצא ואין בא״. נאָכדעם ווי די וועכטער פון גראַף האָבן אים „געפּאַקט״ און דערשאָסן, האָט מען נאָך אים אַ נאָמען געגעבן „קאָלבושאָוואַ״. די ליצני הדור האָבן אָבער געהאַט אַ גאַנץ אַנדערע אויסטיי־טשונג: דער נאָמען איז אַנטשטאַנען צוליב אַ טייל פּרומאַקעס, וואָס לויפן יעדן פאַרטאָג אין מקווה און נאָכדעם ווי זיי האָבן זיך געטובלט גיבן זיי אַ פאַלשע וואָג, און אויך צוליב די „נשים צדקניות״, וואָס זעצן זיך אויס אויף די ציילן פון מאַרק אין די זומערדיקע שבתים נאָך טיש מיט די „צאינה וראינה׳ס״ אין די הענט און טרייבן רכילות. אויב מען נעמט אָן, אַז דאָס איז טאַקע די סיבה, דאַרף מען דעם נאָמען אויסלייגן אַנדערש „כל־בה־שווא״...

פאַר פיל יאָרן איז צווישן די סוחרים פון הילצערנע כלים פון כל המינים, ווי אַ שטייגער: קוישן, וואַסער־קאַנען, וויאַדרעס, שעפלעך, זיפּן, גראַבליעס, לאָפּאַטעס, לעפל, שיסל, פּאָלמיסקעס אא״וו געווען שטאַרק באַקאַנט די פאַמיליע האָפּערט. מתית האָפּערט און זיינע קינדער — זין און איידעמס — זיינען געפאָרן אויף די ירידים פון אַלע אַרומיקע שטעט און אויך אָנ־געשפּאַרט אין ווייטע מרחקים אויסשטעלנדיק איבעראַל זייערע שפּאָגל נייע סחורות. אַ פילם פון קאָלבסוב, וואָס איז גענומען געוואָרן אין 1929, ווייזט מתית האָפּערטן איז אַ גאָר שיינער ענערגישער פּאָזע אין מיטן פון זיין

אויסגעלייגטער סחורה. די האָפּערט משפחה איז באַשטאַנען פון סאָלידע מיטל־קלאַס בעלי־בתים, שיינע בעל־תפילות און עוסקים בצרכי צבור באמונה.

אַ חוץ מיט האַלצאַרבעט האָבן זיך יידן אין קאָלבסוב באַשעפטיקט כמעט מיט יעדער מין פאַך און יעדן סאָרט האַנדל. ס׳זיינען אין קאָלבסוב געווען יידישע אַגענטן, אַדוואָקאַטן, אייזנהענדלער, איינבינדער, אייער עקס־פּאָרטירער און פאַרקויפער, אַרענדאַרן, בוכהאַלטאָרן, ביר שענקער, בלעכער, בעדער, בעדנער, בעלי־עגלות, בעקער, גלעזער, גאָלדשמידן, דאָקטוירים, דאָרפסגייער, דרוקער, האָטעל־ און גאַסטהויז־אייגנטימער, היטלמאַכער, היי־באַמען, הערינג און „רוסן״ פּרעזערווירער, וואַסערטרעגער, וויין סוחרים און וויין שענקער, זאַלץ סוחרים, זייגערמאַכער און יואוועלירערס, זייף פאַברי־קאַנטן, טאַבאַק־, ציגאַרן־ און ציגאַרעטן־טראַפיק קאָנצעסיאָנערן, טאַנדייט (ביליקע פאַרטיקע באַקליידונג) מאַכער און פאַרקויפער, טאפעצירער, טאָקער, טאַרטאַקן באַזיצער, פּאַקן־טרעגער, לאָטעריע־צעטל־פאַרקויפער, אייז־קרים (אויף פוילישן יידיש — „ליאָדעס״) פאַבריצירער און פאַרקויפער, ליכטציער, לייכטער מאַכער, לעדער און שיך סוחרים, ליקערן און ראזאלע געטראַנקן פאַבריצירער און פאַרקויפער, הויז־מאָלער און מוליער, דאַמף־מילן אייגנטימער און מילנער, מעד פאַבריצירער און שענקער, מעבל פאַרקויפער, מצבה קריי־צער, מאָדיסטקעס און וועש־ און קליידער־נייטאָרינס, מעקלער, נאַפט סוחרים, סאָדע־וואַסער פאַבריקאַנטן און פאַרקויפער, עופות הענדלער און עקספּאָרטירער.

דער געטרייער, זיכערער און באַגלויבטער פּאָסט־קוריער וועלכער האָט געפירט די פּאָסט פון און קיין שענדישעוו, די נאָענטסטע באַן־סטאַנציע, איז פאַר יאָרן לאַנג געווען דער ייד — פרייפעלד. ס׳זיינען געווען יידן פישער, פלייש עקספּאָרטירער, פערד־ און בהמות־הענדלער, פעלדשער, רופא׳ס, פּרי־זירער, פלאַקס הענדלער, פּרוכט און גרינצייג פאַרקויפער.

די פראָפּינאַציע פאַר דעם פאַרקויף פון אָקאָוויט און בראָנפן ווי אויך די ברויערייַ איז געווען אין יידישע הענט. יידן האָבן געהאַנדלט מיט צוקער, צוקערקעס און שאָקאָלאַדן, מיט אַלטע קליידער, שמאַטעס און ברוך־אייזן. ס׳זיינען געווען יידן קאַלך־ברענער און פאַרקויפער, קירזשנער, קישקעלעך רייניקער, שטריקמאַכער, שטריקערינס און שטיקערינס, שייטל מאַכער, שניט סוחרים, שוסטער, שניידער און פרויען שניידער, שפּיליטער, „פּראָשעניע״־שרייבער און שטיינער־ (צום ברוקירן) פאַרקויפער, סוחרים פון תבואה און לובין (אויל זוימען וואָס זיינען געוואַקסן אויף זאַמדיקן באָדן און געבליט מיט ליכטיק געלע קווייטן) און אַנדערע מינים באַשעפטיקונגען, וואָס קומען מיר איצט ניט אויף אויפן געדאַנק.

אויסער די קליינע לאחדים׳דיקע שפּייז־קראָמען, צוקערניקעס, גאַלאַנ־טעריע געוועלבער און בשמים־געשעפטן, זיינען געווען אין קאָלבסוב אַ צאָל הורטאָוונע, גרויסע לאַגערן פון סחורה וואו די דעטאַליסטן האָבן געקאָנט מאַכן זייערע באַשטעלונגען. פיל קליינהענדלער פלעגן אָבער אַליין פאָרן וואָך־איין וואָך־אויס קיין ריישע, כדי איינצוקויפן די נויטיקע סחורות. ס׳זיינען אויך געווען אין קאָלבסוב אַ צאָל מאַרק בודקעס מיט לאַדנס, כדי אויסצושטעלן אויף זיי די סחורה. אויך זיינען געווען מאַרק־זיצערינס און אויפשטעל ביידלעך וואָס מ׳פלעגט באַנוצן אויף די ירידים און פאַנאַנדערנעמען נאָכן יריד. די מערסטע זיינען געווען יידישע.

פאַרשטייט זיך, אַז די שטאָט האָט נישט געקאָנט אויסקומען אָן אַ בדחן, עטלעכע בעלפער, דיינים, חזנים און קלעזמאָרים (אין שפּעטערדיקע צייטן איז שוין געווען אַ יוגנט־קאַפּעליע אונטער נאָמען „הזמיר״), מוכרי־ספרים, מורה־הוראה׳ס, לערער, מלמדים, סופרים, קברנים, קצבים, ראשי־ישיבה, רבנים און רביים, מוהלים, שוחטים, שדכנים און שמשים.

דער שטח אין און אַרום קאָלבסוב איז אַ פלאַכער. דאָס איינציקע בערגל אַ צוויי קילאָמעטער אויף צפון־מזרח פון שטאָט, איז אין די אויגן פון די קאָלבסובער יידן אויסגעוואַקסן ווי דער „וורינער באַרג״. אַהין פלעגט די יוגנט כאַפּן אַ שפּאַציר זומער שבת נאָך טיש, און אַוועקפאַלן פאַרטייעט אויפן פרישן גראָז און חלומ׳ען אויף דער וואָך פאַנטאַסטישע חלומות פון ציון־לאַנד און דער גרויסער, ווייטער, לאָקענדיקער וועלט.

הגם דער קאָלבסובער באָדן געהערט ניט צו די בעסטע, די ערד איז צומאָל טיילווייז מאָגער און אַפילו זאַמדיק, דאָך איז געווען אַ באַדייטנדיקע צאָל יידישע גוטבאַזיצער און פּאָסעסאָרס וואָס האָבן מיט דערפאָלג אָנגעפירט גרויסע אַגריקולטור ווירטשאַפטן, צו דערמאָנען עטלעכע פון זיי: אשר געלד־ציילער אין היידיקאָווקע, אברהם הוטנער אין טשענסאָווקע, נפתלי הכהן זאַלע־שיץ אין דובוס (שפּעטער — מענדל בערגער), שלמה זאנטאג אין דאָמבראָווקע, אברהמלע לאַנדוי אין פשעדבורזש, ר׳ יעקב עקשטיין אין פשילאָנג און משה׳־לע עקשטיין אין שייטעראָווקע.

דער יידישער ישוב האָט זיך דער עיקר קאָנצענטרירט אין מאַרק און אַרום דעם מאַרק. דער מאַרק, אָדער „רינעק״, ווי מ׳האָט אים גערופן אין פויליש, איז באַשטאַנען פון פיר ציילן הייזער אויסגעשטעלט אין אַ פירעק אויף אַ פלאַץ פון בערך פינף טויזנט קוואַדראַט מעטער. פון דריי ווינקלען פון מאַרק האָבן זיך אַרויסגעצויגן וועגן: אויף דרום־מזרח דורך דער „גאָרע״ (קאָלבושאָווסקאַ גאָרנאַ) קיין גלאָגעוו און ריישע מיט אַ צפונדיקן לינקן אָפּצווייג

פאַרביי דער בריק, דורכן „דיל" (קאָלבושאָוואַ דאָלנאַ) קיין מיידאַן, ראַנישעוו און סאָקאָלאָוו. אויף דרום־מערב — די הערן־גאַס וואָס האָט געפירט קיין פּשעצלאָוו און ניעסק מיט אַן אָפּצווייג צו דרום — די שענדישאָווער גאַס קיין שענדישעוו. אויף צפון־מזרח, פאַרביי די קאַטוילישע קירך און דעם „צמענטאַזש" — דער וועג קיין מעליץ. יידן זיינען אויך געזעסן אויף אַלע הויפּט גאַסן און באַזונדערס אין די זייטיקע גאַסן און געסלעך אַרום דעם מאַרק. באַקאַנט זיינען די גרופּע געסלעך וואָס זיינען געווען אויסגעלייגט אין פאַרשיידענע ריכטונגען, גלייך, משופּעדיק ווי אַ קרומער „צדיק" (אין יידישן אלף־בית) — „די גאַטשעס", און האַלב רונד, אויף דרום הינטער דעם מאַרק צווישן דער „טאַרגאָוויצע" (מאַרק פּלאַץ פאַר פערד, חזירים און בהמות) פון מזרח און דער שענדישאָווער גאַס פון מערב. דאָס האָט אַריינגענומען די בתי־מדרשים, די שול און שולכלעך, דעם בית־הרב, די וואוינונגען פון די שוחטים און פון אַ טייל מלמדים, דאָס שעכט שטיבל, דאָס באָד מיט די מקוואות, די ישיבה און דאָס הקדש און די יאַטקעס. אין דעם קאָמפּלעקס האָבן די נאַציס ימ"ש אויפגעשטעלט די געטאָ און אַריינגעקוועטשט די גאַנצע יידישע באַפעל־קערונג פון קאָלבסוב און אומגעגנט.

אין מיטן מאַרק איז געשטאַנען דער שטאָט־ברונעם. ווי אַ ריזיקער עוג־מלך־הבשן איז דער ברונעם געשטאַנען מיטן פּנים צו מזרח, פאָכענדיק מיט די צוויי אייזערנע שטאַבעס ווי לאַנגע אַריבערגעוואַקסענע הענט אַרויף־אַראָפּ, אַהין־אַהער, ניט ווערנדיק מיד פון גאַנץ פרי ביז שפּעט אין דער נאַכט, טאָג־איין, טאָג־אויס, צו צאַפּן הונדערטער און טויזנטער עמערס פריי־שע, קאַלטע, מחיה'דיק, זיס, קוואַליק וואַסער.

נאָך דער צווייטער גרויסער שרפה אין יאָר 1900, זיינען די אַמאָליקע הילצערנע מאַרק־הייזער אין גאַנצן אָפּגעברענט געוואָרן און פאַרביטן האָט מען זיי אויף שיינע, געמויערטע הייזער פון ציגל, שטיין און צעמענט. אַ טייל פון יענער בוי אַרבעט איז אָנגעפירט געוואָרן פון דעם טאַלאַנטפולן יידישן בוימייסטער ר' שלמה ניימאַן ז"ל פון סטריזשעוו, אַ זיידע (דער מאַמעס טאַטע) פון דעם שרייבער פון די שורות. (קאָלבסוב האָט נאָר געהאַט אַ קריסטלעכן בוימייסטער מיטן נאָמען אָשיניאַק, וואָס איז נאָר לפּנים געווען פריינטלעך צו יידן צוליב געשעפטס און אַרבעט אינטערעסן). אַ צוויי־דריי פון די נייגעבויטע קאָמעניצעס האָבן געהאַט צו איינציקע שטאָקן. אויך אין אַ טייל פון די „גאַטשעס" גאַסן זיינען פאָרגעקומען אַ ריי שרפות (אַלעמאָל דאָנערשטיק ביינאַכט אויף פרייטיק אין דער פרי) אין 1912, און די מערסטע פון זיי זיינען צוריק אויפגעבויט געוואָרן פון ציגל און צעמענט מאַטעריאַלן.

כדי צו מאַכן דעם חשבון גאַנץ, און געבן אַ קלאָרן באַגריף פון די יידישע וואוינונגען, טאָרן מיר נישט פאַרגעסן די גבירים און „פּני", וואָס האָבן געוואוינט אין פאָרשטאָט אין אויסערגעוויינלעך שיינע ווילעס, אַרומ־געריגלט מיט ברייטע גערטנער מיט בלומען און פרוכט־בוימער. אַזעלכע זיינען געווען ר' יעקב עקשטיינס הויז — ממש אַ פּאַלאַץ (אַ הויף מיט אַן אייגן בית־מדרש, אַ לאַדאָווניע (אייז הויז), שטאַלן פאַר פערד און בהמות און געביידעס פאַר דער דינערשאַפט אאַ"וו); זיין איידעם בן־ציון סאַפּיר'ס הויז, אלתר שטורם'ס און זיין זון שמחה שטורם'ס הויז — דאָס איז גאָר געווען אַן אַנטיק. לכתחילה האָט עס געבויט מיין זיידע פאַר אַ גוי מיטן נאָמען לוצקי. דאָס הויז איז געווען אין שפּאַנישן סטיל מיט אַ ריי שמאָלע רונדע און הויך שפּיציקע טורעמס מיט אַ בליך אָפּלייטער אויפן העכסטן טורעם. דערביי, אַלץ אויף דער „גאָרע", זיינען אויך געווען די רחבות'דיקע הייזער פון ראובן עקשטיין און ר' זיינוועל גאָלדבערג, באַזאָרגט מיט געבויטע סוכות ווי אַ טייל פון הויז און מיט גערטנער אַרום. אויף דער זעלבער ריישער גאַס אָקעגנ־איבער, איז געווען הערש יוסף ווייכסעלבוימס הויז מיט אַן אַריינפאָר צו זיין מיל, הינטער וועלכער עס האָט זיך פונאַנדערגעשפּרייט אַ גרויס פעלד, וואו זיינע איידעמס, עקיבא שמידט און פיניע זיסקינד, ווי אויך זיין זון זילא, האָבן געהאַט וואוינונגען.

אין דער זעלבער קאַטעגאָריע הייזער קאָן מען אַריינרעכענען אויפן „דיל" אברהמלע עקשטיינס הויז און ר' משה'לע עקשטיינס, און שלמה זאָנ־טאַגס אויף דער הערן גאַס.

אויף מזרח זייט, האַרט ביים שטעטל, אין דער ריכטונג פון דרום צו צפון, האָט זיך געשלענגלט דאָס טייכל ניעל, וואָס האָט אַרויסגעקוואַלט ווייט אויף דער „גאָרע" שוין ביי דעם דאָרף קופּנע און באַלד דאָרט צוגעקראָגן אויף לינקס אַ צופלוס מיטן נאָמען „קאָלבושאָווקאַ". (אין די גיטין האָט מען טאַקע געשריבן: „מתא דיתבא על נהר ניעל ועל נהרות...."). נאָר ערטער־ווייז איז דאָס וואַסער געווען טיף גענוג אויף זיך צו קענען באָדן. במשך פון אַ צאָל יאָרן פלעגט מען זיך באָדן ביי דער „לאַווע" וואָס האָט אַריבערגעשפּאַנט פון כווזשיצקיס פעלד צום גראַפס פעלד און געפירט דורך אַ זייטיקן שטעג פון דער שטאָט צו דער „גאָרע" מיט קפיצת־הדרך, נישט דאַרפנדיק אַרומ־צוצירקלען דעם לאַנגן וועג (פון דער „גמינע" אויף דער ריישער בריק, פאַרביי דעם געריכט און דעם גראַפס פעלד). אין די זומערדיקע פרייטיקס פלעגט דער עולם זיך אויסטאָן אויפן ברעג טייך (כווזשיצקיס פעלד) אדם־נאַקעט, און לכבוד שבת זיך טובלען און כאַפּן אַ שווים. די פלינקע בית־

מדרש בחורים האָבן „געלייגט קלאַפּטער" און געמאַכט „בורקעס". פרויען האָבן זיך אָפּגעזונדערט אין אַן אַנדער פּלאַץ, וואו זיי זיינען אַריין אין טייך, אַרומגענומען אין לאַנגע שוואַרצע פאַרטוכער.

אין אַ דוחק אויף פיש, פלעגן אַ פּאָר יידישע אַמאַטאָרן־פישער פאַרקאַטשען די הויזן און מיט געפלאָכטענע קאָשיקעס און שטעקנס בראָדיען אין קאָלבסובער „נילוס" כדי צו כאַפּן פיש אויף שבת. מער ווי די קליינע „קאַראַשקעלעך" אָדער „קעלביקלעך" ווי מ׳האָט זיי ביי אונדז גערופן, האָט מען נישט געפונען, אַמאָל אויך אַ פּאָר אָקאָנלעך און שלייען. אַז מ׳האָט זעלטן־ווען דערטאַפּט אַ „יעלעץ", איז דער פישער געווען מלא שמחה פון געראָטענעם פיש־פאַנג!

פאַר הושענא־רבה האָט מען געקאָנט טרעפן גרויס און קליין לענגאויסביידע ברעגן טייך, קעמענדיק יעדעס צווייגל פון די ערבות־ביימלעך צו קלייבן וואָס מער כשר׳ע הושענות.

די גויאישע באַפעלקערונג אין און אַרום קאָלבסוב, איז באַשטאַנען מיינסטנס פון פויליש־קאַטוילישע „מאַזורן". צווישן די שטאָטישע גויים האָבן זיך געפונען עטלעכע הויכע באַאַמטע און פּראָפעסיאָנאַלן. דאָס רוב איז געווען צוזאַמענגעשטעלט פון דורכשניטלעכע באַאַמטע, צווייטקלאַסיקע לערער (מיט גאָר קליינע אויסנאַמען), קאַנצעליי־שרייבערלעך, אַ רעסטאָראַטאָר, אַ צוויידריי קרעמער און בעלי־מלאכות: מויערער, סטאָליער, שמידן, שניידער און שוסטער.

מיט דער יידישער מאַיאָריטעט האָבן די ניט־יידישע איינוואוינער געלעבט בשלום. אָבער, אויסער געציילטע יחידים אויסנאַמען, האָבן זיי אינערלעך געטראָגן אַ מיאוסע קנאה און אַ ברענענדיקע שנאה, וואָס האָט פון זיי אַרויסגעפּראַלט ביי יעדער געלעגנהייט, וואָס האָט זיך זייער אָפט געמאַכט.

די גמינע (מוניציפּאַליטעט) איז זעלבסטפאַרשטענדלעך געווען אונטער דעם יידישן קאָנטראָל, ווייל די יידן, זייענדיק אַ מאַיאָריטעט, האָבן אויסדערוויילט דעם רוב ראַטמענער. פאַר דעם „בורמיסטש" (בירגערמייסטער) האָט מען אַלעמאָל אויסגעקליבן אַ קריסט, כדי נישט אויפצורייצן די ניט־יידן. דער וויצע־בירגערמייסטער איז אָבער יאָ געווען אַ ייד; ער איז שטענדיק געזעסן אין דער גמינע און געהאַלטן אַ וואַכזאַם אויג אויף דער שטאָטישער ווירטשאַפט. יאָרן־לאַנג איז די אימפּאָזאַנטע פּערזענלעכקייט פון זעליג לייפּער, אַ חסידישער ייד אַ פּיקח, אָנגעטאָן אין אַ קאַפּאָטע מיט אַ גאַרטל, געווען דער וויצע־בורמיסטש. ווען מ׳האָט באַדאַרפט עפּעס אַ שריפט אָדער צייגניש, איז מען געגאַנגען צו זעליג לייפּער. ער איז אויך געווען דער ממונה איבער די

שחיטת־עופות־קוויטלעך. אויף זיין אָנזאָג פלעגט דאָס קריסטלעכע שרייבערל אויסשטעלן דעם געוואונטשענעם דאָקומענט און אונטערלייגן צום חתמענען. דער בורמיסטש האָט אַ בליק געטאָן מעשה־תּם אויף זעליג לייפער, וועלכער האָט מיט אַ נויג פון קאָפּ אַ ברום געטאָן: „פּאָדפּיש פּאַן, פּאַניע בורמיסטשו!" (שרייבט אונטער, הער בירגערמייסטער, ביטע).

פון צייט צו צייט פלעגן די קריסטלעכע ראַטמענער אַריינברענגען פאָרשלאָגן, וואָס זאָלן טרעפן דעם יידישן עקאָנאָמישן צושטאַנד. אַמאָל איז דאָס געווען אַ פאָרשלאָג צו בויען אין מיטן פון מאַרק אַ נייעם ראַטהויז מיט אָפענע קראָמען אַרום און אַרום פון אַלע זייטן. די באַהאַלטענע כוונה איז געווען, אַז די נייע קראָמען זאָלן איבערנעמען דווקא קריסטן. אַ צווייט מאָל האָט זיך זיי פאַרגלוסט צו פאַרבייטן דעם מאַרקטאָג פון דינסטיק אויף שבת. דאָס האָט זיך אָבער נישט איינגעגעבן, ווייל בלויז געציילטע פויערשע וועגע־נער זיינען אַריינגעפאָרן אין מאַרק און געפונען אַלע יידישע קראָמען פאַר־שלאָסן. יאָרן לאַנג האָבן זיי געאַרבעט אויף דער אַנטוויקלונג פון נייעם מאַרק „נאָווע מיאַסטאָ". די פויערים זיינען אָבער געווען איינגעוואוינט צו פאַרפאָרן אויף דעם אַלטן מאַרק, וואו ס'זיינען געווען פיל יידישע קונים, וואָס האָבן געוואַרט אויף זייערע פּראָדוקטן און וואו זיי האָבן אויך געקאָנט גלייך אויפן אָרט איינקויפן זייערע הצטרכות'ן. זיי האָבן נישט געקאָנט און אויך נישט געוואָלט ענדערן זייער געוואוינהייט. ערשט לעצטנס, האַרט פאַרן אויסברוך פון קריג — לויט די ידיעות וואָס זיינען אַהער אָנגעקומען — איז דער יריד יאָ אַריבערגעפירט געוואָרן אויף „נאָווע מיאַסטאָ".

די פויערשע באַפעלקערונג אין די דערפער אַרום קאַלבסוב האָט שווער געהאָרעוועט אויף די אייגענע מאָגערע שטיקלעך פעלדער. בלויז געציילטע פויערים האָבן פאַרמאָגט גרעסערע און בעסערע נחלות. די מערהייט האָט גע־אַרבעט אויף די גיטער, איבערהויפּט ביי דעם גראַף, און ביי אַנדערע גוט־באַזיצער און פּאָסעסאָרס. מאַנכע האָבן עטלעכע טעג פון וואָך געאַרבעט פאַר זיך, און די איבעריקע טעג אויף די גרויסע אימעניעס. אַנדערע האָבן אויך געזוכט אַרבעט ביי וואַלד און האָלץ ווי אויך אין די געציילטע מילן, טאַר־טאַקן און פאַבריקן. די גרעסטע און בעסטע שטרעקעס פעלדער זיינען איינ־געשטאַנען ביי די פּוילישע גראַפן־משפּחות, און פון לאַנד רעפאָרם געזעצן איז נאָך אַלץ געווען ווייט. וואָס מער די פויערישע משפּחות זיינען געוואַקסן, אַלץ מער צעטיילט זיינען געוואָרן זייערע נחלאות צווישן זין און טעכטער, און אַלץ וויניקער האָבן די פעלדער געקלעקט אויף חיונה. זיינען יונגע פויערים געוואָרן „פּרוסען", דאָס הייסט, זיי זיינען אַוועק קיין פּרייסען דאָרט צו אַר־

בעטן אין די פאַבריקן, ווי אויך קיין שלעזיע (וואָס איז דעמאָלט נאָך נישט געווען אַ טייל פון פוילן) אין די קוילן גראָבנס. אַ געוויסער פּראָצענט איז אויך געפאָרן קיין אַמעריקע, צייטווייליק אָדער פאַר שטענדיקער עמיגראַציע.

די פּויערישע באַפעלקערונג איז בכלל גוט אויסגעקומען מיט די יידן, סיי אין האַנדל, סיי אין אַרבעט באַציאונגען. יידן האָבן זיי באַשעפטיקט, פון זיי געקויפט און זיי פאַרקויפט, ווי אויך געגעבן סחורה אויף אויסצאָל. דער קאָלבסובער דאָרפס־גוי איז לרוב געווען שאַרף און כיטרע; מ׳האָט אים זעלטן געקאָנט אָפּנאַרן און ער האָט געוואוסט צו וועמען ער זאָל האָבן צוטרוי. אַפילו די העצעס און דאָס פרעדיקן פון די יונגע אַנטיסעמיטישע גלחים יעדן זונטיק אין קירך — „סוואָי דאָ סוואָגאָ״ — אַז אַ גוטער קריסט זאָל וויכן פון די יידישע געשעפטן און פאַטראָניזירן דעם קריסטלעכן קאָאָפּעראַטיוו „קולקאָ״, האָט נישט געהאַט קיין גרויסע ווירקונג אָפּצוציען די פּויערים פון יידישן מסחר. אָבער אַ גרויסע מאָס סם פון שנאת חינם און קנאה האָט זיך יאָ אָנגעגעסן ביי דער פּויערשער באַפעלקערונג, און ליידער מוז דאָ געזאָגט ווערן, אַז די האַס־געפילן האָבן זיך ביז גאָר צעפלאַקערט אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע, ווען זיי האָבן זיך באַטייליקט אַקטיוו אין דער אויס־ראָטונג פון זייערע יידישע שכנים.

איינער פון די פאַר־מלחמה׳דיקע חסידי אומות־העולם איז געווען דער אַלטער דעקאַן. ער האָט קיינמאָל נישט אויפגעהעצט די גויים אַקעגן די יידן. ער פלעגט אויך שיקן זיין קאַרעטע צוזאַמען מיטן פורמאַן צו מקבל־פּנים זיין אויסער דער שטאָט די יידישע חתנים, וואָס פלעגן אָנקומען פון אַנדערע ערטער צו זייער חתונה אין קאָלבסוב.

קאָלבסוב איז געווען אַ פּאָוויאַטאָווע שטאָט. דאָרט איז געווען דאָס זיץ־אָרט פון דעם באַצירקס־הויפּט, אָדער ווי מ׳האָט אים ביי אונדז גערופן „סטאַראָסטע״. צו קאָלבסוב האָבן צוגעהערט אַ חוץ זייער אַ סך דערפער אויך די שטעט סאָקאָלאָוו, ראַניזשעוו און מיידאַן. אויך דאָס קרייז־געריכט, דער שטייער־אַמט און דער קרייז־קרימינאַל האָבן זיך געפונען אין קאָלבסוב. ממילא פלעגן קומען קיין קאָלבסוב מענטשן פון אַלע אַרומיקע שטעט און דערפער צו דערליידיקן כלערליי אָפיציעלע אָנגעלעגנהייטן. דער סטאַראָסטע איז געווײנטלעך געווען אַן אויסשטודירטער, אינטעליגענטער, הויכראַנגיקער אָפּי־ציר, וואָס האָט זיך געפירט אין שטאָט ווי אַ גאַנצער מלך. אין מערסטע פאַלן איז ער געווען אין גוטע באַציאונגען מיט די יידן בכלל און בפרט מיט די יידישע קהל׳שע פאַרשטייער און רבנים.

אינטערעסאַנט איז צו דערמאָנען דעם סטאַראָסטע מאַטיאַס, וועלכער

איז געווען אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. ווען די רוסישע אַרמיי האָט אין 1914־1915 אָקופּירט דעם גרעסטן טייל פון גאַליציע, זיינען פיל יידן אַנטלאָפן קיין עסטרייך, באַזונדערס קיין ווין. דאָרט אין ווין האָט זיך אויך געפונען דער קרייז־הויפּטמאַן מאַטיאַס.

לויט דעם עסטרייכישן געזעץ, איז נישט נאָר אַ רב, נאָר אויך אַ ישיבה־בחור, אַ קאַנדידאַט צו ווערן אַ רב, געווען פריי פון מיליטער־דינסט. אין מיידאַן נעבן קאָלבסוב זיינען אַ סך יידן געווען קאָניאַזשעס — פערד־סוחרים, און נישט פון די גרויסע לערנער (הגם ס׳איז אויך געווען אַ שיינער חסידישער ייד טרייטל, וואָס פלעגט מיט ווייסע זאָקן און האַלב־שיך רייטן אויפן פערד). זיינען די מיידאַנער יידן צוגעשטאַנען צו זייער רב און רבין, ר׳ בן־ציון האָראָוויץ, וואָס האָט זיך אויך געפונען אין ווין, ער זאָל זיי אַרויס־געבן צייגנישן פון ראַבינאַטס־קאַנדידאַטן. אַ חוץ דעם רב׳ס באַשטעטיקונג האָט מען אויף דעם באַדאַרפט די חתימה פון סטאַראָסטע. דער רב מיט דעם סטאַראָסטע מאַטיאַס, זייענדיקביידע אין גלות ווין און נישט האָבנדיק קיין זייטיקע הכנסות, האָבן צוזאַמען געמאַכט דעם עסק און אַרויסגעגעבן אַ גרע־סערע צאָל צייגנישן, פאַרשטייט זיך אַז נישט אומזיסט. גאַנץ אָפט האָט מען גערופן די דאָזיקע ראַבינאַטס־קאַנדידאַטן מיטן פילזאָגנדיקן נאָמען „ערבֿ־רבֿ״...

דורך אַ מסירה איז די זאַך אויפגעדעקט געוואָרן. דעם מיידאַנער רב און רבי האָט דעמאָלט געדראָט טויט־שטראָף. ער האָט זיך אויסבאַהאַלטן ביז נאָך דעם צוזאַמענברוך פון דער עסטרייכישער אימפּעריע. דער סטאַראָסטע מאַטיאַס אָבער האָט זיך דערשאָסן נאָך איידער ער איז אַרעסטירט געוואָרן.

דער מיידאַנער רב, ר׳ בן־ציון, האָט אין דער צייט פון זיין אויס־באַהאַלטן זיך זייער פיל פאַרלוירן אין דער חסידישער וועלט. ער איז קליי־נערהייט פאַריתומט געוואָרן פון זיין פאָטער, און איז דעריבער אויפגעצויגן געוואָרן ביי זיין גרויסן פעטער, דעם רב און רבי, מנגן נפלא און גאון ר׳ יהושע׳לע פון דזשיקעוו (דער בעל עמק הלכה און עטרת ישועה). ר׳ בן־ציון האָט געהאַט גרויסע פעאיקייטן און געקאָנט גוט לערנען. האָבן פיל דזשיקע־ווער חסידים געטראַכט, אַז ער וועט גיכער ווי ר׳ אלתר׳ל, דעם דזשיקעווערס איינציקער זון, מיט דער צייט איבערנעמען דאָס דזשיקעווער חסידות. אָבער נאָך דער מעשה־מאַטיאַס איז שוין געווען פאַרפאַלן; ער האָט מער נישט געקאָנט אָפּציען די דזשיקעווער חסידים פון ר׳ אלתר׳לען. דאָך פלעגט ער פון צייט צו צייט קומען קיין קאָלבסוב און פירן טיש. ער איז אַלעמאָל איינ־געשטאַנען ביי מיין טאַטן ז״ל אין הויז.

## די ערשטע רבנים

פון דער הקדמה צום ספר תפארת הצבי אויף מסכת ביצה (זשאָלקווע תקס״ג), דערוויסן מיר זיך וועגן די קאָלבסובער רבנים ר׳ ישעיה און זיין זון ר׳ יצחק. דער מחבר פון ספר איז געווען ר׳ עוזיאל מייזליש־ראָזענוואָסער (1744—1785, וועגן אים זע הרב א. י. ברומברג, סיני כרך סד, חוב׳ ג־ד, כסלו־טבת, תשכ״ט, אויך אין שם־הגדולים, אהרן וואלדען, מערכת גדולים, ערך ע׳, א׳). ר׳ עוזיאל איז געשטאָרבן יונג און זיין יינגערער ברודער ר׳ יצחק מייזליש (זע דאָרט ערך י׳ אות רסא) האָט אַרויסגעגעבן דאָס ספר און אויך געשריבן די הקדמה.

אין דער הקדמה געפינען מיר אַ דאַנק־זאָגונג פון ר׳ יצחק מייזליש צו זיין פלימעניק, דער זון פון ר׳ עוזיאל אין די פאָלגנדיקע ווערטער:

„ואחרון חביב ה״ה (הלא הוא) בן אחי הרב הגאון המחבר ז״ל, ה״ה (הלא הוא) הרבני המופלא והמופלג, הותיק והירא מוהר״ר ישראל יצ״ו, חתן הרב המאור הגדול מוהר״ר יצחק ז״ל, שהי׳ אב״ד (אב בית־דין) ור״מ (וריש מתיבתא) בק״ק קאָלבסוב בן הגאון הגדול החסיד המפורסם בעל מופת מוהר״ר ישעי׳ שהיה ג״כ אב״ד ור״מ בק״ק קאלביסאב, יען אשר שינס את מתניו והריץ אגרותי לכבוד אחיו האברך הרבני המופלא והמופלג הנגיד והקצין הנדיב המפרסים (המפורסם) מוהר״ר צבי הירש יצ״ו מסעמיטיטש״.

פון דעם ציטאַט קאָנען מיר אַרויסדרינגען עטלעכע גאָר וויכטיקע פאַקטן בנוגע קאָלבסוב:

א) ר׳ עוזיאל מייזליש־ראָזענוואָסער האָט געלאָזן צוויי זין לומדים, הגם נישט קיין רבנים (זיי ווערן באַטיטלט „הרבני״ און נישט „הרב״), און איינער פון זיי, דער עלטערער ר׳ ישראל איז געווען אין קאָלבסוב.

ב) דער שווער פון ר׳ ישראל איז געווען דער קאָלבסובער רב, ר׳ יצחק, אַ למדן, אַ מאור הגדול און אַ ר״מ=ריש מתיבתא, דאָס הייסט, אַז ער האָט אָנגעפירט מיט אַ ישיבה אין קאָלבסוב, און וואַרשיינלעך אַ חסיד, ווי עס איז געווען זיין מחותן ר׳ עוזיאל, איינער פון די „חבריא קדישא״, די תלמידים פון בעש״ט און פון מעזריטשער מגיד.

ג) אין יאָר תקס״ג (1803) ווען דאָס ספר תפארת הצבי איז געווען גע־דרוקט, האָט שוין ר׳ יצחק נישט געלעבט, ווייל ס׳איז געשריבן נאָך זיין נאָמען „ז״ל״=זכרונו לברכה.

ד) ר׳ ישעיה, דער פאָטער פון ר׳ יצחק, איז אויך געווען קאָלבסובער רב און אויך ער האָט אין קאָלבסוב אָנגעפירט מיט אַ ישיבה און איז געווען נאָך מער למדן, גאון, צדיק און בעל־מופת ווי זיין זון ר׳ יצחק.

מיר מוזן אָננעמען, אַז ר׳ יצחק, דער קאַלבסובער רב, איז געווען עלטער פון זיין מחותן ר׳ עוזיאל, ווייל ווען דער אַפּטער רב איז צום ערשטן מאָל געקומען קיין קאַלבסוב אויף בחינה, האָט מען דערציילט וועגן דער תקנה פון דעם אַלטן רב דעם מופלג בתורה און בעל הוראה. דער אַפּטער רב איז אָנגעקומען קיין קאַלבסוב בערך אין תקמ״ה (1785). אין צווישנצייט, אַ צוויי־דריי יאָר, איז געווען רב ר׳ יוסף, דער פעטער פונעם „ישמח משה״. קומט אויס לויט דעם חשבון אַז ר׳ יצחק איז געווען רב אין קאַלבסוב בערך אין די יאָרן תק״כ—תקמ״ב (1760—1782). גייענדיק אויף צוריק מיט דעם חשבון, וועט עס אונדז פירן צו דער השערה, אַז ר׳ יצחק׳ס פאָטער ר׳ ישעיה, דער גאון און בעל מופת, האָט געדאַרפט זיין אַ מיטצייטלער פון ר׳ ישראל בעל־שם־טוב, דעם גרינדער פון חסידות (ת״ס—תק״כ, 1760—1700) און וואַרשיינ־לעך אָנגעהויבן זיין רבנות אין קאַלבסוב אַרום דעם יאָר ת״ק (1740).

ווי אַזוי האָט געהייסן ר׳ יצחק׳ס טאָכטער, די שנור פון ר׳ עוזיאל, איז אונדז נישט באַקאַנט. אָבער מיר געפינען אַ ידיעה (לוחות העדות — פרידבערג, דראָהאָביטש תרנ״ז עמ׳ 72, אות קז) אַז „מרים בת הג״מ יצחק האבד״ק קאלבסיב״ איז געווען די צווייטע פרוי פון „הרב יעקב שמשון ב״מ אליעזר דאנציג, שהי׳ נקרא בשם ר׳ שמעון סופר סת״ם״, אַ באַוואוסטע און זייער באַליבטע חסידישע פּערזענלעכקייט אין קראָקע.

פון הרב שלום ישעיה שטערן פון לאָס אַנדזשעלעס, קאַליפאָרניע האָבן מיר דערהאַלטן אַ פאָטאָסטאַט פון דעם ענד־פּאַפּיר אין דעם איינבאַנד פון אַ ספר׳ל שמועות טובות רזין דאורייתא, געדרוקט אין טשערנאָוויץ, תרמ״ה (1885). אויף דעם ענד־פּאַפּיר האָט אין כ״ד סיוון פון יאָר תרנ״ז (1897) הרב שטערנס פאָטער, ר׳ נפתלי הרצל אריה שטערן, זייענדיק אין עלטער פון עלף יאָר, אָנגעשריבן אַ יחוס־בריוו פון זיינע אבות, אַזוי ווי זיין זיידע ר׳ שמואל שטערן האָט עס אים פאַרגעזאָגט. אָט איז דער ווערטערלעכער נוסח פון דעם יחוס־בריוו:

„אבי זקיני ר׳ ישעי׳ מגיד מישרים דק״ק ליסקא בהרב הקדוש ר׳ יצחק אשר נהרג על קה״ה אב״ד דק״ק קאלבעסאוו ואחיו הרב ר׳ אהרן מעליצער מ״מ דק״ק אפטא ואחיו הרב ר׳ אלי׳ אב״ד דק״ק מאשציסק ואחותם לאה אמו של מגיד משנה (מגיד־משנה פון ר׳ יוסף משה ב״ר יקותיאל זלמן פון דראָגיטשין, אַ פּירוש אויף דעם משנת־חסידים פון ר׳ עמנואל חי־ריקי — ח. י. ב.).

ר׳ יצחק הנ״ל בהרב הגאון איש אלקי קדוש ר׳ ישעי׳ אב״ד דק״ק קאלבע־סאוו, חתן הרב ר׳ זלמן טארניגראדער שהי׳ אבי זקינו של הרב הגאון הקדוש ר׳ חיים אב״ד דק״ק סאנץ.

ר׳ ישעי׳ הנ״ל בן הרב הגאון ר׳ משה ישראל דוד אב״ד דק״ק מעליץ, חתן הגאון שר התורה ר׳ אהרן דק״ק ליסקא בן הרב הגאון מו״ה ישעי׳ אב״ד דק״ק עיר חדש אצל קראקא, חתן הרב ר׳ איציק אשר נקרא הויכער רבי ר׳ איציק

אב״ד דק״ק קראקא בן הרב הגאון איש אלקי מו״ה ר׳ אלי׳ ליקאווער בן הרב הגאון הנשר הגדול בעה״מ מעה״ש (מעשי ה׳) ויוסף לקח וחבירו של אלשיך הקדוש״.

דאָס איז אַ דאָקומענט פון וועלכן מיר לערנען אַרויס, ערשטנס, דעם אָפּשטאַם פון די ערשטע צוויי קאָלבסובער רבנים ר׳ ישעיה און זיין זון ר׳ יצחק, אַז זייער יחוס ציט זיך ביז צום מחבר פון די ספרים „מעשי־ה׳״ און „יוסף לקח״, ר׳ אליעזר (ב״ר אליהו הרופא) אשכנזי. צווייטנס, זאָגט אונדז דער יחוס־בריוו, אַז ר׳ ישעיה קאָלבסובער איז געווען אַן איידעם פון ר׳ זלמן טאַרניגראַדער. דריטנס, זעען מיר אַז אין קאָלבסוב האָבן זיך אויסגעהאָדעוועט, און אפשר זענען אויך געבוירן געוואָרן, די מאַמע פון דראָגיטשינער דער „מגיד משנה״ און אירע צוויי ברידער ר׳ אהרן מעליצער, מגיד מישרים אין אָפּט, און דער מאָשטשיסקער רב ר׳ אליה — די קינדער פון ר׳ ישעיה קאָלבסובער און די שוועסטער־ברידער פון זיין זון ר׳ יצחק, ז״ל.

אָבער דאָס וואָס עס שרייבט זיך אין יחוס־בריוו וועגן ר׳ יצחק קאָלבסובער „הקדוש״ און „אשר נהרג על ק״ה (קידוש השם)״ — אַז ער איז געהרגעט געוואָרן — מוז מען אָפּפרעגן. ס׳איז מער ווי זיכער, אַז ר׳ שמואל שטערן, דאָס אור־אייניקל פון ר׳ יצחק קאָלבסובער ז״ל האָט דאָ געמאַכט אַ טעות און עפּעס פאַר־מישט די יוצרות.

לאָמיר האָבן אין זינען, אַז דער יחוס־בריוו איז געשריבן אין יאָר תרנ״ז (1897), אַרום הונדערט יאָר נאָך ר׳ יצחק׳ס פטירה. אונדזער פריערדערמאָנטער מקור פון דער הקדמה פון ספר „תפארת הצבי״ איז וויניקסטנס פון תקס״ג (1803), ווען דער ספר איז געדרוקט געוואָרן אין זשאָלקווע, און ווייזט אויס בלויז אַ קורצע צייט נאָך ר׳ יצחק׳ס פטירה. דאָרט שרייבט זיך בלויז „ז״ל״, אָן צו באַצייכענען אים מיט די ווערטער „הקדוש״ און „הי״ד״ (ה׳ ינקום דמו), ווען ער גיט אים דעם גאַנצן טיטול „הרב המאור הגדול מוהר״ר יצחק ז״ל, שהי׳ אב״ד ור״מ בק״ק קאָלביסאָוו״.

דאָס זעלבע זעען מיר אין לוחות־העדות (פרידבערג, דראָהאָביטש, תרנ״ז, עמ׳ 72, אות קז), וואו די טאָכטער פון ר׳ יצחק ווערט דערמאָנט. אויך דאָרט שרייבט זיך בלויז „מרים בת הג״מ יצחק האבד״ק קאָלבסיב״.

דעריבער מוז מען קומען צום אויספיר אַז די מסורה פון דער משפחה וועגן ר׳ יצחק׳ס הריגה איז אַ טעות. אפשר האָט זיך ביי דער משפחה פאַרביטן די מעשה פון אַן אַנדערן קדוש ר׳ יצחק, דער ברודער פון אַפּטער רב, וואָס איז אַרומגעפאָרן זאַמלען געלט אויף פדיון־שבויים און מ׳האָט אים געפונען אַ הרוג אין קאָלבסוב.

נאָכדעם ווי ר׳ יצחק איז נפטר געוואָרן, איז דער גורל געפאַלן אויף דעם גאון און צדיק ר׳ יוסף קאָלבסובער צו נעמען אויף זיך דעם כתר הרבנות.

פאַראַן אַ סברא אַז ר׳ יוסף, פונקט ווי זיין ברודער ר׳ צבי־הירש, האָט נישט געוואָלט פאַרוואַנדלען רבנות אין אַ פרנסה. ר׳ צבי־הירש איז געווען אַ סוחר און שפּעטער געוואָרן רב אין זבאַרעוו. זיין זון איז געווען דער באַ־רימטער גאון און צדיק פון אויהעל ר׳ משה טייטלבוים, דער מחבר פון די

ספרים „ישמח משה", „תפילה למשה" און „השיב משה" און דער שטאַמפאָטער פון די שפּעטערדיקע קאָלבסובער רבנים ווי אויך פון דעם סאַטמאַרער רבין.

דער שרייבער פון די שורות איז זיך מתייחס מיט ר' יוסף פון קאָלבסוב. ער איז געווען אַן עלטער־פעטער צו מיין זיידן ר' ליבוש אברהמ׳לעס, און דער זיידע האָט זיין איינציקן זון, מיין פאָטער משה יוסף ז"ל, הי"ד, אַ נאָמען געגעבן נאָך דעם פעטער, דעם גאון און צדיק. ווי מיין פאָטער האָט דערציילט, איז ר' יוסף פאַר אַ שטיק צייט געווען דיין אין קאָלבסוב. ערשט נאָך דער פטירה פון ר' יצחק׳ן האָט ער איינגעוויליקט צו ווערן דער אב־בית־דין.

ר' משה טייטלבוים, דער „ישמח משה", האָט אין זיינע יונגע יאָרן, נאָך פאַר בר־מצוה, געלערנט אין קאָלבסוב ביי דעם פעטער ר' יוסף. פון דעם וואָס דער „ישמח משה" דערציילט, קאָן מען אַרויסזען דאָס צדקות און גדלות פון ר' יוסף׳ן.

ווען דער „ישמח משה" איז אין די שפּעטערע יאָרן געווען אין לובלין ביים חוזה (1745—1815), האָט דער חוזה זיך אַרויסגעזאָגט, אַז היינטיקע צייטן קאָן דאָס לערנען דעם „שער היחוד" אין ספר „חובת הלבבות" ברענגען שאָדן צו ייִדישקייט, ווייל דער געדאַנקען־גאַנג איז דאָרט זייער אַ סובטעלער און נישט יעדער מוח קאָן דאָס פאַרנעמען. אויף דעם האָט דער „ישמח משה" געענטפערט, אַז ער האָט גראָד יאָ געלערנט דעם „שער היחוד" נאָך אין זיין יוגנט און בעזרת־השם־יתברך געהאַט פון דעם גרויס נוצן. האָט דער חוזה אָפּגעענטפערט: אויף אייך איז דאָס נישט קיין חידוש, ווייל איר האָט דאָך געלערנט ביי אייער פעטער הרב מ' יוסף, אבד"ק קאָלבסוב, די גאַנצע תורה פון „בראשית" ביז „לעיני כל ישראל"; האָט ער אין אייך איינגעפלאַנצט אַזאַ שטאַרקע אמונה, אַז אַלע ווינטן פון דער וועלט קאָנען זי נישט אָפּשוואַכן. (תהילה למשה, זייט ט"ו, אַריינפיר צום ספר „ישמח משה", חלק ג').

ר' אלעזר־ניסן, אַ זון פון „ישמח משה" האָט פון זיין פאָטער געהערט דאָס פאָלגנדיקע: איינמאָל, ס׳איז געווען מוצאי־שבת, קומט דער בית־מדרש שמש אין קאָלבסוב אַריין צום פעטער ר' יוסף זצ"ל און פרעגט ביי אים: וואָסערע פייערדיקע אותיות האָבן זיך עפּעס היינט באַוויזן אויפן פרוכת ווען מ׳האָט געזאָגט „נעריצך"? — דאָס געדענק איך נישט, צי האָט ער געזען דעם שם „הויה" אָדער די אותיות „כתר". (אגב, קאָן מען פון דער מעשה אַרויסלערנען, אַז מ׳האָט נאָך דעמאָלט אין קאָלבסוב געדאַוונט נוסח אשכנז — „נעריצך". אין די לעצטע דורות איז דער נוסח אשכנז אין גאַנצן געווען אומ־באַקאַנט אין קאָלבסוב). דער שמש איז געווען אַ פּשוטער ייִד, האָט ר' יוסף אין זיין קעגנוואַרט געשוויגן. ווי נאָר דער שמש איז אַרויס, האָט ר' יוסף געזאָגט צו זיין תלמיד, דעם „ישמח משה": זיי וויסן, אַז דער שמש וועט

נישט מאריך ימים זיין, ווייל דאָס איז אַן ענין פון גילוי שכינה און ס׳איז געשריבן „כי לא יראני האדם וחי״ (שמות לג, כ).

ר׳ יוסף האָט געהאַט אין אַפּט אַ זון אַ צדיק און מופלג בתורה מיט דעם נאָמען ר׳ יעקב. אַזוי שרייבט דער „ישמח משה״ אין זיינע הגהות וחידושים אויף „יורה דעה״ אין סימן שמ״א (געדרוקט ווי אַ הוספה אין די ווילנער און לעמבערגער אויסגאַבעס).

וועגן דער פלוצימדיקער פטירה פון דעם פעטער ר׳ יוסף, האָט איך פיל מאָל געהערט פון מיין טאַטן ר׳ משה יוסף ז״ל, הי״ד. ער איז בכוונה תחילה געפאָרן קיין סטריזשעוו נעבן ריישע, וואו די כאָלערע מגיפה האָט שטאַרק אָנגעגריפן, כדי מתפלל צו זיין. דאָרט האָט זיך געפונען דער זון פון זיין ברודערס שוואָגער, ר׳ אריה לייב הלוי, דער מחבר פון ספר „דרישת ארי אבן פנה״ אויף „אבן העזר״, וועלכער האָט אָנגעפירט מיט אַ ישיבה. (אויך דער „ישמח משה״ האָט דאָרט ביי אים אַ צייט, נאָך דער בר־מצוה און חתונה, געלערנט). ר׳ יוסף איז אַריין גלייך אין בית־מדרש, צוגעפאַלן צום ארון־קודש און אויסגעשריען „הריני כפרת כל ישראל״, און מיט די ווערטער איז זיין הייליקע נשמה אויפן אָרט אויסגעגאַנגען. אַזוי אַרום איז ר׳ יוסף געווען רב אין קאָלבסוב אַ קורצע צייט בערך פון תקמ״ב ביז תקמ״ה (1782—1785).

מיר קומען איצט צו דער צייט פון אַפּטער רב ר׳ אברהם יהושע העשיל זצ״ל, וואָס וועגן אים ווערט אַן אויספירלעכע אַרבעט פאַרעפנטלעכט אין דעם בוך. דער אַפּטער רב איז געווען אין קאָלבסוב בערך אין די יאָרן תקמ״ה—תק״ס (1785—1800). אין קאָלבסוב איז דער אַפּטער דורכגעגאַנגען די שווערסטע נסיונות און טאָקע אין אונדזער קהילה איז פאַרמירט געוואָרן זיין כאַראַקטער ווי דער גרויסער אוהב ישראל און ווי דער נאָכפאָלגער און תלמיד מובהק פון רבין ר׳ אלימלך.

ס׳ווערט דערציילט, אַז אייגנטלעך האָט מען דעם אַפּטער פון קאָלבסוב אַרויסגעטריבן. האָבן זיך קיין בעלנים אויפן קאָלבסובער רבנות ניט געפונען, מחמת מ׳האָט מורא געהאַט פאַר דעם אַפּטערס הקפדה. האָט זיך אָבער יאָ אָפּגערופן ר׳ דוד ב״ר מאיר הכהן, אַ תלמיד פון ר׳ לוי יצחק באַרדיטשעווער — גערופן האָט מען אים ר׳ דוד מגיד — אויף אים האָט שוין דער אַפּטער מסכים געווען. אַזוי איז ר׳ דוד מגיד געווען רב אין קאָלבסוב אַ שטיקל צייט, אַרום פיר יאָר, תק״ס—תקס״ד בערך (1800—1804). (געהערט פון האדמו״ר ר׳ שלום יחזקאל רובין־האַלבערשטאַם שליט״א, טשעשינאָווער רבי אין ברוקלין, נ. י. וועלכער האָט דאָס געהערט פון ר׳ דוד מגיד׳ס אייניקלעך. זע: אלפסי, החוזה מלובלין, עמ׳ רנד).

## רבנות און חסידות

נאָך דער פּטירה פון לובלינער חוזה (תקע״ה), איז צווישן צוויי פון זיינע תלמידים, ביי דער חתונה־מאָלצייט פון זייערע אייניקלעך, אַנטשטאַנען אַ שאַרפער וויכוח וועגן דעם ווייטערן גאַנג פון חסידות.

דער רבי ר׳ נפתלי פון ראָפּשיץ האָט געהאַלטן, אַז דאָס אָריגינעלע חסידות פון בעש״ט האָט שוין דערפילט זיין מיסיע צו דערפרישן דאָס ידיש־קייט. דער ווייטערער וועג באַדאַרף דעריבער זיין, זיך איינגאַנצן אומקערן צום שולחן־ערוך און צו די פוסקים, ווייל עס לויערט, מצד פאַרשיידענע כיתות וואָס מאַכן שבת פאַר זיך, די סכנה, אַז חסידות זאָל צעטיילט און צעברעקלט ווערן אויף גאָר דינינקע האָר־שפּאַלטנדיקע חילוקים, און ווער קאָן וויסן וואו דאָס קאָן פאַרפירן?

„איך זע״ — האָט ר׳ נפתלי געזאָגט — „אַ תוהו ובוהו אין היינטיקן חסידות, באַדאַרף מען דעריבער אויפהערן פאָרן צו רביים; זאָל יעדער בלייבן אין דער היים און לערנען און דאַוונען ווי ווייט ער קאָן״. (הגם פריער, ביים לעבן פון חוזה, האָט ר׳ נפתלי געזאָגט בדרך הלצה: „והם לא ידעו דרכי״, ווער ס׳זיצט אין דער היים קאָן נישט וויסן דעם דרך פון בורא...).

זיין מחותן, דער בעל „אור לשמים״, ר׳ מאיר׳ל אַפּטער (פריער אין סטאָווניץ), דער פון חוזה געקרוינטער ממלא־מקום, האָט אָבער גע׳טענה׳ט: „דבר אל בני־ישראל ויסעו״ — זאָלן די יידן פאָרן! אַי, מיר זענען נישט מסוגל אָנצופירן מיט אַן עדה? וועלן אויפשטיין בעסערע... (אהרן מרכוס, החסידות, ז. 176, י. א. קאמלהאַר, דור דעה, ז. רמ״א).

געטריי צו זיין שיטה, האָט דער רבי ר׳ נפתלי דערמוטיקט זיין איידעם ר׳ אשר ישעיה רובין, זיינע זין און אייניקלעך בעסער צו ווערן רבנים, מורי־הוראה, איידער זיך אָפּגעבן מיט ראַביסטווע און מיט חסידים. אַזוי איז ר׳ אשר געוואָרן אב־בית־דין אין ראָפּשיץ; די זין ר׳ יעקלע אין קאָלבסוב, נאָכדעם אין מעליץ, ר׳ אליעזר׳ל אין דזשיקעוו, און ר׳ אברהם חיים אין לינסק, אויפן זיידן ר׳ מענדעלעס פּלאַץ; די אייניקלעך — ר׳ יחיאל אין קאָלבסוב, ר׳ מענדעלע אין גלאָגעוו, ר׳ אלימלך אין סאָקאָלאָוו, ר׳ ראובן אין דעמביץ; אַן אור־אייניקל ר׳ טוביה אין מיידאַן אאַ״וו. אַזוי אַז כמעט אין יעדער שטאָט און שטעטל אין מערב גאַליציע האָט מען אָנגעטראָפן אַ ראָפּשיצער אייניקל אויף דעם כסא־הרבנות.

דער אמת׳ער ציל פון רבין ר׳ נפתלי איז אָבער לסוף נאָר טיילוויז דערגרייכט געוואָרן, דהיינו, דאָס פאַרנעמען זיך מיט רבנות אָבער נישט דאָס אויפגעבן פון רביסטווע. נישט נאָר זיין איידעם ר׳ אשר און דער זון ר׳ אליעזר

זענען געווען גאָר געהויבענע רביים, נאָר אויך פיל ראָפּשיצער אייניקלעך זענען געווען רבנים און נאָך מער באַזונדערס רביים פון גאַנץ גרויסע און בכבודיקע הויפן, ווי צום ביישפּיל: די דזשיקעווער, ראָזוואַדאָווער, פּלאַנטשער, סטיטשינער און אַנדערע.

## ר׳ יעקעלע קאָלבסובער

אין קאָלבסוב זיינען שוין פון לאַנג געווען אַ צאָל ראָפּשיצער חסידים. דער רבי ר׳ נפתלי פלעגט אין קאָלבסוב קומען זייער אָפט. ס׳ווערט דער־ציילט, אַז ווען ער איז איינמאָל געווען אין קאָלבסוב, איז ער אַריינגעקומען אין דער שענק פון דעם נגיד ר׳ שאול קרעטשמער, און זעענדיק אַז עס זיצן אַ סך פּויערים אָנגעטאָן אין זייערע ווייסע קאַפּטאַנעס, האָט ער זיך אויף זיין שטייגער געוויצלט אויפן חשבון פון די רביים: „ביי אייך, ר׳ שאול, זיצט דאָך אַ טיש פון אַזויפיל ווייסע בעקעשעס...״ (אברהם חיים שמחה בונם מיכלזאָן, „אהל נפתלי״, עמ׳ 20, אות ל״ב).

עס איז דעריבער נישט קיין חידוש, אַז דער רבי ר׳ נפתלי זאָל האָבן געוואָלט השפעה אין קאָלבסוב, כדי זיין עלטסטער זון ר׳ יעקב זאָל דאָרט אויפ־גענומען ווערן פאַר רב. דאָס האָט געדאַרפט זיין אַרום תקס״ד (1804). ר׳ יעקעלע איז געווען צניעותדיק צוריקגעהאַלטן, אַ שטילער און באַשיידענער, אַ צדיק תמים. לאַנג אָבער איז ער אין קאָלבסוב נישט פאַרבליבן, אפשר ביי אַ זעקס־זיבן יאָר, ווייל מעליץ האָט זיך מתקנא געווען און דווקא געוואָלט האָבן ר׳ יעקעלען ביי זיך. קאָלבסוב האָט אים אָבער נישט געוואָלט אַרויס־לאָזן; האָבן מעליצער בעלי־בתים אים אַרויסגעפירט אין מיטן דער נאַכט. דערפון שטאַמט דער צונאָמען „מעליצער גנבים״.

עס ווייזט אויס, אַז די תרעומות און כעס פון די קאָלבסובער בעלי־בתים און קהלשע פירער זיינען נישט אַזוי גיך איינגעשטילט געוואָרן, ווייל מיר געפינען, אַז קאָלבסוב איז פאַר אַ לענגערע צייט ווידער געבליבן אָן אַ רב. קאָלבסוב האָט אָבער אַלעמאָל געהאַט אַ טראַדיציע פון דיינים מומחים, גדולים אין תורה און פּראַקטישער דערפאַרונג. פאַרשטייט זיך, אַז דעריבער איז די נויטיקייט צו האָבן אַ רב נישט געווען אַזוי גרויס.

## ר׳ יחיאליש דער ערשטער און זיין נאָכפאָלגער

אַרום דער זעלבער צייט (תק״ע — 1810) ווען ר׳ יעקעלע איז אַוועק קיין מעליץ, איז ביי זיין עלטערער שוועסטער, ר׳ אשר׳ס רביצין, געבוירן געוואָרן אַ זון, יחיאל. ס׳איז באַשערט געווען, אַז דאָס קאָלבסובער רבנות זאָל

דאָך בלייבן אין קרייז פון דער ראָפּשיצער גזע. דער גורל איז געפאַלן אויף ר׳ אשר׳ס זון, אויף ר׳ יחיאל׳ן, אָדער ווי מ׳האָט אים אין קאָלבסוב גערופן „ר׳ חיליש״. ר׳ חיליש איז געווען אַ גאָר יונגער מענטש, אַרום פיר אָדער פינף־און־צוואַנציק יאָר אַלט, אַן איידעם פון דעם ריישער גביר מופלג ר׳ אליהו רייך. האָבן זיך די קאָלבסובער ראשי־קהילה גאַנץ פיין געלאָזט באַצאָלן כדי צו דערלאָזן אויפצונעמען דעם יונגן גבירישן איידעם פאַר מרא־דאתרא.

ר׳ חיליש רובין איז אָנגעקומען קיין קאָלבסוב בערך אַרום דעם יאָר תקצ״ה (1835). צו דער אויפנאַמע און דעם אָפיציעלן קבלת־פּנים איז געקומען זיין פאָטער, דער רבי ר׳ אשר פון ראָפּשיץ, מיט אַ גאַנצער סוויטע.

מענטשן פלעגן דערציילן צווישן זיך, אַז קאָלבסוב האָט ביז יענער צייט שטאַרק געליטן פון פאַרשיידענע שדים, מזיקים, לצים, רוחות און פּגעים רעים, וואָס האָבן באַלעסטיקט די יידן. אָט איז מען געגאַנגען פרייטיק צו נאַכטס פון דאַוונען האָבן זיך אויף די דעכער באַוויזן געשטאַלטן פון „דייטשעלעך״ אָנגעטאָן מיט הויכע צילינדערס אויף די קעפּ און אויסגעשטעלט אין רייען און האָבן געגאָסן אומריין וואַסער אויף די פאַרבייגייער. אַ צווייט מאָל ווידער, איז אַ ייד, רחמנא־לצלן, פאַרשלעפּט געוואָרן אין אַ ליימיקער בלאָטע, זיך געמאַטערט אַ גאַנצע נאַכט אַרויסצוקריכן, איין פוס אַרויס — דער צווייטער נאָך טיפער אַריין; פון דער ווייטנס האָט זיך געהערט אַ ווידערקול: „כאַ־כאַ־כאַ, כי־כי־כי״, במשך פון אַ גאַנצער נאַכט ביזן פרימאָרגן... פון סתם הזיקות, ווי איינגעלייגטע פּלויטן, פאַרשוואונדענע וועש און זיס־משונה׳דיקע קולות־נגינה איז דאָך אָפּגערעדט...

מיט דעם קומען פון רבין ר׳ אשר צו דעם קרוינען פון זיין זון ר׳ יחיאל, זיינען אַלע „ניט־גוטע״ מיטאַמאָל פאַרשוואונדן.

מיט וועלכע פּראָבלעמען האָט זיך ר׳ חיליש אין זיין צייט אָנגעשטויסן אין קאָלבסוב?

פון די תשובות, וואָס מיר געפינען אין שו״ת „דברי חיים״ פון סאַנדזער רבי און גאון ר׳ חיים האַלבערשטאַם זעען מיר, אַז די הויפּט פּראָבלעם איז געווען די אַזוי־גערופענע „שחיטת־חוץ״. אין קאָלבסוב איז, ווייזט אויס, די טאַקסע וואָס מ׳האָט אַרויפגעלייגט אויף כשר פלייש, כדי מיט דעם צו קאָנען דעקן די קהל׳שע הצטרכות׳ן ווי שכירות פאַר רבנים, דיינים, שוחטים אד״ג געווען פאַרהעלטנסמעסיק הויך. האָבן זיך קאָלבסובער בעלי־בתים אַן עצה געגעבן — זיי האָבן געקויפט גלאָגעווער פלייש, וואָס איז געווען אַ סך ביליגער.

גראָד איז אין גלאָגעוו געווען רב ר׳ מענדעלע רובין, אַן עלטערער ברודער פון ר׳ חיליש׳ן. דאָך האָט דאָס ניט אָפּגעהאַלטן ר׳ חיליש׳ן פון שרייבן עטלעכע בריוו מיט שאלות צום סאַנדזער רבין, וואָס אין זיי פאַר־מעסט ער זיך דורך הלכה מעטאָדן צו באַגרענעצן און קאָנטראָלירן דעם אַריינפיר פון פלייש פון אויסער דער שטאָטס שחיטה קיין קאָלבסוב.

ענג פאַרבונדן מיט דעם איז אויך די פראַגע פון געוויסע דערפער, וואָס

ליגן צווישן קאָלבסוב און גלאָגעוו. צו וועמען באַלאַנגט די שחיטה אין יענע דאָרפישע ישובים, צו גלאָגעוו אָדער צו קאָלבסוב? אויב די שחיטה געהערט צו קאָלבסוב, מעגן דאָך די קאָלבסובער בעלי־בתים נוצן דאָס פלייש. אויך איז אַ פראַגע, וועלכער רב זאָל האָבן די השגחה אויף די דאָרפישע שלאַכט־הייזער, וואָס זיינען אין תחום פון גלאָגעוו? און וועלכער שוחט זאָל דאָרט שעכטן, דער קאָלבסובער אָדער דער גלאָגעווער?

דער סאַנדזער רב איז געווען אָביעקטיוו אין זיינע תשובות ווען ס'האָט זיך געהאַנדלט אין הלכה על־פי דין־תורה. ער האָט ר' חיליש'ן ניט געקאָנט צופרידן שטעלן, האָט ער דערוויל אָפּגעלייגט דעם ענטפער.

ענדלעך האָט ער געשריבן דאָס פאָלגנדיקע:

„שו"ר (שלום וישע רב) לידידי הרב המאה"ג (המאור הגדול) החסיד בש"ק (בנן של קדושים) שלשלת היוחסין חמדת לבבי ושארי מחו' (מחותני) המפורסם מו"ה יחיאל נ"י אבד"ק קאָלבסוב יע"א.

מכתבו הגיעני לנכון ולא ידעתי למלאות רצונו עפ"י דתה"ק (על פי דברי תורה הקדושה). לזה מנעתי מלהשיבו על מכתבו הראשון גם על השני. אולם אמרתי פן יחשדני השומע, כי השלכתי דבריו אחרי גיווי, ואנכי לא כן עמדי, כי אהבת עולם אהבתיו, לא זז מחיבתי, ולזה אמרתי להשיבו. ואם בעיקר הדין לא העליתי כרצונו, תורה היא וכתיב בה אמת, ואת [אשר] הורוני מן השמים אותו אודיע לכ"ת (לכבוד תורתו). והוא ידע כי לאהבתו כתבתי מכתבי הלזה ולהשתעשע בנועם אמריו קודם ימי הקדושים הבע"ל ויזכור אהבת האיתנים — מורי, וזכותם יעמוד לנו בימי הדין הבע"ל. . . " (שו"ת דברי חיים, חלק א', יו"ד, סימן א).

אין דער תשובה פירט דער סאַנדזער רב אויס, אַז על־פי־דין, אַזוי ווי דער גלאָגעווער שוחט ווייזט זיין חלף צו דעם גלאָגעווער רב, איז ניט מוטל אויף אים אויך צו ווייזן זיין סכין צום קאָלבסובער רב אָדער מורה הוראה. אַוודאי וואָלט גלייכער געווען ער זאָל יאָ ווייזן, אָבער פאַרווערן אים צו שעכטן, קאָן קיינער ניט. דער אמת ווייזט אויס, אַז די גלאָגעווער שוחטים האָבן חזקה דאָרט צו שעכטן, און קיין שוחט טאָר זיי ניט משיג־גבול זיין.

בנוגע די טענה פון די קאָלבסובער שוחטים, אַז צוליב דעם וואָס אַלע שטאָט בעלי־בתים קויפן דאָרטיקע פלייש איז זייער פרנסה געשלאָגן, זאָל מען דורך בוררים אָפּשאַצן וויפל די גלאָגעווער שוחטים זאָלן געבן צו די קאָלב־סובער.

די צווייטע תשובה (דברי חיים חלק ב' יו"ד סימן ב'), איז געריכטעט צום סאָקאָלאָווער רב ר' יצחק, וועלכער האָט אָפּגעפרעגט דעם פסק־דין פון סאַנדזער, וועלנדיק שטיצן ר' חיליש'ן. דער סאַנדזער רב האַלט זיך אָבער ביי זיין פריערדיקן פסק, אַז מ'טאָר ניט משיג גבול זיין דעם גלאָגעווער שוחט. אָבער, ער שטימט איין, אַז קאָלבסוב קאָן יאָ מאַכן אַ תקנה, אַז נאָר אירע שוחטים זאָלן שעכטן אין דעם שלאַכטהויז אויסער דער שטאָט, דערי־

בער קאָן דער גלאָגעווער שוחט ניט שטערן די תקנה און שעכטן ווען דאָס גאַנצע פלייש גייט פאַר קאָלבסוב. נאָר פון דעם וואָס איז נויטיק פאַר די דערפער, זאָל דער גלאָגעווער שוחט נעמען געצאָלט.

„איצט האָב איך אָבער געהערט פון עדות" — שרייבט ווייטער דער סאַנדזער — „אַז קאָלבסובער האַלטן גאָרניט פון דער תקנה, און אין דעם דאָרף האָבן שוין פון יאָרן געשאָכטן די גלאָגעווער שוחטים, און דאָס האָט קיינמאָל ניט געהערט צו קהל, צו די שוחטים אָדער צום רב, פון קאָלבסוב; פאַרקערט, קאָלבסובער שוחטים מיטן רב האָבן געהאַלטן, אַז מ'זאָל ניט קויפן קיין פלייש פון אויסער דער שטאָטס שחיטה. אויב אַזוי, טאָרן די קאָלבסובער שוחטים ניט גורם זיין קיין היזק און משיג גבול זיין דעם גלאָגעווער שוחט...

„אויב אָבער דאָס קאָלבסובער בית־דין מיט דעם רוב איינוואוינער וועלן באַנייען די תקנה, קאָן דער דאָרפס־קצב יאָ נעמען קאָלבסובער שוחטים; אדרבא, דער גלאָגעווער שוחט טאָר ניט דורך אַ שפיצל גורם זיין מבטל צו מאַכן די תקנה..."

פון אַ דריטער תשובה אין „דברי חיים" (חלק ב' חו"מ סימן ל"ג), דערוויסן מיר זיך, אַז ר' יחיאל איז אין אַ געוויסן מאָמענט געווען ניט־געזונט און זיין געזונט צושטאַנד האָט זיך פאַרבעסערט. אויך באַהאַנדלט די תשובה דריי לאָקאַלע פּראָבלעמען: א) מעג מען דינגען אַ דירה פון אַן אשה אַ „חמסנית"? (אַן אלמנה, וואָס האָט אין קעגנזאַץ פון פסק־דין אין אַ ירושה־סכסוך, צוגענומען דעם פאַרשטאָרבענעס מאַנס הויז אינגאַנצן פאַר זיך); ב) די „רויבערין" האָט געלאָזט שרייבן אַ ספר־תורה; צי מעג מען אָננעמען פון איר דאָס ספר? ג) ס'איז גע'גנב'עט געוואָרן אַ ספר־תורה פון שול און מענטשן האָבן עס שפּעטער געפונען (מסתמא ערגעץ אונטערגעוואָרפן נישט אַזוי בכבודיק); דאַרפן די געפינערס טאָן תשובה?

מיט אָט דעם לשון ווענדט זיך דער סאַנדזער רב אין דער תשובה צו יחיאל'ן, דעם קאָלבושאָווער רב, וואָס פון זיין לומדות און צדקות, זעט אויס, האָט ער שטאַרק געהאַלטן:

„רב שלום וברכה למחו' ש"ב הרב המאה"ג החסיד המפורסם בו"ק (בוצינא קדישא) חו"פ (חסידא ופרישא) בש"ק מו"ה יחיאל נ"י האבד"ק קאָלבסוב.

הגיעני מכתבו היקר (מאז) [מפז] כי ת"ל (תהילה לא־ל) הונח לו מעט בחליו, ונתתי שבח להש"י ויתי' (ויתעלה) על העבר ואבקש על התמדת בריאותו לעולם כמקדם ויחדש ימי עלומיו בנחת וכל טוב. אולם לא ניתן הפנאי להשיבו, כי כעת מוטרד אני מאוד ובריאותי אין אתי כימי נעורי ולכן לא יכולתי להשיבו.

והנה עתה באתי להשיבו בעיקר השאלה של השוכר בית מאשה חמסנית..."

דער סאַנדזער רב גיט די פאָלגנדיקע ענטפערס: א) אויף להבא זאָל דאָס בית־דין אַרויסגעבן אַן התראה, אַז קיינער זאָל ניט דינגען קיין דירה פון

אָט־דער פרוי; ב) דאָס ספר מעג מען על־פּי־דין נעמען, ווייל ס׳איז שוין לאחר יאוש און שינוי רשות, אָבער ווייל וועגן מאַכן אַ ברכה איז אַ פראַגע, איז גלייכער מחמיר צו זיין און נישט לייענען פון דעם ספר, כדי שלעכטע מענטשן זאָלן זיך נישט אָפּלערנען דערפון און זאָגן, אַז וואָס זיי טוען, האָבן זיי אין זינען אַ הייליקן צוועק; ג) דער גבאי, וואָס האָט ניט גוט פאַרשלאָסן די שול, דאַרף פאַסטן אָדער זיך אויסלייזן מיט געלט לויט זיין שטאַנד; וואָס זיינען שולדיק די אַנדערע, בפרט די וואָס האָבן דאָס ספר־תורה געפונען, באַזונדערס, ווי עס זעט אויס, אַז עס איז חס ושלום ניט געווען אַזאַ גרויסער בזיון?

לויט דעם יראת־הכבוד מיט וועלכן דער נאָמען פון ר׳ חיליש איז שפּעטער דערמאָנט געוואָרן, ווייזט אויס, אַז מ׳האָט געהאַט פאַר אים גרויס דרך־ארץ און אַז ער האָט זיך ניט אָנגעשלאָגן אין וועלכע ניט איז באַזונדערע שוועריקייטן. מעגלעך, אַז זיין יחוס אבות צוזאַמען מיט דעם איינפלוס פון זיין רייכן שווער ר׳ אליהו רייך האָבן געהאָלפן איינצושטעלן גוטע באַציאונגען צווישן דעם יונגן רב און זיינע שטאָטישע בעלי־בתים. מ׳דאַרף אָבער געוויס נעמען אין באַטראַכט די פּערזענלעכקייט פון רב, וועלכער זייענדיק אַ באַשיי־דענער מענטש, האָט ער לגבי זיך אַליין געשטעלט גרעסערע פאָדערונגען ווי צו אַנדערע. אָפטמאָל פלעגט ער פאָרן קיין ריישע צו שווער און שוויגער און דאָרט אָפּזיין עטלעכע וואָכן, באַזונדערס בשעת די רביצין אָדער זיין טאָכטער רייצא האָבן געדאַרפט ליגן אין קימפּעט. דאָס האָט ר׳ חיליש איינגעפירט דעם מנהג, וואָס איז שפּעטער איבערגענומען געוואָרן פון מיין רבין ר׳ אריה ליבוש טייטלבוים ז״ל, צו פאָרן קיין ריישע גלייך נאָך פּסח און שוין פאַר־בלייבן דאָרט ביז י״א אייר, דעם רבין ר׳ נפתלי׳ס יאָרצייט, ווען די גאַנצע ראָפּשיצער משפחה, אַלע רביים, רבנים און אייניקלעך מיט גרויסע מחנות פון חסידים פלעגן צוזאַמען גיין פון ריישע קיין לאַנצוט אויפן ציון פון ראָפּ־שיצער רבין זצ״ל.

אין יאָר 1932 האָט נאָך אין קאָלבסוב געלעבט יאָסעלע גלאַנץ, וועלכן מ׳האָט גערופן „יאָסעלע דעם רב׳ס״, ווייל ער איז געווען גבאי און משמש־בקודש ביי עטלעכע דורות קאָלבסובער רבנים, אָנהויבנדיק טאַקע מיט ר׳ חילישן, ווען ער, יאָסעלע, איז נאָך געווען גאָר אַ יונג יינגל. האָט אָט דער יאָסעלע דערציילט פאָלגנדיקע אינטערעסאַנטע מעשה:

איין מאָל איז ר׳ חיליש געפאָרן צו ר׳ מאירל פּרעמישליאַנער און ער האָט מיך מיטגענומען. אַריינגעקומען אין ר׳ מאירלס בית־מדרש, האָב איך גלייך אָנגעזאָגט, אַז ר׳ חיליש קאָלבסובער איז דאָ. ר׳ מאירל האָט זיך באַלד צוגעאיילט, געעפנט די טיר פון זיין חדר מיוחד און געלאָפן אַקעגן ר׳ חילישן.

אָבער גאָר פּלוצים האָט ער זיך אומגעקערט און שרייענדיק „אוי געוואַלד! ס׳הערט זיך דאָך פון אים אַ ריח פון עבודה זרה״, האָט ער פאַרקלאַפּט די טיר.

ר׳ חיליש איז געבליבן שטיין דערשראָקן, אָפּגעגאָסן מיט שווייס. האָט ער אַראָפּגעצויגן פון זיך דעם טייערן סויבעלנעם פעלץ. אַזוי ווי ער האָט דאָס געטאָן, האָט זיך די טיר ווידער געעפנט, און מיט אַ לויכטנדיקן פּנים האָט ר׳ מאירל אויסגעשטרעקט זיינע הענט צום גאַסט או׳סרופנדיק: „שלום עליכם, ר׳ יחיאל קאָלבסובער!״ און די גאַנצע צייט אים אַרויסגעוויזן גרויס התקרבות.

דער אויפפיר פון ר׳ מאירל פּרעמישליאַנער איז געווען אומפאַרשטענד־לעך. נאָכן אויספאַרשן פון וואַנען דער פעלץ האָט געשטאַמט, האָט זיך אַרויס־געוויזן, אַז דאָס האָט דער קאָלבסובער רב באַקומען ווי אַ מתנה פון זיין שווער. וועמען האָט דאָס געקאָנט איינפאַלן, אַז דעם פעלץ האָט פריער געטראָגן גאָר אַ קאַטוילישער גלח?

זיין שווער ר׳ אליה רייך האָט געטאָן גרויסע געשעפטן מיט די ריישער גלחים. אין איין פאַל האָט ער אָפּגענומען פון אַ גלח זיין טייערן סויבעלנעם פעלץ ווי אַן אָפּצאָל פון זיין חוב.

יאָסעלע גלאַנץ איז געווען דער פאָטער פון וואָלף גלאַנץ און דער שווער פון פּנחס מאַרין.ביידע שוואָגערס זיינען געווען קצבים אין קאָלבסוב.

## ר׳ אברהם־אהרן טייטלבוים און ר׳ אשר׳ל רובין

ר׳ חיליש האָט ניט מאריך ימים געווען. ער איז נפטר געוואָרן זייענדיק בלויז פופציק יאָר אַלט אין תר״כ (1860). זיין טאָכטער רייצא, וועלכע האָט געהייסן נאָך זיין מוטער (די טאָכטער פון רבין ר׳ נפתלי און דאָס ווייב פון רבין ר׳ אשר פון ראָפּשיץ) איז שוין לאַנג געווען פאַרהייראַט צו ר׳ אברהם־אהרן טייטלבוים, דער עלטסטער זון פון „ייטב לב״, ר׳ יקותיאל יהודה (זלמן לייב) פון סיגוט, אונגאַרן. צו יענער צייט האָבן זיי שוין געהאַט דריי קינדער: חנה — געבוירן אין ריישע אין יאָר תרי״ג, ריזשע בלימע — געבוירן אין דראָהאָביטש, תרט״ז און אשר — אין תרי״ח. (דאָס יינגל אשר איז גע־שטאָרבן. — פון אַ פאַרצייכנונג אויפן טאָוול פון דעם ספר „ישמח משה״ ח״א, אין דער האַנטשריפט פון ר׳ אברהם־אהרן ז״ל. דאָס ספר געפינט זיך ב״ים קאָלבסובער רב, ר׳ אלכסנדר טייטלבוים, בראָנקס, נ. י.).

ר׳ אברהם־אהרן האָט געוואוינט אין קאָלבסוב און האָט זיך פאַרנומען מיט דעם פאַרקויף פון אונגאַרישע וויינען. ער האָט אָבער ניט שטאַרק

מצליח געווען אין מסחר. באַזונדערס אין דעם יאָר פון זיין שווערס פּטירה האָט ער געהאַט שווערע פאַרלוסטן.

אויך אַ זון, אַ בן־יחיד, האָט ר׳ חיליש געלאָזן. אים האָט מען גערופן אשר־ישעיה, נאָכן זיידן, דעם רבי ר׳ אשר, וועלכער איז נפטר געוואָרן ערב פּסח, תר״ה (1845). דאָס אייניקל ר׳ אשר׳ל קאַלבסובער איז געבוירן געוואָרן צום יאָר, אין תר״ו (1846). בעת דער פּטירה פון זיין פאָטער ר׳ חיליש איז ער שוין אַלט געווען פערצן יאָר.

כדי צו באַוואָרענען, אַז דאָס קאַלבסובער רבנות זאָל ניט בלייבן אין גאַנצן הפקר, פריי און אָפן פאַר דער וועלט, האָט די רביצין, די אלמנה, ניט דערלאָזן מקבר זיין דעם בר־מינן ביז מ׳וועט אויפנעמען איר איידעם ר׳ אברהם־אהרן פאַר דעם ממלא־מקום, על־תנאי „עד יגדל״ — ביז איר זון ר׳ אשר׳ל וועט אונטערוואַקסן און זיין ראוי צו פאַרנעמען זיין פאָטערס פּלאַץ. אַזוי אַרום איז ר׳ אברהם־אהרן געוואָרן רב אין קאַלבסוב. ער איז דעמאָלט אַלט געווען 34 יאָר.

אַרום דעם קבר פון ר׳ חיליש האָט מען אויפגעבויט אַ הילצערנעם „אוהל״. מיט יאָרן שפּעטער, אין תרע״ד, האָט מען לעבן אים אין „אוהל״ מקבר געווען דעם זון ר׳ אשר׳ל. אַ צווייטער אוהל איז געשטאַנען אויפן בית־עלמין, און דאָרט האָבן זיך געפונען די קברים פון די דיינים ר׳ יחזקאל־מענדל, ר׳ שלום גאָלדבערג און זיין זון ר׳ משה און ר׳ איטשע לייזער גרעער.

צו דעם קרוינען פון ר׳ אברהם־אהרן טייטלבוים, איז געקומען פון אונגאַרן זיין פאָטער דער „ייטב לב״ מיט אַ צאָל אונגאַרישע חסידים. אויך סאַנדזער חסידים פון קאַלבסוב האָבן אַקטיוו געשטיצט ר׳ אברהם־אהרנען.

די דזשיקעווער חסידים זיינען אָבער ניט געווען שווה בשווה מיט די סאַנדזער. די דזשיקעווער חסידים, צווישן וועלכע ס׳האָבן זיך געפונען אַ צאָל גבירים און איינפלוסרייכע בעלי־בתים, ווי די עקשטיינס און די געלדצייי־לערס, האָבן ניט נוטה געווען צו ר׳ אברהם אהרנ׳ען. זיי האָבן בעסער געוואָלט אַ זייטיקן און צייטווייליקן רב, וואָס וועט ניט וועלן און אויך ניט קאָנען עטאַבלירן אַן אייגענע חזקה אויפן רבנות ביז ר׳ אשר׳ל וועט זיין ראוי עס איבערצונעמען.

אַזעלכן האָבן זיי געפונען אין דעם פּערזאָן פון ר׳ וואָלף (קרייזמאַן ?) ווען מען האָט גערופן „ריישער״. ער איז געווען אַן עושר און אַ למדן, און האָט שוין דעמאָלט געוואוינט אין קאַלבסוב. ר׳ וואָלף האָט שוין טאַקע אָנגעהויבן פּראַווען רבנות און פאַרשטענדלעך, אַז ער האָט אַזוי אַרום אָנגעטאָן צער ר׳ אברהם־אהרנ׳ען.

ס׳ווערט דערציילט, אַז ס׳זיינען געקומען צום סאַנדזער רבין אויף שבת חסידים פון קאָלבסוב. צווישן זיי איז געווען אויך דער מלמד ר׳ שלמה שנור, וואָס אים געדענק איך נאָך ווי מיין רבין. פרייטיק צונאַכטס, בעת מ׳האָט געגעסן די פיש, האָט דער סאַנדזער אַ בליק געטאָן אויף די קאָלב־סובער געסט און אַ זאָג געטאָן: ׳וואָס טוט זיך אין קאָלבסוב?״ האָבן די קאָלבסובער געענטפערט: „ר׳ וואָלף ריישער האַלט נאָך אין איין אַרומרודערן״. האָט דער סאַנדזער אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש, אויסרופנדיק: „אַזוי? דאָס קאָן ניט געמאָלט זיין!״

קומענדיק אַהיים קיין קאָלבסוב, האָבן די סאַנדזער חסידים ניט מער געטראָפן ר׳ וואָלף ריישער צווישן די לעבעדיקע. פרייטיק צונאַכטס ביים עסן די פיש האָט זיך ביי אים אין האַלז אַריינגעכאַפּט אַביינדל אין דער לינקער קעל און אַזוי אַרום איז ער, רחמנא־ליצלן, אויסגעגאַנגען. (געהערט פון ר׳ אלכסנדר טייטלבוים הנ״ל).

ר׳ אשר׳ל איז שוין צו יענער צייט געווען אַ חתן פון קאָמאַרנע. די כלה, חנה־שפרה, איז געווען די עלטסטע טאָכטער פון ר׳ אלכסנדר, דער עלטסטער זון פון ר׳ אייזיקל קאָמאַרנער. ר׳ אלכסנדר איז נפטר געוואָרן נאָך זייער יונג, אין גאַנצן 34 יאָר אַלט (אין י״א טבת, תרי״ט).

צו פופצן יאָר האָט ר׳ אשר׳ל חתונה געהאַט און געבליבן אין קאָמאַרנע עסן קעסט ביי זיין עלטער־שווער ר׳ אייזיקל. ר׳ אייזיקל האָט זייער שטאַרק מקרב געווען זיין פאַרשטאָרבענעם זונס איידעם, און ער פלעגט אויף אים זאָגן מיט ליבע: „מיין אשר איז כשר״.

אין קאָמאַרנע האָט ר׳ אשר׳ל אַ סך געלערנט און געזוכט שלימות אין אַלע ענינים פון תורה, הן אין נגלה, הן אין נסתר, און נאָך מער אין עבודת־השם. קיין קאָלבסוב איז ער בלויז געקומען פון צייט צו צייט, צו דער יאָרצייט פון זיין פאָטער, ר׳ חיליש זצ״ל. מיט זיין שוועסטער רייצא האָט ער תמיד אָנגעהאַלטן גוטע פריינטשאַפט. אָפט פלעגט ער זיך אַריינכאַפּן אין בית־הרב בגניבה, דורך אַ הינטער־וועג, כדי זיך ניט צו באַגעגענען מיט זיין שוואָגער, ר׳ אברהם אהרן.

פון אַ תשובה אין „שואל ומשיב״ חלק ב׳ סימן כ׳ פון לעמבערגער רב ר׳ יוסף שאול נאַטאַנזאָן, ווייזט אויס, אַז אין חשוון תרכ״ג, צו זיבעצן יאָר, האָט שוין ר׳ אשר׳ל געמאַכט אַ תביעה אויפן כסא הרבנות. פון דער זעלבער תשובה זעען מיר אויך בפירוש, אַז דער סאַנדזער רב האָט גע׳פּסק׳נט, אַז מ׳דאַרף ר׳ אשר׳לען געבן שכירות און פאַר אים אויפהיטן דאָס רבנות ביז ער וועט לערנען.

דאָס איז אַ טייל פון דער תשובה, אין וועלכער ר׳ יוסף שאול פאַררופט זיך אויפן סאַנדזער און איז מיט אים מסכים:

„בשנת תרכ״ג, בש״ק פ׳ תולדות, ער״ח כסלו, הגיעני מכתב מהדיינים ויח״ס (ויחידי סגולה) דק׳ קאלבסיב בדבר רב אחד שמת ובנו רוצה למלאות מקומו, אבל אינו ראוי לזה. והרב הגאון החסיד מוהר״ח אבד״ק צאנז כתב דימתינו לו עד שילמוד. ולע״ע (ולעת עתה) יורה אחר הוראות והוא יקח המעות.

והנה כפי הראות, כוונתו למ״ש הרמב״ם פ״א ממלכים דמשמרין לו את המלוכה, כמו שעשה יהוידע ליהואש...״

מ׳קאָן זיך פאָרשטעלן, אַז קאַלבסובער קהל איז ניט געווען גרייט צו צאָלן ר׳ אשר׳לען אומזיסטע שכירות ביז ער „וועט לערנען״, איז ר׳ אשר׳ל געבליבן מער אין קאָמאַרנע ווי אין קאַלבסוב.

ביי אַ טייל פון ר׳ אשר׳לס אייניקלעך איז פאַרבליבן דער איינדרוק, אַז זייער זיידע האָט אין קאָמאַרנע געגעסן קעסט 25 יאָר, אָבער דאָס איז אַ גוזמא. אין דער אמת׳ן איז ער געווען אין קאָמאַרנע ביז נאָך דער פטירה פון ר׳ אייזיקלען אין י׳ אייר, תרל״ד (1874).

ווען דאָס קאָמאַרנער רביסטווע איז איבערגעגאַנגען צו ר׳ אייזיקלס צוויטן זון ר׳ אליעזר צבי, האָט ר׳ אשר׳ל ניט געקאָנט מער בלייבן אין קאָמאַרנע אויף אַ לענגערער צייט, הגם ר׳ אליעזר צבי איז געווען גרייט אים צו שטיצן. ר׳ אשר׳ל איז צוריקגעקומען קיין קאַלבסוב און זיך דאָרט באַזעצט.

ביי קאַלבסובער קהל האָט מען יאָ עפּעס אויסגעפּועלט צו געבן ר׳ אשר׳לען אַ שטיקל חודש׳לעכן געהאַלט. אויך שטאָטישע בעלי־בתים, און באַזונדערס דזשיקעווער חסידים, האָבן אים אונטערשטיצט: געשיקט חנוכה־געלט, שלח־מנות, רגל־געלט און געקומען אַמאָל שבת אָדער יום־טוב צו זיין טיש. אָבער מיט דעם אַלעמען האָט ער תמיד געלעבט אין דחקות. פון צייט צו צייט פלעגט ער אַרויספאָרן אויף דער „וועלט״, וואו מ׳האָט זיך באַצויגן צו אים מיט גרויס דרך־ארץ און מ׳פלעגט אים דערלאַנגען „קוויטלעך״ מיט פדיונות און גיין זיך „פּראַווען״ צו אים. ווייל איין זאַך האָבן אַלע מסכים געווען, אַז ר׳ אשר׳ל איז געווען אַן ערלעכער ייד, אַן עובד השם.

זיין גאָטספאָרכטיקייט איז געווען אין לשער. ער האָט קיינמאָל ניט פאַר־שלאָפן חצות. פונקט צוועלף אויפן זייגער אין מיטן דער נאַכט האָט ער זיך אַרויסגעשליידערט פון בעט אויפן דיל (דאָס האָט ער געטאָן כדי איבערצוברעכן דעם שלאָף, ס׳זאָל זיך אים נישט פאַרוועלן ווייטער צו שלאָפן מחמת מיד־קייט). נאָך אָפּריכטן חצות האָט ער עוסק געווען אין לערנען נגלה און נסתר. פונקט פינף אַזייגער אין דער פרי איז ר׳ אשר׳ל שוין געווען אין מקווה, און אַקוראַט אַכט אַזייגער איז ער אַריין אין גרויסן בית־מדרש צו דאַווענען מיט

מנין. עולה געווען לתורה האָט ער נאָר ווען מ׳האָט געדאַוונט ביי אים אין הויז. אין בית־מדרש האָט מען מורא געהאַט אים יאָ אָדער ניט אויפצורופן „מורה־מורנו״, האָט מען אים גאָרנישט גערופן; נאָר צו הגבהה פלעגט ער אַליין, אומגערופן, צולויפן. אַזוי האָט ער זיך געפירט אַלע יאָרן כל־זמן ר׳ אברהם־אהרן האָט געלעבט.

ר׳ אשר׳ל איז געווען ווייט פון צו זיין אַ קריגער אָדער קעמפער, האָט ער געמאַכט שלום מיט זיין גורל און האָט אַפילו ניט נאָכגעטראָגן קיין שנאה. זיין תמימות קאָן אילוסטרירט ווערן מיט דער פאָלגנדיקער הלצה, וואָס איז אַרומגעגאַנגען אין קאָלבסוב: זייענדיק אונטערוועגנס האָט מען ר׳ אשר׳ן געוואָלט אויפרופן צו דער תורה, האָט מען ביי אים געפרעגט זיין נאָמען. האָט ער געענטפערט: „מורה־מורנו — על הדרך״, ווי איינער זאָגט, אַז אויסער דעם תחום פון קאָלבסוב קאָן מען אים יאָ רופן מיט דעם פולן טיטול וואָס אים קומט. דער אויפרופער — אַ קליינער ידען — האָט נישט פאַרשטאַנען, האָט ער פשוט גערופן: „יעמוד מורה־מורנו על־הדרך״.

פאַרן עמוד האָט ר׳ אשר׳ל יאָ געדאַוונט אין גרויסן בית־מדרש. ער פלעגט זאָגן סליחות און ימים נוראים דאַווענען פסוקי־דזמרה. אויך איז ער געווען דער מקריא ביי די תקיעות. זיין קול איז געווען אויסטערליש רוי, האַרט און מורא׳דיק, אַז ס׳האָט צעבראָכן הערצער. זיין בליק איז געווען ביסטרע־שאַרף און דורכדרינגענדיק. ווען ער האָט געזאָגט די „הנשמה־לך״ס האָט מען געקאָנט פילן, אַז אָט ברעכט זיך די נשמה אויף שטיקער. ווידער ביי די ערשטע ברכות פון פסוקי־דזמרה האָט ער אויסגעצויגן יעדן „האָ־אוי־לאָ־אָ־אָם״ (העולם) גלייך ווי ער וואָלט אָקאָרשט צענויפגעוויקלט די גאַנצע וועלט אונטערן דאַך פון בית־מדרש. ביי די תקיעות־דמעומד האָט ער זיך ריטמיש צעוויגט אַהין־אַהער, אַקעגן דעם בעל־מוסף, ר׳ וואָלוויש שוחט, דעם בעל־תוקע, און מיט זיין שאַרפן קוק, טייטלענדיק מיט זיין רעכטן ווייז־פינגער גלייך אין וואָלוויש שוחט׳ס פנים אַריין, האָט ער אַ קאָמאַנדע געטאָן: „תע־האַי־קי־עע״ (תקיעה). ר׳ וואָלוויש, הגם זייער אַ האַרטער, דיסציפּלינירטער מענטש, האָט זיך פיל מאָל ניט געקאָנט איינהאַלטן פון לאַכן; ער האָט שוין ניט מער געקענט מאַכן די תקיעות און געמוזט איבערגעבן דעם שופר צו ר׳ אשרל׳ען צו פאַרענדיקן בלאָזן אַ טייל פון די תקיעות־דמעומד.

ביי לייענען קריאת־שמע פאַרן גיין שלאָפן האָט ר׳ אשר׳ל געהאַט אמת׳ע מסירת־נפש, פשוט אַזוי ווי אונדזערע חכמים ז״ל האָבן געזאָגט: „בכל נפשך — אפילו הוא נוטל את נפשך״ (ברכות נד). ער פלעגט אַ טופּע טאָן מיט די פיס אויף דער פּאָדלאָגע, אַז אַלע וועלט האָבן געוומען ציטערן, און

אויסגעצויגן האָט ער דעם „אחאַ־ד׳ד׳ד״ מיט אַזאַ עקסטאַז, אַז זיינע בני־בית האָבן מורא געקראָגן ער זאָל ניט אויסגיין אויפן אָרט. האָבן זיי דעריבער זיך אונטערגעהערט הינטערן פענסטער, אָדער אַריינגעקוקט דורך אַ שפּאַרונע אין וואַנט, כדי צו וואַכן איבער אים.

אין דער פרי, אין אַ וואָכנטאָג, ניין אַזייגער, האָט ר׳ אשר׳ל געגעסן זיין פרישטיק, האַלטנדיק דערביי אַן אָפענע גמרא, אין וועלכער ער האָט גלייכצייטיק מעיין געווען. נאָכדעם האָט ער פאַררייכערט זיין ליולקע־ציבעך און אין דעם וואָלקן פון רויך און ריחות איז ער געזעסן פאַרטיפט אין מחשבות און „מוחות״.

---

אין דער צייט ווען ר׳ אשר׳ל איז געזעסן אין קאָמאַרנע האָט זיך ר׳ אברהם־אהרן באַפעסטיקט אויפן כסא־הרבנות אין קאָלבסוב. אין בית־דין שטיבל האָבן אָנגעהויבן אַריינקומען למדנים, גוטע פריינט און סתם אַזוי אונטערשטופּער וואָס האָבן דעם רב געהאָלפן אין אַלע ענינים. זעענדיק ווי ר׳ אברהם־אהרן איז שוין אַרומגערינגלט מיט אַ גאַנצער משפחה פון קינדער, האָט יעדער איינער אין שטאָט אָנגענומען זיין רבנות ווי אַ געשעענעם פאַקט, וואָס קאָן מער נישט געענדערט ווערן, ווייל „מעלין בקודש ולא מורידין״.

מער פון אַ האַלבער פרנסה האָט ר׳ אברהם אהרן געהאַט פון אונגאַרן. ווען זיין פאָטער, דער „ייטב לב״ פון סיגוט איז נפטר געוואָרן אין תרמ״ג (1883), זיינען געקומען חסידים פון אונגאַרן און פאַרלאַנגט ר׳ אברהם־אהרן זאָל ווערן זייער רבי. ער האָט זיי אָבער אָפּגעזאָגט, זאָגנדיק, אַז אויפן אָרט איז פאַרבליבן זיין יינגערער ברודער חנניא־יום־טוב־ליפּא (דער „קדושת יום־טוב״). ר׳ אברהם־אהרן איז אָבער יאָ געפאָרן קיין אונגאַרן יעדן זומער גלייך נאָך שבועות און ער פלעגט שוין דאָרט פאַרבלייבן צען וואָכן, ביז איבער די יאָרצייטן פון „ישמח משה״ און פון דעם „ייטב לב״. אַ שווערע פּאָסט פון פדיונות מיט קוויטלעך פלעגט צו אים אָנקומען אַ גאַנץ קיילעכדיק יאָר פון די אונגאַרישע יידן, וועלכע האָבן ר׳ אברהם־אהרנ׳ען פאַרהייליקט ווי אַ בעל־מופת. אויך אין און אַרום קאָלבסוב האָט מען געטראָפן יידן, וואָס האָבן געטראָגן קוויטלעך מיט פדיונות צום רב, באַזונדערס ערב יום־כפור.

דער פונאַנדערטייל פון כיבודים אין גרויסן בית־המדרש צווישן דעם רב און ר׳ אשר׳לען איז געמאַכט געוואָרן אויף אַן אופן, אַז עס זאָל ניט אַרויסרופן קיין צוויסטיקייט. די נאַכט פון שמחת־תורה האָט ר׳ אשר׳ל געמאַכט די הקפות אין גרויסן בית־מדרש, זאָגנדיק לויט דעם ראָפּשיצער נוסח

די „חרדים" פון ר׳ אלעזר אזכרי מיט געוואַלטיקן שטורם. ר׳ אברהם־אהרן האָט דעמאָלט געמאַכט די הקפות אין שול. פאַר די הקפות זיינען שוין די חברה־קדישא לייט געווען גוט אָנגעטרונקען, האָבן זיי גענומען דעם אַפּטער רב׳ס פאָן (וואָס איז אַ גאַנצן יאָר געשטאַנען אין צפון־מערב ווינקל פון שול) מיט אים מאַרשירט צום בית־הרב און מיט געזאַנג געפירט דעם רב צו די הקפות אין שול.

שמחת־תורה אין דער פרי פלעגט שוין דער רב פירן די הקפות אין גרויסן בית־מדרש. אין צוגאָב צום ראָפּשיצער נוסח, פלעגט ער אַריינפלעכטן ביי יעדער הקפה די יהי־רצון׳ס פון ספר עבודת־הקודש. דער צווייטער נאָכן רב איז געווען ר׳ אשר׳ל מיט זיין קליין תורה׳לע. ביי יעדער הקפה פלעגן זיי טאַנצן איינער אַקעגן דעם אַנדערן. ביי דער הקפה פון „עוזר דלים" האָט דאָס טאַנצן אָנגעהאַלטן אַ לענגערע צייט...

פון דער סאָלוטאַציע אין אַ תשובה פון „דברי חיים", חלק ב׳, אבן־העזר סימן כ״ב, איז צו דרינגען, אַז דער סאַנדזער רב האָט פּאַקטיש יאָ אָנערקענט ר׳ אברהם אהרנ׳ען ווי דעם רב פון קאָלבסוב. ער שרייבט:

„להרב המופלג החריף החסיד וי״א (וירא אלקים) בנש״ק מו״ה אברהם אהרן האבד״ק קאָלבסוב יע״א והבד״צ דשם".

די תשובה איז אַן ענטפער צו אַן אָנפראַגע, וועגן אַ פאַרהייראַטע פרוי, וואָס מ׳האָט אויף איר עדות געזאָגט, אַז זי האָט זיך געשפּילט אין געהאַט יחוד מיט בחורים. דער סאַנדזער רב ענטפערט, אַז לויטן דין דאַרף זי דער מאַן גט׳ן.

ר אברהם־אהרן איז געווען אַ געלאַסענער מענטש און די תקופה פון זיין רבנות איז געווען אַ גאַנץ רואיקע. אויב ס׳זיינען יאָ פאָרגעקומען געוויסע אינצידענטן און רייבונגען קאָן מען זיי גיכער צושרייבן צו די עטלעכע מענטשן אין בית־הרב, פון וועלכע דער רב האָט זיך געלאָזט אין געוויסע פאַלן באַאיינפלוסן.

## די עקשטיינס

דאָס הויז פון די עקשטיינס איז געווען אַ ראָטשילד־הויז אין מיניאַטור.

דער פאָטער פון דעם עקשטיין־הויז איז געווען ר׳ מענדל. מיט זיין עשירות זיינען געווען פאַרבונדן לעגענדעס. ס׳ווערט דערציילט, אַז ר׳ מענדל עקשטיין איז געווען אַן אַרענדאַר, אַ גרויסער מכניס אורח, אָבער זיין פּרנסה איז נישט געווען בריווח, האָט ער זיך באַקלאָגט פאַר זיין רבין ר׳ אליעזר פון דזשיקעוו. דער רבי האָט אים געבענטשט מיט נחת און הרחבה פאַר אים, זיינע קינדער און קינדס קינדער.

אַרום 1848 ווען ס׳איז פאָרגעקומען אין גאַליציע דער פּויערים־אויפ־

שטאַנד אַקעגן דער „פּאַנשטשיזנע״, ווען דער פויער האָט מער נישט געוואָלט בלייבן פאַרשקלאַפט און דינען ביים פּריץ, זיינען די פויערים דעמאָלט באַפאַלן די גראַפישע פּאַלאַצן און זיי אויסגעפּלינדערט. מיט די יידן זיינען די פויערים געבליבן פריינטלעך; נישט איין „הראַביע״ האָט געהאַט צו פאַרדאַנקען זיין לעבן דעם יידישן אַרענדאַר, וואָס האָט אים ביי זיך אויסבאַהאַלטן.

אַזאַ כנופיא גויים איז אַריין אין דער קרעטשמע פון ר׳ מענדל עקשטיין, טראַגנדיק מיט זיך אַ צאָל אָנגעפּאַקטע זעק מיט אָנגערויבטע ווערטזאַכן. נאָכדעם ווי זיי האָבן זיך שוין אַביסל אָנגעשיכורט, האָט ר׳ מענדל געבעטן געצאָלט. איינער פון די שיכורים האָט אים צוגעוואָרפן אַ זעקל זאָגנדיק: נאַט, אָט האָסטו דיין געצאָלט!...

וויפל גאָלד און זילבער, פּערל און בריליאַנטן דאָס זעקל האָט אַנטהאַלטן, איז נישט באַוואוסט; אָבער ר׳ מענדל איז פון יענער צייט וואָס אַמאָל מער נתעשר געוואָרן און זיין עשירות איז איבערגעגאַנגען צו די קינדער און קינדס קינדער. די מערסטע פון זיי זיינען אויך געבליבן דזשיקעווער חסידים ביי דעם רבין ר׳ אליעזר׳ס זון, ר׳ מאיר׳ל, דער „אמרי נועם״, ביי זיין זון ר׳ יהושע׳לע, און ביים לעצטן דזשיקעווער רבין, ר׳ אלתר׳ל.

גאָר באַרימט פאַר זיין רייכטום, לומדות און חסידות איז געווען ר׳ מענדל עקשטיינס עלטסטער זון, ר׳ מאָטיש עקשטיין פון ריישע. אַ צווייטער זון איז געווען ר׳ ליבוש עקשטיין אין דזשיקעוו.

אין קאָלבסוב האָט די הויפּט ראָלע געשפּילט ר׳ יעקב עקשטיין, הגב ס׳איז געווען אין קאָלבסוב זיין ברודער, ר׳ משה׳לע עקשטיין, אַ פּערטער זו פון ר׳ מענדל עקשטיין. ר׳ משה׳לע איז אויך געווען אַ למדן און אַ גביר ער איז אָבער געווען אַ שטילער און צוריקגעצויגענער מענטש, וואָס אי געזעסן אויף דער שייטעראָווקע — אַ מהלך פון שטאָט — און תמיד געלערנט ער האָט זיך נישט געמישט אין שטאָטישע אָדער אין געזעלשאַפטלעכ ענינים. בכלל האָט מען אים זעלטן געזען אין שטאָט.

ר׳ יעקב עקשטיין דאַקעגן איז געווען ווייט פון צו זיין אַ למדן, ער אי אָבער יאָ געווען אַן עוסק בצרכי־צבור, פאַר יאָרן־לאַנג דער ראש־הקהל אונטער וועמענס אויפזיכט אַלע פּאָליטישע, סאָציאַלע, עקאָנאָמישע און רעלי גיעזע ענינים זיינען פאַרוואַלטעט און דערליידיקט געוואָרן. אין אַ יום־טוב׳ דיקער שטימונג, באַהאָנגען מיט דעם גאָלדענעם מעדאַל פון קייזער פראַנ יאָזעף אויף זיין ברוסט, פלעגט ער אַ שטראַלנדיקער דערשיינען אין שו צוזאַמען מיט דעם באַצירקס־הויפּטמאַן און אַלע הויכע באַאַמטע אין זייער

אָפיציעלע מונדירן צו דעם קייזערס „נאמענסטאָג" אָדער זיין געבורטסטאָג, ווען דוד אייזן (שפעטער חזן אין קראָקע) מיט זיין העלדן טענאָר האָט אויס־געציקלט דעם „הנותן תשועה למלכים" און, באַגלייט פון אברהמ׳לע נחומ׳ס בנים ווי משוררים, געזונגען דאָס קאַפּיטל כ"א פון תהילים „ה׳ בעזך ישמח מלך..."

געפינענדיק שטענדיק אַן אָפענע טיר ביי דעם סטאַראָסטע, האָט ר׳ יעקב עקשטיין געהאַט אַ דירעקטן קאָנטאַקט מיט אַלע הויכע באַאַמטע; דאָס האָט ממילא געפירט צו דעם, אַז כמעט אַלע רעגירונגס קאָנצעסיעס און מאָנאָ־פּאָלן (מיטן אויסנאַם פון דער טראַפיק פון טאַבאַק, וועלכע איז שוין פון לאַנג איינגעשטאַנען ביי ר׳ דוד געלדצייילער) זאָלן אַריינפאַלן צו די עקשטיינס. אַן אים, האָבן בלויז געציילטע יחידים, יוצאים מן הכלל, געקאָנט צוקומען צו עפּעס אַ רעגירונגס עסק. אַזוי האָט די משפחה עקשטיין, אַ חוץ פון באַזיצן עטלעכע אימעניעס־גיטער, אויך קאָנטראָלירט די גמינע (מאַגיסטראַט), לייי־קאַסע, דעם פאַרקויף פון ביר און אָקעוויט, גרויסע שטרעקעס פון פעלדער און וועלדער און אַנדערע געשעפטן. כדי אָנצופירן מיט די אַלע פאַרצווייגטע אונטערנעמונגען האָבן די עקשטיינס, פאַרשטייט זיך, געמוזט אַריינציען אויך אַנדערע מענטשן ווי פאַכמענער, פאַרוואַלטער, סתם שטיקלעך שותפים, מעקלער, שליחים, משרתים און „יוצר משרתים", אַזוי אַז אַרום דעם „הויף" (אַזוי האָט מען גערופן די „עקשטיין־אימפעריע") איז אַלעמאָל געווען אַ קרייז מענטשן וואָס האָט פון דאָרט געצויגן חיונה.

אַן ערך פינף־און־צוואַנציק יאָר, פון אַרום 1890 ביז 1915, האָבן מיר געוואוינט אויף דער „גאָרע", אין שכנות מיט די עקשטיינס; מיר האָבן כסדר געדאַוועט אין „הויף" און אַ טייל פון די נויטיקע פּראָדוקטן איז פון אונדזער שפּייזקראָם צוגעשטעלט געוואָרן צום „הויף". מיין פאָטער איז אויך געווען אַ שותף אין דער זייפנפאַבריק מיט ר׳ יעקב עקשטיינס איניקל, מעניע עק־שטיין צוזאַמען מיט יאַנקאַלע עקשטיין פון דזשיקעוו (אַ קוזין צו די קאָלב־סובער עקשטיינס), ווי אויך אין דעם טאַרטאַק מיט דאָוויטשע עקשטיין, ר׳ יעקב׳ס אַ זון, צוזאַמען מיט שלמה נוסבאַום.

ר׳ יעקב עקשטיין אַליין איז אייגנטלעך געווען אַ פשוטער גוטהאַרצי־קער ייד, ניט געהאַלטן זיך גרויס, אַ מענטש אַן קאָמפּלעקסן, אַ וואַרעמער און געזונטער ייד, וואָס די הצלחה האָט אויף אים געשיינט, און ער האָט געפונען חן ביים רבונו־של־עולם און אַנזען ביי מענטשן, ביי שרים אַזוי גוט ווי ביי „עמך", ביי ניט־יידן צוגלייך ווי ביי יידן. האָט ער, ר׳ יעקב, געפירט אַ ברייט הויז מיט קעכינס און דינסטן, באַדינער, „פאַראַבקעס" און קוטשערס

מיט קאַרעטעס, בריטשקעס און וועגענער מיט פערד און בהמות, ווי עס פּאַסט פאַר אַ האַר און פּרינץ.

זיין הויז איז געווען פריי און אָפן. מ׳האָט טאַקע גאַנצע טעג ביי אים געבאַקן און געקאָכט, געדעמפּט, געפּרעגלט און געפּראַזשעט אין גרויסע קופּערנע בעקנס, און גלאַנציקע פאַנען און טעפּ; אָבער ווען און וואו אַן אָרעמאַן, אַ קראַנקער האָט באַדאַרפט אַ „יאַכיל" מיט אַ שטיקל עוף, איז מען אַריין צו ר׳ יעקב׳ן גלייך אין קיך און קיינמאָל נישט אַרויס מיט ליידיקן. נאָך מער, ס׳איז נישט נויטיק געווען צו וואַרטן אויף דער „פּרוי" (אַזוי האָט מען גערופן ר׳ יעקב׳ס ווייב), די יידישע קעכינס האָבן אַליין געהאַט דעם זכות אויסצוטיילן געבעקס און געקעכטס צו אָרעמעלייט.

אין דער פרי צו פרישטיק האָט זיך ר׳ יעקב קיינמאָל נישט געזעצט עסן איינער אַליין; אַרום דעם טיש האָבן זיך על־פּי־רוב געפונען אַ צוויי מנינים אורחים, היימישע און פרעמדע, שטענדיקע און נייע, בעלי־תורה און יידן פון אַ גאַנץ־יאָר — אַלע האָבן געגעסן מיט אים צוגלייך, די זעלבע מאכלים, אָדער גאָר אויסגעבאַטענע פּאָטראַוועס פון אַלעם גוטן. דאָס זעלבע האָט זיך איבערגעחזרט ביי אַלע אַנדערע מאָלצייטן.

ווידער אויפן ווינטער פלעגט מען פון „הויף" צושטעלן צו עטלעכע קלאָפטער האָלץ ביי צענדליקע אָרעמע פאַמיליעס און ביי די „כלי־קודש" ווי דיינים, מלמדים און שמשים.

אַזעלכע ימים־טובים ווי מ׳האָט געפּראַוועט אין ר׳ יעקב עקשטיינס הויף, קאָן מען זיך היינטיקע צייטן גאָרנישט פאָרשטעלן. כמעט אַ האַלבע שטאָט יידן פלעגט זיך פאַרזאַמלען אין דער גרויסער סאַליע אָדער אין בית־המדרש פון „הויף" און פאַרברענגען עסנדיק און טרינקענדיק, אין הערן און אין זאָגן שאַרפע דברי־תורה און שיחות־חולין, אין זינגען זמירות מיט די נייעסטע און שענסטע ניגונים, וואָס זיינען אָקאָרשט אַנגעקומען פון די קאַפּעליעס אין די רביאישע הויפן אָדער פון דעם קראָקעווער קאָמפּאָזיטאָר לייזערקע. אויף די טישן האָט מען סערווירט פיש, אין זיסן און אין זויערן, געהאַקטע לעבער מיט אייער און ציבעלעס, פליישן, קוגלען, ניס און אַרבעס אויך פאַרשידנאַרטיקע געטראַנקען, שאַרפע און מילדע, זיסע און ביטערע, און נאָך דערצו ביר, וויין און מעד.

נישט איינמאָל האָט מען ביים שלוס פון אַ יום־טוב׳דיקער מנחה, אין „ועל כן נקוה", אַריינגעשלעפּט דעם בעל־תפילה אין קאַראַהאָד און אַזוי מיט אים אָפּגעטאַנצט מער פון אַ האַלבער שעה; אַזוי פלעגט אויך טרעפן אין אַ יום־טוב׳דיקן שבת ביי „בואי בשלום".

די יום־טוב טעג זיינען שוין געווען איינגעטיילט צווישן די עקשטיינס, ווען און ביי וועמען מ׳זאָל זיך צונויפקומען. די נאַכט פון תיקון ליל שביעי של פסח האָט געהערט צו ר׳ יעקב׳ס איידעם, ראובן עקשטיין. ער פלעגט ממש אויסליידיקן דאָס גאַנצע הויז און אַלצדינג אָנשטעלן אויפן טיש. צו־מאָרגנס פלעגט ער שיקן צו אונדז באָרגן עטלעכע שמורה־מצות. אויב זיין ווייב עסטשע (אסתר) האָט עפּעס נישט אַזוי גוט באַהאַלטן, האָבן זיי נישט געהאַט יום־טוב ביי זיך וואָס צו עסן. שביעי של פסח נאָך טיש און דעם ערשטן טאָג שבועות נאָך טיש זיינען געווען באַשטימט פאַר ר׳ יעקב׳ס שוואָ־גער, דער גאון ר׳ זיינוול גאָלדבערג. דאָ איז מען שוין געווען אַביסל איינ־געהאַלטן און זיך געפירט מיט יראת־הכבוד; מ׳האָט זיך געהיט ס׳זאָל נישט אַראָפּפאַלן אַ שפּרענקעלע אויף דער פּאָדלאָגע. ר׳ זיינוול פלעגט אַפילו פאַר יעדן יינגל אָנגיסן אַ גלעזעלע מעד און געבן אַ פולע האַנט ניס און דערביי אויך אויספרעגן ביי וועמען און וואָס מ׳לערנט.

אויף דער פורים־סעודה, וואָס האָט זיך פאַרצויגן ביז נאָך חצות און ביי וועלכער מ׳האָט אויפגעפירט כלערליי פורים־שפּילן, און אויף נעילת־החג פון יעדן יום־טוב האָט שוין פון לאַנג געהאַט די חזקה ר׳ יעקב עקשטיין. אָבער שמחת־תורה בייטאָג איז געבליבן אָפן פאַר אַלע מתפּללים פון דעם „הויף״־מנין. צו איטלעכן פון זיי איז מען געגאַנגען קידוש מאַכן און עפּעס טועם זיין. יעדע באַלעבאָסטע האָט דעמאָלט געקאָנט באַווייזן איר בריה׳שאַפט און מהנה זיין דעם עולם מיט די געשמאַקסטע געריכטן. אַזוי טראָגנדיק די טליתים מיט די מחזורים האָט מען אַרומגערומפּלט פון הויז צו הויז ביז מנחה צייט. נאָכן פאַרזוכן איבער אַלע הייזער פון אַלערליי משקאות און קוגלען: לאָקשן־קוגלען, געזאַלצענע און געפעפערטע, זיסע, מיט צימרינג, ראָזשינקעס און צוקער, מעל־קוגלען, רייז־קוגלען, חלה־ און קאַרטאָפל־קוגלען, הויכע, ברוינע, שמאַלציקע, פלאַכע, רונדע און פּירקאַנטיקע, לויזע, פוכיקע און האַרט־געדיכטע פון אַלערליי קאָלירן, פון ווייס־געל ביז שוואַרץ־ברוין, — נאָכדעם, האָט מען שוין געמוזט פאַרגעסן וועגן אַהיים־גיין און עסן אַ יום־טוב סעודה. איז מען טאַקע צוריקגעקומען אין „הויף״ צו מנחה און גלייך אָנגעהויבן פראַווען דעם נעילת־החג, וואָס האָט זיך אַריינגעצויגן מוצאי־יום־טוב ווייט אין דער נאַכט.

דער מיניסטער־קאָפּ און שטאַטסמאַן אין „מלכות עקשטיין״ איז געווען ר׳ יעקב׳ס זון, אברהמ׳לע עקשטיין. ער איז געווען פון מיטעלן וואוקס, אַ שוואַרץ־לייביקער מיט אַ פוילן גאַנג. געהאַט האָט ער רויטלעכע באַקן, באַ־האָנגען מיט שיטערע האָרעלעך ווי אַ במקום־באָרד. מיט זיינע שמאָלע, פאַר־

זשמורעטע אויגעלעך, תמיד פאַרטראַכט, האָט ער אַריבערגעקוקט איבער די גאָלדענע רעמעלעך פון זיינע ברילן. פאַר אים, דעם שטילן קאַלטן פּלאַנירער און סטראַטעג, איז קיין זאַך נישט געשטאַנען אין וועג און דאָס דורכפירן זיין פּלאַן איז געקומען געשווינד, אין צייט און אָן איינזעעניש.

דער בעל־תפילה און פריילעכער חסיד אין דער פאַמיליע, אַ מאמין אָן חכמות, איז געווען ר׳ יעקב׳ס זון, דאָווטשע עקשטיין. ער פלעגט פאָרן צום זשאַבנער רבין, ר׳ שלום־דוד אונגער (בעמח״ס שו״ת „יד שלום״), און זיך מיט אים שואל־עצה זיין אין אַלע געשעפטס ענינים. (ווי געזאָגט, זיינען אַלע עקשטיינס געווען דזשיקעווער חסידים, אַ חוץ ר׳ משה׳לע עקשטיין וואָס איז געווען אַ ראָזוואַדאָווער חסיד).

דער משכיל און אינטעליגענט איז געווען ר׳ יעקב׳ס אייניקל, דער זון פון אברהמ׳לע, מעניע עקשטיין. ער האָט שוין געלייענט די ווינער „נויע פרייע פּרעססע״ און אויך געשפּילט אויף דער ווינער בערזע.

העכער פון אַלע זין און אייניקלעך, הן אין לומדות, הן אין צדקות און אין יראת שמים איז געשטאַנען ר׳ יעקב׳ס אידעם, ראובן עקשטיין, דער זון פון ר׳ מאָטיש עקשטיין פון ריישע. ער האָט זיך וויניק־וואָס געמישט אין געשעפט אָדער אין פּאָליטיק; זיין קאַפּיטאַל איז געווען אינוועסטירט אין די משפחה־אונטערנעמונגען, אָבער ער איז שטענדיק געווען מיט דער גמרא, איינ־געשלאָסן אין דער „קאַנצעליי״ — אַזוי האָט מען גערופן זיין חדר מיוחד; דאָרט איז געשטאַנען אַ שרייבטיש, אויף וועלכן ס׳זיינען געווען אָנגעלייגט פּאַפּירן, און קיינער האָט נישט געוואַגט צו עפענען די טיר. אָבער שבת איז ער געוואָרן אַן אַנדער מענטש. שבת האָט ער פאַרברענגט פריילעך מיט דער גאַנצער פאַמיליע און ער פלעגט זיינע קינדער צוזאַמען מיט די שכנימ׳ס קינדער אַריינציען אין אַ רעדל און מיט התלהבות טאַנצן און זינגען: „שבת היום לה׳, מאוד צהלו ברינוני...״

גרויס חשיבות צו „מלכות עקשטיין״ האָבן צוגעגעבן ר׳ יעקב׳ס צוויי שוואָגערס, די איידעמס פון ר׳ מענדל עקשטיין, דער גאון ר׳ זיינוול גאָלד־בערג און דער חסיד און צדיק ר׳ הערצל לאַנדאַ, זצ״ל.

ר׳ זיינוול גאָלדבערג האָט געשטאַמט פון בייטש. ער האָט געהאַט אַ קלאָר ווייס־ראָזעווע געזיכט מיט בלויע, מילדע, פריילעכע אויגן אונטער אַ פּאָר געדיכטע ברעמען און אַ שפּיגל־ריין גרויגל לענגלעכע באָרד, וואָס האָט זיך ביים סוף צעטיילט אין צווייען. ער איז נישט געווען קיין מעורב בין הבריות, הגם ער האָט יעדן נוהג כבוד געווען און געענטפערט גאַנץ פריינט־לעך. אַפנים, אַז ער האָט מורא געהאַט פאַר ביטול זמן און ביטול תורה. אויך

ר׳ זיינוול האָט זיין נדן געהאַט אינוועסטירט אין די עסקים פון די עקשטיינס און פון דעם געצויגן פּרנסה. זיין פרוי האָט געהייסן רעכיל. קיין קינדער האָבן זיי נישט געהאַט. זייער הויז איז געווען גאַנץ איינפאַך און אָן באַזונדער רחבות, אָבער ציכטיק־ריין און מיט גוטן געשמאַק. יעדע זאַך האָט געמוזט שטענדיק זיין אויפן געהעריקן אָרט. די סוכה זיינע איז געווען איינע פון די סאַמע שענסטע. אַ גאַנץ יאָר איז דאָס געווען אַ ליכטיקער גאַנעק, אַ פאַר־מאַכטער, מיט שויבן פון אַלע דריי זייטן ביז צו דער העלפט פון די ווענט; פון דעם הויז דורך דעם גאַנעק איז מען אַרויס אין בלומען־גאָרטן. די באַצי־רונג פאַר דער סוכה, וואָס איז באַשטאַנען פון עטלעכע קאַרטאָנען מיט גלעזערנע, באַזילבערטע קייטן, לאַמטערנעס און „פייגל״ האָט מען אָפּגעהיט פון יאָר צו יאָר און באַהאַלטן אויף דעם באַלקן אונטער דעם פאַרמאַכטן „שלאַק״ פון דער סוכה. פאַר סוכות האָט מען צענומען די ברעטער פון באַלקן און זיי אַרויפגעלייגט איינס אויפן אַנדערן אין דער זייט, און דעם אָפענעם פלאַץ באַדעקט מיט פרישן כשר׳ן סכך פון גרינע יאָדלאָווע שפּילקע־צווייגן. ר׳ זיינוול אַליין פלעגט מיט גרויס פאַרזיכט אויספּאַקן דעם „נוי־סוכה״ און יעדן טייל אַליין דערלאַנגען צו דער האַנט פון דעם בית־מדרש בחור, וועל־כער האָט, שטייענדיק אויף אַ לייטער, דאָס אויסגעהאָנגען. פאַר פיל יאָרן איז דאָס דעקאָרירן פון דער סוכה אָנפאַרטרויט געוואָרן צו מיין ברודער דוד (איצט, הרב אליעזר דוד בערל, אין בני־ברק). הגם חסידים זיצן מער נישט אין סוכה שמיני־עצרת, איז ער אָבער יאָ געזעסן אין סוכה גאַנץ שמיני־עצרת אַזוי ווי דער דין פאָדערט: זיצן יאָ, אָבער די ברכה „לישב בסוכה״ מאַכט מען ניט. געדאַווענט האָט ר׳ זיינוול ביי זיין שוואָגער ר׳ יעקב עקשטיין אין „הויף״; אין די פריערדיקע יאָרן איז ער אָפטמאָל געקומען אין שטאָ־טישן בית־מדרש לערנען און דאַווענען.

ר׳ זיינוול האָט געררייכערט פון אַ לאַנגן ליולקע־ציבוך און האָט געהאַט קרוב צו אַ טוץ ליולקעס אויף צום איבערבייטן. האָט ער געלערנט גמרא פאַר זיך, האָט מען בלויז געקאָנט הערן אַ זשוואַווען געברום ווי פון אַ קוואַליק וואַסערל וואָס גיסט זיך פריילעך באַרג־אַראָפּ. געקליידט חסידיש, שיין און ריין אין אַ רונדן סאַמעטן קאַפּעליוש, אַ בלאַנקענדיק ווייס העמד, אַ קאַנגאַרענעם איבערציער אָדער אַ זיידענע בעקעשע מיט געגלאַנצטע שטיוו־לעטלעך איז ער אַרויס אין דרויסן שטענדיק דעם האַלז פאַרוויקלט אין שאַליקעס; ער האָט רק מורא געהאַט זיך, חלילה, ניט צו פאַרקילן. אַן אָפענער שירעם איז ביי אים געשטאַנען צוגעגרייט פון ערב יום־טוב; טאָמער האָט יום־טוב גערעגנט, איז די דינסט געקומען צום בית־מדרש און אָפּגעפירט

ר׳ זיינוולען אַהיים אונטערן שירעם. ער האָט געהאַט געציילטע און געקליבענע תלמידים. צווישן זיינע תלמידים מצוינים זיינען געווען: ראובן עקשטיין, ר׳ אריה ליבוש טייטלבוים ז״ל, דער שפּעטערדיקער קאָלבסובער רב און מיין רבי, איטשע קירשענבוים, יהושע הכהן גוטווירט, דער זון פון טאָרנער דיין. ר׳ זיינוול האָט געהאַט אַ קלאָרן חיתוך הדיבור מיט שאַרפע „רוסישע״ ריש׳ן; ער האָט אויך מדקדק געווען אַרויסצוזאָגן מיטן אַקוראַט־ריכטיקן ניקוד די טעקסטן פון משניות און גמרא. זיין גרויס לעבנסווערק איז געווען דער פּירוש אויף ירושלמי. דער טאָרנער רב ר׳ מאיר אַריק ז״ל האָט אויף דעם פּירוש געזאָגט, אַז עס איז אַ „צווייטע רש״י״. ליידער איז דער מאַנוס־קריפּט פאַרלוירן געגאַנגען אויף דער באַן, ווען ראובן עקשטיין האָט אים געפירט קיין ווין צום דרוק.

נאָך דער פּטירה פון סאַנדזער רב, אין כ״ה ניסן תרל״ו (1876), זיינען די מערסטע סאַנדזער חסידים אין קאָלבסוב איבערגעגאַנגען צו זיין זון דעם שיניאַווער רב, ר׳ יחזקאל האַלבערשטאַם. ר׳ יחזקאל איז געווען אַ האַרבערער מחמיר פון זיין פאָטער, דעם גאון און צדיק ר׳ חיים האַלבערשטאַם; איז ר׳ יחזקאל אַרויסגעפאָרן איבער גאַליצישע און אונגאַרישע שטעט צוריקצוציען די שטר־מכירה התירים, וואָס זיין פאָטער האָט ביים לעבן געהאַט אַרויסגעגעבן צו געוויסע גוטבאַזיצער, אַז מ׳זאָל מעגן אין זייערע גיטער טאָן נויטיקע אַרבעט אום שבת דורך ניט־יידן. אַזאַ שטר־מכירה האָט געהאַט אויך ר׳ יעקב עקשטיין. זייענדיק אין קאָלבסוב, האָט ר׳ יחזקאל שיניאַווער באַזוכט די עק־שטיינס און פאַרלאַנגט מ׳זאָל אים לאָזן מבטל זיין דעם שטר־מכירה. דעמאָלט האָט זיך ר׳ זיינוול אַריינגעמישט מיט לאַנגע וויכוחים אין הלכה און בשום אופן נישט דערלאָזט נאָכצוגעבן. ר׳ יחזקאל שיניאַווער איז קיינמאָל מער קיין קאָלבסוב נישט געקומען.

אין 1914, דורך דער צייט פון דער רוסישער אינוואַזיע אין קאָלבסוב, איז ר׳ זיינוול געווען אין ווין. ווען ער איז צוריקגעקומען קיין קאָלבסוב אין 1916, איז ער שוין געווען קראַנק און אָפּגעצערט. ער איז נפטר געוואָרן ערב סוכות תרע״ז (1916). מ׳האָט זיין אָרון אַריינגענומען אין גרויסן בית־מדרש און דער מספּיד איז געווען ר׳ אברהמ׳לע לאַנדאָ, דער זון פון ר׳ זיינוולס שוואָגער, ר׳ הערצל לאַנדאָ. ר׳ אברהמ׳לע האָט אָנגעהויבן דעם הספּד מיט די דאָזיקע ווערטער: „ווען דוד המלך האָט מספּיד געווען אבנר׳ן, האָט ער אויסגערופן: הלא תדעו כי שר וגדול נפל היום הזה בישראל״ (שמואל ב׳ ג, לח), און זיין שטימע איז פאַרשטיקט געוואָרן מיט געוויין, אויף דער פּטירה פון זיין גרויסן פעטער און רבי. ר׳ זיינוול איז באַערדיקט געוואָרן אויפן

נייעם בית־עולם און מ׳האָט אַרומגעצוימט זיין קבר צוזאַמען מיט ר׳ הערצלס קבר, זצ״ל ותנצב״ה.

ר׳ זיינוולס שוואָגער, ר׳ הערצל לאַנדאָ, האָט געהאַט אַ לאַנגן משפחה יחוס און איז געווען פון די „יושבים ראשונה״ און פון די גאָר חשובע מקורבים אין דזשיקעוו ביי ר׳ מאיר׳לען און שפּעטער ביי ר׳ יהושע׳לען. מ׳האָט אים אין קאָלבסוב געהאַלטן פאַר אַ למדן און מקובל. זיין הויז האָט זיך געפונען אין אַ זייטיק הינטערגעסל, וואָס האָט זיך אַרויסגעצויגן פון די „גאַטשעס״. אין דער צייט פון דער נאַצישער אָקופּאַציע, איז עס געווען איינגעשלאָסן אין דער יידישער געטאָ. זיין דירה איז געווען גאָר איינפאַך, אָבער אַ באַזונדער צימער איז געווען אויסגעטיילט פאַר אַ „שטיבל״ צום דאַווענען, לערנען און פירן טיש. דאָרט איז געשטאַנען אַ „שולחן״, אַן אָרון־קודש און אַן עמוד מיט אַ שטול און שטענדער. אַפילו אין מיטן טאָג, ווען מ׳איז אַריינגעקומען אין דעם צימער, האָט מען דערפילט אין דער סאַמע שטילקייט אַ יראת־הכבוד פון אַ הייליקן פּלאַץ וואו עס רוט די שכינה.

ר׳ הערצל האָט כמעט אַלעמאָל געדאַוונט ביי זיך מיט זיין אייגענעם מנין. אין די ווינטערדיקע פרייטיק־צו־נאַכטן פלעגן זיך דזשיקעווער חסידים דאָרט צונויפקומען און פאַרברענגען איבער אַ פערטל ביר מיט אויסגעזאָטענע, געפעפערטע אַרבעס און דברי־תורה, זמירות און סיפורי־מעשיות פון צדיקים. ר׳ הערצל איז געווען אַן איש צנוע, אַ שטילער באַשיידענער מענטש; ער האָט זיך איבערהויפּט נישט געמישט אין שטאָטישע פּאָליטיק, אַזוי אַז מ׳האָט געקאָנט פאַרגעסן, אַז ערגעץ אין אַ שטיבל פון אַ זייטיק געסל זיצט אַ ייד, אַ צדיק, אַן עובד השם, על התורה ועל העבודה.

## הדרים און מלמדים

די מלמדים אין קאָלבסוב זיינען געווען ווייט פון דעם וואָס די וועלט רופט אָן „מלמדים״. נישט אומזיסט האָט מען צו זיי אַרויפגעקוקט מיט דרך־ארץ. זיי זיינען על־פי־רוב געווען היפשע למדנים, שיינע יידן, „אנשי־מעשה״ און געטריי געטאָן זייער אַרבעט. הגם זיי האָבן בדוחק געהאַט פּרנסה, זיינען זיי געווען אָנגעטאָן אין ריינע חסידישע קאַפּאָטעס מיט ווייסע זאָקן און האַלב־שיכלעך. שבת נאָך טיש, ווען די חדר־יינגלעך זענען צום רבין געקומען פּרק זאָגן, האָבן זיי אים געטראָפן אין אַ פינקלדיק ווייסן שפּענצער, אונטער וועלכן ס׳האָבן אַרויסגעהאָנגען די לאַנגע ציצית פון וואָלענעם טלית־קטן. ער איז זיך געזעסן געמיטלעך מיט חשיבות ביים חדר־טיש, באַצויגן איצט מיט אַ ווייס טישטוך אויף וועלכן ס׳שטייען נאָך די אָנגעטריפטע מעשענע לייכטער; געווען איז ער קוים צו דערקענען.

דער ערשטער רבי מיינער איז געווען חיים ביער, דער דרדקי־מלמד. גערופן האָט מען אים טאַקע „חיים דאַדעק" (פאַרגרייזט פון דרדק). ער איז געווען פון מיטעלן וואוקס, אַ לייכטער, אַ פלינקער מיט אַ קליין שיטער בערדל, מיט קליינע ליכטיקע און לויפנדיקע אויגן און אַ פריילעך, לעבעדיק קול. אויף אויסצושטעלן אַ ייִנגל צו זאָגן עברי איז ער געווען אַ מומחה. אין פראָנט פון חדר איז געווען אַן אָפענער שטח פון זאַמד און גראָז, אויף וועלכן די קרוב צו פערציק „מש'הלעך און שלמה'לעך" האָבן געהאַט אַ פרייע האַנט זיך צו שפילן. דורך די ברייטע פענסטער פון חדר האָט אַריינגעגאָסן אַ שפע פון טאָגליכט אויפן גרויסן טיש, וואָס איז געווען באַלאָדן מיט שטיקלעך ראָזעווע ברויט מיט פוטער, זעמל באַשמירט מיט פאָווידלע, אַמאָל זומער־צייט אַ פריש יאַגעדע־קיקאַלע און אַ פּאָר צוקערקעס, אינגאַנצן אויפ־געדעקט אָדער איינגעוויקלט אין אַ פּאַפּיר און פאַרבונדן אין אַ פּאַטשיילקע. וואָס שייך צום עסן האָט אין חדר געהערשט אַן אמת'ע קאָמונע, מ'האָט געגעסן צוזאַמען בשותפות. געלערנט האָט מען פון אַ סידורל אין איינצאָל אָדער פּאָרנוויז, אונטער דעם אָנוויז פון רבינס טייטל. ערשט צו חומש איז מען אַריין אין אַ כיתה. ווייטער ווי ביז שני איז מען ביי „חיים דאַדעק" נישט דערגאַנגען. איך האָב אָבער געמוזט אַוועק פון „חיים דאַדעק" אין מיטן פרשת „ויגש", פאַרן האַלבן זמן, צוליב אַ „האַרבער" קשיא: אויפן פסוק „ונפשו קשורה בנפשו" (בראשית יא, ל) האָב איך געפרעגט, פאַרוואָס איז דער ערש־טער „ונפשו" אויסגעלייגט מיט אַ ו' און דער צווייטער מיט אַ ב', ווען דער רבי טייטשטביידע גלייך „אין זיין לייב"? („און" און „אין" ווערט אין גאַליציע, כידוע, אַרויסגעזאָגט גלייך: „אין").

חיים דאַדעק איז אַליין געקומען צו מיין פאָטער ז"ל, הי"ד, און געבעטן מיך אַרויסצונעמען פון זיין חדר, מחמת איך בין שוין אים אַריבערגעוואַקסן, ער האָט שוין נישט קיין תורה פאַר מיר. בין איך אין מיטן זמן אַריין צו ר' שלמה שנור.

## ר' שלמה שנור

דערקענט האָב איך מיין רבין שלמה שנור ווען ער איז שוין געווען קרוב צו אַכציק. אָבער זיין סדר־היום, זיין לערנען און זיין גאַנג זיינען געווען ווי פון אַ יונגנמאַן. דאָ האָבן מיר נישט געהאַט קיין מענגע תלמידים. מיר זיינען געווען בלויז אַ פיר־פינף ייִנגלעך. אַ חוץ וואָס מיר האָבן געלערנט די פרשה פון דער וואָך און דעם שיעור אין התחלת גמרא „המניח את הכד" (בבא קמא, פרק שלישי), האָבן מיר יעדן טאָג מעביר געווען אַ טייל פון דער סדרה, שנים מקרא ואחד תרגום און אויך געזאָגט אַ יום תהילים. פאַר די

ימים טובים און די תעניתים האָבן מיר געלערנט די מגילות און זיך אָנ־געהערט סיפורי־מעשיות אין שייכות מיט די געדענק־טעג און ימים־טובים.

אין די בבא׳ס און אין אַ טייל פון סדר נשים איז מיין רבי ר׳ שלמה שנור געווען אַ בקי, ער האָט זיי כמעט געקאָנט בעל־פּה. שפּעטער, ווען איך בין שוין געווען אַ בית־מדרש בחור און געלערנט פאַר זיך, איז ער געווען אַ סגי־נהור; אָבער אַז איך בין עפּעס מסופק געווען אין פּשט פון אַ מאמר אין אַ גמרא, האָב איך פאַר אים פאָרגעלייענט די שטעלע און ער פלעגט פון זכרון דערקלערן דעם ענין. ער פלעגט אָנקוועלן צו הערן מיך לייענען בציבור אין ספר־תורה, זאָגנדיק אַז די הכשרה איז מיר געקומען פון אים.

אין דער יוגנט איז ר׳ שלמה שנור געווען אַ הייסער סאַנדזער חסיד און אַן אַקטיווער אָנהענגער פון רב ר׳ אברהם־אהרן טייטלבוים. ער האָט זיך אויך פאַרנומען מיט צעמאָלן טאַטאַרקע (גריקע) אויף קאַשע. אין דעם ספר „שו״ת אריה דבי עילאי״ פון ווישניצער רב ר׳ ארי׳ ליבוש ליפשיץ (דער אײדעם פון „ישמח משה״), געדרוקט אין פּרעמישלא תרל״ד, געפינען מיר צווישן „האנשים אשר נתנו מעות קדימה״ (די מענטשן וואָס האָבן באַצאָלט אין פאָראויס) די ווערטער: „לבית־המדרש על־ידי הר׳ שלמה שניר״; די אַנדערע זיינען: הרב המאוה״ג בנש״ק מ׳ אברהם־אהרן ט־ב (טייטלבוים), ה״ר מענדל עקשטיין, ה״ר צבי מנחם לעזיר (דאָס איז ר׳ הערש מענדל סופר, דער פאָטער פון לייבטשע „קייזער״) און ה״ר שמחה יאליש (אַן אײדעם פון ר׳ מענדל עקשטיין, ר׳ יעקב עקשטיינס שוואָגער).

מיין רבי, ר׳ שלמה שנור, פלעגט אונדז פיל מאָל דערציילן מעשיות פון דער „פּאָווסטאַניע״, דעם פויערים אויפשטאַנד פון 1848. ער איז דעמאָלט אַלט געווען אַכצן יאָר. אין דעם קאָלבוסובער פּאָגראָם פון מאַי, 1919 איז ער שוין געווען אַ בן־תשעים; ער איז געווען אָפּגעשוואַכט און געבליבן ליגן אין בעט, און אַזוי איז ער גע׳הרג׳עט געוואָרן. זכר צדיק וקדוש לברכה והי״ד.

## די באָבע מאַטיל, איר פאָטער יוזיף און איר מאַן דער זיידע ליבוש

איינער פון די תלמידים אין ר׳ שלמה שנורס חדר איז געווען „אַרטשע״. זיין טאַטע, אַ שניידער, איז שוין געווען אין אַמעריקע. אַרטשע מיט זיין מוטער האָבן געוואוינט אין מיין באָבע מאַטילס הויז. דאָרט איז געווען אַ ברייטער אַריינגאַנג אין אַ גרויסן הויפּט־צימער; דאָס איז אַמאָל געווען דאָס חדר פון מיין זיידע ליבוש אברהמ׳לעס, און אויך די קיך. פון דעם גרויסן צימער איז מען אַריין אין עטלעכע זייטיקע קלענערע צימערן. די מערסטע תלמידים פון מיין זיידן זיינען געווען דאָרפס־יינגלעך. זיי זיינען פאַרבליבן אין שטאָט אויף קוואַטיר ביים זיידן ליבוש איבערן גאַנצן זמן, און האָבן פאַר־

נומען די זייטיקע צימערן. די דאָרפס־יידן האָבן בעסער באַצאָלט דעם שכר־לימוד און זיי פלעגן אויך אַמאָל ברענגען אַ מתנה, עפּעס פון זייערע פּריש־צייטיקע פּראָדוקטן. אויך, האָט דער זיידע ליבוש געהאַלטן, אַז פאַר די שטאָטישע יינגלעך דאַרף מען זיך ווייניקער זאָרגן ווי פאַר די דאָרפישע; אין זיי, אין די דאָרפישע יינגלעך, איז אַ מצוה אַריינצוקלאַפּן אין זייערע קעפּ אַ פּסוק חומש, כדי זיי זאָלן אין דאָרף נישט ווערן פאַרגויישט צווישן די פויערים. דער זיידע איז געווען אַ שטרענגער און היציקער; ווען ס׳איז געקומען דאָנערשטיק און די יינגלעך האָבן נאָך נישט געקענט די פּרשה פון דער וואָך, האָבן זיי געיאָמערט ווי תשעה־באב ביי קינות. מיין מומע איטאַלע — זי איז געווען די עלטסטע טאָכטער, אַ גאַנצע למדנית — פלעגט רחמנות האָבן אויף די יינגלעך און זיי אַרויסהעלפן מיט איבער׳חזר׳ן און אונטערזאָגן.

נאָך דעם זיידנס פּטירה, אין תרס״ב (1902), האָט די באָבע מאַטיל פאַרדונגען די זייטיקע צימערן, און געלאָזן פאַר זיך בלויז אַ קליין ענג שטיבל וואו ס׳איז געשטאַנען אַ בעט, אַ טישל מיט אַ בענקל און אַ שייבן־שענקל. איך האָב ליב געהאַט ווען מיין רבי שלמה שנור האָט מיך געשיקט רופן אַרטשען אין חדר אַריין, ווייל איך פלעג זיך באַגעגענען מיט מיין באָבע מאַטיל. זי איז געווען אַ קליינע, אַ מאָגערע, און האָט שטענדיק פלייסיק גע־אַרבעט מיט די שפּיזלען העקלענדיק אַ פאַר קאָלירטע שקאַרפּעטקעס. הגם זי איז געווען קורצזיכטיק, האָט זי מיך דאָך אַלעמאָל דערטאַפּט; אָבער, ווי צו מאַכן זיכער, אַז דאָס בין איך, איר אייניקל, האָט זי אַלעמאָל געפרעגט: ביסטו דאָס ליבושל? זי האָט מיך שוין נישט מער אָפּגעלאָזן ביז איך בין ניט אַריין פאַר אַ ווייל אין איר חדר׳ל. פון שייבן־שענקל האָט זי אַרויסגענומען אַ קליין געבראָטן עפּעלע, וואָס איז געווען גערונצלט אַזוי ווי מיין באָבעס פּנים, זי האָט עס באַשפּרינקלט מיט אַביסל צוקער און מיך געהייסן מאַכן הויך אַ ברכה, זי זאָל קאָנען ענטפערן „אמן״. אַזוי געווני האָט זיך עס איבער־גע׳חזר׳ט יעדעס מאָל.

די באָבע מאַטיל איז געווען די טאָכטער פון יוזיף יוזפּא קאַמיטאַ. יוזיף קאַמיטאַ איז געווען אַן אָקסן־הענדלער; זיינע אָקסן זיינען געפירט געוואָרן אויף די ירידים אַזוי וויט ווי קיין אָלמיץ (מערן) און לייפּציג. ער האָט אויך פאַר אַ געוויסע צייט געהאַלטן דעם אַקציז (פּאַכט) און איז געווען גאַנץ פאַרמעגלעך.

ווי באַקאַנט איז דער אָפּצאָל אויף כשר׳ע פלייש וואָס די עסטרייכישע רעגירונג האָט אַרויפגעלייגט אויף די יידן אין גאַליציע אין 1784 אַזוי געהע־כערט געוואָרן, אַז דאָס איז געווען איינע פון די שווערסטע גזירות (זע:

רפאל מאַהלר, חסידות וההשכלה, ז. 14). אָרעמע יידן האָבן זיך זעלטן געקאָנט פאַרגינען אַ שטיקל פלייש. דער כעס איז אָבער אויסגעגאַנגען צום פּאַכטער וואָס האָט געמוזט זיין דער „שומר" און איינקאַסירער פון דעם שטייער. דערי־בער האָט זיך יוזיף קאָמיטאָ געפונען אין אַן אומבאַקוועמע לאַגע. ער איז אָבער געווען אַ בעל־בתישער מענטש מיט אַ פּראַקטישן חוש, האָט ער געטאָן שידוכים מיט די פיינסטע משפחות אין שטאָט. מיט דער צייט האָבן יוזיפס אייניקלעך פאַרנומען חשוב׳ע פּאָזיציעס אין קהלשן לעבן פון קאָלבסוב. זיי זיינען געווען די גבאים אין גרויסן בית־מדרש און אין חברה קדישא, חברה משניות, נר תמיד, לינת הצדק און זיי זיינען געווען די בעסטע בעלי־תפילה. נישט קיין וואונדער אַז ס׳איז אין קאָלבסוב אַרומגעגאַנגען אַ זאָג: „נישטאָ קיין שבת אין יאָר אין וועלכן יוזיפס אַן אייניקל זאָל נישט דאַווענען פאַרן עמוד".

מיין זיידע ליבוש איז געבוירן געוואָרן צו זיין פאָטער אברהמ׳לע בעריל אין יאָר תר"ו (1846), אין זעלבן יאָר ווען ס׳זיינען געבוירן געוואָרן ר׳ יעקב עקשטיין און ר׳ אשר׳ל רובין. אַלע דריי זיינען געווען אין זעלבן עלטער. גערופן האָט מען דעם זיידן שטענדיק אויף זיין פאָטערס נאָמען: ליבוש אברהמ׳לעס, אַזוי אַז „אברהמ׳לעס" איז געוואָרן אַ טייל פון זיין נאָמען. דער זיידע האָט ביי זיין לעבן נישט דערלויבט קיינעם פון זיינע אייניקלעך אַ נאָמען צו געבן „אברהם" נאָך זיין פאָטער. עפּעס אַ יינגל אין דער משפחה איז יאָ גערופן געוואָרן אברהם, האָט עס נישט לאַנג געלעבט. ערשט זעקס יאָר נאָך מיין זיידן ליבוש׳ס פּטירה, האָט מען מיין יינגערן ברודער אָנגערופן אברהם מיט דעם צוגאָב יצחק (נאָך מיין מוטערס אַ פעטער יצחק הערש), אָבער ער איז אויך יונג אומגעקומען אין גלות רוסלאַנד.

אויך דער עלטער־זיידע אברהמ׳לע איז געווען מלמד אין קאָלבסוב און צוגלייך אַ גרויסער למדן. ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט פריער, איז ר׳ יוסף דער אב־בית־דין פון קאָלבסוב, אין די יאָרן תקמ"ב־תקמ"ה (1785 — 1782), דער פעטער פון „ישמח משה", ר׳ משה טייטלבוים, אויך געווען מיין עלטער־זיידנס פעטער; אַזוי אַרום איז צווישן רב ר׳ אברהם־אהרן און דעם זיידן געווען אַ משפחה קרובה׳שאַפט. דעם פאַמיליע נאָמען „בעריל" האָט דער עלטער־זיידע אברהמ׳לע גענומען פון די ראשי־תיבות „בר׳ יהודה ליב" — ברי"ל, און געשריבן „בעריל" (מיט אַן ע׳ און אַ י׳, אַזוי האָט מיין פאָטער אויסגעלייגט. ערשט ביים איבערלייגן אויף פויליש איז „אַרויסגעפאַלן דער יוד").

דער עלטער־זיידע אברהמ׳לע האָט געהאַט נאָך צוויי קינדער: אַ זון

אליעזר־דוד, וועלכער האָט געוואוינט אין סאָקאָלאָוו און אַ טאָכטער חיה וועלכע איז געווען פאַרהייראַט צו שמעון זילבער אין קאָלבסוב. אליעזר־דוד איז געווען אַ גרויסער למדן און אַ גוטער שרייבער און קענער פון פויליש און דייטש. ער איז געשטאָרבן יונג און קינדערלאָז. אַ סך פון זיינע ווערטפולע ספרים זיינען איבערגעגאַנגען בירושה צו זיין ברודער דעם זיידע לייבוש און פון זיידן צו מיין פאָטער ז״ל און צו מיין פעטער איטשע זאַלעשיץ ז״ל הי״ד. מיין עלטער־מומע חיה איז געווען אַן אמת׳ע צדיקת, זי האָט פאַרטיילט צדקה מיט אַ ברייטער האַנט אָן אַ חשבון און הינטער דעם מאַנס פלייצע. אויך זי איז געבליבן אָן קינדער. איז דער זיידע ליבוש געווען דער איינציקער וואָס האָט ווייטער געצויגן דעם פאָדעם פון זיינע אבות. ער האָט געהאַט דריי טעכטער און אַ זון, אַ בן־יחיד, מיין פאָטער ז״ל, הי״ד. איז נישט קיין וואונדער וואָס דער זיידע ליבוש האָט שטענדיק געציטערט איבער מיין טאַטן.

איך האָב געהערט מיין טאַטן ז״ל דערציילן: איין יאָר איז דעם זיידן אָנגעקומען זייער שווער צוזאַמענצושטעלן געַנוג תלמידים פאַר זיין חדר, און ער האָט געמוזט אַרויספאָרן אויפן ישוב אין אַ ווייטן דאָרף צו זיין דאָרט מלמד. ער האָט דערווייל דעם טאַטן אָפּגעגעבן אין אַ חדר, אָבער דער טאַטע איז דאָך געבליבן אָן זיין השגחה. ווען האָט דער רבי געקאָנט מער שלאָגן אויב נישט אַן אָרעמען מלמד׳ס יינגל? האָט דער טאַטע כסדר געכאַפּט קלעפּ, איז ער ברוגז געוואָרן אויפן רבין און אויפגעהערט צו גיין אין חדר. איינמאָל, אין אַ יומא דפגרא — אַהאַ, דער זיידע איז דאָ, ער איז אַהיימגעקומען! וואו באַהאַלט מען זיך פון זיין כעס? דער בעסטער פּלאַץ איז אין דרויסן הינטער די קלאַפּטער האָלץ. דער זיידע האָט צוגעזאָגט „אַמנעסטיע״, ער וועט דעם זון נישט באַשטראָפן. מיין טאַטע האָט זיך געלאָזט איבערבעטן און באַקומען אַ זעלטענע מתנה — אַ גלעזערנע פייקע, אַן אימיטאַציע פון אַ ליולקע ציבוך. פאַרוואָס גייט ער נישט אין חדר? ווייל דער רבי שלאָגט! נו, אויב אַזוי, וועסטו גיין אין אַן אַנדער חדר — האָט דער זיידע אויסגעפירט.

אַזוי לאַנג ווי דער זיידע ליבוש האָט געלעבט, האָט ער נישט דער־לויבט מיין טאַטן צו פאַסטן תעניתים אַ חוץ יום־כיפּור און תשעה־באב. יעדן תענית־ציבור, גלייך נאָכן דאַווענען שחרית, מיטן טלית און תפילין אונטערן אָרעם, איז דער זיידע געקומען באַפעלן דעם טאַטן בגזירת כיבוד־אב נישט צו פאַסטן. אָבער נאָך דעם זיידנס פּטירה, האָט שוין דער טאַטע אָפּגעפאַסט אַלע תעניתים נאָך מיט אַ שמיצל אַריבער: שובבי״ם ת״ת, בה״ב, א׳ דסליחות, עשרת ימי תשובה און סתם אַזוי ווען ס׳איז אין הויז געווען קאַרג צום עסן אין מלחמה־צייט...

דער זיידע ליבוש איז געווען אַ קנאי׳שער קעמפער קעגן השכלה און מאָדערניזם, און מיט מסירת־נפש געזוכט אויפצוהאַלטן דעם אַלטן שטייגער פון יידישן לעבן. האָט ער דערזען אַ בחור קומענדיק אין בית־מדרש מיט אָפּ־

געפּוצטע שיך מיט אַ גלאַנץ פון נייע פוץ־פּאָמאַדע, און ניט פּשוט אָנגעשמירט מיט בוימל ווי אַלע האָבן עס געטאָן, האָט ער די שיך פאַרטראָטן און פאַר־שמירט. האָט מען ביי אונדז געוואָלט פאַרשרייבן מיין ברודער אליעזר־דוד אין „שקאָלע״, האָט דער זיידע געזאָגט: „אָט פיר אים גלייך אַריין אין טומאה און פּטור אַן עסק, אויס ייד!״ אַי, ווי וועט ער קאָנען רעכענען און שרייבן? „בין איך דען יאָ געגאַנגען אין שקאָלע, און דאָך קאָן איך רעכענען און שרייבן״ — האָט דער זיידע געענטפערט מיט נצחון. „אַז מ׳וויל נאָר, לערנט מ׳זיך אַליין״.

דער זיידע ליבוש איז געווען אַ סאַנדזוער חסיד, אַ הייסער ייד און אַן איש־האמת. ער האָט נישט נושא פּנים געווען קיינעם, קיינעם נישט גע־שוינט און דערפאַר נישט איינמאָל געקומען אין קאָנפליקט מיט מענטשן. די וואָס האָבן אים אָבער געקענט פון דער נאָענט האָבן אויסגעפונען אַז ער איז צאַרט און איידל און זיי האָבן אים פאַרערט. פון מאַרק האָט דער זיידע געבראַכט רק מציאות; אויפן וועג פון מאַרק ביז צום הויז איז דער פּרייז געוואָרן איינגעשרומפּט, כדי דער שפּאָרזאַמער באָבע מאַטיל זאָל עס הנאה טאָן. חשוון־צייט האָט זיך דער זיידע באַמיט אָנצופילן דעם בוידעם און דעם קעלער מיט קאַרטאָפל, קרויט, מערן און אַנדערע ירקות און אויבסט, אַז ס׳זאָל קלעקן איבערן גאַנצן ווינטער. די הכנסה איז ביי אים געווען מאָגער, אָבער דאָס הויז איז געווען פון מיטלשטאַנד, בעל־בתיש. פון דעם זיידנס אַמאָליקן האַנדל, זיינען ביי אים אויפן בוידעם איבערגעבליבן ברעטער. ווער ס׳האָט זיך נאָר גענייטיקט אויסצופּאַרטיקן זיין סוכה ערב סוכות האָט געוואוסט, אַז ביי ר׳ ליבוש אַברהמ׳לעס וועט ער באַקומען פראַנק און פריי גענוג ברעטער.

פונקט אַנטקעגנאיבער דעם אַריינגאַנג אין גרויסן בית־מדרש, אויף דער צפון זייט און איבער דער שטאָט (זיץ־פּלאַץ) פון זיידע ליבוש, האָט זיך פאַרגלוסט ר׳ יעקב עקשטיין אויפצוהענגען אַ נאַפט־לאָמפּ, אַ נר־נשמה פאַר זיין פאַרשטאָרבענער פרוי. פאַרוואָס האָט ער דעם לאָמפּ נישט אויפ־געהאָנגען אויף מזרח, איבער זיין אייגענער שטאָט? בלייבט אַ קשיא. לאַנג איז אָבער דער דאָזיקער לאָמפּ נישט געהאָנגען; ווי נאָר דער זיידע ליבוש איז אַריין אין בית־מדרש און דערזען דעם לאָמפּ, האָט ער אים גלייך אַראָפּ־געריסן.

מיט גרויס זהירות, איבערקלייבנדיק יעדעס קערנדל ווייץ, האָט דער זיידע ליבוש געבאַקן שמורה מצות, פאַר זיך און פאַר אַ צאָל יחידי־סגולה. דער רב ר׳ אברהם־אהרן האָט גענוצט נאָר דעם זיידנס מצות; דער זיידע איז

דאָך געווען פון רב׳ס מקורבים. געמאָלן דעם ווייץ האָט דער זיידע אויף ר׳ שלמה שנורס „זשאַרנאָ״ (האַנט־מיל). אימיצער האָט דעם רב אונטערגעטראָגן, אַז אָט די האַנט־מיל איז נישט געכשר׳ט אויף פסח, האָט דער רב אויף איר אַרויפגעלייגט אַן איסור. דער זיידע האָט אָבער זיין ווייץ, ווי אַלעמאָל, געמאָלן אויף ר׳ שלמה שנורס זשאַרנאָ. האָט דער רב געלאָזט רופן דעם זיידן ליבוש און געפרעגט: „היתכן?״ האָט דער זיידע צוריקגעפרעגט: „ילמדנו רבנו, ווי אַזוי כשר׳ט מען אַ זשאַרנאָ?״ „וואָס הייסט?״ ענטפערט דער רב, „מ׳רייניקט אויס גוט די קאַרבן פון די מילשטיינער, מ׳טשעשעט זיי אַרום און מ׳מאָלט איבער אַביסל טאַטאַרקע״ (לויט דעם דין אין שו״ע או״ח הלכות פסח תנ״ג, באר היטב סק״א). „יאָ, ריכטיק״, רופט אויס דער זיידע, „אָבער שלמה שנור מאָלט דאָך אַ גאַנץ יאָר נישט מער ווי טאַטאַרקע!״... האָט דער רב אַרונטער־גענומען דעם איסור, און ווי זאָגט דאָס די גמרא? „ואינם זזים משם עד שנעשו אוהבים זה את זה״ (קדושין ל, ע״ב) — זיי זיינען געבליבן גוטע פריינט. אָבער אַ שפּעטערער אינצידענט האָט זיך נישט אויסגעלאָזט אַזוי גלאַטיק.

בין מנחה למעריב אין גרויסן בית־מדרש האָט זיך דער זיידע ליבוש מיט אימיצן מפלפל געווען אין לערנען, איז דערביי געשטאַנען אַ יונגערמאַן און זיך אַריינגעמישט נישט צום ענין. האָט זיך דער זיידע אויף אים אָנגע־רוגז׳ט: „שווייג, דו עם־הארץ!״ איז געוואָרן אַ טומל און ביני־לביני האָט מען דערווייל שוין אָנגעהויבן צו זאָגן „שיר המעלות״ פאַר מעריב, ווי דער מנהג איז ביי חסידים פון נוסח ספרד. איז געמאַכט געוואָרן אַן אָנקלאַגע אין קרייז־געריכט אין טאָרנע אויף דעם זיידע ליבוש פאַר דעם האַרבן חטא פון שטערן דאָס דאַווענען. דער זיידע האָט זיך פאַרטיידיקט אַז „שיר המעלות״ איז נישט קיין טייל פון דער תפילה, והא ראיה: אשכנזים זאָגן עס בכלל נישט, און אַפילו נוסח ספרד פאַרפעלט עס צו זאָגן שבתים, ימים־טובים און אויך מוצאי־שבת ויום־טוב. צום פּראָצעס קיין טאָרנע איז אַרויסגערופן געוואָרן דער רב ר׳ אברהם־אהרן ווי אַן עקספּערט, אָבער זיין עדות זאָגן האָט קיין גוטס ניט געטאָן; דער זיידע איז פאַראורטיילט געוואָרן צו זיצן אין טורמע אין טאָרנע זעקס וואָכן צייט. דורך דעם איז איבערגעריסן געוואָרן די פריינט־שאַפט פון אונדזער פאַמיליע צום בית־הרב, און ס׳איז ערשט באַנייט געוואָרן ווען איך בין געוואָרן אַ תלמיד פון מורי ורבי הרב ארי׳־ליבוש טייטלבוים, ז״ל, אַן אייניקל פון ר׳ אברהם־אהרן ז״ל.

פאַר יאָרן־לאַנג איז דער זיידע ליבוש געווען אין גרויסן בית־מדרש דער שטענדיקער בעל־קורא, און ימים־נוראים דער בעל־שחרית. ער האָט געהאַט אַ ליריש טענאָר און איז געווען אַ מנגן; ער האָט געהאַט אַ לאַנגן

אָטעם און זיין לייענען און זיין דאַווענען איז געווען שנעל. אין אַ וואָכנדיקער שמונה־עשרה פלעגט ער פון אָנהייב ביז „מחיה המתים" זאָגן מיט איין אָטעם, און דאָך זיינען די ווערטער אַרויסגעקומען קלאָר, ווייל ער האָט געהאַט אַ שאַרפן חיתוך־הדיבור.

דאָרט וואו ס׳איז שפּעטער געווען דאָס „ווייבערשע בית־מדרש", איז אין יענער צייט גערופן געוואָרן „די דירות", ווייל דאָרט אויף מערב פון בית־מדרש האָט געוואוינט דער רב. ווען מ׳האָט גענומען איבערבויען דאָס גרויסע בית־מדרש, איז מען דערווייל אַרויס דאַווענען אין „מויער"; דאָס איז געווען אַ הויז, וואו ס׳איז שפּעטער געווען דער „הקדש". ווען דאָס נייע גרויסע בית־מדרש איז פאַרטיק געוואָרן, זיינען אַ טייל מענטשן און דער זיידע ליבוש בתוכם נאָך אַלץ געבליבן דאַווענען אין „מויער". אַזוי אַרום האָט דער זיידע פאַרלוירן אַלע זיינע חזקות אין גרויסן בית־מדרש. זיין פּלאַץ האָט פאַרנומען ר׳ לוי אינגבער, אַ יונגער תלמיד־חכם, אַ ווייַן־שענקער, וועלכער איז געווען אַ באַחנטער ייד, אַ באַרימטער בעל־קורא, אַ מדקדק און אַ גרויסאַרטיק־מתיקות׳דיקער דאַוונער.

אין געוויסע זאַכן האָט זיך דער זיידע ליבוש נוהג געווען אַנדערש פון דעם אָנגענומענעם וועג. די צווייטע נאַכט סוכות האָט ער געמאַכט קידוש אַקוראַט ווי אין דער ערשטער, „לישב בסוכה" און נאָכדעם „שהחיינו", לויט דער דעה פון ב"ח (זע מגן אברהם תרס"א). ביים סדר, פּסח, האָט ער דעם פערטן כוס געטרונקען, געמאַכט די ברכה אחרונה „על־הגפן" און געזונגען „חסל סידור פּסח" כמעט ביים סוף, פאַר „אחד מי יודע". אויפן קיטל האָט ער זיך ענג פאַרגאַרטלט מיט אַ לייווענטנעם פּאַסיק, וואָס האָט זיך פאַרשלאָסן מיט צוויי זילבערנע קלאַמערן.

זייער דראַמאַטיש און אייגנאַרטיק איז געווען די פּטירה פון זיידע ליבוש ביים עלטער פון זעקס־און־פופציק יאָר.

דער זיידע האָט געליטן פון אַן אָנגעגריפענע בלינדע קישקע (אַפּענדיקס), איז ער אַריין אין אַ שפּיטאָל אין קראָקע, וואו מ׳האָט אים געזאָלט אָפּערירן. אין 1902 האָט אַזאַ אָפּעראַציע געהערט צו די ביז גאָר ערנסטע. אין פאַל פון טויט האָט דאָס שפּיטאָל געפּאַלמעסט דעם קערפּער. האָט דער זיידע געגאָסן טרערן בדמעות שליש, מ׳זאָל אים אַרויסנעמען פון שפּיטאָל, כדי ער זאָל קאָנען קומען צו קבר־ישראל. זיין וואונטש איז דערפילט געוואָרן, ער איז אַהיימגעקומען קיין קאָלבסוב.

ס׳איז געווען פרייטיק און דער זיידע האָט זיך געוואָלט באָדן לכבוד שבת, האָט ער געפרעגט: „איז די וואַנע גרייט?" האָט מיין פאָטער ז"ל גע־

ענטפערט: „זי איז נאָך צו הייס". „יאָ, איך האָב ליב הייס" — האָט דער זיידע געענטפערט — „שבת, ווען מ'דאַך דעם גיהינום נישט אָנהייצן". נאָכ־דעם האָט דער זיידע מקבל־שבת געווען און געמאַכט קידוש אין בעט. ביים קידוש האָט די באָבע מאַטיל געוויינט, האָט דער זיידע געזאָגט: „שבת טאָר מען נישט וויינען". שפּעטער־צו האָט זיך פאַרזאַמלט אַן עולם אין דער פאָדער־שטוב; אַרום צען אַזייגער האָט דער עולם זיך אָנגעהויבן צו צעגיין, האָט דער זיידע אַריינגעשיקט זאָגן, מ'זאָל אָפּוואַרטן און נישט אַוועקגיין. דערנאָך האָט ער אָנגעהויבן זאָגן ווידוי, אָפּגעזאָגט שמע ישראל, עלינו לשבח און געענדיקט מיט אדון עולם — אַלץ מיט זיין קלאָרער שטימע ביז צום סוף פון דעם חרוז „ואם רוחי גויתי..." בלויז די לעצטע צוויי ווערטער „ולא אירא" האָט מיין פאָטער ז"ל מער נישט געקאָנט הערן...

אַזוי האָבן געלעבט און אַזוי זיינען געשטאָרבן די אַמאָליקע יידן, זכרונם לברכה. דעם זיידן ליבוש האָט מען מקבר געווען לעבן זיין פאָטער ר' אברהמ'לע בערי"ל ז"ל, האַרט ביי דער מערב וואַנט פון „אוהל", אָדער ווי מ'פלעגט עס רופן „בידל", וואו ס'האָט זיך געפונען דאָס קבר פון ערשטן ר' יחיאל רובין, דער קאָלבסובער רב. לעבן די צוויי קברים פון זיידע און עלטער־זיידע האָט געוואַקסן אַ בוים, און מיין פאָטער משה יוסף ז"ל פלעגט יעדעס מאָל ווען ער איז געווען אויף קבר־אבות אויסמעסטן מיט זיינע טריט אויב ס'איז נאָך פאַרבליבן פּלאַץ פאַר אַ דריטן קבר. אָבער, ער האָט ניט זוכה געווען צו קבר אבות; ער איז דערשאָסן געוואָרן אין ריישע פון די נאַציס ימ"ש, צוזאַמען מיט זיין אייניקל חיה, אַ מיידל פון אַכצן יאָר, די טאָכטער פון מיין שוועסטערביילע, און צוזאַמען מיט נאָך פערציק יידן, וועלכע מ'האָט אין יענעם טאָג, כ"א תמוז, תש"ב, דורך אַ מסירה אויפגעדעקט זייער באַהעלטעניש אין דעם „אַרישן" טייל פון שטאָט. אַלע זיינען באַערדיקט געוואָרן אין איין „ברודער־קבר", תנצב"ה והי"ד.

## ר' משה חיים (געמינדער) „דער פּאָלאַק"

מיין דריטער מלמד, נאָך ר' שלמה שנור, איז געווען ר' משה חיים „דער פּאָלאַק". גערופן האָט מען אים „דער פּאָלאַק", ווייל ער האָט געשטאַמט פון רוסיש פּוילן (קאָנגרעס־פּוילן, נישט פון גאַליציע). דערציילט האָט מען, אַז ער איז אַריבערגעשוואומען די ווייסל כדי אַריבערצושוואַרצן די גרעניץ.

ביים „פּאָלאַק" האָבן מיר שוין געלערנט יעדע וואָך כמעט אַ גאַנצן בלאַט גמרא, אויך די גאַנצע פּרשה חומש פון דער וואָך, מיט רש"י ביז „שני" אָדער אַמאָל ביז „שלישי". אין די ווינטערדיקע חדשים זיינען מיר

געגאַנגען אין חדר אויך ביינאַכט, פון נאָך מעריב ביז אַרום האַלב־צען (האַלב נאָך ניין); פאַר אַן אַכט־ניין יעריק ייִנגל האָט דאָס געמיינט גאָר אַ סך: „איך בין שוין גרויס! איך גיי ביינאַכט" — האָב איך געטראַכט.

ביינאַכט, נאָכן לערנען, האָבן מיר אָנגעצונדן אונדזערע אייגנגעמאַכטע פאַפּירענע לאַמטערנעס, אַרויס אין דרויסן מיט געזאַנג און טרעטנדיק צום טאַקט אויף דעם סקריפּנדיקן פראָסטיקן שניי, האָבן מיר מיט די ענגע שטייפע שטיוועלעך מאַרשירט גלייך אין „קליינעם", „אַלטן" בית־מדרש, וואו די עלטערע בחורים און עטלעכע בעל־בתישע לערנער זיינען געזעסן פאַר־טיפט אין זייערע שווערע סוגיות גמרא. אַריין אין בית־מדרש זיינען מיר מיט אַ געפּילדער, און גענומען אַרומקרייזן דעם „שולחן" ווי צו הקפות. דער עולם אין בית־מדרש האָט מיט איין מאָל אויפגעוואַכט און געשמייכלט פון הנאה; אָבער פלוצים איז אויפגעשפּרונגען עפּעס אַ בייזער ייִד, און גענומען אויף אונדז שרייען: „שקצים, דראַבעס, שאַ, שטיל! אַרויס פון בית־מדרש!" זיינען מיר זיך צעלאָפן יעדער אין זיין ריכטונג אויפן וועג צו דער וואַרעמער היים. פאַר מאַנכע יונגעלייט, ערשט נאָך דער חתונה, האָט אונדזער אַריינ־ברוך אין בית־מדרש געדינט ווי אַ סימן, אַז ס׳וואָלט געווען אַ סברא צו פאַר־מאַכן די גמרא; אויב מ׳גייט שוין פון חדר, איז שוין „בנאמנות" צייט אַהיימ־צוגיין עסן וועטשערע.

ביי די חדר־ייִנגלעך איז אַרומגעגאַנגען אַ גראַם: „ויקהל־פּקודי, מאַכט מען אַ סעודה", ווייל דאָנערשטיק נאַכט פון דער וואָך ווען ס׳איז געגאַנגען די סדרה ויקהל־פּקודי (מערסטנס אַ וואָך נאָך פּורים, די דריטע וואָך אין מערץ), האָט מען אויפגעהערט לערנען ביינאַכט, און דער רבי האָט דעמאָלט געמאַכט אַ סעודה. מיט אַ וואָך פריער האָבן די ייִנגלעך גענומען צונויפקלייבן צוקער־קעס, שאָקאָלאַד, אַלע מינים געטרונקנטע אויבסט און אָנפּאַרטרויט דעם רבין צו זיין דער „שומר". אַלע ייִנגלעך און אויך דער רבי האָבן עפּעס צושטייער געגעבן.

אויף חמישה־עשר בשבט האָבן מיר געפּראַוועט אין חדר אַ סעודה. מיר האָבן געבראַכט אין חדר חמישה־עשר פּירות: טייטלען, פייגן, ניס, ניסלעך און באָקסער, און געגעסן בחברותא מיטן רבין צוזאַמען. דער רבי איז דעמאָלט געווען זייער אויפגעלייגט און אונדז דערציילט אַ מעשה נורא פון „אור החיים", ווי ער איז אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל דורך אַן אונטערערדישער מערה.

אין דער וואָך פאַר שבועות האָבן מיר מיט אַ פריילעך געזאַנג געלערנט אָפּטייטשן דעם „אקדמות". אָבער דאָ האָט זיך שוין אַריינגעמישט די זון און דער דרויסן. מיר האָבן מער נישט געקאָנט איינזיצן; ס׳האָט אונדז גענומען

הייבן אין דער לופטן און ציען אַרויס, צו דער אָפענער לאָנקע. איז דאָס חדר פלוצים געוואָרן וואָס אַמאָל שיטערער; יעדער זאָגט אַן אַנדער תירוץ און פאַרלאָזט ס׳חדר פאַר אַ ווײַלע... אַזוי צעקריכט אַ האַלבער חדר. דער „פּאַלאַק״ זעט אײַן, אַז ס׳איז גאָרנישט קיין תכלית צו וואַרטן ביז די תלמידים וועלן אַליין צוריקקומען, ציט ער אויף זיך אַרויף די אַלטע גלאַנציקע בעקעשע, טוט אָן דעם אָפּגעריבענעם סאַמעטענעם קאַפּעליוש און מיטן שטעקן אין האַנט נעמט ער שפּאַנען צו כאַשיצקיס פעלד ביים טײַך. דאָס רעשטל תלמידים לויפט איצט, ווי פײַל פון בויגן, אָנזאָגן: „דער רבי גייט!״ לויפן אַלע ראַפּטום צוריק אין חדר דורך כלערליי הינטערשטעגן, און אָט זיצן שוין אַלע אַרום דעם לאַנגן טיש מיט טיאָכקעדיקע הערצער און תמעוואַטע, פאַר׳גולמ׳טע פּנימער, גלייך קיינער ווייסט פון גאָרנישט...

געדאַוונט האָט ר׳ משה־חיים אין צפון־מערב ווינקל פון גרויסן בית־מדרש. שטיל און סודות׳דיק האָט ער געפּרעפּלט מיט זײַנע ליפּן און מיט די טרויעריק־פאַרכמורעטע אויגן געזוכט אַלץ טיפער זיך אַרײַנקלעפּן אין דער מערב־וואַנט אַזוי אַז מ׳זאָל אים קוים קאָנען באַמערקן.

ר׳ משה־חיים האָט תמיד געלעבט אין דחקות. זײַנע מלבושים און חפצים האָט ער זאָרגפעלטיק אָפּגעהיט, ס׳זאָל אויף זיי, חלילה, נישט פאַלן אַ שפּרענקעלע. דאָס גלעזל פון נאַפט־לאָמפּ האָט ביי אים שטענדיק געפינקלט; ס׳איז נישט פאַרביי אַ טאָג ער זאָל עס נישט אויספּוצן, כאָטש ס׳איז זעלטן ביי אים געוואָרן פאַרקאָפּטשעט; דאָס קנייטל פון לאָמפּ פלעגט ער גוט אָפּשנייצן און אַרויסדרייען אויפן האָר, אַקוראַט צו דער מאָס, דאָס פלעמל זאָל נישט צוקן, נישט זיין צו שטאַרק און לייכטן העל. איין מאָל האָט ביי אים געפּלאַצט אַ גלעזל פון לאָמפּ, האָט ער דערפון געהאַט זייער גרויס צער ווי נאָך אַן אומערזאַצבאַרן פאַרלוסט: „אַי, דרייסיק יאָר געהאַט דאָס גלעזל, צום סוף האָט עס געפּלאַצט...״

נאָך מנחה־מעריב האָט ר׳ משה־חיים געגעסן זיין מאָלצייט, וואָס איז באַשטאַנען פון הייסן באָרשטש אין וועלכן ער האָט אַרײַנגעבראָקט צעשניטענע פאַרדאַרטע פּעניצלעך ברויט און האַרטע „סקאָרינקעס״ וואָס זיינען איבערגעבליבן פון די תלמידים. זיין גרעסטע הנאה אין לעבן איז געווען דאָס טרינקען טיי יעדן פרימאָרגן. דאָס איז ביי אים געווען אַ גאַנצע „עבודה״. צום אַלעם ערשטן האָט ער מיט אַ מעסער צעשפּאָלטן אין פירן דאָס פירעקיקע קלעצעלע צוקער, און ווידער מיט די שפּיצפינגער יעדעס פּיצל איבערגעבראָכן אויף האַלב. דערנאָך האָט ער אָנגעגאָסן די טיי אין אַ גלאָז און זיך בנעימות׳דיק אַראָפּגעזעצט אויף זיין שטול מיט אַ האַנטוך ביי דער זייט.

איצט האָט ער פּאַרזיכטיק איינגעטונקען זיין אָפּגעשווירענע אויבערשטע ליפּ אין דער בורשטין־קאָלירטער הייסער טיי, אָפּגעצויגן דעם אָטעם מיטן אָפּענעם מויל און אַרויסגעבלאָזן אַ פּאַרע; דעם שטול, זיצנדיק, אַ שטופּ געטאָן אויף אַהינטער, אַרויפגערוקט אויפן קאָפּ דאָס קאַפּעל, אַראָפּגעלאָזט די ברילן אויפן שפּיץ נאָז און מיטן האַנטוך געווישט דעם שווייס פון שטערן. די ברילן האָט ער אויפסניי אַרויפגעהויבן, דעם שטול צוריקגעשטעלט, אַריינגעבלאָזן אין גלאָז טיי, אַריינגענומען אין מויל אַ „קריש" צוקער, געזויגן פון גלאָז און געזייעט דורכן צוקער. דער זעלבער פּראָצעס האָט זיך ווידערהאָלט עטלע־כע מאָל, יעדן פּרימאָרגן.

ווען ר' משה־חיים'ס וואָנצעס קאָן מען נאָר זאָגן, אַז זיי האָבן ביי אים נישט געהאַט קיין מזל; ער האָט זיי געהאַלטן אין איין שניידן, הגם ער איז געווען נזהר נישט צו טשעפּען אַ האָר אין זיין באָרד. ווי געפעלט אייך אַ פרומער ייד מיט באָרד און פּיאות, מיט אַ נאַקעטע אויבערשטע ליפּ? נאָך איינער אַזעלכער איז נישט געווען אין קאָלבסוב! „וואָנצעס" — פלעגט ר' משה־חיים זאָגן — „זיינען מעכב את האכילה, זיי שטערן ביים עסן, און דער קיצור שולחן־ערוך (קכב, ד) זאָגט, אַז אַפילו אין די ניין טעג מעג מען זיי אָפּשערן".

אין אַ פריילעכער שטימונג האָט מען געקאָנט זען ר' משה־חיים'ען בלויז איין מאָל אין יאָר, פּורים ביי אַ מסיבה, נאָכדעם ווי מ'האָט אים בכיוון אונטערגערוקט עטלעכע גלעזלעך ביר. דעמאָלט האָט ער זיך געלאָזט איבער־רעדן צו זינגען דעם „פלעוונער מאַרש" אין רוסיש. געזאָגט האָט מען, אַז ער האָט געדינט אין דער רוסישער אַרמיי און זיך באַטייליקט אין דעם זיגרייכן אַריינמאַרש קיין פלעוונע.

---

אַרום 1912, ווען איך האָב געלערנט ביי ר' משה־חיים'ען, האָט זיך אין קאָלבסוב געשאַפן אַ באַוועגונג אויסצואיבן אַ קאָנטראָל איבער די חדרים, מלמדים און תלמידים. אין שפּיץ פון דער באַוועגונג האָט זיך געשטעלט ר' יחיאל שיעס (וויינמאַן). די קאָנטראָל איז באַשטאַנען פון: א) רעקאָרדירן די טעג און שעה'ן ווען דער תלמיד קומט אין חדר. ב) אונטערזוכן דעם תוכן־הלימוד, וואָס און וויפל ס'ווערט געלערנט. ג) דערגיין ווי ווייט איז די קענ־טעניש פון יעדן תלמיד. פאַר דעם צוועק זיינען צוגעצויגן געוואָרן אַ צאָל איידעלע בעלי־בתים, תלמידי־חכמים, וואָס האָבן באַזוכט די חדרים לכל־הפּחות איין מאָל אַ וואָך, דאָנערשטיק, זיך אינפאָרמירט וועגן צושטאַנד אין

חדר און פאַרהערט די תלמידים. די באַצייכענונגען „משובח״, „טוב מאוד״, „טוב״ און „בינוני״ האָבן באַדאַרפט אָנווייזן די מאָס פון די ידיעות. אויך זיינען צוגעטיילט געוואָרן קוויטלעך צו די עלטערע תלמידים, צו לאָזן זיי וויסן ביי וועמען פון די בעלי־בתים זיי דאַרפן זיך גיין פאַרהערן שבת נאָך טיש. פון דעם דאָזיקן סיסטעם איז מען שפּעטער געקומען צום געדאַנק צו אָרגאַניזירן די ישיבה.

## ר׳ אהרן־מאיר געלב

פון פאַר ראש־השנה תרע״ה ביז נאָך ראש־השנה תרע״ו, פון דער צייט פון דער רוסישער אינוואַזיע אין גאַליציע אין אָנהויב פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, אַרום סעפּטעמבער 1914, ביז נאָכן זומער 1915 איז דאָס יידישע לעבן אין קאָלבסוב געווען ווייט פון נאָרמאַל. קרוב צו צוויי דריטל פון דער יידישער באַפעלקערונג איז געווען צעשפּרייט אין דער ווייט פון דער עסטרייכישער אימפּעריע, אין ווין, אין בעמען, און אין אונגאַרן. געבליבן אין קאָלבסוב אונטער דער רוסישער אָקופּאַציע זיינען בלויז די, וואָס האָבן נישט באַוויזן צו אַנטלויפן אָדער זיי זיינען פאַרהאַלטן געוואָרן אונטערוועגס אין טאַרנע אָדער אַנדערשוואו און האָבן זיך געמוזט אומקערן. די רוסישע אָקופּאַציע־מאַכט האָט זיך נישט באַצויגן פריינטלעך צו די יידן, זי האָט גענומען יידן צו צוואַנגס־אַרבעט אויף די וועגן און האָט אויך געשטערט דעם געוויינלעכן מסחר.

אונדזער פאַמיליע מיט נאָך עטלעכע משפּחות זיינען פאַרוואָגלט געוואָרן אין אַ קליין יידיש שטעטל מיטן נאָמען „קאַלוואַריע זעבזשידאָווסקאַ״, לעבן וואַדאָוויץ (דאָרט איז געווען אַ גרויסער קאַטוילישער קלויסטער). דורך דער צייט האָב איך ווייניק־וואָס געלערנט, אַ חוץ אַמאָל אַריינגעקוקט אין אַ חומש צי אין אַ גמרא. נאָך דער דייטש־עסטרייכישער אָפענסיווע, וועלכע האָט כמעט אינגאַנצן געבראָכן דעם כוח פון דער רוסישער אַרמיי, זיינען מיר געווען פון די ערשטע „זומער־פייגעלעך״ וואָס האָבן זיך אומגעקערט קיין קאָלבסוב. איך האָב דעמאָלט אָנגעהויבן צו לערנען ביי מיין פערטן רבין, ביי ר׳ אהרן־מאיר געלב.

אייגנטלעך איז ר׳ אהרן־מאיר גאָר קיין מלמד נישט געווען, דאָס הייסט, ער האָט נישט „געפירט״ קיין חדר. אויף צו פירן אַ חדר איז ער געווען אַ ייד אַ חלוש, אַ שוואַך און אויסגעדאַרט מענטשל מיט אַן אומבאַקוועמען און שווערן „שבר״, וואָס האָט אים פאַרשאַפט אַ סך ווייטיק. געלערנט האָט ער נאָר מיט אַ פּאָר יחוס׳דיקע יחידים, ווי די עקשטיינס קינדער, און נאָר פּריוואַט ביים תלמיד אין הויז און אַמאָל אין בית־מדרש. געהייסן האָט עס,

אַז ער איז אין דער יוגנט געווען אַ תלמיד פון דעם „שואל ומשיב", ר׳ יוסף שאול נאַטאַנזאָן פון לעמבערג, אָבער פון דעם חריפות פון ר׳ יוסף־שאול און זיינע תלמידים איז ר׳ אהרן־מאיר געווען גאָר ווייט. ר׳ אהרן־מאיר׳ן האָט געצויגן מער צו פשטות, צו די ספרי נביאים און כתובים און צו אַביסל דקדוק.

געלערנט האָב איך ביי ר׳ אהרן־מאיר׳ן עטלעכע יאָר. אָנגעהויבן האָבן מיר מיט מסכת ביצה. דערנאָך האָבן מיר געלערנט „חזקת־הבתים" (בבא בתרא, פרק ג׳), מיט די שיינע לאַנגע רשב"ם׳ס, און צום סוף אין פסחים, די סוגיא פון „ר׳ חנינא סגן הכהנים" (דף יד). אין תוספות איז ר׳ אהרן־מאיר נישט געווען גלענצענדיק, אָבער מיר זיינען בקביעות יעדע וואָך דורכגע־גאַנגען די פרשה חומש מיט רש"י. מיר האָבן געלערנט גאַנץ נביאים ראשונים און אַ טייל פון ישעיה און אויך ספר דניאל. מ׳דאַרף נישט פאַרגעסן, אַז די ספרי נביאים און כתובים האָט מען דעמאָלט זייער זעלטן געלערנט.

ר׳ אהרן־מאיר פלעגט דאַווענען שפעט, מיטן לעצטן מנין; ער פלעגט זיך אויך לייגן שלאָפן שפעט, נאָך איינס ביינאַכט האָט מען אים נאָך געקאָנט טרעפן אַרומוואַנדערן מיטן לאַמטערן אָדער זיצן אין בית־מדרש. אַ סך מאָל איז ער אַרום עלף אַזייגער בייטאָג אַרומגעלאָפן פון איין בית־מדרש צום צווייטן און פון איין שולכל צום צווייטן, און פון זיי אין דער שול גופא כדי צונויפצושלעפן אַ פאָר יינגלעך אויף אַ מנין. נאָכן דאַווענען האָט ער זיך ערשט אַוועקגעזעצט מיט דער איינגעקרומטער פלייצע צום הייסן אָפּגעקאַלעכטן אויוון און פון זיין אייגענעם „מקראות גדולות" געזאָגט תהלים. ער האָט זיך זייער געצאַצקעט מיט זיין גאַנג נ"ך — מקראות גדולות; אין קאָלבסוב איז דאָס נישט געווען אַזוי בנמצא. אַהיים צו גיין איז ניט געווען נאָך וואָס; אמת, דאָס הויז איז געווען ציכטיק ריין, אָבער אויך ליידיק, אַפילו אָן אַ הילצערנער פאָדלאָגע. פלעגט ער זיך מיט עפעס אָן אויסרייד אַריינכאַפּן אין געוויסע הייזער. די מענטשן האָבן שוין פאַרשטאַנען, אַז מסתמא האָט ר׳ אהרן־מאיר היינט נאָך גאָרנישט טועם געווען, האָט מען אים איינגעלאַדן צו אַביסל קאַווע אָדער טיי מיט צובייסן, אָדער „אפשר וויל ר׳ אהרן־מאיר עפעס עסן?" ער האָט ממש יעדן טאָג געלעבט פון נסים. די פרוי זיינע האָט עפעס יאָ צוגע־האַנדלט מיט אַ פאָר עופות, פאַרקויפט אַ „דרויבע", האָט דאָס אין בעסטן פאַל געקלעקט קוים אויף צו מאַכן שבת.

ר׳ אהרן־מאיר איז געווען אַ בעל־קורא. געלייענט האָט ער אַקוראַט לויט דעם דקדוק. ער האָט געזוכט צו אונטערשיידן פון אַ קמץ קטן צו אַ קמץ גדול. ער האָט כל־ימיו געאַרבעט אויף דער קריאה, שטענדיק פראַקטי־צירט און גע׳חזר׳ט; שטילינקערהייט פלעגט ער זיך אַריינשלייכן אין דער

צוגעמאַכטער שול, שולכל אָדער בית־מדרש, אַמאָל שפּעט ביינאַכט ווען קיינער איז דאָרט נישט געווען, אַרויסנעמען אַ ספר־תורה, גולל זיין צו דער קריאה פון דער וואָך, כלומרשט מגיה זיין פאַראײנוועגס איבערגיין דאָס לייענען. זיין לייענען איז געווען לאַנגזאַם, באריכות, גענוי מיט יעדן קוועטש און דריי אין די טעמים און מיט אַ שווערן אָטעם; דאָס פּנים איז ביי אים מחמת דעם לייענען געוואָרן רויט און ווידער ווייס און לענגלעך אויסגעצויגן פון אויסגעמאַטערטער מידקייט, און מיט דער רויטער פאַטשיילע האָט ער געווישט די באַק יעדעס מאָל ווען אַ טראָפּן טרער האָט ביי אים אַראָפּגע־טריפט פון לינקן אויג. שבתים און ימים־טובים ביי די גרויסע מנינים אין די בתי־מדרשים און אין שול האָט מען ר׳ אהרן־מאיר׳ן נישט צוגעלאָזט צום לייענען, האָט ער אַרויסגעזוכט עפּעס אַ זייטיקן מנין צו לייענען דאָרט שבת. פיל מאָל האָט מען אים געקאָנט זען, גייענדיק שבת גאַנץ פרי הינטער דער שטאָט, צו ר׳ משה׳לע עקשטיין אויף דער שייטעראָווקע.

די מצוה פון הלווית־המת האָט ר׳ אהרן־מאיר אָפּגעהיט מיט גרויס זהירות. ווי נאָר אַ לוויה איז ער געווען פון די מלווים, אַפילו אין מיטן לערנען פלעגט ער מפסיק זיין און אַרויסלויפן, גיין לכל־הפחות עטלעכע שפּאַן, „אַזוי זאָגט דאָך די גמרא (מגילה ג): מבטלין תלמוד תורה להוצאת המת״. אויך חתונות, ברית׳ן און אַפילו גטין האָט ער נישט פאַרפעלט. איינמאָל, אַריינ־קומענדיק פון אַ גט אין בית־מדרש, האָט ער אויסגערופן: „מזל־טוב!״ האָבן מיר זיך צעלאַכט: „וואָסער מזל־טוב?״ „יאָ״ — זאָגט ר׳ אהרן־מאיר — „אויך נאָך אַ גט, ברויך מען זאָגן מזל־טוב״.

יעדן דאָנערשטיק פאַר שקיעת־החמה האָט מען געקאָנט זען ר׳ אהרן־מאיר׳ן טאַסקען העט־ווייט אויף דער הערן־גאַס ביז נאָכן „סאָקאָל״. וואוהין גייט דאָס איצט ר׳ אהרן־מאיר? ער האָט אַ „ראַנדעוואו״ מיט ר׳ יאַנקאָלע משה בעדערס און זיי ביידע „מיט דער זון״. זיי דאַרפן ביידע כאַפּן דעם מאָמענט אויפן ווייטן מערב׳דיקן האָריזאָנט ווען די זון זעצט זיך, כדי צו וויסן גענוי און דייטלעך ווען צו צינדן ליכט מאָרגן פרייטיק. וואו קאָן מען זען בעסער און אַזוי קלאָר די זון־פאַרגאַנג ווי הינטער דער שטאָט, אַזש ביים „סאָקאָל״? ביידע הויבן איצט אָן צו שפּילן מיט די פינגער אויפן שוואַרצן האַלז־בענדל ביז זיי דערגרונטעווען זיך צו דער טיפער שפּענצער־קעשענע וואו ס׳ליגט אָנגעהאָנגען אויפן העקל דער גראָבער קלאַפּערדיקער „ראָסקאָפּ״. איינער קאָנטראָלירט דעם צווייטנס זייגערל, ווי האַלט עס מיט דער צייט? צוגעלייגט דאָס זייגערל צום אויער און אַ דריי געטאָן ביים קעפּל, אָפּגע־שטעלט די ווייזערלעך גלייך צו דער סעקונדע כאַפּן זיי ווידער מיט פאַר׳־

חלומ׳טע אויגן אַ קוק אויף דער רויטער זינקענדיקער זון און צופרידענע קערן זיי זיך אום אין שטאָט: מ׳וועט שוין חלילה נישט קומען צו קיין חשש פון חילול תוספת־שבת.

אויפן אַריינגאַנג צו די בתי־מדרשים זיינען יעדן פרייטיק אין דער פרי פון רב אַרויסגעהאָנגען געוואָרן קוויטלעך, וואָס האָבן אָנגעוויזן די צ״יט פון ליכט־בענטשן. אָבער ר׳ אהרן־מאיר האָט זיך גאַנץ וויניציק דערמיט גערעכנט; ווען ס׳איז נאָך געווען גרויסער טאָג האָבן שוין ביי אים די ליכט געברענט. די פרומע שכנים האָבן זיך פאַרקוקט אויף ר׳ אהרן־מאיר׳ן און אויך געבענטשט ליכט פאַר דער צייט. איין מאָל האָט דער קאָלבסובער רב מו״ר הרב אריה־ליבוש טייטלבוים, גייענדיק פון מקווה פאַרביי ר׳ אהרן־מאיר׳ס הויז, געזען אַז די שבת־ליכט ברענען שוין, און קיינער איז נישטאָ, איז ער אַריין און אויסגעלאָשן די ליכט. ר׳ אהרן־מאיר האָט זיך גראָד אָנגעשטויסן ווער האָט דאָס געקאָנט טאָן, אָבער ער איז געווען שטענדיק פון די „נעלבין ואינן עולבין״... — ער האָט קיינעם קיינמאָל נישט צוריקגעענטפערט אויף אַ באַליידיקונג.

דער עלטסטער זון פון ר׳ אהרן־מאיר האָט געהייסן שמחה געלב. ער איז געווען אַ העברעאישער לערער, אַ פּעדאַגאָג און דירעקטאָר פון אַ שולע אין מזרח־גאַליציע און שפּעטער דאָ אין אַמעריקע. אויך ר׳ אהרן־מאיר׳ס טאָכטער איז געווען אַ העברעאישע לערערין. דער צווייטער זון משה׳לע איז אין דער יוגנט געווען אַזאַ מין שווייגער, אַז מ׳האָט קיינמאָל פון אים קיין פּיפּס נישט געהערט. שטיל־שוויגנדיק פלעגט ער יעדן פרייטיק גיין פון הויז צו הויז צונויפנעמען דאָס וואָכנגעלט פאַר דער חברה „תיקון וקנין ספרים״. מיטאַמאָל איז ער נעלם געוואָרן פון קאָלבסוב. קומענדיק צוריק איז ער גאָר געוואָרן אַ נייער מענטש, אַ מאָדערן־געקליידעטער פראַנט, אַ וויצלינג, וואָס זיינע רייד האָבן זיך פון אים געשאָטן ווי בעבלעך פון אַ לעכערדיקן זאַק.

## ר׳ יאַנקאַלע משה בעדער׳ס (מייער)

מיט דער באַשרייבונג פון מיינע רביים איז דאָס קאַפּיטל מלמדים נאָך ווייט נישט אויסגעשעפּט. אָקאָרשט איז דערמאָנט געוואָרן ר׳ יאַנקאַלע משה בעדערס; ער איז געווען איינער פון די עלטסטע מלמדים אין קאָלבסוב. ביי אים האָבן געלערנט אפשר אַ פיר דורות קאָלבסובער יידן.

זייענדיק נאָך גאָר אַ קליין ייִנגל, איז ער מיט זיין פאָטער משה בעדער געפאָרן אויף פסח קיין דזשיקעוו צום רבין ר׳ אליעזר. ביים סדר־טיש זיינען נאָך דעמאָלט געזעסן די קינדער פון רבין ר׳ אליעזר. האָט דער רבי ר׳

אליעזר געפרעגט: פאַרוואָס ביי די סימנים פון סדר אין „קדש ורחץ" זאָגט זיך ווייטער „מגיד רחצה", און נישט „ורחץ"? זאָל זיך דער בעל־הגדה האַלטן ביי איינס, אָדער „ורחץ" אָדער „רחצה"? האָט יעדער איינער פון דעם רבין ר' אליעזר'ס זיין געזאָגט אַנדערע חידושים און גימטריאות צו פאַר־ענטפערן די קשיא. דערווייל האָט זיך דאָס קליינע יאַנקאַלע משה בעדערס געהויבן פון אָרט, און געריסן עפּעס צו זאָגן, אָבער זיין פאָטער האָט אים כסדר צוריקגעהאַלטן און איינגעשטילט. האָט דאָס דער רבי ר' אליעזר באַ־מערקט. פרעגט ער, וואָס פאַרלאַנגט דאָס ייִנגל? ענטפערט משה בעדער: מיין בחור זאָגט, אַז ער ווייסט אַ תירוץ. „נו, אויב ער ווייסט, טאָ זאָל ער זאָגן" — האָט דער רבי ר' אליעזר אויסגערופן. האָט דאָס קליינע יאַנקאַלע זיך אויפגעשטעלט און דערקלערט: ווייל „ורחץ" גראַמט זיך מיט „יחץ" און „רחצה" מיט „מצה", דעריבער האָט דער בעל־הגדה אַזוי געשריבן. „ער ווייסט דאָך טאַקע יאָ!" — האָט דער רבי זיך געווענדט צו זיינע זין — „וואָזשע טויג מיר אייערע פּלפּולים און פשטלעך?" (געהערט פון הרב אלכסנדר טייטלבוים, קאָלבסובער רב אין די בראָנקס, נ. י.).

ר' יאַנקאַלע משה בעדערס איז כל־ימיו געווען פאַרקילט; גערעדט האָט ער הייזעריקלעך מיט אַ דין קוויטשערל, געהאַלטן אין איין הוסטן און נישט געקאָנט פאַרליידן קיין רויך. זיין רביצין חנה'לע האָט מיט אים גע'טענה'ט, אַז דאָס טעגלעכע טובל'ען אין מקווה פאַרשאַדט אים. האָט אויף דעם יאַנ־קאַלע געענטפערט: דאָס איז אַן אַלטער כלל, אַז דער וואָס זאָגט, אין מקווה פאַרקילט מען זיך, איז אַן אַפּיקורס. ס'קאָן נישט געמאָלט זיין מ'זאָל ווערן גע'ניזוק'ט טוענדיק אַ מצוה. אַי, איך הוסט — הוסט איך!

אָפטמאָל פלעגט ר' יאַנקאַלע קומען צום רב'ס שלוש־סעודות און דאָרט זינגען „ידיד נפש", מיטן ניגון וואָס ווערט איצט געזונגען אין מדינת ישראל צום אַריינפיר צו קבלת־שבת.

## ר' שמעון איציק לייבעלעס (פרישמאַן)

ר' שמעון איציק לייבעלעס האָט אויף מיר געמאַכט אַן אומפאַרגעס־לעכן רושם מיט זיין תמימות און זיין אויסטערלישער בקיאות. זיין ווייב האָט געפירט אַ שטיקל געוועלבל; אַז ס'איז אַמאָל אויסגעקומען אַריינצוגיין אין קראָם צו ענטפערן אַ קונה, וועלכער האָט גערעדט פויליש, האָט ר' שמעון ניט פאַרשטאַנען אַפילו וואָס דער קונה פאַרלאַנגט. ר' שמעון איז געווען אין גאַנצן אויסגעטאָן פון די הוויות פון דער וועלט.

געדאַווענט האָט ער שטיל אין אַ ווינקל מיט געמאָסטענע תנועות, איינ־געהילט אין טלית איבערן קאָפּ און זיך קוים באַוועגט. ער איז געווען בקי אין גאַנץ ש״ס מיט תוספות. יעדעס מאָל ווען איך בין נאָר געבליבן שטעקן ערגעץ אין מיטן פון אַ שווערן תוספות, האָב איך בלויז באַדאַרפט צוקומען צו ר׳ שמעון פרישמאַן מיט דער אָפענער גמרא און מיט מיין פינגער אויף דעם באַשטימטן פּלאַץ. ר׳ שמעון האָט נאָר אַ בליץ געטאָן מיט די אויגן, און גלייך געזאָגט אויפן אָרט דעם פּשט. ער האָט קיינמאָל ניט געדאַרפט מעיין זיין, צו קוקן פריער וועגן וואָס רעדט זיך דאָרט. איין חסרון האָט אָבער ר׳ שמעון יאָ געהאַט, ער האָט געהאַט אַ שלעכטע דיקציע און ס׳איז געווען שווער אים צו פאַרשטיין. דעריבער האָט ער געהאַט ווינציק תלמידים.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ר׳ שמעון אַוועק קיין טאָרנע און קאָלבסוב האָט פאַרלוירן איינעם פון אירע שענסטע תלמידי־חכמים. ר׳ שמעונ׳ס זון, לייבעלע, איז געווען אַ שטאַרק עמאָציאָנעלער יונגער ציוניסט; ער פלעגט זינגען אַלע ציון־לידער מיט באַגייסטערונג און געפיל. דינענדיק אין דער עסטרייכישער אַרמיי אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ער געשטאַנען אין סאַמבאָר, וואו ער האָט אויך חתונה געהאַט און פאָרגעזעצט זיין ציוניסטישע טעטיקייט.

## ר׳ מענדל זיסלס און ר׳ מענדעלע מאַדינער

געווען איז אין קאָלבסוב אַ גוטער איבערגעגעבענער גמרא־מלמד מיטן נאָמען מענדל זיסלס. ער איז געווען אַ פלאַנטשער חסיד און ער האָט זיך אויך באַשעפטיקט מיט איינמאַראַנירן פישלעך, וואָס מ׳האָט גערופן „ראָסן" אָדער „ראָסלעך". צום סוף האָט ער גאָר פאַרלוירן דאָס געדולד צו די תלמידים, האָט ער געקויפט אַ פּאָר פערד און געוואָרן אַ שפּיליטער. האָט מען אים געפרעגט: „ר׳ מענדל, ווי קומט דאָס צו אייך, פערד? און ווי פאַרלאָזט מען תלמידים?" האָט ר׳ מענדל געענטפערט: „בעסער צו טרייבן צוויי פערד, איידער צוועלף"...

ס׳איז געווען אין קאָלבסוב אַ מלמד פאַר חומש און התחלת גמרא, וועמען מ׳האָט גערופן „דער מאַדינער מלמד". געהייסן האָט ער מענדעלע גאָלדבערג און איז געווען אַן אייניקל פון באַוואוסטן גאון, דעם קאָלבסובער דיין, ר׳ שלום גאָלדבערג ז״ל. ר׳ מענדעלע מאַדינער איז געווען אַ מזג־טוב; ער האָט זיך באַצויגן מיט ליבשאַפט צו זיינע תלמידים. קיינמאָל האָט ער נישט אויפגעהויבן הויך זיין קול; קיינמאָל נישט אַריין אין כעס. דאָס „יאַמערשטע־קעלע" האָט ער געהאַלטן שפּילנדיק אין האַנט נאָר לפנים וועגן; זעלטן ווען

איז דאָס געקומען אין לייכטן באַריר מיט אַ תלמיד׳ס פלייצע. ער האָט אויך געהאַט אַ חוש פאַר נגינה און האָט שטענדיק אונטערגעברומט אַ ניגונדל. זיין זון יוסף בן־מנחם געפינט זיך אין רמת־גן, מדינת ישראל.

אין דעם כלל דרדקי־מלמדים גייען אַריין הערשעלע „קאַטשעכע״ (דריי־ענגל) — פאַר גאַר יונגעטשקע דריי־יאָריקע קליינוואַרג, וואָס האָבן זיך ס׳רוב צייט געשפּילט און מער געגאַנגען „קריאת־שמע לייענען״ צו די קימפּעטאָרינס ווי געלערנט, דער „טויבער״ מלמד שלמה, אהרן הכהן זאַלעשיץ און „קעצעלע דער מלמד״ — משה קאַץ.

וועגן דער טאָכטער פון „קעצעלע דעם מלמד״ ווערט דערציילט פאָלגנ־דיקע מעשה: זי איז אַ געוויסע צייט געווען אין אַמעריקע. ווען זי איז אַהיים געקומען קיין קאַלבסוב איז זי געוואָרן די כלה פון יאַנקל „קעפּיק״ לאַנג־וויל, אַ היטל־מאַכער. איז אַרויס אַ קלאַנג אין שטאָט, אַז מחמת זי קומט צוריק פון אַמעריקע מסתמא האָט זי זיך נישט אַזוי שיין אויפגעפירט. האָט יאַנקל געוואָלט אָפּלאָזן דעם שידוך. איז דער ענין געבראַכט געוואָרן צום דזשיקעווער רבין, צו ר׳ מאיר׳לען. האָט דער רבי געזאָגט, אַז צוליב אַ שמועה צערייסט מען נישט קיין תנאים, און ווייל דאָס איז אַן אומזיסטער חשד בענטשט ער דעם זיווג, אַז ס׳זאָלן ביי זיי געבוירן ווערן צוויי ליכט וואָס זאָלן פאַר־שיינען די וועלט.

די ברכה איז מקויים געוואָרן, און די „שני מאורות״ זיינען געווען די צוויי זין זלמן און חיים לאַנגוויל. זיי זיינען ביידע געווען גדולים אין תורה, אין חכמה, אין יראה און אין מעשים טובים. בחורוויז האָבן זיי געלערנט אין מעליץ, אַוועק פון דער ליצנות׳דיקע אַטמאָספערע אין זייער פאָטערס הויז. יאַנקל פלעגט זאָגן: „דו מיינסט אפשר איך בין אַ גראָבער יונג? זע נאָר, גיב אַ קוק אויף מיינע הענט ווי איידל זיי זיינען. זעליג לייפער (אַ חשובער פירער אין דער קהילה) איז גרעבער פון מיר״. אָדער טיילמאָל האָט ער געזאָגט: „אָי, האָב איך אַריינגעקוקט אין אַ שטיקל ׳קצות׳ — איז דאָס געווען מחיה־נפשות, אָבער גלויב מיר, אַ שטיקל געבראָטענע לעבער איז אַ סך געשמאַ־קער...״

זלמן איז געוואָרן אַ סוחר און געוואוינט האָט ער אין טעשען (אויף דער טשעכישער גרענעץ). חיים האָט געטאָן אַ רבייאישן שידוך פון דער ווישניצער־וויעליפּאָליער גזע. לעצטנס איז ער געווען אַ דיין אין דעם קראָ־קעווער בית־דין. ווען חיים איז נאָך אין זיין יוגנט אַהיים געקומען קיין קאַלבסוב, האָבן מיר אים אויסגעפּרוואווט אין גמרא „אויף דער נאָדל״, דאָס הייסט, מ׳האָט אַריינגעשטאָכן אַ נאָדל אין אַ געוויסן פּלאַץ אין דער גמרא, און

ער האָט באַדאַרפט זאָגן וואָס ס'איז געשריבן אין זעלבן פּלאַץ צען־צוועלף בלאַט ווייטער, ווי ווייט די נאָדל איז דורכגעגאַנגען.

גוטע גמרא מלמדים זיינען געווען הערשקע רייך, ישראל איסר — אַ שטרענגער ייד, פאַר וועמען די תלמידים האָבן מורא געהאַט — און זינדל ווייגאַרטן, וואָס איז אויך געווען אַן אייער סוחר.

אין דער ישיבה וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אַרום 1920, האָבן געלערנט: ר' לייבטשע („קייזער") לעזער, אַ קלאָרער לאָגישער אַנאַליטיקער (ער איז אַ צייט מיט יאָרן געווען אַ פּרעסער אין ניו יאָרק, און ער האָט איינגעשאַפט אַלע גוטע ספרים פאַר דער קאָלבושאָווער שול אויף דער פיפטער סטריט), ר' אברהמלע נחום'ס אויכהיזיגער, אַ למדן מופלג און אַ פּיקח, און חיימטשע הכהן בירנבוים, אַ פּה מפיק מרגליות, אַ טייערער בעל־מסביר.

בראש פון דער ישיבה איז געשטאַנען ר' שאול הכהן זאַלעשיץ. ער איז געווען נישט נאָר אַ חריף, נאָר אויך אַ בעל־הוראה להלכה, ער האָט דורכגעאַרבעט אַלע שיטות פון די ראשונים און צוגעפירט צו דער ענדגיל־טיקער מסקנה; ער האָט זיך נישט אָפּגעגעבן מיט סתם פאַרדרייטע פּלפּולים וואָס בלייבן הענגען אין דער לופטן און פירן צו גאָרנישט. ער האָט געהאַט פּראַקטישע פּעדאַגאָגישע לערן־מעטאָדן וואָס האָבן די תלמידים געגעבן דעם געפיל, אַז זיי גייען אויף אַ זיכערן פּלאַנירטן און אויסגעטראַטענעם וועג. ר' שאול האָט אויך געקאָנט ציען אַ גרויסן עולם פון „עמך". אין די פרייטיק־צו־נאַכטן, לערנענדיק חומש מיט רש"י, האָט ער אויך דעם פּראָסטן פאָלק געהאַלטן פאַרכישופט מיט אויסשפּינען אַ גאַנצן געוועב פון דרוש, אגדה און מפרשים אַרום איין איינציקן פּסוק.

---

דער רייסטער פון מלמדים וועט נישט זיין פולקאָם אויב מיר וועלן נישט איינשליסן דעם טיפּ מלמדים, וואָס מ'האָט זיי גערופן „לערער". זיי האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט לערנען שרייבן יידיש, לשון־קודש, אַמאָל אויך פּויליש און דייטש. זיי האָבן אויך געלערנט אַביסל תנ"ך און יידישע געשיכטע און גאָר באַזונדערס שרייבן בריוו. אָנגעהויבן האָט מען מיט שרייבן די יידישע אותיות אויף אַ הילצערנעם ברעטל מיט קרייד אָדער אויף אַ קליינעם טאָוול מיט אַ רישיק. דערנאָך האָט מען געשריבן די אותיות צוריקוועגס, פיר אותיות צוזאַמען: תשרק, צפעס, נמלך, יטחז, און אַזוי ווייטער. איצט איז מען שוין געוואָרן גרייט צו קאָפּירן אַ „גריסל", וואָס דער לערער האָט פאָרגעשריבן. ערשט נאָכן גריסל האָט מען געקאָנט נאָכשרייבן גאַנצע בריוו פון אַ „בריפענשטעלער".

געלערנט ביי די לערער האָבן מיינסטנס מיידלעך, און אַזעלכע יינגלעך וואָס זיינען נישט געווען גענויגט צו דעם גמרא־לימוד.

אין קאָלבסוב זיינען געווען אביגדור לערער, דער „שוואַרצער" לערער און זיין זון שמחה לערער. שמחה׳ס זון איז געווען הערש געווירץ, שוין אַ מאָדערנער העברעאישער לערער און אַ משכיל, אַ בעל־ידיעות. ער איז דער־נאָך געוואָרן אויך דער סעקרעטאַר פון דער קהילה.

ס׳דאַרף דאָ אויך דערמאָנט ווערן דער אָפיציעלער „רעליגיאָנס־לערער" אין דער פוילישער שקאָלע איגנאַצי דלוגאַטש. איין שעה אין דער וואָך איז דער קאַטוילישער גלח געקומען אין שקאָלע צו לערנען מיט די קריסטלעכע סטודענטן רעליגיע. אין דער זעלבער צייט האָט דלוגאַטש געלערנט מיט די יידישע יינגלעך אויף דער פוילישער שפּראַך אַביסל ביבלישע דערציילונגען. מ׳האָט געליינענט פון אַ פּוילישן טעקסט־בוך און מ׳האָט רעציטירט. די לעקציע איז אַלעמאָל געווען נודנע און אויסגעצויגן. דלוגאַטש האָט אויך געגעבן פּריוואַטע לעקציעס אין סעקולערע לימודים צו די בחורים, וואָס זיינען נישט געגאַנגען אין שקאָלע אָדער זיינען געבליבן הינטערשטעליק. אַ געוויסע צייט איז ער אויך געוואָרן טעטיק אין קהלשן לעבן, און האָט אַפילו פאַרנומען דעם אַמט פון פּרעזעס פון דער קהילה צוויי יאָר צייט.

## דער שוחט ר׳ וואָלוויש דערשאָוויץ

ר׳ וואָלוויש שוחט האָט קודם־כל געהאַט יחוס: ער איז געווען ר׳ יחזקאל־מענדלס איידעם. ר׳ יחזקאל־מענדל ברוינהויט איז געווען איינער פון די באַרימטע קאָלבסובער דיינים. ער איז געווען אַ למדן, אַ צדיק און נאָך דערצו אַ קרוב צו די עקשטיינס. ר׳ יחזקאל־מענדל איז געווען פון די יחידי־סגולה וועלכע מ׳האָט מקבר געווען אין אוהל און מ׳האָט שטענדיק דערמאָנט זיין נאָמען מיט יראת־הכבוד.

נאָך מער האָט ר׳ וואָלוויש שוחט געהאַט יחוס עצמו. ער איז געווען אַ מענטש מיט מעלות. ר׳ וואָלוויש איז געווען אַ ייד אַ פּיקח, אַ זעלטענער אומן־יד, אַ גוטער שוחט ובודק און מוהל, אַ שיינער דאַוונער, אַ בעל מוסף ימים־נוראים, אַ היפּשער למדן און פון די חשובסטע דזשיקעווער חסידים. פון אויבן אויף האָט ר׳ וואָלוויש שוחט אויסגעקוקט ווי אַ האַרטער און דיס־ציפּלינירטער מענטש, אַ פאַרשוין וואָס ביי אים מוז אַלץ זיין אויפן אָרט און אויף דער מינוט אַקוראַט, און אויך ריין אָן אַ שפּרענקעלע. ס׳האָט פון אים געווייעט אַזוי ווי אַ קאַלטקייט און אַ בייזקייט. שעכטן אָן עוף האָט מען באַדאַרפט קומען אין שעכט־שטיבל אין דער באַשטימטער צייט. געוויסע בעלי־

בתים האָבן אָבער געוואָלט דווקא זיין שחיטה, אויך אין דער וואָך וואָס ער האָט געשאָכטן בהמות און נישט קיין עופות; איז מען געקומען מיט אַן עוף צו אים אין הויז, האָט מען געמוזט זיצן און וואַרטן שטילינקערהייט, נישט אַמאָל געבן אַ ניס אָדער אַ הוסט. ווער שמועסט איבערוקן אַ חפץ אָדער אַ בענקל, זאָל דער אויבערשטער שומר ומציל זיין...

אָבער הינטער ר׳ וואָלווישעס האַרטקייט האָט געקלאַפּט אַ האַרץ פון סענטימענטאַלער מילדקייט און ליבשאַפט. ווען ער האָט אין די ערב־ראש־השנה׳דיקע סליחות שטילערהייט געזאָגט נאָך „שמע קולנו", דעם „יהי רצון... שתהא השנה הזאת... קץ ותכלית... ועת סוף לגלותנו ולאבלנו..." און אַזוי אויך ווייטער, ביי „אנא הבט בצדקת עבדיך, חסידיך אשר הערו נפשם למות..." האָבן זיך פון אים געגאָסן באַכן טרערן; ס׳איז ממש געווען אומ־גלויבלעך צו זען ר׳ וואָלווישן וויינען, און נאָר יחידים האָבן דאָס געקאָנט באַמערקן.

## ר׳ יעקב עקשטיין ווערט ברוגז

צווישן דעם רב ר׳ אברהם־אהרן טייטלבוים און ר׳ יעקב עקשטיינס הויף זיינען די באַציאונגען פאַר אַ לאַנגער צייט געווען גאַנץ פריינטלעכע. ר׳ יעקב עקשטיין האָט אַפילו באַשטימט אַ ספּעציעלע קו אויף זיין הויף; זי האָט זיך גערופן „דעם רב׳ס קו", און איר גאַנצע מילך איז געגאַנגען אויסשליסלעך פאַר ר׳ אברהם־אהרנ׳ען און זיין הויזגעזינד. די פריינטשאַפט פון „הויף" צום רב איז געוואָרן צעשטערט צוליב דעם חלף פון ר׳ וואָלוויש שוחט.

ר׳ וואָלוויש שוחט האָט זיך פאַרשולדיקט ביים רב; אַפנים נישט געוויזן דעם חלף פּונקט אין צייט. האָט דער רב אים צייטווייליק מעביר געווען פון דער שחיטה, נישט דערלויבט צו שעכטן. ר׳ יעקב עקשטיין האָט נישט געקאָנט פאַרליידן וואָס מען האָט באַליידיקט זיין קרוב דעם שוחט. איז ר׳ יעקב געקומען צו לויפן צום רב און געבעטן, אַז דער רב זאָל לאָזן זיינס איבערגיין און אַראָפּנעמען דעם איסור פון שוחט.

איינער פון די שאַרפע שטאָטישע למדנים, וואָס האָט זיך שטענדיק געפונען אין בית־דין שטיבל און אַרויסגעהאָלפן דעם רב אין דין־תורות און אין אַנדערע קהלשע עסקים, איז געווען דער נאַפט־סוחר שיע (יהושע) וויינמאַן. ר׳ שיע, אַ קורץ זשוואַווער יידעלע מיט קליינינקע דראָבנע טריטעלעך און מיט שאַרפע ביסטרע אויגן, האָט געטריי געדינט דעם רב. ער האָט אויך געהאַט דעם כוח און מוט זיך אַקעגנצושטעלן אַפילו ר׳ יעקב׳ן.

הערנדיק דעם פאַרלאַנג פון ר׳ יעקב עקשטיין איז דער קליינער ר׳ שיע אויפגעשפרונגען: „חלילה, דער רב טאָר נישט מוחל זיין אויף זיין כבוד, אַזוי

לאַנג ווי דער שוחט וועט נישט קומען פאַר אים אין די זאַקן מקבל־נזיפה זיין!״

ר׳ יעקב עקשטיין איז אַוועק פון בית־דין שטיבל אַ ברוגזער, און זייט דעם טאָג האָט זיך „דעם רב׳ס קול״ אויפגעהערט צו מעלקן. און ר׳ שיע ווײַנמאַנס קעגן־רוף האָט ביי די עקשטיינס אָנגעצונדן אַזאַ שטאַרק פייער, וואָס אַפילו די ריזיקע, שטאָלענע טאַנקן פּעטראָלעאום אין זיין, ר׳ שיעס, מאַגאַזין, וואָלטן ניט געווען ביכולת צו ברענען אַזוי לאַנג און אַזוי שטאַרק...

## קאָלבסובער דיינים

קאָלבסוב האָט פון יאָרן לאַנג געהאָט די טראַדיציע פון גרויסע דיינים, גרויס אין תורה און גרויס אין חכמה און אין צדקות. ס׳איז שוין דאָ דערמאָנט געוואָרן דער דיין מורנו הרב ר׳ יוסף, וועלכער האָט אויך פאַר אַ קורצער צייט (1785—1782) פאַרנומען די רבנות שטעלע אין קאָלבסוב. ס׳האָבן אים נאָכגעפאָלגט אַ גאַנצע ריי פון געניאַלע דיינים און מורי־הוראה, אָבער נאָר וועגן אַ טייל פון זיי זיינען ביי אונדז פאַרבליבן קלאָרע ידיעות.

## ר׳ שלום גאָלדבערג

גאָר באַקאַנט פאַר זיין גאונות איז געווען דער דיין ר׳ שלום גאָלד־בערג. ער האָט זיך דורכגעשריבן מיט די גדולים אין גאַליציע פון זיין צייט, מיט ר׳ איטשע (יצחק) איטינגא פון לעמבערג (שו״ת מהרי״א איטינגא), מיט ר׳ ישראל הכהן ראַפּאַפּאָרט פון טאַרנע (שו״ת מהר״י הכהן), מיטן „בית יצחק״ — ר׳ יצחק שמעלקיש פון פּרעמיסלא און לעמבערג, און מיט ר׳ וואָלף (אברהם זאבר) פרענקל (שו״ת משיב כהלכה) פון ריישע. אין די שאלות־ותשובות ספרים פון די גדולים, געפינען מיר אַ צוויי צענדליק פון ר׳ שלום גאָלדבערגס וועגדונגען און אָנפראַגעס וועגן פאַרשיידענע ענינים וואָס זיינען נוגע צום סאָציאַלן, עקאָנאָמישן און מאָראַלישן לעבן פון די יידן אין קאָלבסוב אַרום דעם מיטן פון נײַנצנטן יאָרהונדערט.

כדי צו געבן עפּעס אַ באַגריף פון דעם פאַרנעם פון ר׳ שלום גאָלדבערגס שאלות־ותשובות, וועלן מיר דאָ ברענגען אַ צאָל פּראָבלעמען וואָס ווערן דאָרט באַהאַנדלט:

1) דאָרפס־יידן זיינען געפאָרן אין שטאָט אויף ימים־נוראים, האָבן זיי באַ־שטעלט זייער ניט־יידישע שכנים צו מעלקן די קי. שטעלט זיך די פראַגע, צי בלייבן די מעלק־שעפּעלעך, וואָס זיינען באַנוצט געוואָרן פון זיי אין דער אָפּוועזנ־הייט פון די יידן, כשר?

2) ס׳איז געמאַכט געוואָרן אַן הלוואה דורך אַ שליח, און ס׳איז נישט גע־שריבן געוואָרן אַ „היתר־עיסקא״. קאָן איצט דער לווה צוריקמאָנען דעם פּראָצענט פון שליח?

3) אין קעגנזאַץ צום פסק פון דין־תורה האָט די אלמנה געוואונען דאָס הויז דורך אַ געריכטלעכן פּראָצעס. קאָן איצט דער באַרעכטיקטער יורש מאָנען דירה־געלט פון די קאָמיניקעס ווען זיי האָבן שוין איינמאָל באַצאָלט דאָס דירה־געלט צו דער אלמנה ?

4) טענות וועגן וועקסלען.

5) טענות וועגן שותפות אין אַקציעס.

6) אַ טענה פון חזקה איבער אַ קרעטשמע פון אַן אַרענדאַר וועלכער איז באַשולדיקט געוואָרן אין באַליידיקן די קריסטלעכע אמונה.

7) אין דער פּאָסעסיע, וואָס איז געווען זייט יאָרן געדונגען פון פּריץ, האָט דער אַלטער פּאָטער אַריינגענומען דעם איידעם פאַר אַ שותף, און גלייכצייטיק אים, דעם זין, געגעבן אַ כתב־חזקה, צום ערשט, אויף דער גאַנצער פּאָסעסיע און אַ וואָך שפּעטער, בלויז אויף אַ האַלבע. איצט האָט דער פּאָטער די גאַנצע פּאָסעסיע איבערגעגעבן צום איידעם מיט אַ תנאי, אַז דער איידעם זאָל דעם שווער צאָלן אויפן גאַנצן לעבן אַ געוויסע סומע אויף חיונה. מאָנט דער זון איצט זיין חזקה.

8) די טענות פון קאָראָבקע־האַלטער אַקעגן די שוחטים.

9) נאָך פינף וואָכן האָט דער שענקער געפונען, אַז ס׳האָט ביי אים אין קעלער אויסגערונען אַ פעסל ראַזאָלאַ. ווער דאַרף ליידן דעם שאָדן ?

10) איר מאַן האָט געהאַט חזקה אָפּצוקויפן די הייוון פון „ברייז״ (ברויערײַ). נאָכדעם ווי איר מאַן איז געשטאָרבן, האָט די אלמנה ווידער חתונה געהאַט מיטן באַדינג, אַז דער צווייטער מאַן זאָל, פאַר דעם באַקומען די הייוון־חזקה, חתונה־מאַכן אירע טעכטער פון ערשטן מאַן. נאָך די חתונות פון די טעכטער האָט עמעצער אַנדערש אויסגעדונגען די הייוון אויף צוויי יאָר, אָבער איר מאַן האָט ווידער געקראָגן זיין רעכט איבער די הייוון. קומען איצט די זין פון ערשטן מאַן מיט אַ טענה, אַז זייער מאַמע האָט גאָר קיין רעכט נישט געהאַט אַוועקצוגעבן זייער טאַטנס חזקה צו איר צווייטן מאַן.

אַ, וואָס האָבן זיי ביז איצט געשוויגן ? און וואָס איז אויך מכוח די צוויי אלפים ריינישע כסף וואָס די חתונות האָבן אָפּגעקאָסט ?

אויף דעם ענטפערן די זין: מיר האָבן דאָך געמוזט שווייגן ביז די שוועסטער וועלן חתונה האָבן. און ווער זאָגט אַז זיי האָבן באַדאַרפט אַזאַ גרויסן נדן ?

11) איינער פון פיר שותפים אין אַ וואַלד האָט פון שותפות אָפּגעקויפט טויזנט קלאַפטער האָלץ, מיט אַ תנאי, אַז אַזוי לאַנג ווי ער וועט נישט האָבן פאַרקויפט זיינע טויזנט קלאַפטער טאָר דאָס שותפות נישט פאַרקויפן קיין קלאַפטער פון דעם דאָזיקן וואַלד. דערווייל האָט ער אויף איינמאָל פאַרקויפט די גאַנצע טויזנט קלאַפטער, אָבער אָן אַ שום תנאי. דער צווייטער קויפער האָט דעריבער געהאַט שוועריקייטן, מחמת די וואַלד־שותפים האָבן געשלאָגן זיין פּרייז, האָט ער נישט געקאָנט מאַכן די צאָלונג און ס׳איז געקומען צו אַ סכסוך. האָט דער ערשטער קויפער, און שותף, געמוזט צוריקקויפן די טויזנט קלאַפטער. איצט טענה׳ן די אַנדערע דריי שותפים, אַז דער ערשטער תנאי איז מער נישט גילטיק.

12) שוין עטלעכע יאָר ווי איינער האַלט די קאָנצעסיע צו שפּייזן די אַרעסטאַנטן אין קרימינאַל. מיטאַמאָל האָט די רעגירונג באַשלאָסן צו מאַכן אַן עפנטלעכע ליציטאַציע. זיינען געקומען מענטשן און איינגעלייגט קויציע מיט דער כוונה אויסצודינגען די קאָנצעסיע. האָט דער פריערדיקער קאָנצעסיאָנער זיך פאַרגלייכט צו געבן זיי 250 ריניש וועלכע ער האָט אויך איינגעלייגט ביי אַ שליש. ס׳איז געוואָרן אָפּגערעדט, אַז מ׳זאָל נישט אַראָפּשלאָגן דעם פּרייז אויף ווייניקער פון צוויי־און־צוואַנציק צ״ל (קרייצער, מסתמא פאַר איין טאָג עסן פאַר איין פּערזאָן).

שוין נאָך דער ליציטאַציע איז אָנגעקומען אַ מאַן און פאַרלאַנגט פון פריערדיקן קאָנצעסיאָנער 15 ריניש, אויב נישט, וועט ער ווידער קאַליע מאַכן דעם

פרייז, און ער האָט טאַקע אַראָפּגעקלאַפּט דעם פּרייז אויף 16 צ״ל. די ריכטער האָבן אָבער געגעבן די ברירה צום פריערדיקן קאָנצעסיאָנער צו פאַרבלייבן אויף די זעכצן צ״ל.

איצט זיינען דאָ טענות פון ביידע צדדים וועגן די איינגעלייגטע צוויי הונדערט און פופציק רייניש.

13) נאָך מיט צוואַנציק יאָר צוריק, האָט דער פּריץ פאַרקויפט אַ לײדיק שטיקל לאַנד אויף צו בויען אַ הויז. אָבער די שכנים האָבן געפּועלט ביים פּריץ ער זאָל חוזר זיין פון פאַרקויף, ווייל דאָס בויען וואָלט געווען אַ שטער פאַר די נאָענטע הייזער. די שכנים האָבן עפּעס באַצאָלט דעם פּריץ דערפאַר, און דער פּלאַץ איז געבליבן לײדיק ביז היינט.

אָבער דער פּריץ האָט זיך געגרייט צו פאַרקויפן די שטאָט צו אַן אַנדער פּריץ. האָבן די שכנים מורא געהאַט, טאָמער וועט דער נייער פּריץ נישט לאָזן טאר זיי פריי דעם דאָזיקן פּלאַץ, ווייל קיין געשריבענעם אָפּמאַך האָבן זיי נישט געהאַט. האָט איינער פון די שכנים זיך משתדל געווען אַרויסצובאַקומען פון פּריץ אַ כתב. דער פּלאַץ איז נאָכדעם פאַרקויפט געוואָרן, און צעטיילט מיטן געלט האָבן זיך אַ זון און אַן איידעם.

קומט איצט אַ צווייטער זון, וועלכער וואוינט אַנדערשוואו, און מאָנט זיין חלק ירושה. זאָגט דער ערשטער זון, אַז מאָנען זאָל ער ביים שוואָגער, ווייל ער איז דאָך גאָרנישט קיין יורש. טענה׳ט דער שוואָגער: ערשטנס, איז ער יאָ אַ יורש, ווייל ־ער שווער האָט אים געלאָזן אַ שש״ז (שטר שלם זכר). צווייטנס, איז ער געווען דער וואָס האָט באַוואויגן דעם פּריץ אַריינצושרייבן אין כתב, אַז מ׳זאָל אויף מעגן פאַרבויען דעם פּלאַץ.

פון די טיטולן מיט וועלכע דער דיין ר׳ שלום גאָלדבערג ווערט באַ־ צייכנט, קאָן מען זען, אַז די גדולים, מחברים פון די שאלות־ותשובות ספרים, האָבן פון אים זייער פיל געהאַלטן. ער ווערט אָנגערופן: „הרב החריף המופלא״, „הרב המופלג, החריף והשנון המפורסם״, „כבוד ידידי הרב החריף ושנון החסיד המופלא... מו״ץ בק״ק קאָלבסוב״ און „כבוד ידידי הרב החריף ושנון, דיינא ונחית לעומק הדין... מו״צ דק״ק קאָלבסוב״.

אויפן קאָלבסובער בית־הקברות האָבן זיך געפונען צוויי ביידלעך, אהלים, איינס איז געווען געבויט איבער דעם קבר פון דעם קאָלבסובער רב, דעם ערשטן ר׳ יחיאל, דער זון פון דעם רבין ר׳ אשר פון ראָפּשיץ, דאָס צווייטע איז געווען איבער דעם קבר פון דיין ר׳ שלום. לעבן אים האָבן אויך גערוט ר׳ יחזקאל מענדל דער דיין און ר׳ שלומ׳ס זון, ר׳ משה גאָלדבערג, וועלכער איז אויך געווען איינער פון די פאָרנעמסטע דיינים.

## ר׳ איטשע לייזער (ר׳ יצחק אליקים אליעזר) גרעער

איינער פון די פאַרבנרייכסטע פערזענלעכקייטן אין קאָלבסוב איז אָן אַ ספק געווען דער דיין ר׳ איטשע לייזער גרעער. דאָס איז געווען אַ ייד אַ פּיקח, ממש אַ וועלטס־חכם. ביי אים אין מויל איז די הלכה פּסוקה, דער ענדגיל־ טיקער דין, געווען אַזוי פליסיק ווי אַמאָל ביי יעדן ייד „אשרי״. ער איז

געווען אַ דזשיקעווער חסיד, פון די גאָר נאָענטע מקורבים צו ר׳ יהושע׳לע ז״ל. אין ספר שו״ת „עטרת ישועה״ (קראָקע תרצ״ב) שרייבט צו אים ר׳ יהושע׳לע הורוויץ אַ תשובה: „לידידי הרב וכו׳ חריף ושנון מורה ודאין מוה״ר יצחק אליעזר דיין דק״ק קאָלבסוב״. איז פאָרגעקומען אַ שאלה אין דזשיקעווער הויף, האָט דער דזשיקעווער רבי אַליין נישט גע׳פסק׳נט, נאָר מייסטנס דעם ענין איבערגעגעבן צו ר׳ איטשע לייזערן.

אַזוי האָט דערציילט אַ דזשיקעווער חסיד, אַ וואוילער אָפּגעהיטענער ייד, אַ פאָלקס־מענטש און תלמיד־חכם וועלכער האָט געוואוינט אין קאָלב־סוב, אויסער דער שטאָט, אין ביקעווצע, און דערפאַר האָט מען אים טאָקע גערופן ר׳ שלום ביקעווצער, אָבער געהייסן האָט ער שלום רעפּהאָן (זיין זון מענדל רעפּהאָן איז אַ מוכר־ספרים אין מיאַמי ביטש, פלאָרידאַ):

„איך בין נאָך דעמאָלט געווען נישט מער ווי אַ יונגערמאַן, עטלעכע יאָר נאָך דער חתונה״ — האָט אָנגעהויבן ר׳ שלום ביקעווצער — „זיינען מיר געפאָרן אין אַ קנאַקעדיקן ווינטערדיקן פראָסט מיט אָקס קיין דזשיקעוו. געפאָרן זיינען ר׳ איטשע לייזער, ר׳ וואָלוויש שוחט און איך בתוכם. גראָד האָט מען יענע וואָך געשאָכטן אַ קו און געפונען אין אירע געדערים אַ „וויפּאָריק״ (שליל). האָט מען דאָס נאָך ניט געבוירענע קעלבעלע אויסגע־בראָטן אינגאַנצן מיטן הינטער־חלק (ווי ס׳איז דערלויבט לויטן דין, יורה־דעה, יג ב, סד, ב) און אויף דער לאַנגער ווינטערדיקער נסיעה אויפגעגעסן, פאַרטריקנדיק מיט אַביסל „אַכט און ניינציקער״. אַריינגעקומען קיין דזשיקעוו טרעפט זיך אַ שאלה: מ׳האָט אויפגעעפנט איבער הונדערט גענז און צום סוף געפונען אַ פּופּיק דורכגעלעכערט פון אַ נאָדל, און מ׳ווייסט נישט פון וועלכער גאַנז איז דער פּופּיק. האָט דער דזשיקעווער רבי געזאָגט בניחותא: שאַ, וואָס איז די בהלה? אָט איז דאָך אָנגעקומען ר׳ איטשע לייזער, קאָלבסובער דיין, זאָל ער אַ קוק טאָן. ר׳ איטשע לייזער איז אַריין אין דער גרויסער קיך, באַטראַכט דעם פּופּיק און ווידער געקוקט אויף די אויסגעשפּרייטע גענז. ,אָט איז די טריפה!׳ — האָט ער אַרויסגעכאַפּט אַ גאַנז פון מיטן — ,אַלע אַנדערע זיינען כשר!׳ ״

ר׳ איטשע־לייזער האָט זיך באַטייליקט אין אַ צאָל שאלות־ותשובות צוזאַמען מיט ר׳ שלום גאָלדבערג. געפינען מיר דעריבער אַ תשובה פון ר׳ יצחק שמעלקיש (שו״ת בית יצחק), וואָס איז אַדרעסירט צוביידע אויף אַמאָל: „להרבנים החריפים המופלגים, דיינים מצויינים, ה״ה מו׳ שלום גאָלד־בערג נ״י וה״ה מו״ה יצחק אליעזר דק״ק קאָלבסוב״. אָדער, ווי ר׳ וואָלף פרענקיל פון ריישע האָט געשריבן סתם, אָן צו דערמאָנען די נעמען: „לידידי

הרבנים (דאָס מיינט ער די צוויי דיינים ר' שלום און ר' איטשע לייזער) המופלגים הוותיקים יראי ה' וחושבי שמו יושבים על מדין בק"ק קאָלבסוב נ"י יצ"ו".

אינטערעסאַנט איז צו באַמערקן, אַז נישט בלויז האָט ר' וואָלף ריישער פאַרפעלט צו דערמאָנען די נעמען פון די שואלים, נאָר ער וואָרנט: „מיינע פריינט, איינס איז מיין פאַרלאַנג, איר זאָלט זיך נישט פוילן צו קאָפּירן מיינע דאָזיקע רייד, און אָן אַן אָפּלייג מיר אָפּשיקן, ווייל איך האָב אַליין קיין קאָפּיע נישט געמאַכט; אויב איר וועט דאָס נישט טאָן, וועל איך אייך מער נישט ענטפערן. איך בין זיכער אַז איר וועט דאָס גלייך אויספאָלגן".

און די קאָלבסובער דיינים האָבן טאַקע גלייך אויסגעפאָלגט. אַ סימן — די תשובה איז אַריין אין דעם געדרוקטן ספר „משיב כהלכה". אָבער דאָס איז די איינציקע; ווייזט אויס, אַז די קאָלבסובער דיינים האָבן צו אים מער נישט געשריבן.

דער אינהאַלט פון דער תשובה איז אַביסל אייגנאַרטיק: דער געבוי פון דער פרוי איז זייער ענג, אַזוי אַז ס'איז נישט מעגלעך צו וואוינען מיט איר ווי ס'איז אָנגענומען אין דער גאַנצער וועלט. זי האָט באַקומען מעדיצינישע הילף און האָט זיך געבעסערט. אָבער דער מאַן טענה'ט, אַז זי איז אים שוין נמאס געוואָרן, ווייל ער זי גט'ן בעל־כרחה אָן אַ כתובה, ווייל ער פאַרמאָגט נישט קיין געלט.

די תשובה אין „בית־יצחק" האָט צו טאָן מיט וואַלד. אַ צאָל שותפים האָבן געקויפט אַ וואַלד, דיביימער ווי אויך דעם באָדן. ווייל איינער אַרויס פון שותפות, האָט ער זיין חלק פאַרקויפט צו אַ צווייטן שותף און אויף דעם גענומען אַ דראָען. ווילן די אַנדערע שותפים דעם קויף בטל מאַכן. זיי טענה'ן: וואָס מער שותפים — אַלץ מער מזל.

אין דער תשובה פון „עטרת ישועה" רעדט זיך וועגן אַ גט, וואָס איז געגעבן געוואָרן דורך אַ שליח אין דער אָנוועזנהייט פון בית־דין און עדי־מסירה. האָט מען שפּעטער זיך דערוואוסט, אַז די עדות ביים איבערגעבן דעם גט זיינען קרובים איינער צום אַנדערן. אין דעם אָרט וואו די געגטע וואוינען גיט מען ניט קיין גט; צו פאָרן אַנדערשוואו, כדי צו געבן אַ נייעם גט, האָבן זיי קיין געלט ניט.

## די דיינים ר' חיים ישעיה דערשאָוויץ, ר' יחיאל וויינמאַן און ר' יעקב גוטווירט

ר' איטשע־לייזער האָט ביי זיין הסתלקות געלאָזן אַ טאָכטער חוה און אַן איידעם ר' חיים־ישעיה דערשאָוויץ. ר' חיים־ישעיה איז געווען פונקט דער היפוך פון זיין שווער. ר' חיים־ישעיה האָט געהאַט הורמנא בלויז אויף איסור־והיתר. אין וועלט זאַכן, איז ער געווען גאָר אַ גרויסער בטלן. אָבער צוליב זיין פרומקייט, און דעם זכות פון זיין גרויסן שווער, האָט מען ר' חיים־ישעיהן אָפיציעל אויפגענומען פאַר קאָלבסובער דיין. זיין ווייב חוה איז געווען אַ מלומדת און פאַרמאָגט איר טאַטנס חכמה. זי האָט טאַקע איר [illegible] פיל

אַרויסגעהאָלפֿן, און ער פלעגט זיך תמיד מיט איר שואל עצה זיין, זאָגנדיק: „האָרך נאָר, וואָס זאָגסטו?"

בדרך כלל פלעגט ר' חיים־ישעי' מחמיר זיין, מאַכן מער טריפה ווי כשר, און פיל בעל־בתישע הייזער פלעגן אויסמיידן צו קומען פרעגן ביי אים שאלות.

ר' חיים־ישעיה האָט געדאַוונט אין קליינעם בית־מדרש, און פאַר דער יאָרצייט פון זיין שווער פלעגט ער פרייטיק־צו־נאַכטס מקבל שבת זיין פאַרן עמוד. צו „לכה דודי" האָט ער אַלעמאָל אָנגעהויבן זינגען אַן אַלטן מאַרש, אָבער ווייטער פון ערשטן פאַל איז ער נישט געגאַנגען; אַזוי האָט ער זיך געהאַלטן ביים ערשטן פאַל פון מאַרש ביז נאָך „בואי בשלום". האָט מען געפרעגט: „ר' חיים־ישעיה, פאַרוואָס זינגט איר נישט אויך די ווייטערע פאַלן פון דעם ניגון?" האָט ער תמימות'דיק געענטפערט: „אַז דער ערשטער פאַל איז גוט, צו וואָס באַדאַרף מען גיין ווייטער?"

ר' חיים־ישעיה האָט געהאַט אַ זון, ישראל'טשע, זייער אַ שיינער און טאַלאַנטפולער בחור. ער האָט שוין געקאָנט גוט לערנען, איז ער געוואָרן טעטיק אין ציוניסטישן פאַריין „תפארת בחורים". מיט דער צייט איז ער גאָר נחמץ געוואָרן. מ'האָט דערציילט, אַז ער האָט „עולה רגל" געווען קיין גראַץ אין שטייערמאַרק מקבל פנים צו זיין דעם באַוואוסטן העברעאישן נאָוועליסט גרשון שאָפמאַן (איצט אין ישראל, שוין אַ בן תשעים). ס'האָט געהייסן אַז ישראל'טשע האָט זיך באַזעצט אין האָלאַנד. ער האָט געהאַט אַן אָפענעם מוח, אַ שאַרפע תפיסה און אַ קינסטלערישן טאַלאַנט און ס'איז געווען צו דער־וואַרטן פון אים גאָר גרויסע גדולות.

---

אין צווישנצייט איז דער שטאָט־רב ר' אברהם־אהרן טייטלבוים געוואָרן קראַנק, פאַראַליזירט אויף זיין רעכטער האַנט, און ער האָט מער נישט געקאָנט געהעריק פונקציאָנירן. געדאַוונט האָט ער איצט כסדר מיט אַן אייגן מנין ביי זיך אין הויז, אין בית־הרב. נאָר אין ספּעציעלע שבתים האָט מען אים געפירט אויף אַ שטול מיט רעדלעך אין גרויסן בית־מדרש.

נישט דער רב און נישט ר' חיים־ישעיה האָבן געקאָנט צופרידנשטעלן די בעלי־בתים בנוגע שאלות און באַזונדערס אין דין־תורות, ווען סוחרים האָבן געהאַט פאַרוויקלטע טענות און מ'האָט זיך באַדאַרפט פאַנאַנדערקלייבן מיט חכמה און טיפזין. סוף־כל־סוף האָט די שטאָט איינגעזען אַז מ'נויטיקט זיך אין אַ נייעם דיין.

צו מזל איז פונקט דעמאָלט אַהיים געקומען פון פּרעמיסלע (פּשעמישל) יחיאל ווײַנמאַן, ר׳ יהושע ווײַנמאַנס זון, אָדער ווי מ׳האָט אים גערופן „חיאל שועס״. אין פּרעמיסלע האָט ער געלערנט ביים „בית־יצחק״, ר׳ יצחק שמעל־קיש, און איז פון אים געווען אַ מוסמך. אין קאַלבסוב איז „חיאל־שועס״ באַטראַכט געוואָרן ווי אַן אייגן וואונדער־קינד.

מ׳האָט וועגן חיאל־שועס דערציילט, אַז צו ניין יאָר איז ער שוין געוואָרן אַ חתן, זײַנען אָנגעקומען די מחותנים, האָט מען אים געלאָזט רופן פון בית־מדרש. צו דער געלעגנהייט האָט מען אים געהאַט באַקליידט מיט אַ נייעם איבערציער. די אַנדערע עלטערע בית־מדרש יינגלעך האָבן מחמת קינאה זיך צו אים געטשעפּעט, ביז ס׳איז אַנטשטאַנען אַ געשלעג, פון וועלכן ער איז אַרויס מיט אַ צעד־אַפּעט פּנים און אַ צעפּליקטן איבערציער. קומענדיק צו דער אָפענער טיר פונעם צימער וואו ס׳זײַנען געזעסן די מחותנים, האָט דער קליינער יחיאל אין פאַרלעגנהייט אַרײַנגעשטעקט זיין קאָפּ צו כאַפּן אַ בליק אויף די מחותנים און זיך צוריקגעצויגן, אַזוי עטלעכע מאָל, ביז ער איז ענדלעך יאָ אַרײַנגעקומען. זעענדיק זיין צושטאַנד, האָט מען אים געפרעגט, מיט וועמען האָט ער זיך געשלאָגן? האָט ער גלייך אויפן שטעל אָפּגעענט־פערט: „כ׳האָב זיך געשלאָגן מיט דער דעה, יאָ אַרײַנקומען, ניט אַרײַנ־קומען? האָט די דעה מיר דערוויַיל צעריסן דעם איבערציער און צעדראַפּעט דאָס פּנים״.

ווען חיאל שועס איז צוריק געקומען פון פּרעמיסלע. איז ער שוין געווען אַ יונגערמאַן מיט זעלטענע מידות: אַ האַרמאָנישער צוזאַמענגוס פון תורה און חכמה מיט פּראַקטישן וועלט וויסן, אַלטרואיסטישע גוטסקייט מיט אַ צוגאָב פון אַ ליכטיק פּנים און פריילעכע, בלויע, קלאָרע אויגן אײַנגעפּאַסט אין אַ ברייטער, בלאָנדער, ציכטיקער באָרד און נאָך דערצו האָט ער פאַרמאָגט אַ שיינעם לייכטן בנעימות׳דיקן גאַנג.

איז עמעצער חלילה קראַנק געוואָרן, איז ר׳ יחיאל שועס שוין געווען דאָרט אויפן פּלאַץ; גלייך האָט ער פאַרקאַשערט די אַרבל, געוואַשן די הענט, מיט אַלקאָהאָל אײַנגעריבן דעם קראַנקן, איבערגעצויגן די ציכן פון די קישנס און איבערגעבעט דאָס געלעגער מיט פרישע ליילעכער — ממש אַרײַנגעגעבן אַ נייע נשמה דעם חולה. ער האָט טאַקע אויך געהאַט אַ היפּשע ידיעה אין חכמת הרפואה. האָט מען באַדאַרפט אויסמעסטן אַ הויז, אַ שטח לאַנד — ווער האָט דאָס געקאָנט טאָן אַזוי גענוי און אַזוי געשיקט ווי ר׳ יחיאל שועס? ווער שמועסט אויסגלייכן עפּעס אַ סכסוך, פאַנאַנדערנעמען אַ פּלאָנטער צו דער צופרידנקייט פון אַלע צדדים, דאָס האָט נאָר געקאָנט מיין רבי, ר׳ יחיאל

שועס! איז נישט קיין חידוש וואָס די בעסטע שטאָט בעלי־בתּים אָזוי גוט ווי „עמך" — שוסטערס, שניידערס און בעלי־עגלה — האָבן אים אָנערקענט פאַר זייער דיין און מורה־הוראה. צו אים איז מען געלאָפן מיט שאלות, צו אים איז מען געקומען מיט דין־תּורות, ביי אים געפרעגט עצות, אים האָט מען געשיקט שלח־מנות און רגל־געלט און ביי אים האָט מען ערב־פּסח פאַרשריבן דאָס חמץ צו פאַרקויפן, הגם אָפיציעל איז ער גאָר קיין דיין נישט געווען; קהל האָט אים נישט אויפגענומען אויף דער שטעלע פון דיין, און האָט אים נישט געצאָלט קיין געהאַלט. ווייל זיין פּאָטער ר׳ יהושע וויינמאַן האָט ווידערשפּעניקט אַקעגן ר׳ יעקב עקשטיין, האָבן דעריבער די עקשטיינס אָנגעפירט מיט אַ פאַר׳עקשנ׳טן באַיקאָט אַרום ר׳ יחיאל־שועס און זיך נישט גערעכנט מיט דער שטימונג און פאַרלאַנג פון פאָלק.

ר׳ יחיאל־שועס איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די צאָלרייכע און זעלטענע ספרים אין בית־מדרש; ער האָט פון צווישן די בית־מדרש בחורים אויסדערוויילט גבאים פאַר „חברה קנין ותיקון ספרים" און געהאַלטן אַ וואַכ־זאַם אויג, אַז די ספרים זאָלן זיין שיין געבונדן און שטיין אויפן ריכטיקן אָרט. ר׳ יחיאל־שועס האָט אויך אָנגעפירט מיט שיעורים פאַר דערוואַקסענע בחורים. צווישן זיינע תּלמידים זיינען געווען דער שפּעטערדיקער קאָלבסובער רב מו״ר ר׳ ארי׳ ליבוש טייטלבוים, מיין ברודער הרב ר׳ אליעזר דוד בערל און אויך מיין ווייניקייט. ר׳ יחיאל שועס האָט אונז אָנגעצייכנט אַ פּראָגראַם און אַ דרך אין לערנען פאַר זיך. ער האָט אויך אַריינגעבראַכט אַן אָרדנונג און אַן אויפזיכט אויף דעם סדר־הלימוד אין די חדרים, און ער האָט דאָס שפּעטער דערפירט צו דער גרינדונג פון דער ישיבה, ווי שוין פריער דערציילט.

פאָלגנדיקע צוויי קליינע עפּיזאָדן זאָגן עדות וועגן דער האַרציקער באַציאונג פון ר׳ יחיאל שיעס צו קינדער.

הערשל פּייערס אַ יונג מיידעלע האָט זיך פאַרגלוסט אַרויסצוכאַפּן אַ פּופּיקל פון אַ הייסן טאָפּ געקעכץ. איז דאָס פּופּיקל אַריינגעפאַלן אין די פיש. דאָס מיידל האָט זיך שטאַרק דערשראָקן: פיש און פליייש? איז זי געקומען צו לויפן מיט אַ בהלה און געוויין צו ר׳ יחיאל שיעס. האָט ר׳ יחיאל שיעס זי באַרואיקט, און פאַרזאָרגט די טאַטע־מאַמע, זהיר והזהר, איר נישט צו באַשטראָפן. (שו״ע או״ח, קע״ג, מגן אברהם סק״א — „בזמן הזה אין סכנה כ״כ... דנשתנו הטבעי׳ת״).

שרה׳לע, הערש יעקב צוקערמאַנס פרוי, האָט געשיקט איר אייניקל מאיר פרעגן אַ שאלה אויף אַן עוף. געגאַנגען איז ער צו ר׳ חיים ישעיה׳ן, וועלכער האָט דאָס עוף געמאַכט טריפה. אין דער קאַלטער ווינטערדיקער נאַכט האָט זיך דעם קליינעם מאיר פאַרגלוסט אַריינצוגיין אין בית־מדרש זיך אָנוואַרעמען. דערזעט ער דאָרט ר׳ יחיאל שיעס. טראַכט ער ביי זיך: אַהיים קומען אָנזאָגן דער באָבע שרה׳לע אַז ס׳איז געוואָרן טריפה? לאָמיך אָקאָרשט אַ פרעג טאָן ביי ר׳ יחיאל שיעס, זען ווי וועט ער פּסקענען? ווער זאָל געווען וויסן אַז דאָ דרייט זיך פּינחס־מענדל־יאַנקל שמאי׳לעס (נעסעל), וואָס האָט אים געזען קומענדיק פון ר׳

חיים ישעיה׳ן ? ר׳ יחיאל שיעס האָט ממש אויפגעציטערט פון דעם איינפאַל און די העזה. ער האָט אָבער גאָרנישט זיך אָפּגערופן, נישט וועלנדיק אָנמאַכן קיין צרות דעם יונגן יינגל...

ר׳ יחיאל־שועס איז אויך געווען אַ מוהל מומחה. אין אָנהייב פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען די רוסישע אַרמייען האָבן פאַרנומען גאַליציע זיינען פיל קאָלבסובער יידן אַנטלאָפן אויפשטייגנדיק אויף די באַנען אין שענדישעוו אָדער ריישע. זיי זיינען פאַרפירט געוואָרן אין טיף בעמען (טשעכיי). אַ צאָל פון זיי האָבן זיך געפונען אין דעם קרייז פון בודוויז (טשעסקע בודע־וויצע). אויך דאָרט איז ר׳ יחיאל־שועס געווען טעטיק ווי אַ דיין, אַ מנהיג און אַ מוהל. נישט האָבנדיק מיט זיך דאָס מוהל־מעסער האָט ער זיך באַנוצט מיט אַ ראַזיר־מעסער.

קומענדיק צוריק אַהיים קיין קאָלבסוב אין 1916 האָט ר׳ יחיאל שועס שוין זוכה געווען ביי דער קהילה — אונטער דער פירערשאַפט פון יאָסל ראָזנפעלד און שפּעטער אונטער שלמה זאָנטאַג — צו ווערן אָפּיציעל אָנערקענט פאַר דיין. אָבער אונטער דעם נייעם פּוילן, אין 1919, איז ער אַוועק פון קאָלבסוב און זיך באַזעצט אין קראָקע. ער איז דאָרט נפטר געוואָרן פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה. זיין פרוי פרומעט איז געווען די טאָכטער פון באַראַנאָוער דיין ר׳ פינחס ר׳ שמערלס. דער ר׳ פינחס איז געווען אַ שם־דבר צווישן גאַליצישע חסידים־לומדים.

ר׳ יחיאל שועס האָט געהאַט דריי זין: פינחס, מענדל און אַלטער, און אַ טאָכטער: ליבא. די טאָכטער איז געווען פאַרהייראַט פון פשעצלעוו און געהאַט אַ 7־6 קינדער. פון זיי אַלע איז געבליבן בלויז מענדל וויינמאַן, אַ סוחר אין לאָנדאָן.

ווי שוין געזאָגט האָט קאָלבסוב געהאַט אַ טראַדיציע פון גרויסע באַ־רימטע דיינים, און דער צושטאַנד פון האָבן אַן אייגענעם באַליבטן און פעאיקן דיין, וועלכער איז אָבער נישט אָנערקענט און אָפּיציעל נישט אויפגענומען פון קהל מיט אַ באַשטימטע שכירות, איז געוואָרן אומדערטרעגלעך. אויף דער גערעכטער טענה, אַז די שטאָט קאָן נישט בלייבן אָן אַ דיין און זיך פאַרלאָזן אויפן רב און אויף ר׳ חיים ישעיה, האָבן די עקשטיינס געענטפערט מיט דעם וואָס זיי האָבן פון טאָרנע אַראָפּגעבראַכט קיין קאָלבסוב דעם מורה־הוראה ר׳ יעקב הכהן גוטווירט און אים אָפּיציעל אויפגענומען פאַר דיין. דאָס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן צו זיין אַ טראַגישע געשעעניש אין דעם לעבן פון ר׳ יאַנקעלע גוטווירט און זיין פאַמיליע.

ר׳ יאַנקעלע גוטווירט האָט געהאַט אַן אימפּאָזאַנטע פיגור, כולו אומר

כבוד, ביי יעדן אַרויסגערופן דרך־ארץ; אַ פּנים פול מיט ערנסטקייט, אויגן טונקל־טרויעריקע און אַ קליין פעך־שוואַרץ, שיטער, זיידן בערדל אויף אַ מילך־ווייסער, דורכזיכטיקער הויט. ער איז געווען אַ צדיק, אַ פּרוש, אַ למדן, אַ שטילער, אַ שווייגנדיקער און אַ צוריקגעהאַלטענער. צוליב זיין אויפפיר און אָט די מידות האָבן אים אַלע אָפּגעגעבן כבוד אָבער קיין פריינטשאַפט האָט מען צו אים ניט אַרויסגעוויזן. ער איז פאַרבליבן איינזאַם, פאַר׳צער׳ט, אין דחקות, אָנגעוויזן אויף די עקשטיינס און אויף דעם אָפּיציעלן קליינעם קהל׳שן געהאַלט. ס׳האָט אויסגעזען, אַז אין אים האָט גענאָגט די חרטה פאַרוואָס ער האָט פאַרלאָזן טאַרנע און זיך באַזעצט אין קאָלבסוב.

דער טאַרנער דיין — אַזוי האָט מען אים גערופן — האָט געדאַוונט אין גרויסן בית־מדרש. געזעסן איז ער ביי דער מזרח־וואַנט, אויף לינקס, האַרט ביים ארון קודש. דאָס איז געווען ר׳ יעקב עקשטיינס „שטאָט". ר׳ יעקב איז שבתים און ימים טובים קיינמאָל נישט געקומען דאַוונען אין שטאָטישן בית־מדרש; ער האָט כסדר געדאַוונט מיט זיין מנין אויפן „הויף", נאָר אַמאָל ביי זאָגן „יום כפור קטן" האָט מען אים געזען אין גרויסן בית־מדרש אויף זיין ערשטער מזרח שטאָט.

לרוב האָט ר׳ יאַנקעלע געפּראַוועט התבודדות, געזעסן ביי זיך און געלערנט, אויסגעמיטן זיך צו מישן אין שטאָטישע ענינים, סיידן מ׳האָט עפּעס אויף אים אַרויפגעצוואונגען. אין פּסקענען שאלות האָט מען דעם טאַרנער דיין געהאַלטן פאַר אַן אויטאָריטעט, אָבער גיכער אַ מחמיר.

די פיר קצבים, הערשל פייער, חנינא פייער, פּינחס מאַרין און וואָלף גלאַנץ האָבן אַמאָל, פאַר פּסח, געקויפט ביים גראַף טישקעוויטש אַ גאַר שווערע בהמה, וואָס מ׳האָט איר נישט געקאָנט טרייבן קיין שענדישעוו (דאָרט האָט פליייש געהאַט אַ גרויסן אָפּגאַנג מחמת דער באַן פאַרבינדונג), און פאַר אַ געוויינלעכער וואָך אין קאָלבסוב איז דאָס געווען צופיל פליייש. האָט מען גע׳פּועל׳ט ביים גראַף, ער זאָל האַלטן די בהמה ביז די וואָך פון פּסח. מ׳האָט באַשטעלט ר׳ וואָלוויש שוחט וועלכער איז געווען אַ ספּעציאַליסט אויף אַראָפּ־נעמען סירכות. אָבער ווען ר׳ וואָלוויש האָט אַריינגעשטעקט די האַנט צום בדקענען האָט ער זי אַרויסגענומען מיט אַ קרעכץ. ער האָט אָנגעטאַפּט אַ נאָגל. האָט ער געזאָגט: לאָמיר אַריבערגיין צום טאַרנער דיין. נאָך אַ לאַנגן ישוב־הדעת צווישן שוחט מיטן דיין, איז ר׳ יאַנקעלע אַרויסגעקומען אין דער פּאָדערשטוב און געפרעגט: „זיינען דאָ שותפים אין דער בהמה?" דער ענטפער איז געווען: „יאָ, מיר זיינען פיר שותפים". „אויב אַזוי, איז די בהמה טריפה",

האָט ר׳ יאַנקעלע מיט אַ שטילן ווייטיק אַרויסגעגעבן דעם פּסק־דין. (געהערט פון געצל גלעזער, ברוקלין, נ. י. אַן אייניקל פון פּינחס מאַרין).

אַ האַרבע פּסחדיקע שאלה האָט געטראָפן ביי אונדז אין הויז. מיין פאָטער ר׳ משה יוסף בעריל, ז״ל והי״ד, האָט שביעי של פּסח געקייט שמורה־מצה, האָט ער אין מויל דערפילט אַ ווייצל. פון אונדזער הויז איז מען מיט שאלות ווי אויך מיט פאַרשרייבן דאָס חמץ געגאַנגען נאָר צו ר׳ יחיאל שועס, הגם שלח־מנות האָבן מיר געשיקט צו אַלע דיינים און כלי־קודש. געוואוינט האָבן מיר דעמאָלט אויף דער „גאָרע״ לעבן ר׳ יעקב עקשטיין. אַ גרויסער טייל פון ר׳ יעקב׳ס הויז־געברויך איז געקויפט געוואָרן ביי אונדז אין געוועלב. ממילא האָבן מיר זיך געמוזט רעכענען מיט דער שטימונג פון „הויף״.

ר׳ יחיאל שועס האָט געהאַט אַ מנהג, אַז שביעי של פּסח האָט ער געמאַכט אַ גרויסן קידוש פאַר פריינט און פאַמיליע. טאָמער איז עמעצער דער־נאָך געקומען פרעגן אַ שאלה, האָט ער געזאָגט: „איך האָב זיך אַביסל פאַר־טרונקען ביים קידוש, איז מיר דער קאָפּ איצט נישט אַזוי קלאָר; קום בעסער אם־ירצה־השם מאָרגן״. דאָס הייסט, אחרון של פּסח(ווען יעדער ספק איז שוין דרבנן — לקולא...).

אָבער אַ פּסח׳דיקע שאלה ווערט מפורסם איבער דער שטאָט, און מ׳קאָן זי נישט איינהיטן אין דער שטיל. האָבן מיר ממילא נישט געקאָנט גיין מיט דער שאלה צו ר׳ יחיאל שועס כדי נישט אויפצורייצן אַקעגן אונדז די עקשטיינס. זיינען מיר אַוועק צום טאָרנער דיין, האָט ער געהייסן אַלץ אַוועק־שטעלן ביז נאָך פּסח... צוויי טעג יום־טוב זיינען מיר געבליבן אויף קעסט ביי אונדזערע שכנים...

אין קאַלבסוב איז דער אַלטער בית־עולם שוין פון אַ צייט געוועזן אָנ־געפילט מיט קברים. הגם דאָס נאָענטע פעלד האָט שוין געהערט צו דער יידישער געמיינדע, דאָך האָט קיינער נישט געוואָלט זיין דער „פּורץ גדר״, דער וואָס עפנט דעם צוים פון אַלטן בית־עולם צום נייעם, אַ פּשיטא אַז קיין משפּחה האָט נישט געוואָלט, אַז מיט איר בר־מינן זאָל מען באַנייען דאָס נייע בית־הקברות. האָט מען געזוכט, און וואו מ׳האָט נאָר דערזען אַ ליידיקן פלאָץ אויפן אַלטן בית־עולם האָט מען „גענומען״ די קרקע. אָבער מערסטנס האָט מען געפונען מענטשלעכע ביינער.

די חברה קדישא האָט שטאַרק פּראָטעסטירט און האָט געוואָרנט, אַז זי וועט מער נישט עפענען קיין קבר אויפן אַלטן בית־עולם. איז דער גורל געפאַלן אויף ר׳ יאַנקעלע, דעם טאָרנער דיין, ער זאָל מחנך זיין דאָס נייע בית־עולם. אונטער דעם דרוק פון די עקשטיינס האָט ער דערצו מסכים געווען.

ער האָט אין יענעם טאָג געפאַסט און נאָכן עפענען דעם גדר האָט ער אָנגע־פירט מיט די „הקפות״, אַרומגערינגלט דעם נייעם בית־הקברות זיבן מאָל און געזאָגט אַלע תפילות לויט די מנהגים פון דער חברה קדישא.

אין אַ קורצער צייט דערנאָך איז ר׳ יאַנקעלע נפטר געוואָרן, זייענדיק נאָך אונטער די פופציק. ער האָט מיט זיין אייגענעם ריינעם און הייליקן קערפער באַנייט דעם נייעם בית־עולם, איבערלאָזנדיק די אלמנה מיט צוויי יונגע זין שוע (יהושע) און בן־ציון אינגאַנצן הילפלאָז. אין שטאָט האָט מען געהאַלטן, אַז דער געוואַגטער שריט פון באַנייען דאָס בית־הקברות האָט דעם יונגן טאָרנער מורה־הוראה פאַרשאַדט, ווייל מיט מתים איז נאָך מער סכנה זיך צו פאַרטשעפּען ווי מיט לעבעדיקע...

## בעלי־תפילות

אַרום 1885—1910 איז אין קאָלבסוב געווען נתנאל חזן, וועלכער האָט פאַרמאָגט אַ לייבן־שטימע וואָס מ׳האָט געקאָנט הערן פון אַ קילאָמעטער דער־ווייט. אין די שפּעטערע יאָרן, אַרום 1903—1916, איז געווען ר׳ לווי אינגבער איינער פון די באַרימטע בעלי־תפילות; ער איז אויך געווען אַ זעלטענער בעל־קורא, געלייענט אַקוראַט לויטן דקדוק און נישט פאַרפעלט קיין איינציקן טראָפּ. ר׳ לווי האָט געהאַט אַ לירישן טענאָר, ער האָט געדאַוונט מיט אַ געשמאַקן נוסח התפילה און אויסגעזונגען זיינע טיש־ניגונים מיט יעדן קנייטשל און יעדן תג.

די שוחטים ר׳ וואָלוויש דערשאָוויץ און ר׳ יאַנקל בעק זיינען געווען גוטע בעלי־תפילה, יעדער לויט זיין שטייגער. ר׳ וואָלוויש האָט פאַרמאָגט אַ ברייטן פאַרנעם אין זאָגן מלכויות־זכרונות־שופרות אויפן דזשיקעווער אַרט. ר׳ יאַנקל שוחט איז געבליבן מיט זיין אַלט שטימע אַפילו אויף דער עלטער און מיט איר אויסגעציקלט אַ פריילעכס.

צווישן די שיינע דאַוונערס אַרום 1890—1912 איז געווען אַ באַ׳טעמ׳־טער ייד, אַן ערלעכער מילנער מיטן נאָמען ר׳ איטשע באַקאָן. ר׳ איטשע פלעגט יעדן שבת־מברכים גיין צופוס פון איין עק שטאָט צו דער צווייטער, פון העט־ווייט אויף דער שענדישאָווער גאַס ביז צום הויף פון ר׳ יעקב עקשטיין כדי צו בענטשן דאָרט ראש־חודש. שפּעטער האָט דאָס איבערגענומען פון אים דער בעל־תפילה ר׳ יעקב בירך.

ר׳ איטשע באַקאָן האָט געהאַט זין חזנים, וועלכע האָבן גע׳שמ׳ט איבער דער וועלט. ר׳ חיים באַקאָן איז געווען חזן אין סאַטמאַר. ר׳ יודל איז אַ געוויסע צייט געווען אין פּרעמישלע כאָר־דיריגענט ביי מאַכטענבערגן. שפּע־

טער איז ער געק.מען קיין ניו־יאָרק, וואו ער איז געווען חזן און אינסטרוקטאָר פון חזנים. ר׳ הירש־לייב איז געווען אַ טאַלאַנטפולער קאָמפּאָזיטאָר און חזן אין כזשאַנעוו און אין בערלין. אַן אייניקל פון ר׳ איטשע, ר׳ אליעזר־יהושע־העשע באַקאַן, דער זון פון יוחנן באַקאַן, איז געווען חזן־שוחט אין שיינברון לעבן מעריש־אָסטראַ. זיין זון, ר׳ איטשעס אור־אייניקל, איז ד״ר יצחק באַקאַן, דער דעקאַן פון ישיבה־קאָלעדזש אין ניו־יאָרק.

אַ באַרימטער בעל־תפילה איז געווען ר׳ דוד אייזען; ער האָט געהאַט אַ ריזן שטימע און געדאַוונט אויף אַ חזנישן שטייגער. ער איז טאַקע געוואָרן חזן אין קראָקע. ר׳ אברהמלע נחומס אויכהייזיגער און זיין זון נחום זיינען געווען גוטע דאַוונערס. אַ טייערער בעל־מוסף ימים־נוראים אויפן ראָזוואַדאָ־ווער נוסח מיטן חסידישן קרעכץ איז געווען ר׳ בצלאל גרינשטיין. ער איז בכלל געווען אַ גרויסער אויפטוער אין אָרגאַניזירן אַ חברה ש״ס און פיל אַנדערע קהל׳שע טעטיקייטן. אויך די חזנים פייער אין ווין און ניו־יאָרק שטאַמען פון קאָלבסוב.

צווישן יוזיפ קאָמיטאָס אייניקלעך איז געווען אַ שיינער בעל־תפילה און אַ ייד אַ בן־תורה ר׳ קאָפּל ניימאַן ז״ל. זיין מוטער ריינא, יוזיפס טאָכטער, איז שוין מיט יאָרן צוריק געווען אין אַמעריקע. זי איז געקומען צוריק קיין קאָלבסוב נאָך פאַר דעם יאָר 1900, און געמאַכט אַ שטאַרקן רושם מיט איר געשמאַק אין קליידונג און מיט איר אויפריכטיקער און גרויסשטאָטישער באַ־נעמונג. אויך איר זון קאָפּל האָט זיך געוואַלגערט אין אַמעריקע אַרום מעמפיס, טענעסי, עטלעכע יאָר, וואו ער איז געווען אַ פּעדלער און געלעבט בלויז אויף טרוקן ברויט מיט וואַסער, ווייל כשרות איז נאָך דעמאָלט דאָרט נישט געווען. קאָפּל ניימאַן פלעגט דאַוונען און לערנען אין קליינעם בית־מדרש אויף מזרח־צפון זייט. אָפּטמאָל, ווען ער האָט זיך מיט אימיצן געאַמפּערט איבער אַ דין, און יענער האָט געגומען אויפמישן דעם קיצור שולחן־ערוך, האָט ער אויסגערופן: „וואָס טויג מיר די קליינע ׳פּיסטוילעכלעך׳? לאָמיר זען דעם אורח־חיים!״ אין קאָלבסוב האָט ער זיך פאַרנומען מיט דעם האַנדל און עקס־פּאָרט פון אייער. קאָפּל איז געווען טעטיק אין חברה שנות־חיים, לינת־הצדק און אין חברה קדישא. ימים נוראים איז ער געווען דער בעל־מוסף אין שול, און טיילמאָל אין דעם גרויסן דאָרפישן יידישן ישוב, אין ליפּניצע.

קאָפּלס שוועסטער חיה, ריינעס טאָכטער, איז געווען פאַרהייראַט צו איטשע ליבליך. ער איז געווען אַן אינטעליגענטנער בעל־בתישער ייד און ער האָט פאַר אַ צייט פאַרוואַלטעט מיט דער ברויערײַ אין „הויף״ ביי די על־שטיינס, האָט מען אים טאַקע גערופן „איטשע ברייער״.

אויך די משפחה האָפפערט, אַ גרויסע און פאַרצווייגטע פאַמיליע, האָט אָפּגעשטאַמט פון יוזיף קאָמיטאַ. פון די האָפפערטס זיינען די מערסטע געווען גוטע בעל־תפילה׳ס. הערשעלע און זיין זון לייזער, מתית און זיין זון ישראל׳־טשע, האָבן אָפט געדאַוונט פאַרן עמוד אין גרויסן בית־מדרש, איבערהויפּט שבתים פון פאַר פּסח. פון לייזער האָפפערט זיינען געבליבן לעבן אין מדינת ישראל פינף קינדער; איינער פון זיי איכל האָפפערט איז אַ וואָזשנער דאַוור־נער, ער איז אַ בעל־מוסף ימים־נוראים. אויך אין אַמעריקע איז באַקאַנט אין בענסאָנהוירסט חזן שמעון האָפפערט, און דער באַוואוסטער רעפאָרם ראַבינער ראַבאַי יהודה קאַהן פון מאַנהעטן (מעטראָפּאָליטען סינאַגאָג) איז אַ האָפפערט פון זיין מוטערס צד. אויך איז דאָ געווען אין אַמעריקע אלתר קאָמיטאַ, יוזיפס אַן אייניקל, אַ חזן וואָס פלעגט אַלעמאָל דאַוונען מיט אַ גוט אויס־געשולטן כאָר פון אַ היפּשע צאָל זינגער־משוררים.

צווישן די שפּעטערדיקע מיטגלידער און אייניקלעך פון יוזיפס משפחה וואָס זיינען געווען, און וואָס זיינען נאָך היינט צו טאָג גרויסאַרטיקע בעל־תפילה׳ס, דאַרף מען צורעכענען ר׳ זלמן זאַלץ ז״ל (דער פאָטער פון דוד זאַלץ, פּרעזידענט פון יונייטעד קאָלבושאָווער), זיין שוואָגער ר׳ איטשע זאַלע־שיץ ז״ל והי״ד (זיי זיינען ביידע געווען איידעמס ביי מיין זיידן ר׳ ליבוש אברהמעלעס: די מיטלסטע טאָכטער, מלכה, איז געווען די פרוי פון ר׳ זלמן און די יינגסטע טאָכטער, אסתר הי״ד, איז געווען ר׳ איטשעס פרוי), מיין פאָטער ר׳ משה יוסף בעריל ז״ל והי״ד, זיין איידעם (מיין שוועסטער ליבע־רבקה׳ס מאַן) ר׳ שמשון־הירש גראָספאָטער, וועלכער איז געווען שוחט אין קאָלבסוב הי״ד, אויך מיינע ברידער ישעיה ע״ה און הרב אליעזר־דוד און מיין ווייניקייט.

## דאָס יידישע „שפּיטאָל״, די חברה קדישא און אירע גבאים

נאָך מער ווי אַ בעל־תפילה איז הערשעלע „פּיניעס״ (האָפפערט) געווען באַקאַנט ווי אַ שטאָטישער עסקן. ער, הערשעלע פּיניעס, צוזאַמען מיט הערשל קלמנ׳ס זיינען יאָרן־לאַנג געווען די גבאים פון חברה קדישא, אָדער ווי מ׳האָט זי אויך גערופן אין קאָלבסוב „די קליינע חברה״. הגם די חברה קדישא האָט גענומען אַ געוויסן אָפּצאָל פאַר יעדן נפטר, האָבן אָבער די גבאים געהאַט גרויס איינזעעניש מיט דער משפחה, און געוואוסט געניי וואו איך און וואו אויס.

אין קאָלבסוב איז געווען אַ הויז וואָס מ׳האָט עס גערופן „דאָס יידישע שפּיטאָל״, אָבער עס איז כמעט נישט מער באַנוצט געוואָרן. דאָס איז געווען

אָן איבערבלייב פון יאָרן צוריק, ווען ס׳האָט אין קאָלבסוב געבושעוועט ל״ע די כאָלערע, און מ׳האָט דעמאָלט געמוזט איינפירן אַ קאַראַנטין און אָפּזונדערן די אָנשטעקיקע חולאים. פון דעם „שפּיטאָל״ איז קיינער נישט אַרויס לעבעדיק, פלעגט מען דערציילן. האָבן מענטשן באַהאַלטן זייער קראַנקייט כדי נישט צו ווערן גענומען אין „שפּיטאָל״ דורך די „סאַניטעט לייט״ אין די ווייסע בגדים וועלכע זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן פון ד״ר ביליג און געשטאַנען אונטער זיין אויפזיכט מיטן כוח פון דער רעגירונג. אין יענע יאָרן האָט מען בכלל געוויכט פון אַ שפּיטאָל, און מכל־שכן אַז מען האָט ממש מורא געהאַט פאַר דעם „יידישן שפּיטאָל״. דער „שפּיטאָל״ אויף דער שענדישאָווער גאַס איז געשטאַנען ליידיק, נאָר אַמאָל ווען אַ פרעמדער „ארחי־פרחי״ איז געלעגן קראַנק אין „הקדש״, האָט מען אים אַריבערגעפירט אין „שפּיטאָל״.

אין קיין פאַל האָט מען אָבער אין קאָלבסוב אַ קראַנקן יידן נישט געלאָזט פאַלן. מ׳איז געגאַנגען נעכטיקן ביי קראַנקע, סיי מענער סיי פרויען, מ׳האָט דעם קראַנקן אויסגעריבן מיט אַלקאָהאָל, איבערגעביטן זיין העמד און דאָס געלעגער, אָנגעקאָרמעט מיט אַביסל וואַרעמס און בכלל באַמיט זיך לייכטער מאַכן דעם יאָך און דעם אומעט פון די נאָענטע שטוב־מענטשן. דאָס איז געווען די אַרבעט פון די גבאים און די עסקנים אין די חברות „לינת הצדק״ און „חברה קדישא״ אין וועלכע ס׳האָבן זיך באַטייליקט אַלע מיטלשטאַנד בעלי־בתים. בלויז געציילטע רייכע מפונקים האָבן געדונגען אימיצן, ער זאָל זיי פאַרטרעטן אין זייער פליכט.

פאַרשטייט זיך אַז די פאַמיליע האָט אויפגערודערט אַ וועלט, געגעבן צדקה, געלאָפן אין שול „איינרייסן״ (פרויען פלעגן זיך אַריינרייסן אין מענערישן אָפּטייל פון שול אָדער בית־מדרש, צופאַלן צום ארון־קודש, עפענען דאָס פּרוכת און מיט געוואַלד אַריינשרייען זייער געבעט פאַר אַ רפואה צום קראַנקן), געלאָזט זאָגן תהילים, און געגאַנגען בעטן אויף קבר אבות און קברי צדיקים.

די ערשטע מעדיצינישע באַהאַנדלונגען זיינען געקומען פון ר׳ משה קורץ, אַ חסידישער ייד, אַ פאַכמאַן אויף געשווירן און מכות, אָדער פונעם דיין ר׳ חיאל שועס. נאָכדעם איז געקומען דער אַלטער „פיזיק״ (אָפיציעלער רעגירונגס געזונטהייט „פאַרזאָרגער״) אָדער ד״ר ביליג. אין גאָר אַן ערנסטער סכנה האָט מען צוזאַמענגעשטעלט געלט צו ברענגען פּראָפעסאָר עלזנער פון ריישע; דעמאָלט האָט שוין דער חולה געהאַלטן גאָר שמאַל. מ׳האָט אָבער געוואַכט איבער דעם חולה די גאַנצע צייט ביז די לעצטע מינוטן און ערשט דעמאָלט האָט מען געגרייט ס׳זאָל זיין אַ מנין ביי יציאת נשמה און מ׳זאָל זאָגן „שמע ישראל״, „ה׳ מלך״ און „ה׳ הוא האלקים״.

אין די גוטע יידישע און מענטשלעכע באַציאונגען צום קראַנקן האָט די נאָענטע משפחה געפונען דערמוטיקונג און טרייסט. ס׳איז דעריבער אין קאַלבסוב קיינמאָל ניט געהערט געוואָרן קיין פּאַריבל רייד אַקעגן דער „לינת הצדק״ אָדער „חברה קדישא״; אומגעקערט, אַלע האָבן אַרויסגעוויזן דרך־ארץ און פריינטשאַפט צו די עסקנים און גבאים.

דעם שענסטן כבוד און גרעסטן תענוג האָבן די גבאים און עסקנים פון חברה קדישא גענאָסן אין די דריי „הזכרת־נשמות טעג״, ווען זיי האָבן איינגעאָרדנט אַ קידוש פאַר דער גאַנצער שטאָט, גרויס און קליין. אויסער משקה וואָס האָט זיך געגאָסן ווי וואַסער, האָט מען אחרון של פסח געטיילט האַרט־געזאָטענע אייער; דעם צווייטן טאָג שבועות — פוטער ראַגלען „באמת איש״, די גרויס פון אַ מענטשלעכן אָרעם; אום שמיני עצרת — האָניג־לעקעך אין דער מאָס פון אַ היימישן ציגל...

## די מזרח וואַנט פון גרויסן בית־מדרש

די ערשטע שטאָט אויף לינקס פון ארון־קודש, האָט געהערט צו ר׳ יעקב עקשטיין. ווען דער טאָרנער דיין ר׳ יאַנקעלע גוטווירט איז געקומען, האָט ער פאַרנומען דעם פּלאַץ. ר׳ יעקב איז זעלטן ווען געקומען דאַוונען אין שטאָטישן בית־מדרש. ווייטער צו לינקס איז געזעסן ר׳ שלמה זאָנטאַג, אַן אַריסטאָקראַטישער ייד אין אַ שטריימל, אַ פיקח, אַ רייכער גוט־באַזיצער און ראש־הקהל אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. אויף די ווייטערע פּלעצער זיינען געזעסן ר׳ בצלאל גרינשטיין, אַן עסקן און מושלם בכל המעלות, געקאָנט גוט אַ בלאַט גמרא און גוט שרייבן פּויליש און דייטש, אַ שיינער בעל־מוסף ימים־נוראים און אַ פעאיקער אָרגאַניזאַטאָר; ער איז געווען ראש־הקהל אין די דרייסיקער יאָרן. לעבן אים איז געווען ר׳ מענדל שפּילמאַן, אַ סוחר און אויך אַן עסקן, מיטגליד פון קהילה־ראַט און גבאי אין גרויסן בית־מדרש. די לעצטע דריי זיינען אייגנטלעך געווען פון איין משפחה.

רעכטס פון ארון־קודש אויף דער ערשטער שטאָט איז געזעסן ר׳ דוד געלדצייַלער, דער אייגנטימער פון דער „טראַפּיק״ (טאַבאַק מאָנאָפּאָל). די געלדצייַלער משפחה איז געווען אַ מיוחסדיקע משפחה. ר׳ דוד׳ס פאָטער, ר׳ יוסף געלדצייַלער, איז נאָך געפאָרן צום רבין ר׳ אליעזר פון דזשיקעוו. ר׳ אליה־יהושע, דער זון פון ר׳ דוד געלדצייַלער, איז געווען אַ שוואָגער פון דעם דזשיקעווער רבין ר׳ יהושע׳לע (זיי זיינען ביידע געווען די איידעמס פון ר׳ לייבוש רייך, דער זון פון ר׳ אליה רייך פון ריישע). דאָ אין אַמעריקע געפינט זיך הרב ר׳ יהושע געלדצייַלער, ראש־ישיבה פון דער ישיבה „אור

לישראל״ אין קווינס, ניו־יאָרק, איינער פון די באַוואוסטע מחנכים; ער איז דער זון פון ר׳ מענדל געלדצייילער, אַ זון פון ר׳ משה־חיים געלדציילער, דער זון פון ר׳ אליה־יהושע, דאָס הייסט אַן אור־אור־איניקל פון ר׳ דוד געלד־ציילער. חנה מינדל, די ערשטע פרוי פון ר׳ דוד געלדציילער, האָט גע־שטאַמט פון דער זעלבער משפחה ווי די דינאָוער רביצין חנה־מינדל, די פרוי פון רבין ר׳ הירש־מלך זצ״ל, אַן אָפּצווייג פון די גולי־ספרד אין פראַנקפורט אַם מיין.

דער צווייטער אויף רעכטס פון ארון־קודש איז געווען ר׳ שמעון זילבער, אַ רייכער שניט־סוחר. זיין פרוי חיה, די שוועסטער פון מיין זיידן ר׳ ליבוש אברהמעלעס, איז געווען אַ גרויסע פּזרנית, געטיילט צדקה אָן אַ חשבון. הגם מ׳האָט אים, ר׳ שמעונען, געהאַלטן פאַר אַ קמצן און מ׳פלעגט מיט שווערקייט פון אים אַרויסציען די געהעריקע סומע געלט וואָס די שטאָטישע צדקה גדולה האָט אים אָפּגעשאַצט צו געבן, האָט ער אָבער יאָ פאַרטיילט וואָך־איין וואָך־אויס היפּשע סומען אויף „כשר־הלואה״, אָן פּראָ־צענט; ער איז אויך געלאָפן גערן צו באַאַמטע און שרים ווען אַ ייד האָט זיך גענויטיקט אין אַ טובה, אַ פּראָטעקציע. די זילבערס האָבן נישט געהאָט קיין קינדער. ר׳ שמעון איז געשטאָרבן אַ היימלאָזער אָרעמאַן אין אָבער־קרייביץ, לעבן וואַרענסדאָרף, בעמען, אין 1915, אין דער צייט פון דער רוסי־שער אינוואַזיע אין גאַליציע. ער איז געבראַכט געוואָרן צו קבורת־ישראל אין פּראָג.

עס זיינען געזעסן אויף מזרח צו רעכטס, ר׳ זלמן ווייס, ר׳ דוד נאַרציזענפעלד („דער שוואַרצער דוד״), דער באַרימטער בעל־תפילה ר׳ לווי אינגבער און ר׳ יצחק ראָטשטיין. ר׳ איציק ראָטשטיין איז געווען אַ שיינער בעל־בית, אַ תבואה־סוחר, וועלכער האָט געליפערט פּראָוויאַנט צום מיליטער. ער איז געווען אַ כהן, און ווען ער מיט זיינע זין האָבן זיך יום־טוב אויסגע־שטעלט דוכנ׳ען, האָבן זיי איבערגענומען די קאָמאַנדע איבער דעם גאַנצן „מזרח־פראַנט״. זיי האָבן אַלע געהאַט שיינע אָנגענעמע שטימען, און אין זייער זינגען „האַ־אַ־האַ־אַ...״ מיט טאַקט און התלהבות, בעת דער עולם האָט געזאָגט די „רבונו־של־עולם׳ס״ און דעם „יהי רצון״, האָט זיך געפילט ווי אַן אָפּקלאַנג פון אַ הימלישער שירה פון מלאכים.

## דאָס „קליינע״, „אַלטע״ בית־מדרש

דאָס „קליינע״, אָדער ווי אַנדערע האָבן עס גערופן דאָס „אַלטע״ בית־מדרש, איז געווען נישט קליין און נישט אַלט. בסך־הכל איז עס נישט געווען

פיל קלענער פון גרויסן בית־מדרש. די לענג פון מזרח צו מערב איז געווען די זעלבע; נאָר אין דער ברייט פון דרום צו צפון איז געווען אַן אונטערשייד פון אַן ערך דריי־פערטל מעטער. „אַלט" איז דאָס געווען, מחמת מ׳האָט דאָרט געדאַוונט פון אַלטע צייטן. אָבער אין אויסזען איז דאָס געווען נייער ווי דאָס גרויסע „נייע" בית־מדרש, ווייל די ווענט פון קליינעם בית־מדרש זיינען לכתחילה געווען זייער גוט געמאַלן, און ווען מ׳האָט זיי אָפּגעוואַשן און אויפגעפרישט האָבן זיי אויסגעקוקט אַזוי ווי ניי.

דאָס קליינע בית־מדרש איז שטענדיק געווען אָפן צום לערנען; זעלטן ווען האָט מען עס פאַרשלאָסן. מ׳איז דאָרטן געזעסן און געלערנט טאָג און נאַכט. די הונדערטער ספרים צום לערנען און צו מעיין זיין זיינען געווען אויס־געשטעלט אין אָפענע פאַכן. בלויז די ווייניק באַנוצטע ספרים זיינען געהאַלטן געוואָרן אין גרויסן בית־מדרש, וואו מ׳האָט מערסטנס געדאַוונט און ווייניקער געלערנט. אין קליינעם בית־מדרש האָט זיך געפאָדערט מער באַהייצונג און מער באַלויכטונג, און די גבאים ר׳ שמעון עלבוים און ר׳ אברהם אינזעל האָבן זיך באַמיט דאָס נאָכצוקומען.

אין גרויסן בית־מדרש זיינען אין דער וואָכן יעדן טאָג געגאַנגען מנינים, איינער נאָכן אַנדערן, פון דער מינוט ווען ס׳האָט אָנגעהויבן שאַרן אויף טאָג ביז אַרום עלף אַזייגער. דאַקעגן אין קליינעם בית־מדרש האָט זיך דער ערשטער מנין געשטעלט דאַוונען נישט פריער ווי ניין.

שבת האָט מען זיך אין גרויסן בית־מדרש געשטעלט דאַוונען האַלב ניין, און פאַרטיק געוואָרן אַרום עלף. אין קליינעם בית־מדרש האָט מען אָנ־געהויבן ניין און מ׳איז אַרויס פון דאַוונען אַרום צוועלף. אויך אין שול האָט מען זיך שבת געשטעלט דאַוונען אַכט דרייסיק. אָבער סוכות האָט מען זיך אין שול מקדים געווען אָנצוהויבן אַכט אַזייגער, כדי צו דערמעגלעכן דעם מאַרשרוט פון אַלע שטאָטישע אתרוגים, פון שול אין גרויסן בית־מדרש און פון גרויסן אין קליינעם. אַזוי אַרום האָבן געקאָנט זיין ביז זעקס שותפים צו איין אתרוג, און יעדערער האָט געהאַט די געלעגנהייט ביי אַן אַנדער מנין צו מאַכן די נענועים אין הלל. דעריבער איז דער סוכות׳דיקער עולם דאַוונער אין שול באַשטאַנען פון אַ נייעם עלעמענט שיינע בעלי־בתים אָדער גאָר כלי־קודש, דיינים און שוחטים, אויסער דעם שטענדיקן „עמך"־עולם פון קצבים, פערד־סוחרים, בעקער, שניידער און שוסטער.

אין קליינעם בית־מדרש האָט מען בכלל געדאַוונט לאַנגזאַמער און לענגער. יום־טוב האָט מען דאָרט געזאָגט די געהעריקע מגילות: שיר־השירים, רות און קוהלת, בפירוש „געזאָגט", יעדער פאַר זיך און נישט געלייענט. (אין

גאַליציע איז כמעט נישט געווען באַקאַנט די מעלאָדיע פון די טעמים). אין גרויסן בית־מדרש האָט מען וועגן די מגילות אינגאַנצן פאַרגעסן. ווער ס׳האָט געוואָלט, האָט די באַטרעפנדיקע מגילה געלערנט פאַר זיך נאָך טיש. אויך דער סטיל פון דאַוונען איז אין קליינעם בית־מדרש געווען מער אַלט־מאָדיש, פאַרקנייטשט און פאַרפרומט. די נייע חסידישע ניגונים און קאָמפּאָזיציעס האָבן פריער דערגרייכט אין גרויסן בית־מדרש און ערשט מיט יאָרן שפּעטער זיך אַריבערגעטראָגן אין „אַלטן" בית־מדרש. אויך די קאַטעגאָריע בעלי־בתים אין קליינעם בית־מדרש איז געשטאַנען מער צו רעכטס, אין אירע אָנשויאונגען אויפן יידישן לעבן, און געווען מער פאַרעקשנט. אין שפּאַס האָט מען געזאָגט, אַז דאָרט דאַוונען די „זאַקאָניקעס".

## „לך־רד"...

ציוניסטיש געשטימטע יונגעלייט האָבן פאַרלאַנגט, אַז ביי די עליות זאָל מען מנדר זיין אויף „קרן קיימת לישראל" (נאַציאָנאַל פאָנד). אין גרויסן בית־מדרש האָט קיינער נישט געשטערט, אָבער אין קליינעם בית־מדרש האָט מען דאָס נישט דערלאָזט. צווישן די שטענדיקע דאַוונער אין קליינעם בית־מדרש האָט זיך געפונען ראובן בוקסבוים, אַ שוסטער; אָבער ער איז נישט געווען גלאַט אַזוי סתם אַ שוסטער. דאָס איז געווען אַן אַדלמאַן מיט פיינע מאַניערן, אַ זעלטענער בעל־מידות און אַ בעל־מלאכה אַן אַרטיסט. נישט נאָר זיינע געזעלן, נאָר אַלע מענטשן אין שטאָט האָבן זיך באַצויגן מיט דרך־ארץ צו ראובן בוקסבוים. ער, דער קליין־בית־מדרש׳ניק, מיט דער זיידענער בעקעשע און שטריימל, האָט אָבער געהאַט אַ געזונטן חוש פאַר ארץ־ישראל, און ער, איינער פון גאַנצן קליינעם בית־מדרש, האָט דוקא געוואָלט מאַכן אַ מי־שברך און מנדב זיין פאַר דעם יידישן נאַציאָנאַל־פאָנד...

געווען איז דאָס שבת פרשת „כי־תשא" 1917, ווען דאָס קליינע בית־מדרש האָט זיך פלוצים אין מיטן דאַוונען גענומען אָנפילן מפה לפה פון דער ציוניסטישער יוגנט, אונטער דער פירערשאַפט פון אייזיק שפילמאַן. טאָמער האָט עמיצער געלאָזט פאַלן אַ הויך וואָרט, האָט באַלד דער עסטרייכישער פעלדפעבל, לייב לאַמפּל, אָנגעטאָן אין זיין פולן מונדיר און לאַנגע שווערד, אַ באַפעל געטאָן: „רו־ע, רו־־עע!"

ס׳געדענקט זיך נאָך די דרשה וואָס אייזיק שפילמאַן האָט דעמאָלט געהאַלטן פאַר קריאת־התורה: „וידבר ה׳ אל משה לך רד" (שמות לב, ז) — דער אויבערשטער האָט באַפוילן, גיי נידער אַראָפּ אין קליינעם בית־מדרש, „כי שחת עמך אשר העלית מארץ מצרים" — וואָרום פאַרדאָרבן געוואָרן איז

דאָס פאָלק וואָס איז אויפגעבראַכט געוואָרן פון דעם פליכטן אין בעמען און דאָרט אָפּגעקאָסט דעם נאַציאָנאַל־פאַנד שווערע טויזנטער אין געלט־שטיצע...

איזיק שפּילמאַן האָט אין יענעם שבת איבערגענומען די אויסטיילונג פון עליות, דאָס אויפרופן צו דער תורה און דאָס מאַכן די מי־שברך׳ס. פאַרשטייט זיך, אַז כהן איז געווען נישט קיין אַנדערער ווי ראובן בוקסבוים...

## חברה־תהילים

ר׳ אברהם אינזעל, דער גבאי פון קליינעם בית־מדרש, איז אויך געווען גבאי פון חברה תהילים און איינער פון די הויפּט תהילים־זאָגערס. מיט תהילים זאָגן האָבן זיך פאַרנומען די איינפאַכע יידן, וואָס האָבן נישט געקאָנט אָדער נישט געהאַט קיין אינטערעס אין לערנען אַפילו אַ פּרק משניות אָדער אַ שטיקל מדרש. „עמך" האָט געזאָגט תהילים; זיי האָבן נישט געוואוסט וואָס זיי זאָגן, אָבער זיי האָבן געזאָגט מיט השתפכות־הנפש, מיט ברען און געפיל אויסגעגאָסן זייער האַרץ. הגם אברהם אינזעל איז געווען אַ געשפּטסמאַן, אַ גרויסער הורטאָווגער סוחר, אַן אייגנטימער פון אַ גרויסן מאַגאַזין סחורה, וואָס ער פלעגט צושטעלן צו די קלענערע „לאחדות" געוועלבן, האָט ער זיך אָבער געפילט מער היימיש צווישן „עמך", אידער צווישן די חסידים אין קליינעם בית־מדרש.

אין די זומערדיקע שבתים האָט מען געזאָגט תהילים שבת פאַר מנחה. מ׳האָט דעמאָלט באַנוצט די גרויסע פּראַכטפולע שול וואָס איז געווען זייער הויך, טיף און מחיהדיק קיל. אין די קאַלטע און קורצע ווינטער־טעג אָבער, פלעגן פלוצים די תהילים־זאָגער אין אַ פּריוואַטיק גאַנץ פּרי מאַכן אַן אינוואַזיע אויפן קליינעם בית־מדרש און זיך גאָרנישט רעכענען מיט די בחורים וואָס זיצן דאָרט און לערנען.

די גמרא־לערנער האָבן זיך נישט געקאָנט קיין עצה געבן; ווי קאָן מען זיך קאָנצענטרירן אויף תוספות׳ס קשיא ווען מ׳הערט ווי אברהם אינזעל שיסט אַרויס ווי אַ דונער פון אַן האַרמאַט דעם פּסוק „את חוקיך עשמראַל, תאַזווייני עד־מאוד" (תהילים קי״ט, ח׳ — „את חוקיך אשמור, אל תעזבנו עד מאד"), און ווער קאָן זיך קאָנטראָלירן און נישט מיטפילן דעם צער און ווייטיק ווען אברהם אינזעל שפּאַלט די הימלען מיט פאַטאָס ביים יהי־רצון נאָך תהילים: „ותמהר ותחיש לגאלנו..." אַפילו אַ שטיין האָט פון דעם געקאָנט צעגאָסן ווערן.

דער צווייטער גבאי פון חברה תהילים איז געווען דער בעקער ר׳ הערשל פייער, וועלכער איז ארום 1921 געקומען קיין אַמעריקע.

## יד־חרוצים

אין קאָלבסוב האָט נישט עקזיסטירט קיין קלאַסן דיסקרימינאַציע; בעל־מלאכה׳ס זיינען געווען צעשפּרייט איבער אַלע מנינים און מ׳האָט זיי אין ערגעץ נישט ענג געמאַכט. פונדעסטוועגן האָט זיך אַ היפשע צאָל אָרגאַניזירט אין אַ באַזונדער מנין אונטערן נאָמען „יד חרוצים״. דער אָנפירער פון יד־חרוצים איז געווען ר׳ ליבוש וואַלדמאַן, אַ פרומער בעקער, וועלכער האָט געקאָנט אַביסל לערנען און אַביסל דאַווענען פאַרן עמוד. דער יד־חרוצים האָט אָפּגעהאַלטן זיינע מנינים אין שולכל אויף לינקס פון אַריינגאַנג צו דער שול. דער שרייבער פון די שורות האָט געהאַט די זכיה צו האָבן ביי דעם יד־חרוצים די ערשטע פּראַקטיקע ווי אַ בעל־קורא און אַ בעל־תפילה. דאָס שכירות איז געווען פאַר יעדן יום־טוב אַ פרייע קאָנטע אויף מעד, ביי דעם מעד־שענקער יאַנקל ר׳ חיים׳ס...

## די פּטירה פון ר׳ אברהם אהרן טייטלבוים ז״ל

פופציק יאָר איז ר׳ אברהם־אהרן טייטלבוים, דער עלטסטער זון פון „ייטיב לב״, ר׳ יקותיאל־יהודה (זלמן־ליב) פון סיגעט, געזעסן אויפן כסא הרבנות פון קאָלבסוב. ער האָט מאריך ימים געווען; ער האָט דערגרייכט דעם עלטער פון 84. ער איז געבוירן געוואָרן אין תקפ״ו (1826), האָט געירשנט דאָס רבנות פון זיין שווער ר׳ יחיאל רובין אין יאָר תר״כ (1860) צו פיר־און־דרייסיק יאָר, און איז נפטר געוואָרן י״ב אלול תר״ע (1910). אין תרס״א (1901), צו פינף־און־זיבעציק יאָר, האָט ער שוין געהאַט גרייט אָנגעשריבן אַ צוואה אין וועלכער ער צייכנט אָן געגנוי ווי אַזוי מ׳זאָל זיך אומגיין מיט אים בעת זיין קראַנקייט, בעת דער פּטירה און קבורה. די צוואה האָט ער אָנפאַרטרויט אין די הענט פון איינעם פון זיינע גוטע פריינט.

דער נוסח פון דער צוואה איז נאָך דער פּטירה געוואָרן אָפּגעדרוקט און פאַרשפּרייט אין פיל עקזעמפּלאַרן, אַזוי אַז אַפילו אין שמות־קאַסטן, ביים אַריינגאַנג צום קליינעם בית־מדרש האָט מען זיי געקאָנט געפינען וואַלגערן זיך. אָבער ווי אַלע אַנדערע טייערע, זעלטענע, אַלטע און נייע ספרים פון קאָלבסוב, אַזוי זענען אויך די קאָפּיעס פון דער צוואה פאַרלוירן געגאַנגען אין דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען די נאַציס ימ״ש האָבן אויסגעלידיקט דאָס גאַנצע יידישע האָב און גוטס פון קאָלבסוב און עס טראַנספּאָרטירט קיין דייטשלאַנד.

דורך אַ צופאַל איז געלונגען הרב אלכסנדר טייטעלבוים פון דער בראָנקס צו באַקומען אַ העתקה פון דער צוואה, וועלכע מיר דרוקן אין לשון־קודש׳דיקן אָריגינאַל (מיט קליינע ענדערונגען אין לשון און פּונקטואַציעס) אין דעם העבּרעאישן טייל פון דעם ספר.

דער געדרוקטער טעקסט פון דער צוואה האָט אויך אַן אַריינפיר פון הרב ר׳ יחיאל טייטלבוים, דער עלטסטער זון פון ר׳ אברהם־אהרן. אין דעם אַריינפיר געפינען מיר קודם־כל עטלעכע זאַצן „מילי דהספידא״, אין אַ פאָרם פון אַ הספד. די ווייטערע שורות דערציילן אונדז וועגן דעם צושטאַנד און די אויפפירונג פון ר׳ אברהם־אהרן אין דער צייט פון זיין מחלה.

ר׳ אברהם־אהרנ׳ס קראַנקייט האָט זיך געצויגן אַכט יאָר, אָנהויבנדיק אין יאָר תרס״ב באַלד נאָכן שרייבן די צוואה. פון אָנהייב האָט נאָך דער רב ר׳ אברהם־אהרן געקאָנט רעדן האָט ער כסדר געבעטן די מענטשן וועלכע זיינען געקומען אים מבקר חולה זיין, זיי זאָלן אים דערציילן מעשיות פון צדיקים. די מענטשן האָבן נישט באַגריפן וואָסערע כוונות ער האָט דערמיט.

זונטיק, יום א׳ פרשת ראה (כ״ג אב), האָט זיך ביים קראַנקן רב דער פּאַראַליזש אויסגעשפּרייט אויף זיינע פיס און אויף זיין מויל. ער האָט מער נישט געקאָנט רעדן און די דאָקטוירים האָבן זיך שוין פון אים מייאש געווען. ער האָט זיך אָבער יאָ פאַרשטענדיקט מיט די אַרומיקע מענטשן מיט דער הילף פונעם אלף־בית. מיט דער גוטער, לינקער האַנט האָט ער אָנגעוויזן אויף אותיות און די מענטשן האָבן זיי מצרף געווען און געשאַפן גאַנצע ווערטער.

צוויי וואָכן שפּעטער, דינסטיק אין דער פרי (יום ג׳ פרשת תצא, ט׳ אלול), האָט דער רב שוין גאָר שלעכט געפילט, ממש גסיסה. ער האָט זיך אָבער געשטאַרקט און אָנגעטייטלט אויף די אותיות צ׳ ו׳, אַזוי אַ גאַנצן טאָג. דאָס זעלבע האָט ער געטאָן דעם צווייטן טאָג — מיטוואָך, און אַזוי אויך דאָנערשטיק, נאָר אָנגעוויזן אויף די צוויי אותיות צ׳ און ו׳. אָבער קיינער האָט נישט פאַרשטאַנען דעם באַדייט פון דעם. האָט ער אָנגעהויבן אַראָפּצורייסן פון זיך דעם טלית־קטן, האָט מען אים אָנגעטאָן דעם טלית־קטן, וואָס איז ביי אים פאַרבליבן אַ ירושה פון זיין פאָטער, דער „ייטב לב״ פון סיגוט. ער איז אָבער אַלץ געבליבן אומצופרידן און האָט זיך באַמיט אויך דעם טלית־קטן אַראָפּצורייסן.

פונקט דעמאָלט האָט זיך פאַרזאַמלט אַן עולם צו דאַוונען מנחה־מעריב. צווישן מנחה און מעריב האָבן זיך עטלעכע מענטשן צונויפגערעדט, איז זיי איינגעפאַלן, אַז אפשר מיינט צ׳ ו׳ די צוואה? דאָס הייסט, אַז דער רב וויל מ׳זאָל עפענען און אַריינקוקן אין דער צוואה... געזאָגט און געטאָן.

אַזוי ווי מ׳האָט איבערגעלייענט פונקט א׳ פון דער צוואה: „מ׳זאָל דער־ציילן מעשיות פון צדיקים״, האָט דער קראַנקער רב צוגעלייגט זיין פינגער צום אויער, ווי איינער זאָגט, רעדט מיר אַריין אין אויער, וועל איך בעסער הערן.

נאָכן לייענען פונקט ב׳, האָט מען אונטערזוכט די ציצית פון זיין פאַטערס טלית־קטן, האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז איין ציצה איז געווען פסול, האָט מען איינגעמאַכט אַ נייע כשרע ציצה. דערמיט האָט זיך דער רב באַרו־איקט און מער נישט געריסן פון זיך דעם טלית־קטן.

האָט מען ווידער איבערגעלייענט פונקט ד׳, האָט ער מיטן קאָפּ געגעבן אַ צייכן פון הסכמה. האָט מען פאַר אים געעפנט דעם „שערי ציון״, האָט ער באַוואויגן זיין האַנט פאַרביי די אויגן, ווי אַ צייכן אַז ער קאָן נישט זען. האָט מען אים געפרעגט, צי זאָל עמעצער פאַר אים זאָגן די „מסירת־מודעה״ מיט זיין דערלויבעניש? האָט ער ווידער געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף — יאָ!

געענוי ביים שלוס פון „מסירת מודעה״, האָט זיך די ריינע נשמה פון רב אָפּגעטאָן שטיל און לייכט. דאָס איז געווען דאָנערשטיק נאַכט, סעפּטעמבער דעם 15־טן, 1910, ליל יום ו׳ עש״ק, י״ב אלול שנת עת״ר.

אין דער זעלבער צייט האָט ר׳ אשר׳ל רובין, דעם רב׳ס שוואָגער, מיט האַסטיקע טריט אַרומגעשפּאַנט אין זיין חדר מיוחד און אַרויסגעברומט: „יאָ, איך בין אים מוחל; אַלצדינג וואָס ער האָט מיך באַרויבט פון מיין לעבן, בין איך מוחל. אָבער במוות? מיין פּלאַץ אויף קבר־אבות, דאָס בין איך נישט מוחל׳״ ר׳ אשרל׳ס שרעק איז אָבער געווען אומזיסט. אין איינקלאַנג מיט דער צוואה, האָט מען ר׳ אברהם אהרן ז״ל מקבר געווען אויסער דעם אוהל, לעבן זיין זון משה און לויט דעם פאַרשריפט אין דער צוואה האָט מען דאָס קבר געלאָזן אָפן, אָן אַ דאַך, בלויז אַרומגעצוימט מיט ברעטער, ביז צו אַ האַלבן הויך פון אַ מענטש. זצללה״ה ותנצב״ה.

## די מחלוקה

ר׳ אברהם־אהרן טייטלבוים ז״ל האָט געלאָזט צוויי זין: ר׳ יחיאל, געבוירן י׳ שבט, תרכ״ח (1868) און ר׳ דוד אין תר״ל (1870).

ר׳ דוד איז געווען אַ תלמיד־חכם, אַ לעבעדיקער און זייער אַ פלינקער. ער איז געווען אַן איידעם אין ר׳ שמעון יאַראָסלאַוערס משפחה, און איז מערסטנס געזעסן אין יאַראָסלאַוו. אין יאָר 1903 איז ער געוואָרן רב אין עטשעד, אונגאַרן. ער האָט זיך דאָרט אויפגעהאַלטן קרוב צו 41 יאָר. קיין קאָלבסוב איז ער ווען־עס־איז געקומען אויף אַ פאַמיליע־שמחה.

אין קאָלבסוב האָבן אַלע געלייגט תפילין לויט נוסח ספרד, דאָס הייסט, מ׳האָט געדרייט די רצועה של יד אַוועק פון זיך. די טייטלבוימס אָבער, האָבן געלייגט תפילין לויט נוסח אשכנז, געדרייט די רצועה צו זיך. דערצו האָבן זיי אויך גלייך ביים פאַרציען די רצועה אויך אויסגעוויקלט אַ ש׳. ביי זייער אַ

שמחה, פלעגן מיטאַמאָל אַריינקומען אין גרויסן בית־מדרש אַלע טייטלבוימס מיט זייערע פלאַכע, אָוואַלע, פליושענע קאַפּעלישן, מיט די גאָר לאַנגע פיאות, זיידענע בעקעשעס און בליאַסקנדיקע קייטלעך־עטרות, זיך צוזאַמען אויסגע־שטעלט אויף דער מזרח וואַנט, לינקס פון ארון־קודש, און גענומען לייגן די גרויסע תפילין מיט די ברייטע, גלאַנציקע, פעך־שוואַרצע רצועות און געדרייט פאַרקערט, צו זיך. דאָס האָט געמאַכט אַ רושם אויף אַלע מתפללים, וועלכע האָבן געגאַפט מיט די אויגן ווי אויף בייע וואונדוירים...

ר׳ דוד עטשעדער האָט געהאַט זעקס קינדער, אַלע פאַרהייראַט מיט פאַמיליעס. כמעט אַלע זיינען אומגעקומען מיט אים צוזאַמען אין אוישוויץ אין יאָר 1944, הי״ד. געבליבן לעבן איז בלויז איין זון, ר׳ נפתלי טייטלבוים, איצט אין באָראָ־פאַרק, ברוקלין, נ. י. אויך איז געבליבן פון ר׳ דוד עטשעדער ז״ל אַ חיבור אויף תורה, מיטן נאָמען „דברי דוד״, געדרוקט אין מישקאָלץ, אין מיטן ברען פון דער מלחמה אין 1943־44 (דאָס יאָר איז נישט אָנגעגעבן). אויף דעם שער־בלאַט פון איין ספר האָט דער מחבר אויפגעשריבן די ווערטער: „לסייע לארץ־ישראל״ — אויף צו העלפן ארץ־ישראל! (געהערט פון טשעשי־נאָווער רבין, האדמו״ר שלום יחזקאל שרגא רובין־האַלבערשטאַם, שליט״א).

ר׳ יחיאל טייטלבוים איז געווען גאָר אַנדערש פון זיין ייִנגערן ברודער ר׳ דוד. ר׳ יחיאליש איז געווען אַ בעזגראַבנער, אַ לאַנגזאַמער און אַ פאַר־פרומטער וואָס האָט נישט געקוקט און אויך נישט געוואוסט וואָס טוט זיך ווייטער פון זיינע ד׳ אַמות. ער איז שטענדיק רק געווען פאַרנומען מיט טהרה און נקיות, כסדר געגאַנגען אין מקווה און געוואַשן די הענט. האַבנדיק אַ שוואַכע תפיסה און אַ שוואַכן זכרון, איז ער געזעסן ביי דער גמרא מיט איין פחד, אפשר וועט ער מסיח דעת זיין, אפשר וועט ער פאַרגעסן וואו ער האַלט. איז ביי אים געווען אַ סגולה צו קושן די הייליקע שורות און זיי בעטן מחילה. הכנה צום דאַוונען האָט ביי אים געדויערט עטלעכע שעה, און ערשט האָט ער פאַרשפעטיקט. טאָמער האָט ער גענומען אַ שטעקן כדי מיט אים אַרויסצוגיין אין גאַס, איז ער, דער שטעקן, ביי אים אַלעמאָל אַריינגעפאַלן אין דער לינקער האַנט, און דווקא מיטן הענטל אויסגעדרייט פאַרנט...

ווען ר׳ אברהם־אהרן ז״ל איז נפטר געוואָרן, איז ר׳ יחיאליש אַלט געווען אַריבער צוויי־און־פערציק יאָר, און זיין זון ר׳ ליבוש איז שוין דעמאָלט געווען אַ יונגערמאַן פון דריי־און־צוואַנציק און אַ טאַטע פון אַ צווי־יאָריק קינד. ר׳ ליבוש טייטלבוים איז געווען דער אידעם פון הרב ר׳ חיים־יונה היילפרין, דער ריישער דיין, וועלכער איז אויך געווען דער שווער פון דעם באַוואוסטן רבי און צדיק ר׳ אלעזר׳ל ריישער, ווייסבלום. עסנדיק קעסט

ביי זיין שווער אין ריישע, האָט זיך ר׳ ליבוש עטלעכע יאָר נאָך זיין חתונה געפונען אין דער מחיצה פון דעם קלוגן רבין ר׳ אלעזר׳ל, און איז געוואָרן זיין געלונגענער תלמיד. נאָך פון זיינע פריסטע יאָרן, האָט זיך ר׳ ליבוש אַרויס־געוויזן צו זיין אַ יונגערמאַן מיט זעלטענער פיקחות און מאַגנעטיזם און אויך מיט פראַקטישן לעבנס־וויסן. ביי פיל אָנהענגער און פריינט פון רב, האָט זיך דעריבער פאַרגנבעט אין געדאַנק די שטילע האָפענונג, אַז אויב נישט איצט, וועט אָבער מיט דער צייט ווערן דער אמתדיקער יורש־עצר פון ר׳ אברהם־אהרנ׳ס מלוכה נישט קיין אַנדערער ווי נאָר זיין אייניקל ר׳ ליבוש טייטלבוים.

אין פאַראַגראַף אַכצן פון ר׳ אברהם־אהרנ׳ס צוואה, ווערט געזאָגט:
„מיין שטאַרקע בקשה צו די שטאָט־לייט ווי אויך צו די דאָרפס־לייט, יחידי־סגולה איז, אַז גלייך נאָך מיין פטירה, נאָך פאַר דער קבורה, זאָל צו מיין זון יחיאל יחי׳ געגעבן ווערן דאָס רעכט אויף אַלע הכנסות וואָס האָבן געהערט צו מיר, און איך האָף צו השם־יתברך אַז דאָס וועט זיין פאַר זיי אַ גרויסע טובה אין אַלע ענינים״.

דער יונגער ר׳ ליבוש האָט טאַקע אויפן אָרט גענומען מקיים צו זיין דעם פאַרלאַנג פון זיין זיידן. ער האָט פאַרפאַסט אַ נוסח פון אַ קאָנצעס און האָט געזען, אַז יעדער איינער וואָס איז נאָר אַריינגעקומען אין בית־הרב, הן נאָך דער פטירה, הן בעת דער שבעה, זאָל אַרויפלייגן זיין חתימה. אַפילו צו ר׳ יעקב עקשטיינס שוואָגער, ר׳ זיינוול גאָלדבערג האָט ער זיך געווענדט, אַז אויך ער זאָל באַוויליקן זיך אונטערצושרייבן אויפן קאָנצעס. ר׳ זיינוול האָט זיין תלמיד ר׳ ליבוש געענטפערט אויף אַן איידעלן אופן: „דו ווייסט דאָך אַליין, אַז איך קאָן נישט חתמענען״.

נישט נאָר ר׳ זיינוול גאָלדבערג, נאָר פיל שטאָטישע בעלי־בתים, וועמענס פרנסה איז געווען אָפּהענגיק אָן די עקשטיינס, ווי אויך די יעניקע וואָס זיינען געווען בעלי־חובות אין דער „יידישער קאַסע״, וואָס איז געווען פולשטענדיק אונטער דעם קאָנטראָל פון די עקשטיינס, זיי אַלע האָבן נישט געהאַט קיין אַנדער ברירה ווי זיך אָפּצוזאָגן פון אונטערשרייבן דעם רב׳ס קאָנצעס.

ר׳ זיינוול האָט אָבער נאָך דערצו געהאַט אַן אַנדער טעם; ער האָט געלעבט מיט אַ פאַר׳חלומ׳טער און פאַנטאַסטישער אילוזיע, אַז קאַלבסוב קאָן מיטאַמאָל ווערן אַ ברעזשאַן אָדער אַ בוטשאַטש, אַז דאָ אין קאַלבסוב וועט מען פלוצים אַריינבאַקומען אַ מהרש״ם אָדער אַ ר׳ מאיר אַראַק פאַר אַ רב! אַ סברא, אַז אַפילו דאָס ברענגען דעם טאַרנער מורה־הוראה ר׳ יאַנקעלע גוטווירט, איז געווען פאַרבונדן מיט דער הבטחה אים מיט דער צייט צו מאַכן פאַרן מרא דאתרא... דאָס האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין איינער פון די

הויפט שוואַכפּונקטן פון עקשטיינס צד, וואָס זיי, די עקשטיינס, האָבן אין אמת'ן אויך ר' אשר'לען נישט געוואָלט האָבן פאַר רב. זיי האָבן אים בלויז אויסגענוצט פאַר דעם צוועק פון מחלוקת, אויף צו באַקעמפן דעם רב'ס צד.

ווידער ר' אשר'ל אַליין, האָט שוין דעמאָלט גאָר אַרומגעשוועבט אין די עולמות העליונים מער ווי אויף דער וועלט. נאָר מיט שווערער מי האָט מען אים געקאָנט אַריינשטופּן אין מחלוקת. דער פאַקט איז, אַז ער, ר' אשר'ל, איז קיינמאָל נישט געווען קיין אויסדריקלעכער תובע לדין, ער האָט קיינמאָל אַקטיוו נישט געמאָנט דאָס קאָלבסובער רבנות; ער האָט קיינעם נישט גערופן צו אַ דין־תורה.

אַן אָנפראַגע וועגן דער חזקה פון ר' יחיאליש אויפן קאָלבסובער רבנות איז געמאַכט געוואָרן ביים ברעזשאַנער רב, פון ר' זיינוול גאָלדבערג. אין דער תשובה, וואָס ר' זיינוול האָט עפנטלעך פאַרעפנטלעכט, איז געווען געשריבן, אַז מ'זאָל אַריינקוקן אין „שואל ומשיב" (חלק ב' סימן כ'), וועט מען זען, אַז ר' אברהם־אהרנ'ס חזקה איז געווען גע'גזל'ט, ממילא קאָן גאָרניט זיין קיין רייד וועגן דער חזקה פון ר' יחיאליש (געהערט פון הרב אליעזר דוד בערל, איצט אין בני־ברק, ישראל).

דעם רב'ס צד האָט אָבער יאָ גערופן דאָס קאָלבסובער „קהל", דאָס הייסט די עקשטיינס, קיין ריישע צו דין־תורה ביים ריישער בית־דין פון הרב ר' נתן לעווין. די עקשטיינס האָבן געוואוסט, אַז אָן ר' אשר'לען ווי אַ תובע וועלן זיי פאַרלירן, זיינען זיי אַרויס מיט דער טענה, אַז ריישע איז אַ באַזונדערע קהילה, און דער ריישער בית־דין האָט נישט די אויטאָריטעט צו פאַרלאַנגען, אַז מ'זאָל גראָד דווקא דאָרט צו זיי קומען האַלטן די דין־תורה און נישט אַנדערשוואו.

הגם ר' מאָטיש עקשטיין, ר' יעקב עקשטיינס ברודער, איז געווען איינער פון די איינפלוסרייכסטע בעלי־בתים אין ריישע, האָט זיך דער ריישער רב ר' נתן לעווין גאָר וויניק געשראָקן. דער ריישער רב, דער גדול, דער אַריסטאָקראַט, דער גרויסער יחסן, האָט קודם־כל געשוינט דעם כבוד פון ריישער בית־דין. ער האָט געהאַלטן אַז זיין בית־דין איז אַ בית־דין קבוע און אַ בית־דין הסמוך, דאָס נאָענטסטע בית־דין צו קאָלבסוב, האָט ער אַרויסגעגעבן אַ „סירוב", באַקאַנט צו מאַכן, אַז עקשטיינס צד זאָגט זיך אָפּ פון האַלטן אַ דין־תורה. נאָכדעם ווי דער סירוב איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן, האָבן רבנים איבער דער גאַנצער מדינה מורא געהאַט אַפילו זיך צו צורירן צו דער מחלוקת אין קאָלבסוב.

אין הינטערגרונט פון מחלוקת איז אָבער יאָ אָנגעגאַנגען אַ שטרייט

צווישן דעם דזשיקעווער רבינס, ר׳ יהושעלעס הויף און דעם ראָזוואַדאָווער רבינס, ר׳ הערשעלעס הויף. די דזשיקעווער האָבן פאַרשטייט זיך, געשטיצט זייערע חסידים, די עקשטיינס, און ראָזוואַדאָוו איז געווען אויפן רב׳ס צד.

אין קאָלבסוב גופא זיינען ס׳רוב בעלי־בתים געשטאַנען פון ווייטנס פון מחלוקת. ערשטנס, האָבן זיי זיך דורך דער לאַנגער צייט פון ר׳ אברהם־אהרנ׳ס קראַנקייט צוגעוואוינט צום געדאַנק, אַז קאָלבסוב קאָן גאַנץ גוט אויסקומען אָן אַן אַקטיוון ראַבינאַט, ממילא איז שוין נישט קיין חילוק, יאָ רב — נישט רב, דער רב — יענער רב. צווייטנס, האָט מען פשוט מורא געהאַט זיך אַריינצומישן אין פייער פון מחלוקת צוליב דער סכנה פון אַן עונש; ווער קאָן דאָס וויסן? מ׳קאָן חלילה ווערן אויסגעזעצט צו עפּעס אַ בייז אָנשיקעניש, אַ שטראָף רחמנא ליצלן.

פונדעסטוועגן האָבן אויך נישט געפעלט קיין ווילנדיק־איפעריקע קריגער איןביידע פאַרטייען. אין מאַנכע הייזער האָבן זיך פאַמיליעס צעטיילט און זיך קעגנזייטיק באַקעמפּט, מיט כשר׳ע און טיילמאָל מיט ניט אַזעלכע כשר׳ע מיטלען. מ׳האָט איינגעצויגן קרעדיטן און געבראַכט צו באַנקראָטן, מ׳האָט געשריבן מסירות און פּאַשקווילן, געשעדיקט רעפּוטאַציעס, געשלאָגן און זיך געריסן ביי די בערד, דערלאַנגט פּעטש, צעקראַצט פּנימער, געשטערט דאָס דאַווענען, געשפּרונגען דורך פענסטער, גערופן פּאָליציי, געמאַכט אָנקלאַגעס און אַרעסטן, געפירט אין קייטן, פאַרפירט געריכטלעכע פּראָצעסן — אַלצדינג האָט מען כלומערשט געטאָן לשם מצוה און לשם שמים. אָבער דאָס האָט נישט געבראַכט קיין כבוד, נישט דער ידישער קהילה און נישט צו ידישקייט בכלל. ס׳האָט זייער שלעכט געווירקט אויף יונגוואַרג, אויף זייערע מידות פון דרך־ארץ, ס׳האָט ביי זיי אויסגעקוקט גלייך ווי „הותרה הרצועה״, אַלצדינג איז דערלויבט צו טאָן.

כדאי איז דאָ צו דערמאָנען, אַז אין פאַרבינדונג מיט די פּראָצעסן איז געבראַכט געוואָרן קיין ריישע אין געריכטהויז דער אַלטער פּינקס פון דער חברה קדישא, אין וועלכן דער אַפּטער גאון און צדיק הרב ר׳ אברהם יהושע העשיל האָט מיט זיין אייגענער האַנט אַריינגעשריבן די תקנות. מיין רבי, דער קאָלבסובער רב, ר׳ ארי׳ ליבוש טייטלבוים, האָט מיר געזאָגט, אַז ער האָט זיך עטלעכע מאָל משתדל געווען אַרויסצובאַקומען דעם פּינקס, אָבער אָן רעזול־טאַטן.

באַזונדערס איז געבליבן איינגעקריצט אין זכרון פון קאָלבסובער יידן דער שטרייט ביי די הקפות פון שמחת־תורה נאַכט אין גרויסן בית־מדרש. מ׳האָט דעמאָלט אויסגעשפּרייט אַרום עמוד פעפער מיט פּאַפּריקע, און דער

בעל הקפות ר׳ אשר׳ל רובין מיט זיינע אַרויסהעלפער האָבן ביי יעדן צווייטן וואָרט געמאַכט: „אַפּטשו" און „אַפּטשיק", געהאַלטן אין איין ניסן און הוסטן און ס׳האָט ביי זיי געדונערט פון נאָז און אויגן... ס׳האָט אויסגעבראָכן אַ טומל מיט אַ געשלעג, אַ מהומה און געלויף, ס׳איז נישט געווען מעגלעך צו פאַר־ענדיקן דאָס דאַווענען...

צומאָרגנס, שמחת־תורה בייטאָג, זיינען שוין די עקשטיינס אָנהענגער געקומען און גלייך באַהערשט די סיטואַציע. זיי האָבן דערפאָלגרייך אָנגעפירט מיט די הקפות און פאַרטיילט די עליות. חתן־תורה איז צוגעטיילט געוואָרן צו ר׳ אשר׳לען. ראובן עקשטיין, דער זון פון ר׳ מאָטיש עקשטיין און אידעם פון ר׳ יעקב עקשטיין, האָט מיט חסידישן ברען און גרויס געפיל אינטאָנירט דעם פּזמון „מרשות", אויסרופנדיק „עמוד, עמוד, עמוד, מורה מורנו ר׳ אשר ישעיה בן מורה מורנו הרב ר׳ יחיאל", אַזוי צום ערשטן מאָל און אַזוי צום צווייטן מאָל, אָבער ווען ס׳איז געקומען צום ענדלעכן און ריכטיקן אויפרוף „יעמוד..." האָט זיך אויך ראובן עקשטיין דערשראָקן און זיך אָפּגעהאַלטן פון אַרויסזאָגן דעם טיטול „מורה־מורנו", און ער איז צוריקגעגאַנגען צום געוויינלעכן „מורנו הרב ר׳ אשר ישעיה בן מורה־מורנו הרב ר׳ יחיאל..."

בכלל האָבן די עקשטיינס אונטערשאַצט די לאַגע, די מאָס און שטעל פון דער אָפּאָזיציע. ערשטנס, האָבן די עקשטיינס פאַרגעסן צו נעמען אין חשבון דעם פאַקט, אַז אַ גאַנצער יובל פון ר׳ אברהם־אהרנ׳ס רבנות לאָזט זיך נישט אַזוי לייכט אָפּווישן. צווייטנס, זיינען שוין אין שטאָט אויפגעקומען בעלי־בתים גבירים, וועלכע זיינען נישט געווען אָפּהענגיק פון עקשטיינס הויף און זיי האָבן זיך געפילט גאַנץ זעלבסטשטענדיק. דריטנס, האָט זיך די צייט געענדערט; ס׳האָבן אָנגעהויבן צו בלאָזן נייע פרייע ווינטן; „עמך" איז געוואָרן אומרואיק, אין אַ שטימונג פון רעוואָלט און מיד פון עקשטיינס אַפּוטרופּסות.

## די ירידה פון „מלכות עקשטיין" און די פּטירה פון ר׳ אשר׳ל רובין ז״ל

אין דער צייט פון דער צווייטער באַלקאַנישער מלחמה, אַרום 1912, האָט זיך אויך „מלכות עקשטיין" גענומען וואַקלען. מיטגלידער פון דער עק־שטיין פאַמיליע האָבן געליטן גרויסע פאַרלוסטן אויף דער בערזע אין ווין, זייערע פאַרצווייגטע געשעפטן האָבן זיך פאַרערגערט און דערגרייכט ביז צו באַנקראָט. כדי צו דעקן די חובות פון זיינע קינדער און איידיקלעך, האָט ר׳ יעקב עקשטיין געמוזט פאַרקויפן זיינע גיטער אין פשילאַנג.

ביים אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט זיך שוין דער גרעסטער טייל פון דער איינפלוסרייכער עקשטיין פאַמיליע לגמרי אַרויסגע־צויגן פון קאַלבסוב. בן־ציון סאַפּיר, ר׳ יעקב עקשטיינס עלטסטער אידעם,

האָט שוין פון לאַנג געטיילט זיין צייט צווישן קאָלבסוב און טאַרנע, און זינט דער רוסישער אינוואַזיע אין גאַליציע איז ער פאַרבליבן אין ווין. דער ייִנגע־רער אײדעם ראובן עקשטיין האָט זיך באַזעצט אין ריישע, ביי זיין פאָטער ר׳ מאָטיש עקשטיין. דאָווטשע עקשטיין, אַ זון פון ר׳ יעקב עקשטיין, איז אַוועק קיין קראָקע. מעניע עקשטיין, ר׳ יעקב׳ס אַן אייניקל און דער זון פון אברהמלע עקשטיין, איז צוליב זיין באַנקראָט אין פאַרבינדונג מיט דער זייפן־פאַבריק אַנטלאָפן קיין אַנטווערפּן. זיין פאָטער, ר׳ יעקב׳ס זון אברהמעלע, דער גאַנצער פּאָליטישער פירער און שטאָטסמאַן פון „מלכות עקשטיין״, איז געוואָרן קראַנק און טיילווייז פּאַראַליזירט, קוים וואָס געקענט אַ ריר טאָן מיט זיינע ליפּן. צום סוף פון 1915 זיינען אין קאָלבסוב געבליבן איינזאַם דער שוין אַלטער און שוואַכער ר׳ יעקב עקשטיין, זיין שווער־קראַנקער און שטאַרק־לײדנדיקער שוואָגער ר׳ זיינוול גאָלדבערג און אַ פּאָר געציילטע מיטגלידער פון דער פאַמיליע. פאַרשטייט זיך, אַז אונטער די אומשטענדן האָט זיך ביי די עקשטיינס דער גאַנצער לוסט צו קעמפן אויסגעוועפּט.

אויך ביי אַלע אַנדערע שטאָט־מענטשן, האָט זיך אויסגעלאָשן דער חשק צו קעגנזייטיקע קריגענישן. די פּערזענלעכע מלחמה־דאגות, ווי די געצוואונ־גענע מיליטער־דינסט פאַר די יאָרן פון 18 ביז 50, צוזאַמען מיט דער געפאַר געשיקט צו ווערן אויף די פראָנט ליניעס, דער מאַנגל פון עסנוואַרג און אַנדערע נויטיקייטן, דאָס יקרות און די טאָג־טעגלעכע אומזיכערקייט האָבן מער נישט געלאָזט קיין פּלאַץ פאַר אומזיניקע אַמפּערנישן.

אין אָנהויב אלול תרע״ד (1914), האָט די רוסישע אַרמיי געמאַכט אַן אָפענסיווע, וואָס האָט דערפירט צו דער אָקופּאַציע פון כמעט גאַנץ גאַליציע. ווען די רוסן האָבן געהאַלטן ביים אַריינקומען קיין קאָלבסוב זיינען זיי פאַר־האַלטן געוואָרן ביי אַ קליין טייכל הינטער דעם דאָרף טשמילאָס (טשמאָלאָס). צוויי וואָכן צייט, טאָג און נאַכט, האָט מען געהערט דאָס שיסן פון די האַר־מאָטן, די צוויי־און־פערציקער האָוויצערס, און געזען די שרעקלעכע פייערן, אָבער אַלץ אויף די זעלבע פּאָזיציעס, אָן שום פאָרשריט. אַ מורא איז באַפאַלן די יידישע באַפעלקערונג און פיל משפחות האָבן ביסלעכווייז גענומען אַרויס־וואַנדערן.

פונקט דעמאָלט איז ר׳ אשר׳ל רובין געלעגן מסוכנדיק קראַנק. די שטוב מענטשן האָבן נישט געקאָנט זיך קיין עצה געבן. ווי קאָן מען זיך אַרויסלאָזן אין וועג מיט אַ שווער־קראַנקן?

פון קראַנקן בעט האָט זיך פּלוצים דערהערט די שוואַכע, אָבער זיכערע שטימע פון ר׳ אשר׳ל: „זייט רואיק. אַזוי לאַנג ווי איך לעב, וועלן פאַניעס שטיוול נישט באַטרעטן די ערד פון קאָלבסוב!״

און כך הווה.

ערשט שבת פאַר סליחות, כ״א אלול תרע״ד (דעם 12־טן סעפּטעמבער 1914), ווען ר׳ אשר׳ל איז נפטר געוואָרן אין עלטער פון 68 יאָר און זונטיק, יום א׳ דסליחות ווען ס׳איז פאָרגעקומען די לוויה האָט זיך אָנגעהויבן דער גרויסער ריקצוג פון די דייטשע און עסטרייכישע אַרמייען. אַלע וועגן זיינען דעמאָלט ממש געוואָרן פאַרפלייצט פון דעם צוריקטרעטנדיקן מיליטער מיט די שווערע קאַנאָנען, פערד און וועגענער, בענזין־וואַגנס הויך געלאָדן מיט משאות, און מענגעס פוסגייער. מ׳האָט קוים בדוחק, מיט סכנות נפשות, געקאָנט אַריבערשפּרייזן די גאַסן.

נישט קוקנדיק אויף די אויסערגעוויינלעכע שוועריקייטן, האָט זיך אַ גרויסער עולם באַטייליקט אין ר׳ אשר׳לס לוויה, געגאַנגען צופוס און גע־טראָגן די מיטה דעם גאַנצן וועג צום בית־עלמין און זיך אָפּגעשטעלט זיבן מאָל, ווי דער שטייגער איז געווען. מ׳האָט ר׳ אשר׳לען מקבר געווען אין אוהל ביי זיין פאָטער ר׳ יחיאל זצ״ל.

אין דער זעלבער וואָך, אום דאָנערשטיק, האָבן זיך שוין געיאַוועט די ערשטע רוסישע פּאַטרולן אין קאַלבסוב.

## די קרבנות פון 1914

מ׳האָט דעם רוסישן „שונא״ פריינטלעך מקבל־פנים געווען; מ׳האָט אַקעגן געטראָגן ברויט מיט זאַלץ און אויפן ערשטן בליק האָט מען זיך אַביסל באַרואיקט. איינצלנע רוסישע סאָלדאַטן זיינען געגאַנגען איבער די הייזער און פאַרלאַנגט ברויט. ס׳האָט אויך געטראָפן, אַז אַ קאָזאַק האָט אימיצן געפרעגט די צייט און אין איינוועגס דערביי צוגענומען דאָס זייגערל מיט דער קייט. פונדעסטוועגן, דאַוונען האָט מען געדאַוונט ווי געוויינלעך, מ׳האָט אָנגעפילט די בתי־מדרשים גלייך ווי אַלעמאָל.

ערשט שבת אין דער פרי ביים דאַוונען איז אַרויס די בייזע שמועה וועגן הרוגים. מ׳האָט געפונען דערשטאָכן אויף טויט דעם זייגערמאַכער בעריש לאופער; אויך זיין פאָטער, וואָס איז צופעליק צו אים געקומען אויף אַ באַזוך, איז געפונען געוואָרן אַ טויטער, ווי אויך זיין שווער, יאָסעלע ציפּרעס־ראָזנ־פעלד, וועלכער האָט מיט אים צוזאַמען געוואוינט אין זעלבן הויז הינטער דעם געשעפט אַנטקעגן דער גמינע (מאַגיסטראַט). צום מזל זיינען די אַנדערע מיטגלידער פון דער משפחה, בעריש׳ס פרוי, זיין קינד און איר מוטער, די שוויגער, שוין פריער אַוועק פון שטאָט.

די שלעכטע נייעס אין מיטן שבת׳דיקן דאַוונען, האָט די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג אַריינגעוואָרפן אין פּאַניק. אַרויסגייענדיק פון דאַוונען האָט מען אויפן מאַרק די פויערים אָנגעבאָטן איבערגעטריבענע הויכע פרייזן פאַר פערד און וואָגן. מ׳האָט זיך אויך אַרויסגעלאָזט צופוס אויף אַלע וועגן. אָבער וואוהין גייט מען? אַז די רוסן האָבן שוין דערגרייכט כמעט ביז טאַרנע! און ווי קאָן מען אַריבער די פייער ליניע? האָבן זיך טאַקע אַ סך מענטשן ווידער אומגעקערט.

זונטיק, ערב ראש־השנה, תרע״ה, האָט זיך אַ פּאַלק רוסישע קאַזאַקן אויסגעלייגט איבער די הייזער און איבער אָפענע פרייע פּלעצער. אָבער עפּעס ווי נישט צו שטערן די הייליקע ימים־נוראים תפילות האָבן זיי זיך געהאַלטן כמעט אין גוטער אָרדענונג. זיי האָבן זיך אַרומגעשטעלט אַרום די בתי־מדרשים, צוגעקוקט און צוגעהערט צום דאַוונען, אַצאַל צוגעגאַנגען צום ארון־קודשביים עפענען, אין דער צייט פון אַ פּתיחה, געכאַפּט אַ נייגעריקן קוק, אָבער אַלץ נישט געשטערט.

די תפילות האָט מען אָפּגעכאַפּט אַזוי שנעל ווי מעגלעך. שופר בלאָזן האָט מען מורא געהאַט, אַז עס זאָל נישט ווערן מיספאַרשטאַנען ווי עפּעס אַ געהיימער סיגנאַל... האָט מען שופר נישט געבלאָזן. פון פראַווען יום־טוב סעודות איז נישט געווען קיין רייד; מ׳האָט גאַרנישט געהאַט צוגעגרייט. האָט מען געגעסן וואָס ס׳האָט זיך נאָר געפונען אין הויז און וואָס מ׳האָט נאָר געקאָנט אויסבאַהאַלטן פון די אויגן פון די שטענדיק־הונגעריקע סאָלדאַטן, וועלכע האָבן געהאַלטן אין איין גיין איבער די הייזער. אויב מ׳האָט זיי נישט געגעבן מיט גוטן, האָבן זיי גענומען זוכן און נישטערן און צונעמען מיט געוואַלט.

ערב יום־כיפור האָט זיך קאַלבסוב ווי דורך אַ נס אינגאַנצן אָפּגערייניקט פון די רוסישע סאָלדאַטן. אין משך פון גאַנץ יום־כיפור איז געווען רואיק און מ׳האָט נישט געזען און נישט געהערט קיין זעלנער אַפילו פאַרבייגיין. ערשט אין מיטן נעילה האָט פאַרבלאָנדזשעט אַ קאָזאַק און מיט זיין שפּיז נאָכגעיאָגט און דערשלאָגן אַ הינדל.

דאָנערשטיק, חול־המועד סוכות, איז געקומען די דערלייזונג: די רוסן זיינען אַרויס — די עסטרייכער אַריין. אָבער נישט אויף לאַנג, בלויז אויף דריי קורצע וואָכן. אין די דריי וואָכן האָבן יידן גענומען פיבערהאַפט ליקווידירן, פאַרקויפן, באַהאַלטן און באַגראָבן וואָס נאָר ס׳איז געווען מעגלעך. ווידער האָט מען זיך געלאָזט לויפן, מיטגענעמענדיק מיט זיך וואָס איינער האָט נאָר געקאָנט: קליינע פּעקלעך, גרויסע קיישלעך, בעטגעוואַנט, רוקזעק, אָדער בלויז

טלית־און־תפילין. מ׳איז געלאָפן קיין ריישע אָדער קיין שענדישאָוו זיך אויפ־כאַפּן אויף אַ באַן; מ׳האָט געדונגען פורן; געקויפט פערד־און־וואָגן.

אין דער בהלה האָט זיך קאָלבסוב כמעט אויסגעליידיקט פון יידן. די ניט־יידישע באַפעלקערונג האָט זיך מיט קליינע אויסנאַמען נישט גערירט פון אָרט. האָבן פיל יידן אָנפאַרטרויט אַ גרויסן טייל פון זייערע הייזער און פאַר־מעגן אין די הענט פון די שכנים. די יידן וואָס האָבן באַוויזן זיך אַרויפצוכאַפּן אויף די באַנען זיינען מערסטנס פאַרשלעפּט געוואָרן קיין טיף בעמען. אַנדערע זיינען נאָך פריער אַוועק קיין ווין. ווין איז שנעל געוואָרן איבערפולט, האָט מען מער נישט אַריינגעלאָזט. אַ טייל יידן זיינען אַריין קיין אונגאַרן.

צווישן די וואָס זיינען אָנגעקומען קיין אונגאַרן האָט זיך געפונען די רבנישע טייטלבוים משפחה. די טייטלבוימס האָבן זיך באַזעצט אין קיראַל־העלמעץ, וואו ר׳ יחיאליש, ווי אַן אייניקל פון סיגוטער רב, דער „ייטב לב״, און אור־אייניקל פון אוהעלער „ישמח משה״, איז אויפגענומען געוואָרן מיט גרויס כבוד און אָפּשיי. מ׳האָט דאָרט צו ר׳ יחיאלישן אַרויפגעקוקט ווי צו אַ רבי און צדיק און מ׳האָט אים און זיין פאַמיליע אויסגעהאַלטן מיט אַלעם גוטן.

## אונטער דער רוסישער אָקופּאַציע

אַ גרויסע צאָל פון די אַנטלויפנדיקע קאָלבסובער פּליטים איז געבליבן שטעקן אין טאַרנע, נאָכדעם ווי די עסטרייכער האָבן אונטערגעצונדן די בריקן אויפן וועג קיין איוואַניטש און בריגל. אַזוי ווי די רוסן האָבן זיך דערנענטערט צו קראָקע, האָבן זיך קאָלבסובער יידן אומגעקערט אַהיים. זיי זיינען באַ־שטאַנען אפשר פון אַ פופציק משפחות. די רוסישע מאַכט האָט אין מאַגיס־טראַט אַריינגעזעצט אַ „נאַטשאַלניק״, וועלכער האָט גלייך גענומען „שאַלטן און וואַלטן״ איבער דעם ביסל יידן. יידן האָט מען גענומען צו טעגלעכער צוואַנגס־אַרבעט, אויף צו פאַרריכטן די צעשאָטענע און צעבראָכענע וועגן. יידן האָט מען געשטערט אין פאַרקער און אין אָנגייען מיט עפנטלעכן מסחר. מיט גרויס מאַטערניש און מיט אַביסל כאַבאַר איז דאָס רעשטל יידן ווי־עס־איז איבער־געקומען דעם ווינטער פון 1914־1915 ביז פסח צייט, ווען דער גאַנצער רוסי־שער פראָנט האָט צוזאַמענגעבראָכן און קאָלבסוב איז באַפרייט געוואָרן צו־זאַמען מיט גאַנץ גאַליציע און פוילן.

די רוסן ביי זייער צוריקטרעטן האָבן אָבער מיט זיך מיטגענומען אַן ערב׳ניק, אַן אַלטגעזעסענעם יידישן תושב, דעם „שוואַרצן״ דוד נאַרציזען־פעלד. זיין פרוי איז געבליבן אַן עגונה עטלעכע יאָר, ביז ער איז צוריק־געקומען צום סוף 1917, נאָך דער רוסישער רעוואָלוציע.

## הרב ר׳ אריה־לייבוש טייטלבוים ווערט קאָלבסובער רב

אין משך פון זומער 1915 און ווינטער 1916, האָבן זיך די קאָלבסובער יידן ביסלעכווייז אומגעקערט צו זייער היימשטאָט און ווידער איינגעאָרדנט זייערע הייזער און געשעפטן.

צווישן די צוריקגעקומענע איז געווען ר׳ אריה־לייבוש טייטלבוים, וועמען מ׳האָט נאָך אַלץ מחמת געוואוינהייט גערופן „ליבוש דעם רב׳ס". ר׳ ליבוש טייטלבוים, געבוירן דעם 12־טן פעברואַר, 1886, איז שוין דעמאָלט געווען אַרום דרייסיק יאָר אַלט, אַ מטופל פון זיין פרוי, די רביצין דבורה, און צוויי קינדער, סענדער און ביילטשע. ער איז שוין צו יענער צייט געווען אַ מוסמך מיט הורמנא פון לעמבערגער רב ר׳ משה׳לע באב״ד, געגעבן אין יאָר תרס״ח. (אין גאַליציע האָט מען נישט געהערט וועגן „סמיכה", נאָר הורמנא אָדער היתר־הוראה). ר׳ לייבוש איז אויך געווען אַ שיינער בעל־תפילה, אַ מנגן, און פאַרמאָגט אַ ליכטיקע און באַצויבערנדיקע פערזענלעכקייט. ער האָט זיך אריינגעצויגן אין בית־הרב און גענומען פונקציאָנירן אין רבנות.

בתוך הבאים, צוריקגעקומענע פון ווין, איז אויך געווען דער ראש־הקהל ר׳ יעקב עקשטיין, אָבער דערווייל האָט ער געהאַלטן אין איין אָפּלייגן דאָס רעאָרגאַניזירן פון דער קהילה. בעלי־בתים האָבן געפרעגט: ווען וועט גערופן ווערן אַן אסיפה פון קהל? דער ענטפער איז געווען: „יאָ, מ׳וואָלט באַדאַרפט רופן אַן אסיפה..."

ענדלעך זיינען די בעלי־בתים געוואָרן מער צודרינגלעך און ס׳איז פאַרגעקומען אַן אסיפה, ביי וועלכער יאָסל ראָזנפעלד, אַ רייכער סוחר, אַ ייד אַ פיקח מיט מאָדערנע נויגונגען, פון יאָרן אַ גבאי אין שול, הגם אַ שוואַכער בעל־תורה, איז אויסדערוויילט געוואָרן צו זיין דער נייער ראש־הקהל. אונטער יאָסל ראָזנפעלדס פירערשאַפט איז הרב לייבוש טייטלבוים אָפיציעל אויפגענומען געוואָרן פאַר מרא־דאתרא. האָבן מענטשן גענומען מורמלען מיט רכילות: „סטייטש, מ׳האָט אויפגענומען אַ רב אָן הורמנא..." האָט יאָסל ראָזנפעלד געגעבן דעם רב אויף הוצאות־הדרך, און אים געבעטן ער זאָל אַרויספאָרן קריגן אַ פרישע הורמנא. ווען הרב ר׳ לייבוש טייטלבוים איז צוריקגעקומען פון זיין נסיעה מיט דער הורמנא פון ריישער רב ר׳ נתן לעווין, האָבן שוין אַלע קריגערס איינגענומען אַ שוויייגעניש.

דער רב ר׳ לייבוש טייטלבוים האָט מיט זיין שכל־הישר, מיט זיין טאַקט און באַנעמונג באַוויזן אין משך פון אַ קורצער צייט צו פאַראייניקן אַלע פראַקציעס אין שטאָט. יונג און אַלט, חסידים, משכילים, ציוניסטן און סתם מאָדערנע, ווי אויך באַאַמטע פון דער מאַכט, אַלע האָבן זיך צו אים באַצויגן מיט פריינטלעכקייט און דרך־ארץ.

## די מלחמה יאָרן 1916—1918

די מלחמה־יאָרן 1916־1918, זיינען געווען אונטער דעם צייכן פון אינפלאַציע, פרייז־קאָנטראָל און שוואַרצן מאַרק. פון איין זייט האָבן אַ טייל מענטשן געמאַכט גוטע געשעפטן מיט גרויסע רווחים און זיינען נתעשר געוואָרן; פון דער אַנדערער זייט אָבער, האָבן זיך פיל מענטשן געמוטשעט מיט דער טעגלעכער חיונה; זיי האָבן נישט געקאָנט נאָכקומען די כסדר שטייגנ־דיקע פרייזן.

הגם די רעגירונג האָט איינגעפירט אַ סיסטעם פון „שפייז־קאַרטן", לויט וועלכן יעדע פאַמיליע איז געווען באַרעכטיקט לויט איר צאָל נפשות צו קריגן געוויסע פראָדוקטן ווי מעל, צוקער, נאַפט אדג"ל אויף די אָפיציעלע נידעריקע פרייזן, איז אָבער אַ גרויסער טייל פון די סחורות פאַרקויפט געוואָרן אויפן שוואַרצן מאַרק, און נישט דערגרייכט די נויטבאַדערפטיקע משפחות. אויך האָט די רעגירונג איינגעפירט דריי פליישלאָזע טעג אַ וואָך: מאָנטיק, מיטוואָך און פרייטיק. ס'איז אויך באַשרענקט געוואָרן די צאָל ליכט צו באַ־לייכטן אַ הויז בלויז מיט צוויי ליכט.

געווען איז אין קאַלבסוב אין יענער צייט אַ וואַכמייסטער פון די זשאַנדאַרן, אַ דייטשישער טשעך, אַ רשע מרושע, אַן אַנטיסעמיט מיטן נאָמען הערמאַן, וועלכער האָט זיך באַנוצט מיט די נייע פאַראָרדענונגען כדי מצער צו זיין די יידן. יעדן פרייטיק פאַר נאַכט, נאָכן פאַררוקן דעם טשאָלנט און נאָכן ליכט־בענטשן, פלעגט ער זיך אַרויסלאָזן מיט זיין גרויסן הונט איבער די יידישע הייזער. דער הונט האָט גלייך דערשמעקט דעם טשאָלנט... ס'האָבן נישט געהאָלפן די טענות אַז דאָס האָט מען שוין צוגעגרייט פאַר שבת און נישט אויף דעם פליישלאָזן פרייטיק. דער קליינער הערמאַן האָט קאָנפיסקירט דעם טשאָלנט מיט די שבת־ליכט און דערצו נאָך אויסגעשריבן אַ קנס.

ווען סוחרים האָבן געהאַט צווישן זיך סכסוכים און טענות, האָבן זיי געמוזט אויסמיידן די רעגירונגס־אינסטאַנצן, ווייל נישט אַלע געשעפטן זיינען געפירט געוואָרן גענוי אין איינקלאַנג מיט אָפיציעלע פאַראָרדענונגען. איז מען אָנגעקומען צו דין־תורות אָדער בוררות'ן. דער רב ר' אריה־לייבוש טייטלבוים האָט צו זיך צוגעצויגן זיין רבין, דעם דיין ר' יחיאל שועס ווײנמאַן, און דעם צווייטן דיין ר' חיים ישעיה דערשאָוויץ און געשאַפן דעם קאַלב־סובער בית־דין. דאָס בית־דין האָט זיך באַמיט צו שליכטן אַלע טענות און תביעות, אַזוי אַז עס זאָל נישט קומען צו עפנטלעכע אָנקלאַגעס און צו חילול השם.

כדי די מערהייט פון דער יידישער באַפעלקערונג זאָל נישט בלייבן אומבאַהאָלפן צוליב דעם יקרות, זיינען איינגעפירט געוואָרן מאַקסימאַל־פרייזן אויף די פראָדוקטן וואָס ווערן פון די פויערים געבראַכט אויפן מאַרק צום פאַרקויפן. ס׳איז פראָקלאַמירט געוואָרן אין די בתי־מדרשים אַ חרם אויף די וואָס באַטן אַן העכערע פרייזן. יונגעלייט פון די ציוניסטישע קרייזן האָבן אויף זיך גענומען די אויפגאַבע אָפּצוהיטן די ענינים.

דאָס אחריות פון פראָקלאַמירן דעם חרם און באַשטראָפן די פאַרברע־כער וואָס האָבן עובר געווען אויפן חרם, איז געפאַלן אויפן רב ר׳ אריה־לייבוש טייטלבוים, און ער האָט די מיסיע בשלימות דורכגעפירט.

אין יענער צייט איז אָרגאַניזירט געוואָרן די „חברה תומכי עניים״, וואָס איר אויפגאַבע איז געווען אויסצוטיילן וואָכן־געלט צו נויטבאַדערפטיקע בעל־בתישע מענטשן, וועלכע האָבן זיך געשעמט צו נעמען אונטערשטיצונג אין דער עפנטלעכקייט. דאָס שליחות צו ברענגען געלט־שטיצע אין שטוב אַריין בסוד, איז אָנפאַרטרויט געוואָרן ר׳ הערשעלע זאַלץ, אַ סוחר, אַ חסידי־שער ייד, אַ בעל־מוסר און אַ שדכן, וואָס ביי אים האָט אַלץ געמוזט זיין ערלעך און גלייך אויף אַ האָר.

קוקנדיק אויף די „גרויסע״, האָבן מיר, בית־מדרש יינגלעך אויך גענו־מען זאַמלען קליינגעלט און יעדע וואָך צוזאַמענגעשטעלט אַ פיר־פינף גילדן. אויב ס׳איז נישט אָנגעקומען עפעס אַ פרעמדער נצרך, האָבן מיר די סומע אונטערגעוואָרפן אונטער דער טיר פון אַן אָרעמער משפחה.

אַרום אדר 1917 האָט זיך דאָס בית־מדרש כמעט אויסגעליידיקט פון עלטערע בחורים. אָדער זיי האָבן געדינט אין מיליטער, אָדער זיי זיינען סתם ערגעץ נעלם געוואָרן, זיך אויסבאַהאַלטן. מיין פאָטער, ר׳ משה יוסף בעריל ז״ל, הי״ד האָט זיך משתדל געווען, אַז דער קאָלבסובער רב ר׳ אריה־לייבוש טייטלבוים זאָל מיך נעמען פאַר זיין תלמיד. דער סדר־היום איז געווען: כ׳בין אויפגעשטאַנען דריי אַזייגער אין דער פרי יעדן טאָג. פאַרבייגייענדיק די בתי־מדרשים אויפן וועג צום בית־הרב, האָב איך שוין געטראָפן דעם אויוון אין קליינעם בית־מדרש ברענען פלאַקער־פייער און ר׳ שמעלקע גאָלדקלאַנג, אַ הייסער סאַנדזער חסיד, האָט שוין אויף אים געטריקנט דאָס נאַסע האַנטוך, וואָס ער האָט ערשט געהאַט באַנוצט ביים אַרויסגיין פון מקווה...

ביים רב האָבן מיר, איך און מיין שותף יחזקאל שמעלקעס, אָנגעקלאַפּט אין לאָדן. דער רב האָט שטיל געעפנט די טיר, און זאָגנדיק ברכה אויפגע־שטעלט דעם פרימוס. נאָכן טיי טרינקען האָבן מיר געלערנט יורה דעה חלק א׳, יעדן סימן, צוערשט אָן פרי־מגדים, און צום צווייטן מאָל איבערגעלערנט

מיטן פרי־מגדים. אַזוי יעדן טאָג, אַ חוץ שבת, האָבן מיר געלערנט ביז ניין אַזייגער, ווען מיר זיינען געגאַנגען דאַווענען. ווינטער נאָך מעריב און זומער נאָכמיטאָג האָבן מיר געלערנט גמרא מיט תוספות. דער שיעור איז אָבער ס׳רוב איבערגעשלאָגן געוואָרן, פון די שטענדיקע דין־תורות און דאָס לאָדענען פון די צוקער סוחרים.

## הרב ר׳ אברהם יצחק בערל ז״ל

אין דער גרינדונג פון דער קאַלבסובער ישיבה, האָבן זיך באַטייליקט קודם כל דער דיין ר׳ יחיאל שועס וויינמאַן מיט עטלעכע חשוב׳ע בעלי־בתים, אָבער אַ גרויסן חלק האָט אין דעם געהאַט דער רב ר׳ אריה־לייבוש טייטלבוים.

די עטאַבלירונג פון דער ישיבה איז געווען פון געוואַלדיקער וויכטי־קייט. ערשטנס, האָט עס מיטאַמאָל אַראָפּגענומען די קאָנקורענץ צווישן די מלמדים און זייער דאגה פאַר פרנסה. די מלמדים האָבן זיך געקאָנט קאָנצענ־טרירן נאָר אויף דעם לערנען. צווייטנס, איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אַ גוטע אויפזיכט, הן אויף די מלמדים, הן אויף די תלמידים. דריטנס, האָט עס געמאַכט מעגלעך צו פּלאַנירן די לימודים אויף אַ סיסטעמאַטישן און בהדרגה׳דיקן שטייגער. פערטנס, איז געעפנט געוואָרן די טיר פון לערנען פאַר אָרעם און רייך צוגלייך. פינפטנס, ס׳איז דערהויבן געוואָרן דער כבוד התורה און ס׳איז אַנטשטאַנען אַ קנאת סופרים; יינגלעך האָבן זיך געפלייסט איבערצושטייגן איינער דעם צווייטן אין לערנען און אין התמדה.

פון דער ישיבה איז אַרויסגעקומען אַ היפשע צאָל לומדים. איינער פון די גאָר אויסגעצייכנטע איז געווען מיין יינגערער ברודער הרב ר׳ אברהם יצחק בעריל ז״ל. מ׳האָט אים גערופן „אברהמעלע״. ער איז געווען אַ גרויסער מושלם און אַ בקי בכל חדרי־התורה, באַקאַנט מיט יעדן ווינקל פון לימודי היהדות און אויך באַקאַנט אין וועלטלעכע שפּראַכן און וויסן. הרב אברהם יצחק בערל האָט באַקומען היתר־הוראה פון דעם גרויסן גאון ר׳ שמואל פירער, אב״ד פון קראַסנע. הגם אברהמעלע האָט נישט פאַרנומען קיין אָפּי־ציעלע פּאָזיציע אין שטאָט, זיינען אָבער אַלע ספיקות אין לערנען אַזוי גוט ווי אין הלכה געבראַכט געוואָרן צו אים פאַר זיין ענדגילטיקער אַנטשיידונג.

דער דאָמבראָווער גאון הרב ר׳ נחום ווידענפעלד ז״ל הי״ד, מחבר פון ספר שו״ת „חזון נחום״, פלעגט אָפט קומען קיין קאַלבסוב צו באַזוכן זיין טאָכטער, וועלכע איז געווען די פרוי פון ר׳ משה לאַנדאַ. די גרעסטע הנאה פון דאָמבראָווער גאון דורך דער צייט פון זיין אויפהאַלט אין קאַלבסוב, זיינען געווען זיינע תורה־שמועסן מיט מיין ברודער אברהמעלע. ער האָט זיך דורכגעשריבן מיט פיל גדולי הדור, מיט דעם ראָגאַטשאָווער גאון ר׳ יוסף

ראָזין, מחבר פון „צפנת פענח", מיט דעם קישינעווער רב, הרב י. ל. צירלסאָן און אַנדערע.

אַן ענטפער אויף אַן אָנפראַגע פון מיין ברודער אברהמעלע געפינט זיך אין ספר שו"ת „אמרי דוד", פון סטאַניסלאַווער רב הרב דוד הלוי איש הורוויץ (בילגוריי תרצ"ד, ניו־יאָרק תשכ"ו). די תשובה, סימן קצ"א עפנט זיך מיט די פאָלגנדיקע ווערטער:

„ב"ה ב' אמור, כ"ה למב"י תרפ"ח סטניסלאב.

לכבוד האברך הרב החריף ובקי טובא, סופר מהיר ונפלא, מו"ה אברהם בעריל נ"י בעיר קאָלבסוב יע"א.

מעשה ידי אצבעותיו המלאים זיו ומפיקים נוגה הגיעני לפני יום או יומים והן היום שמתי עיני על יקרתו מהחל עד כלה וראיתי אחרית דברו, כי עד מהרה ירוץ דברי תשובתי אליו, ע"ז אשיבהו מילין..."

ביים אָנהויב פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז הרב אברהם בעריל אַנטלאָפן קיין לעמבערג. פון דאָרט איז ער דורך די רוסן טראַנספּאָרטירט געוואָרן אין אַן אַרבעטס־לאַגער, וואו ער איז געווען געצוואונגען צו שניידן געהילץ אין די קאַלטע וועלדער לעבן פינלאַנד, און וואו ער האָט שטאַרק געהונגערט. מיט דער באַפרייאונג פון די פוילישע בירגער, איז ער אין סוף 1940 אָנגעקומען קיין טאַשקענט, סאַמאַרקאַנד, וואו ער האָט אָנגעהויבן צו לערנען תורה מיט קינדער פון די בוכאַרער יידן. אָבער ס'איז דאָרט אויסגע־בראָכן אַן עפּידעמיע פון טיפוס, און נאָך שווערער מי איז ער אַריינגענומען געוואָרן אין אַ שפּיטאָל, וואו ער איז געשטאָרבן אין כ"ד חשון תש"א, אין עלטער פון דרייסיק יאָר. די באַמיאונגען דורך הרב שלייפער פון מאָסקווע צו געפינען דעם קבר און צו שטעלן אַ מצבה האָבן נישט געבראַכט קיינע רעזול־טאַטן. יהי זכרו ברוך ותנצב"ה.

## קאָלבסוב אונטער פּוילן

צום סוף 1918, ווען פּוילן איז געוואָרן אַ זעלבסטשטענדיקע מדינה, האָט אייגנטלעך אין גאַליציע נישט באַדאַרפט פּאַרקומען קיין גרויסע ענדע־רונג אין דער באַציאונג פון די מלוכה־באַאַמטע לגבי די יידן, ווייל אויך אונטער עסטרייך זיינען די מערסטע באַאַמטע געווען פּאָלאַקן, און על־פּי־רוב זיינען זיי געבליבן אויף זייערע אַמטן. אין קאָלבסוב האָבן אָבער יידן גלייך דערפילט, אַז ס'איז פאַרט נישט גלייך ווי פריער אונטער עסטרייך. דוכט זיך, דער זעלבער באַאַמטער אין דער זעלבער קאַנצעלאַריע, רעדט ער איצט צום זעלבן באַקאַנטן ייד גאָר אַנדערש, מיט אַ נייעם לשון, פון אויבן אַראָפּ, מיט חוצפּה און אַמאָל מיט אָפענער שנאה און מיט בייזע וואָרנונגען און שוואַרצע נבואות.

אויפן פאָסטערונעק (פּאָליציייאישע סטאַנציע) איז יאָ פאָרגעקומען אַן ענדערונג: די פּוילישע מיליץ האָט פאַרביטן די „קייזער־קעניגלעכע זשאַנדאַרן". דעם קליינעם וואַכמייסטער, דעם אַנטיסעמיט הערמאַן האָט מען אַנט־וואָפנט, פון אים אַראָפּגעריסן אַלע קנעפּ און משלח געווען. אין אים האָבן יידן דערלעבט אַ שטיקל נקמה. גלייכצייטיק האָט מען אָבער געכאַפּט יידישע ייִנגלעך פון גאַס און פון בית־מדרש, און זיי געצוואונגען צו רייניקן דעם פּאָסטערונעק, און נישט נאָר די צימערן און דעם הויף נאָר אויך דעם בית־כסא. אייניקע יינגלעך און אַפילו עלטערע בחורים האָבן געקראָגן אויך אַ פּאָר בוכצעס און שמיץ. בקיצור, יידן האָבן אָנגעהויבן פילן אַן אומרואיקייט און אַן אומזיכערקייט.

דאָס דאָזיקע געפיל איז נישט געווען אומזיסט. באַלד זיינען אָנגעקומען ידיעות וועגן פּאָגראָמען אין לעמבערג און אין אַנדערע מקומות. און אָט האָט מען שוין אויך נאָענט צו קאָלבסוב, בלויז עטלעכע מייל ווייט, אין דאָרף ווידעלקע, געפונען הרוגים, דריי נפשות: מאַן און פרוי און קינד; אויך אין דאָרף רישענעוו, לעבן מיידאַן, האָט מען אַ יידישן שענקער דערשלאָגן אויף טויט, כלומרשט אין שפּאַס, צו זען וויפל קלעפּ אַ ייד קאָן אויסהאַלטן. ס'איז אַנטשטאַנען אַ בהלה אויף אַלע דאָרפס־יידן און אַ גרויסע צאָל פון זיי האָט זיך אַריינגעצויגן אין שטאָט איבערלאָזנדיק זייער האָב און גוטס אויף הפקר. אָבער אויך אין שטאָט איז די זיכערקייט געווען ווייט פון באַוואָרנט. כמעט יעדע נאַכט זיינען אויך אין שטאָט פאָרגעקומען גניבות, רויבערייען און איינברוכן.

די יידן האָבן דעמאָלט אָרגאַניזירט אַן אייגענע יידישע וואַרטע. יעדע נאַכט האָט אַ גאַנצע גרופּע יידן געהאַלטן וואַך, שפּאַצירנדיק איבערן מאַרק און אויף די גאַסן ביז ווייט אין די פריע שעה'ן. קלענערע אָפּטיילונגען זיינען געשיקט געוואָרן אין זייטיקע געסלעך און וואו ס'האָט זיך נאָר דערהערט אַ פאַרדעכטיקטער גערויש.

אויך די פאַרבינדונג פון קאָלבסוב מיט די אַרומיקע שטעט איז אין ווינטער פון 1918־1919 געווען כמעט ווי אָפּגעשניטן. ווייל אויפן וועג ביי די וועלדער איז מען כסדר באַפאַלן אַלע דורכפאָרער. ס'איז געווען אַ צייט ווען מען האָט מורא געהאַט איינצושטעלן דאָס לעבן אויף אַרויסצופאָרן; אַפילו די פּאָסט איז אָפּגעגאַנגען נאָר איינמאָל אין טאָג, גאַנץ פרי, און צוריקגעקומען ווען ס'איז נאָך געווען טאָג.

אַרום פּסח־צייט, ווען די טעג זיינען געוואָרן לענגער, האָט מען אַביסל פרייער אָפּגעאָטעמט. איז אָבער אונטערגעקומען דער חודש מאַי. דעם דריטן טאָג אין מאַי פלעגן די פּאָלאַקן אין גאַליציע פון אַ צייט פייערן מיט פּאַט־

ריאַטישע פאַרזאַמלונגען און מאַרשן ווי דעם קאָנסטיטוציע־טאָג, ווען זיי האָבן דערוואָרבן אונטער עסטרייך נאַציאָנאַלע און קולטורעלע אויטאָנאָמיע. דאָס מאָל האָבן זיי זיך געגרייט צו פייערן דעם טאָג גאָר אויף אַן אַנדער אופן... וואָכן פאַראויס איז דער סיים־דעפּוטאַט, דער גלח אָקאָן אַרומגעפאָרן איבער אַלע אַרומיקע שטעטלעך און דערפער, צו האַלטן העץ־רעדעס אַקעגן די יידן. אויך די אָרטיקע גלחים האָבן אין די קירכן יעדן זונטיק געבונטעוועט אַקעגן די יידן.

די יידן האָבן שוין אין אַפּריל געשפּירט די ערנסטע און אָנגעצויגענע אַטמאָספערע. האָבן זיי יעדן זונטיק, איידער די גויים האָבן געהאַלטן ביים אַרויסגיין פון קירכע, פאַרשפּאַרט די לאָדנס, טיר און טויער פון זייערע געשעפטן און היימען, און זיינען געזעסן שטיל איינגעהאַלטן אין שטוב אַפילו די נאָז נישט אַרויסצואווייזן אין גאַס.

## דער פּאָגראָם, 1919

דאָנערשטיק, מאַי 1. — יידן פאַרשטאַרקן זייער שתדלנות. דער ראש־הקהל, ר׳ שלמה זאָנטאַג לויפט צום סטאַראָסטע, אינפאָרמירט אים אַז מ׳ריכט זיך אויף אַ פּאָגראָם. ער בעט הילף. דער סטאַראָסטע באַרואיקט: ניין, ס׳וועלן נישט פאָרקומען קיין אומרוען.

שבת, מאַי 3. — מ׳דאַוונט בהשכמה. מ׳גייט שנעל אַהיים, נישט צו וואַרפן זיך אין די אויגן בעת דעם דריטן מאַי פּאַראַד; מ׳זיצט איינגעשלאָסן אין הויז דעם גאַנצן טאָג. אַ דאַנק השם־יתברך, דער שבת איז פאַריבער רואיק.

זונטיק, מאַי 4. — קליינע אינצידענטן: יידן ווערן באַגעגנט אין גאַס מיט אָנפאַלן און טרוקענע קלעפּ. עס קומען אָן מורא׳דיקע נאַכריכטן פון אַנדערע שטעט און שטעטלעך. אומאויפהערלעכע שמועות וועגן פינסטערע דערוואַר־טונגען פאַר קאָלבסוב. מ׳לויפט ווידער צום סטאַראָסטע; מ׳קלאַפּט דעפּעשעס קיין ריישע, קיין קראָקע, מ׳פאַרלאַנגט שוץ, מ׳פאָדערט מיליטער. ס׳שטעלט זיך אַרויס, אַז מ׳נויטיקט זיך אין מיליטער אויף אַנדערשוואו און ס׳איז נישטאָ גענוג...

מאָנטיק, מאַי 5. — אַ צוזאָג פון סטאַראָסטע, אַז ס׳וועט יאָ אָנקומען מיליטער.

צוויי אַזייגער נאָכמיטאָג. — אַ ידיעה פון מידאַן: דער יריד האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ פּאָגראָם.

זעקס פאַרנאַכט. — ס׳זאַמלען זיך קריסטן אין מאַרק. אַ באַנדע מיט שטעקנס און לערע זעק שטייט שוין גרייט אויפן עק מאַרק ביי קאַראָקע־וויטשן. פּלוצים אַ געלויף, די גאַנצע באַנדע טראָגט זיך אַריבער צום מערב־

דיקן צייל פון מאַרק ביי פּיניע הדסה׳ס רייך. ס׳הערן זיך די צעיושעטע געשרייען, מ׳ברעכט איין געשעפטן, מ׳ראַבעוועט. ס׳קומען אָן זשאַנדאַרן, ס׳געלינגט זיי צו צוטרייבן די ווילדע אָנפאַלער און צו פאַרמיידן וויטערע איינבּרוכן.

צוועלף מיטן נאַכט. — אַ רעש פון פאַרנדיקע וועגענער, ס׳איז אָנגעקומען אַן אָפּטיילונג סאָלדאַטן.

דינסטיק, מאַי 6. זיבן אינדערפרי. — דער עולם איז אָפּטימיסטיש, מ׳געווינט צוריק דאָס גלייכגעוויכט. מען האָפט אַז אַלץ וועט אַריבער בשלום. פּאַטרולן פון מיליטער זיינען צעשטעלט אויפן מאַרק, אויף אַלע קרייץ־וועגן און ביי אַלע בריקן. זיי פאַרהאַלטן די פויערישע פורן וואָס זיינען היינט גאָר ליידיק, באַפעלן די פויערים זיך אומקערן, ווייל ס׳וועט היינט נישט פאַרקומען דער יריד. יידן קומען אַרויס אויפן מאַרק, באַגריסן זיך און דערמוטיקן איינער דעם צווייטן. דער מאַרק ווערט אָבער ביסלעכוויז דאָך אָנגעפילט פון פויערים מיט שטעקנס און מיט ליידיקע פורן, וואָס זיינען אָפּנים צוגעגרייט נאָר אויף אַרויסצופירן וואָס ס׳וועט נאָר מעגלעך זיין. די פּאָליאַקן קומען אַריין דורך אַלערליי הינטער־וועגן. זיי שפּרינגען אויך אַריבער די טייכן ביי דער זייט פון די בריקן. אַנדערע זאַמלען זיך ביי די בריקן גופא; זיי ווילן זיך נישט אומקערן און בלייבן שטיין אויפן אָרט. פּלוצים נעמען זיי זיך שטופּן אַלע מיטאַמאָל אין אַ מאַסע אין דער ריכטונג פון די סאָלדאַטן. די סאָלדאַטן שיסן אין דער לופט, אָבער זיי קאָנען מער נישט האַלטן די ליניע. אַ טייל ווערט אַנטוואָפנט; אַנדערע דרייען זיך אויס און מישן זיך צונויף מיט דער יובלדיקער מאַסע...

וועגן די רעזולטאַטן פון דעם שוידערלעכן פּאָגראָם און זיין אויסווירקונג איז פאַראַן אַן אויפירלעכע באַשרייבונג אין דעם בוך.

## די יאָרן 1920—1921

ניט צו לאַנג האָט עס געצומען, און דער פּוילישער רעגירונג איז געלונגען צו איינשטילן די אויפגעהעצטע פויערשע באַפעלקערונג. איינעם פון די רוצחים האָט מען אויפגעהאָנגען עפנטלעך אויף אַ תליה; עטלעכע האָט מען פאַראורטיילט צו תפיסה. מ׳האָט אויך אין מיטן נאַכט פאַר אַ צייט פון אַ דריי־פיר וואָכן געמאַכט רעוויזיעס אין פאַרשידענע דערפער, אָבער געפונען האָט מען בלויז אַ קליין ביסל פון די אָנגערויבטע זאַכן.

דורך דער צייט פון די מלחמה־יאָרן 1918—1914, זיינען אין קאָלבסוב כמעט נישט פאַרגעקומען קיין חתונות. מ׳האָט אַלץ אָפּגעוואַרט, אָפּגעלייגט

און געהאַפּט אויף נאָך דער מלחמה. איצט האָט מען זיך איבערצייגט, אַז ס׳האָט מער נישט קיין זין צו צעגערן — „עולם כמנהגו נוהג״, די וועלט בלייבט וועלט; די מיידלעך קענען נאָך חלילה בלייבן פאַרזעסן. אָנגעהויבן האָבן די חסידישע רביים און דאָס פאָלק האָט נאָכגעפאָלגט. מ׳האָט געטאָן שידוכים, געשריבן תנאים און געפּראַוועט חתונות — אָבער נישט מער מיט אַזאַ גרויסן פּאָמפּ און קוראַזש ווי אַמאָל. מ׳איז געוואָרן איינגעהאַלטן. חופּות האָט מען מער נישט געשטעלט אין מיטן מאַרק, נאָר פאַר דער שול אָדער גאָר אינע־ווייניק, אין הויז. מ׳איז זיך אויך באַגאַנגען אָן אַ בדחן, אַ „מאַרשאַליק״ פון טאַרנע אָדער קראָקע, און די אָרעם־סעודה האָט מען רעדוצירט בלויז צום פאַרטיילן ברויט צו די אָרעמעלייט. מ׳האָט אויך באַשרענקט די צאָל איינגעלאַ־דענע געסט.

די באַריכטן אין דער אַמעריקאַנער יידישער פּרעסע וועגן די פּאָגראָמען אין קאָלבסוב האָבן ביי קאָלבסובער לאַנדסלייט אויפגעוועקט זייערע משפּחה־געפילן. טאַטע־מאַמע און שוועסטער־ברידער אין קאָלבסוב האָבן אָנגעהויבן קריגן „אַפידעיוויטס״, געלט און שיפסקאַרטן מיט אויפפאָדערונגען צו קומען קיין אַמעריקע. ס׳זיינען אויך אָנגעקומען קיין קאָלבסוב אַמעריקאַנער „דעלע־גאַטן״, די ברידער ישראל און אליה בלוי, וועלכע האָבן געבראַכט אַ לעבעדיקן גרוס פון משפּחות אין אַמעריקע און אויך געהאָלפן געוויסע מענטשן דורכ־פירן די נויטיקע פאָרמאַליטעטן פאַר עמיגראַציע.

האָט אין קאָלבסוב אָנגעהויבן צו גיין די פּרשה פון „אלה מסעי בני ישראל״ — אַלע פאָרן. ס׳פאָרט דער רב, ס׳פאָרט דער שוחט, ס׳פאָרן בעלי־בתים, ס׳פאָרן יונגע און ס׳פאָרן אַלטע, גאַנצע משפּחות און איינצלנע יחידים. מ׳פאַרקויפט הייזער, מ׳ליגט אָפּ וואָכן אין וואַרשע, וואַרטנדיק אויף אַ וויזע. ווייניקסטנס כאַפּט מען זיך אַריבער קיין דייטשלאַנד, אַבי געפאָרן.

דאָס זיינען געווען די יאָרן פון אַ גרויסער יידישער עמיגראַציע קיין אַמעריקע, האָבן זיך דעריבער קאָלבסובער יידן אָנגעשטויסן אויף שוועריקייטן צו געפינען פּלאַץ אויף די שיפן און האָבן זיך געמוזט וואַלגערן טעג און וואָכן אין פּאַריז, האַווער און שערבורג. פונדעסטוועגן האָבן זיך אין ניו־יאָרק יעדע וואָך באַוויזן קאָלבסובער „פּנים־חדשות״, פריש געקומענע געשטאַלטן, און וואָס אַ זונטיק ווייטער, איז אַלץ מער אויסגעוואַקסן דער קאָלבסובער קרייז אין „עפנטלעכן זאַמלפּלאַץ״ אויף די ניו־יאָרקער גאַסן, ריווינגטאָן סטריט ביי קאָ־לאָמביאַ סטריט. לאַנדסלייט האָבן לעבעדיק באַגריסט איינער דעם צווייטן און פאַרמירט גרופּן־רעדלעך, וואו מ׳האָט אַרומגערעדט די לעצטע נייעסן אויף אַ היימישן שטייגער, אַזוי ווי אויפן קאָלבסובער מאַרק אָדער אין קאָלבסובער גרויסן בית־מדרש נאָך מנחה־מעריב.

## קאָלבסובער רב אין אַמעריקע

צווישן די ערשטע נייע עמיגראַנטן אָנצוקומען פון קאָלבסוב קיין אַמעריקע, איז געווען מו״ר הרב ר׳ אריה לייבוש טייטלבוים, וועמען די קאָלבסובער לאַנדסלייט האָבן אויפגענומען מיט גרויס כבוד. פאַר אַ צייט איז ער געווען רב אין דער קאָלבסובער שול אין ניו־יאָרק אויף דער פינפטער סטריט. ער האָט אויך באַזוכט זיינע לאַנדסלייט איבער דער לענג און ברייט פון די פאַראייניקטע שטאַטן און געבראַכט גריסן פון משפחות. מיט זיין דאַווענען און זיינע דרשות האָט ער אויפגעפרישט זכרונות פון דער אַלטער היים און דערמוטיקט הילפס־טעטיקייט לטובת קרובים אין קאָלבסוב.

דער קאָלבסובער רב האָט דאָ אָרגאַניזירט די חסידישע חברה קהל־יראים אין דער בראָנקס, וועלכע ווערט ביז היינט אָנגעפירט פון זיין זון הרב אלכסנדר טייטלבוים שליט״א.

אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז מיין רבי הרב אריה לייבוש טייטלבוים געווען שטאַרק באַזאָרגט וועגן דעם גורל פון קאָלב־סוב, אָבער כלפי־חוץ האָט ער אַרויסגעוויזן התחזקות און רואיקייט. ווען אָבער ס׳זיינען געוואָרן אָפּגעשניטן אַלע פאַרבינדונגען מיט דער היימשטאָט און ווען היטלער ימ״ש איז געגאַנגען פון זיג צו זיג, האָט דעם קאָלבסובער רב׳ס האַרץ מער נישט אויסגעהאַלטן. ער איז נפטר געוואָרן כ״ט שבט, תש״א (מיטוואָך, פעברואַר 26, 1941) אין עלטער פון 54 יאָר, און געקומען צו קבורה אויפן בית־עלמין פון דער קאָלבסובער שול „קאָלבושאָווער טייטלבוים מחנה ראובן״, וואָס געפינט זיך אויף מאַונט חברון בית־הקברות. תנצב״ה.

איך דערלויב זיך דאָ איבערצוגעבן אַ קורצן דבר־תורה, וואָס איך האָב געהערט פון אים און וואָס שטרייכט אונטער זיין קוק אויף דעם אַמעריקאַנער יידנטום. זאָל דאָס אויך זיין לעילוי נשמתו:

דער פסוק זאָגט: „החיים והמות נתתי לפניך הברכה והקללה, ובחרת בחיים, למען תחיה אתה וזרעך״ (לעבן און טויט האָב איך געלייגט פאַר אייך, אַ ברכה און אַ קללה, דערפאַר זאָלסטו אויסוויילן דאָס לעבן, כדי זאָלסט לעבן דו און דיין זאָמען. — דברים ל, יט). רש״י דערקלערט: אַזוי ווי אַ פאָטער מערקט אָן צו זיין קינד, זע־נאַר, נעם, דאָס איז דער שיינער חלק. אָבער די קשיא בלייבט, ווער ווייסט דאָס נישט, אַז לעבן איז בעסער ווי טויט?

נאָר דאָ איז די פראַגע וועגן אָפּהיטן יידישקייט און עס איינפלאַנצן אין קינדער.

די גמרא (ברכות ה.) גיט דריי עצות אויף צו באַקעמפן דעם יצר־הרע. צום ערשטן „יעסוק בתורה״ — לערנען תורה. אויב דאָס העלפט נישט, „יקרא קריאת־שמע״ — לייענען קריאת־שמע. אויב קריאת־שמע איז אויך נישט ווירקזאַם, „יזכיר לו יום המיתה״ — דערמאָנען דעם טאָג פון שטאַרבן.

קאָן מען דאָ פרעגן: אויב „יום המיתה״ איז אַזאַ זיכערער און עפעקטיווער מיטל, וואָס דאַרף מען זיך אַרומשפּילן מיט די ערשטע צוויי? זאָל מען גלייך באַנוצן אָט דעם מיטל און דערמאָנען דעם טאָג פון טויט!

דער ענטפער איז, ניין: יום המיתה — די טויטע אַמעריקאַנער יידישקייט פון קדיש, יאָרצייט און זאָגן יזכור קאָן נישט אויפציען לעבעדיקע יידישע דורות. מ׳מוז זיך באַנוצן מיט „יעסוק בתורה" — שיקן קינדער לערנען תורה, „יקרא ק״ש" — לייגן תפילין און גיין דאַוונען יעדן טאָג. אַ לעבעדיק יידישקייט — „ובחרת בחיים" — דעמאָלט וועט עס איבערגיין צו דיינע קינדער — „למען תחיה אתה וזרעך..."

אין דעם שטראָם פון דער קאָלבסובער עמיגראַציע קיין אַמעריקע, איז אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק די אָנגעזעענע פאַמיליע פון ר׳ יאַנקל שוחט (ר׳ יעקב בעק). די מערסטע פון זיי זיינען אָבער לײדער צוריקגעפאָרן קיין קאָלבסוב. געבליבן אין ניו־יאָרק איז ר׳ יאַנקל שוחטס איידעם, הרב ר׳ יעקב יצחק פלאַנצגראָבן ז״ל, וועלכער האָט געשטאַמט פון קליין־ראַדאָמישל, איז דאָרט געווען אַ תלמיד פון דעם גאון ר׳ שמואל ענגעל, און דאָ אין ניו־יאָרק איז ער געוואָרן איינער פון די הויפּט ראשי־ישיבה אין דער ישיבה רבינו שלמה קלוגער. אין דער ישיבה האָט ר׳ יאַנקעלע אויפגעשטעלט הונדערטער תלמידים און מרביץ תורה געווען אין משך פון קנאַפּע פופציק יאָר.

הרב ר׳ יאַנקעלע פלאַנצגראָבן ז״ל איז געווען דער מחבר פון פיר זייער נוצלעכע ספרים, דאָס זיינען די דריי חלקים „בית יעקב" (תש״ט, תשי״ב און תשכ״א) לויטן סדר פון א״ב, צו דערקלערן וועלכע זאַכן זיינען אַ חיוב מן התורה און וועלכע מדרבנן, און דאָס ספר „עולת שבת" חלק א׳ (תשכ״ה), וועגן די מלאכות פון שבת, דאורייתא און דרבנן.

אין ערשטן חלק פון ספר „בית יעקב", ברענגט דער מחבר אַ תורה־חידוש פון זיין שוואָגער מו״ה יוסף בעק, ר׳ יאָשע שוחט, וועלכער איז אַ צייט געווען קאָלבסובער שוחט און שפּעטער איז ער געווען שוחט אין מעליץ, וואו ער איז אומגעקומען אויף קידוש־השם ערב ראש־השנה תרצ״ט, ווען די נאַציס ימ״ש האָבן אונטערגעצונדן דאָס מעליצער באָד, תנצב״ה והי״ד.

## פון די ערשטער צוואַנציקער יאָרן ביז די לעצטע דרייסיקער יאָרן

דער אַמעריקאַנער קוואָטע סיסטעם האָט כמעט ווי אָפּגעשלאָסן די עמיגראַציע פון קאָלבסובער יידן קיין אַמעריקע. ביסלעכוויז האָבן זיך די יידן אַריינגעוואָרפן מיט ענערגיע אין צוויי ריכטונגען, וואָס לפנים שיינען זיי צו זיין קעגנגעזעצט. ערשטנס, האָט מען זיך גענומען דערלערנען די פּוילישע שפּראַך און קולטור און איינקלאַמערן זיך אין דער עקאָנאָמיע, אינדוסטריע און האַנדל פון לאַנד, פּרובירנדיק דערביי אַרומצוגיין אַרום די נייע באַשרענקונגען און גזירות אַקעגן יידן. פון דער צווייטער זייט, האָט מען גענומען פאַרשטאַרקן און פאַרטיפן דאָס יידישע קהלשע לעבן און די יידישע דערציאונג

דורך אָרגאַניזירן פּאַרטיי־קלובן און פּאַראיינען, דורך גרינדן שולן פּאַר מיידלעך און דורך באַפּעסטיקן דעם לימוד התורה אין דער ישיבה. יידן האָבן אויך גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל הן אין נאַציאָנאַלע, הן אין לאָקאַלע וואַלן.

אַזוי זיינען אַנטשטאַנען אין קאַלבסוב אָפּטיילונגען פון אַלע יידישע פּאָליטישע און ציוניסטישע פּאַרטייען פון עקסטרעם רעכטס ביז לינקס: אגודת ישראל, צעירי־אגודה, „השחר" (יונגעלייט) און „שולמית" (מיידלעך) — אַלגע־מיינע ציוניסטן, „ברית־הצוהר" און „ביתר" פון די רעוויזיאָניסטן און „התאח־דות" — פועלי־ציון. אַ געוויסע צייט האָט אויך פונקציאָנירט אַ „תרבות" שולע; גאָר דערפּאָלגרייך איז געווען די בית־יעקב שולע פּאַר מיידלעך. דער „הזמיר" אָרקעסטער, וואָס איז באַשטאַנען פון 32 מוזיקאַלישע אינסטרומענטן, האָט געהאַט גרויס אָנערקענונג ביי יידן צוגלייך ווי ביי ניט־יידן; די שפּילער האָבן אָנטייל גענומען אין 3־טן מאַי פּאַראַד און געמאַרשירט צוזאַמען מיטן „סאָקאָל", דער נאַציאָנאַלער פּוילישער ספּאָרט־קלוב.

## די בית־יעקב שולע

די בית־יעקב שולע איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1932־1931, דורך דער איניציאַטיווע פון דער צעירי־אגודת־ישראל. ס'האָבן זיך אין דעם באַ־טייליקט ר' משה לאַנדאָ, ר' שלום שעהר, איידעם פון ר' פישל זאַלץ (דער מאַדינער סופר), שלום מיהלשטיין, אלימלך און ישעיה גראַבשריפט. פּאָרזיצער איז געווען ר' משה לאַנדאָ און סעקרעטאַר איז געווען אלימלך גראַבשריפט, אָבער דער רוח־החיה, דער וואָס האָט אַריינגעטראָגן גייסט און אינספּיראַציע און כסדר סטימולירט די אַרבעט פּאַר חינוך־הבנות איז געווען ר' שלום שעהר, ביי וועמען ס'איז געבוירן געוואָרן אַ טאָכטער 20 יאָר נאָך דער חתונה.

לויט דער אינפאָרמאַציע, וואָס ס'איז איבערגעגעבן געוואָרן פון שרה'־טשע גראַבשריפט־מינצער, איז די בית־יעקב באַשטאַנען פון זיבן קלאַסן. אָנגעהויבן האָט מען מיט 33 מיידלעך, און דערגרייכט ביז איבער 100. ס'האָבן דאָרט געשיקט זייערע טעכטער אַלע קאַטעגאָריעס יידן, פון די אולטראַ־רעכטע קאָלעשיצער חסידים ביז צו די גאָר פרייע און לינקע. דער פּראָגראַם פון לימודים איז געווען אַ פילזייטיקער. ער האָט אַנטהאַלטן דאָס לערנען פון חומש, נ"ך, יידישע געשיכטע, שרייבן יידיש און „דעת". „דעת" — יידישער באַוואוסטזיין, האָט אַריינגענומען אויך דינים און מנהגים. די ערשטע לערערין איז געווען מינדל ראָט פון בזשאָזעוו; די צווייטע — אסתר לייפשטיין פון קראָקע און די דריטע — שרה בלוט פון דזשיקעוו. די לערערינס האָבן באַקומען קאָסט און קוואַרטיר און אַ 100 זלאָטעס שכירות. שכר לימוד

האָט מען געצאָלט יעדער לויט זיין יכולת. דער חודש'לעכער בודזשעט האָט באַטראָפן אַריבער 200 זלאָטעס.

אין די ענגע צייטן פון סוף יאָר תרצ"ז (1937), האָט זיך די בית־יעקב שולע געווענדעט צו הרב ד"ר אליה יאַנג, אַ פירער פון דער אגודת ישראל אין אַמעריקע, מיט אַ האַרצרייסנדיקן וויי־געשריי נאָך הילף. דער הילפס־רוף, געשריבן אין העברעאיש פון סעקרעטאַר אלימלך גראַבשריפט ז"ל, שלאָגט אָן זייער אַ פּאַטעטישן טאָן.
ער שרייבט:

„...לאחרונה הצרות מתגברות בעירנו מיום ליום מחמת צוק העתים מזרמים החדשים האנטישמיים השוררים פה. כבר כלו כל הכיסין, בא מוסדנו עד משבר, וכוח להחזיקו אין, כי נתחייבנו כבר חוב של איזה מאות זהובים... וסכנת הירוס המוסד הזה הנצרך בעירנו ממש כנשמה לגוף מרחפת בכל תקפה.

וזאת ידווה לכל איש חרד לדבר ד' יותר מכל מהלומות שונאינו. כי (אם) במצב כה שפל שנמצאים כאן אוכלסי היהודים, בתקופה של 'הבה נתחכמה', כל־מחשבותם עלינו רק למרר את חיינו, לכרות אוכל מפינו, בחיים אי־בטוחים מדאגת מה יולד יום? ד' ירחם! זה הוא על־כל־פנים לנוחם ליהודי המאמין, אם צאצאיו הולכים בעקבותיו עקבי־התורה, וברכוש זה ילעג על כל מחרפיו, בהכרתו הברורה שהעתיד רק לנו נשקף.

איך יכאב עליו לבו, אם יהרס חס־ושלום המוסד הקדוש הזה, ותוגזלנה בנותיו ממנו, הסגולה הזאת היקרה אצלו מפז ומפנינים..."

---

די שענדלעך באַרימטע „גראַבסקי שטייערן" אין די צוואַנציקער יאָרן און די שפּעטערע נגישות פון די פּוילישע עקאָנאָמישע גזירות, האָבן באַ־שווערט דעם צושטאַנד פון די יידישע סוחרים אין קאָלבסוב. זיינען אַ טייל ציוניסטיש געשטימטע יונגעלייט געקומען צום באַשלוס עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל. אָבער דאָס זיינען געווען נאָר יחידים ווי אייזיק שפּילמאַן, יחזקאל־מענדל דערשאָוויץ און נאָך עטלעכע. צוליב דער באַשרענקונג פון עליה־סער־טיפיקאַטן זיינען די מערסטע געבליבן אין קאָלבסוב, אין דער פּוילישער „פּאַסטקע".

## ר' יחיאליש טייטלבוים ווערט רב

אַזוי ווי מו"ר הרב אריה־לייבוש טייטלבוים האָט צום סוף פון יאָר 1920 עמיגרירט פון קאָלבסוב קיין אַמעריקע, איז זיין פאָטער ר' יחיאל טייטל־בוים אָנגעקומען פון אונגאַרן און איבערגענומען דאָס רבנות אין קאָלבסוב. ביי יענער צייט איז שוין נישט געווען קיין ערנסטער ווידערשטאַנד. ר' יחיאליש האָט זיך באַפעסטיקט אויפן רבנות און ס'איז שוין געווען שאַ־שטיל, אין פוצה פה...

אַרום 1927 זיינען אַוועק פון קאָלבסוב די שוחטים ר׳ יאָשע בעק און ר׳ אַנשיל כ״ץ, האָט קהל מיט דער הסכמה פון רב אויפגענומען נייע צוויי שוחטים. איינער איז געווען ר׳ חנוך־העניך־הענדל, אַ תלמיד־חכם און בעלזער חסיד. דער צווייטער איז געווען מיין שוואָגער, דער מאַן פון מיין עלטערע שוועסטער, די מלומדת ליבע־רבקה. דער שוואָגער האָט געהייסן שמשון־הירש גראָספאַטער. ער האָט געשטאַמט פון דריי דורות שוחטים, תלמידי חכמים, אין סטוטשין. ר׳ שמשון שוחט איז געווען אַ תלמיד־חכם, אַ שיינער דאַוונער, אַ מזג־טוב, אַ גוטער, אַן ערלעכער און געגעבן צדקה מיט אַן אָפענער האַנט. שמשון און ליבע־רבקה האָבן געהאַט זעקס קינדער, פיר זין און צוויי טעכ־טער. די עלטסטע טאָכטער איז געווען חיה׳טשע. דער עלטסטער זון מאָטעלע האָט מיר אַמאָל געשריבן אַ בריוו אין ענגליש; ער איז געווען אַן עילוי אַריינ־געראָטן אין מיין ברודער אברהמעלע. מיין שוועסטער ליבע־רבקה איז גע־שטאָרבן אין געטאָ ד׳ חשוון ת״ש (אָקטאָבער 17, 1939). איר מאַן שמשון מיט די קינדער זיינען אומגעקומען אין בעלזשעץ, תנצב״ה והי״ד.

## אַ מיניאַטור מחלוקה

ווינטער 1928־1929 איז ווידער אַנטשטאַנען אַ שטיקל מחלוקה אין שטעטל. די מעשה איז אַזוי געווען. נאָכדעם ווי ר׳ אשר׳ל רובין איז נפטר געוואָרן, איז אין קאָלבסוב געבליבן זיין איידעם ר׳ מענדעלע רובין, אַן אור־אייניקל פון ר׳ מענדעלע גלאָגאָווער. אין ניו־יאָרק האָט זיך געפונען אַן אייער־סוחר מיטן נאָמען ליבוש בערל (פון אונדזער משפחה, מיין פאָטערס אַ קוזין). ליבוש בערל פלעגט שיקן חודש׳לעך צו ר׳ מענדעלע רובין אַ סטיפּענדיע פון 25 דאָלער, און אויף יעדן יום־טוב 50 דאָלער. אין 1929, נאָכדעם ווי ליבוש בערל איז געשטאָרבן, איז די אונטערשטיצונג געוואָרן אָפּגעשטעלט און ר׳ מענ־דעלע איז געבליבן אָן פרנסה. איז ר׳ מענדעלע אַרויסגעפאָרן קיין קראָס צו ר׳ שמואל פירער און פון אים געקראָגן הורמנא אויף איסור והיתר. אָנגעפירט מיט קהל האָט דעמאָלט דער דזשיקעווער חסיד ר׳ שלמה נוסבוים. צוזאַמען מיט אַ צאָל בעלי־בתים האָט דער ראש־הקהל מיט רוב דעות, אָן דער צושטימונג פון רב, אויפגענומען ר׳ מענדעלע רובין פאַר דיין.

דער קאָלבסובער רב ר׳ יחיאליש טייטלבוים האָט דאָס נישט פאַר־שוויגן. ער האָט אַלאַרמירט דעם קראָקעווער רב ר׳ יוסף־נחמיה קאָרניצער מיט זיין בית־דין, ר׳ שמואל ענגעל פון ראַדאָמישלע און אויך דעם מסמיך ר׳ שמואל פירער, אַז בכן ר׳ מענדעלע רובין איז אים משיג גבול. די אַלע רבנים האָבן אַרויסגעגעבן אַן איסור אויף ר׳ מענדעלע רובינס הוראה, אַזוי

לאַנג ווי ס׳וועט ניט פאָרקומען אַ דין־תורה. אַ דין־תורה איז געהאַלטן געוואָרן אין לעמבערג ביים פּראָבוזנער רב ר׳ אברהם יעקב הלוי הורוויץ מיט דער באַטייליקונג פון די בוררים: דער לאַבאָווער רב ר׳ שמואל אהרן מיללער פון רב׳ס צד, און דער פּרעמישלער דיין ר׳ יהושע ווידערקעהר פון ר׳ מענדעלע רובינס צד.

דער פּסק־דין איז געווען אַ פּשר, אַ קאָמפּראָמיס. די פּונקטן פון פּסק־דין לויטן: א) הרב ר׳ יחיאל טייטלבוים בלייבט ביי זיין חזקה אויפן רבנות, פאַר זיך און פאַר זיינע קינדער נאָך אים. ב) דער רב איז מסכים, אַז ר׳ מענדעלע רובין זאָל בלייבן דיין, מיט דעם באַדינג ער זאָל זיך נישט לאָזן אויפרופן „מורה־מורנו״... אָן דעם רב׳ס רשות טאָר ער נישט זיין סנדק אָדער מסדר קידושין... אויך טאָר ער זיך נישט רופן ראב״ד ראש־אב־בית־דין) נאָר מו״ץ (מורה צדק). ג) ר׳ מענדעלע באַדאַרף ברענגען אויפסניי אַ הורמנא... אויב ס׳וועט אַנטשטיין אַ פראַגע פון וועמען זאָל זיין די התרת־הוראה, זאָל דאָס אַנטשיידן ווערן פון בעלזער אָדער אַטיניער רבין שליט״א. ד) אויב ס׳וועט זיך אַרויסווייזן, אַז ר׳ מענדעלע היט ניט אָפּ די אויבנדערמאָנטע פּונקטן, פאַרלירט ער זיין רעכט אויפן דיינות. ה) אין כלל־זאַכן, ווי צום ביישפּיל, וועגן שוחטים, מקווה, קצבים, האָט זיך ר׳ מענדעלע נישט אַריינצומישן אָן דעם רב׳ס וויסן. אויך דין־תורות טאָר ר׳ מענדעלע ביי זיך אין הויז ניט אויפנעמען, אָבער דער רב באַדאַרף אים מצרף זיין צום בית־דין ווען ס׳קומט פאַר אַ דין־תורה, און דאָס פּסק־געלט זאָל צעטיילט ווערן 60 פּראָצענט פאַרן רב און 40 פאַר ר׳ מענדעלען. דער פּסק־דין איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין לעמבערג, ד׳ וירא, תר״ץ (נאָוועמבער 20, 1929).

אַזוי אַרום איז ווידער געוואָרן שלום ושלווה אין קאָלבסוב, ביז ס׳איז אונטערגעקומען די רוגזה פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

די ערשטע אומגליקלעכע יידישע פּליטים, די זבאָנשינער יידן, די אָנזאָגערס פון דעם קומענדיקן גרויסן בראָך, האָבן אויך אויף קאָלבסוב אָנגעוואָרפן אַ פּחד פאַר היטלאַזיקייט. דעריבער זיינען וויניק קאָלבסובער יידן אַנטלאָפן. אַפילו אונטער די ערגסטע אומשטענדן האָבן זיי מורא געהאַט זיך צו רירן פון אָרט. אַזוי זיינען די מערסטע געבליבן אונטער די נאַציס ימ״ש ביז צום אומקום. ה׳ ינקום דמם.

## אַ שלום־וואָרט

די טעמע „קהילה קדושה קאָלבסוב״ איז נאָך ווייט פון צו זיין אויסגעשעפּט. מיר האָבן זיכער פאַרפעלט צו באַשרייבן פיל חשובע פּערזענלעכקייטן און דערמאָנען וויכטיקע מאָמענטן אין איר געשיכטע. אָבער די צייט און די

כוחות זיינען באַשרענקט. בלייבט צו האָפן אַז ס׳וועט זיך נאָך געפינען עמיצער וואָס וועט דערגענצן דאָס פאַרפעלטע.

איך האָב זיך באַמיט צו זיין אָביעקטיוו און האָב אַרויסגעהויבן די פּאָזיטיווע זייטן. אויב איך האָב עפּעס פאַרזען, עמיצן נישט אָפּגעשאַצט ווי געהעריק, אָדער חלילה אונטערגעשאַצט אָדער באַליידיקט, איז עס ניט געווען במתכוון און איך בעט אַנטשולדיקונג.

טייערע, אמת׳ע, האַרציקע יידן זיינען געווען די יידן אין קאָלבסוב. זיי זיינען געווען אַן אָרגאַנישער טייל פון גאַליציאַנער יידנטום, וואָס איז אומ־ברחמנות׳דיק אונטערגעהאַקט געוואָרן פון דער אכזריות׳דיקער נאַצישער האַק. זכר כולם לברכה, לחיי העולם הבא.



דער קאָלבושאָווער רב, ר׳ יחיאל טייטלבוים זצ״ל, פאָטאָגראַפירט פון די נאַצישע רוצחים


דער שמש — יאָסעלע דעם רב׳ס


הרב מענדעלע רובין, קאָלבושאָווער דיין


דעם רב׳ס טעכטער


דעם רב׳ס הויז

הרב ד"ר חיים יהודה בערל

# ר' אברהם יהושע העשיל, דער אוהב ישראל, רב אין קאָלבסוב (קאָלבושאָוו)

ווען דער צדיק ר' משה פון סאַווראַן, אַ תלמיד פון ר' לוי יצחק פון באַרדיטשעוו, איז אַמאָל געקומען צום רבין ר' אלימלך פון ליזשענסק, האָט ער דאָרט באַגעגנט דעם שפּעטערדיקן אַפּטער רב. איז ער אים זייער געפעלן געוואָרן. האָט ר' משה געפרעגט דעם רבין ר' אלימלך: ווער איז דאָס אָט דער שיין געקליידעטער מאַן? האָט אים דער רבי ר' אלימלך געענטפערט: דאָס איז ר' אברהם־יהושע־העשיל — כשמו, כן תהילתו — ער איז גוטהאַרציק ווי אברהם אבינו, וואָס זיין מידה איז געווען מידת ה„חסד"; ער איז שיין און אימפּאָזאַנט ווי אַ פּרינץ אַזוי ווי עס איז געווען יהושע, ער איז אויך אַ געוואַלדיקער חריף ווי זיין זיידע דער רבי ר' העשיל פון קראָקע.

דער אַפּטער רב (1755 — 1825) איז געווען רב אין קאָלבסוב [קאָל־בושאָוו], אַפּט, יאַס און מעזיבוזש, די פיר שטעט וואָס זייערע ראשי־תיבות שטעלן צונויף דאָס וואָרט „קאים". פלעגט מען דעריבער זאָגן: ווען משיח וועט קומען, וועט ער קודם־כל קומען אין אָט די פיר שטעט, ווייל אויף דעם פסוק: „ה' ימלוך לעולם ועד" (שמות טו, יח) מאַכט דער תרגום אונקלוס: „ה' מלכותיה קאים..."

גערופן האָט זיך ר' אברהם יהושע העשיל כל־ימיו „דער אַפּטער", אויף דעם נאָמען פון זיין צווייטער רבנות שטעלע, ווייל צום מערסטן נחת האָט ער דאָרט געהאַט, און ביים פאַרלאָזן אַפּט האָט ער צוגעזאָגט, אַז הגם ער פאָרט איבערנעמען דאָס רבנות אין יאַס (רומעניע), בלייבט ער דאָך ביים נאָמען „אַפּטער רב". פון זיין ערשטן רבנות, פון קאָלבסוב, האָט דער אַפּטער קיין גרויס נחת נישט געהאַט, ווי מיר וועלן ווייטער זען.

נאָכדעם ווי ס'זענען נפטר געוואָרן די תלמידים פון דעם גרויסן מגיד, דעם רבין ר' בער פון מעזריטש זצ"ל, איז דער אַפּטער פאַרעכנט געווען ווי די גרעסטע פּירענדיקע פּערזענלעכקייט אין דער חסידישער וועלט. ער איז געווען דער גרויסער חכם, דער אויסערגעוויינלעכער עניו און אוהב ישראל ווי מען פלעגט אים מיט ליבע אָנרופן (לויט דעם אויפשריפט אויף זיין מצבה ווי אויך לויט דעם נאָמען פון זיין ספר). דער אַפּטער איז געווען

דער ראש־המדברים — דער פירשפּרעכער ביי אַלע גרויסע אסיפות און דער אויסגלייכער פון אַלע סכסוכים און חילוקי־דעות צווישן די פאַרשיידענע שיטות אין חסידות, ווי אַשטייגער, חב״ד, פּשיסכע און בראַצלאוו, בעת עס האָט שוין געהאַלטן כמעט ביי חרמות.

## קאָלבסובער ראש הקהל נעמט דעם אָפּטער אויף פאַרהער

נאָענט צום סוף פון אַכצנטן יאָרהונדערט איז קאָלבסוב פאַר אַ געוויסע צייט געבליבן אָן אַ רב. האָט זיך קהל פאַרזאַמלט און באַשלאָסן אויפצונעמען אַ נייעם רב. באַלד איז באַקאַנט געוואָרן אויף דער וועלט, אַז קאָלבסוב [קאָלבושאָוו] זוכט אַ רב, אַ גדול אין תורה און אין יראה. האָבן זיך אָנגע־הויבן צו יאָווען רבנים פון נאָענט און ווייט. יעדער איינער פון זיי האָט זיך געהאַלטן ראוי און פּאַסיק צו באַקליידן דאָס רבנות אין קאָלבסוב.

אָבער קומענדיק אין שטאָט האָבן זיי זיך דערוואוסט וועגן דער אַלטער תקנה פון ימים קדמונים וואָס האָט זיך געפונען אין אַלטן פינקס פון דער קהילה, אַזוי צו זאָגן:

„לא ישב שום רב, מורה ודיין על כסא כבוד מרום מראשון, כסא הרבנות, עד אשר יראה את פני העדה, הלא הוא האלוף הפּרנס אשר יהיה בימים ההם. טרם ידרוש הרב את הדרשה, ישבות אצל ראש הקהילה; שניהם ישבו וישפכו שיח סוד חכמים ונבונים, ודברי תורה לבבות קונים. ואם יעמוד הרב בנסיונות, ודבריו דברי חכמים כדרבונות, יעלה מעלה מעלה, ישב על כסא ויענה על כל שאלה ושאלה".

אויף מאַמע־לשון מיינט דאָס: קיין שום רב, מורה הוראה און דיין זאָל זיך נישט זעצן אויפן כסא הרבנות ביז ער וועט זען דעם פאָרשטייער פון דער קהילה, ד״ה דעם פּרנס פון זיין צייט. איידער דער רב וועט זאָגן זיין דרשה, זאָל ער האַלטן שבת ביים ראש הקהל; ביידע זאָלן זיצן און פאַר־ברענגען אין שמועסן אין חכמה און אין תורה. ווען דער רב אויסהאַלטן דעם פּרואוו, און זיינע רייד וועלן געפעלן ווערן, וועט ער שטייגן גאָר הויך, פאַר־נעמען דעם שטול פון רבנות און זיין באַרעכטיקט צו פּסקענען אַלע שאלות.

הערנדיק די אַלטע תקנה האָבן די קאַנדידאַטן זיך געזאָגט: מילא, אַ תקנה פון קדמונים מוז מען ריכטיק אָפּהיטן; זיכער זיינען געווען וויכטיקע סיבות און טעמים אָנצונעמען אַזאַ תקנה.

ווען עס איז געקומען אַ רב אין שטאָט, איז ער גלייך אַוועק ערב שבת צום ראש הקהל צו האַלטן ביי אים שבת. דער ראש הקהל האָט דעם רב שיין אויפגענומען, האָט אים אָפּגעגעבן אַ באַזונדער חדר מיט אַ טיש, אַ

בעט, אַ לאָמפּ, אַ שטול, און אים מהנה געווען מיט אַלעם גוטן. אָבער קיין איינציקער פון די רבנים איז אים נישט געפעלן, ווייל געווען איז ער, דער ראש הקהל, אַ גביר אָבער אַן עם־הארץ און אַ תקיף.

אָט דער עם־הארץ, וואָס „אהבה" (=ליבע) ווערט ביי אים אין מויל „איבה" (=האַס), ער איז דאָס, לויט דער תקנה, דער אַפּוטרופּוס אויפן רבנות; אויף זיין וואָרט קוקן אַרויס די תלמידי־חכמים. וואָלט ער געפרעגט גלייך, וואָלט מען אים מסתמא געענטפערט כשורה. אָבער וואָס קען אַ תלמיד־חכם ענטפערן אויף אַ נאַרישע קלאָץ־קשיא? נישט יעדער קען דאָך וויסן וואָס דער נאַר האָט אין זין. זיינען טאַקע אַלע רבנים אַרויס פון אים מיט גרויס האַרץ־ווייטיק. פון דער תקנה האָט זיך אויסגעלאָזט אַ תקלה...

זיינען אַריבער וואָכן מיט חדשים און עס איז באַוואוסט געוואָרן אין דער רבנישער וועלט דער טרויעריקער מצב אין קאָלבסוב. ווער ס'האָט נאָר פאַרמאָגט אַביסל רעספּעקט צו זיך אַליין און חס געווען אויף כבוד התורה, האָט די שטאָט אויסגעמיטן.

ויהי היום, אין אַ געוויסן טאָג איז געקומען צופאָרן אַ יונגערמאַן, יונג אין יאָרן אָבער רייף אין חכמה; דאָס איז געווען ר׳ אברהם יהושע העשיל, וועלכער איז שפּעטער באַקאַנט געוואָרן מיטן נאָמען „דער אַפּטער רב". ווען אנשי־שלומינו, די ליזשענסקער חסידים און פריינט, וואָס האָבן אים גוט געקענט, האָבן אים דערזען, האָבן זיי זיך שטאַרק דערפרייט, אָבער גלייכצייטיק געהאַט אויך גרויס צער. רעדנדיק מיט אים האָבן זיי אים דער־קלערט: אמת, אונדזער האַרץ גייט אויס, אַז איר זאָלט בלייבן אונדזער רב, אָבער וואָס קענען מיר טאָן אַקעגן דער תקנה מקדמונים, וואָס שטעלט פאָר ווי אַ תנאי — קודם צו קריגן די הסכמה פון ראש־הקהל?

האָט דער אַפּטער געענטפערט: זאָרגט נישט ברידער! איך בין מוכן ומזומן צו שטיין פאַרן נסיון ביים ראש הקהל. מיטן אויבערשטנס הילף וועל איך עס בייקומען.

— יאָ — האָבן די אנשי־שלומינו צוריק געענטפערט — מיר ווייסן טאַקע דאָס, אָבער דער ראש־הקהל, ער פרעגט דאָך אומפאַרשעמטע נאַרישע פראַגעס, אַז די גרעסטע תלמידי־חכמים ווערן פון אים געשטרויכלט.

האָט דער אַפּטער ווידער געזאָגט: רבותי, צוצוטרעפן דעם שוטה איז איינע פון די גרעסטע חכמות. איר דאַרפט וויסן, אַז יעדע תשובה ליגט איינ־געהילט אין דער שאלה אַקוראַט ווי דאָס קערנדל אין זיין שאָלעכץ. ווען דער באַשעפער האָט באַשאָנקען מיט אַביסל שכל, דער וועט אַלעמאָל וויסן צוצופּאַסן אַן ענטפער לויט דער פראַגע.

זיי זיינען אַלע אַנטשוויגן געוואָרן, וואָרום, וואָס האָבן זיי דען געקאָנט ענטפערן?

איז געקומען די צייט ווען ר׳ אברהם יהושע העשיל האָט געדאַרפט איינשטיין ביים פרנס. געדאַוונט האָט ער פּרייטיק־צו־נאַכט אין דער גרויסער שול, געגאַנגען מיטן פרנס אַהיים, פאַרברענגט ביים טיש, געגעסן און גע־טרונקען, און געזאָגט תורה. צום סוף האָט זיך דער בעל־הבית אָפּגערופן: איך זע, אַז דער רבי איז אַ חכם און גרויסער למדן, וועל איך דעריבער מער ניט ווי איין פראַגע שטעלן. אויב איך וועל באַקומען דעם ריכטיקן ענטפער, וועל איך שוין מער נישט פרעגן. זאָגט מיר, רבי, וואו אין דער אגדה געפינט זיך וועגן דעם, אַז לבן האָט געוואָלט ברענגען הבל׳ן אויף דער עקדה?

דער אַפּטער האָט זיך קוים איינגעהאַלטן און ניט אויסגעבראָכן מיט אַ געלעכטער. מסתמא מיינט דער פרנס — האָט ער אַ טראַכט געטאָן — די פסח׳דיקע הגדה. איז ער אין געדאַנק איבערגעגאַנגען די הגדה, ביז ער איז געקומען צו „ולבן ביקש לעקור את הכל״. נישט אַנדערש נאָר די ר׳ אין דעם וואָרט „לעקור״ און די כ׳ אין וואָרט „הכל״ זיינען ביים פרנס פאַרביטן גע־וואָרן אויף ד׳ און ב׳. האָט דער אַפּטער גלייך געענטפערט: יאָ! כ׳האָב געפונען! אין דער פסח׳דיקער הגדה, אין דעם שטיקל וואָס הויבט זיך אָן מיט „צא ולמד״ ווערט געזאָגט: „ולבן ביקש לעקוד את הבל״...

דער פרנס האָט זיך שטאַרק דערפרייט, וואָס ענדלעך האָט דער באַשעפער באַשערט פאַר קאָלבסוב דעם ריכטיקן תלמיד־חכם, וועלכער איז ווערט מ׳זאָל פון אים לערנען. און אַזוי איז די סעודה פאַרענדיקט געוואָרן אין אַ שמחה׳דיקער שטימונג.

נאָך שבת איז גלייך באַשטימט געוואָרן דער טאָג ווען דער אַפּטער זאָל איבערנעמען דאָס רבנות. מען האָט אים געגעבן אַ גרויסן קבלת פנים און איבערגעגעבן אין זיין האַנט דעם כתב־רבנות, געשריבן אויף פּאַרמעט מיט סופר׳ישן כתב און געחתמעט פון אַלע ראשי־הקהל און חשובע בעלי־בתים. די שטאָט קאָלבסוב איז געווען צופרידן און גאָר שטאַרק פריילעך.

דער אַפּטער פלעגט אָט־די מעשה פיל מאָל איבערדערציילן און ביי יעדן מאָל דאַנקען דעם השם יתברך, וואָס האָט אים אַריינגעלייגט דעם ריכטיקן ענטפער אין מויל. ער פלעגט אויספירן מיט אַ זאָג: ס׳פאָדערט זיך גאָר גרויס פאַרשטאַנד צו וויסן וואָס דער נאַר האָט אין זין. דאָס מיינט דער מדרש וועגן שלמה המלך אויפן פסוק: „ויחכם מכל האדם״ (מלכים א׳ ה, יא) ער איז געווען קליגער פון אַלע מענטשן — אַפילו פון די נאַראָנים...

זאָל דער חונן־לאדם־דעת אונדז שענקען פאַרשטאַנד צו לערנען די תורה וואָס איז „מחכימת פתי" — זי מאַכט קליגער פונעם נאַר — האָט דער אַפּטער ווייטער געצויגן זיין געדאַנק. — לאָמיר אויך פאַרשטיין די נאַרישע חכמות פון די עם־הארצים, זיי זאָלן ניט קענען הערשן איבער אונדז. ה' עוז לעמו יתן, ה' יברך את עמו בשלום (תהלים כט, יא) דער אויבערשטער וועט זיין פאָלק געבן שטאַרקייט, דער השם־יתברך וועט בענטשן זיין פאָלק מיט שלום.

## דער אַפּטער ווערט „פאַרפיו״ט" קיין ליזשענסק

ווען ר' משה־לייב סאַסאָווער איז נפטר געוואָרן איז זיין זון ר' יקותיאל־שמעלקע געווען אַ קליין קינד. זייענדיק נאָך גאָר אַ יונגערמאַן איז ער געקומען צו פאָרן צום אַפּטער „אוהב ישראל" אין מעזיבוזש. דער גרייז גרויער אַפּטער האָט זיך אָנגעטאָן די ראש־חודש'דיקע קאַפּאָטע, געהייסן אָנצינדן אַלע ליכט אין הענגל־לייכטער, אים אַקעגן געגאַנגען און געבעטן זיצן אויף אַ שטול נעבן זיך.

דער יונגערמאַנטשיק האָט זיך זייער פאַרשעמט פון דעם גרויסן כבוד וואָס דער אַפּטער רב האָט אים אָפּגעגעבן, אָבער ער האָט דאָס געמוזט פאַרנעמען, ווייל אַזוי איז געווען דער רצון פון בעל־הבית, פון דעם אַפּטער.

„ס'איז ביי אונדז אַ חוב" — האָט דער אַפּטער דערקלערט — „אייך אָפּצוגעבן כבוד, ווייל אייער טאַטע, ר' משה לייב זצ"ל, האָט אונדז צוגעפירט צו דער אמתער עבודת הבורא". ומעשה שהיה כך היה:

געווען זיינען מיר מיט יאָרן צוריק רב אין שטעטל קאָלבסוב. געוואוסט האָבן מיר נאָר איין איינציקע זאַך: צו זיצן און לערנען תורה לשמה און טאָקע בהתמדה. אַי, זיינען מיר אַמאָל געווען מתמידים! מיר האָבן נישט מבטל געווען קיין איין רגע!

מיטאַמאָל, אַזוי ווי מיר זיצן און לערנען, קומען זיך אַריין אין הויז צוויי פאַרשוינען, איינער אַן עלטערער, אַ שוואַכער און דער צווייטער, אַ יונגער, אַ ריז, אַ גבר. געזען האָבן מיר, אַז דאָס זיינען מענטשן בעלי־צורה, חשוב'ע לייט. צוליב אונדזער פאַרטועונקייט אין לערנען, האָבן מיר נישט גע־פרעגט ווער זיי זיינען. אָפּגעשטעקט אַ שלום־עליכם, אַרויפגעשטעלט כיבוד אויפן טיש, אַביסל יי"ש און צובייסן, און ווידער געלערנט. זיי אָבער, זיינען געזעסן געמיטלעך און רק געשמועסט, אויך שוין נאָכן פאַרבייסן. הגם, זיי האָבן אונדז געשטערט אין לערנען, האָבן מיר זיי פאַרשוויגן, ווייל זיי האָבן געמאַכט דעם איינדרוק פון וויכטיקע מענטשן. האָבן מיר זיך דעריבער נאָך שטאַרקער פאַרטיפט אין לערנען. אמת, געפילט האָבן מיר אין זייערע רייד, אַז

דער מדובר איז וועגן גאָר הויכע ענינים, אָבער וואָס גייט עס אונדז אָן? ס'איז דאָך נישט אונדזער דרך.

איז געקומען מנחה צייט, זיינען מיר אַלע געגאַנגען אין שול דאַווע־נען. נאָכן דאַוונען האָבן זיי געפרעגט, צי איז דאָ ערגעץ־וואו אַ פּלאַץ צו נעכטיקן? קיין סך פּלאַץ איז טאַקע ביי אונדז דעמאָלט נישט געווען, האָבן מיר בדוחק אויסגעבעט פּאָר זיי. אַרום חצות זיינען מיר אויפגעשטאַנען, זיינען זיי אויך אויפגעשטאַנען. ווידעראַמאָל די נעכטיקע מעשה: מיר לערנען און זיי שמועסן. ווי נאָר ס'האָט אָנגעהויבן צו שאַרן אויף טאָג, האָבן זיי זיך אויפ־געהויבן און דרך־אגב אַ פרעג געטאָן וועלכע סוגיא מיר לערנען, און אַזוי שמועסנדיק צווישן זיך, אַריינפלעכטנדיק אַ פּאָר מעשיות פון בעל־שם־טוב, איז דערווייל ביי אונדז פּלוצלונג קלאָר געוואָרן דער שווערער ענין, וואָס מיר האָבן געהאַט ביים לערנען אין דער גמרא. בקיצור, זיי האָבן זיך אויף שנעל געזעגנט און אַוועק.

ערשט שפּעטער, פאַרן דאַוונען, ווען מיר זיינען אַרויס אַביסל אויפן גאַניק, געשפּרייזט אַהין און צוריק פאַר'מוח'ט, האָבן מיר זיך געכאַפּט: געוואַלד! פאַרוואָס האָבן מיר די מענטשן נישט אַמאָל געפרעגט ווער זיי זיינען, צוליב וואָס זיינען זיי געקומען? האָבן מיר זיך אָנגעהויבן צו דער־מאָנען אין זייער שמועס, האָבן מיר איינגעזען אַז דאָס האָט געהאַט צו טאָן מיט גאָר הויכע זאַכן. וואָס אַ טאָג ס'איז אַוועק, אַלץ מער האָבן מיר זיך דערמאָנט און דערפילט, אַז זייערע ווערטער זיינען זיס ווי האָניק, און דער־וועקן אין אונדז ביים דאַוונען אַ שטאַרקערע און ריינערע כוונה. האָבן מיר דעמאָלט געהאַט גרויס חולשת הלב און פאַרדרוס, הלמאי מיר האָבן זיך נישט באַקענט מיט די מענטשן.

אַזוי זיינען אַוועק צוויי וואָכן. ווידעראַמאָל אין דער פרי פאַרן דאַ־ וונען זיינען מיר אַרויס אויפן גאַניק, מיטן בלויזן קאָפּל אויפן קאָפּ, און זיך פאַרטראַכט. מיטאַמאָל דערזעען מיר אַ וואָגן, און אויפן וואָגן — די זעלבע צוויי מענטשן. צוליב גרויס שמחה, אַז אָט וועלן מיר זיי נאָכאַמאָל זען האָבן מיר גאָר פאַרגעסן דעם ספּאָדיק, און אַרויסגעלאָפן נאָכיאָגן דעם וואָגן. אויף אונדזער שלום־עליכם האָבן זיי אונדז געענטפערט שוואַכלעך און קאַלט־ לעך, זאָגנדיק אַז זיי איילן זיך. האָבן מיר פונדעסטוועגן ניט אָפּגעלאָזט און זיי געפרעגט: מיט וואָס קאָנען מיר אייך דינען? האָבן זיי דערויף געזאָגט: מיט עטלעכע בייגל. זיינען מיר געלאָפן און געבראַכט די בייגל, און אָט איז דער וואָגן אַוועקגעפאָרן. האָבן מיר אַריינגעשריען אין הויז: גיכער, גיט אונדז טלית און תפילין! און אַזוי אין דער יאַרמלקע מיט טלית־און־תפילין שרייען

מיר לויפנדיק: האַלט! האַלט! אָבער דער וואָגן איז אַוועק. דער וואָגן פאָרט און מיר לויפן אים נאָך מיט די לעצטע כוחות אַ שטיק וועג, ביז ס׳האָט זיך אין די מענטשן דערוועקט אַ רחמנות־געפיל, האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט און מיר זיינען אַרויף אויפן וואָגן.

פאָרנדיק האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז דער עלטערער, דער שוואַכע־רער איז געווען ר׳ לוי יצחק באַרדיטשעווער זצ״ל און דער יונגער, דער שטאַרקער, דאָס איז געווען אייער פאָטער ר׳ משה לייב סאָסאָווער זצ״ל. אין דער נאָענטער קרעטשמע האָבן מיר געדאַוונט און פאַרביסן די בייגל*. נאָכ־דעם האָבן זיי אונדז געוואָלט צוריקשיקן אַהיים. האָבן מיר געזאָגט, לא כי, נייך, נישט אַזוי, מיר וועלן גיין מיט אייך. אָבער זיי האָבן זיך אַקעגנגעשטעלט. האָבן מיר זיך איינגע׳עקשנ׳ט און געבליבן אויף דעם וואָגן.

די רעדער דרייען זיך און די רייד פאַרוויקלען זיך און קניפּן זיך, און קיינער האָט ניט באַמערקט ווי די שעה׳ן לויפן. ווען דער וואָגן האָט זיך אָפּ־געשטעלט, זיינען מיר שוין געווען אין ליזשענסק ביים רבין ר׳ אלימלך זצ״ל. האָט זיך דעמאָלט אייער פאָטער אָפּגערופן: דאָ, יונגערמאַן, איז אייער פּלאַץ. פון דאַנען וועט אַריינשטראַלן ליכט און חיות אין אייער נשמה. אַזוי בין איך געבליבן אין ליזשענסק ביי דעם רבין ר׳ אלימלך זצ״ל.

## צווישן ליזשענסק און קאָלבסוב

ווען דער אַפּטער רב האָט געהאַלטן ביים פאַרלאָזן די וועלט, האָט ער צוגערופן זיין זון ר׳ יצחק־מאיר און האָט צו אים אַזוי געזאָגט: וואָס וועט זיין דיין תכלית אין יידישקייט? מיר, ווען מיר זיינען געווען יונג, האָבן מיר זיך געפּלאָגט אין אָרעמקייט און געווען נע־ונד, איז אונדזער חומר, דער גוף, געלייטערט געוואָרן. אָבער דו, ווען האָסטו געוואוסט פון שלעכטע צייטן? הער זיך צו, וועל איך דיר דערציילן אַ מעשה פון אַמאָל.

ווען איך בין געווען יונג, און געווען רב אין קאָלבסוב, איז מיין שכירות געווען בלויז עטלעכע פערציקער אַ חודש. דריי וואָכן אין חודש זיינען מיר געווען אין ליזשענסק און איין וואָך אין דער היים, האָט קהל אַראָפּגעשלאָגן פאַר דריי וואָכן איז שוין גאָר ווייניק געבליבן. זיינען מיר געווען אין גרויס דחקות.

---

* דאָס איז, אגב, געווען אַ טייל פון דער שיטת הבעש״ט און זיינע תלמידים צו באַזוכן די יידישע אַרענדאַרן אין די דערפער, ביי יעדע מעגלעכע געלעגנהייט, כדי זיי מחזק צו זיין מיט אַביסל וואַרעמקייט און יידישער התנהגות, זיי זאָלן נישט גיין פאַר־לוירן אין זייער איינזאַמקייט אין דעם גוישן פאַרגרעבטן אַרום.

איינמאָל איז אָנגעקומען קיין קאָלבסוב ר׳ מיכעלע זלאָטשעווער און געדאַווענט ביי אונדז אין בית־מדרש. פאַרבעט איך אים אַהיים אויף מאָלצייט, האָט ער מסכים געווען אויף צומאָרגנס צו זיין מיין גאַסט. לויף איך אַהיים מלא שמחה, און זאָג אָן די גוטע בשורה דער רביצין. האָט איר פּנים אויפ־געשיינט פון פרייד, אָבער אין מיטן לאָזט זי אַרויס אַ טיפן זיפץ: נישטאָ קיין פּרוטה אויף עפּעס איינצוקויפן. האָבן גוטע שכנים איר אַנטליען זעקס גראָשן, און זי האָט באַוויזן איינצוקויפן אַביסל מעל, צוויי אייער און אַ שטיקל פּוטער און צוגעגרייט אַ סעודה. ר׳ מיכעלע האָט זיך געפּעדערט און געקומען ווען איך בין נאָך געווען אין שול, האָט ער אַ קוק געטאָן אַרום זיך און דערזען דאָס גרויסע אָרעמקייט ביי אונדז אין הויז און געהאַט גרויס צער דערפון. ער האָט אונדז געבענטשט, אַז מיר זאָלן באַלד אין גיכן געהאָלפן ווערן. איז די ברכה אַריין אין דלות און די אָרעמקייט איז ביי אונדז נאָך גרעסער געוואָרן...

אויף ימים נוראים זיינען מיר אַוועק צופוס קיין ליזשענסק, האָבן מיר באַגעגנט ר׳ מענדעלע פּריסטיקער (שפּעטער אין רימאַנאָוו). זיינען מיר גע־גאַנגען בייאַנאַנד. אין ליזשענסק איז אונדז אָקעגנגעקומען דעם רבין ר׳ אלי־מלכ׳ס גבאי און ביי אונדז צוגענומען אַלע קוויטלעך מיט די פּדיונות, וואָס מיר האָבן געהאַט מיט זיך בשליחות פון פאַרשיידענע מענטשן. איצט — זאָגט דער גבאי — איז ביים רבין די צייט פון לייענען די קוויטלעך; שלום נעמען וועט איר קענען אין אַ שעה צוויי אַרום. אינצווישן איז אָנגעקומען אַ גע־דעקטע בויד, און מיר האָבן דערפילט אַ ריח פון יראת־שמים. האָבן מיר געפרעגט, ווער איז דאָ אָנגעקומען? האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז ר׳ זושא, דעם רבינס ברודער. אַריינגעלאָזט צום רבין האָט מען אונדז פריער, האָט ר׳ זושא צוליב דעם געהאַט חולשת הדעת. האָט דער רבי ר׳ אלימלך געזאָגט: „טוב שכן קרוב מאח רחוק" (משלי כז, י).

דאָך, האָט דער רבי אונדז געבעטן מוחל זיין וואָרום ער דאַרף רעדן מיט זיין ברודער נסתרות. זיינען מיר, פאַרשטענדלעך, אַרויס. האָב איך זיך געשטעלט הינטער דער טיר כדי צו כאַפּן עפּעס אַ גוט וואָרט. זאָגט צו מיר ר׳ מענדעלע: וואָלטן מיר זוכה געווען, וואָלט דער רבי אונדז נישט געבעטן אַרויסצוגיין. אָבער איך האָב שטאַרק געגאַרט צו הערן די הייליקע דיבורים, האָב איך זיך נישט איינגעהאַלטן און ווידער צוגעלייגט אַן אויער. געהערט האָב איך אָבער גאָרנישט. ר׳ מענדעלע איז געווען גערעכט: ווער ס׳איז נישט ווערט, דער הערט גאָרנישט!...

דעם רבין ר׳ אלימלכ׳ס דרך איז געווען, אַז ער האָט קיינעם נישט

איינמאָל איז אָנגעקומען קיין קאָלבסוב ר׳ מיכעלע זלאָטשעווער און געדאַוונט ביי אונדז אין בית־מדרש. פאַרבעט איך אים אַהיים אויף מאָלצייט, האָט ער מסכים געווען אויף צומאַרגנס צו זיין מיין גאַסט. לויף איך אַהיים מלא שמחה, און זאָג אָן די גוטע בשורה דער רביצין. האָט איר פּנים אויפ־געשיינט פון פרייד, אָבער אין מיטן לאָזט זי אַרויס אַ טיפן זיפץ: נישטאָ קיין פּרוטה אויף עפּעס איינצוקויפן. האָבן גוטע שכנים איר אַנטליען זעקס גראָשן, און זי האָט באַוויזן איינצוקויפן אַביסל מעל, צוויי אייער און אַ שטיקל פּוטער און צוגעגרייט אַ סעודה. ר׳ מיכעלע האָט זיך געפּעדערט און געקומען ווען איך בין נאָך געווען אין שול, האָט ער אַ קוק געטאָן אַרום זיך און דערזען דאָס גרויסע אָרעמקייט ביי אונדז אין הויז און געהאַט גרויס צער דערפון. ער האָט אונדז געבענטשט, אַז מיר זאָלן באַלד אין גיכן געהאָלפן ווערן. איז די ברכה אַריין אין דלות און די אָרעמקייט איז ביי אונדז נאָך גרעסער געוואָרן...

אויף ימים נוראים זיינען מיר אַוועק צופוס קיין ליזשענסק, האָבן מיר באַגעגנט ר׳ מענדעלע פריסטיקער (שפּעטער אין רימאַנאָוו). זיינען מיר גע־גאַנגען ביינאַנד. אין ליזשענסק איז אונדז אַקעגנגעקומען דעם רבין ר׳ אלי־מלכ׳ס גבאי און ביי אונדז צוגענומען אַלע קוויטלעך מיט די פּדיונות, וואָס מיר האָבן געהאַט מיט זיך בשליחות פון פאַרשיידענע מענטשן. איצט — זאָגט דער גבאי — איז ביים רבין די צייט פון לייענען די קוויטלעך; שלום נעמען וועט איר קענען אין אַ שעה צוויי אַרום. אינצווישן איז אָנגעקומען אַ גע־דעקטע בויד, און מיר האָבן דערפילט אַ ריח פון יראת־שמים. האָבן מיר געפרעגט, ווער איז דאָ אָנגעקומען? האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז ר׳ זושא, דעם רבינס ברודער. אַריינגעלאָזט צום רבין האָט מען אונדז פריער, האָט ר׳ זושא צוליב דעם געהאַט חולשת הדעת. האָט דער רבי ר׳ אלימלך געזאָגט: „טוב שכן קרוב מאח רחוק" (משלי כז, י).

דאָך, האָט דער רבי אונדז געבעטן מוחל זיין וואָרום ער דאַרף רעדן מיט זיין ברודער נסתרות. זיינען מיר, פאַרשטענדלעך, אַרויס. האָב איך זיך געשטעלט הינטער דער טיר כדי צו כאַפּן עפּעס אַ גוט וואָרט. זאָגט צו מיר ר׳ מענדעלע: וואָלטן מיר זוכה געווען, וואָלט דער רבי אונדז נישט געבעטן אַרויסצוגיין. אָבער איך האָב שטאַרק געגאַרט צו הערן די הייליקע דיבורים, האָב איך זיך נישט איינגעהאַלטן און ווידער צוגעלייגט אַן אויער. געהערט האָב איך אָבער גאָרנישט. ר׳ מענדעלע איז געווען גערעכט: ווער ס׳איז נישט ווערט, דער הערט גאָרנישט!...

דעם רבין ר׳ אלימלכ׳ס דרך איז געווען, אַז ער האָט קיינעם נישט

אַ פּרוטה, ביזטו געקומען און געפונען אַלץ צוגעגרייט, זאָלסטו נישט אַפילו אַ פרעג טאָן, פון וואַנען איז געקומען די ישועה?

האָב איך זיך אָפּגערופן: גערעכט ביסטו טאַקע, אָבער איך בין אויך נישט אומגערעכט, ווייל שוין דריי טעג ווי איך האָב נישט געהאַט קיין ביסן אין מויל, ווי האָב איך גאָר געקענט אַפילו אַ וואָרט אַרויסרעדן? און איצט, לאָמיר טאַקע הערן ווי אַזוי האָסטו געמאַכט יום־טוב?

רופט זיך אָפּ די רביצין: די אַלע מאכלים זיינען באַשטימט געוואָרן פאַר אַ סעודת מצווה. ביי איינעם פון די גוטבאַזיצערס איז געבוירן געוואָרן אַ בן־זכר; האָט ער פאַרן ברית, וואָס האָט היינט געדאַרפט זיין, צוגעגרייט אַ גרויסע סעודה. דערווייל איז דאָס יינגל נישט בקוו הבריאות און מ׳קען עס נאָך נישט מל׳ן. אויפן וועג האָסטו דאָך באַגעגנט אַ ייד מיט אַ וואָגן. טאַקע ער איז געווען ביים גוטבאַזיצער און דערציילט, אַז דער רב איז אויפן וועג אַהיים און אין הויז ביי אים איז גאָרנישט פאַראַן. זאָגט דער גוט־באַזיצער: אויב דער רך הנולד איז נישט געזונט, וואָס טויג מיר די סעודה? נעם צו די חלות, דעם בראָנפן, די פיש מיט די קיכלעך, און דאָס פליש, ברענג אַלצדינג צום רב אויף יום־טוב!

אַזוי, אַזוי — האָט דער אַפּטער פאַרענדיקט די מעשה צו זיין זון ר׳ יצחק מאיר — האָבן מיר געהאַט שמחת יום־טוב. אָבער דו, מיין זון, האָסט נאָך גאָרנישט געליטן פון דחקות, וואָס וועט זיין דיין תכלית?

ווערט דערציילט, אַז נאָך דער פטירה פון דעם אַפּטער, זכרונו לברכה, האָט שוין זיין זון ר׳ יצחק מאיר אַ לענגערע צייט יאָ געליטן יסורים פון אָרעמקייט און דחקות, און איז ענדלעך אַנערקענט געוואָרן פאַר אַ רבי און צדיק מפורסם.

## אַ שונא מתנות

דער אַפּטער רב, זייענדיק אין קאָלבסוב, האָט געליטן פון גרויס דחקות, ווייל זיין שכירות האָט נישט געקלעקט אַפילו אויף ברויט מיט וואַסער. קיין מתנות אָבער האָט ער נישט געוואָלט נעמען. זיין רביצין איז אַרומגעגאַנגען קרוע־בלוע און האָט אַלץ פאַר ליב גענומען, אַבי נישט מצער צו זיין איר הייליקן מאַן, און נישט געשטערט אים אין זיין תורה לערנען.

איינמאָל קומט אָן קיין קאָלבסוב אַ גרויסער שניט־סוחר מיט אַ פולן וואָגן טייערע וואָלענע סחורה, וואָס ער האָט איינגעהאַנדלט אין ברעסלוי. דער סוחר איז פאַרפאָרן אין גאַסטהויז, וואָס האָט זיך געפונען נישט ווייט פון דער מיליטערישער קאַזאַרמע, אָדער „קאָסערן״, ווי מ׳פלעגט עס רופן אין קאָלבסוב. מ׳האָט אויסגעשפּאַנט די פערד און דעם וואָגן געלאָזן אַ צוגעדעקטן

אויפן פאַרמאַכטן הויף. צומאָרגנס, ווי דער סוחר איז נאָר אַרויס אויפן הויף, האָט ער דערזען, אַז זיין וואָגן איז אויסגעליידיקט געוואָרן. דערקענט האָט ער אָבער שפורן פון טריט, וואָס האָבן געפירט דורך אַן עפענונג אין פלויט אין דער ריכטונג פון דער קאַזאַרמע. נישט אַנדערש נאָר איינער פון די סאָלדאַטן האָט די סחורה אַוועקגעגנבעט. אָבער ווער?

דער קאָמענדאַנט, האָט מען געוואוסט, איז זייער אַ שטרענגער און לאָזט ניט צו צו־זיך קיינעם, האָט דער סוחר מורא געהאַט צו גיין פאַר אים זיך באַקלאָגן. אָבער ס׳איז פאָרט אַזאַ גרויסער פאַרלוסט! וואָס טוט מען? איז זיך דער סוחר מיישב און איז אַריין צום רב, צו ר׳ אברהם יהושע העשיל, פרעגן אַן עצה.

דער רב האָט געע׳עצה׳ט דעם סוחר: גיין זאָלסטו יאָ צום קאָמענדאַנט. אָבער זאָגן זאָלסטו, אַז דו האָסט געזען ווי דער סאָלדאַט נעמט די סחורה, נאָר אין מיטן נאַכט האָסטו מורא געהאַט צו שרייען, טאָמער שיסט ער. ווער דער קאָמענדאַט דאַן זיכער פרעגן, צי וואָלסטו געקאָנט דערקענען דעם גנב? זאָלסטו זאָגן: יאָ! דער קאָמענדאַנט וועט מסתמא לאָזן דורכמאַרשירן אַלע סאָלדאַטן, און אַ סימן זאָלסטו האָבן: דער זעלנער וואָס וועט דיך זידלען און שילטן — ער איז דער גנב.

— און וואָס וועט זיין — פרעגט דער סוחר — אויב ער וועט זיך נישט מודה זיין?

— זאָל מען אים מכבד זיין מיט פינף און צוואַנציק שמיץ — ענטפערט דער רב.

— אָבער — דינגט זיך דער סוחר — אַז ער וועט זיך אַלץ נישט מודה זיין?

— זאָל מען אים געבן נאָכאַמאָל פינף און צוואַנציק — ענטפערט דער אַפטער רב.

דער סוחר האָט זיך אַנגענומען מיט קוראַזש און באין־ברירה אַוועק צום קאָמענדאַנט און אים דערציילט וואָס עס האָט מיט אים פאַסירט, און אַז דער גנב איז איינער פון זיינע סאָלדאַטן.

— ווי וואַגען זי צו באַשולדיקן דאָס קייסער־קעניגלעכע מיליטער? — האָט זיך דער קאָמענדאַנט מיט כעס צעשריען.

— נישט דאָס מיליטער באַשולדיק איך — פאַרענטפערט זיך דער סוחר — נאָר איינעם, בלויז דעם איינציקן גנב, וועלכן איך האָב געזען.

— ווערסטו אים דערקענען? — פרעגט שאַרף דער קאָמאַנדיר.

— יאָ! הער קאָמענדאַנט — שניידט אָפּ קורץ דער סוחר.

דער קאָמענדאַנט האָט צוגעשטימט אויסצושטעלן אַלע זיינע זעלנער כדי דער סוחר זאָל דערקענען דעם גנב, און עס איז געשען גענוי אַזוי ווי דער רב האָט געזאָגט. דער גנב האָט גענומען באַליידיקן און שילטן, און האָט זיך מודה געווען נאָכדעם ווי ער האָט אַריינגעכאַפּט צוויי מאָל פינף און צוואַנציק. די גאַנצע סחורה איז אומגעקערט געוואָרן צום סוחר.

מיט גרויס דאַנקבאַרקייט איז דער סוחר אַוועק צום רב און פאַר אים אַוועקגעלייגט אַ שיינע מטבע. דער רב האָט בשום אופן ניט געוואָלט נעמען.

— אויב נישט קיין געלט — האָט דער סוחר גע׳טענה׳ט — אָבער אַ שטיקל וואָלענעם געוואַנט אויף אַ בגד מעג איך דאָך יאָ דעם רבין שענקען. איך האָב זיך שוין מייאש געווען פון דער גאַנצער סחורה, וועט עס דאָך הייסן ווי אַ זוכה מן ההפקר...

— ניין — זאָגט דער רב — קיין צמר, וואָלענע מלבושים, טראָג איך נישט, מחמת דעם חשש פון שעטנז.

— אָבער פאַר דער רביצין פאַר אַ קלייד אַ שטיקל סחורה — מאָנט ווייטער דער סוחר.

— ווי וועל איך באַצאָלן שניידער געלט? — זאָגט אָפּ דער רב.

— איך בין אַ גוטער בעל־מלאכה אויך, וועל איך אַליין אויפנייען פאַר דער רביצין אַ קלייד — בלייבט פאַר׳עקשנ׳ט דער סוחר.

— מ׳דאַרף דאָך אָבער קויפן אונטערשלאַק! — וואַרפט אַריין מיט חריפות דער רב.

— אונטערשלאַק קען מען נוצן דעם אַלטן — וויל זיך דער סוחר נישט אונטערגעבן.

— אַזוי גאָר, אויב דער אַלטער אונטערשלאַק איז נאָך גוט, צו וואָס איז נויטיק אַ ניי קלייד? — פּירט אויס דער רב מיט ניצחון.

אַזוי אַרום האָט דער צדיק אויסגעמיטן אָנצונעמען די מתנה.

### עסן — יאָ! און אַן אתרוג — ניט?

ערב סוכות אין דער פרי און דער קאַלבוסובער רב ר׳ אברהם יהושע העשיל האָט שוין צורעכט געמאַכט די סוכה. אין הויז אָבער איז נאָך אַלץ גאָרנישט געווען פאַר יום־טוב. מיט אַ צעבראָכן האַרץ רופט ער אויס צו דער רביצין: מילא, איך האָב געטאָן מיינס, כ׳האָב צוגעגרייט די סוכה, מקיים צו זיין די מצווה פון השם־יתברך; ווייטער קאָן איך גאָרנישט טאָן. ווי ס׳איז באַשערט, אַזוי וועט מוזן זיין.

מיט די דאָזיקע ווערטער האָט זיך דער רב אויפגעהויבן, איז אַוועק אין בית־המדרש און שוין פאַרבליבן דאָרט אין התבודדות דעם גאַנצן טאָג.

אַרום מיטאָג צייט איז אַריין אין רב׳ס הויז עפּעס אַ פרעמדער ייד, וואָס האָט אויסגעזען צו זיין אַ חשובער מענטש. ער האָט זיך גלייך געווענדט צו דער רביצין און דערציילט, אַז אַזוי ווי ער איז געבליבן שטעקן אונטער־וועגס און קאָן שוין אַהיים נישט קומען אין צייט אויף יום־טוב, על־כן בעט ער דערלויבן אים צו האַלטן יום־טוב ביי דעם רב.

— יאָ — האָט געענטפערט די רביצין, און דערביי פאַרגאַנגען אין אַ געוויין — אָבער אין שטוב איז פּוסט און ליידיק: נישטאָ קיין פלייש, קיין פיש, קיין וויין, אַפילו קיין שטיקל ברויט נישטאָ.

— זאָל זיך די רביצין נישט זאָרגן — האָט אַ רוף אויס געגעבן דער אורח — אָט נעמט פיר גאָלדענע דוקאַטן און קויפט איין אויף יום־טוב; קויפט איין רביצין אַלץ וואָס מען דאַרף, געלט האָב איך לרוב.

די רביצין האָט גענומען די גאָלד שטיקלעך און האָט איינגעקויפט פון אַלעם גוטן: קודם־כל האָט זי איינגעהאַנדלט לאַנגע שיינע ליכט, וויין, פיש און פלייש, און אויך אַלערליי מטעמים ווי עס פּאַסט פאַר אַ גבירישער סעודה.

פאַרנאַכט איז דער אורח אַוועק אין בית־מדרש דאַווענען. נאָכן דאַווענען, ווען דער עולם איז שוין געוואָרן אַביסל שיטערלעך, האָט ער זיך צוגע־שאַרט צום רב, אים געגעבן שלום־עליכם, און געפרעגט, צי קען ער ביי אים זיין אַן אורח אויף יום־טוב?

— בכבוד גדול, אָבער צי עס וועט זיין אַ סעודה, ווייס איך נישט — האָט געענטפערט דער רב.

דער רב האָט זיך פּאַמעלעך געלאָזט גיין אויפן וועג אַהיים, און דער אורח האָט געפּויזעט שטילינקערהייט נאָך. דער רב מאַכט אַן הקפה אַרום דער הויז און קומענדיק צו דער סוכה האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און מיט איר אויסגעטענה׳ט: „סוכה, סוכה! אַלץ וואָס כ׳האָב געקענט האָב איך פאַר דיר געטאָן: כ׳האָב דיך מיט זאָרג אויפגעשטעלט, כ׳האָב דיך אויסגערייניקט און באַהאָנגען מיט שיינע צירונגען. איצט שעם איך זיך אַריינצוקומען אין דיר מיט ליידיקן. אָבער וואָס דער בורא טוט, אַזוי מוז זיין״. אַזוי רעדנדיק האָט דער אַפּטער רב אַן עפן געטאָן די טיר פון דער סוכה.

ווי דערשטוינט איז דער רב געוואָרן דערזעענדיק די גרויסע ליכט, אַ טיש געגרייט מיט כל טוב און די רביצין מיט די קינדער פייערלעך אויפ־געליייגט. ער האָט גלייך אַרויסגעזונגען אַ דערהויבענעם „גוט יום־טוב״ און זיך אַ קער געטאָן צו דער טיר, פון וואַנען עס איז אַריין דער אורח. דער רב האָט מיט התלהבות געזאָגט די אושפּיזין, געמאַכט קידוש, געוואַשן זיך, טועם געווען פון די געשמאַקע געריכטן. פּלוצים האָט דער רב אָנגעהויבן צו קרעכצן:

„רבונו של עולם, גשמיות האָסטו מיר געגעבן די־והותר, און וואָס איז מכוח רוחניות? ווי קאָן מען הנאה האָבן אין דער סוכה פון עסן אָן אַן אתרוג צום בענטשן?"

— רבי — שלאָגט איבער דער אורח — איך האָב אַן אתרוג און טאַקע אַ מובחר מן המובחרים און אַ גרינער לולב מיט הדסים און כשרע ערבות האָב איך מיט זיך.

אַזוי ווי דער רב האָט דערזען די ארבעה מינים, האָט ער אַרומגעכאַפּט דעם אורח און זיך געלאָזן מיט אים אין אַ רקידהלע און אַזוי מיט אַ שמחה וואָס האָט איבערגעפלאָסן זיין האַרץ געטאַנצט ביזן פרימאָרגן.

אין דער פרי האָט דער אַפּטער מיט געוואַלדיקער תשוקה געבענטשט אתרוג און איז אַוועק אין בית־מדרש נישט פרעגנדיק ביים אורח: ווער, וואָס, ווען. קומענדיק פון בית־מדרש האָט ער שוין געטראָפן דעם אורח אַ שווער קראַנקן, ממש אַ נוטה למות, אַ גוסס. חול המועד איז ער טאַקע געשטאָרבן. דער אַפּטער רב האָט אויף זיך גענומען צו זאָגן קדיש און האַלטן דעם יאָר־צייט נאָך דעם אומבאַקאַנטן אורח. ביז אויף היינטיקן טאָג ווערט דער יאָר־צייט אָפּגעהיט אין דער משפחה פון דעם אַפּטער צדיק, זכותו יגן עלינו.

## גואל ישראל

אין דער נאַכט פון ערב פסח, נאָך בדיקת חמץ, פלעגט דער סאַדיגור־רער רבי ר' אברהם יעקב זצ"ל (1820 — 1883) דערציילן די פאָלגנדיקע מעשה:

אין אַ דאָרף נישט ווייט פון קאָלבסוב האָט אַ ייד געהאַלטן אַ קרעטש־מע. קיין גרויסע הכנסות האָט דער ייד נישט געהאַט און האָט דערפאַר זעלטן ווען געקאָנט באַצאָלן דעם פּריץ דירה־געלט אין צייט. פלעגט דער פּריץ שיקן מאָנען און געגעבן אים כלערליי וואָרנונגען מיט פאַרשיידענע סטראַשונקעס. געהאָלפן האָט עס נישט, ווייל דער ייד האָט געהאַלטן אין איין טענהנען „אין לי"...

איינמאָל, געווען איז עס שבת הגדול, האָט זיך פאַרגלוסט דעם פּריץ אַ שפּיל טאָן מיט דעם ייד און אים באַשטראָפן. געשיקט האָט ער זיינע קאָזאַקן צו מאַכן אין יידס הויז אַן איבערקערעניש. די קאָזאַקן האָבן אַרויסגעוואָרפן פון אויוון דעם טשאָלנט, אַרויסגעגאָסן די פאָמוניצע אויף דער פּאָדלאָגע, איבערגעקערט טישן און בענק, צעבראָכן, און אַלצדינג צוטראָטן...

דער ייד מיט די בני־בית זיינען געבליבן זיצן דערשלאָגן און צע־טומלט. שבת איז דאָך שבת, דאַרף מען אַרויסשלאָגן די צרות פון געדאַנק.

ער האָט זיך מיישב געווען און גאָר אַוועק אין שטאָט אַריין הערן די שבת־הגדול־דרשה פון רב.

געווען איז דעמאָלט רב אין קאָלבסוב ר׳ אברהם יהושע העשיל, דער שפּעטערדיקער אַפּטער רב. אין דער דרשה האָט דער דאָרפסייד געהערט דעם רב זאָגן, אַז ס׳זיינען פאַראַן צוויי ברכות וועגן דער יידישער גאולה: איינע איז „גאל ישראל", וואָס מיינט ער האָט אויסגעלייזט ישראל. דאָס געפינט זיך צום סוף פון ברכות קריאת־שמע, ווי אויך אין דער הגדה פון דער סדר־נאַכט. די צווייטע ברכה איז „גואל ישראל", אַ לשון הווה, וואָס מיינט: ער לייזט אויס ישראל. דאָס זאָגן מיר דריי מאָל אַ טאָג אין דער וואָכעדיקער שמונה־עשרה.

„גאל ישראל" גייט אַרויף אויף דער גאולה פון גלות מצרים. אָבער „גואל ישראל" באַציט זיך אויף דער טאָג־טעגלעכער גאולה פון דער איצטי־קער צייט. אָט געפינט זיך אַ ייד ערגעץ אין אַ דאָרף — הערט דער אַרענדאַר וויטער די דרשה — וואָס קאָן נישט באַצאָלן אין צייט דעם פּריץ זיינעם, שיקט אים דער פּריץ זיינע קאָזאַקן און מאַכן אים אין הויז אַ חורבן, אויך פאַר יענעם ייד שיקט דער אויבערשטער אַ גאולה, אַן אויסלייזונג פון זיינע צרות.

דער ישובניק, דערהערנדיק די דאָזיקע רייד, האָט זיך אויפגעהויבן מיט שמחה און איז צוריק אַהיים געגאַנגען זינגענדיק און טאַנצנדיק: „גואל ישראל", דער רבי זאָגט, גואל ישראל! דער רבי זאָגט...

בינו לבינו האָט דער פּריץ אויפסניי געשיקט זיינע שלוחים, זיי זאָלן זען וואָס עס טוט זיך דאָרט ביי זיין ייד. ערשט זיי טרעפן דעם ייד פאַרגיי־ענדיק אין טאַנץ און געזאַנג: „גואל ישראל". זיינען זיי אַוועק צום גראַף און דערציילט, אַז נישט אַנדערש נאָר דער ייד איז פאַר צרות אַראָפּ פון זינען; ער גייט אַרום טאַנצנדיק און זינגענדיק: „קאָלאָ איסקראַ־על!"...

ווען דער פּריץ האָט אין אָוונט געלאָזט רופן דעם קרעטשמער האָט ער זיך לכתחילה געשראָקן טאָמער וועט דער פּריץ ווידער עפּעס אויסטראַכטן אַ נייע האַרבע שטראָף. אָבער אַזוי ווי ער האָט זיך נאָר דערמאָנט אין דעם רב׳ס הייליק וואָרט, האָט זיך דער פחד פון אים אָפּגעטאָן און איז מיט שמחה אַוועק אין הויף צום פּריץ.

— מאָשקע — רעדט אים אויס דער פּריץ — פאַרוואָס ביזטו אַזאַ שלימזל? פאַרוואָס ביסטו הינטערשטעליק אין דיינע צאָלונגען?

— וואָס קאָן איך, יאַשניע פּאַניע, טאָן? — האָט צוריקגעפרעגט דער קרעטשמער האָפערדיק.

— ווייסטו וואָס, מאַשקע? — ענטפערט דער גראַף — איך גיב דיר אַ קוויטל צו דער ברויערייַ אין שטאָט, מ׳זאָל דיר געבן שפּירט, ריינעם אַקעוויט, אויף באָרג. וועסטו פאַרקויפן און פאַרדינען; אַזוי וועסטו איינהאַנדלען עטלעכע מאָל און דו וועסט זיך שטעלן אויף די פיס. אַזוי אַרום וועסטו אָפּצאָלן די חובות.

צווישן שבת הגדול און פסח האָט דער ייד באַוויזן איינצוקויפן אויף פּסח און אויך עפּעס מסלק צו זיין דעם פּריץ פאַרן חוב. ערב פסח איז ער שוין אַריין צום רב מיט אַ קניפּל פון עטלעכע מטבעות און געזאָגט: רבי, איך האָב אייך געבראַכט „גואל־ישראל־געלט״!...

## אַ „שווערע״ דין־תורה

אויף דעם פסוק „ושוחד לא תקח, כי השוחד יעוור פקחים ויסלף דברי צדיקים — און שוחד (כאַבאַר) זאָלסטו ניט נעמען, וואָרום שוחד מאַכט בלינד זעעדיקע...״ (שמות כג, ח) דרשנ׳ט די גמרא: אפילו צדיק גמור... (כתובות קה:) חידושט זיך אויף דעם ר׳ אייזיקל קאַמאַרנער זצ״ל (תקס״ו — תרל״ד) וואָס הייסט, ווי קאָן אַ צדיק גמור נעמען שוחד?

דער ענין ווערט אָבער קלאָר — זאָגט ער — פון דער מעשה וואָס האָט געטראָפן ביים הייליקן צדיק ר׳ אברהם יהושע העשיל, וואָס איז יונגערהייט געווען רב אין קאָלבסוב און אין די פינף שטעט וואָס האָבן באַלאַנגט צו אים.

איינמאָל איז ער געזעסן ביי אַ גרויסער דין־תורה צוזאַמען מיט נאָך דיינים. די דיינים האָבן געהאַט גענומען שוחד, זיינען זיי געווען גענויגט אַרויסצוגעבן אַ פּסק לטובת דעם כאַבאַרניק, וואָס האָט זיי אונטערגעקויפט. ער, דער אָפּטער, האָט אָבער נישט מסכים געווען מיט זיי. ער האָט געהאַלטן, אַז דער דין איז דאָך ניט אַזוי.

די דיינים, זעענדיק אַז זיי קאָנען ניט באַווירקן דעם רב און אים אַריבערציען אויף זייער צד, האָבן זיי געראָטן זייער בעל־דין, אַז ער זאָל פּרובירן דעם רב אויך משחד זיין. האָט אָבער דער בעל־דין געוואוסט אַז דאָס איז אוממעגלעך, ווייל דער רב איז אַ צדיק גמור. האָבן די דיינים געע׳עצה׳ט אַריינצולייגן אין דעם רב׳ס ראש־חודש בעקעשע אַ צאָל גאָלדשטיקלעך. אַזוי האָט דער בעל־דין טאַקע געטאָן, און קיינער האָט פון דעם נישט געוואוסט, אַוודאי נישט דער רב.

זעענדיק זיך ווידער צו דער דין־תורה האָט דעם רב׳ס דעה אומבאַוואוסט עפּעס אָנגעהויבן נוטה זיין צום צד פון די דיינים. האָט ער געשוויגן

און בלויז געזאָגט: „דינו לבוקר משפט״ * (ירמי׳ כא, יב), לאָמיר אָפּלייגן דעם פּסק־דין אויף מאָרגן! אַזוי אַרום האָט ער אָפּגעלייגט דאָס אַרויסגעבן דעם פּסק. ער איז אַרויס פון בית־דין שטיבל אין זיין חדר און זיך שטאַרק צע־וויינט: ס׳טייטש — האָט ער צו זיך גערעדט — פאַרוואָס איז ער עפּעס פלוצים געוואָרן געניגט מסכים צו זיין מיט די דיינים? אין דער אמתן איז דאָך דער דין אַנדערש?

זיינען אַוועק עטלעכע טעג. דער רב האָלט אין איין אָפּלייגן; ער האָלט אָפּ זיין ענדגילטיקע מיינונג.

דערווייל איז אונטערגעקומען ראש־חודש. דער רב וויל אַרויסנעמען זיין קאַפּאָטע, עפּעס איז זי שווער, קוים אויפצוהויבן. ער שטעקט אַריין זיין האַנט אין דער קעשענע און ציט אַרויס אַ זשמעניע רויטלעכע רענדלעך. ווער האָט דאָס געקענט אַריינלייגן אַזאַ אוצר אין דעם מלבוש? פרעגט ער נאָך ביי דער רביצין. מ׳האָט געפרעגט און געפאָרשט ביז ס׳איז פאַרבליבן אַז קיין אַנדערער אַ חוץ דער בעל־דין האָט דאָ ניט געקאָנט זיין.

דער רב האָט געשיקט רופן דעם פאַרשוין און אויף אים גוזר געווען און געוואָרנט און גערדאָט מיט חרם, ביז ער האָט זיך מודה געווען.

דער רב האָט דעם רשע אַרויסגעטריבן, זאָגנדיק: איך וויל מער ניט זיצן ביי דער דין־תורה; פאַר דער דין־תורה בין איך שוין געוואָרן פּסול.

דאָס האָט געמיינט די גמרא אויף דעם פּסוק „ויסלף דברי צדיקים״, שוחד פאַרדרייט די ווערטער פון גערעכטע — „אַפילו צדיק גמור״ — מעג ער זיין אַפילו אַ פאָלנער צדיק, און אויך אינגאַנצן ניט וויסנדיק נעמען שוחד — נסתלף בדבריו — ווערט ער שוין פאַרפּלאָנטערט אין זיינע רייד...

## דער שטעקן איז נאָך ווייט פון טרוקן...

די פאָלגנדיקע שטוינענדיקע מעשה איז דערציילט געוואָרן פון ר׳ יצחק נעשכיזער, אַ זון פון ר׳ מרדכי נעשכיזער און דעם אָפּטער רב׳ס מחותן.

אין דער צייט ווען דער אָפּטער רב איז געווען אין קאָלבסוב האָט זיך דאָרט געפונען אַ גראַף. זיינע גיטער, וועלדער און פעלדער האָבן זיך געצויגן אויף לאַנגע שטרעקעס. ער איז אויך געווען אַ קרוב למלכות און אין דעם מלוכה־ראַט פונעם קעניג פּאָניאַטאָווסקי אין וואַרשע איז ער געווען פון די הויפּט ראַטגעבער — אין דער סאַמע ערשטער שורה. הגם נאָך אַזאַ שונא־ישראל ווי ער איז נישט געווען בנמצא אין גאַנץ פוילן, זיינען דאָך אַלע זיינע

* דאָרט איז דער געדאַנק פונקט פאַרקערט: משפט גלייך אין דער פרי.

געשעפטן אָנגעפירט געוואָרן פון יידישע הענט. אָבער, קיין איינער פון די יידן האָט ניט געהאַט די געלעגנהייט אָנקוקן זיין פּנים, ווייל דער גראַף האָט אַלצדינג געטאָן דורך אַן אַגענט.

איין מאָל איז אַריינגעקומען אין הויף אַ ייד, וואָס האָט זיך אויס־געצייכנט מיט זיינע איידעלע מאַניערן און מיט אַ געשליפענער פּוילישער שפּראַך — אַ ייד פון דער געגנט, אַ תבואה סוחר, וואָס וויס וואו איין און וואו אויס. גלייך האָט ער געפונען חן אין די אויגן פון אַגענט, וואָס האָט אויפן אָרט געוואָלט שליסן אַ מסחר. אָבער צופיל געלט האָט דער ייד ניט געהאַט. זאָגט צו אים דער אַגענט: דער עיקר איז האַנדלען ערלעך. וועט איר האַנדלען ערלעך און מיט יושר — האָט אים דער אַגענט געזאָגט — וועלן מיר אייך קענען געבן די תבואה אויף באָרג. אַזוי אַרום איז דער סוחר געוואָרן אַ שטענדיקער אַריינגייער אין הויף. ער האָט אַלץ געטאָן באמונה. דער מסחר איז אָנגעגאַנגען יאָרן לאַנג, און דער ייד איז געוואָרן גאָר רייך און חשוב אין הויף.

מיטאַמאָל שטאַרבט דער גראַף. די אלמנה, די גרעפין, הויבט זיך אָן צו אינטערעסירן אין די געשעפטן. איינמאָל האָט זי באַמערקט דעם הויכן ייד מיט דער שוואַרצער באָרד און שיינעם גאַנג. דער אַגענט האָט איר דער־קלערט, ווער דער סוחר איז. האָט די גרעפין געבעטן, ער זאָל דעם ייד אַריינ־שיקן צו איר. דער ייד איז לכתחילה געוואָרן מלא פּחד, אָבער די גרעפין האָט דעם ייד אויפגענומען מיט כבוד און מיט אים געשמועסט געמיטלעך. דער סוחר איז געוואָרן איבעראַשט פון איר שיינקייט און פון דעם כבוד וואָס זי האָט אים צוגעטיילט. ביסלעכווייז איז ער געוואָרן אַ יוצא־ונכנס אויך ביי דער גרעפין. די גרעפין איז וואָס ווייטער געוואָרן מער היימיש מיט דעם סוחר. לסוף האָט זי אים פאָרגעשלאָגן ער זאָל מיט איר הייראַטן, וועט ער ווערן דער גראַף און אויך פאַרנעמען איר געוועזענעמס מאַנס פּלאַץ אין דער מדינה; אָבער כדי דאָס אַלץ צו דערגרייכן, איז נויטיק ער זאָל זיך שמד׳ן.

דער ערלעכער סוחר איז פון אויפרעגונג און פאַרביטערונג אויפגע־שפּרונגען און אַנטלאָפן. אָבער מיט דער צייט איז ער צוליב מסחר ווידער געקומען. בקיצור, די גרעפין האָט געהאַלטן אין איין איבערחזרן איר פאָר־שלאַג, ביז דער סוחר האָט ענדלעך מסכים געווען צו איר ווילן...

אונטער דעם נאָמען פון געוועזענעם גראַף איז איצט דער נייער גראַף געלאַדן געוואָרן צו דער נאַציאָנאַלער „ראַדע" און פאָרגעשטעלט געוואָרן פאַרן מלך פּאָניאַטאָווסקי. ער האָט אויך פאַרנומען דעם ערשטן פּלאַץ און שטאַרק אויסגענומען ביים קעניג צוליב זיין אויסערלעכקייט און זיין שפּראַך.

איינמאָל, זיצנדיק ביי דער אסיפה, הערט ער ווי איינער פון די גראַפן דערציילט אַן עלילת־דם מעשה, היינו: אַז אין זיין דאָרף איז אַ יידיש מיידל צוזאַמען מיט איר קריסטלעכער פריינדינע געגאַנגען שפּאַצירן, אָבער צוריק איז בלויז געקומען דאָס יידיש מיידל, ווייל די קריסטלעכע האָבן די יידן דערמאָרדעט, כדי צו נוצן איר בלוט אויף פּסח. אויף דער מעשה האָבן אַלע אַנדערע גראַפן געענטפערט: וואָסערע נייעס איז דאָס? יעדעס יאָר פאַר פּסח גנבענען ביי אונדז די זשידעס קריסטלעכע קינדער...

דערהערנדיק דעם געשפּרעך, איז דער מלך פּאָניאַטאָווסקי געוואָרן מלא חימה אויף די יידן און איבערגעפרעגט: איז דאָס וואָס איר דערציילט טאַקע ריכטיק אמת? יאָ, ריכטיק! האָבן אַלע מיטאַמאָל אויסגערופן. אין דעם פּרט זיינען יידן גאָר גרויליקע מערדער.

האָט דער מלך פּאָניאַטאָווסקי גערופן זיינע שרייבער און זיי באַפוילן צו פאַרפאַסן אַ גזירה אַרויסצוטרייבן אַלע יידן פון פּוילן און זייער פאַרמעגן זאָל פאַרנומען ווערן פון דעם אוצר המלוכה. אין איילעניש האָט מען אָריינ־געבראַכט דעם דעקרעט אויף צו חתמ׳נען, בקטון החל — אָנגעהויבן מיט דעם קלענסטן פון די גראַפן, ביז צום מלך אַליין, כדת פּוילן — לויט די פּוילישע סטאַטוטן. (ס׳איז באַוואוסט, אַז פּאָניאַטאָווסקי האָט געהאַט אַ שוואַכן כאַראַקטער, און זיך געלאָזט פירן פון די פּריצים...)

ווען ס׳איז געקומען די רייע פון דעם נייעם גראַף, האָט זיך ביי אים אויפגעוועקט דאָס פּינטעלע ייד. הגם ער איז שוין דעמאָלט געווען אַזוי טיף געזונקען אין דער טומאה, אַז אויך ער אַליין איז געוואָרן אַ שונא־ישראל, האָט ער דאָך נישט געקאָנט פאַרטראָגן דעם מיאוס׳ן בלבול. אין אויפרעגונג און ציטערניש האָט ער זיך אויפגעשטעלט און אויפגעהויבן זיין שטימע מיט חכמה: אדוני המלך! חשובע האַרן! הערט זיך איין צו מיינע רייד, די רייד פון אַ שונא־ישראל, וואָס ווייס גוט אַלע געהיימנישן פון יידנטום. איך וועל זיך פאַר אייך היינט מודה זיין — אַ ייד בין איך געבוירן, ווי אַ ייד האָב איך געלעבט אַ לאַנגע צייט. קיינעם פון אייך אַלע איז נישט באַקאַנט די פאַרדאָרבנקייט פון די יידן ווי מיר. אָבער, אַז זיי געברויכן בלוט אויף פּסח איז אַבסאָלוט ליגן! אין דער יידישער תורה שטייט בפירוש געשריבן אַז בלוט, אַפילו פון אַ בהמה און אַן עוף, איז פאַרבאָטן, ווער שמועסט מענטש־לעך בלוט. און ווייל איך ווייס זיכער אַז דאָס איז נישט מער ווי אַן אויס־געטראַכטער בלבול, וועל איך נישט חתמענען אַזאַ שריפט.

דער מלך האָט איצט אויסגעגאָסן זיין גאַנצן כעס אויף זיינע גראַפן

און געפּרעגט: זאָגסטו דייטלעך און קלאָר, אַז יידן דאַרפן נישט, און האָבן איבערהויפּט קיינמאָל נישט געברויכט בלוט אויף פּסח?

שקר, אַ געמיינער בלבול, אַן אויסגעטראַכטער! — האָט דער אַמאָליקער ייד אויסגערופן — איך בין ערב פאַר דעם!

דער מלך האָט איצט אויסגעגאָסן זיין גאַנצן כעס אויף זיינע דוכסים און האָט גלייך צעריסן דעם כתב מיט אַלע חתימות. די ראַטגעבער זיינען זיך אויף גיך צעלאָפן מיט חרפּה.

דער ייד, דער משומד איז אויך אַהיים געקומען, אָבער נישט דער זעלבער... הייליקע געדאַנקען האָבן אָנגעהויבן אויפטויכן אין זיין מוח; זיי האָבן ביי אים געהאַלטן אין איין מאָנען, אין איין דערוועקן אַ נאָענטקייט און אַ ליבע צו יידישקייט. ער איז אַרומגעגאַנגען ווי משוגע. אַלץ אין הויף איז אים געוואָרן פאַרמיאוסט — די גרעפין, די קינדער, דאָס רייכטום, די אונטערהאַלטונג — אַלצדינג איז ביי אים געוואָרן ווערטלאָז. ער האָט אָנגעהויבן בלאָנדזשען אַרום דעם פּאַלאַץ און ניט געפונען קיין מנוחה.

די גרעפין האָט איינגעזען זיין אומרואיקייט, האָט זי אים גע׳עצה׳ט ער זאָל זיך אַביסל דורכפאָרן צווישן די גיטער, דערפער, פעלדער און וועלדער כדי צו פאַרטרייבן די מרה־שחורה. דאָס איז אים געפעלן. ער האָט איינגעשפּאַנט אַ גוטע בריטשקע, און פאַרנדיק געטראַכט: ווי באַפרייט מען זיך פון דעם קלעם? אַזוי טראַכטנדיק איז ער אָנגעקומען נאָענט צו קאָלבסוב. זאָגט ער צו זיך: אָט וועל איך אַריין צום ראַבין, ער וועט זיכער געפינען אַן עצה. אומר ועושה — ער לאָזט איבער דאָס פערד מיט דער בריטשקע און מיטן גראָבן שטעקן אין האַנט נעמט ער שפּאַנען צום רב, צו ר׳ אברהם יהושע העשיל.

ס׳איז שאַ שטיל, אין מיטן נאַכט, אַלע שלאָפן שוין, אָבער דער רב איז וואַך; ער איז פאַרטיפט אין לערנען און הערט גאָרנישט ווי דער פריץ קומט אַריין און שטעלט אַוועק זיין שטעקן ביי דער טיר. מיט גרויס דרך־ארץ דערציילט דער אַריינגעקומענער דעם רב ווער ער איז און אַז ער איז איצט גרייט תשובה צו טאָן...

דער רב, אַ פאַרטראַכטער, איז פול מיט פּחד. ער טראַכט זיך אַריין אין דעם ענין, טאָמער, חלילה, קאָן פון דעם אַרויסקומען אַן אומגליק אויף די גאַנצע קהילה! ער הויבט זיך פון אָרט, ער לויפט איבער דער שטוב הין און צוריק, ער נעמט שרייען מיט ציטערניש: אַרויס, אַרויס! מיר קאָנען גאָרנישט אַפילו רעדן וועגן דעם!

דער גראַף רירט זיך אָבער ניט פון אָרט, גלייך ניט אים מיינט מען.

ער גייט איבער אויפסניי זיין לעבנסגעשיכטע און בעט זיך רחמים ביים רב ער זאָל אים געבן אַן עצה אַן ווי אַזוי זיך צו ראַטעווען פון דעם טיפן אָפּ־גרונט. דער רב שפּאַנט אַרום און דערזעענדיק דעם גראָבן שטעקן ביי דער טיר, שרייט ער אויס: ווען ס׳וועט שפּראָצן דער שטעקן, וועלן מיר רעדן וועגן אייער תיקון!... דער גראַף הערט אָבער גאָרניט; זיין האַרץ האָט זיך צעעפנט, און עס שטראָמט פון אים ווי פון אַ קוואַל. ער חזרט ווידער איבער דעם סיפּור המעשה פון זיין לעבן, און בעט אַלץ אַ תשובה.

זע נאָר זע! וואונדער איבער וואונדער! דער שטעקן הויבט אָן שפּראָצן ווי איינגעוואָרצלט אין באָדן. דער רב ווערט ערשט מער דערצי־טערט, אָבער באַלד באַרואיקט ער זיך און ווערט אָנטשלאָסן צו ראַטעווען די פאַרבלאָנדזשעטע נשמה. די רייד פון גראַף האַלטן נאָך אין איין פליסן און דער רב זעט איין, אַז דאָס פּינטעלע ייד, וואָס האָט זיך אין גראַף דערוועקט דורך דעם עלילת־דם, וועט אים מער נישט לאָזן האָבן מנוחה. האָט אים דער רב געגעבן אַ שריפט צום אַמסטערדאַמער רב, וואָס האָט דעם גראַף מקרב און מדריך געווען צו ווערן אַן אמת׳ער בעל־תשובה לויט דעם תיקון און אָנווייזונגען פון דעם רב פון קאָלבסוב.

## אין וועלכע יאָרן איז דער אַפּטער רב געווען אין קאָלבסוב?

פון אַן הסכמה וואָס דער אַפּטער רב האָט געגעבן אויף דעם ספר „שו״ת מאיר נתיבים״ פון דעם גאון און מקובל ר׳ מאיר ב״ר צבי הירש מרגליות (מחבר פון ספר „סוד יכין ובועז״ אויף קבלה), פון די חשובסטע תלמידים פון בעש״ט, דערוויסן מיר זיך, אַז אין יאָר תקנ״א (1791) איז דער אַפּטער נאָך געווען אין קאָלבסוב, און אַז ער איז שוין געווען באַרימט אין דער חסידישער און לומדישער וועלט.

די הסכמה איז געגעבן געוואָרן כ״א כסלו תקנ״א אין דער שטאָט סקאָלוט (סקאַלאַט, 30 ק״מ פון טאַרנאָפּאָל). דאָס ספר איז צום ערשטן מאָל געדרוקט געוואָרן אין פולנאָי תקנ״א ג׳ בהר, „ותכל בו עבודה״, בששה לחודש זיו, זהו חודש אייר.

די יראת־הכבוד׳דיקע באַציאונג צום אַפּטער אין יענער צייט, קאָן מען אַרויסזען פון דעם גרויסן טיטול אין דער אויבערשריפט איבער דער הסכמה, וועלכע מיר ברענגען דאָ וואָרט־ווערטלעך צוזאַמען מיט דער הסכמה:

„מה״ה הרב הה״ג החסיד מפורסם חריף ובקי בוצינא דנהורא שלשלת יוחסין אב״ד דק״ק קאָלבסוב.

להיות ה״ה אהובי ש״ב (שאר בשרי) נד״ז (נכד דודי זקני) וחב״ד

(וחתן בן דודי) הרב הה״ג החריף שלשלת יוחסין כ״ש מו״ה בצלאל נ״י בן לאותו צדיק הגאון הגדול המפורסם החסיד המקובל מו׳ מאיר זצלה״ה אב״ד דק״ק אוסטרהא והגליל בעסקו במצוה, צוואת אביו ז״ל להדפיס חיבוריו הנפלאים, אף שאלו הספרים א״צ להסכמה אך לאהבת ידיד נפשי ש״ב הרב הה״ג מ׳ בצלאל הנ״ל, עתירתי מיודעי ומכירי ואהובי להיות זריזים מקדימים לדבר מצוה לקנות הספרים בכסף מלא מיד ש״ב הרב הנ״ל.

כ״ד מדבר לכבוד התורה ולכבוד הגאון המחבר זצללה״ה, מתאבק בעפר רגלי חכמים חכמי אמת, יום כ״א כסלו תקנ״א לפ״ק פה ק״ק סקאלוט.

הק׳ אברהם יהושע העשיל מזמיגראד החונה בק״ק קאַלבסוב יצ״ו״.

ר׳ שמואל, דעם אַפּטער רבס פאָטער, האָט געוואוינט אין זמיגראַד, איידער ער איז געוואָרן רב אין ניישטאָט. דער אַפּטער איז געבוירן און אויפֿגעצויגן אין זמיגראַד. דאָס יאָר פֿון זיין געבורט איז נישט באַקאַנט. לויט ווי ס׳איז אָנגענומען אין דעם אַפּטערס משפחה האָט ער געלעבט כמנין „עז״ (ה׳ עז לעמו יתן), קומט אויס אַז ער איז געבוירן אין יאָר תק״ח (ער איז נפטר געוואָרן אין תקפ״ה); אָבער די מערסטע כראָניקער שרייבן, אַז ער איז געבוירן אין תקט״ו.

דער אַפּטער פלעגט אויסמיידן צו געבן הסכמה׳ס, אַזוי ווי ער שרייבט אין זיין הסכמה אויפֿן ספר „נועם מגדים״, פֿון ר׳ אליעזר הלוי איש הורוויץ אב״ד טאַרניגראַד, געגעבן אין אַפּט תקס״ז: „אם אמנם דרכי למנוע מלתת הסכמה על [ה]דפסת ספרים...״, אָבער אין זיין הסכמה אויפֿן ספר „דגל מחנה אפרים״ פֿון דעם סאַדילקאָווער רב ר׳ משה חיים אפרים, דעם בעש״ט׳ס אייניקל, אַ זון פֿון זיין טאָכטער האָדעל, שרייבט ער, אין אַפּט אלול תקס״ז, מיט גרויס ענטוזיאַזם: „חמותי ראיתי אור יוצא מבין הבדים...״

פֿון דער הסכמה זעען מיר על־כל־פּנים אַז אין אלול תקס״ג איז שוין דער רב געווען אין אַפּט. לויט הרב צבי הלוי איש הורוויץ ז״ל, אין זיין ספר „לקורות הקהלות בפולניה״ (ניו יורק, תשכ״ט), איז דער אַפּטער אָנגעקומען קיין אַפּט אַרום יאָר תק״ס, נאָכדעם ווי ר׳ משה לייב סאַסאָווער האָט זיך פֿון דאָרט אַריבערגעצויגן קיין סאַסאָוו. ווען דער אַפּטער איז אָנגעקומען קיין קאָלבסוב איז ער מסתמא געווען אין די מיטעלע דרייסיקער יאָרן. אַזוי אַרום קאָנען מיר אָננעמען אַז דער אַפּטער האָט זיך אויפֿגעהאַלטן אין קאָלבסוב בערך אין די יאָרן תקמ״ה־תק״ס (1785־1800), פֿון צוועלף ביז פֿופֿצן יאָר. (אגב, אויך אין מעזיבוזש בסוף ימיו איז ער געווען 12 יאָר, אָקוראַט ווי זיינע פֿאָרגייגער דאָרט: ר׳ משה חיים אפרים און ר׳ ברוך — אַלע צו צוועלף יאָר).

וועגן דער קאָלבסובער תקופה פון דעם אַפּטער, דערציילט אונדז עפּעס דער גאון און צדיק ר׳ משה טייטלבוים פון אוהעל, אין זיין ספר שו״ת „השיב משה״ (חלק יו״ד, שאלה כט): „בהיותי כאן פה ק״ק קאָלבסוב והייתי משובתי שבת אצל הרב הקדוש האלקי הגאון האמיתי אבד״ק הנ״ל נ״י הש״י יאריך ימיו ושנותיו... בא לפני השו״ב שלו מומחה ואומן גדול בכל עניני שו״ב וי״ש והציע לפניו דבריו, באשר שנתוודע לו בבירור גמור ברוב עסקו והרגלו בבדיקות זה לו יותר מעשרים שנה ועושה מלאכת ד׳ באמונה ולא ברמי׳ ח״ו ונותן כל לבו וכל חושיו וכל כחותיו ועשתונותיו ומחשבותיו להשגיח היטב הדק בהשגחה פרטית על כל פרטי פרטיות בענין בדיקה נתוודע לו שזה (חסרון ככף פשוטה וקרום מהדק) אינו סרכא, שזה התחלת הרפואה של מילוי החסרון...״ דער אַפּטער האָט געבעטן דעם גאַסט צו באַטראַכטן די שאלה: „והנה נצטויתי מפי כבוד הרב הקדוש הנ״ל להטות אוזן לדבריו ולעיין בזה. והנה מצות הרב הקדוש הנ״ל עלי חובה, ומצוה לשמוע דברי חכמים ואת פקודתו שמרה רוחי...״

דער „ישמח משה״ שרייבט מיט יראת הכבוד וועגן אַפּטער, און נאָך אַ לאַנגער לומדישער באַהאַנדלונג איז ער מסכים צו דעם שוחט „להתיר... במקום הפסד... באופן שיסכים ע״י כבוד הרב הגאון החסיד, מרא דאתרא מפק״ק קאָלבסוב יצ״ו. הכ״ד ה״ק משה טייטולבוים האב״ד דק״ק שינאַווע החותם פה ק״ק קאָלבסוב״.

מיט די פאָלגענדיקע ווערטער ווערט דער אַפּטער אַדרעסירט פון דעם גרינדער פון חב״ד, ר׳ שניאור זלמן פון לאַדי, אין אַ בריוו, חנוכה תקס״ז: „חיים ארוכים ושלום אל כ״ק ידי״נ ידיד ד׳ הרב הגאון הקדוש המפורסם איש אלקים מו״ר ר׳ אברהם יהושע העשיל (הלוי?) יחי׳ אב״ד דק״ק קאָל-ביסאָוו ואפטא ועוד״.

אין אַפּט איז ר׳ אברהם יהושע העשיל געווען בלויז אַן ערך פון ניין יאָר. אין תקס״ח (1808) האָט ער שוין אָנגענומען דאָס יאַסער רבנות, אָבער אָנגעקומען דאָרט איז ער ערשט נאָך פסח תקס״ט.

## אַ קאָלבסובער שרייבער פון אַפּטערס תורה

דאָס ספר „אוהב ישראל״ פון דעם אַפּטער איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך זיין אייניקל ר׳ משולם זוסיא פון זינקעוו, אַ זון פון ר׳ יצחק מאיר, דער עלטסטער זון פון אַפּטער און זיין ממלא מקום אין מעזיבוזש. אין דער הקדמה צו זיין זיידנס ספר, שרייבט ר׳ משולם זוסיא: „מועטים הם הדברים הנחקקים בעט סופר לזכרון, כי אם בקאָלבסוב היה איש אחד מיוחד ורשם בידיעת זקני זללה״ה...״

ווייזט אויס, אַז מ׳האָט אין קאָלבסוב יאָ אָפּגעשאַצט די תורה ווערטער פון אַפּטער, און ס׳האָט זיך אין זיין צייט געפונען אַ ייד, וואָס האָט געהאַט די קענטניש און דעם רצון זיי צו פאַרצייכענען. אָבער גרויס און באַרימט איז ר׳ אברהם יהושע העשיל ערשט געוואָרן אין אַפּט, אַזוי ווי עס ווערט דערמאָנט אין דער הקדמה: „ותהי ראשית ממלכתו בכתר הרבנות בק׳ קאָלבסוב ואח״ז נתקבל לאב״ד לעיר מלאה סופרים ומעוטרה ק״ק אפטה. והעיר הזאת היתה חביבה עליו מאוד... ולמען אהבתם הבטיחם שיקרא תמיד בשמם, וכן היה, ורגיל בפי כל: ׳הרב מאפטה׳ ״.

## פון אַפּט קיין יאַס און מעזיבוזש

פאַרוואָס איז דער אַפּטער אַוועק פון אַפּט, איז נישט קלאָר. ר׳ משולם זוסיא שרייבט נאָר: „אולם מסיבות שונות הוכרח לעקור דירתו משם״. איין זאַך ווייסן מיר, אַז דער אַפּטער האָט זיך נישט געאיילט צו פאַרלאָזן אַפּט, און אַז ער האָט געשטעלט גאָר ערנסטע תנאים די יאַסער בעלי־בתים. ער האָט געפאָדערט גענויע פּלענער פון די נייע דירות, וואָס מ׳האָט געדאַרפט ספּעציעל בויען פאַרן בית הרב. ס׳איז אָנגעגאַנגען אַ גאַנצע קאָרעספּאָדענץ ביז דער רב האָט זיך שוין נישט געקאָנט דערוואַרטן, און איז אָנגעקומען קיין יאַס נישט האָבנדיק פאַרטיק די דירות.

אויך אויפן וועג קיין יאַס האָט דער אַפּטער געהאַט אומאַנגענעמלעכ־קייטן. ער איז פאַרבייגעפאָרן סטרי. פּונקט יענעם חודש האָט זיך נישט באַ־וויזן די לבנה, ביז זעכצן טאָג אין חודש, ווען דער אַפּטער איז אַריינגעפאָרן אין מיטן מאַרק אין סטרי. אַ גרויסער עולם איז געווען פאַרזאַמלט און דער אַפּטער האָט גענומען מחדש זיין די לבנה. לויט דעם גאון און שטאַרקן מתנגד, דער „קצות החושן״ ר׳ אריה לייב הכהן העלער און זיין תלמיד ר׳ ענזיל, איז שוין געווען צו שפּעט אין חודש פאַר קידוש לבנה, האָבן זיי געזאָגט, אַז מ׳דאַרף דעם אַפּטער לייגן אין חרם. האָבן גראָבע יונגען גענומען באַ־וואַרפן דעם אַפּטער מיט שניי־קוילן און שטיינער. פּלוצלונג איז אַריינגעפאָרן אין מאַרק אַ קאַרעטע מיט ר׳ יעקב האַלפערן, דעם באַליכאָווער רב, וועלכער איז געקומען זיך געזעגענען מיטן אַפּטער. דער יונגער גאון האָט אויפגע־שטורעמט דעם עולם מיט זיין לייבן שטימע: „דרך ארץ! וואו איז דאָס גע־הערט, אַז מ׳זאָל פאַר דעם לייגן אין חרם?!״

די שטאָט יאַס אין מאָלדאַוויע, געפינענדיק זיך אונטער דעם טערקישן סולטאַן, אויפן שוועל פון אומרואיקן און אַנטוויקלענדיקן זיך באַלקאַן, איז דעמאָלט געוואָרן אָפן פאַר האַנדל צווישן אַלע מדינות פון נאָענט און ווייט.

אַהין איז אָנגעקומען אַ צופלוס פון רייכע יידן, סוחרים פון דער גאַנצער וועלט, וואָס האָבן זיך שוין געפירט מאָדערן. קאָן זיין אַז דער אַפּטער האָט געהאַט אַ דאָפּלטע כוונה אין ווערן רב אין יאַס: ערשטנס, איינצושטעלן ידישקייט מיט אַ גרויסן פאַרנעם ביד רמה, און צווייטנס, האָבן אַן אָפענעם וועג קיין ארץ־ישראל. ער האָט טאַקע געזאָגט: „יאַס" איז אותיות „סוף ארץ ישראל". אָבער, נאָר די ערלעכע יידן, הגם מאַנכע פון זיי גרויסע גבירים, האָבן אים אויסגעפאָלגט. די אַנדערע אָבער האָבן חוצפּהדיק רעבעלירט קעגן אים און מיט מסירות און נגישות אים אַזוי מצער געווען ביז ער האָט געמוזט גאָר אין אַ קורצע צייט, אין תקע"ג, אַנטלויפן אויף אַ מיסט־וואָגן אין מיטן נאַכט. דעמאָלט האָט דער אַפּטער געזאָגט: „יאַס" מאַכט „יש אומרים סדום", און „יאַסער גוים לא יוכיח" — אַ וואָרטשפּיל אויף דעם פסוק „היוסר גוים הלא יוכיח" (תהילים צד, י).

דער אַפּטער איז אַוועק קיין מעזיבוזש, דאָס וויגעלע פון חסידות וואָס איז געבליבן פאַרלאָזן מיט דער פטירה פון בעש"ט'ס אייניקל, דער רבי ר' ברוך, אין תקע"ב.

דאָ אין מעזיבוזש האָט דער אַפּטער זיך אָפּגעגעבן בעיקר מיט חסידות. קיין מעזיבוזש צום אַפּטער זיינען איצט געקומען אַלע גדולי החסידות (ר' נפתלי ראָפּשיצער, ר' אברהם מרדכי פינטשעווער, ר' הערשעלע זידיטשעווער, ר' אייזיקל קאָמאַרנער, ר' אייזיקל זידיטשעווער און אַנדערע) פון נאָענט און וויט.

דער אַפּטער איז נפטר געוואָרן אין מעזיבוזש אין תקפ"ה (1825) און איז דאָרט געקומען צו קבורה. ער האָט אָנגעזאָגט אין זיין צוואה, מ'זאָל אויף זיין מצבה נישט שרייבן קיין שבחים נאָר בלויז „אוהב ישראל", די זעלבע ראשי תיבות ווי פון „אברהם יהושע" — א"י. אוהב ישראל איז בגימטריא תקנ"ה, ווייל דאָס איז אַ תקנה פאַר יעדן יידן, זיך צו דערנענטערן צו אהבת הבורא, יעדער לויט זיין וועג.

דער נוסח פון דער מצבה:

פ"נ הרב אדמו"ר
אוהב ישראל מו"ה
אברהם יהושע
העשיל מק' אפטא
בהרב החסיד ועניו
שלשלת היוחסין מ'
שמואל ז"ל. נפ' ה' ניסן
תקפ"ה

ולעת זקנתו תקע
אהלו של תורה פ"ק
מעזבוז ולו דומי' תהל'
ובמקום גדולתו שם
ענותנותו אשר יצוה
את בניו שלא לכתב
על מצבתו שבחות
תנצב"ה
...ויעמוד לקץ הימין לגורלו.

דער רבי ר׳ זושא פון האניפּאָלי האָט אַמאָל געזאָגט אויפן פּסוק „ונהר יוצא מעדן להשקות את הגן, ומשם יפרד והיה לארבעה ראשים" (בראשית ב, י): „עדן" איז דער בעש"ט. „נהר" — זיין תלמיד דער מעזרי־טשער מגיד ר׳ בער. „גן" — מיין ברודער ר׳ אלימלך פון ליזשענסק. די „ארבעה ראשים" זיינען: דער לובלינער חוזה, דער קאָזשניצער מגיד, ר׳ מענדעלע רימאַנאָווער און דער אַפּטער ר׳ אברהם יהושע העשיל.

ס׳זיינען פאַרבליבן פון אַפּטער פיל חכמות, גוזמאות מיט זעלטענעם הומאָר, מעשיות, עטלעכע בריוו און הסכמות, אַ חוץ דברי תורה וואָס זיינען דערשינען צום ערשטן מאָל אין ספר „תורת אמת" דורך זיינעם אַ תלמיד ר׳ ישכר בער פון פּשעדבוזש און ראַדאָשיץ און דערנאָך אין ספר „אוהב ישראל" דורך זיין אייניקל ר׳ משולם זוסיא פון זינקעוו. דער אַפּטער אַליין האָט גאָר־נישט פאַרשריבן. ער האָט אָבער יאָ געזען אַ טייל פון די פאַרצייכענונגען, וואָס זיין זון ר׳ יצחק מאיר האָט אים געוויזן און מאַנכעס מאָל געמאַכט אויסבעסערונגען. מאַנכע שטעלן אין ספר „אוהב ישראל" זיינען אויך קאָרע־גירט געוואָרן פון ר׳ יצחק מאיר׳ן, וואָס איז אַלע יאָרן געווען גאָר נאָענט צום טאַטן און האָט געוואוסט און געקאָנט גענוי זיין געדאַנקן גאַנג. דער אַפּטער איז געווען אַן אויסערגעוויינלעכער מענטש אין זיין רעדן, אין זיין עסן און התנהגות, אַזוי אַז נאָר וויניק מענטשן, אנשי מעשה און רמי המעלה האָבן אים געקאָנט פאַרשטיין און ריכטיק אָפּשאַצן.

פון אַפּטערס שאַרפזין און חכמדיקע גוזמאות איז כדאי צו ברענגען די פאָלגענדיקע:

## „אוים קאָזאַקן!"

אויף דער גרויסער אוסטילער חתונה איז אַרויס אַ בילבול, אַז די חסידישע קאָזאַקן האָבן בשעת חדווה, זייענדיק בגילופין, עפּעס געשענדעט אַ קאַפּליצע. דער אַפּטער האָט גלייך באַרואיקט דעם כעס פון דער פויערישער פּוילישער באַפעלקערונג מיט זיין שטרענגען משפּט. ער האָט אויסגעשטעלט די „קאָזאַקן" און האָט בפני כל עם ועדה פון זיי אַראָפּגעריסן די רויטע לאַמפּאַסן, אויסשרייענדיק: פע! איר קענט מער ביי מיר ניט זיין קיין קאָזאַקן!

## „הייסע" קוויטלעך

צוליב אַ מסירה — דערציילט דער אַפּטער — האָבן מיר געמוזט פאַר־ברענען די קוויטלעך, וואָס די חסידים האָבן אָפּגעגעבן מיט די פּדיונות. ווי לאַנג מיינט איר האָבן מיר געברענט די קוויטלעך? דריי טעג און נעכט האָבן מיר מיט זיי באַהייצט דאָס הויז.

## שוין איינמאָל אַ פעלץ

צווישן די מלבושים וואָס דער אַפּטער האָט געמאַכט זיין זון ר׳ יצחק מאיר צו דער חתונה, איז געווען אַ טייערער סויבעלנער טוליפּ (אַ פעלץ פאַר שבת). דער אַפּטער פלעגט רימען זיין קוואַליטעט אויף דעם אופן: ווילט איר וויסן ווי טיף ס׳זיינען געווען די האָר פונעם סויבל? שטעלט אייך פאָר, ווען אַ רייטער אויף אַ פערד מיט אַן אויסגעשטרעקטער שפּיז זאָל אין פעלץ אַריינ־רייטן, וואָלט מען פון אים גאָרנישט מער אַרויסגעזען. אָבער ווייך און דין איז דאָס פעלכל געווען, אַז מ׳האָט דעם גאַנצן פעלץ געקאָנט צונויפלייגן און אַריינוויקלען אין אַ שאָלעכץ פון אַ וועלשענע נוס.

## דער „ריכטיקער" בעל תפילה

ס׳זיינען אין איין יאָר אויסגעשטאָרבן אַ צאָל קימפּעטאָרינס ר״ל, האָט דער אַפּטער גוזר־תענית געווען און אַוועקגעשטעלט ביים עמוד עפּעס אַ דאָרפסייד, וואָס האָט קוים געקאָנט זאָגן עברי. ווען ס׳איז געקומען אין דער שמונה עשרה צו דער ברכה „ברך", האָט אונדזער בעל־תפילה זיך צעהיצט און אויסגעשריען: „וברך את נשותינו כנשים הטובות לברכה. ברוך אתה ה׳ מברך הנשים". „אַי, אַ טייערער בעל תפילה", האָט דער אַפּטער אָנגעקוואָלן, „אַזאַ פּשוטע האַרציקע תפילה וועט זיכער מאַכן אַ רושם אין הימל". די מגפה אויף קימפּעטאָרינס האָט טאַקע אויפגעהערט.

## דעם אַפּטער׳ס מקווה און זיין פאַן

קאָלבסובער לאַנדסלייט געדענקען נאָך דעם אַפּטער רב׳ס מקווה און זיין פאַן. זייער טיף איז געווען די מקווה, אפשר אַ 20 טרעפּ אַראָפּצוגיין. דאָס וואַסער איז געקומען פון אַ נאַטירלעכן קוואַל און איז געווען זייער קאַלט און לויטער, ממש צום טרינקען. אַזוי שניידיק קאַלט איז דאָס וואַסער געווען, אַז מער ווי אַ מאָמענט האָט כמעט קיינער נישט געקאָנט זיך טובלען דאָרט. יעדן פרייטיק צום שוויצן פלעגט מען די מקווה אין גאַנצן אויסשעפּן, אָבער שבת פרי איז זי שוין ווידער געווען הויך אָנגעפילט.

הגם מ׳האָט די מקווה ניט געכשר׳ט (מאַכן זיכער ס׳זאָל נישט זיין מים שאובים ווען זי ווערט אויסגעשעפּט) ווייל ס׳וואָלט געווען אוממעגלעך איר צו דערוואַרעמען פאַר דעם באַנוץ פון פרויען, דאָך איז איינמאָל אין מיטן וואָך געקומען צופאָרן ר׳ שלמה לייבעלע פון טוטשין, זיך געטובלט אין אַפּטערס מקווה און גלייך אַוועקגעפאָרן.

דעם אַפּטערס פּאָן איז געווען פון רויטן געוואַנט אויף אַ גאַר לאַנגן שטאַנג, און איז תמיד געשטאַנען אין צפון־מערב ווינקל פון דער הויכער, שיין אויסגעמאָלטער, שול. מיט דער פּאָן פלעגט די חברה־קדישא איינמאָל אין יאָר, אין דער שמחת תורה־נאַכט, גיין מקבל־פּנים זיין דעם רב און אים פירן מיט געזאַנג צו די הקפות. מיט דער צייט איז דאָס געוואַנט פון דער פּאָן אַביסל צעשאָטן געוואָרן. האָט מען זי איבערגעצויגן מיט אַן אַנדערן, אַ בלאַסן שטאָף.

אויף דעם קאָלסובער בית־עולם, גלייך ביים אַריינגאַנג, האָט זיך געפונען אַן אַלטע מצבה מיט אַ בולט׳ן כתב (אַלע אַנדערע מצבות זיינען אויסגעקריצט מיט כתב שקוע) און געקערט צו מזרח, נישט צום גוף פון קבר (די גלאַטע זייט איז געווען געווענדעט צום קבר). דערציילט האָט מען, אַז דאָס איז געווען דאָס ערשטע קבר — פון דעם אַפּטער רב׳ס ברודער. ער איז אַרומגעפאָרן וועגן פּדיון שבויים און מ׳האָט אים געפונען אַ הרוג אום פּרייטיק. געפירט האָט מען דעמאָלט די נפטרים מקבר צו זיין אין פּשעצלאָוו — קאָלבסוב האָט נאָך ניט געהאַט קיין בית־עולם. הינטער דער שטאָט, אויפן וועג וואָס האָט געפירט קיין פּשעצלאָוו, האָט זיך דאָס פערד איינגע׳עקשנ׳ט און נישט געוואָלט רירן פון אָרט. ערב שבת האָט מען בלית ברירה גלייך מקבר געווען דעם מת־מצווה אויפן פעלד ביים וועג, וואָס מ׳האָט נאָכדעם אָפּגעקויפט פאַר אַ בית הקברות. אַזוי אַרום איז דאָס אָרט געהייליקט געוואָרן פאַר אַ בית החיים.

## ביבליאָגראַפיע


א. ר׳ אברהם יהושע העשיל מאפטא. ספר אוהב ישראל עם הקדמה מנכד המחבר ר׳ משולם זוסיא מזינקוב, ווארשא תרמ״א.

ב. ת. י. ברל. ר׳ יצחק אייזיק מקאמרנא, ירושלים תשכ״ה, מוסד הרב קוק.

ג. ר׳ אברהם יצחק מזינקאוויץ. סיפורי צדיקים החדש.

ד. הרב שלמה יוסף זווין. ספורי חסידים, תל־אביב, תשי״ז, א. ציוני.

ה. ר׳ יצחק אייזיק סאפרין מקאמרנא. ה׳ חומשי תורה עם פירוש היכל הברכה ואוצר החיים, לבוב תרכ״ו.

ו. מתתיהו יחזקאל גוטמאן. מגבורי החסידות, תל־אביב תשי״ג.

ז. מרדכי בן יחזקאל. ספר המעשיות, תל־אביב תשכ״א, דביר.

ח. Buber Martin, *Tales of Hasidim: The Late Masters,* New York, N.Y., Schocken, 1948.

ט. הרב צבי הלוי איש הורוויץ. ספר לקורות הקהלות בפולניה, ניו יורק, תשכ״ט.

בערטאַ פערדערבער־זאַליק

# אַ קאַלבושאָווער צוואה

די צוואה וואָס עס האָט געלאָזט שרייבן נטע נאַטאָוויטש בחייו, איז זיכער אַ היסטאָרישער דאָקומענט, וואָס וואַרפט אַ רעפלעקס אויף דעם לעבן אין קאַלבושאָוו און אויפן יידישן לעבנס שטייגער אין דעם שטעטל. די צוואה איז געשריבן געוואָרן דעם 26־טן נאָוועמבער 1869. מיר האָבן באַקומען אַן אָפּ־שריפט פון דער אָפיציעלער פוילישער איבערזעצונג און לויט איר רעקאָנס־טרואירן מיר אַלץ וואָס ווערט דאָרט געזאָגט און איז כדאי פון געזעלשאַפטלעך־געשיכטלעכן שטאַנדפונקט ציטירט צו ווערן.

אין דער הקדמה צו דער צוואה ווערט געזאָגט, אַז אין דעם אויבן דער־מאָנטן טאָג איז צוגעגרייט געוואָרן דער לעצטער ווילן פון נטע נאַטאָוויטש. די צוואה איז געשריבן געוואָרן אין אַן אָפּגעזונדערטע שטוב אין דער אָנוועזנהייט פון דריי עדות, צווישן וועלכע עס איז געווען אברהם אויכהיזיגער. אויכהיזיגער האָט די צוואה אַראָפּגעשריבן פון נאַטאָוויטשן אין יידיש. עס איז צום דרינגען דערפון, אַז פויליש האָט דער צוואה־שרייבער נישט געקאָנט, דערפאַר האָט ער געדאַרפט אָנקומען צו אַ יידישן טעקסט, וואָס איז שפּעטער איבערזעצט געוואָרן אין דער אָפיציעלער פוילישער שפּראַך דורך דעם שרייבער פון קייזערלעכן קרוין געריכט ט. אויגוסטינאָוויטש און באַשטעטיקט געוואָרן מיט דער חתימה און אַלע נויטיקע זיגלען פון דעם קייזערלעכן קרוין נאָטאַר, ליטינסקי, ביידע פון קאַלבושאָוו.

נטע נאַטאָוויטש איז געווען אַן אייגנטימער פון וועלדער, פעלדער און הייזער און האָט געהאַט אַ ווייב, זין, טעכטער און אייניקלעך און איז געווען פאַראינטערעסירט די אַלעמען אָפּצושרייבן חלקים פון זיינע גיטער און נחלאות. די עדות מיט אברהם אויכהיזיגערן, בעת דער יידישער טעקסט איז געשריבן געוואָרן, זיינען געווען: דער קאַלבושאָווער רב, אברהם־אהרן טייטעלבוים, וואָס דערקלערט אין דעם דאָקומענט, אַז ער איז אַלט 62 יאָר, איז פאַרהייראַט און איז דער פאָטער פון 5 קינדער, און דער קאַלבושאָווער דיין אליעזר גרעהער, 75 יאָר אַלט און איז דער פאָטער פון 3 קינדער.

אין דער צוואה ווערן אויסגערעכנט די זין, טעכטער, אייניקלעך, וואָס זיי לאָזט איבער נטע נאַטאָוויטש סומען פון געלט און טיילן פון גיטער ווי

ירושות: אַלטע נאַטאַוויטש, פאַרהייראַט ברוינהוט; נעכע־בלומע נאַטאַוויטש און פון מאַן — קאַרפּיאָל; דאָבּרע נאַטאַוויטש, פון מאַן האַלענדער; הערש־וואָלף נאַטאַוויטש; סערל נאַטאַוויטש, געהייראַט זאַנטאַג; רחל נאַטאַוויטש, פון מאַן שליסעל; אברהם־יעקב נאַטאַוויטש; מרדכי־אשר נאַטאַוויטש; מאיר נאַ־טאַוויטש; פערל נאַטאַוויטש; שמואל נאַטאַוויטש — דער לעצטער ניט חתונה געהאַט. אַן איניקל פון אַ טאָכטער שיינדל, וואָס האָט נישט געלעבט און אַ זון יוסף חיים נאַטאַוויטש.

אַחוץ דעם אַלעמען, האָט ער פאַרשריבן 500 פלאָרין (1 פלאָרין=2 קראָנען=100 קרייצער=200 העלער) צו דעפּאָנירן אין אַ זיכערע באַנק ווי אַן אייביקער קרן, פון וועלכן די פּראָצענטער זאָלן יעדן יאָר, אין טאָג פון זיין יאָרצייט, צעטיילט ווערן צווישן די קאָלבושאָווער אָרעמעלייט. דאָס באַנק־ביכל דאַרף זיך געפינען ביים קאָלבושאָווער רב, וועלכער וועט זיין פאַראַנט־וואָרטלעך פאַר דער פּינקטלעכער דורכפירונג פון דעם אָנזאָג, צוזאַמען מיט די קינדער.

ווייטער זאָגט זיך אין דער צוואה, אַז דאָס ספר־תורה מיט די זילבערנע תשמישי־קדושה, וואָס איז זיין אייגנטום, זאָל לאחר מאה־ועשרים אָוועקגעגעבן ווערן אין דער קאָלבושאָווער שול.

ס׳ווערן אויסגערעכנט פאָלגנדיקע רבנים און רביים, וואָס זיי דערמאָנט דער בעל־צוואה אין דעם פאַנאַנדערטייל פון דער ירושה: דעם קאָלבושאָווער רב ר׳ אברהם־אהרן טייטעלבוים — 50 פלאָרינען; דעם דזשיקעווער (טארנאָב־זשעג) רב הרב יהושע האָראָוויץ — 50 פלאָרינען; דעם ראָזוואַדאָווער רב ר׳ הירש האָראָוויץ — 50 פלאָרינען; דעם גלאָגעווער רב ר׳ אברהם־חיים האָראָ־וויץ — 50 פלאָרינען; דעם סטוטשינער רב ר׳ יצחק האָראָוויץ — 50 פלאָ־רינען; דעם קאָלבושאָווער דיין ר׳ איטשע־לייזער גרעהער — 25 פל.; דעם בירטשער רב ר׳ אהרן האָראָוויץ — 25 פל.; הרב ר׳ יחיאל האָראָוויץ — 25 פל.; דעם זון פון געוועזענעם קאָלבושאָווער רב, ר׳ אשר׳ל רובין — 25 פל.; דעם טשעשאַנאָווער רב, וואָס זיין נאָמען ער דערמאָנט נישט — 25 פל.; דעם געוועזענעם רב פון גלאָגעוו, ר׳ משה רובין — 25 פל.; דעם קאָלבושאָווער רב׳ס זון, ר׳ יחיאל טייטעלבוים — 25 פל.

דער קאָלבושאָווער בעל־בית ר׳ נטע נאַטאַוויטש פאַרגעסט נישט די שטעטלדיקע בתי־מדרשים און זיי פאַרשרייבט ער אויף איינצוקויפן צווישן אַנדערע פּרוכת׳ן — 150 פלאָרינען; פאַר אַ תלמוד־תורה וואָס דאַרף זיך אָנ־הייבן בויען — 125 פל.

ביז די געלטער וועלן פאַרטיילט ווערן נאָך זיין טויט, פאַרגעסט נישט דער בעל־צוואה אָפּצושרייבן די פּראָצענטער פון זיי צו זיין ווייב, שרה נאטאַ־וויטש. אין פאַל, אַז זיין פאַרמעגן זאָל פאַרגרעסערט ווערן, זאָל דער צוגאָב פאַרטיילט ווערן אין גלייכע חלקים צו די קינדער. דאָס זעלבע איז חל אין פאַל, ווען דאָס פאַרמעגן זאָל פאַרקלענערט ווערן — דאַן זאָלן די יורשים אַראָפּ־רעכענען דעם פאַרלוסט פּראָפּאָרציאָנעל אין גלייכע חלקים.



פאַמיליע פון נטע נאטאַוויטש — דעם בעל הצוואה

# דער פּאָגראָם אין 1919

דער „פאָרווערטס" ווי אַלע אַנדערע יידישע צייטונגען אין אַמעריקע האָבן אין ספּעציעלע באַריכטן געמאָלדן וועגן די שוידערלעכע פּאָגראָמען וואָס זיינען אויסגעבראָכן אין קאָלבושאָוו און אַנדערע גאַליצישע שטעט אין מאַי 1919. דאָס איז געשען אין די ערשטע האָניק חדשים פון פּוילנס צוריק דערראַבערטער אומאָפּהענגיקייט.

י. מאָרביד

# נאָך דעם פּאָגראָם אין קאָלבושאָוו און אַרום

וועגן דעם פּאָגראָם אין קאָלבושאָוו דערציילט דער אָנגעזעענער יידישער פּובליציסט לעאָן וויזענפעלד פון קליוולאַנד, וואָס איז אַליין אַ ריישער געבוירענער און האָט מיטגעמאַכט אין יאָר 1919 דעם פּאָגראָם אין זיין געבוירנשטאָט. זיינע זכרונות זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין „ספר רישע" (תל אביב, 1967). דער פּאָגראָם, כידוע, האָט זיך פאַרשפּרייט איבער די קלענערע יידישע ישובים אין ריישער קרייז. און נישט נאָר די וועכנטלעכע „נייע פאָלקסצייטונג", וואָס וויזענפעלד האָט דעמאָלט רעדאַקטירט און אַרויסגעגעבן אין ריישע, האָט געגעבן גענויע באַשרייבונגען וועגן דעם שוידערלעכן פּאָגראָם אין ריישע, נאָר די גאַנצע פּוילישע פּרעסע האָט וועגן דעם געשריבן, און גאָר באַזונדערס האָט די יידישע צענטראַלע פּרעסע פון קראָקע און וואַרשע באַשריבן די געשעענישן מיט אַלע פּרטים און רעאַגירט אויף די שוידערלעכע און בלוטיקע געשעענישן. פּראָמינענט האָט אויך דער ניו־יאָרקער „פאָרווערטס" געמאָלדן וועגן די בלוטיקע געשעענישן. אויך אַנדערע צייטונגען איבער דער גאָרער וועלט האָבן געמאָלדן וועגן פּאָגראָם.

קודם־כל אָבער האָבן די פּאָגראָמען אויפגעשטורעמט דאָס פּוילישע יידנטום. אין וואַרשעווער סיים האָבן די יידישע דעפּוטאַטן אינטערפּעלירט און געפאָדערט שוץ פאַר דער יידישער באַפעלקערונג. צווישן די פּראָטעסטירער האָבן זיך געפונען עטלעכע ניט־יידישע דעפּוטאַטן, וואָס האָבן זיך געשעמט מיט די כוליגאַנישע און מערדערישע עקסצעסן אין דעם ערשט ניט לאַנג צוריק באַפרייטן פּוילן. די פּאָגראָמען־כוואַליע האָט זיך צעגאָסן איבער קאָלבושאָוו, גלאָגעוו, סאָקאָלאָוו, ראָזשעוו, דזשיקעוו, ראָזוואַדעוו, סטריזשעוו, לאַנציט און אַ ריי אַנדערע שטעטלעך. דער ערגסטער פון זיי אַלע איז געווען דער פּאָגראָם אין קאָלבושאָוו, וואו ניין יידן, זיבן מענער און צוויי פרויען, זיינען אויף אַ ברוטאַלן און בעסטיאַלישן אופן דערמאָרדעט געוואָרן. צווישן זיי אַ זקן פון 92 יאָר.

די הרוגים זיינען געווען: שלמה שנור, פּסח ליכטמאַן, שרה בליצער, מרדכי זילבער, מרדכי קירשענבוים, שרה־הענע נאַמאָוויץ, אברהמ'עלע נחום'ס ווייב, רבקה, שלמה מלמד'ס זון, הערשל בינשטאָקס ווייב.

בעת דעם פּאָגראָם זיינען הונדערטער יידן פאַרוואונדעט געוואָרן.

דער סיים האָט אויפן פאָרשלאַג פון פרעמיער איגנאַצי פּאַדערעווסקי, (איינער פון די פּראָמינענטסטע אַמעריקאַנער פּאָליאַקן, אַ פּיאַניסט־ווירטואָז און גלענצנדיקער קאָמפּאָזיטאָר, וואָס האָט זיך באַטייליקט אין די ווערסיילער שלום פאַרהאַנדלונגען נאָכן ערשטן וועלט־קריג און איז געווען דער פּאַקטישער פירער פון אומאָפּהענגיקן פוילן) וואָס האָט ניט געקאָנט פאַרשווייגן די בלוטיקע געשעענישן, אַרויסגעשיקט אַ פּאַרלאַמענטאַרישע קאָמיסיע קיין ריישע און די אַרומיקע שטעטלעך צו אונטערזוכן די „אומרוען". אין שפּיץ פון דער קאָמיסיע איז באַשטימט געוואָרן דער פויערים־פירער ווינצענטי וויטאָס און ווי איר סעק־רעטאַר — ד״ר יצחק שיפּער, דעפּוטאַט פון טאַרנע, איינער פון די אויפגייענדיקע היסטאָריקער פון יידישן פוילן און שפּעטער באַרימט־געוואָרענער ציוניסטישער פירער. די קאָמיסיע איז געקומען קיין ריישע און שוין ביי איר ערשטער זיצונג, וואָס זי האָט אָפּגעהאַלטן, האָט וויטאָס אין זיין אַריינפיר־וואָרט צו די פאַר־האַנדלונגען, באַוויזן זיין אמתדיקן פויעריש־אַנטיסעמיטישן פּרצוף, פאַרוואַרפנדיק די יידן, אַז זיי זיינען שולדיק אין אַרויסרופן די פּאָגראָמען. ער האָט באַשולדיקט די יידן אין פאַרשוואַרצן דאָס פּנים פון פוילן, אין זייער אומלאָיאַלקייט צום אויפגעלעבטן פוילן און דערקלערט, אַז די פּאָדערונגען וואָס יידן שטעלן אַרויס זיינען אוממעגלעכע.

וויטאָס האָט אויך פאָרגעוואָרפן די יידן, אַז זיי באַרויבן די פּויערים, זיי רואינירן די פּוילישע דערפער און דאָס איז טאַקע די סיבה צוליב וועלכער די פּוילישע פּויערים זיינען אין כעס אויף די יידן. פאַרוואָסזשע וואונדערט מען זיך, אַז זיי באַטייליקן זיך אין אַנטי־יידישע עקסצעסן, וואָס ברעכן אויס פון צייט צו צייט.

ערשט צום סאַמע סוף פון דער דאָזיקער רעדע, האָט וויטאָס זיך איינ־געשטעלט און ענדערנדיק דעם טאָן, דערקלערט, אַז פּאָגראָמען זיינען פאַר־ברעכעריש און מען מוז זיי אויסמיידן און אָפּשטעלן.

לעאָן וויזענפעלד, וואָס האָט צוזאַמען מיט ד״ר ווילהעלם האַכפעלד, וויצע־בירגערמייסטער פון ריישע, און ד״ר העניריק וואַכטל, מיטגליד פון דאָרטיקן שטאָט־ראַט, זיך באַטייליקט אין יענער קאָנפערענץ, דערציילט ווייטער וועגן דער אויפגערעגטקייט פון וויטאָסן, וואָס איז אַרויס ממש פון די כלים, ווען ער, וויזענפעלד, האָט צוריקגעשליידערט דעם פּוילישן פּויערים־פירער, וואָס איז שפּעטער געווען עטלעכע מאָל פרעמיער פון רעגירונגען, דעם פאַרזוך צו מאַכן יידן פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די פּאָגראָמען אין, פאַרקערט, אים, וויטאָסן און זיין פּויערים־פּאַרטיי ווי אויך די אַנדערע אַנטיסעמיטישע פּוילישע פּאַרטייען אויפ־

געוואָרפן די אחריות פאַר זיי און בכלל פאַר דעם געשאַפענעם אַנטי־יידישן קלימאַט אין לאַנד. אין אַ געוויסן מאָמענט האָט וויטאָס זיך אַ קער געטאָן צו די מיטגלידער פון דער פאַרלאַמענטאַרישער קאָמיסיע און מיט אַ גרויסער מאָס פון איראָניע אַ זאָג געטאָן: „נו, ווי געפעלט איך?... ער וויל אונדז מאַכן גלויבן אין דעם אומגלויבלעכסטן; ער פאַרשווייגט אָבער דעם פאַקט, אַז געוויסע יידן פאַרנאַרן יונגע קריסטלעכע מיידלעך און האַלטן זיי אין פינצטערע קעלערס...” (דער דאָזיקער זאָג, מלא־חן און חכמה פון אַ פוילישן פּאָליטיקער איז געווען אַ גראָבער אָנוואונק צו אַן עלילת דם, וואָס האָט זיך פאַרשפּרייט אין יענע טעג אין ריישע און וואָס האָט זיך שפּעטער אָפּגעשטעלט, באַווייזנדיק, פאַרשטענדלעך, די אומשולדיקייט פון די יידן).

וויטאָס האָט פאַרענדיקט זיין אונטערזוכונג מיט דעם, וואָס ער האָט אַרויסגעשטעלט אַ פאָדערונג צו ד״ר ראָמאַן קראָגולסקי, בירגערמייסטער פון ריישע און פון ד״ר אַדאָלף שנעע, דעם ערשטן ציוניסטישן פּרעזידענט פון דער ריישער יידישער קהילה און אויך פון לעאָן וויזענפעלד, אַז זיי זאָלן איבערשיקן אים באַזונדער געשריבענע מעמאָראַנדומס; אויפן יסוד פון די מעמאָראַנדומס, וואָס דאַרפן אַנטהאַלטן דעטאַליזירטע באַריכטן וועגן די געשעענישן אין ריישע און אין דער גאַנצער געגנד, האָט ער צוגעזאָגט צו געבן אַן אומפּאַרטייאישן, אַרומנעמענדיקן באַריכט צו פּרעמיער איגנאַצי פּאַדערעווסקי. אַזאַ באַריכט איז קיינמאָל ניט צוגעשטעלט געוואָרן — פאַרענדיקט וויזענפעלד.

* * *

די פּאָגראָמען, אָבער, האָבן אַרויסגערופן אַ געוואַלדיקן שטורעם אין אַמעריקע און באַזונדערס צווישן די יידן, וואָס האָבן אָפּגעשטאַמט פון מזרח־אייראָפּע. גרויסע מאַסן־פּראָטעסט־פאַרזאַמלונגען זיינען אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין אַלע גרעסערע שטעט אין די פאַראייניקטע שטאַטן. די דאָזיקע מיטינגען האָבן אָנגענומען צווישן אַנדערע שאַרפע רעזאָלוציעס אַ רוף צו פּרעזידענט וואודראָ ווילסאָן אָנצונעמען געהעריקע שריט צו צווינגען די פּאָליאַקן איין מאָל פאַר אַלע מאָל צו באַהאַנדלען די יידן אין פוילן ווי גלייכבאַרעכטיקטע בירגער. פוילן, וואָס האָט אין אַ גרויסער מאָס געהאַט צו פאַרדאַנקען איר פּאָליטישע זעלבסט־שטענדיקייט ווילסאָנען, וואָס האָט אין זיינע באַרימטע 14 פּונקטן אַוועקגעשטעלט די ווידער־אויפשטעלונג פון דער פּוילישער מדינה ווי אַ פאַרבאַדינג פון דער נאָך־מלחמהדיקער אייראָפּע, איז געווען זייער סענסיטיוו צו אַזעלכע פאָדערונגען און באַשלוסן, און האָט געזוכט אויסצומיידן אַן אינטערווענץ מצד ווילסאָנען. דער אַמעריקאַנער פּרעזידענט, נאָכקומענדיק דעם דרוק פון דער עפנטלעכער

מיינונג אין זיין לאַנד, האָט באַשטימט זיין פריינד העברי מאָרגענטוי צו פאָרן קיין פוילן, כדי אויפן אָרט זיך צו באַקענען מיט דער אמתדיקער לאַגע און זען פון דער נאָענט אין וואָס פאַראַ באַדינגונגען די יידן לעבן אין פוילן. די ידיעה וועגן מאָרגענטוי׳ס באַשטימונג האָט צווישן די יידן אין פוילן אַרויסגערופן גרויס צופרידנקייט, זעענדיק אין דעם אַ צייכן, אַז זיי זיינען נישט אינגאַנצן אויסגע־ליפערט געוואָרן צו די פּאָליאַקן, ווייל סוף־כל־סוף וועלן זיך די פּוילישע מאַכטהאָבער מוזן רעכענען מיט אַמעריקע.

מאָרגענטוי, וואָס איז געווען איינער פון די רייכסטע יידן אין ניו־יאָרק, איז געקומען קיין אַמעריקע פון דייטשלאַנד אין זיינע יוגנט־יאָרן. דאָס מזל האָט אים צוגעשפּילט און ער האָט געהערט צו די גרעסטע פינאַנסיסטן אין לאַנד. ער האָט אויך געשפּילט אַ באַדייטנדיקע ראָל אין פּאָליטישן לעבן פון די פאַראייניקטע שטאַטן. ווי אַ דעמאָקראַט האָט ער געשטיצט אין 1911 די קאַנדי־דאַטור פון וואודראָ ווילסאָן פאַר פּרעזידענט. נאָכן דערוויילט ווערן האָט ווילסאָן זיין יידישן פריינט זיך אָפּגעצאָלט, באַשטימענדיק אים ווי דעם אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר אין טערקיי.

ווי אַ יאַהודי פון דער „וועסט־סייד״ האָט מאָרגענטוי געקוקט פון אויבן אַראָפּ אויף די מזרח־איראָפּעאישע יידן, וואָס זיינען געקומען צו די אַמעריקאַנער ברעגעס און האָט זיך באַצויגן צו זיי מיט ביטול. די עמיגראַנטן פון פּוילן, גאַליציע, רוסלאַנד און רומעניע האָט דער דאָזיקער דייטשער ייד ניט באַטראַכט ווי זיינע גלייכע. געקוקט האָט ער אויף זיי מיט רחמנות געפילן, געווען גרייט זיי אַביסל מאַטעריעל צו העלפן און פאַראינטערעסירט געווען בעיקר זיי „אויס־צומענטשלען״. ער איז געווען פולשטענדיק אַמעריקאַניזירט, פאַרשטענדלעך, און ניט פאַרשטאַנען די אייגנאַרטיקייט פון דעם מאַסן־לעבן פון יידן אין פוילן. אַזוי ווי וויטאָס, הגם פון אַן אַנדער שטאַנדפּונקט, האָט אויך מאָרגענטוי, קומענדיק קיין ריישע, נאָך איידער ער האָט אָנגעהויבן די אונטערזוכונג וועגן די פּאָגראָמען, באַשולדיקט די יידן אין אַלע מעגלעכע חטאים. מער פון אַלץ האָט דער אַמערי־קאַנער יאַהודי ניט געקאָנט פאַרטראָגן די יידישע מלבושים. ער האָט אַרויסגעוויזן פאַראַכטונג צו די יידן, וואָס זיינען געקומען צו אים אין זייערע בעקעשעס, קאַפּטאַנעס, לאַנגע בערד און געקרייזלטע פּאות.

מאָרגענטוי האָט פאַרוויילט אין ריישע זייער קורץ און איז אַוועק קיין לעמבערג, מיטנעמענדיק מיט זיך עטלעכע באַריכטן, וואָס די יידישע ראשי־קהל האָבן צוגעגרייט און אים איבערגעגעבן. איבערגעלאָזט איפן אָרט האָט ער צוויי אַמעריקאַנער יידישע אָפיצירן. געהייסן האָט עס, אַז די צוויי וועלן מאַכן די

אויספאָרשונג קודם־כל אין ריישע און דאַן אין די פּראָווינץ־שטעטלעך אַרום, וואו די פּאָגראָמען זיינען פאָרגעקומען.

דער עלטערער פון די צוויי אָפיצירן איז געווען דער היינט גוט־באַקאַנטער יידיש־אַמעריקאַנער שריפטשטעלער און לעקטאָר מאָריס סעמיועל. ער איז אַרומגעפאָרן אויף אייגענער האַנט. דער צווייטער אָפיציר איז אין ציווילן לעבן געווען אַרטור ל. גאָטהאַרד, פּראָפעסאָר אין ניו־יאָרקער קאָלאָמביא אוניווערסיטעט. פּראָפ׳ גאָטהאַרד האָט קיין יידיש נישט פאַרשטאַנען און אוודאי נישט גערעדט. דעריבער האָט מאָרגענטוי געבעטן וויזענפעלדן באַגלייטן דעם פּראָפעסאָר אין זיינע רייזעס איבער דער ריישער געגנט, גאָר באַזונדערס קיין קאָלבושאָוו, וואו עס איז פאָרגעקומען דער בלוטיקער פּראָגראָם.

קומענדיק קיין קאָלבושאָוו — דערציילט וויזענפעלד — איז ער מיט פּראָפ׳ גאָטהאַרד פאַרפאָרן צו ד״ר ראַבינאָוויטש, וואָס האָט לויט דער רעקאָמענדאַציע פון ד״ר רייך אין ריישע, געדאַרפט זיין דער פירער פון די אָרטיקע יידן. אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז דער אויבן־דערמאָנטער ראַבינאָוויטש, אַ יונגער אַדוואָקאַט אין שטעטל, איז ממש אַ שונא־ישראל און האָט אויסגערעדט אויף די יידן אין קאָלבושאָוו כל דבר אסור, אַז זיי זיינען רויבער, שווינדלער און גנבים.

אַרום דעם הויז פון דעם אַדוואָקאַט האָט זיך צונויפגעזאַמלט אַ גרויסער עולם יידן, וואָס האָבן זיך געוואָלט אַריינרייסן אין שטוב אַריין. לסוף האָבן באַוויזן אַריינצוקומען עטלעכע עלטערע יידן, וואָס האָבן דערציילט וועגן די שוידערן פון פּאָגראָם. די שילדערונגען זיינען געווען האַרצרייסנדיקע. די יידן האָבן פאַרגאָסן ביטערע טרערן אויף די אומשולדיקע קרבנות, וואָס זיינען געפאַלן בשעת דעם פּאָגראָם און אויף דעם אויסערגעוויינלעך־שווערן מאַטעריעלן מצב וואָס האָט זיך געשאַפן נאָכן פּאָגראָם. אַלע יידן — האָבן זיי דערקלערט — זיינען געבליבן בעירום ובחוסר־כל, אָרעמלייט און בעטלער.

דער חורבן אין קאָלבושאָוו האָט איבערגעלאָזט אַ שווערן איינדרוק אויף פּראָפעסאָר גאָטהאַרד און אויף זיין באַגלייטער. העלפן אָבער אויף אַ פּראַקטישן אופן האָט קיינער פון זיי נישט געקאָנט.

איפן וועג פון קאָלבושאָוו האָבן זיך ביידע אָפּגעשטעלט אין גלאָגעוו. דער פירשפּרעכער פון די דאָרטיקע יידן איז געווען דער 85־יעריקער יוסף טאָלער. דער זקן האָט געשילדערט די געשעענישן, וואָס זיינען געווען זייער שווער, אָבער צום גליק האָבן זיי זיך דאָרט פאַרענדיקט אָן מענטשלעכע קרבנות. דער עקאָנאָמישער חורבן איז געווען ביז גאָר גרויס. די יידן האָבן דערוואַרט באַלדיקע הילף פון די אַמעריקאַנער יידן. דער פּראָפעסאָר האָט זיי קיין הילף אויפן אָרט נישט געקאָנט געבן. אפילו צוזאָגן עס האָט ער נישט געקאָנט. אין זיינע מעמואַרן

ווייזט זיך אַרויס, אַז ער איז געווען שטאַרק באַאיינדרוקט פון דער שווערער לאַגע אין די שטעט און שטעטלעך, וואָס ער האָט באַזוכט. צוריקקומענדיק פון אַנדערע געגנטן אין פוילן, האָט ער דערקלערט, אַז די יידן אין פוילישן ווייס־רוסלאַנד און ליטע האָבן אויך פיל געליטן און אפשר נאָך מער.

צוזאַמען, אָבער, מיט דער אַרויסגעוויזענער פאַרשטענדעניש פאַר דער מוראדיקער סיטואַציע פון די יידן אין פוילן, האָט דער פראָפעסאָר געהאַלטן, אַז די יידן מוזן בייטן זייער לעבנס־שטייגער, דאַרפן ענדערן זייער קליידונג, אַראָפּ־וואַרפן פון זיך די יידישע צורה, אָפּשערן באָרד און פאות, אָננעמען די פוילישע שפּראַך און זיך אויסמישן מיט דעם רוב פון פוילישן פאָלק.

וועגן די איינצלהייטן פון דער אַמעריקאַנער מיסיע האָט גאָטהאַרד פאַר־עפנטלעכט אַ בוך אין 1920 אונטערן נאָמען Poland and the Minority Races, פון וועלכן מיר ברענגען אין די ווייטערדיקע עמודים געוויסע אויסצוגן (אין יידישער איבערזעצונג), וואָס זיינען נוגע ריישע און אומגעגנט, באַזונדערס קאָלבושאָוו.

**אַרטור ל. גאָטהאַרד**

# אַ מיטגליד פון דער אַמעריקאַנער מיסיע דערציילט

נאָכמיטאָג זיינען מיר אָנגעקומען קיין ריישע, אַ שטאָט מיט אַן ערך פופציק טויזנט מענטשן, און גערופן דעם פירנדיקן יידישן אַדוואָקאַט אין שטאָט, ד״ר רייך. ער האָט אונדז דערציילט, אַז די עקאָנאָמישע באַדינגונגען אין ריישע זיינען זייער שלעכטע, ווייל ס׳איז נישט פאַראַן קיין אַרבעט פאַר די מענטשן און אַז עס איז דאָ אַ גרויסער מאַנגל אין שפייז. ס׳איז פאָרגעקומען אַן אַנטיסעמיטישער אויסברוך אין יולי און צום גליק איז מען אָפּגעקומען אָן קרבנות.

ער האָט אונדז דאַן באַגלייט צו אַ מיטינג פון די ידישע קהלה פאָרשטייער. נאָך דעם ווי ער האָט געזאָגט עטלעכע ווערטער, האָט ה׳ מאָרגענטוי פאָרלאָזט, כדי אָוועקצופאָרן קיין לעמבערג און איך בין דערווייל פאַרבליבן, כדי צו מאַכן צוגאָבלעכע אויספאָרשונגען. דער ערשטער עדות האָט דערקלערט, אַז די אומרוען האָבן זיך אָנגעהויבן אין דעם ראַיאָן אין חודש מאַי מיטן פּראָצעס קעגן אַ ייד, וואָס איז באַשולדיקט געוואָרן מיט עלילת דם. אַ מיידל וואָס איז פאַרשוואונדן פון דער היים פאַר עטלעכע טעג, האָט זיך אומגעקערט צו אירע עלטערן אין אַ שטאַרק נערוועזן צושטאַנד. זי האָט געזאָגט, אַז זי איז, כלומרשט, פאַרכאַפּט געוואָרן פון געוויסע יידן, פאַרשטעקט געוואָרן אין אַ קעלער און געהאַלטן געוואָרן דאָרט פאַר אַ שטיקל צייט. זי האָט לסוף אויסגענוצט אַ פאַסיקן מאָמענט און זיך באַפרייט ווען קיינער האָט זי ניט געהיטן. אויפן פּראָצעס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אָט דאָס מיידל האָט אין דער אמתן פאַרווילט מיט אַ זעלנער און האָט באַנוצט דעם אויסרייד פון אַ מכלומרשטן ריטואַלן מאָרד, אויסצומיידן אַ באַשולדיקונג. דער ייד איז באַפרייט געוואָרן, אָבער דער קלאַנג פון אַ מאָרד, וואָס אַ ייד האָט אויסגעפירט פאַר רעליגיעזע צוועקן, האָט זיך פונאַנדערגעשפרייט איבערן לאַנד. פּאָליטישע אַגיטאַטאָרן האָבן שנעל אויפגעכאַפּט די קלאַנגען און ניט פאַרפעלט צו פּרעדיקן עקאָנאָמישן באָיקאָט אַסך ביטערער ווי ווען עס איז פריער. טאַקע באַלד, נאָכן פּראָצעס און נאָך דער באַפרייאונג פון באַשולדיקטן, האָט זיך אַרויסגעוויזן אַ מאַנגל אין שפייז אין ריישע. האָט זיך טאַקע אַ שמועה פאַרשפרייט, אַז יידן האָבן אויסגעקויפט אַ סך שפייז. די יידן האָבן דערקלערט די אָפיציעלע פּוילישע באַאַמטע, אַז זיי האָבן מורא, אַז עס

וועלן אויסברעכן אומרוען. די איינציקע טרייסט, וואָס זיי האָבן באַקומען, איז געווען אַן ענטפער „איר זענט נישט איצט אין עסטרייך. איר וועט דאַרפן זיך אַליין אָפּהיטן". ענדלעך, דעם 3טן מאַי, אַ טאָג פון פּוילישן נאַציאָנאַלן יום־טוב, האָט זיך אַ המון אויפגעזאַמלט פאַר דעם הויז פון שטאָט־פּרעזידענט און געפאָדערט שפּייז. ווען ער האָט זיי דערציילט, אַז ער קאָן גאָרנישט פאַר זיי טאָן, האָט זיך די מאַסע אַ לאָז געטאָן אין דער ריכטונג פון ידישן וואויק־קוואַרטאַל. דאָרט האָבן זיי אַרומגערינגלט איינע פון די שולן און גענומען וואַרפן שטיינער און שטעקנס דורך די פענצטער.

דער ווייטערדיקער עדות, אַ רב, האָט געשילדערט פאַר מיר וואָס עס איז פאָרגעקומען אין דער שול. ער האָט געדאַוונט, ווען די שטיינער האָבן אָנגעהויבן פליען דורך די שויבן. איך האָב אים געפרעגט, ווי ער האָט געפילט ווען דאָס גלאָז האָט זיך צעטראַסקעט, און ער האָט געענטפערט „איך האָב זיך נישט געשראָקן. ס'וואָלט געווען אַ וואונדערבאַרע מינוט גע'הרג'עט צו ווערן". דער המון האָט זיך אַ קער געטאָן און אָנגעהויבן רויבן די ידישע געוועלבער. הגם עס איז געווען אַן אָפּטייל פון זעלנער אין שטאָט, האָט דער פּולקאָווניק זיך אָפּגעזאָגט צו נעמען אַנטשפּרעכנדיקע שריט. דער סטאַראָסטע, אָבער, האָט געשיקט נאָך זעלנער פון אַ שכנותדיקער שטאָט און האָט אָפּגעשטעלט די עקסצעסן דעם צווייטן פרימאָרגן.

עס זיינען אויך געווען עדות, וואָס האָבן אָפּגעגעבן דערקלערונגען בנוגע דעם עקאָנאָמישן מצב פון די ידן. דער ערשטער מאַן איז געווען אַ זאַלץ־סוחר. במשך פון איבער זעכציק יאָר האָט זיין זיידע, פאָטער און ער, געהאַט אַ מלוכהשן מאָנאָפּאָל פון דער עסטרייכער רעגירונג צו פאַרקויפן זאַלץ. אַזוי שנעל ווי די פּאָליאַקן האָבן איבערגענומען די מלוכה, האָבן זיי איבערגעגעבן דאָס רעכט צו פאַרקויפן זאַלץ צו אַ פּאָליאַק. אַן אַנדער עדות איז אין פאַרלויף פון יאָרן געווען דער אינהאַבער פון אַ רעסטאָראַן אויף דער באַן־סטאַנציע. ער איז געוואָרן באַזייטיקט און אַ פּאָליאַק איז באַשטימט געוואָרן אויף זיין פּלאַץ. די קליינהענדלער האָבן אויך עדות געזאָגט, אַז די פּוילישע רעגירונג, וואָס האָט דעם מאָנאָפּאָל איצט אויף אַלע סחורות, האָט אַלצדינג אַוועקגעגעבן אין די פּוילישע קאָאָפּעראַטיוון. אָט די דאָזיקע קאָאָפּעראַטיוון, וואָס זיינען גיכער געוועלבער אָריענטירטע אויף רווחים ווי קאָאָפּעראַטיוון ממש, האָבן איצט געמאַכט פאַרדינסטן, וואָס ידישע קליינהענדלער פלעגן פריער מאַכן.

כאָטש עס איז געווען נאָך אַ לאַנגע שורה פון עדות, וואָס האָבן געדאַרפט אויסגעהערט ווערן, האָב איך געמוזט שליסן דעם פאַרהער, ווייל איך האָב געוואָלט זיך זען מיט דעם סטאַראָסטע. אַלע ידן האָבן געהאַלטן, אַז ער איז א

פיינער פּראָגרעסיווער מענטש, און זיי האָבן געגלויבט, אַז ווען ער וואָלט ניט געשטרויכלט געוואָרן דורך אינסטרוקציעס מצד די העכערע באַאַמטע, וואָלט ער גענומען שריט לייכטער צו מאַכן די סיטואַציע. דער דאָזיקער סטאַראָסטע איז געווען אַ פּעיקער יונגער מענטש, וואָס איז פריער געווען אַ באַאַמטער פון דער עסטרייכישער רעגירונג. די פּאָליאַקן אין גאַליציע זיינען מזלדיקער פון די פּאָליאַקן אין רוסלאַנד און אין דייטשלאַנד דערמיט, וואָס זיי האָבן אויסגעשולטע באַאַמטע, וואָס זיי האָבן געקענט נוצן. פון 1861 האָט גאַליציע גענאָסן פון אַן אויטאָנאָמיע און די פּאָליאַקן אין דעם קרייז האָבן דעריבער געהאַט אַ געלעגנהייט צו אַנטוויקלען קאָמפּעטענטע ציווילע באַאַמטע. דער סטאַראָסטע האָט מיר געזאָגט, אַז די באַדינגונגען אין דער שטאָט זיינען געווען קלאָגעדיקע, ווייל די באַפעלקערונג האָט נישט געקאָנט באַקומען גענוג שפּייז און קליידונג. הגם דער פּאָוויאַט איז געווען פריער אַגריקולטורעל אַ רייכער, האָבן די פּויערים פיינט געהאַט צו ברענגען זייערע פּראָדוקטן אין שטאָט אַריין, ווארום די באַפעלקערונג האָט נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט צו באַצאָלן זיי פאַר דעם. די פאַרהעלטענישן וועלן, גלויבט ער, זיך שנעל פאַרבעסערן, אָבער אויך דעמאָלט וועלן יידן נאָך אַלץ ליידן. ער האָט שטודירט די סטאַטיסטיק פון אַלע שטעט אין זיין ראַיאָן און ער האָט אויסגעפונען, אַז אַן איבערוויגנדע מערהייט פון יידן איז אַנגאַזשירט אין קליינהאַנדל. די דאָזיקע מענטשן בלייבן איצט אָן באַשעפטיקונג, ווארום די טענדענץ היינטיקע צייטן איז צו פאַרוואַנדלען האַנדל אין גרויס־מסחר, און וואו עס איז נאָר מעגלעך צו שאַפן קאָאָפּעראַטיווע געשעפטן. די מאָדערנע ציוויליזאַציע האָט אויסגעפונען, אַז דער קליינער פאַרמיטלער איז אומנויטיק און איז אַ קאָסטבאַרער אינסטרומענט אין דער ווירטשאַפטלעכער מאַשין. די יידן שטרייכן אונטער צו שטאַרק די פּראָבלעם פון פאָראורטייל און מאַכן נישט קיין גענוגנדיקע אָנשטרענגונגען צו פאַרבעסערן זייער מצב און אַליין זיך העלפן. אין גאַליציע האָבן קיינמאָל נישט עקזיסטירט קיין געזעצן, וואָס האָבן נישט דערלויבט די יידן צו אַרבעטן אויף דער ערד, אָבער בלויז אַ זייער קליינער פּראָצענט פאַרנעמט זיך מיט לאַנדווירטשאַפט. די איינציקע האָפנונג פאַר די יידן בלייבט אַ גרעסערע אינדוסטראַליזאַציע פון גאַליציע. אויב דאָס וועט געשען, מוזן די יידן זיין גרייט צו אַרבעטן אונטער די מאָדערנע באַדינגונגען. זיי פלעגן אָפּהאַלטן צו־פיל פאַרזאַמלונגען אַרום־צורעדן זייערע רעכט און נישט גענוג האָבן זיי דיסקוטירט זייער אויפגאַבע צו זיין פּראָדוקטיווע בירגער.

אַזוי ווי איך האָב שפּאַצירט צו דעם איינציקן האָטעל אין שטאָט, האָב איך דערהערט, אָן שום צווייפל, עפּעס אַ ניו־יאָרקער שטימע אויסרופן, „היי,

קאַפּיטאַן!" אַ מאַן איז געלאָפן אַריבער די גאַס און מיר דערקלערט, אַז אָט ערשט איז ער אָנגעקומען קיין ריישע פון ניו־יאָרק און שטייט איך מיט זיינע שווער־און־שוויגער. ער האָט מיך איינגעלאַדן צו איבערנעכטיקן אין זייער דירה. איך האָב ענדלעך מסכים געווען, ווען ער האָט מיך איבערצייגט, אַז יעדע טרחה וואָלט געווען קאָמפּענסירט מיטן פאַרגעניגן צו האָבן אַן אַמעריקאַנער אָפיציר ביי זיך אינדערהיים. זיין שווער, אַ הויכער אַלטער מאַן מיט דורכדרינגנדיקע האַרציקע אויגן, איז געווען דער גרעסטער פאַבריקאַנט אין שטאָט. כ'בין געווען דערשטוינט צו טרעפן אין אַזאַ קליינער שטאָט אַ דירה אויסמעבלירט מיט אַזויפיל געשמאַק ווי די איז געווען, און וואָס האָט מיך אַפילו געמאַכט וואונדערן איז געווען דער מאָדערנער באָד־צימער. זיין ווייב איז געווען אַ טיפּישע בעל־ביתטע פון אַלטן שטייגער. זי האָט געהאַלטן איר היים אין אַ פּערפעקטער אָרדענונג, האָט סערווירט גלענצנדיקע שפּייז און האָט לגמרי ניט אַרויסגעוויזן קיין אינטערעס צום געשפּרעך, וואָס איז אָנגעגאַנגען אַרום טיש. די טאָכטער פון די בעלי־בתים, וואָס האָט חתונה געהאַט מיט צוויי־דריי חדשים צוריק, איז געווען אַ טיפּישע היינטצייטיקע יונגע יידישע פרוי. זי איז געווען אַסימילירט אין איר פּוילישער קליידונג און שפּראַך, אָבער זיך געפילט גאַנץ שטאַרק ווי אַ יידישע טאָכטער און ווי אַזעלכע געוואָלט אָנגיין. זי האָט אויסגעדריקט אירע מיינונגען מיט אַסך גלויבן און עס האָט זיך געדאַכט, אַז דער פאָטער פאָלגט גיכער נאָך אירע אידייען ווי זי זיינע. אין ניו־יאָרק האָב איך שטענדיק געטראַכט, אַז דער פלוצימדיקער זעלבסט־גלויבן און אומאָפּהענגיקייט פון דער נייער גענעראַציע איז געקומען ווי אַ רעזולטאַט פון דער אַמעריקאַנער פרייהייט. נאָך דעם ווי איך האָב דורכשטודירט די באַדינגונגען אין פּוילן, בין איך געקומען צו דעם אויספיר, אַז דאָס איז אַ פּראָצעס, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש איצט פאַר דעם גאַנצן יידישן פאָלק. אין דעם פּראָצעס באַווייזן באַזונדערס די פּעיקערע און מער פּראָגרעסיווע עלעמענטן פון יונגן דור דורכצובראָכן דעם מיטלאַלטערלעכן תלמודישן אויפפיר און זיי ווערן מאָדערניזירט, ניט אויפגעבנדיק אין דער זעלבער צייט זייער רעליגיע. דאָס יונגע מיידל, למשל, האָט גערעדט מיט פאַרביטערונג קעגן די אַסימילאַטאָרן, וואָס ווילן אָנגיין ווי פּאָליאַקן און זיינען געווען גרייט אויפצוגעבן ביי דער ערשטער געלעגנהייט זייער אמונה. „מיר ווען מיט זיך עפּעס פאָרשטעלן, ווען מיר וועלן קריגן פאַר זיך אונדזער זעלבסט־רעספּעקט", האָט זי געזאָגט. „ווי קאָן איך זיך באַטראַכטן ווי אַן אמתדיקער פּאָליאַק, ווען איך בין געוואָרן פאַרשעמט און באַליידיקט אין פאַרלויף פון יאָרן דורך די לערער און די אַנדערע קינדער אין שול? איך פיל, אַז איך וויל געהערן צו אימעצן און וויל זיין

לאַיאַל צו אַ געוויסן אידעאַל. דאָס איז טאַקע די סיבה פאַרוואָס איך גלויב אַזוי שטאַרק אין יידישן פאָלק".

נאָכן מיטאָג בין איך אַוועק אין דער שול, וואו די עקסצעסן האָבן זיך אָנגעהויבן אין מאַי. איך האָב אַ שטופּ געטאָן און געעפנט אַן אַלטע געשפּאַלטענע טיר און זיך געפונען אין אַ לאַנגן גדעמפּט־באַלויכטענעם צימער. אויף די טישן, וואָס זיינען געשטאַנען אין צענטער פון צימער — זיינען געשטאַנען אַכט אָדער ניין צאַנקענדיקע ליכט און צווי קאָפּטשענדיקע נאַכט־לאָמפּן. אַרום אָט די טישן זיינען געזעסן פינף און צוואַנציק אָדער דרייסיק מענער אין עלטער — פון אַ קליין יינגל מיט רונדיקע אָקסלען פון אַן ערך פופצן ביז דעם אַלטן גרוי־באַבאָרדטן רב, אַ בן שבעים. פאַר יעדן פון זיי איז געווען אַ גרויס העברעאיש ספר און אַזוי, לייענענדיק פאַר זיך מיט עפּעס אַ ניגון, האָבן זיי זיך געשאָקלט אַהין און אַהער. זיי האָבן געלערנט גמרא און געווען אַוועקגעטראָגן אין אַן עקסטאַז פון קאָנצענטרירונג. אין דער קוים־באַלויכטענער שטוב, אין זייערע שוואַרצע בגדים, גרויסע בערד און אויסטערלישע פאות, האָבן זיי אויסגעזען ווי ברואים פון אַן אַנדער יאָרהונדערט. ס'האָט אויף מיר געמאַכט דעם איינדרוק ווי כ'וואָלט זיך פלוצים אַריבערגעטראָגן אין אַ ביבליאָטעק פון אַ קלויסטער מיט מאַנאַכן פון מיטלאַלטער. אַזוי ווי כ'בין אַריינגעקומען אין שטוב, האָט איינער פון די מענטשן זיך אויפגעהערט צו שאָקלען און זיך געשאַרט נעבן מיר. ווען איך האָב אים געזאָגט, אַז איך בין פון דער אַמערי־קאַנער מיסיע, האָט ער אַ וואָרף געטאָן זיינע הענט איבערן קאָפּ און אַ לאָז־אַרויס־געטאָן אַן אויסטערלישן געשריי פון פרייד. די אַנדערע לערנערס האָבן איבערגעלאָזט זייערע ספרים און האָבן זיך אַרומגעשטעלט אַרום מיר. זיי האָבן אָנגעהויבן אַלע צוזאַמען רעדן, ביז דער רב האָט זיי לסוף איינגעשטילט. דאַן האָט ער געהאַלטן אַ לאַנגע ברוך־הבא רעדע אויף לשון־קודש. וואָס לענגער ער האָט גערעדט, אַלץ איז ער געוואָרן מער ענטוזיאַסטיש און ביים סוף האָט ער געפאָכעט מיט זיינע לאַנגע דינע הענט, ווי פליגל פון אַ מיל.

פון דעם שטיבל בין איך אַוועק אין יידישן טעאַטער און איך האָב געזען אַ פּיעסע וואָס איז צוערשט געשטעלט געוואָרן אויף גרענד־סטריט אין ניו־יאָרק. גרענד־סטריט איז פאַרן פוילישן יידישן טעאַטער ווי בראָדוויי איז פאַר דעם אַמעריקאַנער טעאַטער. אין דער דראַמע האָט אַ יונגע יידישע אלמנה חתונה מיט אַ פּאָליאַק, וואָס איז נייגעריק צו קריגן איר געלט. זי בייט איר גלויבן, אָבער ניט געקוקט דערויף, האַלט זי דער שכורער מאַן אין איין באַליידיקן און מאַכט פון איר חוזק. ענדלעך פאַרלאָזט זי איר היים אין פאַר־צווייפלונג, אין דער צייט ווען איר קוזינע, וואָס איז געבליבן געטריי צו איר

אמונה, הייראַט פאַר אַ יונגן ייד און לעבט מיט אים אין גליק. דער עולם איז געווען ביז גאָר באַגייסטערט; משמעות, ער האָט נישט איינגעשטימט מיט דער געמישטער חתונה. דער אַקטיאָר, וואָס האָט געשפּילט די ראָל פון דעם מאַן, דעם שיכורן פּאָליאַק, איז געווען אַ יונגער ידישער בחור, וואָס איז געוואָרן פאַרוואונדעט בעת די מאַי־אומרוען. ער האָט געשפּילט זיין ראָל מיט אַזויפיל ענערגיע, אַז כ׳האָב געמיינט, אַז אָט גייט ער אָוועקהרגענען דאָס מיידל, וואָס האָט געשפּילט די ראָל פון זיין ווייב. דער עולם איז הויפּטזעכלעך באַשטאַנען פון יונגע מענטשן, וואָס מייסטנס האָבן זיי זיך געקליידט אייראָפּעאיש.

דעם 29סטן אויגוסט אין דער פרי, האָב איך זיך אויפגעהויבן 5:30 פאַרטאָג, ווייל איך האָב פּלאַנירט צו פאָרן קיין קאַלבושאָוו, אַ שכנותדיק שטעטל. די גאַנצע פאַמיליע מיט וועלכער איך בין געשטאַנען, איז געווען אַנוועזנד ביים פרישטיק — זיי האָבן דערקלערט, אַז זיי ווילן ווייזן די מעגלעכסטע העפלעכקייט צו אַן אַמעריקאַנער. דער רעדאַקטאָר פון דער לאָקאַלער צייטונג איז אַנגעקומען עטלעכע מינוט שפּעטער, ווייל ער האָט צוגעזאָגט מיך צו באַגלייטן אויף דער רייזע. האָבנדיק דורכגעפאָרן אַזויפיל דורכן לאַנד מיטן אויטאָמאָביל, בין איך געווען צופרידן פון דער געלעגנהייט צו זען עס אויף אַ באַקוועמערן אופן. איך האָב זיך, אָבער, נישט אָפּגעגעבן קיין חשבון דערפון ווי אָפּגעשוואַכט די שלעכט־באַשפּייזטע פערד זיינען געווען. נאָך דעם ווי די צווייִ פערד האָבן אַ האַלבן מייל פאַמעלעך זיך געשלעפּט, האָבן זיי אַנגעהויבן פרייכן און געצוואונגען אונדז אַראָפּ אויף די אייגענע פיס. זיי זיינען געווען ווי ס׳רוב זאַכן אין צענטראַל־אייראָפּע — אויפן ערשטן בליק האָבן זיי זיך אויסגעוויזן צו זיין שטאַרק און פעסט, אָבער אַז עס איז געקומען צו תכלית, זיינען געקומען די רעזולטאַטן פון דער מלחמה און באַוויזן ווי קליין עס איז דער אָפּגעשפּאַרטער רעזערוו פון כוחות. נאָך אַ שעה צייט זיינען מיר אַנגעקומען אין דעם פּיצעלע שטעטל גלאָגאָוו, וואָס אַ העלפט פון זיין באַפעלקערונג איז געווען ייִדיש. אויף עפּעס אַן אופן האָט זיך די ידיעה שנעל צעטראָגן איבערן ראַיאָן, אַז די אַמעריקאַנער זיינען אַנגעקומען. אַזוי, אַז ווען די מענטשן פון שטעטל האָבן דערזען מיין מונדיר, איז באַלד געוואָרן אַ גרויס געדרודער. זיי האָבן מיך אַנגעהויבן צו בעטן, אַז איך זאָל זיך אָפּשטעלן און הערן וואָס זיי האָבן צו דערציילן. לסוף האָב איך זיי צוגעזאָגט, אויף מיין וועג צוריק, נאָכמיטאָג, דאָ צו זיין. כאָטש עס איז געווען דערקלערט געוואָרן צו דער באַפעלקערונג, אַז מיר שטעלן מיט זיך פאָר אַ ריינע אויספאָרש־קאָמיסיע, האָט זיך געפילט איבער גאַנץ פּוילן, אַז אין דער אמתן האָבן מיר זיי געבראַכט מאַטעריעלע הילף. צוליב דעם איז יעדע שטאָט געווען פאַראינטערעסירט, אַז מיר זאָלן אָפּשטאַטן אַ וויזיט ביי זיי.

פון גלאָגאָוו זיינען מיר געפאָרן איבער די רואיקסטע טיילן פון לאַנד קיין קאָלבושאָוו, אַ שטעטעלע פון אַרום פינף און דרייסיק הונדערט באַפעל־קערונג. ס׳ליגט שיין אויף די ברעגעס פון אַ קליינעם טייכל; דאָס שטעטל אַליין, אָבער, איז אָרעמאַנסקע און זעט אויס זייער מיזעראַבל. דאָ, אין הויז פון דעם פירענדיקן ידישן אַדוואָקאַט, האָבן מיר פאַרשידענע עדות דערציילט וועגן פאָגראָם פון 7טן מאַי. יענעם פרימאָרגן האָט אין שטעטל אַריינגעשטראָמט אַ גרויסע מאַסע פון פויערים פון די אַרומיקע דערפער. אַ קאָמפּאַניע פון זעלנער, וואָס איז געווען סטאַנציאָנירט דאָ, איז געוואָרן אַנטוואָפנט דורך די פאָגראָמטשיקעס אָן צו גרויסן אָנשטרענג. דער המון האָט שפּעטער געפּלינדערט אַלע יידישע קראָמען און הייזער, און דערשאָסן אַכט עלטערע מענער און פרויען. די אַנדערע ידן זיינען, אָבער, אַוועקגעלאָפן אין די וועלדער, אָדער זיך פאַרשטעקט אין פאַרשיידענע פלעצער. נאָכן אויסהערן די עדות האָב איך זיך אַוועקגעלאָזט איבערן שטעטל און געזען, אַז אַסך פון די פענצטער זיינען נאָך אַלץ אויסגעבראָכן. דער ראש הקהל האָט מיר דערקלערט, אַז די ידן דאָ זיינען אַזוי אָרעם, אַז זיי פאַרמאָגן נישט אויף צו קויפן פריש שויבן־גלאָז. דער דאָזיקער אַלטער מאַן, וואָס איז פריער געווען אַ קליינער האָלץ־סוחר, איז דערצויגן געוואָרן אויף אַ מערקווירדיקן אופן. ער האָט ציטירט געטע און שילער און איז געווען ביז גאָר היימיש מיט שעקספּיר און בייראָן. כ׳האָב אים געפרעגט צי איז ער ווען־ניט־איז געווען אַוועק פון קאָלבושאָוו; ער האָט מיר דערויף געענטפערט, אַז קיינמאָל איז ער נישט אַוועק ווייטער ווי צוואַנציק אָדער דרייסיק קילאָמעטער. נישט געקוקט אויף דעם האָט ער געהאַט גאָר אַ היפּשע ידיעה וועגן אַלעם וואָס עס גייט אָן איבער דער וועלט און געשמועסט מיט מיר וועגן פּרעזידענט ווילסאָנס שטעלונג אין דער פראַגע פון מינאָריטעטן־רעכט. עס איז אויסערגעוויינלעך ווי וועלט־באַרימט דער אַמעריקאַנער פּרעזידענט איז. אין די סאַמע קלענסטע אָרטשאַפטן דאָ אין פּוילן קאָן מען זיין נאָמען און מען האָט אַ גאָר גוטע אַנונג וואָס ער שטעלט מיט זיך פאָר. איך דערמאָן זיך, אַז כ׳האָב געזען זיינע בילדער אויס־געשטעלט אין די שויפענצטער פון געשעפטן אין ווילנע און נאָוואָגרודעק.

איך האָב דאָן אָפּגעשטאַט אַ וויזיט ביים סטאַראָסטע. ער האָט מיר געזאָגט, אַז שטרענגע מיטלען זיינען אָנגענומען געוואָרן, אַזוי אַז קיינע אַטאַקן קעגן יידן זאָלן אין דער צוקונפט נישט קאָנען פאָרקומען. „דעם פאָגראָם" — האָט ער געזאָגט — „האָבן אָרויסגערופן פּאָליטישע אַגיטאַטאָרן — איינער פון זיי איצט אַ סיים־דעפּוטאַט — וואָס האָבן אָנגערייצט די פויערים קעגן די יידן. די ניט־געבילדעטע דאָרפישע עלעמענטן האָבן קיין סך אַגיטאַציע נישט געדאַרפט האָבן, ווען זיי האָבן דערשמעקט די געלעגנהייט צו ווערן רייך דורך

רויב. די יידן, אָבער, זיינען אויך שולדיק, ווייל זיי האָבן געהעכערט די פּרייזן פון אַלע סחורות אין אַזאַ מאָס, אַז די פּויערים זיינען נישט געווען אימשטאַנד עפּעס איינצוקויפן פאַר זיך במשך פון אַ לאַנגער צייט. די פּויערים האָבן אויך דערפילט, אַז די יידן האַלטן מיט די אוקראַאינער קעגן די פּאַליאַקן".

פאַר דעם ווי איך האָב פאַרלאָזט ס'שטעטל האָב איך זיך נאָכאַמאָל געטראָפן מיט די פאָרשטייער פון דער יידישער קהילה. זיי האָבן מיר דערקלערט, אַז זיי זיינען מסכים מיטן סטאַראָסטע, אַז ס'איז נישטאָ קיין שום סכנה פון אַ צווייטן אויסברוך. נישט צוליב דעם וואָס זיי האָבן צופיל צוטרוי אין דער שוץ וואָס ער וועט זיי געבן, נאָר זיי האָבן געפילט, אַז זיי זיינען איצט רואינירט צו אַזאַ מדרגה, אַז קיינער קאָן שוין גאָרנישט צונעמען ביי זיי, ווען ער וועט אפילו פּרובירן זיי צו באַראַבעווען. אין אַלגעמיין זיינען געווען די קעגנזייטיקע באַציאונגען מיט די פּויערים ביזן אויסברוך פון פּאָגראָם גאַנץ פריינדלעכע. לעצטנס זיינען די פּויערים געוואָרן אויפגעהעצט קעגן זיי דורך אַ געוועזענעם גלח, וואָס איז געווען איינער פון די פירער פון דער פּויערים־פּאַרטיי. אַזוי שנעל ווי די דאָזיקע פּאָליטישע אַגיטאַציע וועט אויפהערן, וועלן זיי ווידער זיין אין די בעסטע באַציאונגען מיט די פּויערים.

אויפן וועג אַהיים זיינען מיר פאַרבייגעפאָרן אַ קליין פאַרמהויז, וואו אַן אַלטער ייד איז געזעסן נעבן דער טיר. דער רעדאַקטאָר איז צוזאַמען מיט מיר אַראָפּגעגאַנגען מיט אים אַ שמועס צו טאָן, און ווען ער האָט דערהערט, אַז איך בין פון דער אַמעריקאַנער מיסיע, איז ער געווען איבערגליקלעך. ער האָט דערציילט, אַז ער צוזאַמען מיט זיין ווייב אַרבעטן דאָ אויף דעם לאַנד פאַר איבער דרייסיק יאָר. צוויי פון זיינע קינדער העלפן אים אַרויס אין דער ווירטשאַפט און צוויי אַנדערע זיינען אַוועק קיין אַמעריקע. ער האָט מיך אַריינגעבעטן צו זיך אין הויז אַריין, וואָס איז געווען אַבסאָלוט ציכטיק. אויף דער וואַנט האָט געהאנגען אַ בילד פון זיינע צוויי אַמעריקאַנער זין מיט אַן אַמעריקאַנער פאָן הענגענדיק איבער זיי. דער פויער האָט געזאָגט, אַז ער איז דאָ געווען גליקלעך, פלעגט מאַכן אַ שיין לעבן, ביז מיט צוויי חדשים צוריק, ווען איין נאַכט האָט מען זיך אַריינגעבראָכן אין זיין שייער און מען האָט אים צוגעגנבעט צוויי קי און אַ פערד. ער האָט ניט געוואָגט צו פאַרלאָזן יענע נאַכט זיין הויז, ווארום עס האָבן געבושעוועט אַרום גרויסע באַנדעס רויבער און ער האָט מורא געהאַט אַז זיי זאָלן אים ניט דערשיסן, אויב ער וועט זיי שטערן אין זייער „אַרבעט". ער האָט געהערט איינעם פון די רויבער זאָגן: „ס'איז ניטאָ וואָס מורא צו האָבן צו רויבן דאָ, ווייל דער מאַן דאָ איז אַ ייד". ער איז זיכער, אַז זיינע קי געפינען זיך דאָ ערגעץ אין דער שכנה'שאַפט, אָבער קיינער האָט נישט פאַרזוכט צו העלפן זיי געפינען און ער אַליין האָט מורא

געהאַט צו זוכן אויף אייגענער האַנט. אַזוי, בעת מיר האָבן גערעדט, איז דעם פויערס ווייב אַריינגעקומען אין שטוב. ווען זי האָט געזען, אַז איך בין אַן אַמעריקאַנער, האָט זי אָנגעהויבן צו וויינען און קלאָגן און אויסדערציילן אַלע אירע טענות. איר מאַן האָט זי געבעטן זיך איינצושטילן, ווייל ווען די שכנים וועלן דערהערן, וועלן זיי אים שלאָגן ווי נאָר מיר וועלן אַוועק. דער פויער האָט גערעדט בלויז פויליש און האָט געהאַט שוועריקייטן צו פאַרשטיין יידיש ווען דער רעדאַקטאָר האָט גערעדט צו אים.

נאָכן פאַרלאָזן דאָס הויז פון פאַרמער, האָב איך אָנגעהויבן אַ וויכוח וועגן די מלבושים און וועגן דער שפּראַך פון די מענטשן. מיין באַגלייטער האָט מסכים געווען מיט מיר, אַז די לאַנגע בגדים וואָס אַ סך פון די יידן טראָגן, מאַכט זיי אַנדערש אויסזען ווי די פּוילישע מיט־בירגער, און דעריבער האָבן זיי מיט זיך פאַרגעשטעלט איינע פון די סיבות פאַר די פאַראורטיילן. ער האָט דערקלערט, אָבער, אַז קיין שום יידישע צייטונג וואָלט ניט געוואָגט צו אַטאַקירן דעם דאָזיקן אַלטן מנהג. אין מיטלאַלטער האָבן אַזאַ קאַפּטאַן געטראָגן די חשובסטע מענטשן אין רוסלאַנד און פּוילן. די יידן, וואָס האָבן אין יענע צייטן געבילדעט דעם מיטלקלאַס, האָבן אָנגעהאַלטן די דאָזיקע קליידונג לענגער ווי אַנדערע. ווען אַ מנהג האָט זיך פאַרמעל אָנגעהויבן איינבירגערן ביי יידן, האָט עס אָנגענומען דעם כאַראַקטער פון אַ יידישן דין. עס וועט נעמען גאָר אַ לאַנגע צייט ביז אַן ענדערונג וועט פאַרקומען, הגם פילע פון צווישן די יינגערע מענטשן האָבן אָנגעהויבן טראָגן מאָדערנע קליידונג. אין 1850 האָט זיך באַוויזן אַ רוסישער אוקאַז, וואָס האָט געצוואונגען אַלע יידן צו טראָגן מאָדערנע מלבושים. די אולטראַ־אָרטאָדאָקסישע עלעמענטן האָבן דערקלערט, אַז טראָגן מלבושים ווי די ניט־יידן איז קעגן רעליגיעזן יידישן געזעץ, ווארום, ווי זיי האָבן באַוויזן, דער שולחן־ערוך איז קעגן דעם. זיי האָבן אויך באַטראַכט די נייע פאַראָרדנונג ווי אַ גזרה מצד דעם צאַר צו מאַכן זיי מיט כוח פאַר קריסטן, ווי אַ רעזולטאַט דערפון איז געווען די צאָל יידן, וואָס האָבן אויסגעקליבן צו באַצאָלן אַ שטראָף, ווי אויספירן די גזרה, אַזוי גרויס, אַז די אויספירונג פון דער פאַראָרדנונג איז אָפּגעלייגט געוואָרן אויף פינף יאָר. דאָס געזעץ איז באַלד פאַרגעסן געוואָרן.

פון מלבושים האָבן מיר זיך איבערגעוואָרפן אויף לשון. איך האָב געהאַלטן, אַז יידיש איז געווען איינע פון די סיבות, וואָס האָבן אַרויסגערופן פאַראורטיילן, ווארום עס איז געווען אַזוי אַנדערש פון דער פּוילישער שפּראַך; און פון דער אַנדערער זייט דערמאָנט עס שטאַרק די דייטשע שפּראַך. איך האָב געטראַכט, אַז עס וואָלט געווען בעסער ווען יידן וואָלטן גערעדט פויליש, אָדער לכל הפחות — העברעאיש, אַזוי ווי די דאָזיקע שפּראַך האָט אַ שיינע היסטאָרישע

פאַרגאַנגענהייט און פאַרמאָגט אַ גרויסע קולטור־געשיכטע. דער רעדאַקטאָר האָט מיט מיר נישט מסכים געווען. כאָטש ייִדיש איז געווען אין פּוילן ניט פּאָפּולער, האָט ער געהאַלטן אַז דאָס פאָלק זאָל ווייטער נוצן ייִדיש, ווארום די ייִדישע פּרעסע און ייִדישע ליטעראַטור קאָנען זיך אַנטוויקלען אויסשליסלעך דורך באַנוצן זיך מיט דער פּאָפּולערער ייִדישער שפּראַך. אַזאַ ליטעראַטור האָט זיך שוין אָנגעהויבן אַנטוויקלען און אין קורצן וועט זי ווערן אַ פאַקטאָר, מיט וועלכן מען וועט זיך דאַרפן רעכענען.

אַזוי זיינען מיר אָנגעקומען קיין גלאָגאָוו, וואו מיר זיינען דורכגעפאָרן הײַנטיקן פרימאָרגן. די ערשטע קהלה־פירער האָבן מיך באַשאָנקען מיט אַ לאַנגער פאָרזיכטיק־צוגעגרייטער רעדע פון ווילקאָמען, וואָס זיי האָבן געשריבן אין פאַרלויף פון גאַנצן טאָג. אויך דאָס שטעטל איז געוואָרן באַפּאַלן און באַרויבט דורך די פּויערים, אָבער צום גליק, כאָטש אַסך ייִדן זיינען צעשלאָגן געוואָרן, זיינען קיין קרבנות נישט געווען. אַן אַלטער מאַן, וואָס איז געווען דער פּירשפּרעכער, האָט דערקלערט, אַז דאָס וואָס טוט אים ווי אָמשטאַרקסטן איז דער פאַקט, וואָס ווען די פּויערים האָבן גענומען זיך דערנענטערן, האָט ער געבעטן זיינע שכנים, וואָס זיינען געווען קריסטן, צו נעמען זיינע פּיצעלעך אייניקלעך, אין זייערע הייזער — און זיי האָבן אָפּגעזאָגט, דערקלערנדיק אַז זיי קאָנען אַזעלכעס נישט טאָן און אַז ס׳איז נישט כדאי זיך איינצושטעלן פאַר אַ ייִד. „ווען דיינע אייגענע שכנים באַהאַנדלען דיך אויף אַזאַ אופן״, האָט ער צוגעגעבן, „פּילסטו אויף אַן אמת אַז דו ביסט אַ מין אויסוואורף״.

מיר זיינען אָנגעקומען צוריק פון גלאָגאָוו אין אַ קורצע צייט, ווארום דער בעל־עגלה, וואָס איז געווען אַ פרומער ייִד, האָט געוואָלט זיין צוריק פאַר זון־אונטערגאַנג. ער האָט געהאַלטן אין איין דערציילן אונדז, אַז דער רב וואָלט אים גוט אָנגעלערנט ווען ער זעט אים מחלל שבת זיין.

ווען מיר זיינען צוריקגעקומען קיין ריישע האָט דער צייטונגס־רעדאַקטאָר מיר פאָרגעשלאָגן צו באַזוכן די שולן און שטיבלעך, אַזוי ווי עס איז געווען פרייטיק, ערב שבת. ריישע, כאָטש אַ קליינע שטאָט, האָט אַסך שולן, וויל יעדער פאַך און צעך האָט אַן אייגענעם מנין. אַזוי האָבן די סטאָלאַרעס אַן אייגענעם בית־מדרש און די שוסטער האָבן אַן אייגענעם. צוערשט האָב איך באַזוכט די גרעסטע סינאַגאָגע, וואָס איז אויפגעבויט געוואָרן מיט הונדערטער יאָרן צוריק. כ׳האָב באַלד אויסגעפונען, אַז די תפלות האָבן זיך שוין אָנגעהויבן. די אָרטאָדאָקסישע ייִדן דאָ אין גאַליציע האָבן געטראָגן גרויסע רונדיקע שטריימלעך דורך די תפילות און לאַנגע טליתים. אַזוי ווי זיי האָבן געדאַוונט פלעגן זיי מיט פאַרמאַכטע אויגן פאַרציען אַ מאָנאָטאָנעם ניגון און פלעגן זיך שאָקלען אויף אַלע זייטן. ניט געקוקט אויף די רעליגיעזע התלהבות

פון די מענטשן, האָט זיך באַלד צונויפגעזאַמלט אַ גרופּע אַרום מיר, און אַלע האָבן זיי אָנגעהויבן רעדן צו מיר צוזאַמען. ס'איז אַן אויסטערלישע דערשיינונג, אַז כאָטש די ייִדן דאָ זיינען אַזוי טיף רעליגיעז, שיינען זיי נישט צו פילן דעם גייסט פון יראת־הכבוד אין דער סינאַגאָגע, וואָס די קאַטאָליקן פילן אין זייער קירך. לגבי דער תורה, אָדער הייליקע ספרים פון געזעץ, אָבער, פילן זיי די זעלבע טריישאַפט וואָס די קריסטן פילן צו זייערע הייליקטימער. אַזוי איז אין קאַלבושאָוו היינטיקן פרימאָרגן קודם־כל אָנגעוויזן געוואָרן, אַז דאָס ספר־תורה אין דער שטאָטישער שול איז געוואָרן פאַראומווירדיקט און ערשט שפּעטער האָבן זיי גערעדט וועגן די מענטשן, וואָס זיינען דערמאָרדעט געוואָרן. ווען אַ ספר־תורה ווערט טיילוויז באַשעדיקט ווערן די געבליבענע פאַרמעטן געבראַכט צו קבורה.

נאָך דעם ווי מיר האָבן באַזוכט דריי אָדער פיר בתי־תפלה, האָב איך זיך אומגעקערט צו דער פאַמיליע וואו איך בין איינגעשטאַנען. זיי האָבן איינגעלאַדן עטלעכע פריינד צום מאָלצייט און דאַן געגעבן לכבוד מיר אַ קליינע אויפנאַמע. איינער פון די יונגע מענטשן, וואָס איז אַריינגעקומען, איז געווען אַ סערזשאַנט אין דער פּוילישער אַרמיי. ער האָט מיר דערציילט, אַז ער האָט געהאַט גרויס מזל יענעם טאָג, ווארום ער איז סטאַנציאָנירט געוואָרן אין זיין היימשטאָט אַנשטאָט געשיקט צו ווערן אויפן פראָנט. איך האָב געענטפערט, אַז איך קאָן נישט פאַרשטיין ווי אַזוי אַ זעלנער קאָן אויסדריקן אַזאַ מין סענטימענט. האָט ער דערקלערט „ווען איך וואָלט דיר דערציילט מיין געשיכטע, וואָלסטו מעגלעך בעסער פאַרשטאַנען מיין שטעלונג. איך האָב זיך מאָביליזירט אין דער אַרמיי אין מערץ און זיך דערלאַנגט צום פראָנט אין אַפּריל; באַלד בין איך אַראָפּגעוואָרפן געוואָרן פון מיין פערד און פאַרוואונדעט געוואָרן. כ'בין צוריק־געקומען קיין ריישע און געווען דאָ אַרום צוויי אָדער דריי טעג. און דאָ זיינען די פּויערים באַפאַלן די שטאָט. זיי האָבן זיך אַריינגעריסן אין מיין טאַטנס הויז, אָבער ווען זיי האָבן דערזען מיך אין מונדיר, זיינען זיי אַוועקגעלאָפן. שפּעטער, בייטאָג, בין איך אַוועק צו אַן אָפיציר, וואָס איז געשטאַנען אין שפּיץ פון די אָרטיקע חילות און געבעטן אים צו שיצן די ייִדן; ער האָט, אָבער, מיר געענטפערט, אַז ער וועט נישט נוצן זיינע סאָלדאַטן פאַר אַזאַ מין אַרבעט. איצט, ווען איך וועל צוריק אויפן פראָנט, פיל איך, אַז איך וועל איבערלאָזן מיינע עלטערן און שוועסטער שוצלאָז. די גאַנצע צייט, וואָס איך וועל קעמפן פאַר מיין לאַנד, וועלן די אַנדערע סאָלדאַטן פון מיין אָפּטייל מיך רופן „ייִד" און האַלטן מיך ווי אַן אויסוואורף. אונטער אַזעלכע באַדינגונגען וואָלט איר אויך גיכער געוואָלט בלייבן אינדערהיים! ס'איז נישט קיין פראַגע פון פּחדנות ביי

מיר, ווארום ווען איך בין געווען אין דער עסטרייכישער אַרמיי, האָב איך באַקומען אַן אויסצייכנונג פאַר העלדישקייט".

אַזוי ווי כ'האָב געוואָלט זיין אין לעמבערג דעם צווייטן טאָג אין דער פרי, האָב איך באַשלאָסן צו נעמען די באַן, וואָס פאַרלאָזט ריישע אַביסל נאָך האַלבע נאַכט. פיר אָדער פינף פון די יינגערע מענטשן האָבן מיך געוומען צו דער סטאַנציע און געוואַרט דאָרט צוזאַמען מיט מיר. דאָ האָב איך זיך פאַרגעשטעלט צו אַ זייער סימפּאַטישן יונגן פוילישן אָפיציר, וואָס איז געווען דער אָנפירער פון דער באַנען־באַוועגונג. ווען די באַן איז ענדלעך אָנגעקומען, איז זי געווען אַזוי געפּאַקט, אַז מענטשן זיינען געשטאַנען אפילו אין די קאָרידאָרן. נאָך גרויסע באַמיאונגען האָט דער פוילישער אָפיציר מיר געגעבן אַ פּלאַץ אין דעם רעזערווירטן וואַגאָן פאַר רעגירונגס־לייט. איך בין געזעסן נעבן אַ פוילישן קאַפּיטאַן פון דער האַלער־אַרמיי. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער שטאַמט פון באַפאַלאָ, ניו־יאָרק. ער האָט גערעדט אַ גאַר גלענצנדיקן ענגליש; ער איז אָפּגעווען אין אַמעריקע איבער אַכט יאָר צייט, פאַר דעם ווי ער האָט זיך געמאָלדן צו דער פוילישער אַרמיי. אַזוי ווי די באַן האָט געהאַלטן אין איין זעצן און וואַרפן זיך אויף אַן אויסנאַמלעך אויסערגעוויינלעכן אופן, איז עס געווען אוממעגלעך צו שלאָפן, האָבן מיר פאַרבראַכט די נאַכט אין אַן אויסטויש פון דערפאַרונגען. ער האָט דערציילט, אַז ס'רוב מענטשן אין זיין קאָמפּאַניע זיינען אַנטיסעמיטיש געשטימט, אָבער דאָס איז געווען הויפּטזעכלעך די שולד פון די יידן אַליין. זיינע זעלנער, וואָס זיינען אָנגעקומען פון אַמעריקע און פון פראַנקרייך, זיינען באַזונדערס געווען דערשטוינט זעענדיק דעם אונטערשייד צווישן די יידן און די פּאָליאַקן. די מיאוסע, לאַנגע בגדים און די ניט־פאַרקעמטע בערד פון די יידן, האָבן זיי געעקלט. זיינע מענטשן האָבן געהאַט אַ געפיל, אַז מען טאָר נישט אויסליפערן די שטעט וואָס זיי האָבן דעראָבערט פאַר פוילן צו אַזעלכע מענטשן ווי די יידן, וואָס האָבן גערעדט אַן אַנדער שפּראַך און געווען געקליידט משונהדיק. זיי האָבן געגלויבט אויך, אַז אַלע יידן זיינען באָלשעוויקעס. נאָכמער, די יידן האָבן געהאָלפן די אוקראַאינער. איך האָב אים אָנגעוויזן, אַז עס איז ממש אוממעגלעך, אַז די יידן זאָלן אין דער זעלבער צייט קעמפן פאַר די באָלשעוויקעס און פאַר די אוקראַאינער, וואָס האָבן זיך קעגנזייטיק באַקעמפט; דער קאַפּיטאַן, אָבער, האָט געענטפערט, אַז דער זעלנער איז ניט קיין לאָגישע באַשעפעניש.

הגם די אויספירן פון דעם דעמאָלט יונגן קאַפּיטאַן גאַטהאַרד זיינען זייער אָפּט פאַלשע, פונדעסטוועגן ברענגען די אויסצוגן פון טאָגבוך אַ באַשרייבונג פון די שטימונגען וואָס האָבן אין סאַמע אָנהויב פון פוילנס באַפרייאונג געהערשט אין די שטעט פון דער ריישער וואָיעוואָדשאַפט, צו וועלכער קאַלבושאָוו און דער פּאָוויאַט האָבן געהערט. — רעד.

# בריוו פון יעקב עקשטיין צו די לאַנדסלייט
# אין די פאַראייניקטע שטאַטן

אין די אַרכיוון פון ה׳ דוד זאַלץ האָבן זיך אויפגעהיט עטלעכע בריוו פון ר׳ יעקב עקשטיין, אין וועלכע ער רעדט אַרום פּראָבלעמען פון יידישן ישוב אין שטעטל, זייערע פינאַנציעלע דאגות און עקאָנאָמישע שוועריקייטן. מיר ברענגען געוויסע אויסצוגן פון אָט די בריוו, וואָס זאָגן עדות וועגן זיין טיפע זאָרג פאַרן כלל פונקט ווי פאַרן פרט. די בריוו רעדן פאַר זיך וועגן דער אָרעמקייט און אויסזיכטסלאָזיקייט, אין וועלכע די יידן אין שטעטל האָבן געלעבט.

### פון אַ בריוו פון 5־טן סעפּטעמבער, 1928

זייער געערטער ה׳ גאסטווירט!

...ס׳פרייט מיך זייער, וואָס מיין ווענדונג צו אייך, בעת אייער זיין דאָ, האָט אָנגעטראָפן אַ וואָרעם און געפילפול האַרץ. אויב ס׳וועט געלינגען אין אַ געוויסער מאָס צו לינדערן די נויט פון די היגע נויטבאַדערפטיקע, דורך אייער איניציאַטיוו און אָנרעגונג, וועלן עס אייך די יידן קיינמאָל נישט פאַרגעסן. כדי צוזאַמענצושטעלן אַ ליסטע פון די אַלע היגע שטיצע־באַנויטיקטע יידן, האָב איך צו זיך איינגעלאַדן 3 פּערזאָן פון שטאָט, מענטשן וועלכע קענען גענוי די פאַרהעלטענישן אין שטאָט צווישן די יידישע משפחות, און מיר האָבן געמיינזאַם צוזאַמענגעשטעלט צוויי ליסטעס, וואָס איך דערלויב זיך צו דעם בריוו בייצולייגן.

ליסטע נומער 1: דאָס זיינען אָנשטענדיקע יידן. ערשט נישט לאַנג זיינען זיי געווען סוחרים פון מיטלשטאַנד, וועלכע האָבן זיך תמיד מפרנס געווען פון האַנדל און חלילה קיינמאָל נישט נהנה געווען מקופּת הצדקה. זיי זיינען אָבער צוליב דעם עקאָנאָמישן קריזיס מאַטעריעל געפאַלן און נויטיקן זיך איצט אין שטיצע.

ליסטע נומער 2: נאָקעטע אָרעמעלייט, וואָס געניסן שוין יאָרן פון עפנטלעך געזעלשאַפטלעכע שטיצע.

די נעמען וואָס פיגורירן אויףביידע ליסטעס וועלן אייך באַקאַנט זיין. איר וועט זיין אימשטאַנד פעסטצושטעלן פאַר יעדן די הילף פון די אונטער־שטיצונגען.

## פון אַ בריוו פון 20־טן מאַי, 1929

זייער געערטע הערן.

איך באַשטעטיק דעם דערהאַלט פון אייער בריוו מיט די בייגעלייגטע טשעקס. איך האָב די טשעקס גלייך פאַרטיילט צו די באַשטימטע פערזאָנען און באַקומען באַשטעטיקונגען פון זיי, וועלכע איך לייג אייך ביי צו דעם בריוו. אייער אויפרוף האָב איך איבערגעגעבן צו ה׳ געווירץ ער זאָל עס אויפקלעפּן. איך שטעל מיר פאָר, אַז איר וועט האָבן אַ מבול פון תחנונים־בריוו. ס׳איז אויך קיין וואונדער נישט, דען די פאַראָרעמונג פון די יידן איז אומגעהויער און גייט שנעל פאָראויס. איר האָט געטאָן אַ גרויסע זאַך מיט דער הילף וואָס איר האָט איבערשיקט.

איר וועט מיר אָבער אַנטשולדיקן פאַר דערלויבן זיך אויפמערקזאַם צו מאַכן אויף דעם נישט ראַציאָנעלן סיסטעם פון אייער געלט־פאַרטיילונג, וואָס איז אַ פּועל־יוצא דערפון, וואָס איר געפינט זיך פונדערווייטנס און זענט נישט אָריענטירט אין די היגע פאַרהעלטענישן. דאָס איז אפשר אַ חסרון פון דעם גאַנצן אַמעריקאַנער אונטערשטיצונגס סיסטעם. און ווייל איך בין טיף גערירט פון אייער איניציאַטיוו און אָפּפערווילִיקייט ביים אויפזאַמלען די בייטראַגן, וואָלט איך געוואָלט, אַז דאָס געלט וואָס איז אויפגעזאַמלט געוואָרן מיט אַזויפיל מי און מסירת־נפש זאָל דערגרייכן דעם ציל.

...איר דאַרפט באַגרייפן, אַז די הויפּט אויפמערקזאַמקייט ביים פונאַנדערטיילן די הילף דאַרף געלייגט ווערן אויף פּראָדוקטיווע הילף. דער סאָרט מקבלים, וואָס זיינען פאַרנאַטירט דאָ ווי אָרעמע, זייער לאַגע איז שוין אַ בעסערע. זיי קומען אין באַטראַכט ביי יעדער הילפס־אַקציע. זיי באַקומען אונטערשטיצונג פון אומעטום. איך וויל דערמיט, חלילה, נישט זאָגן, אַז זיי קומט נישט גאָרנישט. שלעכט ביז פאַרצווייפלונג איז די לאַגע פון דעם מיטלקלאַס, וואָס וואַרפט זיך אין קאָנוואולסיעס ניט אַריינצופאַלן, חלילה, צום מצב פון די ערשטע. דער בלויזער געדאַנק ביי אָט די צו געניסן פון צדקה קאָן זיי אַמאָל, חלילה, ברענגען צו שגעון און זעלבסטמאָרד (ווי איר ווייסט, איז דאָס אַ גאָר אָפטע דערשיינונג איצט צווישן פּוילישע יידן). דעם דאָזיקן קלאַס יידן דאַרף געשאָנקען ווערן די גרעסטע אויפמערקזאַמקייט. אַזאַ סוחר׳ל אָדער בעל־מלאכה, אויב ער קריגט 30־40 דאָלער און קאָן מיט זיי אָפּצאָלן עטלעכע וועקסלען און קאָן קריגן פרישן קרעדיט, אויף וואָס דער מיטלשטאַנד דאָ לעבט היינט, אָדער ער קאָן זיך איינקויפן אַביסל פרישע סחורה — פאַר אַזאַ מענטש איז דאָס פּשוטע רעטונג.

איך בין שטאַרק אונטערן איינדרוק פון אָט דעם פאַל:

כ׳האָב איך אין לעצטן בריוו אָנגעוויזן אויף אַ נצרך מיטן נאָמען לייב ווייכסעלבוים. דאָס איז אַ ייד 75 יאָר אַלט, וואָס איז נאָכן פונאַנדערפאַל פון עסטרייך און נאָכן אויסברוך פון די פּאָגראָמען געקומען אין שטאָט אַריין מיט אַ סומע געלט פון עטלעכע טויזנט דאָלער אין עסטרייכישע קראָנען. ער האָט פאַרקויפט אין דאָרף הייזער און פעלדער און אַוועקגעגעבן ס׳געלט אויף צינזען. זיינען די קראָנען דערוויל דעוואַלואירט געוואָרן, איז ער געבליבן בעירום ובחוסר כל.

איך האָב דעם דערמאָנטן ייד אַרויפגעשטעלט אויף דער ליסטע, אָן זיין וויסן, ווילנדיק, אַז ער זאָל קריגן אַ 15 דאָלער. דאָ וויל ער נישט געניסן פון צדקה, ער קומט איס ממש מיט לחם צר. ווען ער האָט דערהאַלטן דאָס טשעקעלע אויף 5 דאָלער איז ער צו מיר געקומען מיט אַ גערעכטער טענה: פאַרוואָס האָב איך אים צוליב 5 דאָלער שופך־דם געווען? דעם יידס עגמת־נפש באַריִרט מיך שטאַרק. איך האָב פאַר אים נישט קיין פאַרענטפער.

איך וויל נישט פּורש־בשם זיין פון אַנדערע מענטשן און ענלעכע פאַלן.

איר פרעגט מיך וועגן עטלעכע יידן: מ. וו. (אין בריוו זיינען אָנגעגעבן די נעמען) און מ. ג. זיינען אָרעמעלייט. זיי דאַרפן האָבן שטיצע. וועגן די אַנדערע וויל איך אָבער איך דאָ דערציילן. איך בין נבהל ונשתומם געוואָרן הערנדיק זייער מצב, וואָס קיינער אויפן אָרט קען זיך גאָרנישט פאָרשטעלן ווי שלעכט ער איז. אויב איר האָט צו אייער דיספּאָזיציע אַ בייטראַג פון וויניקסטנס 50 $, וועל איך איך דאַן די נעמען פון די נצרכים אָנגעבן. איך וויל זיי נישט קאָמפּראָמיטירן מיט 5 אָדער 10 דאָלער.

איך בין אַנטציקט פון אייער פּלאַן וועגן אַ גמילות־חסדים קאַסע, דאָס וואָלט געווען אַ ישועה פאַרן היגן מיטלשטאַנד, וואָס נויטיקט זיך זייער אין אָנפּראָצענטיקע הלוואות צום אויסצאָלן אויף לייכטע באַדינגונגען...

## פון אַ בריוו פון 11־טן אויגוסט, 1929

זייער ליבער ה׳ דוד זאַלץ,

מיט אַן אויסערגעוויינלעכער צופרידנקייט האָב איך אויפגענומען, אַז מיין אָנרעגונג וועגן אַ גמילות־חסדים אינסטיטוציע פאַר די קאָלבושאָווער יידן האָט ביי אייער רעליעף געפונען דעם געהעריקן אָפּקלאַנג... די אויפגאַבע פון אַזאַ אינסטיטוציע איז נישט צו טיילן נדבות פאַר אָרעמע קבצנים, נאָר צו קאָנען געבן דעם אָרעמען יידן הענדלער און בעל־מלאכה אַן אָנפּראָצענטיקע הלוואה, אויף צו קענען אומגיין מיט זיין פּרנסה און נישט דאַרפן אָנקומען צו שנאָרעריי און בעטל־ברויט.

...מיר וואָלטן געקאָנט אָפּראַטעווען צענדליקע משפחות פון אונטער־גאַנג. העלפט מיט, חשובער פריינט, צו רעאַליזירן דעם פּלאַן. אין מערערע פּוילישע שטעט זיינען שוין טעטיק אַזעלכע קאַסעס, וואָס זייערע אַמעריקאַנער לאַנדסלייט האָבן עס דערמעגלעכט.

## פון אַ בריוו פון 22־טן אויגוסט, 1929

...איך האָב געשריבן בריוו צו די פּערזאָנען, וואָס ה׳ צוקערמאַן האָט מיר זייערע נעמען און אַדרעסן געשריבן. איך דאַנק זיי אין נאָמען פון דער יידישער באַפעלקערונג אין שטעטל פאַר דער דערהויבענער שטיצע. איך מאַך זיי אויפמערקזאַם אויף דער נויטווענדיקייט פון אַ ג״ח־קאַסע, ווי איר האָט עס פאַרלאַנגט, אַביסל תחנונים און אַביסל תוכחה.

איך לייג ביי אַן אויפרוף פאַר דער אַמעריקאַנער יידישער פּרעסע. מעגלעך, אַז דער אויפרוף וועט זיך נישט צופּאַסן צום געשמאַק פון די אַמעריקאַנער, קענט איר מאַכן אַלע נויטיקע ענדערונגען. כדי צו קאָנען טרעפן מיט אַ קול־קורא מוז מען קודם־כל קענען די פּסיכאָלאָגיע פון די, צו וועלכע ער איז געריכטעט. איך האָב אויך צוליב געוויסע סיבות אויסגעמיטן ציטאַטן פון תלמוד און אגדות בנוגע גמילות חסדים, נישט וועלנדיק אפשר באַלעס־טיקן דערמיט די לעזער.

ס׳איז מיר אוממעגלעך געווען זיך צוזאַמענצוטרעפן מיט די גאַנצע ריי אַמעריקאַנער געסט, וועלכע האָבן באַזוכט אונדזער שטעטל. בשעת ה׳ צוקערמאַנס וויזיט, האָט ער מיך צוויי מאָל באַזוכט. ער האָט מיר געשילדערט אייערע פּלענער. ווי כ׳הער אָבער איז פון די פּלענער גאָרנישט געוואָרן.

איך האָב זיך די מי געגעבן צו קאָנען טרעפן מיט ה׳ טענצער, וועל־כער איז, לויט אייערע בריוו, אַן אַקטיוויער טוער און פאַרדינסטפול אין רעליעף. איך בין, ליידער, געווען ניט געזונט; געוואָלט אים זען אין מיין הויז, אָבער ער האָט, זעט אויס, נישט געקענט אָננעמען מיין איינלאַדונג.

## פון אַ בריוו פון 20־טן נאָוועמבער, 1929

...ס׳פרייט מיך זייער, זעענדיק אַז אייערע פּלענער וועגן קומען צו הילף דער שאַפונג פון אַ ג״ח־קאַסע, הויבן אָנצונעמען רעאַלע פאָרמען...
איך שיק אייך די פאַרלאַנגטע פאָטאָגראַפיע און באַגריסונג פאַר אייער „זשורנאַל״.

## פון אַ בריוו פון 11־טן דעצעמבער, 1929

פאַררופנדיק זיך אויף אייערס אַ בריוו, אין וועלכן איר דערקלערט, אַז איר האָט די ביז היינט געפירטע אונטערשטיצונגס־אַקציע ליקווידירט, און אַז איר קאָנט נאָר אין אַן אויסערגעוויינלעכן, קאַטאַסטראָפאַלן פאַל שיקן שטיצע, דערלויב איך זיך צו ווענדן צו אייך וועגן אָט דער אַנגעלעגנהייט: מ. ק.׳ס אַן אײדעם מיטן נאָמען ר. צ., אַ יונגערמאַן, אַ בן־תורה, וואָס האָט געפירט, כנהוג, אַ האַנדל אויף מערק מיט פאַרטיקע וועש און דערפון זיך מפרנס געווען, איז פּלוצים קראַנק געוואָרן. אָפּגעווען אין קראָקע און ריישע, און די דאָקטוירים האָבן אים גאָרנישט געהאָלפן. דערווייל האָט מען אויפגעגעסן דאָס ביסל סחורה און די משפחה געפינט זיך אין אַ טרויעריקן צושטאַנד.

איך ווענד זיך צו אייך וועגן אַ געוויסן בייטראַג פאַר זיי. ס׳איז אַן אומגעהויער רחמנות. פּשוט — פּיקוח נפש!

איך בעט אַנטשולדיקן וואָס איך באַלעסטיק אייך מיט אַזעלכע תחנונים־בריוו.

## פון אַ בריוו פון 27־טן יאַנואַר, 1930

...איר האָט אַ גרויסע זאַך געטאָן מיטן איבערשיקן טעלעגראַפיש די 20 דאָלער פאַר מ. ש. זיי זיינען אָנגעקומען אין אַ צייט, ווען די פאַמיליע האָט עס נויטיק געדאַרפט האָבן. איך קען נישט שילדערן זייער לאַגע. מיר דאָ האָבן אַלץ מעגלעכע געטאָן און אויפגעבראַכט די סומע פון צירקאַ 800 זלאָטעס. די אַרבעט איז געווען אָנגעלייגט. ער איז אַרויס פון געפאַר. ער נויטיקט זיך נאָך אין גוטע דערנערונג כדי צוריקצוקומען צום געזונט און קענען אָנהייבן פאַרדינען. זיינע אַ 15 יעריקע מיידל ליגט נאָך שלאַף אויף טיפוס און דאַרף האָבן רחמים.

אויך ר. צ. האָט דעם 10 דאָלערדיקן טשעק דערהאַלטן. ס׳איז צו ווייניק. ער וועט קיין לאָקאַלע תמיכה נישט אָננעמען. אויב ס׳איז אייך מעגלעך — העלפט אים.

דוד זאַליץ

# דער גערײַנגל פֿון די קאָלבושאָווער ייִדן

## (די געשיכטע פֿון דער גמילות חסדים קאַסע)

### די אַלגעמיינע לאַגע פֿון ייִדן אין פּוילן אין די דרייסיקער יאָרן

די צווייטע העלפֿט פֿון די דרייסיקער יאָרן, האָט געבראַכט די ייִדן אין פּוילן צו אַ קאַטאַסטראָפֿאַלער לאַגע. פּוילישע ייִדן, וואָס האָבן באַוווינט די פּוילישע ערד פֿאַר הונדערטער יאָרן און געוואָרן אַן אינטעגראַלער טייל פֿון דער פּוילישער לאַנדשאַפֿט, זייַנען דורך די מאַכטהאָבער דערקלערט געוואָרן פֿאַר איבעריק, אין בעסטן פֿאַל פֿאַר דריט און פֿערט ראַנגיקע בירגער. אין פּוילישן דאָרף איז געוואָרן דעם פּויער ענג, האָט די רעגירונג געשטויסן אים אין שטאָט אַריין און דורך אַן אויסגערעכנטע און פּלאַנירטע עקאָנאָמישע אַקציע, אַרויסגעשטויסן די ייִדן פֿון זייערע ווירטשאַפֿטלעכע פּאָזיציעס, כּדי צו מאַכן אָרט פֿאַר עכטע פּאָליאַקן. דער אַלטער „סוואָי דאָ סוועגאָ" פֿון די ענדעקישע אַנטיסעמיטן פֿון דעם פּרילינג פֿון פּוילישער פּאָליטישער אומ־אָפּהענגיקייט, איז באַנייט געוואָרן אין דער נאָך־פּילסודסקי תּקופֿה דורך זיינע תּלמידים און נאָכפֿאָלגער פֿון דער באַרימטער סאַנאַציע קאָלאָנעל־גרופּע מיט דער באַרימטער פּאָליטיק פֿון „אָווּשעם". געהייסן האָט עס, אַז די רעגירונג איז קעגן פֿיזישע אָנפֿאַלן, קעגן פּאָגראָמען און עקסצעסן, וואָס די אויסגעשפּראָכענע „נאַראַ"־העלדן פֿון דעם עקסטרעם־אַנטיסעמיטישן לאַגער האָבן גאַנץ דערפֿאָלגרייך פּרובירט דורכפֿירן אין אַ ריי שטעט און שטעטלעך לויטן מוסטער פֿון היטלער־דייטשלאַנד, מיט וועלכן פּוילן האָט געחתמעט אַ פֿרײַנטשאַפֿט־פּאַקט. אָבער די רעגירונג זעט מיט אַ גינסטיק אויג דעם עקאָנאָמישן אַרויסשטויס־קאַמף קעגן ייִדן. וועגן דעם האָט דער דעמאָלטיקער אינערן־מיניסטער סלאַוואָי סקלאַדקאָווסקי געזאָגט אָפֿן און פֿריי פֿון דער סיים־טריבונע אין וואַרשע: „אָווּשעם", אדרבא, יאָ!

האָט זיך אָנגעהויבן אייגנטלעך אַ געיעג צווישן ביידע טיילן פֿון דער פּוילישער באַפֿעלקערונג: די אַנטיסעמיטישע קאָאַליציע פֿון די נאַראָדאָווע דעמאָקראַטן און די וואוילע יונגען פֿון „נאַראַ" און „פֿאַלאַנגאַ" חדר האָבן פּאָגראָמירט, געשלאָגן, געהרגעט און באַטראַכט ייִדיש לעבן פֿאַר הפֿקר, און די פֿון אונטערן צייכן פֿון „סאַנאַציע" און שפּעטער „אָזאָן", וואָס האָבן זיך געהאַלטן אַן דער אָפֿיציעלער ליניע פֿון דעם רעגירונגס־אַנטיסעמיטיזם, האָבן מקיים

געווען די מצווה פון עקאָנאָמישן באָיקאָט, ווירטשאַפטלעכע פאַרדרענגונג פון ייִדישן סוחר, קליינהענדלער און בעל־מלאכה. אין נוסח פון היטלעריסטישן דייטשלאַנד פון יענע יאָרן, האָבן פוילישע מענער און פרויען פיקעטירט געשעפטן און וואַרשטאַטן, געשטעלט פאַטריאָטישע וואַכן אַרום די ייִדישע סטראַגאַנעס און קראָמען, אַז דאָס פאָלק זאָל, חס וחלילה, ניט ווערן קויפן ביים ייִד. ס׳זיינען פון די פאָליאַקן אָרגאַניזירט געוואָרן פויליש־קריסטלעכע קאָאָפּעראַטיוון, פינאַנסירט פון דער רעגירונג און פון די מוניציפּאַליטעטן, כדי צו קאָנען קאָנקורירן מיט דעם ייִד. די יעניקע, וואָס האָבן ניט געקוקט אויף דעם אַלעם, דאָך געוואָלט האַנדלען מיטן ייִד, וואָס האָט אויף זיין אייגענעם שטייגער באַוויזן צו קאָנען איינקויפן און צאָלן די העכסטע פּרייזן און אין דער זעלבער צייט פאַרקויפן פאַר די נידריקסטע פּרייזן, אַלע די וואָס האָבן אַריבערגעטראָטן די שוועל פון אַ ייִדישער אונטערנעמונג, האָט מען געשלאָגן, באַשפּיגן, פאַרשריען פאַר פאַררעטער פון פוילן.

ס׳האָט ניט לאַנג גענומען און די ייִדן זיינען אויסגעשטעלט געוואָרן צו דער גרעסטער דחקות און אָרעמקייט. שיינע בעלי־בתים און פּראָספּערירנדיקע סוחרים זיינען געוואָרן יורדים און צומאָל געמוזט אָנקומען צו הילף און גאַנץ אָפט אַראָפּגענומען דאָס שעם־היטעלע און ממש אויסגעשטרעקט די האַנט. די פּויפּעריזאַציע פון די ייִדישע מאַסן איז אָנגעגאַנגען אין אַ גאַלאָפּ טעמפּאָ און אַרומגענומען אַלע ברייטערע שיכטן. בעלי־מלאכות און האַנטווערקער זיינען דעקלאַסירט געוואָרן, סוחרים און הענדלער זיינען פאַראָרעמט געוואָרן. דאָס גאַנצע ייִדישע קהלה־לעבן האָט זיך איינגעבראָכן.

אויך דאָס שחיטה־געזעץ, וואָס איז טרויעריק־באַרימט געוואָרן איבער גאַנץ פּוילן און אין אויסלאַנד, ווי דאָס פּריסטאָר־געזעץ, זויפן נאָמען פון דער פּאַני פּריסטאָראָוואַ, קאַטוילישער סיים־דעפּוטאַטין, וואָס האָט זיך איינגעשטעלט פאַר צער־בעלי־החיים, אַ צדיקית אָ פרוי און ווייב פון דעם דעמאָלטיקן מיניסטער, האָט שטאַרק געטראָפן די ייִדישע באַפעלקערונג נישט בלויז פון רעליגיעזן שטאַנדפּונקט, נאָר אויך פון שטאַנדפּונקט פון ייִדישער ווירטשאַפט. די קהילה, וואָס האָט געצויגן איר חיונה און געדעקט אירע בודזשעטן אין אַ גרויסער מאָס פון שחיטה־אָפּצאָל, איז פאַראַליזירט געוואָרן און ניט געהאַט אויסצוצאָלן די שכירותן צו אירע באַאַמטע, די רבנים, שוחטים, משגיחים, מלמדים און אַנדערע, און ניט געקאָנט אויסצאָלן די שטיצע צו ייִדישע אינ־סטיטוציעס, ווי חדרים, שולן.

אַזוי איז עס געווען אומעטום: אַ בילד פון געפערלעכער אונטערדריקונג און דערדריקטקייט. אַזוי האָט עס זיך אויך אָפּגעשפּיגלט אין קאַלבושאָוו.

## דער בריוו קיין ניו־יאָרק וועגן דער גמילות־חסדים קאַסע

אַ טראַגישער בריוו, דאַטירט פון 1טן אַפּריל 1935 (נר. 35/118), איז אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק אויפן אַדרעס פון קאָלבושאָווער רב טייטלבוים, וואָס האָט געוואוינט אין אַמעריקע. דער בריוו איז געשריבן מיט דער פּערלדיקער האַנטשריפט פון סעקרעטאַר פון דער קהילה — געווירץ, הגם זיין אונטער־שריפט פיגורירט נישט. דער בריוו איז געחתמעט פון הרב יחיאל טייטלבוים מיט זיינעם אַן אָוואַלן סטעמפּל; אונטער דער דאָזיקער חתימה גייט אַ פיר־עקיקער סטעמפּל פון „שלטון הקהלה העברית בקאָלבושאָוו" (די פאַרוואַלטונג פון דער יידישער קהלה אין קאָלבושאָוו) און פאַרזען מיט דעם אָפיציעלן קיילעכדיקן סטעמפּל אין פּויליש „זאַזשאָנד גמיני וויזנאַניאָוועי זשידאָווסקעי וו קאָלבושאָוועי" מיט אַ מגן־דוד אין דער מיט און געחתמעט אונטער אַ סטעמפּעלע אין פּויליש „פּאַרזיצער פון דער פאַרוואַלטונג" דוד־צאַלעל־גרינשטיין און אונטער אַ זאַץ געשריבן אויף אַ שרייב־מאַשין אין דער דייטשער שפּראַך „איזראַעליטישע קאָלבושאָווער געמיינדע־פאַרוואַלטונג" זיינען געחתמעט די פאָלגנדיקע: סאַלאָמאָן זאַנטאַג, מאָסעס לאַנדאַו, יוסף נוסבאַום, מאַרקוס לאַמפּעל, אשר דערשאָוויטש, אַרנאָלד זעמל און שלום בראַד.

אין בריוו ווערט צוו. אַנד. געזאָגט:

„...ביי אייער לעצטן דאָזיין ביי אונדז אין שטאָט, האָט איר שוין דעמאָלט געהאַט די געלעגנהייט פעסטצושטעלן די קאַטאַסטראָפאַלע לאַגע פון דער היגער יידישער אָרגאַניזאַציע קליין־סוחרים און בעל־מלאכות, וועלכע בילדן, ליידער, אַ צו גרויסן פּראָצענט אין דער היגער יידישער באַפעלקערונג".

שוין אין דעם אויבן־געבראַכטן זאַץ זעט מען בפועל ממש, ווי אפילו באַוואוסטזיניקע יידן אין שטאָט זיינען דורכגעדרונגען געוואָרן מיטן אַנטיסע־מיטישן אַרגומענט און אָנגעהויבן טראַכטן, אַז זיי — און ניט די שכנים אָדער די אומשטענדן — זיינען שולדיק אין דער סטרוקטור פון יידישן קיבוץ אין פּוילן בכלל און אין קאָלבושאָוו בפרט. וואָס מיינט עס, אַז דער פּראָצענט פון קליין־סוחרים און בעל־מלאכות איז צו גרויס לגבי דער אַלגעמיינער צאָל יידן אין שטאָט? וויסן מיר דאָך היינט־צו־טאָג וואָס פאַראַ געוואַלטיקע ראָל אין ווירטשאַפטלעכן לעבן פון אַ לאַנד עס שפּילט דער סוחר, דער פאַרמיטלער צווישן דעם פאַבריקאַנט אָדער פּראָדוצענט און דעם קונה, דעם קאָנסומענט. און וועגן דער וויכטיקייט פון בעל־מלאכה, וואָס לעבט פון זיין אַרבעט, פון זיין האָראָוואַניע און זיין געניטקייט און אַרבעטסזאַמקייט, איז דאָך אָפּגערעדט. די פּוילישע פּראָפּאַגאַנדע, אָבער, איז געווען אַזאַ שאַרפע און העצערישע, אַז די יידן אַליין האָבן אָנגעהויבן נאָכטראַכטן, אפשר־טאַקע, אפשר זיינען זיי, די

שונאי־ישראל, געדעכט אין זייערע אַנטי־יידישע טענות וועגן מכלומרשטן יידישן פּאַראַזיטיזם?

ווייטער ווערט געזאָגט אין בריוו:

„זייט אייער אָפּפאָר האָט זיך דער מצב אויסערגעוויינלעך פאַרערגערט... די נייע... קהלה־פאַרוואַלטונג, איבערנעמענדיק די אַגענדן, האָט... געשטעלט זיך ווי איינע פון אירע הויפּט־אויפגאַבן צו לעזן, וויניקסטנס אין אַ געוויסער מאָס און אויף וויפל ס'איז מענטשלעך מעגלעך, די אָנגעוויייטיקטע פּראָבלעם".

וואָס האָבן די קאַלבושאָווער יידן געטאָן אין דער הינזיכט דערציילט דער בריוו אַזוי:

„...מיר האָבן תיכף דורכגעפירט, טיילוויז מיט אייגענע און אויך מיט אויפגעברענגטע מיטלען אַ גרעסערע באַהייצונגס־הילפס־אַקציע אין די שווערע ווינטער־טעג, וואָס האָט זיך אַדאַנק דער ערנסטער באַציאונג, איינגעגעבן, און געלינדערט אין אַ געוויסער מאָס די נויט פון דער אָרעמער יידישער באַפעל־קערונג".

דער בריוו דערציילט, אָבער, אַז די פאַרוואַלטונג האָט זיך נישט געוואָלט באַגענוגן מיט אַן איינמאָליקע אַקציע, וואָס לינדערט אויפן מאָמענט אויף אַ געוויסן געביט. זי האָט זיך פאַרנומען טיפער אַריינצובליקן אין די נויטן פון די שטאָטישע יידן און זוכן אַ ווייטגייענדיקערע הילף, וואָס זאָל זיי דערמעג־לעכן אָנצוגיין מיט זייער לעבן:

„...די קהילה־פאַרוואַלטונג האָט... אין איר בודזשעט אויפן יאָר 1935 פּרעלימינירט אַ סכום פון 1500 זלאָטעס, ווי אַ יסוד פאַר אַ גמילות־חסדים קאַסע, וועלכע וועט, פריי פון יעדער פּאַרטיי און קלייזל פּאָליטיק, זיך געפינען אונטער דער לייטונג פון דער... קהלה־פאַרוואַלטונג, וועלכע רעפּרעזענטירט, לויט איר היינטיקן צוזאַמענשטעל, די גאַנצע היגע יידישע באַפעלקערונג און אַרבעט ביישפּיללאָז האַרמאָניש".

די לעצטע צוויי ווערטער זיינען אין בריוו אונטערגעשטראָכן, כדי צו באַטאָנען די איבערפּאַרטייאישקייט און אומפּאַרטייאישקייט פון צוגאַנג צום שווערן פּראָבלעם. עס ווערט אויך אין בריוו אַרויסגעבראַכט, אַז די קאַסע וועט לייסטן הילף אַלע נויטבאַדערפטיקע, וואָס שטייען שוין אויף דער שוועל פון רואין, זיי צו שטעלן צוריק אויף די פיס כדי זיי זאָלן זיך אַליין קאָנען ווייטער העלפן.

עס איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ רעגולאַמין, לויט וועלכן די ליי־קאַסע וועט פונקציאָנירן און עס ווערט אויך אין בריוו אָנגעזאָגט, אַז די פאַרוואַלטונג וועט מאַכן באַמיאונגען צוצוציען צו דער געפּלאַנטער קאַסע „די געציילטע

באַמיטלטע יידן מיט געוויסע סכומים״. אַזוי ווי די נויט איז גרויס, ווערט אין בריוו אויסגעפירט, און די קהלה סובווענץ וועט ערשט אין פאַרלויף פון גאַנצן יאָר קאָנען אייגגעמאָנט ווערן פון דער קאַסע און זי וועט ניט סטייען פאַר די הצטרכותן פון די וואָס דאַרפן אַנקומען פאַר קאָנסטרוקטיווע הילף, בעטן די אונטערגעשריבענע פון רב, אַז ער זאָל מאַכן אַלע אָנשטרענגונגען און ברענגען די פראָבלעם צו דעם „קאָלבושאָווער רעליעף״ און צו די „יאָנג מענס אָרגאַ־ניזאַציע״, וואָס „האָבן שוין ניט איין מאָל אַרויסגעוויזן זייער צוגעבונדנקייט... צו זייער מאַמע־היים אין פאַרשיידענע פאָרמען און אומשטענדן״, צו באַווירקן זיי, אַז זיי זאָלן העלפן אויפשטעלן די גמילות־חסדים קאַסע.

אינטערעסאַנט צו וויסן, אַז די קאָלבושאָווער יידן האָבן געוואוסט וועגן דער פינאַנציעלער דעפּרעסיע, וואָס האָט אין יענע יאָרן געהערשט אין די פאַראייניקטע שטאַטן און דערמאָנענדיק עס אין זייער בריוו פאָדערן זיי פונדעסטוועגן אַ פאַראייניקטע אָנשטרענגונג פון זייערע אַמעריקאַנער לאַנדסלייט לטובת זייערע ברידער אין זייער היימשטאָט.

## די אַקציע פון זעלבסטהילף אין קאָלבושאָוו

ס׳איז כדאי צו ברענגען דאָ נאָך איין וויכטיקן דאָקומענט, וואָס געפינט זיך אין אונדזער רשות און וואָס הרב אלכסנדר טייטעלבוים, דער קאָלבושאָווער רב אין ניו־יאָרק, האָט אונדז אויסגעליען, און וואָס האָט אַ שייכות מיט אונדזער ענין. דער דאָקומענט איז אַן אָפּגעדרוקטער אויפרוף אין דער פּוילישער שפּראַך געדרוקט אין דער דרוקעריי פון א. האַאר אין קאָלבושאָוו, פון דעם קאָמיטעט צו פאַראייביקן דעם אָנדענק פון מאַרשאַל פּילסודסקי, צו דער יידישער געזעלשאַפט אין קאָלבושאָוו. דער אויפרוף איז דערשינען נאָך דעם טויט פון פּוילישן מאַרשאַל און ערב דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון די מיטגלידער פון די גמילות־חסדים־קאַסע צו וועלכער זיי ווערן גערופן אַנטיילצונעמען דעם 23סטן יוני 1935.

אין דעם אויפרוף ווערט געזאָגט (מיר ברענגען דאָ אויסצוגן אין דער יידישער איבערזעצונג):

„דער טויט פון מאַרשאַל יוזעף פּילסודסקי, דעם באַנייער פון אומאָפּ־הענגיקן פּוילן און איר אומדערמידלעכן בויער, האָט זיך אָפּגעשלאָגן מיט אַן עכאָ פון אויפריכטיקן טרויער אין אייערע הערצער. די געטרייע בירגער פון דעם לאַנד, וואָס ער האָט מיט זיין טאַט דערפירט צו מעכטיקייט, האָבן געגעבן אַן אויסדרוק זייער מיטלייד אין אומציילבאַרע ספּאָנטאַנע מאַניפעסטירונגען פון כבוד צו זיין אָנדענק...״.

„אַן איניציאַטיוו אין דער דאָזיקער ריכטונג איז אויפגענומען געוואָרן פון דער פאַרוואַלטונג פון דער היגער ידישער קהלה, וואָס האָט אין הסכם מיט די מיטגלידער פון דער קהילה אָרגאַניזירט אַ הומאַניטאַרע אינסטיטוציע צו ערטיילן אָנפּראָצענטיקע הלוואות אונטער דעם נאָמען „גמילת חסדים" אויפן נאָמען פון מאַרשאַל יוזעף פּילסודסקי, אונטערן פּראָטעקטאָראַט פון הויכגע־שעצטן סטאַראָסטע מאַגיסטער מיכאל שענקעוויטש".

ווייטער ווערט אין אויפרוף דערקלערט, אַז די גרינדער פון דער גמילת־חסדים קאַסע האָבן באַשלאָסן צו פּראָקלאַמירן אַ גרויסע זאַמל־אַקציע, כדי צו אָרגאַניזירן די דאָזיקע אינסטיטוציע און אויפפאָדערן די ידישע באַפעלקערונג אויף אַ מאַסנהאַפטן אופן צוצוטרעטן ווי מיטגלידער אוןביישטייערן זיך מיט איינמאָליקע בייטראָגן לטובת דער קאַסע.

דער קאָמיטעט בעט אַלע ידן אין שטאָט תיכף זיך אָנשליסן ווי אונטער־שטיצנדיקע מיטגלידער, וואָס וועט זיי באַרעכטיקן זיך צו באַטייליקן אין דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג, וואָס ווערט באַשטימט פאַר דעם 23סטן יוני, ווי פריער שוין געזאָגט, 11 אַזייגער פרי.

דער אויפרוף, ווי עס זעט אויס, באַצוועקט צו באַאיינדרוקן קודם־כל די פאַרמעגלעכע קאַלבושאָווער ידן, אַז גלייכצייטיק מיט זייערע ביישטייערונגען לטובת דער אויפשטעלונג פון דער גמילות־חסדים קאַסע, וואָס וועט טראָגן דעם נאָמען פון אַקאָרשט־פאַרשטאָרבענעם פירער פון דער פוילישער רעפּובליק, וועלן זיי האָבן אַ געלעגנהייט אויסצודריקן זייערע געפילן לגבי דעם פוילישן מאַרשאַל. מיט איין שאָס, הייסט עס, וועט דער קאַלבושאָווער ייד האָבן געטראָפן צוויי צילן מיטאַמאָל. אפנים, אַז מען האָט געדאַרפט פאַר דער אויסערלעכער וועלט דאָקומענטירן פוילישן פּאַטריאָטיזם און דאָס האָט מחייב געווען צו געבן געלט פאַר אַ ידישן ענין אויך...

אונטערגעשריבן אויפן אויפרוף זיינען אין נאָמען פון קאָמיטעט: דוד גרינשטיין, פאַר דער פאַרוואַלטונג פון דער ידישער קהילה, פאַרזיצער; אין נאָמען פון די מיטגלידער פון דער קהילה: ד"ר א. קליינהאוז, צאלעל אָרגל עקיבא שמידט, אפרים האאר, פּראָפ' ל. טויה, עקיבא לייסטנער, פנחס זיסקינד און ישראל בליצער.

## די גמילות חסדים קאַסע איז טעטיק

אין מאַי 1937 איז צוגעשיקט געוואָרן קיין ניו־יאָרק צו די קאַלבושאָווער „יאָנג־מען" אַ פינאַנציעלער באַריכט פון דער גמילת־חסדים קאַסע.

אין אַ בריוו פון קאַלבושאָוו פון 30טן מאַי 1937, אויף אָפיציעלן בריוו־

פּאַפּיר פון דער גמילת־חסדים קאַסע א״נ פון מאַרשאַל יוזעף פּילסודסקי, צו העברי מ. גאַסטווירט אין וואודסייד, ניו־יאָרק, ווערן געמאַכט פאָלגנדיקע אויפקלערונגען צום באַריכט פון דער קאַסע.

לאָמיר דאָ אָפּדרוקן דעם באַריכט אַליין, ווען מיר פאַרשטיין די נויט, די אָרעמקייט און דעם פאַרנעם פון דער הילף:

איינקונפט

| | | |
|---|---|---|
| 1. איינצאָלונגען | 7779.60 | זלאָטעס |
| 2. אַדמיניסטראַטיווע אָפּצאָלן | 118.25 | " |
| 3. נדבות און מיטגליד־אָפּצאָל | 1234.05 | " |
| 4. צייטווייליקער קרעדיט פון דזשאָינט און אַנדערע פּריוואַטע קוואַלן | 2069.45 | " |
| 5. איינקופט פון באַשטעטיקונגען | 75.19 | " |
| 6. וועכנטלעכע זאַמלונגען א״אַ | 651.05 | " |
| 7. איינקונפט פון דערמאָנונגען | 80.18 | " |
| צוזאַמען | 11.899.95 | זלאָטעס |

אויסגאַבן

| | | |
|---|---|---|
| 1. אַרויסגעגעבענע הלוואות | 10.547.61 | זלאָטעס |
| 2. פּאָסט און אַדמיניסטראַטיווע הוצאות | 122.01 | " |
| 3. צוריקבאַצאָלטע קרעדיטן | 1.234.45 | " |
| צוזאַמען | 11.904.07 | " |

דער באַריכט איז אונטערגעשריבן פון פּרעזיצער פון דער קאַסע ד״ר קליינהאוז און סעקרעטאַר ל. טהאו.

דער אויפקלער־בריוו ברענגט פאָלגנדיקע באַמערקונגען:

אַזוי ווי צו גרינדן די קאַסע איז קיין קאַפּיטאַל ניט געווען, האָט זיך דער איניציאַטיוו־קאָמיטעט פון דער קאַסע געווענדט צו דער קאַלבושאָווער עפנטלעכקייט נאָך הילף (אַפּנים, דאָס מיינט מען דעם פריער ציטירטן אויפרוף). ווי אַ רעזולטאַט דערפון האָט זיך אַ צאָל בעלי־בתים דעקלאַרירט און איינגעצאָלט געוויסע סומען און אַזוי אַרום איז געשאַפן געוואָרן די ערשטע סומע פון 700 זלאָטעס (די דאָזיקע סומע איז אַריינגערעכנט אין פּאָזיציע 3 פון באַריכט).

היות ווי די סומע איז געווען ניט גענוגנדיק, האָט די פאַרוואַלטונג פון

דער קאַסע אָרגאַניזירט וועכנטלעכע און חודשלעכע זאַמלונגען פון יענע יידן, וואָס זיינען פאַר איין מאָל ניט געווען בכח צו מאַכן די איינצאָלונגען.

די דאָזיקע אַקציע פלעגט אַריינברענגען אַרום 40 זלאָטעס מאָנאַטלעך און דערשיינט אין פאָזיציע 6 פון באַריכט.

די נויט פאַר הילף איז אָבער געווען גרויס און די סומען וואָס זיינען אויף די פריער־דערמאָנטע וועגן אַריינגעקומען, האָבן נישט געסטייעט, דערפאַר האָט די פאַרוואַלטונג געמוזט אָנקומען צו קורץ־טערמיניקע הלוואות, וואָס זי האָט געמאַכט ביי פּריוואַטע מענטשן, נאַטירלעך אָן־פּראָצענטיקע, אַזוי איז אויך דערהאַלטן געוואָרן אַ הלוואה פון 500 זל. פון „דזשאָינט", וואָס איז געגעבן געוואָרן דער קאַלבושאָווער קאַסע אויסגעצאָלט צו ווערן אין 10 ראַטעס. די דאָזיקע סומען זיינען אַנגעוויזן אין פאָזיציע 4 פון פינאַנץ־באַריכט.

פאָזיציע 2 פון באַריכט, שטעלט מיט זיך פאַר די סומע וואָס די קאַסע האָט דערהאַלטן פון אָפּצאָל אין דער הויך פון 55 גראָשן אויף אַדמיניסטראַטיווע אויסגאַבן פון יעדן וואָס נעמט אַ הלוואה.

די גמילות־חסדים קאַסע פלעגט אויך אַרויסגעבן אַזוי גערופענע אָרעמקייטס־צייגנישן פאַר יעדן וואָס פלעגט באַקומען פעקלעך פון אַמעריקע, כדי צו קאָנען אַרויסקריגן די פעקלעך אָן צאָל־אָפּצאָל. פאַר יעדע באַשייניקונג האָט די גמילת־חסדים קאַסע איינקאַסירט עטלעכע גראָשן (פאָזיציע 5).

פאָזיציע 7 פון באַריכט באַוויזט, אַז די מענטשן וואָס האָבן געליִען אין דער קאַסע, האָבן נישט געקאָנט צוריקצאָלן זייערע הלוואות אין צייט און די קאַסע איז געווען געצוואונגען אַרויסצושיקן דערמאָנונגען. פאַר יעדער דער־מאָנונג האָט די קאַסע געפאָדערט אַן אָפּצאָל פון 10 גראָשן.

וואָס נוגע די אויסגאָבן, ווערט דערציילט אין דעם בריוו, אַז די הלוואות וואָס ווערן אויסגעגעבן שטייגן נישט איבער די סומע פון 50 זלאָטעס. די נויט איז באַדייטנדיק גרויס, אָבער דער קאַפּיטאַל איז צו קליין. לויט די רעגולאַציעס דאַרף יעדע הלוואה צוריקגעצאָלט ווערן דורך וועכנטלעכע ראַטעס אין דער הויך פון 2 זלאָטעס. די שרייבער פון בריוו באַקלאָגן זיך, אַז לעצטנס זיינען די וועכנטלעכע צאָלונגען ניט פּינקטלעך, צוליב דעם וואָס די יידישע באַפעלקערונג ווערט אָרעמער אַלץ מער און מער. ס'איז אָבער ניטאָ וואָס מורא צו האָבן, אַז די הלוואות זאָלן אין גאַנצן פאַרפאַלן ווערן, טרייסטן זיך די באַריכט־שרייבער, ווארום יעדע הלוואה איז גאַראַנטירט מיט אונטער־שריפטן פון צוויי גוט־זאַגערס, צוויי זשיראַנטן.

אין פאַרלויף פון דעם באַריכטס־פּעריאָד, זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן 215 הלוואות.

די קאַלבושאָווער גמילת־חסדים קאַסע דערקלערט אין דעם דאָזיקן בריוו, אַז די פאַרוואַלטונג האָט זיך געשטעלט פאַר איר ציל צו קאָנען העכערן די הלוואות צו לכל הפחות 200 זל., ווארום, שרייבן זיי, „ווי איר פאַרשטייט אַליין, קאָן די סומע פון 50 אָדער אפילו 100 זלאָטעס בשום אופן נישט אויפשטעלן צוריק אַ קליינהענדלער אָדער אפילו אַ בעל־מלאכה".

ווענדן זיך, דעריבער, די באַריכטלער צו זייערע „ברידער אין אַמעריקע און ספעציעל צו דער קאַלבושאָווער יוגנט" צו העלפן זיי פאַרשטאַרקן און פאַרגרעסערן זייער „קאַפּיטאַל מיט אַ גרעסערע סומע" און דערמיט געבן זיי אַ מעגלעכקייט „צו דערליידיקן די גרויסע צאָל אַפּליקאַציעס, וואָס ווערן איצט, ליידער, דורך אונדז אָפּגעזאָגט".

## אינערלעכע רייסענישן

זעט אויס, אַז עס זיינען געווען געוויסע אינערלעכע צאַנקערייען אַרום דער גמילת־חסדים קאַסע, ווארום ס'האָבן זיך געפונען אַזעלכע וואָס האָבן געוואָלט אַרונטעררייסן די גוטע אַרבעט פון דער פאַרוואַלטונג אין די אויגן פון די אַמעריקאַנער לאַנדסלייט. מסתם זיינען די באַשולדיקונגען אָדער מסירות געשיקט געוואָרן פון די וואָס די פאַרוואַלטונג האָט ניט געקאָנט אויסלייען קיין געלטער, אָדער מצד די יעניקע וואָס האָבן ניט געהאַט צוריקצוצאָלן די ראַטעס אויפן חשבון פון זייערע הלוואות. ס'איז אויך גאַנץ מעגלעך, אַז קרובים פון קאַלבושאָוו אין אַמעריקע האָבן זיך דורכגעשריבן און געבעטן פּריוואַטע הילף, באַווייזנדיק אַז פון דער ג"ח־קאַסע קאָנען זיי נישט געהאָלפן ווערן.

ווי די זאַך זאָל נישט האָבן געווען איז אַ בריוו, דאַטירט דעם 12טן יאַנואַר 1938, געשיקט געוואָרן צו די „קאַלבושאָווער יאַנג מענס בענעוואָלענט סאָסייטי" אין ניו־יאָרק. אין אָט דעם בריוו ווערן צוריקגעשליידערט אויף אַ קאַטעגאָרישן אופן אַלע פאַרלוימדונגען, וואָס „שטרעבן צו שעדיקן אייער ברידערלעכע מיפּולע אַקציע פאַר אונדזער ג"ח־קאַסע, פאַרשטעלנדיק די אַרבעט דאָ אין אַ נישט־אַנטשפּרעכנדיק ליכט".

אין בריוו ווערט באַשטעטיקט, אַז אין דער קורצער צייט פון איר עקזיסטענץ, האָט די ג"ח־קאַסע געוואונען די סימפּאַטיע און אַנערקענונג פון דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג, צוליב דער מיפּולער און איבערגעגעבענער אַרבעט פון דער פאַרוואַלטונג, אָביעקטיוו באַציען זיך צו אַלע פּעטענטן אָן אונטערשייד פון פּאַרטיי און שיכט, אַדאַנק די פאַרזיכטיקע הלוואה־אָפּעראַציעס, זאָרגפעליקע פאַראינטערסירונג מיט יעדן סוחר אָדער האַנטווערקער, און ווייל

די פאַרוואַלטונג באַצוועקט צו זיכערן די עקזיסטענץ פון דער אַזוי נוצלעכער אינסטיטוציע.

אין דעם בריוו ווערט ווייטער דערקלערט, אַז די קאַסע האָט אָפּגעהיט פיל משפחות „פון דערנענטערן זיך צום ראַנד פון אָפּגרונט".

פון בריוו איז צו זען, אַז אימיצער פון אַמעריקע האָט געשריבן קיין קאַלבושאָוו, אַז צווישן די לאַנדסלייט אין די פאַראייניקטע שטאַטן איז דורכגע־פירט געוואָרן אַ קאַמפּיין לטובת דער קאַסע און אַז די געלטער זיינען צוריק־געהאַלטן געוואָרן. ווענדן זיך די שרייבער פון בריוו ווי אַמשנעלסטן איבער־צושיקן די געזאַמלטע פאָנדן, ווייל „אין איצטיקן מאָמענט איז נאָך מעגלעך, אַז קליינע, אויף גינסטיקע באַדינגונגען ערטיילטע הלוואות פון אַ קאָנסטרוקטיוון כאַראַקטער" זאָלן קאָנען אָפּהאַלטן אין אַ געוויסע מאָס דעם „דעגענעראַציע פּראָצעס פון די פאַראָרעמטע שיכטן". די שרייבער וואָרענען, אַז די נאָנטסטע חדשים קאָן עס ווערן צו שפּעט.

דער דאָזיקער בריוו איז אייגנהענטיק אונטערגעשריבן געוואָרן דורך פאָרשטייער פון אַכט אָרגאַניזאַציעס און די חתימות באַשטעטיקט מיט קיילעכ־דיקע סטעמפּלען, ואלה הם: סוחרים־פאַראיין (ניט לייענבאַרע אונטערשריפט מיט אַ הערה „מיר באַשטעטיקן דעם אינהאַלט פונעם בריוו און בעטן ווי אַמשנעלסטן דעם ענין צו דערליידיקן); דער אָרטיקער קאָמיטעט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע (אונטערגעשריבן פון מאַנקע ליידנער און יוסף נוסבוים); חברה לינת הצדק (אונטערגעשריבן פון סאַלאָמאָן זאָנטאַג און שמחה געווירץ); תלמוד־תורה כללית ב"י אג"י (די אַלגעמיינע תלמוד־תורה ביי דער אגודת־ישראל (אונטערגעשריבן פון ישעיה ד. לושע און בן־ציון גרינשטיין, מיט אַ צושריפט וואָס לייענט זיך „מיר באַשטעטיקן למען־האמת דעם תוכן פון דעם בריוו און מיר דערקלערן, אַז די ג"ח פאַרוואַלטונג פירט אַ פּראָדוקטיווע אומפּאַרטייאישע ווירטשאַפט צו דער צופרידנקייט פון דער גאַנצער באַפעל־קערונג); דער פאַראיין בני־ציון (אונטערגעשריבן פון ג. לאנדאו, מיט אַ הערה, אַז „מיר שליסן זיך אָן צום אויביקן אַפּיל און באַמערקן, אַז עס האָט נאָך קיין אָרגאַניזאַציע אַזוי פיל ניצלעכעס נישט אויפגעטאָן ווי די ג"ח־קאַסע. די פאַרוואַלטונג באַהאַנדלט אָביעקטיוו יעדן פּעטענט"); צענטראַלע אָרגאַניזאַציע פון אָרטאָדאָקסישע יידן אין פּוילן א"נ אגודת ישראל, אָפּטיילונג אין קאַלבושאָוו (אונטערגעשריבן פון מלך גראָפּשטיין, סעקרעטאַר, מיט אַ באַמערקונג אין גייסט פון בריוו); דער פאַראיין „השחר" (אונטערגעשריבן פון מ. פיינגאָלד מיט אַן ענלעכער באַמערקונג); און לסוף איז געקומען דער אָרטיקער קאָמיטעט פון די ציוניסטן־רעוויזיאָניסטן (אונטערגעשריבן פון א. פיינגאָלד).

## ווייטערדיקע באַריכטן

פון אַן אַנדער בריוו, דאַטירט דעם 6טן יאַנואַר 1938 און געשריבן פון ריישע (זשעשאָוו) צום „אַמעריקן דזשאָינט דיסטריביושן קאָמיטי" אין וואַרשע, ווערט קלאָר אַז דער וואַרשעווער „דזשאָינט" האָט באַאויפטראָגט דעם בריוו־שרייבער דורכצופירן אַ לוסטראַציע פון די ביכער און טעטיקייטן פון דער ג"ח־קאַסע אין קאַלבושאָוו. מיר שטעלן זיך פאָר, אַז דער אויפטראַג איז געקומען אויפן פאַרלאַנג פון אַמעריקאַנער „דזשאָינט", מיט וועלכן עס זיינען געווען פאַרבונדן די קאַלבושאָווער לאַנדסלייט אין ניו־יאָרק דורך זייערע אָרגאַני־זאַציעס און קערפּערשאַפטן.

אין בריוו ווערט מיטגעטיילט, אַז אַלע ביכער און דאָקומענטן זיינען רעווידירט געוואָרן און עס ווערט פעסטגעשטעלט, אַז די קאַסע פירט 3 קאָנטע־ביכער (די ערשטע צוויי פאַר די אָפּגעלאָפענע יאָרן), דאָס לעצטע בוך דערהאַלטן פון וואַרשע ווערט געפירט אין איינקלאַנג מיט די געהעריקע אינסטרוקציעס. די אַרבעט איז פאַרטיילט אַזוי, אַז אַ טייל פון די דאָקומענטן געפינט זיך ביים פאָרזיצער, וואָס פירט די ביכער אַליין, אַ טייל ביים סעקרעטאַר, אַ טייל ביים געהילף־סעקרעטאַר און אַ טייל ביי דעם קאַסירער.

כדי צו פאַראיינפאַכן די אַדמיניסטראַטיווע פּראָצעדור האָט דער ריישער קאָנטראָלער באַפוילן צוליב דעם קליינעם פאַרנעם פון דער קאַסע, אַז די קאָנטע־ביכער זאָלן געפירט ווערן פון סעקרעטאַר (פּראָפעסאָר טהאָו) און דאָס קאַסע־בוך דורך דעם קאַסירער. דער באַריכטגעבער שטעלט פעסט, אַז די הכנסה און הוצאה־דאָקומענטן האָט געפירט דער קאַסירער אַליין און פאַר בעסערער אָרדנונג וועגן איז רעקאָמענדירט געוואָרן, אַז בלויז די מאָנאַטלעכע איינצאָלונגען אין ביישטייערונגען זאָלן באַשטעטיקט ווערן מיט איין אונטער־שריפט. דאַגעגען אַלע אויסצאָלונגען זאָלן זיין פאַרזען מיט די חתימות פון קאַסירער און פאָרזיצער. עס ווערן אויך אָנגעגעבן אַ ריי פאָרשלאָגן בנוגע דער טעטיקייט פון דער רעווידיר־קאָמיסיע און פאַרלאַנגטע באַריכטן צו דער מיטגלידערשאַפט.

דאָ קומט אַ זייער וויכטיקער ענין, וואָס איז זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר דער טעטיקייט פון דער ג"ח־קאַסע. זי האָט זיך נישט רעדוצירט צו זיין נאָר אַ קליינער פינאַנץ־אינסטרומענט, וואָס באַזאָרגט די נויטבאַדערפטיקע מיט הלוואות. דער פאַרנעם איז געוואָרן גרעסער און דער כאַראַקטער פון די טעטיקייטן — קאָנסטרוקטיווער. עס רעדט זיך, נעמלעך, אין דעם באַריכט, אַז די פאַרוואַלטונג טראָגט זיך אַרום מיט אַ זייער וויכטיקן פּלאַן, ווי אַזוי מיט

דער הילף פון „דזשאָינט״ עווענטועל מיט „צע־קאָ־בע״ אָרגאַניזירן און איינפירן אַ קורס פאַר קאָשיק־מאַכעריי אָדער אַן אַנדער פאַך־אויסבילדונג־קורס פאַר דער קאָלבושאָווער יידישער באַפעלקערונג, און אַזוי אַרום געבן אַ פּראָפעסיע און דער עיקר באַשעפטיקונג צו 40 יינגלעך און מיידלעך וואָס דרייען זיך אַרום פוסט און פּאַסט. די פאַרוואַלטונג פון דער ג״ח־קאַסע דערוואַרט אָבער אַ סובווענץ פון „דזשאָינט״.

די קאָלבושאָווער ג״ח־קאַסע־פאַרוואַלטונג האָט דערהאַלטן ידיעות פון אַמעריקע פון זייערע לאַנדסלייט, אַז עס איז געזאַמלט געוואָרן פאַר זיי אַ סומע פון 1000 דאָלער. דער שרייבער פון די שורות האָט פערזענליך זיך געוואָנדן אין „דזשאָינט״ פון אַמעריקע וועגן קריגן אַן ענלעכע סומע געלט ווי שטיצע פאַר זייערע נויטבאַדערפטיקע ברידער מעבר־לים. די קאָלבושאָווער אָרגאַניזאַציעס אין ניו־יאָרק האָבן אינטערווענירט אין אַלע אינסטאַנצן פון דעם הילפס־אַפּאַראַט. דער דזשאָינט אין אַמעריקע האָט אָבער די בקשה נישט דערפילט.

דער באַריכטלער דערציילט, אַז אַ דעלעגאַציע פון די מיטגלידער פון דער פאַרוואַלטונג פון דער ג״ח־קאַסע און פאַראַנטוואָרטלעכע בעלי־בתים זיינען געקומען צו אים און געבעטן צו אינטערווענירן אין וואַרשעווער „דזשאָינט״ וועגן דעם ענין, וועלכן זיי האַלטן פאַר אַ ברענענדיקן, בעיקר מחמת דער אַרבעטסלאָזיקייט פון די יונגע מענטשן.

לסוף ווערט געגעבן אַן אָפּשאַצונג פון דער אַרבעט פון די פאַרוואַלטער כהאי לישנא (דער באַריכט איז געשריבן פויליש; דאָ ווערן די אויסצוגן געגעבן, נאַטירלעך, אין יידישער איבערזעצונג): „איך האָב באַוואונדערט די וואָלאָנטערישקייט און די גאָר שווערע אַרבעט פון פּאָרזיצער, וואָס פירט די אָנפּאַרטרויטע ביכער מיט איבערטריבענער וואַכזאַמקייט און התמדה און קאָנטראָלירט כמעט טאָג־טעגלעך די טעטיקייטן פון קאַסירער. ניט ווייניקער איבערגעגעבן און וויליק צו דער אַרבעט איז דער סעקרעטאַר, פּראָפעסאָר טהאו, וואָס ניט געקוקט אויף זיין פּראָפעסיאָנעלע אַרבעט (ער איז אַ פולער לערער אין דער עלעמענטאַרער רעגירונגס־שול און אין דער גימנאַזיע אין קאָלבושאָוו), גיט ער אַוועק זיין פרייע צייט צו פירן די דאָקומענטן און ביכער, און איז ווייטער גרייט פאַרטיק צו מאַכן די מאָנאַטלעכע באַריכטן״.

## די קאַסע קריגט געלט פון אַמעריקע

די ערשטע סומע פון 750 דאָלער איז איבערגעגעבן געוואָרן דער ג״ח־קאַסע־פאַרוואַלטונג. פאַראַן אין די אַרכיוון פון די אַמעריקאַנער לאַנדסלייט אַ גאַנצער בריוו־אויסטויש צווישן דעם יונייטעד קאָלבושאָווער רעליף קאָמיטעט

און דעם אַמעריקאַנער דזשאָינט אָפּיס אין ניו־יאָרק, דעם פֿאַראייניקטן פֿאַרבאַנד פון גאַליציאַנער יידן, אין וועלכן די קאָלבושאָווער לאַנדסלייט זיינען געווען אָנגעשלאָסן. דער ווײ־געשריי פון דער היים איז דערגאַנגען קיין אַמעריקע און כאָטש די מאַטעריעלע סיטואַציע אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן איז נישט געווען צו־גוט, האָבן די לאַנדסלייט אָפּגערופן זיך ברייט־האַרציק פֿאַר די נויטן פון זייערע ברידער. דער ניו־יאָרקער „דזשאָינט" איז געשטאַנען אין פֿאַרבינדונג מיט זיינע ביוראָען אין וואַרשע און געפֿאָדערט פון זיי — ווי עס שפּיגלט זיך אָפּ אין דער קאָרעספּאָדענץ, וואָס איז אין אונדזער רשות — אַריינצוקוקן אויפֿן אָרט אין די נויטן פון דער קהילה אין קאָלבושאָוו. אין איינעם אַ בריוו שרייבט דער ניו־יאָרקער „דזשאָינט" צום גאַליציאַנער פֿאַרבאַנד און קוואָטירט אַן אויסצוג פון אַ בריוו וואָס זיי האָבן דערהאַלטן פון זייער וואַרשעווער אָפּטיילונג (איבערזעצט פון ענגליש):

„ווי איר ווייסט, האָבן מיר געוואָלט נוצן דעם פֿאָנד פֿאַר די קאַסע־אַקטיוויטעטן אין הסכם מיט אונדזערע קאָנסטרוקטיווע פּלענער. קאָלבושאָוו, אָבער, געפינט זיך זייער ווייט פון וואַרשע און דעריבער האָבן מיר נאָך נישט געהאַט קיין געלעגנהייט צו שיקן אַהין אַן אינסטרוקטאָר פון אונדזער רעקאָנסטרוקציע־דעפּאַרטמענט. מהאי טעמא, האָבן מיר אויסגעצאָלט די צווייטע 750 $ צו דער קאַסע פֿאַר איר לויפנדיקער אַרבעט און זיך באַוואָרנט מיט אַ באַדינג, אַז להבא וועלן מיר מעגן פֿאָדערן פון זיי צו פֿאַרווענדן די סומע פֿאַר קאָנסטרוקטיווע צוועקן".

דערווייל ווערט די לאַגע אין פּוילן אומדערטרעגלעך. יידן ווערן וואָסאַמאָל מער און מער אַרויסגעשטרויסן פון זייערע פּאָזיציעס און די נויט ווערט שווערער. די גמילת־חסדים קאַסעס שפּילן אין דעם דאָזיקן געראַנגל אַ היסטאָרישע ראָל. זיי ראַטעווען ממש יידישע משפּחות פון אונטערגאַנג. די קאָלבושאָווער ג"ח־קאַסע צייכנט זיך אויס מיט איר טעטיקייט און די געזעל־שאַפֿטלעכע טוער, וואָס שטייען בראש פון דער קאַסע זיינען זיך מוסר נפש פֿאַר יעדן אַספּעקט פון דער טעטיקייט.

האָט אַוודאי ווײ געטאָן אַזאַ ייד ווי ד"ר ז. קליינהויז, דעם פֿאָרזיצער פון דער ג"ח פֿאַרוואַלטונג און דעם סעקרעטאַר, דעם איבערגעגעבענעם כלל־טוער פּראָפ' טהאו, און אויך דעם פֿאָרזיצער פון דער קהילה — דוד גרינשטיין, אַז עס געפינען זיך מענטשן אין זייער אייגענער געמיינדע וואָס וואַרפן שמוץ אויף זייער געזעלשאַפֿטלעכער טעטיקייט און פֿאַרשוואַרצן דעם גוטן נאָמען פון דער קאַסע. אין אַ בריוו, געשריבן דעם 28סטן סעפּטעמבער 1938, צו דעם פֿאַר־אייניקטן קאָלבושאָווער רעליף קאָמיטעט אין ניו־יאָרק, שרייבן די פירער פון

דער קהילה און פון ג״ח־קאַסע וועגן דעם באַזוך פון פּרעזידענט פון גאַליציאַנער פאַרבאַנד אין אַמעריקע, ה׳ סאול לאו אין ריישע. זיי דערציילן וועגן דער פּראַכטפולער פאַרזאַמלונג, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן פרייטיק, דעם 16טן סעפּטעמבער 1938 אין די זאַלן פון דער ריישער יידישער קהילה, מיט דער באַטייליקונג פון דעלעגאַציעס פון די אַרומיקע שטעטלעך, ווי טאַרנאָבזשעג, ראַפּשיץ, שענדישעוו, יאַוואָרניק, א״א, און אין דער אַנוועזנהייט פון דעם זעמל־מעל פון דער יידישער אינטעליגענץ און קהילה־פירערשאַפט אין ריישע. צו דער דאָזיקער ספּעציעל־פאַררופענער פאַרזאַמלונג איז אויך געקומען אַ דעלעגאַציע פון קאָלבושאָוו אין די פּערזאָנען פון בצלאל גרינשטיין, פאָרזיצער פון דער קהילה, און הערש געווירץ, סעקרעטאַר פון דער קהילה און פון דער ג״ח־קאַסע. אין דעם בריוו ווערט באַריכטעט וועגן לאו׳ס פיינער־רעדע אין וועלכער ער האָט געמוסרט די פאַרשיידענע גאַליציאַנער שטעטלעך, אַז צוליב די מחלוקתן און מסירות, וואָס מען וואַרפט קעגנזייטיק אויף זיך, ווילן די אַמעריקאַנער לאַנדסמאַנשאַפטן נישט מיטאַרבעטן מיטן גאַליציאַנער פאַרבאַנד און זאָגן זיך אָפּ צו העלפן. ווי אַן אויסנאַם האָט ער דערמאָנט קאָלבושאָוו, וואָס האָט אין אַמעריקע אַ גלענצנדיקע פירערשאַפט און אויך אויפן אָרט גוטע מענטשן, וואָס פירן אָן אַ מוסטערהאַפטע כלל־טעטיקייט. שרייבן טאַקע די קאָלבושאָווער לאַנדסלייט, אַז די דאָזיקע רעדע האָט שטאַרק דערמוטיקט די אָרטיקע טוער און אַז קאָלבושאָוו איז געוואָרן דער געשפּרעך פון טאָג און אָוועקגעשטעלט געוואָרן ווי אַ מוסטער אין אַלע פאַראינטערעסירטע קרייזן.

(ווען איך לייען היינט נאָכאַמאָל דעם באַריכט, שטעלן מיר זיך טרערן אין די אויגן, ווייל מיט שמחה ווייל איך פעסטשטעלן, אַז מען האָט אָנערקענט מיין אומדערמידלעכע טעטיקייט פאַר מיינע לאַנדסלייט. אין בריוו פון דער קהילה און ג״ח־קאַסע וועגן דעם באַזוך פון פּרעזידענט פון גאַליציאַנער פאַר־באַנד, ווערט דערציילט, ווי אַזוי ד״ר לאו האָט אויסגערופן צו דער קאָלבו־שאָווער דעלעגאַציע: „איר מעגט זיין גליקלעך, וואָס איר האָט אַזאַ ייד ווי דוד זאַלץ אין אַמעריקע!״...)

דאַן גייען זיי אַריבער אין בריוו אָפּצולייקענען אַ ריי באַשולדיקונגען, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן מצד געוויסע קאָלבושאָווער יידן קעגן דער לייטונג פון דער ג״ח־קאַסע. די דערציילן וועגן אלעזר האָפּערט, וואָס איז געוואָרן אַ פאַרוואַלטונגס־מיטגליד פון דער ג״ח־קאַסע אויפן אָרט פון פאַרשטאָרבענעם אפרים האַאַר, און שטעלן פעסט קאַטעגאָריש, אַז ער האָט זיך קיינמאָל נישט געוואָנדן וועגן קיין הלוואה און דעריבער נישט באַקומען. ווען ער וואָלט יאָ געבעטן — ווערט צוגעגעבן — וואָלט ער אויך נישט געקאָנט קריגן, ווייל

נישט נאָר טאָר אַ פאַרוואַלטונגס־מיטגליד ניט באַקומען קיין הלוואה, נאָר ער טאָר אויך נישט זשירירן קיין וועקסל פאַר אימעצן.

עס ווערט אָפּגעוואָרפן אין בריוו די טענה פון טשאַליקס אידעם, אַז ער האָט נישט באַקומען קיין הלוואה. „דאָס ערשטע מאָל הערן מיר די מעשה מיטן געפאַלענעם פערד". די בריוו־שרייבער דערקלערן דאָ, אַז „וואָלט ער זיך געווענדט נאָך אַ הלוואה, וואָלט ער זי געקראָגן נאָר אונטער די באַדינגונגען, אַז ער וועט אויפגעבן די „פרנסה" פון אַרומשלעפּן זיך איבער דער מדינה מיט אַ חברה יונגע מיידן און ווייבער במשך פון אַ גאַנץ יאָר". און אַזוי ווערן אָפּגעלייקנט די אַנדערע חשדים און טענות.

## באַריכט פון 1937/38

פון דעם אָפיציעלן באַריכט, וואָס איז דורך דער קאַלבושאָווער ג"ח־קאַסע צוגעשיקט געוואָרן, דעם 28סטן אַפּריל 1938, פאַר דעם בודשעט־יאָר 1937/38 (פון 1טן אַפּריל 1937 ביז דעם 31טן מערץ 1938), צו דעם „דזשאָינט" אין וואַרשע און איז אונטערגעשריבן פון פאָרזיצער ד"ר קליינהויז, סעקרעטאָר יוסף נוסבוים און פאָרזיצער פון דער רעוויזיאָנס־קאָמיסיע צ. גרינשטיין, ווערן מיר געוואָר די פאָלגינדיקע פאַקטן, וואָס וואַרפן אַ סנאָפּ ליכט אויף די אומגליקלעכע פאַרהעלטנישן אינערהאַלב דער יידישער קהלה:

אין משך פון דער אויבן־דערמאָנטער תקופה זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן 200 נאָרמאַלע הלוואות אויף דער אַלגעמיינער סומע פון 12.807 זל; פון וועלכע 8 זיינען געווען צו 150 זל; 40 צו 100 זל; 1 הלוואה פאַר 75 זל; 149 צו 50 זל; 1 פאַר 30 זל; און 1 הלוואה פאַר 52 זל.

לויט דער פראָפעסיע־אָנגעהעריקייט זיינען די פריער־געבראַכטע הלוואות פונאַנדערגעטיילט געוואָרן צו פאָלגנדיקע קאַטעגאָריעס: 15 שניידער, 4 שוסטער, 1 טישלער, 6 קצבים, 26 פון אַנדערע פאַכן; 12 מאַנופאַקטור און גאַלאַנטעריע־סוחרים, 1 סוחר פון לעדער־אויסאַרבעטונגען, 13 שפייז־קרעמער, 16 מאַרק־שטייער און גאַסן־הענדלער, 35 דאָרפס־גייער און 52 אַנדערע; אַחוץ דעם האָבן 6 אַרבעטער באַקומען הלוואות, 6 לאַנדווירטן און 9 יידן פון כלערליי אַנדערע פרנסות.

דער באַריכט ווייזט אויף, אַז די צאָל מיטגלידער פון דער ג"ח־קאַסע איז ביז דעם 1טן אַפּריל 1937 געווען 117 און אין פאַרלויף פון באַריכטס־פּעריאָד זיינען צוגעקומען 40 מיטגלידער. אויפן טאָג פון צוזאַמענשטעלן פון באַריכט באַשטייט די מיטגלידערשאַפט פון 157 יידן. בעת דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג,

וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן דעם 27סטן מערץ 1938, האָבן זיך באַטייליקט 74 מיטגלידער.

די אַדמיניסטראַטיווע אויסגאַבן, וואָס ווערן אָנגעוויזן זיינען מינימאַלע. למשל, די אויסגעצאָלטע שכירות פאַרן פּערסאָנאַל — 34 זל; אַנדערע קאָסטן — 59.23 זל. עס איז איינקאַסירט געוואָרן אויף דעם חשבון פון די אויסגאַבן די סומע פון 85.10 זל.

צו דעם דאָזיקן באַריכט איז פאַראַן אַ בויגן מיט יידיש־געשריבענע „אויפקלערונגען" צו די לאַנדסלייט אין ניו־יאָרק און פון זיי דערוויסן מיר זיך, אַז:

א) אויף דעם אָנהויב פון פינאַנץ־יאָר, ד"ה דעם 1טן אַפּריל 1938, איז די ג"ח־קאַסע שולדיק געווען דעם דזשאָינט 400 זל. אין לויף פון יאָר 1938־39 האָט די קאַסע צוריקגעקראָגן 1500 זל. אַ הלוואה און אָפּגעצאָלט 150 זל. מיינט דאָס, אַז די ג"ח־קאַסע איז געבליבן שולדיק דעם דזשאָינט 1750 זל.

ב) אויף אַ צווייטע הלוואה פון 750 דאָלאַר, וואָס די קאַסע האָט באַקומען אין איינקלאַנג מיט אַן אָפּמאַך מיט די לאַנדסלייט אין ניו־יאָרק, האָט די ג"ח־קאַסע במשך פון יאָר צוריקגעצאָלט 150 זל. און געבליבן שולדיק די סומע פון 3810 זל.

ג) ביים אָנהויב פון יאָר איז די ג"ח־קאַסע געווען שולדיק צו יחידים פאַר אָנפּראָצענטיקע הלוואות די סומע פון 672.60 זל. במשך פון יאָר האָט זי געליען אַזעלכע געלטער אין דער הויך פון 2.882 זל. און צוריקגעצאָלט האָט זי די סומע פון 2039.50 זל. בכן, שולדיק געבליבן איז זי 1515.10 זל.

ד) עס זיינען אַריינגעפלאָסן נדבות במשך פון יאָר — 295.95 זל.

ה) פון מיטגלידס־אָפּצאָל איז אַריינגעקומען די סומע — 781.90 זל.

ו) פון דער קהילה איז אַריינגעקומען אַ סובסידיע פון 120 זל.

ז) דער אייגענער קאַפּיטאַל פון דער ג"ח קאַסע האָט זיך אין באַריכטס־יאָר פאַרגרעסערט מיט 520.20 זל. אַזוי אַז דער כוללדיקער קאַפּיטאַל באַטרעפט דעם 31טן מערץ 1939, די סומע פון 7009.48 זל.

## די נויט וואַקסט

די אַנטי־יידישע עקסטערמינאַציע פּאָליטיק מצד דער פּוילישער רעגירונג ווערט וואָס אַמאָל שטאַרקער און די יידן אין פּוילן ווערן וואָס אַמאָל מער אַרויסגעשטויסן פון זייערע סיוּוּי בידנע פּאָזיציעס. דאָס געשריי פון די הונגעריקע און נויטבאַדערפטיקע דערגייט צו די ברעגעס פון אַמעריקע. די

לאַנדסלייט אין אַמעריקע זיינען שטאַרק באַאומרואיקט מיט דער לאַגע פון זייערע ברידער אין קאַלבושאָוו און ווענדן זיך צום „דזשאָינט״ און צו דעם גאַליציאַנער פאַרבאַנד, ווי אויך צום פאַרבאַנד פון פוילישע יידן, וועגן אַן עצה און הילף. ז. טיגעל, עקזעקוטיוו־דירעקטאָר פון דער פעדעראַציע פון פוילישע יידן אין אַמעריקע שרייבט צו דער קהלה אין קאַלבושאָוו, אין בריוו פון 25סטן מערץ, 1939, אַז זיי פירן אונטערהאַנדלונגען מיטן קאַלבושאָווער פאַראיין און זאָגט צו אויפצונעמען די פראַגע פון דער ג״ח־קאַסע.

דערווייל מישט זיך אריין אין די אינערלעכע פאַרהעלטנישן פון דער ג״ח־קאַסע אין קאַלבושאָוו די „דזשאָינט״ צענטראַלע פון וואַרשע. אַפּנים, אַז איר דין־וחשבון צו אירע ביוראָען אין אַמעריקע איז ניט קיין פּאָזיטיווער, האַלטן דעריבער די קאַלבושאָווער יידן אין ניו־יאָרק צוריק די צוזאַמענגע־קליבענע געלטער און שיקן זיי נישט קיין פוילן ביז די ספקות וועלן אויפ־געקלערט ווערן.

די קאָרעספּאָנדענץ וואָס געפינט זיך אין אונדזער באַזיץ העלפט דעם גאַנצן פּראָבלעם רעקאָנסטרואירן.

די ג״ח־קאַסע האָט אַפּנים נישט געקאָנט נאָכקומען די שטייגנדיקע צאָל נצרכים מיט די הלוואות. שרייבט די קהלה־פאַרוואַלטונג אין אַ בריוו פון 2טן יוני 1937 צו דער קאַלבושאָווער יאַנג־מענס בענעוואָלענט סאָסייעטי אין ניו־יאָרק צווישן אַנדערן, אַז „פון דעם בייגעלייגטן קאַסע־באַריכט, וועט איר זיך קאָנען שאַפן אַ בילד איבערן שווינדזיכטיקן אויסזען פון דער אינסטיטוציע און באַגרייפן, אַז זי איז נישט אימשטאַנד צו באַפרידיקן אפילו אַ קליינעם טייל פון די וואָס נויטיקן זיך אין איר קרעדיט... כאַראַקטעריסטיש פאַרן מצב איז דער פאַקט, אַז אויף אַ צאָל פון 350 יידישע משפחות אין אונדזער קהלה, האָבן גענאָסן פון דער קהלה־פסח־שטיצע (ווי מעל אויף מצות, קאַרטאָפל און געלט־שטיצע) אַן ערך 105 משפחות״. דאָס הייסט, אַז אַ דריטל פון דער באַפעלקערונג איז אָנגעקומען דירעקט צו שטיצע פאַר הצטרכותן אויף פסח. האָט דאָס דאָך געמיינט, אַז די צאָל פון יידן, וואָס האָבן געדאַרפט אָנקומען צו אַ הלוואה, כדי צו קאָנען פירן אַ געשעפט אָדער ציען חיונה, איז געווען פילפאַכיק גרעסער.

די קהלה־פאַרוואַלטונג פאַרזיכערט אין דעם זעלבן בריוו (אונטער־געשריבן פון בצלאל גרינשטיין, פאַרזיצער און צבי געזוירץ, סעקרעטאַר), אַז „כדי צו פאַרזיכערן אַ נייטראַלע און איבערפּאַרטייאישע אַדמיניסטראַציע אין דער ג״ח־קאַסע און כדי נישט צו דערלאָזן צו אַ העגעמאָניע פון איין פּאַרטיי... האָט זיך די קהלה פאַרוואַלטונג פאַרזיכערט אינם סטאַטוט פון

דער ג״ח־קאַסע אַ מערהייט פון די פאַרוואַלטונג־מיטגלידער, בכדי צו קאָנען האָבן תמיד די קאָנטראָל איבער דער גאַנצער טעטיקייט״.

די פאַרוואַלטונג פון דער ג״ח־קאַסע ווערט אומגעדולדיק אין שייכות מיט דער שטייגנדיקער נויט צווישן די אָרטיקע יידן און מיט דער צוריק־האַלטנדיקער זיך פּאָזיציע, וואָס עס האָט אָנגענומען די יאָנג־מען אָרגאַניזאַציע פון ניו־יאָרק און שיקט צו זיי אַ בריוו, דאַטירט דעם 19טן נאָוועמבער 1937, אויפן אַדרעס פון זייער סעקרעטאַר־קאַסיר העברי מ. גאַסטווירט. דער בריוו איז געשריבן אין אַ גלענצנדן ליטעראַרישן פויליש (אַפּנים מיטן אייגנהענטיקן כתב פון פּראָפ׳ טהאו, סעקרעטאַר, פון אים און פון פּאָרזיצער ד״ר קליינהויז אונטערגעשריבן, אין וועלכן עס זאָגט זיך צוו״א (אין אונדזער יידישער איבערזעצונג):

„מיר האָבן זיך דערוואוסט פון אונדזער חשובן רב ר׳ לייב טייטלבוים, אַז די גרעסערע סומע געלט, וואָס איז צונויפגעזאַמלט געוואָרן אין אייערע מקומות לטובת אונדזער ג״ח־קאַסע ווערט ניט איבערגעוויזן צו אונדז מחמת דער נעגאַטיווער מיינונג פון דער וואַרשעווער אָפּטיילונג פון „דזשאָינט״. די דאָזיקע הערן אין וואַרשע האָבן אַרויסגעגעבן אַן אורטייל, הינטער אונדזערע אויגן, אַז עס הערשט ביי אונדז אַן אומאָרדנונג״.

„מיר דערקלערן, אַז אַזאַ מין אַרויסזאָגן פון מיינונגען איז בייזוויליק, וואָרום עס איז נישט אָנגענומען אין ערגעץ אימעצן צו אורטיילן און זיך נישט באַקענען פריער מיט דעם פאַקטישן צושטאַנד... אַנשטאָט אַ פשוטער בוכפירונג, פאָדערן זיי אַזעלכע פּראָצעדורן וואָס פּאַסן זיך פאַר אַ מיניסטער־יום.. דאָס איז אָבער מינדערוויכטיק; מיר עקזיסטירן דאָך שוין אַרום 2 יאָר, און האָבן דערגרייכט דורך זאַמלונגען און נדבות 2000 זל. פון אייגענעם קאַפּיטאַל און אַוועקגעגעבן שוין 300 הלוואות אויף דער סומע פון אַן־ערך 17000 זל. די הערן פון „דזשאָינט״ האָבן אפילו קיין דעלעגאַט אַהער נישט געשיקט, כאָטש מיר האָבן וועגן דעם ניט איין מאָל געבעטן... אמת, זיי האָבן אין פאַרלויף פון דער גאַנצער צייט געליען 500 זל., פון וועלכע מיר האָבן שוין 100 זל. צוריקגעצאָלט, קומען זיי איצט מיט נעגאַטיווע באַריכטן ... מיר שטעלן פעסט, אַז אונדזער אינסטיטוציע איז געוואָרן די סאַמע וויכטיקסטע אין שטעטל און איז דער שטיץ־פּונקט פאַר די פויפּעריזירטע סוחרים און בעל־מלאכות״.

כאַראַקטעריסטיש פאַר דער באַציאונג פון פילע טוער פון די ג״ח־קאַסעס אין די פּראָווינץ־שטעט צום „דזשאָינט״ אין וואַרשע איז פאָלגנדיקער זאַץ אין דעם זעלבן בריוו:

„די דאָזיקע הערן אין וואַרשע האָבן פונאַנדערגעבויט אַ מעכטיקן ביוראָקראַטישן אַפּאַראַט, וואָס שלינגט אין ריזיקע סומעס, אָבער פּראַקטיש מיט זייערע פאָרמאַליטעטן באַשווערן זיי בלויז די עקזיסטענץ פון די קרעדיט־אינסטיטוציעס אין די קליינע שטעטלעך".

דער דאָזיקער בריוו פון דער ג"ח־קאַסע ווערט באַגלייט פון אַ צווייטן בריוו באַצייכנט מיטן נומער 767/37 און דאַטירט דעם 23סטן נאָוועמבער 1937, פון דער קהלה־פאַרוואַלטונג און עס ווערט אין אים געזאָגט מיט ווייטיק און פּראָטעסט:

„די אונטערגעשריבענע קהלה־פאַרוואַלטונג, וואָס האָט 6 טעטיקע מיטגלידער אין דער ג"ח־קאַסע־פאַרוואַלטונג, פון דער ערשטער רגע פון איר אַנטוויקלונג, באַדויערט שמערצלעך, אַז אַזאַ אינסטיטוציע ווי דער „דזשאָינט", וואָס האָט געצייכנט צווישן אירע פירער אַזאַ פּערזענלעכקייט און שר של צדקה, ווי דעם ערשט ניט־לאַנג פאַרשטאָרבענעם פעליקס וואַרבורג ז"ל, זאָל זיך אַזוי באַציִען צו אַן אינסטיטוציע וואָס ווערט אָנגעפירט פון גוטע איבערגעגעבענע כלל־טוער, וואָס ווידמען איר פיל צייט און מי ...דער איינציקער חטא פון אונדזער ג"ח־קאַסע איז, דאַכט זיך, וואָס זי איז נישט באַלד...נאָכגעקומען די פאָדערונג איינצוהאַנדלען זיך אין זייער לאַגער אַ גאַנצן קאָמפּלעקט פון ביכער און פאָרמולאַרן, וואָס אַנטשפּרעכן אפשר גרויסע לאַנג־עקזיסטירנדיקע אינסטיטוציעס מיט אַ גרויסן באַאַמטן־שטאַב, האָבן אָבער די מעלה, וואָס קאָסטן אַ גרעסערן סכום געלט...מיר באַשטעטיקן, דערפאַר די ווענדונג פון דער ג"ח־קאַסע און בעטן אייך זייער ...שיקט אונדז אַריין דעם געזאַמלטן בייטראָג, אין וועלכן עס נויטיקן זיך זייער די מענטשן וואָס ראַנגלען זיך שווער נישט־אַראָפּגעשטויסן צו ווערן צו דער מדריגה פון אָרעמעלייט, בכדי צו פאַרהיטן זיי פון אַ דעקלאַסירונג און זיי אויפצוהאַלטן אויפן אויבערפלאַך פון לעבן, און אויסמיידן די טרויעריקע עוועטואַליטעט אָנצוקומען צו צדקה".

די פאַרוואַלטונג פון דער קאַלבושאָווער קהלה האָט ניט גערוט. זי האָט אַלאַרמירט די לאַנדסלייט אין ניו־יאָרק און באָמבאַרדירט זיי מיט בריוו נאָך בריוו, כדי צו באַוויזן די אמת'דיקע לאַגע און באַווירקן די טוער אין אַמעריקע אָנצונעמען שנעלע און ווירקזאַמע טריט צו העלפן זייערע מיטבירגער אין שטעטל אין זייער שווערן גראַנגל פאַר קיום.

אָט איז אַ בריוו פון 12־טן יאַנואַר, 1938, וואָס שטעלט די פּראָבלעם אָוועק אין אַ גאַנצער־אַנדערער פלאַך:

„מיר שיקן אייך איבער אַן אָפּשריפט פון דעם דין־וחשבון, וואָס איז

אָפּגעשיקט געוואָרן צום „דזשאָינט" אין וואַרשע דורכן רעווידענט, וואָס איז אַהערגעשיקט געוואָרן צו אונדזער ג"ח־קאַסע. דער דין־וחשבון ווערט, דוכט זיך, איבערצייגן, אז די וואַרשעווער ידיעה אַז אונדזער ג"ח־קאַסע פירט זיך נישט, כלומרשט, אין אָרדנונג, איז פשוט אויסגעזויגן פון פינגער און האָט געהאַט אַ ספּעציעלע כוונה".

און דאָ גייט אָן ווייטער דער בריוו און דערקלערט די ניו־יאָרקער לאַנדסלייט, אַז מיטן איבערגעבן געלט צום „דזשאָינט" אין אַמעריקע און מיט דעם משתּף זיין די אָרגאַניזאַציע אין די הילפס־אַקציע, ווערט די ג"ח־קאַסע אין קאַלבושאָוו ניט געהאָלפן; וואָרום, ווייזן אָן די בריוו־שרייבער, ווען די געזאַמלטע געלטער אין אַמעריקע קומען דירעקט אין די ג"ח־קאַסע, ווערט דער קאַפּיטאַל פון דער קאַסע רייכער און די הלוואות קאָנען פריער און אויך אין גרעסערע סומען ערטיילט ווערן. ווען, אָבער, דער „דזשאָינט" קריגט דאָס געלט אין אַמעריקע און די וואַרשעווער צענטראַלע שיקט אַריין די דאָזיקע געלטער — אמת, מיט אַ צוגאָב פון אַ סכום געלט אין דער זעלבער הויך ווי די אַמעריקאַנער לאַנדסמאַנשאַפט האָט זיי צוגעשטעלט — ווערט אָבער די גאַנצע סומע געגעבן צו דער ג"ח־קאַסע ניט ווי אַ שטיצע, נאָר ווי אַ הלוואה.

„לויט אונדזער מיינונג — זאָגט זיך אין בריוו — איז פיל ראַטזאַמער דעם בייטראַג אונדז דירעקט אַריינצושיקן. מיר דאַ, האָבנדיק אַחוץ אונדזער אייגן גרונד־קאַפּיטאַל און אייער בייטראַג אין אונדזער רשות, ווי דאָס אייגנ־טום פון דער ג"ח־קאַסע, וועלן מיר קאָנען, יעדנפאַלס פאַרלאַנגען פון „דזשאָינט" אַ הלוואה, וואָס וועט אונדז אָן צווייפל ערטיילט ווערן... דאַן וועלן מיר נישט זיין קיין בעל־חוב פונם גאַנצן בייטראַג, נאָר פון דער בלויזער הלוואה, וואָס ווערט אונדז ערטיילט פון „דזשאָינט" און מיר וועלן אויך נישט זיין אָנגעוויזן אויפן קאַפּריז פונם „דזשאָינט"...

דעם 7טן מערץ 1938 מעלדעט די פאַרוואַלטונג פון דער ג"ח־קאַסע דעם קאַלבושאָווער יאָנג־מענס אָרגאַניזאַציע, אַז דעם 28טן פעברואר 1938, איז פון זיי דערהאַלטן געוואָרן פון „דזשאָינט" די סומע פון 3945 זל. נאָכן דאַנקען פאַר דער הילף, ווערט דערקלערט:

„מיר האָבן צוליב דעם דערהאַלטן פון אַייער געלט פאַרגרעסערט די הלוואה פון 50 זל. אויף 100 און אין אויסנאַמספאַלן, וואָס פאַרדינען ספּעציעלע אויפמערקזאַמקייט און די הלוואה איז אַ גוט גאַראַנטירטע — אויף 150 זל.

עס ווערט אין בריוו געשילדערט ווי די דאָזיקע אַמעריקאַנער געלט־איינשפּריצונג האָט געווירקט אויף די געמיטער אין קאָלבושאָוו. „אייער געלט האָט אין אַ געוויסער מאָס אַריינגעבראַכט אַ רוח־החיים אינם שטעטל. עס האָט צוגעגעבן די פאַרוואַלטונג מוט צו אַן אינטענסיווער אַרבעט. ווי אַ פּועל יוצא פון דעם, האָבן מיר פּראָקלאַמירט אַ וואָך פאַר פאַרגרעסערן די צאָל מיטגלידער און פאָנדן פאַר דער קאַסע. אייער אָפּרוף האָט אַרויס־גערופן אַן אָפּפערוויליקייט און התלהבות אין דער שטאָט".

מיט פרייד דערציילן די טוער פון דער קאַסע, אַז „בלויז נדרים דעם שבת ביי די מי־שברכ'ס פאַר די חשובע לאַנדסלייט (אין אַמעריקע), האָבן אַריינגעבראַכט אַן־ערך 200 זל. לטובת דער קאַסע, אַחוץ אַנדערע בייטראַגן.

לסוף ווערט דערציילט, אַז 2 דעלעגאַטן פון דער „דזשאָינט"־צענטראַלע זיינען געווען אין קאָלבושאָוו און האָבן פאַרזיכערט, אַז נאָך געלט וועט קומען. דאָס געלט, אָבער, וועט דאַרפן פאַרווענדט ווערן אויף קאָנסטרוקטיווע הילף מיטן צוועק צו פּראָדוקטיוויזירן דעם יונגן דור. די פאַרוואַלטונג רעזערווירט זיך אין בריוו איר אייגענע מיינונג וועגן דעם ענין.

עס ווערט אויך מיטגעטיילט, אַז צוליב דער אויסברייטערונג פון דער טעטיקייט, איז באַשלאָסן געוואָרן אַריבערצופירן אַלע טעטיקייטן פון דער ג"ח־קאַסע אין לאָקאַל פון דער קהלה, „וואָס דעקט די קאָסטן פון באהייצונג און באַלויכטונג". דאָס וועט דערמעגלעכן, אַז די פּעטענטן פון דער קאַסע וועלן מער נישט דאַרפן קומען דערלעדיקן די ג"ח־קאַסע ענינים אין אַ פּריוואַט הויז און אַז עס איז געוואָרן אנגאזשירט דער קהלה־סעקרעטאַר ה. געווירץ צו פירן דעם סעקרעטאַריאַט פון דער אינסטיטוציע.

אין אַן אַנדערן בריוו פון זעלבן יאָר, ווערט דער קאָלבושאָווער רעליף־קאָמיטעט אין ניו־יאָרק געבעטן אין אַ בשותפותדיקן בריוו פון דער קהלה־פאַרוואַלטונג (אונטערגעשריבן פון ד. גרינשטיין) און דער פאַרוואַלטונג פון דער ג"ח־קאַסע (אונטערגעשריבן פון ד"ר קליינהויז), אַז היות די ג"ח־קאַסע איז שטאַרק פאַרגרעסערט געוואָרן און אין איר קאַנצעלאַריע קומען אַריין צענדליקער מענטשן טאָג־טעגלעך — ווער צו צאָלן אַ ראַטע און ווער אַ וועקסל אויסצוקויפן, און ווער מיט אַ בקשה וועגן אַ הלוואה אָדער דערליידיקן אַנדערע פאָרמאַליטעטן — און עס ווערט געפירט „די בוכפירונג אַ פּרעציזע, אַנטשפּרעכנדיק די אינסטיטוציעס פון דער „דזשאָינט"־צענטראַלע און ביי אונדז פאַרפליכטנדיקע פאָרשריפטן", און אין שייכות דערמיט איז אָנגעשטעלט געוואָרן דער סעקרעטאַר געווירץ מיט אַ מינימום באַלוינונג פון 30 זלאָטעס

אַ חודש, לכן האָבן זיי זיך באַשלאָסן צו ווענדן מיט אַ פאָרשלאַג, אַז די אַמעריקאַנער לאַנדסמאַנשאַפט זאָל באַשטימען פון אירע פאַנדן אַ העכערונג, וואָס זאָל געשיקט ווערן צום סעקרעטאַר דירעקט.

עס ווערט געגעבן צו פאַרשטיין, אַז די 30 זל. שכירות שטייען נישט אין קיין פראָפּאָרץ צו דער אַרבעט וואָס דער סעקרעטאַר לייגט אַריין און אַזוי ווי עס ברענגט אים „היזק אין זיינע הכנסות צדדיות״ (העברעאישע לעקציעס), וואָס ער מוז אויפגעבן, און קיין גרעסערן געהאַלט קאָן זיך די פאַרוואַלטונג נישט דערלויבן צו געבן, ווייל דאָס וואָלט אָנגערירט דעם קאַפּיטאַל פון דער קאַסע און „קענענדיק די פּסיכאָלאָגיע פון דעם קליינ־שטעטלדיקן ייד, האָבן מיר מורא, אַז דער מיטגליד פון דער ג״ח־קאַסע וועט אפשר זיך צוריקהאַלטן מיט זיינע בייטראַגן״.

ווי ווייט די השגות זיינען דערגאַנגען און ווי קליין די מעגלעכקייטן זיינען געווען, און ווי אומגעהויער גרויס די נויט איז געווען, זאָל דינען דער פאַקט, אַז אין דעם „נכתב בצידו״ פון דעם בריוו נעבן די גרויסע קיילעכדיקע סטעמפּלען פון דער קהלה און פון דער קאַסע ווערט צוגעגעבן, אַז פאַר די 30 זל. שכירות פאַרן סעקרעטאַר האָט די קהלה אסיגנירט 20 זל. פון איר קאַסע, כדי צו קאָנען איינשפּאָרן דער ג״ח־קאַסע דעם גרעסטן טייל פון אירע אַזוי שפּאָרעוודיקע און קוים־קוים אָנזעבאַרע אַדמיניסטראַטיווע הוצאות.

ס׳געפינען זיך נאָך 3 בריוו פון אָקטאָבער, נאָוועמבער און דעצעמבער 1938, פון דער קאַלבושאָווער ג״ח־קאַסע צו דעם „יונייטעד קאַלבושאָווער הילף־קאָמיטעט אין ניו־יאָרק, וואָס זיינען כאַראַקטעריסטיש פאַר דער צייט, פאַר די אומשטענדן און פאַר די געשעענישן פון יענער צייט.

ס׳ווערט דערציילט, למשל, אַז עס זיינען אָפּגעזאָגט געוואָרן הלוואות צו אַזעלכע פּערזאָנען ווי:

1) מרים אייכהאָרן, וואָס איר מאַן איז אין אַמעריקע (יוחנן, ציר׳ס איידעם), „מען רופט אים ביי אונדז אין שטאָט קאָבילסקי״ — זי האָט פיל געלט און נויטיקט זיך ניט אין קיין הלוואה.

2) פרץ שטראַם, אַ ראַניזשאָווער ייד, צוליב דעם וואָס ס׳איז קעגן דעם סטאַטוט.

3) חיה ערליכס אַ מיידל, ווייל עס איז געוואָרן ערשט באַשטעטיקט אַ הלוואה פון 200 זל. צו חיה ערליך אַליין.

4) בעריש שטראָסבערג, ווייל עס איז געגעבן געוואָרן אַ הלוואה זיין טאָכטער, וואָס אויף איר נאָמען איז רעגיסטרירט זיין געשעפט.

עס ווערט אויך געזאָגט, אַז לויט דעם רעגולאַמין קען מען נישט געבן 2 הלוואות אין איין הויז און אַז „די ג״ח־קאַסע שטרעבט צו דערמעג־לעכן דעם הענדלער אָדער בעל־מלאכה איינצוקויפן זיך אביסל סחורה און צו דערהאַלטן זיך אויפן אויבערפלאַך, אָבער נישט אָפּצוקויפן אַ טייל ירושה ביי אַ קצב אָדער אויף אַ שטריימל״...

זייער טרויעריק קלינגען צוויי פּאַראַגראַפן אין בריוו פון נאָוועמבער:

„די ג״ח־קאַסע איז איצט צוגעטראָטן צו אַ פּראָפּאַגאַנדע בהסכם מיט אַ באַשלוס פון דער פאַרוואַלטונג... אָפּצוגעבן יידישע יינגלעך צו אויסלערנען אַ מלאכה. דער מצב אין דעם פּרט איז זייער אַ טרויעריקער, צוליב די אַלטע פאַראורטיילן מצד דעם בעל־בתישן ייד — שנאת המלאכה. די דאָזיקע איינשטעלונג קאָן דערפירן צו אַ מצב... אַז שוין אין די נאָענטסטע יאָרן וועט נישט זיין קיין יידישער בעל־מלאכה און דערמיט וועלן מיר רעאַליזירן דעם אַנטיסעמיטישן פּלאַן״.

אין דעם צווייטן פּאַראַגראַף, וואָס האָט צו טאָן מיט אַ טראַגעדיע, וואָס האָט מיט אומצווײדייטיקע סימנים אָנגעזאָגט די אכזריותן פון דער אָנקומענ־דיקער צווייטער וועלט־מלחמה און די אוממענטשלעכע היטלער־רשעותן, וואָס האָבן זי באַגלייט:

„מיר זיינען איצט געשטעלט געוואָרן פאַר אַ נייער אויפגאַבע, צוליב דעם אכזריותדיקן אַרויסטרייבן 40 טויזנט יידן פון דייטשלאַנד, פּוילישע בירגער — בערום ובחוסר כל. ס׳באַזעצן זיך אין קאַלבושאָוו אַ פּאָר פאַמיליעס, וועלכע מען וועט מוזן איינאָרדנען. מיר האָבן וואָס־אָן־אמת אָרגאַניזירט די וואָך אַ הילפס קאָמיטעט, וואָס טרעט צו אויפצוזאַמלען די נויטיקע פאָנדן אויף די ערשטע הילף פאַר די היגע און אויך אָפּצושיקן אינעם צענטראַל־הילפס־קאָמיטעט. די הכנסות וועלן אָבער בלויז דעקן די ערשטע הילף, ווי באַשפּייזונג, באַקליידונג אאַ״וו״.

## זבאָנשין

לאָמיר דאָ פאַר אַ ווײַלע איבעררייסן די דערציילונג וועגן דעם טאָג־טעגלעכן געראַנגל פון דער ג״ח־קאַסע און בלויז אין קורצן מאַכן אַ זייטיקן שפּרונג צו דעם ענין „זבאָנשין״, וואָס האָט אָנגערירט די קאַלבושאָווער יידן אויף אַ באַזונדערן אופן. דעם 28סטן אָקטאָבער 1938, זיינען די פריער־שוין־דערמאָנטע 40 טויזנט פּוילישע יידן אַרויסגעטריבן געוואָרן פון דייטשלאַנד קיין פּוילן און זיי זיינען אינטערנירט געוואָרן פון דער פּוילישער מאַכט אין

דער גרענעץ־שטאָט זבאָנשין. דער לאַגער אין זבאָנשין האָט זיך באַלד אָר־גאַניזירט מיט לאַנדסמאַנשאַפטן און ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז עס איז פאַראַן אַ גרופּע יידן אָפּשטאַמיקע פון קאָלבושאָוו. ווי די מערהייט אַרויס־געטריבענע, האָבן אויך די קאָלבושאָווער בני־עיר זיך געפונען אין אַ האָפענונגס־לאָזער סיטואַציע און באין־ברירה זיך געווענדט אין דער קהילה פון קאָלבושאָוו נאָך הילף. ווען דעם „רייכטום" פון קאָלבושאָוו און פון דער קהילה האָבן די זבאָנשינער געליטענע טאַקע געוואוסט, אָבער וואָס איז זיי געבליבן צו טאָן? די קאָלבושאָווער בעטן זייערע לאַנדסלייט צו שיקן דאָס געלט צום קאָמיטעט, כדי צו דערמעגלעכן אויסצוצאָלן די איינצלנע מענטשן לויט דער רשימה וואָס זיי האָבן צוגעשיקט (אַ רשימה מיט דער אָנגאַבע פון דער גרויס פון די פאַמיליעס, צאָל קינדער און נומערן פון די פּאַספּאָרטן). דער קאָמיטעט בעט, ווי מעגלעך, דאָס געלט צו פאַרטיילן אויף אַ גערעכטן אופן...

ס׳איז זיך שווער פאָרצושטעלן צי האָט טאַקע די קאָלבושאָווער קהלה זיך אָפּגערופן מיט געלט. זי האָט דאָך, ליידער, נישט געקאָנט זיך העלפן מיט אירע יידישע נויטן אויפן אָרט. פון אַמעריקע, אָבער, איז געשיקט געוואָרן הילף. ס׳ליגט פאַר אונדז אַ באַשטעטיקונג פון „אַלגעמיינעם הילפס־קאָמיטעט פאַר די יידישע פליכטלינגען פון דייטשלאַנד (רונדיקער סטעמפּל), דאַטירט פון 20סטן יוני 1939, געחתמעט פון פּרעזידענט — פּראָפ׳ משה שאָר * און סעקרעטאַר (אומלייענבאַר), אויף דער סומע פון 350 זלאָטעס (100 דאָלער) פאַר די קאָלבושאָווער פליטים פאַמיליעס, וואָס געפינען זיך אין זבאָנשין, געשיקט דורך דעם „דזשאָינט" פון דעם קאָלבושאָווער רעליף־קאָמיטעט אין ניו־יאָרק.

אַגב, זאָל אויך אונטערשטראָכן ווערן, אַז דער קאָלבושאָווער יאָנג־מען בענעוואָלענט סאָסייעטי איז אויך געווען טעטיק אויפן געביט פון אינדיווידועלער שטיצע פאַר די זבאָנשינער קרבנות, וואָס קאָן באַשטעטיקט ווערן פון דער קאָרעספּאָנדענץ פון דער לאַנדסמאַנשאַפטן צענטראַלע (בריוו פון 23סטן אויגוסט 1939).

## אַ באַריכט — וואָס לערנט ער אונדז

אָט ליגט פאַר אונדז אַ באַריכט פאַרן יאָר 1938־39 פון דער קאָלבושאָ־ווער גמילת־חסדים־קאַסע. ער נעמט אַרום די טעטיקייטן פון דעם 1טן אַפּריל

---

* פּראָפ. משה שאָר, באַוואוסטער אַסיריאָלאָג און היסטאָריקער, איז דעמאָלט געווען דער רב פון דער טלאָמאַצקער סינאַגאָגע אין וואַרשע און מיטגליד פון פּוילישן סענאַט.

1938 ביז דעם 31טן מערץ 1939 (דאָס הייסט 5 חדשים פאַרן אויסברוך פון צווייטן וועלט־קריג). די צאָל יידן אין קאָלבושאָוו ווערט אָנגעגעבן 1756 נפשות.

עס ווייזט זיך אַרויס, אַז עס זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן אין פאַרלויף פון דעם דאָזיקן יאָר 280 הלוואות אויף דער אַלגעמיינער סומע פון 37.085 זל. ס'איז כדאי צו וויסן, ווי גרויס די הלוואות זיינען געווען, בכן: 1 הלוואה פאַר 20 זל.; 1 פאַר 25 זל.; 2 פאַר 30 זל.; 45 הלוואות צו 50 זל.; 1 פאַר 60 זל.; 14 צו 75 זל.; 1 פאַר 90 זל.; 84 צו 100 זל.; 1 הלוואה פאַר 105 זל.; 1 פאַר 125 זל.; 43 צו 150 זל.; 631 צו 200 זל.; 21 צו 250 זל.; 2 צו 300 זל.; לאָמיר ניט פאַרגעסן, אַז 5 זל. האָט געמיינט 1 דאָלער.

זאָל אויך פאַרצייכנט ווערן, אַז 1 הלוואה פאַר 150 זל. איז ערטיילט געוואָרן פון דעם א"ג „אויפבוי פאָנד". מיר נעמען אָן, אַז אונטער דעם דאָזיקן טערמין דאַרף מען פאַרשטיין, אַז עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַן אינוועסטירונג אין אַ פּראָדוקטיוויזאַציע־פּראָיעקט.

די צאָל לווים לויט די באַשעפטיקונגען איז געווען ווי פאָלגנדיק: ס'האָבן גענאָסן פון די הלוואות 20 שניידער, 4 שוסטער, 1 טישלער, 7 קצבים, 20 פון אַנדערע פאַכן; 39 מאַנופאַקטור און גאַלאַנטעריע סוחרים; 5 וואָס האָבן געהאַנדלט מיט לעדער־אויסאַרבעטונגען; 28 שפּייז־קרעמער; 14 מאַרקשטייער און גאַסן־הענדלער; 52 אויפקויפער פון דאָרפישע אַרטיקלען (דאָרפסגייער); הענדלער אין אַנדערע געביטן — 50; 9 אַרבעטער; 14 לאַנדווירטן און 17 פאַרשידענע.

עס ווערט אויך אָנגעגעבן, אַז בעת דער לעצטער אַלגעמיינער פאַר־זאַמלונג דעם 27טן מערץ 1938, איז די צאָל אָנוועזנדיקע מיטגלידער געווען 74.

וואָס זיינען געווען די אַדמיניסטראַציע אויסגאַבן פון אַזאַ ג"ח־קאַסע וועט אימעצער פרעגן. אויך אויף דער פראַגע קאָן מען געפינען דעם ענטפער אין דעם דין־וחשבון, וואָס איז געווען דער לעצטער אַרומנעמענדיקער און אָפיציעלער באַריכט פאַר אַ יאָר טעטיקייטן, ווייל דער היטלער מבול איז שוין געשטאַנען הינטער דער טיר און האָט פאַרפלייצט און אָפּגעמעקט די יידישע וועלט. בכן, דאָס שכירות פון פערסאָנאַל האָט אויסגעמאַכט 561.50 זל. פאַרן גאַנצן יאָר. פּאָסט־געלט — 24.75 זל. און אַנדערע פאַרשידענע קאָסטן — 99.10 זלאָטעס.

אין די באַגלייט־בריוו צו די חודשלעכע באַריכטן, וואָס די פאַר־וואַלטונג פון דער ג"ח־קאַסע האָט רעגעלמעסיק צוגעשיקט צו דעם קאָלבו־שאָווער רעליף קאָמיטעט זיינען פאַראַן אָנדייטונגען, וואָס שילדערן קלאָר די אַלץ־פאַרערגערנדיקע זיך לאַגע פון די אָרטיקע יידן. מיט דער וויכטיקער אַרבעט פון „דזשאָינט" זיינען די טוער פון דער ג"ח־קאַסע פרינציפּיעל מחולק, וואָרום זיי פּילן דעם חלף אויפן האַלדז, און קומען צום אויספיר, אַז די קאַסע מוז האָבן גרעסערע אומזאַץ־קאַפּיטאַלן און קאָן זיך נישט פאַרגינען צו קריגן בלויז הלוואות, הגם אָנפראַצענטיקע, פון אַמעריקאַנער „דזשאָינט". די צאָל אַפּליקאַנטן נאָך הילף וואַקסט יעדן חודש און יעדן חודש דאַרף מען צוריק־צאָלן אויפן חשבון פון די „דזשאָינט"־הלוואות גרעסערע סומען געלט, וואָס ווערן וואָס ווייטער אַלץ שטאַרקער נויטיק. דעריבער ווערט ווידער און ווידער אַמאָל אונטערגעשטראָכן די נויט אין שטעטל, און דער פאָרשלאָג דירעקט איבערצואווייזן געלט אין דער קאַסע און ניט דורך דער פאַרמיטלונג פון „דזשאָינט".

אָבער די יידן אין קאָלבושאָוו האָבן נישט בלויז פון זייערע אַמעריקאַנער לאַנדסלייט געבעטן הילף. שבת (פרשת משפטים 1939, פעברואר) איז פּראַק־לאַמירט געוואָרן אַ וואָך פון נייע ביישטייערונגען מצד דער ידישער באַפעל־קערונג לטובת דער ג"ח־קאַסע. עס איז אויך אַרויסגעגעבן געוואָרן וועגן דעם אַן אפיש, אַ קול־קורא.

פון אַן אַנדער בריוו דערוויסן מיר זיך, אַז די קאַסע איז געשטעלט געוואָרן אין חודש פעברואר פאַר שווערע אויפגאַבן. די קאַסע האָט געדאַרפט געבן אַ הלוואה צו אַ פאַמיליע, כדי צו דערמעגלעכן אַן אָרעם מיידל עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל צוזאַמען מיט אַ חתן. עס רעדט זיך דאָ מסתמא וועגן די פיקטיווע חתונות וואָס יונגע פאָרלעך האָבן באַשלאָסן דורכצופירן. דער אויף וועמענס נאָמען דער סערטיפיקאַט איז געוואָרן אויסגעשריבן, האָט געקאָנט עווענטועל שטעלן חופה־וקידושין און מיטנעמען אַ בן־אָדער בת־זוג. דער געניסער פון אַזאַ אַראַנזשירונג האָט ניט איין מאָל געדאַרפט באַצאָלן די הוצאות הדרך פון צווייטן. דאָס איז געווען דער וועג ווי אַזוי יידן האָבן פאַרזוכט צו איבערקליגן די ענגלישע מאַנדאַטן־מאַכט אין א"י, וואָס האָט געשניטן אַלץ מער די צאָל פון סערטיפיקאַטן. דורך פיקטיווע חתונות איז געלונגען אַ סך מער יידן זיך אַרויסצוראַטעווען פון פוילן און באַזעצן זיך אין יידישן פאָטערלאַנד.

אין באַגלייט־בריוו פון מאי קאָמוניקירן די שרייבער זייערע אַמעריקאַנער ברידער וועגן דער פּראָפּאַגאַנדע און אַרבעט לטובת דער פאַרשפּרייטונג און סובסקריפּציע פון דער לופט־פאַרטיידיקונגס הלוואה, וואָס די פּוילישע מלוכה האָט דעמאָלט געהאַט פּראָקלאַמירט. די מלחמה איז געהאַנגען אין דער לופט. היטלער האָט שוין געלאָזט אין גאַנג דעם גאַנצן שוידערלעכן אַנטי־פּוילישן העץ־קאַמפּיין און פּוילן האָט זיך געגרייט. די לאַגע פון די יידן איז געוואָרן טאָפּלט שווער, פאַרשטענדלעך. יידן האָבן געמוזט נישט־זעלטן אַרויסנעמען די לעצטע גראָשנס און זיך באַטייליקן אין דער מלוכהשער הלוואה. די אַלגעמיינע לאַגע האָט אויך צוגעשפּילט. ס׳האָט געהערשט בכלל אַ דוחק אין געלט. אַ סוחר, וואָס האָט אונטער נאָרמאַלע אומשטענדן געקאָנט קריגן אַפּאָר זלאָטעס געבאָרגט פון האַנט צו האַנט, האָט איצט געפונען אַלע טירן געשלאָסן. „אַ פּריוואַטער גמילת־חסד׳ל — זאָגט זיך אינם בריוו פון מאי — מאן דכר שמיה״. די ג״ח־קאַסע ליידט שטאַרק, ווייל די לווים האָבן באַדייטנדיק דערפילט די לאַגע און געווען צוריקגעשטעלט אין זייערע צאָ־לונגען.

אין אַן אַנדער בריוו ווערט באַשריבן די מלחמה־בהלה, וואָס האָט אַרומגענומען ברייטע קרייזן פון שטאָט. דאָס האָט פאַרקלענערט די צאָ־לונגען, וואָס די לווים האָבן געדאַרפט רעגלמעסיק מאַכן. אויך דער פאַקט, וואָס פּסח ביי יידן און די חגאות ביי ניט־יידן זיינען אויסגעפאַלן אין באַריכט־מאָנאַט איז דער פּדיון געפאַלן. דער מלחמה־פּסיכאָז האָט אויך פאַראורזאַכט, אַז דער מסחר זאָל אַריין אין אַ סטאַדיע פון סטאַגנאַציע.

דער לעצטער בריוו צום קאָלבושאָווער רעליף קאָמיטעט טראָגט די דאַטע פון 7טן אויגוסט. דאָס איז ניט קיין פולער חודש פאַר דעם בלוטיקן 1טן סעפּטעמבער 1939, ווען די דייטשישע חילות זיינען אַנגעפאַלן אויף פּוילן און אַזוי אַרום אַנגעזאָגט דעם סוף פון פּוילישן יידנטום. ס׳איז אַ לענגערער בריוו, געשריבן מיט בלוט און ניט מיט טינט. די פאַרוואַלטער פון דער ג״ח־קאַסע — יעדער איינער מיט זיין אייגענער האַנט — האָבן געלייגט זייערע חתימות אויפן בריוו, כדי צו אונטערשטרייכן די ברענענדיקע וויכטי־קייט און די ערנסטקייט פון די פּראָבלעמען. עס האָבן זיך אונטערגעשריבן ווי תמיד דער פּרעזידענט פון דער ג״ח־קאַסע־פאַרוואַלטונג — ד״ר קליינהאוז; דער וויצע־פּאָרזיצער — ד. גרינשטיין; די פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער — עקיבא לייסטנער, יוסף נוסבוים, ישעיה ד. לישע, משה נוסבוים, הערש

האלפערן, ארנאָלד זעמל, סאלאָמאָן קראוט, לייזער האָפערט, מארקוס ווייטצן, מארקוס לאמפל און שלום בראדט.

דער בריוו איז אַ וויי־געשריי אין נאָמען פון 200 משפחות, וואָס האָבן ביז איצט געקראָגן הלוואות און אין נאָמען פון אסך אַנדערע, וואָס האָבן זיך דערקלערט ווי קאַנדידאַטן־בעלנים צו קריגן הלוואות. די שרייבער אַנער־קענען מיט דאַנק די לייסטונגען פון זייערע קאָלבושאָווער לאַנדסלייט, דער־קלערן אָבער, אַז דער קרעדיט פון „דזשאָינט" האָט העלפנדיק, נאַטירלעך, צו לינדערן אַביסל די שווערע לאַגע, דאָך ניט געלעזט די פּראָבלעם. זיי בעטן, דעריבער, דירעקטע און גרעסערע סובסידיעס.

די ג"ח־קאַסע — דערקלערן די אונטערגעשריבענע — האָט נישט נאָר גורם געווען צו דערהאַלטן יידן ביי זייערע פּרנסות, דערמעגלעכט אײנצוקויפן ניי־מאַשינען צו עפענען עטלעכע מיידל־וואַרשטאַטן פ׳ון דאַמען־קליידער און וועש־נייערייען, און פאַר בחורים קאַמאַשנמאַכער שטעפּערייען, נאָר אויך ערטיילנדיק הלוואות האָט די קאַסע געהאָלפן חתונה צו מאַכן פּאַראָרעמטע מיידלעך, איינצואָרדנען נייע פאַמיליעס, דירות געדונגען און חלוצים קיין א"י געשיקט. ווי אין די פריערדיקע חדשים ווערט יעדע אָלגעמיינע באַהויפּ־טונג דאָקומענטירט מיט אַן אויספירלעכן באַריכט, וואָס אַנטהאַלט אויך נעמען פון די געניסערס פון דער קאַסע־טעטיקייט.

איצט — שרייבן די קאָלבושאָווער צו זייערע ברידער אין ניו־יאָרק — איז אַ פרישע צרה מיטן נאָמען זבאָנשין. דער פליטים־לאַגער אין זבאָנשין דאַרף אויפגעלעזט ווערן און אַ ריי קאָלבושאָווער יידן ווערן דערוואַרט אין זייער היימשטאָט. מען דאַרף זיי העלפן.

די שרייבער פון דעם בריוו האָבן נישט געוואוסט, אַז אין געציילטע חדשים, אָט־אָט, וועלן אַלע ווערן פליטים, זיי אויך, און אַז דער גרויסער חורבן הענגט ממש איבער זייערע קעפּ...

רעזומע

פון בנ.-פון דער „גמילות-חסדים"-קאסע
אין קאלבוסוב, אינ'ם חודש יולי - 1939 -,
פערטיילטע הלוואות:

| [illegible] | נאמען פון לוה: | באשעפטיגונג | וואהנארט: | סך פון דער הלואה: | באמערקונגען: |
|---|---|---|---|---|---|
| 1. | Baurenfreund Saul | [illegible] | Kolbuszowa | 200 | [illegible] |
| 2. | Bombach Moses | [illegible] | ,, | 200 | [illegible] |
| 3. | Birnfeld Freida | ./. | ,, | 100 | [illegible] |
| [illegible] | | [illegible] | | 150 | [illegible] |

Prezes
der „Gmilas-Chasudim"-Verwaltung:
/-------------------/
Dr. S. Kleinhaus

Verwaltungs-Mitglieder:

| | | |
|---|---|---|
| /-------------------/ Josef Nussbaum | /-------------------/ Hersch Halpern | /-------------------/ Salamon Kraut |
| /-------------------/ Schaja D. Lische | /-------------------/ Akiwa Leistner | /-------------------/ Dawid Grünstein |
| /-------------------/ Markus Weitzen | /-------------------/ Markus Lampel | /-------------------/ Schulim Brodt |
| /-------------------/ Moses Nussbaum | /-------------------/ Leiser Hoffert | |

דער לעצטער פון די חודשלעכע באריכטן פון דער גמילות חסדים קאַסע

## געשטאלטן

ד״ר י. מ. בידערמאַן

# דער הערצליאַנער אין קאָלבושאָוו

(שטריכן צו אַ פּאָרטרעט פון ד״ר אַדאָלף בריק)

ביים סוף פון 19־טן און אָנהייב פון 20־סטן יאָרהונדערט האָט געלעבט אין קאָלבושאָוו אַ קאָלירפולע געשטאַלט, וואָס האָט זיך לגמרי אויסגעטיילט פון דעם ידישן אַרום — ד״ר אַדאָלף בריק. געווען איז ער אַן אַדוואָקאַט אין שטעטל. הגם מיטגעליטן ידישע צרות און געוויטיקט ידישע ווייטיקן, האָט ער זיך פונדעסטוועגן ניט געמישט אין די אָרטיקע ידישע ענינים פון קהל.

פון וואַנען איז ער געקומען קיין קאָלבושאָוו? האָט ער געשטאַמט פון אַן אָרטיקער משפּחה, אָדער האָט ער איינגעוואַנדערט פון דרויסן און זיך באַזעצט אין שטעטל צוליב דער פּראָפּעסיע? און אויב אַזוי — ווען און פון וואַנען איז ער געקומען?

דאָס אַלץ געהערט נישט צו די גאָר לייכטע זאַכן פעסטצושטעלן. זיינען דאָך שוין אַריבער צענדליקער יאָרן זינט ד״ר בריק האָט געלעבט אין שטעטל. איין זאַך איז אָבער קלאָר: ער האָט אַרויפגעשטעלט קאָלבושאָוו אויף דער ידישער וועלט־מאַפּע; וואָרעם אַדאַנק זיין פּערזענלעכקייט און זיין אויסערגעוויינלעכער ציוניסטישער טעטיקייט איז קאָלבושאָוו ניט בלויז אַרויפגעשטעלט געוואָרן אויף דער מאַפּע פון דער ידישער גאַליציע פון פאַרן ערשטן וועלט־קריג, נאָר האָט אויך פאַרנומען אַ בכבודיקן פּלאַץ אין די ראַמען פון דעם אַלטן עסטרייכיש־אונגאַרישן ידישן קיבוץ. קאָלבושאָוו איז אַדאַנק ד״ר בריק פאַררעכנט געוואָרן ווי אַ פעסטער רינג אין דער פריש־שמידנדיקער זיך קייט פון די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס פון מזרח־איראָפּע.

איבער די גאַסן פון קאָלבושאָוו האָט געשפּרייזט אַ לעבעדיקע לעגענדע.

אַ פעטלעכע, גרויס־לייביקע און ברייטביייניקע פיגור, מיט אַ היפּשלעכן בויך, פלעגט ד״ר בריק אַרומשפּאַצירן איבער די געסלעך פון ייִדישער אָרעמקייט. ער פלעגט אָפּט אַריינשטעקן די האַנט אין טאַש, אַרויסנעמען אַ זשמעניע מטבעות און זיי ברייטהאַרציק פאַרטיילן צווישן די אָרעמע און אָפּגעריסענע ייִדישע קינדערלעך. קיינמאָל האָט ער נישט אָנגענומען קיין איינלאַדונג פון קיינעם פון די קאַלבושאָווער תושבים, אָדער סתם אַריינגיין צו עמעצן אין הויז. ער האָט זיך באַגנוגנט אַריינצוקוקן אין די אָרעמע ייִדישע שטיבער דורך די פענצטער פון גאַס.

קיינער האָט נישט געוואוסט, ווי אַזוי אויסצוטייטשן זיין באַנעמונג. פאַר דעם קליינעם שטעטל איז ער געווען אַן אינטעלעקטועלער ריז. זיין בליק האָט דערגרייכט דאָרט, וואו דאָס אויג האָט נישט געקענט דערגרייכן. ער האָט געזען ניט בלויז דעם מאַטעריעלן דלות, דעם פיזישן אונטערגאַנג; ער האָט דערפילט אַז די דאָזיקע ייִדישע וועלט פון קאַלבושאָוו און הונדערטער אַנדערע ייִדישע שטעטלעך אין גאַליציע און פּוילן שטייט אין דער גרעסטער סכנה פון אומקום. ער האָט דערפילט, מיט אַלע זיינע חושים, אַז דער גרויסער אָדלער פון דער ייִדישער געשיכטע, וואָס האָט זיך אָקאָרשט באַוויזן אויף היימישע הימלען — ד״ר טעאָדאָר הערצל — איז אַזוי גערעכט דערקלערנדיק, אַז מיר זיינען פרעמד פליש אין גוישן אָרגאַניזם. צוזאַמען מיט דעם שפּעטער פון דעם מאָדערנעם ציוניסטישן געדאַנק, איז ד״ר בריק געקומען צום אויספיר, אַז דאָס ייִדישע פאָלק מוז ווי אַמשנעלסטן דערלייזט ווערן. וואָס לענגער עס וועט פאַרבלייבן אין גלות — אַלץ האָפנונגסלאָזער וועט ווערן זיין צוקונפט.

געקומען איז ער קיין קאַלבושאָוו וואַרשיינלעך פון רוסלאַנד. דאָס קען מען דרינגען פון דעם פאַקט, וואָס אויף די ציוניסטישע קאָנגרעסן, אין וועלכע ער האָט זיך באַטייליקט ווי אַ דעלעגאַט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין גאַליציע, האָט ער געהאַלטן זיינע רעדעס אין רוסיש. אין דעם פּרט איז ער געווען אַן אויסנאַם צווישן אַלע אַנדערע גאַליצישע קאָנגרעס־דעלעגאַטן, וואָס האָבן גענוצט אַ גוטן דייטש אָדער דעם שפּעטער באַקאַנט־געוואָרענעם קאָנגרעס־דייטש . . .

מיר נעמען אָן, אַז רוסלאַנד האָט ד״ר בריק פאַרלאָזט אין די 80־ער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט. אַפּנים, אַז עס האָבן אים געשטויסן דערצו די צאַרישע פּאָגראָמען אָדער אַנדערע פּאָליטישע רדיפות. אין קאַלבושאָוו זעען מיר אים שוין מיט אַ סטאַזש פון ציוניסטישער אָנגעהעריקייט, באַהויכט פון אַ קלאָרן ייִדיש־נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט פון רוסלאַנד.

דער טרויעריקער מצב פון די יידן אין שטעטל, די הערשנדיקע אָרעמ־קייט און פאַרגליווערטע אָפּגעשטאַנענקייט, האָבן אים טיף גערירט. מער ווי גערירט. זיי האָבן געדינט ווי אַן אינספּיראַציע פאַר זיין ציוניסטישן איסבליק, און ווי אַן אומבאַשטרייטבאַרער באַווייז, אַז יידן מוזן זיך אַליין העלפן; מוזן זיך אָרגאַניזירן, כדי צו פאַרשנעלערן די גאולה.

ד"ר אַדאָלף בריק איז געווען אַ גאַליצישער דעלעגאַט צו די ערשטע ציוניסטישע קאָנגרעסן. מיר געפינען זיין נאָמען אין די רשימות פון די דעלעגאַטן ביז צום 7־טן וועלט־קאָנגרעס, וואָס איז פאָרגעקומען אין באַזל אין יאָר 1905. אין די ווייטערדיקע קאָנגרעסן איז זיין נאָמען מער נישטאָ. זיינע שפּורן זיינען ווי פאַרשוואונדן. וואָס איז מיט אים געשען? וואו איז ער אַהינגעקומען? איז ער צוריקגעפאָרן קיין רוסלאַנד אין שייכות מיטן אויסברוך פון דער רעוואָלוציע אין יענעם לאַנד? אָדער האָט ער אויסגעוואַנדערט פון גאַליציע אין אַן אַנדער לאַנד? אַלץ דאָס בלייבט פאַרהילט אין אַ שלייער פון אומקלאָרקייט. עס איז היינט צו טאָג נישט פאַראַנען קיינער פון די קאָל־בושאָווער לאַנדסלייט, וואָס זאָל זיין אימשטאַנד עפּעס וועגן דעם אַלעם זאָגן, אָדער אויפקלערן ווען ער האָט פאַרלאָזט קאָלבושאָוו, אָדער איז ער דאָרט געשטאָרבן.

איבערגעבליבן איז זיין נאָמען פאַר ווייטערדיקע דורות אין דער גע־שיכטע פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין גאַליציע *). פון די סאַמע אָנהייבן האָט ער זיך אַרויסגעוויזן צו זיין אַ פירנדיקער ציוניסט און זיך געשטעלט אין דער שפּיץ פון דעם לאַגער פון די טרייע הערצליאַנער ציוניסטן. ניט געקוקט דערויף, וואָס אין דעם דערבייאיקן טאָרנע (טאַרנאָוו) האָט זיך אַנטוויקלט ביים סוף פון לעצטן יאָרהונדערט אַ נעסט פון אַ"ג „פּראַקטישע ציוניסטן", וואָס האָבן זיך דאָרט אָרגאַניזירט אין דעם „אהבת־ציון"־פאַראיין און אין קעגנזאַץ צו דעם „פּאָליטישן ציוניזם" פון הערצלען געזען זייער וועג אין דעם אויפבוי פון דער קאָלאָניע „מחנים" אין ארץ ישראל, קאָנטינואירנדיק אין תוך דעם אַלטן וועג פון „חיבת ציון", האָט ד"ר בריק ניט געוואָלט ווערן קיין שותף צו די מעטאָדן פון דעם טאָרנער ד"ר אברהם זאַלץ און אַנדערע, נאָר געשטאַנען מיט ביידע פיס אויף דער פּלאַטפאָרם, וואָס ד"ר הערצל האָט אויפגעשטעלט. ער האָט געקעמפט פאַר אינטערנאַציאָנאַלע אָנערקענונג פון ציוניסטישן אויפבוי־ווערק און געווען קעגן וועלכע ניט איז קאָלאָניזאַטאָרישע פאַרזוכן...

---

*) אַלע ידיעות וועגן ד"ר אַדאָלף בריקס טעטיקייטן האָבן מיר באַקומען פון ירושלימער אַרכיוו פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע ווי אויך פון די צוויי ביכער „תולדות התנועה הציונית בגליציה" פון נ. מ. געלבער.

אויף דער לאַנד־קאָנפערענץ פון דער ציוניסטישער באַוועגונג פון גאַליציע, אין יאָר 1899 אין לעמבערג, איז ד״ר בריק דערווײלט געוואָרן ווי איר פּאָרזיצער. ס׳איז גאָרניט קיין ספק אַז די דערווײלונג האָט ד״ר בריק געהאַט צו פאַרדאַנקען דער גרויסער השפּעה, וואָס די אָנהענגער פון ד״ר הערצל האָבן געהאַט בײַ יענער קאָנפערענץ. די דאָזיקע קאָנפערענץ איז געווען אַן עדות פון אַ קאַמף, וואָס האָט זיך פאַנאַנדערגעשפּילט צווישן טאַרנע און ווין. די איבערהאַנט האָט געהאַט ווין. די קאָנפערענץ האָט אַרויסגעשיקט אַ טעלעגראַם צו ד״ר הערצל, אין וועלכער זי האָט אויסגעדריקט איר פולסטן צוטרוי און אונטערשטיצונג צום גרויסן ציוניסטישן פירער.

צווישן די 21 דעלעגאַטן, וואָס זײַנען דערווײלט געוואָרן פון גאַליציע צום דריטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין באַזל אין יאָר 1899, שײַנט אַרויס דער נאָמען פון ד״ר אַדאָלף בריק. ער האָט געשפּילט אַ באַדײַטנדיקע ראָלע בײַ יענעם קאָנגרעס. דער קאָנגרעס האָט אים אויסדערווײלט, ווי אַ מיטגליד אין דער קאָמיסיע פאַר אָרגאַניזאַציאָנעלע ענינים. די גאַליצישע דעלעגאַטן האָבן אים אויך פאָרגעשלאָגן ווי אַ מיטגליד אין דעם „פּערמאַנענץ־אויסשוס״ פון קאָנגרעס; זעט אויס, אַז זײַנע נאָענטסטע חברים האָבן פון אים שטאַרק געהאַלטן און געוואָלט אים זען אין דער וויכטיקסטער קאָמיסיע פון קאָנגרעס; פון דער אַנדערער זײַט וואָלט זיך אויסוואַל אָפּגעשטויסן די גאַליצישע פראַקציע פון די „פּראַקטישע ציוניסטן״. מען האָט געמוזט, דעריבער, אײַנגיין אויף אַ פּשרה: אָנשטאָט ד״ר בריק איז דערווײלט געוואָרן ד״ר אברהם קורקיס פון לעמבערג. ד״ר בריק האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט אין די פאַרשיידענע דעבאַטעס בעת דעם קאָנגרעס.

צום 4־טן ציוניסטישן קאָנגרעס אין לאָנדאָן אין יאָר 1900, זײַנען פון גאַליציע געפאָרן 19 דעלעגאַטן, צווישן זיי ד״ר בריק. אויך בײַ דעם קאָנגרעס האָט ער געשפּילט אַן ערשטראַנגיקע ראָל. ער איז דערווײלט געוואָרן ווי אַ מיטגליד אין דער קאָמיסיע פאַר קאָלאָניזאַציע־ענינים. אַחוץ דעם אויך אין דער פינאַנץ־קאָמיסיע, פון וועלכער ער איז געוואָרן דער פאָרזיצער. אין נאָמען פון אָט דער זייער וויכטיקער קאָמיסיע האָט ד״ר בריק געבראַכט דעם באַריכט צו דער פּלענאַרער סעסיע פון קאָנגרעס. בריק האָט געפאָדערט פולע רעכט פאַר אָט דער קאָמיסיע און פאָרגעשלאָגן אַ רעגולאַמין פון פירונגען אין שײַכות מיט פינאַנצן.

בעת דעם דאָזיקן קאָנגרעס איז ד״ר בריק אויך געווען טעטיק ווי אַ מיטגליד אין דער קאָמיסיע פאַר אויפקלערונג און פּראָפּאַגאַנדע. ווער נאָך ווי ער, וואָס איז געקומען צום קאָנגרעס פון דער סאַמע געדיכטעניש פון דעם

שטעטלדיקן גאַליצישן יידנטום, האָט געוואוסט ווי אַזוי מען דאַרף פּאָפּולאַ־ריזירן דעם ציוניסטישן געדאַנק צווישן די ברייטע יידישע מאַסן?

דאָס שטעטלדיקע יידישע לעבן איז געווען אַרומגענומען אין די אייזער־נע צוואַנגען פון חסידישע היץ און דער גאַנצער מיטלאַלטער האָט זיך אויסגעשפּרייט אויף אַלעם וואָס ס'האָט זיך דאָרט געפונען; ציוניזם האָט ניט בלויז געמיינט פאַרזיכערן אַ נאַציאָנאַלע היים אין ארץ־ישראל. ס'האָט אויך געמיינט באַנייאונג, באַפרייאונג און שטאָלץ יידיש לעבן. ד"ר בריק האָט זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון פון דעם מצב... מען דאַרף קריגן אַ לאַנד, מען דאַרף איך באַקומען אַ באַנייט פאָלק פאַרן אַלט־נייעם לאַנד...

דער קאָלבושאָווער דעלעגאַט נעמט אַ לעבהאַפטן אָנטייל אין דער גענעראַל דעבאַטע ביים קאָנגרעס. ער באַווייזט זיך מיט דער שאַרפקייט פון זיין לאָגיק, אַרויסווייזנדיק גרויסע אָראַטאָרישע פעאיקייטן און אַן אויסער־געוויינלעכן אַנאַליטישן חוש. דערביי צייכנט ער זיך אויס מיט גרויסער פאַר־שטענדעניש פאַר אָרגאַניזאַציאָנעלע פּראָבלעמען פון דער יונגער באַוועגונג. ער באַקלאָגט זיך איבער דער נאַכלעסיקייט אין די מעטאָדן פון געלט־זאַמלערישע אַקטיוויטעטן און מאַכט דירעקטע און פּראַקטישע פאָרשלאַגן, ווי אַזוי צו פאַרבעסערן די פינאַנציעלע לאַגע פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע.

אַלע די יאָרן איז ד"ר בריק געווען אַ וויכטיקער מיטגליד אין דער אָנפירערשאַפט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין גאַליציע. עס האָט דאָ נישט געקענט ווירקן אויף די פּאָזיציע, וואָס ער האָט פאַרנומען, די אָרטיקע אָרגאַניזאַציע אין קאָלבושאָוו. אויב זי איז געווען טעטיק, איז זי מסתמא געווען קליין אין איר פאַרנעם; איז דאָך דאָס שטעטל געווען אָרעם און קליין. זיין באַטייליקונג אין דער לייטונג פון דער לאַנד־אָרגאַניזאַציע דאַרף צוגעשריבן ווערן אין דער גרעסטער מאָס און קודם־כל צו דער אויסנאַמלעכער פּערזענ־לעכקייט פון ד"ר בריק. משמעות, דאָס האָט אויך דעצידירט וועגן דעם, אַז ער איז דערוויילט געוואָרן צום 5־טן ציוניסטישן קאָנגרעס אין באַזל אין יאָר 1901.

ביי דעם 5־טן קאָנגרעס איז ד"ר בריק ווידערדערוויילט געוואָרן ווי אַ מיטגליד אין דער קאָלאָניזאַציע־קאָמיסיע. ווי אַ יוריסט האָט ער אַ באַזונדערן אינטערעס אַרויסגעוויזן אין דער אַלגעמיינער דיסקוסיע וועגן די סטאַטוטן פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. עס שטייט אויף דער טאָג־אָרדנונג פון יענעם קאָנגרעס די גרינדונג פון דער קאָלאָניאַל־באַנק, דער פינאַנץ־אינסטרו־מענט, וואָס די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט אַזוי נויטיק געדאַרפט האָבן, כדי צו קענען נאָכקומען די ברענענדיקע פאָדערונגען פון דער צייט. דער קאָנגרעס האָט אויך פאַרהאַנדלט די פּראָבלעמען אַרום דער גרינדונג פון דעם יידישן

נאַציאָנאַל־פאָנד. ד״ר הערמאַן שאַפּירא האָט געבראַכט דעם פּלאַן פון קרן קימת שוין צום ערשטן קאָנגרעס. אָבער עס האָט גענומען אַ לאַנגע צייט ביז די ציוניסטישע וועלט־אָרגאַניזאַציע האָט זיך אָנערקענט צו זיך רייף אונטער־צונעמען די פאַרווירקלעכונג פון דער דאָזיקער אידייע. ווי אַן איבערגעגעבענער ציוניסט און אַ פּראַקטיקער יוריסט, האָט ד״ר בריק געפּאָדערט צו פאַר־לענגערן דעם קאָנגרעס מיט איין טאָג, און דאַן צו באַשטימען אַ ספּעציעלן קאָמיטעט, וואָס זאָל אויסאַרבעטן די לעגאַלע סטאַטוטן פוןביידע פינאַנץ־אינסטרומענטן. דער קאָנגרעס האָט זיך מיט אויפמערקזאַמקייט צוגעהערט צו ד״ר בריק, און אַלע זיינע פאָרשלאַגן איינשטימיק אָנגענומען *).

אין 1903 איז בריק ווידער געקומען קיין באַזל ווי איינער פון די 27 גאַליציישע דעלעגאַטן צום 6־סטן ציוניסטישן קאָנגרעס. אַ טראַגישער קאָנגרעס איז דאָס געווען. ד״ר הערצל, דורכגענומען פון דער שרעקלעכער לאַגע פון יידנטום איבער דער וועלט, האָט געבראַכט צום קאָנגרעס אַ פאָרשלאַג מצד דער ענגלישער רעגירונג וועגן שאַפן אַ „נאַכט אַזיל״ פאַרן יידישן פאָלק אין אוגאַנדאַ. אויף הערצלען האָט געהויערט די שווערע לאַגע פון די יידישע מאַסן איבער דער וועלט, די צייטווייליקע אויסזיכטסלאָזיקייט פון וועלכע ניט איז קאָלאָניזאַציע־מעגלעכקייטן אין ארץ־ישראל אונטער דער טערקישער הער־שאַפט. אַ געוואַלדיקע אָפּאָזיציע פון „ניין־זאָגער״ האָט געשטעלט ד״ר הערצ־לען אין אַ פאַרלעגנהייט. ד״ר בריק איז אויך אין יענעם שווערן מאָמענט געבליבן צווישן די באַגייסטערטע אָנהענגער פון הערצל, און געשטימט מיט ד״ר הערצל פאַר זיין אוגאַנדאַ־פאָרשלאַג.

אויך נאָך דעם 6־טן קאָנגרעס איז ער געבליבן געטריי דעם ציוניס־טישן מנהיג, הגם עס האָט געהאַלטן ביי אַ שפּאַלטונג פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע. די אַזוי־גערופענע „ציוני־ציון״ האָבן פאַררופן אַ קאָנ־פערענץ פון די רוסישע ציוניסטן אין כאַרקאָוו, וואו עס איז אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס קעגן הערצלס אוגאַנדאַ פּלענער. ד״ר בריק געפינט פאַר נויטיק צו רעאַגירן אויף דעם כאַרקאָווער באַשלוס, פאַרטיידיקט די רעזאָלוציע פון קאָנגרעס און נעמט אין שוץ די פערזענלעכקייט פון גרויסן ד״ר הערצל. אין דעם אָרגאַן פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע „די וועלט״, וואָס דערשיינט אין ווין אין דער דייטשער שפּראַך, דרוקט ער אָפּ אין נומער 6 פון

*) ס׳איז כדאי צו באַמערקן, אַז די רעדעס פון ד״ר בריק זיינען איבערגעזעצט געוואָרן אין דייטש פון ד״ר יחיאל טשלענאָוו, דעם דעמאָלטיקן גרויסן פירער פון וועלט־ציוניזם. ניט אַנדערש, אַז טשלענאָוו האָט זיך באַצויגן מיטן פולסטן ערנסט צו בריקס רעדעס. אינטערעסאַנט איז אויך, אַז אין זיין ענטפער, האָט אויך ד״ר הערצל זיך פאַררופן אויף בריקס דערקלערונגען, אַרויסווייזנדיק דעם קאָלבושאָווער דעלעגאַט אַ סך דרך־ארץ.

יאָר 1904 אַ דערקלערונג אין נאָמען פון ציוניסטישן פאַראיין אין קאָלבושאָװ, אין װעלכער ער ברענגט צום אויסדרוק דעם פולן צוטרוי און שטיצע פאַר ד"ר הערצלס פּאָליטיק.

אין לויף פון 6־טן ציוניסטישן קאָנגרעס, װייזט בריק אַרויס גרויס געניטקייט און װיסן װעגן דער סאָלידקייט און לעגאַלע יסודות, װאָס דאַרפן זיין די באַזע פאַר די פינאַנציעלע טעטיקייטן פון דער ציון־באַװעגונג. ער נעמט אַ טיכטיקן אָנטייל אין דער דעבאַטע אַרום דעם קרן קימת. ער װאָרנט, אַז עס טאָרן אין אַזאַ װיכטיקן ענין נישט דערלאָזט װערן קיין לעגאַליסטישע דריידלעך. כאַראַקטעריסטיש איז געװען דער זאָג זיינער, אַז מען טאָר נישט האַנדלען אין דער פראַגע פון יידישן נאַציאָנאַל־פאָנד „װי ערב פסח ביי מכירת חמץ, װען דער װאָס פאַרקויפט — פאַרקויפט נישט, און יענער װאָס קויפט — קויפט גאָרנישט..." װיפל פאָלקסטימלעכע חכמה שפּרודלט פון אַזאַ איינפאַכן משל!

ד"ר בריק האָט געמוזט האָבן אויך באַדייטנדיקע קענטעניש אין פינאַנ־ציעלע אָנגעלעגנהייטן; אַזוי, למשל, שלאָגט ער פאָר, אַז דער קאָנגרעס זאָל װי אַמשנעלסטן פּטור װערן פון זיינע אַקציעס אין סערבישע טאַבאַק־פירמעס. ער קומט אויך אַרויס מיט אַ געדאַנק, אויפצובויען אין באַזל אַ נאַציאָנאַל הויז, װי אַן אויסדרוק פון דאַנקבאַרקייט פון יידישן פאָלק צום שװייצאַרישן פאָלק פאַר זיינע סימפּאַטיעס און אונטערשטיצונג פון ציוניזם.

דער לעצטער קאָנגרעס, אין װעלכן מיר געפינען ד"ר אַדאָלף בריק, איז דער 7־טער קאָנגרעס אין באַזל אין יאָר 1905. ער איז דעמאָלט דערװיילט געװאָרן װי אַ דעלעגאַט פון דעם סטאַניסלאַװער ציוניסטישן באַצירק. דאָס איז געװען ערשטער קאָנגרעס נאָך הערצלס טויט, איבער װעלכן עס האָט געשװעבט די געשטאַלט פון װינער אָדלער, און בעת װעלכן עס האָבן נאָך אָפּגעקלונגען די עכאָס פון דער שװערער אוגאַנדאַ־פּאָלעמיק. צי האָט נישט אַמאָל דער פריצייטיקער, פון קיינעם נישט פאָרויסגעזעענער טויט פון ד"ר טעאָדאָר הערצל ניט געהאַט קיין שייכות מיט דעם פּלוצימדיקן פאַרשװינדן פון זיין געטרייען תלמיד אין גאַליצישן קאָלבושאָװ?

גילה אוריאל
תל אביב

# צוויי סילועטן

## יעקב עקשטיין — דער בעל־צדקה פון קאַלבושאָוו

קאָלבושאָוו איז געווען אַ קליין שטעטעלע מיט אַן ערך זעקס טויזנט איינוואוינער — ניט ווייט פון ריישע און מערב גאַליציע. וויכטיק איז דאָס שטעטעלע געווען דערמיט וואָס עס איז געווען די הויפּט־שטאָט פון אַ קרייז (פּאָוויאָט) מיט אַ באַפעלקערונג פון אַרום 70 טויזנט, און דאָרט האָבן זיך געפונען אַ ריי אָפיציעלע רעגירונגס־אַמטן ווי דער סטאַראָסטע, דאָס געריכט אד״גל.

דאָס שטעטל איז געווען געבויט אין דער פאָרם פון אַ שטערן: אַ צענטראַלער מאַרק מיט אַ וואַסער־ברונעם אין מיטן און פון דעם מאַרק האָבן ווי אַרויסגעשטראַלט די גאַסן, וואָס האָבן געפירט צו די צוויי הויפּט־טיילן פון שטעטל: די אויבערשטע קאָלבושאָוו מיט די גוטבאַזיצערס און אַנגעזעענע בירגער; און די אונטערשטע קאָלבושאָוו, וואו עס האָבן געוואוינט די אָרעמע שיכטן.

ס׳רוב פון דער באַפעלקערונג איז געווען יידן. די באַציאונגען צווישן דער יידישער מערהייט און דער קריסטלעכער מינדערהייט זיינען בדרך־כלל געווען אויסגעצייכנטע און ביידע געמיינדעס האָבן זיך קעגנזייטיק אַרויסגעהאָלפן אַזוי אין פרייד ווי אין צייטן פון צרות.

געווען זיינען אינעם שטעטל אַ שול און להבדיל אַ קירך און אַ ״קאַסינאָ״, וואָס האָט געדינט ווי אַ קולטור און פאַרוויילונגס־צענטער. דאָס שטעטל איז געווען ריין און געבענטשט מיט אַ סך גערטנער. אויך די ביוראָען פון סטאַראָסטע־אַמט האָבן זיך געפונען אין אַ גרויסן פּאַרק; כמעט לעבן יעדן הויז — באַזונדערס אין דער אויבערשטער קאָלבושאָוו — איז געווען פאַרפלאַנצט אַ קליין און גוט געפלעגט גערטנדל. ניט ווייט פונם שטעטל האָט זיך געפונען אַן אַלטער וואַלד, וואָס האָט געדינט ווי אַן אָרט פאַר שפּאַציר און אָפּרו פאַר דער באַפעלקערונג.

איין מאָל אַ וואָך איז פאָרגעקומען אין שטעטל אַ יריד און אין אַזאַ טאָג האָבן זיך פאַרזאַמלט אויף דעם צענטראַלן פּלאַץ מענטשן־מאַסן, ווער מיט

עפּעס צום פאַרקויפן און ווער עפּעס איינצוקויפן. די מערהייט ייִדן האָבן עוסק געווען אין האַנדל, אָבער די עקשטיין משפחה, וואָס איז געווען די סאַמע רייכסטע און וויכטיקסטע, איז געווען אַן אויסנאַם אין דעם פּרט. דער עיקר האָט זי זיך פאַרנומען מיט ערד־אַרבעט און פאַרמאָגט האָט זי גיטער, גרעסערע און קלענערע, איבער דער גאַנצער געגנד.

די פאַמיליע עקשטיין איז געווען אַ פאַרצווייגטע און פונאַנדערגעוואַק־סענע: דריי זין און צוויי טעכטער, ברידער און שוועסטער און ס׳רוב פון זיי האָט זיך באַזעצט אין קאַלבושאָוו אָדער אין דער סביבה. אַלע האָבן זיך אויסגעצייכנט ווי אַרבעטסזאַמע מענטשן, קלוגע, קולטורעלע און פאַרגעשריטענע.

דאָס הויז פון דעם הויפּט פון דער משפּחה, ר׳ יעקב עקשטיין, איז געווען אַ גרויס און געראַם הויז פון אַ ייִד, אַ גביר, אָפן און פריי פאַר הכנסת אורחים. געווען איז דאָרט אַ שטענדיקער מנין, וואו די וויכטיקסטע ייִדן פלעגן דאָרט דאַווענען שבת און יום־טוב.

ר׳ יעקב עקשטיין איז צוויי מאָל געבליבן אַן אַלמן און זיין דריט ווייב, וואָס האָט געשטאַמט פון אַ וויכטיקער רבנישער משפחה פון קראָקע און האָט זיך געייחוסט אויך מיט דעם, וואָס איינער פון אירע פאַרגייער האָט געדינט ווי אַ דעפּוטאַט אין עסטרייכישן פּאַרלאַמענט, איז געווען אַ געלערנטע פרוי, אויפגעקלערט און גרויס־וועלטיש אין איר פירונג, האָט זי זיך באַמיט אויפצו־היבן די אַלגעמיין קולטורעלע ניוואָ פון איר הויזגעזינד און פאַמיליע. די אָרדנונג אין הויז איז תמיד געווען מוסטערהאַפט. אַלצדינג איז דאָ געווען בשפע און אַלץ האָט געפינקלט פון ריינקייט, אַלץ איז געווען אויפן אָרט, פון בעסטן און פון שענסטן. די מאָלצייטן זיינען סערווירט געוואָרן לויט אַלע איראָפּעאישע געזעצן פון עלעגאַנץ און עטיקעט און די מאכלים האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער קוואַליטעט, און דערביי איז שטרענג אָפּגעהיט געוואָרן די טראַדיציאָנעלע כשרות.

די קינדער פון דער משפּחה האָבן באַקומען אַ ייִדישלעכע דערציאונג און אין דער זעלבער צייט אַן אַלגעמיינע אויסבילדונג. די טעכטער האָבן שטודירט פרעמדע שפּראַכן און געשפּילט קלאַוויר.

וועגן דער היגיענישער אָפּגעהיטקייט אין דעם עקשטיין הויז זאָל דינען דער פאָלגנדיקער כאַראַקטעריסטישער פאַקט: איינמאָל האָט ר׳ יעקב׳ס שוועסטער זיך אויסגעגליטשט און זיך צעהאַקט אַ פוס; די שכנים האָבן איר געעצהט אַרויפלייגן אויף דער וואונד שפּינוועבס; און אָט האָבן זיי געוואָלט טאַקע צוליגן שפּינוועבס צום פוס — אָבער אין גאַנצן הויז ניט געפונען קיין שפּינוועבס אויף אַ רפואה... אפילו נישט נאָך געניע זוכענישן אויפן בוידעם!

עפּעס צום פאַרקויפן און ווער עפּעס איינצוקויפן. די מערהייט יידן האָבן עוסק געווען אין האַנדל, אָבער די עקשטיין משפחה, וואָס איז געווען די סאַמע רייכסטע און ווירטיקסטע, איז געווען אַן אויסנאַם אין דעם פּרט. דער עיקר האָט זי זיך פאַרנומען מיט ערד־אַרבעט און פאַרמאָגט האָט זי גיטער, גרעסערע און קלענערע, איבער דער גאַנצער געגנט.

די פאַמיליע עקשטיין איז געווען אַ פאַרצווייגטע און פונאַנדערגעוואַק־סענע: דריי זין און צוויי טעכטער, ברידער און שוועסטער און ס׳רוב פון זיי האָט זיך באַזעצט אין קאַלבושאָוו אָדער אין דער סביבה. אַלע האָבן זיך אויסגעצייכנט ווי אַרבעטסזאַמע מענטשן, קלוגע, קולטורעלע און פּאָרגעשריטענע.

דאָס הויז פון דעם הויפּט פון דער משפחה, ר׳ יעקב עקשטיין, איז געווען אַ גרויס און געראַם הויז פון אַ ייד, אַ גביר, אָפן און פריי פאַר הכנסת אורחים. געווען איז דאָרט אַ שטענדיקער מנין, וואו די ווירטיקסטע יידן פלעגן דאָרט דאַווענען שבת און יום־טוב.

ר׳ יעקב עקשטיין איז צוויי מאָל געבליבן אַן אלמן און זיין דריט ווייב, וואָס האָט געשטאַמט פון אַ ווירטיקער רבנישער משפחה פון קראָקע און האָט זיך געיחוסט אויך מיט דעם, וואָס איינער פון אירע פאַרגייער האָט געדינט ווי אַ דעפּוטאַט אין עסטרייכישן פּאַרלאַמענט, איז געווען אַ געלערנטע פרוי, אויפגעקלערט און גרויס־וועלטיש אין איר פירונג, האָט זי זיך באַמיט אויפצו־הייבן די אַלגעמיין קולטורעלע ניוואָ פון איר הויזגעזינד און פאַמיליע. די אָרדנונג אין הויז איז תמיד געווען מוסטערהאַפט. אַלצדינג איז דאָ געווען בשפע און אַלץ האָט געפינקלט פון ריינקייט, אַלץ איז געווען אויפן אָרט, פון בעסטן און פון שענסטן. די מאָלצייטן זיינען סערווירט געוואָרן לויט אַלע אייראָפּעאישע געזעצן פון עלעגאַנץ און עטיקעט און די מאכלים האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער קוואַליטעט, און דערביי איז שטרענג אָפּגעהיט געוואָרן די טראַדיציאָנעלע כשרות.

די קינדער פון דער משפחה האָבן באַקומען אַ יידישלעכע דערציאונג און אין דער זעלבער צייט אַן אַלגעמיינע אויסבילדונג. די טעכטער האָבן שטודירט פרעמדע שפּראַכן און געשפּילט קלאַוויר.

וועגן דער היגיענישער אָפּגעהיטקייט אין דעם עקשטיין הויז זאָל דינען דער פאָלגנדיקער כאַראַקטעריסטישער פאַקט: איינמאָל האָט ר׳ יעקב׳ס שוועסטער זיך אויסגעגליטשט און זיך צעהאַקט אַ פוס; די שכנים האָבן איר געעצהט אַרויפצולייגן אויף דער וואונד שפּינוועבס; און אַט האָבן זיי געוואָלט טאַקע צולייגן שפּינוועבס צום פוס — אָבער אין גאַנצן הויז ניט געפונען קיין שפּינוועבס אויף אַ רפואה... אפילו ניט נאָך גענויע זוכענישן אויפן בוידעם!

מען אים אַרויסגערופן פאַר וויכטיקע באַראַטונגען פון דער אָנפירערשאַפט פון „דזשאָינט״ אין קראָקע. פאַר אָט די דאָזיקע אַקטיוויטעטן האָט ער באַקומען אַ ספּעציעלע אויסצייכענונג מצד דער הויפּט־לייטונג פון דער אָרגאַניזאַציע.

ער איז געווען אָנגענומען און באַליבט פון ייִדן און קריסטן צוגלייך. געווען איז ער דורכגעדרונגען מיט אַ בירגערלעכן באַוואוסטזיין און אַ גוואַלדיקן ווילן צו העלפן דעם אָרעם. מיט גרויס סאַטיספאַקציע האָבן זיינע שטעטלדיקע אויפגענומען די ידיעות וועגן דעם, אַז יעקב עקשטיין האָט זוכה געווען צו באַקומען גרויס כבוד אין צוזאַמענהאַנג מיט זיין געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט און זיינע דערגרייכונגען אויף דעם געביט. ער איז פאַרבעטן געוואָרן קיין ווין — די עסטרייכישע הויפּשטאָט, און דאָרט איז ער איינגעלאַדן געוואָרן מיט גרויס כבוד צום דעמאָלסטיקן קייסער פראַנץ־יאָזעף, וואָס האָט אים באַערט מיט אַ וויכטיקן מעדאַל. זאָל אויך דאָ דערמאָנט ווערן, אַז זיין דערשיינען אין ווין אין דעם קייזערלעכן הויף האָט געמאַכט אַן איינדרוק הויפּטזעכלעך צוליב דעם טראַדיציאָנעלן טראַכט, וואָס האָט אַרויסגערופן אַן אַקצענט פון יראת־הכבוד.

ווי אַ צייכן פון אָנערקענונג פאַר זיין אומדערמידלעכער טעטיקייט פאַר דער אַנטוויקלונג פון שטעטל און פון זיין שטענדיקער זאָרג פאַר די נויטן פון דער באַפעלקערונג, איז איינע פון די גאַסן אין קאַלבושאָוו אָנגערופן געוואָרן אויף דעם נאָמען פון יעקב עקשטיין.

ווי אַן אַקטיווער מענטש באַקרוינט מיט אַ סך אויפטוען און דערגריי־כונגען, איז דער נאָמען פון יעקב עקשטיין ברייט באַקאַנט געווען און קודם־כל צוליב זיינע פילצאָליקע מעשים־טובים פון צדקה און גוטסקייט, וואָס ער האָט נישט אויפגעהערט צו טאָן במשך פון אַלע יאָרן פון זיין לעבן. קאָן מען, דעריבער, מיט רעכט אָנרופן אים ווי דער „בעל־צדקה פון קאַלבושאָוו״.

* * *

יעקב עקשטיין איז נפטר געוואָרן אין קאַלבושאָוו אין טיפן עלטער פון 83 יאָר אין דעם טאָג פון תענית אסתר. אין דער צוואה, וואָס ער האָט איבער־געלאָזט האָט ער געזאָרגט וועגן יעדן איינעם פון זיין פאַרצווייגטער משפחה, און איבערגעלאָזט ירושה מיט אַ ברייטער האַנט און בכבודיק פאַר יעדן איינעם. דער קריסטלעכער נאָטאַר, וואָס האָט זיך באַשעפטיקט מיט דער דורכפירונג פון זיין לעצטן ווילן, האָט וועגן ר׳ יעקב עקשטיין געזאָגט, אַז ער האָט „קיינמאָל אין זיין לעבן ניט געזען אַזאַ איידעלן אַדעל־מאַן ווי ער איז געווען״.

* * *

די מערהייט פון דער עקשטיין־משפחה איז אומגעקומען אין דער קאַ־טאַסטראָפע, וואָס איז באַפאַלן די ייִדן אין פוילן. בלויז געציילטע האָבן זיך

געראַטעוועט. צווישן זיי האָבן זיך באַזעצט אין מדינת ישראל זיין אייניקל (די טאָכטער פון אברהם עקשטיין) חנה־אַנדזשיע און איר משפחה.

## ד״ר אליהו־צבי ביליג — דער קאָלבושאָווער דאָקטאָר

ד״ר אליהו־צבי ביליג איז געווען פון די צענטראַלע פיגורן אין קאָלבושאָוו במשך אַ תקופה פון איבער צוואַנציק יאָר. ער איז אַנגעקומען אַהין מיט זיין יונגער פרוי אננא־חנה, פון דער היים קוקעש, אַ קורצע צייט נאָך זייער הייראַט און נאָכדעם ווי ער האָט פאַרענדיקט זיינע מעדיצי־נישע שטודיען אין דעם ווינער אוניווערסיטעט.

זיין ווייב, אננא, איז געווען אַ געבוירענע אין בראָד, אַ טאָכטער פון אַן אַלט־איינגעזעסענע און באַקאַנטער יידישער פאַמיליע אין דער דאָזיקער שטאָט, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט איר גרויסער יידישער באַפעלקערונג און מיט איר אַנטוויקלטער קהילה. איר ברודער, דער אַדוואָקאַט עוזר קוקעש, האָט געהערט צו די ערשטע מקורבים און נאָכפאָלגער פון ד״ר טעאָדאָר הערצל אין ווין, געווען צווישן די גרינדער פון דעם דאָרטיקן „קדימה" פאַראיין און געווען אַ מיטגליד פון ערשטן ציוניסטישן אקציאָנס־קאָמיטעט.

ד״ר ביליג און זיין פרוי האָבן געפירט אַ גליקלעך און האַרמאָניש פאַמיליען־לעבן און עס זיינען ביי זיי געבוירן געוואָרן ניין קינדער, פינף זין און פיר טעכטער, וואָס איינע פון צווישן זיי, עמיליע, איז געשטאָרבן יונגערהייט פון אַ שווערער קראַנקייט.

ד״ר ביליג און זיין ווייב האָבן געזאָרגט וועגן דער גוטער דערציאונג פון זייערע זין און טעכטער, און זיי האָבן זיך נישט אָפּגעהאַלטן צו נעמען אויף זיך אַן עול פון חובות פאַר דעם צוועק. די פאַמיליע האָט געוואוינט אין קאָלבושאָוו אין אַ געראַמען הויז, אַרומגערינגלט מיט אַ גרויסן גאָרטן; צוליב זיין סאָלידן געבוי איז דאָס הויז ניט אָפּגעברענט געוואָרן, בעת דער גרויסער שרפה וואָס איז אין שטעטל אויסגעבראָכן און וואָס האָט חרוב געמאַכט אַ גרויסע צאָל הייזער.

דער דאָקטער האָט ליב געהאַט מענטשן און געווען באַליבט פון יעדן. ער האָט זיך דערוואָרבן אַ גוטן נאָמען אין גאַנצן פּאָוויאַט, ווי אַ דאָקטער און ווי אַ מענטש. אין פאַרלויף פון אַ קורצער צייט איז אים געלונגען אָנ־צוקניפּן פריינטלעכע באַציאונגען מיט די אָרטיקע איינוואוינער, יידן ווי קריסטן, און ער האָט זוכה געווען צוריקצוקריגן פון אַלעמען אָנערקענונג,

סימפּאַטיע און ליבע אַדאַנק זיין איבערגעגעבנקייט און אומדערמידלעכקייט אין זיין מענטשלעכער און האַרציקער באַציאונג צו יעדן וואָס האָט זיך צו אים געווענדט פאַר הילף, מעדיצינישער באַהאַנדלונג, פאַר אַן עצה אָדער שטיצע.

לאַנג פאַר דעם ווי דער באַגריף „פּסיכאָ־סאָמאַטיק״ האָט זיך איינגעבירגערט אין דער מעדיצין, האָט זיך שוין ד״ר ביליג מיט אים באַנוצט און זיך געפירט אין איינקלאַנג מיט זיינע פּרינציפּן אין זיין טאָגטעגלעכער פּראַקטיק. ווען ער איז געקומען צום הויז פון זיין פּאַציענט, האָט ער קודם־כל זיך געוויצלט און דערציילט מעשיות ביז ס'איז אים געלונגען צו שאַפן אַרום זיך אַן אַטמאָספער פון רואיקייט און באַרואיקונג, און ערשט דעמאָלט האָט ער אָנגעהויבן אויסצופרעגן, שטעלן די דיאַגנאָזע און געבן די נויטיקע טעראַפּיע. אַחוץ דער גוטער שול, וואָס ער האָט געקראָגן אין דעם ווינער אוניווערסיטעט אויפן געביט פון אַלגעמיינער מעדיצין, האָט ער זיך דערוואָרבן וויסן בעת זיין גרויסער פּראַקטיק; ער איז שטענדיק געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט דער אַנטוויקלונג און נאָכגעפאָלגט דעם פאָרשריט פון מעדיצין אין דער וועלט.

הגם ער איז תמיד געווען פאַרנומען מיט דער שווערער אַרבעט און טאָג און נאַכט זיך געווידמעט די קראַנקע, נישט שוינענדיק זיך און זיין אייגן געזונט — איז ער געווען אין אַ גוטער שטימונג, שטענדיק געמיטלעך, מיט אַ חוש פאַר הומאָר און הייטערקייט, אונטערזינגענדיק אַמאָל און נישט זעלטן שרייבן אַן אייגן ליד. אפילו אין מאָמענטן, ווען ער האָט געזונטהייטלעך שלעכט געפילט, האָט ער קיינמאָל נישט איבערגעריסן זיין מעדיצינישע אַרבעט.

און געווען איז ער טאַקע פאַרנומען איבערן קאָפּ: אין צוגאָב צו די אויפנאַמס־שעהן פאַר קראַנקע אין זיין קאַבינעט, פלעגט ער טאָג־איין טאָג־אויס, אָוונט־איין און אָוונט־אויס, אָננעמען אויסווערטיקע וויזיטן, אַפילו צו גענוג ווייטע מקומות; ער האָט אַמטירט אויך ווי אַ שטאָטישער דאָקטער און ווי אַ מיליטערישער אין פּאָוויאַט, ווי אויך ווי אַ וועטערינאַר און סאַניטאַר־דאָקטער. ער פלעגט דורכפירן די נויטיקע אָפּעראַציעס אין טויט־פאַלן, ווען דאָס איז געווען נויטיק, און דערשיינען אין קרייז געריכט כדי אָפּצוגעבן מעדיצינישע עקספּערטיזעס. ער האָט אויך דורכגעפירט די אימוניזירונגס איינשפּריצונגען קעגן אָנשטעקנדיקע קראַנקייטן און מגיפות. כאַראַקטעריסטיש איז צו פאַרצייכענען, אַז ווען ער איז געווען געצוואונגען, צוליב סאַניטאַרע טעמים, צו קאָנפיסקירן געוויסע שפייזן ביי אַזאַ אָדער אַן אַנדערן קליינ־

הענדלער, האָט ער באַלד אים געגעבן אַביסל געלט און באַצאָלט פאַר דער צוגענומענער סחורה. געטאָן האָט ער עס צוליב רחמנות געפילן צו דעם מענטש און זיינע בני־בית.

צוזאַמען מיט זיין נאָענטן פריינט, יעקב עקשטיין, וואָס האָט געהערט צו די חשובסטע בעלי־בתים פון שטעטל, און די אַנדערע פון זיין משפחה, האָט ד״ר ביליג אָן אויפהער זיך געווידמעט דער פאַר־בעסערונג פון דעם סאַניטאַרן צושטאַנד פון שטעטל, מאַכן דאָס לעבן דאָרט לייכטער און געזאָרגט אויפצו־הויבן די אַלגעמיין קולטורעלע הויך פון די איינוואוינער. אַזוי האָט ער אָפט איניציאירט, צוזאַמען מיט זיי, צו געבן מאַטעריעלע און אויך מעדיצינישע הילף די אַלע נויטבאַדערפטיקע. זיין פרוי פלעגט קאָכן וואַרעמע און נאַר־האַפטיקע שפייזן און פונאַנדערטיילן עס צו די אָרעמע בעת ער פלעגט קומען מיט וויזיטן אין זייערע היימען.

ער האָט אָפּגעראַטעוועט אַ סך מענטשן אין קאָלבושאָוו, יידן ווי קריסטן, קינדער און דערוואַקסענע. באַזונדערס האָט ער באַוויזן זיין כוח און ענערגיע, בעת עס זיינען אויסגעבראָכן שווערע עפּידעמיעס אין קאָלבושאָוו, ווי די כאָלערע, וואָס האָט פאַרצייכנט אַ גרויסן שניט אינערהאַלב דער באַפעל־קערונג. עס איז דעמאָלט אָרגאַניזירט געוואָרן אין הויז פון ד״ר ביליג אַ מעדיצינישע צענטראַלע, וואו עס איז אָפּגעהיט געוואָרן אַן אומאיבערגעריסענער דיזשור; ס׳זיינען אויסגעטיילט געוואָרן מעדיצינען, וועש און שפּייז צו די נצרכים.

מיט יעקב עקשטיין האָט ד״ר ביליג געגרינדעט אַן אָרטיקן באַנק, וואָס האָט געבראַכט אַ סך נוצן פאַר די סוחרים און האַנטווערקער אין קאָל־בושאָוו. די ערשטע יאָרן פון זיין עקזיסטענץ איז ד״ר ביליג געווען אַ מיט־גליד אין דירעקטאָרן־ראַט פון באַנק, ווי אַ וואָלונטיר, און אַוועקגעגעבן פאַר אָט דער אונטערנעמונג ניט ווייניק פון זיין פרייער צייט.

ווען ד״ר ביליג איז געוואָרן 50 יאָר אַלט און לכבוד צוואַנציק יאָר פון זיין דאָקטערישער טעטיקייט אין קאָלבושאָוו, איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ יובילעי־פייערונג, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן, ווי געווינטלעך, דורך דער משפחה עקשטיין און ביי דער געלעגנהייט האָבן אים זיינע פריינט באַוואָרפן מיט אַ שפע פון ברכות און פּרעזענטן. ספּעציעלע אָנערקענונגס־שריפטן זיינען אים דערלאַנגט געוואָרן דורך דער באַנק־פירערשאַפט, פון דער פאַר־וואַלטונג פון דער יידישער קהילה און פון דער אָנפירונג פון מאַגיסטראַט. ס׳איז אומעטום אַרויסגעבראַכט געוואָרן מיט ליוב און אָנערקענונג זיין פאַר־צווייגטע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט; ער האָט אויך באַקומען אַן אָנערקע־

נונגס־סערטיפיקאַט און אַ פּערזענלעכע מתנה פון דער מיליטערישער קרייז־קאָמענדאַטור פאַר זיין איבערגעגעבענער דינסט ווי אַ מיליטערישער דאָקטאָר במשך פון לאַנגע יאָרן.

* * *

דער שווערער פיזישער אָנשטרענג אין פאַרלויף פון לאַנגע יאָרן, נישט נעמענדיק קיין אָפּרו אָדער וואַקאַציע, האָט אונטערגעגראָבן בהדרגהדיק דאָס געזונט פון ד״ר ביליג. לויט די אָנווייזונגען פון דאָקטוירים איז ער אַוועק פאַר קוראַציע אין דעם קוראָרט אַבּאַציע אין איטאַליע און ער איז טאַקע צוריקגעקומען נאָך אַ קורצער צייט מיט באַנייטע און אָפּגעפרישטע כוחות. אויפן ערשטן בליק האָט ער אויסגעזען ווי ער וואָלט זיך צוריק אומ־געקערט צו זיין געזונט אין אויסגעהיילט געוואָרן פון זיינע מיחושן. אָבער עס האָט ניט לאַנג גענומען, און זיינע האַרץ־ווייטיקן האָבן זיך אומגעקערט און שטאַרקער ווי פריער, און ער איז ווידעראַמאָל געוווען געצוואונגען זיך צו לאָזן אין וועג אַריין קיין אַבּאַציע. אין הסכם מיט דאָקטערישע אָנווייזונגען איז מיט אים מיטגעפאָרן איינער פון זיינע זין, יעקב, אַ יינגל פון 16 יאָר דע־מאָלט, וואָס האָט דאַן געלערנט אין גימנאַזיע. אין דער באַן, פאָרנדיק קיין אויסלאַנד, האָט ד״ר ביליג געקראָגן נאָך אַ האַרץ־אַטאַק און האָט אויסגעהויכט זיין לעצטן אָטעם אין וואַגאָן, אין דער אָנוועזנהייט פון זיין יונגן זון. ווען די באַן איז אָנגעקומען צו דער נאָענטסטער סטאַנציע, אונגאַריש־הראדיש, איז די משפחה טעלעגראַפיש אַרויסגערופן געוואָרן און צוליב דער הייליקייט פון יום־כיפור איז די לוויה דאָרט אָפּגעלייגט געוואָרן אויף אַיין טאָג.

ווען די ידיעה וועגן ד״ר ביליגס טויט איז אָנגעקומען קיין קאָלבושאָוו, האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַ טיפער טרויער אויף אַלע איינוואוינער, און אַלע האָבן געשטראָמט אויסצודריקן מיטלייד און טרייסט דער אלמנה און יתומים. דער אָרטיקער גלח האָט איינגעאָרדנט אַ ספּעציעלע תפילה אין אָנדענק פון ד״ר ביליג, און געזאָגט וועגן פאַרשטאָרבענעם צוואַנ״ד: „הלוואי וואָלטן אַלע קריסטן געווען ענלעך צו אונדזער יידישן דאָקטער, ד״ר ביליג״...

נאָכן טויט פון איר מאַן, איז די אלמנה פאַרבליבן מיט אַכט יתומים, וואָס זיינען נאָך ניט געשטאַנען אויף די אייגענע פיס און מען האָט געדאַרפט זאָרגן פאַרן המשך פון זייער בילדונג און פאַר זייער אויסהאַלטונג. מיט אַ סך זעלישער גבורה און מיט רואיקייט און קרבנות־גרייטקייט. וואָס די אלמנה האָט געירשנט פון איר פאַרשטאָרבענעם מאַן, האָט זי אויסגעהאַלטן דעם שווערסטן עקזאַמען אין איר לעבן, און האָט געווידמעט איר גאַנץ וועזן אירע

זין און טעכטער. כאָטש איר מאַטעריעלע לאַגע איז געווען זייער געדריקט, ווייל איר מאַן האָט ניט איבערגעלאָזט נאָך זיך קיין קאַפּיטאַל אָדער אַנדערע ירושות, האָט די אלמנה זיך אָפּגעזאָגט צוצוהערן צו עצות מצד גוטע פריינט, איבערצוגעבן אַ טייל פון אירע קינדער אין יידישן יתומים־הויז אויפן נאָמען פון באַראָן הירש.

אירע משפחה־פריינט, און דער עיקר יעקב און אברהם עקשטיין, האָבן געהאָלפן דער אלמנה אין איר באַדרענגעניש. אויך דער מיליטערישער קרייז־קאָמענדאַנט, ווי די אָרטיקע מוניציפּאַליטעט, האָבן זי געשטיצט. נאָכן טויט פון איר מאַן, איז די אלמנה ניט־צו־לאַנג געזעסן אין קאָלבושאָוו און זיך אַריבערגעצויגן קיין קראָקע, וואו זי האָט געהאַט קרובים. אַ געוויסע צייט האָט זי געוואוינט אין ווין — בעת דער ערשטער וועלט־קריג — און אַ שטיק צייט פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט זי עולה געווען קיין ארץ־ישראל צוזאַמען מיט איר בן־זקונים און האָט זיך באַזעצט מיט איר צווייטן זון און אירע צוויי טעכטער, אין תל־אביב.

ניט געקוקט אויף דעם, וואָס זי איז אין אירע לעצטע יאָרן געווען בלינד, האָט אַננאַ ביליג זוכה געווען צו אַ טיפער עלטער און איז געשטאָרבן קרוב צו 90 יאָר, אַרומגערינגלט מיט איר משפחה, קרובים און פריינט. זי איז געווען באַליבט פון אַלע וואָס האָבן זי געקאָנט, און זיך אויסגעצייכנט מיט איר זעלישער שלווה און ליבע צו מענטשן, מיט וועלכער איר האַרץ איז תמיד געווען פול. די לעצטע יאָרן האָט זי פאַרצייכנט זכרונות פון איר לעבן און פון אירע בני־בית, וואָס ווערן איצט רעדאַקטירט און וועלן בקרוב דער־שיינען אין דרוק.

ד״ר ביליגס עלטסטער זון, טעאָדאָר, וואָס האָט געקראָגן זיין נאָמען פון דעם גרויסן פאָרויסזאָגער פון יידנשטאַט, האָט פאַרענדיקט מיט אַן אויס־צייכנונג די מוזיק־אַקאַדעמיע אין ווין, נאָכדעם ווי ער האָט אַרויסגעוויזן גוואַלדיקע פעאיקייטן שוין אין זיין קינדהייט. און שפּעטער איז ער אַריינ־געטראָטן ווי אַ וויאָליניסט אַ ווירטואָז אין איינער פון די באַרימטע פיל־האַרמאָנישע אָרקעסטערס אין אייראָפּע.

זיין צווייטער זון, יעקי, האָט זיך שוין אין זיין יוגנט אויסגעצייכנט אויפן געביט פון ספּאָרט און פיזישער קולטור, און געהערט צו דעם „מכבי״־אַקטיוו אין קראָקע; זיין נאָמען איז ברייט באַוואוסט געוואָרן ווי „דער העלד פון קראָקעווער געטאָ״. ער האָט זיך געשטעלט בראש פון דער יידישער זעלבסט־שוץ בעת די אָנפאַלן מצד די זעלנער פון דער האַלער אַרמיי אויף די

יידן אין יידישן קוואַרטאַל אין קראָקע ביים סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה אין יאָר 1918. ווי אַן אָפיציר אין דעם עסטרייכישן מיליטער, איז ער געווען גוט באַהאַוונט אין מיליטערישע ענינים און זעלבסט־פאַרטיידיקונג. ער האָט בייגעשטייערט אַ סך פון זיין וויסן צו פאַרשטאַרקן די רייען פון יידישער זעלבסט־שוץ אין זיין היימשטאָט. נאָך דעם ווי ער האָט עולה געווען, האָט ער ממשיך געווען זיינע אַקטיוויטעטן אין דער „הגנה״, האָט זיך מאָביליזירט אין דער בריטישער אַרמיי אין צווייטן וועלט־קריג און שפּעטער איז ער אַריין אין פאַרטיידיקונגס־מיניסטעריום אין מדינת ישראל, ווי דער דירעקטאָר פון מאָביליזאַציע־אַמט פון תל־אביבער קרייז. ער האָט חתונה געהאַט אין ארץ־ישראל מיט חיה קרייטל, אַ טאָכטער פון אַ וויכטיקער פאַמיליע אין תל־אביב, אַ גלענצנדיקע לערערין פון דער ענגלישער שפּראַך.

דער דריטער זון, אַדאָלף, איז אויך געווען אַ געבענטשטער פידלער און געווען אַ לעקטאָר פאַר נאַטור־וויסנשאַפטן אין קראָקע. אין צווייטן וועלט־קריג איז ער אומגעקומען בעת ער האָט געדינט ווי אַן אָפיציר אין דער פוילישער אַרמיי.

זיין פערטער זון, ווילהעלם, האָט געדינט אין אַ סך שליסל־פּאָזיציעס אין פוילן און געווען לעצטנס דער אָנפירער פון דער אַגענטור פאַרבונדן מיט דער פאָרשונג פון אַטאָם, און דער פאָרזיצער פון דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָמיסיע פאַר די אַטאָמישע ענינים פאַר צוועקן פון שלום מיטן זיץ־אָרט אין ווין.

דער יינגסטער, זיגמונט־שלמה, איז אָנגעקומען צוזאַמען מיט זיין מאַמען קיין ארץ־ישראל, ווי גאָר אַ קליין יינגל. ער האָט אין תל־אביב געלערנט טעכניק, עלעקטראָטעכניק און מעכאַניק, האָט אויפגעשטעלט אַ משפחה און איז געשטאָרבן פון אַ שווערער קראַנקייט אין זיינע מיטעלע יאָרן. געבליבן איז נאָך אים אַן אלמנה (זיין צווייטע פרוי) צפּורה, פון דער היים גאָלדבערג, און צוויי קינדער: אליהו־מאיר און ענת.

ד״ר ביליג אַליין האָט זוכה געווען חתונה צו מאַכן זיין עלטסטע טאָכטער, סאָפיע, אַ קורצע צייט פאַר זיין טויט. זי איז צוערשט געוואָרן די פרוי פון אָסקאַר קרענגל פון קראָקע און איז נאָך אַ יאָר אַן־ערך געבליבן אַן אלמנה, געציילטע חדשים פאַרן געבוירן ווערן פון איר טאָכטער אָלגאַ (גילה). אין פאַרלויף פון לאַנגע יאָרן איז סאָפיע ביליג־קרענגל געווען טעטיק ווי אַ פירערין פון אַ קינדער־היים, אויסגעהאַלטן פון דער קראָקעווער יידישער קהילה. אין יאָר 1924 האָט זי עולה געווען קיין ארץ־ישראל, צוזאַמען מיט איר טאָכטער און האָט געהייראַט ד״ר אליעזר שטאַם ז״ל. זייער איינציקער

זון אוריאל, אַן אייניקל פון ד״ר אליהו־צבי ביליג, איז אומגעקומען בעת זיין דינסט אין די אינזשיניערן־אָפּטיילן פון דער בריטישער אַרמיי במשך דעם צווייטן וועלט־קריג, וואו ער האָט ווי אַ וואָלונטיר זיך מאָביליזירט אויפן רוף פון דער יידישער אַגענץ.

זייער טאָכטער אָלגאַ־גילה איז געווען די פירערין פון ביוראָ און די פערזענלעכע סעקרעטאַרין פון דעם פאָטער פון דער העברעאישער שטאָט תל־אביב, מאיר דיזענגאָף ז״ל און זיין נאָכפאָלגער אין דעם דאָזיקן אַמט, ישראל רוקח, ז״ל. פון 1954 איז זי טעטיק ווי די אָנפירערין פון דע־פּאַרטמענט פאַר ראַציאָנאַליזאַציע און אינסטרוקציע אין תל־אביבער מאַגיס־טראַט. זי איז אויך טעטיק ווי אַן אינסטרוקטאָרין אין שטח פון געזעלשאַפט־לעכער און מוניציפּאַלער אַדמיניסטראַציע. זי זעצט אויך איבער פּאָעזיע און פּראָזע פון אַ ריי שפּראַכן אין עברית.

זיין צווייטע טאָכטער, פאַני, האָט געהייראַט פריער פּראָפעסאָר לעאָפּאָלד אינפעלד, איינער פון די תלמידים פון פּראָפעסאָר איינשטיין און פון זיינע נאָכפאָלגער. אינפעלד איז געווען פּראָפעסאָר פאַר פיזיק און מאַטעמאַטיק אין דעם וואַרשעווער אוניווערסיטעט ביז ער איז געשטאָרבן אין 1968. אין לויף פון אַ געוויסער פּעריאָדע נאָכן צווייטן וועלט־קריג איז ער געווען פּראָ־פעסאָר אין דעם אוניווערסיטעט פון טאָראָנטאָ, קאַנאַדע. ווען זי האָט זיך צעשיידט פון אים, האָט פאַני עולה געווען קיין ארץ־ישראל צוזאַמען מיט איר זון ריטשאַרד־גיל און דאָ האָט זי חתונה געהאַט מיט דעם קאָמפּאָזיטאָר און באַוואוסטן לערער יצחק אַדעל. איר זון איז אומגעקומען בעת זיין מיליטערישער דינסט אין פּלמ״ח.

די יינגסטע פון צווישן זיינע טעכטער, מרים קליינבערג־בילינסקי, האָט פאַרענדיקט אין קראָקע די דראַמאַטישע שול און געווען אין פאַרלויף פון לאַנגע יאָרן די אָנפירערין פון אַ דאָרטיקן קינדער־טעאַטער. זי האָט אויך געשאַפן קינדער־דראַמעס און אויפגעטראָטן אויף פּוילישע בינעס מיט רעצי־טאַציע־קאָנצערטן. זי האָט באַזוכט ארץ־ישראל פאַר אַ קורצער ווײַלע פאַרן אויסברוך פון צווייטן וועלט־קריג, און האָט זיך געזאָלט באַזעצן אין יידישן לאַנד צוזאַמען מיט איר מאַן, ד״ר איגנאַצי קליינבערג־בילינסקי, וואָס איז געווען אַ ריכטער אין פּוילן, אָבער דער אויסברוך פון דער מלחמה האָט עס אוממעגלעך געמאַכט.

דאָס איז די געשיכטע פון דער משפחה פון ד״ר אליהו־צבי ביליג אין ישראל און אין חוץ־לארץ.



ר׳ יעקב עקשטיין



ד״ר אליהו־צבי ביליג

שלום מיהלשטיין

# היימישע יידן (פּאָרטרעטן)

## אברהם׳לע נחום׳ס — דער חסיד

דאָס קליינע געשטאַלט פון ר׳ אברהם׳לע אויכהיזיגער ע״ה, איז פּונקט אַזוי אומטיילבאַר פון דער אַמאָליקער קאָלבסובער [קאָלבושאָווער] אידיליע, ווי דער ברונעם אין מיטן מאַרק, ווי דער גרינער באַרג וואָס האָט אַריבער־געקוקט חיה־שבע׳ס צאהל, ווי ר׳ יעקב עקשטיינס הויף, אָדער אברהם אינזעלס תהילים זאָגן אין שול שבת נאָך טיש. אברהם׳לע נחום׳ס באַטייליקונג אין אַ שטעטלדיקער שמחה, איז געווען פּונקט אַזאַ זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט, ווי דעם רבס ניגון ביים ראש־חודש בענטשן, ווי אהרן מאיר׳ס אָנוועזנהייט צו אַ וואכנאכט, ווי משה קורצ׳ס באַזוך ביי אַ חולה, אָדער ווי זיין פאַרשנעלערטער טעמפּאָ מיטן אָנקום פון חודש אלול.

קיין תנאים אָדער חתונה האָט נישט געקאָנט אַדורכגעפירט ווערן אָן אים. אַ פריטיק צונאַכטס, אַ נעילת החג ביים רב, אָדער אַ טיש ביי אַ גוטן ייד וואָלט דאָך נישט זיין בשלימות אָן זיין אָנטייל, און ווער שמועסט ביי אַ ברית, האָט ער דאָך ווי דער מוהל געוויס געהאַט אַ דירעקטע האַנט אין דער שמחה.

די יוגנט־יאָרן האָט ער פאַרבראַכט אין סאַנדזער הויף, וואו חסידות און לומדות זענען געגאַנגען האַנט אין האַנט. האָט אברהם׳לע טאַקע פאַר־אייניקט אין זיך ביידע מעלות און צוזאַמען מיט זיין מתיקותדיקער נגינה און אמתדיקער פקחות איז ער געוואָרן אַ פּאָפּולערע פיגור אין אַלע אַרומיקע שטעטלעך, וואָס זיינען געשטאַנען אונטער דער השפעה פון דער ראָפּשיצער גזע. אַליין איז ער געווען אַ פלאַנטשער חסיד. ער איז אָבער געווען אַן אייגענער ביי אַלע אָפּצווייגונגען פון דער ראָזוואַדאָווער דינאַסטיע, און דער פאַרנעם פון זיין חסידישער פערזענלעכקייט איז איבערגעשטיגן אַלע מחיצות.

אַזוי איז אברהם׳לע אויך געווען מיט זיינע באַשעפטיקונגען און פּרנסות: מסחר, שדכנות, מלמדות, מעקלעריי, אַ חוץ אַ גאַנצע ריי זייטיקע פּרנסות, און נאָך דערצו האָט מען אים געשאַצט פאַר אַן עושר...

אין אַ געשעפט־קאָמפּליקאַציע, אַ דין תורה, אַ בוררות, אָדער אַזוי אין

לערנען האָט קיינער נישט געקאָנט מסביר זיין אַ שכלדיקן ענין מיט מער געפיל פון אים. אין תלמוד תורה, וואו ער האָט געהאַט זיין קלאַס אין „יד חרוצים שטיבל" — אַז ער האָט גענומען אַרויסברענגען דעם שפּיציקן אויספיר פון אַ תוספות׳ל, האָט ער עס באַוויזן מיט אַזאַ איבערצייגנדיקע לאָגיק, אַז ער האָט מיטגעריסן די תלמידים פון די ערטער; אַצינד זיין דאַוונען, זיין זינגען! איז דאָך נישט קיין צווייפל אַז זיין „בבואו מאדום" צו שלש סעודות אין גרויסן ביהמ"ד איז געווען דאָס שענסטע באַגלייטונגס־ליד וואָס די קעניגין שבת האָט אַמאָל געהערט אין אַ יידיש שטעטל.

דערציילט מען טאַקע, אַז אמאָליקע יאָרן ווען אברהם׳לע פלעגט זינגען באַגלייט פון זיינע בנים, פלעגט די אָפּטיילונג אולאנער סאָלדאַטן, וואָס איז געשטאַנען אין קאָלבסובער [קאָלבושאָווער] קאַסערן כדי צו וואַכן איבער גראַף טישקעוויטשס גיטער, זיך פאַרזאַמלען שבת פאַרנאַכט אויפן שול־הויף אין זיך צוהערן צו די שלש סעודות זמירות.

זענען די נגונים, וואָס האָבן זיך געטראָגן פון די אָפענע פענצטער פון בית־המדרש, אונטערגעכאַפּט געוואָרן פון דער פריילעך־שפּאַצירנדיקער יוגנט אויפן בריק, און זיך צונויפגעמישט מיט דעם זאָרגלאָזן געלעכטער איבער דער גאַנצער לענג פון שפּאַציר־גאַנג, אָנפאַנגענדיק ביי חיה הענעלע׳ס דורך דער „גאָלדענער צאהל" (וואו די ווייבער, אויסגעזעצט ביי די שוועלן, האָבן צווישן זיך דיסקוטירט: ווען עס וואַקסט שנעל אונטער אַ כלה־מיידל; ווען דער טשאָלנט האָט זיך פאַרביטן ביי חמא ביגדור׳ס אין אויוון, און וואָס מען קאָן אַלץ נישט אויפטאָן מיט אַ גאַנדז אויף שבת) ביז וויט נאָכן געריכט וואו דער טראָטואר ענדיקט זיך.

אינעווייניק איז דער גרויסער בית המדרש געווען אַזוי געפּאַקט מיט זאַט אויסגערוטע שבת יידן, אַז נאָכן התלהבותדיקן אויסגעשריי פון „ד׳ מלך" ווען די שול־מענטשן אונטער יאָסל ראָזענפעלדס קאָמאַנדע — און אַזוי יידן, וואָס האָבן זיך געאיילט צו גיין זוכן אַ כשר־הלואה — האָבן זיך געלאָזן צו דער שול צו דאַוונען מעריב, האָט מען זיך קוים געקאָנט מאַכן אַ וועג דורך דער זייד־און־אטלעסענע גלאַטקייט פון די שבתדיקע מלבושים.

וואָס האָט אָבער אברהם׳לען אַממערסטן פּאָפּולער געמאַכט, איז געווען זיין פיינער חוש פאר הומאָר. זיינע געשמאַקע „ווערטלעך" האָבן זיך שנעל איבערגעטראָגן פון מויל צו מויל און פאַרשפּרייט אסך פריילעכקייט אין שטעטל. און דאָס שטעטל האָט אים געגעבן דאָס רעכט וואָס איז געגעבן צו יעדן אַנערקענטן הומאָריסט, זיך צו שפּאַסן אויף יעדנס חשבון, נישט דאַר־פנדיק נושא פנים צו זיין דעם רב, דעם גביר, אָדער ווען עס איז פון די

שיינע יידן. אברהם׳לע האָט אָבער זיך אַליין אויך נישט פאַרשוינט, און די שפּאַסן וואָס ער פלעגט טרייבן אויף זיין אייגענעם חשבון זענען געווען מיט דער זעלבער ריקזיכטלאָזיקייט. אַז מען האָט אים געפרעגט ווי אַזוי ער קען באַהויפּטן ביי אַזוי פיל באַשעפטיקונגען אַנצוהאַלטן אַ חדר, האָט ער גע־ענטפערט, אַז אַנשטאָט צו אַרבעטן מיט די תלמידים אַ גאַנץ יאָר, אַרבעט ער בעסער מיט די עלטערן חול המועד...

אברהם׳לע האָט געהאַט אַ נאָמען פאַר אַ זייער קאַרגן און פיל הלצות האָבן זיך אַרומגעטראָגן אויפן חשבון פון זיין דאָזיקן חסרון. די בעסטע פון די שפּאַסן האָבן אָבער רעפּרעזענטירט זיין אייגענעם זאַפטיקן הומאָר, אַזוי פלעגט מען דערציילן, אַז ווען זיין ווייב האָט פון אים פאַרלאַנגט אין דער פרי פופצן קרייצער אויף אָנצוגרייטן אָנבייסן, האָט זיך אברהם׳לע אָנגעכאַפּט ביים קאָפּ, פאַר אַזויפיל געלט קאָן איך דאָך עסן אין דער „קאַסינאָ״...

פאַרקלעפּנדיק אַ געוויקלטן סיגאַרעט האָט אברהם׳לע זיך אַמאָל באַקלאָגט: „איך האָב קיינמאָל נישט קיין הנאה פון אַ געמאַכטן פּאַפּיראָס: מאַך איך אים פון אייגענעם טאַטין (טאַבאַק) קומט ער אויס צו דין, מאַך איך אים פון יענעמס קומט ער אַרויס צו דיק״.

זיינען וויצן זענען זיך אים באַזונדערס צונויצגעקומען אין זיין פּאָפּו־לערסטער באַשעפטיקונג — שדכנות; באַזונדערס, אַז די יידישע אָרעמקייט איז כסדר געוואַקסן, און דער רבונו של עולם האָט זיך אַלץ מער און מער געניויטיקט אין אַ פעאיקן אַרויסהעלפער, אין זיין אייביקער פּראָפעסיע ווי אַ מזווג זווגים. — דאָס הייסט רעדן אַ שדוך איז געווען אַ לייכטע זאַך: דער בחור האָט זיך פונקט אַזוי שטאַרק געניויטיקט אין אַ נדן ווי דאָס מיידל אין אַ חתן, אָבער ווען עס איז געקומען צו ברעכן טעלער האָט זיך אַלעמאָל אַרויסגעצייגט אַזאַ תהום צווישן דעם „כך היה אומר״ ביזן „וכך היה מונה״, אַז נאָר אברהם׳לע נחומ׳ס האָט געקענט מצליח זיין. האָט אברהם׳לע טאַקע איבערגעלאָזן דעם רעדן שדוכים צו סתם שדכנים, וויסנדיק אַז פאַר די תנאים וועט מען סיי־ווי מוזן אָנקומען צו זיינע פעאיקייטן.

שטעלט זיך פאַר אַזאַ אומגליק: מען האָט אַ בעל־ביתישן יידן אָנגע־שלאָגן אַ שידוך פאַר זיין טאָכטער מיט אַ חתן וואָס איז פון פאַך „אַן אויבערטיילער״, וואָס איז, ווי באַקאַנט, געווען אָנגענומען אַלס אַן אָנשטענדיקע יידישע מלאכה. ווען מען איז זיך צונויפגעקומען האָט זיך אַרויסגעצייגט אַז דער בעל־דבר איז גאָר אַ שוסטער. האָט אברהם׳לע אָוועקגערופן דעם מחותן אין אַ זייט און געגומען מיט אים איינ׳טענה׳ען: „וואָס גייט עס אייך אין לעבן אַזוי ר׳ קאָפּל; איר האָט דאָך געוואוסט אַז דער בחור נייט כאָלעווקעס

פאַר שיך און איר האָט איינגעשטימט אויפן שידוך. וואָס איז עס אַזוי סכנות, אַז ער קאָן די זוילן אויך צושלאָגן״...

איז טאַקע נישט קיין וואונדער אַז אונטער דער השגחה פון אַזאַ מייסטער־שדכן ווי אברהם׳לע איז דאָס ידישע פאַמיליע־לעבן געגאַנגען ווי אַ מזמור. פאַר־פעלקער האָבן זיך אויסגעלעבט די יאָרן אין נחת און אין פריידן.

האָבן זיך אָבער צייטן געביטן, און וויכטיקע ענדערונגען זענען פאַר־געקומען אין יידישן לעבן פונם שטעטל. דער מצב הפרנסה איז כסדר געוואָרן ערגער און ערגער. די בעלי־בתיש איינגעפונדעוועטע אָרעמקייט איז פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין האָפנונגסלאָזע נויט. אַלע פענצטער וואָס גייען אין מאַרק אַריין זיינען שוין פון לאַנג פאַרוואַנדלט געוואָרן אין טירן, מיט ניי־אַריינגע־שטעלטע אײדעמס. דאָס וואָרט „תכלית״, איז פאַר יעדן בחור אָדער מיידל געוואָרן גיכער פאַרבונדן מיט דער האָפנונג פאַר אַן ארץ־ישראל סערטיפיקאַט, איידער אַ שידוך — האָט אברהם׳לע נחום׳ס וועלטל גענומען ביסלעכווייז פאַרשווינדן.

אין יענער צייט, ווען ארץ ישראל איז געוואָרן דער אינטערעס־צענטער פון דער יידישער יוגנט, האָט ר׳ חיימטשע בירנבוים איבערגענומען די השפעה איבער די צוהערער אין בית המדרש. חיימטשע איז אַלע יאָרן געווען אַ גרויסער חובב־ציון. אַחוץ זיין לומדות און באַהאַוונטקייט אין וועלט־ענינים, האָט ער זיך אויסגעצייכנט מיט אַ שיינעם קלאָרן שכל, אַ שאַרפן חיתוך הדיבור; וואָס שייך פויליש רעדן, האָט דאָך קיינער נישט געקענט אַרויסרעדן „נאָווי דזשיעננוק״ מיט אַ שטאַרקערע פוילישע הברה ווי ער. דערצו איז ער געווען געבענטשט מיט אַ רייכער פאַנטאַזיע, אַביסל געניטיגט צו גוזמאות.

פלעגט חיימטשע דיסקוטירן מיט דער באַהאַוונטקייט פון אַן אגראָנאָם און די פליסיקייט פון רשב״ם אין „חזקת הבתים״, אַלע פּראָבלעמען פון פאַלעסטינער לאַנדווירטשאַפט: קאָלאָניעס, פּרדסים, וויינגערטנער, פּאָמעראַנצן פלאַנטאַציעס, אאַ״וו. אַז ער האָט גענומען רעדן וועגן דער אַנטוויקלונג פון דעם גריעפּפרוכט — מיט וועלכער ער האָט נאָר געהאַט אַ טעאָרעטישע באַקאַנטשאַפט — איז יעדן געקומען זאַפט אין מויל. אין דער פאַנטאַזיע פון זיינע צוהערער איז דער גרעיפּפרוכט דערשינען ווי אַ פאַנטאַסטישע ארץ־ישראלדיקע פרי, אַ משפחה פונם אתרוג, אמת נישט אַזוי צאַרט חנעוודיק ווי דער אתרוג, אָבער דערפאַר בעסער טועם צו זיין. אין אַזאַ מאָמענט פון באַגייסטערונג פלעגט חיימטשע זיך אויסדריקן, אַז ווען ער האָט אַ שותף

וואָלט ער באַשטעלט אַזאַ פּרי אין ריישע אָדער קראָקע, וואו לויט נישט זיכערע אינפאָרמאַציע האָט מען עס געזאָלט באַקומען פאַר איין זלאָטע אַ שטיק. אַזוי ווי עס איז אָבער נישט געווען ווער עס זאָל אָננעמען די אַרויס־פאָדערונג, איז זיין חלום קיינמאָל נישט פאַרווירקלעכט געוואָרן.

איז אין בית המדרש חיימטשע אַלעמאָל געווען אַרומגערינגלט מיט אַ גרופּע ענטוזיאַסטישע צוהערער, אין דער צייט וואָס אַנדערע יונגוואַרג האָבן היציק דעבאַטירט די טיפע אידעאָלאָגישע אונטערשידן צווישן די הונדערט־און־איין אידישע פּאַרטייען אין פּוילן, וואָס אַלע האָבן געהאַט גענוי אויס־געאַרבעטע פּראָגראַמען ווי אַזוי צו לעזן אַלע פּראָבלעמען פון יידישן פאָלק. און אַלע האָבן געהאַט זייערע פּאַטריאָטישע אָנהענגער אויפן באָדן פונם קאָלבסובער [קאָלבושאָווער] בית המדרש. אין יענער צייט, אַז אברהם׳לע איז אַריינגעקומען אין בית־המדרש מיט אַן אויסגעלאָשענעם ציגאַרעט אין מויל, איז נישט געווען ווער עס זאָל אים אונטערטראָגן אַ שוועבעלע פייער.

האָט אברהם׳לע קלוג־שמייכלענדיק באַדויערט די ענדערונג פון די צייטן, וואָס אַנשטאָט אַמאָל פלעגט אַ בחור ביי זיך טראָגן אַ פּעקל טאַטין מיט אַ ביכעלע פּאַפּירלעך און געזוכט צו געווינען די אויפמערקזאַמקייט פון אַ שדכן, טראָגט ער זיך היינט אַרום מיט צייטונגען און אָרגאַניזאַציע מאַטער־יאַלן (פונדעסטוועגן האָט מיר אברהם׳לע אַליין דערציילט, ווי אין דער יוגנט פלעגט ער אָקעגנגיין דעם בריוו־טרעגער נאָך דער „הצפירה״, נישט קאָנענדיק זיך דערוואַרטן אויפן ארטיקל פון נחום סאָקאָלאָוו).

איז אין די לעצטע יאָרן אברהם׳לע געווען שטאַרק אומעטיק. די אַלגע־מיינע יידישע צרות און דאָס היפּשע פּעקל וואָס איז אויסגעפאַלן אויף זיין אייגענעם חלק: אַ זון פאַרלוירן אינם ערשטן וועלט־קריג; דאָס ווייב אומגע־קומען ביים פּאָגראָם פון מאי 1919, וואָס האָט אויך די טאָכטער יונגערהייט אָוועקגעשיקט פון דער וועלט; האָבן די צרות שטאַרק אַיינגעבויגן זיינע פּלייצעס. זיין נגינה איז נישט געווען מער וואָס אמאָל. און זיינע ווערטלעך זיינען געווען מער פונם סאָרט געלעכטער דורך טרערן. דער זעלבער אברהם׳לע, אָבער טיף טיף אין גלות. וועל איך קיינמאָל נישט פאַרגעסן דעם אָוונט ביי ר׳ משה יוסף בערל אין הויז, ווען די דזשיקאָווער חסידים האָבן געפייערט ר׳ יהושעלעס יאָרצייט מיט דער באַטייליקונג פון מאדינער רב, ר׳ בן־ציון. דער מאדינער רב, וועלכער האָט אַליין פאַרמאָגט די אַלע מעלות וואָס זענען אברהם׳לען געווען אַזוי נאָענט, האָט זיך יענעם אָוונט געפונען אין אַ באַזונ־

דערס געהויבענער שטימונג. אברהם׳לע נחום׳ס האָט דעמאָלט אַרויסגעצייגט אַ לעבעדיקייט וואָס מען האָט שוין ביי אים לאַנג נישט געזען; זיך געקוויקט מיט דעם רבינס תורות און חסידישע דערציילונגען, און כסדר אונטערגעכאַפּט דעם מאדינערס נגינה.

שפּעט יענעם אָוונט, ווען דער לאָמפּ אין מאַרק איז שוין לאַנג געווען פאַרלאָשן, אַלע וואָס דאַרפן מאָרגן פאָרן אויפן יריד אָדער קיין ריישע זענען געווען פאַרזונקען אין טיפן שלאָף און די שטילקייט פון דער נאַכט איז איבערגעגעבן געוואָרן צו דער שמירה פונם איינציקן נאַכט-פּאָליציאַנט, האָט מען געקענט הערן אברהם׳לעס שטימע אויפן וועג אַהיים פון דער סעודה, איבערחזרנדיק כסדר מיט אַ דבקותדיקן ניגון: „הן גאלתי — גאלתי אתכם אחרית... אוי... גאלתי...״

דאָס איז דוכט זיך געווען דער לעצטער דערהויבענער אָוונט פאַר אברהם׳לעס פּטירה.

## ר׳ שאול זאלעשיץ — דער למדן

זיין שמייכלדיק פּנים האָט קודם־כל אויסגעדריקט אהבת התורה. ר׳ שאול האָט פאַרמאָגט אַ באַזונדער פעאיקייט אָנצושטעקן מיט דער דאָזיקער ליבשאַפט אַנדערע. זיין ערשטע פראַגע, וואָס ער האָט געשטעלט וועגן מצב פון יידישקייט אין אַ געוויסער קהילה, וואָס ער האָט נישט געקענט, פלעגט זיין: „זיינען דאָרט פאַראַן יידן וואָס האָבן ליב צו הערן אַ יידיש וואָרט?״

ווי אַן עסטרייכישער סאָלדאַט אין דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ר׳ שאול אָנגעפירט אַן אונטערערדישע באַוועגונג פאַר — חומש מיט רש״י. געווען איז דאָס אין סאמבאָר, וואו עס זיינען צו יענער צייט געשטאַנען גרויסע צאָלן יידישע סאָלדאַטן. די סאמבאָרער יידן האָבן, נאַטירלעך, געטאָן אַלץ אַז די יידישע אַרמיי־לייט זאָלן זיך ניט פילן אינגאַנצן ווי אין דער פרעמד. זיי האָבן פרובירט זיי צו באַזאָרגן מיט כשר עסן. אָבער דאָס איז ניט געווען גענוג. חומש מיט רש״י איז פונקט אַזאַ נאַטירלעכער עלעמענט אין אַ יידישער דיעטע ווי ברויט מיט פּוטער; און אַז ר׳ שאול האָט געלערנט חומש מיט רש״י, האָט עס געהאַט טויזנט טעמים...

פאַר זיך אַליין האָט ער אַפילו באַקומען די פריווילעגיע אַז צוזאַמען מיט דער ביקס און אין מיליטערישן אוניפאָרם זאָל ער אויך קענען טראָגן זיין באָרד און לולקע,ביידע אָבער אין אַ קלענערן פאָרמאַט. אַז סאמבאָרער יידן האָבן זיך באַקענט מיט זיין לומדות און וואונדערלעכער מגידות, האָבן זיי

אים מער ניט געוואָלט אַוועקלאָזן און נאָכן קריג איז ער דאָרט פאַרבליבן ביי זיי ווי דער ראש ישיבה.

ווען ער איז שפּעטער צוריקגעקומען אין זיין היימשטאָט איבערצונעמען די פירערשאַפט פון דער ישיבה עץ־חיים, וואָס האָט זיך אין צווישן געגרינדעט אין קאָלבסוב [קאָלבושאָוו], האָבן די סאמבאָרער אַרויסגעשיקט אַ דעלעגאַציע פון די חשובסטע בעלי בתים. זיי זיינען געקומען האַלטן אַ דין תורה מיט די קאָלבסובער [קאָלבושאָווער] ישיבה־פירער וועגן זייער חזקה און זכיה צו האָבן ר׳ שאולן ווי זייער ראש ישיבה. די קאָלבסובער [קאָלבושאָווער] עסקנים — הערשעלע קליין, הערש דיאמאַנד, נפתלי נעסעל — האָבן דעמאָלט אָרגאַניזירט אַן עפנטלעכע דעמאָנסטראַציע פון ר׳ שאולס קאָלבסובער [קאָל־בושאָווער] תלמידים, כדי איבערצוגעבן די סאַמבאָרער יידן אַז אנשי שלומינו וועלן בשום אופן ניט אַוועקלאָזן זייער באַליבטן רבין.

זיין אָנוועזנהייט אין קאָלבסוב [קאָלבושאָוו] האָט געהאָלפן פאַרוואַנדלען דאָס שטעטל אין אַ מקום תורה, וואָס האָט ניט געהאַט זיינס גלייכן אין דער סביבה. עס האָט אויך צוגעצויגן תלמידים פון אויסער דער שטאָט. ניט געקוקט אויף דעם וואָס דער ענין פון שיקן בחורים לערנען אין ישיבות אין דער פרעמד איז ביי אונדז ניט געווען צו פּאָפּולער.

ר׳ שאולס דרך מיט זיינע תלמידים האָט אַרויסגערופן צו אים דרך ארץ און ליבשאַפט. אויב אַ תלמיד האָט נאָר אַרויסגעוויזן אַביסל פעאיקייט, האָט אים ר׳ שאול געהאָלפן געפינען אַ טעם אין לערנען און האָט אין אים אַנטוויקלט אַ געפיל פאַר אַ „שיינער סברא״, פאַר אַ „שיינעם אויפטו״ און אַ „שיין וואָרט״. צו זיין אַ תלמיד ביי ר׳ שאולן האָט צוגעגעבן חשיבות און אין דער זעלבער צייט אַרויפגעלייגט אויפן תלמיד אַ געפיל פון פאַראַנט־וואָרטלעכקייט. ניט געווען קיין גרעסערער פאַרוואורף, וואָס אימעצער האָט געמאַכט אַ יינגל, ווי צו זאָגן אים: „נו, פּאַסט אַזעלכעס פאַר ר׳ שאולס אַ תלמיד?״...

ר׳ שאול איז געווען אַ רבי ניט נאָר אין ישיבה, נאָר אויך אין בית המדרש. ער האָט געהאַט אַן אָפן אויער פאַר אלעם וואָס איז פאָרגעקומען אַרום די טישן, אין די פאַרשידענע מסכתות, אין וועלכע יידן האָבן מעיין געווזען און געלערנט. פונדערווייטנס פלעגט ער אויפכאַפּן ווען אימעצער האָט זיך אַמאָל פאַרפּלאָנטערט אין אַן ענין. ער פלעגט צוקומען גוטמוטיק און מיט אַ שמייכל, וואָס האָט באַלד אָפּגעווישט יעדע פאַרלעגנהייט — בלויז עטלעכע ווערטער און אַ באַוועגונג מיט דער ליולקע און אין פלוג פאַרוויקלטער ענין איז געוואָרן אַזוי קלאָר ווי דער טאָג.

די ליולקע איז געווען ממש אַ טייל פון זיין פערזענלעכקייט. זי האָט אים געדינט ווי אַ זייער עפעקטיווער אינסטרומענט ביים מסביר זיין אַ שכלדיקן אויספיר אין דער גמרא; ביים אַרויסברענגען אַ שיינעם געדאַנק איבער אַ פסוק חומש און אפילו צו זיין שיחת־חולין האָט די ליולקע צוגעגעבן אַ באַזונדערן חן.

אַז ר׳ שאול האָט גענומען דערציילן פון זיין מיליטערישן לעבן אָדער געמאַכט אַ באַמערקונג בשעת אַ דיסקוסיע וועגן פּאָליטיק ביים אויוון פון קליינעם בית המדרש, צי ער האָט גאָר דערציילט אַזוי־אַ־מעשהלע, האָט ער עס איבערגעבן מיט אַזאַ שפּאַנונג, אַז די צוהערער זיינען געשטאַנען ממש צוגעשמידטע צו די ערטער. ווען ער האָט געהאַלטן ביים סאַמע שפּיץ פון זיין אויספיר און יעדער האָט איינגעהאַלטן דעם אָטעם פון נייגעריקייט חס ושלום נישט דורכצולאָזן אַ זילבע, פלעגט ער גראָד דעמאָלט אַריינגעמען די ליולקע אין מויל אַריין, נעמען אויפמונטערן אין איר דאָס פייער און אַזוי אַרום באַוויזן נאָך מער אָנציען אַלעמענס נייגיר. דער אויספיר פון יעדן ענין איז געווען מייסטערהאַפט, געצילט און געטראָפן אין פינטל. למשל: וועגן די ערשטע שפּראָצן פון השכלה אין אונדזער שטעטל, האָט ר׳ שאול געהאַט צו דערציילן דאָס פאָלגנדיקע מעשהלע:

„ווען כ׳בין נאָך געווען אַ קליין ייִנגל האָב איך שפּאַצירט אַמאָל אין אַ וועלדל און אַזוי גאַנץ צופעליק האָב איך געטראָפן געראַסטלען, דעם אין יענע צייטן באַוואוסטן משכיל פון שטאָט, ווי ער איז געווען פאַרטיפט אין אַ בוך. — וואָס זאָגט זיך דאָרט אינעם דאָזיקן בוך? — האָב איך אים אויף טשיקאַוואַשטש אַ פרעג געטאָן.

— עס זאָגט זיך אַז אין צוואַנציק יאָר אַרום וועט זיין אַ מלחמה — האָט ער מיר געענטפערט.

— און דו גלויבסט?

— אז מ׳וועט לעבן וועט מען זען". — — — —

עס זיינען פאַרביי אַקוראַט צוואַנציק יאָר זינט געראַסטעלס חשבון, ווען ראש־השנה אין שול ביי מוסף האָט מיך מיין בעל־דבר אָפּגעזוכט, מיך אָנגענומען ביים אָרעם און שטילערהייט אַרויסגעפירט אויף דער טאָרגאָווע. דאָ האָט ער אַרויסגענומען פון בוזעם־קעשענע די ווינער „נייע פרעסע" און אָנגעוויזן מיר די גרויסע אותיות אויף דער ערשטער זייט:

— געדענקסט, אַז איך האָב דיר געזאָגט, אַז אין צוואַנציק יאָר אַרום וועט זיין אַ קריג? אָט האָסטו אַ מאָביליזאַציע! — האָט געראַסטל אויסגעפירט...

— וואָס מיינט מאָביליזאַציע ? — האָב איך געפרעגט דעם משכיל
— דערציילט ווייטער ר׳ שאול און בעת מעשה באַוועגט זיך ר׳ שאולס ליולקע אין פולן שוואונג און מיט אַ פולן מויל פאַרצויגענעם רויך האָט געגרייט איבערצוגעבן גערסטעלס ענטפער:

— געגוי וואָס מאָביליזאַציע איז, ווייס איך ניט — האָט ער אויס־געפירט מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן — אָבער עס שמעקט מיט קריג״.

זיין גרויסער כח איז געווען אין דרוש. דאָ איז ער געווען אַ מייסטער. די נייגונג צו דרוש האָט ער מיט זיך געבראַנגט פון אונגאַרן, וואו ער האָט נאָך ווי אַ יונגערמאַן געלערנט אין ישיבה. פון אונגאַרישן דרוש האָט מען אפילו אין אונדזערע מקומות ניט געהאַלטן. מען פלעגט זאָגן, אַז אַן אונגאַ־רישער ייד וועט זיך אונטערנעמען אַלץ אַריינצוטייטשן אין אַ פּסוק, ווען אפילו דער פּסוק זאָל צעקנאַקט ווערן וועט דער דרוש מוזן אויסהאַלטן. ר׳ שאול האָט אָבער אַנטוויקלט אַן אייגענעם נוסח, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט פשטות און מיט נאַטירלעכקייט. יעדער ענין האָט געמוזט אַרויסקומען, לויט זיין אָפּט־געגוצטן אויסדרוק „כמין חומר״.

ס׳איז טאַקע געווען דאָס גרויסע שבתדיקע פאַרגעניגן צו קומען פרייטיק־צו־נאַכטס נאָכן עסן אין גרויסן בית־המדרש אַריין און זיך אײַנהערן צו ר׳ שאולס לערנען. די תנ״כישע פיגורן זיינען דאָ פאַרוואַנדלט געוואָרן אין נאָענטע באַקאַנטע מענטשן פון דעם אייגענעם אַרום. די געשעפטס־טראַנזאַקציע צווישן זיידן אברהם מיט עפרונען און די דיפּלאָמאַטישע פאַר־האַנדלונגען פון משהן מיט פרעהן זיינען געווען אַזוי פריש אַקטועל, ווי זיי וואָלטן געווען געדרוקט אויף די ערשטע זייטן מיט די סאַמע לעצטע נייעסן אין די צייטונגען. אַז ס׳איז געקומען צו פרשת „ויחי״, צום פסוק „האספו ואגידה לכם את אשר יקרא אתכם באחרית הימים״, און ר׳ שאול האָט גענומען רעדן וועגן עקבתא דמשיחא, וועגן די טריט פון משיחן, זיינען די צוהערער געוואָרן פאַרטראָגן אין נייע וואונדערלעכע וועלטן און עס האָט זיך אויס־געדוכט, אַז אָט־אָט און מ׳גייט הערן די טריט פון משיחן...

אין די שפּעטערדיקע יאָרן איז ר׳ שאול איבערגעגאַנגען פון אגדה צו הלכה. דאָס איז געווען ווען די יונגעלייט פון „צעירי אגודת ישראל״ האָבן איינגעפירט אַ וועכנטלעכן „עונג שבת״ ביי זיך אין לאָקאַל. ר׳ שאול פלעגט דאַן זאָגן אַן ענין אין הלכה און עס צום סוף פאַרבינדן מיט דער פרשה פון דער וואָך. אין ר׳ שאולס פּאָפּולערע פאַרטראָגן האָט אויך אַ טרוקענע משנה פון הלכה געקענט אָננעמען דאָס פריינטלעכע פּנים פון אגדה. דער

שמייכל, מיט וועלכן ער האָט איבערגעגעבן אַ מחלוקת צווישן בית שמאי און בית הלל, האָט זיך אַריבער געטראָגן צו די בעלי פלוגתא אַליין. אַזוי אַז דער הלכה־דיספוט האָט פאַרשאַפט אַ גייסטיקן פאַרגעניגן אַלע די וואָס האָבן זיך צו אים צוגעהערט.

אברהם׳לע בעריל, ר׳ שאולס אַן אויסגעצייכנטער תלמיד און ספרא רבא, וועלכער איז געשטאַנען אין לומדישע קאָרעספּאָדענץ מיט אַ צאָל אָנגעזעענע תורה־פּערזענלעכקייטן, האָט אַ צייט פאַרצייכנט ר׳ שאול׳ס חדושי תורה. ר׳ שאול האָט אָבער ניט געפּרואווט זיי צו ברענגען צום דרוק.

מיט דער אַנטוויקלונג פון פאַרטיי־לעבן אין פּוילן און מיטן פאַרלאַנג פון אויפטרעטן אויף עפנטלעכע פאַרזאַמלונגען האָט ר׳ שאול באַוויזן אַז זיין אָראַטאָרישע פעאיקייט איז ניט הינטערשטעליק לגבי זיין דרשנות. נאָך אין סאַמבאָר, אַז דער סיים־דעפּוטאַט הרב אהרן לעווין, דער שפּעטערדיקער ריישער רב, האָט געוואָלט באַשיצן זיינע אָנהענגער פון דעם איינפלוס פון אַ קעגנערישן גאַסט־רעדנער, האָט ער יענעם באַזאָרגט מיט אַן אויפטריט פון ר׳ שאולן, וואָס האָט געזאָלט פאָרקומען אין אַ צווייטן פּלאַץ אין דער זעלבער שעה ווען דער גאַסט־רעדנער פון דער צווייטער פאַרטיי האָט געדאַרפט עפנטלעך אַרויסטרעטן.

ר׳ שאול איז אָבער געווען קנאַפּ פאַראינטערעסירט אין פאַרטיי־אידעאָלאָגיעס און ער האָט באַוויזן איינצושטעלן אַ באַציאונג פון פאַרשטענדניש מיט אַלע זיינע צוהערער. דאָס איז צום בולטסטן געקומען צום אויסדרוק אין זיין הספד איבערן לובלינער רב, ר׳ מאיר שאפּיראָ ז״ל. די קראַפט און די באַגאַבקייט וואָס ר׳ שאול האָט אַרויסגעוויזן אין יענעם הספד, געהאַלטן בלויז געציילטע שעהן נאָכדעם ווי עס איז אָנגעקומען די טרויעריקע בשורה וועגן דער פריצייטיקער פטירה פון יונגן גאון און אַגודה־פירער, האָט דעמאָלט געמאַכט שטוינען אפילו זיינע גרעסטע פאַרערער.

דאָס איז געווען אין דער צייט פון די גרויסע פאַרטיי־ קאַמפן צווישן יידן, ווען די וואַהלן פון אַ פאַרביטערטן וואַל־קאַמף צום פּוילישן סיים האָבן זיך שטאַרק געלאָזט פילן. אין גרויסן בית המדרש, וואו דער הספד איז פאַר־געקומען, זיינען געווען פאַרטראָטן אַלע פאַרטייען. ר׳ שאול האָט אַלע פאַר־איניקט מיט אַ ברייתא פון ר׳ ישמעאל, וואָס אַלע האָבן דאָ גוט געקאָנט ווייל זי איז פון זיי איבערגעזאָגט געוואָרן יעדן אינדערפרי ביים דאַווענען: „כלל ופרט — פרט וכלל...״ ר׳ שאול האָט זיך דאָ באַנוצט מיטן וואָרטשפּיל און פאָנעטישער נאָענטקייט צווישן די ווערטער „פרט״ און „פאַרטיי״, און אַזוי

געזאָגט: „כלל ופרט — פאַראַן אַ ייד וואָס דאַוונט אין שול צוזאַמען מיטן גאַנצן כלל יידן אָבער ביי זיך אין האַרצן איז ער אַ פרט — אַן אינדיווידועלער מענטש, ווייל זיין תפלה גייט בלויז פאַר זיין אייגענעם איך. „פרט וכלל" — אַ צווייטער ייד איז פאַראַן, וואָס דאַוונט ווי אַ פרט — איזאָלירט אין אַ ווינקעלע ביי זיך אין הויז, אָבער אין זיינע תפלות שליסט ער איין דעם גאַנצן כלל יידן. דער לובלינער רב איז געווען אַזאַ פרט... אַ פאַרטיי־מענטש אָבער אַ פרט וכלל — אַ פאַרטיי־מענטש פאַרן כלל ישראל..."

חיים נחמן ביאַליק האָט אין זיין גרויסער פאָעמע „אל האגדה" פאַרגלייכט די אגדה צו אַ מוזיקאַלישן אינסטרומענט פון יידישע געפילן, וועלכער איז געשאַפן געוואָרן פון די צעבראָכענע פידלען ביי די טייכן פון בבל. ר' שאול האָט געוואוסט ווי אַזוי צו שפילן אויף דעם וואונדערלעכן מוזיקאַלישן אינסטורמענט פון יידישע געפילן און אויסגעשפילט די גאַנצע גאַמע פון טענער, פרייליכע און טרויעריקע. ווייל בעת ער האָט געקענט ברענגען צום לעבן פאַר זיינע צוהערער די גאָלדענע נבואות פון אחרית הימים, האָט ער אפילו אין גאַנץ פרידלעכע צייטן געהאַט אַ טיפן זין פאַר דער טראַגישער יידישער לאַגע אין אַ זינלאָז־ברוטאַלער וועלט.

לויטן מדרש, מיט וועלכן ר' שאול איז געווען אַזוי אינדערהיים, האָט דער באַשעפער געקוקט אין דער תורה און לויט איר באַשאַפן די וועלט. ר' שאול האָט געהאַט שוועריקייטן ביים פאַרגלייכן דעם פלאַן מיט דער אַרכיטעקטור. געוואוינט ווי ער איז געווען צו קענען קלאָר מאַכן די שווערסטע סוגיא אין דער גמרא „כמין חומר", האָט ער דאָך ניט געקענט געפינען קיין צופרידנשטעלנדיקע סיבה פאַר די יידישעליידן. זיין פאַרצווייפלונג איז אַמאָל געקומען צום אויסדרוק אין אַן אגדה, וואָס ער האָט אַרויסגעבראַכט אויף זיין כאַראַקטעריסטיש־אייגנטימלעכן אופן.

עס דערציילט יוסף ארזי וועגן ר' שאולן אָט וואָס:

יענעם פרייטיק, ווען די פאַרשאָלטענע דייטשן זיינען אַריין אין שטעטל, האָט ר' שאול זיך איינגעשלאָסן אין זיין חדר אויף אַ גאַנצן טאָג. ער איז אַרויסגעקומען ערשט צו קבלת שבת און געזאָגט: „איצט בין איך גרייט..."

וואָלט געווען אַ מעגלעכקייט צו נוצן געוועזר אין לעצטן מאָמענט, איז אַ ספק צי ר' שאולס דערפאַרונג ווי אַן עסטרייכישער סאָלדאַט וואָלט אים איצט ניט געקענט ביישטיין. יעדנפאַלס איז קיין גרויסער חילוק ניט געווען. זיין אייגענע חומש־רש"י־וועלט וואָלט אַ ביקס ניט געקענט אָפּראַטעווען. קיין אַנדערע האָט פאַר אים קיין ווערט ניט געהאַט...

„גווילין נשרפים ואותיות פורחות" האָט ר' חנינא בן תרדיון געראָפן צו זיינע תלמידים, בשעת ער האָט זיך געפונען אויפן שייטערהויפן, איינגעוויקלט אין אַ ספר תורה: „די פּאַרמעטן ברענען און די אותיות פליען אין דער לופט". אַ תלמיד פון ר' שאולן קען נאָר גלויבן, אַז דער מאַן, וואָס איז געווען אינגאַנצן דורכגעווייקט מיט תורה, איז אין די לעצטע מאָמענטן פאַראייניקט געוואָרן מיט די הייליקע אותיות...

## יאַנקל דער בעל מלאכה

פאַראַן־געווען אַ מאמר וואָס אברהם קופּערמאַן, דער גבאי פון „יד חרוצים" ־שטיבל, פלעגט נוצן מיט אַ באַזונדערן חשק ערב־סוכות ביים בויען זיין סוכה. יעדעס מאָל ווען ער האָט ניט באַוויזן צו געפינען די ריכטיקע צוואַנג אָדער דעם געהעריקן האַמער פאַרן פאַסיקן טשוואָק, פלעגט ער זיך צעזינגען מיטן ניגון פון דער גמרא און זאָגן: „אמר רב פפא אין אומן בלא כלים..." (ניטאָ קיין בעל־מלאכה אָן אינסטרומענטן).

יאנקל היטלמאַכער, וואָס איז באַשטימט געוואָרן פון דער השגחה פאַר דער אויפגאַבע צו באַקאַפּלען און באַשטריימלען דאָס גאַנצע שטעטל יידן, האָט קיינמאָל ניט געדאַרפט זוכן זיינע ניי־מכשירים. שער און נאָדל זיינען תמיד געווען ביי דער האַנט. די מאָס פלעגט ער קאָנען נעמען מיטן אויג און מאַכן קאַפּעלך האָט ער שוין געקאָנט פון אויסנווייניק. תהילים פלעגט ער זאָגן שבת נאָכמיטאָג און מעמדות פרייטיק פאַרטאָג. דורך דער וואָך ביי דער אַרבעט, כדי צו לינדערן די לאַנגווייליקייט, פלעגט ער קיביצן זיין ווייב מיט אַ לשון וואָס איז געווען אַביסל אַנדערש פון דער שפּראַך וואָס פישל סופר פלעגט נוצן. זיין געטרייע לעבנסבאַגלייטערין איז אַליין אויך קיינמאָל ניט געזעסן מיט פאַרלייגטע הענט. זי איז געוויינטליך געווען פאַרנומען ביים שלייסן פעדערן פאַר פערינעס, קושנס און קאָלדרעס פאַר די יעניקע וואָס האָבן זיך געגרייט מיט מזל חתונה צו האָבן. ווי פאַרנומען זי איז נישט געווען, איז זי קיינמאָל ניט מיד געוואָרן צו קלייבן נחת פון איר מאַנס גוטמוטיקע שפּאַסן אויף איר חשבון.

אַריינקומענדיק איינמאָל צו יאַנקלען אין ווארשטאַט איז ביי אים געזעסן ר' פישל סופר און געוואַרט פאַר אַ שטיקל אַרבעט. דאָס האָט געזאָלט זיין אַ „וויערעך" פאַר זיין שטריימל. יאנקל איז געזעסן געשטעפּט מיט דער נאָדל און זיך געוויצלט מיט דער יידענע אויף זיין שטייגער. האָבנדיק ביי זיך אין שטוב ווי אַ גאַסט דעם סופר אַליין, וואָס איז דאָך באַשטימט אינטים

באַקאַנט מיט דער תורה, האָט יאנקל טאַקע געוואָלט אויסניצן די געלעגנהייט און פעסטשטעלן איינמאָל פאַר אַלעמאָל צי עס איז אמת, אַז די גמרא זאָגט אין דער מסכתא גיטין אַז ווען אַ ווייב פאַרברענט דעם מאַן די קאַשע קאָן ער איר געבן אַ גט — אַ פראַגע וואָס האָט אים געעגבערט אַלע יאָרן.

— „היתכן ר׳ יאנקל״ — רופט זיך אָן פישל סופר — „ווי קאָנט איר עס אַזוי רעדן וועגן אייער ווייב, וואָס האָט אייך געבוירן אַזעלכע טייערע קינדער?״

— „אַ קונץ אַ גרויסע״ — ענטפערט יאנקל מיט אַ נצחון, ווי ער וואָלט געוואַרט פאַר דער פראַגע — „מיט מיר האָט זי געהאַט טייערע קינדער, אָן מיר וואָלט זי געהאַט ממזרים״...

יאנקלס צוויי זין זיינען געווען לומדים — איינער אַ סוחר אין טעשען און דער צווייטער איז אפילו באַטראַכט געוואָרן ווי אַ קאַנדידאַט צום קראָקע־ווער ראַבינאַט. מיטן דאָזיקן זון האָט יאנקל זיך משדך געווען מיט אַ רב. וועגן יענער מחותנשאַפט האָט מען דערציילט:

ווען יאנקל איז געפאָרן צו זיין זונס חתונה האָט ער זיך באַזאָרגט מיט זיידענע מלבושים און אַ שטריימל, ווי עס פּאַסט פאַר אַ רב׳ס אַ מחותן. דער רב פון זיין זייט איז אויך געווען אָן אויסגערעכנטער מענטש. ווייסנדיק אַז זיין מחותן איז אַ פשוטער בעל־מלאכה, איז כדי אים צו מאַכן פילן באַקוועם, האָט ער געטראַכט אַז ס׳וואָלט געווען אַ גלייכער געדאַנק צו קומען צו דער חתונה אין באַשיידענע בעלי־בתישע בגדים. איז געשען אַזוי אַז צונויפקומענדיק זיך אויף דער שמחה זיינען אַרויסגעקומען פאַרטוישטע יוצרות און דווקא יאַנקל האָט געשיינט אין זיין רבנישער טראַכט.

דאָס איז מסתמא געווען דאָס איינציקע מאָל אין זיין לעבנס־געשיכטע, אַז יאנקל איז אַביסל אַרויס פון זיין ראָלע. דורך אַלע זיינע אַנדערע טעג, האָט ער זיך אַריינגעפּאַסט אין זיין סביבה ווי צום גדליה אין אַ יידישן לוח. זיין לענגלעך שמייכלענדיק פּנים, רויטלעכע באָרד און הויכער שפּיציקער שטערן, זיינען געווען אַזאַ נאַטירלעכער טייל פון דער שטעטלדיקער לאַנדשאַפט ווי די „גאַטישע גאַס״ אַליין, וואו עס האָט זיך געפונען זיין הייזקע.

דער דאָזיקער בילדלעכער נאָמען פון דער גאַס (גאַטשע), האָט געדאַרפט באַצייכענען איר אויסלייג, מחמת זי האָט זיך אָנגעהויבן ווי אָן איינהייט און איז זיך באַלד פונאַנדערגעגאַנגען ווי באַזונדערע פיס פון אַ פּאָר גאַטקעס. הויזן־גאַס וואָלט זיין אַ ניט־ווייניקער ריכטיקע באַצייכנונג. אָבער „גאַטשיע גאַס״ האָט אָפּנים בעסער אויסגעדריקט דעם אינטימען כאַראַקטער פון דער

שכנותשאַפט. אַ גרויסער טייל פון די שטעטלדיקע כלי־קודש און אינסטי־טוציעס האָט זיך געפונען אין דאָזיקן געסל־קאָמפּלעקס: דער רב, די שוחטים, אַ צאָל חדרים, שניידערס און נייטאָרינס און ווי עס גייט די ענגלישע באַצייכנונג פון שטעטלדיקער בעלי־בתישקייט: „דער קצב, דער בעקער און דער לייכטער־מאַכער״. אָט אָ דאָ האָט אויך יאנקל געהאַט די באַשיידענע דירה און וואַרשטאַט.

אַ חוץ קאַפּלען, וויערעכעס פאַר שטריימלעך און יידישע היטלעך פאַר תלמוד תורה־יינגלעך, וועלכע זיינען געווען פאַר אים, אין אַ געוויסער מאָס, אַ מלאכת הקודש, האָט יאנקל אויך פאַבריצירט היטלען פאַר זיין סטראַגאַן אין מאַרק אין טעג פון ירידים, וואו ער פלעגט פאַרקויפן זיינע אויסאַרבעטונגען צו די פויערים פון די אַרומיקע דערפער. אַזוי אָבער ווי געוויינטליך האָבן שוין כמעט אַלע גויים געהאַט היטלען, איז פרנסה געבליבן אַן ענין וועגן וועלכן מען האָט געדאַרפט חלומען... מיט אים אין הויז האָט אויך געוואוינט זיין שוויגער, וועלכע איז געווען די גבאיטע פון עזרת נשים, די וואָס גיט זיך אָפּ מיט דער מצווה פון באַזאָרגן די ווייבער־שול מיט ליכט. זי האָט מיט אים געטיילט די דחקות.

די הייזקע איז געזונקען אונטער דער לאַסט פון יאָרן. די נידעריקע פענצטער האָבן אַיינגעלאַדן די קונדייסישע באַגריסונגען פון חדר־יינגלעך אין ווינטערדיקע אויפדערנאַכטן אויפן וועג אַהיים פון חדר מיט זייערע קאָ־לירטע לאַמטערנעס. פלעגט זיך יאַנקל גוטמוטיק וויצלען איבערן דלות און אויסטייטשן דאָס דאַוונען לויטן נוסח פון טוביה דעם מילכיקן:

— „יחל ישראל אל השם — גיב אַ ייד אויף אַ יאַכל, טאַטעניו!״

— „קווה אל השם, חזק — פון אַביסל קאַווע קאָן מען זיין שטאַרק?״

איז געקומען דער גליקלעכער טאָג ווען עס האָט אויסגעקוקט אַז יאנקלס תפילות זיינען געוואָרן אָנגענומען אין הימל.

אין אַ געמיטלעכן זומער נאָכמיטאָג איז אַ בריטשקע פאַרפאָרן אין מאַרק, ברענגענדיק מיט זיך צוויי אַמעריקאַנער אָלרייטניקעס, וואָס האָבן זיך איינקוואַרטירט אין הינדע ימינ׳ס האָטעל. בליצשנעל האָט זיך פאַרשפּרייט איבערן שטעטל די איבערראַשנדע נייעס, אַז דער גבאיטעס צוויי זין, דאָס הייסט יאנקלס שוואָגערס פון וועלכע מען האָט לאַנגע יאָרן ניט געהערט און אפילו ניט געוואוסט צי זיי עקזיסטירן, זענען פּלוצלונג געקומען פון אַמעריקע מקיים זיין די מצווה פון „כבוד אם״. אַ גאַסט פון אַמעריקע איז אַלעמאָל געווען אַ וויכטיקע געשעעניש אין שטעטל, אָבער דאָס מאָל איז די קהילה געגאַנגען ווי אויף רעדער.

די אומדערוואַרטענע געסט האָבן טאַקע גענומען שפּילן זייער ראָל ווי העלדן אין אַ וואונדער־עפּיזאָד. נאָכדעם ווי מען האָט די געסט מקבל פּנים געווען, האָבן זיי אונטערנומען אַ רעקאָנסטרוקציע אַרבעט אויפן ברייטן אַמע־ריקאַנער שטייגער. יאַנקלס הייזקע איז געוואָרן אויפגעהויבן און אינגאַנצן איבערגעבויט. די אַלטע צעבראָכענע בעטן זיינען געוואָרן פאַרטוישט פאַר נייע מעבל און כלים. די משפחה איז געוואָרן אויסגעקליידט פון קאָפּ ביז פיס. פאַרן אַוועקפאָרן האָבן די געסט איבערגעלאָזט אַ סומע געלט אין דער באַנק, וואָס זאָל קלעקן געננג ביז דער צייט ווען זיי וועלן זיין צוריק אין אַמעריקע און פון דאָרט קענען ווייטער באַזאָרגן די נויטיקע שטיצע.

איבריק צו זאָגן, אַז יאַנקלס פּנים האָט געשטראַלט פון פריידי. שפּאַ־צירנדיק אָן אויפגעריכטער אין זיינע נייע בגדים, אין וועלכע ער האָט זיך געפילט ניט־אינגאַנצן באַקוועם, איז ער ניט מיד געוואָרן פון איבערדערציילן די ניסים און נפלאות פון דער גאָלדענער מדינה אין וועמענס זכות ער איז געהאָלפן געוואָרן און מיט וועלכע ער האָט זיך איצט געפילט אַ נאָענטער מחותן.

אַ שטיקל צייט איז אַוועק. נאָכן אַוועקפאָרן האָבן די געסט פון זיך ניט מער געלאָזט הערן. דאָס געלט וואָס זיי האָבן איבערגעלאָזט אין באַנק, האָט זיך אויסגעלאָזן. די קליידער זיינען געוואָרן שנעל אָפּגעטראָגן. באַלד איז אויס־געבראָכן אַ שריפה וואָס האָט פאַרברענט יאַנקלס הייזקע און יאַנקל מיט זיין משפחה זיינען אַרויס אין איין העמד. די שיין פון גליק איז פאַרשוואונדן ווי אַ חלום. יאַנקל האָט צוריק איינגעשטעלט זיינע פרידלעכע באַציאונגען מיטן דלות, ווי אין די אַלטע גוטע צייטן און ווידער האָט ער זיך גענומען צו געוויסע תנ״כישע פּסוקים אָדער שטיקלעך תפילות פון סידור און זיי אויף זיין אייגנאַרטיקן אופן אָנגעהויבן אויסטייטשן...

מערקווירדיק, אַז טראָץ דעם וואָס יאַנקל האָט זיך אַ גאַנצן לעבן אַרומגעטראָגן מיט דער שאלה וועגן דער גמרא אין גיטין, האָט אפילו דער טויט אים ניט צעשיידט פון זיין ווייב. ווען זיין פרוי איז אַהיימגעקומען פון זיין קבורה, האָט זי דערקלערט אַז אָן איר יאַנקלען וויל זי ניט לעבן. צומאָרגנס איז געווען איר לויה...

## קלמן משה אהרנ׳ס, דער פאָלקס־מענטש

לויטן שטעטלדיקן פאָלקלאָר האָט משה־אהרן בירנבוים געהאַט פיר זין: העשקע, בערטשע, ירמיה און קלמן. פסח־ביינאַכט ביים סדר, אַז עס

איז געקומען צו „ונצעק לד׳ אלקינו״, פלעגט משה־אהרן וועקן זיינע בנים מיטן ניגון פון דער הגדה: „העש־קע — בער־טשע — יער־מע — קל־מע — ונצעק... לאָמיר שרייען צו גאָט!״ איז דער אַלטער משה־אהרן געוויס גערעכט געווען; פאַראַן־געווען גענוג פאַרוואָס צו שרייען...

קלמעלע, וועלכער איז הפּנים געווען דער ייִנגסטער פון משה אהרנ׳ס קינדער, איז געווען אַ בלייך קליין געוויקסיק ייִדל, מיט אַ גרויסער וואַרעמער נשמה. זיין לעבן איז געווען אַ ביישפּיל ווי אַזוי דער טראַדיציאָנעלער ייִדישער לעבנס־שטייגער האָט געקאָנט דערהויבן אַ פּשוטן פאָלקס־מענטש, אפילו אונטער די פּרימיטיוווסטע עקאָנאָמישע באַדינגונגען. לויטן סדר העולם וואָלט אַ מענטש מיט אַזאַ שווער אָרעם לעבן ווי קלמעלע האָט געפירט, געדאַרפט זיין מיט פיל טענות צום באַשעפער און מיט אסך האַס צו דער גאַנצער וועלט. קלמעלע איז אָבער געווען אַ ייִד אַ „שמח בחלקו״, שטענדיק פריילעך און אויפגעלייגט, תמיד גרייט אייך מכבד צו זיין מיט אַ ברייטהאַרציקן „שלום־עליכם״ און שפּאַרעוודיקן שמעק־טאבאק — נאָט אַייך שמעקט וויפל אַייער האַרץ גלוסט און דאָס איבריקע פאַרשטעקט צווישן די בלעטלעך פון סידורל פאַר אַ צווייטמאָל...

קלמעלע האָט ליב געהאַט ייִדישקייט, האָט ליב געהאַט אַ וואָרט תורה, האָט ליב געהאַט אַ ייִד אהבת נפש, און האָט בכלל ליב געהאַט די שיינע וועלט, וואָס דער אויבערשטער האָט באַשאַפן. האָט ער דאָך מקיים געווען וואָס די חכמים האָבן געזאָגט: „חייב אדם לברך מאה ברכות בכל יום״ — אַ מענטש דאַרף מאַכן הונדערט ברכות יעדן טאָג — איז ווי אַזוי קען אַ ייִד זיין נישט צופרידן, ווען ער קאָן געפינען יעדן טאָג הונדערט געלעגנהייטן דאַנקבאַר צו זיין דעם השם־יתברך...

זיין מסחר איז באַשטאַנען פון פּרוכט, ציבעלעס און שאר ירקות. דער הויפּט אַרטיקל איז אָבער געווען ציבעלעס, וואָס ער פלעגט ברענגען פון ראָפּשיץ — דער ציבעלע־שפּייכלער פון גאליציע — און עס צעפירן איבער די ירידים פון די אַרומיקע שטעטלעך. אַמאָל פלעגט ער אויך ברענגען פון מעליץ דאָנערשטיק אַביסל פיש צו פאַרקויפן, אָבער דאָס איז געווען ניט אַזויפיל צוליב פאַרדינסט, ווי כדי מזכה צו זיין ייִדן מיט אַ שטיקל פיש לכבוד שבת...

האָט זיך אַ גאַנצע וואָך קלמעלע אָנגעפּלאָגט פון איין יריד אויפן צווייטן, פון איין וואָגן אַרונטער אויפן צווייטן אַרויף. ווינטער אויסגעפרוירן געוואָרן פון דער קעלט און זומער געבראָטן געוואָרן פון דער היץ. און דערצו

איז נאָך אויסגעקומען אויסצושטיין פאַרשידענע דערנידערונגען און באַליידי־קונגען פון פאַרשידענע גראָבע פויערישע נפשות און מגושמדיקע ברואים. אלץ צוליב „געשעפט". אלץ כדי מפרנס צו זיין די בני בית און צאָלן שכר לימוד פאַר די קינדער. אָבער אַז עס איז געקומען פרייטיק־צונאָכט איז קלמעלע געקומען אין בית־המדרש אַריין פריש פונם מרחץ. ער איז געווען אָנגעטאָן אין דער זיידענער בעקעשע, וואָס האָט איצט קוים דערמאָנט דעם יחוס פון זיינע אַמאָליקע חתונה־בגדים און דער אויסגעקראָכענער שטריימל, וואָס האָט נאָך פאַרמאָגט אויסגעקראָכענע „שתי שערות". און אַז קלמעלע האָט זיך גענומען זאָגן מיט התלהבות „הודו לד' כי טוב", האָט דער באַשעפער זיכער ניט געהאַט אַ מער דאַנקבאַר וועזן אין דער גאַנצער אוניווערסאַלער בריאה. אַז ערשט אַנומלט אויפן וועג קיין מעליץ האָבן אים באַגעגנט אַ מחנה „שטעלערס" און אים מכבד געווען מיט אַ שטעקן איבערן קאָפּ, אַז ערשט היינט אינדערפרי האָט אַ פוילישער סאָלדאט איבערגעקערט אַ קויש ציבעלעס אין דער בלאָטע אַריין; וועגן דעם האָט איצט קלמעלע נישט גע־טראַכט. אויב יאָ אַ קרעכץ געטאָן, איז עס נישט געווען צוליב אייגענע ליידן, נאָר גיכער צוליב „גלות השכינה"; דאָס וואָס משיח זוימט זיך אַזוי לאַנג... דער פאַקט וואָס די רייד פון אונדזערע נביאים וועגן דעם וואָלף וואָס וועט וואוינען צוזאַמען מיט דער לאַם, און די אַנדערע רייד פאַר וועלכע ס'איז כדאי צו לעבן... אָט צוליב אַזעלכע זאַכן האָט אַ ייד געקרעכצט... טראַך דעם וואָס אין זיינע מסחרים האָט זיך קלמעלע געלאָזט דינגען אַ גראָשן אַרונטער אַ גראָשן אַרויף, אָבער פון זיין אידעאַלער וועלט וואָלט איר ניט קאָנען אָפּהאַנדלען אַ האָר פון די ווערטער פון די הייליקע נביאים און טאַקע לויט דער מתיקותדיקער אויסטייטשונג פון ר' שאול זאַלעשיץ ז"ל. פלעגט דאָך קלמעלע קיינמאָל נישט פאַרפעלן אַ וואָרט וואָס איז אַרויס פון זיין „פה מפיק מרגליות".

אַהיימגייענדיק פון בית המדרש איז קלמעלע אַלעמאָל באַגלייט געוואָרן — אַחוץ פון זיינע דריי זין פאַר וועלכע ער האָט זיך מוסר נפש געווען, אַז זיי זאָלן אויסוואַקסן בני תורה — און די צוויי מלאכים וואָס באַגלייטן יעדן ייד פרייטיק־צונאָכטס אַהיים פון שול — אויך פון אַ ייד אַ משולח, אַ מגיד, אָדער אַזוי סתם אַן אורח. אַז גאָט האָט געהאָלפן, דער גאַסט איז טאַקע געווען אַ יודע ספר פון וועמען מען האָט געקאָנט הערן אַ גוט וואָרט ביים טיש, איז געווען אַן אמתער עונג שבת.

דער גרעסטער נגיד האָט נישט געקאָנט מער הנאה האָבן פון אַ שבת

אָדער אַ יום־טוב ווי קלמעלע. אַ יום־טוב ביי אים איז ניט געווען בלויז אַן אָנדענק פון אַן אַלטער פּאַסירונג פון אַמאָליקע צייטן. די געשיכטלעכע געשעענישן פאַרבונדן מיטן יום־טוב זיינען געווען פאַר אים פריש־צאַפּלדיק. ער האָט זיי פּערזענלעך אַדורכגעלעבט טיף אין זיין נשמה. די ניסים פון יציאת מצרים מיט טויזנטער יאָרן צוריק, האָבן אָן ספק געהאַט פאַר אים מער באַדייטונג, איידער די פילע ניסים וואָס ער האָט מיטגעמאַכט בעת זיינע נסיעות פון איין יריד צום צווייטן.

דער מעליצער וועג, וועלכן ער פלעגט אַדורכמאַכן יעדן דאָנערשטיק הין און צוריק, איז געווען פאַר מיילן אויפגעריסן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה און אַ גרויסן טייל וועג האָט מען געמוזט גיין צופוס און נאָך אונ־טערהעלפן דעם פערדל שלעפּן די משא. פרילינגס־צייט, אַז דער פראָסט האָט אויפגעטייעט, פלעגט דער וועג זיין אַזוי צעווירן, אַז די רעדער האָבן איינגע־זונקען ביז צו די אַקסלען, און ניט איינמאָל איז אָנגעקומען קריעת־ים־סוף אַרויסצושלעפּן דעם וואָגן פון דער בלאָטע. די אַלע שוועריקייטן האָבן אָבער ניט קאַליע געמאַכט אויף אַ האָר די חרותדיקע געמיטלעכקייט פון אַ פּסח־דיקן „ליל שמורים" אָדער די אצילותדיקע אַטמאָספערע פון אַ שבועותדיקן פאַרטאָג, ווען נאָך אַ וואַכנאַכט מיטן תיקון־חצות איז מען געגאַנגען זיך מטהר זיין אין דער מקווה ווי אַ פּאָרבאַרייטונג צו „קבלת התורה".

די תלמודישע דעפיניציע אַז אַ יו"ט דאַרף זיין „חציו לד' וחציו לכם", האַלב פאַר גאָטס וועגן און האַלב פאַר פערזענלעכן פאַרגעניגן, וואָלט דאָ שווער זיין אָנצואווענדן. דאָס פערזענלעכע און געטלעכע איז דאָ געווען אַזוי צונויפגעהאָפטן און צונויפגעוועבט, אַז מען וואָלט ממש נישט געקאָנט אָנווייזן אַ גרענעץ צווישן הימלישן און ערדישן, צווישן רוחניות און גשמיות. דער ניגון פון „פיוט" און דער געשמאַק פון די יום־טובדיקע מאכלים האָבן זיך צונויפגעגאָסן אין איין הארמאָניע, וואָס צוזאַמען האָט עס געהייסן „עונג יום־טוב".

קלמעלע איז געווען שטאַרק נזהר ניט צו זיין אַ „מבזה את המועדות". אין אַ חול המועדיקן יריד־טאָג אָדער אַפילו אין אַ שושן פורים, פלעגט ער שטיין אין מאַרק נעבן דער פּרוכט־שטעלע אָנגעטאָן אין זיינע שטאַרק אָפּ־געגנוצטע שבתדיקע מלבושים. אַרומגענומען מיטן אַטלעסענעם כאַלאַט און פאַר־שטעקט אין אַרבל אינם צווייטן, האָט קלמעלע אַרום זיך געשאַפן אַ מין אומזעבאַרע מחיצה, אַז די אַרומיקע ערלימדיקע וועלט זאָל ניט קאָנען אַריינ־דרינגען אינם פנים פון זיין נשמה, און פאַרטרייבן פון דאָרט דאָס טליענדע

געפיל פון יום־טובדיקייט. ווער שמועסט פורים אַליין איז ביי קלמעלען געווען באמת „ליהודים", דער טיש וואָס איז געווען געגרייט פאַר דער פורימדיקער סעודה איז געווען באַשטעלט מיט קופּקעלעך מטבעות, ווי ביי אַ וועקסלער פאַרצייטנס — סאָרטירט לויט דעם כבוד פון פאַרשידענע געלט־זאַמלער, וואָס עפענען די טיר איינער נאָכן צווייטן.

אַריינקומענדיק צו קלמעלען נאָך אַ נדבה פאַר ארץ־ישראל אָדער אַזוי סתם אַ דבר צדקה, האָט ער אויפגענומען מיט אַ גאַסטפריינדלעכן „ברוך הבא", ווי מען וואָלט אים די גרעסטע טובה געטאָן. מען פלעגט זיך מוזן אַוועקזעצן מאַכן אַ „לחיים", און ניט איינמאָל האָט זיך אויסגעדוכט אַז די מטבע וואָס ער שטעקט אַריין אין האַנט באַטרעפט מער ווי די גאַנצע סחורה, משטיינסגעזאָגט, פונם געשעפט זיינעם. ווי אַזוי קלמעלע האָט עס געקאָנט טאָן פון זיין ציבעלע־מסחר, איז געווען זיין אייגענער סוד.

קלמעלעס קאמיעניצע, וואָס איז געשטאַנען אין שלמה נוסבוים׳ס געסל, איז באַשטאַנען פון צוויי צימערן. די פאָדערשטע איז געווען דער „סקלאַד" פאַר סחורה און די הינטערשטע די וואוינונג פאַר אַלע פאַמיליע־באַדערפנישן, פאַר זיך, זיין פרוי און פיר קינדער. פונדעסטוועגן איז ביי קלמעלען שטענדיק געווען פּלאַץ פאַר אַן אורח ביים טיש און בשעת הדחק האָט דאָרט אפילו געקאָנט אַ ייד איבערנעכטיקן.

אַזוי האָט זיך קלמעלע געפירט ביז דעם טאָג ווען ער און די גאַנצע וועלט האָבן אויסגעפונען אַז פאַר אים אַליין איז נישט פאַראַן גענוג פּלאַץ אויפן ערדקוגל.

אָבער דער גאָט־געבענטשטער קינסטלער פון דער צוקונפט, וואָס וועט פאַראייביקן דעם לעגענדאַרן און היסטאָרישן מאַרש פון „בראשית" ביז „באחרית הימים", וועט ניט האָבן געטאָן זיין אַרבעט בשלימות אויב ער וועט נישט דערלויבן אַ פינטעלע־פּלאַץ פאַר קלמעלע משה־אהרנ׳ס...

**הרב נתן אַבראַמאָוויטש**

# װעגן דריי קאָלבושאָװער ײדן

מיין מוטער מוטערס פאָטער איז געווען אַ פאַרוואַנדטער פון הרב ר׳ אשרל קאָלבושאָווער. ר׳ אשר׳ן זצ״ל געדענק איך גענוי אין זיין אויסזען, אין זיין התנהגות בשעת התפילה.

כד הווינא טליא, ווען כ׳בין געווען אַ קליינער יינגל, האָט מיך מיין באָבע, לייטשע רייך, אַ שיינע עטלעכע מאָל מיטגענומען מיט זיך, ווען זי האָט געוואָלט געבן אַ קוויטל מיט אַ פּדיון צום צדיק ר׳ אשר׳ל אין זיין אכסניה. זי פלעגט זאָגן, אַז ער וועט דאָך זי נישט קאָנען אַריינלאָזן, וועגן זיין אַליין בחדרו. און וואַרטן האָט זי נישט געהאַט קיין צייט. „קום מיט מיר״ — פלעגט זי זאָגן.

איך געדענק ר׳ אשר׳ן פון מיינע בר־מצווה יאָרן. מיין פעטער ר׳ שמעון רייך, אַן אייער־סוחר אין טאַרגאָוויצע, וואָלע און ריישע, האָט זיך געגרייט צוזאַמען מיט שאר־בשרי ר׳ אשר געלדצעלער און הרב ר׳ אשר׳ל צו פאָרן צום דזשיקעווער רבי׳ן, דעם בעל „עטרת ישועה״. האָבן מיינע פאַרוואַנדטע זיך צו מיר אָפּגערופן: צוערשט פאַרהער זיך בים הרב הצדיק ר׳ אשר׳ל קאָלבושאָווער, וועלן מיר דיך דאַן מיטנעמען צום דזשיקעווער.

כ׳געדענק, אַז אַ סך מאָל פלעג איך אַריינקומען צו ר׳ יעקב עקשטיין, וואָס האָט געוואוינט אויסער דער שטאָט. געפאָרן בין איך מיט מיין בעסטן חבר, דעם יינגסטן פון צווישן די זין פון ר׳ מאָטיש עקשטיין, ווען מיר זיינעןביידע געפאָרן דורך ראַנישעוו און מידאַן קיין דזשיקעוו.

און נאָך אַ וואונדערלעכן ייִדן געדענק איך — ר׳ לייזערקע שדכן פון קאָלבושאָוו. ער איז אַריינגעקומען צום גביר ר׳ יעקב עקשטיין און געזאָגט אים, אַז ער דאַרף האָבן היינט אויף הכנסת־כלה; ווי תמיד, האָט אים ר׳ יעקב אויך דאָסמאָל געגעבן אַ נדבה. ר׳ לייזערקע האָט גענומען די מטבע און זיך געזעגנט. ס׳האָט נישט גענומען לאַנג און ער קערט זיך אום און רופט זיך אָפּ

---

* הרב נתן בן אלישע אַבראַמאָוויטש, מוהל שלעמלק״פ, גבאי בקלויז דזשיקעוו ועוסק בצרכי צבור לטובת אחב״י — געבוירן און געלעבט אין ריישע, איצט אין ברוקלינער באָראָ־פּאַרק, האָט צוגעשיקט אַ בינטל זיינע פערזענלעכע זכרונות פון זיין פריער יוגנט וועגן קאָלבושאָוו.

צו ר׳ יעקבן: — „כ׳האָב פאַרגעסן צו פרעגן, וואָס מאַכט אייער זון ר׳ אברהמלע? און זיין זון ר׳ מענדל?" — „ברוך השם" — איז געווען דער ענטפער. דרייט ער זיך ווידער אויס און פרעגט ווידער: — „יאָ, און אייער ברודער ר׳ מאַטיש און זיינע זין, וואָס מאַכן עפּעס? איז די מקווה דאָרט אין אָרדנונג שוין?" — „ברוך השם" — פאַלט נאָכאַמאָל דער ענטפער. גיט ער זיך ווידער אַ קער: — „כ׳האָב שיעור נישט פאַרגעסן, און אייער ברודער ר׳ לייביש פון דזשיקעווו, האָט ער געטאָן דעם שידוך מיט ר׳ שמחה יאָלעס?" — „ברוך השם" — האָט אים קורץ געענטפערט ר׳ יעקב.

נעמט זיך אָן ר׳ לייזערקע מיט כוח און פרעגט:

— הערט ר׳ יעקב, דער רשב״א פרעגט, פאַרוואָס מאַכט מען נישט קיין ברכה ווען מען גיט צדקה? ענטפערט ער, אַז ס׳איז דערפאַר, וואָס עס איז תלוי בדעת אחרים, אפשר וועט דער מקבל בלייבן אומצופרידן און ער קען נאָך אַמאָל מסרב זיין. פאַרשטייט איר, ר׳ יעקב, מיט אייער עקשנות קאָנט איר חס־ושלום היזק האָבן אַ ברכה...

און נאָך אַ מעשה שהיה ווילט זיך דערציילן וועגן דעם זעלבן ר׳ לייזערקע שדכן. ער פלעגט קומען אין הויז פון מיין מאַמעס לייטשע רייכס עלטערן, אין דער שפּירט־ברענעריי. גראָד האָט מען דעמאָלט געפּראַוועט אַ סעודה לכבוד ר׳ זאב בלאַנדיוועד און זיין זון ר׳ שלמה־לייבל טיטשינער זצ״ל. מען האַלט אין מיטן טרינקען און כטוב לב ביי״ש רופט זיך אָפּ ר׳ לייזערקע: — „אַ נויטיקע נתינה — הכנסת כלה". (געמיינט האָט ער פאַר זיין הויז־געזינד). ר׳ לייזערקע טרינקט און ווינטשט, ער איז אָבער אומצופרידן פון דער נתינה. וואָס זאָל ער אָבער טאָן? אויסגעטרונקען, גייט ער אַרויס. הערט ער אָבער ווי מען זאָגט „ברוך שפטרני" ווען ער האָט זיי פאַרלאָזט. איז ער נישט פויל, קערט זיך אום און זאָגט:

— איר האָט נאָך אַ שמחה? אַזוי? אַ שמחה פון „ברוך שפטרני", ווילט איר מיך אָפּפּטר׳ן מיט שה״י־פּה״י? אָ, ניין, איך גיי נישט...

**בערטאַ פערדערבער־זאַליץ**

# פערזענלעכקייטן

## וועגן הערש גערווירץ

נישט איך בין דער פּאַסיקער מענטש צו קענען געבן די געהעריקע אָפּשאַצונג וועגן דער פּערזענלעכקייט און טעטיקייטן פון הערש גערווירץ. איך האָב אים צו קורץ און צו ווייניק געקענט. אָבער, ווייל עס איז נישטאָ, ליידער, קיינער, וואָס זאָל עס טאָן, וועל איך זיך באַמיען.

איז דאָך הערש גערווירץ געווען דער פּראָמינענטער געזעלשאַפטלעכער טוער, אַן עוסק בצרכי ציבור באמונה...

ווער איז געווען הערש גערווירץ? געווען איז ער אַ זון פון שמחה לערער און אַן אייניקל פון אביגדור לערער (גערווירץ). איך בין נישט זיכער צי איך געדענק זיך ריידן אביגדורן פּערזענלעך, אָדער איך קען אים נאָר פון דער־ציילן. איך האָב בכיוון גענוצט דאָס וואָרט „לערער", ווייל ער איז געווען נישט ר' אביגדור מלמד, נײַט אַ רבי, נאָר טאַקע אַ לערער. נאָך מיט אַן ערך 100 יאָר צוריק, האָט ר' אביגדור געלערנט מיט זיינע תלמידים און תלמידות וועלטלעכע לימודים, ווי פּויליש, דייטש, שרייבן אַ יידיש שורה־גריסל צוזאַמען מיט תורה לימודים. געווען איז ר' אביגדור אַ זייער פיינער מענטש מיט גוטע מאַניערן. זיין ווייב רחל, וואָס איך געדענק זייער גוט, האָט ער באַהאַנדלט אויסערגעוויינלעך אָנשטענדיק. מען פלעגט דערציילן, אַז אין דער גאַס איז ער מיט איר געגאַנגען צוזאַמען, און נישט ווי אַנדערע יידן אין יענער צייט זיינען געגאַנגען פאָרויס, לאָזנדיק זייערע ווייבער פון הינטן. געגעסן האָט ער מיט זיין ווייב רחל פון איין טעלער, און נישט אָנגעהויבן פריער עסן ביז זי איז געזעסן לעבן אים און צוזאַמען מיט אים הנאה געהאַט פון גאָטס גאָב. שמחה לערער איז געווען זייער זון.

פון דער שטוב פון שמחה גערווירץ קען איך דאָ דערציילן אַביסל. אין מיינע פריע קינדער־יאָרן האָב איך געהאַט די געלעגנהייט אַריינצוקומען אין דעם פיינעם ציכטיקן הויז. די פרוי פון שמחה, איר נאָמען איז געווען איידל, און כשמה כן היא, געווען אַ זייער איידעלע פרוי און מוטער. געהאַט האָט זי פינף קינדער: דער עלטסטער איז געווען הערש; צווי טעכטער — יענטע און שרה, מיינע צווי חברות; שמואל און יודל. געבליבן נאָך דעם חורבן זיינען בלויז שרה און שמואל, וואָס לעבן אין ישראל.

אַלע קינדער זיינען געווען זייער אינטעליגענטנע, און שוין דעמאָלט

געלערנט פון זייער פאָטער עברית און טאַקע גערעדט צווישן זיך אין הויז העברעאיש.

אַריינצוקומען צו זיי אין הויז איז געווען אַנדערש ווי אין אַלע אַנדערע הייזער, וואָס איך פלעג אַריינקומען אין קאַלבושאָוו. די ריינקייט און ציכטי־קייט איז געווען אויסערגעוויינטלעך. אויך גערעדט האָט מען דאָרט אַנדערש ווי אומעטום — זייער שטיל און געלאַסן. איך האָב זיך שטענדיק געוואונדערט, צי איז די דאָזיקע אויפפירונג געווען אַ רעזולטאַט פון דער גוטער דער־ציאונג, וואָס די מוטער האָט געגעבן אירע קינדער, אָדער צוליב דעם גרויסן דרך־ארץ נישט צו שטערן דעם פאָטער דאָס לערנען מיט די קינדער אין דער פאַרמאַכטער צווייטער שטוב. ווי עס זאָל נישט זיין, פאַר אונדז, די יונגע שטיפער, איז זייער שטוב געווען צו שטאַרק דיסציפּלינירט און דעריבער נישט צו באַקוועם. האָבן מיר, דעריבער, געגרופן יענטען און שרהן צו פאַר־ברענגען מיט אונדז אין אַן אַנדער שטוב, וואו מיר האָבן געקענט פריי אויס־לאָדן אונדזערע יונגע טעמפּעראַמענטן.

הערש איז געווען היפּשע יאָרן עלטער פון אונדז. ער איז געוואָרן באַטראַכט פאַר אַן אינטעליגענטן און געלערנטן בחור. ער האָט געקענט און גערעדט אַ גוטן עברית. ער האָט שיין געשריבן. אַלע זיינע קענטעניש, וואָס ער האָט באַזיצט, ווייס איך נישט, צי זיי האָבן געשטאַמט בלויז פון זיין פאָטערס שטוב, אָדער ער האָט געשעפּט זיינע ידיעות פון ערגעץ־וואו אַנדערש.

פאַרן אויסברוך פון ערשטן וועלט־קריג, ווען די קליינע שטעטלעך אין פּוילן האָבן זיך אויפגעכאַפּט פון דעם לעטאַרגישן שלאָף, און יונגע יידישע מענטשן האָבן אָנגעהויבן צו לעכצן נאָך וויסן און צו קענען פאַרשטיין זייער נאַציאָנאַלע אָנגעהעריקייט, טאַקע אין יענער צייט האָט הערש געווירץ געהאַט די געלעגנהייט צו באַוויזן זיינע גרויסע פעאיקייטן, ווי אַ מנהיג שאין כמוהו. ער איז געווען דער איניציאַטאָר פון אַלע ציוניסטישע טעטיקייטן אין שטעטל. ער האָט אָנגעפירט מיט קורסן פון עברית, אַליין געהאַלטן לעקציעס און אויפ־קלערונגען, אָראַנזשירט לעקטאָרן און רעדנער פון דער פרעמד, און זיינע טעטיקייטן זיינען געווען מיט איבערגעגעבנקייט און מסירות־נפש. עס האָט זיך צוליב דעם אַנטוויקלט אין קאַלבושאָוו אַ גאָר אויסערגעוויינטלעך שיינע און באַוואוסטזיניקע יוגנט.

אין 1920 האָב איך פאַרלאָזט דאָס שטעטל, און דעריבער ווייס איך גאָר ווייניק וועגן הירש געווירץ'ס טעטיקייטן. עס זיינען אָבער דערגאַנגען צו מיר די בעסטע גרוסן, אַז ער איז אויסגעוואַקסן צו אַ גאָר גרויסער פּערזענ־לעכקייט, מיט אַ געוואַלדיקער השפּעה אויף קליין און גרויס. זאָל דאָ אויך דערציילט ווערן, אַז הערש געווירץ האָט זיך גענומען פאַר זיין פרוי פּיצע

מאַרין, וואָס איז געווען זיין תלמידה פון די יינגסטע יאָרן. ער האָט זי אַרומ־גענומען מיט נאַציאָנאַלן גייסט און מיט איר שטענדיק גערעדט עברית, ביז ער האָט זי דערהויבן צו זיין ניוואָ און מיט איר חתונה געהאַט.

פייצע מאַרין איז געווען אַ טאָכטער פון אַ יידיש־באַלעבאַטישער היים. דער פאָטער, פנחס מאַרין, איז געווען אַ קצב און ער, ווי אַלע קצבים אין קאָלבושאָוו, איז געווען אַ פיינער און אָרנטלעכער מענטש, אַ בעל־טובה און בעל־צדקה, און אין אַלגעמיין אַ בעל־מידות.

געהאַט האָט הערש מיט פייצען דריי זין. יעדער זון האָט מען געגעבן אַ תנכישן נאָמען, נישט ווי דער מנהג איז געווען און אין אַ סך קרייזן פאַר־בליבן ביז היינט־צו־טאָג — נאָך פאַרשטאָרבענע קרובים.

הערש געווירץ איז אויסגעוואַקסן צו אַן אָנגעזעענעם און נוצלעכן מענטש אין שטעטל. נישט בלויז האָט ער דערצויגן דעם יונגן דור; ער איז געווען דער בויער, פאָרשטייער און פירער פון די פאַרשידענע יידישע אָנ־שטאַלטן און אינסטיטוציעס אין שטאָט. אין אַ ריי אָרגאַניזאַציעס איז ער געווען סעקרעטאַר — אין דער קהילה, אין דער גמילות־חסדים קאַסע און אין אַנדערע. זיין אַ סעקרעטאַר האָט געמיינט, צו זיין די נשמה און פאַקטיש פירן און זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זייערע אַקטיוויטעטן.

אין די דרייסיקער יאָרן איז מיר אויסגעקומען זיך צו באַגעגענען מיט הערש געווירץ. ער איז מיך געקומען זען אין מיין היים אין קראָקע. ער האָט געבראַכט אַהין אַ שווער־קראַנק קינד אין אַ שפּיטאָל. זיין שוויגער, שרהלע מאַרין, איז מיט אים מיטגעקומען. דעמאָלט האָב איך געזען אַ גאָר אַנדערן הערש געווירץ. איך האָב דאַן פאַר זיך געזען אַ צעבראָכענעם טאַטן, וועלכער האָט געוויינט מיט טרערן. איך האָב זיך דעמאָלט געטראַכט, אַז אפילו אַ מנהיג ביי יידן קאָן צעבראָכן ווערן, צוליב די ליידן פון אַ קינד. צי איז דאָס קינד געזונט געוואָרן, געדענק איך נישט.

הערש האָט מיר דעמאָלט אויך דערציילט אַן עפּיזאָד וועגן זיין שוויגער שרהלע, וואָס איז מיטגעקומען מיט דעם קראַנקן קינד (די פרוי זיינע האָט נישט געקענט קומען, ווייל זי האָט געמוזט בלייבן מיט די אַנדערע צוויי קליינע קינדער), אַז פרייטיק פאַרנאַכט, ווען זי איז געווען לעבן דעם אייניקל אין שפּיטאָל, און עס האָט זיך דערנענטערט די צייט פון ליכט־בענטשן, האָט זי זיך אַרומגעזען, אַז זי וועט דאָס מאָל פאַרפעלן אויפצונעמען די מלכה שבת. פּלוצים האָט זי דערזען, דורכן שפּיטאָל־פענצטער, אַז קעגנאיבער צינדט אַ פרוי ליכט, און עס ברענען אויך ליכט אין אַ הענגל־לייכטער איבער דעם שבתדיקן טיש. האָט זי זיך נישט געפוילט, אַרויס פון שפּיטאָל, אָנגעקלאַפּט אין דער יידישער טיר און אָן צו זאָגן אַ וואָרט, זיך אַרויפגעשטעלט אויף

אַ בענקל און געבענטשט די ליכט אין דעם הענגל־לייכטער און אַרויס־געלאָפן...

פון יענער צייט ביז נאָך דעם גרויזאַמען חורבן, האָב איך נישט געוואוסט וועגן דעם גורל פון הערש געווירץ ביז צו מיין קומען קיין אַמעריקע אין 1946. דאָ האָב איך זיך באַגעגנט מיט אַן אַרכיוו פון דאָקומענטן, בריוו און רעקאָרדס ביי מיין מאַן דוד זאַלץ, וועלכער האָט געהאַט דעם חוש און פאַרשטענדניש דאָס אַלץ אויפצוהיטן. לייענענדיק די פאַרשידענע מעמאָראַנדומס און באַריכטן, האָב איך געשטוינט צו זען, ווי הערש געווירץ האָט מיט גענויער פינקטלעכקייט און אַ סך איבערגעגעבנקייט געגעבן צו פאַרשטיין די לאַנדסלייט אין אַמעריקע וועגן דער נויט אין קאָלבושאָוו, וועגן די מעטאָדן און אופנים ווי אַזוי קאָנסטרוקטיוו צו העלפן די אויפגעקומענע סוחרים דורך דער גמילת־חסדים קאַסע. ער פלעגט אויספירלעך באַריכטן, וואָס עס איז געטאָן געוואָרן פאַר דעם געלט, וואָס איז געשיקט געוואָרן פון די היגע הילפס־אָרגאַניזאַציעס. יעדן חודש זיינען אַזעלכע באַריכטן געשיקט געוואָרן, וואו עס ווערט אָנגעגעבן צו וויפל מענטשן עס זיינען געגעבן געוואָרן הלוואות. די דאָזיקע צענדליקער בריוו און באַריכטן שטעלן מיט זיך פאָר אַן אוצר. פון זיי איז אַ סך געשעפּט געוואָרן צוריק אויפצושטעלן די געשיכטע פון דער יידישער קהילה אין אונדזער שטעטל פאַר דעם יזכור־בוך.

פון די געציילטע וואָס האָבן איבערגעלעבט דעם חורבן האָב איך זיך דערוואוסט, אַז הערש געווירץ איז אומגעקומען מיט דער קליינער גרופּע רעשטלעך יחידים — אַרום הונדערט, וואָס זיינען צוריקגעשיקט געוואָרן אין קאָלבושאָווער געטאָ נאָך דער אויסזידלונג פון 14־טן נאָוועמבער, 1942 אויס־צוראַמען די געטאָ; ער איז דאָרט געוועזן — דערציילט מען — מיט זיינע צוויי זין און דעם יינגסטן ברודער זיינעם, יודל. מען האָט אים צוגערעדט צו אַנטלויפן, אָבער ער האָט זיך אָפּגעזאָגט דאָס צו טאָן.

געהייליקט זאָל בלייבן זיין נאָמען און די נעמען פון אַלע, וואָס זיינען אומגעקומען אין די יאָרן פון גרויסן בראָך!

## וועגן שלום בראַט

צו דעם, וואָס יוסף בן־מנחם האָט דערציילט וועגן שלום בראַט, וויל איך צוגעבן, אַז שלום איז געוועזן ניט קיין חסיד און ניט קיין תלמיד־חכם, נאָר אַ טייערער פאָלקס־ייד, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיינע מענטש־לעכע באַציאונגען צו יידן אין נויט. אָט די האַרציקייט איז געוועזן ממש נישט משיג צו זיין.

שלום בראָט פלעגט אַריינקומען אין הויז פון מיינע עלטערן אַ פּאָר מאָל אַ וואָך. וואָס איז געווען דער צוועק פון אָט־די וויזיטן? אַ שמועס צו טאָן וועגן נצרכים אין שטעטל, וועגן דלות וואָס פייפט אין יידישע שטיבער, צווישן אַנדזערע פאַמיליע־מענטשן, גאָר נאָענטע קרובים און ווייטערע, וועגן דער אָרעמקייט און נויט פון שכנים...

אין די יאָרן פון ערשטן וועלט־קריג, פאַר דעם ווי מען האָט גע־פליכטעט פאַר די רוסן און אויך נאָכן אומקערן זיך, האָט די נויט געוועלטיקט און אָנגעשפּאַרט כמעט אומעטום. באַזונדערס האָבן געליטן משפּחות, וואָס פלעגן קריגן שטיצע פון אַמעריקע פון זייערע פאַרוואַנדטע און אַזוי ווי די מלחמה איז אויסגעבראָכן איז די פּאָסט־פאַרבינדונג צווישן עסטרייך און די פאַראייניקטע שטאַטן איבערגעריסן געוואָרן און אויך גאַליציע האָט דערפון געהאַט צרות. די דאָזיקע מענטשן האָבן זיך אין תחילת געטוליעט צו זייערע אָרטיקע קרובים, וואָס האָבן דאָ און דאָרט געהאָלפן, אַנדערע האָבן זיך געזוכט אַרויסצוהעלפן מיט אַביסל מסחר — דאָ געקויפט און דאָרט פאַר־קויפט, און פאַר די מאָגערע רווחים האָט מען יאַקאַש דורכגעטראָגן ס׳ביסל אביונעשאַפט. געווען, לײדער, אויך אַזעלכע, וואָס די נויט האָט זיי געצוואונגען אויסצושטרעקן די האַנט...

אין דער משפּחה וואָס שלום בראָט האָט זיך מיט איר גורל פאַר־אינטערעסירט, זיינען אָט־די אַלע מעגלעכקייטן נישט געווען. געווען איז עס אַ משפּחה פון זיבן מיט קליינע פיצעלעך קינדער, און מען איז ממש אויס־געגאַנגען פון הונגער. ניט געווען קיין שיכעלעך פאַר די קינדער און קיין האָלץ פאַרן ווינטער צו באַהייצן די דירה; שוין פאַרקויפט דאָס לעצטע און פאַרמשכנט אַלצדינג כדי צו קאָנען באַקן אַ געבעקס ראָזאָווע ברויט פאַר דער וואָך. דאָס האָט זיך שוין אויך אויסגעלאָזט. דערצו האָט מען זיך געשעמט און ניט געוואָלט אַז דער סוד זאָל אַרויס פון די פיר איילן... ביי מיין פאָטער אין שפּייז־קראָם איז מען געווען פאַרשולדיקט איבער די אויערן און קיינער האָט נישט געהאַט קיין העזה צו בעטן נאָך...

דאָס איז געווען דער טייערער פאָלקסמענטש שלום בראָט. מיין מאַמע האָט אים דערציילט וועגן די אומשטענדן, אין וועלכע יענע משפּחה געפינט זיך. דער מאַן האָט געוויינט ווי אַ קליין קינד אויסהערנדיק דעם טרויעריקן באַריכט, אַריינגעלייגט די האַנט אין קעשענע. וויפל ער האָט געגעבן האָב איך קיינמאָל נישט געוואוסט. געהאָלפן האָט ער אויף דער מינוט: קודם צו באַ־זאָרגן די משפּחה מיט שפּייז...

אַזוי פלעגט ער קומען, שלום בראָט, צו אונדז, כדי אויסצוגעפינען דעם מצב און געבן הילף; זיך באַפריינדעט מיט די נויטבאַדערפטיקטע.

געזוכט תמיד ניט צו מאַכן דעם אומגליקלעכן פילן, אַז ער איז אַ מקבל. דאָ כלומרשט צוגעשאַנצט אַ פאַרדינסטל, און דאָרט גרייט געווען צו לייען אַ גמילת־חסד. ווען חס־ושלום אין אַזאַ משפחה איז געווען אַ קראַנקן־פאַל, האָט שלום בראַט צוזאַמען מיט מיין טאַטע־מאַמע געזען צו באַזאָרגן אַ דאָקטאָר און מעדיצין אויך.

און וועגן שלום בראַטס ווייב איז כדאי צו דערציילן: געווען איז זי אַ פרוי אַ צדיקת, אַן אשת־חייל. זי האָט אויף איר שטייגער און אופן געטאָן דאָס זעלבע וואָס איר שלום האָט געטאָן. געווען איז זי אַ באַשיידענע פרוי, געפירט אַ באַלעבאַטיש הויז און געשאַפן אַן איידעלע סביבה אַרום זיך. געהאַט האָט זי עטלעכע זין און בלויז איין טאָכטער. איך געדענק נאָך די אַלע קינדער, ווי קליינינקע אין זייערע גאָר יונגע יאָרן.

צוויי פון די זין געפינען זיך אין אַמעריקע און צוויי זין — צבי און דוד — לעבן אין ישראל. בעת אונדזער זיין אין מדינת ישראל, האָט מיין מאַן צוזאַמען מיט מיר זיך נעענטער באַקענט מיט זיי. דאָס זיינען איידעלע און פרומע בחורים און עס איז געווען אַ פאַרגעניגן מיט זיי צו פאַרברענגען. די רעשט פון דער משפחה האָט, ליידער, געטיילט דעם שיקזאַל פון אַלע אַנדערע קדושים, הי״ד.

## וועגן דריי יידישע אַדוואָקאַטן

אין אונדזער שטעטל זיינען געווען עטלעכע יידישע פּראָפעסיאָנאַלן: דאָקטוירים און אַדוואָקאַטן. איך וויל דאָ זיך אָפּשטעלן אויף דריי אַדוואָקאַטן, וואָס ניט געקוקט אויף דעם פאַקט, וואָס זיי האָבן אַלע באַדינט מער־ווייניקער די זעלבע קליענטעלע און זיינען געווען טעטיק אין דער זעלבער סביבה, איז יעדער פון זיי געווען אַזוי אַנדערש, פאַרשיידן אין זייער דערציאונג, אין זייער אויסקוק, און אין זייער באַציאונג צו די יידן פון שטעטל.

וועגן ד״ר אַדאָלף בריק האָב איך אַבסאָלוט פאַרגעסן. ווען אין איינעם אַ טאָג האָט מיך אָפּגערופן אויפן טעלעפאָן דער רעדאַקטאָר פון אונדזער בוך, און געפרעגט, צי איך ווייס עפּעס וועגן אַזאַ יידן אין אַמאָליקן קאַלבו־שאָוו, האָט אויפגעטויכט ווי פון אַ חלום אַרויס די געשטאַלט פון דעם דאָזיקן מענטשן. דאָס איז געווען אין מיין פריער יוגנט: אַ קליין קינד בין איך דעמאָלט געווען, און איך האָב ניט איין מאָל אָבסערווירט דעם הויכן, זייער דיקן ד״ר בריק, דורכגיין אונדזער גאַס. אַפּנים, דאָס האָט געמוזט זיין זומער ווי איך האָב אים געזען, ווייל אין מיין זכרון האָט זיך איינגעקריצט זיין הויכגעוויקסיקע און ברייטע געשטאַלט, אָנגעטאָן אין אַ ווייסן לייוונטענעם אַנצוג און אין אַ פּאַנאַמאַ־הוט. ער פלעגט יעדן פאַרנאַכט שפּאַצירן איבער די

געסלעך פון דער יידישער אָרעמקייט. אָנגעשפּאַרט אָן אַ שטעקן, פלעגט ער זיך אָפּשטעלן אָפט לעבן איין הייזקע און אַוועק נענטער צו אַן אַנדערער הייזקע און זיך צוקוקן ווי יידישע קינדער זיצן אויף די נידעריקע שוועלן פון זייערע שטיבער און עסן זייער אָרעמען מאָלצייט.

ד״ר בריק פלעגט זיך אָפּשטעלן און אַריינקוקן אין די פענצטער פון וואַנען ס'האָט אַרויסגעוויינט די יידישע נויט. פון אַלע זייטן פלעגן אים — קליין און גרויס — אַנטקעגנטראָגן אַ דייטשמערישן „גוטן אַוועָנד". קינדער פלעגן אים ניט זעלטן אַרומרינגלען, און ער פלעגט אין אַזעלכע פאַלן אויס־טיילן זיי קרייצער מטבעות.

ערשט איצט, ווען איך האָב זיך אין יענעם טעלעפאָנישן געשפּרעך מיט אונדזער חשובן רעדאַקטאָר, דערוואוסט, אַז אָט־דער ד״ר בריק איז געווען אַ וויכטיקער ציוניסטישער פירער, און זיך באַטייליקט אין די ציוניס־טישע וועלט־קאָנגרעסן און האָט געהערט צו דער אָנפירערשאַפט פון אויפ־גייענדיקן ציוניזם אין גאַליציע, שפּילנדיק אַ וויכטיקע ראָל אין דער יידישער רענעסאַנס־באַוועגונג, ערשט איצט האָב איך אָנגעהויבן צו פאַרשטיין, פאַרוואָס האָט דער דאָזיקער טייערער ייד, אין יענע זומערדיקע פאַרנאַכטן, אָנשטאָט צו שפּאַצירן אין די פּראַכטפולע, מיט גרינע גראָזן און מיט גערטנער און סעדער אויסגעלייגטע טיילן פון קאָלבושאָוו, וואו קריסטן האָבן געוואוינט, דווקא זיך אָפּגעשטעלט אין דער יידישער אָרעמקייט און אַריינגעזאַפּט אין זיך דעם וויי־געשריי פון יידישן צער. דאָ האָט ד״ר בריק געזען די יידן־נויט, אין איר סאַמע שווערסטער אויפלאַגע, כמו שהיא — און פון דאַנען האָט ער געזוכט אינספּיראַציע כדי צו קאָנען העלפן דעם טיטאַן פון יידישער געשיכטע, ד״ר טעאָדאָר הערצל, אין זיין קאַמף צו פאַרווירקלעכן אַ חלום לטובת די געפּייניקטע יידישע מאַסן, וואָס האָבן זיך אַליין נישט אָפּגעגעבן קיין רעכע־נונג דערפון, אין וואָס פאַראַ לאַגע זיי געפינען זיך.

ד״ר אַדאָלף בריק האָט אין קאָלבושאָוו דערזען די יידישע נויט און פון איר געשעפּט פולע הויפנס אידייען און אָנרעגונג, וואָס האָבן אים געפירט צו זיין איינער פון די ערשטע אָנזאָגערס פון פּאָליטישן ציוניזם.

קאָלבושאָוו אָבער האָט וועגן זיין טעטיקייט ממש גאָרניט געוואוסט.

* * *

אַן אַנדער טיפּ איז געווען דער יידישער אַדוואָקאַט ד״ר פייערשטיין (דעם ערשטן נאָמען האָב איך, ליידער, פאַרגעסן). געשטאַמט האָט ער פון ריישע, און געווען איז ער אַ פאָלקס־מענטש, אַ קליין־געוויקסיקער, פאַר יעדן האָט ער געהאַט אַ גוט וואָרט און צו יעדן שטעטלדיקן ייד האָט ער זיך

באַצויגן מיט משפּחהדיקייט, אָן וועלכן נישט איז אָנשטעל אָדער פאַלשער באַרימעריי, מיט יעדן זיך דורכגערעדט און געזוכט חבריש צו לינדערן די נויט פון זיין מיטמענטש. האָט ער באַמערקט אַ רעדל יידן שטיין אין מיטן מאַרק, פלעגט ד״ר פייערשטיין צוגיין און זיך צוהערן און אַריינוואַרפן אויך זיין וואָרט. געווען איז ער דורך און דורך ייד און נאַציאָנאַל געשטימט. אין יעדן ייד האָט ער געפילט אַ ברודער.

פּראַקטיצירט האָט ער אין אונדזער שטעטל פון אַן ערך 1912 און פאַרלאָזט עס נאָכן טרויעריק באַרימטן פּאָגראָם אין 1919. ער האָט זיך דעמאָלט איבערגעצויגן קיין קראָקע. אין קראָקע פון צווישןביידע מלחמות פלעג איך אים גאַנץ אָפט טרעפן. ווי אין קאַלבושאָוו איז ער פאַרבליבן אַ גוטער, יידישער מיטפילנדיקער מענטש.

* * *

ואחרון אחרון — אַן אויסוואורף, וואָס זיין נאָמען איז געווען ד״ר ווילהעלם ראַבינאָוויטש. אַ ייד איז ער געווען לויט זיין אָפּשטאַם און פאַמיליע־נאָמען, און צוזאַמען דערמיט געווען אַ יידן־פרעסער, אויפגעפרעסן פון זעלבסט־האַס און פשוטן אַנטיסעמיטיזם. אַ קליינער איז ער געווען אין זיין וואוקס, באַשאָנקען מיט הויקערס פון פאָרנט און הינטן און שלעכט געווען פון דער נאַטור ווי זי, די נאַטור, איז געווען שלעכט צו אים. געשטאַמט האָט ער פון קראָקע און געקומען אין אונדזער שטעטל און געשפּאַסט און געלאַכט פון אַנדערע יידן. ער האָט געטריבן קאַטאָוועס פון די אָרעמע שטעטלדיקע יידן. קיינמאָל איז ער נישט געווען צווישן יידן, נישט ער און נישט זיין פרוי און נישט זיינע צוויי זין. מען האָט אַפילו אין שטעטל גערעדט, אַז די זין זיינען נישט געיידישט געוואָרן. זיי זיינען איפּגעצויגן געוואָרן צווישן קריסטלעכע קינדער, און אין אַ סביבה פון קריסטן, און צוזאַמען מיט זייערע ניט־יידישע חברים אָנגעטאָן צרות צו יידן...

ווען די פּאָגראָמען פון 1919 זיינען אויסגעבראָכן אין קאַלבושאָוו און אין רעזולטאַט דערפון זיינען געווען 9 הרוגים פון צווישן די אָרטיקע יידן, האָט ראַבינאָוויטש, אויפנעמענדיק די פאַרלאַמענטאַרישע דעלעגאַציע פון וואַר־שע, וואָס איז געקומען אויספאָרשן די סיבות און פאָלגן פון דעם פּאָגראָם, ביי זיך אין הויז, געשאָטן פעך און שוועבל אויף יידן בכלל און אויף די קאַלבושאָווער בפרט.

אַזויפיל יידישע קרבנות האָבן נישט געהאָלפן דעם היימישן זעלבסט־האַסער אויסצוקורירן זיך פון זיין שוידערלעכער חולאת. דער אַדוואָקאַט פון יידישן אָפּשטאַם איז קיין יידישער פאַרטיידיקער קיינמאָל נישט געוואָרן.

אסטא הערצאָג

# דער קדוש ד״ר לעאָן אַנדערמאַן

## (נאָטיצן פון זיין פרוי)

ד״ר לעאָן אַנדערמאַן איז געבוירן געוואָרן דעם 25־טן דעצעמבער 1895 אין ניוויע לעבן באָרשעוו. די פאַמיליע זיינע איז געווען אַ רייכע און אַ גרויסע — זעקס זין און צוויי טעכטער. דער פאָטער זיינער איז געווען דער פאַר־וואַלטער פון די גיטער ביים גראַף באַוואָראָסקי. די זין האָבן באַקומען הויכע בילדונג און דורכגעגאַנגען אוניווערסיטעטן: דריי פון זיי האָבן פאַרענדיקט ווי מעדיצין דאָקטוירים און צוויי האָבן אויסשטודירט ווי יוריסטן. איינער איז יונגערהייט, אַלט זייענדיק 18 יאָר, געשטאָרבן.

ד״ר לעאָן אַנדערמאַן האָט שטודירט אין גראַץ, עסטרייך, און געקראָגן זיין דיפּלאָמע אין ווין אין יאָר 1922. קומענדיק צוריק קיין פּוילן האָט ער נאָסטריפיצירט זיין דאָקטאָראַט אויפן יאַגעלאָנער אוניווערסיטעט אין קראָקע.

זיין פּראַקטיק האָט מיין מאַן אָנגעהויבן אין ווין, וואו ער האָט געאַרבעט אין פאַרשיידענע שפּיטאָלן. זיינע עלטערן זיינען געווען פאַראינטערעסירט צו באַקומען די עסטרייכישע בירגערשאַפט, וואָרום ער האָט געדינט אין עסטרייכישן מיליטער אין דער ראַנג פון אַ מאַיאָר; זעט אויס, אַז ער האָט עס ניט געקאָנט באַווייזן, ווייל מען האָט דאָרט קיין ידישע דאָקטוירים אויס־לענדער ניט געוואָלט מקרב זיין.

אין יאָר 1925 האָבן מיר באַשלאָסן צו פאָרן קיין קאָלבושאָוו. מיין מאַן האָט דאָ געפונען אַ גרויסע פּראַקטיק. ס׳זיינען דאָ געווען אויך אַנדערע דאָק־טוירים, ער איז אָבער געווען זייער געליבט און געשאַצט, אַזוי דורך יידן ווי דורך די אָרטיקע פּאָליאַקן.

מיר האָבן געלעבט אין דעם שטעטל ביז דעם אויסברוך פון צווייטן וועלט־קריג, ווען די היטלער־האָרדעס זיינען עס באַפאַלן און אָקופּירט. נאָכ־דעם ווי ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די דייטש־סאָוויעטישע מלחמה, איז אין 1942 מיין מאַן באַשטימט געוואָרן ווי דער פאָרזיצער פון „יודנראַט״ און דעמאָלט

האָט זיך אויך אָנגעהויבן דער גיהנום פאַרן יידישן קיבוץ אין שטעטל און פאַר אים פערזענלעך.

צוערשט האָבן זיך די דייטשע אָקופּאַנטן צו ד״ר אַנדערמאַן באַצויגן מיט אַ סך רעספּעקט. זיי האָבן זיך צו אים אויך געוואָנדן וועגן מעדיצינישער הילף. זיין אָנגענעמע פּערזענלעכקייט, זיין אינטעליגענץ, און גאָר באַזונדערס זיין גלענצנדיקע דייטשע שפּראַך וואָס ער האָט באַנוצט אין די אָפטע גע־שפּרעכן, האָבן געמאַכט, אַז אַפילו דער שטרענגסטער צווישן די סטאַנציאָ־נירטע מיליטערלייט אין שטעטל זאָלן האָבן פאַרן יידישן דאָקטאָר אַ סך דרך־ארץ. ער האָט אין יענער פּעריאָדע געפּועלט אַ סך אין פילע פאַלן פון פּערזענלעכע אינטערווענצן. זיין זעלישע רואיקייט איז געווען איבערצייגנדיק. אויך זיין דרייסטקייט האָט אים געמאַכט ריידן צו זיי ווי צו זיינע גלייכע און דעריבער האָט ער גערעדט צו זיי אָפן און אַזוי ווי ער האָט געטראַכט. דאָס האָט געמאַכט אַן איינדרוק אויף די דייטשן.

אַמאָל, געדענק איך, האָט דער דייטשער לאַנדראַט אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדנונג, מיין מאַן זאָל צונויפזאַמלען 100 יידן, כדי זיי זאָלן גיין אין וואַלד אַריין האַקן האָלץ. ס׳איז געווען אוממעגלעך צו קריגן אַזאַ צאָל מענטשן, וואָס זאָלן זיין פעאיק צו טאָן אַזאַ מלאכה. האָט ער, נישט האָבנדיק קיין אַנדערן אויסוועג, געהייסן צושטעלן אַ צאָל יוגנטלעכע, קינדער ממש. דערביי האָט ער געמאָלדן דעם דייטש, אַז דער „יודנראַט״ האָט ניט קיין העק צו געבן אַלעמען און אָן אַ האַק קען מען קיין האָלץ נישט צוגרייטן. אויף דעם האָט דער לאַנדסראַט דערקלערט, אַז „אין דייטשלאַנד און באַזונדערס אונטער היטלערן איז אַלץ מעגלעך״. ווען, ניט געקוקט אויף דעם ענטפער, האָט מיין מאַן ווייטער ניט אָפּגעטראָטן, אַז ער וועט די פאַראָרדנונג נישט קאָנען אויספילן, האָט דער לאַנדסראַט אָפּגעענטפערט: „וואָס ווערן זי מאַכען, ווען איך אַלע יודען אופהענגען?״ אויף דעם האָט ד״ר אַנדערמאַן געענטפערט: „דאַן ווירד דער הענקער פיל צו טאַן האַבען״.

דער גאַנצער פּאַוויאַט, די גאַנצע געגנט און באַזונדערס די שטעטלדיקע יידן זיינען געווען זייער אומרואיק וועגן גורל פון מיין מאַן נאָך דעם זייער שווערן געשפּרעך. מען האָט זיך געשראָקן, אַז פאַר אַזעלכע רייד וועט דער אכזר זיך ווערלן נוקם זיין. דער רעזולטאַט איז אָבער געווען, אַז די דייטשן האָבן באַזאָרגט אייזערנע העק פאַר די אַרבעטער.

געווען זיינען אַזעלכע פאַלן און ענלעכע גאָר אַ סך. אַזוי, למשל, בשעת ס׳האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַפּראָוויזאַציע פאַר דער יידישער באַפעלקערונג,

פלעגט מיין מאַן רואיק, אומצווייִדייטיק און שאַרף האַנדלען אַזוי, אַז ווי לאַנג ס׳האָט זיך געלאָזט, האָט מען געלייסט הילף די נויטבאַדערפטיקטע.

אין יולי 1942 איז ד״ר אַנדערמאַן אַרעסטירט געוואָרן צוזאַמען מיט ד״ר קליינהאַוז. געזעסן זיינען זיי צוערשט אין דער קאָלבושאָווער תפיסה און שפּעטער האָט מען זיי אַרויסגעפירט קיין ריישע און דאַן קיין אוישוויץ. איך ווייס, אַז אין פאַרלויף פון אַ לאַנגער צייט, בעת ער איז געווען פאַרהאַלטן אין קאָלבושאָוו, האָט אים אָפּט דער אויפזעער פון דער טורמע, אַ פּאָליאַק, באַהאַלטענערהייט געבראַכט צו זיך אַהיים, ער זאָל דורכשלאָפן די נאַכט. און אַזוי האָט ער זיך אָפּגערעדט, אַז אַ געוויסע נאַכט, ווען ער וועט זיין אויסער דעם בנין פון דער תפיסה, וועט ער זיך מער נישט אומקערן אַהין. דערוויל האָט דער שיקזאַל געוואָלט עפּעס אַנדערש. יענעם אָוונט האָבן די דייטשן פאַראָרדנט אַרויסצופירן די אַרעסטירטע קיין ריישע און ווען מען האָט אים ניט געפונען אין זיין צעל, האָבן זיי אים באַשלאָסן צו זוכן. אַוודאי האָט ד״ר אַנדערמאַן געקאָנט דעמאָלט אויספירן זיין פּלאַן. ער האָט אָבער געפילט, אַז די דייטשן וואָלטן זיך נוקם געווען אויף די שטעטלדיקע יידן. ער האָט עס געוואָלט אויסמיידן, האָט ער זיך צוגעשטעלט.

איך האָב מיין מאַן ניט געזען מער. ער האָט יאָ נאָך געדענקט מיר צוצושיקן אַ קוויטעלע, אַז איך זאָל תיכף פאַרלאָזן קאָלבושאָוו צוזאַמען מיט אונזער 14־יעריקן זון, ווייל ער האָט דערוואַרט רעפּרעסיעס קעגן מיר מצד די דייטשן. איך האָב עס דורכגעפירט אויפן אָרט. אַזוי ווי כ׳בין געשטאַנען, האָט מיך אַ פּוילישער אָפיציר אַרויסגעפירט פון שטעטל די זעלבע נאַכט מיט פערד און וואָגן קיין דעמביצע. פון דאָרט, נאָך גרויסע שוועריקייטן און אין אַ שווערער סכנה האָבן מיר זיך געלאָזט איבער די וועגן און אָנגעקומען קיין קראָקע. אויך אין קראָקע בין איך מיט מיין זון צו לאַנג ניט געזעסן, און ביי דער ערשטער געלעגנהייט, אַ דאַנק דער הילף פון גוטע פריינט, האָבן מיר דערגרייכט וואַרשע.

מיר האָבן נישט איבערגעלעבט די מלחמה אין קאָלבושאָווער געטאָ, אויך ניט אין וואַרשעווער געטאָ. אויף אַרישע פּאַפּירן האָב איך איבערגעלעבט, ביז דעם אויסברוך פון וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד און שפּעטער דעם אויפשטאַנד פון וואַרשע. מיין זון איז געווען מיט מיר, אָבער ער איז, ליידער, אומגעקומען. איך בין פון די דייטשן אַרויסגעפירט געוואָרן ווי אַן אַרישע אין די דייטשע לאַגערן. דער גורל האָט געוואָלט, אַז איך זאָל איבערלעבן אַלע צרות און די שווערע פאַרלוסטן מיינע — דעם אידעאַלן מאַן און מענטש און דעם איינציקן זון.



ד״ר לעאָן אַנדערמאַן, הי״ד



ד״ר אַנדערמאַן אין אוישוויץ



ד״ר אַנדערמאַנס זון, מאַרעק, הי״ד

# דאס געזעלשאפטלעכע לעבן

בצלאל גרינשטיין

## „תפארת בחורים"

ס׳האָט שוין געמוזט עקזיסטירן אַ ציוניסטישע אגודה פון לאַנג אין שטעטל, ווען בחדרי־חדרים און אין געהיים האָט זיך אויסגעשיילט דער ציוניסטישער אַלגעמיינער פאַריין „תפארת בחורים" אין קאַלבושאָוו. בדרך־כלל איז דאָס שטעטל געווען פאַנאַטיש, חסידיש, אַלט־פרענקיש און יעדער פאַרזוך אויפצוקומען אַ געדאַנק אָדער אַן אידייע פון דרויסן, איז דורך דעם עלטערן דור באַטראַכט געוואָרן ווי אַ פאַרברעך, אַ מין אַראָפּגיין פון דרך הישר. די חסידישע עלטערן און די גאַנצע אומגעבונג האָבן נישט סובל געווען די השכלה, וואָס האָט זיך גענומען מיט כוח אַריינרייסן אין יעדע שטוב דורך אַלע שפּאַרונעס און מיטלען. דער לאָקאַל פון „תפארת בחורים" איז אָפט באַפאַלן געוואָרן פון די פרומע טאַטעס, וואָס האָבן שטענדיק געמאַכט תלי־תל פון יעדן ספר אָדער בוך וואָס זיי האָבן באַטראַכט ווי אפּיקורסיש.

די יונגע מיטגלידער פון „תפארת בחורים" האָבן, ניט געקוקט אויף די אומאויפהערלעכע שיקאַנעס און איבערפאַלן, איינגעשאַפט זיך גרעסערע צאָלן פון אינטערעסאַנטע השכלה ספרים און ציוניסטישע ליטעראַטור; זיי האָבן אָרגאַניזירט העברעאישע קורסן, שעורי תנ״ך און געלערנט יידישע געשיכטע. די השפעה פון „תפארת בחורים" איז געוואַקסן און איר אָנזען — געשטיגן. דער עלטערער דור האָט צוביסלעך זיך צוגעוואוינט צום געדאַנק און אַרויסגערופן, לסוף, טאָלעראַנץ.

די פירנדיקע מיטגלידער זיינען געווען אייזיק שפּילמאַן, שלמה אָרגעל, לייבוש גרינשטיין, וואָלף אָנפאַנג, הירש געווירץ און לייבעלע פרישמאַן. זיי זיינען געווען די מאַטאָרן פון פאַריין. טעטיק זיינען אויך געווען ירוחם פּראָסט, ישראלטשע דערשאָוויץ (דעם דיינס זון), בעציק קליין, גימפּל אינזעל און אליהו (עליש) לייזער.

דער פאַריין האָט עקזיסטירט ביז נאָכן ערשטן קריג אין 1918, ווען איך האָב פאַרלאָזט ס׳שטעטל און זיך באַזעצט אין אַנטווערפּן.

יהודה לעצטער (לייביש אָסען)

# די ציוניסטישע יוגנט

כאָטש דאָס שטעטל איז געווען אין דעם צוזאַמענשטעל פון זיין יידישער באַפעלקערונג פרום־אָרטאָדאָקסיש מקדמונים אָן, פונדעסטוועגן איז עס נישט געווען אין גאַנצן האמאגעניש איינהייטלעך. ווען איבער עסטרייך און שפעטער אין פוילן האָט זיך דאָס יידישע לעבן אָנגעהויבן אַנטוויקלען און אין דעם מויער פון דער דעמאָלטיקער יידישקייט האָבן זיך באַוויזן די ערשטע שפּאַלטן, האָט אויך אונדזער קאָלבושאָוו זיך אַרויסגעוויזן צו זיין רייף און געוואָרן ווי אַ שותף צו די פּאַרטייאישע פּראָצעסן וואָס האָבן זיך אַנטוויקלט אומעטום. דאָס שטעטל האָט באַקומען אַ באַזונדערן חן, ווען ס׳זיינען אַנטשטאַנען און זיך אַנטוויקלט כלערליי געזעלשאַפטן און אָרגאַניזאַציעס אין אַלע קאָלירן פון רעגנבויגן. ווי געזאָגט, אויבנאויף איז אַלץ געווען אַרומגעצויגן מיט דער שלווה פון חסידישן חדר, וואו די יוגנט האָט זיך אָנגעזאַפּט מיט תורה און לערנען און פון אָט דעם רעליגיעזן חינוך געווען באַווירקט אויפן גאַנצן לעבן, דאָך האָט דער קאָלבושאָווער יוגנטלעכער געהאַט אַן אָפן אויער פּאַר אַלע נייע ווינטן, וואָס האָבן אָנגעהויבן צו בלאָזן ערגעץ־וואו און דערגאַנגען אין שטעטל. די ווערטער סאָציאַליזם, ציוניזם זיינען ניט געווען קיין פּוסטע קלאַנגען, נאָר, אדרבא, אָפּגעהילכט מיט דער גאַנצע גאַמע פון שטאַרקייט און ניואַנס, מיט וועלכע אָט די באַגריפן האָבן דורכגעדרונגען די יידישע גאַס.

ביז דעם יאָר 1928 האָבן אַלע יונגע מענטשן אין קאָלבושאָוו געווען חסידיש געקליידט, אפילו די וואָס האָבן זיך באַטראַכט ווי פּאָרגעשריטן. אַ בחור האָט געמעגט ביז דער חתונה טראָגן אַ קורצן בגד, אָבער באַלד נאָך דער חתונה האָט ער אויף זיך אַרויפגעצויגן אַ זיידענע בעקעשע מיט אַ שטריימל. דאָס מיידל האָט נאָך דער חתונה אָנגעטאָן אַ שייטל אויפן קאָפּ, ווען אפילו אויף די אייגענע האָר. גאַנץ זעלטן, אַז אַ בחור זאָל אַדורכלאָזן אַ מנחה אָדער אַ מעריב אין אַ וואָכעדיקן טאָג, ניט אַריינגיין אין שול אַריינ־כאַפּן אַ קדושה, ווער שמועסט שבת, ווען מען איז געגאַנגען צוזאַמען מיטן טאַטן.

אַזוי האָט עס זיך געפירט, על־פּי אינערציע. טיף איינגעוואָרצלט איז

געווען דער יידישלעכער דרך, אַז ער האָט זיך אַזוי געפירט ביז צום סאַמע לעצטן יאָרצענדליק פון יידישן לעבן אין שטעטל.

דאָס אַלץ האָט אָבער נישט געשטערט, אַז עס זאָלן זיך גרינדן פאַר־שיידענע פאַרטייען און אינסטיטוציעס, און אַז יעדע גרופּע זאָל האָבן איר באַשטימטע אידייע, וואָס זי האָט זיך באַמיט צו פּאָפּולאַריזירן און פאַרשפּרייטן צווישן די יידן אין שטעטל. דער סאַמע ערשטער פאַריין איז געווען דער „השחר".

דער „השחר" איז געגרינדעט געוואָרן אין י. 1925. ס׳איז שוין אויך דעמאָלט אין שטעטל געווען אַ גרופּע פון חלוצים, וואָס האָבן געטרוימט און געגרייט זיך עולה צו זיין קיין א"י, ווי יאַנטשע ראָטשטיק, פּתחיה לײדנער, פּנחס האפּערט, אסתר ווייס, שרה גערווירץ און אלתר לייזער. דער „השחר" איז געווען אַן אַלגעמיין ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט זיך באַשעפטיקט מיט פאַרשפּרייטן די ציוניסטישע אידעאַלן; זי האָט פאַרזוכט צו גרינדן אַ ביבליאָטעק און אַריינציען יונגע און אויך מיטליאָריקע מענטשן אין קרייז פון איר השפּעה. ס׳איז דעמאָלט געווען אַ צייט, ווען אַלץ איז געווען אויסגע־הונגערט נאָך אַ בוך, אַ ליד, אַ צייטונג. צוליב פאַרשיידענע סיבות האָט מען דאָס אַלץ אין דער היים נישט געהאַט: ניט שטענדיק האָבן די עלטערן דער־לויבט צו קויפן אַ ביכל און געלאָזט עס לייענען, און אָפט האָט מען געדאַרפט אָנקומען צו די עלטערן וועגן אַ פּאָר גראָשן און זיי האָבן עס ניט געהאַט צו געבן.

צווישן די גרינדער פון „השחר" דאַרפן דערמאָנט ווערן: יחזקאל־מענדל דערשאָוויץ, יאָסל גרינשטיין, עקיבא לייסטנער, אלחנן גראָסמאַן, דן בירנבוים, דן קליינמאַן, יעקעל האאר, קירשענבוים, זעליג ראָזענפעלד, י. ראַפּאָפּאָרט און ד"ר אַנדערמאַן.

יעדן זונטיק דורך דעם ווינטער סעזאָן — און ניט זעלטן אויך זומער צייט — זיינען פאָרגעקומען פאָרלעזונגען איף פּאָליטישע און קולטורעלע טעמעס מיט שטאָטישע פאָרלייענער, און ניט איין מאָל זיינען איינגעלאַדן געוואָרן כוחות פון דער פרעמד צו האַלטן רעפעראַטן. יעדעס מאָל נאָך אַ לעקציע זיינען פאָרגעקומען דיסקוסיעס און יונגע מענטשן האָבן אויפגעהערט זיך אויסצובאַהאַלטן מיט זייערע ציוניסטישע איבערצייגונגען.

אין יאָר 1928 איז געגרינדעט געוואָרן די „התאחדות" פאַרטיי. צום ערשטן קאָמיטעט (וועד) פון דער אָרגאַניזאַציע האָבן געהערט די פאָלגנדיקע: משה־הערש טענצער, איציק ליבער, משה בירנבוים, משה פעלד און לייביש אָשען (יהודה לעצטער). דער שרייבער פון די שורות האָט געהאַט דעם כבוד

צו שטיין אין דער שפּיץ פון דער „התאחדות" ביז זיין עולה זיין. אַלע כמעט אָן אויסנאַם זיינען מיר געווען חסידישע בחורים, וואָס זיינען באַאיינפלוסט געוואָרן פון דער לערע פון א. ד. גאָרדאָן. מיר האָבן זיינע ביכער געשלונגען, יעדעס וואָרט פון אונדזער רבי'ן איז געווען הייליק און מיר האָבן זיך מיט זיין וואָרט געקוויקט. נישט ביי איינעם פון אונדז האָט מען געקאָנט באַמערקן פאַרשטעקט א"ד גאָרדאָנס העברעאישע ביכער „האומה והעבודה" אָדער „האדם והטבע", אין וועלכע דער גרויסער דענקער האָט אַרויסגעבראַכט די אידייען וועגן מענטש, פאָלק און אַרבעט. מיר האָבן זיך דערפילט זייער נאָענט צו זיין סאָציאַליזם, אין וועלכן מיר האָבן נישט געפונען קיין סתירה צו די ביז איצטיקע אַנשויאונגען וועגן יידישקייט.

מיר האָבן אַריינגעצויגן אין „התאחדות" די אינטעליגענץ פון שטעטל ווי אויך די אַרבעטער יוגנט, אויך מיידלעך האָבן מיר זיך באַמיט אויפצוקלערן און באַווירקן. אין משך פון דער צייט איז נישט געבליבן קיין יידישע משפחה, וואו אונדזער פאַרטיי זאָל נישט האָבן קיין פאָרשטייער. דאָס האָט געפירט דערצו, אַז מיר האָבן אויך געקראָגן אַ דריסת הרגל צו די עלטערן, וואָס זיינען נישט איין מאָל געווען אַנטי־ציוניסטיש געשטימט. צוליב די קינדער האָבן זיי אויך געקויפט אַ שקל, נישט זעלטן געלאָזט אויפהענגען אין שטוב די בלוי־ווייסע קרן־קיימת פּושקע. ס'זיינען אויך געווען צוזאַמענשטויסן צווישן עלטערן און קינדער. ס'איז זייער אָפט דערגעאַנגען דערצו, אַז אַ טאַטע האָט צעריסן ביכלעך מיט שקלים אויף פּיץ־פּיצלעך, אַז דער זון אָדער די טאָכטער זאָלן עס געדענקען לעולם ועד. צוליב דער אַלגעמיינער אָרעמקייט, האָט אַ מאַמע געפונען אַ תירוץ נישט צו לאָזן איר קינד בייצושטייערן צו אַ פאָנד. די שווערסטע פּראָבלעם איז געווען, ווען דאָס ייִנגל האָט געהאַט דאָס מזל צו קריגן אַ סערטיפיקאַט און זיך געגרייט אויף עליה און זעקס מאָנאַטן פאַר דער דאַטע, האָט דער קאַנדידאַט פאַר עלייה געדאַרפט איינצאָלן פאַר רייזע־הוצאות — און דאָ האָבן די עלטערן געזאָגט: לא מיט אַן אלף! אַ ביטערע טראַגעדיע האָט זיך דעמאָלט אָפּגעשפּילט אין יידישע היימען. פונדעסטוועגן קען מען זאָגן מיטן פולן מויל, אַז צוליב מאַנגל אין געלט איז אין קאַלבושאָוו נישט אויסגעקומען קיינמאָל אַז אימיצער זאָל ניט פאַרלאָזן פוילן קיין ארץ־ישראל.

ס'האָבן זיך אין יענע יאָרן אויסגעצייכנט אין זייער טעטיקייט אין התאחדות אַזעלכע מיטגלידער, ווי מרדכי לאַנגוויל, משה קרעבס, חיים קינסטלעך, זעלדע קינסטלעך, שמואל טראָמפּעטער, חנה ווייס, גוטשע ראָזענבלום, אהרן גלעזל, פּייטשע גלעזל, אברהם לעמפּל, בועז פייער, גיטל פייער,

בעריש שווער, אלימלך שווער, דוד פעלד, יידלביילער, דבורה אולן, יחד אָלען, נתן גרינשטיין, בערל פאלאפקער, שרה ערלעך, לייביש וואַרהאַפט, אברהם בילפעלד, פתחיה בילפעלד, יידל געווירץ, אסתר באָווס, הינדעלע בעלער, שרה וואָלף, דוד האאר, שרה רייך, יוסף פרייפעלד א״אַ.

די באַציאונגען האָבן זיך געביטן אין זייער אַ סך היימען צו אונדזערע ציוניסטישע באַמיאונגען צוליב גאַנץ אַנדערע טעמים. ווי עס זאָגט זיך אין יידישן שפּריכוואָרט, האָט דער אָפּטער טראָפּן געשפּאָלטן דעם שטיין. די פּאָגראָמען, די אַנטי־יידישע עקסצעסן, די באָיקאָט אַקציעס פון די אַנטי־סעמיטישע פּאָליאַקן — דאָס אַלץ האָט געעפנט די עלטערן די אויגן אויף דער לאַגע און זיי האָבן איינגעזען די וויכטיקייט און די ריכטיקייט פון אונדזער אידעאישן וועג, וואָס האָט אויך געהאַט אַ פּראַקטישן ווערט, ווייל ער האָט געגעבן אַ האָפנונג און אַ וועג די קינדער און די יוגנטלעכע.

די „התאחדות״ איז געווען די ערשטע גרופּע אין שטעטל, וואו יינגלעך און מיידלעך האָבן געהערט צוזאַמען. פאַרשטענדלעך, אַז פון אַזאַ רעוואָלוציאָנערן גאַנג האָבן די פרומע טאַטעס און מאַמעס לכתחילה קיין נחת נישט געהאַט. זיי האָבן זיך אָבער צו דעם צוגעוואוינט. דער לאָקאַל וואו די גרופּע האָט אָפּגעהאַלטן אירע מיטינגען און האָט זיך געטראָפן איז געווען ביי דבורה פעלד.

איינע פון די גרויסע אויפטוען פון דער אָרטיקער „התאחדות״ איז געווען דאָס אויפשטעלן פון אַ „תרבות״ אָרגאַניזאַציע אין קאָלבושאָוו. „תרבות״ איז געווען אַן אָרגאַניזאַציע צו פאַרשפּרייטן די העברעאישע שפּראַך און קולטור. זי איז טאַקע אָרגאַניזירט געוואָרן פון „התאחדות״ אָבער געהערט האָבן צו איר יידישע יונגעלייט פון אַלע קרייזן. ס׳זיינען אויפגעקומען קורסן צו דערלערנען עברית און צוויי לערער זיינען אָנגעשטעלט געוואָרן: יהודה קאָלער פון טאַרנאָפּאָל און יענקעלע ליטוואַק פון טאָמאַשאָוו. די עברית־קורסן האָבן געהאַט גאָר גרויס דערפאָלג. די קורסן און די גאַנצע העברעאישע טעטיקייט האָבן אַריינגעצויגן אַ סך מענטשן אין דער אַרבעט. עברית האָט אַריינגעדרונגען אין אַ סך שטובן. מען האָט געקאָנט הערן אַ העברעאישן געשפּרעך אין גאַס און דאָס העברעאיש ליד האָט זיך אָפט אַרויסגעשפּאַרט דורך אָפענע פענצטער אין דער גאַס אַרויס. אַוודאי האָבן מיר זיך אָנגעשטויסן אויף אַן אָפּאָזיציע. זיינען דאָך נאָך אַלץ פאַרבליבן יידן, וואָס האָבן באַטראַכט העברעאיש ווי לשון קודש, און געהאַלטן אַז די הייליקע שפּראַך ווערט פאַרשוועכט דורך אַזאַ מין טעטיקייט... די צייט האָט אָבער געטאָן דאָס איריקע.

אין י. 1931 איז די ערשטע גרופּע חלוצים אַוועק קיין ארץ־ישראל.

וואָס פּאַראַ איינדרוק דאָס האָט געמאַכט אין שטעטל, קאָן מען זיך לייכט פאָרשטעלן. אין לעצטן וועד פאַר מיין אָפּפאָר קיין א״י האָבן געהערט: לייביש אָשען, משה פעלד, אברהם ליידנער, אהרן גלעזל, ליבע בעלער, משה־הערש טענצער, ירמיהו ליפמאַן און מרדכי לאַנגוויל.

מיר האָבן נאָך באַוויזן צו אָרגאַניזירן אַ הכשרה פּונקט אין שטאָט. געקומען זיינען אַהער יינגלעך און מיידלעך פון ווייט און נאָענט זיך צוצו־גרייטן פאַר עליה. זיי האָבן זיך דאָ צוגעוואוינט צו פיזישער אַרבעט, וואָס זיי האָבן קיינמאָל אין זייער לעבן נישט געטאָן. זיי האָבן זיך, אויב ס׳האָט זיך געלאָזט, געלערנט אַ מלאכה. עטלעכע האָבן געאַרבעט אין טאַרטאַק, אַנדערע אין די מילן, אין אַ סטאָלערײ און אין אַ שלאָסער וואַרשטאַט. געוויסע פון צווישן די הכשרה מענטשן זיינען אַרויס האַקן האָלץ און העלפן אין פעלד־אַרבעט. אין קאָלבושאָוו אָבער איז דערשינען אַ נייער טיפּ יונגער ייד, וואָס האָט מיט שטאָלץ געהאַלטן אַ זעג אין האַנט, אָדער אַ רידעל. אין דער מאַסע פון חסידיש געקליידטע זיינען זיי באַשטימט געווען אויסנאַמען, וואָס האָבן אויף זיך געצויגן דעם אַלגעמיינעם אויפמערק.

אין צוזאַמענהאַנג מיט דער פאַרצווייגטער ציוניסטישער טעטיקייט זיינען קיין קאָלבושאָוו געקומען רעדנער, פּרעלעגענטן און פּאַרטיי־פאָרשטייער פון דער פּרעמד. אַ מעכטיקן איינדרוק האָט געמאַכט אויף די קאָלבושאָווער יידן די פּערזענלעכקייט פון ר׳ חיים נייגער פון טאַרנע. ער איז געווען אַ שיינער מענטש מיט אַ שיינער ווייסער באָרד און געווען איז ער אַ ריזיקער רעדנער. ס׳איז נישט אָנגעקומען לייכט צו קריגן דעם בית־המדרש ער זאָל קומען דאָרט רעדן. אָבער מיר האָבן עס געקראָגן סוף־כל־סוף. אַ צווייט מאָל, ווען אַ רעדנער האָט געדאַרפט קומען, איז עס שוין אָנגעקומען לייכטער, הגם יעדעס מאָל איז געווען אַ קאַמף וועגן דעם. אין שטאָט זיינען אין שפּעטערדיקע יאָרן געקומען מיט באַזוכן און רעפעראַטן די באַקאַנטע ציוניס־טישע פירער און פּערזענלעכקייטן: ד״ר ג. טאַרלאָ פון קראָקע, חיים שורער פון לעמבערג (דער שפּעטערדיקער רעדאַקטאָר פון „דבר״), מלך נײשטאַט פון לעמבערג (דער פאַרפאַסער פון דעם 2־בענדיקן ווערק „דער חורבן און אויפשטאַנד פון די יידן אין וואַרשע״ און פירער פון דער ציוניסטישער אַרבעטער וועלט באַוועגונג), פישל ווערבער פון לעמבערג און פנחס לוביאַני־קער (דער איצטיקער פּנחס לבון), גרינדער פון „גורדוניה״, וואָס איז צו אונדז געקומען פון מרכז „החלוץ״ פון וואַרשע.

די קאָלבושאָווער חלוצים אַליין האָבן אין הסכם מיט די חלוצישע הויפּט־אָרגאַנען אין גאַליציע און פּוילן געשאַפן אַ באַזונדערן הכשרה פּונקט

אין קאָלושקי לעבן לאָדזש; אַהין בין איך געפאָרן. אויך זיינען דאָרט געווען ישראל הויזער און ירמיהו ליפמאַן. מיר האָבן דאָרט זייער שווער געהאָרעוועט. די שווערסטע און שמוציקסטע אַרבעטן האָבן מיר געטאָן. אַלץ מיט דעם אידעאַל אין האַרצן. מיר האָבן געטראָגן קוילן, אויסגעליידיקט וואַגאָנען מיט סחורות, געאַרבעט אין האָלץ־לאַגערן, געאַרבעט ווי נאַכט־וועכטער. די באַ־דינגונגען זיינען געווען שווערע, ווייל די הכנסות זיינען נישט געווען קיין צו גרויסע, און מיר זיינען נישט געווען געוואוינט צו שווערע פיזישע פּראַצע. געדענקט האָבן מיר אָבער, אַז דאָס איז נאָר הכשרה, צוגרייטונג הייסט עס, צו אונדזער עליה קיין ארץ־ישראל.

פאַרגיטיקט פאַר די שווערע איבערלעבענישן אויף דעם הכשרה פּונקט זאָבן די צוזאַמענפאָרן און צוזאַמענטרעפן מיט חלוצים פון אַנדערע פלעצער. אָט געדענקט זיך דער כינוס פון חלוצישער יוגנט אין לאָדזש, וואוהין מיר זיינען געגאַנגען צופוס. באַטייליקט זיך אין יענעם כינוס האָט דוד בן־גוריון. דער רושם איז געווען אַ געוואַלדיקער. מיר האָבן געהערט אַ גרוס פון אַר־בעטנדיקן א״י און דערזען פאַר זיך אַ מחנה פון חלוצים וואָס איז גרייט עולה צו זיין, אויך שליחים פון א״י וואָס פירן אָן מיט דער קולטור און פּראָפּאַ־גאַנדע טעטיקייטן. דאָס האַרץ האָט געקלאַפּט שנעלער און די האָפנונג פון שנעלער עליה האָט אונדז אַלעמען געשטאַרקט. אין דעם לאָדזשער צוזאַמענ־פאָר האָבן זיך אויך באַטייליקט די חברים: חנה ווייס, זעלדע קינסטלער, מרדכי לאַנגוויל, יהושע ראָזענבוים, משה קרעבס און לייביש אָשען.

אין קאָלבושאָוו האָט מען דערווייל נישט גערוט. ס׳איז אָרגאַניזירט געוואָרן די יוגנט אָרגאַניזאַציע פון „התאחדות״ — די „גורדוניה״. הגם פּאַטראָניזירט פון עלטערע חברים, האָט זי זיך געפירט זעלבסטשטענדיק. די קינדער האָבן געטראָגן מונדירן פון כאַקי און פלעגן פאָרן אויף זומער קאָלאָניעס. די עלטערן קוקן אַוועק און אין תוך זיינען זיי צופרידן ווען זייערע קינדער קומען נאָכן זומער צוריק אָפּגעברענטע, צופרידענע, באַגייסטערטע.

ס׳ווערט אויך געגרינדעט אַ דראַמאַטישער קרייז לעבן „התאחדות״. דער קרייז רעפּעטירט און גרייט־צו אַ רעפּערטואַר פאַר פאָרשטעלונגען, אין וועלכע ס׳האָבן אָנטייל גענומען משה פעלד, מרדכי לאַנגוויל, אהרן גלעזל, לייבוש אָשען, קנאָבל, הינדע בעלער, גוטשע ראָזנבוים, דבורה אולן, משה קעבס, שמואל טראַמפּעטער, פייטשע גלעזל, מוינקע פעניבל, חנה ווייס, ישראל הויזער, יהודה געווירץ, איטשע מינץ, מאַלטשע שפּרינגער. די גרימירער איז געווען שלום אויכהויזיקער. די טעאַטער גרופּע פירט אויף אין שטעטל, פאָרט אויך אַרויס אין אַנדערע שטעטלעך. אין קאָלבושאָוו איז „דאָס פּינטעלע

ייד" אויפגעפירט געוואָרן אַמאָל אין זאַל פון „סאָקאָל". דער זאַל איז געווען איבערפולט און די הכנסה איז געווען אַ היפשע. דער פּראָפיט איז באַשטימט געוואָרן אויף פאַרשיידענע וואוילטעטיקע און אָרגאַניזאַציאָנעלע צוועקן, האָבנ־דיק אויך אין זינען די נויטן פון אָרעמעלייט.

פאַרשטענדלעך, אַז מען נעמט אין באַטראַכט דאָס געזעלשאַפטלעכע פּנים פון דער קאַלבושאָווער קהלה, קאָן מען זיך פאָרשטעלן, אַז יעדע דער־גרייכונג איז געווען פאַרבונדן מיט שווערע קאַמפן. עלטערן האָבן נישט דער־לויבט זייערע קינדער זיך באַטייליקן אין די פאָרשטעלונגען. האָבן מיר געמוזט אָנקומען צו דער שוץ פון דער פּאָליציי, וואָס האָט נישט דערלאָזט, אַז די עלטערן זאָלן קומען און שטערן... אונטער אָט די אומשטענדן האָט דער דראַמאַטישער קרייז געשטעלט ווייטערדיקע פּיעסן, ווי „כינקע פינקע", „מירע־לע אפרת" און אַנדערע. די הכנסה איז צום טייל באַשטימט געוואָרן פאַר אַ ספּעציעלן פאָנד פון עליה פאַר חלוצים, און אַנדערע אַזעלכע זייער וויכטיקע צוועקן.

ערשט איצט הויבט זיך אָן צו אַנטוויקלען אין קאַלבושאָוו דאָס פּאַרטיי־אישע לעבן. ס'אַנטשטייען אויך אַנדערע יוגנט־גרופּן. אָט איז אויפגעקומען דער „הנוער הציוני", די אָרגאַניזאַציע פון אַלגעמיין־ציוניסטישער יוגנט. די גרינדער זיינען געווען: זעלקע גרינשטיין, שמואל געווירץ, חיים ים, פייגע ים, דבורה ים, לאה זאַלעשיץ, רחל זאַלעשיץ א"אַ. ס'קומט אויף דער „הפועל המזרחי", די חלוצישע אָרגאַניזאַציע פון נאַציאָנאַל־רעליגיעזער יוגנט, וואָס ווערט אָרגאַניזירט פון אשר וואַגשאַל, לייביש קרוליק, פתחיה ווייס, פתחיה טרומפּעטער א"אַ. ס'איז אַנטשטאַנען אויך די בית"ר יוגנט אָרגאַניזאַציע פון דער ציוניסטיש־רעוויזיאָניסטישער באַוועגונג. יעדע גרופּע האָט פאַרמאָגט איר לאָקאַל, איר פּראָגראַם, אירע טעטיקייטן און איר אָנפירערשאַפט. אין שטעטל איז געוואָרן לעבעדיק. די יוגנט האָט געחלומט, דיסקוטירט, פאַרברענגט און נישט זעלטן געקעמפט צווישן זיך...

דער „הזמיר" בלאָז־אָרקעסטער איז געגרינדעט געוואָרן און אַ קאַפּיטל פון שטאָלצער דערגרייכונג איז פאַרשריבן געוואָרן אין דעם אַלגעמיינעם אומעט. דער אָרקעסטער איז אויפגעטראָטן אויף מערערע עפנטלעכע געלעגנ־הייטן, אַפילו ביי נישט־יידישע פאַרזאַמלונגען. ווען עס האָט זיך געמאַכט אַן איינלאַדונג פון שכנישע שטעטלעך האָט „הזמיר" זי אָנגענומען און געפאָרן מיט קאָנצערטן קיין גלאָגעוו, ראַנישעוו, סענדישעוו און מעלעץ. דער אָרקעס־טער האָט געאיבט אין לאָקאַל פון די שטאָטישע פייערלעשער. דער דיריגענט איז געווען אַ ניט־ייד פון ריישע. צו די פּראָבן פלעגן קומען סתם צוהערער

און האָבן הנאה געהאַט פון וואָס זיי האָבן געהערט. די שטאָט האָט גערעדט וועגן „הזמיר" מיט אַ סך דרך־ארץ.

די מיידלעך פון שטעטל האָבן נישט געוואָלט זיין צוריקגעשטאַנען. אין דעם בלאָז־אָרקעסטער האָבן זיך באַטייליקט בלויז מענער. האָבן זיי דעריבער אָרגאַניזירט אַ מאַנדאָלין אָרקעסטער, אין וועלכער ס'באַטייליקן זיך אויך יינגלעך. אָרגאַניזירט האָט עס בונעק סאלפעטער, אָנגעפירט — איטשעלע גראָסמאַן. אין מאַנדאָלין־אָרקעסטער האָבן געהערט יוגנטלעכע פון אַלע גרופן. זיי זיינען דערשינען אויף ספעציעלע אָוונטן, ווי אַ חנוכה אָוונט, בעת אַ הערצל יאָרצייט, אויף אַ פורים יום־טוב און סתם אין מיטן יאָר פאַר תענוג וועגן. אין פאַרלויף פון דער צייט האָבן זיך פון דעם אָרקעסטער אויסגעשפילט עטלעכע פאָרלעך, וואָס זיינען אין שפּעטערדיקע יאָרן אַוועק אויף עליה קיין א"י.

די אַלע טעטיקייטן האָבן געבראַכט, ווי געזאָגט, אַ געזעלשאַפטלעכע אויפלעבונג אין שטעטל. זיי האָבן אויך געבראַכט אָפט וויכוחים, דיסקוסיעס און מיספאַרשטייענישן. אין יעדער שטוב האָט מען געהערט פייערדיקע אָמ־פערנישן צווישן די קינדער און די עלטערן, צווישן די קינדער גופא, וואָרום יעדער האָט געהערט צו אַן אַנדער אידעאישער גרופּע... שבת ביים טיש האָט מען טאַקע געזונגען זמירות, אָבער ס'האָבן אָפט אויסגעבראָכן קריגערייען און ברוגז'ן צוליב אידעאָלאָגישע און פאָליטישע איינשטעלונגען.

די צווישן משפחה'דיקע באַציאונגען האָבן זיך אַריבערגעטראָגן אין בית־מדרש און אין שול. צווישן מנחה און מעריב האָט מען זיך געקריגט — ניט צוליב חתן־תורה אָדער חתן־בראשית, נאָר צוליב רייד וואָס האָבן געהאַט צו טאָן מיט דער פאַרווירקלעכונג פון ציוניזם און סאָציאַליזם. די גבאים און די קהילה'שע טאַטעס זיינען געווען קאָנסערוואַטיוו אין זייערע אַנשויאונגען. דאָס וואָרט קרן־קיימת איז געווען ביי זיי טריף. ווען אימיצער, אַ גאַסט פון אַן אַנדער שטאָט, האָט זיך פאַרוואָלגערט קיין קאַלבושאָוו און מען האָט אים מכבד געווען מיט אַן עלייה, איז זיין נדר לטובת דעם קרן קיימת ערגעץ־וואו פאַרבליבן אין האַלדז פון בעל־קורא, וואָס האָט דעם נאָמען פון דעם פאַר־הייליקטן ציוניסטישן פאָנד ביים ספר נישט געוואָלט אַרויסזאָגן און מחלל זיין אַזוי אָרום די קדושה פון ספר...

אָט די באַציאונג מצד דעם עלטערן דור האָט אונדז געצוואונגען צו שאַפן אַן אייגענעם מנין אין דעם קליינעם שטיבל ביי דער גרויסער שול. שבתים און ימים טובים האָבן מיר געהאַט אַ גרויסן מנין. דאָס איז געוואָרן

אין אַ געוויסער מאָס אַ מאַטעריעלע באַזע פאַר ציוניסטישע טעטיקייטן. די חסידים פון שטעטל האָט עס פאַרדראָסן...

מיר האָבן פאַמעלעך אַריינגעדרונגען אין דער קהילה. בעת די וואַלן צו דער קהילה האָבן מיר דורכגעפירט עטלעכע מאַנדאַטן. מיר זיינען געווען פאַרטראָטן אין אַלע מוסדות פון שטאָט. געשאַפן האָבן מיר אַ באַנק, וואָס איז געווען אונטער ציוניסטישער קאָנטראָל. און דאָס האָט אונדז געגעבן געוויסע פינאַנציעלע מעגלעכקייטן.

די שטאָט האָט זיך פאַמעלעך אונטער דער ווירקונג פון די ציוניס־טישע גרופּירונגען געביטן. אפילו די שאַרפסטע חסידישע קרייזן האָבן זיך געענדערט. לטובת זייערע קינדער האָבן זיי ניט נאָר פאַרקוקט די נייע מאָדעס וואָס האָבן זיך אַריינגעריסן בגוואַלד אין זייערע היימען, נאָר אַליין געזוכט אַ וועג פאַר זייערע קינדער, אַ מעגלעכקייט אַנגענומען צו ווערן אויף הכשרה, פאָרן קיין א״י, געזוכט סערטיפיקאַט געלעגנהייטן פאַר די טעכטער...

ווען איך האָב פאַרלאָזט קאַלבושאָוו אין י. 1934, איז שוין די ענדערונג געווען צום דערטאַפּן ממש מיט די הענט, הגם דאָס שטעטל האָט זיך אַלץ נאָך געוויגט צווישן טראַדיציע, מנהג און געוואוינהייט. זעט אויס, אַז פון אַט די געוואוינהייטן האָט מען זיך נישט געקאָנט צו לייכט באַפרייען...

שיינדל (האָפּערט) לינטשעווסקי

## ציוניסטישע יוגנט — הנוער הציוני

ווען איך בליק צוריק אין מיין געדאַנק צו מיין געבוירן־שטאָט קאָל־בושאָוו, שטעל איך זיך ערשטנס אָפּ אויף מיין אייגענער היים, וואו איך האָב פאַרברענגט די יאָרן פון מיין קינדהייט. באַלד אָבער קומט אויף אין מיין געדאַנק מיין צווייטע היים, די היים פון דער ציוניסטישער יוגנט, אין וועל־כער מיר האָבן פאַרבראַכט אַזעלכע אינטערעסאַנטע טעג און אָוונטן...

מיין היים, הגם זי איז געווען טראַדיציאָנעל־פרום, איז געווען דורכ־געדרונגען מיט דעם ציוניסטישן גייסט. ס'האָבן ניט אויפגעהערט די וויכוחים און שמועסן וועגן אַלעם וואָס איז פאַרלאָפן אין דער ציוניסטישער באַוועגונג איבער דער גאָרער וועלט. דאָס איז געווען ניט בלויז מיין היים אַזעלכע. מיין היים איז געווען טיפּיש און כאַראַקטעריסטיש פאַר אַ סך יידישע היימען אין אונדזער פרומער אומגעבונג.

די מאַמע מיינע איז געווען וואַך צו אַלץ וואָס איז פאָרגעקומען אין דער יידישער וועלט אין אַלגעמיין און בפרט אין ארץ־ישראל. געשטיגן איז די דאָ־זיקע פאַראינטערעסירטקייט גאָר באַזונדער זינט מיין ברודער פנחס האָט עולה געווען קיין ישראל. דאָס איז געווען אין 1925, ווען ער האָט פאַרלאָזט דאָס שטעטל צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע חלוצים, ווי פתחיה לײדנער, שרה געווירץ און איסר ווייס און נאָך. פאַר מיר איז דעמאָלט שוין געוואָרן קלאָר, אַז מיין צוקונפט איז דאָרט, אין יידישן לאַנד, וואָרעם איך וועל סוף־כל־סוף פאָרן אין די פוסטריט פון מיין ברודער. אַזוי האָט זיך אויך איינגעשטעלט אַן איינ־פיר און די זעלבע שפּאַנונג ביי פילע פון מיינע חברים.

עס געדענקען זיך נאָך עד היום די בריוו, וואָס מיין ברודער פלעגט שרייבן. מיר האָבן זיי געלייענט הויך אויף אַ קול. די מאַמע האָט געלייענט, ניט דורכגעלאָזט קיין אות, כדי אַריינצודרינגען וואָס איז ניט דערזאָגט גע־וואָרן צווישן די שורות פונעם בריוו. די גאַנצע משפחה האָט זיך צוגעהערט מיט אַזוי פיל אויפמערקזאַמקייט. ניט איין מאָל האָט די מאַמע געלאָזט אַ טרער און שנעל זי אָפּגעווישט, כדי די אַרומיקע זאָלן עס, חלילה, ניט באַ־מערקן. די אַרומיקע האָבן זיך צוגעהערט ניט צו פאַרלירן קיין וואָרט.

פלוצעם האָבן די שטעטלדיקע יידן ארויסגעוויזן אַ גרויסן אינטערעס צו אַלעם וואָס איז פאָרגעקומען אין הייליקן לאַנד. זיי פלעגן קומען אויף באַזוך אין אונדזער שטיבל אַריין, כדי צו דערוויסן זיך נייעס.

די לעבעדיקע שילדערונגען פון ארץ־ישראל'דיקן לעבנס־שטייגער; די האַרציקע באַשרייבונגען וועגן דעם לעבן אין קיבוץ, וועגן דעם אויפגייענדיקן נייעם ייד אין א״י, וואו דער חלוץ איז געוואָרן אַ יידישער אַרבעטער, וואָס איז נאָכגעגאַנגען דעם אַקעראייזן באַאַרבעטנדיק אייגענע יידישע פעלדער זיינען געקומען צום אויסדרוק אין די בריוו און האָבן פאַרכאַפּט די הערצער פון די פילע צוהערער, וואָס האָבן אין התפעלות געשאָקלט מיט די קעפּ...

אין קאָלבושאָוו, האָבן די יידן געפילט, גייט אונטער דאָס לעבן און דאָרט — אין ווייטן און דאָך אַזוי נאָענטן לאַנד פון די אבות — גייט אויף אַ ניי לעבן, ניי אין זיין סטרוקטור, אין זיין אינהאַלט, אין זיין שטייגער און געמיט.

די עליה פון די שטעטלדיקע חלוצים איז געווען דער ערשטער שריט אַנטקעגן דער נאַציאָנאַלער דערוואַכונג וואָס האָט אַרומגענומען די מאַסן פון דער שטעטלדיקער יוגנט. ס'האָט שוין פון לאַנג עקזיסטירט אַ ציוניסטישע באַוועגונג אין קאָלבושאָוו. זי האָט אָבער ניט באַוויזן צו אָרגאַניזירן ברייטערע קרייזן און אויך האָט זי זיך נישט אַוועקגעשטעלט די נייע דירעקטע, רעאַלע צוועקן פון פּיאָנערישער פאַרווירקלעכונג. ס'האָבן זיך אין תחילת פאָרמירט גרופּן פון יונגעלייט, וואָס האָבן געוואָלט דערלערנען די העברעאישע שפּראַך. אונדזער לערער איז געווען דעמאָלט צבי געווירץ ז״ל. אַביסל שפּעטער איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ „תרבות״־שול, אונטער דער אָנפירערשאַפט פון דעם לערער קאָלער פון מיעלעץ. ס'האָבן אין דער שול געלערנט הונדערטער תלמידים. אָוונטן און שבתים האָט מען געווידמעט קולטור־טעטיקייטן און דער עולם האָט פאַרברענגט ביי שמועסן, דיסקוסיעס, פאָרלעזונגען און לעקציעס.

די יוגנט האָט אַרויסגעוויזן אַזאַ גרויסן דורשט פאַר וויסן און טעטיקייטן. אין דער ציוניסטישער קולטור־אַקטיוויטעט האָט די יוגנט זיך אויסגעלעבט און געפונען גייסטיקע סאַטיספאַקציע. די יוגנטלעכע זיינען געקומען פון רעליגיעזע און וועלטלעכע היימען און דאָ, אין דער העברעישער שול „תרבות״ האָבן זיי געפונען זייער גייסטיקע היים. ווי שווער האָט זיך געלייגט אויפן געמיט פון דער דאָזיקער יוגנט דער אומעט וואָס האָט נאָכגעפאָלגט די שליסונג פון דער שול. די שול איז פאַרמאַכט געוואָרן צוליב מאַנגל אין פינאַנצן.

דער גייסט פון רענעסאַנס איז שוין אָבער מער ניט אָפּגעטראָטן. ס׳האָט געקווישט אין די רייען פון דער יוגנט און די גרינדונג פון אַן אָרגאַניזאַציע פון ציוניסטישער יוגנט אין שטעטל האָט ניט געלאָזט לאַנג וואַרטן אויף זיך. די באַוועגונג פון „הנוער הציוני״ האָט דערגרייכט אויך קאָלבושאָוו. אַן אָפּטיילונג פון אָט דער אָרגאַניזאַציע איז אַרויף אויף דער געזעלשאַפטלעכער מאַפּע פון אונדזער שטעטל. ס׳איז דעמאָלט געוואָרן ממש אַ פסיכאָז אינערהאַלב דער יוגנט. יעדער האָט ביי זיך אָנגענומען אַן אייזערנעם באַשלוס עולה צו זיין קיין ארץ ישראל. דאָס איז געווען דער אידעאַל און די שטרעבונג, מיט וועלכער הונדערטער האָבן געלעבט; זעענדיק וואָס עס טוט זיך אונטער זייער נאָז אין פוילן, האָט דער דורכשניטלעכער יוגנטלעכער געוואָלט אַוועקלויפן דערפון און אויב ער האָט פּאַרלויפיק נישט געקאָנט דאָס טאָן, האָט ער זיך געשאַפן דעם אידעאַל, מיט וועלכן ער איז אַנטלאָפן פון דער אומעטיקער סביבה און געלעבט אין אַ וועלט פון חלום, וואָס דאַרף און וועט רעאַליזירט ווערן.

אַ סך פון אונדז האָבן פאַרלאָזט דאָס שטעטל און אַוועק אויף הכשרה, אָפּגעלעבט דאָרט יאָרן־לאַנג, ווייל די צאָל סערטיפיקאַטן וואָס די מאַנדאַט־רעגירונג האָט צוגעשטעלט דער יידישער אַגענטור און וואָס איז שפּעטער פונאַנדערגעטיילט געוואָרן לויט לענדער און פּאַרטייען, איז געווען קליין אין אַלגעמיין, אַלנפאַלס תמיד קלענער ווי דער נאָכפרעג איז געווען. די האָפנונג אָבער, אַז אויך זיי וועלן זוכה זיין צו באַקומען דאָס געגאַרטע פּאַפּירל האָט אונדז אַלעמען דערמוטיקט און דערהאַלטן ביים לעבן.

דערווייל האָבן די יוגנטלעכע אין דער היים און אויף די הכשרה־פונקטן זיך באַשעפטיקט מיט פאַרשיידענע טעטיקייטן. געביטן, ווי געלט־זאַמלונגען פאַר דעם קרן־קימת לישראל, שקלים־פאַרקויף און אַנדערע. פול מיט ענערגיע און כוח האָבן מיר, יונג ווי מיר זיינען געווען, איגנאָרירט שוועריקייטן און געזען די וועלט און דאָס לעבן פאַר זיך אין די שענסטע קאָלירן.

זאָל דאָ אויך געזאָגט ווערן, אַז די אָנגענומענע מיינונג וועגן רעלי־גיעזע היימען, אַז אין זיי זיינען פאָרגעקומען קאָנפליקטן צווישן טאַטעס און זין, צווישן מאַמעס און טעכטער, איז נישט שטענדיק געווען ריכטיק. ס׳רוב עלטערן האָבן אונדז פאַרשטאַנען און אַ סך האָבן אונדז אַפילו געשטיצט און געהאָלפן אין אונדזערע שטרעבונגען. זיי האָבן דערעפנט די אויגן און געזען די ווירקלעכקייט, דאָס געמוטשעטע לעבן, וואָס איז געווען אָן טעם און אָן תכלית, די אומפּראָדוקטיווקייט. אויב עס האָט זיך אַמאָל יאָ באַוויזן אַ מיס־

פאַרשטענדעניש צווישן די דורות, האָט מען זיך שנעל איבערגעבעטן און די אונטערשיידן זיינען אויסגעגליכן געוואָרן.

און אַזוי איז אַנטשטאַנען אַ נייע תקופה. מיר האָבן געאַרבעט און דיסקוטירט, אָבער אויך געזונגען און געטאַנצט. אַ נייער דור איז אויפגעקומען, אַ נייע געשטאַלט פון אַ יוגנטלעכן מיט אַ ווילן צו שעפערישקייט. אַזוי זע איך זיי אַלעמען ביזן היינטיקן טאָג.

אין יאָר 1933 האָב איך עולה געווען. אַסך פון צווישן מיינע חברים האָבן דערגרייכט די ברעגן פון לאַנד עטלעכע יאָר שפּעטער; פילע זיינען אָנגעקומען נאָכן צווייטן וועלט־קריג נאָך אַסך וואַנדערונגען און איבערלעבענישן, אַסך דורכלעבונגען און שוועריקייטן, צווישן זיי דריי מיינע ברידער, יחיאל, יוסף און חיים.

לײדער זיינען אַסך אומגעקומען אין די יאָרן פון גרויסן בראָך, און צווישן זיי אויך מיינע עלטערן אליעזר און ביילע האָפּערט; מיין ברודער שמעון און זיינע בני־בית; מיינע שוועסטער גיטל, שרה און דבורה; מיין יונגסטער ברודער הערשל; און די פאַרצווייגטע משפחה פון מיין זיידן אברהם אינזל. זאָלן זיי אַלע רוען און פאָדערן נקמה פאַרן אומשולדיקן אומקום פון מיליאָנען.

רעגינא (ליידנער) מאַנסדאָרף

# בנות אגודת ישראל

אין אונזער קליינעם שטעטעלע זיינען געווען אַקטיוו אַ סך יוגנט־אָרגאַניזאַציעס. די רעליגיעזע מיידלעך האָבן זיך גרופּירט אין דער בנות אגודת ישראל. די גרופּע האָט געציילט אַרום 30 מיטגלידערינס, איז געווען זייער טעטיק און האָט אָנגעפילט זיי מיט אַ געפיל פון שטאָלץ. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1931 דורך לוסיע דיאמאנד, טאָכטער פון הערש דיאמאנד. מיר האָבן זי שטאַרק ליב געהאַט און זיך באַצויגן צו איר ווי צו אונזער פירערין, וואָרום זי איז געווען אַ תלמידה פון דעם בית־יעקב סעמינאַר אין קראָקע, וואָס זי האָט גראַדואירט. דער פאַקט וואָס זי האָט זוכה געווען צו לערנען תורה און זיין אין דער דירעקטער סביבה פון שרה שענירער, די אומפאַרגעסלעכע לערערין פון דורות פרומע יידישע טעכטער, האָט איר צוגעגעבן אַ סך פּרעסטיזש און אָנזען. אגב, איז טאַקע שרה שענירער געקומען קיין קאָלבושאָוו און באַערט די פייערונג פון איין יאָר עקזיסטענץ פון אונזער אָרגאַניזאַציע מיט איר אָנטייל.

די מיידלעך פון „בנות" האָבן זיך געטראָפן ביי פאַרזאַמלונגען אין אייגענע לאָקאַלן, וואָס זיי האָבן באַקומען בחינם אָדער פאַר אַ קליינעם אָפּצאָל פון די קאָלבושאָווער בעלי־בתים. אין תחילת איז דער לאָקאַל געווען ביי דוד גלאַנץ אין דער שטוב וואָס שבתי טוכמאַן האָט פאַרנומען ביז ער האָט פאַרלאָזט פאַר ריישע; דאַן איז דער לאָקאַל געווען אין הויז פון שרהלע בלוט אא"וו.

צווישן אַנדערע אַקטיוויטעטן האָבן די „בנות" געווידמעט זייער צייט צו לערנען. זיי האָבן זיך באַקענט מיט יידישע מקורות, מיט חומש, אגדה און געשיכטע. מען האָט געדאַווענט שבתים און יום־טובים, געלערנט צוזאַמען פּרק און געזאָגט ברכי נפשי צוזאַמען.

ביז היינט געדענקען זיך יענע אידילישע יאָרן, ווען פון דרויסן האָבן געיאָגט שלעכטע ווינטן, און מיר האָבן זיך אויסגעלעבט אין פרומער יידישקייט, ממשיך צו זיין דעם יידישן וועג פון פריערדיקע דורות.

**יוסף האַאַר**

# „הזמיר"

אין יאָר 1925 בין איך געקומען פון לאַנצוט קיין קאָלבושאָוו אויף דער איינלאַדונג פון מיין חבר שמחה רובין, וועלכער האָט מיך אַריבערגעבראַכט אַז איך זאָל איינאָרדנען אַ טאַנץ־שול. נאַטירלעך האָב איך געלערנט טאַנצן די גאַנצע יוגנט, אַזוי ייִנגלעך ווי מיידלעך. צוזאַמען דערמיט האָב איך אָר־גאַניזירט טאַנץ־אָוונטן, וואָס מען האָט וועגן זיי, ביז צו מיין קומען קיין קאָלבושאָוו, אַפילו ניט געטאָרט טראַכטן. מיט דער צייט האָב איך באַקענט די טאָכטער פון דוד מיץ, פערל, מיט וועלכער איך האָב חתונה געהאַט און אַזוי אַרום בין איך געוואָרן אַ קאָלבושאָווער תושב. פון דעמאָלט אָן האָט זיך די גאַנצע יוגנט פון שטעטל צו מיר באַצויגן ווי צו אַן אייגענעם...

די יוגנט אין שטעטל איז געווען אַ זייער דינאַמישע און אַ סך צווישן די יוגנטלעכע זיינען געווען זייער מוזיקאַליש. אין יאָר 1926 איז אין דעם ציוניסטישן פאַראיין „השחר" געפאַלן אַ געדאַנק צו גרינדן אַ מוזיק־סעקציע. אַזוי ווי איך בין געווען אַ מיטגליד פון לאַנצוטער „הזמיר" און האָב אויך געשפּילט אין אַ מיליטערישן אָרקעסטער פון יאָר 1923 ביז 1925, אין דער צייט פון מיין מיליטער־דינסט, האָב איך זיך געווענדעט צום חבר יצחק גרוס־הויז און האָב זיך דערקלערט גרייט מיטצואַרבעטן. פון אָנהייב איז דאָס געווען אַ קליינער שטרייך־אָרקעסטער, אין וועלכן עס האָבן מיטגעווירקט יצחק (איטשע) גרוסהויז, שלמה מאַרין, חיים שאָל, יוסף האַאַר, ווי אויך אייניקע אַנדערע מאַנדאָליניסטן, וואָס זייערע נעמען איך געדענק, ליידער, נישט מער.

אַזוי ווי מיר האָבן געזען, אַז מיט אַזאַ קליינעם אַנסאַמבל וועלן מיר קיין גרויסן פאָרשריט נישט מאַכן, האָבן מיר באַשלאָסן צו שאַפן אַ בלאָז־אָרקעסטער. ס'איז געווען אַ שיינער פּלאַן, אָבער כדי אים צו פאַרווירקלעכן האָט זיך געפאָדערט אַ גרעסערע סומע געלט. פאַר דעם צוועק איז באַשלאָסן געוואָרן צו גרינדן אַ קאָמיטעט, צו וועלכן עס זיינען אַריינגעצויגן געוואָרן אַזעלכע מענטשן, ווי הערש געווירץ, יחזקאל און ישעיה דערשאָוויץ, שלום אויכהיזיקער, אַלטער בראַנד, שלמה מאַרין, יוסף ראַפּאַפּאָרט, משה פיינגאָלד, שמחה רובין און יוסף האַאַר, דער שרייבער פון די שורות.

מיר האָבן אָנגעהויבן געלט־זאַמלונגען צווישן זיך, ביי חברים, אין

דער שטאָט, ווי אויך אויף חתונות. מיר האָבן געמאַכט פאַרשיידענע פאַר־אַנשטאַלטונגען, ביז מיר זיינען געקומען צו אַ געוויסער סומע געלט, האָבן מיר באַשטעלט דורך שלום אוכהיזיקער אַ קאָמפּלעט בלאָז־אינסטרומענטן פון דער פירמע ווילי קעסלער אין גראָסליץ, טשעכאָסלאָוואַקיי. דער פּרייז פאַר די אינסטרומענטן האָט באַטראָפן אַ פּאָר טויזנט זלאָטעס.

ווען די אינסטרומענטן זיינען אָנגעקומען האָט זיך ערשט אָנגעהויבן די שווערע אַרבעט. ערשטנס — זיינען געווען אַ סך צווישן די יוגנטלעכע, וואָס האָבן געוואָלט לערנען שפּילן און טאַקע זיך באַטייליקן אין דעם אָרקעסטער. צווייטנס — איז געוואָרן די אויפגאַבע אויסצואוויילן די פּעאיקסטע און אַמ־מייסטן מוזיקאַלישע. דריטנס — האָט מען געדאַרפט צופּאַסן די אינסטרומענטן צו די שפּילערס.

מיט יעדן איינעם האָט מען רעפּעטירט און מען האָט פעסטגעשטעלט יעדן איינעמס פּעאיקייטן, געבוי פון ליפּן, ווי אויך אָפּגעשאַצט די פיזישע יכולת פון יעדן קאַנדידאַט, ווייל בלאָז־אינסטרומענטן פאָדערן אויך פיזישע קראַפט.

די דאָזיקע אויפגאַבן זיינען אויסגעפאַלן אויף מיר, וואָרום איך האָב שוין געהאַט געוויסע פּראַקטיק פון דעם מיליטער־אָרקעסטער און האָב באַ־הערשט כמעט אַלע בלאָז־אינסטרומענטן. האָב איך פאַרטיילט די אינסטרו־מענטן אויפן פאָלגנדיקן אופן:

טרומפּייטן האָבן באַקומען: יוסף ראַפּאָפּאָרט, יצחק גרוסהויז, שלמה מאַרין, יצחק ליידנער און אהרן גלעזל.

אַ פּיקאָלאָ, אַ פליים און קלאַרנעטן האָבן באַקומען: נחמן גלעזל, משה פיינגאָלד, יחזקאל הויזער, חיים שאָל און גלאַנץ.

טענאָרן און באַריטאָנען האָבן באַקומען: חיים האָפּפערט, יוסף ווייס און בעריש שעער.

אויפן פּוזאָן האָט געשפּילט חיים ליבער. אויף אַלטן האָבן פּראַקטי־צירט: אברהם לויפער, פייט און נאָך איין בחור, וואָס זיין נאָמען האָב איך, ליידער, פאַרגעסן.

אויף דער טראָמבע האָט געלערנט שפּילן: פרייפעלד, אויף דעם באַס: יהושע באַום און אויף די צימבלען און פּויקן: אברהם אהרן קנאָבל, יהושע פרייפעלד און נאָך אַ יונגערמאַן, וואָס אויך זיין נאָמען איז מיר, ליידער, אַרויס פון זכרון.

דיריגירט מיט דעם אָרקעסטער האָט דער שרייבער פון די שורות.

אַזוי ווי מיר האָבן געוואָלט וואָס שנעלער אויפטרעטן עפנטלעך, האָבן

מיר באַשטעלט דעם דיריגענט פון 17־טן פוסגייער־רעגימענט פון מיליטע־רישן אָרקעסטער אין ריישע, הער דירענגאָווסקי. ס׳איז נישט לייכט געווען אים צו קריגן, ווייל ער האָט געדינט אין מיליטער. מסתם איז אים אויך ניט אָנגעשטאַנען דער שידוך מיט קאָלבושאָווער יידישע יונגעלייט. פונדעסטוועגן האָט ער די איינלאַדונג סוף־כל־סוף אָנגענומען.

מיר האָבן געדונגען אַ לאָקאַל פאַר פּראָבעס, ביי ר׳ משה־לייב שאַפּיראָ, וואו מיר האָבן זיך אַלע אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט און זייער אינטענסיוו געלערנט מיט פיל ליבע פאַר דער זאַך. דער דיריגענט האָט מיטגעבראַכט נאָטן, וועלכע איך און יצחק גרוסהאַוז האָבן איבערגעשריבן. צווישן די מוזי־קאַלישע שאַפונגען זיינען געווען מאַרשן, אָוועטורעס, פּאָפּעריס, קראַנצן פון לידער און מעלאָדיעס, ראָמאַנסן, ווי אויך לייכטע טאַנץ־מוזיק. אַזוי אַרום זיינען מיר געקומען צו אַן אייגענער, גאָר אינטערעסאַנטער נאָטן־ביבליאָטעק. מיר האָבן אויך אַליין איבערגעשריבן די מוזיק פון יידישע און העברעאישע לידער.

אין דער ערשטער ריי האָבן מיר איינשטודירט עטלעכע מאַרשן, ווי אויך ביידע הימנען — דעם פּוילישן און אונזער אייגענע „התקווה". ווי געזאָגט האָט חברה זייער אינטענסיוו געאַרבעט און איינשטודירט אויך שווערע מוזיק פאַר קאָנצערטן. ס׳האָט ניט צו־לאַנג געדויערט, און דער אָרקעסטער איז דערגאַנגען צו אַ פאַרהעלטניסמעסיק־הויכן ניוואָ.

קאָלבושאָוו האָט געהאַט איניקע בלאָז־אָרקעסטערס (נישט־יידישע), ווי די פייערלעשער, קאָלבושאָווער גורנא גימנאַזיע, און אַן אָרקעסטער פון „סטשע־לעץ"־פאַראיין. ווען עס איז אונטערגעקומען דער ערשטער פּויליש נאַציאָנאַלער יום־טוב — דער 3־טער מאַי 1928, האָבן מיר זיך געווענדט צום בירגער־מייסטער אָשיניאַק מיטן פאָרשלאַג, אַז מיר ווילן זיך באַטייליקן מיט אונזער אָרקעסטער „הזמיר" אין די פייערונגען. נאַטירלעך האָט מען אונז אָנגענומען. עטלעכע טעג פאַר דער פייערונג איז פאָרגעקומען אַ פּראָבע מיט אַלע אָר־קעסטערס און מיט אַלע מאַרשירנדיקע. אָנגעפירט מיט דער דעפילאַדע האָט דער קאָמענדאַנט פון די פייערלעשער עדעק וויניאַרסקי. אונזער אָרקעסטער האָט ער צוגעטיילט צו פירן די קינדער פון דער פאָלקסשול. אַ חוץ די תלמידים פון דער פאָלקסשול האָבן זיך באַטייליקט אין דער דעפילאַדע די סקויטן, סאָקאָלן, פייערלעשער, די גימנאַזיע־תלמידים.

צו יענער צייט האָט אין קאָלבושאָוו סטאַציאָנירט אַן אָפיצירן־שול פון יאַראָסלאָוו, אונטער דער אָנפירונג פון אַ מאַיאָר מיטן נאָמען בעהם. אויך די סטודענטן פון אָט־דער אָפיצירן־שול האָבן אָנטיילגענומען אין דער פּראָבע־

דעפילאַדע. ס׳וועט זיין כדאי צו דערציילן אַן אינטערעסאַנטע געשעעניש, וואָס איז פאָרגעקומען טאַקע בעת דער דאָזיקער פּראָבע: דער מאַיאָר האָט געפאָדערט, אַז זיך אָפּיצירן־שול זאָל מאַרשירן צום טאַקט פון דעם יידישן אָרקעסטער, „ווייל ער איז דער בעסטער" — האָט ער דערקלערט — „און שפּילט ריטמיש און אויסגעהאַלטן". נאַטירלעך, האָט דער קאָמענדאַנט פון דער פּאַראַדע, עדעק וויניאַרסקי, געמוזט מסכים זיין, הגם מיט אַ שווער האַרץ.

זינט יענער געשעעניש, זיינען מיר געוואָרן דער אָנערקענסטער און בעסטער אָרקעסטער אין שטעטל. מיר האָבן טאַקע אָנטיילגענומען אין אַלע פּויליש־נאַציאָנאַלע פייערונגען ווי אויך באַשיינט אַלע יידיש־נאַציאָנאַלע שמחות. די פּויליש־נאַציאָנאַלע פייערונגען פלעגן פאָרקומען אין דער שטאָטישער שול. די יידן האָבן זיך געהאַלטן ווי לאָיאַלע בירגער און האָבן געפילט פאַרפליכטעט צו באַטייליקן אין אַזעלכע פייערונגען. הרב יחיאל טייטלבוים ז״ל פלעגט האַלטן אַ דרשה מעני‌נא דיומא, מען האָט געמאַכט אַ „מי שברך". דער אָרקעסטער האָט דאַן געשפּילטביידע הימנען — די פּוילישע און די „התקווה". במשך פון דער פייערונג האָבן מיר אויך געשפּילט אָרגל־מחיק, וואָס איז איבערגעאַרבעט געוואָרן פאַר אונזער אָרקעסטער דורך מיר.

דער אָרקעסטער האָט באַגלייט אַלע חלוצים, וועלכע האָבן עולה געווען קיין ישראל מיט מוזיק. אַזעלכע געלעגנהייטן זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין גרויסע געשעענישן.

מיר האָבן אין קאָלבושאָוו אויך פאַראַנשטאַלטעט קאָנצערטן און פאַר־ווייל‌ונגען, צו וועלכע עס איז געקומען די שטעטלדיקע יוגנט מיט שטאָלץ און ליבע. מיר האָבן אויך געשפּילט אויף פאַראַנשטאַלטונגען און קאָנצערטן אין ראַדאָמישל, טאַרנאָבזשעג, מיידאַן, וואוהין מיר זיינען איינגעלאַדן געוואָרן. מיר האָבן געהאַט אַ זייער גוטן שם אומעטום אין דער גאַנצער געגנט.

ווען מען איז אין די פאַרנאַכטן אַרויסגעגאַנגען אין גאַס פאַר אַ שפּאַציר, האָט זיך פון פילע הייזער אין קאָלבושאָוו דערטראָגן אַ שפּילן אויף פאַרשיידענע בלאָז־אינסטרומענטן. דאָס האָבן אונזערע יונגעלייט פּראַקטיצירט און געאיבט. איז דען אַ וואונדער אַז דער שם איז געווען אַ גוטער?

זאָל דאָ אויך דערציילט ווערן, אַז די מיטגלידער פון אָרקעסטער זיינען געווען זייער שיין געקליידט בעת די אויפטריטן — אַלע זיינען געווען אָנגעטאָן אין גראַנאַט אָנצוגן מיט ספּעציעלע היטעלעך באַצירטע מיט בלוי־ווייסע שנורן און לירעס פון פאָרנט.

די קאָלבושאָווער יידישע באַפעלקערונג איז געווען זייער שטאָלץ מיט דעם „הזמיר" און אַלע אָן אויסנאַם האָבן אונזער אָרקעסטער געשטיצט. אַפילו

דער קאָלבושאָווער רב, הרב יחיאל טייטלבוים ז״ל, האָט געגעבן אַ געלט־ביישטייערונג פאַרן אָרקעסטער. די שפּילער פון זייער זייט האָבן נישט געשפּאָרט קיין מי צו דערגרייכן וואָס בעסערע רעזולטאַטן.

מיט לייב און נשמה האָבן מיטגעאַרבעט הערש געווירץ, אַלטער בראַנד, שאַיע דערשאַוויטש, לייזער נוסבוים און שמחה רובין. דער אָרקעסטער איז וואָס אַן אמת געווען אַ סעקציע ביים „השחר״־פאַראיין, אָבער מיר זיינען געווען אומ־אָפּהענגיק, און נישט געהערט צו קיין פּאַרטיי. מיר האָבן געשפּילט פאַר אַלע. מיר האָבן פאַרמאָגט אַ שיינעם רעפּערטואַר פון קלאַסישע און יידישע נאַציאָ־נאַלע מוזיק.

דער קאָלבושאָווער „הזמיר״ איז געווען אַ שם דבר אין דער גאַנצער געגנט.

ווען איך דערמאָן זיך יענע תקופה מוז איך זאָגן, אַז דאָס איז געווען די סאַמע שענסטע צייט אין מיין לעבן, אַרבעטנדיק מיט אַן איבערגעגעבענע, אידעאַליסטישע און מוזיקאַלישע יוגנט. די דאָזיקע יוגנט, אָרעם און אויסזיכטס־לאָז, האָט זיך געריסן צו העכערע קינסטלערישע דערגרייכונגען. זי האָט געפילט, אַז די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג שטאָלצירט מיט דעם אָרקעסטער און געוואָלט, דעריבער, אַז דער אָרקעסטער זאָל זיך אַנטוויקלען און ווערן אַלץ בעסער. דער אָרקעסטער האָט טאַקע פאַרטיפט און אויסגעברייטערט דעם רעפּערטואַר, שפּילנדיק קלאַסישע און יידישע נומערן, און באַשיינט אַלע יידישע אסיפות און געזעלשאַפטלעכע ימים־טובים.

ווען די לאַגע פון די יידן אין קאָלבושאָוו איז געוואָרן ביז גאָר שווער, האָבן די מיטגלידער פון אָרקעסטער באַשלאָסן זיך צו לאָזן אויפן וועג קיין ארץ־ישראל. ס׳איז נישט געווען קיין לייכטער געדאַנק צו רעאַליזירן. קודם־כל, וואו נעמט מען געלט? איז באַשלאָסן געוואָרן צו גיין פון שטאָט צו שטאָט, אָפּטרעטן אין יעדן שטעטל און געבן קאָנצערטן, און אַזוי אַרום דער־גיין צום צוגעזאָגטן און אויסגעבענקטן לאַנד. ס׳איז געווען ניט מער ווי אַן אוטאָפּיע. אַ טייל פון די שפּילער האָבן זיך אַרויסגעריסן פון שטעטל און אַוועק קיין ארץ־ישראל אָדער קיין אַמעריקע, אַ סך האָבן חתונה געהאַט. קיין נייע יוגנטלעכע זיינען נישט צוגעקומען...

דער „הזמיר״־אָרקעסטער איז פאַרשטומט געוואָרן נאָך איידער דער יידישער ישוב אין קאָלבושאָוו איז אויף אייביק פאַרשטומט געוואָרן. יענע יונגע „הזמיר״־אָרקעסטער־מיטגלידער וועלן ניט פאַרגעסן ווערן פון אַלע די וואָס האָבן זוכה געווען צו הערן אין יענע יאָרן די פּראַכטפולע קלאַנגען, וואָס האָבן געטראָגן מיט זיך אַזויפיל באַגייסטערונג און האָפענונג...

חנה קליין־ריזמאַן

# דער בית״ר אין שטעטל

דער ציוניזם אין קאָלבושאָוו האָט געשלאָגן טיפע וואָרצלען. אפילו דער עלטערער דור, וואָס האָט אייגנטלעך געוואָלט זען קינדער אויסוואַקסן אויפן טראַדיציאָנעלן וועג, האָט זיך קוים קעגנגעשטעלט אָט דער דערשיינונג. די עקאָנאָמישע לאַגע פון די יידן איז געוואָרן שווערער פון יאָר צו יאָר און די יוגנט האָט זיך אַרומגעדרייט אָן אַ ציל און אָן אַ צוקונפט. האָט דעריבער די ציוניסטישע אידעע באַקומען אַ גלענצנדיקן באָדן אין אָט דער שוידערלעכער אויסזיכטלאָזיקייט. און וואָס שווערער די לאַגע איז געוואָרן, אַלץ גרעסער איז געוואָרן דער טרוים צו קאָנען וואָס שנעלער קומען אין אויסגעגאַרטן לאַנד, קיין ארץ־ישראל. ביז דעם היינטיקן טאָג קלינגען אין מיינע אויערן די אויס־געשרייען מצד די פּאָליאַקן: „ייד קיין פּאַלעסטינע!״ די יוגנט האָט איך געהאַט פאַרמאַכט דעם וועג צו קענען ווייטער שטודירן, ווייל אין די מיטל־שולן האָט מען אויך געדאַרפט גיין שבת...

אין 1930 איז ביי אונדז אין שטעטל געגרינדעט געוואָרן דער ברית־טרומפּעלדאָר. די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע האָט געהאַט אין אָנהויב געציילטע מיטגלידער. דערפאַר איז אויך דער אויסבליק צו באַקומען דורך דעם בית״ר אַ סערטיפיקאַט עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל געווען גרעסער. אויך דאָס איז געווען אַן אורזאַך פאַר מיין צוטרעטן צו דעם בית״ר. אָרגאַניזירט האָט אונדז אַ ספּעציעלער שליח, וואָס איז געשיקט געוואָרן פון דער ביתרישער מפקדה אין פּשעמישל. זיין נאָמען געדענק איך נישט. איך געדענק אָבער די נעמען פון עטלעכע חברים וואָס זיינען צוזאַמען מיט מיר געווען טעטיק: יחזקאל הויזנער, שיינדל נוסבוים, נחמן גלעזל, ליבע און מאַלטשע שפּרינגער און אַנדערע. דער לערער פון עברית איז געווען קאָלער. מיר האָבן געלערנט און זיך פאַרטיפט אין די קולטור־אוצרות פון אונדזער פאָלק און באַזונדערס האָבן מיר נאָכגעפאָלגט אַלץ וואָס קומט פאָר אין ארץ־ישראל. יעדעס נייע ליד איז אויפגענומען געוואָרן פון אונדזער חברה מיט אַ סך באַגייסטערונג.

באַזונדערס האָט זיך אויסגעברייטערט אונדזער טעטיקייט, ווען אין יאָר

1932 האָט מען אין קאַלבושאָוו אויפגעשטעלט אַ הכשרה פּונקט פון בית״ר. עס האָבן זיך דאָ געגרייט פאַר עליה אַרום 10 ביתרישע חלוצים און 4 חלוצישע מיידלעך. אַלע זיינען זיי געקומען פון אויסער דעם שטעטל. זיי האָבן געדאַרפט דאָ אויסקומען פון זייער אייגענער פּראַצע. די צרה איז אָבער באַשטאַנען אין דעם, וואָס אין דעם אָרעמען שטעטל איז נישט געווען קיין גענוגענדיקע צאָל אַרבעטס־פּלעצער, וואָס זאָלן דערלויבן די מענטשן אויפן באַשיידנסטן אופן צו קאָנען עקזיסטירן. ניט געווען דאָ קיין פאַבריקן אָדער גרעסערע אונטערנעמונגען און בלויז צוויי יינגלעך פון צווישן די חלוצים האָבן זיך באַזאָרגט מיט סטאַבילע אַרבעט, און די רעשט האָט געאַרבעט בלויז פון צייט צו צייט, ווען ס׳האָט זיך געלאָזט... געאַרבעט האָבן זיי ביי האָלץ האַקן און זעגן און געקראָגן האָבן זיי וואַסער אויף קאַשע פאַר דער שווערער האָרעוואַניע.

די הכשרה איז געשטיצט געוואָרן פון די עלטערע רעוויזיאָניסטן אין שטעטל, וואָס האָבן עס באַטראַכט ווי אַן ערן־חוב פאַר זיך. מיט סאַטיספאַקציע קאָן איצט דערציילט ווערן, אַז ס׳רוב פון די הכשרה ביתריסטן האָבן עולה געווען. אין 1934 איז געקומען מיין ריי פאַר עליה. נאָך מיין אָפּפאָר איז די באַוועגונג געוואַקסן און איר מיטגלידערשאַפט האָט געהאַלטן אין איין שטייגן.

כאַראַקטעריסטיש פאַר די שטימונגען, וואָס האָבן געהערשט יענע יאָרן איז דאָס וואָרט, וואָס מיין עלטסטער ברודער יצחק ז״ל האָט מיר געזאָגט, בשעת אַלע מיינע פאַמיליאַנטן האָבן זיך מיט מיר געזעגנט, „וויין נישט, טייערע, — האָט ער מיר געזאָגט, — דו פאָרסט דאָך אַהיים און מיר בלייבן אין גלות״...

יאָ, אַלע זיינען זיי אין גלות אומגעקומען. זאָל דאָ פאַרצייכנט ווערן, אַז דווקא יצחק׳ס זון, יוסף, איז געבליבן לעבן און דווקא אין דער יידישער מדינה.

# זכרונות

שלום מיהלשטיין

## קאָלבסוב — שבת און אינדערוואָכנס

צום אָנדענק פון מיין פאָטער **נחום בן משה־דוד**, מיין מוטער **מאַליע בת אלתר־יעקב** און מיינע ברידער **מרדכי** און **אברהם** — ד׳ ינקום דמם.

### די ביאָגראַפיע פון אַ שטעטל

קאָלבסוב [קאָלבושאָוו] איז דער נאָמען פון אַ יידיש שטעטל אין מיטל־גאַליציע. אונטער דעם דאָזיקן נאָמען איז עס געוואָרן פאַרשריבן אין דעם אַלטן פנקס פון דער „חברה קדישא״, אין די יערלעכע הכנסה־רשימות פון ר׳ מאיר בעל הנס, אין נאָטיץ־ביכלעך פון ידישע שדכנים, אין „פרענומעראַנטן״־ליסטעס פון יידישע מחברים, אין חסידישע ספרים, וואו עס ווערט דערמאָנט אין שייכות מיט אַ צדיק, וואָס האָט דאָרט געוואוינט און אין רבנישע שאלות ותשובות, וואו עס ווערן באַהאַנדלט פראַגן אין הלכה, וואָס זיינען געקומען פון יענעם אָרט.

דער אָריגינעלער נאָמען פון ישוב, ווי ער איז באַצייכנט מיט גאָר קליינע אותיות אויף דער פוילישער מאַפּע, ערגעץ צווישן קראָקע און לעמבערג, איז „קאָלבושאָוואַ״ — אַזוי גערופן אויפן נאָמען פון אַ באַרימטן גזלנים־פירער, וואָס האָט אַמאָל גראַסירט אין די אַרומיקע אוראַלטע וועלדער.

ווען יידישע גלות־וואַנדערער אין שפּעטן מיטלאַלטער האָבן זיך דאָ אָפּגעשטעלט צו פּרואוון צו וואַרטן פאַר ביאת המשיח און האָבן דערווייל באַוויזן אויפצושטעלן אַ קליינע יידישע געמיינדע, האָבן זיי אויך דעם נאָמען מטהר געווען און פון קאָלבושאָוואַ איז געוואָרן קאָלבסוב.

אַ געשיכטע האָבן די דאָזיקע וואָגלער מיט זיך מיטגעבראַכט, וואָס גייט צוריק צו דער צייט ווען יידן זיינען אַרויס פון מצרים; אַ יחוס, פון נאָך

פריער — פון די אָבות אברהם, יצחק און יעקב; און געבראַכט האָבן זיי מיט זיך ווערטן, וואָס זיינען פאַרמולירט געוואָרן דורך שמעון הצדיק אין דער משנה: דריי זאַכן מאַכן עס ווערט, אַז די וועלט זאָל עקזיסטירן: תורה לערנען, דינען גאָט און פריינטלעכע באַלוינונג צו מענטשן.

אַרום דער דאָזיקער געשיכטע, דעם דאָזיקן יחוס און די דאָזיקע ווערטן האָט זיך געדרייט דאָס לעבן פון שטעטל.

## אויפן יריד

(דער ברויט־געראַנגל פון אַ שטעטל יידן)

עס איז ניט נויטיק קיין באַזונדער רייכע פאַנטאַזיע, כדי זיך צו קאָנען פאָרשטעלן דעם טומל און גערודער פון דער יידישער מחנה אין דעם מדבר, יענעם פרייטיק אינדערפרי ווען משה רבינו האָט אַנאָנסירט, אַז מאָרגן, שבת, וועט קיין מן ניט אַראָפּנידערן פון הימל און אַלע מוזן זיך דערפאַר באַזאָרגן מיט שפּייז ביז זונטיק. מענער און פרויען פון יעדער עלטער האָבן געאיילט צו די געצעלטן, מיט אַלע פון מצרים געבראַכטע כלים, צו פאַרכאַפּן דאָס הימלישע ברויט אידער די זון גייט אויף און עס ווערט צעשמאָלצן: אַ געלויף, אַ רעש, אַ געפּילדער און איבער אַלעמען די קולות און געוואַלדן פון די גוט־באַקאַנטע שרייער, דתן ואבירם... אָט דאָס דאָזיקע בילד שוועבט אויף אויפן געדאַנק ווי אַ פאַרגלייך מיט דער פיבערהאַפטער באַוועגונג אין אַ דינסטיק־דיקן אינדערפרי, ווען אַ שטעטל יידן האָט געדאַרפט זיך באַזאָרגן מיט פרנסה, נישט בלויז פאַר צוויי טעג — נאָר, אין מערסטע פאַלן, פאַר אַ גאַנצער וואָך.

דער קאָלבסובער יריד האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ קאַלירפולן, טומלדיקן ספּעקטאַקל, איינגעטיילט צווישן דער טאַרגאָווע גאַס — וואו ס'איז פאָרגעקומען דער מסחר מיט בהמות — און דעם מאַרק — וואו ס'איז געפירט געוואָרן אַ לעבהאַפטער האַנדל מיט אַלע אַנדערע מינים סחורות. די לופט איז געווען אָנגעפילט מיט אַ גרילצנדיקן געמיש פון שרייענדיקע קולות. אַלע די קולות זיינען זיך צונויפגעקומען און האָט זיך צונויפגעגאָסן אין איין געמיינזאַמען אוניסאָן־כאָר, וואָס האָט אויסגעדריקט איין און איינציק וואָרט: „פּר־נ־סה!"

דער צענטער פון שטעטל איז געווען געבויט אין דער זעלבער אָרדנונג, טאַקע ווי די דגלים אין מדבר. פיר ציילן, נידעריק־געמויערטע הייזלעך האָבן אַרומגענומען דעם גרויסן מאַרק מיט דעם ברונעם און לאָמפּ אין סאַמע צענטער. מערסטע פון די דאָזיקע קאָמיעניצעס איז באַשטאַנען פון דריי צימערן, פון וועלכע דאָס פאָדערשטע האָט געדינט ווי אַ געשעפטס־לאָקאַל. די דאָזיקע

קראָמען האָבן אַנטהאַלטן אַלע אַרטיקלען צו באַפרידיקן די מינימאַלע באַדערפענישן פון דער פויערישער באַפעלקערונג, וואָס פלעגט קומען אין גרויסע מאַסן יעדן דינסטיק צום יריד, כדי צו פאַרקויפן אירע דאָרפישע פּראָדוקטן און פאַרן איינגענומענעם פדיון איינהאַנדלען שטאָטישע אַרטיקלען. די אָפענע קראָמען האָבן בלויז דערליידיקט אַ טייל פונעם האַנדל. דעם גאַנצן טאָג פון יריד פלעגט דער ריזיקער שטח פונעם מאַרק ווערן אָנגעפילט מיט וועגענער, בודעס און הילצערנע געשטעלן אָנגעלאָדן מיט אַלע סאָרטן סחורות.

אַזוי האָט עס אויסגעזען אַ דינסטיק, ווען ס'האָט זיך געשטעלט אַ קאַלבסובער מאַרק־טאָג:

די ערשטע שטראַלן פון גאָטס זון באַגעגענען זיך מיט סימנים פון צוגרייטונג צו אַ טאָג פון פיבערהאַפטער טעטיקייט. לאָדן עפענען זיך. יידן מיט תפילין־זעק אונטער די אָרעמס איילן אַהיים פון ערשטן מנין. די ביאַלער גרינצייט־פּלאַנצער, וואָס זיינען אָנגעקומען נאָך אַ נאַכט פריער צו פאַרכאַפּן זייערע חזקה־פּלעצער, קריכן אַרויס פון אונטער די וועגענער, וואו זיי האָבן פאַרבראַכט די נאַכט שלאָף און נעמען זיך אויססאָרטירן זייער גערעטעניש. די „ביאַלער גוים" זיינען גוט באַקאַנט מיט די געברויכן פון יידישן שבת־טיש. ציבעלעס פאַר די פיש, פּיעטרושקע פאַר דער זופּ, אוגערקעלעך מיט קאָפּער צום איינזייערן און מייערן פאַר צימעס. פון אַלע הינטערגעסלעך טראָגט זיך אַ שטייגנדיקער שטראָם מיט מענטשן, כלים און סחורות אין מאַרק אַריין. יידן באַלאָדן מיט קאַסטנס, דרענגער און ברעטער גרייטן זיך צו בויען זייערע „פּאַוויליאָנען" אויף דער גרויסער וועכנטלעכער אויסשטעלונג. דורך אַלע וועגן, וואָס פירן אין שטאָט אַריין ציען זיך אומאויפהערלעכע צוגן מיט פויערשע וועגענער באַלאָדן מיט אַלע סאָרטן פּראָדוקטן פון די אַרומיקע דערפער. ביי די זייטן פון וועג — מאַסן באָרוועסע פויערים און פויערטעס אין קאָלירפולע דאָרפישע קליידער מיט קוישן אייער, פּוטער, קעז און עופות אונטער די אָרעמס. די, וועלכע זיינען צו עלעגאַנט אַרומצוגיין באָרוועס אין שטאָט, טראָגן זייערע שיך אָנגעהאָנגען אויף די אַקסלען, צו שפּאָרן זוילן און טוען זיי ערשט אָן ביים אַריינגאַנג צום מאַרק.

נאָכן פאַרקויפן זייערע פּראָדוקטן לאָזן זיך די פויערים און פויערטעס איבער די יידישע קראָמען און סטראַגאַנעס איינצוקויפן זייערע באַדערפענישן. גרופּנווייז גייען זיי, משפחות און שכנים, מוטערס מיט קינדער, וואָס מ'האָט מיטגעבראַכט זיי צו ווייזן די שטאָטישע וואונדערס און זיי צו געבן צו פאַרזוכן פון אירע מ'שטיינס־געזאָגט לוקסוסן. אָט איז אַ מוטער מיט זעקס טעכטער, איינע קלענער פון דער צווייטער, אַלע אין ברייטע זיבן־פאַלעדיקע „ספּאָדני־

צעס". גרויסע געבלימלטע טיכלעך איבער די קעפּ און באָרוועסע פיס; אַלע בייסן לאַנגע, זויערע אוגערקעס אָדער ווייס־געפלאָכטענע קוילישטן צוגעגרייט פון ידישע הענט. זיי גייען אַזוי פון קראָם צו קראָם, פון שטעלע צו שטעלע, זוכנדיק אויסצוהאַנדלען די גרעסטע מציאות.

יעדער מסחר האָט זיך זיין באַשטימטן פּלאַץ אויף דער אויסשטעלונג און זיין וויכטיקן הויפּט־כאַראַקטער, מיט ווּעמענס נאָמען דער באַטרעפנדיקער האַנדלס־צווייג איז פאַרבונדן. פּרוכט, למשל, ווערט ווי אין אַלע יידישע שטעט־לעך פאַרקויפט פון „מאַרק־זיצערס", וואָס זיינען באַקאַנט צוליב זייער ספּעצי־פישן „מענה לשון". דער הויפּט פון דאָזיקן מסחר דאָ שטייט אין ביי אַ משפּחה יידן פון שכנותדיקן שטעטל, גלאָגאָוו, וואָס קויפן אויף גאַנצע סאָדן און צעפירן די פּרוכטן איבער די ירידים.

בינום, דער הויפּט פון די גלאָגאָווער פּרוכט־סוחרים איז אַ וויכטיקע פיגור אויפן יריד, וואָס גיט צו צו דער אונטערנעמונג טאָן און אַטמאָספערע. שטייענדיק אויפן וואָגן אויבסט, מיט דער וואָג אין האַנט, רופט ער אויס זיין סחורה מיט אַ שטאַרקער באַסאָווער שטימע, וואָס איבערשטייגט פיל אַנדערע קולות. „אַ היילונג אויפן האַרץ" — רעקאָמענדירט ער זיין וואַרע. און אַז געשעפט איז שוואַך, ניט פאַראַן גענוג קונים אַרום, נעמט ער זיך קריגן מיט זיינע קרובים אויפן צווייטן וואָגן, מיט אַזעלכע באַנומענע קולות, אַז דער גאַנצער שטח אַרום ווערט באַלד באַלאַגערט מיט מאַסן נייגעריקע פּויערים און בעת קללות פליען פון מויל, גייען די עפּל פון האַנט ווי „מצה־וואַסער".

בינומס קולות ווערן אַקאָמפּאַנירט פון דער קאַטערינקע־מחיק פון די לאָטעריע־פאַרקויפער, די האַרמאָניקע און פרומע קריסטלעכע לידער פון די פּוילישע בעטלער און, להבדיל, דעם תהלים־ליד פון מאיר גרשלעס „כי אתה גוחי מבטן"...

אין סאַמע מיטן מאַרק זיינען אויסגעשטעלט די הילצוואַרג פּראָדוצירער. יידן פון שכנותדיקן סאָקאָלאָוו זיינען דאָ פאַרטראָטן מיט זייערע מעבל־אויס־אַרבעטונגען. צווישן הויפנס הילצערנע כלים, זיפּן, פּשעטקעס, שפּאַצירט זיך דער גרייז־גרויער הדרת־פּנימדיקער ר' מתתיהו, דער פּאַטריאַרך פון דער אינדוסטריע.

ניט ווייט זיינען אויסגעשטעלט די „לאַווקעס" פון שניט־וואַרע, וואו חסידישע יונגעלייט אין סאַמעטענע קאַפּעלושן און שוואַרצע לאַנגע קאַפּאָטעס פאַרקויפן געשטרייפטע און געבלימלטע פערקאַלן און מושלינען פאַר פּויערישע קליידער און פאַרטעכער און רעדן מיט די „ערלות" אין אַ מין פּויליש, וואָס איז געמישט מיט לשון־קודש:

— הכלל, אילע דאַיעטשע ?... (הכלל, וויפל גיט איר ?)

שניט־וואַרע איז אַן אַרטיקל, וואָס ווערט פאַרקויפט אויף דער גרעס־טער צאָל שטעלעס. די קאָנקורענץ אין דעם דאָזיקן מסחר איז באַזונדערס גרויס און דער פאַרדינסט, במילא, קליין; שטייט אַ גרופּע סוחרים אין אַ רעדל און דיסקוטירן די קלאָגעדיקע לאַגע אין האַנדל. מאָטל — אַ פּראָגרעסיווער גע־שעפטסמאַן, וועמענס גלאַט ראַזירט פּנים, פול־קיילעכדיקע פיגור און די צאָל יאָרן וואוינען אין ווין האָבן פאַר אים דערוואָרבן דעם טיטול „הער", אָנשטאָט דעם געוויינלעכן „ר'" — איז דער ראש המדברים פונעם רעדל. מאָטעלע האַלט, אַז טראָץ אַלע דורכגעפאַלענע פּראָבן, דאַרף מען אויפדאָסניי אונטער־נעמען אָרגאַניזירן אַ סוחרים־פאַראיין, וואָס זאָל איינשטעלן פּרינציפּן אין מסחר. אַנדערע אָבער באַהויפּטן, אַז אַזאַ אונטערנעמונג האָט נישט קיין שום אויס־זיכטן פאַר דערפאָלג, מחמת צופיל פונעם מסחר שטייט אין מלמדישע הענט. ווי אַן אילוסטראַציע אויף ווי וויט מלמדות און מסחר גייען האַנט אין האַנט ווערט דערמאָנט דער פאַקט, אַז ווען בצלאל, דער שטאָט־גביר, וויל אַרויס־נעמען זיין זון פון חדר, אים לאָזן שטודירן, טענהט מיט אים ישראל איסר מלמד: — „וואָס טויג אייך אַן אַדוואָקאַט, ר' בצלאל? זאָל דער בחורל לערנען ביי מיר, וועט ער אויסוואַקסן אַ סוחר"...

אַ גרויסע מאָס פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט ווערט צוגעשריבן צו געצעלע בענטש. געצעלע איז דער וויכטיקסטער נאָמען אויפן טעקסטיל־מאַרק און דאָס ווערט באַטראַכט פאַר אַן אומגליק. געצעלע איז אַ קליין, איינגעדאַרט יידל, דעם באַשעפערס אַן עקספּערימענט אין שפּאָרזאַמקייט. דער נאָמען „בענטש" זאָגט עדות אויף געצעלעס גרויסער קאַרגשאַפט: — „אַז נאָך אידער ער וואַשט זיך צום עסן, דערמאָנט אים שוין זיין וויב צו בענטשן... איז דאָך ניט קיין וואונדער, אַז געצעלע קאָן זיך באַגנוגענען מיט די קנאַפּסטע רווחים און הרגעט אַוועק די פּרייזן" — אַרגומענטירט אַ ייד האַלב אין שפּאַס און האַלב־ערנסט. דער דאָזיקער אַרגומענט ווערט אונטערגעכאַפּט פון אַ יונגן מאַן פון בית־המדרש, וועלכער גיט זיין אייגענעם נוסח איבער געצעלעס קמצנות: — „געצעלע קאָן זיך וואַשן צו אַ פּחות מכזית און נאָך דערפון איבערלאָזן אַ כזית צום בענטשן"...

מיט גיכע, פלינקע טריט, באַלאָדן מיט קוואָקעדיקע הינער אין בײדע אָרעמס, שוועבט פאַרביי פערל. פערל איז דער הויפּט פון אַן אונטערגע־מונגספולע משפחה. מען עקספּאָרטירט תבואה קיין אויסלאַנד, מ'שיקט אַוועק עופות קיין קראָקע, מ'האַלט אַ שניט־געשעפט אויף דער „גאָלדענער צייל" און אויפן יריד שטעלט מען נאָך אויף אַ בודע אין מאַרק און פערל אַליין שטייט

אין דער שפּיץ פון די דאָזיקע אונטערנעמונגען. פּעריל שטעלט זיך אָפּ פאַר אַ ווײַלע ביים רעדל סוחרים און סומירט אויף איר אייגענעם לשון די סטאַג־נאַציע אויפן שניט־וואַרן־מאַרק:

— „ס'איז אַ קלאָג אַ גרויסע, אַז ווען מ'קויפט אַ שטיקל סחורה אין ריישע — איז עס אַ מיידל, און אַז מ'ברענגט עס אַהיים — איז עס גאָר אַ ווײַבל"... און מענטשן מיט דערפאַרונג אין געשעפטלעכן און פאַרהייראַטן לעבן, זאָגן עדות, אַז פּערילס אָפּשאַצונג פון דער לאַגע איז אַ גאָר טרעפלעכע.

אין שכנות פון דער טעקסטיל־אָפּטיילונג איז די אויסשטעלונג פון דער נאָדל־אינדוסטריע. דער הויפּט פון דער וועש־פאַבריקאַציע איז מענדל שניידער. מענדל פאַרדינט באַשטימט אַן אויסצייכענונג פאַר פּראָדוקטיוויטעט: אַ שניידער־וואַרשטאַט פאַר מענער־קליידער, אַ וועש־פאַבריק און דערצו אַ שטוב מיט אַכט קינדערלעך. ווי אַזוי דאָס אַלץ קאָן געפינען פּלאַץ אין דער איין־צימער־וואוינונג אויף דער שענדישאָווער גאַס, איז איין גאָט אַ יודע. אָבער הויכע שטאָלצע פּריצים און רעגירונגס־באַאַמטע מוזן אַראָפּבויגן זייערע קעפּ אַריבער־טרעטנדיק די שוועל פון דער נידעריקער הייזקע, וואו מענדל וואוינט, און יונגעלייט חתן־קאַנדידאַטן האַלטן עס פאַר אַ ריזיקע צו פאָרן אויף „באשוי" אין קליידער פון אַן אַנדערן בעל־מלאכה, ווייל מענדל האָט אַ נאָמען אַלס ערשט־קלאַסיקן מייסטער פון זיין פאַך.

מענדל איז תמיד פאַרוואָרפן מיט אַרבעט. אויב מ'וויל אַ מלבוש אויפן זומער דאַרף מען עס שוין באַשטעלן ווינטער. אַ שטיקל סחורה, וואָס קומט צו מענדלען אין וואַרשטאַט אַריין דאַרף דורכמאַכן אַ גאַנצע ריי גלגולים, איידער עס דערשלאָגט זיך צום שניידער־טיש. צוערשט ווערט עס גענוצט אויסצו־שפּרייטן אויפן דיל אונטער פאַרטיקע מלבושים, שפּעטער ווי אַ טישטעך צום עסן, דאַן אונטערצולייגן ביים פּרעסן. מענדל גיט צו פאַרשטיין, אַז די דאָזיקע פּראָצעדור איז זייער גוט פאַר דעם שטיקל מאַנופאַקטור; עס מאַכט זי ווידער־שטאַנדס־פעאיק און באַוואָרנט פאַר איינלויפן. מענדל איז אַ בנעימותדיקער, געלאַסענער מענטש. ער רעדט פאָוואָליע יעדעס וואָרט און סמאָטשקעט דערביי אַ צוקערקע אין מויל. אַז מען קומט אָנמעסטן, האָט מענדל שטענדיק גרייט אַ בגד, וואָס איז אַמאָל צו גרויס, אַמאָל — צו קליין, אָבער תמיד אַ פאַר־זיכערונג, אַז דער מלבוש איז „אין דער אַרבעט". טרעפט אַמאָל נאָך אַ לאַנגע סעריע מעסטענישן, אַז דער בעל־דבר דערקענט זיין שטיקל סחורה ליגנדיק גראָד ווי אַ צודעק אויפן בעט: שמייכלט מענדל אַביסל אין פאַרלעגנהייט, דערכאַפּט זיך דאָס האַרץ מיט אַ ווינטערויב, נעמט פונדאָסניי די מאָס און שניידט צו די סחורה אויפן אָרט, און דער קליענט גייט אַוועק צוריק אַ פאַר־

זיכערטער. פאַרן יריד אָבער האָט מענדל אַ גאַנץ אַנדערן טעמפּאָ. דער וואַר־שטאַט דאָ גייט לויט די פּרינציפּן פון מאַסן־פּראָדוקציע. ריכטיקער — פאַרן יריד איז עס מענדלס פּרוי, וואָס באַשטימט דעם טעמפּאָ. די מוטער פון זיינע אַכט קינדער, וואָס מען קאָן זי זען יעדן אינדערפרי הויך אויף אַן אָנגעלאָדענעם וואָגן פאָרן אויף אַן אַנדערן יריד. די יידישע קליידונג־אינדוסטריע פאַרנעמט אַ היפּשן שטח אויפן מאַרק.

אויך ביים בהמות־מסחר, אויף דער „טאַרגאָווע", שפּילן יידן אַ וויכטיקע ראָלע. דער פערד־האַנדל שטייט איין אין די הענט פון די יידן פון שכנותדיקן שטעטל מיידאַן. טרייטל איז געווען דער נאָמען פון אַן אַלטן יידישן פערד־סוחר דאָרט, און טרייטל איז געבליבן דער טראַדיציאָנעלער שם־הכולל פאַר די מיידאַנער יידישע פערד־הענדלער. מען דערציילט אַפילו ווי אין די פריער־דיקע צייטן אין אַ יריד־טאָג, וואָס איז אויסגעפאַלן אום חול־המועד, פלעגן די מיידאַנער קומען צו רייטן אויף זייערע פערד אין לאַנגע זיידענע קאַפּאָטעס, באָרוועסע פיס און שטריימלעך אויף די קעפּ... דאָ אויף דער „טאַרגאָווע" באַזאָרגן די יידישע קצבים זייערע פלייש־באַדערפענישן. בלויז דער חזירים־מסחר איז „יידנריין"; אויף דער „טאַרגאָווע" ווערט דער מסחר געפירט אויף אַ גאָר רויען שטייגער. יעדער אָנבאָט אין פּרייז איז באַגלייט פון אַ שווערן קלאַפּ פון איין מגושמדיקער לאַפּע אויף אַ צווייטער און מיט הילכיקע אויס־געשרייען פון די אַרומשטייער, וואָס דערמאָנט דעם עולם צושויערס אויף אַ ספּאָרט־קאָנטעסט. אַז מ'איז פאַרטיק מיט דער קניה, גייט מען פאַרטרינקען אין אַ יידישער שענק.

מיטן גאַנג פונעם טאָג שטייגט דער טעמפּאָ פון יריד. דער מאַרק ווערט אַלץ געדיכטער, אָנגעפּילט מיט מענטשן. דער האַנדל נעמט אָן אַלץ מער און מער אימפּעט. די פּויערטעס — די הויפּט־איינקויפערינס — וואָס האָבן צו־ערשט געמאַכט אַ טור איבער אַלע קראָמען זיך צו באַקענען מיט די פּרייזן און מוסטערן, זיינען שוין איצט אָנטשלאָסן און דינגען אויס די סחורות, וואָס זיי האָבן באַשלאָסן איינצוהאַנדלען מיט אינטענסיווער צודרינגלעכקייט. מען מאַכט פשרות. מען קלאַפּט איין. מען דערלאַנגט זיך הענט. מען בינדט פונאַנדער די באַזונדערע געלט־קניפּלעך אין די עקן פון דער פאַטשיילע. מען רעכנט אויף די פינגער. מען ציילט געלט. שימעק, דער פּאָליציאַנט, קלאַפּט אויפן פּויק. מען לויפט זיך צוזאַמען. מען איז „מכריז ומודיע", אַז פערד און וואָגן וועלן פאַרקויפט ווערן אויף ליציטאַציע פאַר ניט געצאָלטע שטייערן. אויפן וועג פון דער קירכע פאָרט דער גלח אויף אַ בריטשקע און קלינגט מיט אַ גלעקל. די פּויערים־מאַסן אין ביידע זייטן וועג לאָזן זיך אַרונטער קניען אין דער בלאָטע און צלמען זיך.

— „יפטירו בשפה יניעון ראש" — זינגט מאיר גרשלעס.

— „צען גראָשן אַ פונט" — רופט אויס בינום פון וואָגן, און די קאַטאַ־רינקע שפּילט און דער בלינדער בעטלער זינגט...

טראָץ דעם, וואָס די יידן האָבן אויפן יריד געשפּילט די ראָל פון פאַרמיטלער, אויפקויפנדיק די רויע פּראָדוקטן צום אַוועקשיקן און פאַרקויפן די פאַבריקס־אויסאַרבעטונגען, איז אויך אַ היפּשער טייל פון דער פאַרקויפטער פאַבריקאַציע באַשטאַנען פון ידישן האַנטווערק. ידישע שניידער זיינען געזעסן און געאַרבעט זיפּן, פּשעטקעס און אַנדערע הילצוואַרג, און פאַרשפּרייט די פּראָדוקטן אין דער גאַנצער געגנט אַרום. ידישע בעקער־משפחות האָבן פאַר־בראַכט גאַנצע נעכט ביי די מולטערס מיט טייג. עס זיינען געווען יידן בלעכער, היטלמאַכער, אויבערטיילער, שוסטער, ידישע טרעגער, אַפילו ידישע פּויערים, אָבער פון דער צייט ווען עס זיינען אויסגעבראָכן די פּוילישע פּאָגראָמען, האָבן די מערסטע יידן פאַרלאָזט די דערפער, וואו ס׳לעבן איז געוואָרן וויניקער זיכער ווי אין שטאָט.

יידן האָבן איינגעקויפט די פאַבריקס־אַרטיקלען אין דער גרויסער שטאָט און זיי פאַרקויפט אויפן מאַרק. זיי זיינען ווייט ניט געווען קיין פּאַראַזיטן, ווי די אַנטיסעמיטן האָבן עס באַצייכנט, ווייל זיי האָבן געטאָן אַ דינסט לטובת דעם פּויער, וואָס האָט באַקומען אַלץ וואָס ער האָט געדאַרפט פאַר אַ מינימום באַלוינונג. ביי נאָרמאַלע אומשטענדן וואָלט קיין געשעפטס־אַנגעשטעלטער זיך ניט באַגנוגנט מיט דעם ריווח, וואָס דער ידישער געשעפטס־אייגנטימער האָט באַקומען פאַר זיין מי און דאגה. די פּאָליאַקן אין זייער פאַרזוך צוצונעמען ביי יידן זייערע פּרנסות, האָבן אָרגאַניזירט „קולקעס" (קאָאָפּעראַטיוון) און אַזוי אַרום געהאָפט אַרויסצוטרייבן דעם ידישן פאַרמיטלער פון מאַרק. די דאָזיקע „קולקעס" מיט אַלע פּריווילעגיעס, וואָס די רעגירונג האָט זיי געגעבן, האָבן אָבער נישט געקאָנט עקזיסטירן אויף דעם קליינעם ריווח, וואָס דער ידישער סוחר האָט זיך געשטעלט. אַזוי, אַז דער פּויער האָט געפונען די סחורה אין ידישן געשעפט ביליגער ווי אין קאָאָפּעראַטיוו. דאָס זעלבע איז אויך אמת וועגן די ידישע אויפקויפער פון דעם פּויערס פּראָדוקטן. דער ריווח, וואָס דער ידישער אויפקויפער האָט זיך געשטעלט, האָט קוים באַצאָלט פאַר דער פיזישער אַרבעט, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט דעם פּאַקן און לאָדענען. דער ידישער תבואה־סוחר פלעגט טראָגן דעם זאַק פון וואָגן און דער פּויער פלעגט נאָכגיין מיט דער בייטש אין דער האַנט און דער ריווח האָט קוים באַצאָלט דאָס טרעגער־געלט.

די פאַרדינסטן זיינען געווען אַזוי מינימאַל צוליב דער שרעקלעכער

אָרעמקייט, אין וועלכער דער פויער האָט געלעבט. די גרויסע פעלדער און גיטער און אַלע דערפער אַרום האָבן באַלאַנגט צום גראַף טישקיעוויטש, פאַר וועמען מאַסן פויערים האָבן געאַרבעט פאַר הונגער־לוינען. די פּראָדוקטן פון די פעלדער זיינען עקספּאָרטירט געוואָרן קיין אויסלאַנד און דער גראַף אַליין, ווי אַנדערע נאָבל־לייט פון זיין גלייכן — איז געזעסן גאַנצע יאָרן אין מאָנטע־קאַרלאָ און פאַרשפּילט דעם איינקונפט פון זיינע גיטער.

די פּוילישע פּאָליטישע פירער, אַנשטאָט צו פאַרריכטן די אומגערעכטע באַדינגונגען, האָבן עס געהאַלטן פאַר לייכטער אַנצואווייזן די אָרעמע פויערים אויף די יידישע געשעפטן, מ׳שטיינס געזאָגט, ווי אַן ענטפער צו זייער שווערער לאַגע. אַזוי אַרום איז אַנגעזאַמלט געוואָרן די ריזיקע שנאה, וואָס האָט צוגע־גרייט דעם פוילישן באָדן פאַר אין גרויסן יידישן בית־הקברות. דער געראַנגל איז אָבער אַנגעגאַנגען פיל יאָרן און יידן האָבן ניט לייכט אויפגעגעבן זייערע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס.

דער עקאָנאָמישער און פּאָליטישער קאַמף פון דער קליינער יידישער קהלה, זינט פוילנס באַפרייאונג אין 1918, ביז דער היטלער־אינוואַזיע, שטעלט מיט זיך פאָר אין מיניאַטור די געשיכטע פון „פּאַרלאַמענטאַרישן אַנטיסעמי־טיזם”, וואָס האָט באַצייכנט די דעמאָלטיקע תקופה אין פוילן. רעגירונגס־געשטיצטע קריסטלעכע קאָאָפּעראַטיוון זיינען געווען די מילדסטע פון די מיט־לען, וואָס די פּוילישע רעגירונג האָט אונטערגענומען אין איר אַנטשלאָסנקייט צוצונעמען ביי יידן זייערע פּרנסות. דער פּרואוו איינצואָרדענען די ירידים אום שבת, האָט געצילט צו שלאָגן די יידן גאַר שטאַרק. דאָס איז געווען אַ זייער טרויעריקע צייט פאַר די יידן אין שטעטל. קיין איינציקער ייד אין קאַלבסוב [קאַלבושאָוו] האָט אָבער ניט געעפנט זיין געשעפט אום שבת. מערסטע פויערים האָבן דעריבער באָיקאָטירט דעם שבתדיקן יריד, האַלטנדיק, אַז אָן יידן קאָן קיין עפעקטיווער יריד ניט זיין. די געמיינדע, וואָס איר הויפּט־איינקומפט איז באַשטאַנען פון די וועגענער־ און פלעצער־אָפּצאָל פון דעם יריד, האָט געמוזט אויפגעבן דעם פּלאַן.

די יידן האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ קלאָרע מערהייט אין שטאָט און די יידישע פאָרטרעטער אין שטאָט־ראָט האָבן, נאַטירלעך, געשטערט די פּאָליאַקן צו פירן די שטאָט־אַדמיניסטראַציע קעגן די יידישע אינטערעסן. פאַר יאָרן האָבן די פּאָליאַקן פּרובירט קינסטלעך צו פאַרגרעסערן די קריסטלעכע באַפעלקערונג אין שטאָט דורך אַריינצונעמען אין די שטאָט־גרענעצן שטחים פון שכנותדיקע דערפער, און אַזוי אַרום מאַיאָריזירן די יידישע באַפעלקערונג. די יידישע פאָרשטייערשאַפט אין מאַגיסטראַט האָט געפונען ווירדיקע פאָרטרעטער

אין די פּערזאָנען פון שלמה זאָנטאָג, בצלאל אָרגעל, בצלאל גרינשטיין, יחזקאל דערשאָוויץ.

דער קאַמף קעגן דעם אַנטיסעמיטיזם פון דער רעגירונג און פון די קאָמונאַלע אינסטאַנצן, וואָס די ידן האָבן געפירט, האָט זיך געשטיצט אויף דער קאָאָפּעראַטיווער באַנק אונטער דער אָנפירונג פון גרינשטיין און דער־שאָוויץ, און שפּעטער אויף דער גמילת־חסדים־קאַסע וואָס האָט צוגעטיילט קלענערע הלוואות און וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן פון פאָרשטייער פון אַלע ידישע פּאַרטייען אין שטעטל; זיי זיינען געווען וויכטיקע אינסטרומענטן אין ידישן קאַמף פאַר דער שטיקל ברויט, וואָס זיי האָבן ניט געקאָנט אויפגעבן, כדי צו פירן זייער לעבן, כאָטש אָן אָרעמס.

דער טראַדיציאָנעלער ידישער גמילת חסד האָט אויך געשפּילט אַ גאָר וויכטיקע ראָלע. קיווטשע לייסטנער, למשל, אַ ייד אַ בעל־טובה, פלעגט האָבן אַ מין פּריוואַטע גמילת־חסדים־קאַסע, אַרומלויפנדיק אין מיטן יריד באָרגן ביי איין ייד און עס אַוועקלייען אַ צווייטן. דאָס אַלץ זיינען געווען מיטלען פון עקאָנאָמישער זעלבסט־פאַרטיידיקונג, בעת די פּוילישע בעלי־בתים פון לאַנד האָבן מיט דער הילף פון שטייערן און פאַרשידענע באַגרענעצונגען, אַלץ ענגער און ענגער פאַרצויגן די שטריק איבערן האַלדז פון ידישן סוחר.

די פּאָליאַקן האָבן דערלעבט צו זען זייער האָפנונג פאַרווירקלעכט פיל שנעלער און בעסער ווי זיי האָבן עס געקאָנט דערוואַרטן. ניטאָ מער קיין ידישע געשעפטן און סוחרים. דער מאַרק אין קאָלבסוב [קאָלבושאָוו] איז פאַר־וואָקסן מיט קאַרטאָפל. צי דער פּוילישער איינוואוינער איז דערפאַר פיל גליקלעכער טאָקע, וועגן דעם בלייבט אַ צווייפל.

— — — — —

פאַרנאַכט־צו.

דער טעמפּאָ פון יריד ווערט לאַנגזאַמער און געלאַסענער. בעל־הבית׳־טעס, וואָס זיינען אַליין סוחרטעס, קומען צו די ביאַלער גרינצייג־הענדלער איינצוהאַנדלען אויף שבת. בינום קריכט אַרונטער פונעם וואָגן, די רוגזה פאַר־שווינדט פונעם פנים, און ער הייבט זיך אָן ווייצלען מיט די ידישע ווייבער. אַ מידל איילט זיך צום שוחט מיט אַ גאַנדז; די גענדזענע לעבער וועט נאָך צוגעגרייט ווערן צום היינטיקן אָוונט־מאָלצייט. אַ הויכער חסידישער יונגערמאַן שפּאַצירט מיט אַ צעטל אין האַנט און אַ בלייפעדער אונטערן אויער, ער גייט צונויפקלאַפּן כשר־הלואה־קאַפּיטאַל, ער זאָל אַ טאָג שפּעטער קאָנען פאָרן קיין ריישע איינהאַנדלען אַביסל סחורה פאַר זיין קרעמל. דער מאַרק ליידיקט זיך ביסלעכוויז אויס פון פורן און פון שטעלעס. אַ כאָפּטע שכורים קומען

אַרויס פון אַ שענק; נעמען זיך אַרום איינער מיטן צווייטן, קושן זיך, וויינען, הייבן זיך אָן קריגן, צומזיקן און צודמען זיך איינער דעם צווייטן. די פויערטעס רייסן זיי פונאַנדער, דערשלעפּן זיי קוים צו די וועגענער און די שכורע קולות ווערן פאַרטויבט פונעם קלאַפּן פון די רעדער אויפן שאָסיי.

יידן איילן אין שול אַריין. דער גלאָק אין דער קירכע קלינגט, אָפּ־געבנדיק דעם לעצטן כבוד צו אַ שטאַרבנדיקן טאָג. קאַפּוסטע, דער וואַסער־טרעגער, שטעלט אַוועק די קאַנען, כאַפּט אַרונטער דאָס היטל און צלמט זיך. יידן איילן אין שול אַריין. אין בית־המדרש־געסל, אויף די שטיינער, ניט וויט פון לייזער־מאיר׳ס פּלויט ליגט אַ שיכורער פויער און כראָפּעט. נעבן אים שטייט זיין ווייב, איינגעהילט אין אַ שאַל, מיט אַ קויש אונטערן אָרעם. די פויערטע שלעפּט אים ביי זיינע שמוציקע בגדים, שעלט אים מיט מאַסיווע פוילישע קללות, זידלט אים מיט נבול־פּה באַווירצטע דבורים, וואָס באַליידיקן גראָב זיין מוטערס צניעות... דער פויער ליגט און כראָפּעט, און יידן איילן אין שול אַריין.

אין בית־המדרש איז ליכטיק, וואַרעם. יידן דאַווענען געשמאַק. „משנה עתים ומחליף את הזמנים...״ ענדערסט די צייטן און בייטסט די סעזאָ־נען... קאָלערסט אַוועק די ליכט פאַר דער פינצטערניש, און די פינצטערניש פאַר דער ליכט... מאַכסט פאַרבייגיין דעם טאָג און ברענגסט די נאַכט... און דער וואַרעמער געמורמל צעגיסט זיך פון איין עק בית־המדרש צום צווייטן, ביז דער עולם ווערט איינגעוויגט אין אַ שטילער דאַנקבאַרער שמונה־עשרה — דאַנקבאַר פאַר די באַשערענישן פון טאָג, פאַר די רווחים פון יריד.

נאָך מעריב ווענדט מען זיך צוריק צו די געשעפטן פון טאָג. דער יריד איז איצט איבערגעטראָגן אינעם גרויסן בית־המדרש. גרופּקעלעך סוחרים דיסקוטירן די רעזולטאַטן פון טאָג־האַנדל. תבואה־סוחרים שליסן צווישן זיך קניות און קאָרן, האָבער און לובין גייען איבער פון האַנט צו האַנט. מען ציילט געלט, מ׳טוישט דאָלאַרן. אַן אונטערדריקטער פּאַטש פון איין קצבי־שער האַנט אויף אַ צווייטער, ביים לאַנגען טיש נעבן דער טיר, דערציילט אַז אַ יאַלעווקע אָדער אַ ביקל איז ערשט אַריבער מרשות לרשות און עס איז באַשטימט געוואָרן אויף וועמעס יאַטקע־קלאָץ די בהמה זאָל באַקומען איר תיקון לכבוד שבת. מען לעשט דעם דורשט מיט אַ גלאָז „יאַבלניק״ פון יעקב ברוכ׳ס קאַן, פאַרביסן מיט אַ בעכערל געזאַלצענעם באָב און מען רוקט זיך צו צום עולם, וואָס שטייט אַרום ביים גרויסן טיש, ביים זייגער, וואו לייבטשע לעזער זאָגט דעם „פּרק משניות״. מען לייגט צו אַן אויער אויפ־צוכאַפּן אַ יידיש וואָרט.

אַרויסגייענדיק פון גרויסן בית־המדרש, שטעלט מען זיך נאָך אַוועק פאַר אַ ווײַלע פאַר דער שוועל פון קלײנעם בית־המדרש צו כאַפּן אַ בליק ווי אַן אײגן בחורל שאָקלט זיך מיט התמדה איבער דער גמרא. ווײַל... צו וואָס דען האָרעוועט עס אַ ייד? האָט דאָך דער ליטווישער מגיד, אַנומלט, אַזוי קלאָר אַרויסגעבראַכט דעם געדאַנק, אַז די גאַנצע וועלט איז געגליכן צו אַ יריד און אַז דער אונטערשייד פון אַ לעבן צו אַ לעבן באַשטייט בלויז אין דעם, וואָס אײנער באַזאָרגט זיך אויפן יריד און דער ענטפער, וואָס אַ ייד קאָן געבן, ווען מען נעמט אויפן צימבל ביים „בית־דין של מעלה" — נשאת ונתת באמונה — ברודערקע, וואָס האָסטו עס דיר אײנגעהאַנדלט אויפן יריד?

## די קהילה

אויב תקופות אין דער וועלט־געשיכטע רעכענען זיך לויט מלחמות, פירט די געשיכטע פון אונדזער שטעטל איר חשבון לויט שריפות: די ערשטע שריפה, די צווייטע שריפה, די גרויסע שריפה. וועגן דער גרויסער שריפה ווערט דערציילט, אַז סאַנעל מאַטעס און הערש־יעקב זײַנען געווען די ערשטע וואָס האָבן באַמערקט דעם רויך. זאָגט סאַנעל צו הערש־יעקבן: „לאָמיר רופן די פײַערלעשער". ענטפערט אים הערש־יעקב: „לאָמיר בעסער צוואַרטן ביז ס'וועט זיך אַביסל צעברענען". און די חכמים פון שטעטל פלעגן באַ־הויפּטן, אַז עס איז די דאָזיקע דיפּלאָמאַטישע איבערגעלייגטקייט, וואָס האָט דערפירט צו אַ נײַער וועגדונג אין דער שטעטלדיקער געשיכטע, וואָרום נאָך דער גרויסער שריפה איז דאָס שטעטל ניט געבליבן מער דאָס זעלבע.

דער וויכטיקסטער געזעלשאַפטלעכער נאָמען, וואָס איז געבליבן אין שטעטלס זכרון פון פאַר דער גרויסער שריפה, איז איכל, ראש הקהל. ער איז געשטאַנען ביים קהלישן רודער אַזוי לאַנג, ביז „ראש הקהל" איז געבליבן זײַן צווייטער נאָמען. און אַזוי האָט עס אָנגעהאַלטן ביז עס איז אויפגעקומען אַ נײַער דור, אשר לא ידע... וואָס האָט ניט געוואוסט, אָדער ניט געוואָלט וויסן פון אײַנגעשטעלטער קהלשער אָרדנונג און געזוכט צו ברענגען ענדערונגען. האָבן, אַפּנים, די רעוואָלוציאָנערן ניט געקאָנט באַזײַטיקן דעם קהלשן תקיף מיט אייגענע כוחות און געזוכט די הילף פון דער מאַכט. האָט מען זיך געווענדט צום שופט פון יענע טעג מיט אַן אָנקלאַגע אַזוי צו זאָגן: „שוין אַזויפיל יאָרן, אַז איכל שטייט ביי דער קהלשער שיסל און ער האָט קיינמאָל קיינעם ניט אָפּגעגעבן קיין חשבון פון הוצאה און הכנסה, און ווי דערלאָזט מען עס?" האָט דער שופט באַפוילן, אַז איכל זאָל קומען אַ געוויסן טאָג אין געריכט אַרײַן, און מיטברענגען אַלע אָפיציעלע ביכער.

אין באַשטימטן טאָג איז דער ראש הקהל דערשינען פאַרן געריכט, אָבער אַנשטאָט די בוכאַלטערישע ביכער, איז ער געקומען מיט אַ זעקעלע אונטערן אָרעם, עס אַוועקגעלייגט אויפן טיש און געזאָגט: „אדוני השופט, אָט דאָס זיינען מיינע ביכער. אַלע געלטער, וואָס זיינען אַריינגעקומען אין דער קהלשער קאַסע במשך די אַלע יאָרן, האָב איך אַריינגעלייגט אינעם דאָזיקן זעקעלע, און אַלע הוצאות זיינען אַרויסגעקומען פון דאָזיקן זעקעלע. וואָס עס איז דאָרט פאַרבליבן געהערט צו קהל"...

פאַר דעם ראש הקהל און הויפּט־פירער פונעם שטעטל אין דער תקופה, דירעקט פאַרן אויסברוך פון ערשטן וועלטקריג, איז באַשטימט געוואָרן איינער פון די שענסטע יידישע פערזענלעכקייטן פון גאַליציאַנער יידנטום אין יענעם דור, ר' יעקב עקשטייך, וועמענס נאָמען איז געווען באַקאַנט ווי אַ נגיד און אַ נדיב.

עקשטיין האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ יידישן אַריסטאָקראַט, סיי מיט זיין פּערזאָן און סיי מיט זיין באַנעמונג. זיין שפּאַציר מיטן זילבערנעם שטעקן איבער דער גאַס האָט ייד און גוי נאָכגעפאָלגט מיט בליקן פון דרך־ארץ און ליבשאַפט. „אַז ר' יעקב טוט אויס דאָס שטריימל שבת, און טוט אָן דעם קאַפּעליוש, גייט ער טאָן אַ יידן אַ טובה". דער פּריצישער הויף, אין וועלכן ער האָט געוואוינט, איז געווען אויסגעשטאַט מיט אַן אייגן בית־המדרש, וואו זיין שוואָגער ר' זיינוול גאָלדבערג איז שטענדיק געווען פאַר־נומען אין לערנען. מיט זיין שוואָגער האָט ער געהאַט אַן אָפּמאַך אין דער בחינה פון „יששכר און זבולון" — דו וועסט תורה לערנען, און איך וועל זיך פאַרנעמען מיט די ענינים פון מסחר, וועלט... ביידע שוואָגערס האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ זעלטענע קאָמבינאַציע פון תורה און גדולה.

ר' זיינוול איז געווען צוריקגעצויגן אין זיינע ד' אמות של הלכה. דער טאָרנער רב, ר' מאיר אַריק, האָט אָבער עדות געזאָגט אויף זיין גאונות. ר' זיינוולס לעבנס־ווערק איז געווען פון אַ גאָר אַמביציעזן פאַרנעם, וואָס האָט זיך געפּאַסט פאַר אַ גאון. פאַרנומען האָט ער זיך מיט שרייבן אַ פּירוש אויף ירושלמי לויט רש"י'ס שטייגער. דער געדאַנק איז געווען צו מאַכן דעם תלמוד ירושלמי אַזוי צוגענגלעך פאַרן ברייטן עולם, ווי עס איז געווען תלמוד בבלי. דאָס דאָזיקע ווערק איז נאָך ר' זיינוולס פּטירה געוואָרן צוגע־גרייט צום דרוק פון ר' יעקב'ס איידעם און ברודערן־זון ראובן עקשטייך, וועלכער איז אַליין געווען אַ למדן אין נגלה און אין נסתר. עס האָט אויך געהאַט די הסכמה פון הרב מאיר אַריק. אויפן וועג צום דרוק איז דאָס ווערק

אויף אַ מיסטעריעזן אופן פאַרשוואונדן פון דער באַן און עס האָט זיך, ליידער, קיינמאָל מער ניט אָפּגעזוכט.

עקשטיין האָט גענאָסן פון גרויס אָנערקענונג צווישן ניט־יידן. ער איז געווען ערנבירגער פון שטאָט און דער גאָלדענער מעדאַל, וואָס ער האָט באַקומען פון עסטרייכישן קיסר פראַנץ־יאָזעף, האָט געדינט ווי אַ סימבאָל, ווייל ער אַליין האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ מין ראַיאַלן פעריאָד פון געזעלשאַפטלעכער פירערשאַפט אין שטעטל.

עקשטיין איז נפטר געוואָרן אין 1930, אין עלטער פון 83 יאָר. זיין נאָבעלער כאַראַקטער האָט צוגעגעבן דעם שטעטל אַ סך אָריגינעלקייט און וואָג. ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן, הגם פון קהלשער טעטיקייט האָט ער זיך צוריקגעצויגן לאַנג פאַר זיין פּטירה.

נאָך עקשטיינס צוריקציען זיך, איז נאָך אַלץ די קהלה־פירערשאַפט געבליבן אין, אַזוי צו זאָגן, אַריסטאָקראַטישע הענט. זיין נאָכפאָלגער, שלמה זאַנטאַג, איז אויך געווען אַ ווירדיקע פערזענלעכקייט, אַ רייכער גוטבאַזיצער מיט אַ הדרת־פּנימדיקער ערשיינונג, ווי דער היפּש פון אַ גרויסער בכבודיקער משפּחה. עס איז געווען אין זיין גרויסער קאַמיעניצע אויף דער „הערן גאַס״, וואו די באַצירקס־הויפּמאַנשאַפט האָט געהאַט אירע אַמטן. זאַנטאַג האָט אויך פאַרמאָגט אַלע נויטיקע קוואַליפיקאַציעס צו קאָנען רעפּרעזענטירן די יידישע געמיינדע מיט ווירדע צווישן די ניט־יידישע שכנים און בעלי־בתים.

דער אָנזען פון קהלשער פירערשאַפט איז כסדר פאַרקלענערט געוואָרן. „נתמעטו הדורות״. בצלאל גרינשטיין, דער נאָכפאָלגנדיקער ראש־הקהל, איז ניט געווען „משכמו ומעלה״ העכער פאַר דער עדה, אָבער נאָך אַלץ אַ קלוגער און אינטעליגענטער ייד מיט מעלות און פעאיקייטן גענוג צו פאַרדינען אַלגע־מיינעם רעספּעקט. קהלשע ווירדע האָט דערגרייכט איר נידעריקן פונקט אונטער דער הנהגה פון מענדל שפּילמאַן.

די מאָס שעצונג, וואָס די יידישע געמיינדע האָט געגאָסן אין אַ געגעבענער צייט אין די אויגן פון דער מאַכט, פלעגט קומען בולט צום אויסדרוק בעת דער יערלעכער דריטער־מאַי־פייערונג, וואָס איז געווען אַ נאַציאָנאַל־פּוילישער יום־טוב, לכבוד אירס אַ קאָנסטיטוציע. די יידן פלעגן פּראַווען די חגא אין שול, אין דער אָנוועזנהייט פון אַן אָפיציעלער רעגירונגס־פאַרטרעטערשאַפט. אין צייטן פון גרויסן גנאָד, פלעגט קומען צו דער געלעגנ־אין שול דער סטאַראָסטע מיט זיין סוויטע. דער ראַנג פון מלוכה־פאַרטרע־טערשאַפט, וואָס פלעגט דערשיינען אין שול צו דער דאָזיקער געלעגנהייט,

איז כסדר פאַרמינערט געוואָרן צוזאַמען מיט דעם פרעסטיזש פון דער קהלה־פירערשאַפט.

יענער דריטער מאַי, אין וועלכן דער מלוכה־פאַרטרעטער איז אינגאַנצן ניט געקומען, איז אויסגעפאַלן אין אַ שבת. די בתי־מדרשים האָבן פאַרענדיקט דאָס דאַווענען פרי, כדי אַלע זאָלן קאָנען זיך פאַרזאַמלען אין דער גרויסער שול. שפילמאַן האָט ניט געוואָלט זיין דער ערשטער ראש־הקהל אין דער געשיכטע פונעם שטעטל, וואָס אונטער זיין הנהגה איז דער פוילישער מלוכה־יום־טוב געפייערט געוואָרן אָן דער באַטייליקונג פון אַ מלוכהשן פאַרטרעטער. איז ער אַרויס אין גאַס, נאָכגעלאָפן דעם לאַנגן מאַי־פאַראַד, באַמיענדיק זיך צו כאַפּן וועלכן עס איז באַאַמטן, אום צו קאָנען ברענגען אין שול פאַר דער צערעמאָניע. אין דער שול זיינען דערווייל ייִדן געשטאַנען אָנגעטאָן אין זייערע בגדי־שבת און געוואַרט. ס'האָט געוואַרט אָנטשל שוחט מיט זיין איינשטודירטן חזנישן „הנותן תשועה". ס'האָט געוואַרט דער רעליגיע־לערער מיט זיין גוט איינגעחזרטע פּאַטריאָטישע דרשה. און אינדערהיים פון יעדן האָט געוואַרט אַ פאַרשעמטער דער טשאָלענט...

דאָס קאָן פאַרצייכנט ווערן ווי דער בין־השמשות פאַרן אָנקום פון אַ נייער עפּאָכע. וואָס ס'דערציילט אַממערסטן וועגן מצב פון געזעלשאַפטלעכן ייִדישן לעבן אין יענער צייט איז, אַז ווען מען זאָל פרעגן אין וואָס עס איז באַשטאַנען דער פּאָליטישער אָדער אידעאישער אונטערשייד אַפילו צווישן אַזעלכע צוויי פּראָמינענטע און באַשטימט זייער פעאיקע פירנדיקע ייִדן ווי עקשטיין און זאָנטאַג, וואָלט דער ענטפער זיין, אַז זאָנטאַג איז געווען דעם רבס מענטש און עקשטיין איז ניט געווען דעם רבס מענטש. עקשטיין איז געווען געבויגט צו „דזשיקעוו", בעת זאָנטאַגס פאַמיליען־טראַדיציע איז געווען פאַרבונדן מיט „ראַזוואַדאָוו" — די צוויי חסידישע הויפן, וואָס האָבן צווישן זיך געטיילט די אָנהענגערשאַפט פון חסידישן עולם אין דער אַרומיקער געגנט.

געווען זיינען דאָס צייטן, ווען ייִדישע פּאָליטישע פאַרטייען אין זייערע קאָנפליקטן זיינען נאָך געווען אומבאַקאַנט. אין יענע טעג איז דאָס לעבן בכלל געווען פרידלעך, אַפילו מלוכות האָבן זיך ניט געקריגט איינע מיט דער צווייטער. יעדנפאַלס ניט העפטיק גענוג, אַז מען זאָל דערפון הערן אין שטעטל. דאָס איינציקע, וואָס האָט געקאָנט אַביסל אויפרודערן די געמיטער, וואָלט געווען אַ רבנות־מחלוקה. איז טאַקע דאָס שטעטל באַזאָרגט געוואָרן מיט אַזאַ סאָרט מחלוקה, וואָס האָט געפלאַקערט יאָרן־לאַנג. געווען ייִדן, וואָס האָבן זיך אין דעם געניטיקט און האָבן שטאַרק אויסגענוצט די געלעגנהייט אויסצושפּילן זייערע אַגרעסיווע נייגונגען און אונטערבאַוואוסטזיניקע האַס־

געפילן, נאָך איידער די פסיכאָלאָגן האָבן אויסגעפונען די כלערליי אורזאַכן פון מענטשלעכן איפּפּיר.

פסיכאָלאָגיע בכלל איז נאָך געווען ווייניק אין דער מאָדע אין יענער צייט. בלויז וועלוול האָט זיך דערין אַביסל געגריבלט. ווייל פּונקט ווי אַלע אַנדערע „שבע חכמות״, אין וועלכע ער איז געווען אַ בקי, האָט עס אים געדינט ווי אַ קוואַל פון שפּאַס און פאַרוויילונג.

וועלוול האָט געהאַט זיין אייגענעם קוק אויף זאַכן — אַ קוק, וואָס האָט געפונען דאָס אַמוזירנדיקע אין יעדער סיטואַציע. ער האָט ליב געהאַט צו געפינען פאַר יעדע זאַך זיין אייגענע באַצייכנונג. אָבער וועלוול אַליין געהערט שוין צו אַ נייער תקופה — די תקופה פון אידייען און אַנשויאונגען. די נייע תקופה איז אַנגעזאָגט געוואָרן מיט דער גרינדונג פון ציוניסטישן פאַראיין „השחר״ אין שטעטל. וועט זיין אינטערעסאַנט צו געבן אַן איבער־זיכט איבער דער גאַנצער איבערקערעניש, וואָס דאָס האָט גורם געווען אין שטעטלדיקן לעבן, טאַקע ווי געזען דורך וועלוולס ברילן.

## די רעוואָלוציע פון אידייען

אָנגעהויבן האָט עס זיך פון צייטונגען. נאָכן ערשטן וועלט־קריג, ווען מענטשן האָבן אויסגעפונען, אַז די נייעסן אין די צייטונגען קאָנען האָבן אַ נאָענטע שייכות צו זייער אייגן לעבן, איז דאָס לייענען גאַזעטן געוואָרן גאַנץ פאַרשפּרייט אין שטעטל. עטלעכע פּריינט פלעגן זיך צונויפנעמען און צוזאַמען באַשטעלן אַ בלאַט־צייטונג. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן פאַרשטאַנען ווי מסוכן געפערלעך עס איז דער ענין פון לייענען צייטונגען און האָבן דערויף געקוקט קרום. שמעלקע חיה הענעלעס, למשל, אַ בעלזער חסיד, מיט קלוגע אויגן און נאָך קליגערע ווערטלעך, האָט אַמאָל באַמערקט ווי ביי אַ חסידישן בחור קוקט אַרויס אַ צייטונג פון בוזעם, האָט ער אים אַ פרעג געטאָן: „דו ווייסט כאָטש וואָס פאַראַ ברכה מען מאַכט איבער אַ צייטונג?״ און בעת יענער האָט, נעבעך, געקוקט צעטומלט פון דער פּלוצימדיקער פראַגע, האָט שמעל־קעלע אים דערקלערט: „די זעלבע ברכה וואָס מען מאַכט איבער אַ זשרעביקל — המוציא לחם מן הארץ, ווייל ס׳וואַקסט אויף דר׳ערד״; געמיינט האָט ער צו זאָגן, אין שנעלן אַרויסרעדן די ווערטער פון מויל, „ווייל ס׳וואַקסט אַ פערד״ (אַ וואָרט שפּיל אַזאַ). דער פרומער עולם האָט געוואוסט, אַז צווישן די נייעסן אין די צייטונגען האָט זיך דאָ און דאָרט געפונען עפּעס אַן אַנשויאונג, און דער עולם האָט מורא געהאַט, אַז מיט דער צייט קאָנען זיך ביי אַזאַ איינעם אָנקלייבן גענוג „אַנשויאונגען״, אַז עס זאָל פון אים אינגאַנצן ווערן אַ תל.

אַ פּיאָנער פון אָנשויאונגען שלא מדעת איז געווען שמחה לערער. אין זיין איבערגעגעבנקייט צו ביקור־חולים, האָט די מצווה אים באַשיצט און ער האָט, חלילה, קיינמאָל זיך ניט אָפּגעזאָגט צו טאָן אַלצדינג מעגלעכע ניט צו דערלאָזן אַז אַ קראַנקייט זאָל פאַרשפּרייט ווערן. אָבער אין דער עפּידעמיע פון אָנשויאונגען, וואָס איז אויסגעבראָכן, האָט ער, ניט וויסנדיק, אויך געהאַט אַ חלק.

ווי ביי אַלע יידישע לערער פון זיין צייט, איז דער סדר הלימוד ביי אים באַשטאַנען פון יידיש, פּויליש, דייטש און רעכענען, ווי עס קאָן נויטיק זיין פאַר עמעצן, וואָס קלייבט זיך ניט צו ווערן אַן אַדוואָקאַט. אַלץ וואָס אַ יונגערמאַן האָט געדאַרפט, כדי צו פאַרפולקאָמען זיין בילדונג נאָכן גראַדואירן פונעם דאָזיקן קורס, איז געווען אַ גוטער בריוונשטעלער און אַ קליין ביסל מזל, אַז די כלה, מיט וועלכער ער וועט זיך דאַרפן קאָרעספּאָנדירן, זאָל ניט האָבן דעם זעלבן בריוונשטעלער.

געווען אָבער נאָך איין לימוד, אויף וועלכן שמחה לערער האָט זיך ספּעציאַליזירט און זיך אָפּגעגעבן דערמיט מיט אַ באַזונדערער ליבע. דאָס איז געווען לשון קודש, וואָס ער פלעגט לערנען ניט ווי די מלמדים — עברי פון אַ סידור — נאָר פון אַ לערנבוך מיט דיקדוק. ער פלעגט ביי יעדער געלעגנהייט קריטיקירן די חדרים און מלמדים פאַרן פאַרנאַכלעסיקן דעם דאָזיקן לימוד און עס איז אים דערביי גאָרניט איינגעפאַלן, אַז מיט דעם דריקט ער אויס אַן „אָנשויאונג״, רחמנא־ליצלן. אַז דער רבי ביים חומש אין חדר האָט געטייטשט די ווערטער, וואָס יוסף האָט געזאָגט צו זיינע ברידער ביים דערקענען זיך: „כי פי המדבר אליכם״ — „איך רעד דאָך צו אייך לשון קודש״, פלעגט ער צוגעבן, אַז לשון קודש איז אַמאָל געווען אַ שפּראַך ווי אַלע שפּראַכן, וואָס איז מיט דער צייט פאַרגעסן געוואָרן. „בלויז שמחה לערער געדענקט עס נאָך אַביסל...״ ניט קיין חידוש, אַז שמחה לערערס זון, הערש געווירץ, איז געווען אַן אויסגעצייכנטער העברעאיסט, אַ יונגערמאַן מיט אַ שיין־פאַרקעמטער פריזור און אַ קאָפּ פול מיט אָנשויאונגען...

ביסלעכוויז האָבן אָנשויאונגען גענומען שטראָמען פון אַלע זייטן. זיי זיינען געקומען פון קאַנדידאַטן צום פּוילישן סיים, וועלכע פלעגן קומען אין שטעטל פאַר די וואַלן צו מונטערן, אַז דער עולם זאָל שטימען פאַר זיי. דאָס הייסט, ניט פאַר זיי פערזענלעך, נאָר פאַר זייערע אָנשויאונגען. און משולחים פון פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס, וואָס זיינען געקומען זאַמלען געלט, האָבן געגעבן צו פאַרשטיין, ווי אַזוי דאָס שטיצן זייערע פאָנדן קאָן העלפן פאַר־ווירקלעכן די אָנשויאונגען, וועלכע זיי רעפּרעזענטירן.

אָנשויאונגען זיינען געוואָרן אַלץ מער און מער פּאָפּולער. ס׳איז דער־גאַנגען אַזוי ווייט, אַז זיי זיינען אומבאַדינגט נויטיק געוואָרן ביים שליסן אַ שידוך. אַז צוויי שדכנים האָבן זיך באַגעגנט און דער פון כלהס צד איז פּאַרטיק געוואָרן, אויסרעכענענדיק די מעלות פון מיידל, האָט ער געגעבן אַ פרעג: „נו, און ער, דער חתן, וואָס זיינען זיינע אָנשויאונגען?"

ס׳האָט זיך דעמאָלט געגרינדעט אַ ספּעציעלע אָרגאַניזאַציע, די „אגודה" האָט מען זי גערופן, וואָס האָט געהאַט די אויפגאַבע צו באַזאָרגן אויך די בחורים אין בית־המדרש מיט אָנשויאונגען. שפּעטער זיינען די אגודהניקעס אַליין געוואָרן גאַנצע בריות אינעם פאַך, און זיי פלעגן גאָר געפינען אָנשוי־אונגען אין דער גמרא. און נאָך וואָסערע אָנשויאונגען! אָנשויאונגען פון די חז״ל.

געווען אויך עלעגאַנטע יונגעלייט אין שטאָט, וואָס האָבן געשעפּט זייערע אָנשויאונגען פון ביכער. אַז מען האָט זיך אַמאָל געקאָנט צושטופּן צו אַ רעדל, אין וועלכן ווער פון זיי איז געשטאַנען און גערעדט, איז געווען נישט שווער צו הערן אַזעלכע נעמען ווי ברוך שפּינאָזא, משה העס און אחד־העם. אָבער די דאָזיקע יונגעלייט האָבן זיך, געוויינטלעך, געהאַלטן מיט אַ קאָפּ העכער פון אַלע די וואָס האָבן זייערע טריף־פּסולס נישט געלייענט. זיי האָבן פון זיך געבלאָזן און געהאַלטן זיך אין דער מדרגה. אין דער אמתן, אָבער, האָט מען פון זיי זייער זעלטן געקאָנט נאַשן עפּעס אַן אָנשויאונג.

אַ מער „פּאָפּולערן" נוסח פון אחד־העם האָט מען געקאָנט הערן אויף אַ שפּאַציר אין גאַס פון רויטן משה׳ן, וועלכער פלעגט נייען הויזן פאַרן יריד און איז געווען דער פירער פון „התאחדות" אין שטעטל: „די גויים זאָגן, אַז יידן זיינען חייב און זיי, די גויים, זיינען מיתה, אָבער אחד־העם באַווייזט פאַרקערט — די גויים זיינען חייב און די יידן זיינען מיתה".

מיט אחד העמען האָט זיך משה באַקענט ביי אַ פאָרטראַג פון אַ געוויסן פּאַרטיי־מנהיג, וואָס איז געקומען אויף אַ באַזוך אין שטעטל און די באַגריפן פון חייב און מיתה פלעגט ער באַגעגענען אין „פּיטום הקטורת" יעדן אינדערפרי ביים דאַווענען. איז ער געווען אונטערן איינדרוק, אַז עפּעס זיינען די צוויי ניט שוה בשוה איינער מיטן אַנדערן. אויב איר וואָלט ניט מסכים געווען מיט זיין אויסטייטש פון אחד־העמ׳ען, וואָלט ער אייך געזאָגט, אַז יעדער איינער איז באַרעכטיקט צו זיינע אָנשויאונגען.

אָנשויאונגען זיינען דיסקוטירט געוואָרן איבעראַל — אין די בתי־מדרשים, אין פאַראיין־לאָקאַלן, אויף אַ באַנק נעבן דער שול, אין שוויץ־באָד פרייטיק נאָכמיטאָג. אָבער דער וויכטיקסטער פּלאַץ אויסצולופטערן אָנשויאונגען

איז געווען אונטער די ביימלעך אין מאַרק פרייטיק־צו־נאַכטס נאָך דער שבתדיקער סעודה. דער דאָזיקער טייל פון מאַרק, וואָס איז געווען רעזער־ווירט אין צייט פון אַ יריד פאַר פוטער, קעז און אייער, פלעגט דאַן פאַר־וואַנדלט ווערן אין אַ יריד־פּלאַץ פון אידייען און אָנשויאונגען.

איצט, די פאַרשיידענע מינים ווערטער, וואָס מען האָט דאָ גענוצט: לשון קודש, ווערטער פון תנ"ך און גמרא; אויסדרוקן פון תרגום־לשון; שפּאָגל־נייע באַגריפן, געשאַפן פון די העברעאיסטן אין ארץ־ישראל; שווערע „אויסלענדישע", פּוילישע ווערטער, אין וועלכן דער ר מיטן ז זיינען זיך משדך און פוןביידע צוזאַמען קומט אַרויס אַ קלאַנג, אַז מען קאָן דערביי די ציין צעברעכן. בלויז חיימטשע מלמד מיט זיין שאַרפן חתוך הדבור קאָן עס ריכטיק אַרויסרעדן. אויך דנ׳קעלע האַר אַביסל, ווייל ער הערט עס פון די פּוילישע באַאַמטע, וואָס קומען אַריין צום טאַטן אין דער דרוקעריי.

און ווערטער פון לאַטייניש און גריכישן יחוס וואָס שימעק אָרגעל, אַ נגידיש קינד מיט אַ שטאָלענעם קאָפּ אויף זיך, ברענגט פון גימנאַזיע־פּראָפעסאָרן, ביי וועמען ער שטודירט פּריוואַט, אויף מאַטורע הייסט עס; און שטאַרק אויסטערלישע פרעמדע ווערטער, וועלכע מ׳דאַרף אָפּזוכן אין אַ ספּע־ציעלן ווערטערבוך און אַפילו נאָך דעם קאָן מען זיי קנאַפּ פאַרשטיין.

וואָס שייך דעם אינהאַלט פון די דאָזיקע דיסקוסיעס — דערצו וואָלט מען שוין געדאַרפט זיין אַ שרייבער צו קאָנען זיי ריכטיק איבערגעבן. איז טאַקע אַ גרויסער שאָד, וואָס עס איז ניט געווען קיינער, וואָס זאָל גענוי פאַרצייכענען די טעמעס, די שמועסן און פּאָלעמיקעס, ווייל ניט פאַראַן ממש קיין פּראָבלעם וואָס איז דאָרט ניט דורכגעלופּטערט געוואָרן אין לאַנגע דעבאַ־טעס, עלעהיי אַ פּאַרלאַמענט פון דער יידישער מדינה אונטערוועגס...

געווען אויך לייכטערע מאָמענטן ביי די דאָזיקע געלעגנהייטן. און צו די האָט אַממערסטן בייגעשטייערט טאַקע וועלוול אַליין, ווייל וועלוול האָט אַלץ גענומען מיט אַ לייכט געמיט, אַזוי ווי אַלץ אַרום וואָלט באַשאַפן געוואָרן בלויז דערפאַר, אַז מיר זאָלן דערפון הנאה האָבן. זיין חוש פאַר פאַרגעניגן האָט ניט געוואוסט פון קיין מחיצות צווישן עולם הזה און עולם הבא. ער האָט געקאָנט רעדן וועגן ישיבות, חסידות, קבלה; די טעמים פון פאַרשיי־דענע מאכלים און די דעליקאַטסטע טעמעס, ביי וועלכע אַנדערע וואָלטן זיך געדאַרפט רויטלען, מיט דעם זעלביקן אינטערעס, באַהאַוונטקייט און גוטן געשמאַק. אַ פיינשמעקער פאַר אַלץ, וואָס דאָס לעבן האָט אָנגעגרייט — פון אַלטע זיסע ניגונים פון ווישניצער רבינס טיש ביז רויטע טרוסקאַווקעס פון

גראַפס גאָרטן, פריש געקליבן נאָך אַ רעגן. אָבער עפּעס אַן אידייע, אַ שטיקל אָנשויאונג — דאָס האָט זיך צו אים קיינמאָל ניט צוגעקלעפּט.

ס'איז גרינג צו פאַרשטיין, אַז אין דער דאָזיקער נייער אַטמאָספּערע האָט דאָס קהילה־לעבן זיך אינגאַנצן געביטן אין כאַראַקטער. די קהילה־פירערשאַפט איז געוואָרן דעמאָקראַטיזירט. ס'זיינען געווען פאַרטיי־ליסטעס, וואַל־קאַמפּן, בודזשעט־פּרעלימינאַרן, פּלאַטפאָרמעס, שטאַנדפּונקטן, קאָנפע־רענצן, רעזאָלוציעס, קאָמיסיעס און קאָמיטעטן — דער גאַנצער דעמאָקראַטי־שער קלאַפּערגעצייג, פּונקט ווי אין דער וואַרשעווער קהילה, וועגן וועלכער מען פלעגט לייענען אין די צייטונגען, נאָר, פאַרשטענדלעך, אין אַביסל אַ קלענערן פאָרמאַט.

## אַ חלק אין דער תורה

קאָלבסוב [קאָלבושאָוו] פון פאַרן קריג האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ קבוץ יידן, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן פון אַ דעמאָקראַטיש־געוויילטער קהלה־פאַרוואַלטונג, מיט אַ ווירדיקער פאָרטרעטערשאַפט אין דער מוניציפּאַלער אַדמיניסטראַציע. די קאָלבסובער יידן האָבן אַרויסגעוויזן אַ לעבהאַפטן אינ־טערעס אין אַלעם וואָס איז אָנגעגאַנגען אין דער גרויסער יידישער וועלט. ניט געווען קיין געשעעניש אין נאַציאָנאַל יידישן לעבן, וואָס האָט לאָקאַל ניט געפונען אַ באַלדיקן אָפּקלאַנג. ניט געווען קיין שאַטירונג אויף דער יידישער גאַס, וואָס איז דאָ ניט געווען פאַרטראָטן. אין תוך אָבער איז דער קולטור־קלימאַט אין שטעטל געבליבן טראַדיציאָנעל־פאָלקסטימלעך און רעליגיעז. דער בית־המדרש דאָ איז ניט געווען בלויז דער רשות היחיד פון די „פרומע". די תלמוד־תורה און אַפילו „בית יעקב", אָנגעפירט פון „צעירי אגודת ישראל", זיינען פאַטראָניזירט געוואָרן כמעט פון אַלע שיכטן אין שטאָט. דער פאַקט, אַז די דאָזיקע צוויי רעליגיעזע דערציאונגס־אינסטיטוציעס זיינען געוואָרן גע־שאַפן פון אַן אידעאַליסטישער יוגנט־גרופּע, איז געווען אין שאַרפן קאָנ־טראַסט צו דעם מצב אין אַנדערע שטעטלעך — אין דער סביבה, וואו דער ריס צווישן די דורות איז געווען אַ סך טיפער און מסוכנדיקער; אַזוי ווי די אַלטע וועגן פון דערציאונג האָבן מער ניט געדינט און קיין נייע איז מען ניט פעאיק געווען צו דערגרייכן אין די קליינע מקומות, איז געוויינלעך געבליבן אַ פוסטקייט. די אַנטוויקלונג אין קאָלבסוב איז דערפאַר געווען גאַנץ אייגנאַרטיק.

באַלד נאָך פוילנס באַפרייאונג, וואָס לויט דער לאָקאַלער יידישער צייטרעכענונג האָט עס געמיינט: נאָכן פּאָגראָם, זיינען געווען אין שטאָט אַ צאָל בעלי־בתים ווי הערשעלע קליין, הערש דיאַמאַנד, דוד גראָבשריפט און

נפתלי נעסל, וואָס האָבן אָרגאַניזירט די „ישיבת עץ חיים". יעדער פון די דאָזיקע עסקנים האָט אַריינגעבראַכט צו דער אונטערנעמונג זיינע אייגענע כאַראַקטעריסטישע מעלות: הערשעלע קליין — זיין קלוגשאַפט און שיינע מליצה; הערש דיאַמאַנד — זיין גרינטלעכע סיסטעמאַטישקייט; דוד גראַב־שריפט — די זויבערקייט פון זיין כאַראַקטער; און נפתלי נעסל — זיין גרענעצלאָזן ענטוזיאַזם. דער דאָזיקער ערשטער עקספּערימענט אין אָרגאַני־זירטער חינוך, וואָס איז דאַן געווען אפשר איינציק אין דעם געגנט, האָט מצליח געווען געגוג, אַרויסצוגעבן אַ צאָל יונגעלייט מיט אַ ליבשאַפט פאַר לערנען און וואָס האָט זיך ניט אונטערגעגעבן דעם דרוק פון דער צייט. פיל איז דאָ געווען צו פאַרדאַנקען דעם טאַלאַנט פון ר׳ שאול זאַלעשיטץ, ווי דער ראש ישיבה; ר׳ שאול האָט דאָס איינגעפלאַנצט די דאָזיקע ליבשאַפט.

ווען עס איז געקומען די צייט, אַז נאַציאָנאַלע יידישע אָרגאַניזאַציעס האָבן צווישן זיך איינגעטיילט די לאָיאַליטעט פון דער יוגנט, האָט „צעירי אגודת ישראל" דאָ געפונען אַן אַנהענגערשאַפט מיט אַן אייגענעם לאָקאַלן נוסח, וואָס אין פּראַקטישע רעזולטאַטן האָט עס געמיינט: פאַרוואַנדלען דאָס שטעטל אין אַ מקום תורה. (אין נאַציאָנאַלע אָריענטאַציע איז די קאָלבסובער צא״י געווען צווישן אַ צאָל סניפים, וואָס האָבן רעוואָלטירט קעגן דער צענטראַלער אגודה־אָרגאַניזאַציע, פאַר איר פּאַסיווער ראָלע אין בנין הארץ און האָבן געשאַפן אַ באַזונדערע ארץ־ישראל־צענטראַלע אין קאָלאָמיי, אונ־טערשטרייכנדיק זייערע חלוצישע אַספּיראַציעס). ס׳איז געווען די זעלבע גרופּע, וואָס האָט אָרגאַניזירט די „תלמוד תורה כללית" און „בית יעקב" שולן און זיי אַוועקגעשטעלט ווי שטאָטישע חינוך־אינסטיטוציעס, צוגענגלעך פאַר יעדן.

קאָלבסובער טאַטעס און מאַמעס זיינען געווען דאַנקבאַר פאַר דער געלעגנהייט צו קאָנען מקיים זיין דעם געבאָט פון „ושננתם לבניך". וועגן נפתלי נעסל, וואָס זיינע קינדער האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט באַזונדערע שאַרפע קעפּ, האָט מען זיך געוויצלט, אַז ער האָט געהאַט פאַרטיילט צווישן זיינע זעקס זין די גרויסע רבנות־שטעלן אין פּוילן... די פּרוי פון נטע בילפעלד, פון הינטער דער שטאָט, האָט געהאַט מער באַשיידענע אַמביציעס. קומענדיק אויסצוגעפינען ווי אַזוי איר זון פּראָגרעסירט אין לערנען, האָט זי געזאָגט צום ראש ישיבה: „כ׳ערוואַרט ניט אַז מיין זון זאָל אַרויסוואַקסן אַ רב; כ׳וואָלט בלויז וועלן ער זאָל כאָטש קענען אַ קליין שאלהלע פּסקנען"... קיינער דאָ איז ניט גרייט געווען מותר צו זיין אויף זיין חלק אין דער תורה.

אויך אַ שטייגנדער טייל פון די עלטערן אַליין האָבן באַוויזן צו געפי־נען זייער פּלאַץ ביים ספר. באַזוכנדיק די קאָלבסובער בתי מדרשים אין

אַ ווינטערדיקן אָוונט, האָט אַפילו אַ פרעמדער זיך ניט געקאָנט געגוג אָפּ־וואונדערן פון דעם אימפּאָזאַנטן בילד פון לימוד התורה, וואָס איז דאָרט אומאויפהערלעך אָנגעגאַנגען. פונעם קליינעם בית המדרש האָט זיך געטראָגן אַ סימפאָניע פון יונגע שטימעלעך, וואָס האָבן זיך ווי פאַרמאָסטן איבערצו־שטייגן איינע די אַנדערע אין דעם געשמאַקן גמרא־ניגון. דער גרויסער בית־המדרש איז געווען פאַרנומען פון איין זייט מיט דער חברה משניות, וואָס האָט נאָך געדענקט אַזעלכע אויסגעצייכנטע פאָרלערנער ווי אברהמעלע נחום׳ס און לייבטשע לעזער, בעת די צווייטע זייט בענק האָבן געהערט צו די „דף־יומי״־לערנער, וואו יעדן טאָג האָט מיטן עולם געלערנט אַ בלאַט גמרא איינער פון די יונגעלייט. געווען יידן, וואָס אַנקומענדיק פונעם יריד אָדער איינקויף אין ריישע, פלעגן זיי גלייך לויפן אין בית־המדרש, ניט דורכצולאָזן אַ בלאַט גמרא בציבור. אַרום די לערנער, אויסגעזעצט ביי די לאַנגע טישן, פלעגן אָפט שטיין געדיכטע רייען צוהערער, וואָס האָבן זיך ניט באַטראַכט געגוג אין דער מדריגה אַוועקצוזעצן ביי דער אָפענער גמרא אָדער משניות און האָבן בלויז געוואָלט זיך אַביסל אָנוואַרעמען ביי דער ליכט פון דער תורה — כאַפּן אַ יידיש וואָרט... מ׳קאָן ריכטיק זאָגן, אַז די „נשמה יתירה״ האָט זיך ניט אָפּגעטאָן פון דאָזיקן שטעטל מוצאי שבת נאָך הבדָלה, נאָר ווי דאָס לעגענדאַרע שבת־ליכט אינעם געצעלט פון דער מאַמע שרה האָט זי באַלויכטן דאָס באַשיידענע לעבן דורך אַלע טעג פון דער וואָך.

ס׳איז געווען אַן אידעאַליסטיש איבערגעגעבענע גרופּע מענטשן, וואָס האָט זיך אָפּגעגעבן מיט די אַלע אַקטיוויטעטן.

פּיניע נוסבוים און אלימלך גראָבשריפט, צוויי בית־המדרש חברים און פּעאיקע סוחרישע יונגעלייט, האָבן זיך נאָכגעפאָלגט ווי די פּאָרזיצערס פון „צעירי אגודת ישראל״ און „תלמוד תורה״.ביידע האָבן געטראָגן זייער חסידי־שע יידישקייט מיט ווירדע, וואָס האָט אַרויסגערופן אַלגעמיינעם דרך ארץ.

משה און מרגלית לאַנדוי — ער, דער זון פון אַן אָנגעזעענער גוט־באַזיצער־משפחה און זי, די טאָכטער פון הרב ווײדענפעלד, באַוואוסטער דאָמבראָווער רב — האָבן פאַרמאָגט אַן אַריסטאָקראַטישע אידלקייט אין זייער אויסזען ווי אין זייער באַנעמונג. פרוי לאַנדוי האָט געוואוסט צו ציטירן אַ מאמר חז״ל און די אייראָפּעאישע קלאַסיקער מיט דער זעלבער געניטקייט. לאַנדוי איז געווען פאָרזיצער פון דער בית יעקב (שפּעטער אויך פון דער אגודה), בעת זיין פרוי איז געווען אינגאַנצן איבערגעגעבן דער שול. ער האָט אויך פאַרטראָטן די אגודה אין דער קהילה־פאַרוואַלטונג ביז דעם טרויעריקן סוף.

שלום שעער — אַ תלמיד חכם און זעלטן איידעלע נשמה — איז געווען דער קאַסירער פון דער שול. זיין גרויסע באַלויגונג איז געווען, וואָס נאָך צוואַנציק יאָר קינדערלאָזיקייט, האָט ער זוכה געווען צו פירן זיין אייגן טעכטערל אין בית־יעקב.

אַ גאָר גרויסן חלק אין דער שאַפונג פון דער בית־יעקב שול האָט געהאַט ישעי גראָבשריפט, וועלכער האָט, צוזאַמען מיט דעם סעקרעטאַר פון דער שול, דעם שרייבער פון דער דאָזיקער כראָניק, געשאַפן די ערשטע פאָנדן פאַר דער גרינדונג פון דער שול, דורך פאַרשפרייטן די אגודה ציַיטונג „דאָס אידישע טאָגבלאַט" און נוצן די הכנסה פאַרן דאָזיקן צוועק. ישעי האָט אויך באַזאָרגט די שעור־זאָגער פאַר „דף יומי" און משניות, און אָפט טאַקע אַליין געזאָגט דעם שעור.

אַ זיכערער שטיצפונקט אין די אַלע אונטערנעמונגען איז געווען הערש דיאמאַנד, דער ערשטער פאָרזיצער פון דער אגודה. זיין טאָכטער רחל, אַ תלמידה פון בית־יעקב סעמינאַר אין קראָקע, איז געווען די פירערין פון די „בנות". עס האָט אויך ניט געפעלט קיין „פרחי אגודה" מיט אַ טעטיקייטס־פּראָגראַם פאַר יונגוואַרג.

כדי צו פאַרזיכערן אַ כסדרע פירערשאַפט פאַר דער באַוועגונג, איז געוואָרן געשאַפן ביי די „צעירי אגודת ישראל" אַ צוגרייטונגס־גרופּע אונטערן נאָמען „השתלמות". די קורסן פון דאָזיקן קרייז האָבן פאַרדינט אַ באַזונדערע אויסצייכנונג בלויז פאַר דער אַמביציע אַליין. זיי האָבן איינגעשלאָסן יידישע געשיכטע, מחשבת ישראל, מוסר היהדות, תנ"ך לויט דעם מלבי"ם און דקדוק — אַ פּראָגראַם וואָס האָט זיך געקאָנט פאַרגלייכן מיט אַ פּראָפעסיאָנעלן סעמינאַר־קורס איז דאָ געוואָרן אַמאַטאָריש אימפּראָוויזירט און פונקט אַזוי אַמאַטאָריש אַדורכגעפירט.

כאַראַקטעריסטיש פאַרן רוח וואָס האָט געהערשט אין דאָזיקן שטעטל: ווען די שטודיר־גרופּע האָט אויסגעפונען אַז ביי מרדכי פרייפעלד, „דער פיאַקער מאַן" (דאָס איז געווען אַ מדריגה העכער ווי „בעל עגלה"), געפינט זיך אַ ספר מיט די שירים פון ר' יהודה הלוי, וואָס עס האָט ביי אים איבער־געלאָזן אַ יידישער סאָלדאַט פון ערשטן וועלט־קריג, האָט מען אָנגעבאָטן פרייפעלדן צו קויפן פון אים דאָס בוך.

— איך קאָן עס אייך לאָזן נוצן וויפל איר ווילט — האָט ער געזאָגט — אָבער פאַר קיין געלט וועל איך ניט פאַרקויפן יהודה הלוי.

אַפילו אַ ייד, וואָס האָט ניט געוואוסט די באַדייטונג פון געפּוצטע ווערטער, האָט ער געפילט די הייליקייט פון אותיות...

## די נשמה יתירה

„אין שול אַריין!‟ „אין שול אַריין!‟
דאָס וועקט גרשעלע שמש מיט אַ ניגון.
דער טאָג זיך שיין געשטעלט,
ס׳איז שבת אויף גאָטס וועלט,
אַ טאָג פון מנוחה און פאַרגעניגן!

באַשיידן, אויסגעפּילט מיט גאַנץ ווייניק לוקסוסן, האָט דאָך גאָטס וועלט אויסגעקוקט אַ שיינע אין יענע אַמשולדיקע און פרידלעכע יאָרן, ווען דאָס שטעטל האָט דערוואַכט שבת אינדערפרי צו דער זינגענדיקער שטימע פון שטאָט־שמש. אַפילו שפּעטער, נאָכן ערשטן וועלט־קריג, ווען דער אָפּ־קלאַנג פון מלחמה האָט געהאַט פאַרשטומט דעם רוף צו עבודת הבורא, איז דער פאַרבענקטער עכאָ נאָך אַלץ געבליבן הענגען אין חלל פון שטעטל און אין דעם אונטערבאַוואוסטזיין פון זיינע איינוואוינער.

שבת גאַנץ פרי. די פרידלעכע שבת־אידיליע איז אויסגעשפּרייט איבער דעם דרימלדיקן אַרום. דאָ און דאָרט טראָגט זיך פון אָפענע פענצטער דער ניגון פון מעביר סדרה זיין, „שנים מקרא ואחד תרגום‟, ווי דער שטייגער איז געווען, צוזאַמען מיט די פּיקאַנטע ריחות פון טשאָלנט אָדער קאַווע, שמעון זילבערס אינדיקעס און, להבדיל, דעם גלחס טויבן, קלייבן צוזאַמען קערנדלעך אין מאַרק, ווי זיי וואָלטן פרואוון מקיים זיין די נבואה פון „גר זאב עם כבש‟...

משה קורץ שטייט אין דער האַלב־אָפענער טיר, איין האַנט האַלט ער אַריינגעשטעקט אין גאַרטל, און מיט דער צווייטער האַלט ער איין ברעג פון פאַרמאַכטן לאָדן, שאָקלט זיך ריטמיש, און אין התלהבות און זאָגט שיר המעלותן אין מאַרק אַריין: „הפח נשבר ואנחנו נמלטנו‟... אַ מחנה פייגל פליט פאַרביי, כאַפּט אויף די ווערטער ווי אַ בשורה טובה. די פייגל זעצן באַלד איבער דעם שיר אויפן לשון פון זייער אייגענעם פרק שירה, און פאַר־טראָגן זייער ניגון אונטערן דאַך פון בית־המדרש.

ביסלעכווייז פאַרנעמט זיך דאָס אויפגעוואַכטע שטעטל אין דער זעלבער ריכטונג. מיט שריט געמאָסטן פון שולחן ערוך, דעם קאָפּ געבויגן, ניט דוחק צו זיין רגלי השכינה, גייט חיים שאול. אַ הויכער, שלאַנקער ייד, אָנ־געטאָן אין זויבערע, שוואַרץ־זיידענע מלבושים; אַ ציכטיקע גרוילעך־זיידענע באָרד; אַ פּנים אויסגעאיידלט פון דערהויבענע מחשבות און וואָס דריקט אויס אומצופרידנקייט מיט די דערגרייכונגען אין שלימות... יעדן דאָנער־שטיק שפּעט אין אָוונט קען מען זען חיים־שאולן ביים טיש קעגנאיבער

דעם עמוד פון קליינעם בת־המדרש לערנען חומש־רש״י, דאָס חומשל באַ־לויכטן מיט צוויי ליכטלעך. חומש־רש״י איז אַן אײדעלער ענין און די פלעמלענדיקע ליכטלעך שאַפן די ריכטיקע אַטמאָספערע. אַ נאַפטלאָמפּ וואָלט געווען — ווי רש״י זאָגט — „כדי שלא ירוח אותו צדיק...״

חיים שאול איז דער גבאי פון „ר׳ מאיר בעל־הנס״. רעדט ער וועגן ארץ־ישראל מיט דער בענקשאַפט פון „ציון הלא תשאלי״. זיין שטרעבן איז צו זען אַן אידעאַלן ציוניסט, אַ ייד דורכגעדרונגען מיט ליבע צו ציון — מיט אַ באָרד. ניט איינמאָל איינדערפרי,ביים דאַווענען, ווען ער קומט אין שכנות מיט ציוניסטישער יוגנט, פּרובירט ער זיך צו דערגרונטעווען דעם תכלית פון אָט דער ריכטונג אין יידישן לעבן.

„אַלע יוונים האָבן איין פּנים״, אָבער „יעדער ייד איז אַ משיח פאַר זיך״. פישל סופר, וועלכער קומט איצט אָן פון דער צווייטער זייט פון מאַרק, איז לויטן אויסזען אַ ייד פון זעלביקן שניט ווי חיים־שאול. אויך פישלס אויסזען איז „זייד און אַטלאַס״ און זיין דיבור האָט די איידלקייט פון אַ מויל, וואָס איז געוואוינט צו זאָגן און איבערזאָגן „למען קדושת ספר תורה״. פישל איז, אָבער, אַ ייד, וואָס איז שטאַרק צופרידן מיט זיין חלק. באַקאַנט אין דער גאַנצער געגנט ווי אַ סופר מומחה, וואָס זיין מלאכת־הקודש ווערט גוט באַצאָלט; לעבנדיק אין אַ וועלט אָן גויים און ניט דאַרפנדיק אָנקומען צו זיי, פילט ער אומעטום די אוירא דארץ ישראל. אַפילו עולם הזה איז אַן ענין, וואָס נאָר אַ ייד קאָן דערפון הנאה האָבן. „ווייס דען אַ גוי דעם טעם פון אַ דרימל פרייטיק נאָכן שוויץ?״ — זיינען פישלס פאָדערונגען אין יידישקייט אַ סך העכערע. ער קאָן ניט מוחל זיין אַפילו דעם קלענסטן שינוי אין חסידישן לבוש.

פישלס ברודער, הערשעלע זאַלץ, וועלכער איילט זיך שוין פון אַ צווייט ווינקל, איז אַ קליין, געשיקט יידל, מיט אַ בערדל ניט צו גרויס, און פאות קיילעכדיקע, געקרייזלט ווי פלעשעלעך. אַ שדכן און אַ מעל־סוחר, דינט ער ווי אַ מוסטער פון פרומקייט: ער איז מקפיד, אַז מען זאָל ניט רופן אַ יידיש קינד מיט אַ ניט־יידישן נאָמען; אַז ער קומט אַריין אין אַ הויז, וואו ער הערט דערמאָנען דעם נאָמען מאָניעק, אָדער שימעק, נעמט ער באַוועגן מיטן שטעקן, ווי ער וואָלט זוכן צו פאַרטרייבן אַ הונט פון אונטערן טיש און ווי איינער זאָגט: „וואָס עפּעס רופן אַ יידיש קינד מיט אַ הינטישן נאָמען?״

און אָט איז רחל, שמעון זעליקס, וואָס איז ניט הינטערשטעליק לגבי אַ מאַנספאַרשוין, אויב ס׳האַנדלט זיך אין געפינען דאָס אָרט וואו מען האַלט ביים דאַווענען אָדער אין אַזאַ זאַך ווי מוסר זאָגן.

עלעגאַנט, בנעימותדיק, שפּאַצירט קיווטשע לייסטנער, דעם שטעטלס ערשטער משכיל און בעל־טובה. קיווטשע איז זיכער צו זיין דער ערשטער צו שפּאַצירן אין דער זעלבער ריכטונג אויך נאָכמיטאָג, וואו ער פאַרברענגט עטלעכע שעה ביים רמב״ם. און אָט איז זיין שוואָגער הערש קליינמאַן, וועמענס געשטעל איז אַ גאַנצע וואָך אומטיילבאַר פון זיין גרויסער אייזן־קראָם, אָבער ווען עס קומט שבת, לעבט אויף זיין נשמה־יתירה אין דער וועלט פון מדרש רבה, וואָס ער לערנט מיט אַ גרופּע תלמידים.

און אָט איז זיין פרוי חיה־שבע. אַ יידענע אַזאַ „וואַזשנע״, אַז אַ גאַנצע זייט פונעם מאַרק ווערט גערופן אויף איר נאָמען „חיה שבע׳ס צאַל״. און מיט איר — איר מאַמע אין אַ שטערנטיכל פול מיט פּערל, וואָס טראָגט מיט זיך די חשיבות פון דעם הויפּט פון אַ משפּחה־דינאַסטיע. די „דאָזערעס״ זיינען פונקט אַזאַ מאַסיווער באַשטאַנד פון שטעטלדיקן יחוס, ווי די „סאַנ־קעס״, די וועלכע יעדער איינער כמעט רעכנט פאַר זיינעם אַ קרוב.

אינטערעסאַנט ווי יעדער ייד געפינט זיך זיין חלק אין דער תורה. עקיבא שמיד, למשל, פּירט אָן מיט אַ מיל און אַ טאַרטאַק, און די מעכאַנישע פונקציע פון זיין אונטערנעמונג איז ניט ווייניקער אויף זיין קאָפּ ווי די געשעפטלעכע ענינים. אין דער זעלבער צייט פירט ער נאָך אַ מין זייטיקע ליבע מיטן „עקדת יצחק״. דאָס חקירה־לשון פון בעל־עקדה ווערט גענוצט אין זיין רעדן ווי דער מדרש לשון פון שמואל־יוסף עגנון. אַז צוויי יונגעלייט פון בית־המדרש באַווייזן זיך אין מילהויף נאָך אַ נדבה, ווייסן שוין זיינע שותּפים, אַז עקיבא וועט פאַרשווינדן פון געשעפט אויף אַ שעה, כדי איינ־צולאַדן די געסט אין זיין הויז אַריין און מיט זיי איבערצושמועסן וואָס עס זאָגט דער בעל־עקדה אויף דער סדרה פון דער וואָך...

יענער זקן דאָרט, וואָס קומט מיט איילקע טריט, ווערט באַצייכנט אין בית־המדרש ווי אַן „אַנטיק אַ ייד״. דאָס איז ר׳ איציק קלמן־משה׳ס. ר׳ איציק צייכנט זיך אויס מיט זיין חריפות אין לערנען, פונקט ווי ר׳ שמעון פרישמאַן אַ צווייטער למדן און אַן „אַנטיק אַ ייד״, איז געשעצט פאַר זיין בקיאות. ווי אַ יונגערמאַן, האָט אים דער סאַנדזער רב, דער בעל „דברי חיים״, געוואָלט ביי זיך אין שטאָט, ער זאָל דאָרט פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון מורה הוראה. ר׳ איציק האָט אָבער פאַרגעצויגן צו זיין אַ ווייַן־סוחר. אויף די עלטער־ע יאָרן, ווען ער איז געווען אין דחקות, האָט ער מיטאַמאָל גענומען געפינען צוואַנציק דאָלאַר באַנקנאָטן אין זיין תפילין־זאַק. ער האָט לאַנג געפּאָרשט און נאָכגעקוקט, ביז ער האָט אויסגעפונען, אַז די דאָזיקע מתנות שטאַמען פון פּנחס ראָזמאַרין, אַ יונגערמאַן אַ לעדער־סוחר, וואָס איז אַליין אַ בן תורה

און בעל־גמילת־חסד. ר׳ איציק האָט צוריקגעגעבן די אָנגעזאַמלטע דאָלאַרן און זיך אַנטשולדיקט, וואָס ער קאָן ניט דערלויבן, אַז זיין תפילין־זאַק זאָל דינען פאַר דער מצוה פון „מתן בסתר״.

ניט ווייניקער אַן „אַנטיק אַ ייד״ איז הערשקע מלמד, וועלכער שפּאַצירט איצט אין זיין גרייז־גרויער זויבערקייט. די אַרבל פון זיין ריינעם שוואַרץ־זיידענעם כאַלאַט פאַררוקט איינער אין דעם צווייטן און זיינע שטיוול גלאַנצן, אַז מ׳קאָן זיך אין זיי אָפּשפּיגלען. הערשקעס ציכטיקייט און דערשיינונג קאָן בלויז פאַרגליכן ווערן מיט זיין אייגענעם חוש פאַר יושר, וואָס האָט ניט געוואוסט פון קיין קאָמפּראָמיסן. אַז די תלמידים ביי אים אין חדר האָבן זיך געפּרואווט לאָזן וואוילגיין אויף אַביסל צו־ווילדן אופן, פלעגט ער פאַרלייגן ביידע הענט און פרעגן מיט אַן איידעלן יושר־מאָנענדיקן טאָן: „איך וואָלט זייער וועלן וויסן, וואָס פאַר אַ פּירוש דאָס האָט?״ זיין דערפאַרונג מיטן רוסישן קאָזאַק איז אַ טייל פון שטעטלדיקן פאָלקלאָר:

ווען די רוסן זיינען אַריין אין שטעטל, אין דער צייט פון ערשטן וועלט־קריג, איז אַ קאָזאַק אַריין צו אים אין הויז און זיך אַרומגעקוקט וואָס ער קאָן דאָרט צורויבן. קיין שענערע זאַך האָט ער דאָרט ניט געזען, ווי הערשקעס גלאַנציקע שטיוול. הערשקע האָט אַזוי שנעל ניט פאַרשטאַנען דעם קאָזאַקס פאָדערונג, ער זאָל די שטיוול אויסטאָן. דער קאָזאַק האָט זיך ניט באַמיט אים צו געבן צו פאַרשטיין, ער האָט אים בלויז אַ שטויס געטאָן אַזוי, אַז ער איז אַוועקגעפאַלן, און דאַן האָט דער קאָזאַק אַרונטערגעצויגן זיין רויב און אַוועק, איבערלאָזנדיק זיינע אייגענע בלאָטיקע טרעטערס. אַז ער איז אַביסל געקומען צו זיך און זיך אויפגעשטעלט, זיינען זיינע אויגן געפאַלן אויף דער מתנה, וואָס דער קאָזאַק האָט אים איבערגעלאָזט. האָט ער, ווי זיין שטייגער, פאַרלייגט די הענט און געפרעגט אין זיין איידעלן טאָן: „איך וואָלט זייער וועלן וויסן, וואָס פאַר אַ פּירוש דאָס האָט?״...

וואַרט אַ ווײלע. אָט איז מענדעלע מאַדינער, וואָס זיין ספּעציאַליזאַציע איז חומש מיט מגידות. אַ קליין, צוזאַמענגענומען יידל, אַליין אַ מין „לקוטי תורה״. „גוטע ווערטער״ און „שאַרפע רעיונות״ קומען אַרויס פון זיין מויל, אַזוי גלאַטיק, גלייך ווי דער „כלי יקר״ צוזאַמען מיטן דובנער מגיד וואָלטן זיי דאָרט, אַליין אַריינגעלייגט.

בלויז עטלעכע שריט אַוועק איז בצלאל גרינשטיין. אַ ייד מיט באַגאַבונגען, געניגט צו פאַרטיילן צווישן אַ מנין מענטשן: דירעקטאָר פון דער קאָאָפּעראַטיווער קאַסע, לערנט ער אַ בלאַט גמרא מיטן עולם, זאָגט תהלים פון אויסנווייניק און רעדט פויליש גוט גענוג זיך צו קאָנען אויסטענהן מיטן

סטאַראָסטע. און וואָס שייך וועגן זיך דורכשמועסן מיטן רבונו של עולם, וואו געפינט מען נאָך אַ מער האַרציקן בעל תפילה?

די צאָל פון שול־גייער פאַרגרעסערט זיך כסדר. ס׳קומען יידן פון אַלע געסלעך: חסידים, „שיינע יידן" מיט ברייטע אַטלאַסענע כאַלאַטן איבער גרויסע טערקישע טליתים, פאַנטאָפל און ווייסע זאָקן, אַרויפגעצויגן איבער די הויזן; באַלעבאַטישע יידן מיט געפּאַסטע, „געהאַקטע", זיידענע בעקע־שעס, טליתים צונויפגעלייגט אין האַנט אָדער נאָכגעטראָגן פון אַ קינד; בחורים מיט סאַמעטענע קאַפּעליושן און געקרייזלטע פאות; ישיבה־ייִנגלעך מיט קיילעכדיקע פוילישע היטעלעך, שמאָלינקע דאַשיקלעך און לאַנגע אי־בערציערלעך, אַלץ אין שוואַרצן קאָליר; אַלטע ווייבער, אָנגעטאָן אין סאַמעט און אין אַטלאַס, באַפּוצט מיט שטערן־טיכלעך און שנירלעך פּערל, וואָס גייען איבער בירושה פון מאַמע צו טאָכטער; יונגע ווייבלעך, וואָס ווילן אויסטראָגן זייערע חתונה־קליידער, אײדער זיי גייען אַרויס פון דער מאָדע. — אַ גאַנץ שטעטל יידן — אויסגעפּוצט, באַשטריימלט, באַשלייערט און באַ־צירט — איז אויפן וועג צו דער שול און צום בית־המדרש.

די שול און בית מדרש געפינען זיך אויף מזרח זייט פון שטעטל אין אַ שטח, איבער וועלכן עס שוועבט די קדושה פון באַרימטן אַמאָליקן רב, ר׳ אברהם יהושע העשל, דער „אוהב ישראל". אין קאָלבסוב איז געווען זיין ערשטע רבנות. די לעגענדע ווייסט אַפילו צו דערציילן וועגן אַ פריערדיקער שטעלע וואָס דער דאָזיקער גרויסער צדיק האָט באַקליידט, און טאַקע אין ירושלים עיר הקודש, לאַנג, לאַנג צוריק, אין אַ פריערדיקן גלגול, ווען ער, זכותו יגן עלינו, איז געווען דער כהן גדול אין בית המקדש. חסידים גיבן צו, אַז יום־כיפור ביי מוסף, וואו עס ווערן דערמאָנט די ווערטער ווי זיי קומען אַרויס פון מויל פון כהן גדול בעת דער עבודה, פלעגט דער אַפּטער זאָגן די תפילה אין דער ערשטער פּערזאָן: „וכך הייתי אומר"... ווי אַ פערזענלעכע דערינערונג פון זיין אייגענער פונקציע אין יענע טעג, דאָרט, אויפן הר הבית... אָבער דאָ, אין קאָלבסוב אויפן שולהויף, איז געווען זיין אייז־קאַלטע מקווה, צו וועלכע „גוטע יידן" זיינען געגאַנגען מיילן צופוס פאַר דער זכיה זיך צו קאָנען טובל זיין.

צווישן די אַנטיקן פון דער גרויסער שיינער שול האָט זיך געפונען דעם אַפּטערס פאָן, מיט וועלכער די שפּעטערדיקע רבנים, ר׳ אברהם־אהרן און ר׳ יחיאל טייטלבוים, זיינען געפירט געוואָרן שמחת תורה צו די הקפות. דאָס קליינע בית־המדרש האָט געהייסן דאָס „אַלטע בית המדרש", ווייל דאָ איז געווען דעם אַפּטערס בית התפילה. דאָס גרויסע בית המדרש

איף דער צווייטער זייט פון קאָרידאָר איז אויך געררופן געוואָרן „די דירות", ווייל אין יענע חדרים איז געווען דעם אַפּטערס וואוינונג. אין שטאָט האָט נאָך געלעבט אַ זקן, יעקב ר' חיים'ס פון מעד־שענק, וואָס האָט געהאַלטן, אַז ער לעבט אין זכות פון די ברכות, מיט וועלכע דער אַפּטער האָט געבענטשט זיין זיידן, פאַר ברענגען יעדן פרייטיק חלות צום רבינס שבתדיקן טיש.

די רייך־דעקאָרירטע שול, מיט אירע דיקע פעסטונג־מויערן און פיר אָרנאַמענטירטע זיילן, וואָס שפּאַרן אונטער דעם הויכן סופיט — אַ מוסטער פון מאָדיפיצירטן רענעסאַנס סטיל פון שול־אַרכיטעקטור אין 16־טן יאָר־הונדערט — איז געווען געבויט גרויס גענוג צו קענען אויך אַריינגעמען די יידן פון די אַרומיקע דערפער. אַז עס זיינען געקומען די ימים נוראים איז דער שולהויף געווען פול מיט פויערישע וועגענער, באַלאָדן מיט באַלעבאַ־טישקייט און די שול אינעווייניק איז געווען פול מיט מתפללים. אַ גאַנץ יאָר האָבן דאָ געדאַוונט עמך־יידן, וואָס האָבן געפונען זייער שורש־נשמה אין ספר התהלים פון דוד המלך. אין איינעם פון די פּאַלישן איז געווען דאָס שולעכל פון דער חברה „יד חרוצים", דער פאַריין פון בעלי־מלאכות.

דאָס קליינע בית המדרש איז געווען דאָס אָרט פאַר חסידים און „לערנער", וועלכע האָבן זיך געפונען באַזונדער אינדערהיים צווישן די ווענט, פול באַשטעלט מיט ספרים. דאָס גרויסע בית המדרש האָט מיט זיך פאַרגע־שטעלט אַן אמתן פאַלקס־צענטער מיט דער גרעסטער פאַרשיידנאַרטיקייט פון כאַראַקטערן, שטאַנדן און אויפפירן, אָנהייבנדיק מיט בצלאל אָרגעל, דעם שטאָט־גביר, ביז יאָשע כהן, דעם וואַסערטרעגער. אַ קאַלירפולער רעגנבויגן פון יידן, איטלעכער אויף זיין פּלאַץ.

בצלאל, דער וואַלד־סוחר און אייגנטימער פון אַ מיל און אַ טאַרטאַק — אַ ייד מיט אַ קולטיווירט בערדל און קלוג־דורכדרינגדיקן בליק — האָט פאַרנומען זיין שטאָט אויף מזרח, ניט ווייט פון ארון־קודש. יאָשע כהן, דער וואַסערטרעגער מיט זיין ווילד־צעוואַקסענער, רויטלעכער באָרד און פאות, אין אויסזען ענלעך צום בילד פון אהרן הכהן אויף דעם שער־בלאַט פון זיידנס חומש, האָט פאַרנומען זיין אָרט ביי דער מערב־וואַנט, נעבן אויוון. דערפאַר, אַז עס איז געקומען יום־טוב צום דוכענען, פלעגט בצלאל דער גביר אַרונטערגיין פון זיין מזרח־שטאָט און זי איבערגעבן יאָשע כהן און ער בצלאל אַליין, איינגעהילט אין זיין טלית, פלעגט זיך אַרונטערבייגן און נאָכ־זאָגן „אמן" נאָך יאָשעס ברכת כהנים.

בכלל האָט דאָס גרויסע בית־המדרש מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ רייכ[ע] גאַלעריע פון פנימער און געשטאַלטן, וואָס האָבן איינער דעם צווייטן דער־

גענצט און צוזאַמען האָט דאָס אַלץ מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ וואונדערלעכע קאַנווע פאַר דעם אָנקום פון הייליקן שבת.

דער עולם דאַוונט געשמאַק. די גוט־איינגעבאַקענע שבתדיקע תפילות און ניגונים טראָגן זיך אַריבער מיט התלהבות פון איין בית המדרש צום צווייטן: „וכולם מקבלים עליהם עול מלכות שמים זה מזה, ונותנים באהבה רשות זה לזה"... איז שווער דאָ אונטערצושיידן צי דאָ רעדט זיך וועגן אַ דיאַלאָג צווישן צוויי כתות מלאכים אין הימל, אָדער צווישן די צוויי מחנות יידן פון גרויסן און קליינעם בית המדרש, וועלכע זיינען איצט פאַרנומען ביי דער זעלבער עובדה: „קדושה כולם כאחד"...

שאַ! מ׳לייענט! וואָס איז דער טומל? געקומען אַ חסידישער רבי פון ערגעץ ווייט. קיינער ווייס ניט זיין יחוס. „אשר לא ראו אבותיך". זיך אַוועקגעשטעלט ביים בעל קריאה און זיך גענומען אויסנוצן די תורה. אָנפאַנגענדיק פון דער רעכטער זייט אויף דער מזרח־באַנק, איז ער מכבד יעדן בעל הבית מיט דריי פסוקים. ס׳וועט דויערן מי יודע ביז וויפל אַזייגער. דעם עולם פאַרדריסט און אַלעמענס אויגן זיינען געווענדט צו משה יוספן.

משה יוסף איז אַ ייד אַ זריז. זיין שנעלקייט — צי בעת ער דאַוונט פאַרן עמוד, אָדער ווען ער שפרייזט שבת נאָך מיטאָג איבערן מאַרק צו זיין שיעור גמרא — זאָגט עדות אַז ער איז אַ ייד, וואָס ווייס אַז צייט איז ניט געמאַכט געוואָרן צום פאַרטאַכליעווען. ער איז באַזונדערס מקפיד קעגן זיין אַ „מטיל עול על הציבור". אַז ס׳קומט זיין ריי עולה לתורה צו זיין, פאַרענדיקט ער די דריי פסוקים, וואָס זיינען אים דערלויבט. משה יוסף זאָגט זיך אָפּ פון צו מאַכן אַ ברכה. אשר דערשאָוויץ, דער בעל־קריאה, איז אין פולער הסכמה און פאַרענדיקט דאָס לייענען אָן אָפּשטעל ביזן סוף פון דער סדרה. ביידע קריגן אַלעמענס דאַנקבאַרקייט: געראַטעוועט קהל פון אַ קאַלטן טשאָלנט.

נאָכן טיש, נאָך די זמירות, ווערט מנוחה אין די שטיבער. קינדער זיינען פאַרנומען מיט שליחותן, וואָס ברענגען אַ באַלוינונג עפּעס אין מויל אַריין. אַ יינגל מיט אַ חומשל אונטערן אָרעם גייט זיך פאַרהערן ביים זיידן און קריגן דער באַבעס „שבת־אויבסט". אַ בחורל מיט אַ קיילעכדיק פּויליש היטעלע און געדרייטע פּאהלעך, טראָגט אַ קישל ביר אין האַנט און חזרט זיך ניט צו פאַרגעסן צו זאָגן: „דער טאַטע מיט דער מאַמען האָבן געשיקט לכבוד דעם גאַסט". אַ קליין באַרוועס ברודערל לויפט נאָך אין דערוואַרטונג צו באַקומען אַ שאָקאָלאַדקעלע פאַרן וועג. אַ מיידעלע טראָגט אַ סיפאָן סאָדע־וואַסער, וואָס די מאַמע האָט געהייסן נעמען אויף באָרג אין צוקערניע, הויבט

איף דעם סיפּאָן אין דער הויך, שטעלט אונטער אַ נייגעריק מיילעכל און פּרואווט דערפון צאַפּן.

די מער דערוואַקסענע יונגוואַרג פאַרנעמען זיך אויף די סטעזשקעס פון גראַפס לאַנקעס, וואָס פירן צום וועלדל אָדער ווריינער באַרג, נאָכדעם ווי די מאַמעס האָבן דערמאָנט די טעכטער ניט צו פאַרגעסן און זאָגן „ברכי נפשי". אַ באַלעבאָסטע, וואָס איר פאַרטוישט טשאָלנט האָט זיך קוים אָפּגעזוכט, אײַלט זיך אַהיים צו אַ פאַרשפּעטיקטער סעודה, מיט אַ טאָפּ אײַנגעוויקלט אין אַ שמאַטע. שטעלט זיך אָפּ אויף אַ ווײַלע מיט אַ שכנה, כדי איר צו דערציילן די ביאָגראַפיע פון דער גאַנדז, וואָס איז פאַרוויקלט אין דער אונטערנעמונג.

אַ ייד פון גאַטשע געסל קומט אין מאַרק אַריין אין אַ צעקנעפּלטער בעקעשע, האַלט אַ קריגל אין האַנט, כדי צו נעמען אַ טרונק וואַסער, וואָס איז „בעסער ווי ביר"; אין אַ רעדל, ניט ווייט פון ברונעם, שטייען שלמה נוסבוים, יענקל קירשנבוים, איטשע זאַלעשיץ, אשר דערשאָוויץ — אַלע געהויבענע דזשיקעווער חסידים און אַלע אומצעטיילבאַרע טיילן פון דעם לאַקאָלן פּייזאַזש. מ'רעדט און מען אַמפּערט זיך. די טעמע איז: עליות, גבאות, סנדקאָות און ווי שווער עס איז צו קאָנען פּטור ווערן פון אַן אײַנגעזעסענעם קהלשן באַאַמטן. דערנעבן שטייט דער אַלטער הערשל קלמנס און שמייכלט אין זיין גרויער באָרד אַריין.

זינט דאָס שטעטל געדענקט, איז הערשל קלמנס דער גבאי פון דער חברה קדישא. אַזוי אַז עס האָט זיך אַמאָל אויסגעדאַכט, אַז די גאַנצע זאַך פון „מענטשן שטאַרבן" האָט זיך אָנגעהויבן מיט זיין אַמט, און אָן אים, ווי דער פאַרשטייער פון יענער וועלט, וואָלט מוזן זיין „ובלע המות לנצח". ביז, מיטאַמאָל, האָט זיך פאַרשפּרייט איבערן שטעטל די נייעס, אַז ער — הערשל קלמנס אַליין — האַלט ביים סוף פון זיינע טעג. זיינע חברים פון דער חברה קדישא שטייען אַרום בעט, וואו ער ליגט כמעט אומבאַוועגלעך. יעדער פּרואווט געבן זיין פאַכמענישע אָפּשאַצונג, ווי לאַנג עס וועט נאָך דויערן ביז יציאת נשמה. ס'איז ווי באַשלאָסן, אַז ווער ס'וועט אין זיין פאַרויסזאָג זיין דער נאָענטסטער צום אמת, דער וועט איבערנעמען דעם פּילבאַגערטן אַמט. פּלוצלונג באַמערקט זיך אַ באַוועגונג פון חולה, אַזוי ווי ער וואָלט געוואָלט עפּעס זאָגן. איינער פון עולם בייגט זיך צו נאָענט צו פאַרנעמען די שוואַכע שטימע פון קראַנקן, און ער גיט איבער צו זיינע חברים די לעצטע בקשה פון גוסס: „אַ פלעשעלע 96־קער"... אַ צוואה פון אַ שכיב־מרע מוז מען אויספאָלגן. ברענגט מען שנעל די משקה. דער חולה האָט

ווי עס איז אויסגעליידיקט דאָס פלעשל, און איז איינגעשלאָפן. צומאָרגנס, האָט דאָס שטעטל ניט געוואָלט גלויבן די אייגענע אויגן: דער אַלטער האָט שפּאַצירט איבערן מאַרק מיט זיין ליולקע־ציבעך, אַזוי ווי קיינמאָל גאָרניט...

די רעדלעך אין מאַרק גייען זיך ביסלעכווייז פאַנאַנדער. די פּאָליטישע און אידעאָלאָגישע דיסקוסיעס אונטער דיביימלעך ווערן איינגעשטילט. דאָס שטעטל דרימלט איין צום טאָן פון וועלוול ווישניצערס ניגון, ווידערהאָלנדיק די פראַזע: „שינה בשבת תענוג, שינה בש־ש־ש...״

ס׳איז שפּעט נאָכמיטאָג, אַז די שול און די בתי־מדרשים דערוואַכן צו פולער לעבהאַפטיקייט. אברהם אינזעלס תהלים אין שול האָט אַ ווייטן אָפּ־קלאַנג. דער בעלי־מלאכהשער „יד חרוצים״ לערנט פּרק. דער גרויסער בית־המדרש איז איינגעטיילט אין גרופּעס לערנער: אַט לערנט מען משניות; אַט זיצן לומדים און לערנען גמרא, דף יומי; אַנדערע חומש און רש״י; נאָך אַנדערע זיינען מעיין אין אַ מדרש; פאַראַן אויך יחידים וואָס לערנען זייערע וועכנטלעכע שעורים. אין קליינעם בית־המדרש זיינען אַלע פּלעצער פאַרנומען און די לופט איז איבערפולט מיט די קלאַנגען פון „אביי ורבא״.

אין דער זייט פון עמוד שטייט יאָשע שוחט, אַרומגערינגלט מיט אַ גרופּע בחורים פון דער ישיבה, און מען שמועסט צווישן זיך דורך אַ טיפע סוגיא. יאָשע איז אַ למדן, מיט אַ געזונטער לאָגיק און אַ קלאָרער הסברה, און זיין גאַנצער שטעל רופט אַרויס דרך ארץ. ניט ווייט שטייט משה קורץ מיט אַ גרופּע חסידישע יונגעלייט, און זאָגט פאַר זיי נאָך אַ וואָרט פון קאָזשעניצער מגיד, וואָס ער האָט ערשט געזען אין זיין „עבודת ישראל״; דאָס טאַקע דערמאָנט אים אַ מעשה־שהיה, וואָס איז פאַרלאָפן ביים שיניאַוואַער רבין.

פאַר משה קורץ איז אַפילו ניט נויטיק צו פאַרענדיקן דעם רעיון, וואָס ווערטער קאָנען סיי־ווי ריכטיק ניט אויסדריקן. נעמט ער אַ פולע האַנט מיט באָרד צום מויל צו און שווייגט, און די שיינענדיקע בליקן פון אַרו־מיקן עולם פאַרזיכערן, אַז אַלע האָבן תופס געווען דעם געדאַנק.

דער גמרא־ניגון פון די אַרומיקע טישן שטייגט העכער און העכער. אָבער משה קורץ באַמערקט דער ערשטער, אַז עס איז שוין צייט זיך שטעלן דאַווענען מנחה. טוט ער אַ קלאַפּ אין שולחן און גיט אַ זאָג, ווי אַ באַפעל פון הר־סיני: „וידבר ה׳ אל משה לאמר״...

בין השמשות — די דערהויבנסטע מאָמענטן פאַר יענע, וועמענס נשמה איז סענסיטיוו גענוג צו פאַרנעמען די דעליקאַטסטע טענער פון דער שבת־מעלאָדיע. בלויז די סודותפולע לידער, וואָס טראָגן אין זיך עכאָס פון דער ווייט־ווייטער קבלה־שטאָט צפת, זיינען מסוגל ריכטיק אויסצודריקן די

שטימונג. די קעניגין שבת, וועלכע האָט דאָ נעכטן דערגרייכט אויף די מיס־טישע פליגל פון דעם אין צפת פאַרפאַסטן „לכה דודי”, גרייט זיך איצט אין וועג אַריין, באַגלייט ווידעראַמאָל פון צפתער טענער.

— „בני היכלא דכסיפין”... — קלינגט דאָס געזעגענונגס־ליד אין דער טונקלקייט פון גרויסן בית־המדרש.

— „למקדשך תוב...” — איז דער „פאַרגעזונט” פון די טישן אין קליינעם בית־המדרש. און דער עולם פון שול און „יד חרוצים” שטייען אין ענגשאַפט צו נעמען זייער אָפשייד פון שבת המלכה, מיט דעם התלהבותדיקן אויסרוף פון „ה׳ מלך...” אין דרויסן, אויפן שול־הויף, שטייט חיים שמש און זיינע איגן זוכן אין די הימלען צו באַמערקן אַ שטערן.

אַביסל ווייטער אין מאַרק ווערט די שיידונג פון שבת באַצייכנט מיט אַ פאַרשנעלערטן טעמפּאָ פון די שפּאַצירער אויף דער „גאָלדענער צאָל”. דער וועכנטלעכער פּאַראַד פון ידישע טעכטער אין זייער בעסטער אויסשטאַ־טונג, ציט צו אַן ענדע. די גאַז־לאָמפּ אין מיטן מאַרק, אָט ערשט אָנגעצונדן, ווערט אַרויפגעצויגן העכער און העכער צו דער הילכיקער מוזיקאַלישער באַגלייטונג פון אַ מחנה ידישע קינדערלעך. פון די בענקלעך אויף די טראָ־טואַרן, אין אַלע פיר טיילן, טראָגט זיך די שטילע תפילה פון זייערע מאַמעס:

„גאָט פון אברהם, פון יצחק און פון יעקב,
באַהיט דיין פאָלק ישראל פון אַלעם בייזן און אַלעם שלעכטן.
מיר זענען דאָך נאָר יידן —
היינט איז טאַקע פרידן,
אָבער אויף מאָרגן, ווער ווייס אויף וואָס זיך צו ריכטן...”

## „קידוש לבנה”

דאָס איז געווען אין יענע אַלטע גוטע צייטן, ווען מענטשלעכע רשעות איז נאָך געווען איינגעצוימט אין די קייטן פון מאָראַל און די וועלט אין אַלגעמיין איז נאָך געווען יונג און אומשולדיק. די לבנה אין מיין שטעטעלע האָט דעמאָלט אויסגעקוקט אַזוי תמימותדיק פריש, אַזוי חנוודיק נאַאיוו, ווי דעם טאָג ווען גאָט האָט זי געוויזן צו משה רבינו אין מצרים און אים געזאָגט: „כזה ראה וקדש”...

אין זומערדיקע אָוונטן פלעגט זי נאָכפאָלגן די יונגע פּאָרלעך אויף זייערע שפּאַציר־גענג, אויפן בריק אין זוויערזשיניעץ, אויפן וורינער וועג און איבעראַל וואו יונגע הערצער זיינען זיך געגאַנגען קוויקן מיט גאָטס שיינער נאַטור.

וואָס שייך שידוכים אויספירן, פלעגט זי זיין אברהמלע נחומס, דעם

שטאָט שדכנס, רעכטע האַנט. געהאָלפן וויפל עס האָט זיך געלאָזט אינעם דערפאָלג פון „באַשוי״־צוזאַמענקונפטן, וואָס פלעגן געוויינלעך פאָרקומען אין אָוונט, זיך אויסבאַהאַלטנדיק פון „מראית העין״. אין דער צייט וואָס אברהמ־מעלע איז געווען באַשעפטיקט אין אויסגלייכן די סיכסוכים איבערן נדן, האָט זי זיך אָפּגעגעבן מיט פאַרגלעטן די פּגימות פונעם קרן אַליין. נישט איין הייראַטס־קאַנדידאַט האָט זי טאַקע אָפּגעטאָן אַ שפּיצל, און ווי אַמאָל ביים טאַטן יעקב איבערגעגעבן לאהן רחלס סימנים... אָבער אַז דער בעל דבר האָט זיך געכאַפּט אויפן טעות, איז שוין געווען צו־שפּעט, כאָטש גיי שריי חי־וקים... איבעריקנס, די לבנה האָט זיך פאַרן דאָזיקן אויסגעשריי קנאַפּ וואָס געשראָקן. עס איז דאָך ביי איר געווען אַ באַקאַנטע מאַנאַטלעכע באַגריסונג. ביים באַשטימען אַ זמן־חתונה האָט מען זיך, אַלעמאָל מיט איר גערעכנט. זי האָט זיך „פּערזענלעך״ באַטייליקט ביי יעדער חופּה אין מיטן מאַרק אָדער אויפן שול־הויף און נאָך יאָרן־יאָרן שפּעטער פלעגט זי דעם פאַרהייראַטן פּאָרל העלפן פירן די פאַמיליע־חשבונות.

בכלל איז זי געווען זייער פּאַרלעסלעך אין איר פּינקטלעכקייט. יעדן מאָנאַט, אַז עס איז געקומען די צייט פון „קידוש לבנה״ פלעגט זי זיך אָוועקשטעלן פאַרנאַכט איבערן גראָפּס לאַנקעס, מיטן פּנים צום שול־הויף, זיך שפּיגלען אין טייך נעבן דער בריק, וואַרטנדיק געדולדיק ביז קהל וועט פאַרענדיקן דאַווענען מעריב און דער שמש וועט געבן אַ קלאַפּ אין טיש „קידוש לבנה!״ דאַן פלעגט די גאַנצע עדה יידן, מיט ליכט און סידורים אין די הענט, זיך אַרויסלאָזן צום פייערלעכן מאַנאַטלעכן קבלת פּנים; און מיט וואָס פאַראַ פרייַנטלעכן, זיסן שמייכל זי פלעגט עס ענטפערן אויף די אַלט־באַקאַנטע באַגריסונגען. אַז עס איז געקומען צו „כשם שאני רוקד כנגדך״, פלעגט זי זיך אַמאָל, ווי פון באַשיידנהייט, באַהאַלטן אין שלייער פון אַ ניי־וויס וואָלקנדל און ערשט ווען דער חסידישער עולם האָט זיך אומגעקערט אין בית־המדרש מיט אַ הילכיקן געזאַנג פון „טובים מאורות״, האָט זי זיך אַנטפּלעקט אין איר פולער לויטערקייט, מיט באַנייטע כוחות פאַר איר מאָ־נאַטלעכן טורניי.

דער פייערלעכסטער קידוש־לבנה פלעגט פאָרקומען איין מאָל אַ יאָר: מוצאי יום־כיפור, נאָכן תענית, גרויס און קליין, מענער און פרויען זיינען אַרויסגעקומען פון שול און בית־המדרש אין יום־טובדיקע מלבושים מיטן טלית־קיטל און מחזורים אונטער די אָרעמס און איבערבלייבענישן פון די גרויסע יום־כיפור־ליכט אין די הענט, געהייליקטע, גערייניקטע, ממש נייע יידן מיט אַ נייער לבנה...

אַמאָל האָט עס אַפילו אויסגעוויזן, אַז זי האָט ווי בכוונה געוואָלט אויסמיידן די באַגעגעניש אויפן ניכטערן מאָגן און זיך ווי אויסבאַהאַלטן, כדי צו געבן דעם עולם אַ געלעגנהייט איבערצובייסן און ערשט נאָך דער סעודה האָט זי זיך באַוויזן אַ קלאָרע, אַ שיינענדיקע...

האָט זיך די ידיעה וועגן אַ „שיינער לבנה" שנעל פאַרשפּרייט איבערן שטעטל. יידן, אַפילו פון די הינטערגעסלעך, האָבן זיך געלאָזט אין מאַרק אַריין, כדי מקיים צו זיין די מצוה ווי דער דין איז: „ברוב עם הדרת מלך".

דאָ, אין מאַרק, האָט משה קורץ איבערגענומען די קאָמאַנדע. משה קורץ איז געווען אַ ייד, וואָס האָט ליב געהאַט אַ מצוה אהבת נפש. בפרט אַזאַ מצוה, ווען אַ שיינע לבנה מוצאי־יום־הקדוש איז עס דאָך אַ בפירושער סימן, אַז די תפילות זיינען נתקבל געוואָרן. פאַר משה קורץ, וואָס האָט כמעט נישט פאַרלאָזט דעם עמוד פון קליינעם בית־המדרש זינט ראש חודש אלול, איז אַן אויסגעלייטערטער הימל מוצאי־יום־כיפור געווען ממש אַ פּערזענלעכער טריומף.

אַז עס איז געקומען צו די ווערטער: „סימן טוב ומזל טוב" — האָט זיך דערהערט דער ניגון, וואָס די חסידים האָבן געהאַט געבראַכט שבועות פונעם רבין און וואָס איז שפּעטער אַראָפּטירט געוואָרן פון בצלאל גרינשטיין, דעם בעל מוסף, פאַרן ימים נוראימדיקן „תתקבל", און איז איצט שוין געווען דאָס אייגנטום פון שטעטל. האָט מען אַרויפגעלייגט האַנט אויף אַקסל, פּיס האָבן זיך געהויבן, אַ ראָד האָט זיך געפאָרעמט און מען האָט גענומען טאַנצן און זינגען „סימן טוב ומזל טוב יהא לנו ולכל ישראל, אמן" — אַ התלהבותדיק ריקודל, וואָס האָט אויסגעזען אַזוי ווי ער וואָלט זיך קיינמאָל נישט ענדיקן. די עטלעכע גויאישע צוקוקער פונדערווייטנס, האָבן אויסגעקוקט ווי פרעמדע, פאַרבלאָנדזשעטע אין אַ יידיש שטעטל — מיט אַ יידישער לבנה...

צייטנווייז האָט אונדזער העלדין אַפילו אויסגעזען אַ שטיפערין; זיך געפּרוּאווט צו שפּילן אין באַהעלטעניש, זיך געיאָגט פון איין וואָלקנדל צום צווייטן, דאָ אַהערגעקוקט בבחינת „מציץ מן החרכים", זיך באַוויזן פאַר אַ ווײַלע און ווידער זיך באַהאַלטן. אירע פאַרערער פלעגן עס אָבער אַלעמאָל אויפנעמען גוטמוטיק, וויסנדיק, אַז דערמיט איז זי נישט אויסן קיין בייז, נאָר טוט עס גלאַט אַזוי, זיך צו אַמוזירן.

איינמאָל, אָבער, האָט זי אָפּגעטאָן אַ שפּאַס, פון וועלכן דאָס גאַנצע שטעטל האָט זיך אַ לאַנגע צייט געהאַלטן ביי די זייטן פון געלעכטער.

אהרן מאיר ע"ה, איז ווי באַוואוסט, געווען אַ זעלטענער זריז במצוות.

נישט געווען אַ מצוה פאַר אים צו קליין, אַז ער זאָל זי נישט מקיים זיין מיט אַלע דקדוקים. שבת מברכים, למשל, פלעגט ער איבערלאָזן אַביסל ראָזשינקע־ווײַן פון שבתדיקן קידוש, כדי מקיים צו זיין ווי געהעריק די סעודה פון ראש חודש. פאַרשטייט זיך, אַז ער פלעגט זיין שטאַרק אָפּגעהיטן נישט צו פאַרפעלן אַ קידוש לבנה. זיינען אָנגעקומען די טריבע האַרבסטיקע טעג, ווען די הימלען זיינען געווען פאַרוואָלקנט וואָכן נאָכאַנאַנד, פלעגט אהרן מאיר וואָכן גאַנצע נעכט, כדי צו באַגעגענען אַ לויטערע לבנה.

האָט איינמאָל פּאַסירט אין אַ רעגנדיקן חשוון, אַז דער הימל איז געווען באַזונדערס אָנגעבראָגזט און וואָכן־לאַנג געווען פאַרצויגן מיט געדיכטע שוואַרצע וואָלקנס. עס האָט זיך שוין דערנענטערט דער „סוף זמן קידוש לבנה", יעדער האָט שוין געהאַט אויפגעגעבן די האָפענונג — טאַקע יעדער, אָבער נישט אהרן מאיר.

דאָס שטעטל איז שוין לאַנג געווען פאַרזונקען אין טיפן שלאָף, און אהרן מאיר האָט זיך נאָך אַלץ אַרומגעדרייט איבערן שול־געסל קוקנדיק אינעם בלייענעם הימל אַריין, מיט פאַרצערטע בליקן און אַ פאַרקלעמט האַרץ. נאָך אַ האַלבער שעה און דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן, אַז ער האָט פאַר־פעלט אַ קידוש לבנה...

אַז עס איז געקומען אַרום חצות, האָט זיך אין אים דערוועקט אַ פרישע האָפענונג. אַ ווינט האָט גענומען בלאָזן פון דרום זייט. דער זעלבער „רוח דרומית" אַפּנים, וואָס פלעגט אַמאָל שפּילן איף די סטרונעס פון דוד המלכס פידל נאָך האַלבער נאַכט אים אויפצואוועקן צו עבודת הבורא. זעט מען דאָך באַשיינפערלעך, אַז „דוד מלך ישראל חי וקים..."

באַלד האָבן זיך די וואָלקנס גענומען צעשפּרייטן און ווערן דורכזיכ־טיק. די לבנה האָט פון זיך גענומען אַרונטערוואַרפן איין שלייער נאָכן צווייטן און מיטאַמאָל האָט זי זיך אַנטפּלעקט — אַ פולע, פריש־געטובלטע, מיט איר גאַנצער מאַיעסטעטישער פּראַכט און כשופדיקן רייץ, ווי דער טאָג פון באַ־שאַפונג „קודם שמעוטה". וועלכער בן אדם, האָט זיך אהרן מאיר געטראַכט, אַפילו מיט בלויז אַ ניצוץ פון אַ נשמה, וואָלט עס געקענט זען אַזאַ הערלעך פּראַכטיקע לבנה און נישט אויסרופן מיט באַגייסטערונג: „ברוך יוצרך, ברוך עושך, ברוך קונך, ברוך בוראך?!..."

אהרן מאירס ערלעך האַרץ האָט אויפגעקוואָלן פון פרייד. אָבער אַז די שמחה זאָל זיין בשלימות, האָט מען געדאַרפט נאָך איין נס: יאָ, נאָך אַ ייד האָט מען באַדאַרפט. אַ ייד, אַן אייניקל פון אברהם, יצחק און יעקב, מיט וועמען מען זאָל קענען אויסטוישן דריי האַרציקע שלום עליכמס... איז

וואו נעמט מען נאָך אַ ייד אויפן שול־הויף נאָך האַלבער נאַכט? באַזונדערס, אַז אויף צומאָרגנס איז אַ יריד און דאָס שטעטל איז איצט פאַרזונקען אין טיפן שלאָף.

איינהערנדיק זיך אין דער שטילקייט פון דער נאַכט, האָט זיך פּלוצים דערהערט אַן אָפּקלאַנג פון טריט. אהרן מאירס האַרץ איז אויפגעשפרונגען פון חדווה. אָט קומט עס אַנשל שוחט — זיך אָפּנים פאַרשפּעטיקט אינעם שעכט־הויז. נישט קענענדיק זיך דערוואַרטן ביז דער בעל דבר וועט זיך דערנענטערן, האָט ער פונדערווייטנס גענומען אויסרופן אויף אַ הויכן קול: „שלום עליכם, שלום עליכם" אאַ"וו. אַנשל, אַ מידער, אַ האַלב־פאַרשלאָפענער, האָט זיך נאַטירלעך שטאַרק דערשראָקן פון דער שפּעטער באַגריסונג, וואָס האָט זיך אים אויסגעדוכט קומט פון דער שול, און האָט גענומען לויפן מיט אַלע כוחות. אַריינקומענדיק אין הויז אַריין, איז ער שיעור נישט אַוועק־געפאַלן אין חלשות...

אויפצומאָרגנס האָט אַנשל אין בית־המדרש געהאַט צו דערציילן אַ מעשה נורא, ווי די מתים האָבן אים אויפגערופן אין מיטן דער נאַכט און ווי ער איז קוים אַנטלאָפן מיטן לעבן. ערשט, אַז אהרן מאיר איז אָנגעקומען און אויפגעקלערט דעם ענין, האָט דער עולם גענומען לאַכן. מען האָט פאַר־שטאַנען, אַז דאָס איז געווען אַ שפּאַס אַזאַ, אָפּגעטאָן פון דער לבנה...

## „מיט מזל זאָלט איר לעבן"

„מערטשעם ביי אייך אויף שמחות" — איז געווען די פּאָפּולערסטע ברכה אויף די ליפּן פון ווייבער, וואָס האָבן געקאָנט ווינטשן. דער ענטפער צו „מזל טוב" איז תמיד געווען: „מיט מזל זאָלט איר לעבן". ווען אַ יינגל איז געבוירן געוואָרן, האָט געהייסן „געמאַכט אַ ברית" — געוואָרן, הייסט עס, אַ מיטשרייבער צו אברהם אבינו'ס קאָנטראַקט מיטן רבש"ע. די שמחה ביים געבוירן אַ מיידל איז געוואָרן באַצייכנט „געמאַכט אַן אויפשטאַנד" — דער עיקר איז דאָ געווען די דאַנקבאַרקייט, וואָס די פרוי איז אַרויס פון קימפּעט־בעט בשלום, ווייל פּראַקטיש האָט עס געמיינט — אונטערשרייבן אַ וועקסל, פאַר וועלכן מ'וועט דאַרפן זאַמלען גראָשן צו גראָשן במשך פון לאַנגע יאָרן. דערפאַר איז דאָס אויסלייזן פון דעם דאָזיקן וועקסל, וואָס האָט געהייסן „אויסגעבן אַ טאָכטער", געפּראַוועט געוואָרן אַזוי ברייטהאַרציק, ווי די אומשטענדן האָבן נאָר דערלויבט. צו דערלעבן און האָבן די זכיה צו פירן אַ טאָכטער צו דער חופּה אין הרחבה, און זיך האָבן איינגעשאַפן דעם ריכ־

טיקן אײדעם, איז די בעסטע עדות׳שאַפט פאַר דערפאָלג און דערגרײכונג, איז דערפאַר טאַקע: שפּילט כּלי־זמרים!

קײן חתונה־זאַל איז אין שטעטל ניט געװען און עס האָט קײנעם ניט אױסגעפעלט. די מערסטע דירות זײנען טאַקע געװען צו־קלײן פאַר אַזעלכע שמחות. אָבער יענע צװישן די קאָלבוסובער ײדן, װאָס האָבן געהאַט באַקװע־מערע װאױנונגען, זײנען אַלעמאָל געװען גרײט פאַרן כּבֿוד און פאַר דער מצװה פון „הכנסת כּלה״, העלפן און מאַכן די שׂמחה שענער און פרײלעכער. משהלע געצלס שלאָפּצימער, למשל, איז געװען אַ שטוב, גרױס װי אַ װאַלד. אַלץ װאָס מ׳האָט באַדאַרפט צו טאָן אין פאַל פון אַ חתונה אין שטעטל, איז געװען — אַרױסנעמען די בעטן און איר האָט געקענט טאַנצן װיפל אײער האַרץ האָט נאָר געגלוסט...

עס איז אױך ניט געװען קײן דוחק אין די געהעריקע פּראָפעסיאָנעלע פעאיקײטן צוצוגרײטן די חתונה. בײלע־העניע, די לעקעך־בעקערין, האָט אַ ברכה פון אַ גוטן ײדן, אַז בײ איר האָט זיך דער לעקעך תּמיד אױפגעהױבן און קײנמאָל ניט צוריקגעפאַלן. און װאָס שײך קאָכן, האָט איר זיכער געקענט זיך פאַרלאָזן אױף פרײדל אהרן מלמד׳ס, װאָס אַחוץ לערנען די מײדלעך דאַװענען און לײענען „צאינה וראינה״, פלעגט זי אױך נײען תּכריכים און קאָכן אױף חתונות. און קײנער האָט זיך קײנמאָל ניט באַקלאָגט, ניט אױף איר נײען און ניט אױף איר קאָכן.

װאָס שײך מוזיק, איז איטשע קלעזמער שטענדיק גרײט געװען מיט זײן קאַפּעליע. איטשלס מוזיקאַלישע פעאיקײטן, האָט אַפילו אַ טױבער גע־קענט אָפּשאַצן. עס איז גענוג געװען צו אָבסערװירן די העװיות אױף זײן פּנים, בעת ער האָט צוגעלײגט זײן אױער צו דער פידל, צו קענען אָפּשאַצן די װאונדערלעכע טענער, װאָס ער זוכט אַרױסצוברענגען פון זײן אינסטרומענט.

כּדי אָנצוהױבן די חתונה־װאָך װי עס באַדאַרף צו זײן, פלעגט איטשל מיט זײנע מיטשפּילער קומען מוצאי־שבת, באַלד נאָך הבדלה, כּדי אױפ־צושפּילן פאַר די מחותּנים. געװען אַפילו אַמאָל אַ מנהג, אַז די כּלה איז געפירט געװאָרן צו טבילה אין באַגלײטונג פון מוזיק, אָבער דאָס איז שױן געװען לאַנג אַרױס פון דער מאָדע, און איז בלױז פאַרבליבן בײ מאַנכע אין זכרון.

אַלץ װאָס מ׳האָט געדאַרפט אימפּאָרטירן פון אַ צװײטער שטאָט איז געװען אַ בדחן. דעם בדחנס פײאיקײטן זײנען נױטיק געװען, ניט אַזױ כּדי צו קענען פרײלעך מאַכן דעם עולם, װי צוליב דעם, אַז ער זאָל קענען װירקן מיט זײנע זאָגעכצן, אַז חתן־כּלה זאָלן ניט גײן צו דער חופּה מיט אַ צו־

גרינג געמיט... אַ חתונה דאַרף דאָך סוף־כל־סוף זיין אַן ערנסטע געלעגנ־הייט. און ווי קאָן מען זיין ערנסט און זיך ניט ביטער צעכליפּען בשעת מעשה?

די ליסטע פון פאַרבעטענע געסט איז איבערגעגעבן געוואָרן צו חיים שמש, וואָס איז געגאַנגען פון הויז צו הויז „בעטן" אויף דער חתונה. אָבער אויך פאַר די ניט־געבעטענע איז די שמחה געווען אַ געשעעניש. דאָס גאַנצע שטעטל איז געווען די בינע, וואו די אַקציע פון דער שמחה איז פאָרגעקומען: די פּיאַקערס מיט בחורים, וואָס זיינען אַקעגנגעפאָרן דעם חתן און טיילמאָל מיט אים אַרומגעפאָרן זיבן מאָל איבערן מאַרק; די מוזיק אין גאָס ביים „אַנטקעגנשפּילן" די מחותנים; דער פאַרקער הין און צוריק פון די יום־טובדיק אויסגעפּוצטע געסט צווישן די אכסניות, וואו חתן־כלה זיינען געווען איינגעקוואַטירט. און צום סוף, די חופה אויפן שול־הויף, אָדער גאָר אין מיטן מאַרק, באַלויכטן מיט ליכט און טיילמאָל אויך מיט שטורקאַצן.

אַחוץ די פּראָפעסיאָנעלע הענט, וואָס זיינען געווען באַשעפטיקט ביי אַ שמחה, זיינען אויך געווען פּריוואַטע טאַלאַנטן, וואָס זיינען שטאַרק צונוצגעקומען ביי אַזעלכע פריידיקע געלעגנהייטן. אַזעלכע זיינען געווען מיינע צוויי פעטערס, וואָס ס'איז וועגן זיי כדאי מער אויספירלעך צו דערציילן.

אין אונדזער משפּחה־באַלעבאַטישקייט האָט מען זיי גערופן: דער פעטער יאַנקל און דער פעטער אברהמלע. אָבער די דאָזיקע צוויי באַגאַבטע מענטשן האָבן קוים געקענט באַטראַכט ווערן ווי בלויז משפּחה־אייגנטום; זייערע פילזייטיקע טאַלאַנטן האָבן געהערט צום גאַנצן שטעטל. דער פעטער יאַנקל איז געווען אַ הויכער, שלאַנקער ייד, מיט אַ שם פון אַ מענטשן מיט וועלטלעכער דערפאַרונג. דער פעטער אברהמלע דאַקעגן איז געווען אַ קורץ־קיילעכדיק יידל, אַן אָנערקענטער תלמיד חכם. ער פלעגט אַלץ אויספירן מיטן שפּיץ פון זיין גראָבן פינגער.

אַז אַ רבנישע מחלוקה האָט זיך צעפלאַקערט און צעשפּאָלטן דאָס שטעטל אין צוויי מחנות, האָבן די דאָזיקע צוויי שוואָגערס זיך געפונען אין צוויי קעגנערישע לאַגערן און יעדער איינער האָט אַרגומענטירט אויף זיין כאַראַקטעריסטישן אופן: איינער מיט אַ ברייט־וועלטלעכן פאַרנעם און דער צווייטער מיטן גמרא ניגון. אין פרידלעכע צייטן, אָבער, האָט געהערשט אַ פולשטענדיקע האַרמאָניע צווישןביידן, און אַפילו די פעאיקייט ניט צו זיין איינשטימיק אין געוויסע פראַגן איז געווען געווידמעט לטובת דער גאַנצער קהילה.

אַז ס'איז פאָרגעקומען אַ סכסוך צווישן צוויי באַלעבאַטים אין ענינים

פון מסחר און פאַרמעגן און דער ענין האָט געדאַרפט אויסגעגליכן ווערן דורך אַ בוררות, איז דער פעטער יאַנקל תמיד געווען דער „שליש". און אַז דער קאָנפליקט איז געוואָרן שאַרפער און מער קאָמפּליצירט און ס׳האָט געדאַרפט אָנקומען צו אַ דין־תורה, פלעגט דער פעטער אברהמלע איבערנעמען זיך ראָלע ווי דער „טוען". ביים שליסן אַ וויכטיקן געשעפטס־אָפּמאַך, האָט זיך פעטער יאַנקל געוויינטלעך באַטייליקט צוערשט ווי אַ מעקלער ביים דורכפירן דעם משא־ומתן און דערנאָך געהאָלפן אויסאַרבעטן די תנאים פון קאָנטראַקט.

ביים אויספירן אַ שידוך, ווידער, איז נויטיק געווען די פולע קאָמבינאַציע פון פעטער אברהמלעס תורה און חכמה ביים אויסגלייכן די סכסוכים, וואָס פלעגן, געוויינטלעך, אויפקומען אין דער לעצטער מינוט, און זיין ספרא־רבא׳דיקע פען ביים איסשרייבן די תנאים. נאָר ווען ס׳איז געקומען צו דער חתונה, דאָ האָבן ביידע פאַראייניקט זייערע כשרונות און דער פולער פאַרנעם פון זייערע טאַלאַנטן איז געקומען צום אויסדרוק.

וואָס שייך אויפנעמען געסט, איז ניט געווען נאָך אַזאַ בריה ווי דער פעטער יאַנקל איז געווען. ער איז געווען אַזאַ פריינטלעכער, אַזאַ וואַרעמער מענטש, מיט אַזאַ צערטלעכער שטימע, אַז ווען ער האָט אַ זאָג געטאָן „ברוך הבא!" איז עס גלייך אַריין אין האַרצן און איר זענט געווען זיכער, אַז איר זענט דער סאַמע וויכטיקסטער גאַסט אויף דער שמחה. אונטער פעטער יאַנקלס השגחה האָט אַ גאַסט קיינמאָל ניט געקענט זיך פילן ניט־דערשאַצט. ווידער ביים פאַרוויילן דעם עולם, האָט דער פעטער אברהמלע פאַרמאָגט אַ טאַלאַנט, וואָס מען וואָלט קוים געקענט דערוואַרטן אין איין מענטשן און דערצו אין אַזאַ שלימות.

קודם כל איז ער געווען אַ גוואַלדאָוונער מומחה אויף די אַלע זאַכן, וואָס שטעלן צונויף דעם כיבוד ביי אַ שמחה. וואָכן פאַר אַ חתונה פלעגט מען אים איינלאַדן אין הויז פון דער כלה, כדי ער זאָל פאַרזוכן די אַלע משקאות און איינגעמאַכטסן, וואָס מען האָט אָנגעזאַמלט במשך פון יאָרן לכבוד דער דאָזיקער געלעגנהייט. דאָס גאַנצע הויזגעזינט פלעגט זיך פאַרזאַמלען אַרום טיש צו הערן די מבינות פונעם אָנערקענטן מומחה. דערצו איז ער געווען אַן אויסגעצייכנטער בעל מנגן. און וואָס שייך זיינע הלצות, ווערן זיי ביז דעם היינטיקן טאָג נאָכדערציילט מיט גרויס דערפאָלג. דאָס איז אָבער ניט אַלץ. עס איז אויך געווען אַ סיבה פון פּראַקטישער עקאָנאָמיע, וואָס האָט געמאַכט די צוזאַמענאַרבעט פון די צוויי פעאיקע מענטשן באַזונדערס וויכטיק.

די משפחות אין שטעטל זיינען געווען פאַרצווייגט. כמעט יעדער איינער

האָט באַלאַנגט צו די „סאַנקעס". אַז ס'איז געקומען צו אַ שמחה האָט מען געדאַרפט בעטן אַלעמען אין שטאָט. אָבער אַז מען האָט געדאַרפט אָנגרייטן צוקער־לעקעך פאַר אַזאַ עולם, אָן עין הרע, איז מען דאָך נאָך אַלעמען ניט ראָטשילד... צוליב דעם דאָזיקן מצב איז דער ענין לעקעך־שניידן ביי אונדז געוואָרן אַ ספּעציאַליזירטע אומנות און קיינער האָט ניט געקענט די דאָזיקע מלאכה בעסער ווי דער פעטער אברהמעלע. מענטשן האָבן זיך געוויצלט, אַז די פעאיקייט שטאַמט פון זיין כירורגישער דערפאַרונג — ער איז אויך געווען דער מוהל אין שטעטל...

פאַרשטייט זיך, אַז די דאָזיקע צוויי זאַכן האָבן ניט קיין שייכות איינע מיט דער צווייטער. לעקעך שניידן איז אַ גאַנץ באַזונדער פאַך. יעדנפאַלס איז ניט געווען קיינער וואָס זאָל קענען אַרויסבאַקומען אַזויפיל חלקים פון איין צוקער־לעקעך און די חלקים זאָלן אויסקוקן אַזוי אָנשטענדיק באַלע־באַטיש, ווי פעטער אברהמעלע האָט דאָס געקענט באַווייזן.

איצט וואָס שייך דעם פאַרטיילן דעם לעקעך, איז פעטער יאַנקל געווען ווי באַשאַפן דערצו. אַחוץ דער פריינטלעכקייט זיינער, וואָס האָט אים געדינט בעתן אויפנעמען געסט, האָט זיין הויכער וואוקס, מיט וועלכן ער איז געווען באַשאָנקען, דערמעגלעכט אַז בעת מיט איין לאַנגן אָרעם האָט ער אַרויס־גענומען דעם גאַסט מיט אַ האַרציקן „ברוך הבא", האָט ער מיט דער צווייטער האַנט געהאַלטן די טאַץ מיטן לעקעך אַזוי הויך, אַז קיינער האָט קיינמאָל ניט געקענט אַראָפּכאַפּן אַ צווייטע פּאָרציע. אַזוי אַז מיטן פעטער אברהמעלעס צעשניידן און פעטער יאַנקלס פאַרטיילן דעם לעקעך, איז תמיד געווען גענוג פאַר אַלעמען און מען איז געווען זיכער, אַז אַלצדינג וועט עולה יפה זיין און קלאַפּן כדין וכדת.

## דער בית־עולם

דער וועג צום „גוטן־אָרט" האָט געפירט דורך די שענדישאָווער גאַס, זיך פאַרקערעוועט ביים טומאה'לע און זיך געצויגן צווישן גרינע לאָנקעס, געלע לובין־פעלדער און הויך־דינע סאָסנאָווע ביימער.

טראָץ דעם, וואָס דער בית־עולם איז געווען אַ מהלך פון דריי קילאָ־מעטער פון דער שטאָט, און דער וועג אַהין האָט געפירט דורך טיפע זאַמדן, איז דאָך ס'הייליקע אָרט געווען אַ טייל פון דער שטאָט. יעדער קאָלבסובער ייד האָט דאָך געוואוסט, וואָס דער פּרק לערנט: „בכל יום יהיו בגדיך לבנים" — יעדן טאָג זאָלן דיינע קליידער זיין ווייס — ווייל די דאָזיקע וועלט איז בלויז אַ פּאָדערצימער, וואו מען דאַרף זיך צוגרייטן פאַר יענער וועלט, וואָס איז די עיקרדיקע וועלט.

חיים שמש, אָדער אויפן נאָמען פון זיין צווייטער פּראָפעסיע — „חיים דער מילכיקער״, האָט אָנגעהאַלטן אַ שטענדיקע קאָמוניקאַציע צווישן די לעבעדיקע און זייערע פאַרשטאָרבענע קרובים. גאַנץ פאַרטאָג, איידער ער איז געגאַנגען צו דער מעלק, פלעגט ער באַזוכן דאָס הייליקע אָרט און זיך אויסטענהנען מיט די שוכני־עפר. חיים פלעגט דאָ רעדן מיט אַלעמען „פּער דו״, אָנרופנדיק יעדן בר־מינן ביים ערשטן נאָמען. גייענדיק פון איין מצבה צו דער צווייטער, פלעגט ער איבערגעבן יעדע נייעס, וואָס קען נאָר אינטע־רעסירן דעם וואָס האָט געפונען זיין לעצטע רו אין דעם באַטרעפנדיקן קבר: ווער קרוב נויטיקט זיך אין אַ רפואה, ווער אין אַ גוטן זיווג פאַר זיין טאָכטער און ווער, אַז דער זון זאָל באַפרייט ווערן פון מיליטער. שפּעטער אויפן טאָג, פונאַנדערטראָגנדיק די מילך צו זיינע קונים, פלעגט ער אַריינקו־מענדיק אין אַ הויז, אַוועקשטעלן די צוויי גרויסע בלעכענע קאַנען און אָפּ־געבן אַ גרוס פון די נאָענטע נפטרים.

דער אָנפאַנג פון בית עולם איז איינגעהילט אין אַ לעגענדע. אַזוי ווערט דערציילט, אַז אין די גאָר אַלטע צייטן, ווען די קהלה אין קאָלבסוב איז געווען גאָר קליין, פלעגט מען פירן די נפטרים קיין פּשעלצעוו. איינמאָל איז דורך קאָלבסוב דורכגעפאָרן אַ גרויסער צדיק (לויט איין נוסח האָט ער געזאָלט זיין דעם אַפּטערס אַ ברודער), און איז דאָרט געשטאָרבן. ווען מען האָט דעם נפטר אַרויסגעפירט פון שטאָט, האָבן זיך די פערד אָפּגעשטעלט אויף אַ געוויסן פּלאַץ און האָבן בשום אופן נישט געוואָלט גיין ווייטער. מען האָט דאַן געטוישט די פערד און אויך די ניי־איינגעשפּאַנטע האָבן זיך נישט געוואָלט רירן פונ׳ אָרט. האָט מען עס אָנגענומען ווי אַ צייכן, אַז דאָס אָרט איז באַשטימט צו זיין דער „בית החיים״ און מען האָט אָפּגעקויפט דאָס שטיק פעלד פאַר דעם דאָזיקן צוועק. געווען ביז דעם אויסברוך פון צווייטן וועלט־קריג אַן אַלט־אָפּגעריבענע הילצערנע מצבה, וואָס יודעי דבר האָבן אויף איר אָנגעוויזן, ווי איף דער ערשטער יידישער מצבה אין קאָלבסוב.

יאָרן זיינען געלאָפן. די צאָל איינוואוינער אין דער קאָלבסובער יידי־שער געמיינדע האָט זיך פאַרגרעסערט און אין דער זעלבער פּראָפּאָרץ איז גרעסער געוואָרן די צאָל מצבות אויפן בית החיים. מען האָט צוגעקויפט אַ שכנות׳דיקן שטח באָדן, וואָס איז געווען באַקאַנט ווי דער נייער בית־עולם, כדי אים אונטערצושיידן פון אַלטן בית־עולם.

נאָכן פּאָגראָם פון 1919, ווען דער בית עולם איז מער נישט געווען זיכער פון וואַנדאַלן, האָט מען אויפגעבויט אַ צעמענטענעם מויער, וואָס האָט אַרומגענומען דעם גאַנצן שטח און פאַראייניקט ביידע פעלדער. די אַרבעט

פאַר דעם דאָזיקן מויער איז געטאָן געוואָרן פון אַ ספּעציעלער חברה אונטערן נאָמען „חברת בנין הגדר״, מיט יאָסל ראָזענפעלד, דער שול־גבאי, ווי דעם פאָרזיצער. די געלטער פאַר דעם דאָזיקן צוועק זיינען מערסטנס בייגעשטייערט געוואָרן פון אַמעריקאַנער לאַנדסלייט, וואָס זיינען פון צייט צו צייט אַהיימ־געקומען אויף קבר אבות.

דער גאַנצער אַרומגעצוימטער שטח איז געווען איינגעהילט אין שאָטן פון ביימער און האָט פונדערווייטנס געגעבן דעם איינדרוק פון אַ וועלדל, אויסטיילנדיק זיך אַזוי אַרום פון די אַרומיקע פעלדער. אינעווייניק איז דער באָדן געווען פרימיטיוו משופּעדיק, פאַרוואַקסן ווי פון ששת ימי בראשית, מיט אויסגעריסענע פלעקן פון געלן זאַמד.

ווען אימעצער איז אַריינגעקומען אויפן בית־עולם דורכן טהרה־שטיבל, האָט אַרומגענומען אַ הייליקער ציטער, וואָס האָט ווי געוואָרנט: „נעם אַרונ־טער די שיך פון דיינע פיס, ווייל דו שטייסט אויף הייליקער ערד״. די אויפשריפטן, די כלים, די מנהגים, אַלצדינג דאָ האָט אויף זיך געטראָגן די איינגעזעסנקייט פון דורות־אַנטוויקלטע טראַדיציעס, וואָס האָבן געצילט צו מילדערן דאָס אומהיימלעכע און אומבאַשטימטע, און איינגעהילט דעם אַרום אין אַ מיסטעריע.

נאָענט פון טהרה־שטיבל האָט זיך געפונען דער „אוהל צדיקים״ פון דער קאָלבסובער רבנישער גזע. די ערד דאָ איז אַלעמאָל געווען אַרומגע־שטעלט מיט ליכט, וואָס האָבן געברענט פאַר עלית נשמה און דער חלל — אָנגעפילט מיט תפילות און תהילים פון ייִדישע מענער און פרויען, וועלכע זיינען געקומען אַהער אויסגיסן זייערע הערצער און מתפלל זיין, און זוכן זכות ביי די צדיקים, וואָס רוען אויפן דאָזיקן אָרט. דער „אוהל״ איז געווען אַרומגערינגלט מיט די קברים פון דיינים, לומדים און אנשי־מעשה.

די אַלטע הילצערנע און נייע צעמענטענע און שטיינערנע מצבות האָבן אויסגעקוקט צעשטעלט אָן אַ סדר, ווי אויף דערווייל. ס׳האָט געמאַכט דעם איינדרוק ווי זיי וואָלטן צו יעדער צייט דערוואַרט דעם טאָג פון תחית המתים. דער כמעט איינהייטלעכער נוסח אויף די דאָזיקע מצבות: „איש תם וישר...״ האָט טרעפלעך כאַראַקטעריזירט דעם מין מענטש, וואָס צו זיין אָנדענק זיי זיינען געשטעלט געוואָרן. די ייִדן, וועלכע זיינען געקומען צו זייער אייביקער רו אין די דאָזיקע קברים, זיינען געוויינטלעך געווען ער־לעכע און תמימותדיקע ייִדן — ייִדן, וואָס באַלד ביים אָנקומען אויף דער וועלט זיינען זיי באַגריסט געוואָרן מיט אַ זינגענדיקן „שמע ישראל״ פון די „דרדקי דבי רב״, אין שטיבער אויסגעקלעפּטע מיט „שיר המעלות׳ן״ און

ביים אַוועקגיין פון דער וועלט זיי געזעגנט געוואָרן מיטן זעלבן „שמע ישראל” פון אַ מנין „חברה קדישא”־לייט און וואָס זייער וועג, פון ערשטן „שמע־ישראל” ביזן לעצטן, איז געווען גענוי אָנגעצייכנט פון „שלחן־ערוך”, באַזירט אויף תורת־משה און אַנטוויקלט דורך טויזנט־יעריקע טראַדיציעס. דאָס זיינען געווען יידן, וואָס זייערע חטאות נעורים זיינען אָפּגעוואַשן גע־וואָרן דורך זודיקע טרערן פון יום־כיפור׳דיקע ווידויים; יידן, וואָס זייערע מחשבות זרות זיינען געלייטערט געוואָרן פון די הייליקע ווערטער פון דוד המלך׳ס תהילים און פאַרטאָגעדיקע מעמדותן, דורך תעניתים, סגופים און יסורים.

דער בית־הקברות איז געווען דורכגעזאַפּט מיט טרערן, ווי יעדער פלאַץ וואו די רעשטלעך פון אַ לעבן ווערן געבראַכט צו קבורה. ס׳זיינען, אָבער, געווען דאָ טרערן, וואָס בלויז יידן האָבן צעווייטיקטע געלאָזט פאַלן פון זייערע אויגן; די שטומע מצבות זיינען געבליבן עדות פון אַזעלכע טרוי־עריקע געשעענישן.

אָט איז אַ מצבה איבער אַ טאָפּלטן קבר, אויף וועלכן עס איז אויס־געמאָלן אַ פאַרצווייגטער בוים מיט אַ יונג ביימעלע —ביידע אונטער־געהאַקט... — דאָס איז אַ מאַמע מיט אַ קינד אכזריותדיק אומגעבראַכט געוואָרן. צוליב וואָס? ס׳איז אַ צווייפל צי די מערדער אַליין האָבן עס גע־וואוסט...

אָט איז אַ ברודער־קבר פון צען הרוגים, וועלכע זיינען אומגעקומען דעם 6־טן מאַי, 1919, פון די הענט פון פּאַלאַקן, וואָס האָבן געפּייערט זייער ניי־געוואונענע אומאָפּהענגיקייט. אַ ברידער־קבר פון קדושים, וואָס זיינען אומגעקומען אומשולדיק, ווען די וועלט האָט זיך אָנגעטאָן אין מאַיאָווע פריי־לינגס־בגדים... דאָס בלוט פון מאַנכע פון די דאָזיקע הרוגים איז טאַקע פאַר־גאָסן געוואָרן דאָ אויפן בית עולם, ווען פיל האָבן זיך דאָ אויסבאַהאַלטן צווישן די מצבות אין דעם טאָג פון פּוילישן פּאָגראָם. דאָס איז געווען אין אַ דינסטיק, ווען טויזנטער פויערים פון די אַרומיקע דערפער האָבן זיך פאַר־זאַמלט אין שטעטל — נישט ווי געוויינטלעך, כדי צו האַנדלען אויפן יריד — נאָר צו רויבן און מאָרדן. דער דאָנערשטיק שפּעטער האָט געזען אַ שורה לויות, ביטער באַוויינט פון פאַרבלוטיקט־באַנדאַזשירטע באַגלייטער.

די דאָזיקע עשרה הרוגים האָט מען מקבר געווען אין די קליידער, אין וועלכע זיי זיינען אומגעקומען, מיט סימבאָלישע מעסערלעך ביי דער זייט און אַ תפילה פאַר נקמה. באַלד נאָך די דאָזיקע געשעענישן איז אויסגע־בראָכן אַ מגפה אין די אַרומיקע דערפער, פון וועלכע ס׳האָבן געשטאַמט די

פאָגראָמטשיקעס. די פרומע קאַטאָליקן האָבן עס אָנגענומען ווי אַן אויסדרוק פון געטלעכער נקמה און יעדע נאַכט האָבן אַנדערע צוריקגעבראַכט און אונטערגעוואָרפן גזילות פון פאָגראָם.

דער דאָזיקער גרויזאַמער פוילישער פאָגראָם איז געווען בלויז אַ קליינער אינצידענט, אין פאַרגלייך מיט דער ריזיקער מאַסן־רציחה פון דער צווילדעוועטער טעווטאָנישער חיה, ווען יעדן טאָג איז די ערד אויפגעטרייסלט געוואָרן פונדאָסניי און געצוואונגען געוואָרן צו פאַרדעקן די בלוטיקע שאַנד פון פרישע הייסע רציחות, געפלאַנטע אין קאַלטע גזלנישע מוחות, ביז... ביז דעם גרויזאַמען טאָג פון „גרוש", ווען די צום טויט פאַרמשפּטע איינוואוינער פון דער יידישער געטאָ איז מער נישט דערלויבט געוואָרן, אַז זייערעביינער זאָלן געלייגט ווערן נעבן די ביינער פון זייערע אבות; ווען איינזאַם און פאַרלאָזן איז געבליבן דער קאָלבסובער „בית עולם"...

* * *

די תמימים וישרים פון אַלטן קאָלבסובער דור זיינען איינגעשלאָפן זייער אייביקן שלאָף מיט אַ חלום, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ צוזאָג, פון הייליקן אַפּטער צדיק, דעם „אוהב ישראל", אַז ווען משיח וועט קומען און יידן וועלן זיך אומקערן קיין ארץ־ישראל, וועט קאָלבסוב זיין צווישן די ערשטע קהילות אויסגעלייזט צו ווערן...

## דריי בילדער פון קאָלבושאָווער ירידים





קאָלבושאָווער תלמוד־תורה פאַרוואַלטונג פאַרן קריג



די מצבה אויפן קבר פון אַלטן רב ר׳ אברהם־אהרן טייטלבוים



יאַנקל קירשענבאַום



חיים שמש און די אומפאַרמיידלעכע פאַטשיילע
מיט זיין זון



ר׳ שלום שער

בערטאַ פערדערבער־זאַליץ

# וועגן געשעענישן און מענטשן

.1

## מיין שטעטל און מיין געסל

איך בין שטאָלץ אויף מיין שטעטל, און נאָך מער בין איך שטאָלץ אויף מיין געסל, דאָרט וואו איך בין געבוירן געוואָרן, געוואַקסן ביז מיינע אַכצן יאָר, וואו ס'איז אויסגעפּאַרעמט געוואָרן מיין גאַנץ וועזן און מיין נשמה האָט איינגעזאַפּט אין זיך אַלע זאַפטן פון אַ מענטש און אַ ידישער טאָכטער.

מיין געסל... פאַר מאַנכע היימישע מענטשן האָט עס גאָר קיין באַדייט נישט געהאַט. אדרבא, מען רעדט דערפון מיט גרויס חחוק, מען זאָגט צו מיר, אַז איך האָב געוואוינט „נעבן"... נאָר ווי געווינלעך לאָז איך זיי נישט ענדיקן. איך אַליין גיב צו: „נעבן באָד, נעבן שעכט־שטיבל, נעבן דער שול, נעבן דער יאַטקע, נעבן בית־המדרש, טאַרגאָוויצע און נעבן דער גרויסער אָרעמקייט פון שטעטל". און טאַקע דאָס „נעבן" האָט מיר געגעבן מיין גאַנצן לעבנסשטייגער און כח אָנצוגיין מיט אַ לעבן. צי שיין אָדער מיאוס — דאָס איז געווען מיין שטעטל און מיין איגן געסל...

אין מיין שטעטל איז מיר גאָרנישט געווען פרעמד. געקענט האָב איך יעדעס געסעלע, יעדע שטוב, יעדן מענטש — גרויס און קליין — זייערע גוטע און שלעכטע אייגנשאַפטן, זייער איסוזען, זייערע צונעמען, זייערע געשעפטן און זייער פירעכץ לגבי זייערע אייגענע און לגבי פרעמדע.

היינט, אין אַ דיסטאַנץ פון יאָרצענדליקער שטעלט זיך פאַר מיינע גייסטיקע אויגן, פאַר מיין פאַנטאַזיע דאָס שטעטל אין זיין גאַנצער פראַכט. דער מרחק פון יאָרן מאַכט מיך נאָך מער זען די שיינקייט און די פשטות פון מיין שטעטל, די תמימותדיקייט פון די מענטשן אין מיין געסל, זייער צוריק־געהאַלטנקייט און אַפּטע עשירות אין דעם אָרעמען אָרום.

מיין קאַלבושאָוו, מיט ווייטיק אין האַרצן דערמאָן איך דיך! ביסט געווען אַ ידיש שטעטל, ווי אַלע אַנדערע ידישע שטעט און שטעטלעך אין פוילן, וואָס זיינען אַזוי אומברחמנותדיק פאַרשניטן געוואָרן פון דעם גרעסטן רשע פון אַלע צייטן און וועלטן. קיינמאָל וועט זיך מיין אבלות און טרויער

פון מיר נישט אָפּטאָן! אייביק וועלן אַרויסלייכטן די אומשולדיקע קרבנות און אַרויסשטראַלן מיט ליכט פון אַלע הייליקייטן — די הייליקייטן פון ידישע מעלות און די הייליקייטן פון ידישע חסרונות. — ווייל זיי זיינען אַלע גע־בליבן במעלות קדושים וטהורים!...

אַ שטעטל מיט טייערע שיינע ידין, הדרת־פנימער, תלמידי־חכמים, מיט ישיבות, תלמוד־תורהס, מיט חברות מכל המינים, וואָס האָבן זיך גערופן מיט אַזעלכע נעמען ווי בקור־חולים, חברה־קדישא, גמילת־חסדים, לינת־הצדק, תומכי־עניים, יד־חרוצים, תומכי־תורה; אַ שטעטל מיט וועלטלעכע אָרגאַני־זאַציעס און פאַראיינען פון אַלע וואַריאַציעס — נאַציאָנאַלע, קולטורעלע און פּראָפעסיאָנעלע — אַ שטעטל, ווי הונדערטער אַנדערע, וואָס די ידין דאָרט זיינען געווען גרייט אין אַלע צייטן צו העלפן איינער דעם צווייטן מיט מסירת־נפש בפרהסיא און בסתר.

אין דער זעלבער צייט האָבן די מענטשן געהאַט נאַרמאַלע מענטשלעכע נאַטורן, זיי זיינען ווייט ניט געווען קיין מלאכים. אַוודאי איז געווען קנאה־שנאה, קאָנקורענץ, קריגערייען צווישן יחידים און צוויסטיקייטן צווישן פּאַר־טייען. שטאָלץ איז קאַלבושאָוו געווען מיט דעם פאַקט, וואָס איינער פון אירע רבנים איז געווען דער אָפּטער רב, דער אוהב־ישראל, וואָס האָט דאָ געלעבט און דאָ איז געווען די מקווה אין וועלכער דער דאָזיקער הייליקער ייד פלעגט זיך טובלען, און אין דעם זכות פלעגן אין שפּעטערדיקע יאָרן קומען קיין קאַלבושאָוו צדיקים ויראים זיך אונטערטונקען אין אירע וואַסערן מיט דער האָפנונג און איבערצייגונג, אַז זיי וועלן געהאָלפן ווערן.

מיין היים איז געווען אַ ירושה־שטוב פון דורות. מיין מאַמע האָט זי געקראָגן פון אירע עלטערן. איר פאָטער, דער זיידע ירוחם, האָט די ירושה געהאַט פון זיינע עלטערן, בשותפות מיט זיין ברודער, דעם פעטער יהושע; בײדע זיינען געווען היפשע אָרעמעלייט, מלמדים. מיין מאַמעס מוטער, די באָבע דאָברע־ביילע, וואָס איך הייס נאָך איר, האָט צוגעהאָלפן אין דער פרנסה; זי האָט פאַרקויפט מילכיקס.

מיין זיידע, ירוחם, איז געווען אַ גרויסער מכניס־אורח. ער איז אויך געווען אַ גאַנצער דאָקטאָר אין שטעטל, און טאָקע מיט אַ פאַרנעם — מיט אַ גאַנצן שטאָב צוהעלפער, ווי ר' אביגדור ר' אלישעס, הערש־מענדל סופר א. אַ., וואָס איך געדענק נישט אויסצורעכענען. אַ געלעגער — נישט קיין דאגה: אָפּירגענומען פון הינטער דעם קאָפּ פון זיין בת־יחידה (מיין מוטער) דאָס קישן, און אונטערגעלייגט איר קלײדל, אַראָפּגענומען דאָס בעטגעוואַנט און זי צוגעדעקט מיט זיין שבתדיקן טוליפ, געגעבן איר אַ וואַרעמען גלעט

אין קעפּל און געזאָגט: „דו, אַ יונג קינד, וועסט אַזוי אויך גוט שלאָפן; דער ייִד איז אָבער געפּרווירן און צעבראָכן, אַ גרויסע פּראָסט אין דרויסן"...

וואו אַ קראַנקייט, אַן אָנשטעקנדיקע אָדער סתם אַ חולאת, האָט ער מיט זיין חברותא געברענגט הילף און באַזאָרגט די שטוב מיט שטיצע. ווען עמע־צער איז חלילה אַוועק פון דער וועלט, האָבן זיי אַלע פאַרלאָזענע יתומים קינדער פאַרזען, געוואַשן און גערייניקט.

געשטאָרבן איז מיין זיידע אַרום 1880, קוים אַלט געווען 40 יאָר, געהאַט נאָר־וואָס חתונה געמאַכט זיין בן־יחיד, מיין פעטער, חיים־זעליג.

מיין זיידע פלעגט מיט זיינע חברים צוזאַמען פראַוועס מלוה־מלכהס, יעדן שבת־נאַכט אין זיין הויז. מיט וואָס זיי מכבד צו זיין האָט ער, נעבעך, נישט געהאַט, אַזוי, אַז יעדער האָט עפּעס געדאַרפט אָפּשפּאָרן פון דער שבתדיקער סעודה און שבת־צו־נאַכטס מיטגענומען דאָס אויף אַ טעלערל צום זיידן אין הויז. די באָבע פלעגט דאָס צוזאַמענצעמען און דערלאַנגט הייסע טיי, און מען האָט זיך געלאָזט שמחהדיק וואוילגיין... טרעפט אַמאָל, אין אַ פראָסטיקן שבת־צו־נאַכטס, אַז איין חבר, וואָס האָט געטראָגן זיין אָפּגעשפּאָרט פּופּיקל אויף אַ טעלערל, צום זיידנס הויז, האָט זיך אין דער פינצטערניש אויסגעגליטשט און פאַרלוירן דאָס פּופּיקל; אַוודאי האָט ער נישט געקאָנט מוותר זיין דערויף און געוואָלט עס געפינען. האָט ער געזוכט אין דעם שניי און ס'האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער האָט עס. די באָבע האָט דאָס טעלערל פון אים צוגענומען און געוואָלט דאָס פליש צוזאַמענעמען. אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז אין טעפּל איז זיך צעגאַנגען דער שניי און דער אייז־פאַרפרוירענער פערד־אָפּפאַל איז צעטייעט געוואָרן אין ראָסל... אַ פאַרשטערטע סעודה געווען.

נאָך זיין טויט האָט ר' ירוחמס אידעם, מיין פאָטער, וועלכן ער האָט נישט דערלעבט צו קענען, איבערגענומען זיין דאָקטאָרשע קאַריערע און אַנדערע קהלשע אַרבעטן.

מען דערציילט נאָך, אַז מיין זיידע, ירוחם, האָט געזאָגט צו זיין חתונה־געמאַכטן זון, אין בית־המדרש, נאָכן דאַווענען, אַז ער מעג געבן בראַנפן און צובייס. האָט אים דער זון געפרעגט: „וואָס איז די שמחה, טאַטע?"

— „קיין שמחה איז עס נישט. נאָר זאָל זיך דיר דאַכטן, אַז דו האָסט יאָרצייט נאָך דיין טאַטן און גיסט תיקון, און איך אַליין טרינק אויך אַ לחיים. איז דאָס נישט אַ שמחה?..."

באַלד נאָך דעם איז ער געשטאָרבן.

.2

## מיין פאָטער, דער שטאָט־דאָקטער

אין שטאָט זיינען געווען צוויי אמתדיקע, לעגיטימע דאָקטוירים. א חוץ זיי זיינען אויך געווען זייטיקע דאָקטוירים און דאָקטאָרשעס — איינער אַ רופא, בנימין, וואָס איז געווען אַ גרויסער מומחה אויף האלדז־שלאָפקייטן און איז געווען אַ ספּעציאַליסט אַ באַנקע־שטעלער; געווען אַ פרוי, וואָס איר ספּעציאַליטעט איז געווען צוריקאיינשטעלן אַן אויסגעלענקטע האַנט און אין אַ קראַנק אויג מיט אַ לישקע אַריינבלאָזן דורך אַ רערל פון אַ גענדזענער פּעדער, מעל־צוקער; אַן אַנדער פרוי האָט אויסגעברענט אַ רויז, אַרויפלייגנ־דיק אַ רויט שטיק געוואַנט און מיט אַביסל פלאַקס אַנגעצונדן איבער דעם געשוואָלענעם אָרט — מיט דער רויז, און האָט אויך געקענט אָפּשפּרעכן אַן עין־הרע. די אַלע זאַכן האָבן געהאָלפן, און די קראַנקע האָבן באַלד געהאַט אַ רפואה און געזונט געוואָרן.

מיין פאָטערס ספּעציאַליטעט איז באַשטאַנען אין פאַרריכטן אַ שלעכטן פוס אָדער האַנט, און הויפּטזעכלעך העלפן אַ געבראָכענעם, ביי וועמען די קישקעס זיינען אַרויס. געוואוסט וועגן מיין פאָטער, האָט נישט נאָר דאָס ידישע קאָלבושאָוו, נאָר טאַקע אויך די קריסטן האָבן וועגן אים געוואוסט און ער האָט געשמט אין דער גאַנצער געגנט.

מאַכט זיך אַמאָל, אַ יום־כפור, קומט צו פאָרן אַ פּריץ, זיך זען מיט דעם סטאַראָסטע. דער פּריץ פון אַ דאָרף האָט געליטן פון אַ ברוך. ער האָט זיך פאַרגעסן און האָט געגעבן אַ שפּרונג פון זיין קאַלאַסקע, און דאָס אינ־געווייד איז אים אַרויס. באַלד האָט מען אים אַריינגעטראָגן אין דער קאַנצע־לאַריע צום סטאַראָסטע, און געלאָזט שיקן נאָךביידע שטאָטישע דאָקטוירים. דער פּריץ האָט זיך דערווייל געקאָרטשעט פון די גרויסע ווייטיקן. די דאָקטוירים האָבן זיך באַמיט צו פאַרלייכטערן די שמערצן, אָבער בעסער איז ניט געוואָרן און די יסורים האָבן זיך נאָך פאַרגרעסערט. האָבן די דאָקטוירים באַשלאָסן, אַז מען מוז אויפן אָרט אָפּערירן, אָבער קיין כירורג איז ניט געווען אין שטעטל, אויך ניט וואו צו אָפּערירן: ניטאָ קיין שפּיטאָל, און ניטאָ קיין אינסטרומענטן; מען דאַרף אים נעמען אין אַ גרעסערע שטאָט — האָבן די דאָקטוירים באַשלאָסן — אָבער, מען טאָר אים נישט רירן, ווייל ער וועט אויסגיין. האָבן זיך ביידע דאָקטוירים אָפּגערופן, אַז זיי ווייסן פון אַ ייד, וואָס וואָלט געווען אימשטאַנד צו העלפן אין דער לאַגע. דער סטאַראָסטע האָט געשיקט צוויי פּאָליציי־לייט אין קליינעם בית־המדרש, צו מיין פאָטער. נישט זאָגנדיק נאָך וואָס און צוליב וואָס, האָבן זיי מיין פאָטער אַוועקגענומען פון

שחרית־דאַווענען, און געהייסן אים נאָכגיין. האָט מען אַזוי געפירט מיין פאָטער איבער דער שטאָט, אין שטריימל און בעקעשע, אין סטאַראָסטווע אַריין — דאָס גאַנצע שטעטל האָט געמיינט, ווער־ווייסט וואָס פאַרא פאַרברעכן מיין פאָטער איז באַגאַנגען... ערשט ווען ער איז אַריינגעקומען, האָבן אים די דאָקטוירים דערציילט און אָנגעוויזן אויף דעם מאַן און געבעטן אים, ער זאָל זען עפּעס אים העלפן. מיין פאָטער האָט זיי געענטפערט, אַז אויב זיי, צווי הויכ־געשעצטע דאָקטוירים, קענען אים נישט העלפן, ווי אַזוי קאָן ער, אַ פּראָסטער ייד, העלפן? „און אויב איך זאָל אַפילו וועלן עפּעס טאָן" — האָט מיין טאַטע צו זיי ווייטער געטענהט — „איב עס וועט אים עפּעס שלעכטס געשען, וועט עס דאָך אויספאַלן צו מיין קאָפּ"... האָט דער סטאַראָסטע מיט ביידע דאָקטוי־רים פאַרזיכערט מיין טאַטן, אַז דאָ איז גאָרנישט דאָ וואָס איינצושטעלן, ווייל קיינער קאָן גאָרנישט העלפן, און אויב אין פאַרלויף פון די קומענדיקע עטלעכע שעה וועט מען אים פאַרנאָכלעסיקן, וועט דער חולה סיי־ווי ניט אויסהאַלטן. — „מיר וועלן שטיין און זיין מיט דיר" — האָבן די דאָקטוירים מיטן סטאַראָסטע מיין טאַטן פאַרזיכערט — „און מאַך אַ פאַרזוך דעם מענטשן צו ראַטעווען".

ניט געווען מער קיין אויסוועג. מיין פאָטער האָט באַפוילן אַריינצוברענ־גען אַ לאַנגן טיש, עטלעכע עמערס מיט הייס וואַסער, אַ פלעשל אקאַוויט און געהייסן אַנידערלייגן דעם מאַן אויף דעם טיש. ער האָט זיך געוואַשן די הענט מיט דעם שפּירט, געהייסן דעם קראַנקן אויסטרינקען אַ גלעזל, פאַר־לאַנגט צוגרייטן ריינע האַנטעכער און אָנגעהויבן אַרבעטן אויף דעם קראַנקן, צוריק אַריינצוברענגען די געדערים. די געשרייען פון קראַנקן זיינען געגאַנגען עד לב השמים. פון מיין טאַטן האָט זיך דער שוויס געגאָסן. ער האָט געאַרבעט אויף דעם קראַנקן לאַנגע שעהן. ער האָט דעם מאַן געראַטעוועט. דער ווייטיק איז אַוועק. דער טאַטע מיינער האָט דאַן צו אים געזאָגט, אַז ער זאָל אַראָפּשפּרינגען פון טיש, אָבער דער פּריץ האָט מורא געהאַט זיך אַ ריר צו טאָן. האָט אים מיין פאָטער צוערשט אָוועקגעזעצט און באַלד אים אַ שטעל־אויף געטאָן אויף די פיס. „און איצט" — האָט ער זיך אָנגערופן צום קראַנקן — „נעם די פערד, פאָר אַהיים און רו זיך אָפּ".

דער פּריץ האָט מיין פאָטער געקושט. די דאָקטוירים און דער סטאַ־ראָסטע האָבן אים גראַטולירט. דער געגעזעגער האָט געוואָלט באַלוינען מיט געלט אָדער מיט האָלץ און אַנדערע פּראָדוקטן, אָבער מיין פאָטער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון אַלעם. אַן אויסגעמאַטערטער איז מיין פאָטער אָנגעקומען צוריק צום דאַווענען ערשט צו נעילה...

* * *

אין איינעם אַ זומערדיקן פרייטיק־צו־נאַכטס, איז אונדזער גאַנצע משפּחה געזעסן ביים שבתדיק־געדעקטן טיש. מען עסט גראָד די יויך. דורך די אָפענע פענצטער דערגייט אַ שרעקלעך געוואַלד. די טיר האָט זיך אויפגעפּראַלט און אַ מיידל האָט אַריינגעפירט אַ פרוי, אַ מאַרק בעל־הביתטע, וועלכע מיר האָבן גוט געקענט. זי איז געווען נאַקעט, בלויז אַרויפגעוואָרפן פון אויבן אַ קלייד. די פרוי שרייט שרעקלעך פון גרויסע ווייטיקן. דערשראָקענע האָבן מיר זיך אויפגעריסן פון טיש. ווי קומט די פרוי אין אַזאַ צושטאַנד דאָ אַהער?

דערציילט דאָס מיידל, דער פרויס אַ שכנה, אַז יעדן פרייטיק־צו־נאַכטס גייען זיי אין באָד אַריין אין דער שוויץ. אַזוי ווי אין באָד איז פינצטער, צינדן זיי אָן אַ ליכטל, מען זאָל עס נישט באַמערקן אין דרויסן (מחמת חלול שבת). האָט די פרוי געמאַכט אַ שלעכטן שריט און איז אַרונטערגעפאַלן פון די טרעפּ און זיך עפּעס געטאָן אין אַן אַקסל.

מיין טאַטע איז שוין ניט צוריק צום טיש. באַלד האָט ער זיך גענומען דעם אַקסל צו פאַרריכטן און נאָך אַ שעה שווערער אַרבעט, צוריקגעברענגט דעם אַקסל אין געלענק אַריין.

אָנגעזאָגט האָט ער דער פרוי, אַז זי זאָל מער שבת נישט גיין אין שוויץ אַריין און נישט אָנצינדן קיין שוועבעלעך אום שבת, ווייל דאָס צווייטע מאָל וועט ער איר מער נישט העלפן...

* * *

מיינע עלטערן האָבן געהאַט אַ שפּייז־געוועלב און מילכיקס. זייערע קונים זיינען געווען נישט נאָר ידישע. די „פּריצים" און באַאַמטע האָבן מיינסטנס געקויפט ביי אונדז אויף אַ ביכל און געצאָלט יעדן אָנפאַנג פון חודש.

קיין פּרנסה האָט נישט געפעלט. דער טאַטע מיינער איז יעדע וואָך געפאָרן קיין ריישע, אַ מהלך פון 30 קילאָמעטער, איינקויפן די סחורה. כדי די הוצאות צו פאַרקלענערן, פלעגט ער מיטנעמען פּאַסאַזשירן קיין ריישע. איינמאָל, אין אַ זומערדיקן פאַרנאַכט, איז ער צוריקגעפאָרן פון ריישע און האָט געהאַט אויפן וואָגן אַ ייד, וואָס האָט איינגעקויפט שניט־סחורה פאַר זיין קראָם. טרעפן זיי אויפן וועג אַ פּריציטע גיין צו־פוס. זי האָט די יידן אָפּ־געשטעלט און געבעטן זיי זאָלן זי אַרויפנעמען אויפן וואָגן. אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז זי איז געווען אַ לערערין אין אַ דאָרף און איז געגאַנגען אַהיים. אין דער האַנט האָט זי געטראָגן אַ שיין ווייס פּעקעלע. מיין טאַטע האָט זי גערן אויפגענומען.

אין מיטן וועג האָט מען זיך אָפּגעשטעלט, ווי דער שטייגער איז

געווען, געבן אַ קרעטשמע, צו דאַווענען מנחה, עפּעס צו עסן. די לערערין איז געבליבן וואַרטן אויפן וואָגן. אַרויסקומענדיק פון דער קרעטשמע, האָבן זיי געזען אַז די לערערין איז נישטאָ אויפן וואָגן. האָבן די ייִדן אויסגעטייטשט, אַז מסתמא האָט זי אַ פריינדין, קאָן זיין אַ לערערין, אין דעם דאָרף און זי איז צוגעגאַנגען צו איר. עס איז אָבער שפּעט און טונקל געוואָרן, און זי איז אַלץ נישט צוריקגעקומען. דער טאַטע האָט עפּעס זיך געשראָקן און זיך אָפּגערופן צו זיין מיטפאָרער, אַז ער זאָל צוריק אַריינגעמען דעם בעל־עגלה אין דער קרעטשמע און אים געבן אַ גלאָז ביר. ער אַליין האָט דערווייל אויפגעעפנט דאָס פּעקל, וואָס יענע פרוי האָט איבערגעלאָזט אויף דער פור, און עס איז אים פינצטער געוואָרן פאַר די אויגן: אין פּעקל איז געווען איינגעוויקלט אַ טויט קינד. ער האָט דאָס פּעקל צוריק שיין פאַרפּאַקט און עס אַרויפגעלייגט אויף דעם געזעס. דאַן איז ער אויך אַריין אין דער קרעטשמע, זיך געזעצט ביים פענצטער און פון אַ זייט אַרויסגעקוקט.

גראַד איז דאָס פויערים־פאָלק זומער־פאַרנאַכט געגאַנגען פון קאָש־טשיאָל, פון די ניעשפּאָרעס (אָוונט־תפילה). דערזען האָבן זיי, אַז עס ליגט אַ שיין פּעקל אויף אַ ייִדישן וואָגן, נאָר מיט דער האַנט צו דערלאַנגען. האָבן טאַקע צוויי פון זיי אַ כאַפּ געטאָן דאָס פּעקל און שנעל פאַרשוואונדן. אויף דעם האָט טאַקע מיין פאָטער געוואַרט. באַלד האָט ער אַ זאָג געטאָן צום בעל־עגלה, אַז עס ווערט שפּעט, אַז די מיטפאָרערין אונדזערע וועט אַוודאי נעכטיקן ביי אירע פריינט, און זיי זיינען שנעל אָפּגעפאָרן. ביידע ייִדן האָבן דעם גאַנצן ענין געהאַלטן בסוד, און האָבן געדאַנקט גאָט פאַר די גרויסע נסים.

.3

## אין דער צייט פון דער כאָלערע

אין יאָר 1895 אָדער 1896, האָט געהערשט די כאָלערע אין פוילן. אויך אין אונדזער שטעטל האָט עס אַרויסגעריסן יונג און אַלט. מעדיציניש̈ע רעטונגס־מיטלען אין יענער צייט זיינען געווען זייער פּרימיטיווע, איבערהויפּט אין אַ קליין שטעטל. צו יענער צייט האָט מען נישט געקענט פאַרמיידן אַן עפּידעמיע; מען האָט זיך אַפילו נישט באַמיט צו היילן קראַנקע, האַלטנדיק אַז די געזונט־געוואָרענע זיינען אַ גאַנצן לעבן באַצילן־טרעגער. דערפאַר האָט די רעגירונג אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדנונג, אַז יעדער מענטש מיט סימנים פון כאָלערע, מוז געטויט ווערן דורך סם. דעם אויפטראַג האָט געקראָגן יעדער שטאָט־דאָקטאָר אויסצופירן. צוליב דעם איז אין קאָלבושאָוו געשאַפן געוואָרן

אַ שפּיטאָל, אַ הויז אויף דער שענדישעווער גאַס, נישט ווייט פון דער פּאָסט, וואָס האָט ביז לעצטנס געהייסן „דאָס שפּיטאָל". דאָרט האָט מען יעדן קראַנקן גענומען און פון דאָרט איז ער שוין נישט צוריקגעקומען.

צוזאַמען געאַרבעט מיט דעם דאָקטאָר האָט די פּאָליציי און זשאַנדאַרן, און זיי האָבן אויסגעפירט די אכזריותדיקע זייט דערפון. מענטשן האָבן געשטעלט אַ ווידערשטאַנד, נישט געלאָזט אַוועקנעמען די קראַנקע. מען האָט די קראַנקע איסבאַהאַלטן אין קעלערן, נישט גערופן קיין דאָקטאָר, גענוצט היימישע מיטלען און טאָקע אָפט אויסגעהיילט פיל קראַנקע, וואָס זיינען געזונט געוואָרן און געלעבט ביז הויכן עלטער. עס האָבן זיך, אָבער, אָנגעהויבן רעוויזיעס און מענטשן זיינען סתם־אַזוי זיך גענומען געוואָרן פאַר אונטער־זוכונג, ווייל זיי האָבן אויסגעזען שלעכט, און סימולירט געזונטע. מען פלעגט נאָכשפּיאָנירן ביינאַכט צי עס גייט נישט קיין רויך פון אַ קוימען. איב עס איז אין הויז יאָ געווען עמעצער קראַנק האָט מען נישט געמאַכט קיין פייער, נאָר צעבלאָזן קוילן אין אַ פייער־טאָפּ און געוואַרעמט רויטן וויין, טיי אָדער הייסע קאָמפּרעסן פאַר די קראַנקע, ווייל דאָס איז די איינציקע רפואה פאַר דעם...

עס האָט זיך געשאַפן אַ קאָמיטעט פון בעלי־בתים צו קומען צו הילף די קראַנקע אין געהיים, און צו ברענגען די טויטע צו קבר־ישראל, ווייל לויטן געזעץ האָט מען נישט געטאָרט טאָן קיין רעכט די פאַרשטאָרבענע; מען האָט צוגעגרייט פאַר די טויטע אַ וואָגן קאַלך, מען האָט אַוועקגענומען די מתים און זיי אַריינגעוואָרפן אין אַ גרוב מיט קאַלך.

צו יענער צייט איז געווען אַ שטאָט־דאָקטאָר וואָס האָט טריי אויס־געפירט די רעגירונגס־אויפטראַגן און האָט זיין אייגענע שוויגער, וועלכע איז קראַנק געווען, אויך געשיקט אויף יענער וועלט.

צוליב דעם, וואָס מען האָט אויסבאַהאַלטן די קראַנקע, האָט אַ קאָמיסיע דורכגעקוקט און גענישטערט אין אַלע הייזער. אַ געוויסן שבת־נאָכמיטאָג איז מיין פאָטער געקומען פון אָט דער ביקור־חולים־דינסט ביי קראַנקע, עפּעס געגעסן און זיך געלייגט שלאָפן, ווייל ביינאַכט האָט ער ווידער געדאַרפט גיין טאָן די זעלבע פליכטן. ביי אונדז איז דעמאָלט געווען מיין שוועסטער פייגע, אַ קליין קינד אין וויג. איז אַריינגעקומען דער דאָקטאָר, צוגעגאַנגען צום שלאָפנדיקן קינד, זאָגנדיק עס קוקט אויס שוואַך, און וויל עס אויפוועקן און אונטערזוכן. האָט זיך מיין מוטער געגעבן אַ לייג אַרויף אויף דער וויג, זאָגנדיק: „דאָס קינד קען זיך דערשרעקן, דאַן וועסטו זאָגן אַז זי איז קראַנק". ער האָט, אָבער, מיט געוואַלד זי געוואָלט אַראָפּשלעפּן. האָט די מאַמע געמאַכט

אַ געוואַלד. דער טאַטע האָט געגעבן אַ שפּרונג אַראָפּ פון בעט, זיך געגעבן אַ וואָרף אויף דעם דאָקטאָר און אים געלאָזט כמעט אַ טויטן, אַ וואָרף אַרויס געגעבן און נאָך אַ קאָפּ געטאָן אין הינטן. נאָך דעם איז מער קיינער אין אונדזער שטוב נישט געקומען.

פון דער מגפה איז געשטאָרבן ר׳ יוסף חיים אָנפאַנגס שווער, אַ ייד אַ תלמיד־חכם. געווען איז דאָס ערב־פּסח. מען האָט עס געהאַלטן בסוד. די ערשטע סדר־נאַכט און מיין פאָטער איז געגאַנגען אין בית־המדרש דאַווענען. די מאַמע האָט צוגעגרייט צום סדר און געוואַרט אויף דעם טאַטן. ס׳איז געוואָרן שפּעט און נאָך שפּעטער. שוין געווען נאָך האַלבער נאַכט, דער טאַטע איז אַלץ ניט געקומען. די קינדער מידע, הונגעריקע, זיינען אַנידערגעפאַלן שלאָפן. די מאַמע איז צוגעגאַנגען צום בית־המדרש, אָבער קיין מענטש איז דאָרט מער נישט געווען. אין גרויסע צרות איז זי צוריקגעקומען, געזעסן און געוואַרט. אַ נאַכט אַ פינצטערע איז עס געווען און אַ שלאַקס־רעגן איז געפאַלן זייער העפטיק.

אַרום דריי פאַרטאָג, איז דער טאַטע צוריקגעקומען אַ נאַסער, אַן אויס־געמאַטערטער פון בית־עולם און האָט איר דערציילט, אַז אין דער פינצטער־ניש פון דער נאַכט האָט מען דעם נפטר געוואָלט זיין רעכט טאָן. האָט זיך די חברה פאַרנומען און נאָך דעם דאַווענען, אַנשטאָט צו גיין אַהיים צו זייערע משפחות פראַווען דעם סדר, גענומען אַ יידיש פערד־און־וועגעלע און געפאָרן אינם רעגן, אָנגעטאָן אין די שטריימלעך און זיידענע בעקעשעס, צום גוטן־אָרט זיך מתעסק זיין מיט דעם בר־מינן.

דעם וועג צום גוטן־אָרט האָט אָבער טאָג און נאַכט געהיטן אַ זשאַנדאַר, ווייל די מאַכט האָט חושד געווען, אַז בגנבה איז מען זיך מתעסק מיט טויטע. די חברה־קדישא־לייט האָבן אים אָנגעהויבן בעטן, עס האָט נישט געהאָלפן. חברה האָט פריער געהאַט אויסגעטרונקן אַ גוט ביסל שליוואָוויץ, האָבן זיי זיך געגעבן אַ וואָרף אַרויף אויף דעם זשאַנדאַר, זיין מאַנטל אַריבער־געוואָרפן איבער דעם קאָפּ, אַרויסגעריסן דאָס געווער און אָנגעהויבן אים שלאָגן. ווער עס האָט געגעבן דעם אמתדיקן קלאָפּ האָבן זיי אַליין נישט געוואוסט, נאָר ער איז געבליבן פאַרשטומט אויף אייביק. זיי זיינען אַוועק און געטאָן, וואָס עס איז געווען צו טאָן. אינדערפרי האָט מען געפונען דעם טויטן זשאַנדאַר און עס איז ביז היינט פאַרבליבן אַ סוד. אַפילו די משפחות פון דער חברה, ווי אברהם אינזעלס, מענדל שפּילמאַנס, הערשל קלמנ׳ס און אַנדערע, האָבן דאָס קיינמאָל נישט געוואוסט.

.4

## די געשטאַלטן אויף מיין געסל

דאָס שטעטל קאָלבושאָוו וואָלט אָן מיין געסל גאָר קיין שטעטל נישט געווען. יעדער מענטש איז פון זיין געבוירן ביז צו זיינע לעצטע טעג, געווען אָפּהענגיק פון מיין געסל, כמעט מיט אַלע באַדערפענישן, ווי אַ שוחט, שמש, באָד, יאַטקע, בתי־מדרשים און אַפילו באַגרעבער, ובפרט שניידער, נייטאָרינס, וואַסער־טרעגער, בייגל־מאַכער, און אָרעמעלייט צדקה־נעמער.

דאָס געסל איז נישט געווען בלויז אַ יידישעס — עס איז געווען האַלב־יידיש און האַלב־גוייש. אַזוי האָט דאָס געסל עקזיסטירט פון קדמונים. מען האָט מיט די שכנים אָנגעהאַלטן די בעסטע באַציאונגען און געלעבט מיט אַלע בשלום.

אַ פּאָר געשטאַלטן פון מיין געסל וועט זיין כדאי דאָ צו שילדערן.

.5

## די אמתדיקע אשת חיל

עס איז גאָר אומגלויבלעך, אַז עס איז באמת געווען אַ פרוי ווי זי. געלעבט האָט זי אין שטענדיקער אָרעמקייט, און אַלעמאָל געווען ביז גאָר אַ צופרידענע, אַ גוטע, אַ פרומע, דערפילט ערלעך אירע פליכטן ווי גאָט אַליין האָט נאָר געוואָלט. געבוירן און דערצויגן קינדער, געווען דער איינציקער פילאר פון הויז; באַזאָרגט די גאַנצע משפחה מיט פרנסה, געפירט געשעפטן אָן אַ צאָל, איבעראַל אַליין געלאָפן. געפאָרן אויף ירידים. ווייל ר׳ חיימל געלדציילער איז געווען אַן אייער־סוחר, נאָר „ער״, ווי זי האָט אים גערופן אָדער „מיינער״ — קיינמאָל נישט ביים נאָמען — האָט נישט געקענט פאָרן פלאָגן זיך. איז זי טאָקע געפאָרן און געווען אַ סוחרטע, אַ בייגל־דרייערין, אַ בעקערין, אַ טשאָלנט־שטעלערין, פסח־מצות־פאַבריקאַנטין, אַ פעדערן־פליקערין, אַ רויז־אָפּברענערין (אויב עמעצער אין שטאָט איז קראַנק געווען אויף אַ רויז), אַן אָפּשפּרעכערין פון עין־הרעס, אַן איינרייסערין אין בית־המדרש און אויף דעם „גוטן־אָרט״ און אויך אַ ספּעציאַליסטין אין אויסמעסטן דעם בית־החיים מיט לייוונט פאַר כלערליי סגולות (ווען עס איז ווער, חס וחלילה, זייער קראַנק געווען).

די אַלע אויפגאַבן זיינען ביי איר געווען זייער איינפאַך, איינגעטיילט אין איר צייט־קאַלענדאַר. זונטיק האָט זיך אָנגעהויבן די וואָך מיט באָרגן אַ

פאַר גילדן פאַרן מאַרגנדיקן יריד, אינצווישן האָט זי אָפּגעטראָטן מבקר־חולה זיין אַ קראַנקן, און צוגעלאָפן מיט עמעצן אויף דעם „גוטן־אָרט״. מאָנטיק אויף דעם יריד אין מאַדען, ביינאַכט האָט זי זיך געשטעלט דרייען בייגל ביי איינעם פון די בעקערס. דינסטיק מיטגעמאַכט דעם קאַלברשאָווער יריד, און ביינאַכט ווידער געדרייט בייגל. מיטוואָך האָט זי איבערגעקליבן די אייער פון ביידע ירידים, — אויסגעקליבן די צעהאַקטע, די זביקעס, אויסגעקלאַפּט זיי אין אַ כלי, דאַן געמאָסטן אויף ליטערס און פאַרקויפט צו די בעקערס אויף אייער־בייגל. דאָנערשטיק האָט זי זיך אַוועקגעלאָזט קיין ראנזשיוו אויפן יריד. פרייטיק געשטעלט זיך באַקן און שטעלן טשאָלנט פאַר אַ האַלבער שטאָט. שבת איז איר עובדה געווען, אַרויסרוקן קאַווע פון דעם פּיעקעליק און טשאָלנט פון אויוון, און אין דער צווישנצייט געגוג צייט געהאַט צו דער־ליידיקן אַלערליי אַנדערע געשעפטן.

איינמאָל, אין אַ רעגנדיקן מיטוואָך אויפדערנאַכט, האָט איר טאָכטער רויזע, געדאַרפט גיין אָפּטראָגן אַ טאָפּ מיט צוויי אויערן, מיט די אויסגע־קלאַפּטע אייער צו יאָסל טראָמפּעטער אין דער בעקעריי און זי האָט מיך געבעטן, איך זאָל איר העלפן טראָגן ביי איין אויער. געגאַנגען זיינען מיר דורך דער ליק, וועלכע האָט געפירט נעבן אליהו בלעכערס הויז. מיר האָבן זיך אָבער שלים־מזלדיק אויסגעגליטשט און מערסטנס פון דעם אינהאַלט אויסגעגאָסן. דאָס מיידל, אַ פאַרצווייפלטע, האָט אָנגעהויבן וויינען. איך האָב אָבער דעם קאָפּ נישט פאַרלוירן: געזען אַז ביי אליהו בלעכערס הויז איז דאָ אַ בלעכענע רינע וואו דאָס רעגן־וואַסער לויפט אַראָפּ, האָב איך אונטער־געשטעלט דעם טאָפּ און עס האָט זיך צוגעגאָסן ביז צו דעם צייכן, ווי ווייט די אייער זיינען געווען. אַזוי האָבן מיר עס צוגעטראָגן צום בעקער. אויף מאָרגנס זיינען דאָס טאַקע געווען די בעסטע בייגל, וואָס דאָס שטעטל האָט ווען־עס־איז פאַרזוכט...

.6

## מיין צופרידענער שכן

געווען אַ ייד מיט אַ לאַנגער, רויטער באָרד, אַ שטאַמלדיקער און מיט נאָך אַ מום, וואָס אָפילו אַ סך רייכע יידן האָבן פאַרמאָגט — ער איז געווען אַ געבראָכענער. און אַזוי ווי ער איז געווען, האָט ער דאָס גאַנצע יידישע נגידישע שטעטל באַזאָרגט מיט וואַסער. גלייכצייטיק האָט ער געדינט ווי אַ באַהעלפער צו די שמשים. ווינטער פלעגט ער אָנהייצן די אויוונס אין די בתי־מדרשים. ער האָט געהאַט פיל יידישע און נישט־יידישע קאָנקורענטן, אָבער

די שטאָט האָט דווקא אים גענוצט מער ווי אַנדערע, ווייל זי האָט געהאַט פיל אים צו פאַרדאַנקען. מעשה שהיה כך היה:

אין דער צייט ווען עס האָט געהערשט די גרויסע כאָלערע־מגפה אין שטאָט און מען האָט נישט געקענט איינשטילן די עפּידעמיע מיט די געוויינלעכע מעדיצינישע מיטלען, וואָס זיינען דאַן געווען באַקאַנט, און פאַרשניטן זיינען געוואָרן יונג און אַלט, האָבן די יידן זיך פאַרנומען צו באַקעמפן דעם נישט־געזעענעם שונא. דעמאָלט טאַקע איז אָט דער וואַסער־טרעגער געווען נאָך אַ בחור. האָט די שטאָט טאַקע באַלד געפונען אַ בתולה פאַר אים — אַ דינסט־מיידל אין אַ יידיש הויז, מיט דעם נאָמען הגר. די נשים צדקניות פון שטעטל האָבן זיך גענומען צו דער אַרבעט, געגרייט חתונה־מלבושים און געפּראַוועט אַ חתונה צו גאָט און צו לייט. די שוואַרצע חופה איז צוליב דער סגולה אָפּצוהאַלטן די מגפה, געשטעלט געוואָרן אויף דעם גוטן־אָרט. געווען איז דאָס „אַ כאָלערע־חתונה" כדין וכדת. און ווי מיט דער האַנט אַוועקגענומען איז די מגפה אָפּגעשטעלט געוואָרן, און די מענטשן האָבן זיך אָפּגעראַטעוועט.

אָפּגעלעבט מיט דער הגר האָט דער ייד אַ קורצע צייט, מן הסתם קיין זווג נישט געווען. האָט ער ווידער חתונה געהאַט מיט דער ווייב וואָס איך האָב שוין געקענט. אין זייער שטוב איז געווען שלום און שלווה. די פלוניתטע האָט אים באַשענקט מיט זין און טעכטער און נישט געווען קיין גליקלעכערער מענטש אויף דער וועלט, ווי דער ייד — די זין געווען געראָטענע, גוטע בעל־מלאכות; די טעכטער אַן עוקץ ווייניקער געראָטן, אָבער זיין ווייב איז געווען אַן אמתדיקע מלכה און די קינדער פּרינצן.

באַזאָרגט האָט ער די שטוב מיט אַלעם וואָס ער האָט נאָר געקענט. נאָך דעם שווערן טאָג וואַסער־טראָגן, אַהיימגעבראַכט צו דער וועטשערע פאַר אַ האַלבן קרייצער טיי, פאַר אַ קרייצער צוקער, אַ פערטעלע פּוטער, אַ שפּאָרע פּאָרציע זויערמילך צו עסן מיט די קאַרטאָפל. שטיל און צופרידן פלעגן זיי עסן דאָס מאָלצייט. און אַזוי האָט דער וואַסער־טרעגער אָנגעקוואָלן פון זיין משפחה. אוודאי האָט ער אויך נישט פאַרגעסן צו ברענגען אַביסל זשאַרנעס (קערנער) פאַר די עופות, וואָס האָבן זיך געהאָדעוועט, צוזאַמען מיטן בני־בית אין שטוב.

נאָך דער וועטשערע האָט דאָס ווייב גענומען פון די גרייצערס און העללערס, דעם פאַרדינסט פון טאָג. בעת־מעשה האָט ער ווידער אַרויסגעטראָגן דאָס פאַמישאָף און שפּעטער האָט ער זיך אָנגעהאָנגען די לאַמטערנע

און געלאָזט זיך גיין ברענגען וואַסער פאַר זיין אייגענער משפחה פאַר דעם מאָרגנדיקן טאָג.

נישט קיין צו באַרעדעוודיקע איז געווען זיין עלטערע טאָכטער. ווי איר פאָטער, איז זי אויך געווען אַ שטאַמלערין. זי פלעגט קומען צו אונדז אין געוועלב קויפן אַ קוואַרטירל מילך און אַ האַלב פונט רייז צו קאָכן פאַר דער גרויסער משפחה. יעדעס מאָל ווען זי איז געקומען און געבעטן רייז, האָט מיין טאַטע ניט פאַרשטאַנען וואָס פאַראַ רייז זי וויל. עטלעכע מאָל נאָכגעפרעגט און איבערגעפרעגט, צי וויל זי דראָבנע רייז, גראָבע אָדער געהאַקטע רייז. זי ווידער האָט זיך פאַראיקעט און געענטפערט גראָבנע רייז. האָט ער נאָכאַמאָל געפרעגט, ווייל ער האָט ניט געוואָלט, אַז דאָס מיידל זאָל דאַרפן צוריקקומען און אָפּגעבן די סחורה און ווען זי אויסבייטן אויף אַן אַנדער מין רייז.

— גראָבנע רייז — האָט זי ווידער געענטפערט.

— גראָבע צי דראָבנע? — האָט דער טאַטע צום לעצטן מאָל געפרעגט.

— גראָבנע — האָט זי צום וויפלטן מאָל געענטפערט...

און אַזוי איז געבליבן. זי האָט גענומען די רייז, וואָס דער טאַטע האָט איר געגעבן — און ס׳איז גוט געווען.

צופרידן און גליקלעך האָט מען געלעבט אין דער דאָזיקער האָרעפּאַשנער און אָרעמער משפחה.

.7

## אונגאַרישע שדים — געסט אין אונדזער שטעטל

פאַרגעקומען אין אונדזער שטעטל אַ רבנישע חתונה. און ווי געוויינלעך ביי אַזעלכע חתונות, האָט זיך קליין און גרויס משמח געווען. דאָס גאַנצע שטעטל איז געגאַנגען אויף רעדלעך און איז געווען פאַרנומען מיט דער גרויסער געשעעניש. אַ קליינינקייט? — ר׳ אשרל האָט חתונה געמאַכט אַ טאָכטער מיט אַ רבניש קינד פון אַן אונגאַרישער גזע פון דורות רבנים.

פרייטיק פאַרנאַכט פאַר שבת שירה האָט מען געשטעלט אין מיטן מאַרק די חופה, און די רעכטע חתונה האָט מען געפראַוועט אַ גאַנצן שבת און שבת־צו־נאַכטס.

די מחותנים פון אונגאַרישן צד זיינען געווען גרויסע מנגנים, האָבן זיי טאַקע געדאַוונט פאַרן עמוד און געזונגען כלערליי ניגונים אין דעם גרויסן בית־המדרש. דאָס דאַוונען האָט געדויערט ביז 4 נאָכמיטאָג. און אַזוי ווי אין יענער צייט פון יאָר זיינען די טעג קורצע, איז שוין געווען אַביסל בין־השמשותדיק ווען דער עולם איז צוריקגעקומען אַהיים.

די שבע־ברכות בייגאַכט זיינען געפּראַוועט געוואָרן אין ר׳ אשרלס הויז. דאָס גאַנצע שטעטל האָט זיך געלאָזט הינטער די פענצטער בייצוואַ־וואוינען די שמחה, און הערן וואָס ווערט געזאָגט און געזונגען דאָרט.

נאָך הבדלה האָבן די אונגאַרישע מחותנים אַרויסגענומען זייערע אינס־טרומענטן, און אָנגעהויבן שפּילן, ווער אויף אַ פידל, ווער אויף אַ פלייט, אַ פּוזאן און געשאַפן אַזוי אַרום אַ גאַנצן אָרקעסטער. געשפּילט האָבן זיי פון נאָטן. קאַלבושאָוו איז געוואָרן דערציטערט: ווער האָט עס געהערט, אַז רבנים זאָלן שפּילן ווי די כלי־זמרים און דערצו פון די נאָטן, רחמנא ליצלן? צו אַזאַ מין שפּילן איז נאָר באַרעכטיקט איטשל קלעזמער מיט זיינע היימישע מיטשפּילער. קאַלבושאָווער יידן האָבן אויך געוואוסט צו דערציילן, אַז דורכ־גייענדיק אַ פּריציש הויז, קאָן מען הערן אַ גוייש קינד לערנען זיך שפּילן, סקריפּן אויף עפּעס אַן אינסטרומענט. אָבער יידן? דערצו נאָך פרומע אונגאַ־רישע רבנים?

די פאַרזאַמלטע הינטער די פענצטער זיינען געוואָרן אויפגערעגט, אָנ־געהויבן שרייען, פּילדערן: עפּעס איז דאָ נישט גלאַטיק! האָבן זיך טאַקע באַלד געפונען דערפאַרענע פאַרשוינען, וואָס האָבן שוין נישט איינמאָל געהאַט צו טאָן מיט שדים און מכשפות; עס האָט זיי שוין נישט איינמאָל פאַרפירט אַ פאַרבלענדנדיק ליכטל אָדער אַ כישוף־ניגון; דערמאָנט האָבן זיי זיך די מעשה מיטן אוצר, מיט דער ווייסער ציג, מיטן קליינעם דייטשל מיט דער לאַנגער פּייקע — אַלץ שדים וואָס האָבן פאַרפירט און אָפּגעטאָן שפּיצלעך. און זיי זיינען געקומען צו דער איבערצייגונג — אַז די אונגאַרישע רבנים זיינען גאָר קיין רבנים נישט, שדים זיינען זיי, וואָרום בלויז שדים קאָנען אַזוי זיס שפּילן. חברה האָט, דעריבער, באַשלאָסן, אַז מען דאַרף זיי, די מחותנים הייסט עס, הייסן מוחל זיין און זאָלן זיי דאָס שטעטל פאַרלאָזן. איין קלייניקייט — דאָס גאַנצע שטעטל קען נאָך, חלילה, געניזוקט ווערן!

יונגוואַרג האָבן ניט געלאָזט אויף זיך לאַנג וואַרטן, און האָבן באַלד גענומען זיך צו דער מלאכה: אַ האָגל פון שטיינער, בלאָטע און אַלץ וואָס מען האָט נאָר געקאָנט דערווישן, האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויפן הויז פון אַלע זייטן. דורך די אויסגעהאַקטע שויבן, האָט ווייסע חברה דאָס גאַנצע ביסל שמוץ אַריינגעוואָרפן אינעווייניק אין שטוב אַריין מיט געשרייען און געוואַלדן, אַז די מכשפים זאָלן דאָס שטעטל פאַרלאָזן, און שוין, ניט אָפּגעלייגט!

עס האָט נישט געהאָלפן קיין וויינען, קיין בעטן; דער אולטימאַטום איז אַרויסגעשטעלט געוואָרן קלאָר: אויב זיי פאָרן נישט אַוועק, וועט די הייזקע צענומען ווערן און בלוט וועט זיך גיסן אין די גאַסן.

פאַרשעמטע האָבן די אונגאַרישע שדים פאַרלאָזט דאָס שטעטל...

.8

## דער צער־בעלי־חיים'ניק

אין שייכות מיט דער חתונה ביי ר' אשרלען, איז ביי אונדז אינדער־היים אויך פאָרגעקומען אַ „חתונה". מיין פאָטער איז דעמאָלט געווען אין אַמעריקע, איך בין אויף דער וועלט נאָך נישט געווען און מיין ברודער, ירוחם איז דעמאָלט אַלט געווען אַן ערך 7־8 יאָר.

שבת שירה לייגט מען אַריין אין טשאַלנט קאַשע — אַזוי האָט מען זיך געפירט ביי אונדז מקדמונים. דער טעם דערביי איז געווען, אַז מען זאָל האָבן צו געבן די פייגל, וואָס קומען דעם שבת צוריק אַהיים פון די ווייטע לענדער. קאַשע איז דאָך, כידוע, אַ יידיש עסן און אין שטעטל האָבן מיר געהאַט יידישע פייגל, האָבן זיי געגנבֿי געוואוסט וואוהין און ווען צו קומען נאָך זייער פאַרציע שבת־שירה־קאַשע. האָט זיך טאַקע מיין ברודער, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין מדה פון צער־בעלי־חיים, געגרייט צו דעם קבלת פנים; אָנגעזאָגט האָט ער מיין מוטער צו שטעלן אַ גרויסן טאָפּ קאַשע, צו קאָנען וואָס מער מהנה זיין די פייגל. ער האָט זיך מקדים געווען און פאַר־קירצט דאָס דאַוונען, שנעל אַהיימגעלאָפן, כדי זיך צו פאַרען מיט דער גרויסער פייגל סעודה. אָבער גראָד יענעם שבת, ווי איבן דערציילט, האָט מען זיך פאַרזאַמט ביים דאַוונען אין בית־מדרש צוליב דער שיינער רבנישער חתונה. מיין מאַמע האָט זייער ליב געהאַט אַ שיין דאַוונען און אַ בעל־תפלה, וואָס האָט שיין געזונגען. איז זי אַהיימגעקומען פאַרנאַכט. איר בן־יחיד האָט זי שוין אָפּגעוואַרט אין שטוב אומגעדולדיק, און זי מקבל־פנים געווען מיט דעם אמתדיקן ברוך הבא, און געטענהט, אַז אַלע פייגל זיינען שוין אַוועקגעפלויגן שלאָפן און ער האָט נישט געהאַט די קאַשע פון טשאָלנט זיי צו געבן. זיי זיינען אַזוי הונגעריק געווען — האָט ער זיך געבייזערט — אַז זיי זיינען כסדר געפלויגן איבער דעם דאַך און זיך נישט געקענט, נעבעך, דערוואַרטן...

מיין מוטער האָט גוט געקענט איר זינדל, האָט זי אים געבעטן אַריין אין שטוב און דאָרט אַרויסלייגן אויפן טיש זיינע טענות ומענות. אין שטוב האָט ער ערשט אָנגעמאַכט אַ גרויסן חורבן — אַ שלעפּ־אַראָפּ־געטאָן דעם טישטעך מיט אַלעס וואָס איז געשטאַנען אויף דעם טיש, אויך די לייכטער, ווייל גראָד דעם שבת האָט דער באָד־גוי מיכאל נישט געהאַט קיין צייט, ווי יעדן אַנדערן שבת, אַראָפּצונעמען די לייכטער, ווייל ער איז געווען באַ־שעפטיקט ביי דער רבנישער חתונה (מיט הייצן, לייכטן, טראָגן וואַסער און אַנדערע גוישע פונקציעס, וואָס ער האָט געוואוסט אַז זיי געהערן צו זיינע

פאַראַנטוואָרטלעכקייטן). אין זיין גרימצאָרן האָט מיין ברודער גענומען דעם טיש ביי אַ פוס און אומגעוואָרפן. דאָס איז נאָך ניט גענוג געווען, האָט ער ביי מיינע צוויי שוועסטער, גיטל און פייגע, געריסן די צעפּ, ווייל זיי האָבן געהאַט די העזה צו האַלטן מיט דער מאַמען. ס׳זאָל ניט זיין אויסגערעדט, יענעם שבת האָט שוין מיין מאַמע מיט די קינדער נ״שט געגעסן, און ביז צו אירע סאַמע לעצטע יאָרן האָט זי דערמאָנט דעם בן־יחיד אירן, דעם שבת־שירה וואָס ער האָט איר אָנגעמאַכט.

עס איז, אָבער, געבליבן אַ יש אומרים, אַז געדעכט איז ער געווען, ווייל גאָטס באַשעפענישן, שטומע פייגל, וואָס האָבן אָנגעלייגט אַזאַ וועג, האָט מען געדאַרפט געדענקען. ווי עס זאָל ניט זיין, אַ צער־בעלי־החיים איז ער פאַרבליבן עד היום.

.9

## אַ מעשה מיט קידוש החמה

אַזוי ווי מען בענטשט יעדן חודש אויף חידוש הלבנה, אַזוי מאַכט מען אויך אַ ברכה אויף קידוש החמה, אויף דער באַנייאונג פון דער זון, ווען זי קומט צוריק, לויט דער ידישער טראַדיציע, צו איר ערשטן אויסגאַנגס־פּונקט איין מאָל אין 28 יאָר.

האָט זיך געמאַכט, אַז אַרום דעם יאָר 1897 האָבן יידן דערוואַרט מקדש החמה צו זיין. ווי דער שטייגער איז געווען, האָט מען זיך געגרייט צו דעם יום־טוב מיט גרויס אייפער און אַ ווילן וואָס שענער און אימפּאָזאַנטער מקיים צו זיין די מצווה. ס׳האָבן זיך באַזונדערס געגרייט מיין פאָטער, אברהם אינזעל, מענדל שפּילמאַן און אַנדערע. אַלע יידן פון שטעטל האָבן זיך יענעם טאָג פאַרזאַמלט אין מאַרק, גרויס און קליין האָבן געקוקט אין הימל אַריין, אַז די זון זאָל זיך באַווייזן. האָט זיך דווקא יענעם טאָג דער זון גאָרניט געגלוסט אַרויסצוקומען, און זי האָט זיך באַהאַלטן הינטער שווערע וואָלקנס. דער עולם איז געווען ממש אין גרויס פאַרצווייפלונג.

גראָד איז דעמאָלט פאָרגעקומען די חתונה ביי ר׳ אשרלען, און די אונגאַרישע מחותנים זיינען נאָך אַלץ געווען צו־גאַסט אין שטעטל. איינער פון די געסט איז געווען אַ רב פון דער קאַמאַרנער גזע, און אַזוי שטייענדיק אין מיטן מאַרק און זעענדיק די שטעטלשע יידן פאַרדאגהט, האָט ער איינגערוימט אַ סוד אין אויער פון איינעם פון די חשובי העיר. ס׳האָט געהייסן, אַז דער רב האָט צוגעזאָגט אַרויסצוברענגען די זון און דער עולם וועט האָבן די געלעגנהייט צו מאַכן די ברכות און מקיים זיין די מצווה פון קידוש החמה,

בתנאי אַז מען וועט אים געבן אַ געוויסע סומע געלט. אוודאי איז מען באַלד נאָכגעקומען דעם פאַרלאַנג, און דער רב האָט אַרויסגעצויגן זיין פּאַטשיילע, אַ פאַכע געטאָן מיט איר אַנטקעגן דעם הימל, און די זון איז טאַקע אַרויס־געקומען אין איר גאַנצער פּראַכט.

די שמחה איז געווען אין לשער. דער אויבסט־הענדלער פישל האָט לכבוד דער מצווה געוואָרפן קעסטלעך מאַראַנצן אין דער לופטן. שמחה אַלט־באַך האָט אַוועקגעגעבן אַ ספר אין שול אַריין. אָט־די שמחה האָבן די קאָלבו־שאָווער יידן שטענדיק דערמאָנט.

דעם נס וואָס יענער רב האָט באַוויזן האָט מען אין שטאָט נישט אַנגענומען אַזוי גלאַטיק. אַ חשד איז פאַרבליבן, אַז מסתמא איז ער איינער פון יענע „לייט״, אַ סימן האָט איר, אַז ווען ער איז זיך געגאַנגען טובל זיין אין דער שטאָטישער מקווה, האָבן יידן אים נאָכגעקוקט, צי האָט ער נישט אַמאָל אַ צלם אויפן האַלדז...

.10

## אַ פאָרשטעלונג

די השכלה, און שפּעטער די ציוניסטישע באַוועגונג, האָט אויך אין אונדזער שטעטל אַריינגעדרונגען; עס האָט זיך געשאַפן דער פאַראיין „תפארת בחורים״. אַ פאַראיין פון מיידלעך איז, אָבער, ערשט אָרגאַניזירט געוואָרן אין די קריגס־יאָרן, אין 1916־1917; ס׳איז געשאַפן געוואָרן די „יהודית״־אָרגאַ־ניזאַציע. מען האָט געאַרבעט דאָרט מיט באַגייסטערונג. אונדזערע עלטערע שוועסטער און חברטעס זיינען געווען די אַנפירערינס. זיי האָבן געשאַפן אַ שיינע ביבליאָטעק, אַנגעפירט מיט עברית קורסן, וואו דער לערער איז געווען דער טייערער און געניטער פּעדאַגאָג צבי געווירץ; מיט גרויס דערפאָלג זיינען אָפּגעהאַלטן געוואָרן אָפטע פאָרטראַגן און לעקציעס מיט אייגענע באַ־גאַבטע לעקטאָרן און פון דער פרעמד געבראַכטע פרעלעגענטן און רעדנער. מ׳האָט פאַראַנשטאַלט גרויסע נאַציאָנאַלע פייערונגען. אָט די אַלע אונטער־נעמונגען זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן געמיינזאַם מיט דעם בחורים־פאַראיין. ס׳איז איבעריק צו זאָגן, אַז קיין גרויס נחת האָבן אונדזערע עלטערן נישט געהאַט פון דעם אַלעם.

אין מאָל האָט מען באַשלאָסן צו שאַפן אַ דראַמאַטישע סעקציע פון די יינגערע טאַלאַנטירטע קינדער און מיט זיי צוגרייטן אַ פאָרשטעלונג. יעדער פון אונדז ווייסט, וואָס עס האָט געמיינט אין יענע צייטן אין קאָלבושאָוו דורכצופירן אַ פאָרשטעלונג. מען האָט זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון, אַז מיידלעך

זאָלן שפּילן צוזאַמען מיט בחורים, וועט אַרויסרופן דעם גרעסטן ווידערשטאַנד מצד טאַטע־מאַמע און אַזאַ אָפּאָזיציע וואָלט אָן ספק דערפירט צו אַ זיכערן דורכפאַל. האָט מען באַשלאָסן דערפאַר, אַז עס זאָלן שפּילן בלויז מיידלעך און אַז מיידלעך זאָלן אויספירן אויך די מענער־ראָלן. אויפגעפירט האָבן מיר דעם „גט" פון שלום־עליכם. די פרויען־ראָלן זיינען געוואָרן געשפּילט פון סימע גרינשטיין, פערל זיידען, זיסל איזראַעלאָוויטש. די מענער־ראָלן האָבן געשפּילט הענטשע גראָס, סאַלע זאַנטאַג, חנה ליידנער און אויך איך, די אונטערגעשריבענע.

אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז די אַלע עלטערן פון אָט די „אַקטריסעס" זיינען טאַקע נישט געווען קיין ענטוזיאַסטיש־צופרידענע, אָבער געשטערט האָבן זיי אונדז אויך נישט.

ס'איז אָבער געבליבן איין ראָלע, וואָס מיר האָבן ניט געקאָנט באַזעצן. דאָס איז געווען די ראָל פון אַ רביצין. מען האָט נישט געקאָנט קריגן קיין מיידל צו שפּילן אָט־די ראָל. אמת, עס זיינען יאָ געווען קינדער וואָס האָבן געוואָלט שפּילן די רביצין־ראָל, אָבער אין די היימען האָט מען זיי געשטערט.

מיך חברטע פון די קינדער יאָרן אָן, איז געווען בלומע זאַלץ. זי, די טאָכטער פון דעם חסידישן ר' ישראל מיכל, האָט אַפילו נישט געטאָרט חלומען וועגן אַזאַ קאַריערע. איך האָב איר אָבער איינגערעדט, אַז די ראָל פון דער רביצין פּאַסט איר זייער שטאַרק. איך האָב איר אויך איינגערעדט, אַז עס איז נישט קיין צו גרויסע ראָל; זי וועט זיך דאַרפן באַווייזן אויף אַ פּאָר מינוט און קיינער וועט זי אַפילו נישט דערקענען. צו „שלעכטס" לאָזט מען זיך גיך צוריידן — מיין פריינדינע איז געוואָרן אונדזער רביצין. נאָר וואָס עס האָט זיך שפּעטער געטאָן, זאָלט איר שוין נישט פרעגן...

עס איז געקומען דער גרויסער טאָג, און אונדזער פּאַראיין, וואָס האָט זיך געפונען אין אשר איזראַעלאָוויטשעס הויז, האָט פּרעזענטירט די פאָר־שטעלונג. עס איז נישט געווען קיין געגוג פּלאַץ, כאָטש נעם און צערוק די ווענט. מ'האָט געקאָנט פאַרקויפן צוויי מאָל אַזויפיל בילעטן. דער דערפאָלג איז געווען גרויס. מען האָט, דעריבער, באַשלאָסן נאָכאַמאָל צו אָרגאַניזירן אַ פאָרשטעלונג. מיר, די „אַקטריסעס", האָבן אָבער אַרויסגעשטעלט עפּעס אַ פאָדערונג, וואָס דער קאָמיטעט האָט צוריקגעוויזן און דערצו האָט אסתר גראָס עפּעס אַ זאָג געטאָן וועגן אונדז, וואָס האָט אונדז באַליידיקט. האָבן מיר דעמאָלט באַשלאָסן, אַז מיר שפּילן מער נישט. די ערשטע האָב איך רעוואָל־טירט און דאַן אָפּגערעדט מיט אַ פּאָר חברטעס, וואָס האָבן זיך מיט מיר סאָלידאַריזירט. מיר האָבן זיך נישט־וויסן געמאַכט, די פאַרבערייטונגען זיינען

אָנגעגאַנגען, נאָר דעם נאָכמיטאָג ווען מיר האָבן געזאָלט קומען זיך איבערטאָן און גרימירן פאַר דער פאָרשטעלונג, זיינען מיר נישט געקומען. אַ דעלעגאַציע פון אסתר גראָס און פילע בילפעלד זיינען מיך געקומען זוכן. ווען איך האָב דערהערט אַז זיי גייען, האָב איך זיך אויסבאַהאַלטן אין דער קליידער־שאַנק. צו מיינע אויערן זיינען דערגאַנגען די בייזע ווערטער פון דער דעלע־גאַציע. סיי־ווי — די פאָרשטעלונג איז נישט פאָרגעקומען.

דער שם־טוב אונדזערער איז געבליבן. מיר האָבן נישט געשפּילט מיט קיין בחורים צוזאַמען. ווי זאָגט מען ביי אונדז? מען האָט געקענט לעבן, נאָר מען האָט נישט געלאָזט...

.11

## מיין שכנטע און אירע דאגות אין איינציקע 24 שעה

עס איז נאָך האַלבער נאַכט. עס האָט געשאַריעט אויף אַ דינסטיק אָדער אַ מיטוואָך. אַלע טעג פון אַ גאַנץ יאָר, אין קאָלבושאָוו, זיינען דאָך אַזוי ענלעך איינער צום אַנדערן.

דאָך איז דער מיטוואָך געווען אַנדערש פון אַלע אַנדערע מיטוואָך־טעג. יענעם מיטוואָך האָבן זיך געדאַרפט עפענען אין די הימלען די שערי רחמים. מיין שכנטעס זון האָט גראָד יענעם מיטוואָך געדאַרפט זיך צושטעלן צו דער פּריזיוו־קאָמיסיע. ער איז געווען דער וואוילקענער, דער געראָטענער זון, דער למדן.

די שכנטע האָט די נאַכט ניט געכאַפּט אַ דרימל, ווייל דאָס יינגסטע טעכטערל אירס, צען יאָר אַלט, ליגט קראַנק אין גרויסער היץ. זי האָט שוין נישט געקאָנט קיין אויג צוטאָן — מען דאַרף דאָך דעם קינד צולייגן קאָמ־פּרעסן, איינגעבן די רפואה, דערלאַנגען דעם פאַרקאָכטן קאַנדל־צוקער מיט טיי. זי זאָל נאָר נישט פאַרשלאָפן; הלוואי מען זאָל זיך כאָטש קאָנען באַגיין אָן אַ דאָקטאָר.

דאָס קינד דרימלט איין פאַר אַ ווייל. אונדזער שכנטע קוקט זיך אַרום איבער דער שטוב. ס׳איז אַ גרויסע, לאַנגע און שמאָלע שטוב. אין צווייטן בעט זעט זי איר מאַן. ער שלאָפט און כראָפּעט צו. איז ער דאָך בסך־הכל אַ צעבראָכענער ייד, אַ חלוש. זי דערזעט, אַז איר מאַנס באָרד און פאות זיינען אַ געמיש פון האָר — אָן קאָליר, וואָס קען באַצייכנט ווערן ווי אַ געמיש פון חצי־שוואַרץ און חצי־גרוי. אַרום זיין מויל, אַריינגעפלאָכטן אין די רויטלעכע וואָנצעס, שטעקן אַרויס אַ פּאָר אָפּגעבראָכענע שטיקלעך שטרוי. טראַכט זיך די שכנטע, אַז דאָס איז אַן איבערבלייבעכץ פון דעם יריד דינס־

טיק, ווען ער האָט איינגעהאַנדלט די אײער אויף דעם מאַרק. דאָ האָט „ער", דער בטלן, צוגעהאָלפן. אויף אַנדערע ירידים אין די דערבייאיקע שטעטלעך, פאָרט ער דאָך נישט מיט. האָבן זיך אים, מעשה אײער־סוחר, אַריינגעפּלאָנ־טערט עטלעכע שטרויען אין דער באָרד אַריין — טראַכט אומעטיק זיין ווייב.

נעבן מאַן אין בעט, ליגט זייער ייִנגסטער ייִנגל. פאַר גרויס מידקייט האָט ער אַפילו נישט באַוויזן אויסצוטאָן ס'לייב־צודעקל, און די ציצית פון די ארבע כנפות ליגן אויפן בעטגעוואַנד צעוואָרפן.

די פרוי קוקט זיך אַרום, און זעט ווי אין מיטן שטוב שטייען אַנגע־שטעלט די קעסטלעך אײער, וואָס מען דאַרף נאָך איבערקלויבן און פּאַקן, כדי אַוועקצושיקן קיין שענדישאָוו צום הורטאָווניק. נעבן די קעסטלעך אויף דעם אויפשטעל־בעטל, שלאָפט דאָס גרעסערע מיידל, באַלד 15 יאָר אַלט. איר לאַנגער בלאָנדער צאָפּ, הענגט אַראָפּ פון בעטל און וואַלגערט זיך אויף דער פּאָדלאָגע. איר שלאָף איז אַ געזונטער, ווי פון אַ יונג מיידל, אַ לייטיש קינד — טראַכט אין זיך די מוטער. זי לערנט זיך זיין אַ נייטאָרין און דווקא ביי דער בעסטער מייסטערין אין שטעטל. זי לערנט זיך גוט און כאַפּט שנעל, און וועט מיט זיין־ליבן־נאָמענס הילף, באַלד אַנהייבן פאַרדינען אויך...

אַביסל וויטער אין שטוב, שטייט אַ בעטל, אַ באַנק־בעט. אויף דעם בעטל שלאָפט איר שווער. זי רעדט וועגן אים מיט גרויס אָפּשיי. אַ זקן פון קרוב 90, געבויגן אין צווייען, ברוך־השם געזונט און מיט אַ גוטן אַפּעטיט. ער ליגט און שלאָפט. פון צייט צו צייט קרעכצט ער אַביסל אונטער אין שלאָף.

אויף דער באַנק־בעט ליגן די אַנדערע צוויי זין: טאַקע דער לייטישער, דער לערנער. ער איז צו גאָט און צו לייט. און טאַקע ער דאַרף זיך דאָס צושטעלן צו דער קאָמיסיע. ער שלאָפט איצט מיט אַ טיפן שלאָף. אויסגע־מאַטערט פון וואָכן לאַנגע וואַך־זיין, צערן זיך דורך ניט עסן, פּלאָגן זיך מיט אַלע אַנדערע „שטעלערס" (פּריזיוויניקעס) פון שטאָט. דעם לעצטן פאַר־נאַכט איז ער טאַקע פאַרשלאָפט געוואָרן; ער האָט נישט געקאָנט מער די לעצטע נאַכט זיך ניט לייגן שלאָפן. ער איז ממש אַוועקגעפאַלן ווי אַ טויטער. — דאַרף איך טאַקע, הייליקער פאָטער אין הימל, רחמים גדולים — ווענדט מיין שכנטע אירע אויגן צום הימל. יאָ, זי האָט געמאַכט אַ הלוואה אין דער קאַסע, געקראָגן דערצו זשיראַנטן, גוטהייסער און אַוועקגעגעבן דעם מעקלער דאָס געלט, כדי אָפּצוקויפן די לייט פון דער קאָמיסיע. ער איז אָבער, איר זון, אַ שיינער פאַרשוין, ווייַ איז איר...

מיט אים אויף דער באַנק־בעט שלאָפט דער 17־יעריקער אירער, אַ ייִנגל וואָס איז אַנדערש פון אַלע אירע קינדער; אַ בלאַס פּנים און שטאַרק

רויטע האָר, אַ שתקן, פון וועמען מען הערט ניט קיין וואָרט. ער איז אָבער אַ לייט — אַרבעט שוין ביי אַ מענער־שניידער, לערנט ס׳פאַך; ער עסט ביים מייסטער זיינעם, קריגט אַ פּאָר שטיוול און אַ העמד יעדן יאָר, ער וועט ווערן אַ געזעלן אם־ירצה־השם, וועט גרינגער ווערן אין שטוב...

אַזוי טראַכטנדיק דערהערט מיין שכנטע אַ קלאַפּן אין טיר. דאָס רופט זי דער לערן־יונג פון בעקער; זי דאַרף גיין דרייען בייגל. יעדע נאַכט קומט ער אין דער צייט און וועקט זי. זי וואַרפט אַ בליק אויף איר משפחה, גייט נאָכאַמאָל צו צום קראַנקן קינד, לייגט צו נאָך אַ קאַלטן קאָמפּרעס. ס׳קינד שלאָפט, אָבער ליגט אין איין גרויסן פייער און איז אומרואיק. זי וועקט די עלטערע טאָכטער און זאָגט איר אָן, צו קוקן צום קינד. פון שלאָף אַרויס גיט דאָס מיידעלע אַ שאָקל מיטן קאָפּ: זי וועט דאָס אַוודאי טאָן. די מוטער קושט די מזוזה, און פאַרלאָזט די שטוב.

ס׳איז איצט פרילינג. זי קומט צוריק פון דער אַרבעט אַרום 5 אינ־דערפרי. ס׳איז שוין גרויסער טאָג. זי מאַכט אַביסל וואַרעמס פאַר איר מאַן, וועלכער קלויבט זיך שוין אין בית־המדרש אַריין. זי גיט דעם קראַנקן קינד עפּעס אין מויל אַריין. זי צינדט אָן דאָס גרויסע וואַקסענע ליכט, וועקט אויף די קינדער. די עלטערע טאָכטער האָט זי היינט נישט אַוועקגעשיקט פון דער היים צו דער אַרבעט. דעם זון אירן וואָס דאַרף זיך היינט שטעלן, האָט זי קוים דערוועקט; זאָל ער גיין צו השכמה דאַוונען, נאָכדעם וועט ער אויס־טרינקען די עקסטראַ־שוואַרצע קאַווע — ס׳האַרץ זאָל אים שטאַרקער קלאַפּן בעת ער וועט שטיין פאַר דער קאָמיסיע. דאָס אַנדערע יינגל גייט צו דער אַרבעט. אין שטוב פילט זיך אָבער אַ תשעה־באב שטימונג. יעדער פון שטוב פאַסט ביז נאָך דעם ווי דער זון וועט צוריקקומען פון דער קאָמיסיע. אַלע וואַרטן אויף דער גוטער בשורה, אַז ער איז ניצול געוואָרן פון גוישע הענט...

דער טאָג שטייט נישט און זי דאַרף נאָך עפּעס טאָן. זי כאַפּט דאָס זומער־טיכל און לויפט אַוועק עטלעכע קילאָמעטער צום הייליקן אָרט צו רייסן קברים, לאָזן וויסן די הייליקע אבות אַז זי איז אין אַ נויט, און זאָלן זיי לויפן און בעטן און זיין די גוטע שליחים.

אויף דעם בית־הקברות איז זי זייער היימיש. זי קומט אַריין אין טויער, ווענדט זיך צום ערשטן קבר און נעמט ריידן מיט דרייסטקייט צו דער נשמה, אַז זי זאָל גיין און אָנזאָגן אירע אבות, אַז זי, פייגע בת נפתלי, איז דאָ, און דאַרף אַ גרויסע הילף. זי זאָגט אַריין אין קבר אַריין, אַז אין זכות פאַרן גיין צו אירע אבות, וועט זי געבן אַ ליכט פאַר דער נשמה וועגן.

זי גייט ווייטער און פאַלט אויף קברים, רייסט אין וועלטן, און קלאָגט

און בעט אויף ישועות און נחמות און פאַר אַ גליקלעך און געזונט לעבן פאַר איר משפחה און פאַר כלל ישראל.

אויסגעוויינט זיך, גייט זי אַהיים, געשטאַרקט און מיט אַ גרינג האַרץ. זי איז זיכער, אַז זי האָט אויסגעבעטן אַלדאָס גוטס. איידער זי קומט אַהיים, גיט זי זיך אַ כאַפּ אַריין נאָך אין בית־מדרש אַריין, און רייסט אַוועק דאָס פּרוכת פון ארון־קודש און וויינט ווידער אַריין אַלע זײַרע געבעטן...

די זון שטעלט זיך שוין היפשלעך אין מיטן אויף דעם שטעטלדיקן הימל. ס׳האַלט שוין נאָך האַלבן טאָג. זי קומט אַהיים. דער מאַן איז אין שטוב. דעם קראַנקן קינד איז נישט בעסער געוואָרן. יעדע מינוט איז לאַנג ווי אַ שעה. דער זון, איר שיינדל, שטעלט זיך טאַקע איצט צו דער קאָמיסיע. דער שווער דרייט זיך איבער דער שטוב, אַרויף און אַראָפּ. דאָס וואַקסענע ליכט וואַרפט אַן אומהיימלעכע שיין.

אַרום צוויי אַזייגער הערט זיך אַ געלויף צו דער טיר. דאָס לויפן די שכנים מיט דער גוטער בשורה: באַפרייט! באַפרייט! דער בחור גייט. ער שלעפּט זיך קוים אויף די פיס. די גאַנצע משפחה און די שכנים ווינטשן זיך צו. מען דאַנקט דעם וואָס־איבער־אונדז־איז. די מאַמע מיט דער טאָכטער כאַפּן זיך מאַכן עפּעס עסן. האָט מען דאָך אָפּגעפּאַסט ביז איצט. דער זון, אַ פאַרשוואַכטער פון די גרויסע איבערלעבענישן, לייגט זיך אַביסל צו. באַלד באַוויזן זיך אויפן טיש הייסע טעפּלעך ציקאָריע, ברויט מיט פּוטער. מען דערכאַפּט זיך די הערצער. אַלע זיינען גליקלעך און צופרידן...

די מאַמע גיט אַ קוק אויפן קראַנקן קינד, לייגט איבער ס׳קישן. פּלוצעם כאַפּט זי זיך, אַז זי האָט נאָך היינט גאָרנישט געטאָן. זי וועט דאָך קיין תירוץ נישט האָבן אויף יענער וועלט, איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר אַרום. וואָס וועט זיין מיט אירע אַלע קראַנקע, אַז אָך און ווי איז צו איר. זיי פאַרלאָזן זיך און וואַרטן אויף איר. זי מוז אַ לויף טאָן צו דער אַלטער רייזעלע, מאַכן איר ס׳בעט, זי אַרומוואַשן און געבן איר עפּעס אין מויל אַריין. זי ליגט דאָך רייזעלע אַ געליימטע. זי דאַרף צולויפן אָנבראַנען אַ רויז שיינדל־יעקל׳ס אויף אַ פוס; זי ליידט דאָך אַזעלכע יסורים. און פאַרגעסן טאָר זי נישט אַרויסצולויפן און שאַפן אַ גמילות־חסד פאַר דעם מאָרגנדיקן יריד אין ראַנישעוו.

זי לויפט הענדום־פּענדום און טוט שנעל אַלע אַרבעטן. דעם גמילות־חסד קריגט זי אָן שוועריקייטן, וואָרום יעדער ווייסט, אַז ס׳איז גאַנץ קורנאַנט און יעדער גראָשן וועט צוריקגעצאָלט ווערן צו דער מינוט, צו דער רגע. זי קומט אַהיים פאַרנאַכטלעך; מאַכט דאָס פייער אונטער דעם דרייפוס, גרייט צו

אוונט־ברויט, גיט דעם קראַנקן קינד די מעדיצין. אוי־ווי, דאָס האַלץ וויל נישט ברענען — ס׳איז נאַס. זי בלאָזט זיך אַרויס די לונגען און שטעלט לסוף אַרויף דעם אייזערנעם טאָפּ מיט די צעשניטענע קאַרטאָפל. פון אַביסל מעל און אַ טייל פון די צעבראָכענע אייער, מאַכט זי קליסקעלעך, פאַרשמעלצט מיט אַ געפּרעגלטע ציבעלע און מאַכט אַ מאכל, כיד המלך...

„ער", ווי זי רופט איר מאַן, קומט פון בית־מדרש. מען זעצט זיך עסן וועטשערע. גליקלעכע מיטן פאַרגאַנגענעם טאָג און אויסגעמאַטערטע, גייט מען באַלד שלאָפן.

די מוטער, באַפרייט סוף־כל־סוף פון אַלע פליכטן, נעמט זיך פילנעווען דאָס קראַנקע קינד, צינדט אָן ס׳נאַפט לעמפל, זעצט זיך אַוועק ביים קינדס בעטל, לייגט כסדר צו די קאָמפּרעסן, גיט איין די רפואה און לויט איר אייגענער דאָקטאָריע האָט זי אַ גרונט צו האָפן צו גאָט, אַז די נאַכט דאַרף זיין דער קריזיס און עס דאַרף אָנהויבן בעסער ווערן. ס׳איז שוין 11 אַזייגער. אַ פאַרמאַטערטע שטעלט זי אַ ווידערשטאַנד דעם גנב, דעם שלאָף. עפּעס דאַכט זיך איר פונדעסטוועגן, אַז דער שלאָף האָט זי גובר געווען. זי האָט אַזוי דעם קאָפּ אָנגעלעגט אויף דער וואַנט, און ס׳האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז זי געפינט זיך אין אַן אַנדער וועלט. אַ וועלט שכולו־טוב...

אָט זעט זי מיט אירע אייגענע אויגן אַ פּרעכטיקע שול, אַזוי פיל עשירות, אַזאַ גרויסע ליכטיקייט נעמט זי אַרום. זי זעט הדרת־פּנימער, אַלטע באַקאַנטע יידן, אין ווייסע קיטלען און טליתים. זי קען שווערן, אַז דאָס זיינען אירע הייליקע אבות, מלאכים זיינען זיי אַלע. וואָס זעט זי איצט? אָט זיצט אויבן־אָן דער אַלטער, דער שמאַטע־קלויבער. זי געדענקט אים. געווען איז ער אַ בן־אדם, אַ פּראָסטאַק; געשטאָרבן מיט יאָרן צוריק. נעבן אים שטייט דער וואַסער־טרעגער, וואָס האָט געוואוינט צווישן גויים הינטער דער שטאָט. נישט געקענט, נעבעך, אַ צורה פון אַן אות. מען פלעגט דערציילן וועגן אים, אַז שפּעט ביינאַכט האָט מען געזען אַ ליכט אַרויסשיינען פון זיין איינזאַם שטיבל. און אָט איז דער איינציקער גלוח אין שטעטל. ער איז קיינמאָל צום דאַווענען נישט געגאַנגען, אָבער פאַר אַ ייד איז ער גרייט געווען ממש זיך מקריב זיין. אַלע לאַנג שוין אויפן עולם־האמת. און אָט זעט זי פון דער נאָענט אַ זקן מיט אַ לאַנגער גרויער באָרד, מיט די גוטמוטיקע און שמייכלענדיקע אויגן. אַפּנים, אַז ער פילט זיך צופרידן מיט זיינע מיטמענטשן. דעם דאָזיקן זקן קען זי דאָך אַזוי גוט. ער זעט אויס פּונקט ווי אליהו־הנביא, וואָס אויף דעם שער־בלאַט אויף דער אַלטער פּסחדיקער הגדה, וואָס זי האָט פון איר פאָטער בירושה.

אָט דערנענטערט זיך צו איר איר פאָטער, איינגעהילט אין קיטל, מיט זיין שוואַרצער באָרד און פאות. געשטאָרבן איז ער דאָך גאָר אַ יונגערמאַן. ער גייט צו מיט אַ גרויסן זילבערנעם בעכער אין דער האַנט; אָבער ניין, זי איז זיך טועה, עס איז גאָר איר זיידע. זיי מישן זיך אויס דיביידע געשטאַלטן. דעם בעכער, אָבער, אין דער אויסגעשטרעקטער האַנט, זעט זי קלאָר. זי וויל נעמען דעם בעכער פון דער האַנט. נאָר אָט האָט זי דערהערט אַ קלונג — דאָס האָט דער וואַנט־זייגער, דער אַלטער, מיט די לאַנגע וואַגעס אויף די קייטן, וואָס קלינגט קיינמאָל נישט, מיטאַמאָל זיך צעקלונגען. זי האָט זיך אויפגעכאַפּט מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט צו נעמען דעם דערלאַנגטן בע־כער. אַ צעמישטע האָט זי זיך אַרומגעקוקט און געוואוסט האָט זי, אַז זיי האָבן איר געגעבן די רפואה פאַר איר פאַרשלאָפט קינד.

זי האָט אַ קוק געטאָן אויף איר קינד: עס שלאָפט רואיק — דער אָטעם איז נישט מער שווער. דאָס פּנימל בלאַס, די היץ האָט אָפּגעטראָטן. באַלד הערט זי ווידער דעם באַקאַנטן קלאַפּ אין דער טיר: דער בעקער־יונג רופט זי שוין גיין דרייען בייגל. זי כאַפּט אַ קוק אויפן קינד, אַ קוק אויף דער גאַנצער משפחה. זי שיינט פון איר גליק. זי שפּאַנט אַרויס אין דער נאַכ־טיקער פינצטערניש ווידער צו באַגעגענען דעם נייעם טאָג.

.12

## „אַז אַ קליין קינד ר״ל שטאַרבט, איז עס אַ מעסערל״

אַן אינטערעסאַנטע געשטאַלט ביי אונדז איז געווען ל. גורער (האָט געוואוינט „אויף דער גורע״). אַ ייד, אַ בעל־גוף, מיט רויטע באַקן, דעם קאַפּעליוש אַרונטערגערוקט טיף איבערן שטערן. ליב געהאַט צו מאַכן אַ קנאַק־יעקב און האָט אַלעמאָל געזוכט אַ וועג ווי אַזוי צו קריגן אַביסל פון ביטערן טראָפּן. אין דער פּראָפּינאַציע איז ער געווען אַן אַריינגייער, ווייל דער געשמאַק וואָס האָט זיך פון דאָרט געטראָגן, האָט אים עפּעס מאָדנע צוגעצויגן.

אין דער פּראָפּינאַציע האָבן געאַרבעט ווי נאמנים ר׳ יעקב ברוכס און ר׳ שמואל ראָטשטיק, ביידע פרומע יידן און דערצו כהנים. עס האָט זיך זייער אָפט געטראָפן, אַז ל. גורער איז אַריינגעקומען פרייטיק, געטראָגן אונ־טערן אָרעם די חלה וואָס ער האָט געקויפט אין שטאָט, ווייל אין זיין אויוון האָט זיך עפּעס נישט געוואָלט באַקן קיין חלה. ער איז דורכגעגאַנגען נאָענט נעבן די גרויסע, עטלעכע הונדערט ליטערדיקע, קופּעס מיט בראָנפן, אונטער וועלכע עס איז געווען אונטערגעשטעלט ביי יעדן צאַפּן אַ וויאַדרע אָדער

אַ טאָפּ. אין יעדער כלי איז געווען אַ שפּאַר ביסל משקה, ווייל צאַפּנדיק האָבן זיך די רעשטלעך דאָרט אויפגעזאַמלט און עפּעס האָט יעדעס מאָל דער שטן געוואָלט, אַז די חלה זאָל זיך אים אַרויסגליטשן פון אונטער דעם אָרעם אין אַ כלי פול מיט דער רייצנדיקער פליסיקייט. פרישע חלה, ווידער, האָט די אייגנשאַפט אַריינצוזאַפּן אין זיך ווינציקסטנס אַ קוואָרט פון דעם אינהאַלט. „נו, מילא־מה, זאָגן מענטשן, ס׳קאָן געשען אַן אומגליק״...

אַמאָל האָט, אָבער, געטראָפן ביי דעם יידן אין הויז אַן אומגליק, לא עלינו: אַ נאַר־וואָס געבוירן קינד איז אים געשטאָרבן. איז אויב געשטאָרבן, דאַרף מען דאָך באַגראָבן — האָט ר׳ ל. גורער גענומען דאָס גופל פון דעם עופהלע אין אַ האַנט־קוישל (אין וועלכן מען פלעגט געוויינלעך טראָגן הינער אָדער אייער) און איז געגאַנגען אין שטאָט אַריין. אָבער שוין אויף דער בריק האָט ער דערשנאַפּט דעם גערוך פון דער פּראָפּינאַציע, וואָס איז געווען אין עקיבא גרינשטיינס הויז. האָבן אים די פיס, מן הסתם אַן זיין וויסן, אַהין געטראָגן. אַריינקומענדיק אין דער פּראָפּינאַציע, האָט ער געגעבן אַ שטעל אַוועק דאָס קוישל אויף דער לאַדע און געגעבן אַ טיפן זיפּץ. האָבן אים געפרעגט די נאמנים, וואָס טוט אַ ייד אין דער צייט אין שטאָט. ווייזט ער, אַט האָט ער געבראַכט „אַ מעסערל אין קייבערל״. די צוויי כהנים דערזעענדיק אַ מת, זיינען, ווי אָפּגעבריטע, אַרויס פון דער פּראָפּינאַציע. אַ גאָלדענע געלעגנהייט האָט זיך פאַר אים דאָ געמאַכט.

אין איין וועגס איז אים איינגעפאַלן אַ וואַזשנער געדאַנק: ער וועט נאָך קאָנען פון דאַנען עפּעס מוציא זיין. דערווייל, האָבן אים די משגיחים פון דרויסן געבעטן, ער זאָל גיין וואו ער דאַרף גיין. זיי איז קאַלט ווינטער צו שטיין אין דרויסן. עס קומען אַן מענטשן איינקויפן, און זיי קאָנען נישט אַריינגיין באַדינען זייערע קונים. אָבער אונדזער ר׳ ל. מאַכט זיך נישט וויסן. די יידן הויבן אָן מיט אים פאַרהאַנדלען: — „נו, מיר וועלן דיר געבן אַ קוואָרט בראַנפן, און גיי שוין״. אונדזער בעל־דין, אָבער, וויל נישט הערן. מען האָט אים צוביסלעך דערלייגט ביז אַ טאָפּ (פיר קוואָרט) שנאַפּס. ערשט דעמאָלט האָט ער מיט אַן אומצופרידענער מינע, ווי ער וואָלט גאָר דער־לייגט צום עסק, גענומען דאָס „קייבערל מיטן מעסערל״ און געגאַנגען זיין וועג.

.13

## דער קברות־ייד

פאַרוואָס זאָל מען פאַרגעסן אָן דעם קברן פון שטעטל? אַזוי זיין געשטאַלט, ווי זיין פּראָפעסיע, זיינען געווען אייגנאַרטיק. אין דער אמתן האָט

יעדער אין שטעטל ווי זיך געשראָקן פאַר אים. גערופן האָט מען אים „יאַקוס". אויף אונדזער גאַס איז ער געווען דער שטילסטער שכן; געוואוינט האָט ער אין הקדש, וואוהין מען האָט געבראַכט פון דער גאַנצער געגנט וואָס האָט געהערט צו דער יוריסדיקציע פון דער שטאָט, מטהר צו זיין די בר־מינן׳ס און מען האָט דאָרט געטאָן זייער רעכט. ער, דער קברן, האָט דאָס אַלץ געטאָן מיט גרויס תמימות און בשלימות. געווען איז ער אַ גאָר הויכער און דאַרער ייד. זיין פנים איז געווען אויסגעדאַרט, און זיינע באַקן־ביינער זיינען געווען גרויסע און אַרויסשטאַרצנדיקע, באַוואַקסן מיט אַ ברודיק־בלאָנדער באָרד. אויך די האָר אויפן קאָפּ און די ברעמען און וויעס, פון זעלבן קאָליר. די צורה זיינע איז אין אַלגעמיין געווען אַ געלבלעכע און אַזוי אויך האָבן זיך געוויזן זיינע אויגן־ווייסלעך. געטראָגן האָט דער קברן אַ צייגן כאַלאַטל, וואָס איז געווען אַלט און שטאַרק אָפּגעריבן, בפרט האָט עס געהאַט אַ גלאַנץ פון אָפּגעטראָגנקייט אויף די אַקסלען און אויף די פלייצעס, וואו ער האָט גע־טראָגן די נאָשעס מיט די הייסע קאַנען וואַסער פון באָד, כדי דורכצופירן די טהרות. דאָס מלבוש האָט געהאַט אַ געדעכעניש פון אַ פאַראָסטן ברוינלעך־געלן קאָליר. אַ פּאָר יוכטעווע שטיוול, האָט ער געטראָגן אויף די פיס סיי זומער, סיי ווינטער; פון געל רוי לעדער זיינען זיי געווען געמאַכט. מען האָט דעם קברן געקענט דערקענען לויט די שטיוול...

זיינע נעגל אויף די הענט זיינען געווען לאַנגע. בייזע צינגער האָבן געזאָגט, אַז צוליב אָט די לאַנגע נעגל, וואָס ער האָט, זעט אויס, זעלטן אָפּ־געשניטן, האָט ער געקאָנט געבן אַן עין־הרע וועמען עס האָט זיך אים פאַר־גלוסט... די נעגל זיינען שטענדיק געווען פול מיט געלבלעכן שמוץ פון דער ערד פון בית־עולם, וואָס ער האָט געגראָבן, עפענענדיק קברים.

די געלקייט פון אונטער די נעגל און דאָס זעגעכץ פון וואָס ער האָט צוגעגרייט די מיטות אין פּאָליש פון שול, איז געווען האַרמאָניש צונויפגע־גאָסן מיט דעם קאָליר פון זיין בגד. דער געלבלעכער קאָליר האָט זיך אויך אָפּגעשפּיגלט אין די קאַנען הייסע וואַסער, וואָס ער האָט געטראָגן. אַזוי איז דער ייד אויסגעוואַקסן צו אַ שרעק פאַר יעדן וואָס האָט אים געזען. אין דער אמתן איז ער געווען אַ ייד אַ שווייגער, קיינמאָל קיין איבעריק וואָרט נישט געזאָגט, זיך נישט באַקלאָגט אויף זיין דאָליע. און וואָס איז דאָ טאַקע צו ריידן? אַז אַלץ איז הבל הבלים. ער האָט עס געוואוסט אַמבעסטן. לא המתים יהללו י־ה. מתים ריידן ניט און דער קברות־ייד רעדט ניט...

ער האָט קיינעם אין שכנהשאַפט גאָר קיין שלעכטס נישט געטאָן. קיינעם קיינמאָל נישט באַליידיקט. ווי אַזוי די שטאָט האָט אים באַהאַנדלט און

באַלוינט פאַר זיין חושכדיקער פּרנסה, איז געבליבן אַ סוד צווישן אים און קהל.

סוכות פלעגט ער עסן ביי אונדז אין סוכה. קיין קידוש האָט ער נישט געוואוסט ווי אַזוי צו מאַכן. האָט ער, איידער מען איז געקומען פון דאַוונען, זיך אַריינגעטראָגן אַליין דאָס עסן אין סוכה אַריין און שנעל אָפּגעגעסן, איידער אַנדערע זיינען געקומען, כדי זיך נישט דאַרפן פאַרשעמען...

ווער האָט דאָס געזאָגט, אַז בלויז שיינע יידן, שבת־יום־טובדיקע יידן, למדנים, רבנים, לערנער, סוחרים, קהלה־פירער, קאָכלעפל, דאַרפן דערמאָנט און פאַרצייכנט ווערן? כ׳לעבן, אַזאַ קברות־ייד, אַ פרומער, תמימותדיקער האָרעפּאַשניק פון אַ גאַנץ יאָר, אַ פּשוטער מיטוואָך, וואָס האָט געדינט דער קהילה און געטאָן אַן אַרבעט, וואָס האָט געהערט צו די טרויעריקע יידישע מלאכות, דאַרף דערמאָנט ווערן, מיט אַלע אַנדערע וואָס האָבן געלעבט אין אַ וועלט וואָס איז טראַגיש אונטערגעגאַנגען און איז מער נישטאָ.

.14

## מחלוקתן

עס וואָלט זיך געדאַכט, אַז דאָס לעבן אין קאָלבושאָוו איז געפלאָסן רואיק, אַזוי ווי דער קליינער טייך, וואָס איז דורכגעפלאָסן אין מיטן דער שטאָט. דאָך האָבן די פאַרשידענע געשעענישן אין שטעטל אויפגערייצט און סטימולירט די געמיטער. די רבנישע מחלוקתן, האָט צעטיילט די שטעטלדיקע יידן אין צוויי לאַגערן, וואָס אין זייערע קאַמפן זיינען זיי דערגאַנגען צו געשלעגן ביז בלוט פאַרגיסן, מיט מסירות און אַרעסטן. יעדער צד האָט געזוכט אָנצוטאָן דעם אַנדערן צד פאַרשידענע צרות. די יונגע פון יעדן צד האָבן, למשל, פאַנאַנדערגעשאָטן שטאַרקע פאַבריקע אָדער פעפער אין גרויסן בית־המדרש ביים דאַוונען און צוגעהאַלטן די טירן, אַז די מענטשן האָבן אָנגעהויבן הוסטן און ניסן און שטיקן זיך, אַזש זיי האָבן געמוזט שפּרינגען דורך די פענצטער.

אַן אַנדער ענין, וואָס האָט געררייצט די געמיטער און אַרויסגערופן קאַמפן, איז געווען די עקזיסטענץ פון דעם ציוניסטישן פאַראיין. דער אַלטער דור, פרום און חסידיש, האָט קנאותדיק באַקעמפט דעם ציוניזם, באַזונדערס די יעניקע וואָס האָבן געהאַט אייגענע קינדער צווישן די מיטגלידער פון דעם פאַראיין.

איינמאָל איז אַ טאַטע אַריינגעפאַלן אין דעם פאַראיין, אַלץ צעהאַקט, צעריסן די ביכער און פאַנאַנדערגעוואָרפן די צייטונגען. די חברה יונגע ציוני־

גיסטן האָבן זיך געוואָלט נוקם זיין, זיינען זיי אין זייער קעגן־אַקט צו ווייט ניט געגאַנגען. זיי האָבן ניט געקאָנט גיין צו ווייט. זיי האָבן פאַרכאַפּט דאָס לייענען אין בית־המדרש, אָפּגערעדט זיך מיט די בעל־מלאכות, מיט עטלעכע וואוילע יונגען פון שטעטל צו זיין בעתן לייענען אין בית־מדרש, אויפגערופן אייגענע חברים צום ספר און מכבד געווען זיי מיט עליות; דעם בעל־קורא האָבן זיי געצוואונגען צו לייענען, און די גרעסטע נקמה איז געווען וואָס ביים ספר האָט מען עפנטלעך מנדר געווען פאַר דעם קרן־קימת.

עס זיינען געווען אַ פּאָר רייכע יידן, אָבער דאָס לעבן פון דעם מיטל־שטאַנד און בפרט אָרעמע, אין גאַנץ גאַליציע, וואָס האָט צו יענער צייט געציילט ביי איך מיליאָן, האָבן זיך געמאַטערט מיט פאַרשידענע שווערע פּראָבלעמען, ביז עס איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה אין 1914, מיט דעם אָנהויב פון צרות, רדיפות און אומקום.

.15

## בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה

אין אָנהויב קריג, סעפּטעמבער־אָקטאָבער 1914, בעת דער ערשטער אינוואַזיע פון די רוסן, זיינען אַ טייל יידן פון קאָלבושאָוו אַנטלאָפן. אונטער־געררייצט פון די פּוילישע אינוואוינער, האָבן די רוסן שוין ביים אַריינקומען, געשאָסן דריי יידן. זיי האָבן אויסגערויבט און צעפּלינדערט יידישע הייזער. נאָך עטלעכע וואָכן זיינען די רוסן אַרויס, און די יידן זיינען צוריקגעקומען און אין זייערע היימען גאָרנישט מער געטראָפן.

נאָך אַ פּאָר וואָכן זיינען די רוסן צוריקגעקומען. דאָס מאָל איז טאַקע כמעט יעדער געלאָפן. די עסטרייכישע רעגירונג האָט צוגעשטעלט פּראַכט־וואָגאָנען און אַכט טעג האָט מען געפירט די מענטשן מיינסטנס קיין בעמען און מערן. אויף 45 קרייצער אַ טאָג, וואָס די רעגירונג האָט געגעבן יעדן פּליכטלינג, האָט מען דורכגעלעבט, פאַרשטענדלעך אין שווערע באַדינגונגען, אַן ערך 10 חדשים, ביז מען האָט פאַריאָגט די רוסן. צוריק אַהיים זיינען געפאָרן דעקלאַסירטע, רואינירטע מענטשן. גרויסע צאָלן בעלי־בתים פון שטעטל, דאַרף מען געדענקען, זיינען תמיד געווען אָנגעוויזן אויף שטיצע, וואָס קינדער און קרובים פלעגן שיקן פון אַמעריקע, און אויך פון אַנדערע לענדער, און בעת דעם קריג האָט מען קיין געלטער נישט דערהאַלטן...

דערווייל זיינען אָנגעקומען ביטערע בשורות, אַז עטלעכע פּוילישע און אויך אַ צאָל יידישע מענער פון שטעטל זיינען געפאַלן אין שלאַכטפעלד.

אַ צאָל תושבים פון שטעטל, יידן און קריסטן, האָבן די רוסן מיט זיך מיט־גענומען און קיינער האָט פון זיי נישט געהערט.

ביז גאָר שווער איז געווען צוריק אויפשטעלן די חרובע היימען. מענטשן האָבן זיך געמאַטערט; פאַראַכטן די שטיבער, די בעטן און די מעבל, אָנגעהויבן עפּעס טאָן, כדי צו קריגן פון פויער דאָס ביסל קאַרטאָפל און קאָרן, וואָס מען האָט אַליין מיט די האַנט־מילן געמוזט צעמאָלן, כדי צו באַקן דאָס שוואַרצע ברויט. יידן האָבן אָנגעהויבן פאָרן קיין ווין, וואו עס איז געווען אַ הונגער, און מען האָט זיך שטאַרק געגוויטיקט אין פּראָדוקטן, אַהינשמוגלען עסנוואַרג און צוריקברענגען אַלטע קליידער און שיך. און אַזוי אַרום האָבן זיך די שטעטלדיקע יידן אַביסל עקאָנאָמיש צוריקגעכאַפּט.

אין דער צייט איז געגרינדעט געוואָרן אַ באַראָן־הירש שולע אין שטעטל. מען האָט אַריינגעשיקט אַ לערערין. מען האָט דאָרט געלערנט די שטעטלדיקע מיידלעך שטיקעריי. דאָס איז געווען אַ זייער וויכטיקע הילף פאַר דעם שטעטל. די מלאכה האָט מען זיך שנעל אויסגעלערנט. יעדעס מיידל און יונגע פרוי האָט אויסגעשטיקט אַ פּאָר העמדער אַ וואָך, און פאַרדינט אַ פּאָר גילדן, וואָס האָט געמיינט זייער פיל פאַר דער פרנסה. די שולע האָט אָנגעהאַלטן ביז די פּאָגראָמען האָבן אויסגעבראָכן, ווען מען האָט די לערערין פאַרוואונדעט און צעראַבירט יידיש האָב און גוטס.

די „אָזע" מיט דער שטיצע פון אַמעריקע, האָט דערעפנט אַ קינדער־גאָרטן, וואו אַלע קינדערלעך, זיינען געגאַנגען. מען האָט זיי דאָרט דערנערט. דורך דעם רויטן־קרייץ האָט קאָלבושאָוו אויך גענאָסן פון אַמעריקאַנער הילף, אין דער פאָרם פון פּראָדוקטן.

אַזוי האָט עס זיך געפירט, ביז די מלחמה האָט זיך פאַרענדיקט דעם 11־טן נאָוועמבער, 1918. עס האָט אָנגעהויבן קומען שטיצע פון אייגענע פון אויסלאַנד. אויך די אָרגאַניזירטע לאַנדסמאַנשאַפטן האָבן געשיקט הילף פאַר די נויטבאַדערפטיקע אין שטעטל.

.16

## נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה

אַ סך יונגע מענטשן האָבן, בעת זייער לעבן אויסער דעם שטעטל אין די ערטער וואוהין דער גורל האָט זיי פאַרוואָרפן בעת דעם קריג, געזען אַן אַנדער מין לעבן. פילע פון צווישן זיי, האָבן אָנגעהויבן צו לייענען, זיך אַריענטירן וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט. עס איז צוריק אויפגעלעבט געוואָרן דער ציוניסטישער פאַראיין. אַ סך חסידישע יונגעלייט זיינען געוואָרן

„דייטשן". דער מאָדערנער גייסט האָט אַפּילו דורכגעדרונגען אַ ריי פון די עלטערע מענטשן. זעלטן האָט מען זיך געקריגט מיט די קינדער פאַר געהערן צום פאַראיין. דאָס האָט טאַקע גורם געווען, אַז דאָס קולטורעלע און נאַציאָנאַלע יידישע לעבן זאָל זיך שוואונגפול אַנטוויקלען אין אונדזער היימשטאָט.

.17

## דער פּאָגראָם

אין 1918 איז אַנטשטאַנען דאָס אומאָפּהענגיקע פּוילן. צוזאַמען מיט זעלבסטשטענדיקייט איז געקומען אַ שטראָם פון רדיפות און פּאָגראָמען אויף יידישע ישובים. אויך אונדזער שטעטל איז ניט פאַרשוינט געוואָרן. ווי אַ פלאַם־פייער האָבן זיך די פּאָגראָמען צעטראָגן. יידיש בלוט האָט זיך געגאָסן אומגעשטערט.

דעם 4־טן מאַי, 1919, האָט זיך אין קאָלבושאָוו אָנגעהויבן דער שרעקלעכער פּאָגראָם, וואָס האָט געדויערט ביז דעם 6־טן מאַי. ס'זיינען געווען 9 הרוגים: שלמה שנור, פסח ליכטמאַן, שרה בליצער, מרדכי זילבער, מרדכי קירשענבוים, שרה־הענע נאַטאַוויץ, אברהמלע נחומס ווייב רבקה, שלמה מלמד'ס זון, הערשל בינשטאָקס ווייב. ס'זיינען אויך געווען הונדערטער פאַרוואונדעטע. די פּאָגראָמטשיקעס האָבן אויסגעפּלינדערט אַלע יידישע הייזער, אונטערגעצונדן יידיש באַזיץ. פּוילישע שכנים, טיר אין טיר, האָבן נישט אַריינגעלאָזט זייער יידישן שכן, נאָר ווידער באַוויזן זייער אַנטיסעמיטישן פּרצוף און פאַרקלאַפּט די טירן.

אַזוי האָבן די פּאָלאַקן אויפגענומען זייער זעלבסטשטענדיקייט נאָך 150 יאָר פאַרקנעכטונג.

20 יאָר האָט פּוילן עקזיסטירט ביז צום אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. מיט פּאָגראָמען האָט זי אָנגעהויבן און במשך פון די יאָרן צווישן די וועלט־מלחמות איז פּוילן דורכגעזאַפּט געוואָרן מיט יידישע טרערן און מיט יידיש בלוט. אויב פּאָגראָמען האָבן אויפגעהערט, האָט זיך אָנגעהויבן אַן עקאָנאָמישער קאַמף, וואָס האָט ניט געלאָזט דעם ייד אויפהייבן דעם קאָפּ. פּוילן איז געווען צוגעגרייט צו ווערן דאָס אָרט וואו היטלער האָט געקאָנט אינסטאַלירן די שוידערלעכע אויסראָטונגס־קאַמבינאַטן, וואו מיליאָנען יידן זיינען אומגעקומען.

אויך קאָלבושאָוו איז אומגעקומען. ניטאָ מער קיין ייד אין אונדזער שטעטל.

.18

## די קצבים אין שטעטל

אַ ווירדיקע גרופּע יידן אין קאַלבושאָוו האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט די קצבים.

די יאַטקעס זיינען געשטאַנען אין אַ שורה געבויט פון האָלץ אין איין לענג, מיט אָפּגעטיילטע חלקים פאַר יעדן קצב באַזונדער. אינעווייניק זיינען די יאַטקעס געווען אויסגעהאַקט מיט בלעך און גרויסע האָקנס אויף צו הענגען די פליישן. יעדע טייל האָט פאַרמאָגט אַ יאַטקע־קלאָץ און אַ מין לאָדן, וועלכן מען האָט אויפגעמאַכט צו דעם דרויסן. אויך אָט די קלאָפּע איז געווען איבערגעשלאָגן מיט בלעך און געהאַנגען אויף קייטן. די אייגנטימער פון די יאַטקעס זיינען געווען: הערשל פייער, חנינה פייער, פנחס מאַרין, שיינדל מאַרין (אַן אלמנה), יעקל מאַרין, חיים ראַפּאָפּאָרט, יעקל גלעזעל, דוד גלעזעל, וואָלף גלאַנץ, משה ראָזענבוים. (אויב איך האָב, חלילה, אויסגעלאָזט אַ נאָמען, איז עס נישט מחמת בייזוויליקייט).

די אַלע דערמאָנטע זיינען געווען ווי אַ מין משפּחה־קנופּ. אַ טייל זיינען געווען קרובים דורך בלוט־פאַרוואַנדשאַפט און אַנדערע דורך חתונות צווישן קינדער. דאָס איז געווען די איינציקע בראַנזשע, וואָס די וואָס האָבן זיך באַשעפטיקט מיט איר, האָבן ניט געפילט איינער צום אַנדערן קיין קנאה־שנאה און ניט געפירט קיין קאָנקורענץ אָדער אַ רוגז צווישן זיך.

געווען זיינען זיי אַלע שותפים, געקויפט די סחורה, געהאַט אַ פערד־און־וואָגן, באַשטאָגן מיט בלעך, צו ברענגען די פליישן פון שעכט־הויז, אָדער צו פירן עס זומער אין דעם אייז־קעלער אַריין. דער אייז־קעלער, אגב, איז געווען אויף אַ פעלד אויסגעגראָבן, אַ טיפער גרוב, די ווענט אינעווייניק אויסגעהאַקט מיט דאָפּלטע ברעטער, צווישן די ברעטער אָנגעשאָטן האָלץ־זעגעכץ, אויך פון אויבן מיט ברעטער און זעגעכץ און דאַן איבערגעשאָטן מיט ערד. זיי האָבן זיך באַנוצט מיט זעגעכץ, כדי נישט דורכצולאָזן די היץ און איינצוזאַפּן די פייכטקייט. דאָס אייז איז געוואָרן געקויפט ביי די פּויערים, וואָס האָבן געהאַט קליינע סטאַוועס און ווינטער־צייט האָבן זיי געהאַקט דאָס אייז און געפירט צו דעם קעלער צו האַלטן עס פאַר דעם אָנקומענדיקן זומער.

חוץ מיט דעם פאַרקויפן צו דער יידישער און קריסטלעכער שטאָט פליישן, האָבן די קצבים אויך געקויפט און עקספּאָרטירט בהמות און פלייש קיין ווין. נאָך די ירידים מאָנטיק אין מיידען און דינסטיק אין קאַלבושאָוו, האָט מען געקענט זען די גוישע בהמה־טרייבער פירן פיר אָדער פינף בהמות

אין דער ברייט, געבונדן אַלע צוזאַמען ביי די הערנער, גיין צו דער באַן מיט זיי קיין שענדישאָוו צופוס — אַן ערך 28 קילאָמעטער.

ווינטער פלעגן אָפט די שותפים אויף ספעקולאַציע קויפן דאַרע און שוואַכע בהמות. מען האָט די בהמות אַוועקגעגעבן צו שטיין אין הויף דורך דעם ווינטער. אין הויף האָט מען די בהמות געגעבן צו עסן „בראַווע" (אַזוי האָט געהייסן דער אָפפאַל פון די קאַרטאָפל פון דער ספירט־ברויז, וואָס האָט זיך דאָרט געפונען). אָט די „בראַווע" איז געוואָרן צוגעפירט פון ברויז דורך גרויסע רערן אין „קאַדזשעס" אריין, און פון זיי זיינען די בהמות זייער פעט געוואָרן. פסח־צייט פלעגט מען זיי פאַרקויפן מיט אַ גוטן פאַרדינסט.

יעדער קצב, לויט זיין געברויך און פאַרנעם, האָט פאַרקויפט פלייש צו זיינע קונים. יעדער האָט געצאָלט פאַר דעם וואָס ער האָט גענומען פאַרן פאַרקויף. דעם חשבון צווישן די שותפים האָט געפירט יעקל גלעזעל. הייזער האָבן זיי אַלע געפירט רחבותדיקע, זאַטע, וואַרעם־באַלעבאַטישע. זיי זיינען געווען בעלי־צדקה און קיינמאָל נישט אָפגעזאָגט אַ נויטבאַדערפטיקטן. די קצבים זיינען געווען יידן מיט בערד און פאות, געטראָגן אַטלאַסענע בעקעשעס און שטריימלעך, ווי אַלע שיינע בעלי־בתים אין שטאָט. זייערע פרויען האָבן געטראָגן שייטלען און באַשיינט דאָס יידישע לעבן אין שטעטל. די ווייבער פלעגן אויך צוהעלפן אין די יאַטקעס. זיי פלעגן איינפּאַקן די פליישן, נעמען געלט, און אויב ס'איז געווען נויטיק, אויך געקענט זיך ספּראַווען מיט צע־נעמען אַ זייט פלייש. ווינטער־צייט האָט מען געקענט זען די פרויען פון די קצבים אַלע ווי איינע, אין פיינע דריי־פערטל־לאַנגע פוטערס איבערגעצויגן מיט שטאָף און גוטע פילצענע געבעטע שיך. קיין אַמפּערייען צווישן די ווייבער און די מענער, אָדער קריגערייען באשר איינער אַרבעט מער פון אַנדערן, זיינען נישט פאָרגעקומען, און אַפילו צווישן די פרויען איז אויך געווען שלום ושלוה. וואוילע פרויען, וואָס האָבן רק געטראַכט וועגן וואוילזיין פון זייערע קינדער, וועגן זייער יידישקייט און וועגן דער גאַנצקייט פון דער יידישער משפחה.

מיט אַלע אַנדערע קאָלבושאָווער זיינען אויך די קצבים פאַרשניטן געוואָרן. געבליבן זיינען בלויז אומעטיקע זכרונות פון אַ פאַרגאַנגענעם אַמאָל.

.19

## אין מיין חרובן געבורטס־שטעטל קאָלבושאָוו

ענדלעך בין איך געקומען צו דעם וואָס כ'האָב אָפּגעלייגט אויף שפּע־טער — צו פאָרן פון ריישע אין מיין געבורט־שטעטל קאָלבושאָוו, וואו עס

געפינען זיך די קברים פון מיין מוטער און איר גאַנצע משפּחה, אירע עלטערן און פון אַזויפיל פריינט און שכנים. אַ גאַנץ שטעטל, וואו 2000 טייערע יידישע מענטשן האָבן געלעבט און אַזוי אכזריותדיק פאַרשניטן געוואָרן.

איך נעם דעם אויטאָבוס אין ריישע. עס איז דער זעלבער אייגנטימער. איך דערקען אים, ער אָבער דערקענט מיך נישט, פון וואָס איך בין צופרידן. עס פאָרן פיל מענטשן — אַלץ פרעמדע. איך זיץ אין אַ ווינקל מיט מיינע טראַכטענישן. אַט פאָרט מען דורך דעם וואַלד אין מיטן וועג, וואו די טויזנטער פון מיין שטעטל און פון דער גאַנצער אומגעגנט, זיינען אומגעקומען, לעבעדיק באַגראָבן געוואָרן. איך הער ווי די געפייניקטע קרעכצן, שרייען, רופן צו די הימלען. עס טראָגן זיך נאָך אין דער לופט די שמע־ישראלס, עס הערן זיך נאָך די יללות אין דעם געוואַי פון ווינט, פון די דראָבנע שנייעלעך וואָס פאַלן.

פון מיין פאַרצערטקייט האָב איך זיך ערשט אויפגעכאַפּט, ווען די לאַנדשאַפט האָט זיך געביטן. עס איז אויפגעשוואומען אַ באַקאַנט בילד. אַט איז שוין די גורע, דער אַריינפאָר אין שטאָט. איך בין געזעסן אין גרויס שפּאַנונג, ווייל פון דער לינקער זייט פון געריכטס־הויז, ליגט דאָס שטעטל. אַ פרייער בליק דורך לאַנקעס, דעם טייך, די טאַרגאָוויצע (בהמה־מאַרק). אַט איז שוין מיין געסל, און איצט, פאַרנאַכט, ווען די לאָמפּן אין די הייזער ברענען, קאָן מען אַריינקוקן אין די שטיבלעך. איך בין געוואָרן זייער געשפּאַנט און אומרואיק און צו זיך געמורמלט:

— ניין, עס איז נישט וואָר וואָס איך האָב געהערט פון דעם חורבן דאָ. איך וויל, איך מוז, געפינען אַלץ ווי פריער...

פאַר מיינע אויגן האָט זיך אָבער אַנטפּלעקט דאָס שרעקלעכע, וואָס האָט אַלץ באַשטעטיקט. פאַר מיר האָט זיך באַוויזן אַ טויטער מדבר, אַ פוסטער שטח. עס זיינען אָפּגעווישט געוואָרן אַלע יידישע געסלעך, הייזלעך, אַלץ איז פאַרשוואונדן — אַ ליידיק, אומהיימלעך פעלד. דאָס אויג געפינט נישט, וואו זיך צו פאַרהאַלטן. עס באַווייזט זיך נאָר פון גאָר ווייט אַ קליינער, טונקעלער פונקט. יאָ, דאָס זיינען די ביימער פון בית־עולם. און דאָרט ווי זעט עס אויס?

מיר זיינען אַריבער די בריק אויפן וועג צום מאַרק אַריין. איך האָב געזען ווי די ברעגן פון טייך זיינען פיין אויסגעלייגט און אויסגעגלייכט מיט יידישע מצבות. דער מאַרק זעט אויס דער זעלבער, אָבער ר'איז נישט דער זעלבער — די זייט צו מזרח איז פאַרברענט, אַלע דורכגאַנג־טויערן

זיינען פאַרמויערט צו די זייטן־געסלעך, וואו די געטאָ איז געווען. אין מיטן מאַרק אַ קליינער רוסיש־מיליטערישער צמענטאַזש מיט אייזערנע פאַרקנד־לעך אַרום און אויף די הילצערנע שטערן־מצבות מיט נעמען, האָבן געהאָנגען העלמען פון די געפאַנגענע קריגס־קרבנות. (די רוסן האָבן באַגראָבן די גע־פאַלענע אויפן אָרט, וואו זיי זיינען געפאַלן). אַלץ טרייסלט זיך אין מיר, עפּעס אַזוי פרעמד איז מיין היים... קיינער קומט מיר נישט אַנטקעגן ווי אַמאָל מיט אַ: — סקאַצל־קומט! אָדער: ברוך הבא! ווי עס איז אַלעמאָל געווען דער פאַל ווען איך בין געקומען אַהיים.

יאָ, איינעם, גאָר אַן אַלטן באַקאַנטן, אָבער שוין אַ פאַרעלטערטן און אָפּגעלאָזטן, האָב איך יאָ דערזען — דער גרויסער מאַרק־פּלומפּ, וואו מיר האָבן געשעפּט דאָס בעסטע און קאַלטסטע וואַסער אין שטעטל.

איך בין צוגעגאַנגען נענטער צום פּלומפּ. ווי פריער, זיינען אויך איצט געווען די רערן פון וואַנען דאָס וואַסער גיסט זיך אַרויס. עס איז געבליבן דאָס הויכע הילצערנע געשטעל און די צוויי לאַנגע אייזערנע פּלומפּ־הענט, וואו צוויי מענטשן האָבן געקאָנט אין דער זעלבער צייט אַריינפּלומפּען וואַסער אין צוויי עמערס. ס׳איז אויך דאָ דאָס אַרומגעמויערטע גערטנדל מיט דער בעטאָנענער שיסל, ווי אַן איינזאַמל־פּלאַץ פאַר די אַריבערגעגאַסענע וואַ־סערן.

פּלומפּ טייערער! וויפיל ליבע מחשבות קומען צו מיר איצט צוריק? אין די זומערדיקע שבת־נאָכמיטאָגס, ווען פאָטער און מוטער זיינען אויפ־געשטאַנען פון דעם שבתדיקן שלאָף, בין איך געלאָפן אין מאַרק צו דיר נאָך אַ פרישן טרונק וואַסער. ס׳איז געקומען עמעץ צו גאַסט, האָט מען מכבד געווען מיט וואַסער און מיט היימישן זיסן סיראָפּ, אָדער מיט היימיש־געמאַכטע קאָנפיטורן פון ווינשל, וויינפּערלעך און אַנדערע. דאָס האָט אונדז דער פּלומפּ צוגעשטעלט דאָס מחיהדיקע פרישע וואַסער. אין וועלכן יידישן הויז זיינען דאָס נישט געווען קיין קאָנפיטורן מיט סיראָפּס? מען איז דאָך שטענדיק געווען פאַרגעברייט צו שמחות, ביי זיך, ביי פריינט און משפחה — חתונות, בריתן, תנאים׳ס, מזלדיקע אויפשטאַנדן און „גלאַט״ מען זאָל נישט דאַרפן! חלילה בעת אַ קרענק, דאָס האַרץ צו דערכאַפּן. מיין מוטער האָט אויך געוואוסט צוצוגרייטן פאַר אַן אָרעמען קראַנקן, אָרעמער קינ־פּעטאָרין אַ קרעפטיק יאַיכל מיט אַ שטיקעלע עוף, אַביסעלע שוואָמען־זופּ, און אַוודאי אַ קאַפּ סיראָפּ און קאָנפיטור.

חוץ די גאָלדענע מעלות פון דעם פּלומפּ, האָט ער אויך געראַטעוועט צוויי יידן אין שטעטל פון אַ שריפה. עס איז אַ מעשה שהיה, וועלכע איז אַרומגעגאַנגען צווישן אחינו בני ישראל:

אין די 1890־קער יאָרן, איז אויסגעבראָכן אַ גרויסע שריפה אין שטעטל. ס׳איז געווען אַ סברא, אַז מען האָט געקאָנט פאַרהיטן פון דער שריפה, נאָר... געווען איז עס אַ דינסטיק, אין סאַמע מאַרק־טאָג. ביים יידישן שענקער שמחה אַלטבאַך איז געווען געפּאַקט מיט פויערים. געווען איז אַ קאַלטער פראָס־טיקער טאָג, האָט מען דאָרט געטרונקען טיי מיט רום. פּדיון איז געווען גרויס און מ׳האָט געדאַרפט שנעל צוגרייטן הייסע טיי. האָט דער שענקער אַרויס־געשטעלט אין דרויסן אַ סאַמאָוואַר מיט האָלץ־קוילן, כדי דער ווינט זאָל זיי וואָס שנעלער צעבלאָזן. איז אַרויס אַ פונק און האָט אָנגעצונדן אַ ביסל שטרוי. צוויי יונגע בחורים (איך האָב זיי געקאָנט שוין ווי צוויי אַלטע יידן) האָבן דאָס דערזען. זאָגט איינער צום צווייטן: אפשר מאַכן אַ געוואַלט? וואַרט, וואַרט, ענטפערט דער צווייטער, וואָס איילסטו זיך? לאָז עס זיך צעברענען... אין אַ פּאָר מינוט אַרום, איז שוין דער מאַרק אין אַלע פיר עקן, געשטאַנען אין פלאַמען. צוליב דעם גרויסן ווינט, האָט מען גאָרנישט געקאָנט טאָן ווי נאָר אַנטלויפן מיטן לעבן. זיינען אָבער צוויי יידן געבליבן שטעקן אין מאַרק און נישט געקאָנט דורכגיין די פלאַמען. איז דער אויסוועג געווען: אַריין אין דעם באַסיין פון פלומפּ; האָבן אָבער אויך דאָרט די פלאַמען געברענט און געבראָטן. זענען זיי געפאַלן אויף אַן המצאה: איינער איז געלעגן אַ פּאָר מינוט אין דעם איינגעזאַמלטן וואַסער פון באַסיין און דער אַנדערער האָט אויף אים געפּלומפּט שטראָמען וואַסער און דערנאָך האָט דער צווייטער אים אויס־געביטן — אַזוי האָבן זיי זיך געראַטעוועט.

פלומפּ טייערער, איינציק־פאַרבליבענער אַלטער פריינט! עס זעט אויס, אַז כדי צו לעשן די פלאַם־פייערן וואָס האָבן דאָ לעצטנס געברענט — ביסטו געווען צו שוואַך, דעריבער אַזאַ אומעטיקייט אויף דיר, יאָ, איך פאַרשטיי...

די פרעמדע קאַלטע נאַכט איז צוגעפאַלן. איך האָב מיר דערפרעגט צו אַ פּאָר יונגע יידישע בחורים, וועלכע האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען. זיי זיינען געווען אויסבאַהאַלטן אין דערפער און וועלדער און איבערגעלעבט די גרויזאַמע צייט. זיי האָבן מיר געגעבן אַן אָרט, וואו די נאַכט איבערצוקומען.

דערלעבט דעם גרויען פרימאָרגן אין דעם פראָסטיק־ווינטערדיקן טאָג מיט האָפענונג, צו געפינען אַ צייכן פון מיינע משפחה־מענטשן, דער עיקר פון מיין מוטערס קבר. איך בין אָנגעקומען צו דעם הויפּט־אַריינגאַנג פון בית־החיים. פון ביידע זייטן טויער שטייען דאָרט בלויז די צוויי מאַרמאָרנע זיילן, אויף זיי די טאָוולען מיט אויסגעקריצטע גאָלדענע נעמען פון די פאַרזאָרגער פון בית־הקברות און פון די, וועלכע האָבן ערשט פאַר דעם קריג געמאַכט

דעם גדר. צווישן די נעמען איז אויך פאַראַן מיין פאָטערס נאָמען. איך בין געשטאַנען און געלייענט נאָך אַמאָל און ווידער אַמאָל די טייערע נעמען, ווי אַ הייליקע תפילה. דאָס טויער, דער גדר, און די מצבות זיינען אָבער נישטאָ, אַלץ איז פאַרניכטעט. עס האָט מיך געעקבערט די פראַגע: פאַרוואָס האָבן זיי איבערגעלאָזט די צוויי זיילן מיט די נעמען?

אַריינגעגאַנגען אין דעם פאַרוויסטן פּלאַץ, האָב איך גלייך צוגעשפּאַנט צו דעם אָרט, וואו איך האָב געוואוסט אַז ס׳איז מיין מוטערס קבר. אויך די קברים פון מיין מוטערס עלטערן און משפחה זיינען געווען דערנעבן. נישט ווייט איז אויך געווען דער אוהל פון דעם אַלטן רב, ר׳ אברהם־אהרן זצ״ל, זון פון גאון יקותיאל־יהודה טייטלבוים. אַלץ איז פאַרשוואונדן, נאָר פון אונטער דעם שניי שטעקן אַרויס שטיקער געהילץ פון אַלע פיר עקן פון אוהל, אַ זכר לחורבן...

שטיי איך דאָ אויף דעם אָרט פון מיין מוטערס קבר, אין דעם בין איך זיכער. אָט איז דער יונגער ניסנבוים, וואָס איז מיר אין דער מינוט אַזוי נאָענט, וואָס האָט אַזוי באַשאָטנט דעם קבר, געוואַכט איבער אים, אָבער נישט דערהיטן. געווען צו שוואַך...

דער שניי איז אָנגעשאָטן אויף העכערע און קלענערע בערגלעך. איך ווייס נישט וואָס צו טאָן מיט זיך, איך בין זייער צעבראָכן, כאָטש לייג זיך דאָרט אַנידער און ווער פאַרוויגט פון דער ווייסער פוסטקייט. אָבער ניין! איך מוז דאָך עפּעס טאָן. וואָס טוט זיך אונטער דעם שניי, אָט דעם באַרג אונטער דעם ניסנבוים, און אפשר אונטער אַן אַנדער בוים? זאָל איך זוכן דאָ? אפשר דאָרט? איך מוז דאָך עפּעס געפינען, עפּעס אַ צייכן געפינען!

איך בין צוגעפאַלן צו דעם באַרג שניי, און מיט מיינע בלויזע הענט אַוועקגעשאַרט היפּש שניי, זיך אַביסל דערוואָרעמט די הענט מיט דער פאַרע פון מויל און ווייטער געגראָבן. און אַ נס איז געשען, אַ גרויסער נס! אָט לייען איך מיין מוטערס נאָמען אויף אַ שטיין וואָס איך האָב אויפגעגראָבן. יאָ, עס איז מיין מוטערס גוט באַקאַנטע מצבה. איך שאַר שוין ווייטער דעם שניי מיט אימפּעט, און איך געפין אויך מיין מומעס מצבה, מיין מוטערס שוועגערין. איך בין געלאָפן ווי משוגע צום אַלטן קברות־גוי, וועלכער האָט געוואוינט אין דעם קברות־הויז. ער זאָגט, אַז ער איז אַלט און קאָן מיר נישט העלפן אויפגראָבן די מצבות. איך האָב אים עפּעס געגעבן אין האַנט אַריין, איז ער געלאָפן אין דערבייאיקן דאָרף און געבראַכט צוויי פויערים, וועלכע האָבן געוואָלט פאַרדינען אַ פּאָר זלאָטעס. איך האָב זיי געהייסן גראָבן לעבן מיין מוטערס און מומעס קברים, אויף די ערטער וואו איך האָב

געגלויבט, אַז דאָרט זיינען די קברים, און געהייסן די צוויי מצבות אַריינגראָבן ביז אין דער העלפט פון די גריבער, און געבעטן צו גאָט זיי זאָלן שטיין ווי לאַנג...

באַצאָלט די אַרבעטער, האָב איך אַוועקגעלייגט מיין מידן קאָפּ אויף די מצבות און זיך ביטער צעוויינט. דער פאַרנאַכט האָט זיך אַראָפּגעלאָזט. איך האָב זיך געכאַפּט אַז איך בין דאָ אין אַ גרויס געפאַר. די אַרבעטער וועלן דערציילן, אַז אַ לעבעדיקע יידישקע איז דאָ איינע אַליין אויף דעם בית־הקברות. אויב אַ יידישקע, האָט זיך דאָך זיכער געלט... האָב איך זיך אָפּגעזעגנט מיט די קברים, מיט די געפונענע מצבות און געגאַנגען אין שטעטל. גייענדיק, איז מיין פנים געווען געווענדט אויף צוריק, כדי וואָס לענגער זען די מצבות, וועלכע האָבן מיר אַזוי היימיש צוגעוואונקען...

צוריקגעקומען אין שטעטל, בין איך אַריין אין דער בעקעריי, וואו עס איז אַמאָל געווען אַ חסידישער אייגנטימער, מיט זין, טעכטער, איידעמס, שנירן און פיל אייניקלעך. איצט איז דאָרט געווען אַ פּאָליאַק. איך האָב געקויפט אַ שטיקל ברויט, און מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ צוריקגעגאַנגען צו די פּאָר יידן. ווידער איבערגעקומען אַ נאַכט אונטער אַ דאַך. איך האָב געוואוסט, אַז מיין זוכעניש און וואָגלעניש איז ביים סוף.

איך בין געווען אַ צופרידענע. היינט האָב איך געפונען... היימישע, נאָענטע שטיינער...

דעם נאָענטסטן טאָג האָב איך זיך נאָך אַריינגעכאַפּט צו מיינע אַ געוועזענע פּוילישע שול־חברטע פון די קינדער־יאָרן. זי וואוינט אין מאַרק אין שענסטן יידישן הויז. פוןביידע געוועלבער דאָרט האָט זי געמאַכט איין גרויס קאָלאָניאַל־געשעפט, מיט די בעסטע איינריכטונגען. די יידן פון שטעטל האָבן די אַלע זאַכן נישט געהאַט. זי האָט עס זיך איינגעשאַפּט אין די גרעסערע שטעט, וואָס עס איז איר נישט שווער אָנגעקומען. זי האָט געוואוינט אויף דעם שטאָק, וואו דער יידישער באַלעבאָס האָט פריער געוואוינט מיט זיינע חתונה־געהאַטע קינדער. האָט זי געגאָסן קראָקאָדיל־טרערן אויף אונדזער חורבן, וואָס זי האָט נעבעך געדאַרפט צוזען. עסן און טרינקען האָט זי מיר פאַרגעלייגט, איך האָב זיך אָפּגעזאָגט.

ריידנדיק אַזוי, דערציילט זי מיר, ווי צו אַ גוטן פריינט, אַז זי האָט אַביסל געלט, און זי וואָלט זייער געוואָלט קויפן אין אַ גרויסער שטאָט אַ גרויס הויז. אַזוי ווי זי ווייסט, אַז איך האָב אַ גרויס הויז אין קראָקע און זי האָט נישט קיין צייט צו פאָרן און צו זוכן, וויל זי אַז איך זאָל איר פאַרקויפן מיין הויז. איך האָב איר געזאָגט: — דו קאָנסט דאָך נישט קויפן

אומגעזוען? און דאַן איר געגעבן אַן אַדרעס, אַז דאָרט וועל איך אויף איר וואַרטן און פאַרקויפן דאָס הויז. דעם אַדרעס האָט זי קיינמאָל נישט געקאָנט געפינען...

דער אויטאָבוס איז אָנגעקומען, און מיט דעם זעלבן וועג האָב איך פאַרלאָזט די אויף אייביק פאַר מיר אומגעבראַכטע היים, וואו איך בין געבוירן געוואָרן. געפאָרן צוריק צו מיין היימשטאָט קראָקע מיט דעם פולן באַוואוסטזיין, אַז איך האָב נישט מער וואָס צו זוכן...

.20

## טוביה איטשעל'ס דערציילט...

אין דערהיים האָט מען אים גערופן טוביה איטשעלס. אין ניו־יאָרק איז ער באַוואוסט מיט זיין נאָמען טעדי ווייסמאַן. צו טרעפן זיך מיט היימישע מענטשן, מיט באַקאַנטע און פריינט פון דעם ליבן אַמאָל און בפרט מיט שכנים אַמאָליקע, וואָס מען האָט געוואוינט איינס לעבן צווייטן און בפירוש געוואוסט גענוי צו זאָגן וואָס עס קאָכט זיך אין יענעמס טעפל — מיט אַזעלכע האַר־ציקע יידן איז תמיד אַ פאַרגעניגן זיך צו טרעפן.

איטשעל משהלס דער קלעזמער איז נישט געווען גלאַט אַזוי זיך אַ ייד וואָס האָט געוואוינט אויף אונדזער געסל; ער איז אויסגעוואַקסן צו אַן אינסטי־טוציע, וואָס דאָס גאַנצע שטעטל האָט אים געקענט און יעדער האָט געוואוסט וועגן אים.

דערציילט טוביה, אַז זיין פאָטער איטשע האָט איבערגענומען די פרנסה, דאָס קלעזמעריי הייסט עס, פון זיין פאָטער משה'ל; איטשע האָט געשפּילט מיט זיין פאָטער פון זיין סאַמע פריער קינדהייט אָן. געפאָרן מיט אים איבער שטעט און שטעטלעך, געוואַנדערט איבער דערפער און הייף; אַזוי איז עס געווען ביז דער טאַטע איז געשטאָרבן. דעמאָלט האָט איטשע איבערגענומען די קאַפּעליע און זי פאַרגרעסערט צו אַזאַ מאַסשטאַב, אַז מען האָט עס אין שטעטל אָנגעהויבן רופן אַן אָרקעסטער. און ס'איז טאַקע געווען אַן אָרקעסטער מיטן פולן מויל. ער, איטשע, האָט, נאַטירלעך, געשפּילט די ערשטע פידל. געהאַט האָט ער מיטשפּילער: איינער וואָס האָט געשפּילט אויף אַ באַס, אַן אַנדערער — אַ פּויק, און נאָך איינער האָט געשפּילט אויף אַ קלאַרנעט און אַ צווייטע פידל איז אויך געווען.

אין די יונגע יאָרן האָט טוביה און זיין ברודער שלמה צוגעהאָלפן דעם טאַטן אין דער פרנסה און מיטגעשפּילט אין דער קאַפּעליע. טוביה דערציילט

אָבער, אַז קיין סאַטיספאַקציע האָבן זיי פונעם שפּילן ניט געהאַט. זיי האָבן נישט צו גערן געוואָלט גיין אין טאַטנס וועגן.

גייט ער, טוביה, צוריק צו זיינע קינדער יאָרן, ווי ער וואָלט אַרויס־געצויגן סטענגעס פון זכרונות פון יענע צייטן, וואָס זיינען פאַרביי אין די צענדליקער און רעדנדיק וועגן זיי, ברעכט זיך אים די שטימע, ווי ער וואָלט געוואָרן איבערגעוועלטיקט פון זיי.

דאָס שפּילן ביי איטשעלען איז באַטראַכט געוואָרן פון אים ווי אַ מין עבודת הקודש. קיין נאָטן האָט ער, באַטירלעך, נישט געקאָנט. דערפאַר האָט ער געשפּילט מיט נשמה און מיט געפיל. ווען ער האָט אויפגעשפּילט צו אַ כלה־באַדעקנס, האָבן די קלעזמאָרים אַרויסגערופן ביי די ווייבער אַ געיאָמער און אַפילו ביי די מענער האָבן זיך, לרוב, באַוויזן טרערן אין די אויגן. בשעת ער האָט אַ שפּיל געטאָן אַ פריילעכס, האָט דער ניגון פון זיך אַליין געמאַכט הייבן די פיס ביי יונג און אַלט און, משמעות, אַז מען האָט גאָר טאַנצן נישט געדאַרפט קאָנען, ווייל עס האָט זיך געטאַנצט פון זיך אַליין...

קיין צופיל מזל אין זיין פרנסה האָט איטשעל נישט געהאַט, אָבער, אַז מען וויל האָט ער געהאַט אַ סך מער ווי דאָס: ער האָט געהאַט אַן „עזר כנגדו", זיין ווייב רבקה, וואָס איז געווען אַ קינסטלערין ממש. ווי אַזוי די דאָזיקע פרוי האָט געפירט די ווירטשאַפט, ווי אַזוי זי האָט געשפּייזט און אָנגעטאָן אירע פינף קינדער — דריי זין און צוויי טעכטער? דאָס איז פאַר־בליבן אַ געהיימער סוד, וועלכן זי האָט מיט זיך מיטגענומען אין קבר אַריין. מיט די בידנע, וויניקע און מאָגערע פאַרדינסטן, וואָס איר מאַן פלעגט אַריינ־ברענגען אין שטוב, האָט זי אין דער גרויסער נויט און אומבאַשרייבלעכער אָרעמקייט, אָפּגעהיט איר היים, אַרויסגעוויזן אַזוי פיל בריהשאַפט און זיך קונה שם געווען מיט דער ציכטיקייט און ריינקייט פון איר שטוב.

אויב ס'איז נישט געווען וואָס אַריינצולייגן אין טעפּל צום קאָכן, האָט דאָך קיינער וועגן דעם נישט געוואוסט — אַזוי פלעגט רבקה זיך טראַכטן. מען האָט אָבער יאָ געוואוסט — גיט מיר טוביה איצט אַ זאָג מיט אַ קרעכץ. קודם כל האָט געוואוסט אונדזער שכן, דאָס מיין איך דיין טאַטן — זאָגט צו מיר טוביה. ער האָט שוין גוט געוואוסט די אומשטענדן ביי אונדז אין שטוב. ווען דיין טאַטע האָט געזען, אַז ס'איז שוין דאַנערשטיק און מיין מאַמע איז נאָך אַלץ נישט געקומען נעמען די שפּייז פאַר שבת און ביט קיין מעל אויף צו באַקן ברויט פאַר דער וואָך, האָט ער געוואוסט וואָס מען דאַרף טאָן. ער האָט זיך נישט פאַרזוימט צו לאַנג און אַרויסגעשיקט דיין מאַמע צו מיינער: „רבקה — האָט זי זיך געבייזערט אויף מיין מאַמען — וואָס מיינסטו מען

ווען וואַרטן אַ גאַנצע נאַכט אויף דיר?" זי האָט מיין מאַמען נישט געלאָזט צום וואָרט: — „נאַ, נעם די פראָדוקטן און גיי". אַזוי האָט עס זיך געפירט פאַר יאָרן.

טוביה פאַרטראַכט זיך אַ ווײַלע און גיט צו: „ווען נישט דײַנע עלטערן, וואָלטן מיר אַלע אויסגעגאַנגען פון הונגער". דערפאַר אָבער, זאָגט ער, ווען דאָס ערשטע געלט פון איר מאַנס פאַרדינסטן איז אַרײַנגעקומען אין הויז אַרײַן, האָט רבקה מיט אַ צעשײַנטן פּנים אַרײַנגעבראַכט און קיינמאָל נישט שולדיק געבליבן קיין גראָשן.

אַ ווידערווילן האָט ער געהאַט, טוביה, צו דעם חדר, צום רבי'ן. געווינ־לעך האָט מײַן פאָטער — דערציילט טוביה — נישט געהאַט צו באַצאָלן מלמדות־געלט, אַוודאי האָט ער נישט געגעבן אין צײַט. האָט מיך דער רבי אָועקגעזעצט ערגעץ־וואו ביים סאַמע עק פון דער באַנק; באַלעבאַטישע קינדער פלעגן זיצן פון פאָרנט; מיט זיי האָט ער זיך אָפּגעגעבן. מיט מיר האָט ער גאָר ווייניק געלערנט. האָב איך זיך טאַקע קיין סך נישט אויסגעלערנט.

וויפל חתונות האָט דאָס געקאָנט זײַן במשך אַ יאָר אין אַזאַ שטעטל ווי קאָלבושאָוו? אַז צווישן פסח און שבועות זײַנען געווען די ספירה טעג און קיין חתונות זײַנען ניט געווען. אין די דריי וואָכן ביז איבער תשעה־באב האָט מען קיין חתונות אויך נישט געפּראַוועט. אין די לאַנגע וואָכן פון ווינטער האָט מען אויס מורא פאַר שנייען און גרויסע פרעסט זיך אָפּגעהאַלטן פון צו מאַכן חתונות, ווייל טאָמער וועלן די מחותנים ניט באַוויזן אָנצוקומען אין צייט — קיין באַן אין קאָלבושאָוו איז דאָך נישט געווען — האָט מען שוין בעסער איבערגעוואַרט. די קלעזמאָרישע משפּחה אָבער פון זיבן מיילער וואָס האָבן געלעכצט נאָך אַ ביסן ברויט און געקעכץ האָט פון דעם אַלעם נישט געקאָנט האָבן קיין פּרנסה. מען האָט געדאַרפט האָבן נישט נאָר אויף עסן, נאָר אויך אויף באַהייצונג און אַנדערע הוצאות — איז טאַקע דעם טאַטן ניט געווען וואָס מקנא צו זיין...

ער איז געזעסן אין דער היים און געצויגן דעם סמיטשיק איבער די ציטערדיקע סטרונעס פון פידעלע און אויסגעכישופט פון זיי מעלאָדיעס, וואָס האָבן געצופּט ביי דער נשמה...

ווען אָבער עס איז אונטערגעקומען אַ חתונה אין שטעטל, האָבן די מוזיקאַנטן געהאַט אַ געניטן סדר־היום: זיי האָבן אָנגעהויבן טעטיק ווערן בשעת די כלה איז געגאַנגען אין מקווה אַריין. זי האָט זיך געלאָזט אַרויס פון שטוב, באַגלייט מיט מוזיק. שבת נאָכמיטאָג פאַר דער חתונה, ביים פאָרשפּיל האָט מען זיך משמח געווען, אָבער ווען מען האָט אָנגעצונדן די לאָמפּן, נאָך

הבדלה, זיינען אַריינגעקומען די קלעזמאָרים און עולם האָט געטאַנצט ביז דעם גרויסן טאָג אַריין. וועגן חופה־טאָג איז אָפּגערעדט: מען האָט אויסגעטאַנצט אַלערליי מצווה טענצלעך און סתם טענץ און ריקודימלעך. אין פאַרלויף פון די שבע־ברכות און גאָר באַזונדערס שבת־צו־נאַכטס האָט דער אָרקעסטער געשפּילט און מען האָט געטאַנצט אַ גאַנצע נאַכט.

יאָ, געמאַכט האָט זיך אַמאָל אַ שמחה, אָבער קיין גרויס פּרנסה דערפון האָט איטשעל נישט געקאָנט האָבן דערפון. איז ער אָבער געוועזן אַן אויפּ־טוער אויך: ער פלעגט נעמען זיין קאַפּעליע און זיך אַוועקגעלאָזט ביי־יאָר צו די פּריצים אין די הייף אַריין, געגאַנגען צו די פאַרמעגלעכע קריסטן און זיי אָנגעשפּילט דעם ניי־יאָר. ער האָט אויך נישט פאַרפעלט צו מאַכן זיינע קלעזמע־רישע וויזיטן אין טאָג פון דער פּוילישער קאָנסטיטוציע, דעם 3־טן מאַי.

אַזוי בין איך געזעסן מיט טוביה׳ן אין דער באַקוועמער היים אין ברוקלין און געשמועסט וועגן צייטן ווייטע, פאַרגאַנגענע, אָרעמע און ביטערע, וועגן מענטשן און סיטואַציעס, וואָס זיינען מער נישטאָ, פאַרשוואונדן אויף אייביק...



פאַר דער שול



אָרעמעלייט פאַרן באָד



אין פראָנט פון דעם בית־המדרש



די שול



דאָס עופות שלאַכטהויז



די יאַטקעס




די צוויי איינזאַמע מצבות אויפן וויסטן בית־עולם

**ירוחם פראָסט**

# מיין שטעטעלע קאָלבושאָוו

קאָלבושאָוו, אויף דעם גלאָבוס־קיילעך קאָן מען דיך נישט געפינען. אויף דער מאַפּע פון מדינת פּוילן ביסטו דאָך אַזוי קליין, אַזוי פּיצלדיק, ווי דאָס דינטשיקע שפּיצעלע פון אַ דינער נאָדעלע. און דאָך ביסטו אַזוי גרויס ביי מיר, אַזוי איינגעבאַקן אין מיין האַרצן, אַזוי באַהאַפטן צו מיין גאַנצן וועזן, אַז מיר זיינען ביידע געוואָרן איינער אַ טייל פונעם צווייטן.

פיזיש ביסטו דאָך אַזוי קליין געווען. דערצו בין איך שוין אַזויפיל יאָרן אָפּגעריסן פון דיר, קאָלבושאָוו מיין שטעטעלע, און דאָך קען איך דיך ניט פאַרגעסן. דו שטייסט מיר כסדר פאַר מיינע אויגן.

איך זע דעם טייך, ווי ער שלענגלט זיך דורך דיר — שלענגלט זיך נאָך מסתמא היינט אויך. איך הער דעם געררויש פון די מיל־רעדער. איך זע די ענדלאָזע גרינע לאָנקעס, די פעטע תבואה־פעלדער, דעם וואַלד מיט זיינע אומצאָליקע ביימער; איך דערמאָן זיך דיינע שמעקעוודיקע יאַגדעס, וואָס רינגלען דיך אַרום פון אַלע זייטן.

פריש און דופטיק איז געווען די לופט אין דיר, מיין שטעטעלע. שטילער פון שטיל איז געווען דיין שטילקייט. געמיטלעכער פון געמיטלעך האָט אין דיר די אומענדלעכע רואיקייט געלאַשטשעט דאָס געמיט, געצערטלט די נערוון, געגלעט די נשמה און זיך אויסגעלייגט אין האַרץ ווי באַלזאַם.

אין דיר האָבן עטלעכע הונדערט יידישע משפחות געפירט אויף אַ באַ־שיידענעם שטייגער אַ תורהדיק־רעליגיעז לעבן. מ׳האָט קיינמאָל אַפילו ניט געהערט דאָס וואָרט „הכשר״ און מען האָט געמעגט עסן ביי אַ וואַסער־טרעגער, ביים טרעגער, ביים בעל־מלאכה, פונקט ווי ביי דעם רב, ביי די דיינים, ווי ביים שענסטן בעל־הבית. מ׳האָט קיינמאָל ניט געהערט קיין דרשה וועגן אָפּ־היטן שבת, און אין גאַנצן שטעטל האָט מען געדאַרפט זוכן מיט ליכט אַ מחלל שבת בפרהסיא.

וועלכער קאָנצערט קאָן זיך פאַרגלייכן מיט דעם „קול יעקב״ פון די לומדישע בחורים, יונגעלייט, אידעמס אויף קעסט, וואָס האָט אַרויסגעקלונגען פון בית־המדרש, פון די שטיבלעך. לעבן די פענצטער פון דער שול און בית־

המדרש זיינען געשטאַנען יונגע ווײַבלעך מיט די וויגעלעך, כדי זייערע קינדער זאָלן איינזאַפּן אין זיך די הייליקע קלאַנגען פון תורה־לערנען, אינאיינעם מיט דער מאַמעס מילך. וואו נעמט מען די גרעזאַנגען פון די יונגע תלמידים אין די פּראַסטיקע ווינטער־אָוונטן אויפן וועג פון חדר אַהיים, וואָס האָבן זיך באַלויכטן דעם וועג מיט די פּאַפּירענע לאַמטערנעס אין זייערע כשר־איידעלע הענט? וועלכע סוף־וואָכן אין דער וועלט קאָנען זיך פאַרמעסטן מיט די זומערדיקע שבת־נאָכן־עסן שפּאַצירן? מיטן שפּאַציר דורך די קאָרן און ווייץ פעלדער, וואָס געפירט האָבן זיי אינעם סאָסנאָווען וועלדל אַריין? וואו לערנט מען אַזוי פאַרטיפט, פאַרטראַכט און צוגלייך בשמחה, ווי מען האָט אין קאָל־בושאָוו געלערנט פּרק אויף די פריזבעס? וואָס פאַראַ פּרוכטן קאָנען זיך פאַרגלייכן מיט דעם טראַדיציאָנעלן שבת־אויבסט, די געבראָטענע עפּל, וואָס ידישע יינגלעך און מיידלעך האָבן פון זיי הנאה געהאַט אין דעם דאָזיקן מערב־גאַליצישן שטעטל אונזערן?

ווי קאָן מען פאַרגעסן אַ פּשוטן פרייטיק פאַרנאַכט, ווען די מיידלעך, מיט זייערע צניעותדיקע פּנימלעך און פריש־אויסגעצוואָגענע צעפּעלעך, האָבן באַוויזן זיך אין גאַס אין זייערע ציכטיקע שבתדיקע קליידלעך; די יינגלעך מיט זייערע בליאַסקעדיקע אויסגעבאָדענע געזיכטן, פריש־אויסגעפּלאָכטענע פּאותלעך און גלאַנציק־אָפּגעפּוצטע שטיוועלעך? ווי קאָן מען פאַרגעסן דאָס פינקלען פון די ערב־שבתדיקע ליכט, וואָס האָבן אַרויסגעלויכטן פון די פענצ־טער פון יעדן הויז? ווער קאָן פאַרגעסן דעם הייליקן נשמה־גלעטנדיקן ניגון פון דעם פרייטיק־צו־נאַכטיקן „שלום־עליכם", וואָס האָט אַרויסגעקלונגען פון אַלע פענצטער? ווער קאָן, טראַכטנדיק וועגן דעם היינט, ניט מיטגעריסן ווערן פון די הייטערדיקע זמירות פון שבת און יום־טוב ביי ידישע טישן אין די היימישע געסלעך פון שטעטל?...

וועמען פון דיינע מענטשן זאָל איך מער באַוואונדערן?

אַ ייד, ווי ר׳ יעקב עקשטיין? מיט זיין ליכטיק, גוטמוטיק, שטענדיק שמייכלדיק פּנים? און ווי גוטמוטיק זיין פּנים איז געווען אַזוי גוטגיביק איז געווען זיין האַרץ. ער פלעגט געבן מילך אומזיסט יעדן אָרעמאַן. ער פלעגט צושטעלן פערד אַנטקעגנצופאָרן אַן אָרעמען חתן. ער האָט באַזאָרגט מיט פערד צו פירן אַן אָרעמען קראַנקן וואוהין נאָר מען האָט באַדאַרפט. פון צדקה בסתר, אַ גמילת־חסד וכדומה איז דאָך שוין אָפּגערעדט. אַז קאָלבושאָוו האָט אים געקרוינט ווי „דער פאָטער פון שטאָט", האָט ער עס כשר פאַרדינט.

אָדער פויגל, מיין שכנטע? — פאַרוואָס זאָל איך זי נישט וועלן מזכיר זיין? קליינגעוויקסיק, מיט אומרואיקע אויגן; פלייסיק ווי אַ מוראַשקע; ניט

גערוט בייטאָג, ניט געשלאָפן ביינאַכט. בייטאָג געפּאָרן קויפן אייער — ביינאַכט געפלאָכטן און געבאַקן בייגל. און אַלץ צוליב דעם, אַז זי זאָל קאָנען באַקן דאָנערשטיק און פרייטיק חלה און ברויט פאַר אָרעם און רייך — פאַר די, וואָס האָבן דאָס אַליין ניט געקענט טאָן. און פאַרשטייט זיך, אַז אויך מיט טשאָלנט האָט די קוועקזילבערדיקע פויגל באַדאַרפט באַזאָרגן. אָבער לא על הלחם לבדו יחיה האדם. ברויט אַליין איז ניט גענוג פאַר אַ יידן. עס איז טאַקע גענוג פאַרן גוף, אָבער אַ יידישע נשמה דאַרף אויך עפּעס. נו, האָט די קענערקע פויגל געלייענט דעם „צאינה־וראינה" פאַר די אַלע ווייבער וואָס זיינען געווען שטומפּיק אין די קליינע פינטעלעך. און ווען ס'איז געקומען צו ביקור־חולים, איז די רירעוודיקע און פלינקע פויגל געווען שטענדיק די סאַמע ערשטע.

פאַרוואָס טאַקע נישט מיין אייגענעם זיידן ר׳ ירוחם? זיין נאָמען האָט אים אַזוי גוט געפּאַסט. דאָס וואָרט ירוחם קומט פון רחם — זיך דערבאַרעמען. אויך קאַלבושאָווער יידן האָבן געוואוסט פון דער תורה, אַז „גדולה הכנסת אורחים מהקבלת פני שכינה". און נעמען אַן אורח אויף שבת איז אַ גרע־סערע מצוה ווי מקבל זיין די שכינה. האָט טאַקע אַ דורכרייזנדיקן אָרעמאַן קיינמאָל ניט געפעלט קיין מאָלצייט אין קאַלבושאָוו. אָבער זייער ווייניק מענטשן איז איינגעפאַלן, אַז דער פרעמדער אָרעמאַן דאַרף אויך האָבן אַן אָרט וואו איבערצונעכטיקן, אָנצושפּאַרן דעם קאָפּ. פאַרלאָזט דאָך ניט דער אַלוויסנדיקער. האָט קאַלבושאָוו געהאַט איינעם אַ ר׳ ירוחם, אַ ייד אָן פּרע־טענזיעס און אָן קיין שום פאָדערונגען פון דער וועלט. אַ שמח בחלקו איז ער געווען און וואָס דער אויבערשטער האָט געגעבן, האָט ער מיט באַפרידיקונג געזאָגט: „ברוך ד׳ יום יום"; האָט דער אויבערשטער געגעבן ווייניקער ווי ער האָט געדאַרפט, איז אויך געווען גוט. „מסתמא בין איך ניט ווערט מער" — איז געווען זיין איינשטעל.

דער עיקר איז ער געווען גליקלעך, וואָס דער השם־יתברך פאַרלאָזט אים ניט און שיקט אים צו שלאָפערס. און פונקט ווי אין לשון־הקודש זיינען פאַראַן אַזויפיל ווערטער צו באַצייכענען אַן אָרעמאַן, ווי עני, אביון, קבצן, מסכן, רש, דל, דך, מך, חלך, חלכה, און יעדער אויסדרוק שטעלט פאַר אַ ניואַנס פון דעם באַגריף, אַזוי זיינען זיי אַלע אין זייער פולער פאַרשידנ־פאַרביקייט, געווען בני־בית ביי מיין זיידן. אין דער אמתן ווייס איך ניט, צי האָט ער עס געטאָן לשם מצוה, אָדער פּשוט צוליב מענטשלעכן רחמנות, וואָס האָט אים באַהערשט. אַזוי צי אַזוי — ביי ר׳ ירוחמען האָט דער פרעמדער אָרעמאַן אַלעמאָל געקראָגן אַ געלעגער און אַ גלאָז טיי אַ צולאָג דערצו.

און צו דעם אַלעם האָט די מלחמה געמאַכט אַן ענד.

די מערדערישע דייטשע עמלקים האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט ווי די רויב־פויגל אויף מיין רואיק שטעטעלע און מיט די בעסטיאַלישסטע גרויזאַמקייטן עס פאַרניכטעט און פאַרוויסט — געפייניקט, געברענט און געבראָטן, באַגראָבן לעבעדיקערהייט פשוטע, ערלעכע, פרומע יידן און יידענעס — יונג און אַלט, פון צאַפּלדיקע נפשלעך אין די וויגן ביז די זקנים מופלגים און זקנות.

פאַרשטומט און פאַראומערט איז געבליבן ס׳שטעטל. ס׳זיינען געבליבן שטיין די הייזער און הייזקעס, אָבער אין זיי וואוינען משפחות פאָליאַקן, וואָס האָבן פאַרנומען יידיש האָב און גוטס, אויסגעהאָרעוועט אין משך פון דורות דורך יידישע שפאָרזאַמקייט, אָפּגעהיטקייט און צניעות. אויף די געסלעך שפּילן זיך יאַנקעס, מאַטשקעס און וואויטקעס. ניטאָ מער די קהלה־קדושה. אויסגעריסן געוואָרן איז דאָס שטעטל פון מיין האַרץ. אַ ספר זכרון וועט נאָר בלייבן פאַר צוקונפטיקע גענעראַציעס — און גאָרנישט מער!

אהרן דיאַמאַנד

# קאָלבושאָוו אַ מקום חסידות

קאָלבושאָוו איז געווען אַ חסידיש שטעטל. דער חסידישער לבוש און חסידישער ניגון זיינען געווען אַ טייל פון דער שטעטלדיקער לאַנדשאַפט. אַפילו אין דער שול און אין דעם בעל־מלאכישן חרוצים־שטיבל האָט מען געדאַוונט נוסח ספרד.

ווי די באַוועגונג אין אַלגעמיין, האָט חסידות אין אונזער שטעטל דורכגעמאַכט איר אויפשטייג, אַנטוויקלונג און ירידה.

דעם יסוד פאַר חסידות אין קאָלבושאָוו האָט געלייגט דער גאון און צדיק ר׳ אברהם יהושע העשעל זצ״ל, באַקאַנט אין דער חסידישער וועלט ווי דער אַפּטער רב אָדער נאָכן נאָמען פון זיין ספר, „אוהב ישראל״, וואָס האָט דאָ פאַרנומען דאָס כסא הרבנות.

ווען דער אַפּטער איז אָנגעקומען קיין קאָלבושאָוו האָט ער אַפּנים דאָרט ניט אָנגעטראָפן קיין גרויסע לומדות. וועגן דעם קאָן עדות זאָגן אָט־די לעגענדע: ס׳ווערט דערציילט, אַז בעתן אויפנעמען אים פאַר רב האָט דער דעמאָלטיקער ראש הקהל, ווילנדיק אויספּרובירן זיין לומדות, אים געפרעגט אַ קשיא „פון וואַנען איז עס געדרונגען, אַז שמעון איז געבוירן געוואָרן אין מיטוואָך?״ האָט זיך דער רב כהרף עין געכאַפּט אויפן „שאַרפזין״ פונעם פרעגער און מיט אַ שמייכל געענטפערט: „עס שטייט דאָך ׳שמעון ומיטבח לצדיקים׳ (משען ומבטח לצדיקים)״...

אַ דאַנק דער גרויסער פּאָפּולאַריטעט פון דעם אוהב־ישראל, איז קאָל־בושאָוו געוואָרן אַן אָרט וואו עס זיינען געקומען יעדן טאָג חסידים צום רבין. עס זיינען געקומען אַזעלכע חסידים ווי דער רבי ר׳ נפתלי פון ראָפּשיץ, ר׳ הערש־מלך פון דינאָוו און אַנדערע. די אָפּטע באַזוכן פון חסידים האָבן געגעבן דעם שטויס צו דער אַנטוויקלונג פון חסידות אויך אין שטאָט.

דעם אַפּטערס „דירות״ זיינען געווען אויף דעם אָרט פון שפּעטערן גרויסן בית־המדרש. עס איז געווען דערפאַר, אַז די „געהויבענע״ חסידים האָבן זיך אויסגעוויילט דעם קליינעם בית־המדרש ווי זייער אָרט צום לערנען און צום דאַוונען. געבליבן אַ ירושה איז אויך פון אַפּטער די מקווה. ווער געדענקט עס ניט די „קאַלטע מקווה״? דאָס וואַסער איז דאָרט געווען אַזוי שניידיק־קאַלט און נאָך אַ שוויץ — אַ מחיה... אין די גרויסע היצן און במשך די „דריי וואָכן״, ווען מען פלעגט נישט גיין צום טייך שווימען, איז מען אַוועק און זיך אָפּגעקילט אין דער מקווה. פילע רבנים און צדיקים פלעגן קומען קיין קאָלבושאָוו, מיט דער כוונה זיך צו טובלען אין אַפּטערס מקוה. אַז

אינטערעסאַנטער געדענק־צייכן פון אַפּטער איז געווען די גרויסע פאָן פון טיף־בלוי קאָליר מיט אַ זילבערנעם מגן־דוד. אַ גאַנץ יאָר איז די פאָן געשטאַנען צוזאַמען מיט דער שטאָטישער חופה אין אַ ווינקל אין שול, לעבן דער שאַנק מיט די פּסולע ספרי־תורה. בלויז איינמאָל אין יאָר — שמחת תורה — איז די פאָן באַנוצט געוואָרן; שמחת תורה ביינאַכט — אַזוי איז געווען דער מנהג — פלעגט מען דעם רב פירן מיט געזאַנג אין שול אַריין און די פאָן איז געטראָגן געוואָרן אין שפּיץ פון דער פּראָצעסיע, און דאַן אין שול איז די פאָן געטראָגן געוואָרן דורכן שמש אין פראָנט פון די הקפות, מיט אַ ברענענדיק ליכט אין דער הויך.

עס איז כדאי צו פאַרצייכענען די געשיכטע מיטן שמש: איינמאָל איז דער רב געזעסן אין זיין בית־המדרש פאַרזונקען אין מחשבות און מיט גרויסע ביטערע טרערן געקלאָגט אויף זיינע חטאים, ממש עד כלות הנפש. דער שמש, צוזעענדיק די פאַרצווייפלונג פון רב, האָט אַ געשריי געטאָן: „רבי, איר זייט גאָרנישט אַזאַ ׳חוטא׳, באַרואיקט אייך, עס זיינען פאַראַן גרעסערע חוטאים פון אייך און יאַקאָש לעבן זיי...״ דער רב איז אַביסל מונטער געוואָרן פון די טרייסט־ווערטער פון שמש און אים דערפאַר געגעבן אַ ברכה, ווי דער שמש האָט זיך אַליין געוואונטשן, אַז די שמשות זאָל ביי אים בלייבן לדור דורות... און מיט רעכט האָט זיך גרשלי שמש געגרויסט, אַז ער איז זיכער מיט זיין שמשות, ווי דער רב מיט זיין רבנות, פאַרלאָזנדיק זיך אויף דער ברכה וואָס זיין זיידע האָט באַקומען פון אַפּטער רב.

ווען דער גרויסער צדיק איז אַוועק קיין אַפּט, האָט ער איבערגעגעבן די קאָלבושאָווער שטעלע צו זיין זון ר׳ יצחק מאיר זצ״ל, וועלכער האָט פאַר־געזעצט די טראַדיציע פון זיין גרויסן פאָטער און אַלץ מער געגעבן דעם שטעטל אַ חסידישן כאַראַקטער. פון ר׳ יצחק מאירס צייטן איז געבליבן אין שטעטל אַ שיינער אָנדענק, דער פּנקס פון דער חברה קדישא. דער פּנקס פלעגט זיך געפינען ביי די גבאים פון דער חברה. עס איז דאָרט געווען פאַרשריבן, אַז ר׳ יצחק מאיר איז געווען דער גרינדער פון דער חברה און זיך איינגעקויפט ווי דער ערשטער מיטגליד. די תקנות פון דער חברה זיינען געווען זייער אינ־טערעסאַנט. די גבאים פון דער חברה האָבן באַקומען ברייטע פולמאַכטן און קאָמפּעטענצן אין אַלע פראַגן צו טאָן „ככל הישר בעיניהם״ און מיט דעם געלט מעגן זיי טאָן „כאדם העושה בתוך שלו״ און עס שטייט דאָרט כהאי לישנא: „ולהיות שעושים הם חסד של אמת אין לנו רשות להרהר אחריהם״, וואָס האָט געמיינט, אַז אַזוי ווי די חברה־קדישא־לייט טוען אַזאַ גאָר וויכטי־קע מצווה, האָט קיינער נישט קיין רעכט אַפילו נאָכצוטראַכטן וועגן דעם וואָס זיי טוען.

ר׳ יצחק מאיר איז נישט לאַנג געווען רב אין קאַלושין. ער האָט איבערגענומען אַן אַנדער רבנות־שטעלע (דאַכט זיך אין זמיגראָד) און אויף זיין אָרט איז אויפגענומען געוואָרן ר׳ יחיאל׳יש ע״ה, אַ זון פון ר׳ אשר פון ראָפּשיץ. אין יענער צייט איז קאַלושין געשטאַנען אונטער דער השפעה פון ראָפּשיצער חסידות. עס קומען אויפן זכרון די חדר־מעשות וועגן די שדים און רוחות, וועלכע זיינען אַ לאַנגע צייט איבערדערציילט געוואָרן אין קאַל־בושין און אומגעבונג און געוואָרפן אַ שרעק אויף דער באַפעלקערונג, ביז דער ראָפּשיצער רבי האָט זיי פאַרטריבן אין אַלע פוסטע וועלדער און וויסטע מדברות...

אין די צייטן פון ר׳ יחיאל׳שעס רבנות האָט חסידות אין שטעטל דערגרייכט דעם קולמינאַציע־פונקט און איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פאָלקס־באַוועגונג. סוחרים, בעלי־מלאכות, לומדים — אַלע זיינען געוואָרן חסידים. „יאָסעלע דעם רב׳ס״ — אַזוי האָט מען אים גערופן צוליב דעם וואָס ער איז אַמאָל געווען שמש ביי ר׳ יחיאלשען — פלעגט דערציילן, אַז אויף ימים נוראים איז בדוחק געווען מנין אין שול מחמת די גרויסע מערהייט פון שטעטל איז געפאָרן קיין ראָפּשיץ, סאַנדז אָדער דזשיקעוו און שפּעטער ראַז־וואַדאָוו און שיניעווע צו די רביים, וואָס האָבן געלעבט און געווירקט אין יע־נער תקופה. נאָך דער פטירה פון ר׳ יחיאלישן, איז אויפגענומען געוואָרן ווי רב זיין איידעם ר׳ אברהם אהרן זצ״ל, אַ זון פון סיגעטער רב, דער בעל „טוב לב״; דער זון ר׳ יחיאלישענ׳ס, ר׳ אשרל, איז געווען נאָך דעמאָלט צו יונג איבערצונעמען דאָס רבנות. דאָס איז געווען דער אָנהייב פון דער באַ־קאַנטער רבנות מחלוקה, וואָס איז אָנגעגאַנגען פאַר יאָרן. די חסידישע וועלט האָט זיך צעטיילט אין צוויי פיינדלעכע לאַגערן. ראַזוואַדאָווער־שיניאַווער חסידים האָבן געשטיצט דעם רב, די דזשיקאָווער — ר׳ אשר׳לען. די קעגנ־זייטיקע בלבולים און זלזולים האָבן אָפּגעשוואַכט דעם אַנזען פון חסידות.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, בעת וועלכער עס זיינען נפטר גע־וואָרן די רביים פון דזשיקעוו, ראַזוואַדאָוו און פלאָנטש, איז דאָס חסידות גע־וואָרן שוואַכער און נאָר אַ געקליבענער עולם איז געפאָרן צום רבין. געבליבן זיינען אין דער חסידישער מחנה אַקטיווע און פּאַסיווע חסידים. די אַקטי־וויסטן האָבן אָנגעהאַלטן זייערע נסיעות אויף יום־טוב, זיינען געווען גרייט אויף יעדן רוף צו קומען אויף שבת, ווען דער רבי האָט באַזוכט אַ שכנותדיק שטעטל און האָבן בכלל מיט זיך פאַרגעשטעלט דעם מאָבילן אַוואַנגאַרד פון חסידות. די פּאַסיווע חסידים זיינען באַשטאַנען פון אַן עלעמענט באַקוועמע מענטשן, וואָס האָבן זיך ניט געוואָלט פּלאָגן אין דער פרעמד. זייער חסידות איז באַשטאַנען אין דעם, אַז ווען דער רבי איז געקומען אויף אַ באַזוך אין

שטעטל, זיינען זיי דאַנערשטיק געגאַנגען „שלום נעמען" און דערביי פאַר־שטעלן זייער „יחוד", שבת „שטעלן משקה" ביים טיש און זונטיק, אָדער דינסטיק נאָכן יריד, אָפּגעבן אַ קוויטל מיט אַ פדיון. אין די לעצטע יאָרן איז קאָלבושאָוו סטאַביל באַזוכט געוואָרן פון די ראָזוואַדאָווער קינדער: ר׳ אפרים׳ל, ר׳ מנשה׳לע און ר׳ שלמה׳לע; די פלאַנטשער: ר׳ דודל — פשעצלאַווער רב און רב אליעזר — גראַדזיקער רב. דער דזשיקאָווער רב ר׳ אַלטער, דער מאַדינער רב ר׳ בן־ציון און דער סטיטשינער רב ר׳ יצחק׳ל. דער סטיטשינער איז געווען אַ זקן און האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט דאָס חסידות פון אַ פריערדיקן דור; גאָר לעצטנס פלעגט אויך דער קאַלישיצער רב, אַ שיינעווער איניקל — באַזוכן דאָס שטעטל.

די דערמאָנטע רביים האָבן יעדער געהאַט זיינע אקטיווע אָנהענגער און נאָכפאָלגער. פאַרן באַזוכן דאָס שטעטל האָט זיך דער רבי קודם־כל פאַר־שטענדיקט מיט זיין „אַקטיוו", כדי פאַרצוברייטן פאַר אים אַ בכבודיקע דירה און אָנגרייטן אַ שבת כיד המלך. מיטן אָנקומען פון רבין האָט דאָס שטעטל באַקומען אַ יום־טובדיקן אויסזען. „קינד און קייט" זיינען געלאָפן שלום געבן און הערן אַ יידיש וואָרט. פרייטיק צונאַכטס איז דאָס גרויסע בית־המדרש געווען געפּאַקט בלויז פון היימישן עולם; ווער שמועסט, אַז עס איז געקומען אַן עולם פון דער פרעמד: דער רבי פלעגט דאַוונען מנחה פאַרן עמוד, געזאָגט די „שמונה עשרה"; יעדער רבי האָט געדאַוונט מיט זיין נוסח. דער עולם האָט זיך צוגעהערט און נאָכגעזאָגט פרום; „ברוך הוא וברוך שמו — אמן".

„מקבל שבת זיין" פלעגט אַ גוטער בעל תפילה, געזונגען אַ שיינעם ניגון פאַר „לכה דודי". ווען עס איז געקומען צו „לא תבושו", האָט ער אָפּט אויסגעזונגען אַ „פריילעכס", וואָס ווערט אַ פּאָר מאָל איבערגעחזרט ביי „בואי בשלום". דער געזאַנג גייט באַלד איבער אין אַ התלהבותדיקן צונויפגוס פון קולות פון דער גאַנצער חסידים־מאַסע: „מזמור שיר ליום השבת... צדיק כתמר יפרח..." עס איז דער קאַמף פון דער הייליקייט פון שבת אַנטקעגן דער רשעות פון דער וועלט און דער ענדלעכער טריומף פון קדושה אונטער דער פירערשאַפט פונעם צדיק, פונעם רבי׳ן...

נאָכן דאַוונען מעריב פאַרגרעסערט זיך דער עולם. עס קומען אַריין די מתפללים פון שול. די „חרוצים" פון קליינעם בית־המדרש, שטופּן זיך ביים אַריינגאַנג אָדער קוקן אַריין דורך די פענצטער — געקומען הערן דעם רבינס „שלום עליכם" און קידוש. דער רבי זינגט „שלום עליכם" מיטן ניגון פון זיינע אבות הקדושים, זאָגט מיט גרויס דביקות יעדע תפילה, זינגט „אשת חיל" באַגלייט פון כאָר פון חסידים. ווינטשנדיק „גוט שבת" גייט זיך דער

עולם פונאַנדער צו פּראַוועוען די שבת סעודה און שפּעטער צוריקצוקומען צום רבינס טיש אין בית־המדרש.

דעם רבינס טיש שטעלט מיט זיך פאָר אַ פּראַכטפול בילד. די שיטה פון בעל שם טוב, אַז מען קאָן דינען דעם באַשעפער מיט שמחה, קומט דאָ צום אויסדרוק. דער רבי טיילט אויס „שיריים", זאָגט תורה פון דער סדרה פון דער וואָך. די מקורבים זינגען זמירות. נאָכן בענטשן לאָזט מען זיך אין אַ ריקוד. דער רבי ווערט דאַן באַגלייט מיט געזאַנג צו זיין וואוינונג. באַזונדערס איינדרוקספול פלעגט זיין דער „שלש סעודות", וואו עס האָט זיך געפילט די שטימונג פון „רעוא דרעוא", איבערהויפּט ווען דער עולם האָט פאַרענדיקט דעם „מבואו מאדום" געזאַנג און ביי די ווערטער „נמליכו וניחדו" געוואַרט מיט שפּאַנונג, אַז דער רבי זאָל אָנפאַנגען זאָגן „ד' מלך".

מוצאי שבת, נאָך הבדלה, האָט מען דעם רבין געפירט אַהיים מיט געזאַנג. אין אַלע פענצטער אויפן וועג האָבן געברענט ליכט לכבוד דעם צדיק.

פון זונטיק אָן, יעדן טאָג נאָך מעריב, פלעגט מען קומען זיך „פּראַוועון" צום רבין. מ'סוד'עט זיך מיט דעם קוויטל־שרייבער, מען רעדט זיך אַרונטער פון האַרצן, מ'הייסט פאַרשרייבן אַלץ, וואָס איינעם דריקט, וואָס וועמען קווועלט. אַרויסגייענדיק פון רבין ווינטשט מען אָפּ „זאָלסט האָבן אַלעס גוטעס געגעבנט". ווי זאָגן די חז"ל: „דער צדיק איז גוזר און הקב"ה איז מקיים"...

אַזוי האָט חסידות געווירקט אין קאָלבושאָוו. ס'האָט געבראַכט ליכט און גלויבן, האָפנונג און שמחה אין די פאַראומערטע וואָכעדיקייט פון דעם געריודפטן יידישן עולם.



דער דזשיקעווער רבי ר' אלטער ז"ל אויף אַ באַזוך אין קאָלבושאָוו



דער סטיטשינער רבי ר׳ יצחק׳ל ז״ל אין דער באַגלייטונג פון זיינע מקורבים

# קאָלבושאָווער ניגון



דעם דאָזיקן חסידישן ניגון, באַצייכנט ווי דער קאָלבושאָווער ניג:ן, האָט פאַרנאָטירט דער באַרימטער חזן יהושע ווייסער אין זיין ספר „עבודת החזן" (חלק ראשון) ז׳ 158. חזן ווייסער האָט אים אויפגענומען פון אהרן־צבי גרינבערג.

**א. ליידנער**

# אַ גאַס אַזאַ . . .

צו מערב־זייט פון מאַרק, וואָס איז געווען דער צענטער פון שטאָט, האָט זיך אָנגעהויבן די גאַס אויף וועלכער מיר האָבן געוואוינט. די גאַס איז געווען באַקאַנט מיט דריי נעמען: „די העררן גאַס", אַ זכר פון די צייטן ווען אונדזער שטעטל איז געווען אַ באַשטאַנדטייל פון עסטרייך; מען האָט זי אויך גערופן „פאַנסקאַ גאַס", אַ פּוילישער נוסח פון איר דייטשן נאָמען; און לסוף האָט מען זי געקענט ווי „די 3־טער מאַי גאַס", וואָס מען האָט זי אַזוי אָנגערופן אין אויפגעריכטן פּוילן לכבוד דער פּוילישער קאָנסטיטוציע פון יאָר 1793. זייענדיק טאָקע בגילופין נאָך דער גרויסער שמחה פון דערמאָנען די קאָנסטיטוציע, האָבן די פּאָלאַקן געמאַכט אַ פּאָגראָם אויף יידן דעם זעקסטן מאַי, באַלד אין ערשטן יאָר פון זייער זעלבסשטענדיקייט.

די גאַס האָט זיך פאַררעכנט ווי איינע פון די סאַמע וויכטיקסטע גאַסן אין שטעטל. די וויכטיקייט פון דער גאַס איז באַשטאַנען קודם־כל אין דעם, וואָס אויף איר זיינען געשטאַנען אַ ריי געביידעס פון געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס; אין אָט דער גאַס איז געשטאַנען די מיידל־שול און דער איינציקער קינאָ־טעאַטער אין שטעטל און נאָך סתם שיינע גויישע הייזער. די סטאַראָסטווע, דער צענטראַלער אַדמיניסטראַטיווער נערוו פון גאַנצן קרייז איז געווען אויף אונדזער גאַס. דער דאָזיקער אַמט האָט זיך געפונען אין דעם הויז פון שלמה זאָנטאַג, וואָס אין יענער צייט האָט עס אים געגעבן כבוד און דער עיקר — פרנסה. ערשט שפּעטער איז אָט דער אַמט אַריבער־געפירט געוואָרן אין אַ נייעם שיינעם בנין, וואָס האָט אויך צוגעגעבן חן און וואָג דער גאַס. כידוע, איז די סטאַראָסטווע געווען די לאַנגע האַנט פון דער רעגירונג אין וואַרשע און פון דער וואָיעוואָדשאַפט. זי האָט אויסגעשפּרייט איר מאַכט איבער דער שטאָט און אירע איינוואוינער, יידן און פּאָלאַקן, אויך איבער די אַנדערע שכנותדיקע שטעטלעך און דערפער, וואָס האָבן זיך געפונען אַרום. די גאַס האָט דעריבער תמיד וויברירט מיט מענטשן, וואָס פלעגן קומען אַהער צו דערליידיקן כלערליי ענינים, וואָס האָבן געהאַט צו טאָן מיטן ציבור אָדער מיטן יחיד. גאַנץ אָפט פלעגן קומען יידן פון די אַרומיקע שטעטלעך

אָפּצושרייען אַ גזרה, אַ פאַראָרדנונג, אָדער אויסגלייכן אַ לאָקאַלן אָדער קהילהשן סכסוך. אַלץ האָט געמוזט אָנקומען צו דער סטאַראָסטווע; אַזעלכע זאַכן ווי אַ פּאַספּאָרט אַרויסצונעמען אָדער באַצאָלן געוויסע שטראָפן — איז מען געגאַנגען אַהער.

דער צווייטער וויכטיקער בנין אין גאַס איז געווען דאָס הויז פון „סאָקאָל". דער „סאָקאָל" איז געווען אַן אָרגאַניזאַציע פון די היפּער-פּאַטריאָטישע פּאָלאַקן, על־פּי־רוב הוליאַקעס, פּיאַניצעס, כלומערשט פּריצים. אין אָט דער געביידע פלעגן זיך פאַרזאַמלען די פּוילישע בויאַנעס. דאָרט פלעגן מושטרירן די פּרייוויליקע סאָלדאַטן, וואָס האָבן ליב געהאַט די דאָזיקע זעלנערישע מלאכה און געווען גרייט זיך צו שטעלן, אויב מען וועט זיי דאַרפן. מיר, יידישע קינדער, פלעגן מורא האָבן פאַרבייצוגיין דאָרט, כדי איינער פון די ווילדע יונגען, אָדער הינט, זאָלן זיך ניט לאָזן וואוילגיין איבער אונדז. אַלע אָפיציעלע פּאַראַדן, וואָס די לאָקאַלע אינסטאַנצן פלעגן איינאָרדנען, רעליגיעזע אָדער נאַציאָנאַלע, (ניט חלילה קיין יידישע), פלעגן שטענדיק זיך פאַרענדיקן אין הויף פון דער „סאָקאָל" געביידע אָדער אינעווייניק אין זאַל. אוי, וויפל אַנטיסעמיטישע דרשות האָט מען פון דאָרט געליפערט! אפילו ווען מיר, ווי שול-קינדער, פלעגן זיך מיטבאַטייליקן אין די פייערונגען אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם דריטן מאַי־פּאַראַד, האָבן מיר זיך געפילט ווי אומגעבעטענע געסט אויף אַ פרעמדער חתונה... די קליינע הערצעלעך פלעגן וויי טאָן פון צער.

אין מיטן דער לאַנגער און וויכטיקער גאַס, האָט זיך געפונען אונדזער איין־שטאָקיקער, מיט שינדלען און פּאַפּע באַדעקטער „וואָלקן־קראַצער". געווען אין דעם הויז דריי באַקוועמע דירות: מיין באָבע חיה־שרה האָט פאַרנומען איין חדר, ד׳ על ד׳; אין דעם צימער איז געווען די קיך, דער שלאָף־צימער, דער אויפנאַמס־צימער און דאָ האָט מיין באָבע אויך געפירט איר זאַלץ־געשעפט. אין פראָנט האָט געוואוינט מיין פעטער שמואל און מומע ריבטשע מיט אירע אַכט קינדער. זיי האָבן פאַרנומען צוויי חדרים. דאַן האָט זיך געצויגן אַ קאָרידאָר, וואָס האָט אָפּגעטיילט אונדזער דירה פון די אַנדערע. מיינע עלטערן מיט זעקס קינדער האָבן אויך באַוואוינט צוויי חדרים. אַזוי האָבן געלעבט אין ענגשאַפט און קרובהשאַפט יידישע משפחות. ס׳איז קיינעם ניט געווען ענג. מען האָט אפילו געלאַכט, געזונגען און אינאיינעם געהאָפט אויף אַ בעסרן מאָרגן.

כ׳וויס נישט צי דאָס הויז איז געבליבן נאָכן חורבן, אָבער די איינ־

וואוינער, וואָס האָבן דאָרט פאַרברענגט — בלויז איינצעלנע פון זיי האָבן איבערגעלעבט דעם חורבן:

פון מיין פעטער שמואל׳ס משפחה האָט זיך קיינער ניט געראַטעוועט אַחוץ צוויי טעכטער: אסתר, וואָס האָט נאָך מיט יאָרן צוריק עמיגרירט קיין קיין בראזיל און חנה׳לע, וואָס האָט עולה געווען קיין ארץ ישראל.

מיין משפחה האָט אַביסל בעסער אָפּגעשניטן. אַדאַנק דעם דראַנג פון שיבת ציון, וואָס האָט שוין מיט יאָרן צוריק דורכגעדרונגען אונדזער הויז, האָבן זיך געראַטעוועט: מיין שוועסטער חנה, נ״ע, און איר צו לאַנגע יאָר — מיין שוועסטער רבקה, היינט שלמון אין גבעתיים; מיין ברודער פתחיה אין רמת גן; מיין ברודער יצחק אין חיפה; און איך — אין באָסטאָן.

די לאַנדסלייט געדענקען מיין באָבע חיה־שרה הויפּטזעכלעך צוליב איר אמתדיק כשרע זאַלץ. זיי געדענקען אויך די פולע מאָס וואָס זי פלעגט געבן און ווי ביליג זי פלעגט איר סחורה פאַרקויפן. פרומע יידענעס פון דעם צווייטן עק שטאָט, פלעגן קומען קויפן די גראָבע זאַלץ, כדי אויס־צוזאַלצן און כשר מאַכן פלייש. נאָר ביי איר האָבן זיי עס איינגעהאַנדלט, בפרט פאַר פסח. אַזוי ווי אין דעם געשעפט האָט זיך נישט געפונען קיין שום חמץ, איז במילא קיין חשד ניט געווען. און זי — די באָבע — אין איר תמימות, פלעגט טאָקע שטאַלץ זיין וואָס זי האָט פאַרזאָרגט די יידן מיט כשרע זאַלץ. שטענדיק נאָכן אָפּוועגן פלעגט זי צוואַרפן אַ גאָרשטש מיט זאַלץ, צו זיין זיכער, אַז זי גיט אַ גוטע וואָג. אַן ערלעכע און אָפּגעהיטענע יידענע געווען די באָבע מיינע, מיט קליינע הצטרכותן; זי האָט אָפּגעהיט אַלע תעניתים. קיין טענות צום רבונו־של־עולם האָט זי קיינמאָל ניט געהאַט. געלעבט מיט׳ן סידור, מיט׳ן טייטש־חומש. געוואַרט אויפן שבת און געהאָפט אויפן יום־טוב. איר וואָך האָט געהאַט צוויי סטאַנציעס. די ערשטע סטאַנציע איז געווען דינסטיק, דער יריד, וואָס האָט געמיינט מער פּדיון. זי איז געווען גרייט פאַרן אָנקום פון די פויערים פון די אַרומיקע דערפער, וואָס פלעגן איינקויפן זאַלץ פאַר זייער געברויך. געווען איז עס אַ געזעץ איינצוקויפן אַן עוף און אַנדערע קלייניקייטן פאַר שבת — און אַראָפּ אַן עול פון קאָפּ. דער עיקר איז דאָך סוף־כל־סוף דער הייליקער שבת. און אַז די סעודת שבת איז שוין געווען פאַרזיכערט, האָט זי לייכטער אָפּגעאָטעמט. די צווייטע סטאַנציע איז טאָקע געווען דער ליבער שבת אַליין. אַ גאַנצע אונטערנעמונג האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט דאָס גיין אין שול אַריין דאַוונען, און טאָקע אסך דאַוונען און ניט דורכלאָזן די מינדסטע תחינה. וויינען האָט זי, נעבעך, ניט

געקענט. אַזאַ נאַטור. אין אַ מאָמענט, ווען געפילן האָבן זיך אָנגעזאַמלט, פלעגט איר אונטערשטע גאָמבע זיך אָנהייבן שאָקלען. אין דער ווייבערישער שול פון קליינעם בית המדרש, דאָרט האָט זי געהאַט אַ שטאָט. דאָרט איז געווען איר וועלט. דאָרט האָט זי געפונען די דערגענצונג פאַר דער גרויער וואָכע־דיקייט. ס׳פלעגט טרעפן, ווען דער בעל־תפילה האָט געהאַט אַ שוואַכע שטימע און זי האָט נישט דערהערט וואו מען האַלט אין דאַווענען, דאַן איז איר שבת געווען אַ פאַרשטערטער. זי האָט זיך פשוט מצער געווען פון דעם און מיט אַ היפּש ביסל כעס פלעגט זי באַשיטן דעם בעל־תפילה מיט דעליקאַטע קללות, מיט אָנצוהערענישן ווי: „אין בעט זאָל ער דאַווענען", „געהערט א בעל־תפילה? צו שבת מברכין לאָזט מען צו צום עמוד אַזאַ שטומען חזן?... שנעל אָפּגעפּאַרטיקט מיטן עסן, האָט זי אירע שכנים דערציילט וואָס אויף איר ביטער האַרץ. דאַן איז זי אַריבערגעלאָפן צו מיין צווייטער באָבע, חוה ליידנער און אויך פאַר איר אויסגעגאָסן איר ביטערע אַנטוישונג. אַזאַ תמימות איז גאָר היינט נישט צום באַגרייפן. פרייטיק נאָכמיטאָג פלעגט זי שוין אַרויסקוקן צי גערשעלע דער שמש קלאַפּט שוין אין שול אַריין און אויב ער האָט זיך אַביסל פאַרשפּעטיקט, פלעגט זי אים קיין ברכות שוין נישט געבן...

האַרט פאַרן געוועלב, אין פראָנט, איז געשטאַנען אַ באַנק, איר שטענ־דיקער זיץ־פלאַץ, אַ מין פּערמאַנענטער אָבסערוויר־פּונקט, פון וועלכן זי האָט אָנגעקוקט אַלע וואָס זיינען פאַרבייגעגאַנגען; באַזונדערס זומער־צייט. זי פלעגט זיין באַקאַנט מיט פיל קריסטלעכע באַאַמטע; געקענט האָט זי דעם פּאָליציי־אינספּעקטאָר. ער פלעגט קאָנטראָלירן די פּאַטענטן, געהיטן מען זאָל, חלילה, אַביסל וואַסער ניט אויסגיסן אין פראָנט פון די הייזער, אַראָפּ־רייניקן דעם שניי. פלעגט זי אים באַגריסן מיט אַ הויכן „גוט מאָרגן". דער בריוו־טרעגער, מארקעוויטש אָדער גודזינסקי, וואָס מיר פלעגן זיי רופן די גלות־אָנפירער, ווייל דער גוטער גורל פון אַ יידן איז דאָך געווען אָפּהענגיק פון אַ גוטן בריוו פון ערגעץ־וואו און בפרט פון אַמעריקע, האָבן גענאָסן פון אירע סימפּאַטיעס.

די באָבע פלעגט זיך שיין פאַרנייגן פאַרן וויצע־סטאַראָסטע, שניצל. דער דאָזיקער שניצל האָט אויסגעזען ווי אַן אמתער אריסטאָקראַט: אַ הויכער, שיינער און איידעלער מענטש. זיין באַציאונג צו יידן איז דווקא געווען אַ גאַנץ ליבעראַלע. מען האָט נאָכדערציילט אַן עפּיזאָד וועגן אָט דעם קאָלבושאָווער דיגניטאַר. ער פלעגט זיך מאַכן זיינע קליידער ביי מענדל שניידער. ביי

מענדל שניידער איז שטענדיק געווען אַ שטוב מיט קינדער. אַלע, זיבן־אַכט — האָבן זיך תמיד אַרומגעפּלאָנטערט אַרום די שטוביקע אין דער ענגער דירה פון צוויי צימערן, וואָס האָבן אויך געדינט ווי דער וואַרשטאַט. איז אַמאָל געקומען אָט דער שניצל מיט זיין פּרוי אָנצומעסטן זיין נייעם מלבוש, צו זען צי עס פּאַסט. רופט זיך אָפּ די פּרוי שניצל צו איר מאַן: דאַכט זיך, אַז דער אָנצוג ליגט נישט ווי עס דאַרף זיין. מענדל, אַ שטילער מענטש, וואָס ווייס נישט קיין חכמות, גיט אַ מאַך כלאחר־יד מיט דער האַנט: וואָס פאַרשטייט אַ יידענע? „צאָ באבא וויע?" דער אַריסטאָקראַטישער שניצל האָט זיך נישט געמאַכט וויסן...

ניט ווייט פון מאַרק (אויפן ראָג פון דער סענדישעווער גאַס) האָט געוואוינט מענדל שפּילמאַן, זיין פּרוי געדענק איך ניט. איך געדענק אים נאָר ווי אַן אלמן. געוואוינט האָט ער מיט זיין איינציקער טאָכטער רעבקע און אַן איידעם, וואָס איז געקומען פון קראָקע און וואָס פלעגט רעדן מיט אַ קראָקעווער אקצענט, אַ מלא וגדוש איז ער געווען, אַ פיינער לערנער, ממש אַ זיידענער יונגערמאַן. ער פלעגט לערנען מיטן עולם שבת נאָכמיטאָג אין גרויסן בית־המדרש חומש מיט רש"י. מענדל שפּילמאַן אַליין איז געווען אַן איידעלער ייד, אַ כלל־טוער, געווען לאַנגע יאָרן ראש־הקהל, גבאי אין גרויסן בית־המדרש. כל ימיו פלעגט זיך אים די האַנט און שפּעטער אויך דער קאָפּ שאָקלען. דער מסחר זיינער איז געווען נאַפט, לאָמפּן, קנויטן און הערינג. אוי, פלעג איך אים מקנא זיין אין מיינע קינדער־יאָרן מיט די גרויסע פעסער הערינג, שמאַלץ־הערינג וואָס ער האָט פאַרמאָגט. געווען דעמאָלט ביי אונדז שווערע צייטן און פון אַ הערינג איז געוואָרן אַ פולע סעודה. אַזאַ דחקות איז שווער זיך היינט פאָרצושטעלן. אוי, וויפל מאָל האָט עס ביי אונדז ניט געקלעקט צו קויפן מער ווי אַ שטיקל הערינג. ער פלעגט מיט געדולד און איינזעעניש אונדז באַהאַנדלען. איך האָב אים דערפאַר אַלע מיינע יאָרן אָפּ־געגעבן כבוד. די לעצטע צייטן פאַר דער מלחמה, האָט ער קוים געמאַכט פּרנסה.

כמעט אַ וואַנט־צו־אַ־וואַנט האָט געוואוינט נפתלי און בריינדל שיפּער־מאַן, אַן איידעם פון די יזראעלאָוויטשעס, נאָענטע שכנים אונדזערע פאַר יאָרן. די צוויי משפּחות האָבן זיך צווישן זיך גוט פאַרהאַלטן. זיי האָבן געהאַט צוויי קינדער: אַ טאָכטער מינדל און אַ בחור יאַנקל. וואוילע קינדער געווען. די לעצטע יאָרן זיינען געווען שווערע צייטן ביי זיי. דאָס רעדל האָט זיך איבערגעדרייט. ער איז אַמאָל געווען אַ מעל־הורטאָווניק, גוט פאַרדינט און שיין

געלעבט. לסוף האָט ער געמוזט אויפגעבן זיין גרויס־סוחרישן וועג און טאָן דאָס וואָס אַלע קליינהענדלער פלעגן טאָן: באָרגן דאָ און באַצאָלן דאָרט, און האָפן. די קינדער האָבן דערפון פיל געליטן, אָבער דער פאָטער האָט ניט געקאָנט העלפן, ניט זיי און ניט זיך אַליין. פשוט ניט געוועזן וואו און מיט וואָס זיך צו באַשעפטיקן. איך ווייס ניט צי עס האָט זיך ווער פון זיי געראַטעוועט.

ווייטער אַראָפּ־צו צו אונדז האָט געוואוינט יאנקל פינפער מיט זיין פרוי האָדעס, פריזירער. דאָס פּאָרל איז געווען קינדערלאָז. זיי האָבן געוואוינט שיין און געהאַט אַ שיינעם מאָדערנעם סאלאָן. שטרענג־רעליגיעזע יידן פלעגן אים אויסמיידן; זיי פלעגן גערנער גיין צו זיין ברודער משה, אויך אַ פריזירער פון פאַך, וואָס האָט אָבער איבערגעלאָזט זיך אויף זיין געזיכט אַ שטיקל באָרד. צו אים פלעגן קומען די וואוילע יונגען, די ציוניסטן, די פרייערע יונגע חברה, אַליין שוין סוחרים, וואָס קאָנען זיך דערלויבן קומען יעדן פרייטיק זיך ראַזירן. די רעליגיעזע אָבער קומען העכסטנס איין מאָל אַ חודש צו שערן די האָר. שטענדיק איז שוין געווען אַ סיבה פאַר ניט שערן צו אָפּט: ספירה צייט, תעניתים אד״גל. יאנקל פלעגט זיך בחינם אָפּעסן דאָס האַרץ. ער און אויך זיין פרוי האָבן געהאַט אַלע כאַראַקטער־שטריכן פון קינדערלאָזע מענטשן. געווען זיינען זיי קאַרגע, פאַרמאָגט ווייניק געדולד צו שכנישע קינדער, שטענדיק אויסערגעוויינליך ריין, זייער סענסיטיוו, די מינדסטע זאַך איז געווען פאַר זיי אַן איבערלעבונג. ער פלעגט דאַוונען אין דעם שטיבל פון דער חברה יד־חרוצים. דאָרט פלעגט ער זיך פילן זייער באַ־קוועם. זיין מלאכה, פלעגט ער זאָגן, איז אַן איידעלערע ווי די שניידער׳ס, די סטאָלער׳ס און באַלעגאָלעס. ער פלעגט לייענען אַ צייטונג, אַ יידישע און אַ פוילישע; אַמאָל פלעגט ער קויפן מיט אַ שותף און ניט צו־גערן אויס־געליען זי צו אַ שכן, וואָס האָט זיך ניט געקאָנט עס דערלויבן צו קויפן. קיינער איז פון זיי ניט געבליבן, נעבעך.

אַ צווייטער נאָענטער שכן איז געווען משה ישכר עלבוים. ער האָט געוואוינט אין זיין אייגענער קאמעניצע. געווען איז עס אַ זייער שיין הויז. ווען די פּאָליאַקן האָבן אָרגאַניזירט אייגענע געשעפטן, די א״ג „קולקעס״, האָט זיך איין „קולקע״ געעפנט אין זיין הויז. געבליבן פון דער גאַנצער משפחה, דאַכט זיך איז אַ טאָכטער גיטל דאָ אין ניו־יאָרק און אַ זון, שמואליק אין חיפה. דער דאָזיקער שמואליק, וואָס האָט זיך געראַטעוועט על־פּי־נס פון דעם חורבן, זייענדיק אין פראנקרייך, האָט זייער פיל גוטס געטאָן צו

אַ סך, וואָס זיינען ניצול געוואָרן. ער האָט געהאַט אַ גרויסן רעסטאָראַן אין פּאַריז. מיין פעטער מלך, ע״ה, האָט מיר דערציילט, אַז ווען ער מיט זיינע בני־בית זיינען דורכגעפאָרן פּאַריז אויפן וועג קיין אַמעריקע, האָבן זיי באַזוכט שמואליק עלבוים. ער האָט גאָרנישט געוואוסט וואָס מיט זיי צו טאָן. און מקרב געווען האָט ער זיי און געגעבן צו פילן, ווי נאָנט ער פילט זיך מיט זיי.

אויף דער צווייטער זייט פון אונדזער הויז האָט געוואוינט די משפחה פון יחיאל יזראעלאָוויטש; יחיאל טשעשער פלעגט מען אים רופן, ווייל ער האָט געשטאַמט פון דעם דאָרף טשעש. דאָס מסחר, דאָס הייסט, דאָס מילך־געשעפט איז געווען באַקאַנט אויפן ווייבס נאָמען — חנה דער מילכיקער. געווען איז עס אַ פיינע און אַ גרויסע משפחה: זין, טעכטער, איידעמס, געקניפּט און געבונדן איינער פאַרן צווייטן. דאָס הויז איז תמיד געווען פול מיט אייניקלעך. דער עלטסטער זון, יאָסל, האָט לאַנג צוריק זיך געהאַט באַזעצט אין אַנטווערפּן. שפעטער האָט זיך אַהין אַריבערגעצויגן אויך זיין ברודער שעיה. שעיה איז געווען מיין ברודער פתחיה׳ס אַ חבר. דער יינגסטער איז געווען מרדכי. מרדכי איז שוין געווען פון אונדזער חברה. נאָך דעם ווי מען האָט אויפגעהערט לערנען אין בית המדרש, אָנגעהויבן זיך קליידן אַביסל מער מאָדערן, איז ער געוואָרן אַ חבר אין „הנוער הציוני״, אַלגעמיינע ציוניסטישע יוגנט אָרגאַניזאַציע און געחלומט ווי אַלע אַנדערע, אָבער, ליידער, גאָרנישט דערחלומט. דאַכט זיך, אַז די צוויי אין אַנטווערפּן האָבן זיך יאָ געראַטעוועט. מיר האָבן זיך זייער פריינטלעך פאַרהאַלטן מיט דער גאַנצער משפחה, אסך צו פאַרדאַנקען מיין קלוגער און איידעלער מאַמען, ע״ה, וואָס האָט בטבע יעדן איינעם דן געווען לכף זכות און האָט געקאָנט די חכמה פון לעבן — פאַרציכטן... שטילערהייט פלעגט זי מיין מאַמע מקנא זיין און דאָס נאָר מיט איין זאַך — זיי האָבן חתונה געמאַכט די טעכטער אין דער היים, און מיין מוטער האָט דאָס ניט זוכה געווען. אַלע מיינע שוועסטער האָבן חתונה געהאַט אין ישראל און ווען זי האָט ענדלעך זוכה געווען צו פירן מיין יינגסטע שוועסטער מאנקע צו דער חופה, איז עס שוין געווען כמעט אַ שוואַרצע חופה — דער חורבן האָט שוין געבושעוועט און מיין שוועסטער האָט חתונה געהאַט אין געטאָ מיט יודל געווירץ, שמחה געווירץ׳ס יינגסטער זון. זיי האָבן שוין געהאַט אַ קינד פון קרוב אַ יאָר, האָבן עס די רשעים דערשאָסן אין געגנוואַרט פון דער מוטער.

יודל איז געווען אַ פּעאיקער בחור, אַ גוטער בעל מלאכה און אַן איבערגעגעבענער מאַן. פון די בריוו וואָס איך האָב דערהאַלטן, האָב איך

געזען אַז זיי זיינען געוועןביידע גליקלעך איינער מיטן צווייטן. פון די צענזורירטע בריוו האָב איך אויסגעפונען, אַז זיי האָבן זיך געקאָנט ראַטעווען און אַריבער אויף דער רוסישער זייט, זיי האָבן זיך אָבער געהאַלטן מיט מיינע עלטערן, און וועגן מיטנעמען די עלטערן איז געווען אוממעגלעך צו ריידן.

אַזוי זיינען זיי אַלע אומגעקומען. דער טאַטע מיינער האָט געאַרבעט אין טארטאק ביז תמוז 1942 ; דאָס איז געווען לויט מיינע לעצטע ידיעות די צייט ווען מען האָט אויסגעליידיקט די געטאָ און אָפּגעשיקט דעם גאַנצן טראַנספּאָרט קיין אוישוויץ. אַזוי, אַז איך האָב קובע געווען אַ יאָרצייט כ״א בתמוז — נאָך מיין טאַטן, שוועסטער און יודל׳ען. די מאַמע, זעט אויס, האָט דעם זכות געהאַט צו קומען צו קבורה אויפן קאַלבושאָווער בית־עולם י״ז בתשרי, 1940.

ניט ווייט פון אונדז, אין דעם הויז פון די ראַטשטיינס, האָט געוואוינט אַ פּשוטע אָבער אַן אינטערעסאַנטע משפּחה פון הערש שרייפעלד, מיט דעם צו־נאָמען „אומגליק״, וואָס זי האָט מיטגעבראַכט פון איר געבורטשטאָט מעלעץ. ער איז געווען אַ דאַמסקער שניידער, געהאַט שטענדיק פינף־זעקס געזעלן (שיקסעס). געווען איז ער פול מיט געזאַנג. עס פלעגט אַמאָל אויספעלן אויף שבת, אָבער געזונגען האָט ער. די זין זיינע, יהושע׳לע, יאָסל, שמואל און מענדל, האָבן געאַרבעט טאַנדעצקע שניידעריי — געניית פאַר די קליידער־סוחרים. די מאַמע, רחלע, אַ דאַרע, אַ בייזע, אָן אַ צאָן אין האַלדז און איר אויסגעפּעשטשעטע טאָכטער רבקהלע, זיינען געווען פאַרטאָן אין דער קיך. ניט זעלטן האָבן זיי זיך פאַרגונען אויסצוזידלען דעם מאַן, דעם טאַטן — אָבער דער קליינער דאַמסקער שניידערל מיט דעם קמץ־בערדל האָט געהאַט אַ גאָלדן האַרץ און האָט ניט אָפּגעענטפערט. ער האָט געבלוטיקט ווען עס פלעגן אָנקומען שלעכטע ידיעות וועגן יידן איבעראַל, בפרט פון פּאַלעסטינע. ער פלעגט איבערלאָזן דעם וואַרשטאַט און אַריינקומען צו אונדז, און דאָס איבערדערציילן און דיסקוטירן, ס׳זאָל אים אַביסל גרינגער ווערן. ביי זיך אין דערהיים איז געווען פּוסט און ניט געהאַט האָט ער מיט וועמען זיך דורכצורעדן. אין די לעצטע יאָרן, ווען די רעוויזיאָניסטישע אָרגאַניזאַציע איז געוואָרן מער פּאָפּולער, איז זיין גאַנץ בני־בית געוואָרן רעוויזיאָניסטן, אַ טייל אַריין אין ביתר ; דעמאָלט פלעגן זיך שוין אונדזערע וועגן צוביסלעך שיידן, ווייל ס׳איז שוין געקומען צו שאַרפע ויכוחים היות מיר אין דערהיים האָבן זיך אידענטיפיצירט מער מיט דעם הסתדרות ; ער מיט זשאַבאָטינסקין ;

בן גוריון איז געווען אונדזער אידעאַל. ער איז אָבער געבליבן אַ וואוילער מענטש און אַ איבערגעגעבענער ייד. קיינער איז ניט פאַרבליבן נאָך דער מלחמה פון דער גאַנצער משפחה.

די לעצטע צען יאָר פאַרן חורבן, ווען דער היטלעריזם האָט אָנגעהויבן מאַכן צרות די יידן אין דייטשלאַנד, און עקספּאָרטירן דעם געשולטן און מעטאָדישן אַנטיסעמיטיזם, האָבן די פּוילישע ענדעקעס באַלד איבערגעזעצט אין זייער שפּראַך פון אַלטער פּוילישער שנאה: „סוואַי דאָ סוועגאָ" (אייגענער קויפט ביי אַן אייגענעם), „דאָמי וואשע — אוליצע נאשע" (די הייזער — אייערע, די גאַסן — אונדזערע). די יידן האָבן ניט גענומען די סכנה ערנסט. מיר האָבן ניט אויפגעגעבן די האָפנונג אויף חסד לאומים, וואָס האָט סוף־כל־סוף אָזוי ביטער אונדז אַנטוישט. איך געדענק, ווען נחום סאָקאָלאָוו איז געקומען צו אַ ציוניסטישער לאַנדס־קאָנפערענץ אין קראָקע, האָט ד"ר יהושע טהאָן (דער אויסגעצייכנטער רעדנער און שרייבער, דעמאָלט באַגריסט דעם גרויסן גאַסט אין דעם העברעאישן וואָכנבלאַט „בדרך", וואָס איז דערשינען אין וואַרשע, מיט אַן אַרטיקל „ברוך הבא, הפזרן!"), ווי איך דערמאָן זיך, אויף יענער קאָנפערענץ געוואָרנט די דעלעגאַטן, אַז שוואַרצע וואָלקנס רוקן זיך אָן אויפן יידישן פאָלק בכלל און אויפן פּוילישן יידנטום בפרט. ליידער זיינען די יידן אין פּוילן געווען ווי געבונדענע לייבן, וואָס האָבן זיך נישט געקאָנט העלפן.

די יוגנט האָט, נעבעך, יאָ געפילט די געפאַר. זי האָט זיך געריסן וואו נאָר עס האָט זיך געדאַכט אַז מען קאָן זיך ראַטעווען. יעדער איז געווען אָנגעשלאָסן אָן אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט געגעבן חיזוק און האָפנונג. יעדער האָט געוואָלט זיין פאַראייניקט מיט כלל ישראל. אינערהאַלב דער רעליגיעזער יוגנט האָט זיך אויך אָנגעהויבן אַ באַוועגונג צווישן די פּועלי־אגודת־ישראל צו עליה קיין א"י. די לאַגע, אָבער, איז געווען האָפנונגסלאָז. אַלע טויערן פאַרמאַכט געווען. אין פּוילן גופא האָט דער אנטיסעמיטיזם געמאַכט אַ חורבן. אַרבעטסלאָזיקייט און פּרנסהלאָזיקייט האָבן געהערשט צווישן די יידן. ס'האָבן זיך דעמאָלט פאַרשטאַרקט די פאַרשאָלטענע פּאַרטיי־מחלוקותן. וויפל שאָדן דאָס האָט אָנגעטאָן. ווער געדענקט נישט וואָס פאַראַ פייער עס איז אויסגעבראָכן ביי אונדז אין שטעטל אַרום דעם סטאַווסקי פּראָצעס. די פּוילישע שונאים און די ענגלענדער און אַנדערע שונאים זיינען געשטאַנען און געקוקט און געלאַכט. דערוויל האָט דער מלאך המחבל צוגעגרייט די עקדה, אין דער צייט ווען יידישע קינדער האָבן זיך געקאָכט אין מחלוקתן.

איך געדענק אַזאַ עפּיזאָד: אין 1934 האָבן מיר זיך געפּלאָגט פאַר מיליטער — וואַך געווען גאַנצע נעכט, געפּילדערט אין שטאָט, פאַרטרישט שילדן פון איין געשעפט אויפן צווייטן, מעשה קונדס, געהאַפּט אַביסל וואָג צו פאַרלירן און ניט געפעלן ווערן ביי נאטשאלסטוואָ, און באַפרייט ווערן פון מיליטער. איך פערזענלעך האָב זיך ניט צופיל געפּלאָגט, היות איך האָב געהאַט אַ גרויסע רעקלעמאַציע, וואָס האָט טאַקע געהאָלפן. איינער פון די שטעלערס האָט דעמאָלט אָפּגעטאָן אַ שקאָצישקייט אין קליינעם בית המדרש — אַריין אַהין, אויפגעעפנט דעם ארון הקודש און אַריינגעשריגן וואולגאַרע ווערטער און פאַרלאָזט דעם מקום קדוש. געווען איז עס טאַקע אַ בחור וואָס האָט געהאָפּט אויפן רויטן מאָרגן. איצט, יאָרן שפּעטער, קאָן איך עס פאַר־ענטפערן; עס האָט אַרויסגעשריען פון דעם יונגן מענטשן די פאַרצווייפלונג. עפּעס ווי אַ ביטערער פאָרגעפיל, וואָס האָט אָנגעזאָגט חורבן, האָט פון אים אין פּראָטעסט אויסגעשטורעמט, אַשטייגער ווי דער שאַקאַל הירזשעט פאַרן שטורעם. אַזוי האָט ער דערפילט אַ שטריק אַרום דעם יידישן האַלדז און ס׳איז געוואָרן ענגער — האָט ער אַ וואָרף געטאָן אַ פּאָר ניט־צענזורירטע ווערטער כלפי די הימלען.

אַזאַ גאַס איז עס געווען אונדזער גאַס. זי איז געווען אַ יידישע גאַס. גלייך ווי טויזנטער אַנדערע גאַסן אין הונדערטער שטעט און שטעטלעך אין פּוילן. זכרונות קוואַלן אויף וועגן הייזער, משפחות, יחידים. זיי ראַנגלען זיך צווישן זיך פאַרפיקסירט צו ווערן און פאַרבלייבן, למען ידעו. וואו נעמט מען אָבער כוח אַלץ דאָס צו פאַרשרייבן ?...

גילה אוריאל
תל אביב

# אַ באָבעס מעמואַרן

באַאַרבעט פון איר אייניקל

## פאָרוואָרט

מיין באָבע אַננאַ ביליג ע״ה, האָט איבער דרייסיק יאָר מיט איר מאַן, דעם מעדיצין־דאָקטאָר אליהו־הירש ביליג, און זייערע ניין קינדער געלעבט אין קאָלבושאָוו. אירע מעמואַרן האָט זי געשריבן אין תל־אביב, ישראל, ווען זי איז געווען אין גאַנצן בלינד. ביז צו איר לעצטן טאָג פון לעבן — זי איז געשטאָרבן אין תל־אביב אין עלטער פון 89 יאָר — האָט זי נישט פאַרלוירן גאָרנישט פון איר לוסט צום לעבן און פון איר לעבנס־חכמה.

די פאָלגנדיקע פאַרצייכענונגען זיינען קורצע אויסצוגן פון אָט די מעמואַרן.

## דער אָנקום

באַלד ביים ערשטן טאָג פון זיין אָנקום קיין קאָלבושאָוו, האָט ד״ר ביליג אָפּגעראַטעוועט אַ קינד, וואָס אַלע אַרום האָבן געגלויבט, אַז ס׳איז שוין האַלב־טויט, אָדער כמעט טויט; אַרום אַ האַלבע שעה נאָך זיין פאַרפאָרן אין שטעטל, איז געקומען צו אים צו לויפן אַ שיינע און יונגע פרוי, אַ פולשטענדיק פאַרצווייפלטע, און זיך אָפּגערופן: „איך האָב אַ זייער שווער קראַנק קינד, און די היגע דאָקטוירים האָבן אָפּגעזאָגט מיין קינד יעדע האָפענונג. נאָר־וואָס האָב איך געהערט, אַז אַ נייער דאָקטאָר איז אָנגעקומען, האָב איך מיר געטראַכט, אפשר וועט איר זיין דער גוטער מלאך און דאָס קינד אָפּראַטעווען״.

ער האָט אונטערזוכט דאָס קינד און געשטעלט די דיאַגנאָזע, אַז עס האָט אַ שווער פאַרנאַכלעסיקטע „שווינקע״. דער צופאַל האָט געוואָלט, אַז גראָד פאַר זיין אַוועקפאָרן פון ווינער שפּיטאָל, האָט ער פּונקט אַן ענלעכן פאַל געהאַט, און דעמאָלט איז דאָס קראַנקע קינד אויסקורירט געוואָרן. ער האָט דעריבער באַרואיקט די מוטער, אַז ס׳איז יאָ פאַראַן אַ מעגלעכקייט צו ראַטעווען דאָס קינד. דער דאָקטאָר האָט דאָס קינד באַהאַנדלט לויט דער אויספּרובירטער מעטאָדע, און דאָס קינד איז טאַקע נאָך עטלעכע טעג געזונט געוואָרן.

דער דאָזיקער פאַל האָט דעם דאָקטער געמאַכט אַזאַ נאָמען, אַז אויפן צווייטן טאָג איז אין די אויפנאַמס־שעהן דער קאָרידאָר געווען איבערפולט.

## די פּראַקטיק

מיין מאַן איז געווען זייער באַשעפטיקט. ווי אַ דאָקטער אין אַ פּראָווינץ־שטאָט האָט ער געמוזט אויספירן כלערליי מלאכות, כדי צו פאַרזיכערן זיין עקזיסטענץ. ער האָט געמוזט באַהאַנדלען די אָרעמע, געבן איינשפריצונגען די קינדער, אַרויסגעבן טויטן־באַשייניקונגען, זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן סאַני־טאַרן צושטאַנד פון אַלע געשעפטס־לאָקאַלן און מאַרק־שטעלן, קאָנטראָלירן די אַריינגעבראַכטע פי; אַ חוץ דעם איז ער געווען געריכטס־דאָקטער און פאַרטרויאונגס־דאָקטער פון דער קראַנקן־קאַסע, און איינצייטיק אויך דער מיליטערישער דאָקטער.

ער איז געווען געוויסנהאַפט צו אַלע די אויפגאַבן און איז געווען שטענדיק גוטמוטיק. ווען ער האָט אַמאָל אין אַ מאַרקס־טאָג געמאַכט ביי אַן אָרעמער יידענע אָדער סתם אַ פויערטע קאָנפיסקירן דאָס ביסל פאַרפוילטע אויבסט פון איר סטראַגאַן, — און אָט די פרויען זיינען ממש פאַרצווייפלט געוואָרן דערפון — האָט ער אויף אַ גוטמוטיקן אופן זיי געגעבן מער געלט ווי די גאַנצע קראָם מיט די סחורה איז ווערט געווען. וויפל מאָל ער איז אַריין צו אַ ריכטיק אָרעמען קראַנקן פאַציענט, פלעגט ער אים אומזיסט געבן די נויטיקע מעדיקאַמענטן, ווי אויך כל המינים סיראָפּן, וואָס ער האָט געקראָגן צוגעשיקט ווי מוסטערן און וואָס האָבן געקאָנט שטאַרקן דעם חולה.

ער פלעגט שיקן די מאַמעס פון די קראַנקע קינדער צו מיר, כדי זיי צו געבן אַביסל גוטע זופּ, יאַגדע־זאַפט אָדער איינגעמאַכטס.

## די באַפעלקערונג

גאַנץ אָפט, אין שיינע אָוונטן, ווען מען האָט מיין מאַן געבעטן צו קומען אין די אַרומיקע דערפער, פלעג איך אים באַגלייטן, כאָטש דער פויער־שער וואָגן האָט זיך געטרייסלט און געשאָקלט. איך האָב געקענט אַזוי וויניק דאָס לעבן אין דאָרף. דאָס איז געווען פאַר מיר אַן אומבאַקאַנט בלאַט, איינ־געהילט אין סודות, וואָס איך האָב אַרומגעשלייערט מיט טרוימערישע פּאָעזיע.

איך האָב אָנגעקוקט מיט באַוואונדערונג די ווייטע און קאָלירפולע מינענדיקע פאַרבן פון די בליענדיקע פעלדער, וואָס האָבן זיך אין פערספּעק־טיוו געוויזן ווי אַ גרויס וואונדערבאַר־שיינער טעפּיך. אין שטילן שיין פון דער לבנה האָט דאָס געווירקט באַצויבערנדיק.

ווען מיר זיינען צוגעקומען צום פּלאַץ וואוהין מיר האָבן געדאַרפט, און איך האָב געזען די אָרעמע איינוואוינער אין די קליינע שטרוי־באַדעקטעביידעלעך, האָב איך זיך געפילט געדריקט אין מיין שטימונג. די הייזקעס זיינען געווען געבויט פון ליים, מיט שטרוי־דעכער, אָן פּאָדלאָגעס. היות די פּויערים זיינען געגאַנגען שלאָפן זייער פרי, האָבן זיי אין זייערע כאַטקעס קיין ליכט נישט געהאַט; און ווען מען האָט אַמאָל יאָ געדאַרפט, האָט מען אָנגעצונדן אַ שפּענדל, וואָס האָט זייער געררויכערט.

אין דער שטוב, וואו די קראַנקע זיינען געלעגן, האָבן אָפט אַרומ־שפּאַצירט: הינער, קעץ און הינט; פליגן, בינען און אַלערליי אַנדערע ווערים און פליגן זיינען אַרומגעקראָכן און אַרומגעפלויגן אומעטום.

בעת דער דאָזיקער פּראַקטיק אין דאָרף, איז ער געשטאַנען פּנים אל פּנים מיט שוועריקייטן, וואָס זיינען געווען אומפאַרמיידלעך און כמעט אומ־מעגלעך צו ענדערן, ווייל די באַפעלקערונג איז געווען זייער אָרעם און כמעט אַלע זיינען געווען אַנאַלפאַבעטן.

## די גרינדונג פון דער באַנק

מיין מאַן האָט געלעבט זייער גוט מיט אַלעמען. אַלע האָבן אים ליב געהאַט, ווייל ער האָט גאָרנישט פון קיינעם נישט פאַרלאַנגט און יעדן, אויב נאָר מעגלעך, איז ער אַנטקעגנגעקומען. עס איז אים אויפגעקומען אויפן געדאַנק, אַז עס וואָלט געווען זייער גוט פאַר די מענטשן, ווען אין קאַלבושאָוו וואָלט געגרינדעט געוואָרן אַ באַנק, וואו די שטאָטישע זאָלן קאָנען מאַכן הלוואות פאַר מעסיקע ציינזן.

די באַנק איז טאַקע פּאַקטיש אָרגאַניזירט געוואָרן. דער עלטערער עקשטיין איז געוואָרן פאָרזיצער, דער יונגער עקשטיין, מיין מאַן און דער הער יאָללעס, וואָס איז געווען אַ פאַכמאַן, האָבן פאָרגעשטעלט מיט זיך דעם דירעקטאָרן־ראַט פון באַנק. צוויי באַגאַבטע יונגעלייט זיינען אויפגענומען געוואָרן ווי פּראַקטיקאַנטן.

ביז די באַנק האָט אָנגעהויבן פונקציאָנירן, האָבן אַלע פיר דירעקטאָרן אָפּגעגעבן צו צוויי שעה יעדן טאָג; פאַרשטענדלעך אָן באַצאָלט. פון דער באַנק האָבן גענאָסן אַלע סוחרים פון שטעטל.

אויך דעם בירגערמייסטער און די ראַטמענער פון דער געמיינדע האָט מיין מאַן גאַנץ אָפט געדינט און געגעבן גוטע עצות. ער פלעגט זאָגן, אַז די שטאָט־טאַטעס זאָלן איינפירן אַ קליינעם שטייער, כדי צו קאָנען אויס־פלאַסטערן די גאַסן און זיי באַלייכטן, ווי עס איז שוין געווען איינגעפירט

אין אַנדערע שטעט. זיי האָבן זיך צוגעהערט צו זיין ראַט: מען האָט אָנגעהויבן צו פלאַסטערן און די דריי הויפּט־גאַסן זיינען געוואָרן העל־באַלויכטן מיט לאָמפּן.

אַזוי פלעגט ער טאָן, כדי דעם וואוילזיין פון די שטאָטישע צו הייבן.

## דער יובילעי

דעם 14־טן יאַנואַר איז מיין מאַן געוואָרן 50 יאָר אַלט. די משפחה עקשטיין האָט געמאַכט גרויסע הכנות צו פייערן דעם יובילעי.

עס איז אויך אויסגעפאַלן 20 יאָר זינט מיין מאַן איז באַשטימט געוואָרן אויפן פּאָסטן פון שטאָטישן דאָקטער. ס׳איז געווען אַ גרויסער פריידיקער טאָג פאַר אונדז, ווען ער האָט באַקומען פון באַנק־דירעקטאָריום, פון דער יידישער קהילה און פון מאַגיסטראַט וואונטשן פון גליק, און פון דער מיליטערישער קאָמענדאַטור פון פשעמישל אַ דיפּלאָם פון לויב און אַנערקענונג.

## די שׂרפה

איין טאָג זיינען מיר געזעסן רואיק אין דער היים און פּלוצים האָבן מיר דערהערט אַ שרעקלעך געוואַלד, אַ געדויש, אַ געפילדער און אַ געלויף. איך האָב אַ קוק געטאָן דורכן פענצטער און געפרעגט וואָס עס איז געשען. מען האָט מיר געזאָגט, אַז אַלטבאַכס הויז שטייט אין פלאַמען אַ האַלבע שעה. שפּעטער איז געקומען אין הויז אַריין מיין מאַן און מיר געזאָגט, אַז דער מאַרק און אייניקע שכנותדיקע גאַסן שטייען אין פלאַמען. די פייערלעשער, ער און פילע אַנדערע מענטשן האָבן די שׂרפה באַקעמפט, אָבער דער ווינט איז געוואָרן אַלץ שטאַרקער און ברענענדיקע שפּליטערס זיינען געפלויגן אין אַלע זייטן און זיי זיינען געווען ממש מאַכטלאָז.

מיטאַמאָל האָט ער זיך אָפּגערופן: „פּאַק איין דאָס בעטגעוואַנט, די קליידער און וועש; ביז צו אונדז וועט דאָס פייער נישט אַזוי שנעל צוקומען. איך קער זיך אום אַהין, כדי די אומגליקלעכע מענטשן צו העלפן. ווען איך וועל זען, אַז דאָס פייער קומט צו נאָענט צו אונדז, וועל איך ברענגען אַ וואָגן, צוזאַמענעמען אַלצדינג און מיר וועלן אַוועקפאָרן פון שטאָט״.

אין שעה שפּעטער איז ער געקומען אַריינלויפנדיק: „די גאַנצע שטאָט אין פלאַמען! קיין וואָגן קאָן מען נישט קריגן! לאָז אַלצדינג ליגן, נעם מיט די קינדער און די מיידלעך, מאַך־צו און באַמי זיך דורך די פעלדער צו קומען צו גאָלדבערגן, וואָס וואוינט הינטער דער שטאָט״.

מיר האָבן געזען די פעלדער נישט געקענט, און דעריבער האָבן מיר אַרומגעבלאָנדזשעט. מיט די פיר קליינע קינדער האָבן מיר געמוזט טאָפּטשען איבערן טייך, ביז מיר האָבן ענדלעך, מידע און אויסגעמאַטערטע, דערלאַנגט צו דעם באַשטימטן אָרט. באַלד ווי איך האָב פאַר די קינדער געפונען אַ ווינקל און זיי האָבן זיך אַביסל אָפּגעפרישט, זיינען מיר אַוועק אויף דער טעראַסע. דער דאָזיקער באַצויבערנדיקער אָנבליק, וואָס האָט זיך פאַר מיינע אויגן אַנטפּלעקט, האָט מיינע רעיונות געצנלעך געפאַנגען, אַז איך האָב אפילו נישט געדענקט, אַז אָט די פאַרצערנדיקע פלאַמען וועלן פאַרוואַנדלען אין אַש מיין גאַנץ האָב און גוטס.

די נאַכט איז געווען העל ווי אין טאָג באַלויכטן, און דער הימל איז געוואָרן רויט פון דעם דאָזיקן פלאַמען־שיין. דער שטאַרקער ווינט האָט אויפֿ־געבלאָזן די פלאַמען אין די הויכן. פונקען האָבן געשפּריצט און עס האָט געקאָכט און געקראַכט ווי אין אַ גיהנום. דאָס איז געווען אַ טייוולאָנישער צויבער, און איך האָב נישט געקאָנט אָפּווענדן מיין בליק פון אָט־דעם בילד. אַזוי זיינען מיר געזעסן אַ גאַנצע נאַכט; קיינער האָט זיך נישט געלייגט שלאָפן. ערשט צומאָרגנס פרי איז עס געלונגען לסוף צו באַהערשן די פאַר־ווּיסטונג. מיין מאַן איז אָנגעקומען, געבעטן דערלויבעניש אַז די קינדער זאָלן קאָנען פאַרבלייבן נאָך אַ ווייל, און מיר האָבן זיך געלאָזט גיין איבער דער פאַרוויסטער שטאָט אַהיים. וואָס פאַראַ טרויעריק בילד: עס זיינען געלעגן הונדערטער האַלב־פאַרקוילטע מעבל־שטיקער, פּעקלעך און בעטגעוואַנט, קליי־דער און פעלצן. די אָרעמע, אומגליקלעכע מענטשן זיינען געשטאַנען לעבן דעם אַלעם, און שלוכצנדיק געוויינט, אַזש ס׳האָט ביים האַרץ געריסן. זיי האָבן אַלצדינג פאַרלוירן; נעכטן זיינען זיי נאָך געווען גאַנצע גבירים און איצט זיינען זיי געוואָרן אביונים. פאַרקלעמטע זיינען מיר ווייטער געגאַנגען אַהיים.

## דער אָפּשייד

ווען מיין מאַן איז קראַנק געוואָרן, האָבן אים זיינע דאָקטוירים פאַר־אָרדנט אַ דערהאָלונגס־רייזע קיין אַבאַציע (איטאַליע). אָוונט־צו זיינען געקומען אַלע באַקאַנטע זיך געזעגענען מיט מיין מאַן. ווען די פור האָט געריקט פון אָרט, האָב איך פאַר אַ ווײַלע זי נאָכגעפאָלגט און דאַן בין איך צוריק מיט אַ שווער האַרץ צוריק אַהיים געגאַנגען.

דאָס הויז איז דערשינען פאַר מיר פאַרלאָזן און פוסט, הגם די קינדער, וואָס האָבן קיין שלעכטס נישט געאַנט, האָבן זיך געשפּילט און געליאַרמעט, ווי תמיד.

יענע נאַכט בין איך געשלאָפן זייער אומרואיק. בייזע חלומות האָבן מיך פאַרפאָלגט. כ׳האָב זיך זייער פרי, פאַר דער צייט, אויפגעהויבן און אָנגעהויבן דערפילן מיינע טעגלעכע הויז־פליכטן.

באַלד איז אָנגעקומען אַ טעלעגראַמע, אַז איך זאָל תיכף קומען קיין אונגאַריש־הראדיש. איך האָב געוואוסט, אַז דאָס איז דער סוף!

צוליב יום־כפור האָט מען געמוזט די קבורה אָפּלייגן אויף אַ טאָג. אַ שטילע לוויה איז עס געווען; דאַן האָבן מיר זיך אומגעקערט.

## נאָכוואָרט

איך האָב אין תוך, די מינדסטע אַנונג נישט געהאַט ווי אַזוי איך קען באַזאָרגן מיינע קינדער, אָבער אַ שטאַרקן ווילן האָב איך געהאַט. איך האָב געוואָלט ווידמען מיין לעבן מיינע קינדערלעך, האָב איך מיט פעסטן באַשלוס אויפגעזאַמלט מיין כוח און ענערגיע, כדי צו קאָנען זאָרגן פאַר זייער וואויל־זיין. מיינע אייגענע זאָרגן האָב איך פאַרשטופּט אין הינטערגרונט.

איך האָב געפירט מיין הויז ווי פריער. איינע פון מיינע באַקאַנטע, אַ רייכע אלמנה, האָט זיך דערוואוסט וועגן דעם פּלוצימדיקן טויט פון מיין מאַן און האָט זיך באַמיט צו קריגן צוויי פּלעצער אין אַ יתומים־הויז פון באַראָן הירש. זי איז געקומען מיך באַזוכן, און האָט מיר דערציילט, מיט וואָס פאַראַ באַמיאונגען ס׳איז איר געלונגען צו באַקומען ערטער פאַר מיינע קינדער. איך האָב איר דערקלערט: „איך דאַנק אייך זייער, אָבער אַזוי לאַנג ווי איך לעב, וועל איך מיינע קינדער ניט דערלויבן צו ווערן יתומים״. זי האָט דערויף געזאָגט: „איר האָט קיין שום אַנונג וואָס פאַראַ שוועריקייטן איר וועט האָבן אין אייער לעבן, אָן פאַרמעגן און מיט קליינע קינדער. איר וועט עס זיכער באַדויערן״.

איך האָב קיינמאָל עס נישט באַדויערט.

(איבערזעצט פון דייטש)

**מלכה נוסבוים**

# די שריפה פון 1900

מיט אַ סך שריפות איז קאַלבּושאָוו געשטראָפט געוואָרן. איך וויל דאָ דערציילן וועגן דער גרויסער שריפה פון יאָר 1900. ס׳איז געווען אַ דינסטיק, נאָך דעם יריד. די מאַמע מיינע ע״ה האָט זיך צו אונדז קינדער אָפּגערופן: ס׳וואָלט געווען כדאי, אַז איר זאָלט צוטראָגן צו דעם קראַנקן — זיין נאָמען געדענק איך נישט מער — עטוואָס צום עסן, און אַביסל וויין און אַ שטיקל לעקעך. כ׳געדענק, אַז דער חולה האָט זיך געפונען אין הויז פון אליעזר קליינמאַן, און אַהין האָבן מיר זיך געלאָזט גיין.

אַזוי ווי מיר האָבן איבערגעטראָטן די שוועל פון שטוב, האָבן מיר דערהערט אַ ווילד געשריי:

— עס ב־ר־ע־נ־ט!

— אַ שרי־פה!

מיר זיינען גלייך אַוועק אַהיים און דאָ שטעלט זיך אַרויס, אַז דער מאַרק שטייט שוין אין פלאַמען. דערוואוסט האָבן מיר זיך באַלד, אַז די שריפה איז אויסגעבראָכן ביי שמחה אַלטבאַך און אין איניקע מינוט האָט זי זיך הענדום־פענדום פאַרשפּרייט איבער אַלע פיר ציילן פון מאַרק. די פייערדיקע צונגען האָבן באַדראָט ס׳גאַנצע שטעטל...

ווי מיר זיינען געקומען צוריק אין אונדזער שטוב אַריין, האָט זיך דער טאַטע ע״ה צו אונדז אַ קער געטאָן און געזאָגט: „ס׳בית־מדרש איז אין סכנה״ — און האָט אונדז גלייך פאַרלאָזט.

געבליבן איצט אין שטוב איז די מאַמע מיט אונדז קינדער. ניט וויסנדיק וואָס פריער צו ראַטעווען, האָבן מיר אַלע אָנגעהויבן צו פּאַקן דאָס בעטגעוואַנד. דאָס איז דאָך דער סאַמע וויכטיקסטער אוצר פון יעדער יידישער שטוב — צו האָבן אויף וואָס דעם קאָפּ אַוועקצולייגן. גוט איינגעפּאַקט, האָבן מיר עס שנעל אַרויסגעטראָגן אין די פעלדער פון שמעון עלבוים. דאָרט האָט מיר די מאַמע באַפוילן צו שטיין, וואַרטן און אָפּהיטן די טלומאַקעס ביז זי וועט צוריקקומען אַהער מיט נאָך זאַכן. דערווייל איז צוגעפאַלן די נאַכט.

פאַרזאַמלט האָבן זיך אויפן פעלד אַ סך ווייבער מיט קליינע קינדער. ס׳איז געווען אַ קאַלטע, מאַרצאָווע נאַכט מיט אַ שטאַרקן ווינט און עס האָט דורכגענומען די ביינער. געדענק איך ביז היינט, ווי עס האָט זיך אימיצער פון דער פינצטערניש אַ רוף אָפּ געגעבן: „קומט אַלע מענטשן און מיר וועלן איבערנעכטיקן ביים מילנער״.

אַ ווינטמיל איז געשטאַנען אַ 2 קילאָמעטער פון דעם פעלד און איר אייגנטימער איז געווען אַ קריסט. אגב, איז די מיל עטלעכע יאָר שפּעטער אויך פאַרברענט געוואָרן. דער מילנער האָט אַלעמען זייער גאַסטפריינטלעך אויפגענומען, אַלעמען געגעבן עפּעס צום עסן און יעדן געגעבן אַ געלעגער צו קאָנען איבערשלאָפן.

צומאָרגנס, ווען איך בין געגאַנגען צוריק אַהיים איז שווער געווען צו דערקענען דאָס שטעטל. אַלע הייזער פון מאַרק זיינען אָפּגעברענט געוואָרן, בלויז דעם טאַטנס הויז איז געבליבן גאַנץ. אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז דער טאַטע האָט אַ גאַנצע נאַכט פאַרברענגט אויסערן אייגענעם הויז. ער איז געווען פאַרנומען מיט ראַטעווען ס׳בית־מדרש מיט די ספרי־תורה. דער טאַטע האָט דערציילט, ווי ער איז צוגעקומען נאָענט צום בית־מדרש און קיינער איז דאָרט נישט געווען. זעט אויס, אַז אַלע בעלי־בתים פון שטעטל זיינען געווען פאַרנומען מיט ראַטעווען זייער אייגן האָב און גוטס. האָט ער איינס־און־צוויי געדונגען אַ פור, אַרויסגענומען די ספרי־תורה פון ארון קודש, אַרויפגעלייגט זיי אויף דער פור און אַרויסגעפירט זיי ווייט פון שטאָט, אויף די „אָגאָנקעס״. דאַן האָט ער זיך נאָכאַמאָל אומגעקערט צום בית־מדרש און אַרויסגענומען די איבעריקע ספרים און תשמישי קדושה וואָס זיינען דאָרט פאַרבליבן, הגם דער דאַך האָט שוין געברענט.

דער טאַטע האָט דאָס דערציילט מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם, און די מאַמע מיט די קינדער האָבן אויף אים געקוקט ווי אויף דעם גרעסטן גיבור און אַ העלדישן ייד, וואָס איז איבערגעגעבן ביז מסירות נפש צו יידישע הייליקייטן.

אָבער דאָס איז נאָך נישט געווען אַלץ. דער טאַטע האָט זיך דערמאָנט, אַז ער האָט אַ קראַנקן קרוב, איז ער אַוועק זען וואָס ער מאַכט. אפשר דאַרף מען אים ראַטעווען פון פייער. אויפן וועג — דערציילט ווייטער דער טאַטע — שרייט אַ פרוי צו אים:

— ר׳ יעקל, דערבאַרעמט איך, העלפט מיר אַ קאַסטן זילבער אַוועקטראָגן.

ער האָט נישט געוואָלט אַפילו הערן, און געלאָזט זיך גיין ווייטער אין דער ריכטונג פון דעם קראַנקן קרוב.

און אָט האָט אים דערזען משה קורץ:

— ר׳ יעקל, העלפט מיר מיין ביסל שניט סחורה אַרויסצושלעפּן פון געפאַר.

דער טאַטע, אַ צעטומלטער, איז זיך, נישט צוהערנדיק צו קיינעם, געגאַנגען ווייטער. משה קורץ האָט אים נאָכגעשריען, אַז דאָרט ווייטער קאָן

מען נישט גיין, ס׳ברענט אַלצדינג. דער טאַטע אָבער איז געגאַנגען. ביז ער האָט דערפילט בפועל ממש, אַז די ברענענדיקע לופט בריט דאָס פנים. האָט ער געפונען ערגעץ־וואו אַ ליילעך, איינגענעצט עס אין וואַסער און איינגע־הילט אין דעם נאַסן ליילעך איז ער אַריין אין ברענענדיקן געסל. ווען ער איז אַריין אין שטוב, האָט ער דערבליקט דעם קראַנקן ליגן. עס איז אויך לעבן אים געלעגן אַן אַנדערהאַלבן יעריק קינד — און ביידע זיינען געלעגן ווי פאַרגעסענע פון אַלעמען, אין דעם טומל פון דער בושעוועדיקער שריפה.

דער טאַטע האָט איינגעוויקלט ביידן אין נאַסע ליילעכער און בשלום אַריבערגעפירט דעם קראַנקן קרוב צו נפתלי קאָזענער און אויך דאָס קינד אַוועקגעלייגט דאָרט.

מיר האָבן זיך צוגעהערט צום טאַטנס דערציילונג מיט אַזוי פיל בייגער און מיט אַ געפיל פון גרויסן דרך־ארץ צו אַ מענטשן, וואָס האָט געשטעלט די נויטן פון כלל און פון אַנדערע העכער פון די אייגענע הצטרכות׳ן...

ערשט נאָך דער שריפה, ווען די בעלי־בתים האָבן גענומען צוריק אויפשטעלן זייערע הייזער, האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז בנוגע אַ סך פון זיי איז לייביש לאמפערט גערעכט געווען, ווען ער האָט געזאָגט, אַז די שריפה האָט זיי געבראַכט גליק און זיי דאַרפן זיין צופרידן. אַ סך האָבן באַקומען שטיצע, ווער דורך אַסעקוראַציע, ווער דורך אַ הלוואה, ווער פון אַ קרוב מעבר לים און פון הילצערנע הייזקעלעך וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט ביז דער שריפה, האָבן זיי זיך אויפגעבויט מויערן, גאַנצע קאַמעניצעס.

פון דעמאָלט אָן, געדענק איך, ווי דאָס שטעטל האָט זיך געגרייט צו שריפות. אין פאַל פון אַ פייער זאָל זיין מיט וואָס צו לעשן. דער מאַגיסטראַט האָט אַרויסגעשיקט מענטשן צו זאַמלען געלט אויף איינצוקויפן אַ גרויסן שפּרי־צער מיט אַ לאַנגע קישקע פון עטלעכע צענדליק מעטער, וואָס זאָל פון טייך דערגרייכן צום מאַרק. כ׳געדענק, ווי מ׳האָט געמאַכט איבונגען מיטן שפּריצער, און דערביי זיינען פאַרבייגייער באַשפּריצט געוואָרן פון קאָפּ ביז די פיס...

אין שפּעטערע יאָרן, געדענק איך, ווי די „פאָזשאַרנע קאָמאַנדע״ האָט געפירט יעדן זונטיק דעם גרויסן שפּריצער אין מאַרק, ביי דער פּלומפּ, אים אַוועק־געשטעלט, און געשפּריצט וואַסער אויף די הייזער...

* * *

דעם גרויסן בראַנד פערציק יאָר אַן־ערך שפּעטער, וואָס האָט אַרומ־גענומען אין העלישן פייער אַלע מויערן און די אומגליקלעכע יידן וואָס האָבן זיי באַוואוינט, האָט קיינער נישט געפּרוּווט צו פאַרלעשן, ליידער!

„עס האָבן שוין די פייערצונגען
דאָס גאַנצע שטעטל איינגעשלונגען...״

**מינא ענגעלמאַן**

# פון זיידנס הויז

יעדן יאָר, אין דער צייט פון די גרויסע זומער פעריען, פלעג איך פאַר אַ גאַנצן חודש, און אָפט נאָך לענגער, זיין אין הויז פון מיין זיידן, אברהם ליבער. דאָס איז געוואָרן אַ ליבע טראַדיציע, צו וועלכער איך האָב אין פאַרלויף פון די לאַנגע ווינטער־חדשים געבענקט.

אין זיידנס הויז זיינען געווען אַ סך געביידעס, וואָס זיינען געשטאַנען נאָך פון די צייטן ווען מען האָט דאָ געפירט אַ גרויסעווירטשאַפט. לעצטנס זיינען די שטאַלן, שייערן און אַנדערע בנינים פאַרוואַנדלט געוואָרן אין מאַגאַזינען פאַר קאַלך און צעמענט און אַנדערע בוי־מאַטעריאַלן, אָדער מען האָט אין זיי געהאַלטן קוילן אדג״ל.

אויף די בוידעמער פלעגט דער זיידע האַלטן אַזאַ שמעקענדיקע גראָז, טיילוויז היי און שטרוי, וואָס ס׳האָט קאַלקולירט דעם זיידן, אַ פנים, צו האַלטן ביז איבערן ווינטער, כדי אויף אַ העכערן פּריז צו פאַרקויפן.

ווי ליב האָב איך געהאַט צו דראַפּן זיך אַרויף אויף דעם בוידעם, וואו כ׳האָב זיך צוגעדעקט מיטן שמעקענדיקן היי, כאַפּן דאָרט אַ דרימל און רואיקערהייט אַ בליק טאָן אויף די נעסטן פון די פייגעלעך וואָס פלעגן טשוויטשערן מיט אַזאַ היימיש געזאַנג. פלעג איך דעמאָלט אויף אַ קונציקן אופן, האַלטנדיק די גלייכגעוויכט, דורכקלעטערן אַ שמאָלינקע ברעט, 20 צענטימעטער די ברייט, וואָס איבער דעם פלאַץ, וואו עס איז געשטאַנען אַ דרעש־מאַשין, און אַריינשפּרינגען אין דער קופּע שטרוי. וואָס פאַר אַ תענוג דאָס איז געווען! און אָט האָט דערזען מיין באָבע, ווי איר איניקל שטייט אויף יענער שמאָלער ברעט און ס׳איז ממש אַ סכנה, כ׳זאָל זיך נישט אַראָפּגליטשן און צעברעכן הענט און נאַקן. די באָבע האָט פאַרבראָכן די הענט און מיט שרעק אויסגעשריען: „גאָט מיינער!...״ בלויז דורך אַ נס בין איך נישט אַריינגעפאַלן אין דער מאַשין אַריין.

ס׳האָט נישט געהאָלפן, וואָס מיינע ליבע האָבן אַוועקגענומען דעם לייטער. איך האָב אַן שוועריקייטן אַרויפגעקלעטערט איבער די אַרויסשטאַרנדיקע קלעצער און אַרויף אויבן. שפּעטער האָבן זיי דעם לייטער צוריק אַוועקגעשטעלט.

מיט וואָס פאַראַ באַגייסטערונג פלעג איך זיך לאָזן גיין, אָדער גאָר פאָרן אויף אַ וועליסאָפּעד, צום פעלד און ברענגען די אַרבעטער מיטאָג. די אַרבעטער האָבן מיך מכבד געווען מיט געבראָטענע קאַרטאָפל — וואָס איז געווען פאַר מיר אַן אמת׳דיקע איבעראַשונג.

צו זיין אין צייט פון שניט אויפן פעלד — דאָס איז געווען אַן עכט פאַרגעניגן. די פויערים האָבן צונויפגעפלאָכטן אַ שנור פון שטרוי און אַרומגעבונדן דעם זיידן אַרום די לענדן, און אָנגעהויבן טאַנצן אַרום אַ פייער.

אומצוקערן זיך אויף אַ פור הויך אָנגעלאָדנט מיט שמעקעדיק היי, איז פאַר מיר, אַ שטאָטישע טאָכטער, געווען אַן אומפאַרגעסלעכע איבערלעבעניש. ס׳האָבן נישט געהאָלפן קיין געשרייען און איסריידן, הלמאי אַ כשרע יידישע טאָכטער, אַ שטאָטישע מיידל, זיצט גאָר אויף אַ הויכן סטויג אויף אַ וואָגן מיט אַ שגץ?...

און דאָס איז ניט געווען אַלץ. אינעווייניק אין הויף זיינען געוואַקסן פרוכט־ביימער. זיי זיינען געוואַקסן אַרום דער פאַבריק פון דאַכאוּוקעס. אין מיין אומוויסנקייט בין איך אַרויף אויף די פריש־געמאַכטע דאַכאוּוקעס און גלייך אַרויף אויף אַ בוים. אוי־ווי, וואָס עס איז געשען צו אַט־די אַלע דאַכאָוּוקעס! צענדליקער זלאָטעס היזק האָב איך פאַראורזאַכט! וועט דער זיידע מיר עס פאַרגעבן?

אַוודאי האָט דער זיידע מיך אויסגעמוסרט. אָבער איך האָב געטענהט, אַז די פרוכטן קאָן איך אין שטאָט קויפן און עסן. דער עיקר גייט עס דאָך הנאה האָבן פון אָפּרייסן די פרוכטן. און דאָס האָב איך געוואָלט באַווייזן. דער זיידע האָט טיף אין האַרצן מיך יאָ פאַרשטאַנען...

איך האָב אָבער געפונען אַן אַנדער וועג דערפאַר: איך בין אַרויף אויפן בוידעם, פון דאָרט בין איך אַראָפּגעשפּרונגען אויפן קליינעם דעכל און פון דאָרט האָב איך אַרויפגעקלעטערט אויפן וואונדערבאַרן נוסנבוים...

איינער פון די פויערים האָט אַ זאָג געטאָן: מאָרגן, פריילינשי, וועט מיין מאַמע באַקן ברויט. אפשר וואָלטסטו געוואָלט אונדז באַערן מיט אַ וויזיט? אַוודאי, האָב איך געענטפערט. כ׳האָב מיטגעבעטן אַן אַנדער מיידל. מיר האָבן זיך איינגעשאַפּט לוקסוס ברויט און געמאַכט אַן אויספלוג אין דאָרף, אַ הוליע צו טאָן אין שויס פון דער נאַטור! איבערצושרעקן די גענז, זיך צו יאָגן מיט די קראָליקעס, געבן זיי מייערן צום פרעסן. אוי, אַלץ הייסט לעבן??!

איין מאָל, געדענקט זיך, בין איך געווען אַ העלדין פון טאָג. ווען כ׳בין אָנגעקומען אין פעלד אַריין, האָבן די פויערים מיך אַפילו ניט איינגעלאַדן. זיי

אַליין האָבן איך זיך ניט געזעצט עסן. באַפוילן האָבן זיי מיר שנעל צו אַלאַרמירן דעם זיידן וועגן נאָך צוויי וועגענער וואָס שנעלער אַהערצושיקן. אָט גייט באַלד רעגענען, און די גאַנצע תבואה וועט גיין לאיבוד! מען מוז זי אויפזאַמלען און פירן אין שייער אַריין! געדענק איך, ווי שנעל איך בין געלאָפן, ווי שנעל איך האָב געקראָגן דעם פורמאַן, ווי שנעל מיר האָבן צונויפ־גענומען די סנאָפּעס און אַוועק מיט דער תבואה אַהיים. דער זיידע איז געווען איבערגליקלעך. ער האָט פונאַנדערגעטיילט די פויערים סיגאַרעטן, מכבד געווען זיי מיט כוסות בראָנפן און יעדן געגעבן אַ שטיקל שאָקאָלאַד פאַר די קינדער. דאָס איז געווען דאָס איינציקע מאָל ווען מען האָט געריממט און געדאַנקט דער „קליינער שדיכע"...

שבתים האָבן מיר פאַרבראַכט אין דער געזעלשאַפט פון מיינע חבר־טעס. מיר פלעגן לויפן צו די סטאַוועס אָדער אין וועלדל. אין יונגן וואַלד דעם זיידנס האָבן גענעסטיקט אַזוי פיל פייגעלעך און ס'איז געווען זייער היימלעך. אַהער זיינען מיר געקומען אויך תשעה באב, למשל. די יינגלעך פלעגן אונדז דאָ באַגעגענען. מיר האָבן פאַרברענגט אינטערעסאַנט, דערציילט זיך מעשיות, וויצן, אָדער נאָכגעמאַכט באַקאַנטע געשטאַלטן. צוריק פלעגן מיר גיין ווען ס'איז געוואָרן פינצטער.

איך פלעג פאָרן יעדן יאָר אין די טאַטרען בערג, אין קורערטער. איך די דאָזיקע אויספלוגן וואָלט איך מוותר געווען. אומפאַרגעסלעך זיינען אין מיין זכרון פאַרבליבן מיינע קאָלבושאָווער אויספלוגן. טאַקע דאָרט ביים זיידן האָט מיך געטראָפן דער אויסברוך פון צווייטן וועלט־קריג. דער גורל האָט מיך אַ שליידער געטאָן העט־ווייט קיין רוסלאַנד. ווי אַ צוואה פון מיין מאַמען האָב איך באַטראַכט איר אָנזאָג — צו באַזעצן זיך אין ארץ־ישראל. אַזוי האָב איך טאַקע געטאָן.

**פּידאַ בן־מנחם**

# טעג פון נשמה יתירה

די יידישע מאַמע, די עקרת הבית — איר הויפּט אויפגאַבע איז געווען צוצוגרייטן אַלצדינג אין שטוב, אַריינברענגען דעם שבת אין דער היים. אַלץ וואָס מען האָט צוגעגרייט פאַר שבת, פלעגן אונדזערע מאַמעס אָנרופן „לכבוד שבת". ווען ס'איז געקומען פרייטיק, פלעגן פילע משפחות מיט אַ סך קינדער, זיך צואיילן מיטן קאָכן, מיטן ריניקן די שטוב און בייטן די קליידער פון די קינדער און אָנטאָן זיי שבת'דיקע מלבושים. יעדעס קינד האָט זיך דערפילט אַזוי חשוב אין די ריינע קליידער: זיי זיינען געווען גרייט אַנטקעגנצוגיין און אויפנעמען די מלכה שבת...

געווען נשים צדקניות וואָס פלעגן אַרויסקוקן אין גאַס אַרויס און זען צי גייט אַרויס אַ רויך פון די קאָמינעס פון אָרעמעלייטס שטובן. אויב נישט — איז עס געווען אַ סימן, אַז אין אָט יענע הייזער איז נישטאָ וואָס צו עסן. זייער זאָרג איז געווען אויפצוזאַמלען חלות, פלייש, פיש און וויין פאַר קידוש. זאָלן אויך די אָרעמע יידן דערפילן די שמחה פון שבת! די טאַטעס און זיידעס פלעגן זיך לאָזן גיין אין מרחץ, אין שוויץ. דאָס איז געווען אַ מין ספּאָרט, אַ פאַרמעסט אַזאַ, ווער וועט אַרויפקומען אויפן העכסטן שטאַפל אין דער מקווה־שוויץ?!

זייער כאַראַקטעריסטיש איז געווען אַ פּרט אין שטעטלדיקן לעבן: געוויינטלעך פלעגט דער שניידער ברענגען אַ נייעם מלבוש אין שטוב אַריין עטלעכע מינוט פאַר ליכט־בענטשן. און אַזוי ווי ס'איז שוין נישט געווען קיין צייט צו באַצאָלן מלאכה־געלט פאַרן אויפנייען, האָט מען דעם בגד נישט אָנגעטאָן, וואָרום ס'ווערט דאָך בפירוש געשריבן „לא תלין פעולת שכיר"...

די מענער האָבן זיך געלאָזט גיין אין די בתי־מדרשים, אין די שולן און ווער ס'איז אַוועק אין די שטיבלעך. די ווייבער האָבן דביקות'דיק געצונדן די ליכט, פרום געבענטשט און מיט געוויין געלאָזט זיך זאָגן די תחינות.

אוי, ווי שיין עס איז געווען דער שבת אין אונדזערע היימען. אפילו

---

די שרייבערין פון די זכרונות איז די פרוי פון יוסף בן־מנחם אין רמת־גן, ישראל, און איז דאָס אייניקל פון נטע נאָטאָוויטש, אַ שוועסטערן קינד פון שרה'טשע זאָנטאַג.

דאָס שבת׳דיקע עסן איז געווען אַנדערש. אומעטום האָט מען געפילט די רו און די קדושה.

און ווען ס׳האָבן זיך דערנענטערט די ימים נוראים, האָבן אָנגעהויבן בלאָזן קאַלטע ווינטן. אלול האָט געבראַכט אַ סך דאגות. דאַרף מען דאָך באַזאָרגן געהילץ פאַר באַהייצונג אין די אָרעמע שטובן. מען האָט טאַקע געטיילט האָלץ, קוילן א״אַ. און אַט קומען אָן די האַרבסטיקע סליחות־טעג, די טעג פאַר אייגענעם חשבון הנפש. ווער געדענקט נישט בן־ציונדל דעם שמש ווי ער פלעגט אויפשטיין ביינאַכט און אַרומגיין מיטן האַמער און קלאַפּן אין יידישע לאַדנס און צעגיין זיך מיט אַ האַרצרייסנדיקער שטים: יידן, שטייט אױף צו עבודת הבורא!... שטייט אויף צו סליחות!

מיט אַ צעבראָכן האַרץ האָט בצלאל גרינשטיין געזאָגט סליחות אין שול און דער שוחט ביים רבי׳ן. און ווען מען איז דערגאַנגען און געזאָגט „הנשמה לך והגוף שלך, חוסה על עמלך!״ האָט מען ממש געקאָנט פילן, אַז די תפילה קומט גלייך אַרויס פון האַרץ און אַזוי איז זי אַריינגעדרונגען אין די הערצער פון די מתפללים.

דאָס לעבן אין שטעטל איז געווען אַ משפּחה׳דיק לעבן. יעדער האָט זיך געקענט. איין דור נאָכן צווייטן האָט באַוואוינט די זעלבע דירות, די זעלבע הייזער, די זעלבע פּלעצער. אויך די שמחות און אויך די זאָרגן זיינען געווען שותפות׳דיקע...

פאַר ראש השנה פלעגן ס׳רוב חסידים אַוועק צו זייערע רבי׳ס און דאָרט ביים רבי׳ן האָבן זיי געקראָגן חיזוק אַנטקעגן יום־כפור, דעם יום־הדין וואָס איז באַלד אָנגעקומען. ערב יום־כיפור פלעגט אַריינקומען דער שוחט צו קוילן די עופות, וואָס מיט זיי האָט מען אַ נאַכט פריער אָדער אין דער פרי געשלאָגן כפרות. די גאַנצע נאַטור אַרום איז געווען טרויעריק. אין דער פרי, פאַרטאָג, פלעגט מען זיך לאָזן גיין צום בית־עולם אויף קבר־אבות. אין די שולן און בתי־מדרשים פלעגט מען טרינקען לחיים און ווינטשן זיך איינער דעם אַנדערן אַ גמר טוב.

די ערשטע סעודה ערב יום־כיפור איז געווען פרי. דער ניגון וואָס מיין טאַטע ז״ל האָט פאַרצויגן ביי יענער סעודה איז געווען האַרצרייסנדיק. דער פּחד פאַרן יום־הדין איז געקומען צום אויסדרוק אין דעם געאייל צו דער צווייטער סעודה, די סעודה מפסקת. דער טאַטע פלעגט זיך געזעגענען מיט יעדן פון די בני־בית אין געוויין, בענטשנדיק יעדן איינעם. דאָס אַרויסגיין אין שול איז געווען באַגלייט מיט געפיל, ווי מען וואָלט זיך געלאָזט אין אַ לאַנגן, אומבאַקאַנטן וועג, פול מיט סכנת נפשות...

קיין חזנים זיינען כמעט ניט געווען אין די קליינע שטעטלעך. גאַנץ זעלטן, ווי ס׳זאָל ניט זיין. געדאַווגט פאַרן עמוד האָט אַ בעל־תפילה, וואָס האָט געפילט די אחריות פאַר זיין קהל, וואָס האָט אים געשיקט צו בעטן רחמים פאַר זיך און פאַרן גאַנצן פאָלק ישראל. מיין פאָטער ז״ל, פסח שליסל, האָט געזאָגט כל־נדרי, האָט איבערגענעכטיקט אין שול, אַ גאַנצע נאַכט געזאָגט תהלים און צומאָרגנס אויך געדאַווגט שחרית פאַרן עמוד. וואו האָבן זיי די יידן גענומען דעם כוח, וואָס איז געווען נויטיק פאַר אַזאַ אָנשטרענג? די אויפריכטיקייט, דער געוואַלדיקער רצון, דער שטאַרקער גלויבן — אַלץ צוזאַמען האָט אונדזערע עלטערן געגעבן דעם כוח גובר צו זיין אַלע שוועריקייטן.

נאָך נעילה, האָט יעדער ייד געפילט ווי ער וואָלט געבוירן געוואָרן פון דאָס ניי. דער טרויער און די שרעק איז פאַרביי. אָנגעהויבן האָט זיך אַן אינערלעכע שמחה און אַ געפיל פון פרייהייט. מען האָט אויפגעשטעלט די סוכות. אַלע אין דער היים האָבן געהאָלפן צו דעקאָרירן די סוכה. מיר האָבן אויסגעשניטן אַלערליי פייגל פון פאַפיר. היינט קאָן מען דאָס אַלץ באַקומען פאַרטיקערהייט, אָבער מיר האָבן דעמאָלט געפילט אַ מין שמחה פון שאַפעריישקייט.

דאָס לעבן פון אַמאָל קאָן שוין מער נישט זיין. לאָמיר אַלע בכוונה זאָגן די תפילה „וקרב פזורינו מבין הגויים״ און פאַרזיכערן די אייביקייט פון יידישן המשך אין דער יידישער מדינה, ישראל.

**נתן קרני**
**תל אביב**

# שלוש סעודות

שבת. די זון האָט שוין איר גרעסערן טייל וועג דורכגעמאַכט אין דער ריכטונג צו מערב. קילע ווינטלעך בלאָזן נאָך דעם הייסן טאָג. דאָס שטעטל, בפרט די יוגנט, פאַרענדיקט דעם אָוועקגייענדיקן רו־טאָג מיט גיין שפּאַצירן. באַלד נאָך דער בריק שיידן זיך די וועגן. איינער פירט אויף דער „גאָרע״ און דער צווייטער אין דער „דיל״. אַ טייל שפּאַצירנדיקע לאָזן זיך נאָך ווייטער, צום ווערינער וואַלד. דאָרט איז אַ תענוג, די לופט, ממש אַ מחיה.

נישט אַלע האָבן געהאַלטן צו פאַרענדיקן דעם שבת אויף אַ גשמיות׳־דיקן אופן. חסידים, תלמידי־חכמים, אנשי מעשה און סתם ערלעכע יידן, זיינען נאָכן שבת׳דיקן נאָכמיטאָג־שלאָף געגאַנגען ווער אין בית־המדרש און ווער אין שול און געזעצט זיך לערנען, אָדער גענומען זאָגן תהלים בצבור. איטלעכער לויט זיין יכולת.

נאָך מנחה און נאָכן אָפּעסן שלוש־סעודות האָט יעדער מיטגענומען אַ כזית חלה כדי צו פאַרענדיקן דעם שלוש סעודות אין בית־המדרש. דער עולם וואָס הויבט זיך אָן צוזאַמענקומען זעצט זיך אַרום די צוויי טישן אויף מזרח אין קליינעם בית־המדרש, און אַרום די טישן פון מזרח צו מערב אין גרויסן בית־המדרש. איז נאָך פאַראַן צייט, זאָגט מען נאָך אַ גוט וואָרט אָדער מ׳דערציילט נאָך מעשיות און מנהגים פון גוטע יידן.

„אתקינו סעודתא דמהימנותא, שלימתא חדותא דמלכא קדישא או... או... אוּ...״ ברומט דער עולם, און דערנאָך הויבט מען אָן צו זינגען דעם נפלאדיקן פיוט „בבואו מאדום חמוץ בגדים״, וואָס איז מרמז דעם „אחרית הימים״, דעם סוף פון אדום — דאָס איז דאָך עשו — נביאות וועגן קבוץ גליות און גאולה שלמה. די התלהבות וואַקסט מרגע לרגע ביז צו התפעלות וואָס ענדיקט זיך מיט הכתרת המלך: ה׳ מלך ה׳ מלך ה׳ ימלוך לעולם ועד, ה׳ מלך ה׳ מלך ה׳ ימלוך לעולם ועד.

עס הויבט אָן צו ווערן טונקל, די איבעריקע זמירות פאַרענדיקט מען שנעל, אָן איבעררייס. פאַר דער שול קוקן די פאַרזאַמלטע אין הימל און

דערוואַרטן די דערשיינונג פון דריי שטערן. די וואָכעדיקע געדאַנקען הויבן אָן אַריינצודרינגען אין מוח, געדאַנקען פול מיט דאגות. מיט כוח וויל מען זיי פאַרטרייבן, ס׳איז דאָך נאָך שבת.

אין שול דאַוונט מען שוין מעריב. איגנאַץ, דער שבת־גוי, צינדט אָן דעם גרויסן הענגל־לאָמפּ, וואָס הענגט איבערן שולחן.

— „רבותי, מיר ווען בענטשן!

— יהי שם ה׳ מבורך מעתה ועד עולם״.

דאגות הויבן שוין אָן צו פייניקן. „הרחמן הוא יפרנסנו בכבוד״. אוי, ווי שטעלט מען צוזאַמען דאָס ביסל סחורה, מ׳זאָל קענען פאָרן אויפן יריד? „הרחמן הוא...״ אוי, אַ וועקסל דאַרף מען אויסלייזן. דערווייל איז נאָך קיין פּרוטה נישט פאַראַן. „ה׳ עוז לעמו יתן ה׳ יברך את עמו בשלום״.

אַ קלאַפּ אין שולחן. „והוא רחום יכפר עון ולא ישחית...״

יחזקאל עקשטיין
אַנטווערפּען, בעלגיע

# אַ בינטל דערינערונגען

## א. אַזוי באַהאַנדלט מען אַ דאָקטער

ביי מיין זיידן ר׳ יעקב עקשטיין בין איך דערצויגן געוואָרן, און צווישן די יאָרן פון 1919 און 1924 האָב איך געוואוינט אין זיידנס הויז. געדענק איך, אַז אין די ווינטער־נעכט פלעגן אַריינקומען אין הויף אַריין אפרים האאר און משה לאַנדוי (דער לעצטער — אַן אידעם פון דעמבראָווער רב, אַ ברודער פון טשעבינער רב, ז״ל). עס פלעגט אויך אָפט אַריינקומען דער רעליגיע־לערער דלוגאַטש.

געדענק איך אַ שמועס, אָדער אַ פראַגמענט פון אַ שמועס, וואָס דלוגאַטש האָט פאַרפירט מיטן זיידן. דער שמועס איז אַוועק מער ווייניקער אַזוי:

— וויסן זי, הער עקשטיין — האָט זיך דלוגאַטש אָפּגערופן אין אַ מין דייטשמערישן דיאַלעקט — ווי אַזוי מען רופט אַ דאָקטער ביי אונדז אין קאָלבושאָוו?

אַלע וואָס זיינען געזעסן אַרום דעם טיש האָבן אויפגעשטעלט אַ פּאָר אויערן, ווייל זיי האָבן געוואוסט, אַז דאָ גייט דערציילט ווערן ניט קיין שפּאַס, נאָר אַ מעשה־שהיה:

— איין מאָל — האָט דלוגאַטש ווייטער דערציילט — האָט זיך אין מיטן דער נאַכט געמאַכט, אַז ר׳ אהרן זאַלעשיצ׳ס ווייב איז געגאַנגען זייער שווער צו קינד; דער געבורט איז קענטיק געווען זייער שווער, ווייל ר׳ אהרן האָט באַשלאָסן, אַז ער מוז אויפוועקן דעם דאָקטער און רופן אים צו דער יולדת. ער האָט אָנגעצונדן די לאַמטערנע, און זיך גענומען גיין דורך די טיפע שטעטלשע בלאָטעס דורך די געסלעך פון שטעטל, ביז ער איז אָנגע־קומען צו ד״ר ביליג. דער דאָקטער האָט זיך שנעל אָנגעטאָן, און באַלד אַרויס מיט ר׳ אהרן צו דער געווינערין.

מיטאַמאָל, אין דער טונקלקייט פון דער נאַכט, דערהערט זיך פון דער־ווייטנס אַ שטימע:

„אהרן, דאָס ביסטו? מזל־טוב! מ׳ברויכט שוין נישט״.

ר׳ אהרן האָט אויסגעלאָשן די לאָמטערנע, געלאָזט ד״ר ביליג שטיין און אַליין הענדום־פּענדום זיך געלאָזט אין שטוב אַריין, צו זען מיט וואָס זיין ווייב האָט אים מזכה געווען: מיט אַ יינגעלע אָדער מיט אַ מיידעלע...

## ב. אַ געשלעג מיט אַ זייטל קעלבערנס

ווי ס׳פלעגט זיך פירן אין מיין זיידנס הויף, פלעגן קומען ניט זעלטן גוטע יידן אַהין. דער זיידע האָט תמיד אַרויסגעוויזן צו זיי די מידה פון הכנסת אורחים, און מיט אַ ברייטער האַנט פלעגט ער זיי אויפנעמען. האָט זיך אַמאָל געמאַכט, אַז ס׳איז געקומען קיין קאָלבושאָוו דער שיניעווער רבי, דער „דברי יחזקאל״ (נאָך וועמען, אגב, מען האָט מיר אַ נאָמען געגעבן). ווען דער רבי האָט זיך באַוויזן אין הויף, האָט דער זיידע באַפוילן ר׳ שמחה בילפעלד, וואָס פלעגט זיך צוזאַמען מיט ר׳ אברהם באַווס דרייען אין הויף, צו ברענגען לכבוד דעם הויכן גאַסט עפּעס פון שפּייכלער אַרויס. מען האָט געוואַרט אַ היפּשע ווײַלע, און ר׳ שמחה איז ווי אַ שטיין אין וואַסער אַריין און איז נישט צוריקגעקומען. איז מען אַוועק זוכן ר׳ שמחה׳ן אין שפּייכלער. וואָס האָט דאָרט ר׳ שמחה געטאָן? ער האָט זיך געשלאָגן מיט אַ זייטל קעלבערנס וואָס האָט אַראָפּגעהאַנגען פון באַלקן.

ער איז אַריין אין שפּייכלער — האָט ר׳ שמחה שפּעטער דערציילט — איז אים דאָס ליכט אויסגעגאַנגען. געבליבן איז ער אין אַ שטאָק־פינצטער־ניש. ווען ער האָט געמאַכט דעם ערשטן טראָט, האָט ער געקראָגן אַ קלאַפּ אין פּנים אַריין. און דערפילט האָט ער די וואַרעמקייט פון אַ פּנים. צוריק־געטראָטן — און ער האָט ווידער באַקומען אַ פּליאַסקע אין פּנים אַריין. איז עס דאָך נישט עפּעס אַנדערש ווי אַ גנב, האָט זיך דאָ אַרייַנגעקראָגן אין שפּייכלער אַריין — האָט ער זיך געטראַכט. האָט ר׳ שמחה אָפּגעענטפערט אַ קלאַפּ פאַר אַ קלאַפּ.

אַזוי האָט זיך ר׳ שמחה אַרומגעשלאָגן איבער אַ האַלבע שעה מיט אַ זייטל קעלבערנס...

## ג. שדים אין וואַסער

ר׳ אברהם באַווס האָט זיך געלאָזט גיין אַהיים פון הויף. איז ער פאַרביי־געגאַנגען לעבן דעם געריכט און דעם קרימינאַל. האַרט ביים קרימינאַל איז געווען אַ סאַדזשעווקע, אַזאַ מין שטייענדיק וואַסער, פון וועלכן עס פלעגט שטענדיק זיך הערן אַ געקוואַקעריי פון זשאַבעס.

ויהי היום, מאַכט זיך אַמאָל — און ר׳ אברהם קומט צוריק אַ בלאַסער און מיט־שוויס באַגאָסענער, און מאַכט אַ טומל אין הויף:

ער האָט מיט זיינע אייגענע אויגן געזען שדים אין דער סאַדזשעווקע; זיי ברומען און קלאַפּן מיט די הענט. און האָט פאַרבראָכן מיט די הענט, ווי דאָס גרעסטע אומגליק וואָלט אים געשען.

דער יידע האָט אים אויסגעלאַכט. געוואוסט האָט ער אָבער, אַז ר׳ אברהם טראַכט נישט אויס סתם קיין מעשיות און אַז ער גלויבט אין דעם וואָס ער זאָגט, און אַז ער וועט זיך נישט באַרואיקן ביז ער וועט נישט זען, אַז ער האָט אַ טעות געהאַט. האָט ער מיט אים מיטגעשיקט צוויי פאַראָבקעס.

וואָס האָט זיך אַרויסגעשטעלט?

יאָ, עס האָט זיך טאַקע געהערט אַ ברומען און אַ פלאַסקעריי: אַ פרוי איז דאָרט געשטאַנען לעבן וואַסער און האָט צוזאַמענגעקליבן די גרינע געוויקסן פון וואַסער, וואָס זי האָט גענוצט ווי אַ קאָרם פאַר אירע קאַטשקעס; די פרוי האָט געקלאַפּט אין וואַסער, כדי די בלעטער זאָלן אַרויס, און זי זאָל האָבן וואָס מער דאָס גרינס אַהיימצוגעמען...

ר׳ אברהם האָט זיך באַרואיקט, און איז יענע נאַכט, נאָך אַזאַ אויסטערלישער איבערלעבעניש, רואיקער געשלאָפן...

# לאַנדסלייט אין ישראל דערמאָנען זיך

בשעת זייער זיין אין ישראל אין זומער 1968, האָבן דוד און בערטאַ זאַלץ, ביי אַ פאַרזאַמלונג פון לאַנדסלייט, אויפגענומען אויף אַ קלאַנג־לענטע זכרונות פון אַמאָליקן לעבן אין שטעטל:



**מרדכי לאַנגוויל**

## די „התאחדות" אין אונדזער שטעטל

וועגן „התאחדות" האָט שוין דערציילט לייביש אַשען (היינט יהודה לעצטער). אין יענער צייט האָבן צו דער אָרגאַניזאַציע געהערט אַ חוץ לייביש אַשענען אויך מרדכי לאַנגוויל, אהרן גלעזעל, ליבע בעללער, ירמיה ליפּמאַן, משה־הערש טענצער און אַנדערע. ס'איז דעמאָלט געשטאָרבן אַ חבר אין דער „התאחדות", אַ יונגער מענטש, וואָס איז געווען שטאַרק טעטיק און איבער־געגעבן אין דער אַרבעט, מיטן נאָמען משה בירנבוים. האָט מען באַלד נאָך זיין טויט געגרינדעט אַ דראַמאַטישע סעקציע, און אין זיין אָנדענק וועגן אָנגערופן זי אויף דעם נאָמען פון פאַרשטאָרבענעם. די סעקציע האָט אויפ־געפירט אַ ריי פאָרשטעלונגען, ווידמענענדיק די איינקונפטן פאַרן קרן־קימת־לישראל.

דער רעפּערטואַר פון דער דראַמאַטישער סעקציע איז באַשטאַנען פון אַ ריי אַלטע פּיעסען, ווי „דאָס פּינטעלע ייד", „כינקע־פּינקע", און איין־אַקטער „צוויי מענטשן — איין פּנים". אויפגעטראָטן צום סאַמע אָנהייב האָט די סעקציע מיט אַ „יוסף־שפּיל". איין מאָל האָט מען אויך געגעבן אַ פאָרשטעלונג א"נ „ציפּקע פייער".

אין תחילת האָט די דראַמאַטישע סעקציע געהאַט שוועריקייטן מיט שפּילן די איינגעשטודירטע פּיעסן, ווייל מען האָט געמחט אויפפירן זיי ביי יצחק צוועטשקענבוים אין הויז אָדער ביי מענדל קאַנער אין שפּייכלער. שפּעטער — אין מיינע צייטן — איז דאָס אָנגעקומען פיל לייכטער, ווייל מיר האָבן געקאָנט קריגן דעם זאַל פון אָרטיקן „סאָקאָל".

בדרך־כלל זיינען די פאָרשטעלונגען געווען געלונגענע. עולם יונוואַרג איז געקומען זען און האָט הנאה געהאַט. די צוויי פאָרשטעלונגען איבער „כינקע־פּינקע" און „דאָס פּינטעלע ייד" זיינען געווען גאָר דערפאָלגרייך. זיי

האָבן געבראַכט אפילו אַ שטיקל פינאַנציעלן ריווח. ווען מיר זיינען געווען אויף הכשרה, און די מאַטעריעלע לאַגע אונדזערע איז ניט געווען קיין צו געהויבענע, האָט אונדזער קבוצה אויפגעפירט טאַקע די צוויי פיעסן, געמאַכט אַזוי אַרום אַביסל געלט און געלינדערט אויף אַ ווייל די נויט.

די עיקר־שוועריקייטן זיינען אָבער געווען פון אַן אַנדער מין. בכלל דער ענין שפּילן טעאַטער אין קאַלבושאָוו האָט ניט געהערט צו די סאַמע לייכטסטע. דער רעזשיסאָר און גרימירער איז געווען איטשעלע גרויסהויז. די רעפּעטיציעס האָט מען געמאַכט אין לאָקאַל פון „התאחדות". ווען מען האָט גע־דאַרפט האָבן מונדירן פאַר ספּעציעלע ראָלן פון אַ הערצאָג, אַ פּאָליציאַנט אָדער אַ זעלנער, איז עס אָנגעקומען מיט גרויסע שוועריקייטן צו קריגן אַזעלכע בגדים פון דער פּוילישער אַמאַטאָרן גרופּע. מען האָט געדאַרפט מאַכן ספּעציעלע באַמיאונגען ביי זייערע פאַרוואַלטערס צו קריגן פון זיי די פּאַסיקע קליידער. דער עלטערער יידישער עולם ווידער איז אויך ניט געווען צו באַגייסטערט, וואָס יונגוואַרג פאַרנעמט זיך מיט נאַרישקייטן. די יוגנט אָבער, האָט אַרויס־געוויזן אַ סך אינטערעס.

אין 1932־1933 איז אַ גרופּע יונגע מענטשן אַוועק קיין קאָלושקי, לעבן לאָדזש, אויף הכשרה (אין גאַליציע, ווי איך געדענק, איז קיין הכשרה־פּונקט פון „התאחדות" ניט געווען). אַהין זיינען אַוועק יהודה לעצטער, חנה ווייס, זעלדע קינסטלעך, מרדכי לאַנגווייל, ירמיה ליפּמאַן. געאַרבעט האָבן מיר דאָרט זייער שווער אויף אַ טאַרטאַק. ס'איז געווען זייער שווער צו קריגן אַרבעט. די באַלעבאַטים פון טאַרטאַק האָבן נישט געקאָנט צוזען ווי יידישע קינדער האָרעווען אַזוי שווער, האָבן זיי זיך באַמיט אונדז אויסמיידן. געוואוינט זיינען זיי געווען צו זען אַ גוי אַרבעטן און גערן אַוועקגעגעבן אַרבעט אַ ניט־ייד. און אין דער אמתן, זיינען מיר געווען טאַקע ניט קיין גאָר געהויבענע אַרבעטער, ווייל מיר האָבן טאַקע קיינמאָל קיין פיזישע אַרבעט ניט געטאָן און ערשט דאָ אין קאָלושקי אויף הכשרה, האָבן מיר צום ערשטן מאָל טועם געווען דעם טעם פון זיין שוואַרצע אַרבעטער.

די זעקס חדשים פון הכשרה זיינען ווי־עס־איז אַריבער. די גרופּע איז צוריקגעקומען אין שטעטל אַריין, און געדאַרפט וואַרטן אויף סערטיפיקאַטן. דער ענין סערטיפיקאַטן איז געווען אַ פרשה פאַר זיך, און גאַנץ אָפט אַ פאַר־וויקלטע פרשה און פאַר אַ צולאָג — אַ לאַנגע פרשה. סערטיפיקאַטן זיינען געווען ווייניק — קאַנדידאַטן פאַר עליה קיין ארץ־ישראל זיינען געווען אַ סך מער. כדי אויסצונוצן די עמיגראַציע־מעגלעכקייטן אויפן עפעקטיווסטן אופן, האָט מען זיך באַמיט אויסצונוצן איין סערטיפיקאַט פאַר צוויי חלוצים — אַ

מאַן און אַ פרוי. מען האָט זיך דעמאָלט דערטראַכט דורכצופירן פיקטיווע חתונות, כדי אויף אַ סערטיפיקאַט, וואָס איז געגעבן געוואָרן צו אַ בחור זאָל אויך אַ מיידל קאָנען פאָרן, אָדער אויף אַ סערטיפיקאַט אויסגעשטעלט צו אַ מיידל, זאָל קאָנען אַ בחור פאָרן, ווי מאַן און ווייב.

אין יענער צייט זיינען אַוועק קיין ארץ־ישראל: מרדכי לאַנגוויל, זעלדע קינסטלער, לייביש אַשען, חנה ווייס; לינא ערליך איז געוואָרן צוגעשריבן צו מיין סערטיפיקאַט (אַנגערופן האָט מען עס דעמאָלט אין דער טאָג־טעגלעכער שפּראַך — זי איז געוואָרן מיין פיקציע) און זעלדע קינסטלער איז געוואָרן אַ פיקציע פון אַ בחור, אַ חלוץ פון קראָקע.

זאָל דאָ פאַרצייכנט ווערן דרך־אגב, אַז דער ערשטער וואָס איז אַוועק־געפאָרן קיין א״י פון אונדזער שטעטל ווי אַ חלוץ איז געווען יאַנטשע ראָט־שטיין. דאָס איז געווען אין 1924. אין יאָר 1925 האָבן עולה געווען פּתחיה ליידנער, פנחס האָפּערט, אסתר ווייס און שרה געווירץ. אַביסל שפּעטער איז אַוועק אלתר לעזער.

די יוגנט אָרגאַניזאַציע פון „התאחדות" איז געווען די „גורדוניה", אויפן נאָמען פון פאָטער און אידעאָלאָג פון אַרבעטער־ציוניזם אהרן־דוד גאָרדאָן. די „גורדוניה"־גרופּע אין קאָלבושאָוו איז געגרינדעט געוואָרן פון טויבע גלאַנץ. די גרופּע האָט זיך פאַרזאַמלט אין אַ קליינער שטוב אין הויז פון הערשעלע זאַלץ. בעת איך בין אַוועק אויף הכשרה, איז געווען טעטיק ביי דער יוגנט אַ וויתקין קבוצה און ס'האָט זיך אַנגעהויבן אַנטוויקלען אַ מאַנדאָלין־אָרקעסטער, וואָס איז אַנטשטאַנען אויף דער איניציאַטיוו פון בינעם סאַלפעטער און פון אים אָנגעפירט געוואָרן. מייסטנס האָבן זיך אין דעם אָרקעסטער באַטייליקט מיידלעך.



**פּתחיה ליידנער**

## ספּאָרט־פאַראיין — „מכבי"

איך וויל דערציילן אַן עפּיזאָד פון אונדזער היימשטאָט. געווען איז דאָס אין יאָר 1928. איך בין דעמאָלט אַוועק קיין קראָקע, צו געפינען אַרבעט אין אַ דאָרטיקן געשעפט. ווען איך בין צוריקגעקומען אַהיים, האָב איך מיטאַמאָל קאָלבושאָוו נישט דערקענט. דן לייסטנער איז דאַן אַהיימגעקומען און גע־גרינדעט דעם ספּאָרט־קלוב „מכבי". ער האָט צוזאַמענגענומען אַלע יונגע

מענטשן, וואָס האָבן געוואָלט דורך גימנאַסטיק און ספּאָרט שטאַרקן זייער קערפּערלעכע גרייטקייט פאַר אַ ניי יידיש נאַציאָנאַל לעבן. די שטאָט האָט עס איפּגענומען זייער שלעכט. פון דער אַנדערער זייט האָט יעדער געוואָלט שפּילן פוטבאָל, קאָפּען דעם באַל; אָבער וואו צו שפּילן איז נישט געווען. האָט מען געשפּילט אויף דער טאַרגאָוויצע. פאַר די ימים־נוראים האָט די שטאָט געקאָכט. דער רב, ר׳ חיליש איז געווען פלאַם־פייער. די קינדער זיינען אַנטלאָפן פון די חדרים כדי צו קאָנען אַ שטויס טאָן דעם באַלעם; אַפילו יונגעלייט מיט בעקעשעס זיינען געקומען אַ קאָפּע טאָן. קיין אַנדערע אַמוזירונג איז אין קאָלבושאָוו פאַר דער יוגנט ניט געווען.

איך געדענק יענעם שמחת־תורה. דער רב, ווי דער שטייגער, איז געקומען צו הקפות אין שול אַריין, אָנשטאָט אין גרויסן בית־המדרש, וואו ער פלעגט דאַווענען אַ גאַנץ יאָר. ער איז געקומען דאַווענען מיט „עמך״. אין שול איז געשטאַנען די פאָן, וואָס האָט געשטאַמט פון דעם אַפּטער. דאַנטשע לייסטנער האָט צוזאַמענגערופן זיינע מכבייער אויף איין אָרט. פּלוצים איז די ליכט אויסגעגאַנגען. אין דער פינצטערניש האָט חברה זיך אַרומגערינגלט אַרום דער פאָן. דערווייל זיינען די הקפות פאַרשטערט געוואָרן. עפּעס האָט מען אַפילו שפּעטער גערעדט, אַז דער רב האָט אין דעם חשכודיקן אַרום אַריינגעכאַפּט אַ פּאָר קלעפּ. אין שטעטל פלעגט מען אין משך פון לאַנגע יאָרן שפּעטער, עמעצן וואָס האָט זיך פאַרגעשטעלט ווי אַ „וואוילער יונג״, זאָגן: „מכביסט, גיי שלאָגן דעם רב!״

דערווייל האָט זיך אָבער אַנטוויקלט אַ זייער שיינער ספּאָרט־פאַראיין. כאָטש קיין עקסטראַ טרענירער איז נישט געווען, איז יאָ אויפגעשטעלט געוואָרן אַ ספּאָרט־קלוב און גאַנץ אָפט האָט „מכבי״ אָפּגעהאַלטן פוטבאָל־פאַרמעסטן מיט קריסטלעכע מאַנשאַפטן. אָפט פלעגט מען אָפּהאַלטן אַ מעטש אין מאַדין. אויב מיט די אָרטיקע קריסטן האָבן מיר קיינמאָל ניט געוואונען, ווייל זיי זיינען געווען אין דורכשניט עלטער פון אונדז און שטאַרקער, האָבן מיר אין מאַדין יאָ געוואונען. זיינען מיר טאַקע צוריקגעקומען לוסטיק און לעבעדיק פון אונדזערע דערפאָלגן.

אין 1925 האָב איך עולה געווען קיין ארץ־ישראל. „מכבי״ האָט אָבער ווייטער עקזיסטירט און זיך אַנטוויקלט. ווען איך בין געקומען קיין קאָלבושאָוו אין 1930 פאַר אַ קורצער ווילע, האָב איך בייגעוואוינט אַ מעטש אויף די בלאָניעס, בעת וועלכן די יידישע ספּאָרטלער זיינען געווען די געווינער. די קריסטלעכע שפּילער האָבן אין אַזעלכע פאַלן מאָביליזירט זייער ערב־רב, און ווייט פון זייענדיק ספּאָרטלער האָבן זיי מכבד געווען זייערע יידישע קאָלעגן מיט קלעפּ...

פון צווישן די מכבי־שפּילער קאָן איך געדענקען: לייזער נוסבוים, משהלע באָרוער, משה פיינגאָלד, פּתחיה ליידנער, נוח בעלער, ישראל הויזער, יאָסל ראַפּאָפּאָרט, שמעון פּיקיס — אַלע זיינען געווען שטאַרק געבויטע יונגע מענער.



**חנה ווייס**

## ווען מיין באָבע

חיה־שרה שימעלעס איז געווען מיין באָבע. געהאַנדלט האָט זי ביז דער סאַמע לעצטער מינוט פון איר לעבן מיט אַ קילאָ זאַלץ, מיט אַ פּעקל שוועבעלעך, אַ פּעקל ליכט. פון דעם האָט זי געצויגן איר אָרעמע פּרנסה. אָן אויפטוערין איז זי אָבער געווען. זי האָט געשאַפן דעם „לינת הצדק" און זיך אַרומגערינגלט מיט אַנדערע ווייבער, ווי למשל: מאַלע־רויזע, הערשעלע זאַלצס פרוי, באַשע פון הינטער דער טומאה, די פרוי פון יאָסל זאַלץ, רבקה'לע די שטריקמאַכערין, רחל שלאַנגער און פיל אַנדערע. אָט די פרויען פלעגן נעכטיקן ביי קראַנקע און העלפן זיי אין זייער אומבאַהאָלפנקייט.

ווען זי האָט זיך דערוואוסט, אַז ערגעצוואו אין אַ יידישער שטוב איז נישטאָ אויף שבת, האָט זי זיך אָנגעטאָן דאָס שבתדיקע טיכל און דעם יום־טובדיקן פאַרטוך וואָס האָט געהאַט צוויי גרויסע קעשענעס, און זיך אַרויס־געלאָזט איבערן שטעטל צוזאַמענקלאַפּן אַ פּאָר זלאָטעס. ווען עס האָט זיך געמאַכט, נישט דאָ געדאַכט, אַ בר־מינן אין שטעטל, איז מיין באָבע מיט עטלעכע פון אירע ווייבער אַוועק טאָן דעם נפטר זיין רעכט און גענומען נייען תכריכים.

לאַנגע יאָרן פאַר דעם ווי מיין באָבע איז אַוועק פון דער וועלט, האָב איך געזען אין שאַנק ביי איר די תכריכים, וואָס זי האָט זיך באַצייטנס אויפגענייט. זי פלעגט זאָגן, אַז עס זאָל זיין גרייט און זאָל עס וואַרטן ביז די צייט וועט קומען...

זי האָט זיך פאַרנומען מיט מצוות און מעשים טובים.

אַמאָל האָט זיך פאַרלאָפן, אַז מיין באָבע איז געגאַנגען מבקר־חולה זיין אַ פרוי וואָס האָט געשטאַמט פון גרויסן יחוס, וואָס האָט אָבער געהאַט אַ שטיף־טאָכטער, וואָס האָט זי זייער שלעכט באַהאַנדלט. זי האָט איר גאָר־נישט געוואָלט דערלאַנגען און די קראַנקע האָט שטאַרק געליטן. די באָבע האָט ווען דעם זיך דערוואוסט, איז זי צוזאַמען מיט אירע ווייבער אַוועק צו דער קראַנקער, איבערגעבעט איר געלעגער, זי אַרומגעוואַשן און — אַזוי אַרום

געבראַכט לינדערונג דערליידנדיקער פרוי. דער עיקר אָבער איז געווען, אַז זי האָט זיך איינגעקויפט מיט אָט די מצוות שטיקער עולם־הבא. זי האָט ממש אויסגעקוקט אַזעלכע געלעגנהייטן.

זי איז געשטאָרבן ווען זי איז אַלט געווען 93 יאָר; ביז צום לעצטן מאָמענט האָט זי אָפּגעשפּאָרט מצוות, ווייל זי האָט באַדינט איר האַרץ־קראַנקע טאָכטער און האָט זיך פאַרנומען מיט די קליינע קינדער אין שטוב, וואו זי האָט געפירט די באַלעבאַטישקייט. איין נאַכט נאָך דעם ווי זי האָט פאַרלאָזט די וועלט, איז מיין מאַמע, איר טאָכטער, געשטאָרבן. איך בין שוין דעמאָלט געווען אין ארץ־ישראל.



יוסף בן־מנחם

## גנבים, פאַסערס און בעלי טובה

שלום בראַט האָבן מיר געקענט ווי אַ ייד וואָס איז געווען גרייט זיך מוסר־נפש צו זיין פאַר יידן. באַקאַנט איז ער געווען מיט דער אָרטיקער פּאָליציי און מיט אַנדערע פּוילישע באַאַמטע, און דורך זיי האָט ער געטאָן אַפּט טובות צו יידן אין נויט.

האָט זיך אַמאָל געטראָפן און מען האָט באַגנבעט זיין סקלאַד מיט פעל. געקומען אין דער פרי, און דאָ זעט ער — די טירן זיינען ברייט אָפן און קיין איין פעל איז ניט פאַרבליבן. שלום האָט באַשלאָסן ניט צו מעלדן וועגן דער גנבה, האָפנדיק, אַז עמעצער וועט זיך באַווייזן אין געשעפט און פאַרלייגן אים צו קויפן די זעלבע פעל.

און אַזוי איז עס טאַקע געשען. אַריינגעקומען איז אַ ייד און פאַר־געשלאָגן אים פעל. דאָס זיינען זיינע פעל — האָט ער געזאָגט. שלום האָט אָבער דערקענט די פעל, און אָן קוּוענקלעניש די סחורה אָפּגעקויפט.

פסח ביינאַכט, ווען אַלע זיינען שוין לאַנג געווען צוריק פון שול, האָט די משפחה געוואַרט אויף שלומען. ס׳איז שוין געווען 10 ביינאַכט, און שלום איז נישטאָ. מען לויפט איבער הייזער, מען ווייסט נישט וואו צו זוכן. ערשט 1:30 ביינאַכט האָט ער זיך באַוויזן. וואָס איז געשען? מען האָט געכאַפּט די גנבים פון די פעל, האָבן די גנבים דערקלערט אַז יעקב־מאיר האָט זיי אָפּ־געקויפט. — דאָס איז געווען דער זעלבער יעקב־מאיר, וואָס האָט אים פאַר־קויפט די פעל. — פּאָליציי האָט אים אַרעסטירט, און ס׳האָט גענומען שלומען ביז נאָך האַלבע נאַכט דעם ייד צו באַפרייען.

**זעלדע לאַנגוויל**

## יידיש טעאַטער און אָרעמקייט

ווי ווייט די אָרעמקייט אין שטעטל איז געווען גרויס, קאָן דינען דער פאַקט, אַז איין מאָל איז געקומען מיט אַ יידישער פאָרשטעלונג קיין קאָלבושאָוו דער באַרימטער יידישער אַקטיאָר זיגמונד טורקאָוו מיט זיין טרופּע. אַ בילעט האָט געקאָסט אַנדערהאַלבן זלאָטעס. אָבער אַנדערהאַלבן זלאָטעס איז געווען אַ מאַיאָנטעק אין יענע צייטן. ווער האָט זיך דאָס געקאָנט דערלויבן אַזאַ לוקסוס, צו קויפן פאַר אַזאַ מטבע אַ בילעט אין ידישן טעאַטער ? אויב עמעצער האָט יאָ געהאַט אַזאַ געלט, האָט ער, אָדער זי, געמוזט עס אַוועקגעבן אין דער היים פאַר די נויטיקסטע הצטרכותן...

די אַרטיסטן האָבן פאַרלאָזט דאָס שטעטל און די פאָרשטעלונג נישט געגעבן !



## יידיש טעאַטער און די חסידים

דער „דיבוק" איז געשפּילט געוואָרן פון שטעטלדיקן דראַמאַטישן קרייז און רעזשיסירט די שפּיל האָט דער באַקאַנטער שוישפּילער פון מעליץ, לעסינג. די פאָרשטעלונג האָט געדאַרפט פאָרקומען אין מענדל קאַנערס שפּייכלער. מענדל קאַנערס זין, אָבער, האָבן איינגעלייגט וועלטן נישט צו דערלאָזן, אַז די פאָרשטעלונג זאָל צושטאַנד קומען. זיי זיינען געווען אייפערדיקע חסידישע בחורים און האָבן געטראַכט, אַז יידישער טעאַטער מיינט חס־ושלום שמד. האָבן זיי דורכגעפירט אין שפּייכלער ממש אַ פּאָגראָם, און דער עיקר זיינען זיי געפאַלן אויף אַ המצאה: ס'איז זיי איינגעפאַלן צו שיקן אַ טעלעגראַמע צו מעסינגן קיין מיעלעץ, אַז ער זאָל נישט קומען, ווייל עס איז אַריין אַ ניט־פאָרויסגעזעענע ענדערונג און די פאָרשטעלונג מוז אָפּגעלייגט ווערן.

לייזער נוסבוים אָבער האָט דערשמעקט, אַז עפּעס איז דער מער. ער האָט פאַרדעכטיקט, אַז עמעצער האָט דאָ פאַרקאָכט אַ קאַשע, האָט ער באַשלאָסן צו רופן טעלעפאָניש מעסינגן. אַוודאי האָט ער אים דערציילט, אַז אַלץ איז אין אָרדענונג, קיין שום ענדערונגען זיינען נישטאָ, און אַז די שטעטלשע יוגנט דערוואַרט אים אומבאַדינגט. מעסינג איז געקומען. די פאָרשטעלונג איז פאָרגעקומען. יידן האָבן הנאה געהאַט, און מענדל קאַנערס זין מיט זייער פּלאַן זיינען געבליבן ווי אָפּגענאַרטע.

**אהרן דיאַמאַנד**

## אַלטער־לעזער דער קאָמוניסט

פּתחיה לײדנער האָט דאָ דערמאָנט אַלטער־לעזער. אַלטער איז געווען אין ארץ־ישראל און געאַרבעט האָט ער אין אַן אַראַבישער דרוקערײ אין חיפה. פּלוצים האָט מען זיך דערוואוסט, אַז ער איז אַ קאָמוניסט. אַזוי ווי אונטערן מאַנדאַט אין יענע צײטן איז קאָמוניזם געווען פאַרבאָטן, האָט מען אים אָפּגעזאָגט פון פּאָסטן.

ער איז דאַן געקומען צו אונדז קיין פּתח־תקוה זיך אויסצובאַהאַלטן. ער האָט געוואוינט מיט פּיניע האָפּערט און מיט מיר אין אײן צימער. יעדער האָט געצאָלט 20 פּיאַסטער אַ חודש דירה־געלט.

אײנמאָל האָט אַלטער אונדז געזאָגט, אַז ער מוז אַריבערברענגען קיין פּתח־תקוה קאָמוניסטישע ליטעראַטור. ער האָט געקראָגן פאַר אַ שטיקל צײט אַרבעט אין פּתח־תקוה, ווײל גראָד דעמאָלט האָט דער קיבוץ אַרויסגעגעבן אַ 50־יעריקן יובל־בוך. שפּעטער איז ער צוריקגעפאָרן קיין חיפה און געביטן דעם נאָמען אויף אַלטער בן־יהודה. ער האָט זיך פאַרנומען אַלץ מיט דער קאָמוניסטישער פּאַרטײ־אַרבעט, ביז סאָוועט־רוסלאַנד האָט אים אײנגעלאַדן אַריבערצוקומען קיין כאַרקאָוו און לערנען סעמידישע שפּראַכן אויף דעם דאָרטיקן אוניווערסיטעט. מסתמא איז דאָס געווען פאַרבונדן מיט דער פּלאַנירונג פון שפּעטערדיקער שפּיאָניר־טעטיקײטן, וואָס רוסלאַנד האָט שוין דעמאָלט געהאַט אין זינען צוצוגרײטן קאַדרען פאַר איר.

בעת דער ליקווידירונג פון דער ײדישער אינטעליגענץ אין רוסלאַנד, איז אויך אונדזער בן־עיר, אַלטער־לעזער ליקווידירט געוואָרן. איך האָב באַקומען גענויע באַריכטן ווען און וואו דאָס איז געשען.



## וועגן וואַלן צום סיים

אין יאָר 1921 זײנען פאָרגעקומען די וואַלן צום סיים. צום וואַל־קרײז פון קאָלבושאָוו האָבן געהערט דעמאָלט נאָך אַנדערע פינף פּאָוויאַטן. די זעקס צוזאַמען האָבן געקאָנט דערוואַרטן אײן דעפּוטאַט. איז געקומען אין שטעטל אַרײן דער באַקאַנטער מערב־גאַליצישער ציוניסטישער פירער חיים נײגער מיט אַן אויפטריט אַרום די באַפאָרשטײענדיקע וואַלן. ער איז געווען אַ ײד אַ תלמיד חכם, און האָט מיט זײנע רעדעס שטאַרק באַווירקט זײנע צוהערער. די רעדע האָט ער געהאַלטן אין גרויסן בית־המדרש. פאַרגעלײגט האָט ער,

אַז די יידן זאָלן שטימען פאַר אים, הגם ער האָט גוט געוואוסט, אַז די יידן האָבן קיין שום שאַנס נישט צו דערוויילן אַ דעפּוטאַט אין יענער געגנט. געגאַנגען איז עס אָבער אין דעם, האָט ער פאַרזוכט צו באַווייזן, אַז מען דאַרף דעמאָנסטרירן פאַר דער וועלט, אַז יידישע ווילער שטימען פאַר יידישע קאַנדידאַטן און אַזוי אַרום שטאַרקן די דערוויילטע יידישע דעפּוטאַטן.

בעת יענער וואַל־קאמפּאַניע איז קיין קאָלבושאָוו אויך געקומען הרב שמואל הירשפעלד, אַ שוואָגער פון הרב אהרן לעווין פון ריישע. אויך ער האָט גערעדט אין זעלבן גייסט. און יידן האָבן טאַקע געשטימט פאַר יידישע ליסטעס, הגם דער סטאַראָסטע מיט אַלע אַנדערע פּוילישע שטאַט־טאַטעס האָבן אָנגעווענדעט זייער גאַנצע מי און פראַצע צו קריגן די יידישע שטימען.



דוד זאַליץ

## מיין ערשטע ציוניסטישע טעטיקייט

ס'איז אַ מעשה פון ערב ראש השנה 1910. אין שטעטל האָט מען פאַרקויפט קרן־קימת־מאַרקעס אויף אַרויפצוקלעפּן זיי אויף שנה־טובה־וואונטשקאַרטן. אַ מאַרקע האָט געקאָסט אַ פינפער שטיקל. בין איך געגאַנגען צו מיין פאָטער רעדן וועגן געלט, אָבער ער האָט זיך אָפּגעזאָגט מיר צו געבן. בין איך צוגעגאַנגען צום טישלעדל און אַרויסגענומען פון דאָרט אַ פינפער־שטיקל און געקויפט די מאַרקע. אויב מיין זכרון פאַרפירט מיך נישט, איז עס געווען אַ מאַרקע מיט דעם בילד פון מאַקס נאָרדוי. דאָס איז געווען מיין ערשטע ציוניסטישע טעטיקייט, פאַרבונדן מיט אַ שטיקל גנבה...

נאָכן ערשטן קריג, ווען די יידישע זעלנער זיינען צוריקגעקומען אַהיים באַפרייטע פון דער אַרמיי, האָבן זיי אונטער דער אָנפירערשאַפט פון אריה אינזעל פאַרכאַפּט אין שבת דעם שטענדער אין קליינעם בית־המדרש, אַוועקגעשטופּט אָן אַ זייט דעם שמש, איבערגענומען דאָס לייענען און אויפגערופן צו עליה־לתורה עמך. דעם בעל־קורא, פיניע רייך, האָבן זיי געצוואונגען אונטער סטראַשונקעס אויפצורופן נאַציאָנאַל־געשטימטע יונגוואַרג און סתם עמך. אַלע נדבות זיינען געגאַנגען פאַרן קרן־קימת־לישראל.



## אַ מעשה שהיה...

אפרים־דוביסער האָט חתונה געהאַט צום פערטן מאָל. שטייענדיק אונטער דער חופה, האָט ער זיך פאַרפּלאָנטערט זאָגנדיק דעם „הרי את".

פרעגט אים ר׳ איטשע לייזער: אפרים, סטייטש! שוין דאָס פערטע מאָל און געדענקט נאָך נישט? האָט אפרים ניט טראַכטנדיק געענטפערט: „עס נעמט אַזוי לאַנג פון איין מאָל צום צווייטן אַז איך פאַרגעס״.



## „תפארת בחורים" און „השחר"

ווען אייזיק שפילמאַן איז אין 1908 צוריקגעקומען פון אַמעריקע, האָט ער ביי זיין פאָטער אין האָלץ־סקלאַד אָרגאַניזירט אַ יוגנט־פאַראיין, דעם „תפארת בחורים״, פון וועלכן עס איז שפעטער אויסגעוואַקסן דער „השחר״. מיט דעם פאַראיין האָבן אָנגעפירט איטשע קירשענבוים, איציק קליין, הערש געווירץ, לייביש גרינשטיין, יחזקאל־מענדל דערשאָוויץ, שלום אויכזינגער און ירוחם פראָסט. שפעטער איז דער פאַראיין אַריבער צו מענדל־איטשעס אַ שטוב און דאָן זיך געפונען ביי אשר איסראַלאָוויץ. עס איז דאָרט איינגעאָרדנט געוואָרן אַ ביבליאָטעק מיט ביכער אין פיר שפּראַכן: פויליש, דייטש, יידיש און עברית.

זייענדיק שוין אין אַמעריקע, האָב איך אָנגעהויבן אָן אָרגאַניזירטע טעטיקייט פון די קאָלבושאָווער לאַנדסלייט דורך שאַפן פאָנדן. אַ בריוו איז אָנגעקומען פון קאָלבושאָוו פון דער „השחר״ אָרגאַניזאַציע, אַז זיי פּלאַנירן אויסצוברייטערן זייער ביבליאָטעק און דעריבער דאַרפן זיי האָבן פינאַנציעלע הילף. שמחה גערטנער און איך האָבן גענומען אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג בענעפיט און געשאַפן עטלעכע הונדערט דאָלער און איבערגעוויזן דאָס געלט צו די טוער פון „השחר״. אין אָנערקענונג פאַר אונדזער מי און אויפטו, האָט די לאַנדסמאַנשאַפט געפלאַנצט אויף אונדזער נאָמען אין ישראל צו זיבעצן ביימער (כמנין „טוב״) און מיין פעטער פישל סופר האָט אויסגעכתיבעט דעם סערטיפיקאַט, וואָס געפינט זיך עד היום הזה ביי מיר אין שטוב. איך האַלט עס ווי אַן אַטעסטאַט פון אָנערקענונג, וואָס מיינע בני־עיר אין קאָלבושאָוו האָבן מיר אויף אַזאַ ווירדיקן אופן אויסגעדריקט.

די „תפארת בחורים״ האָט אויך איינגעאָרדנט אַ פאָרשטעלונג און גאַנץ אָפט, ווען מיר ריידן מיט מיין שוואָגער ירוחם פראָסט וועגן דעם, דערמאָנען מיר זיך וועגן דעם יוסף־שפּיל, וואָס איז אויפגעפירט געוואָרן. די נעמען פון די אָנטיילנעמער איז, לײדער, שווער זיך צו דערמאָנען.

דער „השחר״ האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט אין פּאָליטישן לעבן פון שטאָט.

ליבוש בערל

# קיין וואַרשע

ביסלעכוויִז האָט זיך אָנגערוקט דער ווינטער פון תרפ״א. דער פאָראָ־יאָריקער ווינטער איז נאָך יעדן איינעם גוט געלעגן אין די ביינער. אמת, קיין פּאָגראָמען אויפן ברייטן מאַסשטאַב אַזוי ווי אין 1919 זיינען נישט פאָר־געקומען, אָבער ס׳איז דאָך נישט אַוועק אַ וואָך אָן עפּעס אַן אָנפאַל. אין קופּנע, אַ דאָרף נישט ווייט פון קאָלבסוב [קאָלבושאָוו], איז אין איין נאַכט אומגעקומען אַ יונגע יידישע פרוי מיט איר מוטער און צוויי קליינע עופה׳־לעך. ס׳איז באַפאַלן אַ מורא אַלע יידישע דאָרפסלייט און זיי האָבן איבער־געלאָזט זייער האָב און גוטס און זיך אַריינגעקליבן אין שטאָט אַריין.

אין שטאָט איז די לאַגע אויך נישט געווען פיל בעסער. יעדע נאַכט האָבן זיך געטראָגן געשרייען פון ערגעץ־וואו. אין דער פרי פלעגט מען זיך דערוויסן וועמען מ׳האָט באַרויבט, וועמען באַ׳גנב׳עט.

די פאַרבינדונג מיט אַנדערע שטעט איז געווען זייער אַ שלעכטע. מענטשן האָבן פשוט מורא געהאַט צו פאָרן אין די קורצע טעג. אַפילו די פּאָסט איז געגאַנגען בלויז איין מאָל אַ טאָג. ווען אַ בעל־עגלה האָט זיך פאַר־שפּעטיקט און אַריינגעפאָרן אין דער נאַכט, האָט ער שוין געשפּילט ממש מיט זיין לעבן. ווען ס׳איז צוגעפאַלן די נאַכט, האָט מען נאָר געבעטן גאָט, ס׳זאָל שוין ווערן טאָג. די נערוון זיינען געווען פאַרשפּיצט פון פחד און פון וואַכן איבער די נעכט. אין די הייזער איז געווען קאַלט און מ׳האָט די שטוב נישט געקענט דערהייצן מיט דעם מאָגערן האָלץ, וואָס אַפילו די שענסטע בעלי־בתים האָבן געמוזט קויפן אויפן מאַרק, ווייל קיין קלאָפּטער האָלץ האָט מען זעלטן ווען באַקומען אָפּצושטעלן. לעבנס־מיטל איז אויך געווען באַשרענקט. די אַלטע האַנדלס־פאַרבינדונגען מיט ווין און טשעכן זיינען געווען אָפּגע־שניטן און קיין נייע זיינען נאָך נישט איינגעשטעלט געוואָרן. די יידישע יוגנט איז זיך צום גרעסטן טייל צעלאָפן וואו זי האָט געקענט. אויף די יאַרידים איז אַרומגעפאָרן דער גלח אָקאָן — אַ סיים־דעפּוטאַט — העצנדיק די פּויערים קעגן די יידן. פון סיים גופא האָט זיך געטראָגן די באַוואוסטע „יידישע״ פּאָלעמיק צווישן די אַנטיסעמיטישע דמאָווסקיס און נח פּרילוצקין. אין יעדן שטעטל האָט זיך געעפנט אַ גויעשע „ספּולקע״ (אַ קריסטלעכער

קאָאָפּעראַטיוו) און די גלחים האָבן יעדן זונטיק אין דער קירכע פאַרזאָגט די פויערים צו קויפן נאָר אין דער „ספולקע״. ביים אַרויסגיין פון דער קירכע זונטיק פלעגן די יידישע שויבן ווערן אויסגעהאַקט און וועלכער ייד ס׳איז צו יענער צייט נישט געזעסן אונטער פאַרמאַכטע טירן און פאַרריגלטע לאָדנס, נאָר האָט צופעליק זיך געפונען אויפן גאַס, אויב ס׳האָט אים אָפּגעגאָלטן אָפּצוקומען בלויז מיט אַ געשפּאָלטענעם קאָפּ, איז ער געווען אַ געוואַלדיקער בעל־מזל.

דאָס זיינען געווען די ערשטע האָניק יאָרן פון דעם ניי־געשאַפענעם פוילן.

ס׳איז דערפאַר אַ קנאַפּער וואונדער וואָס ס׳איז פלוצים געוואָרן אַ בהלה צו פאָרן קיין אַמעריקע. יעדער איינער פאָרט. ס׳פאָרט דער רב, ס׳פאָרט דער שוחט, און ס׳פאָרן בעלי־בתים.

דערווייל האָבן מיר אויך באַקומען איינרייזע־פּאַפּירן אויף צו פאָרן קיין אַמעריקע. ס׳ווערט אין הויז אַ שקלא־וטריא, ווער ס׳זאָל פאָרן. אַז אַלע זאָלן פאָרן, איז אויסגעשלאָסן. די מאַמע נ״ע איז דורכאויס קעגן צוברעכן אַ היים, נישט־וויסנדיק וואָס ס׳וואַרט אויף אונז אינעם גאָלדענעם לאַנד; זי האָט אַלעמאָל געהאַט אַ פאָראורטייל קעגן אַמעריקע! איז געבליבן מיר זאָלן אַרויסנעמען פּאַספּאָרטן פאַרן טאַטן, פאַר מיר און פאַר מיין שוועסטער ביילע. דער ענין פּאַספּאָרטן האָט זיך ,פאַרשטייט זיך, פאַרהאַלטן ביי יעדן שרייבער, ביז ער האָט עפּעס געקראָגן אין „יד״ אַריין, און ביסלעכווייז איז עס פאַר־צויגן געוואָרן ביז פאַר חנוכה. מיר איז נאָך אַלץ די זאַך געווען אומגלויבלעך — פאָר איך טאַקע קיין אַמעריקע?

געווען איז עס אין אַ דאָנערשטיק, דאָס פינפטע ליכטל. דער טאַטע, איך און ק. נ. (מיין שוועסטער ביילעס רייזע האָט די משפחה באַשלאָסן דער־ווייל אָפּצולייגן) זיינען אויפגעשטאַנען באַגינען און געפאָרן קיין מעליץ כדי פון דאָרט דורך דזשיקעוו־טאַרנאָבזשעג פאָרן קיין וואַרשע אויף אַ מער זיכערן און באַקוועמען וועג, ווי דורך דער קראָקע־וואַרשע ליניע, וואו מ׳פלעגט וואַרפן יידן דורך די פענסטער פון לויפנדיקע באַנען. אין וואַרשע האָבן מיר געמוזט דערשיינען פאַרן אַמעריקאַנער קאָנסול כדי צו באַקומען אַ וויזע.

אָנגעקומען קיין מעליץ זיינען מיר אַכט אין דער פרי. בין איך מיר געגאַנגען דאַווענען אין „מויער״ (אַזוי האָט מען גערופן איינעם פון די בתי־מדרשים). גראָד האָב איך דאָרט געטראָפן מענדיש פעמשטיינס שווער דאַוו־נענדיק פאַרן עמוד מיט זיין ברייטער באַריטאָן שטימע. איך האָב געשטוינט הערנדיק ווי ער זינגט דעם „מזמור שיר חנוכת״ פאַר „ברוך שאמר״, וואָרום

דאָס איז ביי מיר געווען אַ נייעס; ביי אונז האָב איך עס קיינמאָל נישט געהערט, אַז מ'זאָל חנוכה דעם מזמור אויסזינגען בעת'ן דאַווענען.

אין דזשיקעוו זיינען מיר אַריין אין אַ גאַנץ לערן צוג, וואָס איז געלאָפן גלייך קיין וואַרשע, אָבער האָט זיך אָפּגעשטעלט פאַר אַ גאַנצע נאַכט אין דער סטאַנציע סקאַרזשיסקאָ.

גלייך נאָך אונז איז אויך אַרויפגעקומען אין וואַגאָן אַ פוילישער ייד מיט אַ קאַשקעטל. אַריינקומענדיק אין וואַגאָן, האָט ער גלייך עפּעס אַ לייג געטאָן אויף אַ ניט פאַרנומענעם זיץ־פּלאַץ, און אַ זאָג געטאָן — „זעט יידן, יאָך האָב שוין געלייגט אַן עירוב, זאָל קיינער נישט צונעמען מיין זיץ". אַזוי פאַרנדיק, האָט זיך אונזער פוילישער ייד פאַרקוקט אויף מיין סאַמעטענעם קאַפּעליוש און ס'איז אים גאָר נישט געפעלן. ס'איז שוין גלייכער, אַז דער טאַטע זאָל איבערנעמען מיין קאַפּעליוש און איך זאָל בעסער אָנטאָן דעם טאַטנס ווינטער־היטל, זאָגט ער. האָבן מיר טאַקע אויפן אָרט געמאַכט די חלופין. נאָכדעם, זייענדיק אין וואַרשע, האָט מען דעם טאַטן מיט מיין קאַפּע־ליוש אָנגענומען פאַר אַ רבין און ביי יעדער געלעגנהייט אים באַמערקט אַז ער מוז זיין אַ קיר"ה'שער.

וואָס ווייטער, איז אַלץ ענגער געוואָרן אינעם וואַגאָן. ס'זיינען אַרויפ־געקומען סאָלדאַטן, יונגע און אַלטע קריסטן מיט זעק און פּעק, גרויסע און נאָך גרעסערע, אָנגעפילט אַלע פּאָליצעס, האָבן זיי פאַרנומען די גאַנצע פּאָדלאָגע צווישן די בענק און אויף יעדן דורכגאַנג, נישט איבערלאָזנדיק אַ שטיקל פּלאַץ אַפילו ווי אַ שפּילקע די גרויס; געהאַלטן אין איין שטופּען און שטורקען און דורכוואַרפן זיך מיט וואולגאַרע אויסרופן.

מיר, די פּאָר יידן, האָבן שוין פון לאַנג אויפגעגעבן אונזער שמועס און איינגענומען אַן אָנגעשטרענגטע און פאַרזאָרגטע שווייגעניש; אַפילו די מאָדערן געקליידעטע צווישן אונז האָבן זיך איינגעקאָרטשעט, גלייך ווי ס'וואָלט מעגלעך געווען צו ווערן איינגעשרומפּן אין דער אייגענער הויט. בקיצור, מיר זיינען אַלע איינגעדריים און איינגעטוליעט, אַזוי אַז מיר זאָלן פאַרנעמען וואָס ווייניקער פּלאַץ און ציען וואָס־ווייניקער אויפמערקזאַמקייט. דאָס שטי־קעניש און דאָס געדרענג ווערט וואָס־אַמאָל אַלץ גרעסער; פון אַ ריר טאָן זיך פון אָרט אָדער גאָר גיין אין בית־כסא קאָן גאָר קיין ריי ניט זיין — ווער וויל דאָס ריזיקירן צו ווערן אַרונטערגעשטופּט, אָדער טאַקע דירעקט פּשוט אַרונטערגעוואָרפן פונעם צוג?

מ'זיצט אַזוי אין געהאַקטע וואַנדן; ציטנוויז גיט מען אַ טאַפּ צום בייטל געלט וואָס איז צוגעבונדן צום הויזן לייב — אפשר האָט זיך ווער־

עס־איז שוין מרחם געווען דערויף. נאָר איין מחשבה באַשעפטיקט דעם מוח — מ׳זאָל נאָר אַריבערקומען די נסיעה בשלום, מיט גאַנצע ביינער; ס׳ווילט זיך נאָכזאָגן דעם פסוק פון אונזער פאָטער יעקב: „אם יהיה אלקים עמדי ושמרני בדרך הזה...״

צו מיינע צרות האָב איך נאָך אַלע מינוט געדאַרפט זיין דער שומר איבער ק. נ.׳ס בייטל.

איר דאַרפט נישט פאַרגעסן, אַז דאָס איז געווען חנוכה צייט. כאָטש מיר האָבן שוין פון לאַנג אָנגעהויבן צו פאַרגעסן די אַמאָליקע שיינע חנוכה׳ס ווען אין אַלע הייזער איז געווען וואַרעם און ליכטיק, און אין די אָוונטן איז מען געזעסן און געשפּילט אין קאָרטן, פאַרברענגט אין אינטערעסאַנטע שמו־עסן, און אגב פאַרזוכט אַ שטיקל גענזענס אָדער די הייסע גריוועס וואָס האָבן זיך געפּרעגלט אויפן אויוון. אַפילו אין בית־מדרש האָט מען זיך אין חנוכה ווי אויך אין דער „ניטל נאַכט״ (ווייניאַכטן — מיר האָבן דוקא געהאַלטן פונעם רוסישן קאַלענדאַר) דערלויבט צו שפּילן אין קאָרטן; אַזוי אויך ביים רב האָבן זיך די מקורבים צוזאַמענגעקליבן און געשפּילט אין אייגנגעמאַכטע „קוויטלעך״ מיט נומערן פון 15 ביז 20, אָנשטאָט די פאַרכישופטע בילדער וואָס געפינען זיך אויף די קאָרטן, רחמנא לצלן.

הייסע חסידים פלעגן אויף שבת חנוכה פאָרן צום רבי׳ן צו זען דעם רבי׳נס חנוכה לעמפּל און זיין בעת דעם צינדן די חנוכה ליכט. פון דעם האָבן זיי געשעפּט שפע און התפעלות אַ גאַנצן ווינטער און זיך אָנדערציילט פאַרשיידענע חידושים. מ׳פלעגט ביי אונז, למשל, דערציילן אַז דער סאַדוגורער רבי האָט בירושה אַ חנוכה־לעמפּל פונעם ריזשינער זצ״ל, וועלכער שטאַמט כידוע פון דוד המלך, איז דאָס די גרויס ווי אַ גאַנצע שטוב און דער רבי גייט אַריין אינעם חנוכה־לאָמפּ בעת דעם צינדן די ליכטעלעך אויף וועלכע ער פלעגט פאַרנוצן אַ גאָר גרויסן זאַפּאַס אויל. צו באַשטעטיקן די מעשה איז ביי אונז געווען אוממעגלעך, ווייל פון דער סאַנדזער מחלוקה איז ביי אונז קיין סאַדוגורער חסיד נישט געווען בנמצא אַפילו אויף אַ רפואה...

יאָ, יענע חנוכה׳ס זיינען פאַרביי און וועלן שוין מער נישט קומען צוריק, אָבער אויף גענז, איז מען אין יענעם ווינטער פון תרפ״א געווען נאָך גרעסערע בעלנים, ווייל ס׳איז פשוט געווען אַ מאַנגל אויף עסנוואַרג. אַזוי ווי ס׳איז נאָר אַרויף אַ וואָגן מיט גענז אויפן מאַרק, זיינען שוין געהאַנגען צענדליקער הענט פון מענער און ווייבער איבערן וואָגן אַרום און אַרום, טאַפּנדיק די גענז און נאָכלויפנדיק דעם גייענדיקן וואָגן. דער פויער פלעגט פון זיין זייט פאָכען מיט דער בייטש איבער די הענט, אָבער דאָס האָט קנאַפּ

וואָס געהאָלפן — יעדער האָט געוואָלט כאַפּן די בעסטע גאַנז. פון אַ גאַנז האָט מען געקענט איינטיילן פאַר די בני־בית כמעט פאַר אַ גאַנצער וואָך, אָפילו פון דער „דרויבע״ האָט מען געהאַט אַ פּאָר מאכלים, היינט וואו זײַנען די פעדערן און דער פוך פאַר אַן „איינשיט״?

האָט טאַקע אָפּגעגליקט ק. ג.׳ס פּרוי צו קויפן אַ פעט גענזל דינסטיק אויפן יאַריד, האָט מען דאָך פאַרשטייט זיך מיטוואָך אויסגעלאָזן דאָס שמאַלץ. איז ק׳ ג.׳ען אַ שאָד געווען איבערצולאָזן די גריוועגעס, האָט ער ווייזט אויס אַריבערגעכאַפּט די מאָס. דאָנערשטיק אין מעליץ, באַזונדיק אסתר גרינשטיינס מחותנים, האָט ער אויך עפּעס טועם געווען. די אַלע „מעשים״ האָבן ערשט געוויזן זייער „פּעולה״ דאָנערשטיק אָוונט. איך האָב אים שוין גאָרנישט מקנא געווען. אַלע מינוט גייענדיק, יאָ, ס׳זאָגט זיך אַזוי גייענדיק — ווען מ׳קען נישט קיין שפּילקע וואַרפן — גייענדיק אַרויס, פלעגט ער מיר איינשטופּן זיין ביטל געלט. עטלעכע מאָל איז ער שיעור נישט „אַרויס־געשטופּט״ געוואָרן פונעם צוג.

ווען ס׳איז געוואָרן פינסטער איז דער עולם געוואָרן רואיקער און מידער; מאַנכע זיינען וואַקלענדיק געוואָרן פאַרזונקען אין שלאָף, זיינען מיר געוואָרן אַ ביסל זיכערער מצד די סאָלדאַטן און סתם גויים... די וואַגאָנען זיינען אין יענער צייט נאָך געווען צובראָכן פון דער וועלט־מלחמה, די פענסטער פאַרשלאָגן מיט ברעטלעך; ניט געווען קיין באַהייצונג און ניט קיין באַלייכטונג; איבערן גאַנצן וואַגאָן האָט געברענט בלויז איין ליכטל, וואָס איינער פון די פּאַסאַזשירן האָט אָנגעצונדן. ס׳ווערט גאַנץ שפּעט אין דער נאַכט. דער וואַגאָן שאָקלט און דער עולם דרעמלט. פון צייט צו צייט פאַלט דאָס איינציקע ליכטל אום, און ס׳ווערט גאַנץ פינסטער...

מיר אין אונזער ווינקל דערמאָנען זיך, אַז ס׳איז דאָך פאַרט חנוכה! דער פּוילישער ייד מיטן קאַשקעטל שלעפּט עפּעס ווי דורך אַ מופת פלוצים פון ערגעץ אַרויס אַ חנוכה־ליכטל און דערלאַנגט עס דעם טאַטן אָנצוצינדן. דער טאַטע צינדט אָן, מאַכט אַ ברכה... און שעשה נסים... און טריפט עס אָן אויפן פענסטער.

דאָס ליכטעלע לייכט אַזוי אומעטיק און וואַרפט אַ טרויעריקן שיין... דאָס פלעמעלע בויגט דאָס קעפּעלע אַהער און אַהין שרעקנדיק...

יאָ, נסים איז אונז אויך איצט געשען; נסים וועלן אונז געשען אויב מיר וועלן בשלום אָנקומען קיין וואַרשע... מיר לעבן נאָר מיט נסים... ס׳ווערט אָבער דאָך עפּעס גרינגער און מונטערער אויפן האַרצן...

ליבוש בערל

# אין די פאָרכטיקע טעג

אין די יאָרן פון פאַר דער ערשטער וועלט מלחמה, ווען די יידישע וועלט איז נאָך געווען אַ וועלט, און ווען די אידישע שטעטלעך אין מערב גאַליציע זיינען געווען גוט איינגעפונדעוועט און האָבן פאַרמאָגט טויזנט יידישע חנ׳ען, האָבן מיר יונגוואַרג אין קאָלבסוב [קאָלבושאָוו], ווען ס׳איז געקומען אלול־צייט, געהאַט אונדזערע אייגענע שטיפערייען.

אמת, די אימה פון די פאָרכטיקע טעג האָט אויך אויף אונז אָנגעוואָרפן אַ מורא, דאָך האָט דער איבערפלוס פון קינדערשע ענערגיע שטענדיק געפונען אַן אויסדרוק.

ס׳זיינען געווען אַזעלכע וואָס אלול־צייט זיינען זיי אויפגעשטאַנען באַגינען און זיינען געגאַנגען „רייסן". די טייערע געשמאַקע פרוכטן אין די גבירישע גערטנער האָבן פונקט דעמאָלט געהאַלטן אין ווערן צייטיק, פלעגן די קליינע ווילדע חברה׳ניקעס זיך אַריינכאַפּן אין אַ גאָרטן גאַנץ פרי און רייסן פון די ביימער, כדי כאָטש עפּעס אויך הנאה האָבן פון אַ באַטעמט עפּעלע אָדער אַ פּאָר זאַפטיקע גרינע פלוימען. געוויינלעך פלעגן ביי אַזאַ סאָרט עקספּעדיציע געניסן נאָר די ריכטיקע בריונים, די ווילדע יונגען, אַ שטייגער ווי משהלע באָרווער און איציק טאמבער. זיי זיינען כמעט אויפגעהאָדעוועט געוואָרן אין גאַס, האָבן פאַרמאָגט אויסערגעוויינלעכע גבורה און קוראַזש, אַזוי אַז אַלע חדר יינגלעך פלעגן פאַר זיי ציטערן. אָט זיי, די פלינקע, פאַרהאַרטעוועטע האָבן באַוויזן אויף דער שנעל אַרויפצוקלעטערן אויף די ביימער, אָנצופילן די קעשענעס און טאָמער האָט דער באַלעבאָס פון גאָרטן געשיקט דעם גוי מיטן הונט, איז איידער וואָס־ווען, האָבן זיי אַ שפּרונג געטאָן, אַריבערגעקלעטערט דעם פּלויט און ויברח... און זיינען מער ניט געווען.

אַמאָל איז זיי געלונגען איבערצורעדן, אָדער אָפּצושרעקן אַ בעל־בתיש קינד, עס זאָל מיט זיי מיטגיין רייסן, האָט עס על־פּי־רוב פאַרזאָגט אַ צענטן, דאָס מער נישט צו טאָן. דאָס איידעלע שרעקעוודיקע בעל־בתישע יינגל איז כמעט אַלעמאָל געפאַלן אַ קרבן; אָט איז ער געפאַלן און צושטאָכן זיך אַ פוס, אָט האָט ער פאַרטשעפּעט זיינע הויזן אין שטעכלדראָט און פאַרטיק — נישטאָ מער קיין תחתונים; נאָר ערגער פון אַלץ איז געווען אַז ס׳איז אַרונטערגעפאַלן דאָס קאַפּל — דאָס איז געווען די ערגסטע צרה, ווייל ווי קען

אַ יידיש יינגל גיין אין בלויזן קאָפּ אָן אַ יאַרמלקע? פלעגן טאַקע די בעל־בתים און די שומרים פון די גערטנער אויסנוצן אַט אָ דעם צושטאַנד און זיי פלעגן רק נאָר צילעווען אויף אַראָפּכאַפּן דאָס קאַפּל, דאַן פלעגט זיך צופלאַקערן אַ שטאַרקער קאַמף אין וועלכן אַלע יינגלעך האָבן געקעמפט ממש ביז מסירות נפש אַרויסצובאַקומען די יאַרמלקע. אויב אָבער דעם בעל־הבית׳ס צד איז געווען גאָר אַ שטאַרקער האָט נעבעך דאָס יינגל געמוזט מיט תחנונים, מיט געוויין און מיט שווערן הייליקע שבועות אַז מער וועט עס נישט פּאַסירן, אַרויסקריגן דאָס קאַפּעל...

די אמתע חרטה אָבער, פלעגט ערשט קומען יום־כיפור. נישט איין קינדעריש הערצל פלעגט טיאַקקען מיט גרויס מורא בעת דעם קלאַפּן די על־חטא׳ס, ווער ווייס וואָס דער שטן קען דאָרט אין הימל אָנרעדן און אויפרייצן צוליב דעם גיין „רייסן"...

פאַר די בית־מדרש יינגלעך אָבער איז געווען דער גרעסטער תענוג צו „לאַטכענען" דעם שופר. אָנפאַנגנדיק מיט ראש־חודש אלול, פלעגן אַלע בעל תוקע׳ס אַרומטראָגן זייערע שופרות אין טלית־זאַק כדי צו קענען בלאָזן די תקיעות תשר״ק גליך נאָך דעם מזמור „לדוד ה׳ אורי".

אָבער יעדער איינער פון זיי האָט דאָך זיך געמוזט סוף־כל־סוף שטעלן שמונה עשרה, האָבן מיר אַט אָ די גאָלדענע געלעגנהייט אויסגענוצט און שטילערהייט אַרויסגעצויגן דעם שופר, און הידא — חברה לויפן שוין אין די שולכעלעך אָדער גאָר אין ווייבער־שול און מ׳בלאָזט אויף וואָס די וועלט שטייט.

דער בעל־תוקע הערט עפּעס פון דערווייטנס אַ קול שופר, אָבער מילא ווי עס מאַכט זיך, אפשר לערנט זיך ווער בלאָזן, און ווער קען דען טשעפּען זיין שופר? ערשט ס׳קומט נאָך „לדוד אורי", ער צעשפּרייט זיך מיט די הכנות, פאַרשאַרצט דעם טלית, און יאָ, וואו איז ערגעץ דער שופר, טאַקע נישטאָ אין טלית־זאַק, נעלם געוואָרן, ווי קען דאָס זיין, דוכט זיך, נאָר וואָס אָנגעטאַפּט, ביים לייגן די תפילין!

ערשט, ער כאַפּט זיך, נישט אַנדערש ס׳איז די אַרבעט פון די בית־מדרש׳ניקעס. לויפט ער אין איין אָטעם צו דער ווייבער שול, אין די שולעכלעך, ערשט, ס׳איז אַ רעש, אַ געטומל, דער שרייט: „לאָמיך, לאָמיך... אָט אַזוי, נישט אַזוי..." דער רייסט דעם שופר אַהער, דער אַהין, מ׳בלאָזט, מ׳הירזשעט, מ׳שרייט... די פּנימער זיינען פאַרפלאַמט... אָט־אָט, זיי וועלן חלילה צוברעכן דעם שופר...

— שקצים! דראַבעס! גיט אַהער דעם שופר! חברה דערהערן אַ יידס קול, הויבט מען זיך אָן צוצעלויפן אויף טיש, אויף בענק, איינער שפּרינגט, איינער פאַלט, ס׳איז אַ לעבעדיקע וועלט...

פון דעם שפּיל האָבן נישט נאָר די יונגע בית־מדרש ייִנגלעך הנאה געהאַט נאָר אַפילו די גרויסע בחורים וואָס זיינען שוין געשטאַנען אין שידוכים, און אַפילו יונגעלייטלעך באַוויבטע פלעגן זיך אויך צוכאַפּן צום שופר; אפשר, מילא ווי ס׳מאַכט זיך, אפשר וועט מען אַמאָל ווערן אַ בעל־תוקע.

די פלינקע, די פעאיקע האָבן זיך טאַקע אויסגעלערנט בלאָזן שופר, אָבער די טעמפּע, אומגעלומפּערטע זיינען געבליבן ביים הייזעריקן וואָיען... נישט קיין קול שופר, נישט קיין שיעור תקיעה און פון אַ תרועה איז נישטאָ וואָס צו רעדן...

צווישן די לעצטע איז געווען אַ יונגערמאַן מרדכי ווייצען. דאָס איז געווען אַ יונגערמאַן אַ פרומער, וואָס ס׳איז נישט געווען קיין זאַך אין דער וועלט צו שווער פאַר אים... יעדעס שווער שטיקל גמרא, יעדע קשיא האָט ער גלייך געקענט פאַרענטפערן, אָבער פאַרקערט און פאַרדרייט אַזוי אַז נישט ער אַליין האָט געוואוסט וואָס ער רעדט, און פאַרשטייט זיך, אַז אַנדערע האָבן געוויס נישט פאַרשטאַנען וואָס ער זאָגט.

פונדעסטוועגן פלעגט ער שטענדיק פירן וכוחים און זיך שפּאַרן אין לערנען, און שטענדיק האָט ער געהאַלטן פאַרקערט — איפכא מסתברא...

איינמאָל, געדענק איך, האָבן מיר געהאַט אַ גמרא אין וועלכער ס׳האָבן געפעלט עלף בלאַט, האָבן מיר אונטערגעשיקט אַ ייִנגל ער זאָל פרעגן מרדכי ווייצען דעם פשט.

פאַרשטייט זיך, ביי אים איז אַלעס געווען גלאַט — ס׳האָט גאָרנישט געפעלט, ער האָט אַרויפגעלערנט פשט פון איין בלאַט צום צווייטן, אָן צו דערפילן אַז אין צווישן פעלן עלף בלאַט...

פייוועל קאַרפּיאָל, דער אנערקענטער שטאָט־לץ און יאָרן־לאַנגער גבאי פונעם גרויסן בית־מדרש, פלעגן מענטשן זאָגן, אַז ס׳איז נישטאָ קיין זאַך וואָס מרדכי זאָל זיך נישט אונטערנעמען — מ׳דאַרף אים נאָר הייסן. ווען מ׳זאָל אים, למשל, זאָגן: מרדכי, ווער אַן אַם, וואָלט זיך מרדכי גלייך אונטערגענומען צו ווערן אַן אַם... ס׳טייטש! דו האָסט דאָך נישט קיין מילך! בלייבט אַ קשיא...

כשהשנים כתיקונן, אין די נאָרמאַלע צייטן פאַר דער ערשטער וועלט מלחמה האָט ביי אונז נישט אויסגעפעלט קיין בעל־תוקעס אָדער בעלי־תפלה. אין שול אַזוי גוט ווי אין די בתי־מדרשים זיינען שוין געווען חזקות אויף צו בלאָזן און אויף צו דאַווענען.

אין מיינע צייטן זיינען נאָך געווען מענטשן וואָס האָבן געדענקט ווי אין שול האָט געדאַוונט נתנאל חזן. זיי פלעגן דערציילן, אַז ווען נתנאל חזן האָט ראש־השנה ביינאַכט געזאָגט „לדוד מזמור" אָדער אַפילו אַ געווײנלעכן

פרייטיק־צו־נאַכט „ושמרו" פלעגט מען אים הערן ביי ר׳ יעקב עקשטיין אין הויף באַלד אַ תחום שבת דערוויַיט, אַזאַ שאגת ארי האָט ער געהאַט.

אין קליינעם בית־מדרש האָט געדאַוונט ר׳ יענקל שוחט. ער פלעגט אַליין פאַרפאַסן זיינע טרעלעדיקע ניגונדלעך, וואָס ער האָט אויסגעזונגען מיט זיין קוויטשענדיקן אַלטל, וואָס האָט זיך ביי אים קיינמאָל נישט געעלטערט.

פיזועל קאַרפּיאָל פלעגט זאָגן, אַז בריה׳שקייט קען מען זיך נאָר לערנען פון יענקל שוחט... געוואוינט האָט ער אַקעגן דעם רב׳ס דירות, נישט מער ביים רב זיינען די פענצטער געווען זייער הויך און נאָך דערצו מיט פאַרלאָפענע גלאָז, אַזוי אַז ס׳איז געווען אוממעגלעך אַריינצוקוקן פון גאַס ווער ס׳פרעגט אַ שאלה, אָדער ווער ס׳לאָדנט זיך אין אַ דין־תורה. דאַקעגן ביים שוחט זיינען די פענצטער געווען אַזוי נידעריק, אַז אַ הונט פלעגט פאַרביי־לויפנדיק קענען זאָגן גוט־מאָרגן. עסן פלעגט מען דאָרט צוויי מאָל אַ טאָג, און ביידע מאָל פליישיקס.

פסוקי־דזמרה פלעגט זאָגן משה קורץ. ער פלעגט נעמען דעם רבונו של עולם מיט שטורעם. מיט זיין שאָקלען און מיט זיין קול פלעגט ער ממש איינוואַרפן מויערן. ער פלעגט אַזוי צעטרייסלען דעם עמוד, אַז שמעון (קאַפּקע) עלבוים, דער גבאי, פלעגט מוזן ברענגען ספּעציעלע לאַנגע טשוועקעס און צוקאָווען דעם עמוד צו דער פּאָדלאָגע. גאַנץ סליחות פלעגט שמעון עלבוים קלאַפּן לאַנגע נעגל, אָבער ערב ראש השנה, האָבן מיר, בית־מדרשניקעס לויז געמאַכט אַלע באַווארענישן, אַזוי אַז ס׳זאָל נישט זיין קאָנטיק, און ראש־השנה אין דער פרי, אַזוי ווי משה קורץ איז נאָר צוגעגאַנגען זאָגן „אדון עולם" פלעגט שוין דער עמוד געטראָגן ווערן ווי אַ שיפל אין אַ שטורעם און די ליכט פלעגן פליען אָן אויפהער אין אַלע זייטן.

ביי משה קורץ איז דאָס שאָקלען זיך נישט געווען קיין נייעס, ער פלעגט זיך שאָקלען טאַפּנדיק אַ הינדל אויפן מאַרק און אַרויסרעדנדיק אויף לשון־קודש דעם „אַי שמינה!" דאָס הייסט, ס׳איז אַ פעטע הון, פונקט ווי ביים דערציילן אַ מעשה נורא פון אַ גוטן יידן, און אַלץ פלעגט ביי אים אַרויסקומען מיט אַ סאָרט יללה, אַ האַלב איכה׳דיק ניגון מיט שאַרפע ריש׳ין און גראָבע למד׳ן, אַזוי אַז מאַנכע פלעגן אים טאַקע רופן משה „לערער". זיינע מעשיות אָן אַ צאָל האָט ער אַלע מאָל אָנגעהויבן מיט דעם פאַרשפּיל פון „בעיני ראיתי" — ער האָט עס אַליין געזען, אָדער „באזני שמעתי" — ער האָט עס אַליין מיט זיינע אייגענע אויערן געהערט. די ליצנים פון שטאָט פלעגן גראָד זאָגן, אַז ווען ער זאָגט בעיני ראיתי קאָן מעגלעך זיין, אַז ער האָט עס געהערט, אָבער ווען ער זאָגט באזני שמעתי — איז, נישט געהערט און נישט געזען... וואָס נעענטער ס׳איז געקומען צו די ימים נוראים אַלץ שנעלער און שטאַרקער

פלעגט ווערן דאָס שאָקלען ביז ס׳האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ ברויזנדיקן שטורעם וואָס האָט זיין קלימאַקס געפונען ראש־השנה אין דער פרי ביים אויס־לאָזן דעם „והנורא בנוראותיך״ און האָט נאָך אָנגעהאַלטן אַ לאַנגע צייט דער־נאָך, נישט אָפּלאָזנדיק דעם עמוד ווי לאַנג דער בעל־שחרית הערשעלע זאַלץ איז נישט צוגעקומען נאָך זיין אויסשרייען דעם „המלך״.

הערשעלע זאַלץ איז געווען פונקט דער היפוך פון משה קורץ. ער פלעגט שטיין פאַרן בורא יתברך אויסגעצויגן ווי אַ סאָלדאַט, אַפילו דעם קיטל זיינעם פלעגט ער איינשטעקן צווישן די פיס ער זאָל זיך נישט וואַרפן, אַזוי האָט ער מסתמא געזען אין „ראשית חכמה״ צי אין אַן אַנדער מוסר ספר, אַז מ׳דאַרף שטיין פאַר גאָט באימה וביראה פונקט ווי פאַר אַ מלך בשר ודם. זיין שטימע איז געווען אַ האַרטלעכע, אָן שום קונצן, אָן לירישע טענער, אָן קאָלאָראַטור, גלייך פון מחזור פלעגט ער דאַוונען, ווי איינער זאָגט אָפּ וואָס ער דאַרף, אָן חכמות. מוסר זאָגן איז געווען אַ טייל פון זיין וועזן; איבערהויפּט האָט ער זיך פאַרנומען מיט דעם, אַז יעדן איינעמס תפילין זאָלן ליגן ריכטיק אויפן קאָפּ, אַזוי ווי עס פאָדערט זיך לויטן דין. יעדן פרימאָרגן פלעגט ער אונטער־זוכן ביי מערסטע מתפללים זייערע תפילין און געהאַלטן אין איין איינציען די קשרים מיט די רצועות, און האָט ער ביי וועמען געטראָפן אָנגעוואַקסענע האָר, זאָל גאָט אויסהיטן, האָט שוין יענער מער נישט געדאַרפט, ער פלעגט שוין באַקומען די ריכטיקע פאַרציע מוסר. אין זיין אָנוועזנהייט האָט מען אויך נישט געטאָרט רעדן טראַגנדיק נאָך די תפילין; דאָס איז ביי אים געווען אַ גרויסער פאַרברעכן. מען האָט זיך געדאַרפט אויפפירן אין איינקלאַנג מיט דעם, וואָס ס׳איז געשריבן אין די הייליקע מוסר ספרים. האָט אימיצער געטראָגן דאָס קאַפּעל נישט אַרויסגערוקט פון אונטערן קאַפּעליוש אָדער חלילה אַ בגד גע־קנעפּלט די לינקע אויף די רעכטע, זאָל גאָט שומר ומציל זיין, דער העלפט דאָך, רחמנא לצלן, דער סטרא אחרא, אַז זי, די קליפּה, זאָל חלילה נישט גובר זיין די קדושה. צוליב זיין מוסר זאָגן פלעגט ער זיך מאַנכעס מאָל פאַר־טשעפּען מיט אַזעלכע וואָס האָבן נישט געוואָלט אויספאָלגן מיט גוטן און ס׳פלעגט אַנטשטיין אַ טומל. אויך די ווייבלעך און מיידלעך פלעגט ער נישט שוינען; ער האָט זיך שוין דערוואוסט ווער ס׳גייט אין די אייגענע האָר און ווער ס׳טראָגט אַ קורצע קלידל. אויף מיין אייגענער שוועסטער ביילע איז ער אַמאָל געקומען זאָגן, אַז איר קלידל גרייכט קוים צו די קני. זי איז אָבער נישט געווען פון די שוויגנדיקע, האָט זי נאָר געהאַלטן אין פרעגן, ווי קומט עס אַז ער, אַזאַ פרומער, זאָל גאָר קוקן אויף ווייבערישע קלידלעך.

אָבער, וואָס אמת איז אמת — ער איז טאַקע געווען אַן ערלעכע ייד אָן פניות, ער האָט עס געמיינט ערנסט. דערפאַר ווען ביים סוף פון דער

ערשטער וועלט־מלחמה, ווען אַ סך פון די געוועזענע שיינע בעלי־בתים זיינען געוואָרן נצרכים, נויטבאַדערפטיקטע, און ס׳האָט זיך געגרינדעט אַ חברה תומכי־עניים, וואָס פלעגט יעדע וואָך אין דער שטיל און בדרך־כבוד יעדן פון די געפאַלענע בעלי־בתים אונטערשטיצן, האָט מען ניט געפונען קיין מער פאַרטרויאונגסווערטן מענטש ווי הערשעלע זאַלץ, און מ׳האָט אים איבער־געגעבן די אויפגאַבע יעדן איינעם צו ברענגען אין הויז אַריין זיין שטיצע; און ער האָט ווירקלעך די דאָזיקע אויפגאַבע זיינע בשלימות דערפילט. קיינער האָט זיך נישט געפילט געפאַלן ווען ער האָט געבראַכט די מטבע. ער האָט אַלעמאָל געהאַט דעם ריכטיקן גוט־מאָרגן און דעם ריכטיקן גוט־יאָר.

הערשעלע זאַלץ האָט אויך געזאָרגט דערפאַר אַז די שטעטלדיקע מידלעך זאָלן נישט בלייבן פאַרזעסן און כאָטש ער האָט גענומען שדכנות געלט איז ביי אים געווען דער עיקר די מצווה. אויך האָט ער ליב געהאַט זיך צו פאַראינטערעסירן וועגן בית־מדרש יינגלעך צי זיי לערנען.

בדידי הווה עובדא — מיט מיר אַליין האָט עס אַמאָל פּאַסירט. איך האָב זיך געשטעלט דאַוונען און איך בין מיט מיינע תפילות שטאַרק געפעלן געוואָרן הערשעלע זאַלץ. ווייזט אויס, אַז כ׳האָב אַמאָל געקענט דאַוונען. די תפילין של ראש זיינען אויך געווען אין אָרדנונג און איך האָב נישט אויס־גערעדט דורך דער גאַנצער צייט. נאָכן דאַוונען האָט זיך הערשעלע נאָכ־געפרעגט וואָס איך לערן און וואו איך לערן, און דערוויסנדיק זיך אַז איך האָב נישט מיט וועמען צו לערנען — דאָס איז געווען מלחמה־צייט, ווען אַלע דערוואָקסענע בחורים זיינען אָדער געווען אין דער אַרמיי אָדער אַוועקגעפאָרן — האָט הערשעלע זאַלץ, אָן אַ שום פאַרלאַנג פון מיין זייט, אַריינקומענדיק צו מענדעלע ר׳ אשר׳לס צו געבן אים זיין וועכנטלעכע תמיכה און טרעפנדיק אים זיצן לערנען איינער אַליין, גלייך צו אים געזאָגט:

— היתכן? ווי זיצט דאָס אַ ייד און לערנט איינער אַליין? ס׳שטייט דך געשריבן „חרב על הבדים" — אַ שווערד קומט אויף די וואָס זונדערן זיך אָפּ! — גלייך צומאָרגנס האָט מיר הערשעלע זאַלץ מודיע געווען, איך זאָל גיין לערנען צו מענדעלען.

דער בעל־תוקע אין קליינעם בית־מדרש איז געווען יחיאל יהושע׳ס. ער האָט געהאַט אַ שופר׳ל אַ קליינס, אַ געדרייטס, אַזוי אַז דאָס פּיסקל האָט אַריינגעפּאַסט גלייך אין מויל און די ברייטע זייט פונעם שופר האָט זיך פאַר־קירעוועט גלייך אַרויף — כלפּי מעלה, אַזוי ווי אין פסוק שטייט: „עלה אלקים בתרועה" דער קול פון דעם שופר׳ל איז געווען אַ לייכט, זשוואָוועס, שנעל און קוויטשענדיק קול׳כל, ווי אַ שטיפנדיק מלאכ׳ל וואָס לאָכט זיך אויס פונעם שטן, און יחיאל יהושע׳ס פלעגט נישט מאַכן די תקיעה ווי אַלע אַנדערע בעל־

תוקע׳ס — „טע־או־־־־״ נאָר ער פלעגט גלייך בלאָזן אַ לאַנגן „טאָו——״ ווייזט אויס, צוליב דעם, וואָס די גמרא רופט אָן די תקיעה מיטן נאָמען פשוטה — אַ גלייכער, נישט קיין געציקלטער בלאָז.

יחיאל יהושע׳ס איז אָן אַ ספק געווען איינער פון די פּאָפּולערסטע פיגורן אין שטאָט. ער האָט געהאַט פיל פריינט און איך גלויב קוים אויב אַז ער האָט פאַרמאָגט איין שונא. פון דער יוגנט אָן איז ער געווען, אַזוי צו זאָגן, דאָס „וואויל־קינד״ פון דער שטאָט. ער איז נאָך געווען גאָר יונג ווען ער האָט באַקומען התרת הוראה, און גלייך איז ער אָנגענומען געוואָרן אַלס דיין ביי מערסטע בעלי־בתים פון שטאָט, כאָטש אָפיציעל האָט קהל, וואָס איז דעמאָלט געווען דאָמינירט פון די עקשטיינס, אים נישט אָנערקענט. דאָס איז געווען צוליב דעם, וואָס זיין פאָטער יהושע ווינמאַן, אַ ייד אַ גרויסער למדן פון די אַמאָליקע סאַנדזער חסידים האָט נישט נושא פנים געווען ר׳ יעקב עקשטיינען.

ס׳איז געווען אַ מעשה. ר׳ וואָלוויש שוחט, וואָס איז געווען אַ שטרענג אָפּגעהיטענער ייד, אַ געוואַלדיקער אומן־יד סיי אין מילה, סיי אין שחיטה; ביי אים האָט אַלץ געמוזט זיין מיטן אַקוראַט אויפן האָר. האָט ער אַמאָל פּוגע געווען אין דעם כבוד פונעם אַלטן רב ר׳ אברהם אהרן ז״ל, האָט דער רב אים צייטווייליק מעביר געווען. איז ר׳ יעקב עקשטיין געגאַנגען בעטן דעם רב ער זאָל מוחל זיין אויף זיין כבוד און אַראָפּנעמען דעם איסור. אין יענער צייט האָט ר׳ יעקב געהאַלטן פאַרן רב אַ באַזונדערע קו ביי זיך אין הויף, און בכלל איז זיין כוח און השפעה געווען געוואַלדיק גרויס. ווייזט אויס, אַז דער רב האָט שוין געוואָלט מוחל זיין, איז אָבער יהושע ווינמאַן אויפגע־שפּרונגען: „רבי, איר טאָרט נישט מוחל זיין — ומורא רבך כמורא שמים״...

אָבער די קעגנערשאַפט פון די עקשטיינס האָט קנאַפּ וואָס געהאָלפן, ווייל יחיאל זייענדיק אַ מזג טוב, און מיט זיין שכל־הישר האָט ער איינגענומען די גאַנצע שטאָט. ווען ס׳איז נאָר געווען אַ פאַרפּלאָנטערטער עסק איז מען געקומען צו יחיאל׳ן, וואו ס׳איז געלעגן אַ קראַנקער האָט מען גערופן יחיאל׳ן, מיט אַלע בעסטע בחורים האָט געלערנט יחיאל יהושע׳ס. צווישן זיינע תלמידים האָבן זיך געפונען הרב ר׳ ארי׳ ליבוש טייטעלבוים — דער קאַלבושאָווער רב, הרב אליעזר דוד בערל פון די בראָנקס און אויך איך. אויסמעסטן אַ הויז האָט מען געבעטן יחיאל׳ן, צו אַ ברית — יחיאל׳ן, אַ דין תורה — ביי יחיאל׳ן, אַ שאלה — צו יחיאל׳ן, חמץ פאַרקויפן — ביי יחיאל׳ן. ענדלעך האָט אויך קהל געמוזט מסכים זיין און אים אָפיציעל אויפנעמען אַלס דיין.

דאָס זיינען געווען די אַמאָליקע יידן, די בעל־תפילות און בעל־תוקע׳ס פון קליינעם בית מדרש.

ח. י. בר־לאה

## נאָר ניט שווייגן!

„אל דמי לכם“ (ישעיה ס״ב, ו׳)

(צום אָנדענק פון די פּאָגראָם־קרבנות אין מאַי 1919)

אַ מאָרגן אין מאַי, פון אַ נאָרע
פאַרדומפּן און פינסטער, דערוואַך איך,
נאָך זענען די אויערן באַטויבט
פון די קנאַלן: אַט גיט עס אַ קראַך גיך!
נאָך הערט זיך דאָס רעוון פון מחנות
באַזויפטע רויב־חיות וואָס בלאָנקן
פאַרשפּעטיקט. די זון אַ פאַרבלייכטע
מיך קוקט אָן; פאַרוואָס צאַנקן
אַזוי פיינלעך די שטראַלן?
דערציטערט, די גרעזלעך זיך בייגן,
באַגעגענען מיין בליק ניט וואַגן.
דער חצוף, דער ווינט,
טייוולאָניש געשווינד
איידער איך זע
פוך, ווייס ווי שניי,
פון אונטער די טריט
כאַפּט און פאַרשווינדט.

טו איך אין מאַרק אַרומרינגלען —
אויסגעפּלינדערט אַלע ווינקלען.
אַ חורבן, אַ שרעק!
אָן סוף, אָן עק,
צעשמעטערט די טירן, שויבן צעבראָכן,
צעריסן די ציכן, צודעקן צעשטאָכן.
אויף דיל אַ הויפן, אַ געמישעכץ:
בוימוואָל אין בוימל, פעדערן אין איינגעמאַכטס,
צעפּליקטע ספרים
אויף שברי־כלים
באַשפּריצט מיט טינט, באַגאָסן
מיט נאַפט, אויך טייער געטראַנק
געפונען אין שפּיגל־שראַנק

ביז ברעכן די רוצחים גענאָסן.
ביים ברונעם אויף אַ שטיין,
ווי קאָן דאָס זיין ?
אַ פלעק, אַ פלאָם, בליאַסק־רויט,
דאָס האָט מען סערל־הענען
אַ בת־שבעים מיט זיבעציק חנ׳ען
דערשלאָגן אויף טויט.

אין בית־מדרש — אַ קנויל פּנים׳ער
געשוואָלן אויפגעבלאָזן אָן אַ שיעור,
רוי־פליייש שוואַרץ־ברוין גאַנצע שטיקער,
אברים שווער, וואַקלענדיק ווי שיכור,
אויגן פאַרגלעזערט, פאַרשטאַרט,
קעפּ פּחדים׳דיק גרויס, האָר פאַרשאַרט,
אין מיצלעך ווייס־רויטע באַנדאַזשירט,
אָרעמס אין ברעטלעך געפּאַסט־פאַרמירט,
לייגט איינער נאָר דעם של־יד,
מאַכט דעם צווייטן של־ראש שוין מאַט.

אין דער לוויה איך צי
מיט גרויס אומעט און מי,
טריט שווערע ווי אין קייטן,
אין גאַס פוןביידע זייטן,
שונאים זייערע גיפטיקע בליקן
פון אויגן פול מיט האַס האַלטן אין איין שיקן.
די קרעפּטיקע צען פערד
דורך און דורך פאַראומערט
קוים וואָס זיי באַוועגן
ווי עפּעס אין פאַרלעגן.
ר׳ שלמה, מיין רבי, צום ערשט מ׳פירט.
אַ יאָר־נײַנציק די שטאָט באַצירט,
אין ש״ס אַ בקי, אין תנ״ך אַ ידען,
פאַר אַ יתומה זאַמלען אַ נדן
געלאָפן איז ער מיילן.
פלעגט תמיד דערציילן

פון פירשטן אין מעדאַלן
און אָרעמע פעאַדאַלן.

פון טהרה־שטיבל די טיר
איך עפן. זע, ווייי צו מיר!
עס ליגט קירשענבוים.
פון נאָז, פון מויל איבער זוים
דאָס בלוט נאָך אַלץ טריפט.
ווי אויסגעטאָקט זיין היפט!
אַ קאָפּ ווי ביי אַן אָדלער,
אויף אייביק האָט ער
געשלאָסן די אויגן די בלויע,
פון זיי האָט אַלעמאָל געשלאָגן הנאה.
אַזוי יונג און שיין מיט פּראַכט
אַן עולה תמימה געבראַכט.

די קרקע צעגראָבן, די ערד צעאַקערט,
די הימלען צעברענט, ביז גאָר צעפלאַקערט,
ס'שטעקט אַרויס אַ לצ'ישער צונג־פייער
איבערן בית־עלמין טויער,
מיט רויטער עזות געהיטן
ווען מ'טוט שוין אויפשיטן
די רידעלן די לעצטע
אויף קברים געשעצטע.

אַרום זיך מיר קוקן,
ס'הייבט אַן שוין צוקן,
ס'לעשט זיך אַ פונק;
נאָר איין טאָג, און כ'בין אויס יונג!
פון אַ שאָטענדיק געשאָרך
אַ פאַרשטיקט קול איך האָרך:
„גערעכט ביסטו אין דיין משפט...״
די לבנה אַ קאַלטע לאַכט מיט שפּאָט —
זע־נאָר, ווער עס זאָגט:
„גרויס, הייליק — אונדזער גאָט!״

ש. מיהלשטיין

## די שענדישאָווער גאַס

די גאַס פון אָפּשייד,
ליגט יעדן אין זכרון,
ווער זיך פון היים געזעגנט
ווער פון נאָנטע אוועקגעפאָרן.

ווער עס איז אַמאָל
ווי גאַסט אַהיים געקומען,
און מיט מאַמעס ליבשאַפט
געוואָרן ארומגענומען.

ווער עס איז אַ רבין
אַקעגן געגאַנגען,
צו זיין דער ערשטער
ביים „שלום דערלאַנגען",

ווער עס איז אַ חתן
אַקעגן געפאָרן,
ווער עס האָט באַגלייט
אַ שווארץ באַדעקטן ארון...

ווער מיט ציטערדיקע הענט
אַ בריוו אויפן פאָסט געלייגט,
און מיט אַ צאַפּלדיק הארץ
פאַר אַן ענטפער זיך געגרייט.

אַ בריוו פון טיפע ליידן
מיט טרערן באַנעצט פּאַפּיר,
אַ בריוו פון יונגער ליבע
מיט פינטעלעך אַן אַ שיעור...

אַ געלט בריוו פון אַמעריקע
דאָס ווייזט מען ניט קיינעם;
אַ בריוו מיט מליצות
פון אַ ניי־איינגעקויפטן איידעם...

* * *

„אהרי׳ש! שפאַן איין דאָס פערדל,
„מ׳וועט נאָך פאַרשפּעטיקן דעם צוג,
„טלית און תפילין וועט מען לייגן אין טשאַרנע
„ווי נאָר עס וועט ווערן טאָג".

„פאָר געזונט! וועסט אָנקומען —
„פאַרגעס ניט צו טעלעגראַפירן,
„פאָר געזונט! ביזט גוט אָרומגענומען?
„למען השם! זאָלסט זיך ניט פאַרקילן!"

דאָס טוען טאַטע־מאַמע
אַ קינד אין דער וועלט שיקן,
און קינד צו טאַטע־מאַמע —
טרויעריק פאַרבענקטע בליקן.

„פון וואָס געשטאָרבן?
„שייך צו פרעגן;
„זייט דער טויט איז אויפגעקומען
„איז מען ניט זיכער מיטן לעבן.

„שטייט דאָך געשריבן
„גאָר פשוט און גלאַט,
„מוטער חוה האָט אַן עפּל געגעסן
„אַלע מענטשן־קינדער האָט׳ס פאַרשאַדט"

דאָס האָט מען אַן אַלטן טאַטן
צו אייביקער רו באַגלייט,
קינדס הארץ איז צעבראָכן,
אַ פרעמדער „פאַרשטייט"...

* * *

אַט קומט מרדכי פרייפעלד
פאַרוואָס איז דער פּיאַקער לײדיק?
וואו זיינען די מחותנים,
וואָס זיינען אַרויסגעפאָרן אַזוי פריידיק?

„געפאָ־ר־ר־ן שרייבן תנאים
„געמיינט שוין אַלצדינג פּאַ־ר־ר־טיק,
„האָט זיך אויסגעלאָזט אַ בוידעם,
„איז מען אַ־ר־ר־ונטער ביים טאַ־ר־ר־טאַק".

וואו איילט זיך דער רב
אין מיטן דערינען?
די שוחטים אין שלאַכטהויז
האָבן אַ שאלה געפונען...

די קצבים פאָלגן נאָך,
דיסקוטירן זיי מיט התלהבות,
עס איז „הפסד מרובה"
נאָך דערצו לכבוד שבת...

* * *

דאַכט זיך שלום בוקאָווצער —
אפשר אַ וואָרט נייעס הערן?
מיט דער מלחמה ממש אויסגעקאָכט,
ער וואוינט דאָך נעבן די קאַסערין!

* * *

געוואַלד! ראַטעוועט!
דעם שמש׳ס הייזל ברענט,
אָט לויפט נעבעך בן־ציונ׳דל,
פאַרבראָכן מיט די הענט.

אַ הייזל מ׳שטיינסגעזאָגט
אַ ניט, האָט מען דאָרט וואוינען געקענט?
אַ דאַך פול מיט לעכער,
מיט וואַנצן פול די ווענט.

בלויז איין חשוב אַרטיקל
אַ שאַד זיך דערמיט צו שיידן,
דער שול־קלאַפּער מיטן סענקל
אַ ירושה געווען פון זיידן.

וואו זיינען די פייער־מענער,
דער שפּריצער מיט דעם לייטער?
אַט לויפט דאָרט שוין אַ פייערמאַן,
ער האָט פאַרגעסן דעם טרומפּייטער...

* * *

אַמאָל פלעגט דאָ איטשל קלעזמער
אַקעגנשפּילן מחותנים,
און ליכט פון אַלע פענסטער
באַלייכטן דעם חתן׳ס פּנים.

„דער חתן אַ תכשיט,
„אַ זיידענער יונגערמאַן;
„די כלה ניט אַזאַ יפיפיה,
„אָבער מיאוסערע פאַראַן..."

„די אויסשטאַפירונג אַ מלכות׳דיקע,
„פאַר פּרנסה דאַרף מען ניט זאָרגן,
„אַז מען האָט קינדער אין אַמעריקע,
„איז אַ דאגה וואו צו באָרגן?"

לעצטנס שפּילט דאָ דער „הזמיר"
די „התקוה" מאָנכעס מאָל,
אַז מ׳באַגלייט אַ חלוצים־פּאָר
אויפן וועג קיין ארץ־ישראל.

* * *

ווילסטו געשיכטע לערנען?
גיי צו דער שענדישאָווער גאַס;
זי ווייסט פון מלחמה, פּאָגראָמען,
פון רציחה און פון האַס.

איז פוילן א באפרייטע —
די שענדישאָווער גאַס איז אַן עדות:
אַ פאַראַד פון באַנדאַזשירטע,
אַ צענדליק לוויות...

* * *

דאָס זענען געווען נאָך
טעג פון רחמנות,
ווען צווישן באַגלייטע און באַגלייטער
זענען געוואָרן געטיילט די קרבנות.

ביז די גאַס האָט דערלעבט
גאַר איינזאַמע צייטן,
ווען ניט געבליבן מער
ווער ס'זאָל ווען באַגלייטן...

# חורבן און אומקום

נפתלי זאַלעשיץ

## די מאַרטיראָלאָגיע פון די קאָלבושאווער יידן

### אַריינפיר

קאָלבושאָוו, וואָס איז געווען אַזוי קליין, אַז מען האָט זי קוים געקאָנט געפינען אויף דער מאַפּע, האָט שטענדיק געהאַט די געשיכטע פון איר יידישער קהילה איבערפולט מיט צרות, שוועריקייטן און אומעט. צי דאָס איז געווען אין פאַרלויף פון ערשטן וועלט־קריג, צי אין די אָנהייבן פון פוילישער מלוכהשאַפט, בעת אַ כוואַליע פון אַנטי־יידישע פּאָגראָמען האָט פאַרפלייצט דאָס לאַנד. אונדזערע טאַטעס האָבן קאָלבושאָוו פון תמיד אָן באַצייכנט ווי אַ מקום המוכן לפורעניות...

פון דער גרויזאַמער תקופה פון יידישער אויסראָטונג און פּלאַנירטער פאַרניכטונג, געגרייט און דורכגעפירט דורך די דייטשע משחיתים אין משך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָט קאָלבושאָוו צו דערציילן איר אייגענע געשיכטע פון טייוולאָנישן מאָרד, סיסטעמאַטיש אויסגעפירט איבער דער יידישער באַפעלקערונג דורך די נאַצישע פאַרברעכער. דער דאָזיקער שוידערלעכער פּרק געהערט צו די שוידערלעכע איסנאָמען אין דעם ליקווידאַציע־פּראָצעס פון פּוילישן יידנטום; וואָרום אין אַזעלכע שטעטלעך, ווי אונדזערס איז געווען, האָט דער דייטש קיין געטאָס נישט איינגעפירט. פון אַזעלכע שטעטלעך האָט ער, געוויינלעך, אַרויסגעטריבן די אומגליקלעכע יידן אין גרעסערע שטעט מיט גרעסערע יידישע ישובים, כדי זיי שפּעטער צוזאַמען אויסצוראָטן. קאָלבושאָוו איז אין דעם פּרט געווען אַנדערש, ווי די טויזנטער קליינע שטעטלעך, צעוואָרפן איבער פּוילן, און אַ געטאָ פאַר די יידן איז דאָ יאָ אויפגעשטעלט געוואָרן. האָט, דעריבער, די קהילה אין אירע לעצטע יאָרן פון ראַנגלענישן פאַר עקזיסטענץ און לעבן, דורכגעמאַכט אַ גיהנום גלייך מיט אַלע אַנדערע גרויסע קהילות.

דער שרייבער פון די שורות האָט מיטגעמאַכט די גרויסע טראַגעדיע פון

אומקום פון דער קאַלבושאָווער יידישער געמיינדע פון סאַמע אָנהייב פון דער דייטשער אינוואַזיע ביז דעם טראַגישן סוף. טיף אין האַרצן האָט זיך איינגעקריצט דער אָנזאָג פון מיין טאַטן, הי״ד, בעת ער איז דורכגעלעכערט געוואָרן פון די קוילן פון די צעיושעטע געסטאַפּאָ־לייט, און פאַרן אויסהויכן זיין צעווייטיקטע נשמה, באַוויזן אַרויסצוזאָגן „שמע ישראל״ צוזאַמען מיט די ווערטער: „נעם נקמה!״ גלייך נאָך דער באַפרייאונג האָב איך דערפילט דעם טאַטנס צוואה. איך האָב זיך פרייוויליק אָנגעשלאָסן אין אַ ספּעציעלע אָפּטיילונג פון דער פּוילישער אַרמיי, און אַזוי אַרום געהאַט די געלעגנהייט נקמה צו נעמען אין די דייטשישע מערדער. מיין גאַנץ וועזן איז געווען דורכגעדרונגען מיט געפילן פון נקמה און איך האָב עס געטאָן מיט כוונה, מיט איפער און מיט אַ געפיל פון אַ באַזונדערער שליחות.

די לעצטע בקשה פון מיין מאַמען, הי״ד, וואָס איז צוזאַמען מיט טויזנטער אַנדערע טייערע קרבנות אַרויסגעפירט געוואָרן פון שטעטל, איז געווען צו מיר — אַן אמתדיק יידישע, אַ בקשה פון אַ יידישער מאַמען. ביים נעמען אָפּשייד פון מיר, פאַר דעם ווי זי האָט זיך געלאָזט גיין אויף דעם לעצטן וועג, האָט מיר מיין מאַמע צוגעוואָרפן די דאָזיקע ווערטער: „בלייב געזונט און שטאַרק, פאַל נישט ביי זיך, שטרעב מיט אַלע כוחות צו לעבן און איבערלעבן. זאָל דיך נישט צעברעכן דאָס יתומדיקייט, ביסט יונג — דיין פליכט איז צו לעבן און לאָזן וויסן דער וועלט ווי מיר זיינען אומגעקומען״.

אָט די דאָזיקע צוואה פון מיין טייערער מאַמען באַטראַכט איך ווי די אויפגאַבע פון מיין לעבן, ווי אַ מיסיע, צוליב וועלכער עס איז מיר געגעבן געוואָרן איבערצולעבן דאָס שרעקלעכסטע קאַפּיטל פון דער יידישער געשיכטע, די שוואַרצע נאַכט פון לאַנגע מעסער אין די יאָרן פון אונדזער נאַציאָנאַלן בראָך. און איך וועל זיך באַמיען צו דערציילן מיינע ברידער, וואָס דער גורל האָט זיי פאַרשווינט מיטצומאַכן דאָס אומגליק, אַלע שרעקלעכע איבערלעבונגען פון דער יידישער קהילה אין קאַלבושאָוו.

## קאַפּיטל איינס

### דער אָנקום פון די דייטשן

די ערשטע צייכנס פון דער מלחמה האָבן דערגרייכט קאַלבושאָוו דעם 30סטן אויגוסט, 1939. דעם זעלבן טאָג, האָט מען אין פּוילן פאַרעפנטלעכט אַלגעמיינע מאָביליזאַציע און אַרום הונדערט קאַלבושאָווער יידן האָבן באַקומען איינרופס־קאַרטן צום מיליטער.

אויף צומאָרגנס אינדערפרי האָבן זיך די אַלע יידן צוזאַמענגענומען. עס האָבן שוין אויף זיי געוואַרט אויטאָס, וואָס האָבן זיי אַלעמען אַוועקגעפירט קיין ריישע, פונוואַנען מען האָט זיי צעשיקט אויף פאַרשיידענע פּונקטן ביי דער דייטשער גרענעץ.

אַ טאָג שפּעטער, פרייטיק, דעם 1טן סעפּטעמבער, איז די מלחמה אויסגעבראָכן. מאָנטיק האָט מען שוין געזען די ערשטע פליכטלינגען פון די מערב שטעט, פאַרשטייט זיך — מערסטנס יידן, און דינסטיק האָבן זיך גענומען באַווייזן די ערשטע גרופּן פון די צעשפּליטערטע פוילישע אַרמייען. מיט יעדער שעה איז די כוואַליע פון פליכטלינגען און סאָלדאַטן געוואָרן אַלץ גרעסער. אין שטאָט איז געוואָרן אַ הונגער צוליב דער גרויסער מאַסע דורכוואַנדערער. די מענטשן־כוואַליעס זענען געקומען, זיך אַביסל אָפּגערוט און ווייטער געגאַנגען — ביז דער שונא איז צוגעקומען צו דער שטאָט.

די לעצטע צוויי טעג פאַרן אַריינקומען פון שונא, האָבן שוין די פוילישע סאָלדאַטן אָנגעהויבן רויבן די יידישע געשעפטן. די פּויערים האָבן זיך דערפון דערוואוסט און גלייך זיינען זיי מחנות׳ווייז אָנגעקומען און אַהיימגעטראָגן די געראַבעווטע סחורות, וואָס די סאָלדאַטן האָבן זיי געגעבן. אַ טייל פוילישע אָפיצירן האָבן געשריגן, אַז מען מוז אויסרוימען די געשעפטן, כדי די דייטשן זאָלן נישט באַקומען קיין גרייטע מאַגאַזינען מיט סחורות. רויבן יידישע געשעפטן איז אַזוי־אַרום געוואָרן אַ פּאַטריאָטישע מצווה.

פון קאָלבושאָוו זענען זייער ווייניק יידן אַנטלאָפן, ווייל די אַלע פליכטלינגען, וועלכע זיינען דורכגעפאָרן, האָבן דערפון אָפּגעראַטן. די דאָזיקע מענטשן האָבן שוין געהאַט דורכגעמאַכט הונדערטער קילאָמעטער צופוס. בלוט האָט אָפּט גערונען פון זייערע פיס. אויב מען האָט געהאַט מיטגענומען אַ פּעקל פון דער היים, האָט מען עס אויפן וועג געמוזט אַוועקוואַרפן; סוף־כל־סוף האָט זיי דער שונא במילא דעריאָגט. דאָס אַלץ האָבן די קאָלבושאָווער יידן געוואוסט. בשעת די דייטשן זענען אַריין קיין קאָלבושאָוו, זענען דאָרט אויך געווען אַ פּאָר צענדליק טויזנט פרעמדע יידן.

פרייטיק, דעם 8טן סעפּטעמבער, נאָך מיטאָג, איז דער ערשטער דייטשער טאַנק מיט איין מאָטאָר־ראָד אַריין דורך דער סענדישאָווער גאַס. די דייטשן זיינען צוגעקומען ביז די קאַזאַרמעס. דאָרט האָבן פוילישע סאָלדאַטן דערשאָסן די דייטשן אויפן מאָטאָר־ראָד און דער טאַנק האָט זיך צוריקגעצויגן. מען האָט געוואוסט, אַז די דייטשן זענען שוין אויך אין בוקאָוויץ, נאָוואַוויעש און אין בזשעזאָווקאַ. דעם פּחד האָט מען געזען אויף יעדן יידישן פּנים; אַלע האָבן זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון, וואָס עס איז דאָ צו דערוואַרטן.

איבערנאַכט האָט זיך דאָס פוילישע מיליטער צוריקגעצויגן אין דער ריכטונג פון מיידאַן־סאָקאָלאָוו. שבת אינדערפרי איז דאָס שטעטל געווען פריי פון פוילישן מיליטער. קאָלבושאָוו האָט אויסגעמיטן אַ קאַמף. עס איז אָבער באַשערט געווען עפּעס ערגערס.

מיטאָגצייט איז פון מעליצער וועג אָנגעקומען פריש פּויליש מיליטער. באַלד איז איסגעבראָכן אַ פּאַניק. די פּאָליאַקן האָבן זיך גענומען גרייטן צו אַ ווידערשטאַנד. זיי האָבן געמאַכט אַן אָפּוועך ליניע פון דעם סענדישאָווער וועג ביז דער שייטערובקע (מעליצער וועג). אין אַלע הייזער זענען געווען סאָלדאַטן. די ציווילע באַפעלקערונג האָט זיך פאַרשטעקט וואו זי האָט נאָר געקענט און מענטשן האָבן געבעטן גאָט, אַז די שלאַכטן זאָל זיך וואָס שנעלער פאַרענדיקן.

צווייַ אַזייגער נאָכמיטאָג, האָט זיך דער קאַמף אָנגעהויבן. די דייטשן האָבן אָנגעפאַנגען צו אַטאַקירן פון די נאָווי־וויעשער פעלדער. די פּאָליאַקן האָבן זיך פון יעדן הויז געוועהרט. גלייכצייטיק זענען אָנגעקומען דייטשע פליער און פון די אַעראָפּלאַנען, וואָס זיינען געפלויגן זייער נידריק באַהאָגלט דאָס שטעטל מיט מאַשין־געוועהר קוילן. דער קאַמף האָט געדויערט צוויי שעה. באַלד האָט מען דערהערט דייטשע קאָמאַנדעס: „פאָרווערטס״, „אַכטונג״, א.א.וו. יעדער איינער האָט גוט געוואוסט, אַז דאָס מיינט צרות פאַר יידן. אַרום 4 אַזייגער איז דאָס שיסן שטילער געוואָרן. מען האָט בלויז געהערט איינצלנע שאָסן און אָפּקלאַנגען פונדערווייטנס. דעמאָלט איז שוין דער קאַמף געווען אין ווירינער וואַלד, וואו דאָס פוילישע מיליטער האָט זיך קאָנצענטרירט.

איך בין אַרויס פון קעלער און געקוקט אין דער ריכטונג פון מאַרק. אין אַלע פיר עקן זיינען געשטאַנען דייטשע טאַנקען. די ווייסע האַקן־קרייצער אויף די טאַנקען האָבן געוואָרפן אַ פּחד. איך האָב געזען, ווי די דייטשע סאָלדאַטן גייען אַריין אין יעדן הויז און פירן אַרויס יידן. מיט די הענט אין דער הויך, ווערן זיי געיאָגט אונטער קלעפּ אין דער ריכטונג פון דער הערן־גאַס. איך בין צוריק אַריין אין קעלער, אין וועלכן עס זענען געווען פאַרזאַמלט אַרום צוויי הונדערט יידן, און דערציילט אַלץ, וואָס איך האָב געזען. די פרויען האָבן אָנגעהויבן וויינען. זיי זיינען געווען זיכער, אַז מען פירט די מענטשן צום דערשיסן, ווייל ס׳האָבן זיך דערהערט קלאַנגען, אַז ווען די דייטשן קומען אַריין אין אַ שטאָט שיסן זיי אויס אַלע יידן.

ס׳האָט לאַנג נישט גענומען און עטלעכע דייטשן האָבן זיך באַוויזן אין אונדזער הויז. זיי האָבן עטלעכע מאָל איסגעשאָסן אין דער לופטן און אָנגעפאַנגען שרייען „אַלעס ראוס״. מיר זיינען אַלע גלייך אַרויס פון קעלער און מען האָט אונדז געיאָגט ווי צעווילדעוועטע שאָף אין דער ריכטונג פון דער הערן־גאַס.

אויפן וועג האָט מען כסדר געטראָפן ליגן טויטע מענטשן און פערד — ציווילע מענטשן און סאָלדאַטן.

אַלע יידן זיינען געוואָרן צוזאַמענגעטריבן אויפן פלאַץ צווישן שלמה זאַנטאג און דוד ליידנערס הייזער. דער פלאַץ איז באַלד געוואָרן פול, מחמת עס זיינען געווען אין שטאָט פיל פליכטלינגען. דעריבער האָט מען די רעשט געפירט אויף די נאָוויוויעשער בלאָניעס. פאַרן אַריינפירן אין פלאַץ, האָבן די דייטשן יעדן ייד גוט באַזוכט און אַלצדינג צוגענומען. נעבן די דייטשן, וואָס האָבן דורכגעפירט די דאָזיקע פערזענלעכע רעוויזיעס, זיינען געלעגן גאַנצע בערג מיט יידיש פאַרמעגן. אין דער זעלבער צייט האָבן די דייטשן פאַרבייגעפירט גאַנצע אָפּטיילן פויליש מיליטער, וואָס זיי האָבן גענומען געפאַנגען. מיטאַמאָל — האָט דאָס גאַנצע שטעטל גענומען ברענען; דאָס איז געווען די אַרבעט פון ספּעציעלע דייטשע סקוואַדראָנען, וואָס האָבן ביים אַריינפאָרן אין שטעטל אונטערגעצונדן די הייזער.

דאָס פייער האָט זיך אַלץ מער דערנענטערט צו דעם פלאַץ, וואו די יידן זיינען געווען פאַרזאַמלט. די דייטשן האָבן ניט פאַרפעלט צו זאָגן, אַז אַלע יידן וועלן ווערן פאַרברענט לעבעדיקערהייט; די יידן האָבן געשטעלט זיי אַ ווידער־שטאַנד, וואָס האָט זיי געקאָסט 65 סאָלדאַטן — האָבן זיי דערקלערט.

דאָס זיינען געווען שרעקלעכע מינוטן, וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט אויף דעם פלאַץ. אַלע זיינען געווען זיכער, אַז די דייטשן וועלן דורכפירן די וואָרנונג. די פייער־צונגען האָבן זיך גענומען דערנענטערן. פון איין זייט האָט געברענט שמואל וויס׳ הויז, פון דער צווייטער זייט חיים ראַפּאַפּאָרטס (נעבן איציק ראָטשטיין), פון דער דריטער זייט האָט זיך דאָס פייער געטראָגן פון דעם סאָקאָל־הויף. מען האָט זיך גענומען געזעגענען איינער מיטן צווייטן. קליינע קינדער האָבן געוויינט. אַ טייל יידן האָבן געזאָגט ווידוי. דער פלאַץ האָט איסגעזען ווי אַ ים מיט הענט, ווייל דורך דער גאַנצער צייט האָט מען געמוזט האַלטן די הענט אין דער הויך. דערביי האָבן כסדר אַלץ צוגעשטראָמט פרישע כוואַליעס פון מענטשן.

אַזוי האָט מען אונדז געהאַלטן ביז אַכט אַזייגער פאַרנאַכט, פיר לאַנגע שעה. קיין פעדער קען נישט באַשרייבן דעם אויסדרוק פון די פאַרצווייפלטע פּנימער פון די, וועלכע האָבן זיך געזען איין טריט פון אַזאַ שרעקלעכן טויט. דאַן איז געקומען אַ באַפעל אונדז פרייצולאָזן. צוריק אין די וואוינונגען אַריין האָט מען אונדז נאָך ניט געלאָזן. די יידישע געשעפטן און וואוינונגען האָבן געדאַרפט זיין פריי פון מענטשן, כדי עס זאָל ניט זיין וואָס צו שטערן די דייטשן ביים

פלינדערן און רויבן. פון שלמה זאַנטאַגס גאָרטן, האָט מען אונדז געפירט אויף די פעלדער פון שמעון עהלבוים, שלמה נוסבוים און דעם גלחס פעלדער. פון די דאָזיקע פלעצער איז נישט געווען דערלויבט אַרונטערצוגיין.

איך אויף די פעלדער איז דאָס בילד געווען שרעקלעך. מאַמעס האָבן געזוכט זייערע קינדער, קינדער זייערע עלטערן און יעדער האָט זיך פאָרגעשטעלט דאָס סאַמע ערגסטע. פון טייל ערטער האָט מען געהערט געשרייען און קרעכצן. ס׳האָבן זיך דאָרט געפונען פאַרוואונדעטע, וואָס האָבן נישט באַקומען קיין מעדיצינישע הילף. אַנדערע ווידער האָבן באַוויינט זייערע נאָענטע, וועלכע זיינען געפאַלן טויט אין די שיסערייען און וואָס מען האָט נישט געקאָנט קובר זיין.

די נאַכט איז צוגעפאַלן. אויף די פעלדער איז, אָבער, געווען ליכטיק, ווי בייטאָג, פון די פייערן פון ברענענדיקן שטעטל.

איך בין גראָד פאַרבייגעגאַנגען דאָס אָרט, וואו דער סטיטשינער רבי זצ״ל, אַ זון פון ר׳ משהלע ראַזוואַדאָווער, איז געווען אויסגעלייגט מיט זיין פאַמיליע. ער איז אויך געווען צווישן די פליכטלינגען, וואָס די דייטשן האָבן אָנגעיאָגט אין קאָלבושאָוו. דער סטיטשינער רבי האָט גראָד געמאַכט „הבדלה״ און, אַפנים צו „בורא מאורי האש״ האָט ער קיין ליכט נישט באַדאַרפט, דערצו האָט אים געדינט דאָס ברענענדיקע שטעטל...

אַזוי איז מען געלעגן אויף די פעלדער אַ גאַנצע נאַכט, נישט ווויסנדיק וואָס דער גורל האָט פאַר אונדז באַשטימט.

עס איז גראָד געווען שבת סליחות — האָבן זיך יידן פאַרזאַמלט פאַרטאָג און געזאָגט סליחות מיט גרויס געוויין און אויסגעגאָסן זייערע ביטערע הערצער צו גאָט.

## קאַפּיטל צוויי

## יידן פאַרזוכן דעם טעם פון דייטשישער אָקופּאַציע

זונטיק מיטאָגצייט, צומאָרגנס נאָכן אַנקום פון די דייטשן, זיינען די יידן וואָס כמעט אַ מעת־לעת צייט האָבן זיי זיך געפונען אויף די פעלדער אַרום דער שטאָט, באַפרייט געוואָרן און די דייטשן האָבן זיי דערלויבט צו גיין אַהיים. פינף יידן האָבן די דייטשן פאַרהאַלטן — הערש קינסטליך, ישראל האָפּערט, משה בינשטאָק, דוד טענצער און זעליג זילבער, וועלכע זיינען פון זיי אויסגעקליבן געוואָרן אַלס זאַקלאַדניקעס, וואָס זיינען געווען פאַראַנטוואָרטלעך מיט זייער לעבן, אַז עס וועלן נישט פאָרקומען קיין סאַבאָטאַזש־אַקטן און עס וועט גאָרנישט געשען

קיין איינצלנע דייטשע סאָלדאַטן. די דאָזיקע „ערבים" זיינען אַרעסטירט געוואָרן און מיט שווערער מי איז זיי, מיט אַ צייט שפּעטער, געלונגען אַרויסצו־באַקומען.

דער גרעסטער טייל מענטשן האָבן מער נישט געהאַט זייערע היימען, ווייל די הייזער זיינען אַוועק מיטן רויך. דאָס פייער האָט אַרונטערגערוימט אַלע הייזער: איף דער זייט פון דער פּאָסט ביז חיים צוקערברויט דער מעד־שענקער, לענג אויס דער הערן־גאַס אויף ביידע זייטן; אין מאַרק: פון דעם גלחישן הויז נעבן דער קירך ביז הערש קליינמאַן, פיל הייזער אויפן מעליצער און מאַדינער וועג און פאַרשיידענע הייזער צעוואָרפן איבער דער גאַנצער שטאָט. די ווידער, וואָס זייערע הייזער זיינען געבליבן גאַנץ פון דער שריפה, האָבן געטראָפן זייער גאַנצן האָב־און־גוטס צעפּלינדערט.

דאָס שטעטל האָט אויסגעזען ווי אַ שלאַכט־פעלד. די הייזער האָבן געברענט אַ גאַנצע וואָך. לעשן די שריפות אָדער עפּעס אַרויסראַטעווען, איז געווען שטרענג פאַרבאָטן. אויף אַלע גאַסן און וועגן זיינען געלעגן אָנגעוואָרפן רעשטלעך פון די פּוילישע אַרמיי־אויסריכטונגען. מיליטערישע וועגענער זיינען געווען איבער־דרייט מיט די רעדער אַרויף און פאַרשיידענע אַפּאַראַטן און אינסטרומענטן זיינען געלעגן צעוואָרפן, צעבראָכן. פּאָליאַקן האָבן זיך אַרומגעדרייט צווישן די פאַר־לאָזענע מאַגאַזין־וועגענער און ביסלעכווייז אויסגערוימט די סחורות. איף יעדן שריט האָט מען געטראָפן פאַרשיידענע וואָפן און אַמוניציע פון דער צעשמע־טערטער פּוילישער אַרמיי. צווישן די צעבראָכענע כלי־משחית האָבן זיך אַרומ־געפּאָרעט פּוילישע קינדער און זיך געשפּילט מיט די געפערלעכע שפּילצייג. דאָ און דאָרט האָט מען געהערט פון אַ פאַל, וואו אַ גראַנאַט האָט עקספּלאָדירט און געהרגעט אַ קינד אָדער אָפּגעריסן די הענט.

אין דעם טומל און שרעקלעכן ווירוואַר, זיינען אַרומגעלאָפן צעווילדעוועטע מיליטערישע פערד, וואָס זיינען געבליבן אָן בעלי־בתים. די פּוילישע פּויערים האָבן געכאַפּט אַזעלכע פערד און זיי געמאַכט פאַר זייער אייגנטום. די זעלבע פּויערים האָבן אויך געזוכט טויטע פּוילישע סאָלדאַטן, וועלכע זיינען געפאַלן אין איזאָלירטע פעלצער, אַרונטערגעצויגן פון זיי די שיך און קליידונג און איבערגעלאָזן זיי אָפּט ליגן אדם־נאַקעט אויף דער ערד. ניט איין מאָל האָט מען באַמערקט אַ פּוילישן פּויער אָפּשניידן אַ פינגער פון אַ געפאַלענעם אָפיציר, כדי אַראָפּצונעמען אַ רינג פון דער האַנט. אַזוי האָט אויסגעזען די פּאַטריאָטישקייט פון פּוילישן פּויער, בעת זיין פאָטערלאַנד איז געפאַלן. וואָס האָבן מיר יידן שוין געקאָנט דערוואַרטן פון אונדזערע „נאָבעלע" פּוילישע שכנים?...

אַזוי גיך ווי די יידן זיינען צוריקגעקומען אין שטאָט, האָבן דייטשע

סאָלדאַטן זיי גענומען שלעפּן צו דער אַרבעט. אַרבעט איז געווען פיל. דאָס ערשטע, וואָס יידן האָבן געמוזט טאָן, איז געווען קובר זיין אַלע טויטע. מתים זיינען געווען גענוג. דער פּריז פאַר איינגעמען דאָס שטעטל איז געווען אין טויטע: 65 דייטשע סאָלדאַטן און אָפיצירן, 150 פּוילישע סאָלדאַטן און אָפיצירן, 20 יידישע סאָלדאַטן פון דער פּוילישער אַרמיי און 21 יידן פון דער ציווילער באַפעלקערונג.

כמעט אַלע געפאַלענע ציווילע יידן זיינען געווען פון דער פרעמד, ווייל בעת די שיסערייען האָט זיך יעדער אָרטיקער ייד באַהאַלטן אַמבעסטן, ווי נאָר ער האָט געקענט; די פרעמדע, אָבער, וואָס האָבן די שטאָט נישט געקענט און דערפאַר ווייניקער געוואוסט וואו זיך אויסצובאַהאַלטן, האָבן פון זיך געגעבן די גרעסטע צאָל קרבנות. צווישן די דאָזיקע געפאַלענע זיינען געווען שמואל ראָזענפעלד, דער שניידער, און פּיניע ראַפּאָפּאָרט, אַ זון פון פתחיה ראַפּאָפּאָרט, וועלכער איז געהאַט געקומען פון אָשוויענטשים; אַ גראַנאַט איז אַריינגעפאַלן דורכן פענצטער פון זיין פאָטערס וואוינונג, אים אָפּגעריסן ביידע פיס און ער איז געשטאָרבן ביינאַכט אין פעלד, וואו מיר זיינען אַלע געווען פאַרזאַמלט. עס זיינען אויך געווען דרייסיק יידישע פאַרוואונדעטע, צווישן זיי: דוד לײדנער, אהרן בירנפעלד, דוד בירנבוים, דער מאַדינער רב — הרב בנציון האָראָוויץ — און פיל אַנדערע.

אַלע געפאַלענע יידן און קריסטן, אָן אויסנאַם, האָבן מיר געמוזט קובר זיין אויפן קריסטלעכן צווינטער. פאַר די געפאַלענע זעלנער פון דער פּוילישער אַרמיי האָט מען געמאַכט אַ ברודער קבר, וואו די יידישע און קריסטלעכע סאָלדאַטן זיינען צוזאַמען באַגראַבן געוואָרן. אין יענע טעג, באַלד ביים אָנהייב פון דער דייטשער אָקופּאַציע, איז עס געווען פאַר אונדז ממש שרעקלעך, הלמאי די דייטשן נעמען בלויז יידן צו דער אַרבעט. באַלד האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז זיי, די דייטשן אַליין, האָבן גאָרנישט דערקענט אַ ייד פון אַ ניט־ייד, נאָר אונדזערע גוטע און לאַנגיאָריקע שכנים, די היימישע פּאָליאַקן, האָבן זיי אָנגעוויזן די יידישע הייזער און אָנגעצייגט וואו עס וואוינט אַ „יודע". גלייך ווי דער דייטש האָט באַקומען די אינפאָרמאַציע, איז ער אַריין און מיט געוואַלדן און אויסטערלישע דייטשע געשרייען, אַרויסגעטריבן אַלע צו דער אַרבעט. דעמאָלט האָבן מיר נאָך קיין גרעסערע צרות נישט געהאַט, האָבן מיר דערפון זייער פיל געליטן.

אין דער זעלבער צייט, זענען באַנדעס דייטשע סאָלדאַטן אַרומגעגאַנגען אין יידישע הייזער מיטן אויסרייד, אַז זיי קומען מאַכן אַ רעוויזיע און זוכן געווער. ביי אַזעלכע רעוויזיעס האָבן זיי אַלץ צוגענומען, וואָס האָט זיך זיי נאָר געטראָפן.

מערסטנס האָט מען ביי אַזעלכע „וואָפן־רעוויזיעס" געזוכט געלט און ווערטפולע חפצים.

די אַלע יידן, וועלכע מען האָט באַערדיקט אויפן קריסטלעכן בית־עולם, האָט מען דריי וואָכן שפּעטער אַרויסגענומען פון זייערע קברים און קובר געווען אויפן יידישן בית־החיים. די פאַמיליעס פון די טויטע זיינען געקומען פון פאַרשיידענע שטעט און דערקענט זייערע קרובים. די צוויי וויכטיקסטע יידן, וועלכע האָבן זיך באַשעפטיקט מיט אָט דעם חסד־של־אמת און זיך דערפאַר פאַרדינט דערמאָנט צו ווערן, זיינען געווען לייב לאַמפּעל, אַ זון פון מאיר לאַמפּעל, און בערישל בילפעלד. לייביש לאַמפּעל האָט עס דערלעדיקט ביי דער דייטשער מאַכט און האָט באַקומען די דערלויבעניש. ער האָט געהאַט באַציאונגען, ווייל באַלד ווי די דייטשן זיינען אַריין האָט ער זיך געמאָלדן, אַז ער איז אַ געוועזענער עסטרייכישער פעלדפעבל, קען גוט די דייטשע שפּראַך און קען דערפאַר בייהילפיק זיין. ער איז שפּעטער געוואָרן אַן אויפקויפער פאַרן דייטשן מיליטער, וואָס איז געשטאַנען אין קאַלבושאָוו. בעריש בילפעלד ווידער, האָט זיך מתעסק געווען מיט די מתים, ווייל ער האָט געוואוסט, אַז דאָס איז איינע פון די גרעסטע מצוות.

אַז מען איז פאַרטיק געוואָרן מיט די טויטע מענטשן, האָט מען זיך געמוזט נעמען צו די טויטע פערד. אין שטעטל זיינען געלעגן איבער אַכציק טויטע מיליטערישע פערד, וואָס זיינען געפאַלן בעת דעם קאַמף. צום באַגראָבן די פערד זיינען מאָביליזירט געוואָרן יידן פון בית המדרש, פאַר וועמען אַזאַ אַרבעט איז געווען באַזונדערס שווער. עס זיינען גראָד געווען זייער גרויסע היצן און די פערדישע פגרים האָבן שוין געפוילט און עס האָט זיך פון זיי געטראָגן אַ געשטאַנק; קיין באַזונדערע מכשירים האָט מען דערצו נישט געהאַט און אַלץ האָט געמוזט געטאָן ווערן מיט די הענט. דערביי האָבן די דייטשן, וועלכע האָבן מיט דער אַרבעט אָנגעפירט, זייער שטאַרק געשלאָגן. אָט, למשל, איז אַ פאַקט, וואָס האָט פּאַסירט ביי דער אַרבעט:

דעם דייטש, וואָס איז געווען דער איפּזעער, איז נישט געפעלן געוואָרן ווי אַזוי יוסף האלער (חוה קליינ׳ס איידעם) טוט זיין אַרבעט. יוסף האלער איז געווען אַ שוואַכער, חסידישער יונגערמאַן, וועלכער האָט זיך געוויס נישט שטאַרק אויסגעטויגט אויף באַגראָבן פערד. דער דייטש האָט באַפוילן, אַז האלער זאָל זיך אַוועקלייגן אין גרוב, אויפן צעפאַלענעם פערד, און די יידן זאָלן אים צוזאַמען באַגראָבן. יוסף האלער איז שוין געווען אינגאַנצן צוגעדעקט מיט ערד, ווען די ביטעס און פאַרשפּראָכענע פּרעזענטן פון די יידישע מיטאַרבעטער, האָבן אויסגעווירקט ביים דייטש, צו דערלויבן די יידן צוריק אויפצוגראָבן דעם גרוב און אָפּצוראַטעווען דעם אומגליקלעכן קרבן.

אַ צווייטער פאַל האָט פאַסירט מיט יאָסל צוקער (יאָסעלע דיביסערס איידעם). איך ער האָט ניט געפונען קיין חן אין דעם דייטשס אויגן. האָט ער אים געבונדן די הענט און פיס מיט אַ דראָט, וואָס האָט זיך שטאַרק איינגעשניטן אין פלייש, און אַזוי האָט מען אים אַריינגעוואָרפן אין קעלער פון דער קירכע. ער איז דאָרט געלעגן פיר טעג, אָן עסן און אָן אַביסל וואַסער. נאָך פיר טעג צייט האָט מען אים באַפרייט, אָבער די הענט און פיס האָבן אים אָנגעהויבן פוילן. ער איז אויסגעגאַנגען פון הונגער אין געטאָ.

דאָס באַגראָבן די פערד האָט גענומען אַ וואָך צייט. די פּאָליאַקן האָבן זיך אַרומגעדרייט מיט די הענט אין די טאַשן און הנאה געהאַט, אַז די אַרבעטן ווערן געטאָן פון די יידן. זיי האָבן נישט געוואָלט העלפן אין דער אַרבעט, ניט קוקנדיק וואָס עס איז געווען די געפאַר פון אַן עפידעמיע און מען האָט באַדאַרפט די אַרבעט פאַרענדיקן וואָס שנעלער. נאָך דער דאָזיקער אַרבעט, האָבן יידן געמוזט אָפּרייניקן דאָס שטעטל פון אַלע אַנדערע מיליטערישע זאַכן, וואָס האָבן זיך נאָך אַלץ געוואַלגערט אין די גאַסן.

יידן האָבן זיך שוין צוגעוואוינט צו דער אַרבעט. בעת די אַרבעט איז אָנגעגאַנגען האָבן דייטשע סאָלדאַטן געטריבט די געשעפטן. ווען מען איז געגאַנגען זיך באַקלאָגן אין דער קאָמאַנדע, האָבן די אָפיצירן דאָס ערשטע געפרעגט, צי עס האַנדלט זיך וועגן יידישע געשעפטן; אין אַזאַ פאַל קענען זיי קיין הילף נישט געבן, פלעגן זיי דערקלערן.

דאָס אַלץ איז פאָרגעקומען אין דער צייט פון די ימים־נוראים. יידן האָבן נישט געטאָרט דאַווענען. די שולן און בתי־מדרשים זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין מיליטערישע מאַגאַזינען. איבּ מען האָט געטראָפן יידן, וועלכע האָבן זיך צוזאַמענגענומען אין אַ פריוואַטן הויז און געמאַכט אַ מנין, האָט מען זיי, אָנגעטוענע אין טליתים, געטריבן צו דער אַרבעט.

איך דערמאָן זיך, ווי איך האָב דאָס ערשטע מאָל געאַרבעט אין די מאַגאַזינען. פאַרטאָג האָבן מיך סאָלדאַטן אַרויסגענומען פון בעט. דורך דעם טאָג האָט מען אַזוי געכאַפּט מער ווי הונדערט יידן צו דער אַרבעט. מיר האָבן באַדאַרפט אַריבערטראָגן קאָסטנס מיט שפּייז פון ווייבערישן גרויסן בית־מדרש אין דער שול אַריין. יעדער קאַסטן האָט געוואויגן 100 קילאָ (240 פונט). עס זיינען געווען צווישן אונדז שוואַכע מענטשן, ווי למשל, שמשון שוחט, משה קורץ מיט זיין זון אלימלך, נתנאל זילבערס זון אהרן, וועלכער האָט געהאַט אַ לונגענפעלער. די אַלע מענטשן האָבן געמוזט אַליין טראָגן די קאַסטנס איף די פּלייצעס. אויב אַ צווייטער, אַ שטאַרקערער האָט געוואָלט העלפן, האָבן די דייטשן שלאָגנדיק מיט קאָלבעס פון די ביקסן אַוועקגעיאָגט.

עס שטייט מיר פאַר די אויגן, ווי שמשון שוחט, אַן אײדעלער יונגערמאַן, האָט געטראָגן אַ קאַסטן אויף זיינע פּלייצעס און דערמיט אַוועקגעפאַלן אויף די שטיגן, ווערנדיק צוגעדריקט פון דער משא, אַזוי, אַז בלוט האָט געררונען פון זיין מויל און נאָז. די דייטשן האָבן אים דאַן אַזוי שטאַרק געשלאָגן, ביז ער האָט זיך אויפגעהויבן און ווייטער געשלעפּט דעם קאַסטן.

ביי דער זעלבער אַרבעט איז צו מיר צוגעגאַנגען אַ יונגער דייטש פון אַרבעטס־דינסט, אַרום 15־17 יאָר אַלט, און מיך גענומען שלאָגן. איך האָב אים געפרעגט פאַרוואָס ער שלאָגט מיך, איך טראָג דאָך גוט די קאַסטנס. האָט ער מיר געענטפערט, אַז דאָס איז דערפאַר וואָס איך בין צו שיין און צו ריין געקליידעט: צו דער אַרבעט דאַרף מען קומען אין אָפּגעריסענע מלבושים.

עטלעכע מינוט שפּעטער האָט דער זעלבער דייטש געשלאָגן אויך יוסף חיים אָנפאַנג ס זון — יוחנן. יענער האָט גראָד אויך גוט געטראָגן די קאַסטנס. האָט ער ווידער געפרעגט דעם דייטש, פאַרוואָס אים קומט שלאָגן. דער דייטש האָט געענטפערט, ווייל ער גייט אָנגעטאָן אין אַ שמוציקער און צעריסענער קאַפּאָטע. אַזוי האָט מען קיינמאָל נישט געקאָנט וויסן, וואָס ס׳וועט די רשעים בעסער געפעלן.

יענעם טאָג זיינען מיר אַלע אַהיימגעקומען — נאָך אַ טאָג פון שווערער אַרבעט אָן עסן — צעשלאָגן און צעביילט.

## קאַפּיטל דריי

## יידן ווערן געטריבן איבערן סאַן — די „גרויסע רעוויזיע" דער בלוי־ווייסער מגן־דוד

ערב סוכות, דעם ערשטן נאָוועמבער 1939, זיינען קיין קאַלבושאָוו געקומען 10 געסטאַפּאָ־לייט און געהייסן זיך אַרויסרופן פינף יידן. די פּוילישע פּאָליציי האָט באַלד צוגעשטעלט פּאָלגנדיקע: אָשר דערשאָוויטש, הערש קליינמאַן, לייביש בעק, מאָטיל לאַמפּעל און קיוואַשע לייסטנער. באַלד האָט זיך אין שטעטל אָנגע־הויבן רודערן, ווייל מען האָט זייער גוט געוואוסט, אַז קיין טובה איז מען דאָ נישט אויסן.

אַזוי שנעל ווי די יידן האָבן זיך באַוויזן פאַר די געסטאַפּאָ־לייט, האָט מען זיי באַלד אָפּגעשניטן די בערד. דאָס איז געווען אַזאַ מין באַגריסונג; דאַן האָט מען זיי באַפוילן צו לאָזן וויסן אַלע יידן, אַז אין משך פון זעקס טעג מוזן אַלע פאַרלאָזן די שטאָט. די יידן וועט זיין דערלויבט מיטצונעמען אַלץ וואָס

זיי וועלן האַלטן פאַר נויטיק. ווער עס וועט פאַרבלייבן נאָך דער צייט — וועט דערשאָסן ווערן, האָבן זיי געוואָרנט.

די ידיעה האָט שטאַרק געטראָפן אונדזער שטעטל. מענטשן זיינען אַרומ־געלאָפן ווי פאַרסמטע; ווי שלעכט עס איז נישט געווען האָט מען זיך פאָרט נישט געוואָלט שיידן מיט אַלעמען, בפרט, אַז עס איז געווען ערב ווינטער און מען האָט נישט געוואוסט, וואָס עס דערוואַרט אין די נייע מקומות.

איצט, צוריקקוקנדיק אויף אַלץ וואָס איז געשען, קאָן מען זאָגן: הלוואי וואָלטן די דייטשן אָט די אויסזידלונג דורכגעפירט, ווי זיי האָבן עס געטאָן אין אַנדערע ערטער. אין טאַרנאָבזשעג, למשל, זיינען די דייטשן געקומען און צוזאַמענגענומען אַלע יידן און זיי געטריבן צופוס איבערן סאַן. אמת, עס זיינען דאָרט געווען קרבנות. די וועלכע מען האָט אַרויסגעיאָגט, זיינען שפּעטער פאַרשיקט געוואָרן פון די רוסן קיין סיביר. פיל זיינען טאַקע געשטאָרבן פון הונגער, אָבער אַ טייל זיינען געראַטעוועט געוואָרן.

די געסטאַפּאָ־לייט האָבן פאַרלאָזט די שטאָט און דערווייל האָבן כלערליי שאַרלאַטאַנען אַרויסגעלאָזט אַ קלאַנג, אַז מען קאָן די גזרה אָפּרופן, אויב מען וועט געבן אין די הויכע פענצטער געלט. יידן האָבן גערן געגעבן געלט. מען האָט צונויפגעזאַמלט די סומע פון 25 טויזנט זלאָטעס, פון וועלכע דער פוילישער בירגערמייסטער יאַנושעווסקי האָט אַראָפּגעלאָזט אין זיין טאַש דעם גרעסטן טייל. ווען נאָך זעקס טעג זיינען די זעלבע געסטאַפּאָ־לייט ווידער געקומען אין שטעטל און געטראָפן אַלע יידן דאָרט, האָבן זיי אַרעסטירט צען יידן, ווי ערבים און דערקלערט, אַז אויב די יידן וועלן נישט פאַרלאָזן קאָלבושאָוו אין לויף פון די נאָענסטע פיר טעג, וועלן די צען הענגען אין מיטן מאַרק. די 10 זאַקלאַדניקעס זיינען געווען: ראובן וויינשטיין (מיין שוואָגער), משה שטוב, הערש שפּיראָ (דער בעקער), פּיני נוסבוים (הערש חיימס אײדעם), אלימלך וואַקספּרעס, אליעזר מייער, משה פעניכעל, לייביש וואלדמאַן און נאָך צוויי, וואָס זייערע נעמען איך קען זיך נישט דערמאָנען.

דעמאָלט האָבן אסך משפחות גענומען זייערע בעבעכעס און פאַרלאָזט די שטאָט. אין זייערע וואַנדערונגען זיינען פילע פון זיי דערגאַנגען ביזן סאַן און אַריבער צו די סאָוויעטן. געוויסע משפחות זיינען פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר און אַ דאַנק דעם האָבן זיי זיך געראַטעוועט.

צוויי טעג שפּעטער איז מען געוואויר געוואָרן, אַז די גזירה איז שוואַכער געוואָרן און אַז אין סאָקאָלאָוו האָט מען זי איבערהויפּט צוריקגערופן, און יידן האָבן איפּגעהערט אַוועקפאָרן. נאָך פינף טעג — עס איז געווען דעמאָלט שמיני־עצרת — איז געקומען אַ באַפעל פון דער דייטשער געסטאַפּאָ, אַז מען

זאָל די אַרעסטירטע יידן באַפרייען. ס׳האָט זיך דאַן אַרויסגעוויזן, אַז די רוסן האָבן צוריקגעצויגן זייער גרענעץ ביז צום טייך בוג, וואָס איז 70 קילאָמעטער פון סאַן און אַז דער באַפעל איז נאָר חל אויף די ערטער, וואָס געפינען זיך 50 קילאָמעטער פון דער גרענעץ. פיל קאָלבושאָווער, וועלכע זיינען שוין געווען אונטערוועגנס, האָבן זיך צוריקגעקערט און ס׳גאַנצע שטעטל איז געווען גליקלעך, וואָס מען קען בלייבן „אינדערהיים״. די, וועלכע זיינען שוין געווען אויף דער רוסישער זייט האָבן מקנא געווען די פאַרבליבענע.

דעם 15טן נאָוועמבער איז פאָרגעקומען די גרויסע „רעוויזיע״ — אזוי האָט מען די דאָזיקע רעוויזיע אין קאָלבושאָוו גערופן. די נאַכט פריער איז אַרונטערגעפאַלן דער ערשטער שניי. פאַרטאָג האָט דאָס מיליטער, וואָס איז געשטאַנען אין קאָלבושאָוו, אַרומגעשטעלט דאָס גאַנצע שטעטל. אזוי ווי ס׳איז געוואָרן ליכטיק, האָבן די סאָלדאטן, אָנגעפאַנגען מאכן רעוויזיעס אין יעדן יידישן הויז, און האָבן צוגענומען אַלע סחורות און לעבנס־מיטלען. די זאַכן האָבן די דייטשן אַרויסגעטראָגן פאַר יעדן הויז און די מיליטערישע וועגענער האָבן עס אַוועקגעפירט אין זייערע מאַגאַזינען. אין דעם טאָג זיינען אַוועקגעפירט געוואָרן הונדערטער וועגענער יידיש פאַרמעגן. עטלעכע טעג פאַר דער רעוויזיע האָט דער שטאָט־קאָמענדאַנט געגעבן אַ באַפעל, אַז אַלע סחורות מוזן זיין אויסגעפּאַקט אין די געשעפטן און אַז דער האַנדל זאָל ווידער נאָרמאַל אָנגיין. יעדעס שטיקל סחורה, וואָס וועט געפונען ווערן נישט אין געשעפט, וועט, ווי אַ שטראָף, צוגענומען ווערן. פיל האָבן טאַקע אויפ־געפּאַקט זייערע פאַרשטעקטע סחורות, נישט וויסנדיק אַז דער באַפעל איז ספּעציעל אַרויסגעגעבן געוואָרן, כדי די רעוויזיע זאָל זיין מער דערפאָלגרייך.

* * *

דעם ערשטן דעצעמבער 1939 האָבן אין די גאַסן אין די אויסגעקלעפּטע פּלאַקאַטן געלאָזט וויסן אַלע יידישע איינוואוינער, אַז יעדער ייד איבער 12 יאָר מוז טראָגן אַן אָרעמבאַנד. דער באַנד דאַרף זיין פון ווייסן טוך, 10 צענטימעטער ברייט, מיט אַ בלויען מגן־דוד — 8 צענטימעטער ברייט. דער באַנד מוז געטראָגן ווערן אויפן רעכטן אָרעם.

דער אויפטו מיט דעם אָרעמבאַנד איז, נאַטירלעך, געווען געווענדט קעגן די יידן. פריער האָט מען זיך געקענט פרייער באַוועגן; ספּעציעל די, וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין סעמיטישן אויסזען און האָבן אַזוי אַרום געקענט אויסמיידן די אויפמערקזאַמקייט מצד די דייטשן; אָבער מיט דעם באַנד האָט מען פון דער וויטנס דערקענט יעדן ייד. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס זיינען טאַקע די דייטשן אויסן געווען.

די ערשטע צייט, ווען די פּאָליציי האָט געכאַפּט אַ ייד אָן אַן אָרעמ־באַנד, האָט מען אים באַשטראָפט מיט 100 זלאָטעס. וואָס שפּעטער איז די שטראָף געוואָרן אַלץ העכער. אין דער צייט פון געטאָ, איז די שטראָף פאַר נישט טראָגן דעם אַרעמבאַנד געווען — טויט־שטראָף. ווען אַ ייד האָט פאַרגעסן זיין באַנד און מען האָט אים געכאַפּט איין שריט פון הויז, איז מער פאַר אים נישט געווען קיין רעטונג. מען האָט אים באַלד געשיקט אין ריישער קרימינאַל און דאָרט דערשאָסן.

דעם טאָג, ווען דער באַפעל איז דערשינען, האָט קיינער נישט געוואַגט צו זיין דער ערשטער אַרויסצוגיין אין גאַס מיט דעם אָרעמבאַנד, וואַרטנדיק אַז דער צווייטער זאָל עס פריער טאָן. ערשט מיטאָג־צייט האָט ד״ר לעאָן אנדערמאַן זיך באַוויזן מיט דעם ערשטן ניי־ווייסן באַנד. ער איז בכוונה דורכגעגאַנגען די יידישע גאַסן צו ווייזן אַ ביישפּיל, אַז ער פירט דער ערשטער אויס דעם באַפעל צו טראָגן אויף זיין מלבוש דעם צייכן פון אַ ייד. געווען איז ער אויבן־אויף אַסמילירט און ביז דער מלחמה מיט די שטעטלדיקע יידן ניט געהאַט צופיל קיין געמיינזאַמעס. דאָסמאָל אָבער, האָט ד״ר אנדערמאַן געוואָלט דעמאָנסטרירן זיין שייכות מיט די פאַרפאָלגטע ברידער.

די דייטשן האָבן דעם באַנד גערופן אַ „שאַנדע צייכן״. יידן האָבן צווישן זיך געזאָגט, אַז אויב זיי וועלן איבערלעבן דעם קריג, וועלן זיי די זעלבע בענדער טראָגן אויף אַלע שמחות. פרויען האָבן געזאָגט, אַז נאָכן קריג וועלן זיי זיך די בענדער אויסשטיקן מיט גאָלד און טראָגן אין די ימים־טובים אַלס אַ צירונג. ליידער האָבן דאָס די מענטשן נישט דערלעבט. מיט די אָרעם־בענדער זיינען זיי געפירט געוואָרן אין די קרעמאַטאָריעס.

קאַפּיטל פיר

## נייע פּאָליציי, נייע גזרות

דעם 25טן יאנואר, 1940, איז געוואָרן אין קאָלבושאָב אַ נייע ענדערונג, צוליב וועלכער די יידן האָבן אָנגעהויבן נאָכמער שפּירן די צרות מצד די דייטשן. דעם זעלבן טאָג איז פון קאָלבושאָוו אַוועק די „גרינע פּאָליציי״ (דאָס איז געווען די געוויינליכע „שוץ־פּאָליציי״ פון דייטשלאַנד, גערופן „שאַפּאָ״) און אויף זייער אָרט איז געקומען אַן אַנדערע, די „גראַנאַטנע פּאָליציי״ — מען האָט זיי, די פּאָליציסטן, אַזוי גערופן, ווייל זיי האָבן געטראָגן גראַנאַט־בלויע אוניפאָרמען. איך מוז דאָ באַמערקן, אַז דאָ האַנדלט זיך נישט וועגן די פּוילישע מלוכה־פּאָליציי, וואָס די דייטשן האָבן צוגענומען צום

דינסט און האָט געהאַט די זעלבע מאַכט ווי פאַר דער מלחמה אין פרייען פוילן. אָט די פוילישע פּאָליציי האָבן די פּאָליאַקן אויך גערופן, בשעת דער אָקופּאַציע „גראַנאַטאָווע פּאָליציי". די דאָזיקע פּאָליציאַנטן האָבן זיך זייער שלעכט אויפגעפירט לגבי זייערע אייגענע ברידער, די פּאָליאַקן, און נאָך ערגער לגבי די יידן.

אין דער דייטשער „גראַנאַט־פּאָליציי" זיינען געווען מאָביליזירט יונגע „פאָלקס־דייטשן" פון 17 ביז 20 יאָר. זיי האָבן זיך רעקרוטירט פון שלאָנזאַקען, טשעכן, אוקראַינער און נאָך פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן, וואָס זיינען באַלד צו־געשטאַנען צו די נאַציס און האָבן זיך פרייוויליק אָנגעשלאָסן אין דער דייטשער זשאַנדאַרמעריע.

די פּאָליציי האָט אָנגעהויבן שרעקלעך צו רודפ'ן דאָס ביסל יידן. ערגער איז געווען וואָס אַלע האָבן זיי געוויינלעך גערעדט פויליש, און האָבן זיך געקענט פאַרשטענדיקן מיט די אָרטיקע פּאָליאַקן, וואָס האָבן געהעצט קעגן די יידן און אַלץ זיי צוגעטראָגן.

איינגעקוואַרטירט האָבן זיי זיך אין בצלאל אָרגעלס הויז, אין מאַרק, און דאָרט איינגעאָרדנט זייער אַמט. דאָס האָט זיי געגעבן די מעגליכקייט צו האָבן דאָס גאַנצע שטעטל אויפן אויג. אָנגעקומען זיינען דעמאָלט 40 מאַן און די יידן האָבן זיי געמוזט שאַפן פון דער קלענסטער ביז דער גרעסטער זאַך, ווי: מעבל, קיך־איינריכטונג, וועש, מלבושים, שטיוול א. א. וו. זיי האָבן זיך נישט פאַרלאָזט אויף דעם, וואָס די יידן האָבן אַליין צווישן זיך געזאַמלט און זיי צוגעטראָגן, נאָר האָבן אַליין באַזוכט די יידישע הייזער און אויס־געקליבן דאָס שענסטע און דאָס בעסטע און באַפוילן זיי אַריבער־צוטראָגן.

די פּאָליציי האָט ארויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז יעדער ייד ווען ער באַ־געגנט אזא פּאָליציאַנט אין גאַס, מוז ער פאַר אים אַרונטערנעמען דאָס היטל. די יונגע שקצים־פּאָליציאַנטן פלעגן דאַן אָפּשפּעטן, ווען אַן אלטער ייד פלעגט פאַר זיי ציען דאָס היטל און אים נאָך מערדערלעך שלאָגן.

— דו פאַרפלוכטער יודע, וואָרום גריסטו מיך? בין איך דיין קאַמעראַד?

אויף צומאָרגנס האָט דער זעלבער ייד געקענט באַקומען געשלאָגן פאַר ניט באַגריסן דעם זעלביקן פּאָליציאַנט:

— ווי לאַנג בראַוכט מאַן אייך לערנען, דאָס איר „מיסטזעקע" וויסן זאָלט, דאָס איין דויטשן פּאָליציאַנט דאַרף מאַן גריסען?

האָט מען זיך דעריבער געפירט אין יענער צייט, אַז מען האָט געזען אַ פּאָליציאַנט פון דער ווייטנס, פלעגט מען זיך פאַרשטעקן אין נאָענטסטן באַהעלטעניש.

אָנפאַנג 1940 האָט די פּאָליצײַ ארויסגעגעבן אַ „שפּער־שטונדען־פאַר־אָרעדנונג". לויט דעם דאָזיקן באַפעל, האָבן יידן זיך געמעגט באַווייזן אין די גאַסן בלויז פיר שעה אַ טאָג, פון 10 ביז 12 פארמיטאָג און פון 4 ביז 6 פארנאַכט. אין די פארבאָטענע שעה׳ן זיינען די גאַסן באַזונדערס שטאַרק פּאַטראָלירט געוואָרן פון די דייטשן, וואָס האָבן געזוכט צו כאַפּן אַ ברעכער פון געזעץ. ווען אַ דייטש האָט געטראָפן אַ ייד אין גאַס אין די נישט־דערלויבטע שעה׳ן, האָט ער אים צוערשט גוט צעשלאָגן און דאַן גענומען אויף דעם פּאָליציי־אמט, וואו מען האָט אים ערשט באשטראָפט מיט געלט.

די „שפּער־שטונדען" זיינען געווען אַ גרויסע צרה פאַר יידן. מען האָט נישט געקענט ארויסגיין אין טריט פון הויז. מען האָט נישט געקענט צוגיין צו אַ ברונעם נאָך אביסל וואַסער. אַז מען האָט געדאַרפט אַ דאָקטער האָט מען נישט געטאָרט גיין נאָך אים. ווען מען איז אַרויס אויף צוויי שעה פון דער היים, איז מען נישט געווען זיכער, צי מען וועט קענען צורקקומען דעם זעלבן טאָג. אין משך פון די שעה׳ן דערלויבט פאַר יידן, האָט מען געזען, ווי יעדער לויפט, איילט זיך און וויל אויסקומען מיט די באַגרענעצטע צאָל מינוטן.

די דאָזיקע „שפּער־שטונדען" זיינען פאַראָרדנט געוואָרן נאָר אין קאָלבושאָוו. דאָס האָט די דייטשע פּאָליציי פאַראָרדנט אויפן פאָרשלאַג פון דעמאָלטיקן בירגערמייסטער יאַנישעווסקי. די „שפּער־שטונדען" האָבן פאַר־אורזאַכט, אַז אַ ריי יידן וואָס האָבן געהאַלטן אָפן זייערע קלייטן, אָדער געפירט האַנדל, האָבן געמוזט אויפגעבן זייערע געשעפטן.

די גזרה האָט געדויערט צוויי וואָכן, ווייל דאַן איז געקומען אַ פרישער פּאָליציי־קאָמענדאנט, וועלכער האָט געשטאַמט פון ווין און האָט געהייסן שרעדער; דער פּאָליציי־קאָמענדאנט האָט זיך ארויסגעוויזן צו זיין אַ גוטער מענטש, אפילו פאַר יידן. די יידן האָבן באַשלאָסן, מען זאָל פּרואוון אים בעטן וועגן די „שפּער־שטונדען". עס איז צו אים אַוועק אַ דעלעגאַציע, אין באשטאַנד פון ד״ר אנדערמאַן, הערש געווירץ, יאָסל נוסבוים און לייבטשע בעק, און דער קאָמענדאנט האָט טאַקע די גזרה צוריקגעצויגן. די זעלבע וואָך, ווען די דייטשן האָבן צוריקגעצויגן די „שפּער־שטונדען", האָבן זיי ארויסגעגעבן אַ נייעם געזעץ: יעדן זונטיק און יעדן יום־טוב׳דיקן טאָג, ביי די דייטשן אָדער פּאָליאַקן, טאָרן יידן זיך נישט פריי באַוועגן, אָדער אפילו בלויז דורכגיין דעם מאַרק און דורך דער הערן גאַס. די יידן, וואָס האָבן געוואוינט אויף די דאָזיקע ערטער, האָבן געמוזט פאַרלאָזן זייערע וואוינונגען, אין די דאָזיקע טעג, דורך הינטער־געסלעך. די אָרטיקע פּאָליאַקן זיינען פון דעם געזעץ געווען

זייער צופרידן, ווייל זיי האָבן געקענט גיין זונטיק אין קירך און נישט דאַרפן באַגעגענען אויפן וועג קיין יידן, וואָס זיי האָבן פון גאַנצן האַרצן געהאַסט.

די ערגסטע אָבער פון אַלע גזרות, פאַרשטעלנדיק מיט זיך אַ שטענדיקע פּראָבלעם, איז געווען דאָס כאַפּן צו דער אַרבעט. דאָס דייטשע מיליטער, וואָס איז געשטאַנען אין קאָלבושאָוו, און די פּאָליציי, האָבן יעדן טאָג געדאַרפט 150־220 אַרבעטער, פאַרשטייט זיך, נאָר יידן. עס זיינען געווען ספּעציעלע אָפּטיילונגען ביים מיליטער, וואָס האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט כאַפּן די אַרבעטער. יעדן פאַרטאָג זיינען אַרומגעגאַנגען גרופּן זעלנער און פּאָליציי איבער די יידישע הייזער און אַרויסגעטריבן אַלע מענער צו דער אַרבעט. אַ ייד, וואָס זיי האָבן געטראָפן אין גאַס אָדער אין געשעפט, האָבן זיי מיטגענומען מיט זיך. די דייטשע זעלנער האָבן שוין געוואוסט, וואו עס וואוינען די מערסטע יידן און די כאַפּערייען זיינען געווען על־פּי־רוב אין די געסלעך אַרום בית־מדרש. אויב זיי האָבן נישט געהאַט די צאָל אַרבעטער וויפל זיי האָבן גע־דאַרפט, האָבן זיי געזוכט יידן ביז שפּעט ביינאַכט.

דאָס לעבן איז ממש מיאוס געוואָרן. מען איז קיינמאָל נישט געווען זיכער מיט זיך. יעדע מינוט האָט מען זיך געריכט, אַז אָט ווערט מען געכאַפּט און אַוועקגעשלעפּט צו דער אַרבעט. געכאַפּט האָט מען צו אַלערליי אַרבעטן: פּוצן און ראַמען די הייזער, וואו מיליטער אָדער פּאָליציי איז געווען סטאַ־ציאָנירט, האַקן האָלץ א. א. וו. טואַלעטן האָט מען געמוזט רייניקן מיט די הענט. ווינטער האָט מען געדאַרפט אַוועקשאַרן דעם שניי און אים אַוועק־ראַמען ביז 10 קילאָמעטער פון אַלע וועגן אַרום דער שטאָט.

געצאָלט פאַר דער אַרבעט האָט קיינער נישט. מען האָט אויך נישט באַקומען קיין שום לעבנס־מיטלען. מען איז אַוועק אינדערפרי און צוריק־געקומען ביינאַכט הונגעריקע און ניט זעלטן געפּרוירענע.

אויך דער מאַגיסטראַט, דער שטאָטישער מאַכט־אָרגאַן, וואָס איז באַש־טאַנען פון פּאָליאַקן, האָט זיך צוגעוואוינט און אָפּגעלערנט פון די דייטשן, אַז צו דער אַרבעט האָט ער נאָר גענומען יידן און דערפאַר גאָרנישט באַ־צאָלט. בשעת יידן זיינען געגאַנגען צו דער אַרבעט, אויסגעשטעלט פיר אין אַ ריי און אַרומגערינגלט מיט באַוואָפנטע דייטשן, האָבן די פּאָליאַקן זיך געדרייט פּוסט און פּאַסט און געלאַכט. פיל מאָל האָבן די דייטשן אונדז אַרויסגעשטעלט, פרויען און מענער, מיט בעזעמס און לאָפּאַטעס ווי געווער אויפן אַקסל און ביים דורכמאַרשירן דורכן מאַרק האָבן מיר געמוזט זינגען יידישע לידער. וואָס האָט מען געקאָנט זינגען, כדי אַלע זאָלן מיטהעלפן? האָט מען געזונגען „וטהר לבנו” און ענלעכע בית־המדרש געזאַנגען. די

נישט־יידישע צוקוקער, האָבן דערפון הנאה געהאַט ווי פון אַן אמת׳דיקן טעאַטער. מיר וואָלטן זיך דעמאָלט באַגראָבן לעבעדיקערהייט פאַר חרפה און דערנידערונג.

איין יונגער דייטשער סאָלדאַט, מיט׳ן נאָמען עקארט, האָט זיך זייער באַרימט געכאַפּט ביים כאַפּן יידן צו דער אַרבעט. ווען אָט דער עקארט האָט שוין געהאַט דעם נויטיקן קאָנטיגענט יידן, פלעגט ער זיך ארויפזעצן אויף אַ וואָגן און אויסקלייבן די עלטסטע צוויי יידן, ס׳רוב מיט גרויע בערד, און זיי געצוואונגען צו שלעפּן דעם שווערן וואָגן, אויף וועלכן ער האָט זיך אוועקגעזעצט, איבער אַלע גאַסן; און דער 18־יאָריקער עקארט, מיט דער בייטש אין דער האַנט, פלעגט אונטערשמייסן זיינע יידישע פערדלעך...

פאַר די דייטשן איז דאָס כאַפּן אָבער אויך נישט געווען קיין לייכטע אונטערנעמונג. מענטשן האָבן זיך אויסבאַהאַלטן און פיל פלעגן אויך פון דער אַרבעט אַנטלויפן און כסדר האָט מען געמוזט כאַפּן פרישע מענטשן, אַזוי אַז דער געיעג צווישן דייטשן און יידן איז אָנגעגאַנגען גאַנצע טעג און נעכט.

דעמאָלט זיינען די דייטשן איבערגעגאַנגען צו אַ נייעם סיסטעם און געצוואונגען יידן צו שאַפן אַ כלומר׳שטע יידישע „זעלבסט־רעגירונג", וואָס זאָל האָבן די אויפגאַבע פון „נוגשים", וואָס זאָלן העלפן די דייטשן אַדורכ־פירן זייערע טייוולאָנישע פּלענער. אַזוי אַרום האָט זיך אָנגעפאַנגען די טראַגישע געשיכטע פון „יודענראַט", אַ טרויעריק קאַפּיטל אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע.

איבער אַלע שטעט און שטעטלעך האָבן די דייטשן אויפגעשטעלט יודענראַטן. זיי האָבן באַשטימט דעם „יודען־עלטסטן" און אלע מיטגלידער. גאַנץ אָפט זיינען דאָס געווען מענטשן וואָס האָבן געהאַפּט צו ראַטעווען זיך אַליין איפן חשבון פון זייערע קהילות. אין אַ סך יודנראַטן האָבן די דייטשן געפונען געהאָרכזאַמע און געטרייע — און אָפט אסך מער ווי געטרייע — ארויסהעלפערס אין דורכפירן זייערע טייוולאָנישע פּלענער. אָפט אָבער האָבן אין די יודנראַטן זיך געפונען געטרייע, גוטע און איבערגעגעבענע יידן, וואָס האָבן געוואָלט העלפן זייערע אומגליקלעכע ברידער, אין צייט געוואָרנט וועגן אלע סכנות, זיך איינגעשטעלט פאַר זיי און טאַקע ממש זייערע אייגענע לעבנ׳ס געשטעלט אין געפאַר, רעפּרעזענטירנדיק די יידן פון די געטאָס און זייערע אינטערעסן.

דער ערשטער „יודנראַט" אין קאָלבושאָוו, האָט געהערט צו דער דאָזיקער קאטעגאָריע, נישט בלויז איז ער נישט געווען שלעכט צו די יידן,

נאָר ער האָט טאַקע געטאָן אַלצדינג וואָס איז געווען מעגלעך צו פאַרלייכטערן זייערע ליידן.

## קאַפּיטל פינף

### די פאָרמירונג פון „יודענראַט" און זיינע פונקציעס

קאָלבושאָוו האָט געהערט צום ריישער קרייז, צו וועלכן עס האָבן באַלאַנגט אַרום צען שטעטלעך. דער לייטער פון דער ריישער קרייז־הויפּט־מאַנשאַפט איז געווען אַ מאיאָר פון דער געסטאַפּאָ, דער קרייז־הויפּטמאַן, ד"ר עהאוז. דער דאָזיקער פאַרשוין איז געווען אַ שרעקלעכער סאַדיסט און שונא ישראל. יעדן מיטוואָך האָט דער קרייז־הויפּטמאַן באַזוכט קאָלבושאָוו און דאָרט דערליידיקט אַלע נויטיקע ענינים. ער, פּונקט ווי אַלע אַנדערע פון דעם ראַנג, איז געווען דער אמת'ער הערשער פון די שטעטלעך, דער באַלעבאָס פון לעבן און טויט פון אַלע זייערע איינוואוינער. די געסטאַפּאָ, די פּאָליצײ און די גאַנצע ציווילע אַדמיניסטראַציע זיינען געווען אונטער זיין פּירערשאַפט און צו זיין באַפעל.

ווען עס איז אָנגעקומען די פאַראָרדנונג צו אָרגאַניזירן דעם יודנראַט האָט מען באַלד איינגעזען די געפאַר, אַז די דאָזיקע אינסטיטוציע קאָן אַמאָל ארייַנפאַלן אין נישט־געוואונטשענע הענט. ס'איז נישט געווען שווער זיך פאָרצושטעלן, וואָס פאַרא סאָרט ייד וועט זוכן דעם צווייפלהאַפטן כבוד צו ווערן ראש־הקהל אין זכות פון א באַשטימונג מצד די נאַציס.

באַלד איז טאַקע באַקאַנט געוואָרן, אַז ביים בירגערמייסטער יאַנו־שעווסקי איז שוין פאַראַן גרייט אַ ליסטע פון געקליבענע שוואַרץ־כאַראַקטערן פאַר יודענראַט־קאַנדידאַטן מיט אַן „אָבמאַן", פּרעזידענט הייסט עס, וואָס איז ווי אָפּגעמאָסטן פאַר אַזא „טשין". די ידיעות האָבן באַשטעטיקט, אַז אָט די דאָזיקע ליסטע האָט שוין די צושטימונג פון בירגערמייסטער און וואַרט בלויז אויף דער ענטגילטיקער באַשטעטיקונג מצד דעם קרייז־הויפּטמאַן אין ריישע. ס'האָט זיך דאַן אָנגעהויבן אַ סעריע פון השתדלות'ן, וואָס האָבן געקאָסט שווערע מי און מאַטער, און לסוף איז מען געקומען צום אויספיר, אַז אויב מען וועט קאָנען ארויסשטעלן אַ קאַנדידאַט מיט מער וואָג און אָנזען און מער אויטאָריטעט פון דעם פאַרשוין וואָס ווערט פאָרגעשלאָגן פון יאַנו־שעווסקי'ן, איז מעגלעך אַז ער זאָל האָבן גרעסערע שאַנסן צו ווערן פּרעזידענט פון יודנראַט.

געווען איז אין קאָלבושאָוו אַ מעדיצין־דאָקטער, לעאָן אַנדערמאַן, וועמען

מיר האָבן שוין פריער דערמאָנט. ער איז געווען אַן אסימילירטער ייד, און איז אַלעמאָל געשטאַנען פון דערווייטנ׳ס פון געזעלשאפטלעכן יידישן לעבן אין שטאָט. נאָענט פאַרן קריג, אזוי ווי מען האָט אָנגעפאַנגען ארויסטרייבן יידן פון דייטשלאנד, און אין דער לופט האָט זיך געטראָגן אַ זייער שווערער און בעסטיאלישער אנטיסעמיטיזם אויך אין פוילן, האָט זיך דער דאָקטער אנדערמאן לגמרי געביטן און ער האָט אָנגעהויבן נעמען אָנטייל אין יידישע כלל־זאכן. דאָס ערשטע מאָל, וואָס ער האָט גענומען אַ דירעקטן אינטערעס אין אַן יידישן ענין איז געווען אין יאָר 1938־39, ווען מען האָט די דייטשע יידן געשלעפּט מיט געוואלד קיין פוילן און זיי זיינען געבליבן אין דעם בארימטן לאַגער אין דער גרענעץ־שטאָט זבאָנשין. דעמאָלט האָבן זיך אין אַלע שטעט אין פוילן געגרינדעט קאָמיטעטן צו העלפן די דייטשע פּליכט־לינגען. צום קאָלבושאָווער קאָמיטעט האָט שוין ד״ר אַנדערמאַן באַלאַנגט. טאַקע דעמאָלט האָט ער ס׳ערשטע מאָל געהאַלטן אַ רעדע אין בית־המדרש און אפּעלירט, יידן זאָלן געבן געלט צו העלפן די דייטשע פּליטים אין זבאָנשין.

ד״ר אנדערמאן האָט גענאָסן פון אסך דרך־ארץ ביי די שטעטלדיקע יידן. נאָך מער האָבן אים רעספּעקטירט די פּאָליאקן, ווייל ער איז געווען אַן אויפריכטיקער פּוילישער פּאַטריאָט און געווען איז ער אויך אַן אָפיציר אין דער פּוילישער ארמיי. דאָס סאַמע־וויכטיקסטע, אָבער, אין זיין פּער־זענלעכקייט איז געווען, וואָס ער איז געווען זייער אַן ערלעכער, גוטער און קלוגער מענטש, וואָס האָט ליב געהאַט דעם אמת — דאָס האָט אים געמאַכט פּאָפּולער ביי דער גאַנצער באַפעלקערונג, יידישער און ניט יידישער.

די קאָלבושאָווער יידן האָבן זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון דערפון, אַז ד״ר אנדערמאן איז טאַקע דער מאַן, וואָס וואָלט געקענט ווירדיק פאַרטרעטן די יידישע געמיינדע. זיינען יידן געגאַנגען אים בעטן און פאַרגעשלאָגן, אַז ער זאָל איינוויליקן אָנצונעמען דעם אמט. ד״ר אנדערמאן האָט אין אָנהייב ניט געוואָלט הערן דערפון. נאָך פיל בקשות האָט ער סוף־כל־סוף איינגעשטימט צו ווערן אַ קאַנדידאַט פאַר „אָבמאן״. אַלע האָבן איינגעזען, אַז ער האָט עס געטאָן, נישט ווייל ער האָט געוואָלט גרויס ווערן אָדער האָבן פון דעם אמט וועלכן נישט איז מאַטעריעלן נוצן; נאָר גיכער ווייל דער דאָקטער האָט איינגעזען, אַז די יידן זיינען הילפלאָז, אַז זיי האָבן נישט קיינעם וואָס זאָל זיי פארטרעטן אין אַזא עת־צרה. ער איז געקומען צום אויספיר, אַז מיט אים רעכנט זיך יעדער און מיט אים רעדן אויך די דייטשן אַנדערש, ווי מיט אַלע אַנדערע יידן.

ד״ר אנדערמאַן האָט זיך בוכשטעבלעך מוסר נפש געווען פאַר יידן. און זאָל דאָ געזאָגט ווערן, אַז ווען ניט זיין מיסיע, וואָס ער האָט אויף זיך פרייוויליק גענומען ווי דער ראש פון יודנראַט, האָט ער געהאַט די בעסטע געלעגנהייט איבערצולעבן דעם קריג. זיין איינציקער זון האָט זיך ארויסגעראַטעוועט פון קאָלבושאָוו און געלעבט צוויי יאָר אין ווארשע אויף דער אַרישער זייט. אין יאָר 1944 איז ער געגאַנגען אין די וועלדער קעמפן מיט די פּאַרטיזאַנען און איז מער נישט צוריקגעקומען. דער נאָמען פון ד״ר לעאָן אנדערמאַן פאַרדינט געוויס פאַראייביקט צו ווערן מיט כבוד, ווי דער נאָמען פון אַ העלד, וואָס האָט מקריב געווען זיין לעבן פאַר זיינע ברידער.

אנדערמאַן האָט איינגעשטימט צו ווערן „אָבמאַן״ מיט דעם באַדינג, אַז ער אליין זאָל זיך צוקלייבן זיינע מיטארבעטער. ער האָט אויסגעקליבן עלף פעיקע יונגעלייט, וועלכע זאָלן מיט זייער אויסערלעכן אויסזען נישט רייצן די דייטשן און אין דער זעלבער צייט זאָלן זיי פאַרטרעטן אַלע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג אין שטאָט. ער איז אליין געגאַנגען מיט דער ליסטע צום קרייז־הויפּטמאַן. דער קרייז־הויפּטמאַן האָט פאַרגעצויגן אנדערמאַנ׳ען און אים באַשטימט אלס „אָבמאַן״ און די ליסטע פון יאנושעסקי׳ס „חשובים״ האָט ער צוריקגעוויזן.

די אַלע מענטשן, וועלכע ד״ר אנדערמאַן האָט אויסגעקליבן, האָבן דערפון נישט געוואוסט. ערשט נאָך דעם, ווי די דייטשן האָבן זיי באַשטעטיקט, האָט ער זיי צו וויסן געטאָן, אַז זיי זיינען מיטגלידער פון יודענראַט און זיי געלאַדן צו דער ערשטער זיצונג. ער האָט עס געטאָן ערלעך, ווייל ער האָט געהאַט אין אויג די טובה פון דער זאַך.

דער ראַט איז באַשטאַנען פון די פאָלגנדיקע: 1) ד״ר לעאָן אנדערמאַן — „אָבמאַן״; 2) יהושע נאָטאָוויץ — וויצע־„אָבמאַן״; 3) משה לאנדוי, אברהמ׳עלע לאנדוי׳ס זון; 4) לייביש זאלעשיץ, מיין ברודער; 5) ישעיהו דוד לישע, מיין שוואָגער; 6) שלום אויכהיזיקער, עקיבא לייסטער׳ס איידעם; 7) דן האר, אפרים האר׳ס זון; 8) ראובן ווינטער, נטע׳לע בעקער׳ס איידעם; 9) יוסף נוסבוים, משה׳לע נוסבוימ׳ס זון; 10) משה ראָזענבוים; 11) בועז פייער, חנינא פייער׳ס זון; 12) לייב לאמפעל; 13) סעקרעטאַר איז געוואָרן — הערש געווירץ.

לייב לאמפעל איז אין „יודנראַט״ לאַנג נישט געווען, ווייל ווי שוין דערמאָנט, איז ער געווען אויפקויפער פאַר דעם דייטשן מיליטער, וואָס האָט סטאַנציאָנירט אין קאָלבושאָוו. ער האָט זיך ביי זיי מיט עפּעס פאַר־זינדיקט און דערפאַר האָבן אים די דייטשן ארעסטירט. ער איז געזעסן אין

ריישע און אין טאָרנע עטלעכע מאָנאטן, אָבער דעם זעלבן טאָג, ווען דאָס דייטשע מיליטער־געריכט האָט אים געזאָלט משפט'ן צום טויט, איז ער פון געפענגעניש אַנטלאָפן. ער איז צוריקגעקומען אין קאָלבושאָווער געטאָ, וואו ער האָט זיך אויסבאַהאַלטן און איז אומגעקומען מיט אַלע קאָלברשאָווער יידן צוזאַמען. לייב לאמפעל'ס אָרט האָט פאַרנומען שמחה רובין.

דער יודענראט איז געשאפן געוואָרן אין מערץ 1940, אין הויז פון זיסעלע קראָליק. די ערשטע זיצונג איז צוזאַמענגערופן געוואָרן פורים. די אויפגאַבן פון יודענראַט זיינען געווען פאַרשיידענע, אָבער פון אָנהייב איז די סאמע וויכטיקסטע צווישן זיי געווען דאָס צושטעלן יעדן טאָג די פאַר־לאַנגטע צאָל ארבעטער צום מיליטער און דער פאָליציי. יעדן טאָג האָבן די דייטשן אויסגעשטעלט די צאָל אַרבעטער פאַר איין טאָג שפעטער. דער יודענ־ראַט האָט געהאַט אַ ליסטע פון ארבעט'ס־פעיקע מענער און פרויען און לויט דער ריי צוגעשטעלט יעדן טאָג אַ צעטל, אַז צומאָרגנס, 7 אַזייגער, מוזן זיך די יידן, וואָס זייערע נעמען זיינען געוואָרן אין צעטל דערמאָנט, זיך צושטעלן צום יודענראט צו דער ארבעט. דאָרט האָבן שוין געוואַרט דייטשע זעלנער און יעדער האָט זיך גענומען אזויפיל יידן וויפל ער האָט פאַרלאַנגט אַ טאָג פריער, צו דער ארבעט.

די יידן זיינען געווען צופרידן פון דעם סיסטעם, ווייל דעם טאָג, וואָס איינער האָט נישט באַקומען קיין צעטל, איז ער געווען זיכער, אז עס וועט אים קיינער נישט כאַפּן אין גאַס צו דער אַרבעט און ער וועט זיך קענען פריי באַוועגן. טיילמאָל האָבן די דייטשן פאַרלאַנגט אַזויפיל אַרבעטער, אַז עס איז אויסגעקומען פאַר יעדן ייד צו גיין אַרבעטן יעדן צווייטן טאָג. אממערסטן זיינען די יידן באשעפטיקט געוואָרן ביים אָפּראַמען שניי און אייז.

אָט די פראָצעדור פון צושטעלן ארבעטער פאַר די דייטשן האָט געגעבן אָרעמע פאמיליעס אַ שטיקל פרנסה. די יידן, וועלכע האָבן נאָך דעמאָלט געהאַט געשעפטן, אָדער אַנדערע באַשעפטיקונגען, פלעגן דינגען פאַר זיך פאַרטרעטער צו שיקן אויף זייער אָרט און פלעגן דערפאַר באצאָלן. דאָס האָט געהייסן „מען שטעלט אַ מלאך". פיל פאמיליעס האָבן דערפון געלעבט, וואָס זייערע קינדער זיינען געגאַנגען יעדן טאָג ארבעטן פאַר אנדערע. פון אָנהייב איז דער פרייז פאַר אַ טאָג ארבעט פאר אזא „מלאך" געווען דער ווערט פון אַ שוואַרץ ברויט, וואָס האָט געוואויגן צוויי קילאָ. שפּעטער איז ברויט טייערער געוואָרן און פאַר דעם געלט האָט מען נאָר באַקומען אַ האַלב אָדער אַ פערטל ברויט.

דער יודענראַט האָט אויך באַזאָרגט די דייטשן מיט אַלעם, וואָס זיי האָבן נאָר פאַרלאַנגט, כדי אויסצומיידן אַז די דייטשן זאָלן אַליין נישט גיין איבער די יידישע שטיבער. געוואוסט האָט מען, אַז ווען די דייטשן זיינען אַליין אַרומגעגאַנגען רעקווירירן, האָבן זיי נישט בלויז גענומען וואָס זיי האָבן באַדאַרפט, נאָר אַלץ וואָס עס איז זיי געפעלן.

אויב מען האָט אַרעסטירט אַ ייד (מייסנטנס פאַר האַנדלען אויפן א. ג. „שוואַרצן מאַרק״), איז ד״ר אַנדערמאַן באַלד געגאַנגען צו דער פּאָליציי, מיט וועלכער ער איז געווען גוט באַקאַנט און אינטערווענירט מען זאָל אים וואָס שנעלער באַפרייען. אין יענע צייטן, אויב יידן זיינען אַריינגעפאַלן אין קרימינאַל, האָט מען זיך געקענט אויסקויפן פאַר געלט, אָדער פאַרן פרייז פון טייערע פּרעזענטן. אין יענע צייטן איז נישט געווען דערלויבט פאַר יידן צו פאָרן אויף די באַנען, אויסער ווען מען האָט געהאַט אַ ספּעציעלע דערלויבעניש („פּאַסיר־שיין״) פון דער פּאָליציי. אַזעלכע „פּאַסיר־שיינען״ האָט אויך דערליידיקט דער יודענראַט.

יעדער מיטגליד פון יודענראַט האָט געהאַט זיין רעפעראַט (דעפּאַרט־מענט), פאַר וועלכן ער איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך און פאַר וועלכן ער האָט געאַרבעט שלא על מנת לקבל פרס און נישט געהאַט דערפון קיין שום נוצן. פאַרקערט, ער האָט דערפון גאַנץ אָפט געהאַט צרות, ווייל אויב אַ יודנ־ראַטלער האָט עפּעס געפאָדערט פון אַ ייד, פאַר די דייטשן, האָט ער געזאָגט: „פאַרוואָס האָסטו אויסגעקליבן גראָד מיך, פאַרוואָס נישט קיין צווייטן?״ אָבער סוף־כל־סוף האָט דאָך איין ייד די זאַך געמוזט געבן, און דער איז פאַרבליבן אַ שונא און געשאָלטן דעם „יודענראַט״־מיטגליד מיט טויטע קללות. אויב דער יודענראַט־מאַן האָט געוואָלט, אַז קיינער זאָל נישט זיין בייז אויף אים, האָט ער די געפאָדערטע זאַך געמוזט געבן פון זיין אייגענער שטוב. נישט זעלטן זיינען אַזעלכע פאַלן פאָרגעקומען אין אַנדערע געטאָס. אָבער ווי לאַנג האָט מען עס געקענט געבן פון זיך, אַז מען האָט געדאַרפט אַזוי פיל דייטשן באַזאָרגן?

נאָכן שאַפן דעם יודענראַט, האָט די אינסטיטוציע געמוזט האָבן אַ הכנסה־קוואַל צו דעקן איר בודזשעט. פאַר דעם קריג האָט יעדע יידישע קהלה געהאַט איר איינקונפט פון דער שחיטה; ביי די דייטשן, אָבער, איז די שחיטה געווען אָפיציעל פאַרבאָטן. פאַר שעכטן איז געקומען טויט־שטראָף. איז, דעריבער, באַשלאָסן געוואָרן צווישן זיך, אַז יעדער באַלעבאָס זאָל צאָלן אַ מאָנאַטלעכן שטייער. דער שטייער אין קאָלבושאָוו איז געווען בדרך כלל זייער נידעריק. ד״ר אַנדערמאַן האָט גוט באַרעכנט דעם מאַטעריעלן מצב

פון די קאָלבושאָווער יידן. ער האָט געוואוסט, אַז ס׳רוב יידן האָבן זייערע פאַרמעגנס פאַרלוירן ביים אַריינקום פון די דייטשן און אַז כמעט 90 פראָצענט פון דער שטאָט האָט נישט קיין פרנסה און האָט נישט פון וואָנען צו לעבן.

די גרעסטע „סטאַוקע״ האָט געהאַט הערש קליינמאַן, וואָס איז דעמאָלט געווען דער רייכסטער ייד אין קאָלבושאָוו. ער האָט געצאָלט 30 זלאָטעס אַ מאָנאַט. דורכשניטלעך האָבן יידן געצאָלט 5־20 זלאָטעס; אין אנדערע שטעט האָבן די יודענראַטן געריסן פון די מענטשן לעבעדיקע שטיקער.

דאָס געלט, וואָס מען האָט צונויפגענומען, האָט געמוזט קלעקן פאַר דער אדמיניסטראַציע פון יודנראט און פאַר שוחד און מתנות, וועלכע מען האָט געמוזט געבן דער דייטשער פאָליציי און געסטאַפּאָ־לייט פון צייט צו צייט.

דעם קאָלבושאָווער רב און דעם דיין, ר׳ מענדעלע, האָט דער יודנראַט אויך עפּעס געצאָלט, אָבער זייער ווייניק. אָפיציעל האָט מען דאָך זיי גאַרנישט געטאָרט געבן, ווייל זיי האָבן קיין באַמטע נישט געקאָנט זיין און אָפיציעל נישט עקזיסטירט...

די שוחטים ווידער האָבן געשאָכטן אויף אייגענער האַנט. זיי האָבן זיך איינגעשטעלט דאָס לעבן, אָבער דערפאַר האָבן זיי גוט פאַרדינט. דער יודענראט האָט זיך אין זייערע ענינים נישט געוואָלט אריינמישן און זיך געמאַכט נישט וויסנדיק, אַז זיי טוען זייער מלאכה.

אין אפּריל, 1940, האָט ד״ר אנדערמאַן איינגעאָרדנט אַן אמבולאַטאָריע, פאַר וועלכע מיין שוואָגער, ישעיהו דוד לישע, האָט אָפּגעטראָטן איין צימער פון זיין וואוינונג. אין דער אמבולאַטאָריע האָט ד״ר אנדערמאַן אליין געאַרבעט יעדן טאָג 2 שעה. אַלע אָרעמע יידן האָבן דאָרט באַקומען מעדיצינישע הילף אומזיסט. מעדיקאַמענטן האָט מען באַקומען אַ טייל פון „דזשאָינט״ און וואָס דער „דזשאָינט״ האָט נישט געגעבן האָט דער יודענראט זיך באַמיט צו באַזאָרגן.

די ערשטע שטיצע פון אַמעריקאַנער יידנטום, וואָס די קאָלבושאָווער יידן האָבן באַקומען זינט די מלחמה האָט אויסגעבראָכן, איז געווען מצות אויף פסח אין יאָר 1940. די גאַנצע שטאָט האָט באַקומען 1,000 קילאָ מצות. אין קאָלבושאָוו האָבן דעמאָלט געלעבט 1,800 נפשות. אַזוי, אַז יעדער האָט באַקומען 60 דעקאָ (אנדערטהאלבן פונט) מצות אויף די 8 טעג פּסח. עס פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז געווען ווייניק; האָט זיך ד״ר אנדערמאַן באַמיט בײַ דער פּאָליציי און באַקומען אַ דערלויבעניש צו באַקן מצות. מעל האָט

מען געמוזט קויפן אויפן שוואַרצן מאַרק, אָבער יידן האָבן געקענט באַקומען מצות צו קויפן, וויפל זיי האָבן געוואָלט.

פסח־צייט איז ארויס אַ געזעץ, אַז קיין ייד טאָר נישט פאַרלאָזן זיין געמיינדע אָן אַ דערלויבעניש. פון קאַלבושאָוו, למשל, האָט מען נישט געטאָרט גיין אויף דער גאָרע אָדער קיין נאָוואַ־וויעש אָן אַ „פּשעפּוסטקע". כאַפּן אַ יידן אריבערטרעטן די אָפיציעלע שטאָט־גרענעצן האָט געשמעקט מיט טויט־שטראָף. כמעט יעדע יידישע פאַמיליע האָט זיך באמיט צו האָבן איין מענטש, וואָס זאָל באַזיצן אזא „פּאסיר־שיין", וואָס זאָל געבן די מעגלעכקייט אָנצוהאַלטן אַ פאַרבינדונג מיט דער דרויסנדיקער וועלט. דאָס באַזאָרגן די דאָזיקע „פּאסיר־שיינען" האָט געהערט, כידוע, צו די השתדלות'ן פון יודנראַט.

## קאַפּיטל זעקס

### יידישע קאָנפידענטן

זייט פרילינג 1940 האָבן מיר זייער פיל געליטן פון צוויי יידן קאָנ־פידענטן, וועלכע האָבן געאַרבעט פאַר דער דייטשער זשאנדאַמעריע און געַסטאַפּאָ. די צוויי פאַרשוינען זיינען געווען שמואל וואַנדער און יוסף פערעלבערג.

פערעלבערג האָט געשטאַמט פון ליזענסק. שמואל וואַנדער איז געווען אַ קאַלבושאָווער תושב. וואַנדער איז געקומען קיין קאַלבושאָוו צוזאַמען מיט אַ קאָמפּאַניע „שלעפּערס", וואָס פלעגן פאָרן אין אַ בודע איבער דער מדינה און שנאָרן. איינגעשטאַנען אין הקדש, ווי דער מנהג, האָט ער זיך באַקענט מיט דער טאָכטער פון לייב טשאָליק, דעם באגרעבער, וואָס האָט אויך זיין דירה געהאַט אין הקדש, און אין איר אַרויסגערופן געגוג „וואַנדער־לוסט" אַז זי זאָל וועלן מיט אים מיטפאָרן אויף זיינע ווייטע נסיעות. ווען מיט אַ צייט שפּעטער האָט זיך שמואל באַזעצט אין קאַלבושאָוו צוזאַמען מיט זיין זיווג, איז עס באַטראַכט געוואָרן ווי אַ פּגם צו דער צניעות פון שטעטל. דער רב האָט אַוועקגעלייגט אַ סך מי, ביז ער האָט אויסגעווירקט אַז דאָס פּאָרל זאָל שטעלן אַ חופּה. דער פּרייז, וואָס שמואל האָט זיך אויסגעבאָטן פאַר ראַטעווען דעם שטעטל'ס גוטן נאָמען איז געווען: אַ נדן, אויסשטאַטונג און אַ נגידישע חתונה־סעודה. הגם דער נאָמען וואַנדער האָט זיך שטאַרק געפּאַסט צו שמואל'ס פּרנסה, איז ער מער באַקאַנט געווען אונטערן נאָמען „טשאָליק", וואָס איז אים געבליבן ווי אַ ירושה פון זיין שווער.

פאַר דער מלחמה האָט שמואל געהאַט זיין אייגן פערד־און־וואָגן. דער וואָגן איז געווען געמאַכט ווי אַ בודע און אין דער דאָזיקער בודע האָט ער געלעבט מיט זיין ווייב חנה און זיינע קינדער און אויך מיט אנדערע פאַר־שוינען, און אזוי דורכגערייזט האַלב פוילן, אָפּגעשטעלט זיך אין יעדן שטעטל, גענומען דאָרט „אָפּפּארטיק־געלט" און ווייטער געפאָרן. בלויז ווינטער־צייט פלעגט ער זיין אין קאָלבושאָוו. דעמאָלט האָט ער ווידער געלעבט פון דער שטאָט. יעדן פרייטיק פלעגט זיין ווייב חנה גיין איבער די הייזער. יעדערער פלעגט איר געבן אַ פּאָר גראָשן. שבת פלעגט זי ווידער גיין איבער די הייזער נאָך חלה און ברויט.

אָט די צוויי יידן האָבן אָנגעהויבן צו ווערן „היימיש" מיט דער פּאָליציי בעת דער אָקופּאַציע. פון אָנהויב איז עס געווען אין געהיים, איינציקווייז האָט מען וועגן דעם אָנגעהויבן צו שמועסן און יעדער האָט פאַר זיי מורא געקראָגן. קיין „אָפּאסקעס" האָבן זיי איבערהויפּט נישט געטראָגן און עס איז זיי געווען דערלויבט צו גיין און צו פאָרן וואו נאָר זיי האָבן געוואָלט, גלייך ווי זיי וואָלטן קיין יידן נישט געווען, און די אויסנאַמס־געזעצן זיינען ניט געווען חל אויף זיי.

מיט אַ צייט שפּעטער האָבן זיי אָפּן גע׳מסר׳ט און צוגעטראָגן צו די דייטשן אַלץ וואָס עס טוט זיך ביי די יידן. זיי האָבן יעדן שאַנטאַזשירט און אויסגעפּרעסט פון יעדן געלט. אויב מען האָט זיי דאָס פאַרלאַנגטע געלט ניט געגעבן, האָבן זיי אויסגעטראַכט אַ מעשה און עס דערציילט צו דער דייטשער פּאָליציי. דאַן פלעגן זיי צוזאַמען מיט דער פּאָליציי קומען צו דעם ייד אויף אַ רעוויזיע און אַלץ ביי אים צונעמען, ווייל אַלץ איז געווען „ביט־לעגאַל"; קיין געשעפטן מיט לעבנס־מיטלען זיינען דעמאָלט ניט געווען, מען האָט גאָרניט געקענט קויפן, און אויב מען האָט ביי וועמען געטראָפן עטלעכע פונט מעל, צוקער אָדער אַ פּאָר ליטער נאַפט, איז דאָס שוין גענוג געווען, מען זאָל אַלץ ביים ייד צונעמען, ניט בלויז דעם פּראָוויאַנט נאָר אין איין וועגנס אויך די קליידער, וועש און דעם ייד אליין האָט מען פאַר אזא חטא אַרעסטירט. ערשט שפּעטער האָט מען פאַר פיל געלט געקאָנט פועל׳ן ביי די צוויי קאָנפידענטן, די פּאָליציי זאָל דעם ייד באַפרייען.

איך דערמאָן זיך: פּסח־צייט, 1940. שמואל טשאָליק איז געקומען צו מיין טאטן ע"ה און דערציילט, אַז עס איז געקומען אַ מסירה צו דער דייטשער פּאָליציי אויף אונדזער משפּחה, אַז מיר האָבן באַגראָבן פאַרשידענע סחורות און פרעמדע וואַליוטע, און אַז נאָך היינט וועט מען ביי אונדז מאַכן אַ רעוויזיע. מיר האָבן באַלד אָנגעהויבן צו בעטן טשאָליק׳ן, ער זאָל זיך דער־

באַרעמען און אונדז ראַטעווען. ער האָט אָנגעהויבן צו מאַכן מיט די הענט, מיט די פּלייצעס, ער האָט געזאָגט, אַז ער וועט פּרובירן; ער וויל נאָר יידן טובות טאָן, נאָר צי עס וועט אים געלונגען — ווייסט ער נישט. ער האָט אויך געזאָגט, אַז ער מוז האָבן עפּעס געלט, צו טרינקען מיט די דייטשן און אַזוי אַרום וועלן זיי אפשר פאַרגעסן וועגן דער רעוויזיע. מיר האָבן אים גלייך געגעבן געלט.

ביינאַכט איז ער געקומען צו אונדז שוין מיט זיין שותף, יוסף פּערעל־בערג און דערציילט, אַז די זאַך איז שוין שוועער אָפּצואווישן, ווייל די גאַנצע פּאָליציי ווייסט שוין וועגן דעם. מיר האָבן זיך ווייטער געבעטן. דער מענטש האָט זיך געמוזט דערנידעריקן און מיט אַזעלכע אויסוואורפן שיין רעדן, זיצן מיט זיי ביי איין טיש, מכבד זיין מיט לאַטקעס און וויין, ס׳איז דאָך געווען פּסח. נאָך אַ לאַנגן שמועס האָבן זיי געזאָגט, אַז אויב מען וועט דעם קאָמענ־דאַנט פון דער דייטשער פּאָליציי מאַכן אַ פּאָר נייע שטיוול, וואָס האָט אין יענער צייט געמיינט אַ ביז־גאָר גרויסע הוצאה, דעם פאַרטרעטער פון קאָמענדאַנט געבן אַ קילא קאַווע און יעדן פּאָליציאַנט באַזונדער געבן עפּעס אַ מתנה, וועלן זיי זען די זאַך אָפּצואווישן. זיי האָבן באַלד אויפן אָרט געמאַכט אַ רעכענונג וויפל דאָס אַלץ דאַרף קאָסטן און דאָס געלט האָבן מיר זיי באַלד געגעבן און זיי האָבן די מתנות געזאָלט פונאַנדערטיילן צווישן די פּאָליציסטן. צומאָרגנס אין דער פרי זיינען זיי ווידער געקומען, נאָר שוין מיט אַ שמייכל און מיטגעטיילט די פריילעכע בשורה, אַז נאָך שווערער מי איז זיי געלונגען די מסירה צו פאַרניכטן. פאַר זיך האָבן זיי גאָרנישט געפאָדערט, ווייל זיי זיינען אויסן „צו העלפן יידן״, זעלבסטפאַרשטענדלעך...

מיר האָבן פון אָנהייב געוואוסט, אַז אַלץ איז געווען אַן אויסגעטראַכטע מעשה און אַז דאָס געלט ווילן זיי פאַר זיך. מען האָט זיך אָבער גאָרניט געקאָנט העלפן, מען האָט זיי געמוזט געבן געלט. ווען ניט — וואָלטן זיי ערשט געגאַנגען צו דער פּאָליציי און אזא מסירה געמאַכט און עס וואָלט געווען אַ רעוויזיע און, ווי שוין געזאָגט, איז יעדער ייד געווען „טריפה״.

אזעלכע מיאוס׳קייטן האָבן זיי דורכגעפירט יעדעס מאָל ביי אַן אַנדערן ייד. ווען מען האָט די צוויי יידן געזען צוזאַמען, האָט מען פאַר זיי אין יענע צייטן מורא געהאַט פּונקט ווי פאַר דייטשן. פאַר יוסף פּערלבערג האָבן יידן געצויגן די היטלען און געבוקט זיך פאַר אים ביז צו דער ערד, אַזוי האָבן זיי געזויגן יידיש בלוט.

די וויכטיקסטע „פּרנסה״ פאַר זיי איז געווען פון די שוחטים און קצבים, וועלכע האָבן זיי געצאָלט מאַנאַטלעך גרויסע סומען געלט, כדי זיי

זאָלן נישט דערציילן די דייטשן אַז מען שעכט כשר און אַז יידן עסן פלייש. איין חודש האָבן זיי זיך ניט געקאָנט פאַרגלייכן מיט די שוחטים און קצבים, וואָס האָבן זיי ניט געקאָנט געבן די פאַרלאַנגטע סומע. מען האָט געגלויבט, אַז דאָך וועלן זיי ניט אַזוי שנעל מאַכן דערפון אַ געברויך. שמואל טשאָליק מיט זיין חבר האָבן אָבער ניט געוואַרט; גלייך האָבן זיי דערלאַנגט אַ מסירה.

דעם זעלבן טאָג זיינען די דייטשן באַפאַלן יידישע הייזער און אַרעסטירט אַלע קצבים און צוויי שוחטים. „טשאָליק״ האָט זיך אפילו ניט געהיטן, אַז דאָס איז זיין אַרבעט; אַרעסטירט האָט מען זיי פורים־צייט און זיי זיינען געזעסן אין קאָלבושאָווער קרימינאַל ביז פסח; דאַן האָט מען זיי אַוועק־געפירט קיין ריישע, וואו זיי זיינען געזעסן אין דער תפיסה פון דער ריישער געסטאַפּאָ ביז שבועות. דורך שווערער מי און פאַר גרויסע געלטער איז געלונגען איין געסטאַפּאָ־מאַן צו איבערקויפן און איינציקוויז זיי צו באַפרייען.

נאָך אַ טראַגישער עפּיזאָד, וואָס טשאָליק האָט געהאַט אַ חלק אין דעם, זאָל דאָ דערציילט ווערן:

שמואל טשאָליק האָט פאַרלאַנגט פון מיין שוואָגער, משה קאָרנפעלד, סחורות פאַר מלבושים. מיין שוואָגער האָט די שטאָפן ניט געהאַט און דערפאַר איִם ניט געקאָנט געבן. דעם זעלבן טאָג נאָך איז די גאַנצע דייטשע פּאָליציי געקומען צו מיין שוואָגער אויף אַ רעוויזיע. זיי האָבן געזוכט טעקסטיל־סחורות.

אין דער זעלבער דירה האָט געוואוינט דוד ליידנער, (ווייל זיין הויז איז פאַרברענט געוואָרן בעת די דייטשן האָבן אַריינמאַשירט אין שטאָט אַריין). גראָד דעם טאָג האָט די פרוי פון דוד ליידנער, דבורה, געשאָכטן צוויי הינדלעך ביים שוחט. אַזוי ווי די פּאָליציי איז אַריינגעקומען, האָט דבורה ליידנער מורא געקראָגן, אַז די פּאָליציי וועט באַמערקן די געשאָכטענע עופות. האָט זי זיך זייער דערשראָקן, און האָט גלייך אויפן אָרט באַקומען אַ פּאַראַליזש. זי איז געלעגן אַ פּאָר טעג באוואוסטלאָז און געשטאָרבן.

ווען די דייטשן האָבן איינגענומען פּאַריז, איז יוסף פּערלבערג (טשאָליק׳ס שותף), אַריינגעקומען אין דער קאַנצעלאַריע פון יודענראַט און געזאָגט מיט פרייד אויף דייטש — יידיש האָט ער נישט געוואָלט רעדן — „איך האָבע איינע גוטע נאַכריכט, וויר האָבן איינגענאָמען פּאַריז אָנע איינע קוגעל״. דערביי האָט ער אָנגעהויבן לויבן די דייטשע אַרמיי, ווי שטאַרק און גוט זי איז, און אַז ער האָפט צו גאָט, אַז אין אַ זייער קורצער צייט, וועט ער קאָנען די נאַכריכט געבן, אַז זיי האָבן שוין איינגענומען לאָנדאָן.

אויף זיי איז אויך א סוף געקומען. יוסף פערלבערג׳ן האָבן די דייטשן געשאָסן אין ריישע אין 1942 און טשאַליק׳ן מיט זיין פאמיליע האָט מען „אויסגעזידלט" קיין ריישע אין 1941 און פון דער גאַנצער פאמיליע איז קיין שפור ניט געבליבן.

## קאַפּיטל זיבן

### דער אַרבעטס־אַמט און זיינע רעגיסטראַציעס

אין יולי 1940 האָבן די דייטשן אָרגאַניזירט אין שטאָט אַן ארבעטס־אַמט מיט אַ ספּעציעלער יידן־אָפּטיילונג. דער אַרבעטס־אַמט האָט יעדן ייד פון 12 ביז 60 יאָר אלט רעגיסטרירט. יעדער מענטש האָט באַקומען אַ קאַרט, וואָס ער האָט תמיד געמוזט האָבן ביי זיך. די דאָזיקע קאַרטן זיינען ארויסגעגעבן געוואָרן אין פינף קאָלירן; יעדע קאָליר האָט באַצייכנט אַן אַנדער פאַך. דאָס האָט די דייטשן געגעבן אַ גענויע עווידענץ איבער די יידישע שקלאַפן־ארבעטס־קאַדרען.

דעם ניינטן סעפּטעמבער, 1940 איז פאָרגעקומען די ערשטע „קאָנטראָלע" פון די רעגיסטרירטע יידן, דורכגעפירט פון באַאַמטע פון ריישער ארבעטס־אמט. קיינער האָט נאָך דעמאָלט ניט געוואוסט ווי אזוי אַ „קאָנטראָלע" זעט אויס און וואָס פארא צוועק זי האָט. מען האָט אָבער פאַרשטאַנען, אַז עס מיינט אַ פרישער קלאַפּ פאַר דעם שטעטל.

אַ פּאָר טעג פריער האָט מען פון ריישע צואוויסן געטאָן, אַז דעם באַשטימטן טאָג, 8 אזייגער אינדערפרי, זאָלן אלע יידישע מענער פון קאַלבושאָוו און פון די ארומיקע דערפער קומען צו דער רעגיסטראַציע, וואָס וועט פאָרקומען אין זאַל פון „סאָקאָל". אלע זיינען געווען פאַרזאַמלט. מען האָט אויסגעשטעלט יעדן יאָר־גאַנג באזונדער, און איינציקווייז איז יעדער אַריינגעגאַנגען אין זאַל אריין. דאָס האָט דערמאָנט די פּראָצעדור פון שטעלן זיך צום מיליטער, מיט דעם איינציקן אונטערשייד — אַז דאָ זיינען אויך געווען קינדער פון 12 יאָר און אויך אלטע יידן מיט גרויע בערד.

אינעווייניק, אין דער „סאָקאָל"־געביידע, זיינען געזעסן די דייטשן פון דעם ריישער ארבעטס־אמט און אויך די מיטגלידער פון דעם יודען־ראט. פון אַלע יידן האָבן די דייטשן אויסגעקליבן 50 יונגע, שטאַרקע מענער אין עלטער פון 17־30 יאָר. זיי האָבן באַפוילן דעם יודען־ראט אַז ביז דריי טעג מוזן זיי צושטעלן די זעלבע 50 מענער קיין ריישע, פון וואַנען עס וועט אַוועקגעשיקט ווערן דער ערשטער טראַנספּאָרט יידישע ארבעטער אין „צוואַנגס־

אַרבעטס־לאַגער״. אויך איך בין געווען צווישן די 50 אויסגעקליבענע. די זעלבע וואָך האָט מען אין דעם גאַנצן ריישער קרייז אויסגעקליבן איבער 1,000 מענער. וואוהין די דייטשן ווען זיי שיקן, האָט קיינער ניט געוואוסט.

נאָך דריי טעג האָבן זיך אַלע יידן צוזאַמענגעטראָפן אין ריישע און די דייטשן האָבן זיי אַוועקגעפירט אין אַ שטיין־האַקעריי אין אַ דאָרף ליפיע, ניט ווייט פון ניי־סאַנדז.

פון קאָלבושאָוו זיינען נאָר געפאָרן 45 מאַן, ווייל פינף זיינען פון די דייטשן געוואָרן באַשטעטיקט צו בלייבן אַרבעטן ביים מיליטער אין שטעטל גופא. איך האָב געהאַט דאָס גליק צו זיין צווישן די פינף. אין דער שטיין־האַקעריי האָבן די יידן געאַרבעט עבודת פרך. זיי האָבן געמוזט די שטיינער האַקן, דאַן זיי אויף די פּלייצעס טראָגן און בויען נייע וועגן. דער קאָלבושאָווער יודען־ראַט האָט זיך זייער פיל געזאָרגט פאַר די 45 מענטשן. יעדע וואָך האָט יעדער איינער פון זיי דערהאַלטן צוויי פּעקלעך מיט לעבנס־מיטלען, וואָס דער יודען־ראַט האָט געשיקט. לאַנג האָט מען די פּעקלעך נישט געדאַרפט שיקן, ווייל ביז אַכט וואָכן זיינען שוין אַלע געווען צוריק אין קאָלבושאָוו. אַ טייל פון די פאַרשיקטע האָבן זיך אויסגעקויפט פאַר געלט, און די אַנדערע זיינען פּשוט אַנטלאָפן.

מיר, ווידער, וואָס זיינען געבליבן ביים מיליטער, האָבן יעדן טאָג געאַרבעט ביים בויען בעטאָן־גאַראַזשן.

אין נאָוועמבער 1940 איז פאָרגעקומען אַ פרישע „קאָנטראָלע״ פון די רעגיסטרירטע.

ניט ווייט, צווישן דעמביץ און מעליץ, איז געווען אַ דאָרף פּוסטקאָוו, וואו די עס־עס האָבן איינגעאָרדנט אַן אַרבעטס־לאַגער פאַר יידן און פּאָליאַקן. פון אָנהייב האָט מען דאָרט בלויז געאַרבעט ביים אויסהאַקן די וועלדער, ווייל דאָרט האָבן די דייטשן אָנגעהויבן בויען פאַבריקן פון פאַרשידענע געהיים־וואפן. אין אָט דעם דאָרף, וואו ס׳איז שפּעטער אויסגעבויט געוואָרן די גרעסטע דייטשע פעסטונג, ביי וועלכער עס איז אויסגעקומען דער רויטער אַרמיי צו קאַמפן איבער 4 וואָכן, איז אויסגעאַרבעט און אויסגעפּרוווט געוואָרן די געהיימע וואפן „V1״ און „V2״.

אין 1941 איז דער אַרבעטס־לאַגער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער און אין יאָר 1942 אין אַ פאַרניכטונגס־לאַגער, אויסגעשטאַט מיט גרויסע קרעמאַטאָריעס אין וועלכע עס זיינען שפּעטער אומגעקומען הונדערטער טויזנטער יידן.

די צווייטע רעגיסטראַציע האָט דורכגעפירט אַן „עס־עס״־פירער מיטן

נאָמען שמידט, אַ באַקאַנטער סאַדיסט און מערדער פון פּוסטקאָוו. לויט אַ באַפעל זיינען זיך אַלע יידן צוזאַמענגעקומען אין מאַגיסטראַט און געוואַרט אויף דער דייטשער קאָמיסיע. מיטאָג־צייט איז אָנגעקומען דער עס־עס־פירער אין באַגלייטונג פון עטלעכע עס־עס־לייט. זיי האָבן באַלד אַלע טירן פאַרמאַכט און אָנגעהויבן מערדערלעך שלאָגן. צו מיין גליק איז מיר געלונגען אַרויס־צושפּרינגען דורך אַ פענצטער און אַנטלויפן.

די עס־עס־לייט האָבן געהייסן פאַרבייגיין יעדן ייד באַזונדער. און יעדער האָט נאָכאַמאָל אַריינגעכאַפּט אַ פאַרציע מערדערלעכע קלעפּ. אויב אַ ייד האָט געהאַט אַ באָרד האָבן זיי אים די באָרד אָפּגעשניטן.

די עס־עס־לייט האָבן זיך אויסגעקליבן עטלעכע און אַכציק יונגע מענער. שפּעטער זיינען אָנגעקומען לאַסט־אויטאָס, אויף וועלכע מען האָט אָנ־געלאָדנט די אויסגעקליבענע און זיי געפירט קיין פּוסטקאָוו. די רעשט יידן האָבן זיי פריי־געלאָזט; נאָר פאַרן אַהיימגיין האָבן זיי נאָכאַמאָל יעדן צעשלאָגן און צעהרגעט. עס איז ניט געווען קיין איין ייד אין קאָלבושאָוו, וואָס האָט ניט דעם טאָג אַריינגעכאַפּט די אמתע מלקות.

אין פּוסטקאָוו איז אין יענע צייטן געווען איינער פון די שרעקלעכסטע לאַגערן: יעדן אינדערפרי איז מען דאָרט אַרויס צו דער אַרבעט אין רייען און מען איז געווען אַרומגעשטעלט מיט באַוואָפנטע עס־עס־לייט. דער אויבנ־דערמאָנטער שמידט האָט פריער זיך דעם פרישטיק ניט גענומען, ביז ער האָט ניט אַריינגעשאָסן פון זיין פּיסטאָלעט אין די מאַרשירנדיקע יידן, און כאָטש איינעם פון זיי דערשאָסן. דאָס זעלבע האָט ער געטאָן, ווען די יידן זיינען צוריקגעקומען פון דער אַרבעט.

אויך איז אין יענעם לאַגער געווען איינגעאָרדנט, ווי אין אַנדערע, אַז פאַר און נאָך דער אַרבעט האָט מען געמאַכט די אַ״ג „אַפּעלן״. אַלע אַרבעטער האָבן זיך אויסגעשטעלט אין פיר רייען און מען האָט זיי איבערגעציילט, צי עס פעלט ניט קיינער. אין מיטן דעם „אַפּעל־פּלאַץ״ איז געשטאַנען אַ תליה און יעדעס מאָל, ווען אַלע יידן זיינען געשטאַנען דאָרט — זומער אָדער ווינטער — אין די זעלבע אַרעסטאַנטן־קליידער, אָן היטלען, מיט אָפּגעגאָלטע קעפּ, האָט שמידט אויסגעקליבן איינעם פון דער מחנה און אים האָט געמוזט אַ צווייטער ייד אויפהענגען. אַלע האָבן געמוזט דערביי שטיין ביז דעם געהאָנ־גענעמס נשמה איז אויסגעגאַנגען. אין שאָטן פון דער תליה האָבן זיי געמוזט זינגען פאַרשידענע יידישע לידער, וואָס זיינען על־פּי־רוב קאָמפּאָנירט געוואָרן אין דעם לאַגער. די לידער פון פּוסטקאָווער לאַגער האָט מען געזונגען אין יענע צייטן אין אַ סך יידישע שטעט און געטאָס.

שמידט האָט זיך געפירט, אַז אויב אַ ייד האָט זיך מיט עפּעס פאַרזינ־דיקט, האָט ער אים געשאָכטן. איינמאָל איז געווען אַ פאַל, וואָס שמידט האָט געכאַפּט אַ טאָרנער יינגל ביי עפּעס אַ חטא, האָט ער אים תיכף גענומען אין הויז, וואו מען האָט געזאַמלט די טויטע קערפּערס און מיט אַ מעסער אים געקוילעט. צומאָרגנס זיינען אַריינגעקומען יידן, כדי אַרויסצונעמען די טויטע קערפּערס צום פאַרברענען, האָבן זיי באַמערקט, ווי איין גוף מיט אַן איבער־געשניטענעם האַלדז צאַפּלט זיך נאָך. דאָס איז געווען שמידט׳ס נעכטיקער קרבן, וועלכן ער האָט ניט דערשניטן ביז טויט. באַלד האָט זיך דער עס־עס־מאַן, וואָס איז געווען מיט זיי, און שמידט אַליין אויך, וועגן דעם דערוואוסט. מיט דעם אומגליקלעכן קרבן האָט שמידט געמאַכט אַ גאַנצע טעאַטער־פאָרשטעלונג. ער האָט צוזאַמענגערופן זיינע דייטשע קאַמעראַדן. זיי האָבן זיך אַרומגעשטעלט און אים געצוואונגען צו טאַנצן און בעת מעשה דערפון גענומען בילדער. ווען זיי האָבן זיך געגנוג אָנגעלאַכט, האָט שמידט גענומען דראָט און דעם ייד געהאָנגען אויף אַ בוים. דער ייד איז אַזוי געהאָנגען עטלעכע טעג.

אָט אַזוי האָט אויסגעזען פּוסטקאָוו, וואו מען האָט אַוועקגעפירט די עטלעכע אַכציק קאָלבושאָווער יונגעלייט. אָבער די אַלע קאָלבושאָווער זיינען צוריק אַהיימגעקומען ביז דריי חדשים. פיל זיינען אַליין אַנטלאָפן און אַ טייל האָט מען פאַר גרויסע געלטער אויסגעקויפט.

די ערשטע לאַגערן זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן אין הערבסט 1940. ווי שוין דערמאָנט, איז אין יעדער שטאָט געווען אַן אַרבעטס־אַמט, און דער אַ״ג „יודען־איינזאַץ״ האָט געמוזט צושטעלן די פאַרלאַנגטע צאָל יידישע אַרבעטער צו יעדן אַרבעטס־לאַגער.

די אַלע לאַגערן זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן אויף פאָלגנדיקן אופן: יעדע דייטשע בוי־פירמע האָט געהאַט אַ רעכט זיך צו עפענען אַ פיליאַלע אין דעם אַ״ג „גענעראַל־גאָווערנמענט״, וואו זי האָט אונטערגענומען צו בויען פאַרשידענע פאַבריקן און וועגן, און וואו זי האָט אויסגעהאַקט געהילץ פון פוילישע וועלדער און אויך געבויט פאַרשידענע מלחמה־אינדוסטריעס. אויב די אייגנטימער פון די פירמעס האָבן צו דער אַרבעט צוגענומען פוילישע אַרבעטס־קרעפטן האָבן זיי געמוזט צאָלן פאַר דער אַרבעט. פאַר יידן האָט מען גאָרניט געצאָלט. יעדע דייטשע בוי־פירמע האָט זיך געקאָנט אָרגאַניזירן אַ צוואַנגס־אַרבעט־לאַגער אויף אייגענער האַנט.

אין 1940 האָט אַ מענטש אין אַ לאַגער באַקומען 70 דעקאָ ברויט אַ וואָך, אַ טעפּעלע שוואַרצע קאַווע אינדערפרי און אַ זופּ ביינאַכט, ווען ער איז געקומען פון דער אַרבעט. די זופּ האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַביסל שמוציק

וואַסער, אין וועלכן עס זיינען אַרומגעשוואומען עטלעכע שטיקלעך באַרקעס. אויך האָט מען באַקומען איין מאָל אַ חודש 25 דעקאָ צוקער און 25 דעקאָ מאַרמאַלאַדע. און פון דעם האָט מען געדאַרפט לעבן און האָבן כוח פאַר שווע־רער אַרבעט. אָפיציעל האָט דער ייד ניט געטאָרט מער עסן. אויב ער האָט יאָ מער געגעסן, האָט עס געמוזט זיין „אויף שוואַרץ״, וואָס האָט געקאָסט זייער טייער און ניט יעדער האָט זיך אויף דעם געקאָנט דערלויבן. קליידונג האָט מען איבערהויפּט ניט מער געקויפט. אויב מען האָט צעריסן אַ מלבוש, וואָס מען האָט מיט זיך מיטגענומען פון דער היים, איז אויסגעקומען אַרומצוגיין נאַקעט.

אין אַזעלכע לאַגערן איז מען געווען אָן אַ באַשטימטער צייט. אויב דער אַרבעטער האָט זיך אַליין ניט געהאָלפן, כדי ער זאָל פון דעם לאַגער אַרויס, איז ער דאָרט אַזוי לאַנג געווען, ביז ער איז פון הונגער, קלעפּ, אָדער שווערער האַרעוואַניע אויסגעגאַנגען. די דייטשן האָבן קיינעם ניט באַפרייט. אַ סך יידן זיינען פון אַזעלכע לאַגערן אַנטלאָפן. די דייטשן האָבן אַפילו זיי ניט געזוכט, ווייל זיי האָבן כסדר געבראַנגט פרישע, געזונטע קרבנות.

אין 1940, 1941 און ביז העלפט 1942 זיינען די לאַגערן נאָך ניט געווען זייער געפערלעך, ווייל כמעט יעדער ייד האָט זיך נאָך אַ פּאָר חדשים אין לאַגער, געקאָנט אַרויסבאַקומען. יעדער האָט נאָך דעמאָלט געהאַט אַ היים, פון וואַנען מען האָט אים כסדר צוגעשיקט פּאַקעטן מיט עסנוואַרג און קליידונג; אויך די יידן פון די שטעט, וואָס זיינען געווען נאָענט פון אַזעלכע לאַגערן, האָבן זיך באַמיט פיל צו העלפן. יידן האָבן געזאַמלט עסן און קליידער און עס אַריבערגעשיקט אין לאַגער אַריין. אַ סך פון צווישן די לאַגער־לייט האָבן באַ־קומען עפּעס געלט פון דער היים, און אַזוי אַרום זיך געקאָנט באַזאָרגן בגנבה מיט עסן פון די פּאָליאַקן. ס׳רוב לאַגערן זיינען געווען אין דערפער. נאָך דער אַרבעט האָבן זיך די יידן אַרויסגעגנבעט צו די פּויערים, וועלכע האָבן פאַר טייער געלט אָדער פאַר וועשטזאַכן באַוויליקט צו פאַרקויפן אַביסעלע שפּייז.

שלעכט איז געוואָרן אין יאָר 1942, ווען די דייטשן האָבן ליקווידירט די יידישע קהלות. די לאַגער־מענטשן האָבן שוין ניט געהאַט מער קיין היימען. עס איז ניט געווען ווער ס׳זאָל זיי מיט עפּעס העלפן. זיי האָבן פון קיינעם ניט געקאָנט האָבן די קלענסטע שטיצע. די מענטשן זיינען געוואָרן וואָס אַמאָל שוואַכער, אַנטלויפן האָט מען שוין ניט געקאָנט, ווייל ערשטנס, איז ניט געווען וואוהין צו אַנטלויפן, און צווייטנס האָבן די דייטשן פאַרוואַנדלט אַלע לאַגערן אין „קאָנצענטראַציע־לאַגערן״ און פון אַזעלכע איז שוין געווען אוממעגלעך צו אַנטלויפן.

## קאַפּיטל אַכט

### דער לאַנדסקאָמיסאַר — טוואַרדאָן

ביז מערץ 1941 האָט קאָלבושאָוו ווי אַ שטאָט נישט געהאַט קיין דייטשע ציווילע מאַכט. אַלע באַפעלן זיינען געקומען פון ריישע און די דייטשע פּאָליציי, סטאַנציאָנירט דאָ, האָט זיי אויסגעפירט. אויך די געסטאַפּאָ אין ריישע האָט אויסגעשפּרייט איר מאַכט איבער קאָלבושאָוו. פון צייט צו צייט, יעדע צוויי וואָכן, אַן ערך, זיינען עטלעכע ריישער געסטאַפּאָ־לייט געקומען קיין קאָלבושאָוו און, פאַרשטייט זיך, נישט פאַרפעלט צו באַזוכן דעם אָרטיקן יודנראַט. מיט זיי האָט שוין פאַרהאַנדלט ד״ר אנדערמאַן. יעדן פון זיי, האָט ער פאַרזאָרגט מיט אַ פּרעזענט, וואָס האָט אויך אַנטהאַלטן „באַהנען קאַפע״. זיי האָבן זיך דערמיט צופרידנגעשטעלט און אַוועקגעפאָרן.

ספּעציעלע, אויסטערלישע און שרעקלעכע זאַכן, זיינען אין דער צייט אין קאָלבושאָוו נישט פאָרגעקומען. אין מערץ 1941 איז אָנגעקומען אַ לאַנדקאָמיסאַר, עקוויוואַלענט צום אַמט פון פּוילישן סטאַראָסטע. קאָלבושאָוו האָט ווייטער געהערט צום ריישער קרייז, מען האָט זי אָבער ווידער געמאַכט פאַר אַ פּאָוויאַטאָווע שטאָט. דער ערשטער לאַנדס־קאָמיסאַר, וואָס איז געקומען אין מערץ איז געווען אַ יונגער „עס־עס״־מאַן, זיין נאָמען איז געווען האַלם. אין אָנהייב איז ער געווען שלעכט. ער האָט געוואָלט וויזן די יידן, אַז עס איז דאָ אַ פרישער הערשער. האָט ער אַרויסגעגעבן פאַרשידענע גזירות, וואָס האָבן באַשווערט דאָס לעבן; אַ דאַנק, אָבער, ד״ר אנדערמאַנען, זיינען אַ סך גזירות בטל געוואָרן. ווי מען האָט געקאָנט זען, האָט האַלם זיך גערעכנט מיטן יידישן פאָרשטייער און האָט אים רעספּעקטירט. למשל, אין תחילת, האָט האַלם פאַרלאַנגט יעדן טאָג פאַר זיך 200 יידישע אַרבעטער. אַזאַ באַדייטנדיקע צאָל איז געווען אוממעגלעך צוזושטעלן, ווייל ס׳רוב יונגע מענער האָבן שוין געאַרבעט ביים מיליטער. שפּעטער האָט, אַ דאַנק ד״ר אנדערמאַנס אינטערווענץ, געסטייעט פאַר אים בלויז 50 מענטשן. מיט אים האָט מען געהאַט מנוחה דריי חדשים.

דעם ערשטן יוני, 1941 האָבן זיך אין קאָלבושאָוו אָנגעהויבן די אמתדיקע צרות. יענעם טאָג איז געקומען אַ פרישער לאַנדס־קאָמיסאַר, טוואַרדאָן. דער דאָזיקער טוואַרדאָן האָט געשמט איבער גאַנץ פּוילן; דייטשנאַציסטישע צייטונגען האָבן וועגן אים געשריבן און אים אַרויסגעשטעלט ווי אַ מוסטער. דאָס איז געווען אַ געפערלעכער מערדער און סאַדיסט. איבער דעם גאַנצן קאָלבושאָווער פּאָוויאַט האָט ער אומברחמנותדיק פאַרגאָסן יידיש

בלוט. די קאָלבושאָווער יידן האָבן פון אים געהאַט די גרעסטע צרות. ער טאַקע האָט פאַראָרדנט די עוואַקואַציע פון קאָלבושאָוו.

טוואַרדאָנס אויסערלעכער אויסזען האָט געטאָן געדעכטיקייט צו זיין גאַנצן חיהשן וועזן. פאַרגעשטעלט האָט ער מיט זיך אַ נידעריק־גראָבע פיגור, וואָס האָט פון דער ווייטנס געגעבן דעם איינדרוק פון אַ פעסל אין וועלכן מען האָט אַריינגעשטעלט צוויי פיס; אַ פּאָר קליינע און שטעכעדיקע אויגן האָבן אַרויסגעקוקט פון אַ גלאַנציק־געלן קאָפּ און אַ גרילצנדיק, קוויטשעדיק קול האָט ער דערצו פאַרמאָגט, וואָס האָט נישט צוגעזאָגט קיין גוטעס. האַלב דייטש, האַלב פּאָליאַק — האָט ער אין זיך פאַראייניקט די רשעות פון ביידע פעלקער. ווי אַ שלאָנזאַק האָט ער זיך געקענט פאַרשטענדיקן מיט די פּאָליאַקן אַזוי גוט ווי מיט די דייטשן. פון סאַמע אָנהייב קריג האָט ער שוין געאַרבעט אין ריישער קרייז־הויפּטמאַנשאַפט. ער איז געווען זייער כיטרע און ראַפינירט. אין ריישע האָט ער זיך אויסגעצייכנט מיט רודפן יידן. דערפאַר האָט ער אַוואַנסירט און געוואָרן לאַנדסקאָמיסאַר.

אין מאַי, 1941 האָבן די ריישער יידן צוואוויסן געגעבן קיין קאָלבושאָוו, אַז מיר זאָלן זיך זען צו ראַטעווען, ווייל דער גרעסטער שונא־ישראל דאַרף ווערן איבער אונדז דער הערשער.

עטלעכע מיטגלידער פון יודענראַט זיינען באַלד געפאָרן קיין ריישע און זיך דערוואוסט, אַז עס איז טאַקע אמת, אַז טוואַרדאָן האָט אַוואַנסירט, עס איז אָבער נאָך נישט באַשטימט וואוהין מען וועט אים שיקן. עס האָט געהייסן, אַז ער ווערט באַשטימט אָדער קיין קאָלבושאָוו, אָדער קיין סטריזעוו. סיי קאָלבושאָוו סיי סטריזעוו זיינען דעמאָלט געווען פּאַוויאַט־שטעט. קאָלבושאָווער יידן האָבן אָנגעהויבן געבן געלט צו פאַרשידענע דייטשע באַאַמטע, אַז טוואַרדאָן זאָל נישט קומען צו אונדז. די סטריזעווער יידן האָבן געטאָן דאָס זעלבע, געגעבן געלט ער זאָל נישט קומען צו זיי. אַזוי ווי קאָלבושאָוו האָט נישט געהאַט דאָס מזל, האָט טוואַרדאָן אַליין דעצידירט, אים איז בעסער געפעלן קאָלבושאָוו.

דעם ערשטן טאָג, ווען טוואַרדאָן איז געקומען קיין קאָלבושאָוו, האָט ער איינגעלאַדן אַלע יודענראַטלער פון קאָלבושאָוו, מיידאַן און סאָקאָלאָוו און האָט זיך פאָרגעשטעלט פאַר זיי ווער ער איז. ביי אים מוז „אַלעס קלאַפּען" — האָט ער שאַרף דערקלערט — ער איז נישט ווי די אַנדערע דייטשן. גלייך אויפן אָרט האָט ער אַרויסגעגעבן דעם ערשטן באַפעל, אַז אַלע יידן פון מיידאַן מוזן אין 24 שעה פאַרלאָזן זייער שטאָט און אַריבערפעקלען זיך קיין ריישע. דאָרט — האָט ער געזאָגט — זיינען שוין צוגעגרייט באַראַקן. דער,

וואָס וועט נישט פאַרלאָזן מיידאַן, וועט אויפן אָרט דערשאָסן ווערן — האָט געקלונגען דער באַפעל.

די יודענראַטלער פון מיידאַן זיינען אַהיימגעפאָרן מיט די טרויעריקע באַריכטן. אין זעלבן טאָג האָט טוואַרדאָן געשיקט קיין מיידאַן אַן אָפּטיילונג „זאָנדער־דינסט" (אַ סאָרט עס־עס־מיליטער, וואָס איז באַשטאַנען פון לויטער פאָליאַקן, אוקראַינער און פאָלקס־דייטשן). זיי האָבן צוזאַמענגעפּאַקט דאָס ביסל יידן, אַרויפגעזעצט אויף פריער־צוגעגרייטע וועגענער און זיי אַוועקגעפירט. מיטגענומען מיט זיך האָבן די יידן כמעט גאָרנישט, ווייל מען האָט זיי גענומען ווי זיי זיינען געשטאַנען. אַזוי אַרום האָט מען מיט איין מאָל אָפּגעווישט אַ הונדערט פּראָצענטיק יידיש שטעטל. אַרום מיטאָגצייט איז אָנגעקומען אין קאָלבושאָווער מאַרק אַ לאַנגע רייע מיט פויערישע וועגענער, וואָס זיינען געווען איבערפולט מיט הילפלאָזע יידן. זיי זיינען געווען אַרומגערינגלט מיט די רשעימדיקע אויסוואורפן פון דער „זאָנדער־דינסט". דאָס בילד איז געווען שרעקלעך; יעדע ווילע האָבן די ענקערס געשלאָגן אַן אַנדערע יידישע פרוי, וואָס האָט געוואַגט צוצוטראָגן אַביסל שפּייז די אויסגעזידלטע יידן.

דער ראש פון די יידן איז געווען אהרן גראַבינער, וואָס איז געווען די גאַנצע צייט דער פּרעזידענט פון יודענראַט אין מיידאַן.

נאָך אַ קורצן אָפּרו אין קאָלבושאָווער מאַרק, האָט מען זיי ווייטער געפירט קיין ריישע אין די צוגעגרייטע באַראַקן, וואו זיי זיינען אין אַ קורצער צייט אַרום אַלע אויסגעשטאָרבן פון הונגער און קעלט. יידן, וואָס זיינען דעם טאָג נישט אַוועק פון מיידאַן, נאָר זיך אויסבאַהאַלטן, האָבן די דייטשן אין משך פון אַ צייט געכאַפּט און אויסגעשאָסן. אַזוי איז מיידאַן געוואָרן אין אָנפאַנג 1941 „יודען־ריין".

קאָלבושאָוו האָט געלעבט אין איין איך פחד, אַז טוואַרדאָן זאָל ניט מאַכן דאָס זעלבע אין קאָלבושאָוו, ווי ער האָט געמאַכט אין מיידאַן און אויסזידלען די יידן קיין ריישע. דעם 10־טן יוני, איז ד"ר אַנדערמאַן געקומען מיט אַ שמחה, אַז מען וועט קאָלבושאָוו נישט אויסזידלען. ד"ר אַנדערמאַן האָט דער־ציילט, אַז טוואַרדאָן האָט שוין געהאַט אַ גרייטן פּלאַן וועגן אַן ענלעכער אויס־זידלונג, אָבער עס איז אים געלונגען איבערצוצייגן דעם לאַנד־קאָמיסאַר, אַז עס וועט אים נישט לוינען דאָס צו טאָן מיט די קאָלבושאָווער יידן.

טוואַרדאָן האָט, אָבער, זעט אויס, קיין וואָרט נישט געהאַלטן און האָט זיך באַלד גענומען צו די קאָלבושאָווער יידן. שוין דעם 12־טן יוני, מיטאָג־צייט, ווען קיינער האָט זיך אויף גאָרנישט געריכט, זיינען אָנגעקומען אין מאַרק אַריין צוויי לאַסט־אויטאָס מיט איבער 100 דייטשע פּאָליציי־לייט פון

ריישע. אַזוי גיך ווי זיי זיינען אָנגעקומען אין מאַרק אַריין זיינען זיי זיך באַלד צעלאָפן איבער די הייזער אין מאַרק און האָבן אַלע יידן, וואָס האָבן דאָרט געוואוינט, אַרויסגעטריבן אַזוי ווי זיי זיינען געשטאַנען און געגאַנגען; נישט געטאָרט האָט מען גאָרנישט מיטנעמען. אַלע יידן האָבן געמוזט פאַרלאָזן די היימען. אין יעדן הויז זיינען געווען צוויי פּאָליציסטן מיט צוגעגרייטע ליס־טעס וויפל יידן עס וואוינען אין יעדן הויז און זיי האָבן געזאָרגט, אַז קיינער זאָל לויט דער ליסטע נישט פעלן. די אַרויסגעטריבענע מענטשן האָט מען פאַרזאַמלט אין מיטן מאַרק און אַרומגערינגלט מיט פּאָליציי. די יידן האָט מען באַפוילן פאַרשליסן די היימען און די שליסלען איבערצוגעבן דער פּאָליציי. ווען אַ ייד האָט נישט געוואָלט פאַרלאָזן די היים האָבן אים די דייטשן מער־דערלעך געשלאָגן און מיט געוואַלד אַרויסגעטריבן. דאָס האָט געדויערט דריי שעה. צווישן די פאַרזאַמלטע יידן האָט זיך געפּאָרעט טוואַרדאָן, וואָס האָט אָנגעפירט מיט דער גאַנצער אַקציע. אַרום פינף נאָכמיטאָג זיינען אָנגעקומען וועגענער פון די אַרומיקע דערפער, אויף וועלכע מען האָט אָנגעלאָדנט די יידן און וועלכע פּאָליציי האָט שטאַרק באַוואַכט. אַזוי האָט מען זיי, די אומגליק־לעכע יידן, אַוועקגעפירט קיין ריישע. אַלע אָן אויסנאַם זיינען געוואָרן גע־טריבן, אַפילו קראַנקע, אַלטע און קינדער.

פון מיין פאַמיליע בין איך איינער געבליבן. איך בין גראַד געווען אינדערהיים, ווען די פּאָליציי איז אַריינגעקומען, נאָר עס איז מיר געלונגען דורך אַ הינטערטיר אַרויסצושפּרינגען און אַנטלויפן. איך בין געלאָפן אויף דער גורע, ווייל כ׳האָב פאַרשטאַנען, אַז די דייטשן וועלן די אַרויסגעטריבענע פירן קיין ריישע און איך האָב נאָך געוואָלט אַ קוק טאָן אויף מיינע ליבע. איך האָב געזען ווי מען האָט אַלע דורכגעפירט. דאָס בילד איז געווען אַ שרעק־לעכעס. יידן, וועלכע זיינען מיט אַ פּאָר שעה צוריק געווען בעלי־בתים ביי זיך, האָט מען געפירט ווי פאַראורטיילטע, און וואוהין? וואָס וועט מען מיט זיי טאָן? איך האָב געזען פאַרבייפאָרן די פור מיט מיין אייגענער פאַמיליע. איך האָב פונדערווייטנס געזען די שרעקלעכע, פאַרצווייפלטע פּנימער. איך האָב זיך נישט געקענט באַוויזן, ווייל נאָך יעדן וואָגן איז נאָכגעגאַנגען אַ פּאָליציסט. אַזוי ווי עס איז נאָר געוואָרן טונקל, בין איך צוריק אַריין דורך דעם דאַך אין אונדזער וואוינונג און אויפגעגראָבן אַלע ווערט־זאַכן און אויך געלט, ווייל איך האָב געוואוסט, אַז מער וועט קיין ייד נישט קענען אַריין אין אונדזער הויז. די יידן, וואָס האָבן געוואוינט אין די אַנדערע געסלעך פון שטעטל זיינען געבליבן אין זייערע וואוינונגען נישט גערירט.

צומאָרגנס האָט די פּאָליציי צוזאַמענגענומען אַלע יידישע אַרבעט־

קרעפטן פון שטעטל און אונטער איר אויפזיכט אַרויסגעפירט אַלץ פון די ידישע הייזער. די דייטשן האָבן ניט איבערגעלאָזט אַפילו קיין נאָגל אין דער וואַנט. דאָס אויסראַמען די יידישע הייזער האָט געדויערט אַ וואָך.

די קאַלבושאָווער יידן, וואָס זיינען אָנגעקומען קיין רײשע, זיינען איינ־קוואַרטירט געוואָרן אין באַראַקן.

דאָס אַרויסטרייבן די מאַרק־יידן איז געווען פאַרבונדן מיט פאָלגנדן פּלאַן: ווי נאָר טוואַרדאָן איז געקומען קיין קאַלבושאָוו האָט ער גלייך באַשלאָסן צו מאַכן אַ געטאָ. לאָמיר נישט פאַרגעסן, אַז ביים סוף פון 1940 האָט שוין עקזיסטירט אַ געטאָ אין וואַרשע און אין אַ סך אַנדערע שטעט אין פּוילן. אין די גאַסן, וואו דאָס געטאָ האָט געדאַרפט (לויט טוואַרדאָנס פּלאַן) איינגע־שטעלט ווערן, האָבן געוואוינט 700 יידן און 90 פּאָליאַקן. די פּאָליאַקן האָט מען געדאַרפט פון די ערטער אויסזידלען און אויף דעם אָרט אַריינזעצן 1100 יידן, וואָס האָבן געוואוינט אין די פאַרשידענע טיילן פון שטאָט, וואָס האָבן נישט באַדאַרפט באַלאַנגען צו דער געטאָ. דאָרט, וואו דאָס געטאָ האָט געדאַרפט זיין, איז געווען די אָרעמסטע שטאָט־טייל; בלויז קליינע, הילצערנע הייזקעס זיינען דאָרט געשטאַנען און זיי האָבן נישט געקענט מער קיינעם אַריינגעמען, ווייל פאַר די יידן, וועלכע האָבן דאָרט שוין געוואוינט, איז די טייל שטאָט געווען צו ענג. עס איז געווען אוממעגלעך אַריינצוזעצן 1100 יידן אויף דעם אָרט פון די 90 פּאָליאַקן.

טוואַרדאָן האָט דעם פּלאַן פון דעם געטאָ פאָרגעשטעלט פאַר ד״ר אנדערמאַן, אָבער אנדערמאַן האָט צו דעם פּלאַן נישט איינגעשטימט און האָט געזאָגט, אַז ער, ווי אַ דאָקטאָר, קאָן נישט דערלאָזן, אַז אויף דעם אָרט פון 90 מענטשן זאָלן קומען 1100 נפשות. ער האָט געוואָרנט, אַז עס וועלן אויס־ברעכן פאַרשידענע מגיפות און אַז טעכניש איז אוממעגלעך דעם פּלאַן דורכ־צופירן. טוואַרדאָן האָט געזען, אַז אנדערמאַן איז גערעכט, אָבער דאָס געטאָ, האָט ער, ניט געקוקט אויף אַלע שוועריקייטן, דורכאויס געוואָלט איינפירן. דאָס איז געווען די סיבה טאַקע צוליב וועלכער ער האָט שטילערהייט אָרגאַ־ניזירט די אויסזידלונג פון די יידן, וואָס האָבן באַוואוינט דעם מאַרק. אַזוי אַרום האָט ער פון קאַלבושאָוו עקספּעדירט עטלעכע הונדערט יידן און געקענט דורכפירן זיין פּלאַן און אויפשטעלן אַ געטאָ.

דעם 13־טן יוני, 1941, צומאָרגנס נאָך דער אויסזידלונג, האָט טוואַר־דאָן אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז ביז 48 שעה מוזן אַלע יידן פון קאַלבושאָוו פאַרלאָזן זייערע וואוינונגען און אַריינקומען אין די גאַסן, וואָס זיינען אויס־געטיילט געוואָרן פאַרן געטאָ.

# קאַפּיטל ניין

## יידן ווערן געטריבן אין געטאָ אַריין

די גרענעצן, וואָס האָבן אָפּגעצוימט דעם שטח פון קאָלבושאָווער געטאָ, זיינען געווען: דער טייך אויף מזרח־זייט — אויסשליסנדיק די טאַרגאָוויצע און די גמינע, די שענדישעווער גאַס אויף מערב זייט — די שענדישעווער גאַס אַליין איז געווען אויסער דעם געטאָ. די צפון־גרענעץ איז געווען די „גאָלדענע צייל". די געשעפטס־לאָקאַלן, וואָס זיינען געגאַנגען אין מאַרק אַריין זיינען איבערגעגעבן געוואָרן צו די פּאָליאַקן און די שטיבער זיינען אָפּגע־צוימט געוואָרן פון די געוועלבער און האָבן געהערט צום געטאָ. די דרום־גרענעץ האָט זיך געצויגן פון דער לאַווע, ביים טייך, קעגן ר' יעקב עקשטיינס הויף אין אַ גלייכער ליניע, לענג אויס די פעלדער, וואָס אויף יענער זייט שטאָט, ביז דער פּאָסט אויף דער שענדישעווער גאַס. עקשטיינס גאַס, וואָס מען פלעגט פריער רופן די „בעקער־גאַס", איז געווען די הויפּט־גאַס פון געטאָ. די דאָזיקע גאַס האָט געהאַט גרויסע טויערן אויף ביידע זייטן: ביים אַריינגאַנג צו דער שענדישאָווער גאַס און נעבן דער גמינע. די טויערן זיינען שטענדיק געווען געשלאָסן און די שליסלען האָט געהאַלטן דער בירגער־מייסטער. בלויז, אַז מען האָט געדאַרפט עפּעס וויכטיקעס אַריינפירן אָדער אַרויספירן זיינען די טויערן געעפנט געוואָרן. דער הויפּט־דורכגאַנג ביים געטאָ איז געווען פון דער זייט פון מאַרק, דורך דעם ליק צווישן אלעזר־מאיר און פייגעלע־יאלעס — דער וועג, דורך וועלכן דורות יידן זיינען געגאַנגען יעדן טאָג אין שול און אין בית־המדרש אַריין. דער דאָזיקער דורכגאַנג האָט נישט געהאַט קיין טויער, נאָר איז שטענדיק באַוואַכט געוואָרן פון אַ יידישן פּאָליציאַנט, וואָס האָט קאָנטראָלירט די „פּשעפּוסטקעס". אַלע אַנדערע דורכ־גאַנגען צום געטאָ זיינען געווען פאַרצוימט מיט הויכע פּלויטן. אָט אין די דאָזיקע עטלעכע געסלעך האָבן עלף הונדערט יידן געדאַרפט זיך אַריינציען, ווי אַ צוגאָב צו די יידן, וועלכע האָבן דאָרט שוין געוואוינט, און דאָס אַלץ האָט געדאַרפט געשען אין געציילטע 48 שעה.

דאָס איבערציען זיך אין געטאָ אַריין איז נישט געווען קיין גרינגע זאַך. יעדער האָט געוואָלט זיינע זאַכן וואָס פריער האָבן אין געטאָ, ווייל מען האָט געוואוסט, אַז נאָך די 48 שעה וועט אַלץ פאַרפאַלן ווערן. קיין שום טראַנספּאָרטאַציע־מיטלען זיינען ניט געווען בנמצא. קיין גוישע פורן האָבן יידן נישט געטאָרט נוצן. האָבן יידן אויף די פּלייצעס געשלעפּט זייער ביסל אָרעמ־קייט אין געטאָ אַריין. די וועגן, וואָס האָבן געפירט אין געטאָ אַריין זיינען

געווען אַזוי איבערפולט, אַז עס איז שווער געווען זיך דורכצושטופן. מענער און פרויען האָבן געשלעפּט אַלטע בעטן, שאַפעס, קופערטס מיט זאַכן, פעק מיט בעטגעוואַנד; פעדערן זיינען געפלויגן אין דער לופטן ווי אַ שניי.

דאָס אַריבערפירן פון דעם אָפּגעשפּאַרטן פון דורות האָב און גוטס איז געמאַכט געוואָרן בחפזונדיק. דאָס בילד פאַר אַ זייטיקן צושויער האָט געמוזט זיין אַפּאָקאַליפּטיש־טראַגיש. דאָס אָרעמקייט פון דעם ייד האָט זיך באַוויזן אין דער דאָזיקער מאַסאָווער באַוועגונג אין געטאָ אַריין אין זיין גאַנצער אַנט־בלויזטער נאַקעטקייט. יידן האָבן אַלץ געשלעפּט אין געטאָ אַריין: דאָ האָט מען געזען ווי לייביש מענדל איטשעס שלעפּט אַ לאַנגע חדר־באַנק, וואָס איז אים געבליבן פון זיין מלמדות; באַשע די בעקערין האָט געשלעפּט לאַנגע לאָקשן־ברעטער מיט גאַנצע שטויסן קיישלעך אויף ברויט; נפתלי נעסעל מיט זיינע זין האָבן געשלעפּט די סראָגעס און אַ קלאָץ צו זעגן און האַקן האָלץ, אַ מלאכה פון וועלכער ער האָט געצויגן זיין בדוחק פאַרהאָרעוועטע חיונה בעת דער מלחמה. מען האָט געשלעפּט באַליעס, מולטערס, פלאָכעס האָלץ, פעסלעך אויף וואַסער, קוישן, קוילן, צעבראָכענע וואָרעם־אייוועלעך, אַלטע שפּיגלען; פאָלימער און פרייפעלד האָבן געטאַשטשעט אַלטע רעדער פון וואָגנס. געשלעפּט האָט מען אַלץ אין געטאָ, אָבער קיינער האָט נישט געקלערט, צי עס וועט זיין פּלאַץ, וואו דאָס צו שטעלן. דער סוף איז געווען, אַז די מערסטע זאַכן זיינען געבליבן ליגן אין גערטנער, אין דרויסן, צעבראָכענערהייט און געפוילט; די הילצערנע זאַכן האָט מען שפּעטער גענוצט צום ברענען.

די ערשטע פּאָר טעג האָט קיינער נישט געהאַט קיין צוגעטיילטן פּלאַץ, וואו זיך אַריינצוציען. מען האָט נאָר געזאָרגט, אַז אַלע יידן זאָלן אַריין אין געטאָ, און וואָס מער מיט זיך מיטנעמען. אַריבערגעצויגן האָט מען זיך פרייטיק און שבת. ערשט נאָך די 48 שעה האָט דער יודענראַט, אונטער דער שטרענגער אויפזיכט פון ד״ר אנדערמאַן, זיך גענומען צו מאַכן אָרדנונג און צוריקשטעלן דאָס לעבן נאָרמאַל, אויב מען האָט עס געקאָנט אַזוי אָנרופן. מען האָט צוגעטיילט וואוינונגען, מען האָט על־פּי־רוב צוגעטיילט משפחה צו משפחה. מען האָט אַריינגעזעצט עטלעכע פאַמיליעס אין איין שטיבל. צו שלאָפן אויף בעטן איז געווען אויסגעשלאָסן, ווייל עס איז נישט געווען גענוג פּלאַץ פאַר די בעטן. די בתי־מדרשים און די שול האָט מען אויך פאַרוואַנדלט אין וואוינונגען. דאָרט האָט אויסגעזען ווי אין אַ גרויסן שפּיטאָל־זאַל, איין בעט ביים צווייטן. אין גרויסן מענער־בית־המדרש האָבן געוואוינט 20 פאַ־מיליעס. דאָס זעלבע איז געווען אין קליינעם בית־המדרש, אין דער ווייבערי־שער און אין דער מענערישער שול. מען קען זיך פאָרשטעלן ווי די געסלעך

האָבן נאָך אַזעלכע צוויי טעג איסגעזען. עס האָבן זיך געפונען פרישע 1100 מענטשן אַריינגעקוועטשט אין אַזאַ קליינעם שטח. עס האָט געדרישט ווי אין אַ בינען־שטאָק.

די דייטשן אָבער האָבן נישט געדענקט דאָ צו לאָזן די יידן במנוחה. דער ערשטער ברוך־הבא איז געווען שבת־פּאַרנאַכט. עס איז אַריינגעקומען אין געטאָ די גאַנצע דייטשע פּאָליציי אָנקוקן ווי עס זעט אויס. ווען זיי האָבן געטראָפן רעדלעך יידן, וואָס האָבן זיך נישט געהאַט וואו אַהינצוטאָן, האָבן זיי אָנגעהויבן שלאָגן אויף רעכטס און לינקס. וואו זיך צו באַהאַלטן איז נישט געווען.

דער יודענראַט האָט זייער פיל געאַרבעט. זיינע מיטגלידער האָבן געמוזט זאָרגן, אַז יעדער זאָל האָבן אַ דאַך איבערן קאָפּ און יעדן ייד געבן אַ דירה. אויך האָט דער יודענראַט געהאַט די אויפגאַבע צו באַוואָרענען די אַלע יידישע וואוינונגען אויף דער אַרישער זייט, וואָס די יידן האָבן ערשט פאַרלאָזט. דער יודענראַט איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך דערפאַר, אַז קיין שום דירה זאָל נישט באַשעדיקט ווערן, ביז עס וועט זיך דאָרט אַריינציען אַ פוילישע משפחה.

אין געטאָ האָבן זיך אָנגעהויבן געשלעגן און קריגערייען צווישן די יידן. עס זיינען געווען אַזוי פיל מענטשן אין איין שטוב, אַז מע האָט זיך נישט געקענט אויסגלייכן. יידן, וואָס האָבן פריער געוואוינט אין דעם שטח, האָבן געקוקט מיט אַ קרום אויג אויף די ניי־אַריינגעקומענע, הלמאי זיי נעמען אַוועק זייערע דירות. די אַנדערע ווידער האָבן געטענהט: „וואָס זיינען מיר שולדיק, מען האָט אונדז אויסגעזידלט פון אונדזערע היימען? עס וואָלט טאַקע גלייכער געווען פאַרקערט"... פון אַזעלכע רייד זיינען אויסגעבראָכן קריגע־רייען. יעדער אין געטאָ איז געווען שרעקלעך פאַרביטערט.

ד"ר אנדערמאַן איז פערזענלעך אַרומגעגאַנגען פון פרי ביז נאַכט איבער אַלע הייזער, יעדן געפרעגט, צי ער איז צופרידן מיט זיין וואוינונג. אין געוויסע פאַלן האָט ער דירות געטוישט. ער האָט זיך באַמיט באמת יעדן צופרידנצושטעלן. ער האָט זיך פאַר יעדן געזאָרגט, ווי אַ גוטער פאָטער — פאַר יעדן, נאָר נישט פאַר זיך.

ווען אַלע יידן זיינען שוין געווען אינעם געטאָ, האָט ד"ר אנדערמאַן נאָך געוואוינט אין זיין הויז אויסער דעם געטאָ. האָט אים טוואַרדאָן געפרעגט, פאַרוואָס ער נעמט זיך נישט קיין דירה. ווי אַ דאָקטאָר, האָט ער אים געזאָגט, דאַרף ער האָבן אַ שענערע וואוינונג ווי די אַנדערע יידן. האָט אים אנדער־מאַן געענטפערט, אַז ער וועט נעמען אַ דירה, נאָר דאַן, ווען אַלע וועלן שוין

האָבן אַ דאַך איבערן קאָפּ און כל־זמן עס געפינט זיך נאָך איין יידישע פאַמיליע, וואָס האָט נישט וואו צו וואוינען, קען ער פאַר זיך נישט זאָרגן.

די פירער פון יודענראַט איז אָבער נישט געגעבן געוואָרן די געלעגנהייט צו פאַרענדיקן זייער אַרבעט פון איינשטעלן אַ שטיקל אָרדנונג אין געטאָ. שבת ביינאַכט איז מען אין געטאָ אויפגעטרייסלט געוואָרן פון אַ נייער צרה. די דייטשע פּאָליציי האָט אַרומגערינגלט דעם געטאָ שטח, און לויט אַ ליסטע אַרעסטירט 26 יידן, מענער און פרויען, צווישן זיי כמעט אַלע מיטגלידער פון יודענראַט. די אַרעסטירטע זיינען געווען די פאָלגנדיקע: לייביש זאַלעשיץ, דן האר, אַדוואָקאַט ד״ר קליינהויז (וועלכער האָט אויך געהערט צום יודענראַט), משה פיינגאָלד, משה לאַנדוי, יהושע נאַטאָוויץ, ראובן ווינטער, שלום אויכהיזיגער, חנא גרויסהויז, בועז, בנימין, יודל און ישראל פייער (אַלע פיר זין פון חנינא פייער), לוי גלאַנץ, אשר דערשאָוויטץ, משה קורץ, דוד שער, משה פעניכעל, מענדל שולל, פתחיה ווייס, הערצל לאַנדוי (אַן איידעם פון בצלאל גרינשטיין), שרה אונזעל, אסתר אולאַן, ציפּקא וואַגשאַל (ר׳ יעקב עקשטיינס אַן איניקל), און די ברידער יאַנטשע און פאַשעק ראַפּאָפּאָרט.

די אַרעסטן האָבן געמאַכט אַ דערדריקנדיקן איינדרוק. מען האָט זיך נאָך געטרייסט, אַז די דייטשן האָבן איבערגעלאָזט אנדערמאַנען. מען האָט געגלויבט, אַז ער וועט קענען די אַרעסטירטע אַרויסנעמען. ד״ר אנדערמאַן אַליין איז אָבער געווען ביי זיך זייער געפאַלן, ווייל טוואַרדאָן האָט אים שוין אַ צווייט מאָל אָפּגענאַרט: איינמאָל ווען מען האָט די יידן פון מאַרק אַוועקגעשיקט קיין ריישע און אים פריער נישט פאַרשטענדיקט; און דאָס צווייטע מאָל איצט, ווען מען האָט דעם גאַנצן יודענראַט אַרעסטירט און ער האָט פון דעם גאָרנישט געוואוסט.

טוואַרדאָן האָט ווייטער ווי קיינמאָל גאָרנישט אַרויסגעגעבן איין באַפעל נאָכן אַנדערן. די אַלע באַפעלן האָבן געמוזט ווערן דערליידיקט ווי אַמשנעלסטן. נאָר ווער האָט עס אַלץ געקענט טאָן, אַז דער גאַנצער יודענראַט איז געזעסן אין קרימינאַל? עס איז נישט געווען ווער עפּעס צו דערליידיקן. לאַנג האָט זיך ד״ר אנדערמאַן נישט געקענט זאָרגן, ווייל מאָנטיק האָט מען אים אויך אַרעסטירט. די פּאָליציי האָט ביי אים אין דירה געמאַכט זייער אַ שטרענגע רעוויזיע און אַלץ צוגענומען.

נאָך דעם אַרעסט פון ד״ר אנדערמאַן איז דאָס שטעטל געבליבן אָן אַ קאָפּ. יעדער האָט געזאָגט „מען האָט דעם טאַטן פאַרלוירן". די אורזאַך פאַר זיין אַרעסט איז טאַקע געווען, ווייל ער האָט צופיל געהאָלפן יידן. ער האָט זיי צופיל פאַרטיידיקט. די דייטשן האָבן געוואָלט האָבן אַן „אָבמאַן־פּרעזידענט",

אַז אויב זיי וועלן פון אים פאַרלאַנגען אַ קילאָ גאָלד, זאָל ער זאָגן, אַז ער וועט זיי געבן צוויי קילאָ. ד״ר אנדערמאַן איז אַזעלכער נישט געווען. אין אַנדערע שטעט האָבן די דייטשן יאָ אַמאָל געהאַט אַזעלכע. ווען מען האָט אים אַרעסטירט, האָט מען ערשט געזען ווען מען האָט געהאַט, און וואָס פאַראַ גוטן מענטשן מען האָט פאַרלוירן.

דאָס הויז, וואו ד״ר אנדערמאַן האָט געוואוינט איז געווען דאָס בייסטע און דאָס שענסטע אין קאַלבושאָוו. ער האָט זיך עס אַליין געבויט אַ יאָר פאַרן קריג. ער האָט דאָרט געהאַט עלעקטריע, וואַסערלייטונג און פולן קאָמ־פאָרט. דאָס הויז האָט געזאָלט איבערנעמען טוואַרדאָן פאַר זיך, אָבער ער האָט געוואָלט אַז דער יודענראַט זאָל אים געבן 10,000 זלאָטעס עס צו רעסטאָווי־רירן. האָט אים ד״ר אנדערמאַן געענטפערט, „אַז איך האָב געקענט וואוינען אין דעם הויז, קענסטו אַוודאי! צווייטנס — האָט אים ד״ר אנדערמאַן געזאָגט — דו וועסט באַשטימט לאַנג אין מיין הויז נישט וואוינען, באַלד וועל איך עס ווידער איבערנעמען, ווייל די קריג וועט לאַנג ניט דויערן״.

אנדערמאַן האָט אָפט אָפן געשמועסט מיט דייטשן, וואָס ער דענקט וועגן זיי און וועגן זייער פּאָליטיק. טוואַרדאָן האָט איינמאָל אָנגעהויבן שמועסן מיט ד״ר אנדערמאַנען פּאָליטיק, און אים געפרעגט זיין מיינונג, האָט ער אים געענטפערט: „אויב דו שמועסט מיט מיר וועגן יידישע אָנגעלעגנהייטן, זאָלסטו דיר פאָרשטעלן, אַז עס שטייט פאַר דיר אַ ייד מיט אַ לאַנגער באָרד; אויב דו ווילסט מיט מיר שמועסן וועגן אַלגעמיינער פּאָליטיק — שטייט פאַר דיר אַ פּוילישער פּאַטריאָט, אַ געוועזענער פּוילישער אָפיציר״.

איינמאָל זיינען אין קאַלבושאָוו געקומען ריישער געסטאַפּאָ־לייט און פאַרלאַנגט פון ד״ר אנדערמאַנען אַ ליסטע פון די רייכסטע יידן. ער האָט געענטפערט, אַז אין קאַלבושאָוו זיינען בכלל נישט פאַראַן קיין רייכע יידן. זיי זיינען אָבער נישט אָפּגעטראָטן. דעמאָלט האָט ער געזאָגט: „יאָ, אויב איר ווילט, קען איך אייך אָנווייזן איין רייכן יידן אין קאַלבושאָוו און דאָס בין איך״.

אַ צווייט מאָל זיינען ווידער געקומען געסטאַפּאָ־לייט פון ריישע און פאַרלאַנגט פון יודענראַט שיין מעבל. האָט זיי ד״ר אנדערמאַן געזאָגט, אַז שיין מעבל וועלן זיי אין קאַלבושאָוו נישט געפינען, ווייל די יידן זיינען אָרעם. האָבן זיי זיך געהייסן אַרומפירן אין די יידישע שטיבער. ד״ר אנדערמאַן האָט ספּעציעל געפירט זיי אין די אָרעמסטע הייזער. די דייטשן האָבן אָבער נישט אָפּגעלאָזט און געפאָדערט שיין און מאָדערן מעבל. האָט זיי ד״ר אנדערמאַן געזאָגט, אַז אויב זיי מוזן עס האָבן, זאָלן זיי נעמען דאָס מעבל ביי אים, ווייל נאָר ער אַליין האָט ניי און שיין מעבל. אַזוי אַרום האָט ער זיך שטענדיק

אַרויסגעשטעלט ווי דער רייכסטער. ער האָט פאַר די דייטשן קנאַפּ וואָס מורא געהאַט.

ווען מען האָט אים אַרעסטירט זיינען אָנגעזעענע פּאָליאַקן געגאַנגען צו טוואַרדאָוון ער זאָל אים באַפרייען. זיי האָבן דערמאָנט ווי ערלעך און גוט ער איז געווען. טוואַרדאָן האָט געענטפערט, אַז דערפאַר טאַקע איז ער אַרעסטירט געוואָרן, ווייל „ער וואָהר צו קאָרעקט״.

משה ראָזענבוים, בערס זון, וועלכער איז אויך געווען אַ מיטגליד פון יודענראַט, איז אויך געווען אויף דער ליסטע אַרעסטירט צו ווערן, אָבער די פּאָליציי האָט אים נישט געקענט טרעפן.

די גרעסטע טראַגעדיע איז געווען מיט חנינא פּייערס קינדער. ביי אים האָט מען אַרעסטירט פיר זין און אַן איידעם, די שטאַרקסטע יונגעלייט אין שטאָט. די פּאָליציי איז געקומען אַרעסטירן דעם עלטסטן זון, בועז, וואָס איז געווען אַ יודענראַט־מיטגליד, האָבן זיי אים געזוכט ביים פאָטער. ער האָט אָבער געוואוינט אין אַן אַנדער דירה. האָבן זיי פון פאָטערס הויז גענומען אידלען און ישראלן. דאַן האָט אידל זיי געפירט צו בועזן, וואו זיי האָבן אויך געטראָפן בנימינען. אַזוי האָבן זיי אַלע פיר צוגענומען און אַ קורצע צייט שפּעטער איז זייער מוטער פון צרות און יסורים געשטאָרבן.

דאָס איז געווען די ענדע פון דעם ערשטן יודענראַט.

## קאַפּיטל צען

## דער צווייטער יודנראַט

צומאָרגנס, נאָכדעם ווי מען האָט אַרעסטירט ד״ר אנדערמאַנען, איז דאָס געטאָ געבליבן ווי אַן פּירערשאַפט. יעדער איינער איז געווען באַזאָרגט. אַפילו די, וואָס האָבן פריער קריטיקירט ד״ר אנדערמאַנען און געווען זיינע אויסגעשפּראָכענע קעגנער (אויך ער האָט געהאַט שונאים), וואָלטן איצט באַשטאַנען, אַז אַלע אַרעסטירטע מיט אנדערמאַנען בראש זאָלן באַפרייט ווערן און ווייטער זיין זייערע פאַרזאָרגערס. מען האָט געוואוסט פון אַנדערע שטעט וואָס פאַראַ יודענראַט עס ווערט געשאַפן אויפן אָרט פון דעם ערשטן.

אויפן צווייטן טאָג נאָכן אַרעסט האָט טוואַרדאָן געשיקט נאָך די צוויי איבערגעבליבענע יודענראַט־מיטגלידער: שמחה רובין און מיין שוואָגער, ישעיה דוד לישע. טוואַרדאָן האָט פאָרגעשלאָגן, אַז איינער פון זיי זאָל ווערן פּרעזידענט און צוקלייבן זיך פרישע מענטשן, כדי צו אָרגאַניזירן אַ נייע אַדמיניסטראַציע.ביידע האָבן זיך דערפון אָפּגעזאָגט, טענהנדיק, אַז זיי זיינען

אומפעיק פאַר דעם אַמט. זיי האָבן געראַטן טוואַרדאָנען ער זאָל באַפרייען אנדערמאַנען, ווייל אַן אים וועט קיינמאָל ניט זיין קיין אָרדנונג אין געטאָ.

מיט דער דאָזיקער פּאָליטיק האָט טאַקע אָנגעפירט ד״ר אנדערמאַן אַליין פון דער טורמע. ער האָט געוואוסט געניי, וואָס עס טוט זיך אין געטאָ און פון דאָרט האָט ער באַפוילן וואָס מען זאָל טאָן. דערפאַר איז געווען דער באַשלוס, אַז קיינער זאָל ניט אָננעמען דעם אַמט פון פּרעזידענט. פּאַשעק ראַפּאָפּאָרט, וועלכער איז געווען צווישן די אַרעסטירטע, האָט אויך געוואוסט וואָס עס קומט פאָר.

אַ פּאָר טעג נאָך ד״ר אנדערמאַנס אַרעסט, איז אין געטאָ די טעמע פון טאָג געוואָרן פּאַשעק. האָט מען דאָך יעדן טאָג געזען זיין פּרוי אַרויסגיין פון געטאָ אין דער ריכטונג פון טוואַרדאָנס אַמט. ד״ר אנדערמאַן האָט אַפילו דירעקט געפרעגט פּאַשעקן, צי זיין פרויס באַזוכן ביי טוואַרדאָנען האָבן ניט אַמאָל אַ שייכות מיט זיין, פּאַשעקס באַשטימט ווערן, ווי דער פּאָרזיצער. פּאַשעק האָט געלייקנט.

פינף טעג שפּעטער האָבן די דייטשן פּאַשעקן באַפרייט און אים באַשטימט ווי דעם „אָבערמאַן״. דאָס איז, פאַרשטענדלעך, געווען אַ טויטקלאַפּ פאַר ד״ר אנדערמאַנען און די רעשט אַרעסטירטע. „ויקם מלך חדש״... פּאַשעק האָט פאַרנומען אנדערמאַנס אָרט. ער האָט זיך באַלד צוגעקליבן פּאַסיקע מענטשן און אָנגעהויבן צו פירן די „מלוכה״. ער האָט אין ראַט אַריינגענומען:

הענריק מאַנד (דוד גערסטעלס שוואָגער פון קראָקע) — ער איז געוואָרן אַרבעטס־דירעקטאָר; דוד גערסטעל (פּאַשעקס אָנקל) — פּראָוויאַנט און פּאָלקס־קיך לייטער; מיכל פיינגאָלד (אייזיק לאמפּעלס איידעם), ישעיה־דוד לישע (מיין שוואָגער) און שמחה רובין (יואלס זון), ביידע פון פריערדיקן יודענראַט; אהרן ישעיה שטרייטער (משהלע קאָרנבלוטס זון), און יחזקאל גאָלד־קלאַנג (שמעלקעס זון).

פּאַשעק האָט וואָס אַן אמת אינטערווענירט מען זאָל די אַרעסטירטע באַפרייען און טוואַרדאָן האָט אים דאָס צוגעזאָגט, אָבער ער האָט דאָס וואָרט ניט געהאַלטן.

דאָס לעבן אין געטאָ האָט זיך ביסלעכוויז איינגעשטעלט אונטער דער נייער ממשלה. מען האָט זיך אָנגעהויבן צוגעוואוינען צו די נייע גזירות און באַשרענקונגען. די יידן, וואָס מען האָט דעם 12־טן יוני „אויסגעזידלט״ קיין ריישע, זיינען איינציקוויז צוריקגעקומען אין קאָלבושאָווער געטאָ, אָבער דערפאַר האָט מען געמוזט באַצאָלן דעם יודענראַט אַ סך געלט.

דורך דער גאַנצער צייט וואָס די יידן זיינען געזעסן אין תפיסה, האָבן

די משפחות זייערע געפּרואווט פאַרשיידענע וועגן זיי צו באַפרייען. קיינער האָט זיך ניט געפילט שולדיק, האָט מען דעם ענין ניט גענומען צו ערנסט.

יעדן פאַרנאַכט איז זיך אַ האַלבער געטאָ צוזאַמענגעקומען פאַר די פענצטער פון דעם געפענגעניש, וואָס האָט זיך געפונען אין די קעלערן פון דער גמינע פון וואַנען די פענצטער זיינען אַרויס צום פּלאַץ ביי דער טאַרגאָ־וויצע. דאָרט האָבן די פאַרזאַמלטע געפירט שמועסן מיט די אַרעסטירטע, וואָס האָבן אַרויסגעקוקט דורך די פענצטער. מען האָט זיך געוויצלט און איידל אָנגעוואונקען ווער ס׳דאַרף געבן מער געלט, כדי צו באַפרייען די אַרעסטירטע. יעדער האָט געטענהט, אַז ער פאַרמאָגט גאָרניט.

נאָך דריי וואָכן זיצן האָט דער בירגערמייסטער יאַנושעווסקי גערופן צו זיך ד״ר אַנדערמאַנען און אים דערציילט, אַז ער האָט געזען די באַשולדי־קונגס־אַקטן ביי טוואַרדאָגען און אַז זיי ווערן באַשולדיקט, אַז זיי געהערן צו דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. אין יענער צייט — אין אָנפאַנג פון דער רוסיש־דייטשער מלחמה — איז דאָס געווען די סאַמע געפערלעכסטע באַשולדיקונג. די מענטשן, וואָס האָבן פריער קיין געלט ניט געוואָלט געבן, האָבן שוין איצט געפונען מיטלען און געוואָלט געבן, אָבער עס איז שוין, אַפּנים, געווען צו שפּעט. דעם צווייטן טאָג האָט מען די אַרעסטירטע אָוועקגעפירט.

אין דער קאָלבושאָווער דייטשער פּאָליציי איז געווען אַ „מייסטער" (אַ מין קאָמענדאַנט), וועלכער האָט געהייסן שמוקער, אַ גרויסער יידן־פרעסער. ווען ער איז אַרויס אין גאַס (געווען איז ער אַ הויכער, אַ דיקער און קענטיק זייער אַ שטאַרקער דייטש, באַגלייט שטענדיק פון צוויי גרויסע הינט), האָט יעדן אַרומגענומען אַן אימה און מען האָט זיך פאַר אים אויסבאַהאַלטן וואו נאָר מעגלעך.

שמוקערס גרעסטער פאַרגעניגן איז געווען, אין מיטן דער נאַכט אויפ־צוואווקן אַ ייד, אַריינגיין אין זיין שטוב, אים מערדערלעך שלאָגן און דאַן אַלץ וואָס איז געווען ווערטפול צונעמען. איינמאָל האָט זיך שמוקערן פאַר־גלוסט צו באַזוכן מיין ברודער לייבוש צוויי אַזייגער ביינאַכט, אין זיין דירה אין מתתיהו האָפּערטס הויז. שמוקער האָט אַ נעם געטאָן אַ שטיק האָלץ פון דעם געהילץ וואָס ער האָט געפונען אין האָפּערטס הויף און מיט רציחה געשלאָגן לייבושן אָן אויפהער; ביז ער איז געפאַלן ווי אַ טויטער. שמוקער האָט ניט אויפגעהערט צו שלאָגן ביז ער איז מיד געוואָרן פון אויפהייבן דעם שווערן שטיק האָלץ. דאַן האָט ער אויף לייבושן געגאָסן קאַלט וואַסער און אים אָפּגעמינטערט. שמוקער האָט פאַרלאַנגט פון לייבושן באַנען־קאַפע, וואָס ער האָט תיכף געקראָגן, און אַ צופרידענער אַוועקגעטראָגן. אין אַ פּאָר טעג

אַרום איז שמוקער צוריקגעקומען צו לייבושן און ווען ער האָט געזען אַז לייבוש לעבט און גייט אַרום, האָט ער אים געקלאַפּט אין דער פּלייצע און געזאָגט, אַז ער געפעלט אים: ערשטנס ווייל ער האָט פאַרטראָגן אַזעלכע קלעפּ און איז בכוח צו שטיין אויף זיינע אייגענע פיס; און אויך דערפאַר וואָס לייבוש האָט ניט־טראַכטנדיק אַוועקגעגעבן די עטלעכע קילאָ באַנען־קאַפּע וואָס ער האָט פאַרמאָגט. פון היינט אָן — האָט שמוקער אים דערקלערט — וועט לייבוש אים דאַרפן באַזאָרגן מיט אַלע פּראָדוקטן וואָס זיינען צוליב דער מלחמה שווער געווען צו קריגן.

אַזוי האָט עס זיך טאַקע געפירט. פון דעם טאָג אָן האָט לייבוש שמוקערן מיט אַלעם באַזאָרגט. דערפאַר טאַקע איז געשען, אַז ווען מען האָט לייבושן אַרעסטירט צוזאַמען מיט אַלע יידן, און לייבוש׳ס פרוי, חנטשע, איז אַוועק צו שמוקערן און אים געבעטן ער זאָל זען איר מאַן צו באַפרייען, האָט ער צוגעזאָגט, אַז ער וועט אַלץ טאָן, וואָס ס׳וועט נאָר מעגלעך זיין.

דריי וואָכן זיינען פאַרביי און לייבוש איז אַלץ ניט באַפרייט געוואָרן. „דייטש בלייבט דייטש״ — האָבן מיר געטראַכט. דאָס זעלבע האָט געטראַכט בצלאל גרינשטיינס טאָכטער, סימע, וואָס איר מאַן, הערצל לאַנדוי, איז אויך געווען צווישן די אַרעסטירטע. אויך סימע האָט געהאַט אַזאַ צוזאָג פון שמוקערן, וואָרום ביי איר האָט ער ווידער צוגענומען דאָס גאַנצע מעבל וואָס זי האָט מיטגעבראַכט פון דייטשלאַנד וואו זי האָט מיט איר פאַמיליע געוואוינט ביז פאַרן אויסברוך פון דעם קריג.

דעם לעצטן טאָג, איידער מען האָט אַלע אַרעסטירטע אַוועקגעפירט, איז שמוקער אָנגעקומען מיט אַ ליסטע פון דריי יידן, וועלכע ער האָט געהייסן אַהיימגיין. די דריי זיינען געווען: מיין ברודער לייבוש, הערצל לאַנדוי, סימעס מאַן, און משה לאַנדוי, אברהמלע לאַנדויס זון. משה לאַנדוי איז באַפרייט געוואָרן, ווייל, זעט אויס, אַז שמוקער האָט ניט געוואוסט וועלכער פון די צוויי לאַנדויס איז סימעס מאַן, האָט ער ביידן באַפרייט.

די פרייד ביי די דריי משפחות איז געווען אין לשער, אָבער ביי די איבעריקע האָט זיך דער ווייטיק פאַרגרעסערט. די דריי באַפרייטע זיינען אַוועק צו שמוקערן אים דאַנקען און צוזאָגנדיק אים אַלצדינג וואָס ער וועט זיך נאָר אויסבעטן, האָבן זיי אים געבעטן צו באַפרייען כאָטש ד״ר אנדערמאַנען. זיין ענטפער איז געווען, אַז ער וועט בלויז מסתמא דאַרפן האָבן קאַווע, אָבער מער וועט ער קיינעם ניט באַפרייען.

טוואַרדאָן האָט דערוויל געגעבן אַ באַפעל, אַז לייבוש און משה לאַנדוי זאָלן ווערן מיטגלידער אין יודנראַט (זיי האָבן אויך באַלאַנגט צום ערשטן

יודנראַט מיט ד״ר אַנדערמאַן). אַזוי האָט זיך דער יודנראַט פאַרגרעסערט פון זיבן אויף ניין מיטגלידער.

די נאַכט, ווען מען האָט די דריי באַפרייט איז אָנגעקומען אַ לאַסט־אויטאָ פון ריישער געסטאַפּאָ און מען האָט די איבעריקע אַרעסטירטע אַוועק־געפירט. פריי געלאָזט האָט מען נאָר די דריי פרויען, וואָס זיינען געזעסן, און די יידן וואָס זיינען געווען עלטער ווי 60 יאָר, צווישן וועלכע עס זיינען געווען: אשר דערשאָוויטש, משה קורץ, דוד שער און משה פעניקעל. די איבעריקע 16 מענטשן האָט מען אַוועקגעפירט אין ריישער קרימינאַל.

באַלד זיינען די פרויען פון די אַרעסטירטע אַוועק קיין ריישע, כדי דאָרט צו זוכן אַ וועג זיי צו באַפרייען. אין דער זעלבער צייט זיינען אויך אַרעסטירט געוואָרן עטלעכע און צוואַנציק יידן פון בלוזשעוו, וועלכע זיינען געזעסן צוזאַמען מיט די קאָלבושאָווער. די צוויי שטעט האָבן פאַרהאַנדלט מיט די זעלבע מעקלערס, וועלכע האָבן געזאָלט איבערקויפן די געסטאַפּאָ.

אין יענער צייט פלעג איך קומען קיין ריישע יעדע וואָך. די משפחות פון די אַרעסטירטע האָבן מיר יעדעס מאָל מיטגעגעבן פּראָוויאַנט, וואָס כ׳האָב פאַר גוט געלט געקענט אַריינשמוגלען אין תפיסה. אין ריישע האָבן די קאָלבושאָווער און בלוזשעווער יידן געדונגען אַ שטוב, וואוהין מען האָט גע־ברענגט די אַלע פעקלעך מיט פּראָוויאַנט. די איבערגעקויפטע וועכטער פון דער תפיסה פלעגן קומען און נעמען די פעקלעך און זיי אַריינשמוגלען צו די אַרעסטירטע. פאַר אַן עקסטראַ באַלוינונג פלעגן זיי צוריקברענגען בריוו פון די אַרעסטירטע.

יעדן טאָג פלעגן די משפחות פון די אַרעסטאַנטן זיך פאַרזאַמלען אין דעם שטיבל אין ריישע און דאָרט איבערשמועסן וועגן די קאָנטאַקטן, וואָס מען מאַכט צו העלפן באַפרייען זייערע קרובים.

פאַשעק ראַפּאַפּאָרט האָט כסדר צוגעזאָגט די פאַמיליעס, אַז ער טוט אַלץ וואָס איז מעגלעך צו באַפרייען די יידן און אַז ער האָפט, אַז עס וועט אים געלינגען. באַפרייט איז געוואָרן נאָר איינער — זיין ברודער, יאַנטשע, ווען ער האָט געמאַכט פאַר וויצע־פּרעזידענט פון יודנראַט. אַזוי האָט זיך דער יודנראַט פאַרגרעסערט פון 9 צו 10 מיטגלידער.

אַ געוויסן טאָג, ווען איך בין געווען אין ריישע מיט פעקלעך שפּייז פאַר די אַרעסטירטע, האָב איך דאָרט געטראָפן לייבוש קאָרענס פרוי און קלאַראַ ניס —ביידע פון בלוזשעוו. איינע האָט געהאַט דעם מאַן אין תפיסה און די צווייטע — איר טאַטן. זיי האָבן מיר דערקלערט, אַז די בלוזשעווער יידן האָבן באַשלאָסן אַליין צו פאַרהאַנדלען מיט די דייטשן וועגן דער באַפריי־

אונג פון זייערע מענער. זייער טענה איז געווען, אַז די קאָלבושאָווער ווייזן ניט אַרויס געגוג נייגעריקייט צו מאָביליזירן געלט־מיטלען.

די אויבן־דערמאָנטע פרויען זיינען געווען פאַראינטערעסירט אין די קאָלבושאָווער אַרעסטאַנטן (לייבוש קאָרען איז געווען פון היידיקאָווקע און ניס איז געווען אַן איידעם פון הערש יוסף ווייכסלבוים). אויף זייער עצה, בין איך צוזאַמען מיט זיי געפאָרן קיין בלוזשעוו. בעת אַ פאַרזאַמלונג פון די קרובים פון די אַרעסטירטע יידן, האָבן די בלוזשעווער מיר דערקלערט, אַז זיי האָבן שוין געזאַמלט די סומע פון 50,000 זלאָטעס, כדי איבערצוקויפן די דייטשן און באַפרייען זייערע קרובים.

אויף מיין פאָרשלאָג האָבן זיי איינגעשטימט ווייטער צו פירן די בשותפות׳דיקע באַמיאונגען מיט די קאָלבושאָווער משפחות, אויב די קאָל־בושאָווער וועלן אויך זען צו האָבן די זעלבע סומע פאַר דער געמיינזאַמער טראַגי׳שער אונטערנעמונג.

צוליב דעם וואָס די געגנט פון בלוזשעוו קיין ריישע און ווייטער קיין קאָלבושאָוו איז געווען באַזעצט מיט דייטשע פאַטראָלן (אין די דאָרטיקע וועלדער האָבן זיך געפונען דעפּאָס מיט כלערליי געווער) איז געווען גע־פערלעך 2 אַזייגער ביינאַכט זיך לאָזן אין וועג אריין. די בלוזשאָווער האָבן מיך אָפּגעראַטן פון פאָרן, הגם כ׳האָב געהאַט אַ „פּאַסיר שיין" פאָרן גאַנצן ריישער קרייז. איך האָב, אָבער, קיינעם ניט געהאָרכט, ווייל יעדע מינוט איז געווען אַ שאָד; איך האָב אַראָפּגענומען די „אָפּאסקע" פון מיין אָרעם, מען זאָל מיינען, אַז איך בין אַ פּאָליאַק און געלאָזט זיך אויף אַ וועליסאָפּעד אין וועג אריין.

די רייזע האָט מיר גענומען אַ גאַנצע נאַכט צוליב דער פינצטערניש און דעם רעגן. איך האָב אויסגעמיטן ריישע און בין אַ גאַנצע נאַכט געפאָרן איבער פעלדער. קיין קאָלבושאָוו בין איך אָנגעקומען אַרום זעקס אינדערפרי, נאָס, מיד אָן כוחות. אין געטאָ האָב איך זיך באַלד געווענדעט צו די קרובים פון די אַרעסטירטע און זיי איבערגעגעבן וועגן דעם באַשלוס פון די בלוזשעווער.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ דינגעניש ווער עס זאָל וויפל געבן; צי דאַרף מען בכלל געבן און צי בין איך, אַזאַ יונגער יינגל, ראוי צו געניסן פון זייער פאַרטרויען. עס איז גאָרנישט געוואָרן. און ווי איך האָב צוגעזאָגט די בלוזשע־ווער, האָב איך טעלעגראַפירט מיט אַ ספּעציעלן שיפער צו זיי, אַז די קאָלבו־שאָווער וועלן זיך ניט באַטייליקן. אין אַ וואָך שפּעטער האָט מען אַלע בלוזשעווער באַפרייט. די מעשה האָט זיי געקאָסט הונדערט טויזנט זלאָטעס. די

קאָלבושאָווער אינטערנירטע האָט מען, נאָך צוויי חדשים זיצן אין ריישע, אוועקגעשיקט אין דעם שרעקלעכן לאַגער אין אוישוויץ.

געוואוסט האָט מען, אַז פון אוישוויץ קומט קיינער ניט אַרויס. אַ וואָך שפּעטער האָבן אָנגעהויבן צו קומען טעלעגראַמעס צו די משפחות מיט טויט־באַריכטן. יענע צייט איז געווען די טראַגישסטע אינעם געטאָ. די קרובים האָבן דערוואַרט די ערגסטע בשורות. מיט ציטערנדיקע הערצער האָבן זיי נאָכגעקוקט דעם בריוועטרעגער, וואָס פלעגט באַזוכן דעם שטח פון געטאָ, טיילמאָל צוויי־דריי מאָל אַ טאָג, ביז ער האָט געבראַנגט די שוידערלעכע אָנזאָגן צו אַלע אומגליקלעכע משפחות.

דער אינהאַלט פון די טעלעגראַמעס איז געווען פאַרשידן. צום ביישפּיל: וועגן יהושע נאָטאָוויטש האָבן זיי געשריבן, אַז ער איז דערשאָסן געוואָרן בשעת ער איז אַנטלאָפן פון טראַנספּאָרט; אַנדערע זיינען אינפאָרמירט גע־וואָרן, אַז דער אַרעסטירטער איז געשטאָרבן פון אַ האַרץ־אַטאַקע אָדער פון אַ לונגען־פעלער. ווען אַלע האָבן שוין געהאַט דערהאַלטן די טעלעגראַמעס איז געקומען די געסטאַפּאָ פון ריישע און גערופן די פרויען פון די קרבנות, וועלכע האָבן זיך געמוזט אונטערשרייבן, אַז זייערע מענער האָבן געליטן אויף די קראַנקייטן, ווי האַרץ, לונגען־פעלערן שוין פון לאַנגע יאָרן. די געסטאַפּאָ האָט ניט פאַרגעסן צוצושיקן צו די משפחות שאַכטעלעך מיט אַש, פון די אומגעקומענע קרבנות. צו דעם ביסל אַש איז געווען צוגעלייגט אַ חשבון וויפל דאָס פאַרברענען האָט געקאָסט און דאָס האָט מען געמוזט באַצאָלן.

אזוי זיינען אומגעקומען די פופצן שענסטע און בעסטע יונגע מענטשן פון אונדזער שטעטל. דאָס איז געווען דער ערשטער מאַסנמאָרד פון די קאָלבושאָווער יידן.

## קאַפּיטל עלף

## דאָס לעבן אין געטאָ

מיט יעדן טאָג איז דאָס לעבן אין געטאָ געוואָרן אַלץ שווערער. קיין געשעפטן האָט מען ניט געקענט מאַכן, ווייל דאָס אַרויסגיין פון געטאָ איז געווען פאַרבאָטן. פאַר כאַפּן אַ יידן אויף יענער זייט פון געטאָ אָן אַ „פּשע־פּוסטקע", האָבן די דייטשן אויפן אָרט געטויט דעם „פאַרברעכער". דער ייד איז אפילו ניט אַרעסטירט געוואָרן. דאָס וואָלט געווען צופיל מי. אויפן אָרט דערשאָסן און פּטור אַן עסק!

צו קריגן אַ „פּשעפּוסטקע" אין יענער צייט איז געווען זייער שווער.

דאָס האָט נאָר געקענט דערליידיקן פּאַשעק ביי טוואַרדאָנען און פאַר אַזאַ טובה האָט מען געמוזט גוט באַצאָלן. דערלויבנישן אַרויסצוגיין פון געטאָ האָבן געהאַט נאָר יודנראַט־מיטגלידער און אַ פּאָר יחידים, וואָס האָבן גוט געלעבט מיט פּאַשעקן. די דאָזיקע יחידים זיינען געווען די עטלעכע הענדלער, וואָס פלעגן אין געטאָ אַריינשמוגלען לעבנסמיטל, נאַפט, זייף, האָלץ און אַנדערע פּראָדוקטן, וואָס זיינען נויטיק געווען פאַרן טאָג־טעגלעכן געברויך. זיי האָבן דאָס פאַרקויפט מערסטנס פאַר אויסלענדישע וואַלוטע אָדער אויס־געטוישט פאַר צירונג. דאָס לעבן פונעם הענדלער איז אויך ניט געווען זיכער. ווען מ׳האָט אַזאַ איינעם געכאַפּט, האָט ער געקראָגן טויט־שטראָף.

ווען ד״ר אנדערמאַן האָט אָרגאַניזירט דעם ערשטן יודנראַט האָט ער מיך אויסגעקליבן אַז איך זאָל פאָרן קיין ריישע נאָך די פּראָוויאַנטן, וואָס די דייטשן האָבן צוגעטיילט פאַר דער יידישער באַפעלקערונג. ער האָט מיך אויסגעקליבן דערפאַר, ווייל פאַר דער מלחמה האָבן מיר געהאַט אַ הורט־געשעפט פון לעבנסמיטל און קאָלאָניאַל־סחורות, און איך פלעג זיין דער איינקויפער. כ׳האָב געקענט אַלע קוועלן פון איינקויף און אויך געווען אויס־געבונדען מיט די פויערים, וואָס פלעגן דאָס אַלץ אַריבערפירן פון ריישע.

דאָס זעלבע האָב איך אויך געטאָן אין אָנהייב פון צווייטן יודנראַט. קיין באַצאָלט האָט מען דערפאַר ניט געגעבן. דאָך בין איך געווען דערפון זייער צופרידן, ווייל דאָס האָט מיר געגעבן די מעגלעכקייט צו פאָרן אין פאַרשידענע שטעט, וואו איך פלעג איינקויפן פּראָדוקטן אויך אויפן שוואַרצן מאַרק. דאָס וויכטיקסטע ארטיקל איז געווען מעל פאַר די בעקערס, וואָס האָבן זיך אָרגאַניזירט אין אַ קאָאָפּעראַטיוו און אַלע פלעגן האָבן אַ חלק אין באַקן ברויט פאַר יידן. מעל פלעגט מען נעמען אין ריישע אין ווײדענ־בוימ׳ס מיל. דאָרט האָב איך געהאַט אַ באַקאַנטן פּאָליאַק, וואָס פלעגט מיר פאַרקויפן מעל „אויף שוואַרץ״ און איך פלעג דאָס אַריבערפירן צוזאַמען מיטן „כשרן״ מעל. דאָס זעלבע האָב איך געטאָן מיט צוקער, מיט נאַפט און מאַר־מאָלאַדע. אויב מען האָט געדאַרפט אויף שנעל צו דערליידיקן עפּעס אין אַן אָפּיציעלן אמט אין ריישע האָט מען מיך געשיקט, ווייל איך האָב געהאַט אַ וועליסאָפּעד און אין צוויי שעה בין איך דאָרט געווען און שנעל צוריקגעקומען.

ווען איך האָב אַזאַ שליחות געדאַרפט אויספילן ביינאַכט, בעת יידן האָבן ניט געטאָרט פאָרן, האָב איך אַראָפּגענומען דעם אָרעמבאַנד און מיט מיין ניט יידישן פּנים פלעג איך אָנגיין פאַר אַ פּאָליאַק. דאָס האָט מיר געגעבן די מעגלעכקייט מפרנס צו זיין מיין גאַנצע משפחה, וועלכע איז באַשטאַנען פון טאַטע־מאַמע און פינף שוועסטער, וואָס דריי פון זיי זיינען שוין געווען פאַר־

הייראַט, מיט זייערע פאַמיליעס. מען פלעגט אויך דאַרפן באַזאָרגן מיט שפּייז־זאַפּאַסן די ראַפּאַפּאָרט משפחה, מיט וועלכער מען האָט געדאַרפט לעבן בשלום.

זייער שנעל האָט זיך דער זאַפּאַס פון פּראָוויאַנט, וואָס די יידן האָבן זיך מיטגענומען אין געטאָ אריין, אויסגעשעפּט. דער הונגער איז מיט יעדן טאָג געוואַקסן. אַזעלכע יידן, וואָס פריער האָבן זיי געשפּילט אַ ראָלע אין שטעטל, האָבן אָנגעהויבן צו גיין איבער די הייזער און געבעטן עפּעס צו עסן. מענטשן זיינען ארומגעגאַנגען און געקליבן שאָלעכץ פון קאַרטאָפל און צוגעגרייט זיך דערפון געקעכץ.

אָט אין דער צייט האָט דער יודנראַט איינגעאָרדנט אַ פאָלקסקיך אין דעם שעכטהייזל. דאָס האָט אסך געהאָלפן. יעדער איינער האָט דאָרט געקענט באַקומען אַ ליטער קאַרטאָפל־ אָדער בעבלעך־זופּ אויף מיטאָג פאַר אַ זייער נידריקן פּרייז. פאַר אַ סך משפחות איז דאָס געווען די איינציקע שפּייז. זיי האָבן דאָס אהיימגעטראָגן און זיך צעטיילט מיט דעם צווישן זיך און געמאַכט דערפון דריי מאָלצייטן. קליינע קינדער האָבן געקראָגן אַ בעסערן שפּייז־גאָב — אַ שוואַרץ שטיקל ברויט מיט אַ גלאָז „מילך״ — אַ פליסיקייט, וואָס האָט נאָר אויסגעזען ווי מילך, האָט אָבער אַנטהאַלטן גאַנץ ווייניק פון דעם אָריגינעלן פּראָדוקט.

דאָס עסן האָט מען אָנגעהויבן אויסצוטיילן צוועלף בייטאָג. עלטערע יידן, וואָס זיינען ניט געגאַנגען צו צוואַנגסאַרבעט, האָבן זיך שוין געדרייט ארום עלף, ווען די לאַנגע רייע האָט זיך אָנגעהויבן צו פאָרמירן. יעדער מיט זיין טעפּל אין האַנט. דער אָנפירער פון קיך איז געווען דוד גערסטעל, וואָס האָט געהאַט אונטער זיך עטלעכע פרויען, קעכינס און קאַרטאָפל־שיילערינס.

מענטשן האָבן ניט געהאַט וואָס אָנצוטאָן. די מלבושים פון פריער, פון די אַלטע גוטע צייטן, האָט מען שוין לאַנג ביי די פאַרשידענע ארבעטן געהאַט צעריסן. אויך מיט שיך איז געווען זייער שלעכט. שוכוואַרג האָט מען לחלוטין ניט געקאָנט באַקומען. יעדער האָט געטראָגן „דרעווניאַקעס״ — דאָס זיינען געווען שיך געמאַכט פון שמאַטעס מיט הילצערנע זוילן. הויזן האָט אַ גרויסער טייל פון די געטאָ־יידן געטראָגן געמאַכטע פון זעק.

דער יודנראַט איז געוואָרן איינגעאָרדנט אין ווייבערשן גרויסן בית־המדרש. דאָס ווייבערשע בית־המדרש האָט מען איינגעטיילט אין דריי צימערן מיט אַ וואַרטזאַל. פון איין זייט האָט אמטירט הערש געווירץ, דער סעקרעטאַר, און דאָרט האָט זיך אויך געפונען דעם פאָרזיצער׳ס ביוראָ; פון דער צווייטער זייט — די יידישע פּאָליציי. דער יודנראַט האָט געהאַט אַן אייגענע תפיסה,

וואָס האָט, פאַרשטייט זיך, געדינט ווי אַ פּלאַץ וואו עס זיינען אַרעסטירט געוואָרן יידן. דאָס געפענגעניש האָט זיך געפונען אין קעלער פון גרויסן בית־המדרש, וואו מען פלעגט פריער האַלטן האַלץ. אין קעלער האָט אַן אַרעסטירטער נישט געקענט שטיין אין זיין גאַנצער לענג, ווייל דער סופית איז געווען זייער נידריק. די פאַרהאַלטענע אָדער פאַראורטיילטע האָבן דאָרט נאָר געקענט ליגן, אפילו ניט זיצן. איך האָב אויך געהאַט זי „זכיה" צו פאַרברענגען אין דאָזיקן געפענגעניש.

גאַנצע טעג פלעגט מען זען מענטשן פאַרן יודנראַט, ס׳רוב עלטערע פרויען, ווייל דאָס יונגוואַרג איז געווען ביי דער אַרבעט. אפילו ווען מען האָט ניט געאַרבעט איז געווען געזונטער צו זיין אויסער די אויגן — האָבן זיך די יידן געטראַכט. ס׳איז געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר די באַציונגען אין דעם געטאָ, אַז ווען דער אַרבעטס־דירעקטאָר פון יודנראַט, הענריק מונד, האָט וועמען ניט איז באַמערקט, אַז ער דרייט זיך אַרום ליידיק, האָט יענער געמעגט זיין זיכער, אַז גאָר בקרוב וועט ער קריגן אַ צעטל מיט אַן אויפפאָדערונג זיך צו מעלדן צו אים.

אין יודנראַט פלעגט מען דערליידיקן ביז גאָר אסך ענינים: מען האָט דאָרט באַקומען לעבנסמיטל־קאַרטן; מ׳האָט דאָרט באַצאָלט די שטייערן; פאַר דעם לאָקאַל פון יודנראַט איז געווען דער זאַמלפונקט פאַר די צוואַנג־אַרבעטער, וואָס האָבן פון דאָרט אַוועקמאַרשירט ווי די זעלנער מיט בעזימער אָדער רידלעס אויף די אַקסלען, בראש מיט אַ מענטש פון יודנראַט און שפּעטער מיט אַ יידישן פּאָליציאַנט אין שפּיץ. דאָרט זיינען די מוטערס געקומען מיט געוויינען, צוריקצוקריגן זייערע קראַנקע קינדער פון דער אַרבעט; דאָרט איז מען געקומען מיט געוויינען און געשרייען, אויב מען האָט ביי וועמען רעקווירירט דאָס בעטגעוואַנט פאַר די דייטשן; ווען מען האָט זיך אין געטאָ געריכט אויף וועלכע ניט איז בשורה רעה — און קיין גוטע בשורות האָט מען דאָך נישט געקאָנט דערוואַרטן — האָט מען אויך דאָרט זיך פאַרזאַמעלט.

אַז פּאשעק ראַפּאַפּאָרט איז אריין אין געטאָ, מיטן קאַפּעלושל ארויפגעזעצט אויף איין זייט קאָפּ, בייז, ניט וואַרפנדיק קיין בליק אויף קיינעם — איז וויי און ווינד געווען דעם יידן, וואָס האָט געוואַגט אין אַזאַ מאָמענט אים אָפּצושטעלן און עפּעס פרעגן. טיילמאָל ווידער איז ער אַריינגעקומען אין געטאָ מיט אַ שמייכל אויסגעגאָסן אויף זיינע ליפּן, דעמאָלט האָט פּאשעק אויך אויף קיינעם ניט געקוקט, נאָר אָנגעקוואָלן פון זיך אַליין, ווי איינער זאָגט: „אויב ס׳וועט זיין גוט, איז דאָס מיין פאַרדינסט. איך היט גוט אָפּ מיינע

שאָף״. יעדער האָט אין יענע צייטן געקוקט אויף פּאשעקן ווי אויף אַ הערשער. מען האָט פאַר אים געפערלעך מורא געהאַט. אויב ס׳איז געשטאַנען אַ רעדל יידן און געשמועסט, און אימעצער האָט אַ זאָג געטאָן: „פּאשעק גייט!״, זיינען זיך אַלע צעלאָפן. מען פלעגט פאַר אים דאָס היטל אַראָפּנעמען.

אין די ערשטע צייטן זייט אַ געטאָ איז עטאבלירט געוואָרן, האָט מען אהין אויך אַריינגעפּאַקט אַלע ישובניקעס. די יידן פון די דערפער האָבן מיט זיך מיטגענומען זשארנעס, פּאָלקאשיקעס — ס׳גאַנצע ביסל אָרעמקייט פון זייערע דאָרפישע ווירטשאַפטן. דאָס האָט פאַרנומען זייער אסך פּלאַץ. אסך דאָרפס־לייט האָט מען אײַנגעקוואַרטירט אין „שפּאַרעס״ הויז. דאָרט איז געווען אַ גרויסער הויף און פיל גרויסע געביידעס, סטאַדאָלעס, וואו ער פלעגט פּאַשען חזירים. דאָרט טאַקע האָט מען איינגעשטעלט די דאָרפישע באַלע־באטישקייט.

מיט דעם אַריינברענגען די דאָרפס־יידן איז די ענגשאַפט אין געטאָ פאַרשאַרפט געוואָרן. טווארדאָן האָט דעמאָלט ארויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז דער יודנראט זאָל ארויסשיקן עטלעכע צוואַנציק משפחות קיין סאָקאָלאָוו און גלאָגאָוו. פאַרשטייט זיך, אַז דער יודנראט האָט אויסגעקליבן די אָרעמסטע פאַמיליעס. מיט אַזאַ „איסזידלונג״ האָט מען זיך ניט לאַנג צערעמאָניעוועט: מען האָט עס שנעל דורכגעפירט. דער יודנראט האָט צוגעשטעלט אַ צעטל, באַפעלנדיק, אַז די באַטרעפנדיקע משפחה ווערט אַרויסגעשיקט. באַלד איז צוגעפאָרן אַ פויערשע פור צום הויז. די משפחה האָט באַדאַרפט אויפלאָדענען דאָס ביסל אָרעמקייט און אַוועקפאָרן. דער יודנראט פלעגט יאָ מיטגעבן פינף ברויטן פאַר אזא משפחה. אין גלאָגאָוו און סאָקאָלאָוו האָבן די מענטשן געמוזט איינקוואַרטירט ווערן און קריגן אַ דאַך איבערן קאָפּ — דאָס איז דאָך געווען דער באַפעל פון טווארדאָנען.

אַזעלכע פאַמיליעס, וואָס זיינען ארויסגעשיקט געוואָרן, זיינען אין די פרעמדע שטעטלעך אויסגעגאַנגען פון הונגער. ווי אָרעם זיי זיינען ניט געווען, האָבן זיי אין געטאָ דאָך געהאַט באַקאַנטע און ארום דעם געטאָ האָבן זיי אָפט געהאַט באַקאַנטע פויערים. ביינאַכט פלעגט ווער פון דער משפחה זיך אַרויסגנבענען און זיך אַוועקלאָזן אין דאָרף אַריין ברענגען אַביסל שפּייז. אין אַ פרעמדער שטאָט זיינען זיי געבליבן אינגאַנצן הילפלאָז. צווישן די אַרויסגעשיקטע האָבן זיך אויך געפונען עטלעכע פאַרמעגלעכע משפחות, וואָס האָבן ניט געוואָלט געבן קיין געלט לויטן פאַרלאַנג פון יודנראט. זיינען זיי דערפאַר באַשטראָפט געוואָרן מיט פאַרשיקונג.

אין אַ קאַלטער נאַכט אין דעצעמבער 1941, איז די דייטשע פּאָליציי

פלוצים אריין אין געטאָ און אַרויסגעשלעפּט פון די בעטן פּופּציק יידן און ניט־אָנגעבנדיק וועלכע ניט איז סיבות, זיי אַרעסטירט. די דייטשן האָבן זיי געהאַלטן אַ וואָך צייט. פאַרשטענדלעך, אַז במשך פון דער וואָך האָט מען געזוכט אַ וועג ווי אַזוי די מענטשן צו באַפרייען. דערוואוסט האָט מען זיך, אַז דאָס איז געווען אַ לאָקאַל שטיקל ארבעט. דער קאָלבושאָווער פּאָליציי־גארניזאָן האָט דאָס געטאָן אויף זיין אייגענער האַנט. נאָך כלערליי געשפּרעכן און אַ פאַרטרוילעכן משא־ומתן האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז אויב מען וועט אַוועקליייגן 1,000 זלאָטעס פאַר יעדן ייד, וועלן זיי געניויגט זיין זיי צו באַפרייען. אין איין טאָג האָט מען צוזאַמענגעשטעלט 50 טויזנט זלאָטעס און די סומע געלט אַוועקגעגעבן צו דעם קאָמענדאַנט פון דער דייטשער פּאָליציי, און זיי האָבן אַלע יידן באַפרייט.

וואָס טיפער אין ווינטער איז די צאָל פון אַרבעטער, וואָס דער יודנראַט האָט געדאַרפט, געשטיגן אַלץ מער. עס האָבן זיך אָנגעהויבן גרויסע שנייען און ווען די שנייען האָבן זיך אָנגעהויבן צעלאָזן זיינען געוואָרן גרויסע בלאָטעס. מען פלעגט אָנהייבן צוזאַמענצורופן די אַרבעטער אין מיטן דער נאַכט, ווייל זעקס אינדערפרי האָט מען שוין אַרויסמאַרשירט. די מיטגלידער פון יודנראַט האָבן זיך פאַרנומען מיטן צוזאַמענשטעלן די אַרבעטס־קאַדרען. יעדער מיטגליד פון יודנראַט האָט געהאַט די אויפזיכט איבער איין גאַס, פון וועלכער ער האָט געדאַרפט מאָביליזירן די פאַרלאַנגטע צאָל אַרבעטער. אסך מאָל האָט ער געמוזט אַרויסשלעפּן די מענער און די פרויען פון די בעטן.

אינדערפרי, ווען ס'איז נאָך געווען טונקל, פלעגט מען אויסשטעלן די פאַרזאַמלטע אַרבעטער ביים איינגאַנג צום בית־המדרש. עלטערע יידן, פרויען, מיידלעך און יינגלעך (פון צוועלף יאָר אָן איז שוין אַ קינד געווען מחויב צו גיין אַרבעטן). גאַנץ אָפט זיינען די אַרבעטער געשטאַנען מידע, האַלב־פאַרשלאָפענע, שטענדיק הונגעריקע.

אין קאָלבושאָוו זיינען ניט געווען גענוג אַרבעטס־קרעפטן ווינטער, און דערפאַר האָט מען ניט געקענט פאַרענדיקן די אַרבעט, איבערהויפּט ווען עס זיינען אויסגעפאַלן די גרויסע שנייען. די דייטשן האָבן ניט געוואַרט ביז דער שנייפאַל וועט זיך ענדיקן און מען זאָל ערשט דעמאָלט אים אָפּרייניקן, זיי האָבן געצוואונגען צו רייניקן די גאַסן בשעת דער שניי איז נאָך געפאַלן. דעריבער האָט מען געמוזט אַרבעטן אין צוויי שיכטן: איין גרופּע פון זעקס אינדערפרי ביז זעקס ביינאַכט און די צווייטע פון זעקס ביינאַכט ביז זעקס אינדערפרי. מיר האָבן געמוזט אַרומרייניקן די וועגן ניט בלויז אין שטאָט, נאָר

אויך די וועגן ביז דזשיקאָוויץ, פשעדבאָזש, קיפּנע, שוויערטשאָוו און נאָוואָ־וויעש.

פאַר די אַרבעטער, וואָס איז אויסגעקומען צו זיין באַשעפטיקט הינטער דער שטאָט, זיינען געבראַכט געוואָרן גרויסע קעסלען מיט הייסע זופּן פון דער פאָלקסקיך. די זופּן האָבן ממש געראַטעוועט דאָס לעבן. פיל מאָל האָט מען אויך צעטיילט ביי דער אַרבעט שטיקער ברויט. דאָס ברויט פלעגט נאָך זיין וואָרעם און פריש, כמעט גלייך פון אויוון אַרויס. כאָטש מען האָט זיך צום ברויט צוגעכאַפּט און עס כמעט איינגעשלונגען אויפן ניכטערן מאָגן, האָט עס קיינעם ניט פאַרשאַדט. בכלל זיינען מענטשן זעלטן קראַנק געוואָרן, אפילו יענע וואָס פלעגן פאַר דער קריג ס׳גאַנצע לעבן קרענקען און לעבן אויף ספּעציעלע דיעטעס.

פון אָנהייב, ווען אימעצער האָט באַקומען פון יודנראַט אַ צעטל זיך צו שטעלן צו דער אַרבעט און איז גראָד יענעם טאָג געווען ניט געזונט, האָט ער געקאָנט צושטעלן אַ צייגעניש פון אַ דאָקטער און דאָס איז געווען גענוג, אַז ער זאָל באַפרייט ווערן פון דער אַרבעט. ווינטער 1941 האָט דער אַרבעטס־שעף פון יודנראַט, העניק מאַנד, מער ניט געוואָלט אָנערקענען אַזעלכע דאָקטאָר־צייגנישן.

עס זיינען געווען עטלעכע מיטגלידער פון יודנראַט, וואָס האָבן זיך ניט אויסגעטויגט אין דער מאָביליזאַציע פון אַרבעטער, ווי, למשל, משה לאַנדוי און אַנדערע, און זיי האָבן טאַקע ניט צוגעשטעלט די נויטיקע צאָלן. דערפאַר האָבן זיי זיך גערירכט, אַז מ׳וועט זיי פאַרשיקן.

זייער אָפט פלעגט טוואַרדאָן אַריינקומען אין מיטן דער נאַכט אין געטאָ, געמאַכט אַן אַלאַרם, צונויפגערופן דעם גאַנצן יודנראַט און פאַר־לאַנגט אַז מ׳זאָל אין איין שעה צוזאַמענעמען הונדערט אַרבעטער. על־פּי־רוב איז דאָס פאָרגעקומען, ווען ס׳זיינען אויסגעפאַלן גאָר גרויסע שנייען. אַזאַ אַלאַרם האָט געשטעלט אויף די פיס דעם גאַנצן עולם אין געטאָ און אין גרויס איילעניש איז די צאָל אַרבעטער אַרויסגעטריבן געוואָרן צו רייניקן דעם שניי.

איינמאָל, אין אַ קאַלטער ווינטערנאַכט, איז טוואַרדאָן אַריינגעקומען אין געטאָ. ער אַליין האָט זיך מיט גרויס רוגזה גענומען צו דער מאָביליזאַציע. ער איז אַריין אין די שטיבער און וועמען ער האָט געטראָפן האָט ער מער־דערלעך געשלאָגן. די נאַכט האָט ער געדאַרפט די אַרבעטער, ווייל בשעת ער איז געפאָרן מיט זיין אויטאָ פון מיידאַן, איז דער אויטאָ איינגעזונקען אין שניי און ער האָט אים ניט געקענט אַרויסשלעפּן. אַ בייזער און צעטראָ־

גענער איז ער אַריין אין געטאָ און פאַרלאַנגט הונדערט מענטשן אָפּצורייניקן דעם וועג ביז זיין הויז אויף דער הערנגאַס אין קאָלבושאָוו. אויך מיך האָט מען אַרויסגעשלעפּט מיט אָט דער גרופּע.

דער אָנפירער פון דער גרופּע איז געווען מיין ברודער לייבוש. ווען מיר זיינען אָנגעקומען צום פּלאַץ אין דיביס, וואו דער אויטאָ איז געבליבן שטעקן, האָט טווארדאָן פאַראָרדענט, אַז מיר זאָלן אויפהייבן און אַרויסשלעפּן דעם אויטאָ פון דעם שניי. צווישן די אַרבעטער האָבן זיך געפונען יידן, וואָס האָבן קיין סך אין דער אַרבעט ניט געקאָנט העלפן, האָט לייבוש, וואָס האָט געשמט פאַר אַ גיבור, אויסגעקליבן פיר שטאַרקע מענער, וועלכע האָבן דעם אויטאָ אויפגעהויבן פון פאָרנט און ער אַליין האָט אונטערגעהויבן דעם אונטערשטן טייל. פלוצים איז טווארדאָן צו צו לייבושן אין דעם מאָמענט ווען ער האָט געשלעפּט דעם אויטאָ, און מיט זיין ביקס אים אַ זעץ געטאָן אין קאָפּ מיט אַזאַ אימפּעט, אַז די ביקס איז זיך צעפאַלן אין צווייען. שפּעטער האָט טווארדאָן צוגעגעבן, אַז לייבושן איז געשען אַ נס, וואָס די ביקס האָט זיך איבערגעבראָכן, ווייל ווען ניט וואָלט ער אים דערשאָסן. ער איז אַריין אין אַזאַ רציחה דערפאַר, ווייל לייבוש האָט אַזוי האַסטיק אַ הויב געטאָן דעם אויטאָ און טווארדאָן האָט זיך געשראָקן אַז ער קען נאָך, חלילה, אָפּברעכן אַ טייל פון דער מאַשין...

## קאַפּיטל צוועלף

## די אָפּעראַציע

אין נאָוועמבער 1941, ווען כ׳בין איינמאָל צוריקגעקומען פון ריישע, וואו כ׳פלעג פאָרן איינקויפן אָדער אַרויסקריגן לעבנס־מיטל אַרטיקלען פאַר דעם געטאָ, האָב איך מיט זיך מיטגעבראַכט „די טשערוואָנקע". אין דעם ריישער געטאָ איז דעמאָלט אויסגעבראָכן אַ געפערלעכע עפּידעמיע מיט אַ גרויסער צאָל קרבנות. די נייעס האָט זיך שנעל צעטראָגן אין קאָלבושאָווער געטאָ און מען האָט דאָ זייער מורא באַקומען פאַר אַזאַ מגפה. פאַרשטייט זיך, אַז די דייטשן האָבן זיך דערפון נישט געטאָרט דערוויסן, ווייל דאָס האָט געדראָט מיט גענצלעך אָפּשליסן דעם געטאָ אָדער מיט אָפּסמען דעם קראַנקן. מען האָט מיך פאַרמאַכט אין אַ צימער און במשך פון דריי וואָכן איז קיינער צו מיר נישט אַריין, נאָר מיין יינגסטע שוועסטער, רחל, וועלכע איז מיט מיר געווען טאָג און נאַכט. קיין דאָקטער האָט מען ניט גערופן, ווייל פאַר דעם פּוילישן דאָקטער אין שטעטל האָט מען זיך נישט געוואָלט

פאַרטרויען. די געפאַר איז אַריבער און אין דער ענגשאַפט פון געטאָ האָט זיך על־פּי־נס קיינער נישט אָנגעשטעקט.

די ערשטע וואָך אין יאַנוואַר 1942, נאָכדעם ווי מען האָט צוגענומען ביי די יידן די פוטערס און טווארדאָן האָט געדראָט צו אַרעסטירן 50 יידן פאַר נישט אויסליפערן די פערסיאַנער מאַנטלען, האָב איך מורא געהאַט צו נעכטיקן אין אונדזער וווינונג, ווייל ס׳רוב אַרעסטן זיינען דורכגעפירט געוואָרן ביינאַכט. פלעג איך מיט מיינע חברים שלאָפן אויפן בוידעם פון זילה ווייכסעלבוים. דאָס איז געווען אויסער דעם געטאָ און אין פאַל פון געפאַר האָט מען לייכט געקאָנט אַנטלויפן. איין נאַכט, ס׳איז דאַן געווען זייער קאַלט און איך בין נאָך געווען אָפּגעשוואַכט פון דער „טשערוואָנקע״, האָב איך באַקומען אַ „מיטל־אויער־אָנצינדונג״.

די יסורים זיינען געווען גרויס. קיין רפואה האָט מען ניט געקאָנט באַקומען. האָט מען מיך אַרויסגעפירט פון געטאָ מיט אַ שליטן קיין ריישע, וואו עס האָט זיך געפונען דער לארינגאָלאָג ד״ר העלער (איצט אין ישראל). ער האָט מיך אונטערזוכט און דערקלערט אַז כ׳מוז תיכף אָפּערירט ווערן.

קיין יידיש שפּיטאָל אין ריישע האָט ניט פונקציאָנירט און דער איינציקער אויסוועג איז געווען אַריבערצופירן מיך קיין קראָקע. אָן אַ ספּעציעלער דערלויבניש פון דער דייטשער מאַכט האָט מען אַזאַ נסיעה בשום־אופן ניט געקאָנט מאַכן. דערצו האָט מען נאָך געדאַרפט קריגן אַ „פּשעפּוסטקע״ צו פאָרן מיט דער באַן. די יסורים זיינען געווען אין לשער. די סכנה — גרויס. לייבוש האָט באַשלאָסן צו פאָרן צוריק קיין קאָלבושאָוו און באַמיען זיך צו קריגן די נויטיקע פּאַפּירן. יעדע מינוט איז געווען טייער. ער האָט באַקומען פון משה פאפער (היינט אין ניו־יאָרק) אַ שליטן און פייל פון בויגן אָנגעקומען אהיים. הערש געווירץ, סעקרעטאַר פון יודנראט, האָט אים באַזאָרגט מיט אַ פאַלשן פּאַסירשיין, מיט אַלע נויטיקע חתימות און סטעמפּלען און באַגלייט פון מיינע צוויי שוועסטערס, רחל און געלע, צוריקגעקומען קיין ריישע.

די רייזע אין דער באַן איז געווען שוידערלעך. אויגן פול מיט האַס האָבן אונדז אַלעמען דורכגעשפּיזט. די פּאָליאקן, פויערים מיט כלערליי פּראָוויאנטן זיינען געפאָרן צו פאַרקויפן זייערע סחורות אין קראָקע, האָבן אונדז דערבליקט און אָנגעהויבן רעדן קעגן יידן. איין פּאַסאַזשיר, אַ יונגער פּאָליאַק, וואָס האָט זיך איצט אומגעקערט פון אורלויב קיין דייטשלאַנד, האָט געשאָטן אַנטיסעמיטישן פּעך און שוועבל. ס׳האָבן ניט געהאָלפן אַלע בקשות און ער האָט אויף איינער פון די סטאַנציעס אַרויפגערופן דייטשע פּאָליציסטן.

מיר האָבן זיי געוויזן אונדזערע דערלויבענישן און בשעת מעשה געציטערט פאַר מורא טאָמער וועלן זיי דערקענען די געפעלשטע דאָקומענטן. די דייטשן האָבן געלויבט דעם פּאַטריאָטיזם פון דעם פּוילישן יונגן העלד, אונדז צוריק־געגעבן דעם פּאַסירשיין און געלאָזט אונדז אין וואַגאָן.

ערשט איצט האָט זיך אָנגעהויבן אַ גיהנום. דער גאַנצער עולם אין קופּע האָט געליאַרעמט, אַז מיר זאָלן פאַרלאָזן דעם וואַגאָן. דערווייל איז אַרויף אויף אַ סטאַנציע אונדזער קאָלבושאָווער לאַנדסמאַן, אַליין אַ דאָמביצער און אַן איידעם פון איזראַעלאָוויטשן, וואָס האָט פאַרמאָגט אַ פּאַסירשיין פון טוואַרדאָנען און דאָס האָט אים דערמעגלעכט פריי זיך צו באַוועגן איבער די באַנען און ברענגען קיין קאָלבושאָוו פּראָדוקטן און אַנדערע זאַכן פאַר די דייטשן. ווען דער רעוואָלט פון די פּאַסאַזשירן איז געוואָרן גרויס און מען האָט אונדז אַלעמען פּרובירט אַרויסצושטויסן פון דער לויפנדיקער באַן, האָבן מיר זיך קוים אויסגעבעטן צו ‏ קאָנען אַראָפּגיין אין טאַרנע.

מיט דער הילף פון באַקאַנטע אין טאַרנע האָב איך זיך אַריינבאַקומען אין אָרטיקן יידישן שפּיטאָל. אָרדינירט דאָרט האָט אַ געניטער דאָקטאָר, אַן אויערן און האַלדז ספּעציאַליסט פון לאָדזש, וואָס איז געווען באַקאַנט פון זיינע גאָלדענע הענט, ד״ר ראַבינאָוויטש. מיר האָבן אויפן אויסדריקלעכן פאַר־לאַנג פון דער שפּיטאָל־פאַרוואַלטונג, געמוזט ברענגען פון אונדזער טאַרנער פריינדס הויז אייגענע פערזענלעכע וועש און בעטגעוואַנד, ווייל ס׳האָט אין טאַרנע געבושעוועט דעמאָלט דער טיפוס, און די אָפּעראַציע איז דורכגעפירט געוואָרן. ניט די אַרומיקע און ניט דער דאָקטאָר האָבן געגלויבט, אַז איך וועל נאָך אויפשטיין.

אין קאָלבושאָוו האָט מען שטילערהייט זיך געשושקעט, אַז כ׳בין ניט מער צווישן די לעבעדיקע. מיין טאַטע האָט שבת געלאָזט מאַכן ביים דאַווענען אַ מי־שברך פאַר זיין זון דעם חולה און אַלע האָבן געשאָקלט מיטן קאָפּ, אַז ס׳איז אַ מי־שברך פאַר אַ טויטן...

ערשט אין אַפּריל בין איך מיט אַ פאַרבאַנדאַזשירטן קאָפּ צוריקגעקומען אין געטאָ אין קאָלבושאָוו.

## קאַפּיטל דרייצן

### רעקוויזיציע פון פוטערוואַרג

ווינטער 1941, האָבן זיך דערטראָגן קיין קאָלבושאָוו די ערשטע ידיעות וועגן די אַזוי גערופענע „פאַרניכטונגס־בריגאַדעס״. מען האָט גוט געוואוסט וועגן זייער צוזאַמענשטעל און וועגן זייערע פונקציעס.

עס זיינען אויך דערגאַנגען קלאַנגען וועגן די טרויעריק־באַרימטע „ספּעציעלע איינזאצן" אָדער „איינזאַץ־גרופּן", ווי מען האָט זיי גערופן. אין די דאָזיקע מענטשנפרעסערישע „עס־עס ספּעציעלע אָפּטיילונגען" פוןביידע מינים, האָבן אנטיילגענומען באַרימטע קרימינעלע פאַרברעכער, דייטשן פון אַלע טיילן דייטשלאַנד, פּאָליאַקן, באַזונדערס פון שלעזיען און פּויזנער געגנטן און אוקראַינער, וואָס האָבן געקענט רעדן פּויליש.

אין געטאָ האָט מען אויך געוואוסט צו דערציילן וועגן די מערדערישע דייטשע מחבלים, וואָס האָבן זיך גערופן מיטן נאָמען „זאָנדער דינסט", וואָס איז באַשטאַנען פון פאָלקסדייטשן און אוקראַינער אַליין. מען האָט זיך גע־שושקעט פון מויל אין אויער, אַז די אַלע מערדער־גרופּן נעמען אנטייל ביי די אַלערליי אויסזידלונגען און ליקווידאציעס פון פאַרשידענע געטאָס, אַחוץ זייערע אויפגאַבעס צו פאַרניכטן, פאַרשיקן, שיסן, הרגענען, מאָרדן יידן — אָן אַ פאַרוואָס, ווי עס לאָזט זיך.

דעם ערשטן שבת נאָך ניי־יאָר 1941, אין די פרימאָרגן־שעהן, האָט די דייטשע פּאָליציי אַרומגערינגלט דעם שטח פון געטאָ. קיינער האָט נישט געוואוסט, וואָס יענע זיינען אויסן. באַלד האָט זיך פונאַנדערגעטראָגן אַ קלאַנג, אַז די מערדער האָבן בדעה איינצוקאַסירן אַ בלוט־שטייער פון געטאָ און וועלן זוכן אויסצושיסן אַ קאָנטיגענט פון 20 אָדער 40 יידן. אַרום 10 אינ־דערפרי איז דער קאָמענדאַנט פון דער דייטשער פּאָליציי אַריינגעקומען אין געטאָ און פאַראָרדנט, אַז אַלע יידן מוזן אָפּגעבן זייערע פוטערס, און אויב מען וועט ביי וועמען געפינען — האָט ער געוואָרנט — דאָס קלענסטע שטיקל פוטער, אָדער פעל, וועט ער באַלד דערשאָסן ווערן.

ווי שלעכט די גזרה איז געווען האָט מען גרינגער אָפּגעאָטעמט. סוף־כל־סוף איז דאָס נאָר פוטערוואַרג וואָס זיי ווילן פון אונדז און זיי שענקען אונדז די לעבנס...

די יידן האָבן אָנגעהויבן טראָגן אַלטע פעלצן, טולופּן, אויסגעקראָכענע קעלנער און פויערישע שעפּסן־קאָזשוכן, דאַמען פוטערמאַנטלען, שטריימלעך, וואָס זיי האָבן אין משך פון די מלחמה־יאָרן מער נישט געטראָגן און אויס־באַהאַלטן אויף בעסערע צייטן, לכשירחיב...

דער זאַמל־פּלאַץ פאַר דעם פוטערוואַרג איז געווען אין יודנראט. די דייטשע פּאָליציי האָט די הויפּנס פעלצן איבערגענומען; זיי האָבן די פוטערס סאָרטירט און צונויפגענומען האָבן צוויי פולע פורן אַוועקגעפירט דאָס אַלץ קיין ריישע. געווען צווישן די מענטשן אין געטאָ, וואָס האָבן די דייטשן זייערע פוטערס נישט געוואָלט איבערגעבן. זיי האָבן אָבער מורא געהאַט דאָס צו

האַלטן ביי זיך און דערפאַר האָבן זיי געוואָלט עס פאַרקויפן צו די שטאָטישע גויים. די פּאָליאַקן זיינען נישט געווען להוט צו באַצאָלן אַ פּרייז פאַר די פעלצן. זיי האָבן געוואוסט, אַז די יידן וועלן עס מוזן איבערלאָזן און זיי וועלן עס ירשענען אומזיסט. אונדזערע נעכטיקע שכנים און כלומרשטע גוטע פריינט האָבן נאָך געהאַט טענות צו די געטאָ־יידן, אַז זיי גיבן עס ניט אַוועק בחינם זייערע פוטערוואַרג צו זיי און גיבן עס אַוועק צו די דייטשן... מען האָט געטאָן אַ טובה די פאַרשפּאַרטע אין געטאָ, ווען זיי האָבן זיי פאַרגעשלאָגן גראָשנס פאַר די טייערע לוקסוס מאַנטלען.

אין ריישע זיינען צונויפגעזאַמלט געוואָרן אַלע יידישע פעלצן פון אַלע פּראָווינצער שטעטלעך און פון דאָרט אַוועקטראַנספּאָרטירט געוואָרן אין דייטשן פאָטערלאַנד, כדי דאָרט זאָל עס צוגעגרייט ווערן פאַר די פרירנדיקע דייטשע מיליטער־אָפּטיילונגען וואָס האָבן געדאַרפט אין די ווינטערדיקע פרעסט קעמפן אויפן ריסישן פראָנט.

עטלעכע טעג נאָך דער פוטערוואַרג־אַקציע האָט טוואַרדאָן דערקלערט, אַז ער וועט אויסשיסן 50 יידן, ווייל די פּאָליאַקן האָבן אים צוגעטראָגן אַז די קאַלבושאָווער יידן האָבן איבער 50 קאַראַקולענע מאַנטלען און מען האָט אפילו קיין איין מאַנטל פרייוויליק נישט איבערגעגעבן. פאַר יעדן ניט־אָפּגעגעבענעם מאַנטל וועט ער דערשיסן אַ ייד. כדי אים ווייכער צו מאַכן, האָט פּאשעק צוגעזאָגט טוואַרדאָנען, אַז מען וועט קויפן פאַר זיין ווייב צווי פוטער־מאַנטלען. דערהערנדיק אַזאַ מעשה, האָט טוואַרדאָן מסכים געווען און מער האָט מען פון אים די פריערדיקע רייד ניט געהערט. די פרוי פון הענריק מאַנד איז געפאָרן קיין טאַרנע און געקויפט 2 נייע פוטער־מאַנטלען.

## קאַפּיטל פערצן

### טיפן אין געטאָ

ביי דער געלעגנהייט איז כדאי צו דערמאָנען עטלעכע טיפן פון געטאָ.

פאַר דער מלחמה האָבן זיך זייער ווייניק יידן אין קאַלבושאָוו איבּ־טערעסירט מיט „יאָקאָ־לייבן". זעלטן ווער האָט געוואוסט זיין אמת'דיקן נאָמען. מען האָט אים געקאָנט ווי „יאָקאָ לייב".

יאָקאָ לייב איז געווען איינער פון די פינף יידן, סטאַבילע אַרבעטער ביי דער דייטשער פּאָליציי. די דאָזיקע פינף פלעגן באַקומען אַ מאָנאַטלעכן געהאַלט פון דעם יודנראַט. יעדער פון די פינף האָט געהאַט אַ באַזונדערע

פונקציע, ווי למשל, אײַנצוקויפן לעבנסמיטל פאַר דער פּאָליציי, פּוצן די שטיוול, אַרבעטן אין קיך.

יאָקאָ לייב האָט פיל מאָל אָ טובה געטאָן. איינמאָל האָט די פּאָליציי געכאַפּט אשר דערשאָוויץ, חנא־לוי בליצער און הערש קליימאַן, דריי שיינע בעלי־בתים פון שטאָט. מען האָט זיי געברענגט צו דער פּאָליציי־סטאַנציע און געהייסן פּוצן און רייניקן די טואַלעטן. קיין מכשירים האָט מען זיי נישט געגעבן, האָבן זיי געמוזט טאָן די אַרבעט מיט די הענט. יאָקאָ לייבן האָבן די דייטשן באַשטימט ווי דעם אויפזעער איבער זיי. זיי האָבן חושד געווען, אַז יאָקאָ־לייב וועט זיך דאָ געפינען אָ געלעגנהייט נוקם צו זיין אין די יידן, וואָס האָבן אים קיינמאָל ניט געהאָלפן אין זיין אָרעמקייט און וועט זיי, די אַמאָליקע גבירים, אָנטאָן צרות... אָבער אַזוי ווי די דייטשן זיינען נאָר אַוועק, האָט יאָקאָ לייב צו זיי זיך אָפּגערופן: „איר גייט אהיים; איך וועל שוין פאַר אייך די מיאוסע אַרבעט טאָן; דאָס איז נישט פאַר אייך, איר זענט דערצו נישט געוואוינט"...

יאָקע־לייב איז געווען אָ טראַגיש־קאָמישע געשטאַלט אין געטאָ. די דייטשן האָבן אים אָנגעטאָן אָ הויך פּוטערן היטל מיט אָ צלם אין פראָנט, גערופן אים „בישאָף" און חוזק געמאַכט פון אים. ער האָט געדינט פאַר די דייטשן ווי אַן אָביעקט פאַר זייערע פאָטאָגראַפישע אַפּאַראַטן און נאָכגעקומען אַלע קאַפּריזן פון די דייטשן, וואָס האָבן אים פאַרגעשלאָגן צו לאַכן, צו וויינען, אויסצוקרימען ס׳פּנים מיט אָ גרימאַסע. ער האָט זיי פאַזירט לויט זייער וואונטש, אַבי זיי זאָלן אים לעבן. ווי אַלע קאָלבושאָווער יידן, איז אויך יאָקע־לייב געבראַכט געוואָרן קיין בעלזשעץ, וואו ער האָט געטיילט זייער גורל.

נאָך אָ טיפּ אין געטאָ איז געווען דער משוגענער מאיר. ווייל ער איז נישט געווען נאָרמאַל, האָט ער זיך נישט אָפּגעשטעלט צו גיין אין ערטער וואו עס האָט געדראָט די גרעסטע סכנה. ער פלעגט זיך אַרומדרייען צווישן די דייטשן, אויך צווישן די פּאָליציאַנטן. ער פלעגט זיי אַריינברענגען אין אָ גוטער שטימונג, אויסזינגענדיק פאַר זיי פאַרשידענע קופּלעטן אין פּויליש, וואָס ער אַליין האָט זיי קאָמפּאָנירט. אין אַזעלכע לידלעך האָט ער חוזק געמאַכט פון די פאַרמלחמה׳דיקע פּוילישע הערשער, וואָס האָבן שנעל פאַרלאָזט די „אָיטשיזנע" און איבערגעלאָזט אַלץ אויף הפקר.

דער משוגענער מאיר פלעגט זיך אַוועקשטעלן אין מיטן מאַרק, בעת די דייטשן האָבן געשפּילט פוטבאָל. מאיר האָט נישט געוואוסט ווי אַזוי מען שפּילט. האָט ער אַרויסגערופן מיט זיינע אויסטערלישע באַוועגונגען געלעכ־טער ביי די דייטשן. ער האָט, זעט אויס, בכוונה זיך נאַריש געמאַכט און

באַהאַנדלט דעם באַל נישט לויט די געזעצן פון שפּיל און פאַר יעדער אויס־טערלישקייט אַזאַ, פלעגט ער פון די דייטשן באַקומען אַ פּרעמיע אין דער פאָרם פון אַ שטיק ברויט אָדער אַן אַנדער מאכל.

איינמאָל האָט מאיר זיך אָוועקגעשטעלט נעבן אַ דייטש, וואָס איז ערשט אָנגעקומען אין שטאָט אַריין און האָט זיך מיט זיינע פריינט אין מיטן מאַרק אָוועקגעשטעלט און געגעסן פון אַ קעסל זיין מאַלצייט. מאיר האָט ווי זיין שטייגער איז געווען, אָנגעהויבן צו זינגען זיינע לידלעך און לאַכן אים אין די אויגן און שפּעטער גענומען פאָדערן פון אים אַ קעסעלע זופּ. דער דייטש האָט נישט פאַרשטאַנען וואָס דאָ גייט אָן און האָט אַרויסגעשלעפּט דעם רעוואָלווער פון טאַש און באַפוילן אים אָפּצוטרעטן פון אים. מאיר האָט ניט אָפּגעטראָטן, נאָר געמאַכט כלערליי העוויותן און ווידעראַמאָל גענומען זינגען די באַקאַנטע לידלעך. דער דייטש האָט אָוועקגעלייגט דעם שפּייער און אָוועקגעגעבן ס׳ביסל געקעכץ מאירן.

שפּעטער האָט מאיר אויף דעם גאַנצן קול אָנגעהויבן זיין רעפּערטואַר און אַריינגענומען צוו. אַנד. אַן אל־מלא־רחמים פאַר היטלערן. דער דייטש האָט לסוף מאירן געהייסן מיט אים גיין און זיי זיינען אַריין אין דער דירה, וואו עס האָט געוואוינט די אלמנה פון אדוואָקאַט ראַבינאָוויטש. אויפן באַפעל פון דייטש האָט זיך מאיר אויסגעפּוצט אין איר מאנס שענסטן אַנצוג, אָנגעטאָן אַ פריש העמד, אַ גוטע פּאָר שיך און אַ שטרויענעם קאַפּעליוש אויפן קאָפּ. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, ווען מאיר האָט געטראָגן אין זיין לעבן אַ לייטישן מלבוש. האָט ער זיך אַרומגעדרייט שפּעטער איבער די גאַסן פון געטאָ ממש ווי אַ חתן־בחור.

מאיר איז אויסגעגאַנגען פון הונגער. צוויי וואָכן נאָך זיין טויט, האָט מען זיין קערפּער געפונען אויפן בוידעם פון באָד, וואו ער פלעגט שלאָפן.

אַזוי ווי כ׳האָב פריער דערמאָנט אדוואָקאַט ראַבינאָוויטש, לאָמיר אויך דערציילן וועגן אים:

ד״ר ווילהעלם ראַבינאָוויטש איז געווען אַן אַסימילירטער ייד. ער האָט נישט געהאַט קיין שום שייכות מיט דעם אָרטיקן יידישן לעבן. אפילו יום־כפור איז ער נישט געגאַנגען אין שול. זיינע צוויי זין האָט ער קיין יידישע דערציאונג נישט געגעבן. געווען איז ער אַ קליינער, מיט אַ פאַרהויקערטער פּלייצע. ער האָט פאַרמאָגט אַ הייזעריקע שטים און געווען איז ער אַ גרויסער ציניקער. מען פלעגט דערציילן וועגן אים אסך מעשיות. איינע וויל איך דאָ איבערגעבן.

קיין קאָלבושאָוו איז געקומען אַ יונגער דאָקטאָר מאַרינסטראַוס, וואָס האָט אין תחילת נישט געהאַט קיין צו גרויסע פּראַקטיק און דעריבער איז מיט פּרנסה נישט געווען צו פויגלדיק. האָט זיך געמאַכט, אַז דער פּאָסטן פון שטאָטישן „פיזיק" איז פריי געוואָרן. אָט דעם פּאָסטן האָט מען אָנגעבאָטן דעם יונגן ניי־געקומענעם דאָקטאָר, בתנאי ער זאָל זיך שמדן. דער יונגער דאָקטאָר איז געקומען זיך באַראַטן מיט ד"ר ראַבינאָוויטש, מיט וועלכן ער איז געווען באַפריינדעט. הערנדיק דאָס וואָרט „שמד", האָט ראַבינאָוויטש אויפגעציטערט און ממש אויסגעשריגן, אַז ער זאָל נישט דערוועגן צו טאָן אַזאַ נאַרישקייט. דער דאָקטאָר האָט אים געפאָלגט און נישט איבערגעדרייט ס'רענדל. אין שפּעטערדיקע יאָרן, ווען עס איז אים גוט געגאַנגען, האָט ער, נישט איין מאָל, דערמאָנט מיט דאַנקבאַרקייט, אַז ער האָט צו פאַרדאַנקען ד"ר ראַבינאָוויטשן, וואָס ער איז געבליבן אַ ייד.

דעם טאָג, וואָס די מלחמה איז אויסגעבראָכן, איז ד"ר ראַבינאָוויטש געזעסן ביים ראַדיאָ און צוגעהערט זיך צו די נייעס. אַזוי ווי ער האָט געהערט, אַז דייטשלאַנד האָט דערקלערט קריג און די דייטשע חיילות זיינען אַריבער די פּוילישע גרענעץ, האָט ער באַקומען אַ האַרץ־אַטאַק און אויפן אָרט גע־שטאָרבן. מען האָט אים קובר געווען אויף דעם קאָלבושאָווער בית־עולם און געבראַכט אים צו קבר ישראל. די ערשטע צייט פון דער מלחמה פלעגט זיין אלמנה יעדן טאָג גיין צום קבר און אַוועקגעלייגט דאָרט אַ בלום. אין 1940 איז זי אַוועק קיין קראָקע צו אירע צוויי זין.

נישט־זעלטן האָבן קאָלבושאָווער יידן אין געטאָ מקנא געווען, אַז אָט דער פרייער ראַבינאָוויטש האָט זוכה געווען קומען צו קבר ישראל, צו וואָס מיליאָנען אָפּגעהיטענע און גאָטספאָרכטיקע יידן האָבן נישט זוכה געווען. אפשר אין זכות פון יענער מעשה מיטן דאָקטאָר?... האָבן יידן פרום געהויבן מיט די פּלייצעס...

איינער פון די שטענדיקע פּאָליציי־אַרבעטער איז געווען קלמן קערענ־וויץ, איינער פון מיינע נאָענטע חברים. געשטאַמט האָט ער פון קיפּנע, אַ דאָרף צווישן קאָלבושאָוו און גלאָגעוו. זיין פאָטער איז געווען אַ דאָרפס־גייער — ער פלעגט אויפקויפן אַן עוף, אַ קעלבל, אַ פערטל תבואה, פעלעכלעך פון קיניקלעך אד"גל. פון די אַלע מסחרים האָט ער נישט געקענט דערנערן זיין פאַמיליע, וואָס איז באַשטאַנען פון זיין ווייב מיט צען קינדער. דער בכור אין דער משפּחה איז געווען קלמן. כדי פּטור צו ווערן פון איין עסער, האָט מען אים, אַ צוועלף־יעריקן יינגל, געשיקט אין אַ ישיבה קיין קראָקע. קלמן האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין גרויסער לומדות און ער איז אַריין

אין דער לובלינער ישיבה. אין לובלין האָט קלמן אַרויסגעוויזן אַ גוואַלדיקן אינטערעס צו וועלטלעכע לימודים און געוואָלט באַזונדערס דערלערנען די ענגלישע שפּראַך. גאַנצע נעכט פלעגט ער שטודירן ענגליש, ביז מ׳האָט אים געכאַפּט און באַזייטיקט פון דער ישיבה. ער איז צוריק קיין קראָקע, וואו ער האָט זיך מפרנס געווען פון געבן לעקציעס אין ענגליש. ער האָט אויך געלערנט אין ישיבות און אַזוי אַרום זיך פאַרזיכערט מיט „טעג" און מיט אַ פּלאַץ צום שלאָפן. אַזוי ווי די מלחמה איז אויסגעבראָכן, איז ער צוריק־געקומען קיין קיפּנע. אָבער עס האָט לאַנג נישט גענומען און קלמן איז געקומען קיין קאָלבושאָוו צו זיינעם אַ פעטער, דעם געשטופּלטן אביגדור (דעם נאָמען האָט ער זיך דערוואָרבן צוליב זיין געשטופּלט פנים). זייענדיק אין קאָלבושאָוו האָב איך זיך מיט אים באַפריינדעט. אויך דאָ האָט ער פאַרדינט פון זיינע ענגלישע לעקציעס. איצט האָט מען אים אין שטעטל גערופן „דער ענגלישער לערער". (אין זיין שווערער לאַגע האָט זיך קלמן געווענדט מיט אַ בריוו צו עלענאָר רוזוועלט, די פרוי פון אמעריקאַנער פּרעזידענט, און האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט עטלעכע בריוו פון איר. אין לעצטן בריוו האָט זי אים צוגעזאָגט העלפן קומען קיין אמעריקע, וואָס איז געווען זיין גרעסטער וואונטש. די מלחמה האָט, אָבער, אַלצדינג צו־נישט־געמאַכט).

מאַכט זיך אַמאָל און עפּעס אַ פּויערטע איז אַרעסטירט געוואָרן. זי איז אַריין אין די כאַטעס פון די פּויערים עפּעס איינצוקויפן, און ווייל זיי האָבן געהאַט אַ פאַרדאַכט אַז זי איז ייִדיש, האָבן זיי באַלד געלאָזט וויסן דער דייטשער פּאָליציי. די פרוי איז תיכף אַרעסטירט געוואָרן. די אויס־פאָרשונג האָט קיין רעזולטאַטן נישט געגעבן. די פּויערטע האָט די גאַנצע צייט געטענהט, אַז זי איז פּויליש. איז דעם פּאָליציי־קאָמענדאַנט איינגעפאַלן, אַז ווען ער וועט אַריינשיקן אַ ייִדישן אַרבעטער אין צימער וואו זי זיצט, וועט מען קאָנען דערגיין דעם אמת. אין דער טיר פון צימער איז געווען אַ קליין פענצטערל און דער קאָמענדאַנט האָט נאָכגעפאָלגט וואָס עס געשעט. אַריינגעשיקט אַהין האָט ער קלמנען. ווען קלמן איז אַריין האָט ער פלוצים דערזען זיין מוטער. ער האָט זיך שנעל אָריענטירט וועגן וואָס עס האַנדלט זיך און נישט אַרויסגעוויזן קיין באַזונדערע סענטימענטאַלישקייט; האָבן ביידע גערעדט וועגן אַלעם אין דער וועלט. קיין פאַרדאַכט איז פון דער טראַגישער טרעפונג נישט אַנטשטאַנען. ווען די פּאָליציי־לייט האָבן אים צוריקגערופן, האָט ער זיי אויף זייער פראַגע דערקלערט, אַז די פרוי איז איינע פון די פּויערטעס פון דער געגענט. זיי האָבן אים געגלויבט און די „פּויערטע" באַפרייט...

קלמן איז פון דעם געטאָ גענומען געוואָרן אין גלאָגאָווער לאַגער פונ־

וואַנען ער איז אַנטלאָפן, באַהאַלטן זיך צווישן די קיפּנער קריסטן. איך האָב וועגן דעם געוואוסט און געוואָלט זיך מיט אים פאַרשטענדיקן און אַריבער־ברענגען אין וואַלד, אָבער ס׳איז מיר נישט געלונגען מיט אים צו קאָנטאַקטירן. שפּעטער האָב איך זיך דערוואוסט, אַז איינער פון זיין פּאַטערס שכנים האָט אים דערמאָרדעט, בשעת ער איז געקומען צו אים נאָך אביסל עסן.

אברהם אינזעל, אַ ייד אין די אַכציקער יאָרן, וואָס האָט זיך גוט געהאַלטן; זיין געשטאַלט איז געווען אַ גלייכע, אַ ברייטע און אַ שטאַרקע, פּונקט ווי פאַר דער מלחמה. זיין קול האָט נאָך הילכיק געקלונגען, פּונקט אַזוי ווי דעמאָלט ווען ער פלעגט שבת נאָכמיטאָג זאָגן מיטן עולם תהילים אין שול. אָט דער אברהם אינזעל פלעגט זאָגן אין געטאָ, אַז ער פאַרלאַנגט גאָרנישט מער פון לעבן, נאָר איין זאַך: ער וויל לעבן נאָר איין שעה נאָכ־דעם סוף פון דער מלחמה, ער וויל דערלעבן היטלערס מפּלה און שטאַרבן. דאַן — פלעגט ער זאָגן — וואָלט ער געשטאָרבן אַ צופרידענער.

אברהם אינזעל האָט היטלערס מפּלה נישט דערלעבט. ער איז אַוועק קיין ריישע מיט דער אויסזידלונג, צוזאַמען מיט זיינע צוויי טעכטער,ביילע און שרה, און מיט זייערע פאַמיליעס. ביי דער ערשטער אַקציע אין ריישע, האָט מען אים און זיין פרוי לאה דערשאָסן.

אין געטאָ זיינען זיך די עלטערע יידן צוזאַמענגעקומען יעדן אָוונט אין דעם קעלער פון אלימלך וואקספּערס, וואו ס׳איז געווען די בעקעריי און דאָרט האָבן זיי געדאַוונט מנחה און מעריב און דאַן אַביסל פּאָליטיקירט. אין דעם קעלער איז געווען וואַרעם פון דעם בעקערישן אויוון. אַחוץ דעם איז דער קעלער געווען ווייטלעך פון דעם אַריינגאַנג אין געטאָ. (דאָס געטאָ־טויער פון דבורה פעלד ביז די סקאָווראָנקי איז תמיד געווען פאַרמאַכט און דער איינציקער אַריינגאַנג איז געווען דורך דעם ליקל פון מאַרק צום בית־מדרש. האָט זיך עפּעס פאַרלאָפן אין געטאָ, איז געווען גענוג צייט זיך פונאַנדערצולויפן און אויסבאַהאַלטן). אלימלך וואקספּערס האָט גאַנץ אָפּט צוגעגרייט עטלעכע פלעצלעך, וואָס ער האָט אָפּגעשפּאָרט פון געבאַקענעם ברויט און מכבד געווען די מתפּללים. אויף אַזאַ שטיקל שוואַרץ ליימיק פלעצל האָט איעדער אויסגעקוקט.

ס׳פלעגן אויך דאָרט קומען די קדיש־זאָגערס, וואָס האָבן זיך געמערט. און די פּאָליטיק וואָס מען האָט געשמועסט און אַרומגערעדט איז געווען אַ מין „ווינטשפולע טראַכטעניש", וואָס האָט בשעת מעשה אביסל לייכטער געמאַכט אויף די פאַראומערטע נשמות. די דאַוונערס אין וואקספּרעסערס קעלער האָבן זיך געוואונטשן צו קריגן נאָך דער מלחמה היטלערן אַ לעבעדיקן

און יעדער האָט פאַנטאַזירט וואָס ער וואָלט אָזעלכעס מיט דעם רשע־מרושע, וואָס זיינס גלייכן אין רשעות האָט די וועלט נישט געזען, וואָס וואָלט ער מיט אים געטאָן...

לייבטשע בעק האָט געזאָגט, אַז ווען ער וואָלט אים באַקומען, וואָלט ער יעדן טאָג אָפּגעשניטן אַ שטיקל פלייש פון זיין טמאהדיקן קערפּער, כדי צו פאַרלענגערן זיין טויט און פאַרגרעסערן און אויסציען זיינע יסורים.

אלימלך וואקספּרעס אַליין האָט אויף דעם אורט־יל נישט מסכים געווען. ער וואָלט גענומען אַ טעמפּע זעג און יעדן טאָג געגעבן אײן שניט און דאָן מכבד געווען יעדן טאָג אַן אַנדערן ייד צו באַשיטן דעם שניט מיט זאַלץ.

מיין טאַטע איז אַרויסגעקומען מיט אַן אַנדער רעיון: ער וואָלט גע־מאַכט אַ שטייג אויף רעדער און מיט אייזערנע קראַטעס, און דאָרט אַריינ־געזעצט היטלערן. ער וואָלט זיך געשאַפן אַ פּאָר פערד און איינגעשפּאַנט זיי צו דער שטייג, און אַרומגעפאָרן פון שטאָט צו שטאָט, פון דאָרף צו דאָרף און יעדער ייד וואָלט אים, דעם מנובל, אַ שפּיי געטאָן אין פּנים אריין.

אַזוי האָבן זיי פאַנטאַזירט, די קאָלבושאָווער יידן, נישט ווויסנדיק אַז דער רשע האָט שוין אויסגעאַרבעט אַ גענויעם פּלאַן מיט אַלע פּרטים וואָס צו טאָן מיט זיי.

שאול זאַלעשיץ, מען האָט אים גערופן „דער רבי שאול", איז געווען אַ ייד וואָס איעדער האָט געהאַט דעם גרעסטן דרך־ארץ פאַר אים. אפילו אין געטאָ, וואו מען האָט פאַרגעסן ווער און וואָס דער מענטש איז געווען פאַר דער מלחמה, האָט די פּערזענלעכקייט פון ר' שאול גענאָסן פון זעלבן פּרעסטיזש. ר' שאול איז געווען כמעט דער איינציקער ייד, וואָס איז נישט געגאַנגען צו צוואַנגס־אַרבעט. פאַר אים האָט אפילו פּאַשעק געהאַט רעספּעקט. אויך ר' שאול איז געווען אַ שטענדיקער דאַוונער אין דעם קעלער. נאָך דעם דאַוונען פלעגט ר' שאול זאָגן דברי תורה — באַנוצט אין זיינע רייד אויך פאַרגלייכן מיט פאַשידענע תקופות פון דער יידישער געשיכטע. ער פלעגט מיט זיינע רייד דערמוטיקן די אומגליקלעכע ברידער און אַרויס־געבראַכט די האָפענונג, אַז זיי וועלן איבערלעבן.

נאָכן טראַגישן טאָג פון 28טן אַפּריל 1942, ווען מען האָט דערשאָסן 22 יידן אין קאָלבושאָוו, איז דער קעלער ביים דאַוונען פאַרפולט געוואָרן מיט די פרישע אבלים, וואָס זענען געקומען זאָגן קדיש. איך בין אויך געווען איינער פון זיי. געוויין און קלאָגעניש האָט פאַרפולט דעם קעלער. נאָכן דאַוונען האָט שאול זאַלעשיץ זיך אויפגעשטעלט און געהאַלטן אַ דרשה, וואָס האָט אין די הערצער פון די פאַראַבל'טע יידן זיך טיף איינגעשניטן:

„מען דאַרף נישט באַוויינען — האָט ר׳ שאול געזאָגט — די יידן וואָס זיינען אויסגעהרגעט געוואָרן. אויב קיין עולם הבא איז נישט פאַראַן און אַ מענטש, פונקט ווי אַ בהמה אָדער חיה לעבט אָפּ זיינע יאָרן, איז דאָך נישט קיין נפקא־מינה ווי לאַנג מען מוטשעט זיך אויף דער דאָזיקער ערד. פאַרקערט, וואָס שנעלער מען גייט אַוועק — איז דאָך ווייניקער מוטשעניש. אויב אָבער עס איז אמת, אַז ס׳איז פאַראַן אַ יענע וועלט, וועלן דאָך יידן גלייך אריין אין גן־עדן. איז דאָך אוודאי אַ גליק ווי אַמשנעלסטן אַנצוהייבן דאָס אייביקע לעבן. אַלע וואָס זיינען אומגעקומען פון דער האַנט פון היטלערן און זיינע סאטראפּן זיינען דאָך אומגעקומען על קידוש השם. די טויערן פון גן־עדן זיינען ברייט אויפגעפּראַלט פאַר יעדן פון זיי...״

אַזוי האָבן די קאַלבושאָווער יידן זיך געטרייסט אין די שעהן פון זייער גרעסטן אומגליק.

## קאַפּיטל פופצן

## „אָרדנונגס דינסט״

ווען איך בין צוריקגעקומען פון שפּיטאָל נאָך דער אָפּעראַציע, האָב איך די מלכות געטאָ נישט דערקענט. די טויערן לעבן די צוויי צענטראַלע אַריינגאַנגען אין דעם געטאָ זיינען מיטאַמאָל אויסגעוואַקסן העכער. די ליקלעך פון די הייזער ווי אויך די טירן צו די געשעפטן, וואָס האָבן געפירט צום מאַרק, זיינען געוואָרן פאַרמויערט. די ווייטיקסטע ענדערונג, אָבער, וואָס איז אין דער צייט פאַרגעקומען אינעם געטאָ, איז געווען די יידישע פּאָליציי, די „אָרדנונגס דינסט״. יעדער פון די פּאָליציאַנטן האָט געטראָגן אַ רונדיק אַנדערמאַן, ער זאָל אָרגאַניזירן אַן אָפּטיילונג פון יידישן אָרדנונגס דינסט, זילבערנעם קנאָפּ אויף וועלכן עס איז געווען אויסגעקריצט אַ מגן־דוד. עטלעכע פון זיי האָבן אויך געטראָגן שטיוול.

טוואַרדאָן האָט נאָך מיט אַ צייט צוריק געהאַט פאַרלאַנגט פון ד״ר אנדערמאַן, ער זאָל אָרגאַניזירן אַן אָפּטיילונג פון יידישער אָרדנונגס דינסט, אָבער ד״ר אנדערמאַן האָט זיך תמיד דערפון אַרויסגעדרייט, ווארום ער האָט געוואוסט, אַז דאָס קאָן קיין גוטס נישט ברענגען. אויך פּאַשעק ראַפּאַפּאָרט האָט זיך פון דעם אָפּגעזאָגט. אָבער אין פעברואַר 1942 האָט טוואַרדאָן אַרויסגעגעבן אַ באַפעל: פּראָסט און פּשוט, עס מוז געשען, אַן אָרדנונגס־דינסט מוז געשאַפן ווערן.

אַזוי ווי אין יענע חדשים האָבן זיך געשאָטן כמעט יעדן טאָג נייע

גזרות אויף די יידן און די אַדמיניסטראַציע פון דעם יודנראַט איז געווען זייער פאַרנומען מיט אַלע פאַראָרדנונגען און שוועריקייטן, האָט קיינער ניט געהאַט קיין צייט אַריינצוטראַכטן אין דער דאָזיקער גזירה. די פּאָליציי איז אויפגעשטעלט געוואָרן און פיל פון די פונקציעס פון יודנראַט האָט מען איבערגעגעבן דעם אָרדנונגס־דינסט.

ביז יענער צייט זיינען נאָר געווען דריי באַצאָלטע אָנגעשטעלטע אין יודנראַט: הערש געווירץ ווי דער סעקרעטאַר, און צוויי קוריערן (מענטשן פאַר שליחותן) — מענדל בילפעלד (מאירס זון) און איטשעלע זילבער (יאַנ־קעלע דינטיס איייניקל), וועלכער איז שפּעטער געוואָרן דער טרויעריק־באַ־רימטער איזאַק סילבער, דער פאַרטרעטער פון דעם קאָמענדאַנט פון דעם אָרדנונגס־דינסט אין קאָלבושאָוו און שפּעטער אַוואַנסירט צו ווערן דער פאַר־טרעטער פון דעם קאָמענדאַנט אין ריישע. אָט די צוויי פלעגן צעטיילן די צעטלען פון יודנראַט צו באַזונדערע יחידים, וואָס זיינען אויפגעפאָדערט געוואָרן צו גיין צו ספּעציעלע אַרבעטן, צו האַלטן אָרדנונג ביי דעם אויסטיילן פון לעבנס־מיטלען און נאָך אַזעלכע זאַכן. אַצינד האָט די פּאָליציי איבער־גענומען די דאָזיקע און נאָך אַנדערע פונקציעס, ווי צום ביישפּיל: צו פירן די אַרבעטער צו דער אַרבעט, האַלטן וואַך ביינאַכט אינעם געטאָ, האַלטן אָרדנונגביים צעטיילן דאָס ברויט אָדער אַנדערע פּראָוויאַנטן אויף קאַרטן, ביים טיילן דאָס עסן אין דער פאָלקס־קיך, שטיין און אָפּהיטן דעם ספּעציעלן אַריינגאַנג אין געטאָ, דאָס ליקל, וואו דורות־לאַנג פלעגן די יידן גיין פון מאַרק צו די בתי־מדרשים. די אָפיציעלע איפגאַבע ביים טויער איז געווען נישט אַרויסצולאָזן אַ ייד פון געטאָ אָן אַ דערלויבעניש. דאָס איז אָבער געווען לפנים וועגן, ווייל אין דער אמתן פלעגן יידן אַריין און אַרויסגיין אין און פון געטאָ, ניט האָבנדיק אַזעלכע דערלויבענישן.

ליידער איז דער פּרק „אָרדנונגס־דינסט" איינס פון די שוואַרצסטע בלעטלעך אין דער געשיכטע פון דער משונהדיק אַרויפגעצוואונגענער יידישער זעלבסט־פאַרוואַלטונג אין דער היטלער־פּעריאָדע. פון פאַרשיידענע אַנדערע שטעט זיינען קיין קאָלבושאָוו דערגאַנגען ידיעות מיט וואָס דאָס „אָרדנונגס־דינסט" שמעקט. אין די גרעסערע שטעט זיינען אין דעם דינסט אַריין מענטשן פון דער אונטערוועלט, אָדער פליכטלינגען, פרעמדע פּליטים, וואָס האָבן נישט געהאַט אויף די ערטער קיין באַקאַנטע אָדער קיין אייגענע משפחות און דערפאַר נישט געהאַט קיין סקרופּל אין זייערע האַנדלונגען לגבי די יידן וואָס זיינען געווען פאַרשפּאַרט צווישן די געטאָ־מויערן און אויסגעליפערט געוואָרן צו זייער השגחה.

אין קאַלבושאָוו האָט מען געוואָלט פאַרמיידן אַזאַ טראַגעדיע. האָט דער יודנראַט באַשלאָסן אַריינצונעמען אין דעם אָרדנונגס־דינסט די פיינסטע יונגע־לייט פון שטעטל, טאַקע פון די בעסטע היימען. און אין אָנהויב איז עס באַשטאַנען פון זיבן מיטגלידער: ווי דער קאָמענדאַנט איז באַשטימט געוואָרן יוסף ראַפּאָפּאָרט, פּאַשעקס ברודער. אונטער זיין קאָמאַנדע זיינען דאָרט געווען טעטיק: מאיר ארגעל, בצלאל ארגעלס זון; אליעזר שפּילמאַן, אַן איינקל פון הערשעלע האָפּערט און בעריש שפּילמאַן (ער, אליעזר, איז געקומען קיין קאַלבושאָוו מיט די דייטש־יידישע פּליטים פון זבאָנשין. ער איז אויפגעוואַקסן אין דייטשלאַנד, אין קאַרלסרוע, און האָט נאָך פריער געאַרבעט ביי דער דייטשער פּאָליציי אין קאַלבושאָוו); לעאָן גערסטעל, דוד גערסטעל׳ס זון; אברהם פעלד (דער רויטער אברהם פון דאָמבראָווקע, וואָס האָט אויך פאַרנומען דעם אַמט פון דעם בעדער אין געטאָ); מענדל בילפעלד; און איטשעלע זילבער, וואָס איז בסך־הכל אַלט געווען 15 יאָר, אָבער איז געווען באַוואוסט ווי אַ מסור, וואָס האָט איבערגעגעבן טוואַרדאָגען אַלע אינפאָרמאַציעס וועגן לעבן אין דעם געטאָ. די לעצטע צוויי זיינען מאָביליזירט געוואָרן אין דער יידישער פּאָליציי, ווייל זיי זיינען שוין פון פריער געווען באַשעפטיקט אין יודנראַט.

אַ חודש שפּעטער, אין מערץ 1942, האָט טוואַרדאָן פאַראָרדנט צו פאַר־גרעסערן די פּאָליציי און האָט צוגענומען נאָך צוויי — בונעם ראָזענבוים, משה ראָזענבוימס זון און דוד קאנער פון שווערציוו. אַזוי אַרום איז איצט די יידישע פּאָליציי אין קאַלבושאָוו באַשטאַנען פון ניין מיטגלידער.

דאָס איז געווען די לאַגע אין געטאָ אין מיטן אַפּריל, ווען כ׳בין צוריקגעקומען פון שפּיטאָל. מיין קאָפּ איז נאָך אַלץ געווען פאַרבאַנדאַזשירט, ווייל די אָפענע וואונד אונטער דעם אויער האָט זיך נאָך ווייט ניט געהאַט פאַרהיילט.

איך בין גלייך געגאַנגען צום יודנראַט, כדי צו רעדן מיט מאַנדן, וואָס איז געווען דער דירעקטאָר פון אַרבעטס־אַמט, ער זאָל מיך באַפרייען פון דער אַרבעט דערווייל, צוליב מיין געזונטס־צושטאַנד. ער האָט מיר דערקלערט, אַז ער קען מיך נישט באַפרייען פון צוואַנגס־אַרבעט, ווייל יעדן טאָג מוז מען צושטעלן זייער פיל אַרבעטער און עס קומט אויס פאַר יעדן צו גיין צו דער אַרבעט דריי מאָל אַ וואָך; ער האָט אויך דערקלערט, אַז די לאַגע איז אַזאַ, אַז ער מוז נעמען מענער און פרויען אין עלטער פון צוועלף ביז פינף־און־זעכציק יאָר. דער מאַנגל אין אַרבעטס־קרעפטן אין געטאָ איז געווען פאַראור־זאַכט דערמיט, ווייל די יוגנט האָט געאַרבעט אין אַ דייטשער פירמע מיטן

נאָמען „שטיקעל״ אין טשמילאָס. זיי האָבן געבויט בעטאָן־שאָסייען. יעדן אינדערפרי האָט געוואַרט אַ גרויסער לאַסט־אויטאָ ביים טויער פון געטאָ, מיט וועלכן די אַרבעטער זיינען געפאָרן צו פאַרשידענע פונקטן בויען די וועגן. פאַרנאַכט האָט מען זיי צוריקגעבראַכט מיט דעם זעלבן לאַסט־אויטאָ. עס האָט זיך בעסער געלוינט גיין אַרבעטן צו דער פירמע, ווייל מען האָט פון אָט דער אַרבעט באַקומען אַ ברויט אַ וואָך, אויך אַ ביסל געלט, גענוג צו קאָנען איינ־קויפן נאָך צוויי לעבלעך ברויט. אָבער דאָס סאַמע וויכטיקסטע איז געווען דערביי, וואָס די יונגע אַרבעטער האָבן געקאָנט קומען אין פאַרבינדונג בשעת דער אַרבעט מיט די אַרומיקע פויערים, וואָס האָבן אויסגעטוישט עסנוואַרג פאַר פאַרשידענע קליידער אָדער אַנדערע שטוב־זאַכן, וואָס די אַרבעטער האָבן געקאָנט מיט זיך מיטנעמען פון געטאָ. ווידער, פון דער צוואַנגס־אַרבעט ביים יודנראַט האָט קיינער גאָרניט נישט געקאָנט באַקומען.

אַזוי ווי מאָנד האָט מיר אָפּגעזאָגט מיין בקשה, הגם איך בין געווען אין אַ זייער שוואַכן געזונט־צושטאַנד, האָב איך אים געבעטן מיך צוצוטיילן צו מיין פריערדיקער אַרבעט, וואָס איך האָב געטאָן פאַר מיין קראַנקייט. (דאַן פלעג איך פאָרן קיין ריישע, כדי אָפּצונעמען און אַריבערברענגען די לעבנסמיטל־אַרטיקלען, באַזונדערס מעל, פאַר דעם גאַנצן קאָלבושאָווער געטאָ. געטראַכט האָב איך, אַז אַזאַ אַרבעט וואָלט מיך באַזאָרגט מיט אַ פּאַפּירל, אַ „פשעפּוסטקע״ אַרויסצוגיין פונ׳ם געטאָ און זיך פריי צו באַוועגן אין גאַנצן ריישער קרייז; און צוויטנס, האָב איך עס נישט באַטראַכט ווי שווערע פיזישע אַרבעט). מאָנד האָט מיר, אָבער, מיין אַלטע אַרבעט נישט צוריקגעגעבן. איך האָב זיך געמוזט צושטעלן צוויי־דריי מאָל אין דער וואָך צו צוואַנגס־אַרבעט. אין דער אמתן בין איך געגאַנגען יעדן טאָג, ווייל מיינע שוועסטער מאַטעל און רחלע האָבן אויך געמוזט גיין אַרבעטן, און איך בין געגאַנגען זיי צו פאַרטרעטן.

דאָס לעבן איז געוואָרן מיט יעדן טאָג ערגער. דאָס ביסל געלט און דאָס ביסל זאַכן צו פאַרקויפן האָט זיך ביסלעכווייז אויסגעשעפּט. עסנוואַרג און אַנדערע נויטווענדיקע זאַכן, צו קאָנען עקזיסטירן, זיינען געוואָרן טייערער פון טאָג צו טאָג. די יידן זיינען, פון הונגער און קעלט און פון שווערער אַרבעט, געוואָרן שוואַכער און מער אויסגעדאַרטע. יעדעס מאָל זיינען די רייען פון דער פאָלקס־קיך אין שעכט־הייזל געוואָרן לענגער, כדי צו באַקומען דאָס איינציקע ביסל געקעכץ איינמאָל אין טאָג.

פלוצים האָבן זיך דערשלאָגן קלאַנגען אין געטאָ אַריין, אַז עס גראַס־רן לעצטנס איבער די געטאָס אַרום ספּעציעלע אָפּטיילונגען פון די עס־עס, וואָס

פאַלן אַריין און אָן וועלכער ניט איז וואָרנונג שיסן זיי אויס צאָלן פון יידן וואָס פאַלן צופעליק אַריין אין זייערע הענט אַריין.

דעם 20סטן אַפּריל 1942 האָט טווארדאָן געקופן צו זיך פּאַשעקן און געפאָדערט פון אים, אַז ער מוז נאָך צונעמען צוויי מיטגלידער צו דער ידישער פּאָליציי. דאָן — האָט ער דערקלערט — וועט דאָס אָרדנונגס־דינסט זיין פול; עס מוזן זיין צען מיטגלידער אין דעם דינסט — האָט ער פאַראָרדנט — מיט אַ קאָמענדאַנט. האָט פּאַשעק מאָביליזירט נ. ל. פון אַ דערבייאיקן דאָרף און י. ל. פון קאַלבושאָוו גופא.

אין געטאָ האָט מען געקענט באַקומען כשר פליש פאַר טייער געלט, ווייל די קצבים האָבן אָפּטמאָל אַריינגעשמוגלט אַ קו אָדער אַ קעלבל און שמשון האָט זיי געשאָכטן. ס׳איז איבעריק צו זאָגן, אַז מיטן אַריינברענגען אַ בהמה און מיטן שעכטן, האָט מען זיך ממש איינגעשטעלט דאָס לעבן. פאַר כאַפּן ביי אַזאַ חטא האָבן דייטשן אָן־שהיות דערשאָסן די שולדיקע.

אַזוי ווי נ. ל. און י. ל. זיינען געוואָרן מיטגלידער אין דעם אָרדנונגס־דינסט, האָבן זיי זיך דערוואוסט, אַז משה מארין (שיינדל מארינס זון) האָט געלאָזט שעכטן אַ קעלבל אויף כשר. זיי זיינען צו אים צוגעגאַנגען און פאַר־לאַנגט, אַז ער זאָל זיי אַוועקגעבן די לעבער, די לונג און ס׳האַרץ פון דעם קעלבל, און דערביי זיך אויסגערעדט, אַז פון היינט אָן און וויטער פאָדערן זיי די דאָזיקע טיילן פון יעדער געשאָכטענער בהמה. אָנגעזאָגט האָבן זיי אים אויך איבערצוגעבן וועגן דעם אַלע אַנדערע קצבים. משה האָט זיי געגעבן אַלץ וואָס זיי האָבן פאַרלאַנגט און אַ ציטערדיקער איז ער אַוועק צו זיין קוזין, הערש געווירץ, דעם סעקרעטאַר פון יודנראַט, זען וואָס מען קען טאָן מיט אָט די צוויי פאַרשוינען. הערש געווירץ האָט איבערגעגעבן וועגן דעם פאַל פּאַשעקן. אַ זיצונג פון יודנראַט איז באַלד צוזאַמענגערופן געוואָרן און זיי האָבן באַשלאָסן די צוויי לייט צו באַזייטיקן פון דעם אָרדנונגס דינסט. זיי האָבן אָבער מורא געהאַט, אַז טווארדאָן זאָל זיך נישט דערוויסן די סיבה פאַרוואָס זיי זיינען בלויז נאָך צוויי טעג דינסט אַוועקגעשיקט געוואָרן.

דער כיטרער טווארדאָן האָט בלויז געזאָרט אויף אַזעלכע געלעגנהייטן, וואָס וואָלטן אים געגעבן אַ תירוץ פאַר אַרויסבאַקומען נייע געלטער. דער יודנראַט האָט געדאַרפט אויסקלייבן צוויי נייע מענער אַנשטאָט די סוספּענדירטע.

דעם 12טן מערץ 1942 איז אין מעליץ פאָרגעקומען די ערשטע אויס־זידלונג פון די יידן אין אונדזער געגענט. אין מעליץ האָבן געוואוינט אַרום 8 טויזנט יידן און בשעת דער מלחמה האָבן די יידן דאָרט נישט געליטן אַזויפיל ווי אין אַנדערע שטעטלעך. ביז צו דער אויסזידלונג איז דאָרט נישט געווען

קיין געטאָ און יידן האָבן געוואוינט אין זייערע הייזער און געפירט געשעפטן. אַלע שכנותדיקע שטעטלעך האָבן מקנא געווען מעליץ. זיינען זיי דאָך געווען פרייער ווי אין אַנדערע מקומות און האָבן געהאַט אפילו אַ געלעגנהייט צו מאַכן גוטע געשעפטן. אָבער זונטיק דעם 11טן מערץ האָבן די דייטשן באַפוילן, אַז אַלע יידן מוזן זיין גרייט צו אַן אויסזידלונג מאָנטיק אינדערפרי.

מאָנטיק האָבן זיך אַלע יידן פאַרזאַמלט ביי דער באַן, מיט פעקלעך, נאָר וויפל מען האָט געקענט טראָגן מיט זיך. אַרום 1,800 יידן — מיינסטנס אַלטע און קינדער — האָבן די דייטשן געשאָסן אויפן אָרט און די רעשט אַוועק־געפירט אין לובלינער געגנט. אַ וואָך שפּעטער זיינען איינצלנע צוריקגעקומען, אַ טייל קיין מעליץ און אַנדערע אין די שכנותדיקע שטעטלעך ווי דעמביץ און ראַדאָמישלע אָדער גאָר קיין טאַרנע.

די מעליצער אויסזידלונג האָט אין אַ גרויסער מאָס פאַרפירט אַלע יידן אין דער געגענט. מען האָט געזען, אַז אַן אויסזידלונג פון אַ שטאָט מיינט נישט, אַז די דייטשן שיקן אַוועק צום טויט. דער גלויבן איז געווען, אַז די דייטשן וועלן איבערזידלען אַלע פוילישע יידן אין דער לובלינער געגנט און דאָרט מאַכן דעם ידישן רעזערוואט; פונקט ווי יענע פון מעליץ האָבן זיך געקאָנט אויסקויפן און צוריק זיך אַרויסבאַקומען פון פאַרשיקונג און אַריינבאַקומען זיך אין פאַרשיידענע שטעטלעך, אַזוי וועט עס אויך די אַנדערע געלונגען צו טאָן.

געווען נאָך אַן אַנדערע סברא, וואָס האָט באַרואיקט די נערוון פון די יידן אין די געטאָס פון דער געגענט: אין מעליץ איז קיין געטאָ ניט געווען. דערפאַר האָבן די דייטשן די יידן אויסגעזידלט אין דער לובלינער געגנט. פון שטעט, וואו אַ געטאָ איז יאָ אויפגעשטעלט געוואָרן, וועלן די דייטשן די יידן נישט אַרויסשיקן...

אין קאָלבושאָוו האָבן זיך דעריבער די געמיטער איינגעשטילט...

## קאַפּיטל זעכצן

## דער אָנהייב פון סוף

נאָך דער מעליצער אויסזידלונג האָט זיך דער מצב ווידער פיל פאַרער־גערט אין קאָלבושאָוו. ערשטנס האָט קאָלבושאָוו פאַרלוירן די וויכטיקסטע קוועלע פאַר אויפהאַלטונג — מעליץ; פון מעליץ פלעגן קאָלבושאָווער יידן ברענגען די נויטיקסטע זאַכן פאַר דעם געטאָ. אַזוי ווי מעליץ האָט קיין געטאָ נישט געהאַט, האָבן די דאָרטיקע יידן געקאָנט פרייער האַנדלען און וואַנדלען ווי אין אַנדערע שטעט. קאָלבושאָווער יידן פלעגן זיך אַריבערכאַפּן קיין מעליץ

און אײַנקויפֿן פּראָדוקטן און אַנדערע נויטיקייטן און געבראַכט אין געטאָ אַריין. עס האָט צוגעשפּילט דער פֿאַקט, אַז דאָס דורכפֿירן די געשמוגלטע סחורות איז געווען לײַכטער פֿון מעליץ ווי פֿון ריישע, צום בײַשפּיל. דער מעליצער וועג איז געווען אסך שטילער און נישט געוואָרן גענוצט אַזוי אָפֿט פֿון די דײַטשן ווי אַנדערע וועגן און שאָסייען, און צוליב דעם איז עס געווען זיכערער פֿון דאָרט צו „שוואַרצן" סחורות.

אַ צווייטע סיבה פֿאַר דער פֿאַרערגערטער שטימונג אין דעם קאַלבושאָווער געטאָ איז געווען דער מאַנגל פֿון מוט אָנצוהאַלטן דעם טאָג־טעגלעכן קאַמף און דעם גלויבן, אַז עס איז פֿאַראַן אַ מעגלעכקייט איבערצולעבן. ביסלעכווײַז האָט מען אָנגעהויבן אײַנצוזען, אַז עס דערוואַרט אונדז אַלעמען דער זעלבער אומפֿאַרמײַדלעכער סוף. סוף־כּל־סוף וועט מען אויך אונדז אַרויסוואַרפֿן פֿונ'ם געטאָ. ייִדן וואָס זײַנען פֿריער נאָך געווען שטיקלעך אָפּטימיסטן, האָבן געביטן זייער מיינונג און דערזען אַלצדינג אין די טונקלסטע קאָלירן. דערצו האָט דער הונגער אָנגעהויבן צו דערקוטשען מער און מער, וואָרום די מעליצער צושטעלער פֿון פּראָוויאַנט זײַנען שוין מער ניט געווען צו ליפֿערן די נויטיקע סחורה. ענדע מערץ און אָנהייב אַפּריל איז דער הונגער געוואָרן אַזוי שטאַרק, אַז מענטשן אין געטאָ האָבן אָנגעהויבן ממש אויסצושטאַרבן. אין יענע טעג איז פֿון הונגער אויסגעגאַנגען, למשל, משה קורץ מיט זײַן פֿרוי. ער איז געשטאָרבן אין טאָג און אויף־צו־מאָרגנס — זי. פֿון דעם שרעקלעכן הונגער־טויט איז אויך אויסגעגאַנגען יוסף צוקער (יאָסעלע דיביסער'ס אידעם). ער איז אין נאָרמאַלע צײַטן געווען איינער פֿון די שטאַרקסטע מענטשן. פּנחס רייך, נתנאל זילבער, נפֿתלי פֿלאַווקער (אײַנבינדער) מיט זײַן אידעם — רייזלס מאַן, זײַנען אויסגעגאַנגען פֿון הונגער אין איין טאָג, דעם צווייטן טאָג חול־המועד־פּסח, 1942. דאָס זײַנען געווען מענטשן, וואָס האָבן זיך נישט געקאָנט העלפֿן; אַרויס פֿון געטאָ אויף שוואַרץ האָבן די נישט געקענט, וואָרום זיי זענען געווען אין אַ העכערן עלטער, קיין קינדער, וואָס זאָלן עס פֿאַר זיי טאָן און אַרײַנשמוגלען עפּעס צום עסן פֿאַר זיי, האָבן זיי אויך ניט געהאַט.

מיטוואָך, 8 טעג אין ניסן, האָט טוואַרדאָן געשאָסן איטשעלע טראָמפּעטער (יאָסל טראָמפּעטער'ס זון). איטשעלע האָט געהערט צו די שענסטע בחורים אין קאַלבושאָוו, געקאָנט גוט לערנען, האָט חתונה געהאַט קיין ריישע, וואו ער האָט געוואוינט נאָך פֿון פֿאַר דער מלחמה. בשעת דער מלחמה פֿלעגט ער קומען פֿון ריישע צו זײַנע עלטערן נאָך עסנוואַרג. דעם טאָג ווען ער איז צוריקגעפֿאָרן אַהיים מיט אַביסל פּראָוויאַנט, האָט טוואַרדאָן דערזען דעם וואָגן מיט עטלעכע ייִדן אין דאָרף קופּנע, האָט ער זיי רעווידירט צי זיי שמוגלען

נישט עפּעס און ווען ער האָט געפונען ביי איטשעלען אַ האַלבן קילאָ פּוטער, האָט ער אים אויפן אָרט דערשאָסן, כאָטש ער האָט געהאַט אַ „פּאַסירשיין". דער וואָגן, וועלכער האָט באַלאַנגט צו אברהמטשע פּאָלימער איז צוריקגעפאָרן קיין קאָלבושאָוו מיט דעם טויטן קערפּער. וואָס פאַרא צער דער פאַל האָט אַרויסגערופן ביים טאַטן, ביי דער מאַמען, ביי דער פרוי און קינדער, קאָן מען זיך פאָרשטעלן. עס האָט מיטגעווײנט דאָס גאַנצע שטעטל...

אַזעלכע פאַלן פון שיסן זיינען געווען אויף דער טאָג־אָרדנונג.

ערב פּסח זיינען געקומען 4 געסטאַפּאָ־לייט קיין גלאָגאָוו און צוגע־נומען די פיר שענסטע יידן. צווישן זיי איז געווען אַ קאָלבושאָווער געבוירענער, הערש אונגער, וואָס האָט דאָרט געוואוינט ביי זיין זון מענדל. זיי האָבן אויך אַוועקגענומען דעם גלאָגאָווער רב, ר' לאָזערל — אַן איניקל פונעם אַלטן קאָלבושאָווער רב — דעם דיין פון שטעטל און נאָך אַן אַלטן ייד. אַ גאַנצן טאָג האָבן די געסטאַפּאָ־לייט זיך מיט זיי אַרומגעשפּילט, אַרומגעשלעפּט זיי, אָנגעטאָן כלערליי צרות און פאַרנאַכט זיי אַלעמען דערשאָסן. די דייטשן האָבן פאָראָרדנט, אַז זיי זאָלן קלעטערן אין מיטן מאַרק אויף אַ הויכן טעלעפאָן־סלופּ; קיין איינער פון די אַלטע יידן האָט דאָס נישט געקענט באַווייזן. נאָר דער דיין האָט יאָ באַוויזן אַרויפצוקלעטערן אַביסל און ווען ער איז נאָך שווערער האַראָוואַניע געווען שוין גאַנץ הויך, האָבן די רוצחים אַרויפגעשאָסן צו אים און ער איז שוין אַ טויטער אַראָפּגעפאַלן. דעם רב האָבן זיי אונטערגעצונדן די לאַנגע גרויע באָרד און ביי די פלאַמען פון דער ברענענדיקער באָרד האָבן זיי פאַררייכערט ציגאַרן.

נאָך דעם שטיקל אַרבעט זיינען די זעלבע פיר געסטאַפּאָ־היצלעס געקו־מען קיין קאָלבושאָוו. מיר האָבן שוין געוואוסט וואָס עס האָט פּאַסירט אין גלאָ־גאָוו, האָט מען זיך געריכט אויף דעם זעלבן; אָבער ווען זיי זיינען געקומען אין יודנראַט, האָבן זיי דערלאַנגט אַ ליסטע וואָס זיי פאַרלאַנגען. זיי האָבן געוואָלט פאַרשידענע טייערע קעגנשטאַנדן. דער יודנראַט האָט געטאָן אַלץ זייערע פאַראָרדענונגען נאָכצוקומען, געגעבן זיי די אַלע זאַכן און אַזוי אַרום אויסגע־מיטן קרבנות.

דער פּחד אין יענער צייט איז געווען אַזוי גרויס, אַז דעם פּסח האָט מען שוין אין קאָלבושאָוו קיין מצות נישט געבאַקן און קיינער האָט שוין נישט געהאַט קיין קאָפּ צו גאַרנישט. די ידיעות פון די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך זיינען געווען שוידערלעכע און מען האָט ווי געפילט דעם אָנהייב פון אנטגילטיקן סוף. אַלע האָבן געהאַט אַ פאָרגעפיל, אַז אָט־אָט און עפּעס געפערלעך־שלעכטס וועט אויך פּאַסירן אין אונדזער שטעטל. עס האָט זיך

אויך דערנענטערט היטלערס געבוירן־טאָג. עס איז אַרומגעגאַנגען אַ קלאַנג, אַז די פּאַרטיי האָט צוגעזאָגט דעם „פירער״ אַ מתנה — דאָס לעבן פון אַ האַלבן מיליאָן יידן און צו אָט דעם טרויעריקן סך־הכל וועט מוזן ביישטייערן יעדעס שטעטל זיין טייל בלוט.

איין טאָג נאָך פּסח האָט פּאשעק ראפּאפּאָרט גערופן צו זיך פאָלגנדע פופצן עלטערע יידן, שיינע בעלי־בתים, וואָס האָבן געטראָגן לאַנגע בערד, ס׳רוב גרויע בערד: מיין טאטן, יצחק זאלעשיק; יוסף חיים אנפאנג; הערש קליינמאן; אשר דערשאוויץ; הענדעל גינסבערג (שוחט); משה יוסף בערעל; ישראל האפּערט; יעקב קירשענבוים; הערש־יעקב זילבער; משה פעניכעל; קלמן בירנבוים; שלום שער; עקיבא שמידט; עקיבא אויכיסיגער און הערש קינסטלעך.

פּאשעק האָט צו זיי געזאָגט, אַז זיי מוזן אָפּשניידן די בערד, וואָרום אויב נישט דראָט זיי טויט־שטראָף. דאָס האָט ער די יידן איבערגעגעבן אין נאָמען פון דעם צורר היהודים, טווארדאָן. טווארדאָן שעמט זיך, אַז אין פאַל די געסטאפּאָ־לייט וועלן קומען אין געטאָ אַריין, וועלן זיי זען יידן מיט לאַנגע בערד. אַלע יידן האָבן זיך געמוזט די בערד אָפּשניידן. איך געדענק, אַז ווען דער שערער איז געקומען צו אונדז אין דער שטוב אָפּשניידן מיין טאַטנס באָרד, האָט ער נאָך נישט אינגאַנצן זי אָפּגעשניטן, נאָר איבערגעלאָזט אַ קמצ׳ל אויפן שפּיץ. בשעת דאָס איז געשען איז מיין טאַטע געזעסן און געציטערט און געווען אינגאַנצן ווייס ווי אַ מת. איז דאָך דאָס געווען ס׳ערשטע מאָל אין זיין לעבן ווען ער האָט אָנגערירט אַ האָר פון זיין באָרד. ווען ער איז פערטיק געוואָרן — געדענק איך — האָט מיין טאַטע געזאָגט: „איצט האָב איך געפילט טעם מיתה״.

דעם 15טן אפּריל האָט פּאשעק ווידעראַמאָל גערופן צו זיך אַלע חשובסטע בעלי־בתים פון שטאָט און דערקלערט, אַז איצט איז ער געקומען פון דעם לאנד־קאָמיסאר טווארדאָן און אַז ער פאַרלאַנגט פון די יידן 5 קילאָ גאָלד.

די לעצטע דריי חדשים פונעם געטאָ־לעבן זיינען געווען פול מיט גזירות און פאַראָרדנונגען, וואָס איינע האָט געיאָגט די צווייטע. די דייטשן האָבן נישט אָפּגעלאָזט — מען האָט נאָך די נעכטיקע אויפגאַבע נישט געהאַט אויסגעפירט און שוין, אויף צומאָרגנס אינדערפרי, איז אָנגעקומען אַ פרישע גזירה, קלאַפּ נאָך קלאַפּ אָן איבעררייס, אזש קיינער האָט ניט געהאַט קיין צייט אפילו אַ טראַכט צו טאָן וואָס עס טוט זיך דאָ און ווי אַזוי האַלט מען דאָס אַלץ אויס.

דער פּרעזידענט מיטן יודנראַט האָבן זיך גענומען צו דער אַקציע, צו זאַמלען דאָס גאָלד. אין קאַלבושאָוו האָט מען געוואוסט וויפל רינגלעך ווער עס האָט, וויפל גאָלדענע זייגערלעך — מען האָט דאָס אָנגעהויבן צו־זאַמענצושלעפּן. עס האָבן זיך אָנגעהויבן קריגערייען. קיינעד האָט, נאַטירלעך, פּרייוויליק נישט געוואָלט זיך שיידן פון דעם וואָס האָט געקאָנט אין דער צוקונפט נאָך צונוצקומען, כדי צו ראַטעווען דאָס נאַקעטע לעבן. יעדער האָט אָפּגעשפּאָרט דאָס לעצטע שטיקל גאָלד על כל צרה שלא תבוא, טאָמער־אפשר וועט מען עס דאַרפן. אפשר וועט מען מוזן עס אויסטוישן אויף אַ שטיקל ברויט. נאָך פינף טעג פון ממש אַ גיהנם אין געטאָ אין שייכות מיט דער גאָלד־זאַמלונג, האָט פּאשעק ווידער גערופן צו זיך די זעלבע יידן און דערקלערט, אַז מען האָט צוזאַמענגענומען 3 און 1/2 קילאָ גאָלד, עס פעלט נאָך 1 און 1/2 קילאָ. אויב — האָט ער שטרענג געוואָרנט — מען וועט נישט האָבן די פולע 5 קילאָ צוזאַמענגעקליבן, וועלן די דייטשן שיסן איין ייד פאַר יעדע 10 דעקאָ גאָלד, דאָס הייסט 15 יידן פאַר די איינס און אַ האַלב קילאָ.

רעדן וועגן אומברענגען יידן האָט שוין ניט געמאַכט אַ באַזונדערן רושם. דאָס אויער האָט זיך אין יענער צייט צוגעוואוינט אַזעלכע רייד צו הערן. און פונדעסטוועגן האָבן די רייד געהאַט זייער ווירקונג. די פאַרזאַמלטע יידן האָבן צווישן זיך אַליין צונויפגעקליבן די איין און אַ האַלב קילאָ און פּאשעק האָט צוגעטראָגן צו טוואַרדאָנען פולע 5 קילאָ גאָלד.

דאָס שטעטל האָט אַביסל לייכטער אָפּגעאָטעמט. טוואַרדאָן האָט געזאָגט פּאשעקן, אַז מיט די 5 קילאָ גאָלד האָט מען זיך אָפּגעקויפט פאַר 20 טויטע, ווייל קאַלבושאָוו האָט לויטן פּלאַן געדאַרפט געבן 20 קרבנות, 1 פּראָצענט פון די יידן, נאָר ער האָט עס אויסגעטוישט פאַר די 5 קילאָ גאָלד... שווער צו זאָגן, צי די יידן האָבן אים געגלויבט צי נישט. מען האָט זיך פּשוט געוואָלט אין יענע טעג לאָזן אָפּנאַרן אפילו, אַבי ס׳זאָל אויסגיין צו געלט און גאָלד, און מען זאָל עס קאָנען צוטראָגן — און ס׳זאָל נאָר נישט קומען צו הרגענען מענטשן...

ווי אַזוי עס איז צונויפגעסקראַבעט געוואָרן אין קאַלבושאָווער געטאָ פינף קילאָ גאָלד נאָך דריי יאָר מלחמה און נאָך אַ יאָר געטאָ איז נישט צו פאַרשטיין. דאָס זיינען געווען יאָרן פון גרויזאַמקייטן און שרעק. דער פחד האָט ממש אַריינגעדרונגען אין די לעצטע באַהעלטענישן, כדי פון דאָרט אַרויסצושאַרן דאָס ביסל אָרעמקייט און אַוועקגעבן עס כדי צו ראַטעווען זיך פאַר נאָך אַ ווײַלע. צו די 3 און 1/2 קילאָ גאָלד, געדענק איך, האָט מיין

טאַטע אַוועקגעגעבן דער מאַמעס גאָלדענע האַלדז־קייט מיט אַ זייגערל, וואָס זי האָט באַקומען פון אים ווי אַ כלה־מתנה; כדי צו אויספילן די 1 און 1/2 קילאָ וואָס האָבן געפעלט, האָט דער טאַטע בייגעטראָגן דאָס גאָלדענע טאַבאַק־פושקעלע וואָס ער האָט באַקומען ווי אַ חתן פון זיין באַשערטער...

## קאַפּיטל זיבעצן

## דער מאַסן־מאָרד

אויסער דער אַלגעמיינער אויסזידלונג קיין בעלזשעץ איז דער טאָג פון 28סטן אַפּריל 1942, 11 טעג אין אייר, געווען דער ערגסטער אין דער געשיכטע פון אונדזער קהילה. יענעם טאָג האָט קאַלבושאָוו אָפּגעגעבן דעם איין־פּראָצענטיקן מענטשן־קאָנטיגענט צו די דייטשן. די דייטשן האָבן דערשאָסן 22 יידן. לכתחילה האָט די ליסטע פון קרבנות וואָס די דייטשן האָבן געהאַט, אַנגערופן די נעמען פון 18 יידן, וואָס האָט געמיינט איין פּראָצענט פון דער יידישער באַפעלקערונג; די אַנדערע פיר יידן האָבן די דייטשן דערשאָסן גלאַט אַזוי — ווי אַ צוגאָב...

דעם 28סטן אַפּריל אינדערפרי, האָט טוואַרדאָן גערופן פאַשעקן צו זיך און האָט זיך אויסגעפרעגט אויף די שענסטע און רייכסטע בעל־הבתים פון שטעטל. ווען פאַשעק איז צוריקגעקומען אין געטאָ אַריין און דערציילט וועגן זיין שמועס, האָט מען נישט געוואוסט פון קיין פותר און פון קיין חלום; קיינער האָט נישט געקאָנט פאַראויסזען עפּעס אומגעווירינלעכס. עטלעכע טעג שפּעטער האָט מען זיך יאָ דערוואוסט, אַז די ליסטע איז געמאַכט געוואָרן פון האַליצקי׳ן, וואָס איז געווען אַן אוקראַאינער; פאַר דער מלחמה איז ער געווען אַ דעטעקטיוו אין דער קאַלבושאָווער פּאָליציי און ווען די דייטשן זיינען אַריינגעקומען האָט ער אַוואַנסירט און באַשטימט געוואָרן ווי דער קאָמענדאַנט פון דער א״ג „קריפּאָ״ (קרימינאַל פּאָליציי).

אַרום 2 נאָכמיטאָג זיינען צו דעם יודנראַט אַריין 6 געסטאַפּאָ־לייט פון רײַשע מיט אַ ליסטע פון 18 יידן. זיי האָבן באַלד זיך צעטיילט אין 3 גרופּן און יעדע גרופּע פון צווי געסטאַפּאָניקעס האָבן זיך אויסגעקליבן זעקס נעמען. זיי האָבן זיך געפרעגט אין יודנראַט וואו די מענטשן וואוינען און האָבן זיך אויסגעקליבן אַזוי, אַז אַלע 6 יידן זאָלן וואוינען אויף דער זעלבער גאַס.

אין געטאָ האָבן מיר געהאַט אַ צימער ביי מיין ברודער לייביש, וואָס האָט געוואוינט אין מאַטעס האָפּערט׳ס הויז. מיר זיינען גראָד געזעסן אַרום דעם טיש און געגעסן מיטאָג. פּלוצים האָט זיך דערהערט אַ שטאַרק קלאַפּן

אין דער פּראָנט־טיר. אַלע אַרומיקע האָבן תיכף פאַרשטאַנען, אַז דאָס זיינען דייטשן. ווי תמיד אין אַזעלכע פאַלן, האָבן זיך די מענער געזוכט צו פאַרשטעקן. דער טאַטע איז אַריין אין בית־הכנסת, וואָס איז געווען אין גאָרטן. פון דרויסן האָט מיין שוועסטער אויפגעהאָנגען אַ שלאָס, כדי צו שאַפן דעם איינדרוק אַז קיינער באַנוצט עס נישט. מיין ברודער לייבוש און איך זיינען אויך אַרויסגעלאָפן דורך דער הינטערשטער טיר באַהאַלטן זיך אויפן בוידעם פון שלום ברויט. דורכן פענצטער האָבן מיר געקאָנט אָבסערווירן וואָס עס געשעט.

די געסטאַפּאָניקעס האָבן נישט געקענט עפענען די פּראָנט־טיר. איינער פון די צוויי איז געגאַנגען אַרום עטלעכע הייזער, כדי צו עפענען דאָס הינטערשטע טויער פון גאָרטן.

דערווייל האָט מען שוין געהערט געדיכטע שיסערייען אין געטאָ; מיין שוועסטער מאַטעל האָט דערפילט די ערנסטקייט פון דער לאַגע און האָט זיך געלאָזט צום טאַטן, כדי אים אין אַ בעסער־געשיצטן פּלאַץ אויסצובאַהאַלטן. דער דייטש האָט דעם טאַטן באַמערקט און אים פאַרהאַלטן. דער צווייטער געסטאַפּאָניק האָט אויפגעבראָכן די פּראָנט טיר און אַריינקומענדיק אין הויז האָט ער געטראָפן אויף די שטיגן ישראל'טשע האָפערט, וואָס האָט דאָרט געוואוינט. נאָך דעם ווי דער דייטש האָט אים אויסלעגיטימירט, האָט ער אים אָפּגעלאָזט און באַפוילן צוריקגיין אין שטוב. מיין פאָטער האָט ווידער געוואָלט אָפּנאַרן דעם דייטש און אויף זיין פראַגע אים דערקלערט אַז זיין נאָמען איז זאַליך. ווען אָבער ער האָט געוואָלט מאַכן זיכער וועגן מיין טאַטנס אידענ־טישקייט, האָט ער געפרעגט ישראל'טשען צי מיין טאַטע איז זאַלעשיץ און ישראל'טשע האָט עס באַשטעטיקט.

דאַן האָבן די געסטאַפּאָ־לייט מיט רעוואָלווערן געשטופּט דעם טאַטן אין קאַמער, וואו מיר פלעגן האַלטן האָלץ. מיינע שוועסטער, מאַטעל און רעכעל, האָבן אָנגעהויבן זיי בעטן אָפּצולאָזן דעם טאַטן. זיי האָבן פּרובירט אַרויסרייסן די רעוואָלווערן פון די רוצחים'ס הענט. די דייטשן האָבן, אָבער, די פרויען געקאָפּעט מיט די שטיוול און געשלאָגן איבער די קעפּ מיט די רעוואָלווערן, צעבלוטיקט זיי, ביז זיי זיינען אַנידערגעפאַלן. איינער פון זיי האָט זיך געשטעלט פאַרן קאַמער כדי צו היטן די שוועסטער און דער צווייטער האָט אַריינגעשטופּט דעם טאַטן אין קאַמער אַריין. דאַן האָבן מיר אויפן בוידעם דערהערט צוויי שאָסן. באַלד האָבן מיר דערהערט אַ געפערלעך געשריי, אַזוי ווי ס'וואָלט געקומען פון אַן אַנדער וועלט, ווי פון אַ פאַרוואונדעטער חיה; די שאָסן און דאָס געשריי האָבן זיך צונויפגעמישט אין גרויזאַמע שוידער־קלאַנגען, וואָס האָבן עד־היום ניט אויפגעהערט צו קלינגען אין מיינע אויערן.

ס׳זיינען דערגאַנגען צו אונדזער בוידעם אָפּגעהאַקטע אויסגעשרייען פון שמע ישראל! מיר האָבן געהערט ווי דער טאַטע, אַ פאַרוואונדעטער, האָט געשליי־דערט די מערדער אין פּנים אַריין: „שווינע״, „מערדערס״, גערופן די הימלען: „נקמה, נקמה!״ דאָס אַלץ האָט געדויערט עטלעכע געציילטע מינוט. און ווידער האָבן זיך דערהערט צוויי הויכע שאָסן און אַלץ אַרום איז שטיל געוואָרן.

איך בין אַראָפּ פון מיין באַהאַלטעניש און געלאָזט זיך גיין אין קאַמער. אין אַ טייך פון בלוט האָב איך דערזען מיין טאַטן ליגן אַ טויטן. די רעכטע האַנט האָט געהאָנגען אויף דעם עלבויגן ביי דער הויט. אַלע בני־בית זיינען געלעגן נעבן טאַטן און געקוקט זיין אויסגעמאַטערט פּנים און געוויינט, געקלאָגט אויפן אומגליק.

איך האָב זיך געשעמט, וואָס זעענדיק פון אַ באַהעלטעניש וואָס עס געשעט צו מיין פאָטער, בין איך געווען אומפּעאיק מיט עפּעס־וואָס צו העלפן: אַרויסרייסן דעם טאַטן פון די נעגל פון טויט. ס׳איז אָבער נישט געווען קיין צייט פאַר סענטימענטן אָדער אומזיסטע טראַכטענישן.

עטלעכע מינוט שפּעטער איז אַריין אין גאָרטן אַ געסטאַפּאָ־מאַן, באַ־גלייט פון איטשעלע זילבער פון דער אָרדנונגס־דינסט; געהערט די געשרייען און געוויינען פון מיינע שוועסטער, האָבן זיי געוואָלט זען וואָס עס טוט זיך. ווען דער דייטש האָט מיך דערזען מיט מיין פאַרבאַנדאַזשירטן קאָפּ, האָט ער אויסגעשטעלט דעם רעוואָלווער אין מיין ריכטונג. בלויז נאָך דעם ווי ער האָט זיך פאַרזיכערט, אַז מיין קאָפּ איז פאַרבאַנדאַזשירט נאָך דער אָפּעראַציע וואָס כ׳בין דורכגעגאַנגען, האָט ער דעם רעוואָלווער צוריקגעצויגן פון דער ריכטונג צו מיר און באַפוילן איטשעלען, אַז ער זאָל מיך נעמען צו דער אַרבעט. ער האָט אים געמאַכט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אַרויספירן אין פאַרלויף פון איין שעה אַלע געשאָסענע יידן צום בית־הקברות און דאָרט באַגראָבן די קרבנות אין איין גרוב.

מיר זיינען גלייך געלאָפן צו אברהם׳טשע פאַלימער; ער האָט געהאַט אַ וואָגן מיט אַ פּאָר פערד אין געטאָ. דורכגייענדיק די געסלעך און ליקלעך האָבן מיר געהערט פון די הייזער געשרייען און געוויינען; דאָס זיינען געווען די הייזער, וואו יידן זיינען ערשט דערשאָסן געוואָרן פון די רוצחים.

אברהם׳טשע פאַלימער האָבן מיר אין הויז ניט געטראָפן. זיין ווייב האָט אונדז אינפאָרמירט, אַז איר מאַן איז אַוועק צו מעכל פיינגאָלד, וואוהין ער האָט אַוועקגעפירט אַ וואָגן האָלץ. באַלד האָבן מיר זיך געלאָזט שנעל גיין צו מעכלען (געוואוינט האָט ער אין הויז נאָך וואָלף גלאַנץ). דאָרט האָבן מיר

דערזעען אַן אָנגעלאָדענעם וואָגן מיט האָלץ. ווען מיר זיינען אַריין אין שטוב אַריין, האָב איך דערזען ווי מעכל פיינגאָלד ליגט אויף דעם בעט טויט און ביי דער טיר איז געלעגן דערשאָסן נפתלי נעסעל אין אַ טייך פון בלוט. אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז די געסטאַפּאָניקעס זיינען געקומען צו מעכל פיינגאָלד, וואָס זיין נאָמען איז געווען אויף דער טרויעריקער ליסטע. דערווייל איז פּאַלמער אָנגעקומען מיטן האָלץ, און נאָך אים איז געלאָפן נפתלי נעסל צו קאָנען מאַכן אַביסל פּרנסה און צעהאַקן דאָס האָלץ. נפתלי נעסל מיט זיינע פיר זין, וואָס זיינען געווען די גרעסטע תלמידי־חכמים־לומדים אין שטעטל, האָט זיך בעת דער מלחמה אויפגעהאַלטן פון צעהאַקן האָלץ. די דייטשן האָבן דערהרגעט פיינגאָלדן און אין איין וועג אַוועקגעלייגט טויט נפתלי נעסל אויך.

איטשעלע זילבער איז אַוועק, כדי צו ברענגען נאָך עטלעכע מענטשן אָפּצולאָדן דאָס האָלץ פון וואָגן און מקבר זיין די הרוגים. אין דער זעלבער צייט בין איך צוגעלאָפן צום הויז וואו עקיבא שמידט מיט זילאַ ווייסלבוים האָבן געוואוינט, זען צי ס׳איז דאָרט נישט עפּעס געשען. אויפן וועג האָב איך דערקענט נאָך אַ דערשאָסענעם, וואָס איז געלעגן אויפן וועג — מרדכי פרייפעלד. ער איז געלעגן אין אַ קאַלוזשע בלוט, האָט נאָך געלעבט און געבעטן מיך, איך זאָל אים ראַטעווען. פונדערווייטנס, פון די פעלדער ביים טייך האָב איך באַמערקט ווי צוויי געסטאַפּאָ קומען אָן. האָב איך איינגערוימט מרדכי פרייפעלד, אַז ער זאָל זיך מאַכן ווי טויט, און די געסטאַפּאָניקעס וואָס זיינען אין צווישן אָנגעקומען, האָב איך דערקלערט, אַז איך וואַרט דאָ אויף אַ וואָגן, כדי צוצונעמען דעם טויטן וואָס ליגט דאָ, צוזאַמען מיט אַנדערע דערשאָסענע. נעבן וואָגן האָב איך געזען צוויי מענער אַראָפּוואַרפן דאָס האָלץ. האָבן מיר באַלד אַרויפגעלייגט די קערפּערס פון מעכל פיינגאָלד און נפתלי נעסל און דאַן צוגעפאָרן צו מרדכי פרייפעלד און אים אַרויפגעלייגט אויף דעם וואָגן. כדי צו מאַכן זיכער, האָב איך אויף פרייפעלדן אַרויפגעלייגט די הרוגים. פּאַלמער האָט געפירט דעם וואָגן צום בית־עלמין.

איך האָב זיך אַוועקגעלאָזט צו פרייפעלדן אין שטוב, וואָרום אויך דאָרט איז געווען אַ וואָגן מיט אַ פּאָר פערד. פרייפעלדס זון האָט איינגעשפּאַנט פערד און וואָגן און ביידע האָבן מיר זיך גענומען פאָרן איבער די גאַסן און צוזאַמענגענומען די טויטע. אַזוי אַרום האָב איך זיך דערוואוסט ווער אַלץ איז געפאַלן אַ קרבן פון דער דייטשער רשעות יענעם טראַגישן טאָג.

אַחוץ מיין טאַטן, יצחק זאַלעשיץ הי״ד, האָבן די דייטשן דערמאָרדעט לייבטשע בעק (אים האָבן די דייטשן געהייסן אַרויפגיין אויפן בוידעם און דאָרט אים דערשאָסן); משה׳ל נוסבוים און יעקב קירשענבוים (ביידע דער־

שאָסן ביי זיך אין שטוב); יוחנן ניימאַן (די דייטשן האָבן אים געזאָגט, אַז זיי אַרעסטירן אים און אַזוי ווי ער איז אַרויס פון שטוב, האָבן זיי אים פון הינטן דערשאָסן); קלמן בירנבוים; הערש יעקב זילבער (אַ דערשאָסענעם האָבן די רוצחים זיין קערפּער אַריינגעוואָרפן אין מיסט־קאַסטן פון די אָפּ־טריטן); יוסף געלדציילער; יוסף שניידער; בעריש טיפענברום און יהושע ווייסמאַן (ביידע פנחס רייכ׳ס אײדעמס האָבן די רוצחים דערשאָסן אין די בית־הכסא׳ס, וואו זיי האָבן זיך אויסבאַהאַלטן); משה פעניכעל; הערש שטיג־ליץ (יאָסל ראָזענפעלדס איידעם); מאָטע גלאַנץ — פון דזיגלעוויץ; ישראל גערשטעטן — פון פשילענק; נאָטע בילפעלד (דערשאָסן אויפן בוידעם); מענדל גאָלדבערג (דער מאָדערנער מלמד); לייב צוקערבראָדט (זילאַ ווייכסעלבוימס שווער); משה טענצער (הערש חיים׳ס זון); משה לאַנדוי (אברהמ׳לע לאַנ־דויס זון) און מרדכי פרייפעלד.

ווי טרויעריק און טראַגיש דאָס אַלץ האָט געווירקט אויף די לעבן־געבליבענע, האָבן מיר פונדעסטוועגן געטראַכט פון כיבוד־אב. מיין טאַטן האָב איך אַרויפגעלייגט אויף דעם לעצטן וואָגן. עס איז שוין געווען כמעט טונקל און דעריבער האָב איך געהאָפט, אַז ס׳וועט נישט זיין צו שווער אומבאַמערק־טערהייט אים אַראָפּצונעמען. מיין טאַטע האָט געהאַט רעזערווירט פאַר זיך קרקע נעבן זיין פאָטערס, מיין זיידע נפתלי׳ס, קבר. ווען דער וואָגן איז פאַרבייגעפאָרן דעם קבר פון זיידן נפתלי, האָט שוין דאָרט מיין ברודער לייביש מיט מיין שוואָגער משה געוואַרט און מיר האָבן דעם טאַטן אַרויס־געשלעפּט פון צווישן די מתים און אים פאַרדעקט אונטער דעם זיידן נפתלי׳ס מצבה.

מיר האָבן אויסגעגראָבן אַ מאַסן־קבר פאַר אַלע הרוגים; דערווייל האָט מען נאָר געמאַכט אַ פלאַכן גרוב און באַשלאָסן האָבן מיר צוריקצוקומען צו־מאָרגן־אינדערפרי, כדי צו מאַכן אַ טיפערן גרוב. ווען מיר זיינען פערטיק געוואָרן מיטן מאַסן־קבר, האָבן מיר דאָס זעלבע געטאָן מיט מיין טאַטנס קבר. מיר זיינען אַהיימגעקומען שפּעט ביינאַכט. אין דעם געטאָ איז קיינער נישט געשלאָפן. נישט געווען כמעט קיין הויז, וואו ס׳האָט נישט געטראָפן אַן אומגליק.

אין ריישע האָט מען דעם זעלבן טאָג דערשאָסן 38 יידן.

צומאָרגנס אינדערפרי זיינען מיר אַרויס אויפן בית־עלמין; מיר האָבן צוריק געעפנט דעם גרוב און נאָך דעם ווי מען האָט אים געגראָבן טיפער, האָבן מיר געזען צו טאָן ס׳רעכט מיט קיטלען און טליתים, וואָס די משפחות האָבן באַזאָרגט און געבראַכט אַלע צו קבר ישראל.

אַזוי האָבן מיר אויך געטאָן מיט מיין טאַטן. איינגעהילט אין קיטל און טלית, האָבן מיר פאַרשאָטן דעם קבר. מיר האָבן אויך מיטגעברענגט די פאַרבלוטיקטע שטיקער האָלץ פון קאַמער און דאָס אויך אַריינגעלייגט אין קבר. יעדן הרוג האָט מען געגעבן אַ מעסער אין האַנט. די קינדער פון נפתלי נעסל האָבן זייער פאָטער אויך קובר געווען אין אַ קבר נעבן זייער זיידן.

מרדכי פרייפעלד איז געלעגן אין דעם הייזל, וואו דער אויפזעער אויפן בית־עולם האָט געוואוינט. נאָך ביינאַכט איז געקומען דער דאָקטאָר צו אים. (מיר האָבן געהאַט אַ יידישן דאָקטאָר אין געטאָ, דוד גערסטעלס אַ שוועסטערן־זון פון דייטשלאַנד. ער איז אַהערגעקומען פון זבאָנשינער פליטים־לאַגער אין 1939). דער דאָקטאָר האָט פעסטגעשטעלט, אַז ער האָט זיבן וואונדן. די דייטשן האָבן אַריינגעשאָסן אין אים זיבן קוילן. דער דאָקטאָר האָט געגעבן האָפנונגען, אַז ער וועט איבערהאַלטן און לעבן. דער שווער־קראַנקער איז מיר געווען זייער דאַנקבאַר, וואָס כ׳האָב אים ווי אַ בר־מינן אַרויסגעפירט פון דעם שטח פון געטאָ. געזעסן זיינען נעבן אים זיין ווייב און זון.

איין טאָג שפעטער נאָך דער שיסעריי האָט שוין טוואַרדאָן געשיקט נאָך פאַשעקן און געהייסן זיך געבן די ליסטע פון די הרוגים און אַ ליסטע פון די פאַרוואונדעטע. עס זיינען געווען דריי פאַרוואונדעטע, וואָס די דייטשן האָבן באַטראַכט ווי הרוגים: משה לאַנדוי, ר׳ לייבעלע צוקערבראַדט און מרדכי פרייפעלד.

פאַשעק האָט די נעמען געגעבן טוואַרדאָנען און טוואַרדאָן האָט געשיקט דעם אָפיציעלן דאָקטאָר ניצקאָווסקי צו די אַלע פאַרוואונדעטע. דער דאָקטע־רישער אכזר האָט אונטערזוכט משה לאַנדוין און פעסטגעשטעלט אַ קויל אין קאָפּ. דאָס זעלבע האָט ער קאָנסטאַטירט ביי ר׳ לייבעלען, וואָס איז געווען שטערבלעך פאַרוואונדעט אין קאָפּ און אין בויך. ניצקאָווסקי האָט אויפגע־בונדן די באַנדאַזשן און נישט געפונען פאַר נויטיק צוריק צו פאַרבינדן די אומגליקלעכע. ביידע זיינען דעם זעלבן טאָג געשטאָרבן.

ער איז אויך געקומען אונטערזוכן מרדכי פרייפעלד, וואָס האָט זיך געפונען, ווי געזאָגט, נעבן בית־עולם. איך האָב זיך גראָד געפונען אין דעם שטיבל, ווען ניצקאָווסקי איז אַריינגעקומען. ער האָט גאָרנישט געזאָגט, צוגע־גאַנגען צו מרדכי׳ן, אַראָפּגעריסן די באַנדאַזשן, נישט רעכענענדיק זיך מיט די ליידן און ווייטיק פון געליטענעם. ער האָט אַלע זיבן וואונדן איבערגע־קוקט, קיין וואָרט נישט אַרויסגערעדט און האָט פאַרלאָזט דאָס הויז, לאָזנדיק די וואונדן אָפן. איידער מען האָט באַוויזן צו דערטראַכטן זיך וואָס דאָ קומט פאָר, איז ווידעראַמאָל געקומען דער זעלבער אויטאָ מיט וועלכן ניצקאָווסקי

איז אַוועקגעפאָרן, און דאָסמאָל איז אין שטוב אַריינגעקומען דער דייטשער פּאָליציי־מייסטער. אַ שוידער איז אַדורכגעלאָפן איבער אונדז אַלעמען, ווייל מיר האָבן געוואוסט וואָס דאָ גייט באַלד געשען. מרדכי אַליין, אַ 70־יעריקער ייד, האָט אַליין פאַרשטאַנען אַז זיינע מינוטן זיינען געציילטע...

דער דייטש האָט אַרויסגעשלעפּט דעם רעוואָלווער פון טאַש און דער־קלערט, אַז טוואַרדאָן האָט פאַראָרדנט צו דערשיסן דעם פאַרוואונדעטן ייד... ער האָט צוגעזאָגט אַז ער וועט עס מאַכן קורץ און שאַרף — און אַזוי רעדנדיק אויסגעשאָסן און אַ סוף געמאַכט צו נאָך אַ יידיש לעבן...

מיר האָבן אַרויסגעטראָגן דעם מת און אַוועקגעלייגט אים אויף דער ערד נעבן אַלטן רב׳ס אוהל. דער מאַסן־קבר איז אייגנטלעך נאָך נישט געווען פאַרשאָטן, האָבן מיר געמאַכט דעם קבר לענגער, כדי צו מאַכן פּלאַץ פאַר דעם נייעם בר־מינן.

געוואַרט האָבן מיר אויף חיימ׳ן, מרדכי׳ס זון, וואָס איז דערווייל אַוועק אין געטאָ נאָך ניצקאָווסקיס באַזוך, כדי דעם טאַטן ערגעץ־וואו אַוועקצופירן און אויסבאַהאַלטן פון טוואַרדאָנס אויגן. ווען ער איז אָנגעקומען מיט פערד און וואָגן האָט ער זיך ביטער צעוויינט און געזאָגט קדיש...

מיטאָגצייט זיינען מיר אַלע צוריקגעגאַנגען אין דעם געטאָ אין דער באַגלייטונג פון יאָסל ראַפּאָפּאָרט און לעאָן גערסטעל, ווייל גיין אויסער דער געטאָ אָן אַן אָרדנונגס־דינסט, האָט מען נישט געטאָרט.

אין געטאָ איז מען געווען איבערצייגט, אַז מיר אַלע (אַרום 20 מענער), זיינען אויסגעשאָסן געוואָרן אויפן גוטן אָרט, נאָך דעם ווי מיר זיינען פאַרטיק געוואָרן מיט די קברים.

דאָס אומגליק אין געטאָ איז געווען אַזוי גרויס, אָבער יידישער לעבנס־שטייגער האָט זיך נישט געביטן. אַ יאָרצייט־ליכט, וואָס מיין טאַטע האָט צוגעגרייט אין פאַרלויף פון גאַנצן יאָר, אָנצוצינדן ווען עס וועט אים אויס־קומען דער יאָרצייט פון זיין פאָטער (י״ג אייר), האָבן מיר גענוצט בשעת די שבעה, ווען מיר זיינען געזעסן אין אבלות נאָכן טאַטנס אומקום. קיין מנינים האָט מען אָבער נישט געקאָנט צונויפנעמען, ווייל די דייטשן האָבן נישט אויפגעהערט צו פאָדערן די קאָנטיגענטן אַרבעטער יעדן טאָג. 22 משפחות האָבן געזוכט מנינים צוויי מאָל אַ טאָג...

פון יענעם טראַגישן טאָג האָט אין געטאָ געהערשט אַ שטימונג ווי אויף אַ בית־עולם; מען האָט פאַרלוירן דעם מוט פאַרן וויטערדיקן טאָג־טעגלעכן קאַמף. יעדער האָט געפרעגט דעם צווייטן: „וואָס טוט מען ווייטער?״ פרייטיק דעם 31סטן אַפּריל זיינען די זעלבע 6 געסטאַפּאָניקעס געקומען

אין געטאָ צום יודנראַט. געמיינט האָט מען, אַז זיי פּלאַנירן אַן ענלעך שטיקל אַרבעט ווי פריער. זיי האָבן אָבער נאָר געבּרענגט אַ חשבון פאַר די קוילן וואָס זיי האָבן אויסגענוצט ביים שיסן די 22 יידן און אויך פאַר דער בענזין וואָס זיי האָבן געניצט צו קומען פון ריישע. חוץ דעם האָט יעדער באַזונדער געגעבן אַ ליסטע, לויט וועלכער זיי האָבן באַשטעלט וואָס זיי ווילן פאַר זיך — זיי האָבן פאַרלאַנגט אַזעלכע זאַכן, וואָס אין געטאָ האָט מען עס נישט געקענט געפינען, ווי: לעדערנע דאַמען־הענטשקעס, וואָלענע קופאַנען פאַר מענער־מלבושים, שטייגלעך מיט קאַנאַריקעס, גאַזעווע דאַמען־זאָקן, פּערסיאַנער טעפּיכער. זיי האָבן דערקלערט, אַז פאַרנאַכט וועלן זיי צוריקקומען נאָך די אַלע זאַכן און אויב זיי וועלן נישט באַקומען וואָס זיי פאַרלאַנגען, וועלן זיי איבערחזרן דעם זעלבן ספּעקטאַקל. צו דער מינוט זיינען זיי געקומען — מען האָט זיי באַצאָלט פאַר די קוילן און פאַרן בענזין, וואָס זיי האָבן אויסגענוצט מיט דריי טעג פריער, און יעדער פון זיי האָט אַחוץ דעם באַקומען אַלץ וואָס ער האָט געהאַט פאַרלאַנגט. מען האָט געהאַט מאָביליזירט די מענטשן אין געטאָ און יעדער איז געגאַנגען צו באַקאַנטע פּריצים, וואָס האָבן די פאַרלאַנגטע זאַכן געהאַט; מען האָט זיי דערפאַר גוט באַצאָלט און די סחורות גרייט געמאַכט פאַר דער גרופּע פון געסטאַפּאָ־לייט, כדי אויסצומיידן נייע קרבנות.

פון קאַלבושאָוו זיינען די געסטאַפּאָ־מערדער געפאָרן קיין גלאָגעוו און דאָרט דערשאָסן 20 יידן, צווישן וועלכע עס איז אויך געווען דער קאַלבושאָווער דיין ר׳ מענדעלע רובין, ר׳ אשר׳לס איידעם. אַ פּאָר טעג שפּעטער האָבן זיי דאָס זעלבע געטאָן אין סאָקאָלאָוו.

## קאַפּיטל אַכצן

## די לעצטע קאָנטריבוציעס

בעתן זיצן שבעה נאָך דעם טאַטן, איז צו אונדז אַריינגעקומען דאַוועגען הערש געווירץ און יחזקאל גאָלדקלאַנג. נאָכן דאַוועגען האָבן זיי מיר געזאָגט, אַז טוואַרדאָן האָט געפאָדערט פון פאַשעקן צוצושטעלן נאָך צוויי מענער צו דעם אָרדנונגס־דינסט. הערש געווירץ האָט צוגעגעבן, אַז ער האָט פאָרגעשלאָגן פאַשעקן צוצונעמען זיין אייגענעם זון זרובבל און מיך. אין אָנהויב האָט פאַשעק נישט געוואָלט איינשטימען, דערקלערנדיק זיינע ספקות צי מיר וועלן זיך אויסטויגן; די צוויי יונגעלייט זיינען צו פיין פאַר אַזאַ מלאכה — האָט ער אָפּגעוואָרפן לכתחילה דעם פאָרשלאַג — און ער קען

נישט דערוואַרטן קיין גרויסע נוצן פון אונדז. די מערהייט אָבער פון דעם יודנראַט איז געווען ווייליק אָנצונעמען די קאַנדידאַטן, און נאָך צוויי טעג פון וואַקלענישן האָט אויך פּאַשעק איינגעשטימט.

די גאַנצע דערציילונג איז געווען ווי אַ הקדמה צו דעם אייגנטלעכן פאָר־שלאַג וואָס איז געגאַנגען צוזאַמען מיט אַ דירעקטער פראַגע צו מיר: צי וועל איך אַזאַ אַמט אָננעמען. די דעלעגאַציע האָט מיר אויך געזאָגט, אַז עס וועט מיר צוריקגעגעבן ווערן מיין אַלטע אַרבעט צו פאָרן קיין ריישע, כדי צו קריגן אַלע עסנוואַרג־אַרטיקלען פאַר דעם געטאָ און דערליידיקן אַנדערע לויפנדיקע ענינים אין ריישע, וואָס וועלן אַרויפקומען אויפן סדר־היום. איך האָב מסכים געווען.

אויף צומאָרגנס נאָך דער שבעה האָב איך שוין געהאַט צוגעגרייט מיין פּאַסיר־שיין צו קענען פאָרן קיין ריישע, ווי אויך אין גאַנצן ריישער קרייז.

נאָך יענעם טראַגישן טאָג, ווען די דייטשן האָבן דערמאָרדעט די 22 יידן, האָט זיך דאָס לעבן אין געטאָ אינגאַנצן געענדערט: מען האָט זיך ווייניקער געוויזן אויף די גאַסן; דער הונגער איז געוואָרן נאָך גרעסער; די דייטשן האָבן נישט דורכגעלאָזט קיין איין טאָג ניט צו פאַרלאַנגען כל־ערליי זאַכן, וואָס ס׳איז געווען אונטער די אומשטענדן אוממעגלעך צו באַזאָרגן, אָדער אַרויסגעגעבן נייע געזעצן וואָס האָבן נאָך מער פאַרביטערט דאָס לעבן. אויך האָבן זיי אָנגעהויבן שיסן אין מענטשן פאַר די מינדסטע סיבות. אַט איז גאָלדע גראָס (דאָס ווייב פון שמואל לייב מייערס פון דול) — פאַר כאַפּן זי מיט אַ פלעשל מילך, וואָס זי האָט אַריינגעבראַכט אין געטאָ פאַר איר קראַנקער טאָכטער, איז זי דערשאָסן געוואָרן. יאָסל בליצער פון ליפּניצע, מתתיהו נאָוואָ־וויעשערס אידעם, וואָס איז דורך זיי געכאַפּט געוואָרן אויסער דעם געטאָ, איז דערשאָסן געוואָרן.

איך בין געשיקט געוואָרן 3־4 מאָל אַ וואָך קיין ריישע, מעליץ אָדער אין די אַרומיקע דערפער איינקויפן פּראָוויאַנט פאַר דער פאָלקס־קיך. די טעג, וואָס כ׳בין געווען אין געטאָ, בין איך געשטאַנען ביי דעם ליקל ביים בית־המדרש, וואו ס׳איז געווען דער אַריינגאַנג אין געטאָ, אָדער כ׳בין צוגע־טיילט געוואָרן צו האַלטן אָרדנונג ביים צעטיילן דאָס עסן אין דער פאָלקס־קיך. אין איין וועג, ווייל כ׳האָב זיך געקאָנט פריי באַוועגן, פלעגן מיך איינצלנע מענטשן בעטן פאַר זיי צו דערליידיקן שליחותן ביי פאַרשיידענע פּאָליאַקן, וואָס האָבן געוואוינט אויסערן געטאָ. פאַרשטענדלעך, אַז איך האָב אין די גרענעצן פון מיינע מעגלעכקייטן זיך באַמיט אַלע די טובות צו טאָן און, נאַטירלעך, האָב איך עס געטאָן אָן באַלוינונג (הגם ביז איך האָב געקראָגן

די אָפיציעלע דערלויבעניש פון פרייער באַוועגונג, האָט מען פאַר אַזעלכע זאַכן געדאַרפט באַצאָלן).

אָט איז געווען אַ פאַל, למשל, ווען מענדעלע קורץ, אלימלך׳ס זון, איז קראַנק געוואָרן אויף טובערקולאָז. מענדל איז בסך־הכל געווען מיט איין יאָר יינגער פון מיר. עטלעכע פון דער פאַמיליע, ווי משה קורץ און זיין פרוי, זיינען ממש אויסגעגאַנגען פון הונגער און די רעשט האָט זיך אין געטאָ זייער שטאַרק געמאַטערט. מענדל האָט געדאַרפט האָבן יעדן טאָג כאָטש איין גלאָז מילך. אָבער אין געטאָ האָט מען עס נישט געקענט באַקומען. האָט מיך אלימלך געבעטן, בעת כ׳בין אַמאָל געקומען מבקר־חולה זיין מענדלען, אַז כ׳זאָל גיין צו ראָגאלן אין וויערזשיניעץ, זייערער אַ באַקאַנטער פון פאַר דער מלחמה, און בעטן אים ער זאָל זיי העלפן מיט מילך. אַוודאי בין איך געגאַנגען צו ראָגאלן און ער האָט מיר צוגעזאָגט יעדן טאָג צו געבן פאַר דעם קראַנקן מילך. יעדן טאָג בין איך טאַקע געגאַנגען און ער האָט באַזאָרגט אַ פלעשל מילך פאַר מענדלען.

ווי אַ כהן האָב איך ביז מיין טאַטנס טראַגישן טויט קיינמאָל ניט געזען קיין בר־מינן. איצט איז מיר אויסגעקומען ניט נאָר זען, נאָר אויך זיך מתעסק זיין מיט טויטע. נישט נאָר אין קאָלבושאָוו אַליין, נאָר פון דער גאַנצער געגנט איז מיר אויסגעקומען צו האָבן צו טאָן מיט קובר זיין מתים. כמעט יעדן טאָג זיינען געפאַלן קרבנות פון דייטשער רציחה. די דייטשע פאָליציי פלעגט ברענגען זייערע יידישע קרבנות פון גלאָגעוו און סאָקאָ־לאָוו, און אַנדערע ערטער, קיין קאָלבושאָוו, און ביי דער קאָלעיאָווקע אָדער אין וועלדל הינטערן הויף, אויפן וועג קיין וורין, זיי דערמאָרדן. די פאָליציי פלעגט וועגן יעדן פאַל מעלדן דעם יודנראַט און דאַן בין איך דעלעגירט געוואָרן צום פלאַץ פון דער עקזעקוציע און צוזאַמען מיט מיר פלעגט מיטגיין אַ חברה־קדישא־מאַן מיט אַ וועגעלע כדי צו ברענגען די יידן צו קבר ישראל.

ס׳זיינען אויך פאָרגעקומען זייער אָפטע פאַלן ווען די דייטשן האָבן דערשאָסן יידן אין קאָלבושאָוו גופא. אָפט זיינען דאָס געווען פון צווישן די, וואָס זיינען אַנטלאָפן פון ביעשאָדקא און הוטא קאַמאָראָווסקאַ, וואו עס זיינען געווען צוואַנגס־אַרבעטס־לאַגערן פאַר יידן. די אַלע קרבנות פון היטלעריס־טישן טעראָר האָב איך געפירט אויף דעם קאָלבושאָווער בית־עולם.

עס זיינען אַרומגעגאַנגען קלאַנגען אין יענער צייט, אַז פון די אַלע אַרומיקע שטעטלעך וועלן די יידן ווערן פאַרשיקט, ווייל ווי די דייטשן האָבן עס פרובירט פאַרשטעלן מיט מענטשלעך־פאַרשטאַנענע אַרגומענטן, זיינען די יידן נישט פּראָדוקטיוו. די קלאַנגען האָבן אויך צוגעגעבן, אַז אויב אַ שטאָט

יידן וויל בלייבן אויפן אָרט, מוזן זיי באַווייזן די דייטשן, אַז זיי קענען פּראָדו־צירן פאַר די דייטשן. האָט מען דעריבער אויפגעשטעלט קאָאָפּעראַטיווע וואַר־שטאַטן אין אַלע שטעט און שטעטלעך. אַזעלכע וואַרשטאַטן זיינען אויך אַנט־שטאַנען אין קאָלבושאָוו.

אָט די וואַרשטאַטן האָט מען איינגעאָרדנט אין דער שול. עס איז געווען אַ קאָאָפּעראַטיוו פון אַלע פאַכן: אַ וואַרשטאַט פון שוסטער, שניידער, ספּעציעל פאַר נייען אויבערטיילן, איינבינדערס, בלעכער, פרויען־וועש נייטאָרינס אדג״ל. פון יעדן פאַך איז געווען אַן אָנפירער און דער דירעקטאָר פון דער גאַנצער קאָאָפּעראַטיוו איז געוואָרן יאַנטשע ראַפּאָפּאָרט, פּאַשעקס ברודער, וואָס איז אויך געווען וויצע־פּאָרזיצער פון יודנראַט. מען האָט אַלע ניי־מאַשינען פון דעם געטאָ אַריינגעבערענגט אין שול און ווער עס האָט נאָר געהאַט די מינדסטע אַנונג פון אַ פאַך האָט דאָרט געאַרבעט. עס האָט געהייסן, אַז די אַלע וואָס אַרבעטן אין אַ קאָאָפּעראַטיוו, וואָס איר גאַנצע פּראָדוקציע איז געגאַנגען אויסשליסלעך פאַר די דייטשן, וועלן קענען בלייבן מיט זייערע משפחות אין דעם געטאָ. מען האָט גענייט אַנצוגן, שטיוול, וועש פאַר די איינצלנע דייטשן — באַאַמטע אין שטעטל — און אויך פאַר דער פּאָליציי און מיליטער. פאַר די אַרבעט האָבן די דייטשן ניט געצאָלט.

עס איז געקומען אַ קאָמיסיע פון ריישער דייטשן הויפּט־קרייז־אַמט, וואָס האָט באַזוכט די שול און געזען אַלע וואַרשטאַטן. די דייטשן האָבן דער־קלערט, אַז אַלע אַרבעטער מיט זייערע משפחות וועלן קענען בלייבן אין קאָל־בושאָוו. זיי האָבן באַלד אַריינגעשיקט אַ דייטש פון ריישער אַרבעטס־אַמט און געעפנט אַזאַ אַמט אין קאָלבושאָוו. דער יודנראַט האָט אויסגעקליבן מיין שוועסטער רעכל פאַר דער סעקרעטאַרין פון דעם אָרטיקן אַרבעטס־אַמט, ווייל זי האָט גוט גערעדט און געשריבן דייטש. דער אַמט האָט זיך געפונען אין מאַגיסטראַט.

עס האָבן זיך אַלץ מער יידן געמאָלדן צו דער אַרבעט און אויך די ווייבערישע שול איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ האַלע מיט וואַרשטאַטן. דאָרט האָט מען אויסגעאַרבעט רוק־זעק און פאַסן פאַר דעם מיליטער. אין געטאָ איז געוואָרן נאָך ענגער, ווייל די משפחות וואָס האָבן געוואוינט אין דער מענער־שול און אין דער ווייבערישער שול, האָט מען אַריינגעשטופּט אין די שוין אָנגעפילטע דירות און שטיבלעך.

איין טאָג אין מאַי, האָט דער דירעקטאָר פון אַרבעטס־אַמט געשיקט מיין שוועסטער רעכל צום יודנראַט און אויפגעפּאָדערט, אַז אַלע מענער און פרויען פון 12 ביז 50 יאָר זאָלן זיך אויסשטעלן אין מיטן מאַרק צו אַ רעגיס־

טראַציע. קיינער האָט נישט געוואוסט צוליב וואָס קומט איצט פאַר אַ רעגיס־טראַציע. אַ שעה שפּעטער זיינען אַלע מענער און פרויען געווען אויסגע־שטעלט אין מיטן מאַרק און געוואַרט. דאַן איז אָנגעקומען דער דירעקטאָר פון אַרבעטס־אַמט און דערקלערט, אַז ער מוז אויסקלייבן 200 מענטשן צו שיקן אין צוואַנגס־אַרבעטס־לאַגער אין ביעשיאַדקע, אַ דאָרף 15 קילאָמעטער פון קאַלבושאָוו (אויפן וועג קיין מעליץ). אַלע האָבן זיך שטאַרק דערשראָקן און אָנגעהויבן זוכן וועגן ווי אַזוי זיך אויסצוקויפן פון דער גזירה. דעם זעלבן נאָכמיטאָג האָט ער אויסגעקליבן די 200 מענער און פרויען, און באַלד זיינען אָנגעקומען לאַסט־אויטאָס, כּדי די מענטשן אָוועקצופירן.

די שטימונג איז געווען זייער אַ געדריקטע. מענטשן זיינען רעזיגנירטע געווען גרייט פאַרן ערגסטן. פּלוצעם איז אָנגעקומען אַ ידיעה, אַז אַלע זיינען פריי. די לאַסט־אויטאָס האָבן איבערגעלאָזט אַלע יידן אין שטאָט. אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז דער „נס" איז געשען אַדאַנק דעם, וואָס מיין שוועסטער רעכל האָט עס אויסגעפּועלט ביי איר דייטשן בעל־הבית, וואָס איז, משמעות, געווען ניט פון די ערגסטע. שפּעטער זיינען אָנגעקומען ידיעות קיין קאַלבושאָוו, אַז די 200 יידן האָט מען מאָביליזירט אין ריישע און אין גלאָגאָוו און געשיקט דעם געפאָדערטן קאָנטינגענט אין דעם ביעשיאַדקער אַרבעטס־לאַגער. בלויז אַ נישטיקער פּראָצענט פון יענע יידן איז געבליבן לעבן.

דעם 11־טן יוני, 1942, איז פּלוצים געקומען אַן אויפטראַג פון ריישער דייטשן קרייז־הויפּטמאַן — ד"ר עהאַוס — אַז דער גאַנצער יודנראַט פון קאַל־בושאָוו זאָל קומען צו אים דעם 13־טן יוני. דעם זעלבן באַפעל האָט ער געגעבן צו אַלע יודנראַטן פון דעם גאַנצן ריישער קרייז, וואו עס האָבן עקזיסטירט אַכט געטאָס.

דעם 13־טן זיינען זיך אַלע צוזאַמענגעקומען אין דער געביידע פון דער קרייז־הויפּטמאַנשאַפט, נישט וויסנדיק וואָס פאַראַ גורל עס וואַרט אויף זיי. מען האָט די אַלע דעלעגאַטן פון די אַכט שטעטלעך אַריינגעפירט אין אַ גרויסן זאַל. עהאַוס איז אַריינגעקומען, אָנגעטאָן אין זיין געסטאַפּאָ־מונדיר און פאָרגעלייגט פאַר זיי:

אַזוי ווי די יידן זיינען שמוציק און פאַרלויזט און האָבן פאַראומרייניקט די קוואַרטאַלן וואו זיי וואוינען, און פון דאָרט פאַרשפּרייטן זיך די פאַרשידענע אָנשטעקנדיקע קראַנקייטן, דערפאַר ווערט אויף זיי אַרויפגעלייגט די פליכט צו באַצאָלן קאָנטריבוציעס. ער האָט באַלד אויפן אָרט באַשטימט די סומען מיט וועלכע יעדע יידישע געטאָ ווערט באַשטראָפט. ריישע האָט געדאַרפט צוטראָגן די סומע פון 1,000,000 זלאָטעס; סאָקאָלאָוו — אַ סומע פון 400,000 זלאָטעס;

בלוזשעוו — 260,000 זלאָטעס; גלאָגעוו — 260,000 זלאָטעס; סטריזשעוו — 360,000 זלאָטעס; טיטשין — 200,000 זלאָטעס; טשוטש — 200,000 זלאָטעס; קאָלבושאָוו האָט ער אויסגעמאָסטן אַ קאָנטריבוציע פון 360,000 זלאָטעס.

ווייטער האָט עהאַוס באַפוילן, אַז דאָס געלט מוז מען ברענגען דעם 18־טן יוני; דעם טאָג מוזן זיך ווידער אַלע יודנראַטלער פאַרזאַמלען אין ריישער קרייז־הויפּטמאַנשאַפט מיטן געלט. אויב די יודנראַטן וועלן נישט ברענגען די גאַנצע סומע, וועט ער פון יעדן יודנראַט אויסשיסן דעם זעלבן פּראָצענט פון זיינע מיטגלידער וויפל פּראָצענט עס וועט פעלן פון דער באַ־שטימטער סומע געלט. פאַר די קאָלבושאָווער יידן איז עס אויסגעקומען 200 זלאָטעס פער קאָפּ.

די נייעס וועגן דער קאָנטריבוציע האָט אינגאַנצן דערשלאָגן דאָס ביסל יידן, וואָס זיינען שוין געווען סיי־ווי האַלב־טויטע. מען האָט זיך נישט געקענט פאָרשטעלן ווי אַזוי קאָלבושאָוו, אַ געטאָ מיט אַזוי פיל הונגעריקע, אָרעמע, קראַנקע, אויסגעדאַרטע יידן, וועט קענען צוזאַמענשטעלן אַזאַ גרויסע סומע און דערצו אין אַזאַ קורצער צייט.

ווען פּאַשעק מיטן יודנראַט זיינען צוריקגעקומען פון ריישע, האָבן זיי זיך באַלד גענומען צו דער אַרבעט צוזאַמענצושטעלן די געפאָדערטע קאָנטרי־בוציע. דער יודנראַט האָט געמאַכט אַ ליסטע וויפל יעדער זאָל צוטראָגן. עס האָבן זיך אָנגעהויבן קריגערייען, מען האָט געשלעפּט מענטשן צום יודנראַט, דער יודנראַט איז געגאַנגען צו די מענטשן אין זייערע שטיבלעך; פּאַשעק האָט דורכויס געוואָלט צוזאַמענשטעלן די סומע, ווייסנדיק אַז עהאַוס וועט האַלטן וואָרט, און אין פאַל פון נישט קאָנען דערלאַנגען די פולע סומע, וועט ער אויסשיסן אַ פּראָצענט מענטשן פון יודנראַט.

די אַקציע צוזאַמענצושטעלן דאָס געלט איז געגאַנגען זייער שווער. בלויז איינצלנע משפחות האָבן אַריינגעטראָגן זייערע געלטער. זייער אַ סך האָבן געמוזט פאַרקויפן ממש די לעצטע בעבעכעס, כדי צו געבן זייער ביי־שטייער. דער יודנראַט איז געווען באַשעפטיקט טאָג און נאַכט. דעם 18־טן יוני אינדערפרי האָבן זיך אַלע מיטגלידער פון יודנראַט פאַרזאַמלט ביי די בתי־מדרשים, וואו עס האָט געוואַרט אויף זיי אַ וואָגן איינגעשפּאַנט צו אַ פּאָר פערד, כדי צו פאָרן קיין ריישע. פּאַשעק איז אַרויסגעקומען פון דעם ווייבערישן בית־המדרש און געזאָגט, אַז ער האָט צוזאַמענגעשטעלט די גאַנצע סומע — 360,000 זלאָטעס. מען האָט אַביסל לייכטער אָפּגעאָטעמט...

אין ריישע האָבן די יודנראַטלער זיך פאַרזאַמלט אין דער געביידע פון געסטאַפּאָ, יעדער „אָבמאַן" מיט זיין גרופּע און מיט אַ זאַק געלט. עהאַוס איז

ווידער אַריין אין דעם גרויסן זאַל מיט דער ליסטע און אָנגעהויבן אויסרופן נעמען פון די שטעטלעך. די ערשטע איז געווען ריישע. די ריישער יידן האָבן דעם מיליאָן זלאָטעס נישט געקאָנט צונויפקלייבן און עס האָט זיי געפעלט 25%. עהאַוס האָט דעמאָלט אויסגעקליבן אַ פערטל פון די יודנראַט־מיטגלי־דער פון ריישע און זיי געהייסן זיך אַוועקשטעלן אין אַ זייט. דאַן האָט ער אויסגערופן איין שטאָט נאָך דער אַנדערער. פון אַלע 8 שטעטלעך האָט נאָר קאָלבושאָוו געהאַט די פולע סומע געלט. פון אַלע אַנדערע שטעטלעך האָט ער געהייסן אַוועקשטעלן עטלעכע מענער אין דער זייט. די אַלע אַוועקגעשטעלטע יידן אין אַ זייט, זיינען געווען ווייס ווי טויטע, ווייל זיי האָבן געוואוסט וואָס עס דערוואַרט זיי. עטלעכע געסטאַפּאָ־לייט האָבן זיי אַרויסגעפירט אין דעם הויף פון דער געביידע און באַלד דאָרט אויפן אָרט דערשאָסן. די איבער־געבליבענע האָבן דאָס געזען דורך דעם פענצטער. וועגן דעם אַלעם בין איך געוואָר געוואָרן פון מיין ברודער לייביש, וואָס איז בשעת מעשה געווען דאָרט אין ריישע ווי אַ מיטגליד פון קאָלבושאָווער יודנראַט, אין יענעם מאָמענט — האָט ער צוגעגעבן — זיינען די קאָלבושאָווער יודנראַט־מיטגלידער געווען דאַנקבאַר פּאַשעקן, וואָס ער האָט אָנגעפירט מיט דער געלט־אַקציע אַזוי ענערגיש, און אַדאַנק דעם האָט ער דערווייל געראַטעוועט עטלעכע לעבנס.

נאָך דעם ווי די עקזעקוציע איבער די אומגליקלעכע יידן איז שוין פאָרגעקומען, האָט עהאַוס ווידער אַרויסגענומען אַ נייעם דאָקומענט און פאָר־געלייענט צו די איבערגעבליבענע יידן. צווישן אַנדערע גזרות האָט ער אויפ־געפאָדערט, אַז די באַזונדערע יודנראַטן זיינען פאַרפליכטעט צו באַצאָלן אַלע חובות פאַר שטייערן וואָס יידן האָבן נישט באַצאָלט זייט 1914. די יידן — האָט דער דייטש ווידער דערקלערט — מוזן באַצאָלן אַלע חובות וואָס זיי זיינען געבליבן שולדיק צו די קריסטן זייט 1914. און אויב אַ יידישער בעל־חוב לעבט נישט מער, אָדער לעבט יאָ און איז נישט אימשטאַנד צו באַצאָלן, מוז דער יודנראַט די אַלע שולדן גוט מאַכן. אַלע די חובות מוזן באַצאָלט ווערן ביז דעם 24־טן יוני. אין קעגנפאַל — האָט ער ווייטער געוואָרנט — וועט אָנגעווענדעט ווערן די זעלבע שטראָף ווי מיט דער קאָנטריבוציע. לויטן פּראָצענט פון ניט אויסגעצאָלטע חובות וועט די צאָל פון די יודנראַטלער פאַרקלענערט ווערן — דורך טויט.

די ידיעה וועגן דער נייער גזירה האָט אויפגערודערט די רעשטלעך יידן פון דעם געטאָ. ערשטנס, האָט קיינער נישט געוואוסט וואָס פאַראַ סומע געלט וועט פון געטאָ געפאָדערט ווערן. צווייטנס, האָבן זיך יידן געטראַכט, איז עס אַן אוממעגלעכקייט נאָך מער אַרויסצוצאַפּן פון געטאָ געלט. זיי האָבן

דאָך געוואוסט, ווי שווער עס איז געווען אַרויסצובאַקומען די קאָנטריבוציע־געלטער.

דאָס מאָל האָט פּאַשעק, תיכּף צוריקקומענדיק פון ריישע, גערופן צו זיך, אַ חוץ דעם יודנראַט, אויך אַ גרופּע יידן פון געטאָ, וואָס האָבן פאַר־מאָגט געלט, און אַלע אין געטאָ האָבן וועגן דעם געוואוסט. דאָס זיינען געווען, מיינסטנס, יידן וואָס האָבן געהאַט פאַרשטעקטע סחורות נאָך פון פאַר דער מלחמה און די עטלעכע שוואַרץ־הענדלער, וואָס האָבן גוט פאַרדינט. אָט די צוויי עלעמענטן האָבן דאָן אויסגעמאַכט אַן ערך 10% פון די געטאָ־איינוואוי־נער. צו זיי האָט זיך פּאַשעק געווענדט, אַז זיי מוזן צושטעלן די גרעסטע סומע. די זיצונג, וואָס האָט געדויערט כמעט אַ גאַנצע נאַכט, האָט אויסגע־רעכנט, מער־ווייניק, אַז די יידן וועלן דאַרפן צוצאָלן, פאַר די אַלטע שטייערן און די אַלטע חובות צו די פּאָליאַקן, ביז 200,000 זלאָטעס. ביי דער זיצונג האָט מען אויסגעמאָסטן יעדן פון די אָנוועזנדיקע די סומע וואָס ער דאַרף צוטראָגן. הגם אָן ענטוזיאַזם, האָבן די יידן גענומען אויף זיך די סומען צוצו־שטעלן. אַ ברירה האָבן זיי דען געהאַט? לויטן חשבון האָבן די אָנוועזנדיקע געדאַרפט צוטראָגן די סומע פון 100,000 זלאָטעס. די אַנדערע 100,000 זלאָטעס האָט דער יודנראַט פּלאַנירט איינצוקאַסירן פון די 90% אָרעמעלייט, געטאָ־איינוואוינער.

אַרויסגעוויזן האָט זיך אָבער באַלד, אַז ס׳האָבן זיך געפונען גוטע מליצי־יושר, וואָס האָבן פון אַלע זייטן אונטערגעטראָגן חובות איבער חובות, אמתדיקע און נישט־געשטויגענע חובות צום שטייער־אַמט און חובות צו פּאָליאַקן. די סומע האָט זיך דערנענטערט שוין צו 650,000 זלאָטעס. און צום סוף האָט די סומע באַטראָפן איבער 900,000 זלאָטעס, עפּעס ווייניקער ווי אַ גאַנצער מיליאָן זלאָטעס. דעמאָלט האָט מען געזען באַשיינפּערלעך וואָס פאַראַ פריינט מיר האָבן געהאַט אין די פּאָליאַקן, אונדזערע שכנים, צווישן וועלכע מען האָט געוואוינט הונדערטער יאָרן. דער שטייער־אַמט האָט באַלד באַקומען אַ באַפעל אַרויסצושלעפּן אַלע ביכער, וואָס זיינען געלעגן און געשימלט פאַר לאַנגע 30 יאָר, עפענען זיי און אויסרעכענען וויפל די יידן זיינען שולדיק געבליבן פאַר שטייערן. עס איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן אַ צעטל פון נעמען פון מענטשן, וואָס זיינען שוין געווען טויט איבער 25 יאָר. אין דעם צעטל זיינען אויך געווען נעמען פון יידן, וואָס האָבן עמיגרירט קיין אַמעריקע מיט 25 יאָר צוריק; יידן וואָס זיינען געפאַלן אויף די שלאַכט־פעלדער אין דעם קריג 1914־1918, קעמפנדיק פאַר עסטרייך און דייטשלאַנד. פאַר אָט די חובות פון אַלע די יידן, האָבן די אומגליקלעכע, קוים זשיפּענדיקע

געיענדיקע מתים פון געטאָ, וואָס האָבן במשך פון די לעצטע דריי יאָר קיין נאָרמאַל לעבן נישט געפירט און קיין לעבעדיקן גראָשן פרנסה נישט געזען, געמוזט צאָלן פאַרלעגענע חובות.

דער קרייז־אַמט האָט געלאָזט וויסן דער ניט־יידישער באַפעלקערונג, אַז יעדער פון זיי קאָן מעלדן יעדן חוב וואָס יידן זיינען זיי געבליבן שולדיק. זיי דאַרפן נישט ברענגען קיין וועקסלען אָדער וועלכע ניט איז דאָקומענטן; אַ מעלדונג וועגן אַ נישט־באַצאָלטן חוב וועט זיין גענוג. די חובות מעגן זיין פון יידן וואָס לעבן, פון יידן וואָס לעבן מער נישט, פון אַזעלכע וואָס געפינען זיך אין געטאָ, אָדער וואָס וואוינען ערגעץ־אַנדערש־וואו, אומגעקומען אָדער פאַרלאָזט פוילן...

די היימישע גויים האָבן זיך אויף דעם אַ וואָרף געטאָן ווי אויף אַן אבן־טוב. זיי האָבן נישט איינגעזען, אַז דער שונא איז זייערער פונקט ווי די יידנס. דער דייטש האָט זיך זיי אויסגעוויזן צו זיין גאָר זייערער אַ בעל־טובה. עס האָבן זיך אַ נעם געטאָן צו דער דאָזיקער מלאכה פון איינקאַסירן חובות די גויים, וואָס פאַרקערט, זיי זיינען געבליבן שולדיק שווערע געלטער צו זייערע יידישע מיטוואוינער. גראָד די דאָזיקע האָבן געוואָלט פאַרשטעלן זייערע שולדן מיט גרעסערע סומען לגבי די אומגליקלעכע יידן...

איך געדענק איין פאַל: אויף דער גאַרע האָט געוואוינט אַ פּאָליאַק מיטן נאָמען וולאַדיסלאַוו פריץ, וואָס האָט געהאַלטן אַ לעבנס־מיטל קלייט און פלעגט איינקויפן סחורות ביי מיין טאַטן. פאַרשטענדלעך, אַז ער איז תמיד געבליבן אונדז שולדיק געלט. ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן, איז זיין חוב געבליבן איבער טויזנט זלאָטעס. אַזוי ווי די גזרה איז אַרויס וועגן די חובות, האָט דער דאָזיקער פריץ איינגעגעבן, אַז מיין טאַטע איז אים שולדיק געבליבן 5,000 זלאָטעס. אַזוי ווי איך האָב געקענט אַרויסגיין פון געטאָ, בין איך צו אים געגאַנגען און געפרעגט, ווי אַזוי שעמט ער זיך נישט צו פאַרלאַנגען דאָס געלט. כ'האָב אים דערמאָנט וויפל ער איז אונדז געבליבן שולדיק. דער דאָזיקער פּאָליאַק האָט אומפאַרשעמטערהייט מיר אָפּגעענטפערט מיט גראָבקייט און העזה, אַז אויב כ'וועל די מינוט נישט פאַרלאָזן זיין הויז וועט ער אַריינטראָגן אַ קלאַגע אָנשטאָט אויף 5,000 זלאָטעס — אויף 10,000 זלאָטעס...

כדי צו איינקאַסירן די צווייטע קאָנטריבוציע, האָט פּאַשעק גענוצט צוואַנגס־מיטלען. ער האָט איינגעזעצט מאַנכע יידן אין קעלער פון בית־המדרש, ביז זייערע משפחות האָבן דאָס געפאָדערטע געלט געבראַכט. אַנדערע האָט ער פשוט אַראָפּגעלאָזט פייערדיקע פעטש כדי זיי צו מאַכן געבן געלט; די אומגליקלעכע יידן זיינען אין יענע טעג אַרומגעלאָפן ממש ווי די פאַר־

סמטע מייז. די יודנראַטלער און די מיטגלידער פון דעם אָרדנונגס־דינסט האָבן פאַר פאַשעקן געזוכט די פאַרלאַנגטע יידן פיר־פינף מאָל אַ טאָג. אין פאַשעקס קאַנצעליי זיינען אָנגעגאַנגען דינגענישן, מען האָט געהערט סטראַשונקעס און געוויינען.

דערוויל האָבן די שטעטלדיקע פאָליאַקן געמאַכט גוטע געשעפטן. זיי האָבן איבערגענומען די יידישע הייזער און געשעפטן און במשך פון דער גאַנצער מלחמה זיינען זיי געווען אַריינגעטאָן אין שוואַרצן מאַרק, באַזונדערס האַנדלענדיק מיט עסנוואַרג, וואָס זיי האָבן פאַרקויפט צו די יידן אין דעם געטאָ, פאַר אויפגעשרויפטע פרייזן. אַזוי אַרום האָבן זיי אָנגעזאַמלט אָן אַ שיעור געלט. פאַר אָט דעם געלט האָבן זיי אָפּגעקויפט יעדעס שטיקל צירונג אָדער אויסלענדישער וואַליוטע, וואָס די יידן האָבן זיי געבראַכט. אין דער צייט ווען עס איז אָנגעגאַנגען דער געלויף נאָך דער קאָנטריבוציע, האָבן די פאָליאַקן אָפּגעקויפט יעדע ווערט־זאַך פון די יידן פאַר אַ פערטל פרייז, אָדער פאַר נאָך וויניקער.

די לעצטע 24 שעה פאַר דעם ענדגילטיקן טערמין, זיינען געווען די שיודערלעכסטע. פאַשעק האָט גערופן די יידן וואָס האָבן שוין איין מאָל איינגעצאָלט זייער געלט פאַר אַ צווייטער רונדע און געפאָדערט פון זיי נאָכאַמאָל צו צאָלן.

דעם 24־טן יוני פאַרטאָג, איז פאַשעק מיטן יודנראַט אַוועק קיין ריישע, מיטנעמענדיק מיט זיך עטלעכע פולע זעק מיט געלט. ווידער האָבן זיך די פאָרשטייער פון אַלע קהילות אין דער געגנט פאַרזאַמלט ביים קרייז־הויפּטמאַן. ריישע האָט איר קאָנטריבוציע נישט צונויפגעזאַמלט. 24% האָט געפעלט. אויפן אָרט זיינען דערשאָסן געוואָרן 24 יודנראַטלער, 40% פון דער צאָל מיטגלידער פון יודנראַט. דאָס זעלבע איז געשען אין פּראָפּאָרץ מיט גלאָגעוו, מיט טיטשין. די יידן אין די אַרומיקע שטעט האָבן נישט געקאָנט צונויפזאַמלען דאָס געפאָדערטע געלט. אין גאַנצן ריישער קרייז איז אַזוי פיל געלט גאָר נישט געווען אין אומלויף. דער איינציקער יודנראַט וואָס האָט מאָביליזירט גאַנצע הונדערט פּראָצענט פון דער קאָנטריבוציע איז געווען קאָלבושאָוו. און ווידער איז קיינער פון די קאָלבושאָווער יודנראַטלער נישט דערשאָסן געוואָרן.

נאָכדעם ווי די געסטאַפּאָ האָט איבערגענומען דאָס געלט און אויסגעשאָסן די יודנראַטלער פון די פאַרשיידענע שטעט, האָט עהאַוס געגומען פאַרלייענען די לעצטע און שרעקלעכסטע גזירה: „ביז 3 טעג מוזן אַלע יידן פון גאַנצן קרייז פאַרלאָזן די געטאָס און אַריבערקומען אין דעם געטאָ פון ריישע. די טעג פון 25־טן, 26־טן און 27־טן יוני, מוז די איבערזידלונג פאַר־

קומען". אין דעם באַפעל האָט דער רשע דערקלערט ווי אַזוי וועט דאָס אַלץ דורכגעפירט ווערן. ער האָט דערביי צוגעגעבן, אַז די יידן מעגן אַלצדינג מיט זיך מיטנעמען, אַ חוץ מעבל.

## קאַפּיטל נײַנצן

## די ליקווידאַציע פונעם געטאָ

דער יודנראַט האָט זיך אומגעקערט מיט דער בשורה, און די נייעס האָט זיך שנעל צעשפּרייט אין דעם קליינעם געטאָ: אויסזידלונג! דער געטאָ ווערט ליקווידירט!

כאָטש מען האָט דעמאָלט נאָך נישט געוואוסט וואָס אַזאַ אויסזידלונג באַדייט, ווייל זי איז געווען די ערשטע אין אונדזער געגנט, האָט די ידיעה אַרויסגערופן פּאַניק, געוויין און טרויער. דער עולם האָט זיך געטראַכט, אַז אויב אין דער אייגענער היים שטאַרבט מען פון הונגער און די לעבנס־באַדינגונגען זיינען אַזוי אומדערטרעגלעך, וויפל ערגער וועט דאָס זיין אין דער פרעמד, וואו מען קען קיינעם נישט. (וועגן קיין קאָנצענטראַציע־לאַגערן אָדער טויט־קאָמבינאַטן האָט מען אין יענער צייט אפילו ניט געוואוסט צו טראַכטן).

מיין ברודער לייביש האָט געהאַט אַ באַקאַנטן קאָמענדאַנט פון דער דייטשער פּאָליציי, וואָס האָט אים שוין איינמאָל געראַטעוועט פון טויט. האָט ער אים געפרעגט, צי זאָל ער אַוועק דעם ערשטן טאָג אָדער דעם לעצטן, און אפשר איז פאַראַן אַ מעגלעכקייט צו בלייבן, און אויב יאָ — צי קען ער אים אין דעם העלפן. דער דייטש האָט אים געענטפערט, אַז די אויסזידלונג איז אין די הענט פון געסטאַפּאָ, און דערפאַר קאָן ער דאָ גאָרנישט טאָן. ער האָט אים פונדעסטוועגן אינפאָרמירט, אַז דעם ערשטן טאָג וועט די פּאָליציי אָנפירן מיט דער אויסזידלונג, און דעם צווייטן און דריטן טאָג וועט דאָס מאַכן די עס־עס. דעריבער וואָלט געווען בעסער תיכף זיך צו לאָזן קיין ריישע.

לייביש האָט די ידיעה איבערדערציילט אין געטאָ און ס'רוב יידן האָבן באַשלאָסן אַריבערפּעקלען זיך קיין ריישע דעם נאָענטסטן טאָג, דעם 25סטן.

די יידן פון געטאָ האָבן זיך אָנגעהויבן פּאַקן; מען איז אַרומגעלאָפן זוכן זעק אויף אַריינצוליייגן אין זיי דאָס ביסל אָרעמקייט וואָס מ'וועט מיט־נעמען מיט זיך. פאַר די לעצטע פּאָר זלאָטעס האָבן מענטשן איינגעקויפט עסנוואַרג אויף וויפל עס האָט זיך געלאָזט. אַלע האָבן געוואוסט, אַז ווי נאָר מען וועט זיין אויסער דעם אייגענעם שטעטל, וועט זיך אָנהייבן דער אמת־

דיקער הונגער. דער יודנראַט האָט געהאַט מעל פאַר אַ גאַנצן חודש, האָט מען דאָס מעל צעטיילט צו אַלע בעקערס, זיי זאָלן דאָס אויסבאַקן אין משך פון דער נאַכט און דאָס ברויט צעטיילן, אַ ברויט פאַר יעדן קאָפּ.

כאָטש עס האָט געהערשט אַ גרויסע פאַרצווייפלונג, האָט מען אַלץ נאָך געהאָפט צו קענען זיך ראַטעווען אין אַן אַנדערער שטאָט.

ביי אונדז אין דער היים האָבן מיר באַשלאָסן, אַז אונדזער משפחה, וואָס איז באַשטאַנען פון מיין מאַמען, פינף שוועסטער — פון וועלכע דריי זיינען געווען פאַרהייראַט — מיט זייערע בני־בית, און מיין ברודער לייביש מיט זיינע בני־בית זאָלן פאַרלאָזן דעם ערשטן טאָג, דעם 25סטן יוני. איך האָב באַשלאָסן צו בלייבן ביז דער לעצטער מינוט, כדי אַרויסצוטראָגן די סחורות, וואָס מיר האָבן נאָך געהאַט, צו באַקאַנטע פּאָליאַקן, אַוועקצוגעבן די מעבל פון מיין גאַנצער משפחה צו אַזעלכע פּאָליאַקן, וואָס זיינען געווען פריינטלעך און וואָס וועלן דאָס אונדז צוריקגעבן ווען מיר וועלן צוריקקומען. איך האָב אויך געוואָלט פאַרפּאַקן פּעקלעך פון עסנוואַרג, און דאָס אַריינשיקן אין דעם ריישער געטאָ.

צומאָרגנס, דעם 25סטן יוני, פאַרטאָג, עס איז נאָך געווען פינצטער, האָבן אַרום 100 עס־עס־לייט אַרומגערינגלט דעם שטח פון געטאָ און אָנגעהויבן שיסן אין דער לופט. דער פּחד איז געוואָרן אַזוי גרויס, אַז אפילו די, וואָס האָבן געזאָלט אַרויספאָרן דעם 2־טן אָדער 3־טן טאָג האָבן זיך אָנגעהויבן פּאַקן און געוואָלט וואָס שנעלער אַוועק. מען האָט געוואוסט, אַז בשעת אַן אויסזידלונג פאַלן קרבנות.

דעם 24סטן יוני האָט יעדער וואָיט אין סאָלטיס באַקומען אַ באַפעל פון טוואַרדאָבנען, אַז אַלע פּויערים, וואָס האָבן פערד, מוזן קומען אין שטאָט אַריין מיט זייערע וועגענער, און שטעלן זיך ביים געטאָ־טויער. אין דער פרי זיינען אָט די אַלע פּויערישע פורן אָנגעקומען פון אַלע ריכטונגען און וועגן און געשטעלט זיך ביי די מויערן פון דעם געטאָ. די וועגענער האָבן זיך געצויגן אין לאַנגע רייען. די פּויערים האָבן דאָס געטאָן ווילִיק, ווייל זיי האָבן געוואוסט, אַז ביי אַזאַ „ווישעדלעניע" וועלן זיי קאָנען אָפּלעקן אַביינדל...

12 אַזייגער בייטאָג, האָט די דייטשע פּאָליציי געעפנט די 2 טויערן פונעם געטאָ: איין טויער ביי דער גמינע און דאָס צווייטע ביי דבורה פעלד, און די וועגענער זיינען אַריין. צו יעדן הויז איז פאַרפאָרן אַ וואָגן, און מען האָט אָנגעהויבן צו לאָדענען די צוגעגרייטע פּעק און טלומאָקעס. אַזוי ווי אַ וואָגן איז געוואָרן פול, האָט ער געמוזט אַוועק און אַ צווייטער וואָגן איז

צוגעפּאָרן, ווייטער צו לאָדענען. די דייטשע און פּוילישע פּאָליציי האָבן אונטערגעיאָגט, אַז אַלץ זאָל גיין שנעל, שנעל!

ביי 4 נאָכמיטאָג, זיינען אַלע פורן געווען אָנגעלאָדן. מען האָט נישט געטאָרט אַרויף אויף די פורן, אַפילו קינדער און אַלטע האָבן געמוזט גיין צופוס. יעדע משפחה איז נאָכגעגאַנגען דעם וואָגן, אויף וועלכן איר גאַנץ האָב־און־גוטס איז געווען אָנגעלאָדן.

ביי דער געביידע פון דער גמינע האָבן געוואַרט עטלעכע עס־עס, וועלכע זיינען געפאָרן אויף דעם ערשטן וואָגן. נאָך יענעם וואָגן האָבן זיך געצויגן עטלעכע הונדערט וועגענער. די אויסגעמאַטערטע יידן זיינען געגאַנגען צופוס פון דער רעכטער זייט, און די פּוילישע און דייטשע פּאָליציי פון דער לינקער זייט.

גאָר שווער איז געווען דאָס געמיט ביי די אַלטע לייט, וואָס זיינען געגאַנגען אין דעם גירוש־מאַרש. זיי האָבן געהאַט עפּעס אַ פאָרגעפיל, אַז זיי וועלן נישט דערגיין קיין ריישע...

איך געדענק, ווי חיים׳טשע בירנבוים, דער מלמד, איז געגאַנגען ביי זיין וואָגן. זיין באָרד איז געווען אָפּגעשוירן און ער האָט געטראָגן אַ קאַשקעט. בין איך צו אים צוגעגאַנגען זיך געזעגענען, ווייל ער איז אַמאָל געווען מיין רבי. האָט ער מיר געזאָגט: „נפתלי, ווינטש מיר נישט קיין גליקלעכע רייזע, ווייל כ׳ווייס, אַז איך מיט מיין טאָכטער וועלן זיין די ערשטע וואָס די דייטשן וועלן היינט דערשיסן...״

שוועריקייטן האָט מען געהאַט מיטן קאַלבושאָווער רב. יענעם שוידער־לעכן 28סטן אַפּריל, ווען מיין טאַטע איז דערשאָסן געוואָרן, האָט זיך דער רב אויך געפונען אויף דער ליסטע דערשאָסן צו ווערן. די געסטאַפּאָ־לייט האָבן אים נישט געפונען, און זיינען עטלעכע מאָל יעדע וואָך געקומען אים זוכן. דער רב איז אָבער געווען אויסבאַהאַלטן. דאָס זעלבע איז אויך געווען מיט עקיבא שמידט; ער איז אויך געווען אויף דער ליסטע.

אויף דער בקשה פון שאול זאַלעשיץ בין איך געקומען אין זיין הויז און דאָרט געטראָפן דעם רב. ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן אַרויסצופירן דעם רב פון געטאָ, ניט דורך די טויערן, כדי אויסצומיידן רעוויזיעס מצד דער פּאָליציי אָדער געסטאַפּאָ. כדי דאָס דורכצופירן, האָט מען דעם רב אָפּגעשוירן די באָרד, איבערלאָזנדיק אים נאָר אַ פּאָר וואָנצעס. דער רב האָט אַרויפגעצויגן אויף זיך אַ פּאָר פּויערישע הויזן מיט אַ רעקל און אַ וועליסאָפּעדן־היטל. אין אַזאַ הולך האָט ער אויסגעזען ווי וואַיטעק, דער אַלטער האָלץ־העקער פון דער גאָרע, וועלכער האָט געהאַקט האָלץ ביי אַלע יידן פאַרן אויסברוך פון דער

מלחמה. דער רב האָט, נעבעך, נישט געזען אויף זיינע אויגן און מען האָט אים געמוזט פירן. דעריבער, נאָך איידער די פורן זיינען אַרויס פון געטאָ, האָב איך און דעם רב׳ס אייניקל, מלכה, אַרויסגעפירט דעם רב דורך די פעלדער צום טייך, צוגעפירט אים צו ר׳ יעקב עקשטיינס הויז, און דאָרט איז דער רב מיט מלכה׳לען געבליבן און אָפּגעוואַרט דעם וואָגן און משפחה וואָס איז פאַרבייגעפאָרן.

דעם ערשטן טאָג, דאָנערשטיק, זיינען אַוועק אַן ערך 80% יידן פון שטעטל. דעם טאָג האָט אַ דייטשער פּאָליציאַנט געשאָסן הערצל לאַנדוי, בצלאל גרינשטיינס איידעם. דאָס איז געווען דער איינציקער קרבן יענעם טאָג אין געטאָ. הערצל לאַנדוי איז געגאַנגען לעבן זיין וואָגן מיט זיין פרוי סימע און זייער זון, און האָט געטראָגן אַ רענצל; לעבן די יאַטקעס איז געשטאַנען דער דייטשער פּאָליציאַנט מיטן נאָמען באַרטעלמוז, אַ שלאַנזאַק פון טשעשין, וואָס האָט בעסער גערעדט פויליש ווי דייטש, און זייענדיק צוויי יאָר אין קאָלבושאָוו האָט ער געקענט אַלע יידן. ווען הערצל איז דורכגעגאַנגען, האָט אים באַרטעלמוז געזאָגט, אַז ער זאָל אים אַוועקגעבן דאָס רענצל. הערצל האָט ניט באַוויזן עפּעס צו זאָגן, און שוין האָט אים דער דייטש אַוועקגעלייגט אַ טויטן. באַרטעלמוז האָט ניט געלאָזט די פרוי און דעם זון זאָלן זיך אָפּ־שטעלן פאַר אַ מינוט, דראָענדיק אויך זיי צו שיסן.

מיר האָבן הערצלען אַריינגעטראָגן אין בית־המדרש און ווען אַלע וועגענער זיינען שוין אַרויס פון געטאָ, בין איך מיט אברהמ׳טשע פּאַלימער געפאָרן אויפן גוטן אָרט, און געבראַכט דעם קרבן צו קבר ישראל.

כדאי דאָ צו דערציילן, אַז מען האָט דעם הרוג באַגראָבן אין זיין אָנצוג. איך האָב געוואוסט וואָס פאַראַ מלבוש דאָס איז געווען. ווי דערשטוינט בין איך געוואָרן, ווען איך האָב עטלעכע וואכן שפּעטער געזען דעם היטער פון בית־עולם אָנגעטאָן אין דעם זעלבן אָנצוג... אָט אַזוי האָט מען אַפילו די מתים ניט געלאָזט רוען אין זייערע קברים.

דורך דעם גאַנצן וועג קיין ריישע, האָט די פוילישע פּאָליציי אָנגעטאָן גרויסע צרות די אומגליקלעכע יידן. די פּאָליאַקן האָבן געוואָלט ווייזן די דייטשן, אַז זיי זיינען נאָך גרעסערע יידן־האַסער ווי זיי. אויב אויף אַ וואָגן איז געזעסן אַ דייטשער פּאָליציאַנט, איז נאָך געווען מעגלעך ביי אים זיך איינצובעטן, ער זאָל דערלויבן אַן אַלטן מאַן אָדער אַ קינד אַרויפצוזעצן זיך אויף דעם וואָגן; אָבער ביי אַ פוילישן פּאָליציאַנט האָט מען דאָס בשום אופן נישט געקאָנט פועלן.

אין ריישע האָבן די יידן געמוזט באַצאָלן די פויערים פאַרן איבערפירן

זיי פון קאָלבושאָוו. דער גוי האָט זיך געקענט הייסן געבן דערפאַר וויפל ער האָט נאָר געוואָלט, און מען האָט אים געמוזט באַצאָלן; אויב נישט האָט ער געהאַט דאָס רעכט צו נעמען פאַר זיך די זאַכן וועלכע ער האָט געהאַט אויפן וואָגן.

עס האָט לאַנג געדויערט ביז אַלע פורן האָבן געקענט אַריין אין ריישער געטאָ, ווייל אויף אַלע וועגן זיינען געשטאַנען אויך וועגענער פון אַלע אַרומיקע שטעטלעך.

פרייטיק אין דער פרי, דעם צווייטן טאָג, זיינען ווידער די פורן צוגעפאָרן צו די טויערן פון געטאָ. ס׳האָט לאַנג נישט געדויערט ביז דאָס רעשט ביסל יידן האָבן אויפגעלאָדן זייער געפעק אויף די וועגענער און אַרויס אויף דעם ריישער גאַס. דעם טאָג זיינען אָנגעקומען טויזנטער פויערים פון די דערפער און אַריין אין געטאָ. די טויערן זיינען מער נישט געווען פאַרמאַכט. זיי האָבן געמעגט אַריין אין יעדן אָפענעם הויז. די אויסגעזידלטע יידן איז פאַרבאָטן געוואָרן צו פאַרשליסן זייערע הייזער. די פאָליאַקן האָבן אָנגעלאָדן דאָס איבערגעלאָזטע מעבל און אַלץ וואָס זיי האָבן געפונען. די אָנגעלאָדענע וועגענער זיינען צוגעפאָרן צו איינעם פון די טויערן. ביי יעדן טויער איז געווען אימיצער פון דער ראַפּאָפּאָרט משפחה, וועלכער האָט אָפּגעשאַצט די ווערט פון אַזאַ וואָגן מיט יידישע זאַכן און דער גוי האָט זיי געמוזט באַצאָלן. דער פרייז איז געווען אַ מינימאַלער, אַ לעכערלעכער. די דייטשן האָבן אַרויסגעגעבן אַזאַ פאַראָרדנונג, עס זאָל נישט הייסן, אַז דער גוי האָט צוגערויבט יידיש האָב־און־גוטס אָדער עס גענומען בחינם. דאָס געלט, וואָס די ראַפּאָפּאָרט־ברידער האָבן דערפאַר גענומען, איז געבליבן זייערס. די פויערים, וואָס זיינען געגאַנגען אין יעדן הויז און גענומען זיך פאַרשידענע זאַכן, דאָס אַריינגעפּאַקט אין זעק אָדער קוישן, פאַר אַלץ וואָס זיי האָבן געטראָגן אויף זייערע פּלייצעס אָדער אין די הענט, האָבן זיי גאָרנישט באַצאָלט.

אַזוי האָבן די פויערים אויסגעליידיקט די יידישע שטיבער. אַ סך פון זיי האָבן געמאַכט 4 אָדער 5 מאָל אַזעלכע וויזיטן יענעם טאָג אין געטאָ: פאַרפּאַקט וואָס עס האָט זיך געלאָזט, און אַוועקגעטראָגן עס צו זיך אין די היימען.

פרייטיק 6 פאַרנאַכט, האָט די פּאָליציי אַרויסגעיאָגט די פויערים פון געטאָ. געבליבן זיינען נאָר די מיטגלידער פון דעם אָרדנונגס־דינסט און עטלעכע מיטגלידער פון דעם יודנראַט און די ראַפּאָפּאָרט־משפחה. די אַלע זיינען אַוועק אויף עטלעכע וועגענער שבת אין דער פרי.

געבליבן זיינען נאָר: אליעזר שוסטער, וועלכער איז געווען דער הויפּט

פון דעם שוסטער־קאָאָפּעראַטיוו; משה רייך (ברוך שניידערס זון) און יאַנקל שניידער. די דריי האָבן געאַרבעט פאַר דער דייטשער פּאָליציי — געמאַכט פאַר זיי שטיוול און אָנצוגן, — דערפאַר האָבן זיי באַקומען אַ דערלויבעניש צו בלייבן. זייערע משפחות האָבן אָבער געמוזט אַוועק.

שבת אין דער פרי זיינען ווידער טויזנטער גויים אַריין אין געטאָ, ווידער זיינען זיי געגאַנגען דורך די הייזער, און אַרויסגעטראָגן וואָס ס'איז נאָך געבליבן פון דעם נעכטיקן טאָג. די זאַכן פון אונדזער הויז — נאָך דעם ווי לייביש, די מאַמע און מיינע שוועסטער זיינען אַוועק קיין ריישע — האָב איך אין פאַרלויף פון צוויי נעכט אַריבערגעטראָגן צו אונדזערער אַ באַקאַנטער פּוילישער פרוי — די קאַטולאַווע, וואָס האָט גערן אַלצדינג גענומען...

די גאַסן זיינען געווען פול מיט צעבראָכענע מעבל, פעדערן זיינען געפלויגן אין דער לופט, אַלע טירן און פענצטער זיינען געווען צעבראָכן, ווען כ'בין ס'לעצטע מאָל דורכגעגאַנגען די גאַסן מיט די אָפענע טירן.

שבת אין דער פרי האָב איך מיר גענומען מיין רוקזאַק, אין וועלכן כ'האָב געהאַט די נויטיקסטע זאַכן און צוגעגאַנגען צום בית־המדרש, וואו מיר האָבן זיך אַלע פאַרזאַמלט. אַזוי ווי כ'בין נאָר אַרויס פון אונדזער דירה אין מאַטיס האָפּערט'ס הויז, וואָס כ'האָב איבערגעלאָזט אָפן, זיינען באַלד אַריין הונדערטער גויים און צוגענומען וואָס כ'האָב דאָרט איבערגעלאָזט.

ביים גרויסן ווייבערישן בית־המדרש האָבן געוואַרט עטלעכע וועגענער. מיר האָבן אַרויפגעלייגט אונדזערע פּעקלעך. אין דער באַגלייטונג פון עטלעכע פּוילישע און דייטשע פּאָליציאַנטן זיינען מיר אַרויס פון דעם געטאָ, דורך דעם טויער ביי דער גמינע. קיין ריישע זיינען מיר געגאַנגען אַ גאַנצן וועג צופוס, פּונקט ווי די פריער־אַרויסגעטריבענע יידן.

מיטאָג־צייט זיינען מיר אָנגעקומען קיין ריישע. דאָס געביט פון געטאָ האָט אויסגעזען ווי אַ גיהנום. פריער זיינען אין ריישער געטאָ געווען 12 טויזנט יידן, וועלכע זיינען געווען אַריינגעשטופּט אין קליינע, שמאָלע געסלעך, וואו אַ משפחה האָט נאָר געהאַט איין צימער. אַצינד, ווען די יידן פון די אַרומיקע שטעטלעך זיינען אָנגעקומען, נאָכאַמאָל 12 טויזנט, איז מען ממש געלעגן אויף די גאַסן, אין די קעלערן, בוידעמס אין אַלע ליקלעך, אין די הויפן. מען האָט נישט געקענט דורכגיין פריי, מען האָט געמוזט טרעטן אויף מענטשן. מען האָט געזוכט באַקאַנטע, וואָס זאָלן צו זיך אַריינעמען אין זייערע שוין פאַרענגטע שטיבלעך, מען האָט זיך אָנגעהויבן קריגן, שלאָגן, אויסלאָזנדיק דעם ביטערן כעס איינער אויפן צווייטן.

איך האָב געזוכט מיין משפחה. כ'האָב נישט געוואוסט וואו זיי זיינען.

איך האָב זיי געפונען ביי שפּיטצן אין אַ קעלער, וואו ער האָט פאַר זיין עולה זיין קיין ארץ־ישראל געהאַט זיין עסיג־פאַבריק. שפּיטצ׳ס איידעם האָט אונדז אַריינגענומען, ווייל מיר זיינען געווען קרובים.

אויף די גאַסן איז מען אַרומגעלאָפן זוכן קינדער, וואָס זיינען פאַר־לוירן געגאַנגען, קינדער האָבן געוויינט זוכנדיק זייערע עלטערן. פרויען מיט אַ געזינדל קינדער זיינען געלעגן אין ווינקלעך פון הייזער, נישט וויסנדיק וואָס צו טאָן, אין גאַנצן צעחושט, ווייל זייערע טאַטעס זיינען דערשאָסן געוואָרן אויפן וועג קיין ריישע און האָבן נישט געהאַט צו נעמען אַ ביסן אין מויל אַריין.

איך בין אַרויס פון דעם קעלער און געזען דאָס ענגשאַפט אויף די גאַסן. ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז מען ווערט משוגע אָדער מען וועט זיך שטיקן פון מאַנגל אין לופט.

ווי כ׳האָב שוין געשריבן איז די אויסזידלונג אין קאָלבושאָוו דורכגע־גאַנגען מיט חסד. עס איז נאָר איין ייד דערשאָסן געוואָרן. אין סאָקאָלאָוו אָבער איז פאָרגעקומען אַ שרעקלעכע שחיטה.

דעם לעצטן טאָג פאַר דער אויסזידלונג, דאָס איז געווען מיטוואָך ביינאַכט, איז טווארדאָן דאָרט אָנגעקומען שיכור, צוגעפאָרן צום יודנראַט און פאַרלאַנגט „יודיש בלוט״. ער האָט געזאָגט, אַז ער וויל 1% פון דער יידישער באַפעלקערונג. אין סאָקאָלאָוו האָבן געוואוינט 3,000 יידן אין געטאָ. ער האָט געוואָלט 30 און צום סוף האָט ער געשאָסן 35 מענטשן. געווען איז עס ביינאַכט, ער האָט פאַרלאַנגט אַז אַ יידיש ווייבל זאָל האַלטן צוויי ברענענדיקע ליכט, ווייל ער האָט געזאָגט אַז ער וויל שיסן די יידן, אַזוי ווי די יידן זאַלצן אויס און מאַכן כשר פלייש. נאָך יעדן קרבן, וואָס ער האָט געשאָסן, האָט ער זיך געוואַשן די הענט, געטרונקען בראַנפן פון אַ פלעשל און געשריגן „גיט מיר בלוט, יודיש בלוט״. ער האָט אויסגעזען ממש ווי אַ ווילדע בעסטיע.

די יידישע פּאָליציי־לייט בראש מיט מאַרקוזן, וועלכער איז געווען דאָרט דער קאָמענדאַנט פון דעם אָרדנונגס־דינסט, האָבן געמוזט צוברענגען צו אים די קרבנות. אין תחילת, ווען ער האָט פאַרלאַנגט 30 יידן, האָבן זיי געזוכט אַלטע לייט און אויך קאַליקעס — זיי האָבן גערעכנט, אַז אָט די וועט מען סיי־ווי־סיי שיסן; אָבער טווארדאָן, כאָטש ער איז געווען שיכור און ניט אויפגעהערט צו טרינקען, האָט דאָס געזען און פאַרשטאַנען וואָס פאַראַ קרבנות מען פירט אים צו, האָט ער פאַראָרדנט מען זאָל אים ברענגען וואָס אַמאָל יונגערע. צום סוף האָט ער באַפוילן אין פאַרלויף פון די נאָענטסטע

10 מינוט מוז מען אים ברענגען צוויי מיידלעך אין עלטער פון 20 יאָר, שפּעטער צוויי מיידלעך פון 15 יאָר.ביים ברענגען די יונגע מיידלעך האָט זיך אויסגעצייכנט דער קאָמענדאַנט מארקוזע. מארקוזע איז פאַר זיין גוטער אַרבעט דערהויבן געוואָרן און באַשטימט געוואָרן צו זיין דער קאָמענדאַנט פון דעם אָרדנונגס־דינסט אין ריישער געטאָ.

אַלע 35 קערפּערס זיינען געלעגן איינער אויף דעם אַנדערן. עס איז געוואָרן אַ באַרג פון טויטע. די נאַכט האָט טווארדאָן אויך געשאָסן מאטיס האפערט׳ס טאָכטער גענענדל, וואָס האָט געוואוינט אין סאָקאָלאָוו.

שבת דעם 27סטן יוני זיינען די לעצטע יידן אָנגעקומען קיין ריישע, מערסטנס זיינען דאָס געווען די יודנראטן מיט די אָרדנונגס־דינסטן פון די אַרומיקע שטעטלעך, וואָס זיינען געוואָרן „יידן־ריין״.

מיטאָג צייט האָט דער שטאָדט־הויפּטמאַן פון ריישע, פּאוולאָ, אַ געפּער־לעכער סאדיסט און מערדער, באַפוילן דעם ריישער יודנראט, אַז אַלע אָנגעקומענע יידן מוזן איינקוואַרטירט ווערן אין הייזער, און אויב אַ משפּחה וועט זיך געפינען אויף דער גאַס אָדער אין אַ הויף וועט מען אַלע שיסן. עס איז אָבער נישט געווען גענוג פּלאַץ אַריינצושטופּן 24 טויזנט מענטשן אין די עטלעכע געטאָ־גאַסן. שבת פאַרנאַכט איז ער אַריין אין געטאָ מיט עטלעכע עס־עס לייט און האָט דערשאָסן 150 יידן אין די הויפן און אין די גאַסן. ס׳רוב דערשאָסענע זיינען געווען ניי־געקומענע, וואָס האָבן נאָך נישט געהאַט קיין דאַך איבערן קאָפּ.

זונטיק דעם 28סטן יוני איז טווארדאָן געקומען קיין ריישע און פאַר־לאַנגט 100 יונגע געזונטע מענער, וועלכע ער וויל צוריקנעמען קיין קאָלבושאָוו, כדי צו צענעמען די הייזער פון געטאָ. ער האָט פאַרלאַנגט אויסשליסלעך קאָלבושאָווער. די ליסטע האָט געמאַכט פּאשעק, ער האָט נאָר אויסגעקליבן 90, איך און מיין ברודער לייביש זיינען געווען צווישן די דערוויילטע. אסך מענער האָבן נישט געוואָלט גיין — זיי האָבן נישט געוואָלט פאַרלאָזן זייערע פרויען און קינדער. דערפאַר זיינען די מערהייט צווישן אונדז געווען נישט־פאַרהייראטע.

מיין כוונה ביים מעלדן זיך איז געווען, אַז זייענדיק אין קאָלבושאָוו וועל איך קענען קויפן עסן און דאָס שיקן קיין ריישע צו מיין פאַמיליע. לייביש האָט אויך דאָס זעלבע אין זינען געהאַט.

איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן ווי מיינע שוועסטער האָבן מיך באַגלייט צום זאמל־פּלאַץ. דאָרט האָט זיך פאַרזאַמלט כמעט גאַנץ קאָלבושאָוו צו באַגלייטן ווער אַ ברודער, אַ טאַטע, אַ מאַן, אַ חתן אָדער אַ גוטן חבר.

דאָס האַרץ האָט געזאָגט, אַז דאָס געזעגענען זיך איז נישט פּשוט, מען האָט דאָס נישט אַרויסגעזאָגט און דאָך האָט מען געפילט, אַז ווער ווייסט צי מען זעט זיך אַמאָל נישט דאָס לעצטע מאָל.

מיר זיינען אַ גאַנצע נאַכט געגעאַנגען, איעדער מיט אַ רוק־זאַק אויף די פּלייצעס. אין דער פרי זיינען מיר אָנגעקומען קיין קאָלבושאָוו און מיר האָבן זיך איינקוואַרטירט אין די בתי־מדרשים, וואָס האָבן פון איצט אָן באַקומען דעם נאָמען: „דער קאָלבושאָווער אַרבייטס לאַגער״.

## קאַפּיטל צוואַנציק

## דער לעצטער וועג

ריישע אין יענע שוידערלעכע טעג האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט ממש אַ גיהנום. מאָנטיק פאַרטאָג זיינען גרופּן פון עס־עס אַריין אין געטאָ און געכאַפּט מענער און פרויען. געכאַפּט האָבן זיי מיינסטנס די פּליטים פון די אַרומיקע שטעטלעך, ווייל זיי האָבן נישט געוואוסט וואו זיך אויסצובאַהאַלטן.

די מענער האָבן די דייטשן געשיקט אין פאַרשידענע צוואַנגס־לאַגערן אַרום ריישע. פון אָט די לאַגערן זיינען זייער ווייניק אַרויס, על־פּי־רוב זיינען די יידן דאָרט אויסגעשטאָרבן פון הונגער. אַמאָל האָבן די דייטשן געדאַרפט די יידן פאַר פאַרשידענע אַרבעטן אין דער שטאָט גופא, ווי למשל, צו רייניקן די גאַסן, אָנלאָדן אָדער אויסלאָדן באַנען, אַרבעטן פאַר דייטשע פירמעס און אויך אין פּע־זעט־על, די עראָפּלאַן־פאַבריק.

עס איז ווייטער אָנגעגאַנגען דאָס זאַמלען געלט פאַר די שטייערן און פאַר דעם וואָס מ׳איז, כלומרשט, שולדיק געווען די פּאָליאַקן. אַזוי ווי ריישע האָט נאָר געהאַט געזאַמלט 60%, האָט עהאוז, דער קרייז־הויפּטמאַן, פאַרלאַנגט מען זאָל די רעשט 40% צונויפקלייבן צווישן די פריש־אנגעקומענע יידן. די געסטאַפּאָ־לייט האָבן שוין געהאַט אויסגעשאָסן אַ העלפט פון די יודנראַט־מיטגלידער פון ריישע און אומגעבנט, וואָס האָבן נישט געהאַט געזאַמלט די אַרויפגעלייגטע קאָנטריבוציעס. מיט די זאַמלונגען אין ריישע האָט אַצינד אָנגעפירט פאַשעק.

אַזוי ווי מען איז אָנגעקומען קיין ריישע האָבן די דייטשן אויפגעלייזט אַלע יודנראַטן און אַלע אָרדנונגס־דינסטן פון די אַרומיקע שטעטלעך. נאָר דריי מענטשן האָבן אוואנסירט: פאַשעק ראַפּאַפּאָרט און איטשעלע (איזאַק) זילבער, ביידע פון קאָלבושאָוו, און מאַרקוזע פון סאָקאָלאָוו. פאַשעקן האָט

דער פריער־דערמאָנטער עהאוז באַשטימט ווי דעם פאַרטרעטער פון פאָרזיצער פון ריישער יודנראט, מיט דער אויפגאַבע צונויפצוזאַמלען דאָס געלט, ווייל ער איז געווען דער איינציקער וואָס האָט באַוויזן אַרויסצוקריגן פון זיין אויסגעמאַטערטער קאָלבושאָווער קהילה די פולע סומע. מארקוזע איז געוואָרן דער קאָמענדאַנט פון דעם ריישער אָרדנונגס־דינסט, ווייל ער ווידער האָט אַזוי גוט אויסגעפירט די באַפעלן פון טווארדאָנען, בעת ער האָט אויסגעשאָסן די 35 יידן. און איזאק זילבער, „איטשעלע דענטע״, ווי מיר האָבן אים גע־רופן אין קאָלבושאָוו, איז אין גאַנצן אַלט געווען 16־17 יאָר, איז געוואָרן מאַרקוזעס אַרויסהעלפער. אין דעם איז אויך געווען טווארדאָנ׳ס האַנט, ווייל אין קאָלבושאָוו האָט טווארדאָן באַקומען די פולע אינפאָרמאַציע פון די יידן אין געטאָ דורך איטשעלען. אין משך פון איין וואָך צייט האָט פאשעק באַוויזן צו זאַמלען די צווייטע העלפט פון דער לעצטער קאָנטריבוציע.

דעם 6טן יולי פאַרנאַכט, האָט מען געקלעפּט פּלאַקאַטן, אַז אַלע יידן וואָס וואוינען אין די גאַסן: סלאָוואצקיעגאָ, בלומא, שפּיטאלנא, באלדאכאָווקא און אַנדערע דערבייאיקע געסלעך, זאָלן זיך צומאָרגנס אין דער פרי שטעלן אויף דעם פּלאַץ פון אַלטן בית־עולם ביי דער אַלטער שול, וואָס איז אויך געווען אין געטאָ. אין יענע גאַסן טאַקע איז איינגעשטעלט געוואָרן דאָס „קליינע געטאָ״, וואָס איז געבליבן נאָך אַלע 4 „אקציעס״.

דינסטיק, דעם 7טן יולי אין דער פרי, איז דער שטח פון געטאָ אַרומ־געשטעלט געוואָרן מיט דייטשע און פוילישע פּאָליציי פון דעם גאַנצן ריישער קרייז און אויך מיט עטלעכע פולקן עס־עס. אַ ספּעציעלע אָפּטיילונג פון עס־עס פון דער פאַרניכטונגס־בריגאַדע האָט אַרומגעשטעלט דעם אַלטן בית־עולם, אָדער אומשלאג־פּלאַץ, ווי די דייטשן האָבן עס גערופן. לויט דער פאַראָרדנונג האָט יעדער געמעגט מיט זיך מיטנעמען אַ פּעקל פון 25 קילאָ. צו דעם זאמל־פּלאַץ האָבן נישט באַדאַרפט קומען די יידן וואָס האָבן געאַרבעט אין דייטשע אונטערנעמונגען אָדער האָבן געהאַט ספּעציעלע זיגלען פון דער געסטאַפּאָ אויף זייערע „קען״־קאַרטן.

12 טויזנט יידן האָבן די דייטשן צוזאַמענגעיאָגט. ביים אַריינגיין צום פּלאַץ, וואו עס זיינען געשטאַנען שיכורע עס־עס־לייט, האָט מען פון יעדן צוגענומען דאָס פּעקל פון 25 ק״ג און די מענטשן סאָרטירט — אַלטע און קריפּלען לינקס, ווייבער געזונטע און יונגע — רעכטס. דעם טאָג האָבן די דייטשן אויסבראַקירט אַרום 6,000 מענטשן. פאַר אָט די אומגליקלעכע האָבן געוואַרט לאַסט־אויטאָס, וואָס האָבן זיי אַוועקגעפירט אין גלאָגעווער וואַלד אַריין, וואו עס זיינען שוין געווען צוגעגרייט גריבער. דאָרט האָט מען

די יידן באַפוילן זיך אויסטאָן אדם־נאַקעט, אויסשטעלן זיך לענג־אויס די גריבער און זיי זיינען אַלע אויסגעשאָסן געוואָרן מיט מאַשין געווער. אסך פון זיי זיינען אַריינגעפאַלן לעבעדיקע אין די גריבער אָדער בלויז פאַרוואונדעטע און זיינען לעבעדיקערהייט צוגעדעקט געוואָרן מיט אַנדערע לעבעדיקע קערפּערס. ביינאַכט האָבן די דייטשע טייוואָנים געבראַכט עטלעכע בולדאָזערס, וואָס זיינען איבערגעפאָרן איבער די קרבנות, צעשפּרייט דערנאָך אַביסל זאַמד איבער די גריבער. פויערים פון דער געגענד האָבן שפּעטער דערציילט, אַז עטלעכע טעג דורכאַנאַנד האָט מען נאָך געהערט דאָס קרעכצן און געשרייען פון די פאַרוואונדעטע, וואָס האָבן געוואָלט זיך אַרויסבאַקומען פון די קברים. דאָ און דאָרט האָבן זיי באַמערקט די ערד זיך הייבן. אַלע זיינען אויסגעגאַנגען אין יסורים אין שרעקלעכן טויט (זייענדיק שפּעטער אין די וועלדער האָב איך געטראָפן אַ ייד; פאַר דער קריג איז ער געווען אַן אויפזעער אין הויף אין פשעדבאָזש ביי אברהמ׳לע לאַנדוי, ער האָט מיר דערציילט, אַז ער איז פון די גלאַגאָווער וועלדער אַנטלאָפן אַ נאַקעטער. ער איז נאָר לייכט פאַרוואונדעט געווען ווען ער איז אַריינגעפאַלן אין גרוב און באַלד זיינען אַנדערע אויף אים געפאַלן. עס האָט אים גענומען 2 נעכט ביז ער האָט זיך אַרויסגעקאָפּעט פון אונטער די מאַסן קערפּערס).

עס איז אוממעגלעך צו באַשרייבן די סאַדיסטישע גרויזאַמקייטן מצד די דייטשע בעסטיעס.

פון די יידן אויף רעכטס האָבן די עס־עס געפאָדערט אָפּצוגעבן ס׳גאַנצע געלט, גאָלד און אַלע ווערט־זאַכן. מען האָט זיי געדראָאָט מיט שיסן אויפן אָרט. די דייטשן האָבן אַוועקגעשטעלט קאָסטנס און די יידן האָבן אַריינגעוואָרפן די לעצטע איבערבלייבענישן פון זייער גאַנצן רכוש. בעריש שטראָסבערג („פאָניע״) מיט זיין ווייב, אפרים בלאָזערס טאָכטער, זיינען אויפן אָרט דערשאָסן געוואָרן. מענדל גערטנער (בעדער) איז מיט זיין ווייב און טאָכטער פון די קוילן פון זעלבן רעוואָלווער אַוועקגעפאַלן טויט. דער רב, וואָס איז געווען אַ סגי־נהור איז אומברחמנות׳דיק צוזאַמען מיט זיין אייניקל ר׳ שלמה פרענקל׳ס יינגערע טאָכטער וואָס האָט פאַרזוכט זיך אַיינצושטעלן פאַר איר זיידן, דערשאָסן געוואָרן.

נאָך דער דאַזיקער פּראָצעדור האָבן די רוצחים אַרויסגענומען איכעל האָפּערטס ווייב און ריווטשע וואַכטעל, די קאָלבושאָווער שייטלמאַכערין, אויסגעטאָן זיי נאַקעט און געזוכט צי זיי האָבן נישט עפּעס באַהאַלטן. ביי דער דריטער פרוי, וואָס זיי האָבן נאַקעט אויסגעטאָן, דוד גלעזעל׳ס ווייב — טשאַרנע, האבן די דייטשן געפונען געלט; בלומע, איתּ טאָכטער, איז צו־

געגאַנגען מיט אירע 2 קליינע קינדער בעטן פאַר איר מאַמען.ביידע פרויען און ביידע קינדער האָבן די דייטשן דערשאָסן.

די דייטשן האָבן זיך איזדעקעוועט אויף עטלעכע יידן, וואָס האָבן געטראָגן טלית־קטנ׳ס. די דייטשן האָבן פון די יידן געפאָדערט צו פוצן זייערע שטיוול מיט זייערע ארבע־כנפות׳ן און צעשלאָגנדיק זיי ביז בלוט, האָבן זיי באַפוילן צו נעצן די טליתים קטנים מיטן בלוט און אַזוי אַרום פוצן זייערע שטיוול. נאָך דער דאָזיקער מלאכה, האָבן די מערדער געשלאָגן זייערע קרבנות ביז צום טויט. אַזוי זיינען אויך דערמאָרדעט געוואָרן דער ליפּניצער ייד שלמה בליצער און פנחס ראָזמאַרין פון קאָלבושאָוו.

די דייטשן האָבן שפּעטער אויסגעזוכט יונגע שיינע מיידלעך, אויס־געטאָן נאַקעט און כלומרשט זוכנדיק ווערט־זאַכן פאַרשעמט די צניעות פון די אומגליקלעכע יידישע טעכטער.

בשעת עס איז פאָרגעקומען די סעלעקציע אויף דעם אומשלאג פּלאַץ, איז אַן אַנדערע גרופּע עס־עס און פּאָליציי געווען באַשעפטיקט אין די געסלעך, וואָס האָבן געדאַרפט ווערן עוואַקואירט. אויב זיי האָבן דאָרט ווען געטראָפן, האָבן זיי אויפן אָרט דערשאָסן. דאָרט האָבן זיי געפונען און גע־שאָסן מיין פעטער משה יוסף בערעל און אברהם אינזעל מיט זיין ווייב, לאה. אברהם אינזעל, וועלכער איז שוין געווען אַ זקן, האָט געזאָגט, אַז סיי־ווי־סיי וועט מען אים שיסן, וויל ער מען זאָל אים שיסן אין אַ שטוב. אין געטאָ איז געלעגן אויף די גאַסן געלט און צירונג; די פאַראורטיילטע יידן האָבן דאָס אַלץ אַוועקגעוואָרפן כדי די דייטשן זאָלן עס ביי זיי ניט געפינען און געמיינט אַז אַזוי אַרום ראַטעווען זיי זיך פון אַ זיכערן אומקום.

די דייטשן האָבן זיך נישט געפוילט און אַרומגעגאַנגען מיט זעק און אַלצדינג צוזאַמענגענומען. לאַסט־אויטאָס זיינען דאַן אַריין אין געטאָ און אַרויסגעפירט אַלץ פון די שטיבער.

נאָך מיטאָג האָט מען דעם פאַרזאַמלטן עולם געהייסן מאַרשירן אין דער ריכטונג פון דער באַן. געלאָדנט האָט מען זיי אין פּשובישעווקע, 3 קילאָמעטער הינטער ריישע. די מענטשן זיינען געגאַנגען אין רייען, אַרומ־געריגנלט פון עס־עס און פּאָליציי, וועלכע האָבן כסדר אַריינגעשאָסן אין די רייען. דער גאַנצער וועג ביז דער באַן איז געווען באַדעקט מיט טויטע קער־פּערס. ביז צום אויפלאָדן אויף די וואַגאָנען האָבן זיי געשאָסן דריי הונדערט יידן און איבער טויזנט פאַרוואונדעט. דעם טאָג האָבן די עס־עס און פּאָליציי אָפּגעטאָן אַזעלכע סאַדיטישע מעשים, אַז אפילו דייטשן, וואָס האָבן געאַרבעט

אויף ציווילע אַמטן, האָבן אויפגעשווידערט. פּראָטעסטירט אָבער האָט קיינער נישט.

די גאַנצע אקציע איז אָרגאַניזירט געוואָרן פון עהאוז, דעם קרייז־הויפּטמאַן; פּאוולאָ, דער שטאָט־הויפּטמאַן און פייפער, דער שעף פון אַרבעטס־אַמט.

צומאָרגנס דעם 8טן יולי, האָט מען איבערגעפירט דעם יודנראַט, אָרדנונגס־דינסט, אַמבולאַטאָריע אין דעם נייעם אָדער קליינעם געטאָ, אין די גאַסן פון וואַנען מען האָט נעכטן אַרויסגעטריבן די יידן. אויך האָבן זיך דאָרט געמוזט איבערציען די אַלע וואָס האָבן געאַרבעט אויף דייטשע אַרבעטס־שטעלן אָדער האָבן געהאַט אַרבעטס־קאַרטן, אַז זיי זיינען באַשעפטיקט ביי וויכטיקע אַרבעטן.

דעם 10טן יולי איז פאָרגעקומען די צווייטע אַקציע, דעם 14 — די דריטע און דעם 17טן יולי — די פערטע. יעדע אַקציע האָט אַזוי אויסגעזען ווי די ערשטע. נאָך דער פערטער אַקציע איז דער גאַנצער שטח פון געטאָ געוואָרן פאַרמאַכט און דאָס רעשטל יידן האָבן זיך איינקוואַרטירט אין דעם קליינעם געטאָ.

ס׳זיינען געבליבן איינצלנע יונגע מענטשן פון גרויסע משפּחות, וועלכע האָבן געוואוינט צוזאַמען מיט באַקאַנטע אָדער חברים. יעדער איז געגאַנגען צו דער אַרבעט, כדי צו באַקומען דעם זיגל פון דעם אַרבעטס־אַמט, אַז ער איז פּראָדוקטיוו. יעדן אינדערפרי האָבן גרופּן אַרויסמאַרשירט אין רייען, און פאַרנאַכט צוריקגעקומען אין רייען אין געטאָ. ביים טויער איז געשטאַנען אַ דייטשע וואַך, וואָס פלעגט איבערזוכן די אַרבעטער. אויב מען האָט געפונען עפּעס עסן ביי ווער, האָט מען עס ביי אים צוגענומען און ווי אַ צולאָג — געשלאָגן.

אין ריישע זיינען אויך געבליבן עטלעכע קאָלבושאָווער מענטשן, ווייל די ערשטע וואָך האָט מען זיי געהאַט געכאַפּט צו דער אַרבעט אויסצולאָדען קוילן אויף דער באַן, וואו מען האָט זיי געגעבן אַ זיגל אויף די אַרבעטס־קאַרטע און אַזוי האָבן זיי געקענט בלייבן.

עס זיינען אויך געבליבן עטלעכע יונגע קאָלבושאָווער מענער, וועלכע מען האָט גענומען אין דעם לאַגער ביי ריישע, יאשאָנקע, אָבער דאָרט זיינען אַלע אומגעקומען, מיינסטנס געשטאָרבן פון הונגער, אָדער געוואָרן דערשאָסן. אין יאשאָנקע זיינען געווען: מאָטעלע און שלמה גראָספּאַטער, שמשון שוחט׳ס זון; משה יוסף בערעלס אייניקלעך (ביידע זיינען צוריקגעקומען קיין ריישע, אין שפּיטאָל אַריין. איך האָב זיי געזען, זיי האָבן אויסגעזען ווי צוויי סקעלעטן,

מיט גרויסע שוואַרצע אויגן. ביידע זיינען זיי נאָך עטלעכע טעג געשטאָרבן);
לייבוש עהרליך, יצחק יעקב׳ס זון; משה שטערנליכט; זיינוועל ווייץ, איטשע
ווייץ׳ס זון; הענעך, עקיבא לייסטנערס איניקל; משה לייב בלעכער׳ס ביידע
זין, יואל און מאנעס.

אין ריישער געטאָ איז געבליבן הענע טראמפעטער, אנדזשע עקשטיין
מיט איר מאַן — אברהם׳לע עקשטיינס איניקל, די גאַנצע ראַפּאָפּאָרט
משפחה און די מוטער און שוועסטער פון איזאַק זילבער.

אין דעם .P.Z.L — לאַגער איז געבליבן: שמואליעק ווייכסעלבוים,
זעליס זון; הערש־מענדעל שטאָב, משה שטאָב׳ס זון; איזאַק זילבער, וואָס
איז געוואָרן דער פאַרבינדונגסמאַן צווישן דער יידישער פּאָליציי און דעם
שטאָט־הויפּטמאַן. דאָס איז געווען אַ זער וויכטיקער פּאָסטן, ווייל אַלע
באַפעלן און גזירות האָט ער אַריינגעבראַכט אין געטאָ. אַלע מענטשן
אין געטאָ האָבן פאַר אים געציטערט. ער האָט זיך אַרומגעדרייט אין געטאָ
מיט די שיינענדיקע שטיוול און שטענדיק געהאַלטן אַ קאַנטשיק אין דער
האַנט. זיין גרעסטער פאַרגעניגן איז געווען, ווען די אַרבעטער האָבן אַריינ־
מאַרשירט אין געטאָ, נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט, אַרויסצונעמען דאָס שענסטע
מיידל פון דער ריי און געבן איר אויף דעם נאַקעטן לייב פינף־און־צוואַנציק
שמיץ.

ביי דער 5טער אקציע האָט מען צוגענומען די פאַמיליעס פון די
יודנראטלער און אויך פון די מיטגלידער פון אָרדנונגס־דינסט. דעמאָלט איז
אויך אַוועק די מוטער און שוועסטער פון איזאַק זילבער. אויך די פרויען
און קינדער פון די ראפּאָפּאָרט משפחה. איזאַק איז געבליבן כמעט ביז די
לעצטע, ווען ער האָט זיך דערוואוסט, אַז יידן באַהאַלטן זיך אויס אין אַ
בונקער הינטער דעם ריישער מאַרק. ער איז אַריין אין בונקער און געזאָגט,
אַז מען מוז אים אַריינעמען, אויב נישט וועט ער דערציילן די דייטשן.
ער איז געווען אין בונקער ביז די דייטשן האָבן דעם בונקער אַנטדעקט און
האָבן די עטלעכע פערציק יידן דערשאָסן צוזאַמען מיט איזאַקן.

מארקוזע, דער קאָמענדאַנט איז תמיד געווען שיכור; ער איז געווען
אַ פליכטלינג פון קאליש. זייענדיק נאָך קאָמענדאנט אין סאָקאָלאָוו, פלעגט ער
אייך מאָל אין דער וואָך קומען קיין קאָלבושאָוו צו טווארדאָנען, אָפּצוגעבן
אַ באַריכט וואָס עס הערט זיך ביי אים אין געטאָ. אויף אים איז אויך געקומען
אַ סוף — אַ געסטאפּאָוויעץ, און גראָד זיינער אַ באַקאַנטער, האָט אים דערשאָסן
אין געטאָ פאַר די אויגן פון יודנראט.

די טראַנספּאָרטן פון ריישע זיינען געגאַנגען קיין בעלזשעץ, וואו עס איז געווען דער עקסטערמינאַציע לאַגער. געפירט האָט מען זיי אין פראכט — אָדער בהמה־וואַגאָנען. אָנגעלאָדן זיינען די אומגליקלעכע יידן געוואָרן אַזוי פיל, אַז מען האָט נישט געקענט זיצן, בלויז צונויפגעקוועטשטערהייט שטיין. ס׳איז געווען זומער און אין די היצן, אָן לופט אָדער וואַסער, איז אַ גרויסער פּראָצענט אויסגעשטאָרבן אויפן וועג, באַזונדערס זיינען געפאַלן די קינדער. די וואַגאָנען זיינען געווען הערמעטיש פאַרמאַכט פון דרויסן און פאַרזיגלט, און באַוואַכט פון עס־עס, וואָס זיינען געזסן אויף די דעכער. עס איז געווען אוממעגלעך צו אַנטלויפן. און ווען ס׳האָט זיך יאָ געטראָפן אַ פאַל, וואָס איינער האָט געקענט אויפברעכן די קראַטעס פון דעם קליינעם פענצטערל און אַרויסשפּרינגען, איז ער דערשאָסן געוואָרן. אויב ס׳איז אים געלונגען (אַ זעלטענער צופאַל) אויסצומיידן די דייטשע קוילן, האָבן אים פּאָליאקן געכאַפּט און אים אויסגעגעבן צו די דייטשן אָדער אַליין דערהר״געט.

די טויט פּראָדוקציע אין בעלזשעץ איז געווען גרויס, דאָך האָבן די גאַז־קאָמערן און קרעמאַטאָריעס נישט געקענט אַזוי פיל מענטשן איינשלינגען וויפל די טראַנספּאָרטן האָבן געליפערט. די פאַראורטיילטע האָבן געמוזט וואַרטן טעג ביז עס איז געקומען זייער ריי.

קיינער פון זיי האָט נישט געוואוסט וואוהין מען פירט די אומגליקלעכע, קיינער האָט זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן אַז ס׳איז אויספּלאַנירט געוואָרן פון אַ מלוכה און איר אַפּאַראַט, אַ ביז צום לעצטן דעטאַל דורכגעטראַכטע סכעמע, ווי אַזוי אומצוברענגען שוצלאָזע יידן, ווי אַזוי זיי צו פאַרמאַטערן ביז צום טויט; און אַוודאַי האָט קיין נאָרמאַלער מענטש ניט געקאָנט אויפברענגען אויפן געדאַנק, אַז די דייטשע טויט־מאַשין וועט נאָכגיין יעדן איינעם וואָס וועט זיך אויף אַ נסים׳דיקן אופן ראַטעווען, כדי זיי צו מאָרדן מיט אַלע מעטאָדן און וועגן, וואָס נאָר אַ טייוול האָט זיי געקאָנט אויסטראַכטן...

אַזוי איז אומגעקומען אַ שטעטל יידן. — די שכנים האָבן זיך צוגעקוקט צום שוידער. אַ סך פון זיי האָבן געהאָלפן אין אומברענגג. קיינער פון זיי האָט ניט געטאָן קיין פינגער אין קאַלטן וואַסער אימעצן צו ראַטעווען. נאָך הונדערטער יאָרן פון וואוינען זייט ביי זייט האָבן זיי פאַרברעכעריש געשוויגן, און באַגלייט מיט אויגן פול מיט שנאה די קרבנות אויף זייער לעצטן וועג...

## קאַפּיטל איין און צוואַנציק

## דער אַרבעטסלאַגער

פאַרטאָג זיינען מיר אָנגעקומען פון ריישע קיין קאַלבושאָוו און איינ־קוואַטירט זיך איןביידע בתי־מדרשים, אַריינגערעכנט די ווייבערישע שול. מיר האָבן באַקומען פון דייטשן מיליטער דאָפּלטע פּריטשעס, וואָס האָבן געדאַרפט דינען ווי בעטן.

ווי לאַגער־פירער זיינען באַשטימט געוואָרן העניריק מאָנד פון קראָקע (דוד גערסטעלס שוואָגער) און יאַנטשע ראַפּאַפּאָרט. די פּאָליציי איז באַ־שטאַנען פון: יאָסל ראַפּאַפּאָרט — קאָמענדאַנט, לעאָן גערסטעל, מענדעל בילפעלד, און אליעזר שפּילמאַן. צוליב דעם וואָס אין דער לייטונג פון לאַגער זיינען געווען בלויז יידן, האָבן מיר זיך מער־ווייניקער געקאָנט פריי באַוועגן. לויטן געזעץ איז אונדז געווען דערלויבט צו גיין אויסערן לאַגער אין דער באַגלייטונג פון איינעם פון די אויבנדערמאָנטע זעקס. מיר האָבן דאָך אויס־גענוצט דעם פאַקט, וואָס דער לאַגער איז געווען אָן וועלכער ניט איז דייטשער אָדער פּוילישער וואַך, און מיר האָבן זיך פריי אַרומגעדרייט אין געטאָ, און ביינאַכט זיינען מיר אָפט אַרויס אויסער דער געטאָ און געגאַנגען איבער דער גאַנצער שטאָט. דער עיקר איז געגאַנגען אין דעם, אַז מען זאָל אונדז נישט כאַפּן!

דעם צווייטן טאָג, איז טוואַרדאָן געקומען אויף אַ באַזוך. ער האָט אונדז אויסגעשטעלט, איבערגעציילט, און צוגעזאָגט, אַז אויב מיר וועלן זיך גוט אויפפירן, וועט אונדז דאָ גאָרנישט ניט פעלן. אויב עס וועט ווער פון אונדז אַנטלויפן, וועט ער פאַר יעדן איינציקן שיסן צען. ער האָט אויסגעקליבן יאַנקעל לאַמפּעל, וואָס איז געווען אַ „פעלדפעבל" אין עסטרייכישן מיליטער, אַז ער זאָל מיט אונדז מושטירן. ער האָט יאַנקלען געשאָנקען אַ היטל, אַזאַ ווי די יידישע פּאָליציי פלעגט טראָגן, אַ פּאַס מיט אַ רעוואָלווער (וואָס איז אין דער אמת׳ן געווען נאָר אַ שפּילצייג), און יעדן טאָג ווען מיר זיינען געגאַנגען צו און פון דער אַרבעט, האָבן מיר מאַרשירט מיט יאַנקלען בראש פּונקט ווי מיליטער; אָנשטאָט געווער האָבן מיר געטראָגן די רידלעס אויף די אַקסלען און געזונגען האָבן מיר פּוילישע מיליטערישע און אויך יידישע לידער. יעדן טאָג נאָכן עסן האָט אונדז יאַנקעל לאַמפּעל טאָקע מושטירט אַ שעה־צוויי. דאָס גרעסטע פאַרגעניגן פאַר טוואַרדאָנען איז געווען, אַז בשעת ער האָט געהאַט באַזוכער, ווי געסטאַפּאָ, פּאָליציי, מיליטערלייט, אָדער סתם דייטשן, האָט ער זיי געבראַכט צו אונדז און מיר האָבן לכבוד זיי געמאַכט

אַ דעפּילאַדע. יאַנקעל מיט די 4 פּאָליציאַנטן אין די זייטן האָבן סאַלו־טירט. די קאָמאַנדעס פון יאַנקלען זיינען געווען אויף דייטש: „אויגען רעכטס" — אָדער „אויגען לינקס". טוואַרדאָן איז געשטאַנען און אָנגעקוואָלן, פון זיין אייגענער אַרמיי...

מיר האָבן געהאַט אַן אייגענע קיך אין דעם קליינעם שעכטהייזל און דוד גערסטעל איז געווען דער קעכער. מיר האָבן אויך געהאַט אַן אייגענע בעקעריי, וואָס געפירט האָבן זי שמואל פעניכעל און יעקב רעכט (אלימלך וואַקספּרעס איידעם). די אייגענע בעקעריי איז געווען זייער נוצלעך, ערשטנס האָבן מיר געבאַקן ברויט פאַר זיך אַליין, און אַחוץ דעם האָבן פּאָליאַקן געליפערט צו אונדז מעל אויסצובאַקן, ממילא איז געווען ביי אונדז ברויט, וואָס מיר האָבן געפירט קיין ריישע צו אונדזערע לאַנדסלייט און מיר אַליין האָבן אויך געהאַט צו עסן צו דער זעט.

אין דער שול זיינען וויטער געווען די שוסטער, אויבערטיילן־ אין שניידעריי־וואַרשטאַטן, זיי האָבן גענייט בגדים און געמאַכט שטיוול פאַר די דייטשן און דאָס וואָס מען האָט אָפּגעשפּאָרט (מיר האָבן עס גערופן — גע׳גנב׳עט) איז געווען גענוג צו פאַרריכטן אונדזערע אייגענע מלבושים און שיך.

די ערשטע וואָך האָט שפּילמאַן באַקומען אַ „פּשעפּוסטקע" פון דער דייטשער פּאָליציי, און געפאָרן קיין ריישע. יעדער האָט אים מיטגעגעבן בריוו צו די אייגענע און ער האָט געבראַכט פון זיי ענטפערס. עטלעכע מאָל איז ער געפאָרן, ביז דער לעצטער אַקציע. ווען ער פלעגט צוריקקומען, איז מען געזעסן דערשלאָגן, ווייל די בריוו וואָס ער פלעגט ברענגען, האָבן דערציילט וועגן יסורים, פּיין און טויט. נאָך דער ערשטער אַקציע איז אַוועק מער ווי אַ העלפט קאַלבושאָווער, און מיר אין לאַגער האָבן שוין נישט געהאַט פון וועמען צו דערוואַרטן בריוולעך...

די בריוו וואָס איך האָב באַקומען האָבן מיר אָנגעזאָגט איוב־בשורות. דאָ איז איין שוועסטער אַוועק מיט איר פאַמיליע, און דאָ איז ווידער אַן אַנדער שוועסטער אַרויסגעפירט געוואָרן צום טויט. דעם לעצטן בריוו, וואָס איך האָב געקראָגן פון ריישער געטאָ, געדענק איך באַזונדערס, ווייל די מאַמע האָט געהאַט צוגעשריבן, און איך געדענק גענוי אירע ווערטער, וואָס איך באַטראַכט ווי אַ צוואה פון מיין מאַמען:

„איך ווייס נישט, וואָס מיט אונדז וועט זיין — האָט מיין מאַמע געשריבן — מיר ווענדן, זעט אויס, מוזן טיילן דעם גורל פון דעם גאַנצן כלל. אָבער דו — האָט מיין מאַמע געשריבן צו מיר — ביסט יונג און שטאַרק,

איז דיין חוב — צו בלייבן לעבן. זאָל דיך דאָס יתום דיקייט נישט צעברעכן! בלייב לעבן, און נאָך דער מלחמה זאָלסטו דערציילן דער וועלט וואָס די דייטשן האָבן אָפּגעטאָן, וואָס פאַר אַ מערדערס זיי זיינען!"

נאָכן פאַרלירן די גאַנצע משפּחה האָט זיך מער נישט געוואָלט לעבן. דער זעלבסט־פאַרטיידיקונגס אינסטינקט אָבער, וואָס עקזיסטירט אין יעדן מענטשן, באַזונדערס אין מאָמענטן פון גרויל, האָט אָנגעהויבן פונקציאָנירן. באַלד נאָך די אַקציעס, האָבן זיך אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן קלאַנגען, אַז קיין ריישע זיינען שוין צוריקגעקומען עטלעכע יידן פון די טראַנספּאָרטן און זיי אַלע דערציילן, אַז אַלע פאַרשיקטע לעבן אין לאַגערן, וואָס זיינען אויפגעשטעלט געוואָרן אין דער אוקראַינע. מען האָט אַפילו צוגעגעבן, אַז מאַנכע יידן אין ריישע האָבן באַקומען בריוו פון זייערע משפחות. אָבער געזען די בריוו, אָדער די צוריקגעקומענע, האָט קיינער נישט. מען האָט יאָ געוואוסט, אַז די טראַנספּאָרטן זיינען אַוועק אין דער ריכטונג פון ראַווא־רוסקאַ. האָבן מיר צוזאַמענגעלייגט אַביסל געלט, און געשיקט אַ באַקאַנטן גוי פון קאָלבו־שאָוו מיט אַ בריוו צום יודנראַט קיין ראַוואַ־רוסקאַ, אפשר קענען זיי אונדז אינפאָרמירן, וואָס עס איז אין דער אמתן געשען מיט די מענטשן. דער שליח האָט אונדז געבראַכט אַן ענטפער, אַז זיי וויסן, לוידער, נישט וואָס מיט די פאַרשיקטע איז געוואָרן. צוגעגעבן האָט דער ראַוואַ־רוסקער יודנראַט, אַז יעדן טאָג פאָרן פאַרביי זייער שטאָט עטלעכע באַן־טראַנספּאָרטן מיט יידן, אָבער וואוהין מען פירט זיי, ווייסן זיי נישט.

אַ חודש נאָך דער לעצטער אַקציע, האָט מען שוין געוואוסט דעם אמת: די טראַנספּאָרטן גייען קיין בעלזשעץ, און אַז דאָרט איז אויפגעשטעלט געוואָרן דורך די דייטשן אַ טויטן־פאַבריק, וועגן די מעטאָדן און אופנים פון פאַרניכטונג, האָבן זיך פאַרשפּרייט כלערליי השערות און קלאַנגען.

אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז טוואַרדאָן האָט אויפגעשטעלט דעם אַרבעטס־לאַגער אין קאָלבושאָוו, כדי צו צענעמען אַלע הייזער אויף דעם שטח, וואו ס'איז געווען די געטאָ. דאָס זעלבע האָט ער געטאָן אין גלאָגעוו און אין סאָקאָלאָוו, וואוהין ער האָט אויך צוריקגעבראַכט פון ריישע הונדערט יונגע מענער.

צוויי טעג נאָכן צוריקקומען האָבן מיר אָנגעהויבן פונאַנדערצונעמען די הייזער. דאָס ערשטע איז געפאַלן דאָס געסל פון שעכט־היזל. די נידעריקע, איינגעבויגענע הייזלעך מיט די פּאַפּענע אָדער הילצערנע דעכער, האָבן אונדז געקענט דערציילן סודות פון דורות יידיש לעבן, אָבער זיי זיינען געשטאַנען שטום, און אַזוי שטומערהייט זיינען זיי איינס נאָך איינס פאַר־

שוואונדן. ס׳איז געווען אַ פּאַטעטיש און טראַגיש בילד פאַר יעדן פון אונדז, וואָס האָט געוואוסט, אַז די דאָזיקע פאַלנדיקע ווענט, שינדלען, דאַכאוּקעס, בעלקעס, ברעטער זיינען געשיכטע, וואָס צעפאַלט זיך פאַר אונדזערע אויגן.

פון די בוידעמס האָבן מיר אַרונטערגעוואָרפן אַלטע וויגן, וואָס אונדזערע זיידעס זיינען נאָך אין זיי אויפגעהאָדעוועט געוואָרן, מולטערס, קוישן, באַליעס, שעפלעך, פעסלעך, וואו מען פלעגט איינזייערן דעם באָרשטש אויף פסח, אָדער דעם קרויט פאַר ווינטער, בעזימלעך פון באָד, וואָס יידן פלעגן זיך שמייסן דערמיט; אַלטע צעבראָכענע בעטן און שענקלעך, מאַשלניצעס אין צעבראָכענע, אייזערנע אייוועלעך, ביי וועלכע מען האָט זיך געוואָרעמט אין די לאַנגע, קאַלטע ווינטער־נעכט. פאַר דרויסנדיקע האָט עס געמיינט ברוך, שמעלץ, בערג פון שטויב און חורבן; מיר האָבן, אָבער, געליטן, זעענדיק ווי אונדזער אייגן לעבן ווערט חרוב ומוחרב און ווערט פאַרוואַנדלט אין קופּעס פון גרוזעס אין פוסטן אַרום...

די אַלטע זאַכן האָבן מיר סאָרטירט און אַוועקגעטראָגן אין דעם הויז פון לעמעל בעלער ביים בית־המדרש, וואָס איז באַשטימט געוואָרן ווי דער מאַגאַזין. די דייטשן האָבן קיין שום זאַך ניט דורכגעלאָזט, אַלץ איז אין זייערע אויגן געוואָרן באַטראַכט ווי „רוי־מאַטעריאַל״. יעדע שטוב ביי לעמעל בעלער, איז געווען אַ מאַגאַזין פאַר עפּעס אַנדערש. איינע — פאַר אייזן, אַ צווייטע — פאַר כלים פון מעש, קופּער, בליי, אַ דריטע — פאַר אַלטע פלעשלעך; נאָר די גרעסטע שטוב איז געווען פאַר פּאַפּיר: דאָ זיינען צונויפגעבראַכט געוואָרן גאַנצע זאַצן פון ש״ס, ווילנער, שקלאָווער, וואַרשעווער, איינצלנע גמרות, סידורים, מחזורים, חומשים, אָדער יידישע מעשה־ביכלעך. די שטוב איז געווען פול ביז דעם סופיט. אַהער זיינען געבראַכט געוואָרן אַלערליי שמות, פאַרגעלבטע, דורכגעווייקטע, וואָס מיר האָבן אַראָפּגענומען פון בוידעם פון דער שול. ווען ס׳איז מיר אַריינגעפאַלן אין די הענט אַן אַלטע „צאינה וראינה״ — און געווען זיינען דאָרט הונדערטער אַזעלכע הייליקע ספרים, — האָבן זיך פאַר מיינע פאַרוויינטע אויגן אויפגעשטעלט די באָבעס און מאַמעס, וואָס האָבן אויסגעגאָסן זייערע ביטערע הערצער אין די פאַלקסטימלעך געשריבענע מעשיות און פסוקים, וואָס זיי האָבן מיט אַזוי פיל גאָטספאַרכטיקייט און כוונה געלייענט...

יאָ, פון דעם גאַנצן ספרים־אוצר איז געוואָרן מאַקולאַטור. ווי אַזוי האָבן זיך באַוויזן יידישע ספרים אין די פּוילישע געשעפטן פון שטעטל — האָבן די גויים אַליין נאָר געקאָנט וויסן. ביי אונדז, אָבער, האָט זיך געריסן דאָס האַרץ פון ווייטיק, ווען מיר האָבן דערבליקט ווי אַזוי דער פּוילישער

קוילער פאַקט איין אַ שטיק חזיר־פלייש אין אַ דף גמרא... און נאָך ערגער איז אונדז געוואָרן, ווען מיר האָבן באַמערקט יידישע אותיות זיך וואַלגערן פאַרשמוצט לעבן די אָפּטריטן פון אונדזערע גוישע שכנים...

דאָס געהילץ פון די הייזער האָבן מיר צעשניטן און אָנגעלייגט הונ־דערטער קלאַפּטערס. דאָס האָבן די דייטשן צעטיילט צווישן די פּאָליאַקן, זיי זאָלן האָבן האָלץ אויף ווינטער, עס זאָל זיי זיין וואַרעם.

ס׳איז אונדז אויך אויסגעקומען צו זען ניט־יידן טראָגן שטעק־שיך אָדער טאַשן פאַר איינקויפן געמאַכט פון יריעות פון היילקייטן. באַמערקט האָבן מיר, ווי אַ סך פון זיי טראָגן קליידער, אָדער וועש, פון די וואָלענע טליתים, וואָס זיי האָבן געפונען אין יידישע הייזער.

פּראָוויאַנט פאַר דעם לאַגער האָט אונדז געגעבן דער מאַגיסטראַט: קאַרטאָפל, מעל, מאַרמעלאַדע. פלייש האָבן מיר זעלטן באַקומען. נאָר איב אַ קו האָט ביי אַ פּאָליאַק געפּגרט, אָדער אַ פערד האָט אַ פוס צעבראָכן, איז ביי אונדז געווען אַ יום־טוב, ווייל מיר האָבן דאָס באַקומען און געהאַט פלייש פאַר עטלעכע טעג.

אַנטקעגן אַנדערע לאַגערס האָבן מיר געלעבט ווי אין אַ גן־עדן. עסן האָבן מיר געהאַט גענוג, געאַרבעט האָבן מיר נישט צו שווער, און מיר האָבן אויך געהאַט גענוג געלט צוצוקויפן זיך שפּייז.

די געסלעך פון געטאָ זיינען אויסגעגלייכט געוואָרן מיט דער ערד. נאָר עטלעכע הייזער האָט מען איבערגעלאָזט, מייסטנס געמויערטע, ווי פּנחס בעלערס, מרדכי הירש שרעקס, מתתיה האפערטס, משה אהרן זילבערס, וואָלף גלאַנצס און דוד גלעזעלס. דאָס צעלייגן די געטאָ האָט געדויערט ביז דעם ערשטן אויגוסט, 1942.

ווען מען איז פאַרטיק געוואָרן מיט דער געטאָ, האָבן מיר אָנגעהויבן צו גראָבן גריבער לענג־אויס אַלע וועגן. די ראָוועס האָבן מיר געמאַכט צוויי מעטער טיף, איןביידע זייטן פון דעם וועג. אויף דעם סענדזישאָווער וועג האָבן מיר געגראָבן 15 קילאָמעטער, ביז דעם טשאַרנער וואַלד. די דאָזיקע אַרבעט איז נישט געווען צו שווער. ביים רעגולירן די ראָוועס, האָבן מיר געאַרבעט ביז דעם ערשטן אָקטאָבער, 1942.

דאַן איז געקומען די ריי אָנצוהויבן רעגולירן דעם טייך. מיר האָבן אָנגעהויבן אין ביקעוויץ, צוגעקומען דורך די גאָרער פעלדער, דורך די לאָווער און טאַרגעוויצע צו דער גמינע, דורך דעם מאַרק, (אויף דער זייט פון טייך, זיינען די הייזער געווען פאַרבריענט), צו דער קירך, דורך דעם פּאַסטערנאַק הינטער דעם גוישן צווינטער און דורך די פעלדער קיין שווערשטשעוו ביז

דוביס. דער טייך, וואָס פלעגט זיך פריער שלענגלען אויף זיין וועג, איז איצט געפלאָסן אין אַ גלייכער ליניע, פון ביקעוויץ ביז דוביס. מיר זיינען געוואָרן פאַכליט אין אַזאַ אַרבעט, און אויסגעגראָבן אַ נייעם פלוס־באָדן, וואָס מען רופט אָן „קאַריטע", פאַר דעם וואַסער, דאָן פאַרפעסטיקט די ברעגן מיט צווייגן, האָלץ, ראַגאָזשעס און גראָז, און דאָן אַריינגעלאָזט דאָס וואַסער אויף דעם נייעם דנאָ פון טייך. אָנגעפירט מיט דער אַרבעט, האָט אַן אוקראַאינישער אינזשיניער. ווען דאָס רעגולירן פון טייך איז פאַרטיק געוואָרן, האָבן מיר זיך געזאָרגט, וואָס וועט טוואַרדאָן מיט אונדז טאָן, אויב ער וועט פאַר אונדז נישט געפינען קיין אַנדערע אַרבעט.

אין לאַגער האָב איך געהאַט עטלעכע פונקציעס: טוואַרדאָן האָט געהאַט אַ גרויסן מאַגאַזין מיט סחורות, וואָס ער האָט געהאַט אָנגערויבט ביי די קאָלבושאָווער יידן. די סחורות זיינען געווען אָנגעפאַקט אין אַלע צימערן אויף דעם צווייטן שטאָק פון דער געביידע, וואו די אַמטן פון סטאַראָסטווע האָבן זיך געפונען. אין דעם הויז איז אויך געווען טוואַרדאָנס קאַנצעליי און אויך די פוילישע, אָדער ווי מען האָט זי גערופן בשעת דער אָקופּאַציע, די „גראַנאַטנע פּאָליציי". טוואַרדאָן האָט געוואָלט סאָרטירן די סחורות און זען וואָס ער פאַרמאָגט דאָרט. ס'רוב סחורות זיינען געווען געפּאַקט אין קאָסטנס, אויף וועלכע עס איז געווען פאַרצייכנט מיין טאַטנס נאָמען, ווייל די דייטשן האָבן זיי צוגענומען ביי אונדז, ווען זיי האָבן געהאַט אַרויסגעטריבן אַלע יידן פון די געשעפטן אויפן מאַרק. אַזוי ווי טוואַרדאָן האָט געוואוסט, אַז לייביש און איך זיינען אין דעם לאַגער, האָט ער געזאָגט יאַנטשע ראַפּאָ־פּאָרטן, אַזביידע זאָלן מיר צו אים קומען. ער האָט אונדז באַפוילן, אַז יעדן טאָג זאָלן מיר זיך מעלדן צו אים אין דער פרי, און מיר וועלן סאָרטירן און פּאַקן די סחורות. ער האָט מיך אויסגעקליבן, ווייל איך בין באַהאַוונט אין דער בראַנזשע. יאַנטשע, ווידער, זאָל אַלצדינג פאַרשרייבן און נומערירן די קאָסטנס, אַזוי אַרום וועט ער, טוואַרדאָן, וויסן, וואָס עס געפינט זיך אין יעדן קאָסטן באַזונדער.

יעדן טאָג 8 אין דער פרי, אַזוי ווי אַלע אַרבעטער זיינען געגאַנגען צו זייערע אַרבעטן, זיינען מיר ביידע געגאַנגען צו טוואַרדאָנען. טוואַרדאָן אַליין, אָדער אַ פאַרטרעטער זיינער, האָט אונדז אַריינגעלאָזט אין אַ צימער און אונדז פאַרשלאָסן פון דרויסן. מיטאָג־צייט האָט מען אויפגעשלאָסן די טיר, אונדז גרינטלעך רעווידירט און געלאָזט אונדז גיין אין לאַגער עסן. ביז אַ שעה האָבן מיר געמוזט זיין צוריק. ווידער האָט מען אונדז פאַרשלאָסן, און פאַרנאַכט, נאָך דער אַרבעט, ווידער רעווידירט און געשיקט אין לאַגער

אַריין. מיטאָג־צייט, ווען מיר האָבן זיך אומגעקערט אין לאַגער אַריין עסן, זיינען מיר ביידע געגאַנגען אין דער מלעטשאַרניע, וואָס האָט זיך געפונען אין דעצינס הויז, דאָרט גענומען אַ קאַן מיט 50 ליטער מילך פאַר אונדזער קיך. די מילך איז געווען ממש ווי וואַסער, די גאַנצע פעטקייט איז שוין געווען אַראָפּגענומען.

ביים סאָרטירן די אַלע סחורות און זאַכן, האָבן מיר געפונען פיל ניצלעכע אַרטיקלען וואָס מיר האָבן געוואָלט מיט זיך נעמען. כדי צו קאָנען געניסן, זיינען מיר דעריבער געקומען צו דער אַרבעט כמעט נאַקעט — אַ העמד, הויזן און אַ רעקל, און אַלטע אויסגעטראָטענע שיך. זייענדיק אינע־ווייניק, האָבן מיר איך זיך אַרויפגעצויגן יעדן טאָג נייע וועש, פרישע זאָקן, גוטע סוועטערס, אויסגעטוישט די שיך פאַר בעסערע, און איבערגעלאָזט דאָרט די געלאַטעטע הויזן און אַרויסגעגאַנגען מיט נייע. מיר האָבן גענומען וואָס מיר האָבן נאָר געקענט. געמוחט האָבן מיר אָבער זיין פאָרזיכטיק, ווייל טוואַרדאָן און זיינע שותפים האָבן אונדז באַזוכט און רעווידירט יעדע ווײלע. מיר האָבן גוט געוואוסט, אַז ווען ער וועט זיך כאַפּן וואָס דאָ קומט פאָר, וועט ער אונדז איפּן אָרט דערשיסן.

*

אין דער קאָלבושאָווער געגנט האָבן זיך געפונען נאָך צוויי אַרבעטס־לאַגערן: אין ביעשאַדקע און אין הוטאַ־קאמאראווסקאַ. די לאַגער־יידן דאָרט האָבן געהערט צו איך דייטשישע פירמע, וואָס האָט אויסגעהאַקט האָלץ אין די דערבייאיקע וועלדער און דאָס געהילץ טראַנספּאָרטירט קיין דייטשלאַנד.

ווי לאַנג די יידן פון די אַלע שטעטלעך זיינען געווען אין די געטאָס, פלעגן זיי צושיקן עסן, געלט, קליידער צו זייערע נאָענטע קיין ביעשאַדקע. מיינסטנס זיינען זיי געווען פון די אַרומיקע מקומות, ווי מעליץ, גלאגעוו, ריישע, בלאַזשעוו, טיטשין. אַזוי ווי די געטאָס זיינען געוואָרן ליקווידירט, איז די לאַגע אין די לאַגערן געוואָרן זייער שלעכט. די שטערבלעכקייט אין לאַגער איז מיט איין מאָל גרעסער געוואָרן. שפּעטער איז דאָרט אויס־געבראָכן אַ טיפוס, וואָס האָט אומגעבראַכט גרויסע צאָלן יידן. פיל זיינען אויך אומגעקומען ביי דער שווערער אַרבעט, ביים קאָרטשעווען די וועלדער, צו וועלכן די יונגע און אידעלע מיידלעך און יינגלעך זיינען נישט געווען געוואוינט. פון אָט־די צוויי לאַגערן האָבן די יידן גענומען אַנטלויפן. אַלע שטעטלעך אַרום זיינען אָבער שוין געווען אָן יידן. ווייט האָבן זיי נישט געקענט לויפן. אַרום קאָלבושאָוו פלעגט מען זיי כאַפּן, מיינסטנס האָבן זיי פּאָליאַקן געכאַפּט, ביי זיי צוגענומען וואָס עס האָט זיך געלאָזט און דאַן אויסגעליפערט

צו דער דייטשער פּאָליציי, וואָס פלעגט זיי אָן אַ פינטל מיטן אויג — דערשיסן.

צו מיינע פונקציעס האָט אויך געהערט, קובר צו זיין אָט די הרוגים.

איינמאָל איז טוואַרדאָן אַריין אין דעם צימער וואו מיר האָבן סאָרטירט זיינע צוגערויבטע סחורות, כדי צו נעמען עטלעכע פעקלעך זייף. בשעת מעשה האָט ער מיך געפרעגט, צי איך וואָלט וועלן פאָרן קיין ריישע מיט די אַלטע זאַכן, וואָס מיר האָבן אויפגעקליבן. איך האָב אויפן אָרט מסכים געווען. ער האָט מיך אַריינגערופן אין זיין ביוראָ און מיר געגעבן אַ „פּאַסיר־שיין" קיין ריישע, און מיר געזאָגט, אַז צוויי מאָל אין דער וואָך מעג איך פאָרן און איבערפירן די אַלטע פלעשלעך, אַלט אייזן, און אַנדערע אַרטיקלען און דאָס פאַרקויפן אין די דייטשע זאַמל־שטעלן. מיר האָבן געהאַט פאַר אונדזער לאַגער אַ וואָגן מיט צוויי פערד, וואָס מיט זיי האָט זיך אביגדור פּאַלימער פאַרנומען. די פערד זיינען געשטאַנען אין הויף ביים גראַף. דאָרט האָט טוואַרדאָן געהאַט אויך עטלעכע פערד צום רייטן, וועלכע אביגדור האָט אין איין וועג געפלעגט און געפּוצט. טוואַרדאָן פלעגט זייער אָפט רייטן אַרום די דערפער, דעמאָלט האָט ער מיטגענומען אביגדורן, וואָס פלעגט אויך רייטן אויף אַ שיין פערד. אביגדור איז געווען אויסגעפּוצט אין דייטשע רייטקעס און אין אָפיציר־שטיוול און האָט נישט געטראָגן קיין אָרעמבאַנד מיטן מגן דוד, וואָס זאָל אים אויסגעבן, אַז ער איז אַ ייד. ער איז געווען טוואַרדאָנס „פּאַראָבעק".

דאָס ערשטע מאָל ווען כ'בין אָנגעקומען אין ריישע, האָב איך געפירט אַ וואָגן מיט אַלטע פלעשלעך. די פלעשלעך האָב איך צוגעפירט צו אַ זאַמל־שטעלע, וואָס האָט געהערט צו אַ פּאָלקס־דייטש. דאָרט האָבן געאַרבעט יידן. מען האָט מיר באַצאָלט פאַר די ליידיקע פלעשלעך אַ לעכערלעכע סומע, אויב כ'האָב נישט קיין טעות, 3 גראָשן פאַר אַ פלעשל, און פאַר די 500 פלעשלעך וואָס איך האָב איבערגעפירט האָבן זיי מיר אויסגעצאָלט 15 זלאָטעס.

איך האָב ריישע נישט דערקענט. דער אַמאָליקער שטח פון געטאָ איז געווען אָפּן פאַר די פּאָליאַקן, זיי האָבן דאָרט געוואוינט און געהאַט געשעפטן. פאַר די יידן איז בלויז געווען אַ קליינער אָפּגעטיילטער געביט. דאָס אַריינ־קומען מיט פערד און וואָגן אין געטאָ אַריין, האָט געמאַכט אַ רושם; מען האָט שוין אַזעלכעס נישט געזען גאַר לאַנג.

אַ יידישער פּאָליציסט האָט מיך צוגעפירט צום אָרדנונגס דינסט, אויס־צופאָרשן פון וואַנעט איך קום. דאָרט האָט מיך אויפגענומען איזאַק זילבער. אַ דאַנק זיין פריינטשאַפט בין איך געווען ווי פריי אין געטאָ. בייטאָג איז

אין געטאָ געווען פּוסט. כדי צו זען עמעצן פון די יידן, האָב איך באַשלאָסן איבערצוונעכטיקן.

ווען די אַרבעטער האָבן פאַרנאַכט־צו זיך אומגעקערט אין געטאָ אַריין, האָב איך באַגעגנט באַקאַנטע, מיינסטנס איינצלנע האַלעוועשקעס פון גרויסע משפחות, וואָס האָבן געוואוינט צוזאַמען און בשותפות׳דיק געלעבט.

געטראָפן האָב איך דאָרט אויך עטלעכע קאָלבושאָווער; זיי זיינען געווען איינזאַם, אויסגעדאַרט, שמוציק, הונגעריק. אַ שרעקלעכן איינדרוק האָט אויף מיר געמאַכט מאָטעלע און שלמה גראָספּאַטער. דאָס זיינען געווען צוויי זין פון שמשון שוחט, און אייניקלעך פון משה יוסף בערל, מיינע קוזינען.

געטאָטשעט האָט מיך די גאַנצע צייט דער נייגיר זיך צו דערוויסן, וואו האָט מיין משפחה געלעבט אין ריישער געטאָ. די מענטשן האָבן מיר געוויזן פון וואַנען מען האָט מיינע אייגענע אַרויסגעפירט אין די גלאַגעווער וועלדער. איך האָב געפונען אַ סך זעק, וואָס איך האָב געהאָלפן ביי דער „וויטעדלעניע״ קיין ריישע איינצופּאַקן, פאַרשנורעוועט און אַפילו ניט געעפנט. כ׳האָב באַשלאָסן עטלעכע אַזעלכע זעק אַרויספירן צוריק אין קאָלבושאָווער לאַגער אַריין. ביים געטאָ־טויער איז קיין וואַך נישט געשטאַנען און ס׳איז מיר געלונגען דאָס צו טאָן. כ׳האָב דאָרט געפונען וועש, שיך, מלבושים. אויך עטלעכע פאַמיליע־אַלבומען האָב איך דאָרט געפונען. אַזוי אַרום, האָב איך אָפּגעראַטעוועט אַזאַ אינטימען אוצר פון היימישע פּנימער, משפחה־בילדער, פאַר וועלכע איך וואָלט ניט גענומען אַלע געלדער פון דער וועלט...

אומקערנדיק זיך פון ריישע, האָבן מיר אין לאַגער באַשלאָסן, אַז איך זאָל ווייטער פאָרן צוויי מאָל אין דער וואָך, אויב עס וועט זיין מעגלעך, און מיטנעמען ברויט פאַר אַלע קאָלבושאָווער און אַנדערע באַקאַנטע. מיר האָבן אין דעם וואָגן געמאַכט אַ דאָפּלטע דעק, און איין נאַכט פאָרן אַוועקפאָרן, אָנגעפילט דאָרט מיט ברויט און מיט אַנדערע פּראָוויאַנטן.

צומאָרגנס בין איך געגאַנגען צו דער אַרבעט. דאָרט האָט שוין טוואַר־דאָן אויף מיר געוואַרט און מיך אויסגעפרעגט, וואָס כ׳האָב פאַרקויפט און וויפל געלט כ׳האָב באַקומען פאַר די אַלטע פלעשער. איך האָב אים געגעבן דעם חשבון מיט די 15 זלאָטעס. ער האָט אָבער דערקלערט, אַז דאָס געהערט צום לאַגער און מיר זאָלן דאָס געלט נוצן.

אויף מיין ביטע צו דערלויבן מיר פאָרן אין ריישע צוויי מאָל וועכנט־לעך, האָט ער מיר שמייכלענדיק אַ זאָג געטאָן, אַז אין אַזאַ פאַל מוז ער מיר געבן אַן אַנדער „פּאַסירשיין״; ער האָט אויך געראַטן, אַז כ׳זאָל מיר באַ־זאָרגן אין ריישע אַ היטל פון דער אָרדנונגס־דינסט. אויב עמעצער וועט מיך

פאַרהאַלטן, וועלן מיינע פאַפּירן באַשטעטיקן, אַז איך בין טאַקע אין דער אָרדנונגס־דינסט.

טוואַרדאָן האָט אין דער זעלבער צייט געפרעגט, צי כ׳וויל אַזוי אָפּט פאָרן קיין ריישע צוליב דעם ווייל כ׳וויל שמוגלען סחורות און פאַרדינען, צי איז עס צוליב אַ מיידל וואָס איך האָב דאָרט... איך האָב אים פאַרזיכערט, אַז אין לאַגער האָבן מיר נאָר אַלטוואַרג און קיין איין שטיקל רעכטע סחורה איז מער נישטאָ; אין געטאָ, ווידער, דאַרפן די מענטשן שוין גאָרנישט. יאָ, ס׳איז טאַקע אַ מיידל, וואָס לאָזט מיך נישט רואיק אויסזיצן אין לאַגער... טוואַרדאָן איז פון זיך צופרידן געווען, ווייל ער האָט פאַרשטאַנען די נויטן פון אַ יונגן בחור...

אַזוי זיינען מיר, אביגדור און איך, געפאָרן צוויי מאָל אין דער וואָך קיין ריישע. איינמאָל אין מיטן וועג אין ווידעלקער וואַלד איז טוואַרדאָן דורכגעפאָרן מיט זיין אויטאָ און געבליבן שטיין. מיט אים זיינען געווען דעמאָלט צוויי געסטאַפּאָ־לייט; אַלע דריי זיינען געווען אָנגעטאָן אין זייערע שוואַרצע מונדירן. טוואַרדאָן מיט זיינע חברים האָבן אונדזער וואָגן אָפּגעשטעלט, און געפרעגט, וואָס מיר שמוגלען אַריין אין ריישער געטאָ. מיר זיינען געוואָרן האַלב טויט, וואָרום צווישן די דאָפּלטע ברעטער האָבן מיר דאָ געהאַט אָנגעלאָדן 50 ברויטן, שמאַלץ און אויך געהאַט עטלעכע הינדלעך. פאַרדעקט איז דער דאָזיקער אוצר געווען מיט קופּעס אַלטן אייזן. די געסטאַפּאָניקעס האָבן געקוקט, געשלעפּט און געזוכט, אָבער, צום גליק, גאָרנישט האָבן זיי דערטאַפּט. מיר האָבן זיך גאַנץ גוט אָפּגעגעבן אַ חשבון ווי גרויס דער נס איז געווען...

ניט געקוקט אויף די איבערלעבעניש, זיינען מיר צוויי טעג שפּעטער ווידער געפאָרן מיט 50 ברויטן און אַנדערע פּראָוויאַנטן. אַלע שפּייז אַרטיקלען פלעגן מיר צעטיילן צווישן די קאַלבושאָווער לאַנדסלייט און אַנדערע באַקאַנטע. פון קיינעם האָבן מיר, נאַטירלעך, קיין גראָשן דערפאַר ניט גענומען. גליקלעך זיינען מיר געווען, וואָס מיר האָבן געקענט פאַרלייכטערן זייער ביטערע לאַגע.

זיצנדיק איינמאָל אויף דעם וואָגן אין ריישע, האָט מען גראָד געפירט אַ גרופּע יידן פון אַ לאַגער, אונטער דער וואַך פון דייטשע זעלנער. צווישן די מאַרשירנדיקע האָב איך דערזען שמואליק ווייקסעלבוים און מיין שוואָגערס, ישעיה־דוד׳ס, צוויי ברידער יחזקאל און הערש־מלך לישע פון דעמביץ. זיי האָבן געאַרבעט אין פּע־זעט־על הינטער ריישע און מען האָט זיי געפירט אין באָד אַריין. איך בין אַרונטערגעשפּרונגען פון דעם וואָגן, צוגעלאָפן צו זיי און מיטמאַרשירט מיט זיי אַ געוויסן מהלך וועג, כדי זיך צו קאָנען דער־

וויסן וואָס זיי מאַכן אָן מיט וואָס מען קאָן זיי העלפֿן. אויף זייער פאַרלאַנג האָב איך זיי אַוועקגעגעבן אַ גאַנצע זשמעניע מיט געלט, אומגעציילט אַרויס־גענומען פון דער קעשענע. זיי זיינען געווען שטאַרק צופרידן, ווייל זיי האָבן ווידער געקראָגן אַ מעגלעכקייט זיך איינצוקויפן אַביסל פּראָדוקטן צו קאָנען עטוואָס מער עסן. ס׳האָט זיך אַזוי געמאַכט, אַז גייענדיק עטלעכע הונדערט מעטער ווייטער, האָבן יידישע געטאָ־פּאָליציאַנטן אַרויסגעבראַכט וויאַדרעס מיט זופּ פאַר גרופּן יידישע צוואַנג־אַרבעטער וואָס זיינען געווען באַשעפטיקט אויפן וועג. איך האָב ביי זיי אויסגעטוישט עטלעכע ברייטלעך פאַר צוויי עמערס מיט זופּ, וואָס כ׳האָב אַוועקגעגעבן פאַר דער מאַרשירנדיקער גרופּע. איבעריק צו דערציילן, וואָס פאַראַ פרישע כוחות די מענטשן האָבן דערפילט...

איינמאָל, ווען איך בין געגאַנגען אָפּנעמען דעם קאָנטינגענט מילך באַ־שטימט פאַר דער לאַגער קיך פון דער „מלעטשאַרניע״, האָבן מיר אָנגעטראָפן דאָרט שטיין אַ לאַנגע ריי מיט פּוילישע פרויען, וואָס האָבן געוואַרט אויף מילך. מיט די צוויי פּוילישע פרויען וואָס האָבן אויסגעטיילט די מילך, האָב איך זיך געקענט. זיי פלעגן צוגרייטן אַ גרויסע קאַן מיט מילך פאַר אונדזער לאַגער, און מיר האָבן עס גלייך גענומען און אַוועקגעטראָגן. דעם טאָג, איז אין דער ריי אויך געשטאַנען פוציקס טאָכטער (פוציק איז געווען אַ שוסטער, וואָס האָט געוואוינט ביים צמענטאַזש). זי האָט אָנגעהויבן הויך פּאַרוואַרפן, אַזוי ווי זיי שטייען און וואַרטן, אַזוי זאָלן מיר וואַרטן. ס׳האָט נישט געפּועלט וואָס כ׳האָב איר געזאָגט, אַז מיר זיינען אין אַ לאַגער און האָבן נאָר אַ האַלבע שעה צו אונדזער דיספּאָזיציע. זי האָט ניט געוואָלט הערן און געדראָט, אַז זי וועט די מילך אויסגיסן. זי איז טאַקע צוגעלאָפן און די מילך אויסגעגאָסן. מען קאָן גוט פאַרשטיין ווי אויפגערעגט מיר זיינען געוואָרן. איך האָב איר עפּעס אַ זאָג געטאָן און מיר זיינען אַוועק צוריק אין לאַגער אָן דער מילך.

די געשיכטע איז גלאַטיק ניט אַדורך. די דאָזיקע פוציקס טאָכטער האָט מיך געמסרט און עס האָט מיר געדראָט אַ טויט־אורטייל. דער לאַגער, די שקלאַפן און זייערע פירער, האָבן אויפגעציטערט. די זאַך איז דערגאַנגען צו האַליצקין, דעם געוועזענעם מיטאַרבעטער פון פאַר׳מלחמה׳דיקער קרימינעלער פּאָליציי, אַן אוקראַינער וואָס האָט געדודפט די פּאָליאַקן און איז געווען אין דינסט פון די דייטשע אָקופּאַנטן; פּאַטעק דער ראש פון דער פּאָליציי איז איצט געווען איבערראַשט. נסים איבער נסים זיינען מיר בייגעשטאַנען וואָס טוואַרדאָן האָט מיך נאָכאַמאָל באַפרייט, פאַרשטענדלעך קריגנדיק פון מיר אַ צוזאָג, אַז כ׳וועל אים צושטעלן רויע קאַווע פאַר זיין געברויך און מער ווי

ער דאַרף האָבן. אגב, די קאַווע האָט מיך געראַטעוועט פון טויט אויך שפּעטער עטלעכע מאָל. איך בין געבליבן אַ בעל־חוב צו טוואַרדאָגען און בין געבליבן שולדיק עטלעכע און צוואַנציק קילאָ קאַווע, און וועלנדיק איינ־קאַסירן די קאַווע פון מיר האָט ער מיך געלאָזט לעבן...

איך בין ווייטער 2־3 מאָל אין דער וואָך געפאָרן קיין ריישע מיט דעם אַלטוואַרג, און די רעשט טעג האָב איך געאַרבעט אין די מאַגאַזינען ביי טוואַרדאָגען. וואָס פאַר אַ מחשבות'ן עס זיינען אויפגעגאַנגען בעת מיר האָבן געעפנט די קאַסטנס און זייער אָפט אָנגעטראָפן אויף קעגנשטאַנדן, וואָס מיר האָבן געקענט זייער אָפּשטאַם. ניט איין מאָל האָב איך אָנגעטראָפן אויף אָביעקטן וואָס האָבן געהערט צו אונדזער משפחה. דאָס האַרץ האָט מיך געשניטן, טראַכטנדיק, אַז צוערשט זיינען אַוועק מיינע נאָענטסטע און איצט קומט די ירושה וואָס זיי האָבן איבערגעלאָזט פאַר דעם רוצח טוואַרדאָגן...

אין לאַגער האָב איך זיך אויך פאַרנומען מיט טראָגן מעדיצינישע הילף. אין געטאָ פלעג איך אַרויסהעלפן ד"ר אַנדערמאַנען אין זיין אַמבולאַ־טאָריע. דער דאָקטאָר האָט מיר, און אויך משה לאַנדויס זון, יעקל, וואָס האָט ביי אים געאַרבעט, אָנגעוויזן וואָס ער טוט פאַר זיינע פּאַציענטן. ער האָט מיר אויפגעקלערט געוויסע סימפּטאָמען פון קראַנקייטן, דערלויבט אונטער זיין אויפזיכט צו באַנדאַזשירן וואונדן, אַרויסגעבן מעדיקאַמענטן אאַ"וו. איך האָב דעריבער לעבן מיין שלאָף־פּלאַץ אויפגעשטעלט אַן אַפּטייקל מיט כלערליי אינסטרומענטן און מעדיצינישע מאַטעריאַלן און צודאַטן, אַז מען זאָל זיי נישט דאַרפן...

אויב עס האָט זיך ווער צעשניטן, צעהאַקט אָדער אימיצער איז גלאַט קראַנק געוואָרן, האָב איך שוין געהאַט באַנדאַזשן אָדער אַ מעדיצין פאַר אים; מיינסטנס האָבן מיר געהאַט צו טאָן מיט בלאָטערן און געשווירן, וועלכע כ'האָב געעפנט און געהיילט. אויב עס איז ווער זייער קראַנק געוואָרן, האָב איך אים ביינאַכט געפירט צום פּוילישן דאָקטאָר וולאַסנאָוואָלסקי, וועלכער האָט געוואוינט אין ראַבינאָוויטשעס הויז; דער דאָקטאָר פלעגט דעם קראַנקן אונטערזוכן און מיר זאָגן ווי אַזוי איך זאָל אים היילן.

און נאָך אַ פונקציע האָב איך געהאַט: איך האָב דערליידיקט אַלע נויטיקע זאַכן פאַר אונדזערע לאַגערניקעס אויף דער פּאָסט. דער פּוילישער הויפּט פון דער פּאָסט איז געווען פּוציקס אַ זון, פון הינטער דעם צמענטאַזש, גראָד אַ פיינער, יונגער קריסט. יעדעס מאָל האָט ער געקראָגן עטלעכע זלאָטעס פאַר דערלויבן אַרויסצושיקן פּעקלעך מיט עסנוואַרג צו די יידן, וואָס מיר האָבן געוואוסט, אַז זיי לעבן און געפינען זיך אין געטאָס אָדער אין

לאַגערן. מיר האָבן אויפגעשריבן פאַלשע פוילישע נעמען און אַדרעסן פון די אָפּשיקער. אונדז איז עס געווען פאַרבאָטן. געשיקט פּעקלעך האָבן מיר קיין ריישע צו די עטלעכע קאַלבושאָווער; אין דעם פע־זעט־על לאַגער, וואו ס׳האָבן זיך געפונען קאַלבושאָווער, קיין טאַרנע אין געטאָ, קיין דעמביץ אין געטאָ, וואו ס׳האָבן נאָך געלעבט צווישן אַנדערע די עלטערן פון מיין שוואָגער — זישע לישע מיט זיין פרוי. אויך זיינען אָנגעקומען קיין קאַלבושאָוו פּעקלעך פון אויסלאַנד פאַר יידן וואָס האָבן שוין נישט געלעבט. צום ביישפּיל, זעליג קאָרנבליטס איידעם האָט געלעבט אין האָלאַנד, ער פלעגט שיקן פּעקלעך מיט מלבושים צו זיין ווייב מיט צוויי טעכטער. נאָך דער ליקווידאַציע פלעגן נאָך אַלץ אָנקומען פּאַקעטן פון אים. פּעקלעך זיינען געקומען פון פראַנקרייך און פון בעלגיע און פון דער שווייץ. די אַלע פּעקלעך האָב איך אַרויסבאַקומען, הגם דער הויפּט פון דער פּאָסט האָט געוואוסט, אַז די מענטשן זיינען שוין נישטאָ. די פּעקלעך האָבן מיר איבערגעגעבן די קרובים וואָס זיינען געווען מיט אונדז אין לאַגער.

ס׳איז כדאי דאָ אויך צו דערמאָנען, אַז אין דעם נאָענטן קאָנטאַקט מיט דעם קאַלבושאָווער פּאָסט־אַמט, איז אונדז געלונגען איינצושטעלן פריינט־לעכע באַציאונגען מיט דעם פוילישן מיידל יאַדזשאַ בורקעוויטש, וואָס האָט געאַרבעט דאָרט ווי די טעלעפאָניסטין און טעלעגראַפיסטין. אָט די פיינע פּאָסט־באַאַמטין האָט מסכים געווען יעדן טאָג אָפּצונעמען אַ טעלעפאָן פון אַ יידיש מיידל, רעגינאַ קראַוט, פון ריישע, וואָס האָט זיך אונטערגענומען איבערצוגעבן אַלע נייעסן וואָס קאָנען אונדזערע לאַגערניקעס אינטערעסירן. מיר האָבן אַזוי אַרום פון דעמאָלט אָן גענאָסן פון דער דאָזיקער אינפאָרמאַציע. אין די טעג, ווען איך בין געווען אויסער דער שטאָט, פלעגט אָפּנעמען די ידיעות נח הוטנער. די אינפאָרמאַציע איז איבערגעגעבן געוואָרן דורך אַ געהיימען שיפער, וואָס מיר האָבן אָפּגעמאַכט צווישן דער ריישער מיידל און דעם לאַגער.

דעם 6־טן אָקטאָבער, 1942, דאָנערשטיק פאַרנאַכט, איז פאַרפאָרן אַ לאַסט־אויטאָ צו דער שול, פון וועלכן מען האָט אויסגעלאָדנט 23 יונגע יידן, 15 מענער און 8 מיידלעך. געווען זיינען זיי פון דעם ביעשאַדקער לאַגער און מיר, די אַלטע תושבים פון לאַגער, האָבן געדאַרפט זיין פאַראַנטוואָרטלעך, אַז זיי זאָלן נישט אַנטלויפן.

די ניי־געקומענע ביעשאַדקער זיינען געווען אין סאַמע ערגסטן היגיענישן מצב: ברודיק, שמוציק, פאַרלויזיקט, און געהאַט איבער זייערע קערפּערס וואונדן, באַזונדערס איבער די פיס. אָפּנים, אַז זיי האָבן אַלע געליטן פון

מאַנגל אין וויטאַמינען. מיר האָבן יעדן איינעם איינגעאָרדנט אַ באָד. זיי האָבן זיך שוין ניט געבאָדן ווער ווייסט ווי לאַנג. זייערע קליידער האָבן מיר אַריינגעוואָרפן אין דעם דיזענפעקציע קעסל, וואָס מיר האָבן געהאַט פאַר די הצטרכותן פון לאַגער. איך האָב יענעם טאָג אויסגענוצט אַ קאָנטיקן טייל פון מיין אַפּטייק, באַהאַנדלענדיק יעדן פון די דריי און צוואַנציק, שמירנדיק די וואונדן מיט זאַלבן, עפּענענדיק געשווירן און העלפנדיק זיי אויסרייניקן די אינפעקציעס, פון וועלכע זיי האָבן געליטן.

דוד גערסטעל האָט פאַר זיי צוגעגרייט נאַכט־עסן. גראָד יענעם טאָג האָבן מיר געהרגט אַ פערד, און עס האָט געסטייעט פאַר אַלעמען אַ פליישיקע סעודה. איינקוואַטירט האָט מען די צוגעקומענע אין עליש בעלערס הויז.

טוואַרדאָן איז מיט איין מאָל געקומען אין לאַגער אַריין. ער האָט מיך געטראָפן באַנדאַזשירן די וואונדן פון איינער פון די ביעשאַדקער מייד־לעך. אַ צעשמייכלטער האָט ער זיך צו מיר אָפּגערופן, אַז ער האָט געוואוסט ווי נויטיק די מענער פון אונדזער לאַגער דאַרפן האָבן מיידלעך, דערפאַר האָט ער זיי אַהער געבראַכט, יונגע, שיינע, געזונטע.

דעם זעלבן פאַרנאַכט זיינען מיר געוואָר געוואָרן אַז די „יונאַקעס" (יונגע פּאָליאַקן וואָס די דייטשן האָבן גענומען צו פאַרשידענע אַרבעטן) גראָבן גריבער אין וואַלד אין נאָוואַ־וויעש. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז די גריבער זיינען פאַר אונדז, אַריינגערעכנט די פרישע 23. עס איז באַלד געוואָרן אַ פּאַניק אין לאַגער; עטלעכע האָבן געוואָלט אַנטלויפן, אָבער ס׳רוב האָט געוואָלט בלייבן. כדי נישט צו ריזיקירן מיט די לעבנס פון דער מערהייט האָבן מיר אַלע באַשלאָסן צו בלייבן. געווען איז עס דער ערשטער טאָג ראש השנה.

אַרום 12 ביינאַכט האָבן מיר געהערט לאַסט־אויטאָס אָנקומען צום מאַגיסטראַט. פון דער ווייטנס האָבן מיר געזען ווי מענטשן ווערן אויסגע־לאָדנט פון זיי. פאַרשטאַנען האָבן מיר, אַז די מענטשן זיינען אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין געפּענגעניש, וואָס האָט זיך געפונען אין מאַגיסטראַט.

ווען די אויטאָס זיינען אַוועקגעפאָרן, בין איך מיט לייזער שפּילמאַן צוגעגאַנגען דורך די טאַרגאָוויצע צו די פענצטער פון די קעלערן, כדי זיך צו דערוויסן ווער מען האָט דאָ געבראַכט. באַלד האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס זיינען 40 יידן פון ריישער געטאָ. צווישן זיי זיינען געווען די 4 דאָקטוי־רים וואָס זיינען נאָך געווען אין דער ריישער קליינער געטאָ, 5 אַדוואָקאַטן, 3 פאָליציאַנטן און די 2 קראַנקן־שוועסטער פון געטאָ־שפּיטאָל. צווישן זיי איז

אויך געווען מיכל בירמאַנס זון, וואָס האָט געהאַט אין ריישע אַן אייזן־געשעפט, זיי האָבן געשטאַמט פון קאָלבושאָוו.

מיר האָבן זיי דערציילט וועגן די גריבער וואָס ווערן צוגעגרייט אין נאָוואַ־וויעש. זיי אַרויסצונעמען איז געווען אוממעגלעך. עטלעכע פון די ריישער אַרעסטירטע האָבן מיך געקענט און געוואוסט, אַז איך קום אָפט קיין ריישע. האָבן זיי מיר געגעבן זייערע דאָקומענטן, אַנדערע האָבן מיך געבעטן צו נעמען בילדער און געלט און אַוועקגעבן זיי צו זייערע קרובים אין ריישע. ס׳האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז מען האָט זיי אַרעסטירט אויסער דעם שטח פון ריישער געטאָ, און אין געטאָ ווייסט מען גאָרנישט וועגן זיי. די סיבה פאַר זייער אַרעסט איז געווען פאַרבונדן מיט אַן אונטערנעמונג אַרויסצופירן זיי פון ריישע קיין באָכניע און פון דאָרט קיין אונגאַרן, אויפן יסוד פון ספּעציעל פּרעפּאַרירטע אונגאַרישע דאָקומענטן. יענעם טאָג איז פאַרהאַלטן געוואָרן אַ יידיש מיידל פון ריישע אין באַן, מיט אַ פּאַק אונגאַרישע דאָקומענטן, אויס־געשטעלט אויף די נעמען פון די פערציק יידן. די מיידל איז געווען אַ רב׳ס אַ טאָכטער מיטן נאָמען האַלבערשטאַם. אַ סך יידן האָבן זיך טאַקע געראַ־טעוועט קיין אונגאַרן און איבערגעלעבט די מלחמה. זיי אָבער איז עס נישט געלונגען.

די אַרעסטירטע האָבן איבערגעגעבן, אַז נאָך 160 יידן פון ריישע זיינען אין געפאַר אַרעסטירט צו ווערן, ווייל פאַר זיי זיינען אויך געווען צוגעגרייט די אונגאַרישע דאָקומענטן. דעריבער איז עס ממש פּיקוח־נפש ווי אַמשנעלסטן מודיע צו זיין ריישע, וואָס איז מיט די דאָזיקע פערציק יידן פאַרלאָפן. אַזוי ווי איך האָב געדאַרפט מאַכן מיין געוויינלעכע „יאַזדע״ קיין ריישע, האָב איך זיי צוגעזאָגט דאָס אַלץ צו דערלידיקן.

מיט אביגדור פאַלימער האָבן מיר געשפּאַנט פערד און וואָגן און זיך געלאָזט אין וועג אַריין. ביינאַכט זיינען מיר אָנגעקומען אין ריישער געטאָ, וואו מיר האָבן צו וויסן געגעבן וועגן דער געשאַפענער לאַגע, און זיך באַלד געלאָזט צוריק קיין קאָלבושאָוו. אין דער פרי זיינען מיר צוריק געווען אין לאַגער. דורך דער נאַכט האָט די געסטאַפּאָ געבראַכט נאָך עטלעכע לאַסט־אויטאָס און די יידן אַריינגעפירט אין די קעלערן פון דער גמינע. אַרויס־געשטעלט האָט זיך, אַז דאָס זיינען געווען יידן פון די אַרומיקע לאַגערן אין פּוסטקאָוו, הוטאַ־קאָמאָראָווסקאָ און דעמבאַ ביי מיידאַן.

ווען מיר זיינען צוריקגעקומען אין לאַגער אַריין, זיינען אונדזערע קאָל־בושאָווער שוין געווען ביי דער אַרבעט. זיי האָבן דאָסמאָל אַביסל פריער אַרויס־מאַרשירט, כדי, ווי אַ זאַך מאַכט זיך, זאָל זיי זיין גרינגער צו אַנטלויפן. אין

לאַגער זיינען געווען דוד גערסטעל מיט זיינע צוויי אַרויסהעלפערס אין דער קיך און די עטלעכע וואָס האָבן געאַרבעט אין די שוסטער און שניידער וואַרשטאַטן. מאַנד און יאַנטשע ראַפּאַפּאָרט מיט די עטלעכע פּאָליציסטן — די פירער פון לאַגער — זיינען אַוועק מיט די אַרבעטער.

באַלד זיינען אָנגעקומען לאַסט־אויטאָס צום מאַגיסטראַט, איפּגעלאָדנט די יידן פון די קעלערן און געפירט זיי אין דער ריכטונג פון נאָוואָ־וויעש. מיר האָבן געוואוסט דעם טרויעריקן אמת. איין לאַסט־אויטאָ, אויף וועלכן עס זיינען געזעסן פיר געסטאַפּאָווצעס מיט מאַשין־געווער, איז פאַרפאָרן צום לאַגער. צופאָרנדיק צום הויז פון עליש בלעכער, האָבן זיי אַרויסגענומען די 23 ביעשאַדקער מענער און מיידלעך. אויך דער אויטאָ איז אַוועק קיין נאָוואָ־וויעש.

דאָס איז געווען דער צווייטער טאָג ראש־השנה. אַרום 11 פאַרמיטאָג האָט מען געהערט שיסערייען, וואָס האָבן געדויערט ביז 12. דעם טאָג זיינען אין נאָוואָ־וויעש אומגעקומען 210 יידן.

אַרום 2 נאָך מיטאָג איז אַריינגעפאָרן אַ לאַסט־אויטאָ צו אונדז אין לאַגער מיט די מלבושים פון די דערשאָסענע. דער הויפּט פון די יונאַקעס האָט עס מיר איבערגעגעבן און געזאָגט אין נאָמען פון טוואַרדאָן, אַז מיר זאָלן עס אַריינוואַרפן אין דעם דעזינפעקציע־קעסל. אָן צווייפל, אַז מיר האָבן דערקענט די מלבושים פון די דערשאָסענע מיידלעך און יונגעלייט, נעבעך...

דער זעלבער יונאַק, וואָס האָט מיך גוט געקענט נאָך פון פאַר דער מלחמה, האָט מיר איבערגעגעבן וועגן די שוידערלעכע מאָרדן אין נאָוואָ־וויעש מיט אַלע איינצלהייטן. דערציילט האָט ער מיר, אַז אַ קראַנקן־שוועסטער פון ריישע מיטן נאָמען רעפּהאָן, האָט זיך קעגנגעשטעלט טוואַרדאָנען און ניט געוואָלט אַראָפּנעמען פון זיך די קליידער שטייענדיק לעבן די גרובן. טוואַרדאָן האָט מיט געוואַלט פון איר אַראָפּגעריסן די קליידער, האָט זי מיט אַ שוך אָנגעהויבן אים שלאָגן איבער זיין טריפה'נעם פּנים. זי איז טאַקע אַריינגעפאַלן אין ראָוו אַריין פון צעיושעטן און צעבלוטיקטן טוואַרדאָנס קויל.

די געסטאַפּאָ־לייט האָבן געהאַט אַ סך אַרבעט און טוואַרדאָן האָט זיי פערזענלעך געהאָלפן. ער האָט די ריישער דאָקטוירים, וואָס ער האָט זיי געקענט, דערשאָסן מיט זיין אייגענעם רעוואָלווער.

ווי איך בין געווען יונג און שטאַרק און פעסט, האָב איך פּלוצים דער־פילט, אַז די כוחות גייען אויס. אין קאָפּ האָט זיך געדרייט. די שרעקלעכע געשעענישן פון טאָג האָבן אָנגעזאָגט, אַז אויך אונדזער סוף דערנענטערט זיך. דאָס געדולד האָט זיך אויסגעלאָזט. באַמערקט האָב איך, אַז די מענטשן צוריק־

קומענדיק פון זייער עבודת־פרך ביי רעגולירן די ברעגעס פון טייך, אין לאַגער אַריין, האָבן געשוויגן און געווען טרויעריק און געפאַלן ביי זיך.

דער אינסטינקט פון זעלבסט־דערהאַלט האָט מיט איין מאָל, אומ־קערנדיק זיך מיט מיינע חברים צום לאַגער, אונטערגעזאָגט, אַז כ׳זאָל זיך ראַטעווען. איך בין אַריין אין דער הויז פון דער קאַטולאַוואַ, וואוהין כ׳האָב בעת דער אויסזידלונג אַריבערגעטראָגן די סחורות פון אונדזער געשעפט. אַן אויפגערודערטער האָב איך אין איר שטוב אָנגעהויבן שרייען און וויינען, אַז מ׳י מוז מיר העלפן זיך ראַטעווען. די קאַטולאַוואַ האָט מיך באַרואיקט, געגעבן עפעס אָפּצועסן און צוגעזאָגט דורכצורידן זיך מיט דעם „דזשעקאַן" פון דער קאָלבושאָווער קאַטוילישער פּאַראַפיע, דער גלח דונאַיעווסקי, און זיך מיט אים באַראַטן וואָס צו טאָן.

צומאָרגנס האָט זי מיר איבערגעגעבן אַ געבוירן־שיין אויפן נאָמען פון טאַדעאוש יאַדאַק, וואָס דונאַיעווסקי האָט איר פאַר מיר געגעבן. אַזאַ מעטריקע איז געווען אַן אוצר אין יענע צייטן. מען האָט זיך מיט איר געקאָנט ראַטעווען ווי אַ קריסט אויף דער אַרישער זייט. דער אמת׳ער טעדעאוש יאַדאַק איז אַמאָל געווען מיינער אַ קאָלעגע פון דער שול, וואו איך האָב מיט אים צחאַמען געלערנט און איז געפאַלן אויפן פראָנט אין 1939. איך בין געווען דאַנקבאַר די קאַטולאַוואַ און דעם דזעשקאַן פאַר דער טובה. כ׳האָב אָבער געדאַרפט האָבן אַזאַ מעטריקע פאַר מיין ברודער לייביש. דער דזשעקאַן האָט אויך דאָס באַזאָרגט און דורך דער קאַטולאַוואַ איבערגעשיקט אַ מעטריקע אויפן נאָמען פון יאַן קונעפאַל. אויך דער דאָזיקער קונעפאַל איז געפאַלן אויף די שלאַכטפעלדער אין 1939.

אויפן פאַרלאַנג פון דעקאַן דונאַיעווסקי, האָבן מיר זיך באַגעגנט אין הויז פון דער קאַטולאַוואַ מיטן הויפט פון דער קירך, וואוהין עס איז אויך געקומען לייביש, דער ברודער מיינער.

דער גלח איז געווען אַ הויכער, עלטערער מענטש מיט אַן אַריס־טאָקראַטיש פנים. ער איז געווען אין קאָלבושאָוו אַ 15־20 יאָר. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס כ׳האָב צו אים גערעדט. אויך ער האָט דערקלערט, אַז במשך פון אַלע יאָרן צווישןביידע מלחמות, האָט ער נישט געקענט קיין איין ייד אין קאָלבושאָוו. אַזוי אָפּגעזונדערט איז ער געווען פון דער יידישער עדה. לייבישן האָט ער געראַטן, די מעטריקע נישט צו נוצן, צוליב זיין פויליש וואָס איז ווייט געווען פון צו זיין פערפעקט. מיר האָט ער געזאָגט, אַז ער באַדויערט, וואָס קיינער האָט אים נישט פאָרגעשלאָגן צו ראַטעווען יידן. די נאַכט האָט ער צו מיר אויסגעזען ווי אַ געטלעכע געשטאַלט. ער

האָט מיך געבענטשט און געוואונטשן איבערצולעבן די גרויזאַמקייטן, און ביים געזעגענען האָט ער מיר געגעבן אַ קוש אין שטערן.

לייביש׳ס פּאַפּירן האָבן מיר נאָך אַ לענגערן ישוב־הדעת צוריקגעגעבן. מיינע פּאַפּירן האָבן מיר אין די ווייטערדיקע עטאַפּן פון מיין געראַנגל געהאָלפן.

## קאַפּיטל צוויי און צוואַנציק

## דער סאַמע לעצטער סוף

נאָך ראש־השנה, 1942 האָט זיך די זאָרג צווישן די פאַרבליבענע אין לאַגער זייער פאַרגרעסערט. אייגנטלעך איז די אַרבעט וואָס די מענטשן אין לאַגער זיינען מיט איר געווען באַשעפטיקט, געווען פאַרענדיקט. וואָס־זשע וועט ווייטער זיין? ס׳איז קיינעם ניט איינגעפאַלן אַפילו פאַר קיין איין מינוט, אַז טוואַרדאָן וועט אונדז גלאַט אַזוי, אָן אַרבעט, שפּייזן און לאָזן לעבן. באַזונדערס האָבן מיר אָנגעהויבן נאָכטראַכטן נאָך די לעצטע געשעענישן, וואָס האָבן אונדז אַלעמען געוויזן בפועל ממש, אַז דאָס לעבן איז אַזוי נאָענט צום טויט...

די דיסקוסיעס אין לאַגער זיינען געוואָרן אַלץ אינטענסיווער: בלייבן אָדער אַנטלויפן. אַפילו הערש געווירץ האָט מיט אַלע לאָגישע אַרגומענטן באַוויזן, אַז מען זאָל נישט אַנטלויפן, וואָרום אַזוי לאַנג ווי מיר זיינען דאָ, זיינען מיר נאָך אַלץ אימשטאַנד זיך צו העלפן. אין דער פרעמד, אָבער, וועלן מיר נישט אויסהאַלטן קיין האַלבן מעת־לעת. מיט אים האָבן צוגעשטימט פון איין זייט, אַלע די וואָס האָבן זיך באַטראַכט ווי די פירער פונעם לאַגער, וואָס האָבן געפּרעסן און געזויפט אין לאַגער און ס׳האָט זיי דאָ גאָרנישט געפעלט. זיי האָבן געוואוסט, אַז אַנטלויפנדיק פון לאַגער, וועלן זיי מוזן ליידן צוגלייך מיט אַנדערע און דערפאַר איז יעדער טאָג אין לאַגער געווען פאַר זיי אַ געוואונענער. מיט זיי האָבן אויך מסכים געווען יענע לאַגערניקעס, וואָס זיינען געווען שוואַך און קראַנק און דערצו ניט געהאַט קיין באַקאַנטע קריסטן אין דער געגנט און האָבן דעריבער נישט געקאָנט רעכענען ניט אויף זיך אַליין, אויף זייער אייגענע איניציאַטיוו און אַנטשלאָסנקייט, און ניט אויף אַ באַקאַנטן ניט־ייד, ביי וועמען מען קען עווענטועל זוכן הילף און שוץ. אַ גרויסע מערהייט האָט ביי עטלעכע אָפּשטימונגען זיך אַרויסגעזאָגט פאַר בלייבן אין לאַגער און ניט אַנטלויפן.

נאָך ערגער: מאַנד און ראַפּאַפּאָרט, די פירער פון לאַגער, האָבן איינמאָל, ווען מען האָט מיר פאַרטרויט פון דער פוילישער גראַנאַטנער פּאָליציי איבער־

געגעבן, אַז אין עטלעכע געציילטע טעג, וועט מען דעם לאַגער אַרומרינגלען און אַרויספירן מיט אַ טראַנספּאָרט דורך ריישע צו פאַרניכטונג. האָבן זיי, מאַנד און ראַפּאָפּאָרט דערקלערט, אַז זיי זיינען מיך חושד, אַז איך טראַכט דאָס אַלץ אויס, כדי זיך צו שאַפן אַ תירוץ פאַר מיין אַנטלויפן. והא־ראיה, איך האָב צוגעגרייט פאַר זיך און פאַר לייבישן פאַלשע פּאַפּירן...

די ידיעה, וואָס איך האָב באַקומען האָט פונדעסטוועגן אַרויסגערופן אַ סך אומרו אין לאַגער. מענטשן זיינען אַרומגעלאָפן ווי פאַרסמטע, ניט וויסנדיק ווי אַזוי צו האַנדלען. ס׳זיינען פאָרגעקומען געהיימע און אָפענע באַראַטונגען. די צייט האָט זיך אויסגעלאָזט און די ערד האָט אָנגעהויבן ברענען אונטער די פיס.

איך האָב תיכף די ידיעה וועגן דעם וואָס עס גייט געשען און וועגן פלאַנירטע טראַנספּאָרטן פון ריישע, איבערגעגעבן דורך יאַדזשאַ בורקעוויטש אויף דער פּאָסט צו רעגינא קראַוט אין ריישע. איך האָב זיי אינפאָרמירט וועגן דער אַקציע, וואָס ווערט געגרייט און באַפוילן, אַז זי זאָל וועגן דעם מעלדן די יידן וואָס זיינען פאַרבליבן אין ריישער געטאָ. מיין עצה איז געווען צו לאָזן וויסן די יעניקע וואָס אַרבעטן אויסערן געטאָ, אַז זיי זאָלן זיך נישט אומקערן אין געטאָ אַריין יענעם טאָג און אַזוי אַרום אויסמיידן אַן אומגליק.

אין לאַגער אין קאָלבושאָוו איז די פּאַניק געוואָקסן פון מינוט צו מינוט. די וואָס האָבן באַשטימט ביי זיך צו אַנטלויפן, האָבן דעם לאַגער פאַרלאָזט. 2 אַזייגער פאַרטאָג האָט לעאָן גערסטעל אָנגעזאָגט די ביטערע בשורה וועגן דעם, אַז די דייטשן זיינען דאָ, און האָבן אַרומגערינגלט דעם גאַנצן לאַגער. דאָס איז פאָרגעקומען דעם 14־טן נאָוועמבער, 1942.

לויט דער אינפאָרמאַציע וואָס כ׳האָב באַקומען פון דער קאָטור־לאָוואַ, וואָס אין איר הויז אויפן בוידעם האָב איך איבערגענעכטיקט נאָכן פאַרלאָזן דעם לאַגער, זיינען אַלע פאַרבליבענע אויפגעלאָדנט געוואָרן אויף צוויי לאַסט־אויטאָס. די דייטשע און פּוילישע פּאָליציאַנטן האָבן דורכגע־נישטערט אַלע הייזער און באַהעלטענישן כדי צו געפינען אַלע די וואָס האָבן געפעלט לויט די ליסטעס וואָס זיי האָבן געהאַט. צומאָרגנס, דעם 15־טן נאָוועמבער, זיינען די אויטאָס אַוועק קיין ריישע, וואו מען האָט זיי איבערגע־לאָדנט אויף וואַגאָנען אין אַ באַן, וואָס האָט זיי געפירט קיין בעלזשעץ. די סאַמע לעצטע רעשטלעך פון קאָלבושאָווער ישוב זיינען אַוועק מיט דעם זעקסטן טראַנספּאָרט פון ריישע, אין דעם פאַרניכטונגס־לאַגער פון בעלזשעץ.

37 לאַגערניקעס זיינען אַנטלאָפן פון לאַגער. זיי האָבן זיך געראַטעוועט ווי איינער האָט געקאָנט. 28 פון זיי האָבן געפונען דעם טויט, און ניין זיינען לעבן געבליבן:

דעם 19־טן נאָוועמבער, 1942 איז הערש האָפּערט (אליעזר האָפּערטס יינגסטער זון), אַ יינגל פון 15־16 יאָר, צוזאַמען מיט זיין קוזין זיגי שפּילמאַן (לייזער שפּילמאַנס ברודער), פון זעלבן עלטער, דערמאָרדעט געוואָרן פון דייטשע פּאָליציאַנטן נאָכדעם ווי אָרטיקע פּאָליאַקן האָבן זיי געמסרט.

דעם זעלבן טאָג זיינען אומגעבראַכט געוואָרן אביגדור און יוסף פּאָלי־מער (אברהמטשע פּאָלימערס צוויי זין). זיי האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין די סטאַדאָלעס פון הויף, וואו אביגדור פלעגט קאָרמענען און פּוצן טוואַרדאָנס פערד.

דעם 8־טן דעצעמבער, 1942 האָבן די דייטשן דערשאָסן משה און אַרעק ווייכסעלבוים, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין זייער אייגענער מיל.

איציק שאָל, וואָס איז קראַנק געלעגן אויף טיפוס אין הקדש־שטיבל איז געווען צו שוואַך זיך וועלכע ניט איז עצה צו טאָן, און איז פאַרבליבן דאָרט ביז די כוחות האָבן אים פאַרלאָזט.

חנא־לוי בליצער, אייגנטימער פון אַן אייזן־געשעפט, געווען דער עלטס־טער פון אונדז אַלעמען אין לאַגער, איז אַנטלאָפן פון לאַגער און זיך פאַר־שטעקט אין דעם קאַנאַל אין וויערזשיניעץ ביי דער אַלטער אַפּטייק. ער איז דאָרט אויסגעגאַנגען פון הונגער און אַ טויטן האָט מען אים דאָרט געפונען.

ישראל קליימאַן (אליעזר קליימאַנס זון), וואָס איז ניט מיטגעגאַנגען מיט דער „ווישעדלעניע", האָט אַרומגעוואָנדערט אין דעם שווירצעווער וואַלד. דעם 15־טן נאָוועמבער, 1942 האָט אַ שווירצעווער קריסט אים געכאַפּט און איבערגעגעבן דער דייטשישער פּאָליציי. זיי האָבן אים עטלעכע טעג געהאַלטן אין אַ קעלער און שפּעטער אַריינגעפירט אין אַ פאַרצוימטן גאָרטן, וואו זיי האָבן אויף אים אָנגערייצט צוויי גרויסע, ווילדע וועלף־הינט. די דייטשן זיינען געשטאַנען פונדערווייטנס און געמאַכט פאָטאָגראַפישע בילדער ווי אַזוי דער ייד ווערט צעריסן אויף שטיקער.

יאַנקל לאַמפּעל, וואָס פלעגט מיט אונדז אין לאַגער מושטירן, איז דעם 17־טן נאָוועמבער דערשאָסן געוואָרן.

שמחה רובין (יואל רובינס זון) איז אין ווידעלקע געכאַפּט געוואָרן פון קריסטן און דעם 20־טן נאָוועמבער, 1942 פון זיי איבערגעגעבן געוואָרן צו דער דייטשער פּאָליציי, וואָס האָט אים געטויט.

אברהם און דוד קאַנער — ביידע איינוואוינער פון שווירטשעוו — זיינען דערמאָרדעט געוואָרן דעם 3־טן אַפּריל, 1943.

אברהם פעלד (דער רויטער אברהם) פון זאַרעמביק איז דעם זעלבן טאָג דערמאָרדעט געוואָרן.

דעם 25־טן מאַי, 1943 האָבן 200 פּאָליאַקן אַרומגערינגלט די וועלדער פון פאַרעמבי קופּיענסקיע. 30 יידן זיינען דעמאָלט געווען אין וואַלד (צווישן זיי אויך דער שרייבער פון די שורות). די פּאָליאַקן זיינען געקומען מיט העק, ווידלעס און אַנדערע מאָרד־מכשירים. זיי האָבן יענעם טאָג געהרגעט 8 יידן: יאַנקל און נחום לייבאָוויטש (לעמעל־וואָלפּס זין) פון ביקוויץ, אלי קאַץ (זיסל סלאמינקערס זון), אברהם זיידען (נחום קיפּנערס זון), יחזקאל ראָזענבוים מיט זיין זון וואָלוויש פון ווידעלקאַ, שלמה מירטשס פּרוי און איר זון דוד פון קיפּנע. די פּאָליאַקן האָבן זייערע דאָרפישע שכנים געצוואונגען צו גראָבן זייערע קברים, שפּאַלטנדיק זיי פאַרן טויט די קעפּ.

אין די לעצטע חדשים פון 1943 איז די לאַגע פון די איבערגעבליבענע יידן אין וואַלד געוואָרן זייער שווער. מיר איז אויסגעקומען איבערצונעמען די קאָמאַנדע. איין מאָל, ווען אין שליחות פון דער גרופּע בין איך מיט מיין ברודער לייבוש געקומען צו דעם הויז פון מיינע חברים פון דער שול־באַנק, די ברידער אויגוסטין אין דער געגנט, האָט זיך אונטער זייער שווערע אומשטענדן אַנטוויקלט אַ קאַמף מיט זיי און איך האָב זיי דערשאָסן. פאַר מיין קאָפּ האָבן די פּאָליאַקן און דייטשן באַשטימט אַ גאַר גרויסע סומע געלט. צווישן די דאָרפישע פּויערים האָט מען וועגן מיר גערעדט, אַז איך בין אַ בייזער רוח וואָס מען קאָן נישט כאַפּן.

ישראל געטענבערג (יואלס זון) איז דעם 10־טן יוני, 1943 אַוועק צו זיינעם אַ פּוילישן פריינט, לודוויק שמיעכאָווסקי, אַ פריזירער וואָס האָט פאַר דער מלחמה געאַרבעט ביי ווידערן, משה פינפּערס אידעם. לודוויק מיט זיינע ביידע ברידער האָבן דעם אומגליקלעכן ליקווידירט.

אהרן און משה גלעזעל צוזאַמען מיט משה ראָזענבוים זיינען געלעגן אין אַ בונקער אין נאָוואָ־וויעש ביים פּויער פּאָסלושני. זיי זיינען דעם 8־טן אויגוסט, 1943 אויסגעגעבן געוואָרן פון זייער „באַשיצער" און זיינען פון דער פּוילישער פּאָליציי דערהרגעט געוואָרן. אין זעלבן בונקער האָט זיך געפונען דוד פייט, וואָס איז יענעם טאָג אַוועק פון זיין באַהעלטעניש ביים קריסט ניעזגאַדאָ אין וורין און געקומען צו זיין שווער אין נאָוואָ־וויעש. אויך ער האָט געפונען דעם טויט יענעם טאָג.

בונעם, משה ראָזענבוימס זון, איז געבליבן אַ לעבעדיקער אין בונקער און האָט זיך שפּעטער אויסבאַהאַלטן אויף דער גורע. צוויי חדשים שפּעטער האָט אים מישקע, אַ שאָפער ביי זשעלינסקין, געכאַפּט און געבראַכט צו דער דייטשער פּאָליציי, וועלכע האָט אַ סוף געמאַכט צו זיין לעבן.

שמעון געטענבערג (אויך יואלס זון) איז דערמאָרדעט געוואָרן אין סעפּטעמבער, 1943.

דוד רייך (משהלע רייכס ייִנגסטער זון) איז דערמאָרדעט געוואָרן פון פּאָליאַקן אין אָקטאָבער, 1943.

משה און איטשע רייך (צוויי זין פון ברוך שניידער) זיינען אומגעקומען דעם זעלבן חודש, ווען ס׳געלט האָט זיך ביי זיי אויסגעלאָזט און די פּוילישע פּויערטע אין ביקיוויץ האָט מער נישט געהאַט פון זיי צו דערוואַרטן, האָט זי געמאַכט אַן ענד צו זייער לעבן בעת זיי זיינען געשלאָפן אויפן בוידעם.

יהושע און יאַנקל וואַכטעל (משהלע שווערצוועגס צוויי זין) זיינען אומגעקומען אין מערץ, 1944 פון די הענט פון זייער שכן, ביי וועמען זיי האָבן זיך אויסבאַהאַלטן.

לייביש נעסעל און נפתלי קאַנער, וואָס האָבן נאָך גרויסע שוועריקייטן און מאַטערנישן דורכגעלעבט די מלחמה, זיינען דעם 6־טן אויגוסט, 1944, איין טאָג נאָך דער באַפרייאונג פון קאָלבושאָוו, צוריק אַהיים געקומען. די שטאָטישע פּאָליאַקן האָבן זיי געכאַפּט, אַוועקגעפירט אויפן צמענטאַזש און דאָרט זיי דערשאָסן, הגם די סאָוועטן זיינען געווען דעמאָלט אין שטעטל. געהרגעט האָבן: סטאַשעק זשעלינסקי (אַ ברודער פונעם אייגנטימער פון אויטאָבוס) און קישעל (געשטאַמט פון סאָקאָלאָוו און געווען אַ באַאַמטער אין שטייער־אַמט אין קאָלבושאָוו).

בלויז 9 יידן האָבן איבערגעלעבט די מלחמה!



ביים אויסלאָדענען וואַגאָנען קוילן. פון רעכטס: יאַנקל רעכט, אלימלך וואַקספּרעס אײדעם; בנימין גערטנער, זון פון מענדל בעדער; רבקה דערשאָוויטשעס אײדעם; נפתלי זאַלעשיץ; אליעזר לאַנגוויל; אברהם בעלער, זון פון מענדל בעלער



יידן טוען צוואַנגס־אַרבעט



לייבע לייבאָוויטש מיט יוזעק כאָבור



ביי דער אַרבעט



מאָטעלע שמשונ׳ס אין געטאָ



דער משוגענער מאיר



יונגעלייט אין געטאָ מיט די אָרעמבענדער



eitens des Judenrates Kolbuszowa
ird die festgestellte Personalgleich-
eit für den
stand ledig Beruf Kaufmann
Wohnhaft in
mit nebenstehenden Lichtbild
escheinigt.
23. 4. 1941
Wymiany dokonano

אידענטיפיקאַציע־קאַרטע אַרויסגעגעבן פון יודנראַט
צו נפתלי זאַלעשיץ



ראובן ווײַנשטיין אין געטאָ



דוד לײדנער אין געטאָ

# אומגעגנט

הרב ד״ר שלמה־דוד גאָלדפאַרב

## מיידאַן לעבן קאָלבושאָוו

הגם מיידאַן איז אין דער היימישער געאָגראַפיע באַקאַנט געווען ווי די קאָלבושאָווער מיידאַן, פונדעסטוועגן איז די מיידאַנער ידישע קהילה געווען אַ קהילה פאַר זיך און האָט זיך כמעט נישט אָנגעהערט מיט קאָלבושאָוו. די איינציקע פאַרבינדונג איז געווען דער פּאָוויאַט, און יידן פלעגן, ווי דער שטייגער, פאָרן אַהין און אַהער, ווער צוליב משפחה און ווער צוליב געשעפטן.

דאָס שטעטל איז געווען געבויט ווי אַ קוואַדראַט און ס׳רוב באַפעל־קערונג — יידן, זעלבסטפאַרשטענדלעך — האָבן געוואוינט אין הייזער, גע־ווענדט מיט זייערע פאַסאַדן צום צענטראַלן פּלאַץ. די יידן האָבן געהאַט פּרנסה איינער פון אַנדערן, און אַביסל פון די דאָרפישע פּויערים פון אַרום. זיי פלעגן פאָרן אויף ירידים און אין די ערבייאַיקע שטעט. גאָר אַן אַנגעזעענע צאָל בעלי־בתים פלעגט קריגן שטיצע פון זייערע קינדער אָדער סתם קרובים פון לענדער איבערן ים, גאָר באַזונדערס פון אַמעריקע.

די צאָל משפחות אין מיידאַן, האָט געמוזט זיין, לויט מיין השערה, 200 אַן־ערך. איין שול האָט געסטייעט פאַר אַלע דאַוונערס און לומדים: אין „קלויז״, וואָס איז באַשטאַנען פון איין חדר, האָבן געדאַוונט די „מיוחסים״, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט אין תורה לערנען, געווען יראי־שמים און פלעגן פאָרן צום רבי׳ן. דער גרויסער בית־מדרש — דער צווייטער חדר — איז געווען פאַר אַלעמען.

דער מרא דאתרא איז געווען הרב בן־ציון האָראָוויץ, וואָס האָט גע־צויגן זיין יחוס פון דער ראָפּשיצער גזע. זיין זיידע איז געווען ר׳ מאיר׳ל דזשיקאָווער, דער בעל „אמרי נועם״. ער האָט „געקיניגט״ אין מיידאַן פון אָנהייב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט ביז דעם איסברוך פון צווייטן וועלט־קריג, אין 1939. ווען זיין פעטער, ר׳ יהושע דזשיקאָווער, דער בעל „עטרת שלמה״

איז נפטר געוואָרן, האָט ר׳ בן־ציון האָראָוויץ באַטראַכט זיך ווי דער יורש פון רבי׳ן ר׳ מאיר׳ל און אַ סך פון צווישן ר׳ יהושע׳ס חסידים האָבן אָנגעהויבן צו פאָרן צו אים. הרב בן־ציון האָראָוויץ איז געווען אַ למדן מופלג און אַן אויסגעצייכנטער בעל־תפילה.

איך געדענק אַן אינטערעסאַנטן קוריאָז: ווען דער רב האָט זיך געגרייט חתונה צו מאַכן איינע פון זיינע טעכטער, האָט אַ ספּעציעל־פאַרמירטער קאָמי־טעט אָרויפגעלייגט אַ „שטייער״ אויף אַלע שטעטלדיקע איינוואוינער. איין ייד האָט זיך אָבער דאָרט געפּונען, וואָס האָט מסרב געווען און ניט געוואָלט איינצאָלן זייןביישטייער, האָט קהל אים באַשפּיגן, אויסגעלאַכט און געזידלט. אַ טאָג פאַר דעם ווי מען האָט געדאַרפט די חופה שטעלן, איז דער ייד ווייכער געוואָרן און איז געווען מרוצה צו באַצאָלן אַזוי ווי ס׳איז באַשטימט געוואָרן פאַר אים. ס׳איז אים אָבער ניט אַזוי לייכט אָנגעקומען דאָס צו טאָן. ער האָט געדאַרפט דאָס טאָן אויף אַ באַזונדערן אופן, ווי אַ שטראָף: ער האָט זיך געדאַרפט לאָזן גיין צום רבי׳נס הויף אין די זאָקן...

ווען ס׳איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה, האָט זיך גאַנץ קהל צונויפגעזאַמלט אין שול און אין דער אָנוועזנהייט פון מיליטער פאָרשטייער און פון „פּריץ״, האָט דער רב געהאַלטן אַ דרשה מענינא דיומא. דאָס איז געווען די ערשטע דרשה וואָס איך האָב אין מיין לעבן געהערט. איך געדענק נאָך וואָס דער רב האָט דעמאָלט געזאָגט: ווי באַוואוסט, האָט עסטרייך (אַריינ־גערעכנט אויך גאַליציע) און דייטשלאַנד געפירט מלחמה קעגן ענגלאַנד, פראַנק־רייך און רוסלאַנד; האָט דער רב דעמאָלט מיט גמטריאות און נוטריקון באַמיט זיך צו באַווייזן, ווער עס וועט געווינען. „ואד יעלה מן הארץ״ — האָט ער ציטירט אַ פּסוק פון חומש בראשית — דאָס מיינט מען אסטרייך (=עסטרייך) און דייטשלאַנד, די ראשי־תיבות פון „אד״; אַנטקעגן דעם וועלן די שונאים ווערן „עפר תחת כפות רגלינו״, ווי בלאָטע אונטער אונדזערע פיס, און אָנגעוויזן דערביי אויף די ראשי־תיבות פון עפ״ר — ענגלאַנד, פראַנקרייך, רוסלאַנד. (אוי, ווי די צייטן האָבן זיך געביטן, און צוזאַמען מיט זיי די דרשנים...)

הרב בן־ציון האָראָוויץ האָט זיך מיט זיין משפחה געראַטעוועט קיין ווין און זיך נאָך די יאָרן פון דער מלחמה אומגעקערט צוריק אין שטעטל אַריין. אין דעם ערשטן יאָר פון צווייטן וועלט־קריג איז דער רב דערהרגעט געוואָרן פון די נאַצישע הענט, ימח שמם וזכרם; אויסגעהויכט זיין נשמה האָט ער אין ריישער שפּיטאָל. אַ סך פון זיינע קינדער און אייניקלעך זיינען אין די יאָרן פון גרעסטן בראָך אויך אומגעקומען, ה׳ ינקום דמם. געבליבן זיינען צוויי אייניקלעך, וואָס וואוינען אין ברוקלין, נ. י.

אין דריטן טייל פון דעם ספר „אלה אזכרה", רעדאַקטירט פון הרב ד"ר יצחק לעווין, האָט ד"ר הלל זיידמאַן אָפּגעדרוקט אַן אַרטיקל וועגן הרב טוביה האָראָוויץ. דאָס איז געווען דער זון פון ר' בן־ציון. ר' טוביה האָט אַרויס־געוויזן צייכנס פון איידלקייט און העכערע גייסטיקייט ווען ער איז נאָך געווען אַ ייִנגל אין מיידאַן. איך געדענק, אַז ווען כ'בין נאָך געווען פאַר בר־מצוה, האָב איך באַוואונדערט דעם יונגן בחור, ווי אַזוי ער האָט געשפּרייזט איבער די געסלעך פון שטעטל — מיט וואָס פאַראַ אַריסטאָקראַטישקייט — און וואָס פאַראַ איינדרוק ער האָט געמאַכט אויף די וואָס האָבן אים געזען: אַ פּרינץ איז דאָ פאַרבייגעגאַנגען, פון די בני היכלא דכסיפין... נאָכדעם ווי ער האָט פאַרבראַכט זיינע בחורשע יאָרן אין טשאָרטקאָוו, וואו ער האָט זיך געוויקט אין תורה און לומדות, איז ער צוגעשטאַנען צו די רייען פון „אגודת ישראל". אין דער „אגודה" האָט ער דערגרייכט צו אָנפירערשאַפט און איז געוואָרן איינער פון אירע מנהיגים און געדינט די באַוועגונג אין משך פון אַלע זיינע יאָרן, וואָס זיינען פלוצים אָפּגעשניטן געוואָרן.

אין תחילת פון די דרייסיקער יאָרן איז ער געקומען אין די פּאַראיי־ניקטע שטאַטן, ווי אַ פאָרשטייער פון דער „אגודה", רעפּרעזענטירנדיק די חינוך אינסטיטוציעס פון „בית יעקב" אין פּוילן. געקומען אַהער איז ער צוזאַמען מיט ד"ר נתן בירנבוים. געפירט האָט ער זיך דאָ רביש בשעת יענעם וויזיט און אויך שפּעטער. אין שלש־סעודות געדענקט זיך, ווען ער האָט געפּראַוועט טיש אין זעלבן נוסח פון זיין טאַטן, אָנהאַלטנדיק דעם משפּחה סטיל. ווען ער האָט זיך דערוואוסט, אַז איך בין פאַרטאָן אין דער העברע־אישער ליטעראַטור, האָט ער זיך איין מאָל אָוועקגעשטעלט און פון אויסווייניק אָנגעהויבן רעציטירן פון ביאַליקס שירים. ביז איצט קלינגט אין מיינע אויערן זיין שטימע אַן איך הער אים דעקלאַמירן דאָס באַקאַנטע ליד „בערוב היום":

„בין עבי אש ועבי דם
השמש רד לפאת הים..."

ר' טוביה איז דערווייַלט געוואָרן ווי דער רב פון סאַניק (סאַנאָק) נאָך דעם ווי דאָס דאָרטיקע כסא הרבנות איז באַפרייט געוואָרן, ווען דער גרויסער רב און גאון ר' מאיר שפּירא זצ"ל האָט פאַרלאָזט די שטאָט איבערצונעמען דאָס רבנות אין לובלין, וואו ער האָט געגרינדעט די באַרימטע ישיבת חכמי לובלין. אין די יאָרן פון דער קאַטאַסטראָפע איז ר' טוביה אומגעקומען צוזאַמען מיט זיין רביצין און אַ טייל משפּחה פון די הענט פון די רשעים. איין טאָכטער האָט זיך געראַטעוועט און וואוינט אין ניו־יאָרק.

* * *

וועגן איינעם אַ יוגנט־פריינט וויל איך דאָ דערציילן, וואָס איז געווען אַ מיידאַנער געבוירענער און אין פאַרלויף פון די יאָרן האָט ער באַרימט געמאַכט זיך און זיין היימשטעטל. שמואל י. פנואלי איז געווען דער נאָמען פון דעם העברעאישן ליטעראַטור קריטיקער, וואָס האָט אויף זיין חשבון אַן אָנגעזעענע צאָל ביכער, וואָס האָבן געמאַכט אַ רושם אין דער ידישער וועלט. זיין נאָמען אין מיידאַן איז געווען שמואל־ישעיהו פינעלעס. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן זיך זיינע עלטערן אַריבערגעצויגן קיין ריישע. דאָרט האָט ער געלערנט ווי אַן אויטאָדידאַקט און זיך פאַרפולקאָמט אויך אין דער העברעאישער ליטעראַטור. געלערנט האָט ער לויט די באַקאַנטע העפטן אין דקדוק און שפּראַך פון דעם באַקאַנטן פעדאַגאָג און שרייבער שבח וואָל־קאָווסקי. שפּעטער איז ער געוואָרן לערער איבער פאַרשיידענע דערפער און אין גאַליצישע שטעטלעך. אַוועק איז ער אין אַ שפּעטערדיקער תקופה קיין וואַרשע און פון דאָרט דורך יאַפּאַן און כינע אָנגעקומען אין 1935 קיין ארץ־ישראל. ווען איך האָב אין יענעם יאָר באַזוכט ארץ־ישראל, האָב איך זיך געטראָפן מיט מיין עטוואָס יינגערן חבר. ער איז שוין דעמאָלט געווען אַ מומחה אין זיין פאַך. ווי אַ לעקטאָר פון העברעאישער ליטעראַטור איז זיין נאָמען געווען באַקאַנט אומעטום. זאָל דאָ אויך פאַרצייכנט ווערן, אַז אין 1924 (תרפ״ד) האָט ער רעדאַקטירט אין ריישע אַ ליטעראַרישן העפט „העברי״, פון וועלכן קיין ווייטערדיקע נומערן זיינען מער נישט דערשינענ.

* * *

איך בין אייגנטלעך געבוירן געוואָרן אין דעם שטעטל סאָקאָלאָוו לעבן ריישע. איך בין אָבער דערצויגן געוואָרן און אויסגעוואַקסן אין מיידאַן. ווי אַ צוויי יאָריק יינגל האָט מען מיך אַריבערגעבראַכט קיין אַמעריקע. ווען כ׳בין אָבער אַלט געוואָרן זעקס יאָר, האָט מען מיך צוריקגענומען צו דער משפחה קיין מיידאַן, וואו איך האָב געלעבט ביזן אַכצנטן יאָר פון מיין לעבן. כ׳האָב געלערנט אין חדרים, קלענערע און גרעסערע, ווי דער שטייגער פון יענע יאָרן איז געווען. די ערשטע וועלט־קריג האָט איבערגעריסן מיין נאָרמאַל לערנען, ווייל ס׳זיינען נישט געווען קיין מלמדים. צו מיין גליק איז געקומען אין מיידאַן אַ ייד מיטן נאָמען מאיר צוקערבראָד, אַ מוכר ספרים׳ניק, וואָס האָט אַרויסגעוויזן אַ געוואַלטיקע ליבע צו ביכער און צו ספרים און צו דער העברעאישער ליטעראַטור גאָר ספּעציעל. ער האָט מיט מיר געלערנט „לייענען און שרייבן״ און איינגעפלאַנצט אין דעם האַרץ פון זיין יונגן תלמיד אַ סך ליבע צום יידישן אות.

אַ גלענצנדיקער מלמד איז געווען מיין רבי ר׳ אפרים שוואַרץ, אַ בעלזער חסיד, ביי וועמען כ׳האָב געלערנט. ער איז געווען איבערגעגעבן צום ענין תורה לערנען אָן אַ שיעור. נישט צו לאַנג האָט עס געדויערט, ווי כ׳האָב שוין פריער דערציילט, צוליב דעם אויסברוך פון דער מלחמה. צופעליק איז קיין מיידאַן געקומען אין די מלחמה יאָרן אַ שוחט מיטן נאָמען ר׳ חיים שאָטלאַנד, וואָס איז געווען אַ ייד, אַ תלמיד־חכם. אַזוי איז ער געווען באַקאַנט אין שטעטל ווי אַ וואוילערנער, אָבער פאַרשטעלטערהייט איז ער געווען אָנגעשטעקט מיט השכלה. זיין פאַרבאָרגענע ביכער־שאַנק האָט אויסבאַהאַלטן אויף אירע פּאָליצעס הונדערטער משכילישע ביכער, פון די סאַמע נייסטע. אויף אָט די ביכער האָב איך זיך דערצויגן. און ווען איך בין אין 1920 אָנגעקומען קיין אַמעריקע, בין איך שוין געווען באַקאַנט מיט די קליינע אותיות־לעך און די דאָזיקע צוגרייטונג האָט מיר, אָן ספק, געהאָלפן אין ישיבת רבי יצחק־אלחנן, וואו כ׳בין אָנגעקומען ווי אַ תלמיד *).

כ׳געדענק אָן אויסגעצייכנטן טיפּ פון אַ ייד, ר׳ אליעזר צוקערבראָד, וואָס איז ראשו ורובו אַלע זיינע טעג געווען פאַרטאָן אין לערנען תורה. אין אָנהייב פון היינטיקן יאָרהונדערט האָט ער אָפּגעדרוקט עטלעכע מאמרים אין דער „חבצלת", וואָס איז דעמאָלט דערשינען אין ירושלים. איך דערמאָן זיך, אַז ווען איך האָב אים פאַרטרויט אַ טאָג פאַר מיין פאַרלאָזן דאָס שטעטל, דאָס איך פאָר אַוועק קיין אַמעריקע, האָט דער ייד מיך געוואָרנט, השמר והזהר, — און ער איז סוף־כל־סוף ניט געווען מיין קרוב און ניט מיין גואל — אַז כ׳זאָל נאָר בלייבן אַ ייד. דאָס איז געווען זיין גרעסטע דאגה!

ווענן ר׳ אפרים שוואַרץ, וואָס איז געווען מיין רבי — דערמאָן איך זיך — אַז ער פלעגט אַראָפּגנבענען עטלעכע שעה פון יריד, ווען זיין ווייב פלעגט צוגרייטן יענעם טאָג די סחורות, כדי מיט מיר צו לערנען פּוסקים, „טוען ונטען" אדג"ל. און פאַרבראַכט מיט מיר גאַנצע מוצאי־שבתים, וואָס געוויינלעך פלעגט ער פאַרברענגען אין דער חברותא פון בעלזער חסידים. ער פלעגט מיך אָפּהיטן, אַז איך זאָל, חס ושלום, נישט שפּילן קיין קאָרטן, אפילו נישט אין די נעכט פון חנוכה, וואָרום מיין פאָטער, וואָס איז דאַן געווען אין אַמעריקע, האָט מיך איבערגעלאָזט אונטער זיין השגחה...

---

*) הרב ד"ר ש. ד. גאָלדפאַרב האָט געלערנט אין דער ניו־יאָרקער אוניווערסיטעט און האָט אין 1932 פאַרענדיקט דעם טעאָלאָגישן רבנים סעמינאַר אין ניו־יאָרק. פאַר איבער אַ פערטל יאָרהונדערט איז ער דער גייסטיקער פירער פון דער „היכל ישראל" שול אין לאָנג־ביטש, נ. י. ער איז דער מחבר פון אַ ריי ספרים אין דרוש אין העברעאיש און ענגליש. אין 1966 האָט ער באַקומען זיין דאָקטאָראַט.

ר׳ חיים שאָטלאַנד, וואָס כ׳האָב פריער דערמאָנט, דער שוחט, האָט געלערנט מיטן עולם אין זיין פרייער צייט. איך געדענק דעם הספד, וואָס ער האָט געהאַלטן, ביים קבר פון אַ ייד וואָס איז געפאַלן אַ קרבן אין מיידאַן בשעת די פּאָגראָמען, וואָס זיינען אויסגעבראָכן אין ריישע און אין אַנדערע שטעט אין גאַליציע און בתוכם אויך אין אונדזער שטעטל באַלד נאָך דעם ווי פּוילן איז געוואָרן זעלבסטשטענדיק. ער האָט דעמאָלט אויסגעשריען: „אל תבכו למת... בכו בכה להולך...״ (באַוויינט נישט דעם וואָס איז טויט, באַוויינט דעם וואָס גייט נאָך אַרום).

פון יענע פּאָגראָם טעג פון 1918 געדענק איך ווי עטלעכע יידן זיינען אַוועק מיט דער באַן פון מיידאַן און ווען זיי האָבן זיך אומגעקערט האָבן זיי געפעלט האַלבע בערד. דאָס האָבן אָפּגעטאָן די פּוילישע העלדן־כוליגאַנעס, וואָס האָבן די יידן אָפּגעשניטן, אָפּגעשוירן אָדער סתם אויסגעריסן שטיקער בערד. די אומגליקלעכע יידן האָבן נישט אַרומגעשוירן זיך די פּנימער; זיי האָבן זיך אַרומגעוויקלט די פּנימער מיט פאַטשיילעס און פאַרדעקט די חרפּה ביז די בערד זיינען צוריק אויסגעוואַקסן...

וואו נעמט מען אַזעלכע ערלעכע יידן היינט?!

אין משך פון די צוואַנציק יאָר, פון דער צייט וואָס כ׳האָב פאַרלאָזט מיידאַן און ביז דעם אויסברוך פון דער קאַטאַסטראָפע פון י. 1939 — האָט זיך דאָס שטעטל קנאַפּ וואָס געענדערט. מיידאַן איז געבליבן ענלעך און נאָענט צו קאַלבושאָוו אויך אין דעם הינזיכט פון אָרעמקייט. אמת, ס׳האָבן מיר דער־ציילט עטלעכע לאַנדסלייט פון דער שארית הפליטה, וואָס זיינען אָנגעקומען פון דאָרט, אַז ס׳האָבן זיך אָרגאַניזירט אין שטעטל אַ ציוניסטישער פאַריין, אַ „מזרחי״. יידן האָבן געהערט צו פּאַרטייען. אַזוי אויך די יוגנט. מען האָט דאָרט אויפגעשטעלט אַ קליינע ביבליאָטעק אויך. אָבער אַלצדינג איז אַוועק מיטן רויך פון פאַרטיליקונג. די איבערגעבליבענע רעשטלעך זיינען צעזייט איבער אַמעריקע און מדינת ישראל.

*

מיר ווילן דאָ פאָרשטעלן איין מאַדינער, נח שאַרץ, וועלכער גיט זיך אָפּ אַ סך יאָרן מיט מאַדינער לאַנדסלייט, בפרט אין מדינת ישראל. ער איז אַ לעבעדיקע בריק צווישן די מאַדינער אומעטום, ער שאַפט מיטלען צווישן די מאַדינער אין אַמעריקע, און איינער אַליין איז ער אַן עושה ומעשה... אָפט פליט ער קיין ישראל צו ברענגען הילף צו די נויטבאַדערפטיקע און זקנים — אַזוי אַרום האַלט ער אָן דעם קשר צווישן די לאַנדסלייט.

## במעלות קדושים

מאַדין הסמוכה לקולבושוב
איך נעזבת מכל בא־ושב!
דם בנייך כדם כל־תושב
יהודי נשפך בידי האשמדאי,
נשרפתם חיים — ומי אמר די?

מה אומר, אחיי, ומה אדבר,
אין אוצר קללות בפי המחבר,
דברים שיפלחו לב המקבר
ילדים וזקנים מבלי רחם,
נשבעתי — לעולם לא אנחם!

מי יתן ליתומים — שילומים?
אלמון ושכול — הידעו ניחומים?
דורש דמים הבט על ההמומים!
ישראל השלימה — שמור עליה,
נא! תתקיים לעד בידי בניה!

שלמה דוד גולדפאַרב




מצבה נאָך דער מאַדינער יידישער קהילה אין מרתף השואה אויפן הר־ציון אין ירושלים

# קאלבושאווער איבער דער וועלט

## אין קאַמף פאַר יידישער זעלבסטשטענדיקייט

שלמה גרינשטיין

### אַ בריוו פון דער יידישער בריגאַדע

ליבע סיידא און יוסף.

...ניט איין מאָל האָב איך דאָס געפיל, אַז איך בין דער איינציקער וואָס איז געבליבן פון דער גרויסער משפחה. שוין העכער 3 יאָר ווי איך האָב קיין שום ידיעה, ניט וועגן מיינע עלטערן און ניט פון סימאָ׳ן און בן־ציון. פאַראַן מאָמענטן, ווען איך פיל זיך זייער פאַראיינזאַמט; בלויז די פאַר־בינדונגען מיט מיין קבוצה דערמוטיקן מיך אַביסל. איך בענק שטאַרק אום־צוקערן זיך צום קבוצישן לעבן. פון אַט דעם בונד שעפּ איך אַ סך כוח אויס־צוהאַלטן אין די באַדינגונגען און פאַרשידנסטע גלגולים אין מיליטערישן לעבן.

אַט זיינען פאַרביי די פסח טעג. שוין דער דריטער פסח אין דער פרעמד, אין מיליטערישן דינסט.

דער „סדר" און אין אַלגעמיין דער יום־טוב פסח, מער ווי וועלכער ניט איז אַנדערער יום־טוב, ברענגען צו מיר דערמאָנונגען, פאַרטראַכטענישן און געפילן צוריק פון דער היים אין חוץ־לארץ און פון מיין איגענער קבוצה, — מיין היים אין איגענעם לאַנד.

...אַוודאי ווייסט איר, אַז אונדזער בריגאַדע געפינט זיך זייט עטלעכע וואָכן אויף די פראָנט ליניעס — דער ראַדיאָ און צייטונגען מעלדן מסתמא וועגן דעם. דאָס איז נישט קיין לייכטער נסיון, אָבער צום ערשטן מאָל איז אונדז געגעבן געוואָרן צו קעמפן ווי אַ פאָלק און נקמה נעמען פון די נאַציס פאַר די טייכן בלוט, וואָס איז פאַרגאָסן געוואָרן ווי וואַסער.

ס׳האָבן אונדז באַזוכט חשוב׳ע געסט, משה שערטאָק, בן־גוריון און אחרון אחרון — חנה ראַווינאַ. שערטאָק האָט אַרומגערייזט איבער אַלע אָפּטייי־לונגען, דערציילט וועגן מצב אין לאַנד און אין ציוניזם און דער עיקר — ער האָט געבראַכט מיט זיך די פאָן — אַ מתנה פון ישוב פאַר דער בריגאַדע.

פאַרגעקומען אַ פייערלעכע צערעמאָניע, ווען די פאָן איז אויפגעוויקלט

און איבערגעגעבן געוואָרן; אין דער אָנוועזנהייט פון: שערטאָק, אונדזער בריגאַדע, אָפיצירן און זעלנער פון אַלע איינהייטן פון דער בריגאַדע. געווען איז דאָס אַ היסטאָרישע געשעעניש. אין אונדזער גלות׳דיקער געשיכטע איז דאָס ס׳ערשטע מאָל, אַז אַ קעמפענדיקע בריגאַדע („חטיבה יהודית לוחמת־חי״) וויקלט פונאַנדער אַ נאַציאָנאַלע פאָן אויף די פראָנט ליניעס.

אונדזער פוס־גייער אָפטייל האָט געליטן עטלעכע אבידות; מיר האָבן אָבער צוריקגעשלאָגן און די נאַציסטישע חיילות האָבן געהאַט פילפאַכיקע פאַרלוסטן. אַ שאָד די יונגעלייט, וואָס זיינען געפאַלן! יעדער בחור איז טייער פאַרן לאַנד און פאַר זיין משפחה. ניטאָ אָבער קיין אַנדער וועג. דאָס זיינען קרבנות פון שלאַכט און נקמה!

די טיפסטע איבערלעבונג אָבער איז איינגעקריצט אין מיין האַרץ דורך חנה ראָווינאַ. אויף אַן אָפן פעלד צופוסנס בערג איז געשטאַנען חנה ראָווינאַ אויף אַ הילצערנעם קאַסטן, אַרומגערינגלט פון הונדערטער־הונדערטער חיילים פון דער בריגאַדע. איז דאָס געווען שפיל, דעקלאַמאַציע, פאָרלייענונג, געזאַנג? — ניין! חנה ראָווינאַ האָט פאַר אונדז ניט געשפּילט. זי האָט פון זיך אַוועקגעגעבן אַ שטיק פון איר נשמה! די ווערטער, די רייד, זיינען ניט געווען ווערטער פון לידער, זיי זיינען אויסגעהאַקט געוואָרן פון איר האַרץ. ניט די גרויסע אַקטריסע פון „הבימה״ איז פאַר אונדז אויפגעטראָטן. זי איז דערשינען פאַר אונדז ווי אַ מאַמע, די פאַרקערפּערונג פון דער שענסטער און באַליבסטער מאַמע, וואָס ליידט, ציטערט איבער אירע קינדער — און האָט זיי ליב...

כל־טוב צו אַלעמען! שלום צו יעדן פון אייך. צום שנעלן ווידערזען. „עם הנצחון!״

שלמה

## פון דער מלחמת הקוממיות

איך האָב עולה געווען קיין א״י אין י. 1942 מיט דער פוילישער אַרמיי פון גענעראַל אַנדערס. ביז דעם יאָר 1945 האָב איך זיך מאָביליזירט צווישן די שומרים פון ידישן ישוב. געשטאַנען אויף דער וואַך בין איך לעבן ירושלים, אין דער אונטערשטער טייל פון מוצא, ווי אַ נוטר. ווען די מלחמת השיחרור איז אויסגעבראָכן בין איך געווען אַן אַקטיווער מיטגליד פון דער „הגנה״. מיטן אויפקום פון דער ידישער מדינה, האָב איך זיך מאָביליזירט אין צה״ל און זיך באַטייליקט אין דער מלחמה פון זעלבסטשטענדיקייט. איך האָב אָנטייל גענומען אין די סיני־קאָמפן אין 1956. אויך איצט פיל איך אויס מיין פליכט לגבי דער מדינה.

יעקב וויינמאַן

13־טן אָקטאָבער 1948.

...איך וויל איך אויך איבערשיקן מיין גרוס פון קעמפענדיקן ארץ־ישראל און אויך פון מיר, אַ זעלנער אין יידישן לאַנד.

אויף שמירה אין אַן אַראַביש באַפעלקערטער שטאָט,

יצחק מעכלאָוויטש

אָנגעקומען בין איך קיין א״י ווי אַ פליט פון דער צווייטער וועלט מלחמה. איך בין אַדורך אַלערליי גלגולים און שוועריקייטן אין די קאָנצענט־ראַציע לאַגערן. כ׳האָב נישט באַוויזן זיך דאָ רעכט אָפּצורוען, אויפבויען מיר אַ משפחה און ווידער דינען אויסגעבראָכן בלוטיקע געשעענישן. כ׳האָב געאַרבעט אויף שמירה, אין גראָבנס און אין דער מחתרת (אונטערגרונט). אין 1948 בין איך פאַררופן געוואָרן צו דינען אין דער יידישער פאַרטיידיקונגס אַרמיי (צה״ל). ניט דאָס יידישע פאָלק האָט געוואָלט מלחמה; איז דאָך יידיש בלוט פאַרגאָסן געוואָרן ווי וואַסער אין משך פון פילע דורות, אויף אַלע קריגס־פעלדער, אַחוץ די זעקס מיליאָן פון אונדזערע טאַטעס, מאַמעס, ברידער און שוועסטער וואָס זיינען מיט אַזוי פיל אכזריות פאַרטיליקט געוואָרן פון די ברוטאַלע נאַציסטישע אכזרים. אין אונדזערע הערצער פליסט דאָס בלוט פון אונדזערע טייערע וואָס זיינען אומגעקומען על קידוש השם. מיר האָבן געמוזט אַרויס אין דער באַפרייאונגס מלחמה, וואָס אונדזערע שכנים האָבן אויף אונדז אַרויפגעצוואונגען. מיר זיינען אַרויס פאַרטיידיקן אונדזער אַלט־ניי פאָטער־לאַנד, וואָס איז פאַרהייליקט אין אונדזער באַוואוסטזיין טויזנטער יאָרן. אונדזערס איז דאָס לאַנד, דאָס לאַנד איז דאָס לאַנד פון אונדזערע אבות, דאָס לאַנד פון אונדזערע טרוימען, דאָס לאַנד פון ירושלים, וועגן וועלכער מיר שווערן: „אם אשכחך, ירושלים, תשכח ימיני!״...

ניט דורכגייענדיק קיין איבונגען אין מיליטער, אָן אַמוניציע, מיטן בטחון אין גאָט פון ישראל, מיט „שמע ישראל״ אויף די ליפּן, האָבן מיר געדינט אין שמירה אין די בערג פון חברון נישט ווייט פון ירושלים.

יוסף בן מנחם (גאָלדבערג)

## דוד לאַנדאָ, קאָלבושאָווער אייניקל געפאַלן ביים סועץ

אין נר. 523 פון י״ג סיוון תשכ״ט (30־טן מאַי, 1969) פון העברעאישן וואָכנבלאַט „פנים אל פנים״ וואָס דערשיינט אין ירושלים איז אָפּגעדרוקט אַן אויספירלעכע באַשרייבונג וועגן דעם לעבן, שטרעבן און טויט פון דעם יונגן

דוד לאַנדאַ ז״ל, וואָס שטייענדיק אויף דער וואַך אויף דער פראָנט־ליניע ביים סועץ, איז ער געפאַלן פון אַן עגיפּטישער קויל.

דוד לאַנדאַ איז געווען אַן אייניקל פון יוחנן צירלס פון קאַלבושאָוו און אַ זון פון משה לאַנדאַ. די משפּחה האָט זיך געיחוסט מיט איר אָפּשטאַם פון דעם „נודע ביהודה״, ר׳ יחזקאל לאַנדאַ. געוואוינט האָט די משפּחה ביז דעם אויסברוך פון צווייטן וועלט קריג אין אוישוויץ, איידער דאָס אָרט איז געוואָרן דער שוידערלעכער מקום מוכן לפורעניות, וואו מיליאָנען זיינען אומגעקומען אין קרעמאַטאָריעס און גאַז־אויוונס. ר׳ משה איז טאַקע אַן אוישוויץ געבוירע־נער. זיין פאָטער ר׳ אשר־זעליג לאַנדאַ איז געווען ס׳רוב יאָרן זיינע אַ רב און אַ ראש־ישיבה פון איינער פון די ישיבות פון ראַדאָמסקער רבין וואָס איז געווען טעטיק אין סאָסנאָוויץ.

דער יונגער דוד איז געבוירן געוואָרן אין 1947 אין שוועדן. ווי אַ צוויי יאָריק יינגל איז ער געבראַכט געוואָרן קיין מדינת־ישראל, וואָס איז ערשט מיט איין יאָר פריער עטאַבלירט געוואָרן. נאָך כלערליי שוועריקייטן פון אַן עולים־לאַגער אין פרדס־חנה און אַן אַלט אַראַביש הויז אין יפו, האָט זיך די משפּחה באַזעצט אין בני־ברק. צוערשט האָט דוד געלערנט אין „יסודי התורה״ אין תל־אביב און ווען ער איז געוואָרן בר־מצווה איז ער אַריין אין דער פּאָניעוויעזשער ישיבה קטנה אין בני ברק, וואו ער האָט געלערנט, זיך פאַר־טיפט און געוואָרן רייף. במשך פון פיר יאָר האָט דוד געלערנט אין דער ישיבה־מיטלשול אין כפר־הרואה פון בני עקיבא, וואו ער האָט דער עיקר זיך אָפּ־געגעבן צו די לימודי הקודש און קריגנדיק אויך ידיעות אין די אַלגעמיינע לימודים. דוד איז געווען אַ גוטער תלמיד פון הרב משה צבי נריה, פון וועמען ער האָט אַ סך געלערנט און פון וועמען ער האָט אָפּגעלערנט אַ סך מידות טובות.

נאָכדעם ווי ער האָט פאַרענדיקט דעם פיר־יאָריקן קורס אין דער מיטל־שול־ישיבה, האָט מען אים פאָרגעשלאָגן זיך מאָביליזירן אין מיליטער און דינען ווי אַ לערער אין אַ גרענעץ־יישוב. דוד האָט אָפּגעזאָגט, ווייל ער האָט ניט געפילט זיך ראוי נאָך צו ווערן אַ לערער. ער האָט זיך געוואָנדן צו הרב יעקב גאָלדוויכט, דעם ראש ישיבה „כרם ביבנה״. געוואוסט האָט ער, אַז דאָ וועט ער קאָנען דערפילן זיין חוב צו צה״ל — און אויך לערנען: ער וועט דאָ איבן, דינען, ער וועט דאָ טאָן אַלץ וואָס אַ מענטש אין צה״ל טוט און וועט אויך קאָנען לערנען. הרב גאָלדוויכט האָט באַטראַכט דוד׳ן און אים באַשטעטיקט. דוד האָט אָנגעהויבן דינען און — לערנען.

ניט דערציילנדיק די עלטערן און קיינעם פון זיין משפּחה, האָט דער

גוט געבויטער, בלאָנד־האָריקער, שטאַרקער און געזונטער דוד וואָלונטירט צוזאַמען מיט אַ גרופּע פון זיינע חברים בעת דער 6 טאָגיקער מלחמה און זיך באַטייליקט אין די קאַמפן פאַר דער באַפרייאונג פון עזה און פון אַנדערע וויכטיקע סטראַטעגישע פּונקטן.

ווען ער האָט זיך געפונען אויפן סועץ־פראָנט האָט דוד אַרויסגעוויזן אַ סך אינטערעס צו זיינע חברים מיט־קעמפער און געהאָלפן זיי מיט אַלעם וואָס ער האָט געקאָנט. דוד האָט געהאַט נאָך אין חודש צו דינען אין צה״ל און ער איז געפאַלן פון אַן עגיפּטישער קויל.

תהא נשמתו צרורה בצרור החיים!

אהרן דיאמאנד

# די קאָלבושאָווער אין מדינת ישראל

הגם עס האָבן זיך אין ארץ ישראל געפונען אונדזערע בני עיר פון יאָרן צוריק, איז ערשט אין י. 1952 (תשי״ב) אָרגאַניזירט געוואָרן אונדזער לאַנדסמאַנשאַפט. אונדזער קערפּערשאַפט איז באַקאַנט אונטער דעם נאָמען „ארגון יוצאי קולבישאוו והסביבה״. מיר האָבן זיך געשטעלט פאָלגנדיקע צילן: 1) פאַר־אייביקן דעם אָנדענק פון די קדושי קאָלבושאָוו, ה׳ יקום דמם, 2) אויפשטעלן אַ פינאַנציעלן אינסטרומענט צו העלפן דער שארית הפליטה זיך איינאָרדענען אין ישראל.

אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם ערשטן פּונקט פון די אויפגאַבן, האָבן מיר אין דעם מרתף־השואה אויפן הר ציון אויפגעדעקט אַן אָנדענקס טאָוול וואָס פאַראייביקט פאַר אַלע ציטן די פאַרשניטענע ידישע קהילה אין קאָלבושאָוו.

י״א אייר תשי״ט (1959) איז דער דאָזיקער דענקמאָל אַנטהילט געוואָרן אויף אַ ספּעציעלער פאַרזאַמלונג, צו וועלכער עס זיינען געקומען כמעט אַלע אונדזערע בני עיר. ווי באַוואוסט איז אין דעם טאָג פון י״א אייר אַ גרויסע צאָל קאָלבושאָווער יידן דערמאָרדעט געוואָרן. די דאָזיקע טרויער פאַרזאַמלונג אויפן הר ציון איז געווען אַן איינדרוקספולע אין דער פּשטות פון איר צערע־מאָניאַל און אין דער הייליקער אַטמאָספער און שטימונג וואָס האָט אַלעמען אַרומגענומען.

בעת דער גרינדונג פון דער לאַנדסמאַנשאַפט איז אויך באַשלאָסן געוואָרן אָפּצוהאַלטן יעדן יאָר אזכרות געווידמעט דעם אָנדענק פון די קדושים פון

קאָלבושאָוו. יאָר־יערלעך טאָקע קומען זיך צונויף די לאַנדסלייט פון אונדזער שטאָט און די ישובים אַרום קאָלבושאָוו און דערמאָנען דאָס אומגליק וואָס האָט געטראָפן אונדזער דור אין די יאָרן פון גרויסן בראָך.

צו דער פאַראייניקונגס אַרבעט ניט צו פאַרגעסן די טייערע קהילות פון קאָלבושאָוו און סביבה געהערט אויך די אויסגאַבע פון דעם פנקס קאָלבושאָוו, וואָס אונדזערע לאַנדסלייט אין ניו־יאָרק האָבן אונטערגענומען. אַ ריי אונדזערע לאַנדסלייט האָבן געשטיצט די אונטערנעמונג און האָבן זיך אָפּגערופן הן מיט אַרטיקלען הן העלפנדיק אין אַ געוויסער מאָס אויך פינאַנציעל — אין די ראַמען פון אונדזערע באַשרענקטע מעגלעכקייטן — די דאָזיקע וויכטיקע אויסגאַבע.

אַ גרויסער אויפטו איז אונדזער גמילות חסדים קאַסע אויפן נאָמען פון די קדושים. בעת דער אָרגאַניזירונג פון דער לאַנדסמאַנשאַפט איז אַזאַ קאַסע געווען אַ באַלדיקע נויטווענדיקייט, אַן וועלכער מיר האָבן זיך ניט געקאָנט באַגיין. אַ גרויסע צאָל בני עיר האָבן בייגעשטייערט צו דער קאַסע און אַזוי אַרום אויפן אָרט געהאָלפן די ניי געקומענע עולים פון פוילן און דייטשלאַנד און אַנדערע מקומות שנעלער זיך איינגלידערן אין דער ידישער מדינה און אָנהויבן אַ ניי לעבן דאָ. די הלוואות זיינען על פי רוב געווען לאַנג טערמיניקע און אָן פּראָצענטער און אַרויסגעגעבן זיינען זיי געוואָרן ווי אַ קאָנסטרוקטיווע הילף פאַר יעדן וואָס האָט זיך אין זיי גענויטיקט. היות די נויטן זיינען געווען גרעסער ווי די אויפגעבראַכטע געלדער אין ישראל, האָט זיך דער „ארגון" געווענדעט צו אונדזערע לאַנדסלייט אין אַמעריקע מיט דער בקשה אונדז אַרויס־צוהעלפן מיט פאַרגרעסערן דעם קאַפּיטאַל פון דער קאַסע. ווי תמיד האָבן אונדזערע לאַנדסלייט אין ניו־יאָרק ניט געלאָזט אונדז צו לאַנג וואַרטן. מאַטער־יעלע הילף איז געקומען פון קאָלבושאָווער רעליעף און פעריאָדיש געשטאַרקט אונדזערע הילפס טעטיקייטן.

די קאַסע עקזיסטירט ביי די צוואַנציק יאָר. איר אַרבעט ווערט אָפּגע־שאַצט פון אַלע לאַנדסלייט. הלוואות ווערן אַרויסגעגעבן אויף אַ חברישן אופן. יעדער ווייסט, אַז די טיר איז אָפן, ער וועט פריינטלעך אויפגענומען ווערן און ווי מעגלעך שנעל דערלידיקט ווערן. צום שבח פון די לאַנדסלייט מעג געזאָגט ווערן, אַז די הלוואות ווערן דורך די חברים פינקטלעך צוריקגעצאָלט און די קאַסע האָט אין פאַרלויף פון די אַלע יאָרן ניט געהאַט קיין פאַרלוסטן. מיט אָרגאַניזירן דעם דאָזיקן פינאַנציעלן אינסטרומענט האָבן מיר פאַראייביקט דעם נאָמען פון די קדושים פון קאָלבושאָוו און דער אומגעגנט, און אין דער זעלבער צייט געהאָלפן די לעבן־געבליבענע זיך איינאָרדענען און איינוואָרצלען נאָך דעם גרויסן חורבן, אין לאַנד פון אונדזער צוקונפט.

דוד זאַליך

# קאָלבושאָווער אין אַמעריקע

לויט אַלע סימנים האָט זיך די עמיגראַציע פון קאָלבושאָוו אין די פּאַראייניקטע שטאַאטן אָנגעהויבן שוין אין די אַכציקער יאָרן פון פאַריקן יאָרהונדערט. עס איז מעגלעך, אַז שוין פריער האָבן זיך יידן געלאָזט אויף די וועגן קיין אַמעריקע, אָבער דאָס זיינען געווען איינצעלנע פאַלן. גענוי פעסטשטעלן ווער עס איז געווען דער ערשטער ייד פון קאָלבושאָוו, וואָס האָט פאַרלאָזט דאָס שטעטל און זיך באַזעצט אויף די ברעגעס פון נייעם קאָנטינענט, איז היינט־צו־טאָג אוממעגלעך. מיר ווייסן יאָ, אַז אין תחילת האָט די אימי־גראַנטישע כוואַליע פון קאָלבושאָוו דערגרייכט מעמפּיס. די ערשטע קאָלבו־שאָווער יידן האָבן זיך, ווי דער שטייגער פון יענע טעג, פאַרנומען מיט פעדלעריי.

אָוודאי האָבן זיך אַסך שטעטלדיקע איינגעאָרדענטאויך אין די מזרחדיקע געגענטן פון אַמעריקע און אַסך פון זיי האָבן זיך באַזעצט אין ניו־יאָרק. זיי האָבן זיך גרופּירט בעיקר אויף דער יידישער איסט־סייד און איינגעגלידערט געוואָרן אין דער האַרעפּאַשנער מאַסע פון דעם אויפקומענדיקן פּראָלעטאַריאַט. פּונקט ווי אַנדערע עמיגראַנטן פון גאַליציע, האָבן די קאָלבושאָווער געצויגן זייער פּרנסה פון די פינצטערע „סוועט שאָפּס". כאַראַקטעריסטיש פאַר יענע צייטן איז געווען דער פאַקט, אַז זייער פיל פון צווישן די שטעטלדיקע וואָס זיינען אַהער געקומען, האָבן גאָרנישט געהאַט בדעה זיך דאָ צו באַזעצן. זיי זיינען געקומען בלויז אויסצוגלייכן זייערע בודזשעטן, פאַרבעסערן זייער מאַטעריעלע מערכה, אָנזאַמלען אַביסל דאָלאַרן ; זיי האָבן איבערגעלאָזט זייערע משפּחות אין דער היים און נאָך אַ שטיקל צייט צוריק געפאָרן צו ווייב און קינדער.

שווער איז געווען די לאַגע פון דעם ניי געקומענעם. אין שאָפּ האָט ער געפּראַצעוועט על פּי רוב אין די שווערסטע באַדינגונגען, נישט שטענדיק האָט אַזאַ איינער געהאַט אַן אייגענע דירה. זייער אָפט האָט ער געמוזט זיין אַ „באָרדער" ביי יענעם. די „גרינע" האָבן קעגנזייטיק זיך געזוכט און

געטוליעט איינער צום אַנדערן. זיי האָבן געדאַרפט אין די מערסטע פאַלן לערנען אַ פאַך און דערלערנען די שפּראַך פון לאַנד. די גאַנצע אימיגראַנטישע סביבה איז געווען אַזוי אַנדערש ווי די היימישע און אינטימע אַטמאָספער וואָס זיי האָבן איבערגעלאָזט מעבר לים אין היימישן שטעטל. האָבן זיי דעריבער אין זייער עלענטקייט און איינזאַמקייט, וואָס זיי האָבן אויף יעדן טריט און שריט געפילט, און אין זייער נאָגענדיקער בענקשאַפט צו דער אַלטער היים, געשאַפן די קאָלבושאָווער לאַנדסמאַנשאַפטן און פאַראיינען.

אין יאָר 1890 האָט אַ גרופּע קאָלבושאָווער אין ניו־יאָרק אָרגאַניזירט אַ קאָנגרעגיישאָן, וואָס האָט זיך גערופן „קאָלבושאָווער טייטעלבוים פאַרברי־דערונגס פאַריין נוסח ספרד" (אויפן נאָמען פון דעם רב ר' אברהם אהרן טייטעלבוים אין קאָלבושאָוו) און בלויז עטלעכע יאָר שפּעטער אופגעבויט אַ שול צום דאַווענען אויף דער פינפטער גאַס איסט. צווישן די גרינדער און פּרעזידענטן פון אָט דער שול זיינען געווען ברוך אַפּפעל, דוד ביער, דוד־לייב מעכלאָוויטש, הערש זיסעלעס, לייביש היימאַן, משה לעצטער, אליהו בינשטאָק און אַנדערע.

אין יאָר 1902 האָט זיך געשאַפן אַן אַנדער חברה מיט'ן נאָמען בני־לוי אויפן נאָמען פון לוי חיים (טשענסיוקער). די מערהייט פון די מיטגלידער האָבן זיך רעקרוטירט פון יידן וואָס האָבן געוואוינט אין די דערפער אַרום קאָלבושאָוו.

אין דער בראָנקס איז טעטיק ביז היינט צו טאָג אַ שול וואָס ווערט גערופן אויפן נאָמען פון קאָלבושאָווער רב ר' אריה־ליב טייטעלבוים ז"ל. די שול ווערט איצט געפירט פון זיין זון הרב אלכסנדר טייטעלבוים שליט"א.

אין די צוואַנציקער יאָרן פון דעם יאָרהונדערט האָט עקזיסטירט אַ קלוב פאַר קאָלבושאָווער לאַנדסלייט, באַקאַנט אונטער דעם נאָמען „קאָלבו־שאָווער יאָנג פרענדס" (יונגע פריינט פון קאָלבושאָוו).

עד היום הזה עקזיסטירט נאָך אַ לאָדזש פון קאָלבושאָווער לאַנדסלייטביים אָרדן „ברית אברהם" אויפן נאָמען פוןביירעך אַפּפעל. עס עקזיסטירט אויך ביים אָרדן „ברית אברהם" אַ קאָלבושאָווער „טייטעלבוים לאַדזש".

אַ ספּעציעלן קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון אָרגאַניזירטן לעבן פון קאָלבושאָווער אין אַמעריקע שטעלט מיט זיך פאָר די „קאָלבושאָווער יאַנג מענס בענעוואָלענט סאָסייעטי". דעם 13טן מאַי 1899 האָט זיך אַ גרופּע לאַנדסלייט פאַרזאַמעלט אין אַ פּריוואַטער היים פון אַ לאַנדסמאַן (וועמענס נאָמען איז, ליידער, אומבאַקאַנט) אויף 62 פּיט סטריט אין ניו־יאָרק און האָט

באַשלאָסן צו אָרגאַניזירן די לאַנדסמאַנשאַפט. די צילן וואָס די אָרגאַניזאַציע האָט זיך געשטעלט זיינען געווען צו ברענגען הילף די נויט באַדערפטיקע מיטגלידער ווי אויך די אַלע וואָס נויטיקן זיך אין מעדיצינישע און מאַטעריעלע הילף בעת זייער קראַנקהייט. די אָרגאַניזאַציע האָט אויך גענומען אויף זיך די טרויעריקע פליכט צו באַזאָרגן אין פאַלן פון טויט די מיטגלידער מיט איינריכטונגען פון לוויות און קברים. איינע פון די שענסטע קאַפּיטלעך אין דער געשיכטע פון דער אָרגאַניזאַציע דאַרף צוגעשריבן ווערן דער פרייער ליי־קאַסע, וואָס האָט דערמעגלעכט די מיטגלידער צו קאָנען מאַכן הלוואות און קריגן זיי אָן פּראָצענט און אויסצוצאָלן אויף לאַנגע טערמינען. דער ערשטער פּרעזידענט פון דער אָרגאַניזאַציע איז געווען משה גאָלדבערג.

צווישן די גרינדער און ערשטע מיטגלידער פון דירעקטאָרן־ראַט פון די „יאַנג מען" זיינען געווען אַחוץ דעם פריער דערמאָנטן משה גאָלדבערג, זיין ברודער קלמן גאָלדבערג, האַרי און יוסף פּעמשטיין, אהרן שטארך, יעקב זינגער, אלתר קאמיטא, האַרי זאַנענשיין.

ד"ר האַרי גאָלדבערג, אַ מיטגליד פון דער אָרגאַניזאַציע, האָט געבראַכט אַ פאָרשלאָג צו עפענען אַ שולע פאַר די מיטגלידער צו דערלערנען די ענגלישע שפּראַך. דער פאָרשלאַג איז אָנגענומען געוואָרן און דעם 15טן אקטאבער 1902 זיינען אַזעלכע קורסן דערעפענט געוואָרן אין די קלוב צימערן פון דער סאָסייעטי אויף 19 אַטארני סטריט. דער דערציאונגס דירעקטאָר איז דעמאָלט געווען העברי מ. גאָסטווירט.

די קלוב צימערן האָבן געווימלט מיט אַקטיוויטעטן. צווישן אַנדערע זיינען דאָרט פאָרגעקומען פלאַמיקע דיסקוסיעס אויף אַקטועלע טעמעס, אַ שטייגער, ווי: צי זאָל מען אַריינלאָזן כינעזישע אימיגראַנטן קיין אַמעריקע? צי איז די טעכנישע אַנטוויקלונג, דאָס איינפירן מאָדערנע מאַשינען אַ ברכה פאַר די אַרבעטער מאַסן? אַנדערע סאָציאַלע און פּאָליטישע פּראָבלעמען פון דעם מין זיינען עפענטלעך דיסקוטירט געוואָרן. די דיסקוסיעס האָבן אַרויס־גערופן אַסך אינטערעס צווישן די מיטגלידערשאַפט און די טעטיקייטן זיינען אין אַלגעמיין שנעל באַוואוסט געוואָרן צווישן אַנדערע גאַליציאַנער לאַנדס־מאַנשאַפטן.

די אָרגאַניזאַציע האָט דורכגעפירט אַ ריי אונטערנעמונגען פאַרן וואויל־זיין פון די חברים, אַזעלכע ווי: פּיקניק אַרויספאָרן, טאַנץ אָווענטן און אַנדערע פאַרוויילונגען. דער ערשטער טאַנץ אָווענט איז פאָרגעקומען דעם 5טן יולי 1899.

וועגן דער סאָציאַלער און פּאָליטישער אײַנשטעלונג פון דער ברייטער מיטגלידערשאַפט קאָן עדות זאָגן דער פאַקט, אַז לויט אַ באַשלוס פון דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג זיינען געשעפטס מענטשן, סוחרים אינהאַבערס פון ביר שענק, באַר־טענדערס און דג״ל ניט אָנגענומען געוואָרן ווי מיט־גלידער. די דאָזיקע ראַדיקאַלע באַגרענעצונגען זיינען אָפּגעשאַפן געוואָרן דעם 11טן יולי 1900.

צו די עקזאָטישקייטן פון יענע טעג מעג אויך צוגעשטעלט ווערן דער פאַקט, אַז, למשל, פּיקניק אויספלוגן זיינען באַקאַנט געמאַכט געוואָרן אין דער עפענטלעכקייט דורך פּלאַקאַטן וואָס מיטגלידער פון דער סאָסייעטי האָבן געהאַלטן הויך אין זייערע הענט רייטענדיק אויף פערד דורך די גאַסן פון דער קאָמפּאַקט באַזעצטער יידישער איסט סייד. די רייטער זיינען על פּי רוב דורכגעפאָרן פּרייטיק צונאַכטס און געלאָזט וויסן וועגן די אונטערנעמונגען. ניט זעלטן האָט זיך געמאַכט, אַז געוויסע רעליגיעז געשטימטע לאַנדסלייט האָבן אין אַזאַ האַנדלונג געזען אַ ברוך אין יידישער טראַדיציע און אַ חילול שבת בפרהסיה און רעזיגנירט פון דער אָרגאַניזאַציע אין צייכן פון פּראָטעסט.

זאָל דאָ אויך פאַרצייכנט ווערן דער פאַקט, אַז אונדזערע קאָלבושאָווער אָרגאַניזאַציעס האָבן זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דער היסטאָרישער פּראָ־טעסט דעמאָנסטראַציע, וואָס איז פאָרגעקומען אין די גאַסן פון ניו־יאָרק נאָכ־דעם קישיניעווער פּאָגראָם פון 1903. אונדזערע לאַנדסלייט זיינען געווען אַן אָרגאַנישער טייל פון דער דעמאָלטיקער ברויזנדיקער יידישער געזעל־שאַפטלעכקייט און האָבן אָנטייל גענומען אין אַלע טעטיקייטן פון כלל ישראל כאַראַקטער. אַזוי איז עס געבליבן עד היום הזה, ווען אונדזערע אָרגאַניזאַציעס פאַרנעמען זיך מיט געלד זאַמלונגען פאַר אַלע יידישע פאָנדן, פאַר מדינת ישראל און פאַר אַנדערע צוועקן.

אין דער צווייטער העלפט פון די צוואַנציקער יאָרן זיינען די לאַנדסלייט יוסף און לייב גאסטווירטה געפאָרן קיין קאָלבושאָוו אויף אַ באַזוך צו זייערע משפחות. ביי דער געלעגנהייט האָבן זיי אָפּגעהאַלטן עטלעכע קאָנפערענצן מיט דעם פאָרזיצער פון דער אָרטיקער קהילה בצלאל גרינשטיין כדי זיך גענויער צו באַקענען מיט דער לאַגע פון די יידן אין קאָלבושאָוו. זיי האָבן טאַקע אויפן אָרט דערזען די שווערע סיטואַציע מיט די אייגענע אויגן. צוריק־קומענדיק קיין אַמעריקע, האָבן זיי געשילדערט דעם ביטערן מצב פון קאָלבושאָוו און אירע יידן. אין רעזולטאַט פון יענעם באַריכט איז צוזאַמענגערופן געוואָרן אַן אַלגעמיינער מיטינג פון אַלע לאַנדסלייט. די פאַרזאַמלונג איז געפירט

געוואָרן אונטערן פאָרזיץ פון דעם שרייבער פון די שורות. עס איז דעמאָלט באַשלאָסן געוואָרן צו גרינדן אַ הילפס קאָמיטעט צו לינדערן די נויטן פון דער קאָלבושאָווער יידישער באַפעלקערונג. דער אונטערגעצייכנטער איז געוואָרן דערוויילט פרעזידנט, לייביש בערל — סעקרעטאַר און שמואל בלוטה ווי קאַסירער.

די ערשטע פונקציע פון דער הילפס אָרגאַניזאַציע איז געווען אַ טעאַטער פאָרשטעלונג. פון דער דאָזיקער בענעפיט אונטערנעמונג איז אויפגעבראַכט געוואָרן אַ באַדייטענדיקע סומע געלד, וואָס איז באַלד איבערגעשיקט געוואָרן פאַר די נויט באַדערפטיקע דאָרט. עס האָבן זיך אַ גרויסע צאָל מענער און פרויען איבערגעגעבן אָט דער הילפס אַקציע, אײַנאָרדענדיק פאַרשידענע אונטערנעמונגען מיטן צוועק צו שאַפן פאָנדן. מענטשן האָבן גערן וואָלאָנטירט צו באַזוכן די הייזער פון לאַנדסלייט פאַר ביישטייערונגען לטובת די נויט ליידענדיקע אין דער אַלטער היים. די דאָזיקע פאַרשטאַרקטע און פאַרצווייגטע טעטיקייטן האָבן געפירט צו שאַפן אַ נייע סאָסייעטי, באַוואוסט אונטערן נאָמען „קאָלבושאָווער רעליף סאָסייעטי״, איך האָב פאַרנומען אין איר דעם אַמט פון פרעזידנט. דאָס איז שוין געווען אין יאָר 1929.

אין יענעם יאָר איז אָרגאַנזשירט געוואָרן, אַז אין קאָלבושאָוו זאָל גע־נומען ווערן אַ פילם פון אַלעם וואָס געשעט אין שטעטל, אַרומנעמענדיק פערזענלעכקייטן, טיפּן, פלעצער, געשעענישן, שטייגער לעבן, אַ מאַרק טאָג, האַנדעל, גויים און יידן אין מסחר, יידישע בעלי מלאכות, אויסטערלישקייטן א.א.וו. דער דאָזיקער דאָקומענטאַרער פילם האָט אויך אויפגעכאַפּט די מערק־ווירדיקייטן פון ריישע, סאָקאָלאָוו און ראַנישעוו. ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן זיינען די בילדער געוויזן געוואָרן. לאַנדסלייט זיינען נייגעריק געווען צו זען כדי צו דערקענען אויף דער ליכט לענטע ווער אַ מאַמע, ווער אַ טאַטן, אַ ברודער, אַ שוועסטער, אַ מומע, פעטער, גלאַט אַ באַקאַנטן און אַ פריינד. מיט נאָסטאַלגיע באַגלייט מיט אַ קרעכץ האָבן די מענטשן געקוקט אויף די עקראַנען און אַלטע וועלטן האָבן זיך פון דאָס ניי פאַר זיי באַוויזן... וועגן אָט די ליכט בילדער האָבן זיך די יידישע צייטונגען אין ניו־יאָרק וואַרם אָפּגערופן. די אַנאָנסן אין דער פּרעסע, מעלדענדיק וועגן די פילמען האָבן צונויפגעבראַכט גרויסע פאַרזאַמלונגען.

פון דעמאָלט אָן זיינען רעגעלמעסיק אָפּגעשיקט געוואָרן גרעסערע סומען געלד אין שטעטל אַריין. באַזונדערס זיינען געלדער געזאַמלט געוואָרן און אָפּגעשיקט געוואָרן פאַר אַ יום־טוב, פאַר ווינטער אויף באַהייצונג, נאָך

אַ שריפה אגג״ל. אין קאָלבושאָוו איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ ספּעציעלער קאָמיטעט פון די שבעה טובי עיר, פאַרלעסלעכע און העכסט אָרענטלעכע מענטשן, צו וועמען די געלדער זיינען אַדרעסירט געוואָרן. די פאָנדן זיינען יושרדיק, מיט אַ געפיל פון געזעלשאַפטלעכער פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַרטיילט געוואָרן צווישן די נצרכים און דער עיקר — מתן בסתר׳דיק. די גענויע באַריכטן זיינען צוגעשטעלט געוואָרן צום אַמעריקאַנער קאָמיטעט, וואָס האָט געוואוסט ווי אַזוי די צעטיילנוג איז דורכגעפירט געוואָרן.

דער גייסט פון אָט דער טעטיקייט שטראַלט אַרויס עד היום פון די בריוו, וואָס אויסצוגן פון זיי ווערן געדרוקט אין דעם בוך, אונטערגעשריבן פון ר׳ יעקב עקשטיין. דער זעלבער גייסט פון ברודערלעכער אחריות האָט אויך געהערשט אין דער אַרבעט נאָכדעם ווי ר׳ יעקב עקשטיין האָט פאַרלאָזט זיין אַמט און איז נפטר געוואָרן.

אַזוי איז די אַרבעט געגאַנגען אין דעם זעלבן טעמפּאָ בעת עס איז געגרינדעט געוואָרן די גמילות חסדים קאַסע אין שטעטל. פאַר אָט דער קאַסע האָבן די קאָלבושאָווער היגע אָרגאַניזאַציעס היפשלעך בייגעשטייערט, אָדער דירעקט און זעלבסטשטענדיק אָדער דורך דער פאַרמיטלונג פון דעם „דזשאינט״.

אַזוי איז עס אָנגעגאַנגען ביז דעם אויסברוך פון צווייטן וועלט קריג, און דעם גרויסן חורבן וואָס איז נאָכגעקומען. אין אונדזער תמימות האָבן מיר אין אַמעריקע, אין אונדזערע לאַנדסמאַנשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס געגלויבט און געהאָפט, אַז אָט וועט זיך ענדיקן די מלחמה און די וועלט וועט ווייטער זיין אַ וועלט און עס וועט ווידער אויפגעבויט ווערן אַ יידיש לעבן אין קאָלבושאָוו. ווער עס וועט זיך האָבן אויסבאַהאַלטן, ווער דורכגעגאַנגען רוסישן גלות, ווער דורכגעלעבט די שוידערן פון דייטשע קאָנצענטראַציע לאַגערן, ווער על־פּי־נס ניצול געוואָרן — אַ קלענערער אָדער אַ גרעסערער ישוב וועט פאָרט בלייבן אין קאָלבושאָוו. האָט מען דעריבער אין אַלע קער־פערשאַפטן פון די קאָלבושאָווער פיבערהאַפט געאַרבעט אין פאַרלויף פון די מלחמה יאָרן, זיך געגרייט צום טאָג ווען די וועלט וועט האָבן די זכיה צו הערן די בשורה אַז דער קריג איז פאַרענדיקט. מען האָט געזאַמעלט פאָנדן אויף פאַרשידענע וועגן און כלערליי מעטאָדן און טאַקע מאָבליזירט אַ פּאָר צענדליק טויזענט דאָלער כדי צו קאָנען שנעל און אויף אַן אָרגאַניזירט־פלאַנירטן אופן ברענגען הילף די אומגליקלעכע ברידער פון יענער זייט אקעאַן, וואָס זיינען לעבן געבליבן און מוזן צוריק אויפריכטן זייער לעבן. בשייכות מיט אָט דער אינטענסיווער אַרבעט זיינען במשך די מלחמה יאָרן דערשינען

